**SZAJE SZECHATOW**
**JORN FUN KAMF UN GERANGL**



שייע שיכאַטאָוו / יאָרן פון קאַמף און געראַנגל

רעדאַגירט: **יוסף פערלשטיין**





״ליאור״
רמת־גן, ת.ד. 398, ישראל
"LIOR", PUBLISHING HOUSE
Ramat-Gan, P.O. Box 398, Israel

# אַרייַנפיר

שייע שיכאַטאָוו איז געבוירן דעם 1־טן פֿעברואַר 1896 אין ראָוונע, וואָלין. געלערנט אין "חדר" און שפּעטער אין אַ רוסישער מיטלשול. אַלע יאָרן געווען באַשעפֿטיקט אַלס ביוראָ־אַנגעשטעלטער.

אין פּעריאָד צווישן ביידע וועלט־מלחמות האָט שיכאַטאָוו געאַרבעט אין דער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג פֿון ראָוונע, אין דער "קראַנקן־קאַסע", ווי אויך פֿאַרן "דזשוינט" און אַנדערע געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס.

זינט דעם אויסברוך פֿון דער רעוואָלוציע, אין יאָר 1917, איז שיכאַטאָוו פֿאַרבונדן מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג, באַלאַנגט צום "בונד" אין משך פֿון העכער 55 יאָר.

בעתן אויסברוך פֿון דער רעוואָלוציע, 1917, געווען אַ מיטגליד פֿון ראַט פֿאַר אַרבעטער, פּויערים און סאָלדאַטן־דעפּוטאַטן.

אין יאָר 1937 איז שיכאַטאָוו פֿאַרשיקט געוואָרן דורך די פּוילישע רעאַקציאָנערע מאַכט־אָרגאַנען אין פּוילישן קאָנצענטראַציע־לאַגער "בערעזאַ־קאַרטוסקאַ". נאָך דער באַפֿרייונג געזעסן אין ראָוונער תּפֿיסה אַכט מאָנאַטן, דאַן באַפֿרייט און אַרויסגעשיקט געוואָרן פֿון ראָוונע. ער האָט זיך באַזעצט אין וואַרשע און אַ קורצע צייט געאַרבעט אין דער אַדמיניסטראַציע פֿון דער יידישער טאָג־צייטונג "דער מאָמענט". שפּעטער, ביזן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה — געווען טעטיק אין דער הויפּט־פֿאַרוואַלטונג פֿון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע "ציש"אָ" אין וואַרשע.

אין די מלחמה־יאָרן איז שייע שיכאַטאָוו, צוזאַמען מיט זיין פֿרוי און קינדער, פֿאַרוואָגלט געוואָרן אין סאָוויעט־רוסלאַנד, אין מיטל־אַזיע, וווּ ער איז געווען באַשעפֿטיקט אַלס פּלאַנירער.

נישט געקוקט אויף די שווערע באַדינגונגען, איז שיכאַטאָוו אויך אין ראַטנפאַרבאַנד געווען טעטיק געזעלשאַפטלעך, צוו. אנד. ביים "פאַריין פון פוילישע פאַטריאָטן". אין נאָוועמבער 1945 באַטייליקט ער זיך אין דער היסטאָרישער א.ג. "יידישער באַראַטונג", גערופן דורך דעם יידישן קאָמיטעט ביים פאַריין פון די "פוילישע פאַטריאָטן אין מאָסקווע". אויף דער דאָזיקער באַראַטונג ווערט ער אויסגעוויילט אַלס מיטגליד פון דער דעלעגאַציע קיין פוילן, וואָס האָט די אויפגאַבע דורכצופירן די רעפּאַטריאַציע פון די פוילישע יידן אין ראַטנפאַרבאַנד.

אָנהייב 1946 האָט שייע שיכאַטאָוו זיך צוריקגעקערט פון מאָסקווע קיין וואַרשע, ווו ער האָט אין די ראַמען פון יידישן צענטראַל־קאָמיטעט פיל בייגעשטייערט ביים צוריקקערן די פאַרוואָגלטע פוילישע יידן פון ראַטנפאַרבאַנד צו זייערע חרובע היימען.

זייענדיק אַקטיוו אין "בונד" אויך נאָך דער מלחמה, אין פוילן, ווי אויך ביי אַנדערע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן, איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס איינער פון די ריכטער פון יידיש־געזעלשאַפטלעכן געריכט, צו משפטן די יעניקע יידן, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן, ווי געוו. קאַפּאָס, יודנראַטלער, פּאָליציאַנטן און אַנדערע.

היות דער קאָמוניסטישער סיסטעם אין נאָכמלחמהדיקן פוילן איז זייער ווייט פון די פּאָליטישע אנשויונגען פון מחבר, באַשליסט ער פאַר־לאָזן פוילן, באַזיצנדיק וויזעם פאַר פיר לענער. צוליב שטערונגען פון די פוילישע קאָמוניסטן, האָט ער נישט באַקומען קיין פּאַספּאָרט. דאָך געלונגט אים ענדע 1948, צוזאַמען מיט זיין פרוי, אומלעגאַל זיך אַרויסרייסן פון פוילן און אָנקומען קיין שוועדן, ווו ער לעבט דריי יאָר און אַרבעט אין אַ ראַדיאָ־פאַבריק. שפּעטער איז אים אויך געלונגען דורך וועגן־און־אומוועגן אַרויסבאַקומען זיינע קינדער פון פוילן און אין יאָר 1951 אָנקומען קיין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע.

אין יאָר 1957 פאָרט ער אַריבער צוזאַמען מיט זיין משפחה קיין לאָס־אַנדזשעלעס, ווו ער וווינט ביזן היינטיקן טאָג.

אין משך פון אַלע יאָרן, נאָכן פאַרלאָזן פוילן, איז שייע שיכאַטאָוו שעפעריש־טעטיק אויך אויפן ליטעראַריש־פּובליציסטישן געביט. ער פאַר־

עפנטלעכט זיינע שאַפונגען אין פאַרשידענע פּעריאָדישע אויסגאַבן און צייטשריפטן, ווי די "צוקונפט", "לעבנספראַגן", "אונדזער צייט", "פאָרויס", "אונדזער שטימע", "פאָרווערטס" און אנד.

אויך דאָ, אין אַמעריקע, איז דער מחבר, אויסער זיין ליטעראַרישער טעטיקייט, אומדערמידלעך־טעטיק ביים פאַרשפּרייטן יידישע קולטור — די שפּראַך, וואָס איז אים אַזוי נאָענט און טייער.

***

דאָס דאָזיקע בוך איז אַן אָפּקלויב פון פאַרשידענע אַרטיקלען, אָפּהאַנדלונגען, עסייען, זכרונות פון די מלחמה־יאָרן, אָפּשאַצונגען איבער קאָמוניזם, יידיש לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד און פוילן, וואָס דער מחבר האָט געשאַפן אין משך פון די לעצטע יאָרן.

הגם די דאָזיקע אַרטיקלען און עסייען זענען געשריבן געוואָרן אין באַזונדערע צייט־אָפּשניטן, האָבן זיי אָבער גאָרנישט פאַרלוירן פון זייער אַקטועלקייט. פאַרקערט, עס זענען פאָראַן אַ סך פּראָבלעמען און פאָראויסזאָגונגען, וואָס דער מחבר האָט באַהאַנדלט מיט יאָרן צוריק און זיי זענען שפּעטער פאַרווירקלעכט געוואָרן.

אין בוך קומען אַריין אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן איבער פאַרשידענע יידישע שרייבער און פּערזענלעכקייטן, ווי בראָדערזאָן, איציק פעפער, פּרץ מאַרקיש, בערגעלסאָן און פיל, פיל אַנדערע, מיט וועלכע דער מחבר האָט זיך געטראָפן אויף זיין וואָגל־וועג אין רוסלאַנד און אויך אין פוילן.

אַ באַזונדער־אינטערעסאַנט קאַפּיטל — מען מעג זאָגן פון היסטאָרישן באַדייט — איז דאָס קאַפּיטל "קאָלאַבאָראַציע ביי יידן", וואָס איז אינגאַנצן ניי אין דער נאָכמלחמהדיקער כראָניק פון יידישן חורבן. אלס ריכטער פון די יידישע פאַרברעכער — געפינט דער מחבר, ביים שרייבן זיינע זכרונות, אויך איבער זיי אַ זכות פון "ואל תדון את חברך...".

זייער אַן אינטערעסאַנט — הגם געגוג ווייטאָקדיק — איז דאָס קאַפּיטל וועגן די איבערלעבענישן פון מחבר אין טרויערדיק־באַרימטן לאַגער אין פאַרמלחמהדיקן פוילן "קאַרטוז־בערעזע". אויך דאָס דאָזיקע קאַפּיטל איז

ווייניק באַקאַנט דעם יידישן לייענער, וואָס האָט אין פאַרמלחמהדיקן פוילן אַזויפיל געהערט וועגן דעם דאָזיקן שווידערלעכן פאַרשיקונגס־לאַגער. פון מחברס באַשרייבונגען און זכרונות ווערן מיר געוווירויוויאַזוי די אַרעס־טירטע — גאַנץ אָפט פאַרשיקטע אָן אַ שום אורטייל און שולד — זענען געפייניקט געוואָרן.

* * *

זייענדיק באַשאָנקען מיט אַ וואַרעם־אַנטוויקלטן חוש פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט, גיט נישט אויף שייע שיכאַטאָוו זיין קאַמף אומעטום, צו יעדער צייט און ביי יעדער געלעגנהייט, צו זאָגן דעם אמת, ווי ווייטאָקדיק דאָס זאָל נישט זיין. זיין פאַרליגנדיקער בוך איז דעריבער נישט נאָר די אָפּשפּיגלונג פון מחברס אנשוויונגען און קוק אויפן לעבן, נאָר אויך אַ בולטע אָפּשפּיגלונג פון אונדזער אומגליקלעכער תקופה, אין וועלכער א י ב און א ו נ ד ז איז אויסגעקומען און קומט אויס צו לעבן.

יוסף פּערלשטיין

# יידישער ווידערשטאַנד

## געדענק־טאָג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד

דער 19־טער אַפּריל איז אַ געדענק־טאָג, וואָס איז אַריין מיט בלוטיקע אותיות אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק. אין טאָג פון 19־טן אַפּריל 1943 איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ קעגן די מערדער פון יידישן פאָלק, קעגן דער דייטשער נאַצי־בעסטיע.

דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ איז נישט געווען דער איינ־ציקער. אַחוץ וואַרשע, האָבן יידן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד אויך אין אַנדערע געטאָס און לאַגערן. דער אויפשטאַנד אָבער אין וואַרשעווער געטאָ איז, לויט זיין פאַרנעם און אָרגאַניזאַציע, אַ סימבאָל פון מוט און איבערמענטשלעכער גבורה.

פאַרשפּאַרט אין די געטאָס, אין ענגשאַפט און אין שמוץ, פאַרפּייניקט דורך הונגער און קראַנקהייטן, האָבן די יידן זיך געווערט קעגן פאַרניכ־טונג. אויסערגעוויינלעך אַקטיוו און אַפילו דערפינדעריש איז געווען דאָס יידישע לעבן אין געטאָ ביי אָט די אוממענטשלעכע באַדינגונגען. עס איז איינגעשטעלט געוואָרן פאַרשידנאַרטיקע הילף פאַר די יידן, קולטור־אַרבעט, אומלעגאַלע שולן און קינדערהיימען, אונטערערדישע פּרעסע און נאָך און נאָך.

אויסגעשטעלט אויף זיך אַליין, אָן הילף פון דרויסן, פאַרלאָזט פון דער אויסערלעכער וועלט — זענען מיליאָנען יידן אומגעבראַכט געוואָרן, גע־גאַנגען אויף קידוש־השם. — אָבער ביי אָט די שוידערלעכע, אוממענטש־לעכע באַדינגונגען, אין אָנבליק פון אומפאַרמיידלעכן טויט, זענען די יידן, אינערלעך נישט געבראָכן געוואָרן. פונקען פון אַקטיוון ווידערשטאַנד, האָבן שוין דאַן געטליעט אין זייערע הערצער. די דאָזיקע פונקען האָבן

זיך צעפלאַקערט אין דעם גרויסן פלאַם פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד.

די יידן אין וואַרשעווער געטאָ האָבן געקעמפט פאַר יושר און גערעכ־טיקייט, פאַר מענטשלעכער ווירדע. די איינצלנע לעבנגעבליבענע האָבן זייער קאַמף ווייטער אָנגעהאַלטן אין די וועלדער, אַלס פּאַרטיזאַנער און זיך באַטייליקט אין אַלגעמיין־פּוילישן וואַרשעווער אויפשטאַנד.

שטאַרק איז געווען דער אָנטייל פון "בונד" אין דעם ווידערשטאַנד קעגן די נאַצי־מערדער. אין קאַמף מיטן גרעסטן שונא פון יידישן פאָלק, איז דער "בונד" געווען אויף אַלע פּאָזיציעס. די בונדיסטן ווי: אַבראַשאַ בלום, מיכאל קלעפּפיש, זלמן פרידריך און פּיל, פּיל אַנדערע — ווערן אַריין אין דער געשיכטע פון יידישער מאַרטיראָלאָגיע. אונדזער קדוש אַרטור זיגעלבוים, דער שליח־ציבור פון די פּוילישע יידן, אין דער פרייער וועלט, וועלכער האָט זיין לעבן אַוועקגעגעבן פרייוויליק, אַלס פּראָטעסט קעגן פאַרשווייגן דורך דער וועלט די מאַסן־מאָרדן פון די יידן אין פּוילן — וועט אויף אייביק אַריין אין דער געשיכטע פון יידישער מאַרטיראָלאָגיע, ווי איינער פון די שענסטע גייסטער.

## אַרטור זיגעלבוים

ווען מיר רעדן וועגן יידישן ווידערשטאַנד, טוען מיר אויפן ווירדיק־סטן אופן פאַראייביקן דעם הייליקן אָנדענק פון אַרטור זיגעלבוים. קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק, קאַמף פאַר מענטשלעכע באַדינ־גונגען, קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטיקונג פון יידן, ווידערשטאַנד דער פּוי־לישער רעאַקציע, איז אַלעמאָל געווען ענג פאַרבונדן מיט דער פּערזאָן פון אַרטור זיגעלבוים. אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן אין קראַסנאָסטאַוו, אין כעלם, וואַרשע, לאָדזש.

אין שפּיץ פון דער אָרגאַניזירטער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, איי־נער פון די פירער פון "בונד", די פּאַרטיי, וועמען די ברייטע יידישע מאַסן אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן האָבן געשענקט זייער פולסטן צוטרוי, איז אַר־טור זיגעלבוים, אַלע מאָל און אומעטום געווען אין פּאָזיציע פון קאַמף און ווידערשטאַנד. אַזוי ביזן אויסברוך פון מלחמה־שטורם אין 1939. דאַן אויפ־

סניי אין וואַרשע און ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן אין דער באַלאַגערטער שטאָט, און דערנאָך אַרויס פון דייטשן גהינום, ווי דער פאַרטרעטער פון אונטערערדישן „בונד" אין פוילישן גלות־פּאַרלאַמענט, איז אַרטור ווידער אין קאַמף, איצט אין קאַמף פאַר ראַטעווען די פוילישע יידן.

אומאויפהערלעך האָט זיגעלבוים אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט די טראַגעדיע פון די יידן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. אומאויפהערלעך געפאָדערט און געזוכט מיטלען ווי אַזוי ברעכן די גלייכגילטיקייט פון דער וועלט צו דער יידישער טראַגעדיע.

וואָס טוט מען? ווי אַזוי העלפט מען די יידן אין פוילן? אין אַ בריוו צום „בונד" אין אַמעריקע דערציילט זיגעלבוים וועגן אַ דעפּעשע פון אונ־טערערדישן „בונד" אין פוילן. ער שרייבט: „עס אָטעמט דאָך פון איר אַרויס דער פאַקט, אַז אַלץ ענדיקט זיך".

אין אַ בריוו צו זיינעם אַ ברודער אין דרום־אַפריקע האָט ער געשריבן: „איך אַרבעט שוין מיט די לעצטע כוחות, נישט ווייל די אַרבעט אַליין איז שווער, נאָר צוליב דעם אומדערטרעגלעכן געפיל פון מאַכטלאָזיקייט. איך בין דאָרט געווען צוזאַמען מיט אַלע, וואָס פאַרוואָס רעכט האָב איך געהאַט זיך אַרויסצוראַטעווען?".

זיגעלבוים איז געווען דער איין און איינציקער, וועלכער האָט דעם באַפעל פון די יידישע פירער אין די געטאָס צו די יידן אין דער וועלט אויסגעפירט.

אין דער נאַכט פון 11־טן אויפן 12־טן מאַי, יאָר 1943, האָט שמואל־מרדכי (אַרטור) זיגעלבוים פאַרענדיקט זיין לעבן דורך זעלבסטמאָרד.

אַזוי האָט געלעבט מיט זיין פאָלק, און איז געשטאָרבן פאַר אים אַרטור זיגעלבוים.

## סיסטעמאַטישע פאַרפאָלגונגען

דער 19־טער אַפּריל איז ווי באַקאַנט, דער טאָג ווען עס האָט זיך אָנ־געהויבן דער גרעסטער פון די אויפשטאַנדן אין די געטאָס און לאַגערן — דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ איז אַ קאַפּיטל פון יידישן העראָיזם — וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן נישט.

דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ איז געווען דער גרעסטער, אָבער ווידערשטאַנדן זענען, ווי געזאָגט, אויך געווען אין אַנדערע געטאָס און לאַגערן.

לאָמיר דערביי געדענקען מיט וואָס פאַראַ גרענעצלאָזן ציניזם, מיט וואָס פאַראַ ראַפינירטער ביטרעקייט און שווינדל די דייטשן זענען צו־געטראָטן צו פאַרניכטן דאָס אייראָפּעישע יידנטום.

זייערע פון פאָרויס צוגעגרייטע פּלענער זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג:

דערפירן ווי אַמשנעלסטן יחידים און דאָס גאַנצע יידנטום צו אַ צושטאַנד פון דעמאָראַליזאַציע, צו אַ צושטאַנד פון גלייכגילטיקייט און רעזיגנאַציע, בכדי די קרבנות, אפילו אין זייער שווערסטער סיטואַציע, זאָלן נישט זיין אומשטאַנד זיך קעגנצושטעלן.

דערפירן די יידן מיט דער הילף פון אַלע מעגלעכע מיטלען צו אַזאַ צושטאַנד, אַז זיי זאָלן נישט האָבן קיין פיזישע מעגלעכקייט זיך קעגנ־צושטעלן.

דאָס איז געטאָן געוואָרן דורך:

באַגרענעצטע מעגלעכקייטן פון פריי באַוועגן זיך.

איזאָלאַציע אין די געטאָס.

מאַטעריעלע רואין פון די יידן.

די "אַקציעס".

אַנטי־יידישע פּראָפּאַגאַנדע.

דאָס זענען געווען די מיטלען, וואָס די דייטשן האָבן אָנגעווענדעט לגבי די יידן, ביז דער טאָטאַלער פאַרניכטונג, כדי אוממעגלעך צו מאַכן וועלכן עס איז ווידערשטאַנד. דערצו איז נאָך צוגעקומען די אומפריינט־לעכע באַציונג צו די יידן מצד דער אַרומיקער באַפעלקערונג.

***

מיט וואָס און מיט וועמען קאָן מען פאַרגלייכן די לאַגע פון די יידן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע ?

די לאַגע פון די יידן צו יענער צייט האָט נישט קיין שום פּרעצעדענס אין דער מענטשלעכער געשיכטע. קיינע פאַרפאָלגונגען פון נאַציאָס און פעלקער, וועלכע די מענטשלעכע געשיכטע האָט פאַרנאָטירט, זענען נישט געווען אַזוי שרעקלעך.

די פאַרפאָלגונגען זענען געווען סיסטעמאַטיש און וויסנשאַפטלעך באַאַרבעט אויף יעדן שטאַפּל און אָפּשניט. קיין שום אַנדער אָקופּאַנט האָט נישט דיספּאָנירט מיט אַזויפיל געמיינהייט, אַזוי טאָטאַל, אַזוי מיט אַלע קליינינקייטן פּלאַנירט און דורכגעטראַכט.

אין דער טאָטאַלער פאַרניכטונג פון די יידן האָבן זיך באַטייליקט: פון ספּעציעל געשולטע מיליטער־אָפּטיילונגען, ציווילע מאַכט־אָרגאַנען, ביז „געלערנטע" טעאָרעטיקער און טעכניקער אַריינגערעכנט.

די דייטשן האָבן פאַרפאָלגט פיל אַנדערע פעלקער, אָבער קעגן קיין שום פאָלק איז נישט מאָביליזירט געוואָרן, און עס האָט נישט אַזוי פּרעציז געאַרבעט דער דייטשישער פאַרניכטונגס־אַפּאַראַט, ווי קעגן די יידן.

און דאָך — דאָך האָבן די יידן אַרויסגעוויזן אַזאַ העראָיזם. באַקאָנען מיר זיך נאָר מיט אַ טייל פון די דערשינענע מאַטעריאַלן פון די חורבן־יאָרן, קומט אונדז אַנטקעגן אַ העראָישקייט פאַר וועלכע מיר האָבן נאָך אפילו קיין נאָמען נישט.

ווייל ווי אַזוי קאָנען מיר באַצייכענען די יידן, וואָס האָבן אין די שווידערלעכסטע געטאָ־באַדינגונגען אָפּגעהיט יידישקייט, געלערנט זייערע קינדער, אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען, געדרוקט צייטונגען, געפּראַוועט יום־טובים, אָרגאַניזירט ליטעראַרישע און מוזיקאַלישע קאָנצערטן, געשריבן לידער און טאָג־ביכער, באַגראָבן פאַר די קומענדיקע דורות וויכטיקע מאַטעריאַלן און דאָקומענטן וועגן יידישן חורבן?

ווי זאָלן מיר דאָס אַלץ באַצייכענען? — דאָס איז ווידערשטאַנד, העראָיזם.

וועגן די יחידים, וואָס האָבן אָפּגעזונדערטערהייט אַקטיוו זיך אַנט־קעגנגעשטעלט די דייטשע בעסטיעס, וועלן מיר שוין קיינמאָל נישט וויסן. זיי זענען אומגעקומען גלייך אויפן אָרט און דער זכר פון זייער ווידער־שטאַנד איז אומגעקומען צוזאַמען מיט זיי.

וואָס ווייסן מיר וועגן דעם פּיין פון אונדזער יוגנט, וואָס האָט זיך געריסן צום ווידערשטאַנד, נאָר איבער איר קאָפּ איז געהאַנגען ווי אַ חלף די נאַצישע וואָרנונג "קאָלעקטיווע יידישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט"? הייַנט די טרויערדיקע ראָל פון די יודנראַטן צו האַמעווען יעדן פּרווו פון ווידער־שטאַנד?

ביז איצט האָבן מיר נאָך נישט קיין פולן בילד פון דעם אַקטיוון ווידערשטאַנד, אָבער ווידערשטאַנד אין די געטאָס און לאַגערן איז פאָר־געקומען.

מיר וועלן דאָ פּרווון ברענגען קאַפּיטלען פון יידישן ווידערשטאַנד.*

## ביאַליסטאָק

דער ווידערשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ, איז נאָך דעם אויפשטאַנד אין וואַרשע, דער צווייט־גרעסטער קאַמף פון די יידן אין פּוילן אין משך פון דער דייטשער אָקופּאַציע. די קאַמפן אין ביאַליסטאָקער געטאָ פאַרלאַנגען אַ גאַנץ באַזונדערע אָפּהאַנדלונג, מיר וועלן זיך באַגנוגענען מיט פאַרציי־כענען בלויז וויכטיקסטע עפּיזאָדן.

דער קאַמף אין ביאַליסטאָק האָט זיך אָפּגעשפּיגלט ביי באַדינגונגען, וואָס אונטערשיידן זיך פון אַנדערע, ענלעכע אַרויסטרעטונגען קעגן די דייטשן. ווען די וואַרשעווער געטאָ האָט אומאויפהערלעך געבלוטיקט, באַזונדערס בעת די אַקציעס, האָט זיך ביאַליסטאָק אַ יאָר מיט 8 חדשים געפונען אונטער דער סאָוויעטישער אָקופּאַציע.

אַנטי־יידישע פאַראָרדנונגען, טעראָר, געטאָ, אויסזידלונגען, עקאָנאָ־מישע רואין, יודנראַט — זענען געווען די גוט באַקאַנטע מיטלען פון די דייטשן אויף אָפּצושוואַכן יעדן געדאַנק פון וועלכן עס איז ווידערשטאַנד.

אויפן שטח פון געטאָ האָבן עקזיסטירט פאַרשידענע גרופּן פון ווידער־שטאַנד. ספּאָראַדישע אַקטן פון ווידערשטאַנד זענען אַלעמאָל פאָרגעקומען

---

* אויפן סמך פון מאַטעריאַלן פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, ווי אויך פון אַנדערע מקורות.

אין ביאַליסטאָקער געטאָ. די אַרויסטרעטונגען זענען נישט געווען קאָאָר־דינירט. אייניקע אָרגאַניזירטע גרופּן האָבן זיך פאַרנומען מיט ברענגען הילף די פאַמיליעס פון די קרבנות פון היטלעריסטישן טעראָר.

אין אָקטאָבער, 1941, אַנטשטייט די א. ג. "אַניטפאַשיסטישע אָרגאַני־זאַציע". מיט דער צייט בינדן זיי אָן אַ קאָנטאַקט מיט "שומרים", געקומען פון ווילנע, גראָדנע און סלאָנים. אין אַפּריל 1942 ווערט די אָרגאַניזאַציע רעאָרגאַניזירט א. נ. "פאַראייניקטער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק".

מער ווייניקער אין דער זעלבער צייט אַנטשטייט אַ קאַמפס־אָרגאַני־זאַציע א. נ. "דער צווייטער בלאָק".ביידע גרופּן האַלטן אָן אַ געוויסן קאָנטאַקט, ביידע גרופּן זענען אויך אין קאָנטאַקט מיטן אונטערגרונד אין וואַרשע.

די אויפגאַבן, וואָס די אָרגאַניזירטע קאַמפס־גרופּן האָבן זיך געשטעלט, זענען געווען:

1) אויפקלערן די יידן אין געטאָ און וואָרענען זיי, אַז די דייטשן פירן נישט אויף אַרבעט, אַז די יידן ווערן געפירט אין פאַרניכטונגס־לאַגערן,

2) דעמאַסקירן דעם יודנראַט און די געטאָ־פּאָליציי אַלס פאַררעטער פון יידישן פאָלק,

3) פּראָפּאַגירן, אַז דער איינציקער אויסוועג איז אַקטיווער ווידער־שטאַנד.

די ווייטערדיקע אויפגאַבן זענען געווען — שאַפן געווער.

פּאַראַלעל איז אָנגעגאַנגען אַ פּאַסיווער ווידערשטאַנד, וואָס איז גע־קומען צום אויסדרוק אין סאַבאָטאַזש־אַקטן ביי דער אַרבעט אין די פאַבריקן, אין נישט אויספירן די פאַראָרדנונגען פון יודנראַט.

ווי אין אַנדערע געטאָס, האָבן די יידן אויך אין ביאַליסטאָק געלעבט מיט אילוזיעס, אַז מען וועט איבערקומען. דער יודנראַט האָט אַזעלכע אילוזיעס געשאַפן און זיי אונטערגעהאַלטן. ווי אין אַלע אַנדערע געטאָס, זענען אויך אין ביאַליסטאָק אָט די אילוזיעס צעריבן געוואָרן.

דעם 5־טן פעברואַר 1943 הייבט זיך אָן דער ווייטערדיקער עטאַפּ פון דער ליקווידאַציע אין ביאַליסטאָקער געטאָ. עס איז געקומען צו אַ שאַרפן צוזאַמענשטויס פון די אָרגאַניזירטע גרופּן מיט די דייטשן. עס

ווערט באַנוצט געווער, אויך אַ געוויסע סובסטאַנץ, וואָס רופט אַרויס פייער. קרבנות זענען געווען פוןביידע זייטן. עס קומט אַ מאַסן־אַקט פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד, דאָס בויען בונקערס.

אין ביאַליסטאָקער געטאָ קומען אָן ידיעות וועגן אויפשטאַנד אין וואַרשע. דאָס שטאַרקט דעם מוט ביי די קעמפער.

דעם 1־טן מאַי 1943 ברעכט אויס אַ שטרייק אין געטאָ. מען זיצט אין די פאַבריקן, אָבער מען פירט נישט אויס קיין אַרבעט.

אין יוני 1943 איז ענדליך צושטאַנד געקומען די פאַראייניקונג פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע מיט דעם א.ג. צווייטן בלאָק. עס ווערט געשאַפן די "פאַראייניקטע זעלבסטשוץ־אָרגאַניזאַציע".

די וויכטיקסטע אויפגאַבע איז שאַפן געווער. עס ווערט אָרגאַניזירט דאָס גנבענען געווער פון פאַרשידענע דייטשע מאַגאַזינען און פאַבריקן און דאָס איינקויפן געווער ביי די אַרומיקע פויערים.

אין יולי 1943 ווערן אויסגעפירט טויט־אורטיילן אויף אַ ריי פאַררע־טער און קאָלאַבאָראַנטן אין געטאָ.

אין דער נאַכט אויף דעם 16־טן אויגוסט 1943 האָט זיך אָנגעהייבן די ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ. די דייטשן האָבן זיך צוגעגרייט צו דער אַקציע, ווי צו אַ וויכטיק־מיליטערישער אָפּעראַציע.

אין 2 שעה האָבן די יידן באַדאַרפט פאַרלאָזן זייערע הייזער. אָפיציעל האָט דאָס געהייסן, אַז די יידן ווערן עוואַקואירט קיין לובלין.

די זעלבסטשוץ האָט זיך געגרייט צום אויפשטאַנד. דער קליינער זאַפּאַס געווער ווערט פאַרטיילט צווישן די קעמפער. די זעלבסטשוץ לאָזט אַרויס אַן אויפרוף צו די ביאַליסטאָקער יידן "נישט גיין פרייוויליק צום טויט", די יידן ווערן גערופן אונטערצוצינדן די הייזער, די פאַבריקן, לויפן אין די וועלדער צו די פאַרטיזאַנער. עס איז געקומען די פאַראָרדנונג: קאַמף. דער סיגנאַל איז געווען אונטערצינדן די געטאָ אין אייניקע פונקטן.

דער אויפשטאַנד האָט זיך אָנגעהייבן. די אויפשטענדלער מיט געווער, מיט העק און אייזערנע דראָנגן און מיט מעסערס האָבן זיך געוואָרפן אויף די דייטשן.

די דייטשן האָבן אַריינגעפירט אין געטאָ טאַנקען. צום אָפיציר, וואָס

האָט אָנגעפירט מיט די טאַנקן איז צוגעלאָפן אַ יונג מיידל, און מיט אַ קויל פון אַ רעוואָלווער אין קאָפּ האָט זי אים אַוועקגעלייגט טויט אויפן אָרט.

מיט גראַנאַטן זענען באַוואָרפן געוואָרן די טאַנקן.

דער קאַמף איז נישט געווען קיין גלייכער, שוין אין אַ קורצער צייט אַרום פילט זיך אַ מאַנגל אין געווער. עס ווערן אויסגעשאָסן די לעצטע קוילן. די לאַגע פון די אויפשטענדלער ווערט שווער. דער שטח פון קאַמף ווערט קלענער, די אויפשטענדלער ווערן דורך די דייטשן געשטויסן אין שמאָלע געסלעך, זיי ווערן איזאָלירט פון די יידן אין געטאָ.

שוין אויפן צווייטן טאָג האָבן די אויפשטענדלער געמוזט אויפגעבן דעם אָפענעם קאַמף. די טאַקטיק ווערט געענדערט. עס ווערט באַשלאָסן שטעלן אַ ווידערשטאַנד אין די פאַבריקן בכדי באַשווערן דאָס אַרויספירן די יידן.

דעם 20־טן אויגוסט, אין פינפטן טאָג פון אויפשטאַנד, איז געפאַלן דער לעצטער פונקט פון זעלבסטשוץ, דער שטאַב אויף ציעפּלאַ 13. די געטאָ ברענט. אין דעם טאָג האָבן זיך פאַקטיש פאַרענדיקט די גרעסערע צוזאַמענשטויסן מיט די דייטשן אין געטאָ. כמעט אַלע קעמפער זענען אומגעקומען. אין קאַמף האָבן זיך אויסגעצייכנט פיל יונגע פרויען. זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַ סך העלדישקייט.

אַזוי זענען אין אַ נישט גלייכן קאַמף מיטן בלוטיקן אָקופּאַנט געפאַלן די העלדישסטע קעמפער אין ביאַליסטאָקער געטאָ.

## קאַמפס־אָרגאַניזאַציעס

באַוואָפנטע יידישע קאַמפס־אָרגאַניזאַציעס האָבן עקזיסטירט נישט נאָר אין וואַרשע, ביאַליסטאָק און ווילנע, נאָר אויך אין פיל אַנדערע געטאָס.

אין קראָקע און אין טשענסטאָכאָוו, אין סארני און קרעמעניעץ (וואָלין), אין פרוזשאַנע, בענדין, אָפּאָטשנע, מינסק־מאַזאָוויעצק, בראָדי און אנדערע. אַקטיווע אַרויסטרעטונגען זענען פאָרגעקומען אויך אין פיל אַנדערע שטעט:

אין ראָוונע (וואָלין), אין יולי 1942, בעת אַן אָקציע, האָבן די יידן

פון די פענצטערס געוואָרפן גראַנאַטן אויף די דייטשן.

אין האַרבסט 1942 האָבן יידן אין לובלינער געגנט בעת אַן אַקציע זיך געוואָרפן אויף די דייטשן מיט העק, מעסערס און שטיקער אייזן.

אין טוטשין נעבן ראָוונע, בעת אַן אַקציע, האָבן זיך די קצבים געוואָרפן מיט העק אויף די דייטשן, אונטערגעצונדן דאָס שטעטל און זיך צעלאָפן אין די אַרומיקע וועלדער.

פון פּרוזשאַנער געטאָ האָט זיך אַרויסגעריסן אַ גרופּע באַוואָפנטע יידן און געשאַפן אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע.

אין קלעצק האָבן די יידן אונטערגעצונדן די געטאָ כדי גרינגער מאַכן דאָס אַנטלויפן.

אין די לאַגערן האָבן יידן אָרגאַניזירט אויפשטאַנדן מיטן ציל צו אַנטלויפן. אויך אין דעם פאַל בלייבן די פּרוון פון יחידים אויף אייביק אומבאַקאַנט. קיין עדות זענען מער נישטאָ.

פאַראַן פאַרצייכענונגען וועגן אויפשטאַנדן אין טרעבלינקע, סאָביבאָר, קראַשניק, פּאָניאַטאָוו, סווערזשין (באַראַנאָוויטשער געגנט) און וועגן בונט פון יידישע פרויען אין אוישוויץ.

די אַנטלאָפענע פון די געטאָס און לאַגערן, אויב די דייטשן האָבן זיי פריער נישט דערשאָסן, אויב זיי זענען נישט אויסגעגאַנגען פריער פון הונגער, קעלט אָדער קראַנקהייטן אין די וועלדער, האָבן זיך טיילווייז דערשלאָגן צו די פּוילישע, אָדער סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער־גרופּן. דער גרעסטער טייל פון זיי אין אומגעקומען אין קאַמף קעגן די דייטשן. טייל פון זיי זענען אומגעקומען נישט דווקא פון די דייטשע הענט. עס האָבן נישט געפעלט קיין אַנטיסעמיטן אין די פּוילשע פּאַרטיזאַנער־גרופּן, דאָס זעלבע אין די סאָוויעטישע.

## טשענסטאָכאָוו

אין געטאָ ווערט געשאַפן דער א. ג. אַרבעטער־ראַט, אַן אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע וועלכע פאַרטרעט 5 טויזנט יידן שקלאַפן־אַרבעטער. איר פאָרזיצער איז געווען משה לובלינג, שפּעטער אומגעקומען בעת דעם

אויפשטאַנד אין טרעבלינקע. אין דעצעמבער 1941 אָרגאַניזירט דער אַרבעטער־ראַט אַ הונגער־שטרייק קעגן דעם יודנראַט. אין שטרייק באַטייליקן זיך טויזנטער יידן.

אויפן באָדן פון טשענסטאָכאָווער געטאָ זענען טעטיק אייניקע קאַמפּס־גרופּן. אין דעצעמבער 1942 ווערט געגרינדעט אַן אַלגעמיינע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע דער ״זשאָב״,* מיט דער צייט איז דער ״זשאָב״ אויסגע־וואַקסן צו אַ צאָל פון 300. דער ״זשאָב״ איז די גאַנצע צייט אין קאָנטאַקט מיט די צענטראַלע יידישע און נישט יידישע אונטערערדישע קערפּער־שאַפטן אין וואַרשע.

דער ערשטער באַוואָפנטער, אָבער שוואַך אָרגאַניזירטער, אַרויסטרעט קעגן די דייטשן קומט פאָר דעם 4־טן יאַנואַר 1943. בעת אַן אַקציע זענען די קעמפער באַפאַלן די דייטשן, אין דעם אומגלייכן קאַמף זענען כמעט אַלע קעמפער אומגעקומען. די פאַרבליבענע זענען ווידער טעטיק.

אין אַדאַמאָוו ביי לוקאַטש, לובלינער געגנט, האָבן די יידן וואָס מען האָט געבראַכט אויפן מאַרק צו פאַרניכטונג, אַנטוואָפנט די פּאָליציי און זיך צעלאָפן.

## יחידים־ווידערשטאַנד

דער הויפּט־רב פון ראַוונע, מה־יפית, ווען מען האָט אים אויפן אומשלאַג־פּלאַץ פאָרגעלייגט צו באַפרייען, האָט ער געענטפערט: ניין, דאָרט ווו די שאָף דאָרט אויך דער פאַסטוך...

* * *

אין אַפּריל 1943 האָט מען געבראַכט קיין בירקענאו אַ טראַנספּאָרט פון 12 הונדערט יידן, געכאַפּטע אויף דער אַרישער זייט, די א.ג. פּראָוואָ־קאַציע ״האָטעל־פּאָלסקי״. די יידן האָט מען געפירט גלייך אין קרעמאַ־

* ״זשאָב״ — זשידאָווסקאַ אָרגאַניזאַציאַ באָיאָווואַ (יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע).

טאָריום. צווישן די פרויען איז געווען די באַקאַנטע אַרטיסטין לאָלאַ ליפּמאַן. אַ דייטשער סאַדיסט האָט איר פֿאַראָרדנט שנעל זיך אויסטון, זי האָט אַ געשריי געטאָן: ״נישט אַזוי שנעל ווערסטו זען מיין נאַקעט לייב״. דער דייטש האָט אויסגעצויגן צו איר זיין רעוואָלווער, זי איז שנעל צוגעשפּרונגען צו אים, אַרויסגעריסן דעם רעוואָלווער, געשאָסן און שווער אים פֿאַרווונדעט. דער דייטש איז אין אַ שעה אַרום געווען טויט. גייענדיק צו דער גאַז־קאַמער האָט לאָלאַ ליפּמאַן צו זיך געזאָגט: ״כאָטש טייזוויילו נקמה גענומען, איצט וועט מיין קערפּער רויק ברענען״.

* * *

דאָס קאַפּיטל ״יידישער ווידערשטאַנד״ איז ווייט נישט אויסגעשעפּט. אַלע די מאַטעריאַלן און פֿאַקטן פון לעצטן חורבן, וואָס זענען פֿאַר אונדז צוטריטלעך, גיבן אונדז די מעגלעכקייט מאַכן אויספירונגען, אַז ביי די באַדינגונגען פון שוידערלעכע פּייניקונגען און פֿאַרניכטונג, האָבן די יידן אין די געטאָס און אין לאַגערן ווירקלעך אַרויסגעוויזן אַזאַ ווידערשטאַנד, אַזאַ העראָיִזם, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן נישט אין דער געשיכטע פון פעלקער.

# יידן זענען נישט געגאַנגען ווי שאָף צו דער שחיטה

דער פאַרנעם פון יידישן קאַטאַקליזם אין דער ליטעראַטור ווערט פאָרגעזעצט ביזן היינטיקן טאָג, אָבער אַמבולטסטן ווערט די יידישע טראַגעדיע און די ליידן פון יידישן פאָלק געשילדערט אונטערן קאַניבאַליסטישן רעזשים פון היטלער, ימח שמו.

דאָס אַלץ קומט צום אויסדרוק סיי דורך זכרונות און סיי דורך פאַרשידענע גביית־עדות, טאָגביכער, שיין־ליטעראַטור און דיכטונג. אָבער דער פאַקט פון יידישן ווידערשטאַנד און גבורה אין פאַרשידענע פאָרמען, קומען דאָך נישט צום אויסדרוק אין גאַנצן פאַרנעם פון דער ווירקלעכקייט.

די סיבה: זייער וויניק פאַרטיזאַנער, וואָס האָבן געקעמפט קעגן די מערדער, זענען געבליבן לעבן. מיט זייער טויט זענען אויף אייביק פאַרלוירן געגאַנגען די וואונדערבאַרע גבורה־טאַטן פון די יידן־קעמפער פאַרן כבוד פון יידישן פאָלק און פאַר דער וועלט.

מיר האָבן כמעט משלים געווען מיטן געדאַנק, אַז די יידן אין די תפוצות האָבן זייער וויניק געטאָן אין דער צייט פון דער היטלער־תקופה צו ראַטעווען זייערע ברידער אין די לענדער פון דער נאַצי־אָקופּאַציע. און ווי דאָס וואָלט נאָך נישט געווען גענוג — הערט מען פון צייט צו צייט, און צו אונדזער גרויס באַדויערן דווקא פון יידישע קרייזן, — אַז די יידן זענען געגאַנגען "ווי שאָף צו דער שחיטה".

ווי שוין געזאָגט — איז עס נישט ריכטיק. די יידן האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. אין די געטאָס, אין די לאַגערן, הינטער דעם שונאס פראָנט־ליניעס, פון באַהעלטענישן אין די וועלדער אַלס פאַרטיזאַנער, ווי אויך ביי יעדער מעגלעכער געלעגנהייט.

לאָמיר באַטראַכטן אייניקע פאַקטן.

לאָמיר אַריינבליקן אין דער זאַמלונג "קעמפּער דערציילן", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך די קריגס־אינוואַלידן מיט דער באַטייליקונג פון "יד ושם" אין ירושלים — תל־אביב, 1961.

אין דער דאָזיקער זאַמלונג קומען אַריין אַרום פערציק אַרבעטן, דערונטער פאַקטן און דערציילונגען וועגן דער גבורה פון די יידישע פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער פון ווייסרוסלאַנד, אין דער ליטווישער דעוויזיע, וועגן פאַרבינדונגען פון קינדער און יינגלעך פון געטאָ אין מינסק; וועגן יידישע פּאַרטיזאַנער אין דער אָקופּירטער אוקראַינע; וועגן אָנטייל פון יידישע רעזיסטאַנץ־קעמפער אין פראַנצויזישן אונטערגרונד; וועגן קאַמף פון יידן — פון לענינגראַד ביז בערלין; אויפן ווייסל, אין בולגאַריע און דג"ל.

אין אַריינפיר צו דער אויבנדערמאָנטער זאַמלונג, ווערט געזאָגט, אַז צוויי מיליאָן יידן האָבן געקעמפט מיט געווער אין די הענט קעגן דער נאַצישער חיה און אירע נאָכשלעפּער.

מיר וועלן ציטירן בלויז אייניקע ציפערן און דאַטעס פון דער דאָזיקער הקדמה.

מיטן אויסברוך פון קריג קעגן היטלערן, האָבן אין פּוילישן מיליטער זיך געפונען 150 טויזנט יידן. העכער 32 טויזנט זענען געפאַלן. אין דער אַנדערס־אַרמיי זענען געווען פינף טויזנט יידן. דער גענעראַל אַנדערס איז ביזן אויסברוך פון דער מלחמה געווען קאָמאַנדיר פון דער דעוויזיע, וועלכע האָט סטאַציאָנירט אין ראָוונע, וואָלין.

בעת דער רעאָרגאַניזאַציע פון פּוילישן מיליטער אין ראַטנפאַרבאַנד, זענען כמעט נישט אויפגענומען געוואָרן קיין יידן. דער פאַקט, וואָס עס האָבן זיך מאָביליזירט אַ סך פון די וועלכע זענען פריער אַריינגעטראָטן אין דער דעוויזיע אין ראָוונע — האָט געווירקט, אַז אָפּשטאַמיקע ראָוונער יידן זענען יאָ אויפגענומען געוואָרן אין דעם דאָזיקן מיליטער.

אין דער דעוויזיע א.ב. פון קאָסציושקאָ, וואָס האָט זיך פאָרמירט אין ראַטנפאַרבאַנד, זענען געווען צוויי טויזנט יידן. אין דער רויטער אַרמיי זענען געווען אַרום אַ האַלבן מיליאָן יידן. אַרום צוויי הונדערט טויזנט

פון זיי זענען געפאַלן אויף די פאַרשידענע רוסישע פראָנטן.

אין דער ליטווישער דעוויזיע, וואָס האָט זיך פאָרמירט אין ראַטנ־פאַרבאַנד, זענען געווען אַרום צוועלף טויזנט יידן; אין בריטישן מיליטער — 62 טויזנט יידן; אין אַמעריקאַנישן מיליטער 555 טויזנט יידן; אין דער קאַנאַדישער אַרמיי — העכער 16 טויזנט יידן; דער יידישער ישוב אין ארץ ישראל האָט געגעבן פאַרן בריטישן מיליטער העכער 26 טויזנט יידישע קעמפער.

דאָס אַלץ בנוגע דעם יידישן אַנטייל אין די אָפיציעלע אַרמייען, אויסער די פאַרטיזאַנער, וואָס דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך אַ קאַפּיטל פאַר זיך. ווי עס ווערט געשאַצט, איז די צאָל יידישע "וואַלד־מענטשן", וואָס האָבן געקעמפט קעגן די נאַציס דערגאַנגען ביז 25 טויזנט, דאָס רוב אַקטיווע קעמפער הינטער די פראָנט־ליניעס פון שונא, צווישן זיי פיל קאָמאַנדירן פון פאַרטיזאַנער־אָטריאַדן.

כדאי דערמאָנען דעם "גבורה־לעקסיקאָן", ערשטער באַנד וועגן "פאַר־טיזאַנער און אונטערגרונד־קעמפער אין די מערב־געביטן פון ראַטנפאַר־באַנד", אַרויסגעגעבן דורך "יד ושם" אין ירושלים.

פאַקטיש נעמט אַרום דער דאָזיקער באַנד (א׳־י׳) די פוילישע מזרח־געביטן, דערונטער וואָלין. אין דעם דאָזיקן לעקסיקאָן ווערן געבראַכט בלויז די נעמען פון די יעניקע, וואָס זענען געפאַלן אין די קאַמפן. עס ווערן דערמאָנט 565 נעמען.

"גאָוואָריאַט פאַגיבשיע געראָי" (עס רעדן געפאַלענע קעמפער) איז דערשינען אין מאָסקווע אין יאָר 1963. דאָס איז די צווייטע אויסגעברייטער־טע אויפלאַגע אין 230 טויזנט עקזעמפּליאַרן. אין דעם דאָזיקן בוך ווערן געבראַכט 120 צייגנישן און אַ גאַנצע גאַלעריע פון יידישע קעמפער.*

---

* זע אויך די פאָרשונג פון יידישן היסטאָריקער מרדכי בערנשטיין "דאָס וווּנדער־מיליטער פון אונדזערע העלדן", געדרוקט אין "דער פריינד" פון מערץ־אַפּריל 1966, אַרויסגעגעבן דורכן אַרבעטער־רינג אין אַמעריקע.

# קאָנפערענץ פון היסטאָריקער וועגן יידישן ווידערשטאַנד

אין שייכות מיטן אָנטייל פון יידישן ווידערשטאַנד אין די מלחמה־יאָרן, איז כדאי אָפּצומערקן פאָלגנדיקע געשעעניש:

אין וואַרשע איז פאָרגעקומען אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ פון היסטאָריקער, וועלכע איז געווען געווידמעט די פּראָבלעמען פון ווידערשטאַנד בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין דער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט פאָרשטייער פון 19 לענדער, צווי. אַנד. בולגאַריע, פראַנקרייך, רומעניע, איטאַליע, ישראל.

אין דער פּוילישער דעלעגאַציע האָט זיך באַטייליקט דער דירעקטאָר פון יידיש־היסטאָרישן אינסטיטוט, בערל מאַרק.

אין די אַרויסטרעטונגען פון די דעלעגאַטן פון אַ ריי לענדער איז גע־בראַכט געוואָרן צום אויסדרוק די פּראָבלעמאַטיק פון יידישן ווידערשטאַנד, דער אָנטייל פון יידן אין דער אַלגעמיינער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אין באַזונדערע לענדער.

דער פאָרשטייער פון בולגאַריע האָט אונטערגעשטראָכן דעם פאַקט, אַז פון די 50 טויזנט יידן, וואָס האָבן געלעבט אין בולגאַריע פאַר דער מלחמה, זענען לעבן געבליבן 45 טויזנט. אין די פּרייהייטס־קאַמפן זענען אומגע־קומען 120 יידן, וועלכע זיין לאַנד פאַררעכנט ווי העלדן פון ווידערשטאַנד.

דער פאָרשטייער פון פראַנקרייך האָט אין זיין רעפעראַט אָנגעגעבן נעמען פון פיל יידן, מערסטנס אָפּשטאַמיקע פון פּוילן, וועלכע זענען אומ־געקומען אין קאַמף מיטן דייטשן אָקופּאַנט.

די פאָרשטייער פון רומעניע האָבן גערעדט צווי. אַנד. וועגן די גרויסע פאַרלוסטן פון די יידישע ווידערשטאַנדלער אין זייער לאַנד.

אַז איטאַליענישער פּראָפעסאָר האָט אין זיין אַרויסטרעטונג ציטירט אַ רשימה פון יידן באַטייליקטע אין די ווידערשטאַנדס־קאַמפן, וואָס זענען פּאַראורטיילט געוואָרן צום טויט.

די פּראָבלעמען פון יידישן ווידערשטאַנד זענען ברייטער באַהאַנדלט געוואָרן דורך דעם פאָרשטייער פון דער ישראל־דעלעגאַציע, אָנטיילנעמער אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג פון ווילנע, באַקאַנטער פּאָעט אבא קאָוונער.

אין זיין רעפעראַט „דער כאַראַקטער פון די קאַמפן אין די געטאָס", האָט אבא קאָוונער באַרירט צוויי וויכטיקע מאָמענטן: די טראַגעדיע פון די אַנט־לאָפענע פון די געטאָס צו די פּאַרטיזאַנער און די ברייט־דיסקוטירטע אין די געטאָס און אונטערערד־דילעמע: בלייבן צוזאַמען מיט אַלע יידן אין געטאָ, אָדער פּאַרלאָזן די נאָענטע און גיין צו די פּאַרטיזאַנער? וואָס דאַרף זיין די באַזע פון קאַמף — געטאָ, צי דער וואַלד?

אַ מיטגליד פון דער פראַנצויזישער דעלעגאַציע, פאָרשטייער פון דער יידיש־היסטאָרישער קאָמיסיע, דוד דיאַמאַנט, האָט רעדנדיק וועגן אָנטייל פון די עמיגראַנטן אין דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אין פראַנקרייך, אונטערגעשטראָכן די וויכטיקע ראָל, וואָס האָבן געשפּילט אין קאַמף די יידן בכלל, און די יידן פון פּוילן בפרט. אין דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג זע־נען די יידן געווען פּראָצענטועל מער רעפּרעזענטירט, ווי די פראַנצויזן. פון צווישן 75 דערשאָסענע אָנטיילנעמער אין דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג, צ. ב. אין ראַיאָן ליאָן־גרענאָבל, זענען געווען 32 יידן.

זיין רעדע האָט דיאַמאַנט פאַרענדיקט אַזוי: אומעטום איז באַקאַנט, אַז יידן זענען געווען די קרבנות פון היטלעריזם, אָבער אַז טויזנטער יידן האָבן אַקטיוו זיך באַטייליקט אין ווידערשטאַנדס־קאַמפן, דערביי ביי אויסערגע־וויינלעכע שווערע באַדינגונגען, איז ווייניק באַקאַנט.

בערל מאַרק, מיטגליד פון דער פּוילישער דעלעגאַציע, האָט זיין אַרויס־טרעטונג געווידמעט צוויי פּראָבלעמען:

1. אַנטיסעמיטיזם אין די רייען פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג,
2. ראָל פון יידישן ווידערשטאַנד.

בערל מאַרק האָט געזאָגט, אַז די ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אין די גע־טאָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ גאַנץ באַזונדערן און ספּעציפישן טייל. די גע־

טאָס זענען געווען, ווי אַ באַזע פֿאַר דער אַלגעמיינער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג, אַ באַזע פֿאַר באַזאָרגן די סאָוויעטישע געפֿאַנגענע, באַזעס פֿאַר רעקרוטירן קעמפֿער אין די פּאַרטיזאַנער אָטריאַדן, באַזעס פֿאַר פֿינאַנציעלער הילף פֿאַר דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. פֿון דער צווייטער זייט האָבן די קאָנטאַקטן מיט די אָרגאַניזאַציעס פֿון פּוילישן און סאָוויעטישן ווידערשטאַנד, באַזונדערס מיט די פּאַרטיזאַנער, דערמעגלעכט די קאַמפֿן אין די געטאָס. אויך דאָס דערלאַנגען זיך צו די פּאַרטיזאַנער.

אַרומרעדנדיק די פֿאַרשידענע פֿאָרמען פֿון יידישן ווידערשטאַנד אין די געטאָס, לאַגערן, פּאַרטיזאַנקע, און אויף דער יידישער זייט, האָט מאַרק אויפֿמערקזאַם געמאַכט אויפֿן פֿאַקט, אַז אין די ראַמען פֿון די אָרטיקע באַוועגונגען פֿון ווידערשטאַנד אין פֿאַרשידענע לענדער, האָבן די יידן אָרגאַניזירט באַזונדערע יידישע קאַמפּס־גרופּן. אַזוי אין פּוילן, ווייסרוסלאַנד, ליטע, פֿראַנקרייך, בעלגיע, סלאָוואַקיע, גריכנלאַנד, טיילווייז אויך אין יוגאָסלאַוויע, בולגאַריע און אין דייטשלאַנד.

צום סוף האָט מאַרק פֿעסטגעשטעלט: אויב אַזאַ קליינע, שרעקלעך־פֿאַרפֿאָלגטע און צום טויט פֿאַרמשפּטע מינדערהייט אין יעדן לאַנד, האָט אומעטום גענומען אַזאַ אַקטיוון אָנטייל אין דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג, אין פֿאַרשידענע פֿאָרמען, און דאָס שוין אין די יאָרן 1942־43 — איז פֿאַר יעדן קלאָר, אַז די יידן דאַרפֿן פֿאַרנעמען אַ פֿאַסיקן פּלאַץ אין דער געשיכטע פֿון איינצלנע לענדער, און אויך אין אינטערנאַציאָנאַלן פֿאַרנעם אין דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג.

עס איז שווער צו זאָגן וואָס זענען געווען די כוונות פֿון די איניציאַטאָרן פֿון אָט דער קאָנפֿערענץ, וואָס פֿאַראַ פּאָליטישן כאַראַקטער דאָס האָט געטראָגן, ווייל די קאָנפֿערענץ איז פֿאָרגעקומען אין קאָמוניסטישן פּוילן. מען מוז נישט מסכּים זיין מיט די אויספֿירונגען פֿון בערל מאַרק, אַז דער אַנטיסעמיטיזם אין די רייען פֿון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אין פּוילן איז געקומען אין רעזולטאַט פֿון דער דייטשער דיווערסיע. בערל מאַרק האָט זייער גוט געוווּסט, אַז דאָס פּוילישע פֿאָלק איז געווען דורכגעפּרעסן פֿון אַנטיסעמיטיזם.

באַקעמפֿנדיק דעם דייטשן אָקופּאַנט, האָבן די פּאָליאַקן אין דער זעל־

בער צייט אַקטיוו מיטגעהאָלפן דעם דייטש אין אומברענגען די יידן. עס איז אויך נישט איבערצייגנדיק, אַז די יידישע ווידערשטאַנדס־באַוועגונג, מיר מיינען דעם ווידערשטאַנד אין די געטאָס, איז געווען אַ טייל פון דער אַלגע־מיינער פּוילישער און סאָוויעטישער באַוועגונג. ווו און ווען האָבן די יידישע ווידערשטענדלער אין די געטאָס באַקומען הילף פון דער פּוילישער, אָדער סאָוויעטישער באַוועגונג? אָבער טראָץ דעם אַלעמען זענען זייער וויכטיק די פאַקטן, וואָס די דערמאָנטע קאָנפערענץ האָט אַרויסגעבראַכט וועגן דעם יידישן חלק אין ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן אומעטום ווו אַזאַ באַוועגונג איז בכלל געווען.

עס איז זייער וויכטיק צו ברענגען אָט די פאַקטן אין דער ערשטער ריי פאַר דער ברייטער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. זענען דאָך געגוג קרייזן ביי אונדז פאַרכאַפּט פון דער איינרעדעניש, אַז די יידן זענען געגאַנ־גען ווי שעפּסן צום אומקום.

די געבראַכטע פאַקטן אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ אין וואַרשע, וואַרפן אָפּ אָט די שעדלעכע באַהויפּטונגען.

# די געסטאַפּאָ־טורמע אין וואַרשע

די טורמע האָט זיך געפונען אין וואַרשע צווישן די גאַסן דזשעלנע און פּאַוויאַק, פון דעם קומט דער נאָמען ״פּאַוויאַק״. די טורמע האָט אַלע יאָרן געהאַט אַ שם אין פּוילן. אַלס כלל איז דער פּאַוויאַק געווען אַ טורמע פאַר מענער, מיט יאָרן שפּעטער איז דאָרטן צוגעבויט געוואָרן אַ באַזונדערע געביידע פאַר פרויען — ״סערביע״. דער נאָמען קומט פון דעם, וואָס די געביידע איז געווען אַ שפּיטאָל אין די יאָרן פון דער רוסיש־סערבישער מלחמה.

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע — 1944—1939 — איז דער פּאַוויאַק געווען אין רשות פון דער געסטאַפּאָ. אין אַ ספּעציעלער אָפּטיילונג האָבן זיך געפונען קאַמערן פאַר יידן.

געוויסע אויסגאַבן וועגן פּאַוויאַק זענען דערשינען אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה. אין יאָר 1946 איז דורך דריי פרויען, געוועזענע אַרעסטירטע אין פּאַוויאַק צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אַן אַרבעט: ״פּאַוויאַק אין ציפערן״. אַ סך מאַטעריאַלן געפינען זיך אין רשות פון דער ״הויפּט־קאָמיסיע צו פאָרשן די היטלעריסטישע פאַרברעכנס אין פּוילן״.

אין יאָר 1948 איז דערשינען אַן אַרבעט פון יאַנינאַ גרושקאָווסקאַ: ״פּאַוויאַק״ — די געסטאַפּאָ־טורמע אין וואַרשע״. אַ געוויסער לעאָן וואַנאַט האָט פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1958 אַ בוך מיט דערינערונגען ״אונטער די מויערן פון פּאַוויאַק״. אין פאַרשידענע דערינערונגען פון אַ ריי מענטשן וועגן די אָקופּאַציע־יאָרן געפינען זיך פראַגמענטן אויך וועגן פּאַוויאַק. אַ בוך א״נ: ״פינצטערע נעכט אין פּאַוויאַק״ האָט אַרויסגעלאָזט איין יאָר נאָך דער מלחמה י. הירשהויט. וועגן פּאַוויאַק האָט אויך געשריבן דער באַקאַנטער בונדיסט בערנאַרד גאָלדשטיין אין זיין בוך ״5 יאָר אין וואַרשעווער געטאָ״.

***

אין דעם בוך "דערינערונגען וועגן פּאַוויאַק", אַחוץ אַ פאָרוואָרט פון פאָרזיצער פון רעדאַקציע־קאָמיטעט סטאַניסלאַוו פּלאָסקי, ווערן געבראַכט דערינערונגען פון 31 פּערזאָן, וועלכע זענען דורך דער געסטאַפּאָ געהאַלטן געוואָרן אין פּאַוויאַק. אין צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע זענען דורכן פּאַוויאַק דורכגעגאַנגען אַרום הונדערט טויזנט מענטשן — מענער, פרויען און אַפילו קינדער. אַרום 30 טויזנט פון זיי זענען אומגעבראַכט געוואָרן אויפן הויף פון פּאַוויאַק, און אויף די רויִנען פון וואַרשעווער געטאָ, בשכנות פון פּאַוויאַק. העכער 60 טויזנט זענען פאַרשיקט געוואָרן אין פאַרשידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

דאָס קאַפּיטל פּאַוויאַק איז אַ וויכטיקער טייל אין דער געשיכטע פון דער דייטשער אָקופּאַציע, און גאַנץ באַזונדער פון אונדזער יידישן חורבן. די טורמע איז ליקווידירט געוואָרן אין אויגוסט 1944.

ברענגען פאַר דער עפנטלעכקייט דאָס קאַפּיטל געשיכטע, וואָס הייסט פּאַוויאַק בעת דער אָקופּאַציע, איז געווען באַשווערט, מחמת פאַר דעם וואַרשעווער אויפשטאַנד האָבן די דייטשן ליקווידירט די טורמע־קאַנצע־לאַריע, דאָקומענטן זענען פאַרניכטעט, אָדער אַריבערגעפירט געוואָרן אין דער געסטאַפּאָ אויף אַלעיאַ שוכאַ.

בכדי ווי ווייט מעגלעך צו דערגענצן די ביז־איצטיקע ידיעות און מאַטעריאַלן, האָט דער היסטאָרישער אינסטיטוט זיך געוואַנדן צו די געוועזענע פאַרשיקטע אין פּאַוויאַק, זיי זאָלן באַשרייבן זייערע דערינע־רונגען. צו דעם צוועק איז אויסגעטיילט געוואָרן אַ ספּעציעלער רע־דאַקציע־קאָמיטעט. פון די דערינערונגען איז איינע — פון ד"ר זיגמונט שליוויצקי וועגן זיין אַרבעט אין פּאַוויאַק־שפּיטאָל; 16 דערינערונגען זענען וועגן די איבערלעבענישן אין דער אָפּטיילונג פאַר מענער, 14 אין דער פרויען־אָפּטיילונג "סערביע".

די דערינערונגען קומען פון פּערזאָנען, וועלכע האָבן געהאַט די מעגלעכקייטן פריי צו באַוועגן זיך און במילא צו אָבסערווירן וואָס עס קומט פאָר אין פּאַוויאַק. דאָס זענען געווען פּאָליאַקן דאָקטוירים, מיט־

אַרבעטער פון סאַניטאַרן־פּערסאָנאַל, נידעריקערע פונקציאָנאַרן — ווי שרייבער אין די קאַנצעלאַריעס, איבערזעצער און באַדינער אויף די קאָרידאָרן.

מיט דער הילף פון די דאָקטוירים און איבעריקע מיטאַרבעטער אין די שפּיטאָלן און אַמבולאַטאָריעס איז געווען מעגלעך אָנצוהאַלטן קאָנ־ספּיראַציע־קאָנטאַקטן מיט די אַרעסטירטע און מיט דער שטאָט. עס זענען געווען פאַלן פון אָרגאַניזירטן אַנטלויפן, פון פּאַוויאַק דירעקט, און אויך אויפן וועג, ווען מען האָט געפירט צו אויספאָרשונג אין געסטאַפּאָ.

די איינגעזעצטע אין פּאַוויאַק האָבן פריער דורכגעמאַכט שוידערלעכע טאָרטורן אין דער געסטאַפּאָ. פון פּאַוויאַק זענען די אַרעסטירטע פיל מאָל געפירט געוואָרן אין דער געסטאַפּאָ אויף ווייטערדיקע אויספאָרשונגען.

אין די דערינערונגען פון איינער וואַנדאַ אָסאָווסקאַ ווערט דערציילט, אַז 57 מאָל האָט מען זי געפאָרשט אין געסטאַפּאָ. זי האָט געפּרוווט באַגיין זעלבסטמאָרד דורך סמען זיך, אָבער מען האָט זי אָפּגעראַטעוועט.

אין פּאַוויאַק זענען געזעסן אויך סאָוויעטישע מיליטערישע געפאַנגענע מענער און פרויען. דאָס זענען געווען פּאַראַשוטיסטן, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט און זענען פאַרהאַלטן געוואָרן. די מערסטע פון זיי זענען נאָך שוידערלעכע פּייניקונגען אומגעבראַכט געוואָרן. עקזעקוציעס פלעגן די דייטשן דורכפירן אַחוץ אויפן הויף פון פּאַוויאַק און אויף די רויִנען פון געטאָ, — אויך אין די סענקאַצינער וועלדער נעבן מאַגדאַלענקע.

אַ באַזונדער פלאַץ פאַר עקזעקוציעס איז געווען אויך אויף פאַלמיר, ביי וואַרשע. דאָרטן זענען אומגעבראַכט געוואָרן צווו. אַנד., דעם 20טן יוני 1940, מיעטשיסלאַוו ניעדזשאַלקאָווסקי, רעדאַקטאָר פון "ראָבאָטניק" און מיטגליד פון צ.ק. פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און מ. ראַטאַי, דער געוועזענער מאַרשאַלעק פון סיים (פּאָרזיצער פון פּוילישן פּאַרלאַמענט).

אין פּאַוויאַק זענען געזעסן גאַנצע פאַמילעס, עלטערן, אַפילו מיט מינדעריעריקע קינדער.

די דערינערונגען פון מאַריאַ זיעלעניעווסקאַ־גינטעראָוואַ און באָגדאַן דעטשקאָווסקי, זענען מערסטן געווידמעט טאַקע די יוגנטלעכע אין פּאַוויאַק.

די דערינערונגען אין דעם בוך וועגן וועלכע מיר רעדן, זענען פּאָליאַקן, וועלכע זענען פאַרמרסט געוואָרן דורך פּאָליאַקן.

פון ענדע 1940 האָבן די אָרדענונג איבערגענומען די ס.ס.־לייט, וואָס האָט נאַטירלעך כמעט אוממעגלעך געמאַכט אַנצוהאַלטן קאָנטאַקטן צווישן די אַרעסטירטע און מיט דער שטאָט. די לאַגע האָט זיך נאָך מער פאַרערגערט, ווען אין מערץ 1942, האָבן די הילפס־אַרבעטן ביי די ס.ס. איבערגענומען די אוקראַינער.

אין רעזולטאַט פון די טאָרטורן אין געסטאַפּאָ, זענען אין פּאַוויאַק גופא געשטאָרבן 160 מענער און 15 פרויען. עס זענען געווען פאַלן, ווען די געסטאַפּאָ־לייט האָבן דערשאָסן אַפילו שוואַנגערדיקע פרויען. די געסטאַפּאָ־מערדער פלעגן אויך לגבי די פּאָליאַקן אָנווענדן די זעלבע טאַקטיק, ווי לגבי די יידן — אָפּנאַרן, אַז מען פירט זיי אַרויס אויף אַרבעט. אין דער ווירקלעכקייט אבער האָט מען זיי געפירט צום אומברענגען, אָדער אין די לאַגערן. אַזוי האָט מען צ״ב אין איין טאָג אַרויסגעפירט קיין מיידאַנעק איבער טויזנט פּאָליאַקן, מענער און דריי הונדערט פרויען.

אין דעם בוך זענען געבראַכט פאָטאָגראַפיעס פון ניעדזיאַלקאָווסקי, ראַטאַי און אַנדערע אומגעבראַכטע פּוילישע פערזענלעכקייטן, פאָטאָגראַפיעס פון פּאַלמיר, וווּ עס זענען אומגעבראַכט די קרבנות פון געסטאַפּאָ, די רויִנען פון פּאַוויאַק, דער פּראָיעקט פון אַ דענקמאָל, וואָס מען דאַרף שטעלן אויפן פּלאַץ פון פריערדיקן הויף אין פּאַוויאַק.

* * *

מיר יידן קאָנען נישט פאַרגעסן דעם חלק, וואָס די פּוילישע באַפעלקערונג האָט צוגעטראָגן ביים מיטהעלפן אויף פאַרשידענע אופנים די דייטשן בעתן אומברענגען די יידן. מיר ווייסן אויך, אַז אַ טייל פּאָליאַקן האָבן הערויִש געקעמפט קעגן דייטשן אָקופּאַנט. דער וואַרשעווער אויפשטאַנד אין אויגוסט 1944, האָט אַריינגעשריבן הערויִשע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון קאַמף קעגן דעם דייטשן אָקופּאַנט. דאָס דערמאָנטע בוך ״דערינערונגען פון פּאַוויאַק״ איז אַ וויכטיקער צושטייער צו דער געשיכטע פון ווידערשטאַנד פון די פּאָליאַקן אין די יאָרן פון אָקופּאַציע.

ווען מען באַקענט זיך מיטן אינהאַלט פון דערמאָנטן בוך שטעלט זיך גאַנץ נאַטירלעך די פראַגע, וויאַזוי קומט דאָרט צום אויסדרוק די יידישע טראַגעדיע? די געסטאַפּאָ האָט דאָך אין פּאַוויאַק געהאַלטן אויך אירע יידישע קרבנות. וואָס דערציילן וועגן דעם די שרייבער פון די דערינערונגען? צום באַדויערן זייער ווייניק. יידן ווערן דערמאָנט צווישן יאָ און ניין, אַזוי צו זאָגן, פאַרבייגייענדיק. ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן ווערן דערמאָנט די נעמען פון לודוויק גוטמאַן, שרייבער אין דער אַכטער (יידישער) אָפּטיילונג, בראָניסלאַוו אַנלען — דענטיסט, געאַרבעט אויפן קאָרידאָר פון דער זעלבער אָפּטיילונג. די אַלע האָבן געפירט קאָנספּיראַטיווע אַרבעט, אָבער אין די דערינערונגען ווערט מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט, אַז דאָס זענען יידן. עס ווערן יאָ דערמאָנט צווישן אַנדערע, פאָלגנדיקע "יידישע מאָמענטן": אין קאָמער 8 האָט מען געהאַלטן יידישע פרויען, פאַרמשפּטע צום טויט, אין קאָמער זענען אויך געזעסן פרויען וועמען די געסטאַפּאָ איז חושד געווען, אַז זיי זענען יידישע. אַ ספּעציאַליסט אין רעליגיעזע ענינים אין געסטאַפּאָ האָט געפירט אין אַזעלכע פאַלן ספּעציעלע אויספאָרשונגען. אַזעלכע פרויען האָבן באַדאַרפט אָפּגעבן עקזאַמען אין רעליגיע. אַפילו אַזעלכע וואָס זענען געווען גוט באַקאַנט מיטן קאַטעכיזים, האָבן נישט אַלעמאָל געקאָנט ענטפערן אויף אַלע פראַגן.

אין אַן איזאָלירטער קאַמער איז געזעסן אַ יידישע פרוי. קיינמאָל האָט מען זי אויף קיין שפּאַציר נישט געפירט, ווי מען האָט דאָס געטאָן מיט אירע שכנים. איין מאָל האָט זי געבעטן די שכנים זיי זאָלן איר ברענגען בלומען פון הויף, די פרויען האָבן דאָס פאַר איר געטאָן. אין איין נאַכט האָט מען זי אַרויסגעפירט באַרוועס, אין איין העמד און דערשאָסן, אָבער די בלומען האָט זי געהאַלטן אין אירע הענט.

איין יידישע פרוי האָט זיך געוואָרפן אויף אַ געסטאַפּאָוויעץ און איז אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

אַ גרופּע יידישע פרויען זענען אין אַ פראָסט אַרויסגעטריבן געוואָרן באַרוועס רייניקן דעם שניי אויפן הויף.

אַן אויסנאַם אין דעם בוך איז לעאָניד קאַרזאַגין, וועלכער ווידמעט אין זיינע דערינערונגען מער איינצלהייטן וועגן די טאָרטורן איבער די

יידן. דורך די פענצטער פון זיין קאַמער האָט ער געקאָנט אָבסערווירן ווי די דייטשן האָבן געמאַטערט די יידן, געצווונגען זיי מאַכן גמינאַסטיק, באָקס, קריכן אויף אַלע פיר איבער הייסן זשוזשעל, וואָס מען האָט נאָר וואָס געבראַכט פון די קעסלען, ווי אויך אומברענגען יידן דורך הענגען, דערשיסן, דערשטיקן און דורך אָנגערייצטע הינט.

אין מערסטע פאַלן זענען די יידישע פרויען געהאַלטן געוואָרן אין די איזאָלירטע קאַמערן, זיי האָבן אַפילו נישט פיגורירט אין דער עווידענץ פון דער טורמע. ווען די איזאָלאַטקעס זענען געווען איבערפולט, האָט מען די יידישע פרויען געהאַלטן אין דער טורמע־קאַפּליצע, און אַזוי פלעגט מען אָט די יידישע פרויען אַלס נאָמענלאָזע דערשיסן.

אייניקע פּוילישע דאָקטוירים האָבן טראָץ דעם שטרענגן פאַרבאָט, אייניקע מאָל אַריינגענומען יידן אין פּאַוויאַק־שפּיטאָל, אויך געהיילט אין דער אַמבולאַטאָריע. עס איז געווען אַ פאַל, ווען איבער אַ יידישער פרוי האָבן די פּוילישע דאָקטוירים דורכגעפירט אין געהיים אַן אָבאָרט; ווען זי איז צוזאַמען מיט אַ גרופּע יידן געפירט געוואָרן אין דער געוועזענער וואַרשעווער געטאָ צום דערשיסן, איז זי דורך די מענטשן פון דער ״אַרמיאַ קראַיאָוואַ״ אָפּגעראַטעוועט געוואָרן. זי לעבט איצט אין ישראל.

* *
*

ווי דערמאָנט, האָט י. הירשהויט אַרויסגעלאָזט אַ זאַמלונג מאַטעריאַלן וועגן דעם אומקום פון יידן אין פּאַוויאַק, א. נ. ״פינצטערע נעכט אין פּאַוויאַק״. דער מחבר פון דער זאמלונג איז צוזאַמען מיט נאָך 9 יידן אַנטלאָפן פון פּאַוויאַק, דורכגעלאָפן דעם שטח פון אַמאָליקער געטאָ, און אַריבערגעשפּרונגען די מויער אויף פּשעיאַזד. זיין בוך האָט הירשהויט געשריבן פון די אייגענע דערינערונגען, ער האָט נישט באַזיצט קיין שום דאָקומענטן.

אין ״צוקונפט״, אַפּריל 1966, פּרווט הירשהויט דערגענצן זיין בוך, דער עיקר דורך אַרויסברענגען ריין־יידישע מאָמענטן. פון דעם אַרטיקל אין ״צוקונפט״ קאָן מען נישט דרינגען, אַז הירשהויטן איז באַקאַנט דאָס בוך ״דערינערונגען וועגן פּאַוויאַק״. ער שרייבט, אַז ״בעת פאַר אונדז

איז דער פּאַוויאַק געווען נאָך איין אָרט פון מאַרטירערטום און אומקום, איז ער פאַר די פּאָליאַקן געווען אַ יחיד במינו. פאַר זיי איז ער געווען דער איינציק־עקזיסטירנדיקער פייניקונגס־צענטער אין דער הויפּטשטאָט אין משך פון אַלע פינף אָקופּאַציע־יאָרן".

הירשהויט האַלט, אַז דער פּריוואַטער אַרכיוו פון יידישן דענטיסט בראָניסלאַוו אַנלען איז די רייכסטע זאַמלונג פון דאָקומענטן וועגן פּאַוויאַק. אַנלען איז געזעסן אויף דער אַכטער (יידישער) אָפּטיילונג ביזן סוף פון דער עקזיסטענץ פון פּאַוויאַק. עס איז געווען אַ צייט, ווען די דייטשן האָבן באַשטימט יידן, אַפילו מיט טויט־אורטיילן, אויף פאַרשידענע פונק־ציעס אין פּאַוויאַק מיט דער אויסרעכענונג, אַז דערמיט וועלן זיי זיך באַוואָרענען קעגן קאָנספּיראַטיווע קאָנטאַקטן. אָבער די דייטשן האָבן זיך טועה געווען. די יידן, וועלכע האָבן אויסגעפילט געוויסע פונקציעס, האָבן נישט נאָר נישט געשטערט, נאָר אַליין אָרגאַניזירט קאָנטאַקטן.

אין משך פון אַ געוויסער צייט פאַר דער פאַרניכטונג פון געטאָ, — האָבן יידישע האַנטווערקער, וועלכע זענען יעדן טאָג געקומען פון געטאָ צו דער אַרבעט אין די פּאַוויאַק־וואַרשטאַטן, געטראָגן קאָנספּיראַטיווע פּאָסט — אַריין און אַרויס. יידן האָבן נישט נאָר אויסגעפירט די שליחות פונעם אונטערערד, נאָר זיי האָבן אויך אַריבערגעטראָגן "גריפּסן" פון אַרעסטאַנטן צו זייערע משפחות, און צוריק אַריינגעבראַכט פאַר די אַרעסטאַנטן מעדיקאַמענטן, ציגאַרעטן און ידיעות פון זייערע נאָענטע.

הירשהויט שטרייכט אונטער אין זיין אַרטיקל, אַז אַלע "באַריכטן" וועגן פּאַוויאַק באַשעפטיקן זיך מיט פּראָבלעמען פון פּוילישן פאָלק, און מיט די ווייטיקן און צרות פון די פּאָליאַקן. יידישע צרות געפינען אין זיי אַן אָפּשפּיגלונג, בלויז דרך אגב.

אין שייכות מיט יידן איז עס געווען פולשטענדיק נאָרמאַל אויב מען האָט יעדן פאַרטאָג אַרויסגעפירט פון דער טויטן־קאַמער נר. 257 פופצן־צוואָנציק יידן און מען האָט זיי דערשאָסן. אַזעלכע "נאָרמאַלע" געשעענישן זענען נישט געווען קיין וויכטיקע מאַטעריאַלן ביי די פאַרשרייבערס פון די באַריכטן וועגן פּאַוויאַק.

הירשהויט שרייבט מיט רעכט, אַז די שווערסטע אויפגאַבע פאַרן

פאַרשער פון יידישן חורבן איז צו דערגרייכן באַגרינדעטע סטאַטיסטישע ציפערן. וואָס שייך יידן, זענען די דייטשן נישט געווען פאַראינטערעסירט אין קיין שום סטאַטיסטיק. זייער ציל איז געווען אומברענגען אַלע יידן. אויב עס וואָלט געווען מעגלעך פעסטצושטעלן די צאָל יידן אין פּאַוויאַק, וואָלטן פאַרענטפערט געוואָרן צוויי פראַגן: ערשטנס, וויפל יידן זענען געכאַפּט געוואָרן אין וואַרשע אויף דער אַרישער זייט. צווייטנס, וויפל יידן זענען אין פּאַוויאַק אומגעקומען.

די יידן פון דער טויטן־קאַמער 257 און פון דער קאַמער אין דער פּרויען־אָפּטיילונג, זענען נישט אַריינגעפירט געוואָרן אין דעם באַשטאַנד פון דער אַרעסטאַנטן־קאַרטאָטעקע.

פון דער געסטאַפּאָ זענען די יידן געשיקט געוואָרן בלויז ווי אַ צאָל מיטן צוגאָב "פּליוס". אויף די נאָמענטלעכע רשימות האָבן פיגורירט בלויז די פּאָליאַקן. צו יעדער אַזאַ רשימה איז געווען צוגעשטעלט, למשל, "פּליוס 20", וואָס האָט באַדייט אַז אַחוץ די אויסגערעכנטע פּאָליאַקן זענען אין דעם טראַנספּאָרט פאַראַן נאָך 20 יידן. אַזוי זענען די יידן פאַרשריבן געוואָרן אין דער תפיסה, אַזויפיל אַרעסטאַנטן "פּליוס 20".

פון זיין אייגענער דערפאַרונג אין דער טויטן־קאַמער נר. 257 מאַכט הירשהויט אַ חשבון, אַז אין משך פון 14 חדשים האָבן די דייטשן געכאַפּט אויף דער אַרישער זייט אין וואַרשע אַן ערך זיבן טויזנט יידן, וועלכע זיי האָבן געבראַכט אין פּאַוויאַק און דאָרטן דערשאָסן. הירשהויט האַלט, אַז דאָס איז אַ מינימום־צאָל. וואַרשיינלעך איז די צאָל פון אומגעבראַכטע יידן געווען אַ סך גרעסער. ער שטיצט זיך אויף דעם, וואָס אַלס כלל, איז בעת יעדער עקזעקוציע די צאָל קיינמאָל נישט געווען קלענער פון די פּאָליאַקן. לויט די פּוילישע באַריכטן, זענען אין פּאַוויאַק, זינט אָקטאָבער 1943, ביז סוף אַפּריל 1944, אומגעקומען קנאַפּע זעקס טויזנט פּאָליאַקן. אויב אַזוי, איז די אָפּשאַצונג פון זיבן טויזנט אומגעבראַכטע יידן נישט איבערגעטריבן, אַמוואַרשיינלעכסטן איז די צאָל אומגעקומענע יידן מער ווי פינף הונדערט אַ חודש.

דער באַקאַנטער בונדישער טוער בערנאַרד גאָלדשטיין, וועלכער האָט אַדורכגעמאַכט די מלחמה־יאָרן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, דערמאַנט

אין זיין בוך "5 יאָר אין וואַרשעווער געטאָ" אייניקע מאָל דעם פּאַוויאַק. צוו. אַנד. שרייבט בערנאַרד גאָלדשטיין, אַז אין פּאַוויאַק איז אַ לענגערע צייט געהאַלטן געוואָרן די פרוי ד"ר קעלסאָן פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. זי איז דורך דער געסטאַפּאָ באַשולדיקט געוואָרן אין באַטייליקן זיך אין אונטערערדישער אַרבעט. זי איז אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ און איז לעבנגעבליבן.

בערנאַרד גאָלדשטיין דערמאָנט אויך וועגן דעם, ווי עס איז אַנטדעקט געוואָרן דער בונקער אין וועלכן עס האָט זיך אויסבאַהאַלטן ד"ר רינגעל־בלום, וועלכער איז צוזאַמען מיט 36 פּערזאָן פון בונקער דערשאָסן געוואָרן אין פּאַוויאַק.

אין אויגוסט 1943, איז דער באַקאַנטער בונדישער פירער מ. אָזשעך דערמאָרדעט געוואָרן אין פּאַוויאַק. בערנאַרד גאָלדשטיין אין זיין דער־מאָנטן בוך, רעדט וועגן אַ פּרווו פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע צו מאַכן אַן אָנפאַל אויפן פּאַוויאַק. דער פּרווו האָט זיך נישט איינגעגעבן, דאָך איז געלונגען אַ גרופּע יידן צו אַנטלויפן פון פּאַוויאַק דורך די קאַנאַליזאַציע־רערן.

פון דעם אַלעם איז קלאָר, ווי גרויס עס איז געווען די צאָל יידן געסטאַפּאָ־קרבנות אין פּאַוויאַק. ליידער ווערט אינעם בוך "דערינערונגען פון פּאַוויאַק" ווייניק אָרט געווידמעט די יידישע קרבנות און זייער אָנטייל אין דער קאָנספּיראַטיווער אַרבעט אין דער דאָזיקער תפיסה.

# צוויי אַלבומען וועגן נאַצישע פאַרברעכנס*

(פאָטאָגראַפישע אויפנאַמעס וועגן די דייטשישע מערדערייען אין פוילן
בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה)

## אַלבום פון יידישן צענטראַל־קאָמיטעט אין פוילן

פאַר דער מענטאַליטעט פון די דייטשישע מערדער איז זייער כאַראַקטעריסטיש די נייגונג צו פאַרשאַפן זיך "אָנגענעמע אָנדענקונגס־סוווענירן" פון זייערע פאַרברעכנס.

די פּאָפּולערסטע פאָרם איז געווען דאָס פאַראייביקן אויף קלישעס זייערע מערדערישע האַנדלונגען בעת זייערע אַקציעס. דאָס רוב אויפנאַמעס פלעגן די דייטשן מאַכן אַליין אויפן אָרט פון זייערע פאַרברעכנס. געוויינלעך פלעגן זיי געבן די אָרטיקע פאָטאָגראַפיסטן אַרויסצורופן די קלישעס.

פיל אויפנאמעס וועגן די דייטשישע מערדערייען זענען געמאַכט געוואָרן בסוד אויך פון יידן און פאַליאַקן. מאַסן קלישעס האָבן זיך אָפּגעפונען נאָך דער מלחמה ביי פאָטאָגראַפיסטן אין פוילן. אַזוי אַרום האָבן די דייטשן אַליין געגעבן אַ פאָטאָגראַפישן מאַטעריאַל אין אַזאַ גרויסער מאָס, אַז דאָס אַליין איז גענוג צו אילוסטרירן זייערע פאַרברעכנס.

די היסטאָרישע קאָמיסיע ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידן אין פוילן, דאַן נאָך אין לאָדזש, האָט גלייך נאָך דער מלחמה באַקומען אין איר

---

* דער מחבר האָט צוזאמענגעשטעלט דריי אַלבומען מיט פאָטאָגראַפישע אויפנאַמעס, וואָס שפּיגלען אָפּ די טעטיקייט פון "בונד" נאָך דער מלחמה אין פוילן, ווי אויך צוויי אַלבומען וועגן די דייטשישע מערדערייען בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. דעם אַלבום וועגן דער "בונד"־טעטיקייט האָט דער מחבר איבערגעגעבן אין "בונד"־אַרכיוו. נאָך צוויי אַלבומען געפינען זיך ביים מחבר.

רשות אַ גרעסערע צאָל פאָטאָגראַפיעס פון די דייטשישע מערדערייען. אין יאָר 1945 האָט די היסטאָרישע קאָמיסיע אַרויסגעגעבן אַ גרויסן פאָטאָ־גראַפישן אַלבום א. נ. "דער חורבן פון פוילישן יידנטום". דער טעקסט און אויפקלערונגען צו די פאָטאָגראַפיעס זענען געמאַכט געוואָרן אין יידיש, העברעיש, רוסיש, ענגליש און פראַנצויזיש. צוזאַמענגעשטעלט און רע־דאַגירט דעם טעקסט האָט דער היסטאָריקער ד"ר פיליפּ פרידמאַן, וועלכער איז שפּעטער געשטאָרבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

אויף וויפל דער זכרון דינט מיר, איז דער אַלבום דאַן אַרויסגעלאָזט געוואָרן בסך־הכל אין פינף הונדערט עקזעמפּליאַרן. מען קאָן זיך פאָרשטעלן, אַז היינט צוטאָג איז דער אַלבום אַ יקר־המציאות.

זיכער געפינט זיך אין די אַרכיוון פון "ייווא" און "בונד"־אַרכיוו פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג א. נ. פראַנץ קורסקי אין ניו־יאָרק אָט דער אַלבום.

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידן אין פוילן האָט פּלאַנירט אַרויס־צוגעבן ווייטערדיקע צוויי פאָטאָגראַפישע אַלבומען, אָבער צוליב סיבות פאַר מיר נישט באַקאַנטע, איז דערצו נישט געקומען.

די פאָטאָגראַפיעס אין דעם אַלבום שטעלן פאָר דעם ערשטן פּעריאָד פון דער דייטשישער אָקופּאַציע — פּאָגראָמען, פאַרברענען שולן, צוואַנגס־אַרבעט, דאָס מערדערלעכע קאַטעווען די יידן. דערמיט זענען די דייטשן אויסן געווען דיסקרעדיטירן די יידן אין די אויגן פון דער אַרומיקער נישט־יידישער באַפעלקערונג, אַז די יידן זענען רעכטלאָז, דערפירן די יידן צו אַ שטאַנד פון האַלבע מענטשן.

די ווייטערדיקע פאָטאָגראַפיעס אילוסטרירן דאָס אָפּשליסן די יידן אין די געטאָס, די אַרבעטס־לאַגערן, די טויט־לאַגערן, די שוידערלעכסטע מאָמענטן פון אומברענגען די יידן.

אין אַלבום זענען געבראַכט געוואָרן אויך פאָטאָגראַפיעס פון יידישן ווידערשטאַנד, די יידישע פאַרטיזאַנער־באַוועגונג און דגל.

אַלץ צוזאַמען מאַכט אַ שוידערלעכן איינדרוק פון דער יידן־מאַרטיראָ־לאָגיע בימי היטלער.

# אַלבום פון „קעמפער־פאַריין פאַר פרייהייט און דעמאָקראַטיע אין פוילן"

„מיר האָבן נישט פאַרגעסן" איז אַן אַלבום פון דריי הונדערט פאָטאָ־גראַפישע אילוסטראַציעס, טעקסטן אין: פויליש, רוסיש, ענגליש, פראַנ־צויזיש, אַרויסגעגעבן פון „פאַריין פון קעמפער פאַר פרייהייט און דעמאָ־קראַטיע אין פוילן", וואַרשע, יאָר 1959, 267 ז.ז., גרויסער פאָרמאַט.

דער אַלבום איז דערשינען ערשט 15 יאָר נאָך דער מלחמה צום „כבוד די געפאַלענע, און ווי אַ וואָרענונג די לעבעדיקע". אין אַריינפיר רעדט זיך וועגן „זעקס מיליאָן פּאָליאַקן אומגעבראַכטע אין טורמעס, אין לאַגערן פון מאַסן־פאַרניכטונג, ביי צוואַנגס־אַרבעט אין צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע אין פוילן".

פאַרוואָס האָט די פּוילישע רעגירונג געוואַרט 15 יאָר מיט אַרויסגעבן דעם אַלבום?

טיילווייז קומט דער ענטפער אויף דער פראַגע אין טעקסט פון אַלבום. דאָרט ווערט געזאָגט צוו. אַנד.: „היינט דערמאָנען מיר וועגן די מערדע־רייען (דייטשישע) נישט צוליב נקמה און שנאה, אַזאַ געדאַנק איז אונדז פרעמד, מיר ווילן וואָרענען דער וועלט, אַז עס זענען נאָך נישט פאַר־היילט געוואָרן די ווונדן, וואָס די היטלעריסטן האָבן אונדז געמאַכט, און פון מערב־דייטשלאַנד דערגרייכן צו אונדז אַרויסטרעטונגען, סטראַשונקעס און לאָזונגען, וואָס לעבן אויף אין אונדזער זכרון די קאָשמאַרן פון דער נישט ווייטער פאַרגאַנגענהייט, ווען מערב־דייטשלאַנד פאָדערט אַטאָם־געווער, ווען מערב־דייטשישע מיליטערישע קרייזן פּראָפּאַגאַנדירן זייערע רעוואַנש־פּלענער, זאָלן די פאָטאָ־בילדער דינען, ווי אַ וואָרענונג קעגן אַ נייער מלחמה".

אַלץ איז ריכטיק. דאָס איז אַקטועל אויך ביי היינט צוטאָג. אָבער קומט דען די געפאַר פון מערב־דייטשלאַנד? די קאָמוניסטישע מזרח־דייטשלאַנד איז גאָט די נשמה שולדיק? עס קומט נישט קיין שום אָנדיי־טונג, אַז דאָס דערשיינען פון אַלבום נאָך 15 יאָר איז נישט צופעליק, אַז

דאָס איז לויט דער ליניע פון דער מאָסקווער פּאָליטיק אין פאַרשאַרפטן קאַמף מיט דער מערבֿ־וועלט, באַזונדערס דער קאַמף פאַר בערלין.

די בילדער ברענגען אַרויס דעם גאַנצן שווידער פאַר דער צייט פון דער אָקופּאַציע. אין דעם טייל פון טעקסט "וועגן דער דייטשישער אָקופּאַציע און באַפרייונגס־קאַמף פון פוילישן פאָלק", רעדט זיך אַלץ וועגן דעם, אַז מען האָט פאַרשיקט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פּאָליאַקן, פאַר ברענט די פּאָליאַקן אין די גאַז־קאַמערן, אַז אין אוישוויץ זענען אומגעבראַכט געוואָרן פיר מיליאָן מענטשן (קינדער, פרויען און מענער). אין מיידאַנעק האָט די צאָל קרבנות פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן דערגרייכט די ציפער 360 טויזנט א. אַ. וו. עס רעדט זיך וועגן פּאָליאַקן, וועגן קינדער, מענער און פרויען. וועגן די אומגעבראַכטע מיליאָנען יידן ווערט מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט. די יידן ווערן דערטרינקען אין דער אַלגעמיינער צאָל אומגעבראַכטע מיליאָנען. דאָ קומט צום אויסדרוק דער זעלבער סיסטעם, וואָס איז אַלעמאָל באַנוצט געוואָרן אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

אין דעם זעלבן סטיל זענען אין די מלחמה־יאָרן, און נאָך דער מלחמה געווען די קאָמוניקאַטן פון דער סאָוויעטישער רעגירונג (סאָוואינפאָרמביוראָ) וועגן די דייטשישע רציחות.

עס איז כדאי צו ברענגען אַלס ביישפּיל איינעם אַזאַ קאָמוניקאַט, צעשיקט צו אַלע רעגירונגען, מיט וועלכע מאָסקווע האָט אָנגעהאַלטן דיפּלאָמאַטישע באַציונגען גלייך נאָך דער מלחמה. דאָרט האָט מאָלאָטאָוו געזאָגט : "די דייטשישע פאַרבאַפער האָבן זיך פאַר גאָרנישט אָפּגעשטעלט אין די אָקופּירטע דורך זיי סאָוויעטישע ראַיאָנען בכדי באַליידיקן די נאַציאָנאַלע געפילן פון די רוסן, אוקראַאינער, ווייסרוסן, לאָטישן, ליטווינער (די ליטווינער, וועלכע האָבן אַזויפיל מיטגעהאָלפן אין אומברענגען די יידן), מאָלדאַוואַנער, עסטאָניער, און אויך איינצלנע פערזאָנען פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס באַוווינען דעם ראַטנפאַרבאַנד, ווענען זיי האָבן אויף זייער בלוטיקן וועג, געפייניקט — יידן, גרוזינער, אַרמענער, אוזבעקן, אַזערביידזשאַנער, טאַדזשיקן א. אַנד. מענטשן פון סאָוויעטישן פאָלק".

פון וואַנען קומען דאָ אין קאָמוניקאַט די קאַווקאַזער און מיטל־אַזיאַטישע פעלקער וווהין די דייטשן האָבן נישט דערגרייכט ? די יידן ווערן

דאָ דערטערינקען, און דערצו אַלס "איינצלנע פּערזאָנען" אין דער אַלגע־מיינער מאַסע רוסן און אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן.

שוין דאַן האָט זיך אויסגעפּאָרעמט אַ ליניע פון פאַרשווייגן די רציחות פון די דייטשן איבער דער יידישער באַפעלקערונג. אין דעם אַלבום האַלט מען פוילן די זעלבע ליניע. דאָס מיינט קאָמוניזם.

אין טעקסט פון אַלבום אַלס אויפקלערונגען צו די פאָטאָ־בילדער רעדט זיך יאָ, אַז אויף דער טעריטאָריע פון פוילן זענען געווען פיר זעלב־שטענדיקע פאַרניכטונגס־לאַגערן פאַר יידן: בעלזשיץ מיט 600 הונדערט טויזנט קרבנות, כעלמנאָ — 340 טויזנט, סאָביבאָר — 300.000, טרעבלינקע — 750 טויזנט יידן־קרבנות. דאָרטן זענען אויך אומגעקומען אַ געוויסע צאָל פּאָליאַקן. נו, און מאַידאַנעק, אוישוויץ זענען נישט געווען אויף דער פּוילי־שער טעריטאָריע, זענען דאָס געווען די לאַגערן ווו עס זענען אומגעבראַכט געוואָרן די ווייט גרעסטע צאָל יידן?

אין טעקסט פון אַלבום רעדט זיך אויך צוו. אַנד. וועגן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

"די אויפשטענדלער פון וואַרשעווער געטאָ האָבן באקומען הילף פון די אָרגאַניזאַציעס פון דער פּוילישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וועלכע האָט די אויפשטענדלער געגעבן געווער־שטיצע און אַריבערגעפירט די יידן פון געטאָ אין די געגנטן, וואָס האָבן זיך געפונען אונטערן קאָנטראָל פון די פּוילישע פּאַרטיזאַנער". צו דעם וואָלט נאָך געפּאַסט, אַז די רעדאַקטאָרן פון אַלבום זאָלן צוגעבן, אַז הילף פאַר די געטאָ־אויפשטענדלער איז אויך געקומען מצד דער סאָוויעטישער אַרמיי. ווייסט דאָך די וועלט ווי עס האָט אויסגעזען דיווירקלעכקייט מיט דער פּוילישער הילף!

אין אַלבום ווערן אויך געבראַכט אייניקע פאָטאָגראַפיעס פון יידישן אומקום. די מערדערייען ספּעציעל אין וואַרשעווער געטאָ, די אויסזידלונגען, דאָס אומברענגען די יידן.

צום סוף ווערט אויך דערמאָנט דער פּוילישער ווידערשטאַנד אין וואַר־שע, אין אויגוסט, יאָר 1944. דערביי ווערט געזאָגט: "די אַרמיאַ קראַיאָוואַ" (די אונטערערדישע אַרמיי פון דער פּוילישער רעגירונג אויף עמיגראַציע אין לאָנדאָן), האָט אָנגענומען אַ באַשלוס נישט אין פאַרשטענדיקונג מיט

דער סאָוויעטישער אַרמיי, וועגן אָנהייבן דעם אויפשטאַנד אין וואַרשע".

דאָ ווערט באַגאַנגען אַ באַוווסטזיניקע קאָמוניסטישע פעלשונג פון גוט־באַקאַנטע פאַקטן, פעלשונגען וואָס זענען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די קאָמוניסטן. די פירער פון וואַרשעווער אויפשטאַנד, מיט גענעראַל באָר־קאָמאָראָווסקי אין שפיץ, האָבן געהאַט אַ בפירושן צוזאָג פון שטיצע מצד דער רויטער אַרמיי, וועלכע איז געשטאַנען אויף דער צווייטער זייט ווייסל. דעם צוזאָג האָט סטאַלין נישט געהאַלטן און דעם אויפשטאַנד גאַנץ פשוט פאַרראַטן. פאַר סטאַלינען איז נישט געווען געוווּנטשן אַזאַ פערספּעקטיוו, אַז וואַרשע זאָל אַריינפאַלן צו דער "אַרמיאַ קראַיאָוואַ". דאָס איז געווען אין קעגנזאַץ פון סטאַלינס פּלענער צו פאַרוואַנדלען פּוילן אין אַ סאָוויעטיש סאַטעליטן־לאַנד.

* * *

טראָץ אַלעמען איז דאָס דערשיינען פון אַזאַ אַלבום אַ דערמאָנונג פאַר דער וועלט וועגן די דייטשישע מערדערייען.

די ערשטע אויסגאַבע איז שנעל פאַרשפּרייט געוואָרן. עס איז דערשי־נען די צווייטע אויפלאַגע, דער אַלבום איז געוואָרן צעשיקט דורך דער פּוילישער רעגירונג אין פאַרשידענע לענדער.

אויב עס איז ריכטיק די ידיעה, אַז בעת זיין באַזוך אין זיינער צייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן זאָל אַדענאַוער האָבן געמאַכט באַמיונגען נישט מאַכן מעגלעך דאָס פאַרשפּרייטן דעם אַלבום, דאַרף מען זיך נישט וווּנדערן. דער אַלבום פאַרשאַפט נישט קיין פאַרגעניגן דייטשלאַנד און קיין כבוד געוויס נישט.

# די יידישע טראַגעדיע אין פוילן

(אין ליכט פון אָפיציעלע דאָקומענטן)

אין פאַרשידענע לענדער זענען דערשינען אַ ריי פּובליקאַציעס, וואָס זייער טעמע איז — די יידישע טראַגעדיע בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה און די גלייכגילטיקע באַציונג צו איר בשעת־מעשה מצד דער אַנטי־היט־לעריסטישער וועלט.

פון אָט די אַלע, אָדער כמעט אַלע ביכער, אַרטיקלען און אַנדערע אַרבעטן, ווערט אַלץ קלאָרער, אַז עס וואָלט געווען מעגלעך צו פאַרקלענערן, אָדער אפשר אויך אָפּשטעלן די היטלעריסטישע מאַסן־הריגות פון יידישן פאָלק, ביי אַן אַנדערער איינשטעלונג פון דער באַפעלקערונג און מיט אַן אַנדערער קריג־פירונג אין די לענדער פון דער פרייער וועלט. נאַטירלעך, צום מערסטן אָפּהענגיק איז דאָס געווען פון דער באַפעלקערונג און רעגי־רונג פון אַמעריקע, דעם מעכטיקן לאַנד פון דער אַנטי־היטלער־קאָאַליציע.

עס איז פון אַ גרויסער וויכטיקייט צו באַהאַנדלען דעם דאָזיקן ברייטן און טראַגישן פּראָבלעם אין זיין גאַנצן פאַרנעם. וועלן מיר זיך אָפּשטעלן בלויז אויפן פאַקט וויאַזוי עס האָט זיך באַצויגן צום ענין פון ראַטעווען יידן די פוילישע גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן און איר דעלעגאַטור אין פוילן גופא.

* * *

קאַרינאַ פישמאַן־קאַמינסקאַ האָט אין ביולעטין פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע פאַרעפנטלעכט דאָקומענטן פון דער דעלעגאַטור, וואָס זענען ביז איצט נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

די דעלעגאַטור פון דער פוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן האָט עקזיס־טירט פון האַרבסט 1940 ביז יולי 1945, ווי אַן אונטערערדישער אַפּאַראַט. די מאַטעריאַלן פון דער דעלעגאַטור געפינען זיך אין אַרכיוו פון היסטאָ־

רישן אינסטיטוט ביי דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אָבער די שרייבערין פון דער אַרבעט באַוואָרנט זיך, אַז טראָץ דעם רייכן אַרכיוור־מאַטעריאַל לאָזט זיך נישט ברענגען קיין אַלזייטיק בילד פון אַלע אַספּעקטן פון באַרירטן פּראָבלעם.

עס איז, למשל, אויסגעמיטן געוואָרן כמעט אינגאַנצן די ראָל פון דער פּוילישער (קאָמוניסטישער) אַרבעטער־פּאַרטיי אויפן געביט פון וואַרשעווער געטאָ.

די מחברים פון די פאַרשידענע ראַפּאָרטן פון געטאָ, וואָס זענען צוגעשטעלט געוואָרן דער דעלעגאַטור, זענען מערסטנס געווען טוער פון "בונד", וועלכע האָבן אָנגעהאַלטן מיט דער פּ.פּ.ר. בלויז שוואַכע קאָנטאַקטן און דעריבער קומט כמעט נישט צום אויסדרוק די טעטיקייט פון פּ.פּ.ר.

די ראָל פון "בונד" אין וואַרשעווער געטאָ איז געווען אַ דאָמינירנדיקע און וואָלט די פּ.פּ.ר. געווען אָנגעזען אין וואַרשעווער געטאָ, וואָלט עס געקומען צום אויסדרוק אויך אין די ראַפּאָרטן צו דער דעלעגאַטור. אַחוץ דעם האָט די פּ.פּ.ר. זיכער געהאַט מעגלעכקייטן צו קומען מיט אייגענע באַריכטן.

פישמאַן־קאַמינסקאַ שרייבט:

"די ערשטע ידיעות וועגן טעראָר לגבי יידן האָבן דערגרייכט לאָנדאָן נאָך אין אַפּריל 1942, און אפשר נאָך פריער. די מערב־וועלט, און באַזונדערס ענגלאַנד, האָט אין אָנהייב נישט אַרויסגעוויזן קיין צוטרוי צו די ידיעות. מען האָט נישט דערלאָזט דעם געדאַנק אַפילו פון אַ טעכנישער מעגלעכקייט פון אַזאַ מענטשן־מאָרד. די אָנקומענדיקע ידיעות פון פּוילן וועגן דער מאַרטיראָלאָגיע און עקסטערמינאַציע פון פיל טויזנטער יידן זענען אויפגענומען געוואָרן ווי איבערגעטריבענע און אינספּירירטע דורך דער נויטווענדיקייט פון אַן אַנטי־היטלעריסטישער מלחמה־פּראָפּאַגאַנדע.

וועגן דעם האָט געשריבן אַרטור זיגעלבוים אין אַ בריוו, איבערגעשיקט פון לאָנדאָן צום אונטערערדישן "בונד" דעם 4־טן אַפּריל 1943: "די מיינונג דאָ (אין יאָר 1942) איז נישט געווען איינגעשטעלט דערויף, אַז אַזעלכע מערדערייען קאָנען פּאָרקומען אין דער ווירקלעכקייט. מען האָט געהאַלטן אַזעלכע ידיעות, ווי געוויינלעכע מיליטערישע פּראָפּאַגאַנדע קעגן די דייטשן.

איך האָב די טרויעריקע דערפאַרונג געהאַט נאָך אין אַמעריקע, ווען די דייטשע מערדערייען האָבן נאָך נישט אָנגענומען אַזאַ פאַרנעם. איך האָב גערעדט אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, געשריבן אַ סעריע אַרטיקלען אין דער פרעסע נאָר וועגן דעם וואָס איך אַליין האָב געזען, איידער איך האָב פאַרלאָזט פוילן. אַפילו דאַן האָט דער עולם געהאַלטן, אַז איך טרייב איבער״.

פישמאַן־קאַמינסקאַ שטרייכט צוו. אַנד אונטער:

די רעגירונגען האָבן געוווסט וועגן די היטלער־מערדערייען, אָבער ערשט אין יאָר 1944, ווען די מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן איז שוין געווען אומגעבראַכט, האָט מען געקאָנט אָבסערווירן אַ געוויסע דיפּלאָמאַטישע באַוועגונג, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט די יידישע ענינים, און געפירט דורך די רעגירונגען פון מערב־איירפּע, אָבער נישט דורך הומאַניטאַרע מאָטיוון, נאָר צוליב ריין־פּאָליטישע אינטערעסן. די זעלבע פאַראינטערעסירונג הייבט דאַן אָן אַרויסווייזן אויך די פּוילישע עמיגראַציע־רעגירונג.

אָנהייב יולי 1942 האָט דערגרייכט קיין לאָנדאָן צו אַרטור זיגעלבוים אַן אויספירלעכער באַריכט פון אונטערערדישן ״בונד״ וועגן דער אויסמאָרדונג פון די יידן. דער באַריכט איז איבערגעגעבן געוואָרן אין פוילן נאָך אין מאַי 1942. פון זיגעלבוימס איניציאַטיוו איז דער באַריכט געוואָרן פאַרעפנטלעכט אויף די שפּאַלטן פון ״דיילי טעלעגראַף״, אין דער פרעסע פון די פאַראייניקטע שטאַטן און אַנדערע לענדער. זיגעלבוים האָט דאַן אויך אין ראַדיאָ אַפּעלירט צו דער וועלט. ער האָט אָנגעוויזן אויף דער נויטווענדיקייט פון באַלדיקע נקמה־שריט לגבי די דייטשן.

אַ קורצע צייט נאָך דעם איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן אויך דער ראַפּאָרט פון דעם פּוילישן רעגירונגס־דעלעגאַט וועגן דער לאַגע פון די יידן. מיקאָלייטשיק און זיגעלבוים האָבן דעמאָלט אין לאָנדאָן באַריכטעט וועגן דעם טראַגישן צושטאַנד פון די יידן אין פוילן. דער פּוילישער גלות־פּאַרלאַמענט אין לאָנדאָן האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער עס זענען אין שאַרפע ווערטער פאַראורטיילט געוואָרן די הריגות איבער די פּוילישע יידן, מיט אַן אַפּעל צו דער גאַנצער וועלט וועגן באַלדיקע רעטונגס־מיטלען. אַ ווייטערדיקער באַריכט וועגן דער גרויסער ליקווידאַציע אין וואַרשעווער

געטאָ, דאַטירט דעם 31־סטן אויגוסט 1942, איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן סוף נאָוועמבער, נאָכן פאַרענדיקן די מאָרד־אַקציע.

אויף אַ זיצונג פון פוילישן גלות־פאַרלאַמענט אין לאָנדאָן איז ווידער באַריכטעט געוואָרן וועגן טראַגישן גורל פון די יידן אין פוילן.

די באָמבאַרדירונגען פון דייטשע שטעט זענען אין יענער צייט געוואָרן אינטענסיווער. דער פוילישער גלות־פאַרלאַמענט אין לאָנדאָן האָט זיך גע־ווענדעט צו די רעגירונגען פון אַמעריקע, ענגלאַנד און אויך פון ראַטנפאַר־באַנד מיט אַ רוף אָנצונעמען מיטלען, וואָס זאָלן אָפּהאַלטן די ווייטערדיקע מאַסן־מאָרדן איבער די יידן. אין מאָסקווע, וואַשינגטאָן און לאָנדאָן איז דעם 17־טן דעצעמבער 1942 פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ געמיינזאַמע דעקלאַראַציע, וועלכע איז אויך אונטערגעשריבן געוואָרן דורך די עמיגראַציע־רעגירונגען פון טשעכאָסלאָוואַקיע, בעלגיע, האָלאַנד, נאָרוועגיע, פראַנקרייך, יוגאָסלאַ־וויע, גריכנלאַנד און לוקסעמבורג, אָבער אַחוץ דער דעקלאַראַציע האָבן די אַליאירטע רעגירונגען נישט אונטערגענומען קיין שום קאָנקרעטע אַקציעס, וואָס וואָלטן געקאָנט פאַרקלענערן כאָטש דעם פאַרנעם און טעמפּאָ פון אומברענגען די יידן דורך די נאַצי־מערדער.

אַלע פּראָטעסטן און אַפּעלן האָבן נישט געבראַכט קיין פּראַקטישע רעזולטאַטן.

דעם 19־טן אַפּריל 1943 איז אין בערמודע אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָנפע־רענץ פון פאָרשטייער פון די אַליאירטע לענדער. אָבער אויך די דעקלאַראַציע פון אָט דער קאָנפערענץ האָט מיט גאָרנישט געענדערט דעם גורל פון די יידן אין די אָקופּירטע לענדער. דער אַמעריקאַנער דעלעגאַט האָט פאַרזי־כערט, אַז נאָר דער נצחון פון די פאַראייניקטע פעלקער וועט לייזן דעפיני־טיוו דאָס פּראָבלעם פון די לעבן־געבליבענע יידן; די פּראָיעקטן פון הילף פאַר יידן אין די אָקופּירטע לענדער שוין איצט, דאַרף מען באַטראַכטן ווי נישט רעאַלע.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך אין וואַרשעווער געטאָ אָנגעהויבן דער העראָישער קאַמף פון די יידן. די ראַפּאָרטן פון דער דעלעגאַטור קיין לאָנ־דאָן וועגן דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד האָבן זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין ערנסטע אָפּשאַצונגען פון דעם אויפשטאַנד. עס האָט זיך דאָרט

גערעדט וועגן דער געשעעניש, ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן בירגער פון אַן אומבאַקאַנט לאַנד.

די דעלעגאַטור האָט אירע אינפאָרמאַציעס און ידיעות רעדאַגירט אין זייער אַ קאַלטן אַמטלעכן טאָן, מיט דער אויסרעכענונג, אַז אין לאָנדאָן זאָל מען דערפון נישט מאַכן קיין וויכטיקע אינטערפּרעטאַציעס. די דעלעגאַטור האָט נישט געהאַלטן פאַר נייטיק צו שטיצן מיט איר אויטאָריטעט די קאַמפּן אין געטאָ, האָט אויסגעמיטן וועלכע עס איז ווערטפולע מיינונג.

דעם זעלבן כאַראַקטער טראָגן אויך אַנדערע אָפיציעלע דאָקומענטן פון דער פּוילישער רעגירונג־דעלעגאַטור וועגן געטאָ בכלל.

אין די דאָזיקע דאָקומענטן ווערט אַלע מאָל אונטערגעשטראָכן, אַז די יידן זענען בלויז אַ נאַציאָנאַלע מינדערהייט. צו די ראַפּאָרטן פון יידישן אונטערגרונט האָט די דעלעגאַטור, אַלס כלל קיינמאָל נישט בייגעלייגט צוגאָב־פאָרמולירונגען, וועלכע מען וואָלט געקאָנט אָננעמען, ווי אַן אַקטיווע אונטערשטיצונג פון דעם רוף צו העלפן דער אומקומענדיקער יידישער באַ־פעלקערונג.

אויף די אַלאַרמירנדיקע דעפּעשן פון יידישן אונטערערדישן קאָאָרדי־ניר־קאָמיטעט — אונטערגעשריבן פון בערעזאָווסקי (ד״ר לעאָן פיינער, פאָרזיצער פון אונטערערדישן ״בונד״) און באָראָווסקי (אַדאָלף בערמאַן פאַרן יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט) — מיט אַפּעלן וועגן באַלדיקער הילף — איז געקומען אַן ענטפער פון דער פּוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן: מיר מאַכן אַלע אָנשטרענגונגען כדי אייך צו העלפן. גלויבט אונדז, אַז טאָג און נאַכט טראַכטן מיר וועגן אָרגאַניזירן פאַר אייך קאָנקרעטע הילף. די באַציונג צו דער יידישער טראַגעדיע מצד די פאַראייניקטע שטאַטן, ענגלאַנד, אויך די פּרוכטלאָזע טעטיקייט פון דער פּוילישער עמיגראַציע־רעגירונג, מיט איין וואָרט, אַלץ וואָס קאָן באַצייכנט ווערן, ווי אַ פּאָליטיק פון אָרגאַניזירטער גלייכגילטיקייט, איז געווען די סיבה פון אַרטור זיגעלבוימס זעלבסטמאָרד.

לעאָן פיינער אין זיין קאָנדאָלענץ־דעפּעשע צום פּוילישן פּאַרלאַמענט אין לאָנדאָן האָט באַצייכנט דעם טויט פון אַרטור זיגעלבוים מיט פאָלגנדיקע ווערטער: ״... נישט קאָנענדיק פּנים אל פּנים מיט דער טראַגעדיע קיין שום זאַך געווינען, נישט קאָנענדיק אַנדערש זיך סאָלידאַריזירן מיט אונדז, מיטן

גאַנצן פאָלק, איז ער פּריוווּיליק אַוועק אויף אייגענעם אומקום..."

די באַשולדיקונגען פון אַרטור זיגעלבוים זענען נישט געווען אָן אַ גרונד. צווישן די דאָקומענטן פון דער דעלעגאַטור, אויך פון דעם פּוילישן גלות־פּאַרלאַמענט, געפינען זיך אַ סך מאַטעריאַלן וועגן די יידישע פּראָבלעמען, אָבער זיי זענען אינהאַלטלאָז און אָן אַ באַדייטונג. צוו. אַנד. איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן אַ מיינונג, אַז אויף דער (קומענדיקער) שלום־קאָנפערענץ דאַרף געלייזט ווערן די פראַגע פון יידן, ווי אַ פאָלק אָן אַ טעריטאָריע, וואָס דאַרף באַקומען באַדינגונגען פון נאָרמאַלער אַנטוויקלונג אין די ראַמען פון אַן אייגענער מדינה, מיט אַן אייגענער רעגירונג א.אַ.וו.

אָט די שטעלונג פון דער פּוילישער עמיגראַציע־רעגירונג איז געווען ענג פאַרבונדן מיט די היפּאָקריטישע פאַרמלחמהדיקע פּראָיעקטן וועגן "רעגולירן דאָס יידישע פּראָבלעם". פאַר דער עמיגראַציע־רעגירונג האָבן די דעקלאַראַציעס וועגן הילף פאַר יידן געהאַט אַ פּאָליטישע באַדייטונג, — עס האָבן דעצידירט מאָמענטן און האָפענונגען בנוגע דעם צוקונפטיקן נאָכמלחמה־פּעריאָד. פון דער צווייטער זייט האָט מען געהאַט אין זינען די שטימונגען אין לאַנד צו דער יידן־פראַגע. עס איז דעריבער נישט קיין ווונדער, וואָס אירע פּראָיעקטן פון הילף פאַר די יידן אין פּוילן זענען געקומען ביים סוף פון דער מלחמה, ווען אין פּוילן האָבן געלעבט בלויז רעשטלעך פון דער אַמאָליקער באַפעלקערונג. טאַקע צוליב פּאָליטישע טעמים און מיט דער אויסרעכענונג אויף דער סיטואַציע נאָך דער מלחמה, האָט די דעלעגאַטור אין פּוילן געשאַפן די "ראַדאַ פּאָמאָצי זשידאָם" (ראָט צו העלפן יידן). די הילף האָט זיך אויסגעדריקט אין שטיצן די יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף דער אַרישער זייט, שאַפן פאַר זיי דאָקומענטן, קענקאַרטן. אַחוץ דעם האָבן ביים ראַט עקזיסטירט אָפּטיילונגען פאַר וווינונגען, פּראָפּאַגאַנדע, קינדער־הילף. דער ראַט האָט דאָך געשפּילט אַ געוויסע ראָל מיט זיין הילף. עס האָט זיך אָבער די גאַנצע צייט געפּילט אַ כראָנישער מאַנגל אין געלט, און צוליב דעם איז נישט מעגלעך געווען אַרומצונעמען אַלע נויטבאַדערפטיקע יידן.

אַ סך דאָקומענטן פון דער דעלעגאַטור האָבן אַ שייכות צו די געלט־מיטלען פון די אונטערערדישע יידישע אָרגאַניזאַציעס דורך אויסלענדישע

יידישע קערפּערשאַפטן. די געלטער פלעגן אָנקומען צום יידישן אונטער־גרונט דורך דער פאַרמיטלונג פון דער דעלעגאַטור. בריוו פון מיקאָלייען (ד״ר לעאָן פיינער) צום באַפּולמעכטיקטן פון דער פּוילישער רעגירונג גיבן אַ גרונד צו גלייבן, אַז אַ טייל פון אָט די פאָנדן, וועלכע זענען געשיקט געוואָרן פאַרן אונטערערדישן ״בונד״ זענען געוואָרן בלאָקירט דורך דער דעלעגאַטור.

דאָס באַשטעטיקט אויך אַ טעלעגראַמע צום דעמאָלטיקן אַרבעטס־מיניסטער אין דער פּוילישער עמיגראַציע־רעגירונג, יאַן סטאַנטשיק, פון לעאָן פיינער, וועלכער דריקט אויס אַ טיפע זאָרג צוליב פאַרהאַלטן די געלטער, אַוויזירטע פאַרן אונטערערדישן ״בונד״ דורך אַרטור זיגעלבוים און ד״ר עמנואל שערער (דעם פאָרשטייער פון ״בונד״ אין פּוילישן גלות־פּאַרלאַמענט נאָך דעם פּראָטעסט־טויט פון אַרטור זיגעלבוים)*.

בכלל איז געווען אומפאַרשטענדלעך דאָס נישט אויסצאָלן דורך דער דעלעגאַטור געלטער, געזאַמלטע פאַר די יידן אין פּוילן דורך די יידישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע, פּאַלעסטינע, ענגלאַנד. דאָס האָט גורם געווען אַ שווערע שטימונג ביים יידישן אונטערגרונט. עס האָט זיך געשאַפן אַ געפיל, אַז די דעלעגאַטור איז נישט צופרידן פון דער זעלבשטענדיקייט פון יידישן אונטערגרונט. — און דאָס נאָך פאַר דעם אויפשטאַנד אין וואַרשע־ווער געטאָ. אויף דער ווענדונג פון יידישן אונטערגרונט צום פירער פון וואַרשעווער קרייז פון דער דעלעגאַטור וועגן צושטעלן געווער אין געטאָ,

---

* נישט אַריינגייענדיק אין קיין פּרטים פון דעם און פון אַנדערע ענינים, דאַרף באַמערקט ווערן:
דער פאַקט אַליין, וואָס צווישן די מאַטעריאַלן פון דער פּוילישער רעגירונג־דעלעגאַטור געפינען זיך טעקסטן פון ווענדונגען פון בונדישן אונטערגרונט, פון לעאָן פיינער (אונטער ״בערעזאָווסקי״, ״מיקאָליי״, און אַנדערע פּסעוודאָנימען) צו די בונדישע פאָרשטייער אין דעם פּוילישן גלות־פּאַרלאַמענט (״פּוילישן נאַציאָנאַל־ראַט״) אין לאָנדאָן, אַרטור זיגעלבוים און דערנאָך עמנואל שערער, באַווייזט נישט, אַז די אַדרעסאַטן האָבןווירקלעך באַקומען די אַלע ווענדונגען (ראַדיאָ־טעלעגראַמעס, בריוו א.ד.גל.), וואָס דער יידישער אונטערגרונט האָט איבערגעגעבן פאַר זיי צו דער דעלעגאַטור אין וואַרשע.
(באַמערקונגען פון דער רעדאַקציע ״אונדזער צייט״ ווו די אָפּהאַנדלונג איז געדרוקט געוואָרן).

בכדי זיך קעגנשטעלן די דייטשע מערדערייען, איז געקומען אַן אָפּזאָג.

די אונטערהאַנדלונגען פון יידישן אונטערגרונט וועגן אויסצאָלן די איבערגעשיקטע פאַר זיי געלטער, ווי אויך וועגן געווער, האָבן זיך געצויגן זייער לאַנג, אויך נאָכן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

***

פישמאַן־קאַמינסקאַ פאַרענדיקט איר אָפּהאַנדלונג מיט דעם, אַז די דאָקומענטן פון דער דעלעגאַטור זענען נישט גענוג פאַר אַ פולער רעקאָנ־סטרוקציע פון די געשעענישן, פון די באַציונגען צו די יידן אין פוילן, זיי ווייזן אָבער, אַז די דעלעגאַטור — אַוודאי נישט בלויז פון איר אייגענער איניציאַטיוו — איז אין איר איינשטעלונג צו די יידן געווען, מילד גערעדט, זייער צוריקגעהאַלטן און גלייכגילטיק. די הילף פאַר די געמאָרדעטע יידן איז ביי דער דעלעגאַטור נישט געווען קיין וויכטיקער טייל פון איר טעטיקייט.

דער אויספיר: דער מאַנגל פון אַ געהעריקער הילף אויפן אָרט מצד דער אַרומיקער באַפעלקערונג און דער פוילישער רעגירונג־דעלעגאַטור, די גלייכגילטיקע באַציונג צום יידישן גורל אין די נאַצי־אָקופירטע לענ־דער מצד די אַליאירטע מדינות, די נישט גענוג־אַקטיווע באַציונג אויך מצד דער יידישער געזעלשאַפט אין דער וועלט, ספּעציעל אין אַמעריקע, — דאָס אַלץ האָט איבערגעלאָזט די יידן אויג אויף אויג מיט די תליינים און האָט פאַרלייכטערט היטלערן דאָס אומברענגען זעקס מיליאָן יידן.

# דריי טאָגביכער פון יידישע קינדער אין די געטאָס *

## טאָגבוך פון דוד רובינאָוויטש

אויף דער ברייטער וועלט איז באַקאַנט דאָס טאָגבוך פון אַנאַ פראַנק, דאָס יידישע מיידל פון האָלאַנד, וועלכע איז געשטאָרבן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער בערגען־בעלזען, אין מערץ 1945. מיט צוויי חדשים שפּעטער איז האָלאַנד באַפרייט געוואָרן פון די דייטשן. די נאָכמלחמהדיקע חורבן־ליטע־ראַטור האָט צו פאַרצייכענען נאָך טאָגביכער פון יידישע קינדער אין די געטאָס, וועלכע זענען דער ברייטער עפנטלעכקייט ווייניק, אָדער אינגאַנצן נישט באַקאַנט. וועלן מיר דאָ ברענגען אייניקע מאָמענטן וועגן די דריי טאָגביכער.

דאָס טאָגבוך פון דודל רובינאָוויטש איז צופעליק אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פּוילישער שרייבערין מאַריאַ יאַראָכאָווסקאַ, צוזאַמען מיט פאַרשידענע אַנדערע מאַטעריאַלן פון דער אָקופּאַציע־צייט אין יענער געגנט. די שרייבערין יאַראָכאָווסקאַ, וועלכע האָט דעם טאָגבוך פון דודל רובינאָוויטש צוגעגרייט צום דרוק, שרייבט צוו. אַנד. :

"און טאַקע דערפאַר, וואָס דער קליינער דוד האָט נישט געחלומט פון קיין נקמה, האָט אַפילו קיינעם נישט באַשולדיקט, איז זיין טאָגבוך איינער פון די דראַמאַטישסטע און שטאַרקסטע באַשולדיקונגען קעגן דער אָרדענונג וואָס האָט מעגלעך געמאַכט דאָס אויסמאָרדן מיליאָנען אַזעלכע מענטשן ווי די רובינאָוויטשעס".

---

* 1. טאָגבוך פון דוד רובינאָוויטש. פּוילישער מלוכה־פאַרלאַג "בוך און וויסן", וואַרשע, 1960, פּויליש, 30,000 עקזעמפּליאַרן, 122 ז"ז.

2. טאָגבוך פון דוד שעראַקאָוויאַק, מלוכה־פאַרלאַג "איסקרא", ביבליאָטעק "ניע־זאַפּאָמינאַיקי" (נישט צו פאַרגעסן), וואַרשע, 1960, פּויליש, 5,000 עקזעמפּליאַרן, 226 ז"ז.

3. טאָגבוך פון מאַשע ראָליניק "איך מוז דערציילן". בשותפותדיקע אויסגאַבע פון די פאַרלאַגן : "יידיש בוך", וואַרשע, און פּרעסע־אַגענטור "נאָוואָסטי", מאָסקווע. יידיש, 1965, 263 ז"ז.

די פאַמיליע רובינאָוויטש האָט געלעבט אין דאָרף קראַינאַ, קעלצער געגנט. די אַרומיקע פויערים האָבן געשעצט די פאַמיליע פאַר זייער אָרנטלעכקייט, מענטשלעכע באַציונג צו די שכנים־פויערים. דודלס מוטער פלעגט העלפן די פויערטעס ביי געבורטן. זי האָט געהאַט אַ שטוב־אַפּטייקל און זייער אָפט פאַרטראָטן אַ פעלדשער אין דאָרף.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט דוד פאַרענדיקט 6 קלאַסן פון דער פוילישער פאָלקסשול. אין טאָגבוך געפינט זיך אַ פאָטאָסטאַט פון זיין שול־צייגעניש. פון דער גאַנצער משפחה רובינאָוויטש וואָלט קיין זכר נישט געבליבן, פונקט ווי פון טויזנטער און טויזנטער אַנדערע יידישע משפחות, ווען נישט דאָס טאָגבוך פון דודלען.

ווען דוד האָט אָנגעהויבן שרייבן זיין טאָגבוך, דעם 21־סטן מערץ 1940, איז ער אַלט געווען 12 יאָר. דאָס טאָגבוך איז געשריבן אין 5 שול־העפטן, און ענדיקט זיך, ריכטיקער, ווערט איבערגעריסן, דעם 1־טן יוני 1942 מיטן פאָלגנדיקן זאַץ: "ווען די פור איז געקומען צו פאָרן איז זי געווען זייער פאַרבלוטיקט, ווער..." און מיט דעם ווערט איבערגעריסן זיין טאָגבוך.

ווען אין יאָר 1942 האָט מען די יידן פון דעם שטעטל געטריבן צום אומברענגען, האָט וואָרשיינלעך דער יונגער דוד אין איילעניש פון גרייטן זיך אין לעצטן וועג, פאַרגעסן זיין טאָגבוך, אָדער גאָרנישט געוואָלט אים מיטנעמען מיט זיך.

די איבערלעבונגען פון קליינעם דוד און זיין משפחה אין די שרעקלעכע יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין פוילן, קומען צום אויסדרוק אין זיין טאָגבוך מיט דער גאַנצער פשוטקייט פון אַ קינדערישן סטיל, צוליב דעם אַליין מאַכט דאָס דעם שטאַרקסטן איינדרוק. מען דאַרף באַוואונדערן דעם קליינעם דודל פאַר זיין אינטעליגענץ און פעיקייט צו פאַרציי־כענען זיינע איבערלעבענישן.

איינע פון די פינף העפטן האָט אוודאי באלאנגט צו זיין שוועסטער, ווייל אויף דער הילע זעט זיך איר נאָמען מאניא. די נאָטיצן פון יאָר 1940 נעמען ארום אינגאנצן אכט און א האלבע זייטלעך, געשריבן פלייסיק און ריין. מיר זעען דאָס פון די פאָטאָסטאַטן. די נאָטיצן אין יאָר 1941 זענען שוין

אויף גאַנצע 45 זייטלעך. די פאַרצייכענונגען זענען שוין אָפּטער. עס איז ממש צו באַוואונדערן דודלען, וועלכער האָט אין יענער צייט, ווען יעדע מינוט איז געווען איבערגענומען מיט שרעק, ווען יעדע שעה האָט געקאָנט זיין די לעצטע שעה, — האָט ביי די באַדינגונגען זיך באַמיט מאַכן זיינע נאָטיצן אַזוי גענוי.

נאָך אין יאָר 1941 באַמיט זיך דודל מאַכן פאַרצייכענונגען פון אַלגע־מיינעם לעבן אין דאָרף, אָבער ווייטער פילט זיך שוין פון זיינע נאָטיצן דער גאַנצער גרויל פון דער דייטשער מאָרד־מאַשין. אויפן אָנהייב פון זיין 5־טן העפט זעט מען אָנגעקלעפּט אַ שטעמפּל "ד. רובינאָוויטש, באַדזענטין, קיעלצער גאַס נר. 13". ווען נישט אָט דער שטעמפּל פון אייגענער אויסאַרבעטונג, וואָלט זיין טאָגבוך געווען אַ נאָמענלאָזער. די נאָטיצן אין יאָר 1942 זענען געמאַכט אויף 63 זייטלעך. זייער מעגלעך, אַז דודל האָט געמאַכט ווייטערדיקע פאַרצייכענונגען.

וועלכע זענען דודלס לעצטע מינוטן? וואָס האָט ער געטראַכט? מיר ווייסן נישט און וועלן דאָס קיינמאָל נישט וויסן.

דודלס אייניקע פאַרצייכנונגען:

11־טער יאַנואַר 1942. אַ גאַנצן פרימאָרגן פאַלט אַ שניי. דער פראָסט דערגרייכט ביז 20 גראַד. ווען איך האָב זיך איינגעקוקט, ווי דער ווינט הוליעט אַזוי איבער די פעלדער, האָב איך באַמערקט, אַז דער דאָרפס־שומר קלעפּט אויף עפּעס אַ מעלדונג. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן איז דאָס געווען אַ מעלדונג, אַז אַלע יידן וועט מען אַרויסשיקן פון די דערפער. איצט, אין אַזאַ שווערן ווינטער וועט מען אונדז אַרויסשיקן, וווּהין? איצט איז געקומען די ריי אויף אונדז צו ליידן, גאָט אַליין ווייסט אויף ווי לאַנג.

16־טער יאַנואַר. אין אָוונט איז צו אונדז אַריינגעקומען דער סאָלטיס (דער עלטסטער פון דאָרף). דער טאַטע האָט אים מכבד געווען מיט בראָנפן. דער סאָלטיס האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף אַלע יידן אויסשיסן, ווייל זיי זענען שונאים".

שוין אין אָנהייב יאָר 1942 האָבן די דייטשן אָנגעהויבן קאָנצענטרירן די יידן אין באַשטימטע ערטער, נאָענט צו אַ באַן־קניפּ, און דאָס אין הסכם מיט די פּלענער פון אַרויספירן די יידן אין די פאַרניכטונגס־לאַגערן. אויך

די משפחה רובינאָוויטש מוז פארלאָזן דאָס דאָרף.

דודל שרייבט:

"אין אונדזער דאָרף איז כמעט קיין איין מענטש נישט געווען, וואָס זאָל אונדז נישט באַדויערן. ווען איך האָב זיך געטראַכט, אַז מיר מוזן פון דאַנען אַוועק, בין איך אַרויס אויפן הויף בכדי זיך אויסוויינען. ווען איך האָב זיך אַביסל באַרויקט בין איך צוריק אַריין אין שטוב".

דעם 13־טן מערץ, שוין אויף דעם נייעם אָרט, פאַרצייכנט דודל: "ביי זיך אין הויז איז געווען אנדערש· אלעמאָל געווען עפּעס צו טאָן, און דאָ גיי איך אַרויס אויפן גאַס און גיי אַריין צוריק, ווייל וואָס האָב איך צו טאָן אויף דער גאַס?"

6־טער אפּריל: "ווען וועט נעמען א סוף צו דער שוידערלעכער בלוט־פארגיסונג? אויב עס וועט אזוי ווייטער אָנגיין איז פון שרעק אליין וועלן מענטשן פאַלן, ווי פליגן. די זשאנדארמען האָבן געשאָסן א יונג מיידל, ווייל זי איז געגאנגען אין גאס נאָך זיבן אין אָוונט. עס ווילט זיך נישט גלויבן, אז דאָס זאָל זיין מעגלעך. אזא מיידל! דאָס איז שוין עק וועלט. עס זאָל קיין איין רויקער טאָג נישט זיין. די נערוון האָבן זיך שוין אינגאַנצן אויסגעשעפּט".

18־טער אפּריל: "עס איז אויפסניי ווינטער געוואָרן. נישט גענוג, וואָס גאָט שטראָפט אזוי שטארק, איז געקומען נאָך א שטראָף — א לאנגער ווינטער. אָבער איצט איז א צייט ווען מען טאָר נישט רעדן. מען דארף שווייגן און ליידן".

דודלס פאָטער האָבן די דייטשן ארויסגעפירט. דודל פארצייכנט דעם 6־טן מאַי: "איך ליג דאָ אין אַ באַקוועם בעט, און דער טאַטע האָט נישט אַפילו אַביסל שטרוי אונטער זיך. דאָס האַרץ האָט מיר אַזוי פאַרקלעמט, אז איך האָב זיך נישט געקאָנט איינהאלטן פון וויינען, און אזוי וויינענדיק בין איך איינגעשלאָפן".

14־טער מאי: "מיר דאָ זענען אויף דער פריי (אזא פרייהייט ווינטש איך א הונט), אָבער איך האָב דאָך בעסער דאָ ווי דער טאַטע ערגעצווו. אפשר פעלט אים אַ שטיקל ברויט? אָ, דאָס איז שרעקלעך!"

22־טער מאי: "שבת געווען אין שולביים דאַווענען. יעדער יינגל שטייט

נעבן זיין טאטן. וואָס זיי וויסן נישט ביים דאַווענען, ווייזט זיי דער טאטע, און מיר ווער ווייסט ווייזן? איין גאָט זאָל מיר אונטערזאָגן גוטע געדאנקען, איך זאָל גיין אויפן גוטן וועג".

* * *

אין יום כיפּור, יאָר 1942, האָט מען די יידן פון די געגנטן אַרויס־געשיקט אין די פארניכטונגס־לאגערן "האסאג" ביי סקאַרזשיסקא קאמיענא און טרעבלינקע.

לויט די ראַפּאָרטן פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע פון וואַרשעווער געטאָ וועגן דער ליקווידאַציע פון די געטאָס, צוו. אַנד. אין קיעלצער געגנט, און לויט די טראנספּאָרט־פּלענער פון די דייטשן, א פּאָטאָסטאַט פון וועלכן עס ווערט אָנגעגעבן אין בוך — פּירט אויס די שרייבערין יאַראַכאָווסקאַ, אז דודל איז צוזאמען מיט די איבעריקע אין דעם טראַנספּאָרט, אומגעקומען אין טרעבלינקע דעם 22־סטן, אָדער 23־סטן סעפּטעמבער יאָר 1942.

## טאָגבוך פון דוד שעראַקאָוויאַק

דאָס טאָגבוך פון דוד שעראַקאָוויאַק האָט צוגעגרייט צום דרוק דער פּוילישער שרייבער לוציאַן דאָבראַשיצקי. דאָס טאָגבוך איז אין צוויי געדיכט פאַרשריבענע העפטן, צופעליק געפונען געוואָרן אין לאָדזש נאָך דער מלחמה.

אין יאָר 1948 איז דאָס טאָגבוך איבערגעגעבן געוואָרן צום פאַריין פון יידישע שרייבער אין פּוילן. דער שרייבער־פאַריין האָט דאָס איבער־געגעבן אין ארכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין פּוילן. אין אינסטיטוט זענען פאראַן אייניקע ידיעות וועגן דער משפּחה שעראַקאָוויאַק.

דוד איז געבוירן געוואָרן דעם 25־טן יולי 1924, אין א קליינבירגער־לעכער אָרעמער משפּחה. ער איז געווען זייער אַ פעיקער בחור און האָט געגאָסן פון שול־סטיפּענדיעס. דאָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו שטודירן אין אַ פּריוואַטער גימנאַזיע. דוד איז געווען אַ שילער אין דעם קלאַס, ווו דער דערציער איז געווען דער באקאנטער יידישער היסטאָריקער ד"ר פיליפּ פרידמאַן, געשטאָרבן אין אמעריקע.

* *
*

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע געפינט זיך דוד אין לאָדזשער געטאָ מיט זיינע עלטערן. אין געטאָ באַמיט ער זיך אָנגיין מיט זיין שטודירן. דאָ פאַרבינדט ער זיך אויך מיט אַ לינקער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. ער האַלט אָבער אָן מיט זיי גאַנץ לויזע קאָנטאַקטן. און ווען מיט דער צייט וויל אויף אים די אָנפירערשאַפט פון דער פּראָקאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע אָנוואַרפן קאָנספּיראַטיווע אַרבעט, דערווייטערט ער זיך פון זיי.

* *
*

דוד איז צום אויסברוך פון דער מלחמה אַלט געווען 15 יאָר. דער גורל האָט געוואָלט, אַז דוד שעראַקאָוויאַק זאָל זיין אין אַ גרויסער מאָס דער כראָניקער פון דער פאַרניכטונג, פון צווייט־גרעסטן יידישן ישוב נאָך וואַרשע, אין לאָדזשער געטאָ. זיינע עלטערן און אַ שוועסטער זענען אומגעקומען אין אָשוויענטשים (אוישוויץ).

פון הונגער און אויסגעשעפּטקייט פאַרלירט דוד זיין געזונט. ער שטאַרבט פון טובערקולאָז דעם 8־טן אויגוסט 1943, אין עלטער פון 19 יאָר.

* *
*

די נאָטיצן אין זיין בוך גיבן אונדז צו וויסן וועגן דער מאַטעריעלער לאַגע אין לאָדזשער געטאָ, וועגן די אויסזידלונגען און אַקציעס, וועגן די באַדינגונגען אין געטאָ בכלל. צום באַדויערן, איז דאָס טאָגבוך געבליבן אין נישט קיין קאָמפּלעטן צושטאַנד. דער ערשטער העפט נעמט אַרום דעם פּעריאָד פון אַפּריל ביז אָקטאָבער 1941; דער צווייטער העפט פון יוני ביז סעפּטעמבער 1942. דעם ערשטן העפט הייבט אָן דוד מיט פאָלגנדיקן זאַץ: "איך הייב אָן דעם נייעם העפט פון מיין טאָגבוך און איך וויל האָפן, אַז דאָס וועט זיין אַן אָנהייב פון אַ נייעם און בעסערן פּעריאָד אין מיין לעבן, ווי ביז איצט".

דוד נאָטירט, אַז אין געטאָ פון לאָדזש זענען טעטיק יוגנט־אָרגאַניי־

זאציעס פון "בונד", רעכטע און לינקע פועלי־ציון, החלוץ א. אנד.

די טעטיקייט פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס איז געגאַנגען אין דער ריכטונג הויפטזעכלעך צו פארקלענערן די פראָדוקציע אין די פאבריקן אין געטאָ, די פראָדוקציע וואָס איז געגאנגען פאר די דייטשן, א מין סאַבאָטאזש. די יוגנט־אָרגאניזאציעס זענען געווען די איניציאטאָרן פון פארשידענע אקציעס און אפילו שטרייקן קעגן דעם יודנראַט. צוליב אַ ריי סיבות האָבן די אונטערערדישע אָרגאניזאציעס נישט ארויסגערוקט די לאָזונג פון באוואפנטן ווידערשטאנד, נישט אין דער צייט פון געטאָ, נישט שפּעטער אין דער צייט פון ליקווידירן די געטאָ.

דאָס כאראקטעריסטישע, און אפשר דאָס שוידערלעכסטע אין דעם טאָגבוך פון דוד שעראַקאָוויאַק — איז דער הונגער. דער הונגער קומט צום אויסדרוק ביי יעדער געלעגנהייט. דער הונגער לייגט אַ מין שטעמפל אויף אַלע זיינע נאָטיצן. יעדע וויכטיקע געשעעניש ווערט אין טאָגבוך פארצייכנט מיט דער באמערקונג וועגן מאנגל אין שפייז, וועגן אויסזיכטן און פערספּעקטיוון צו באקומען פראָדוקטן־צוטיילונגען.

די ערשטע צייט באזוכט ער ווידער די גימנאזיע. שפּעטער ארבעט ער אין פארשידענע פּלעצער. דאָס גיט אים די מעגלעכקייט צו באקומען די "ראַציעס", די שפּייז־צוטיילונגען פאַר די נישט־אַרבעטנדיקע אין געטאָ איז די פראגע פון באקומען שפּייז זייער אַ שווערע.

אייניקע כאראקטעריסטישע פארצייכענונגען פון דוד שעראקאוויאק:

"אַן אויסערגעוויינטלעכע ידיעה: מאָלאָטאָוו האָט פארלאָזט דעם אמט פון פּרעמיער און אויסערן־מיניסטער. ביידע אמטן האָט איבער־גענומען סטאלין. (די ידיעה איז נישט אינגאנצן אַ ריכטיקע — ש.ש.). די דייטשן גרייטן זיך איצט אָנפאלן אויף שפּאניע, אָדער רוסלאנד, אָבער מיר דאכט זיך, אז, ווי טשערטשיל האָט געזאָגט: "די ערשטע שנייען אויף די רוסישע סטעפּעס וועלן זיין דער אָנהייב פון היטלערס סוף".

"די שול־דאָקטאָרין האָט מיך היינט אונטערזוכט. זי איז געווען איי־בעראַשט, ווי איך בין אָפּגעצערט. אפשר וועל איך קאָנען באַקומען צוויי זופּקעס אַ טאָג. היינט באַקומען אין שול די אויסצייכענונג. איך האָב די בעסטע אָפּשאצונגען אין שול, אָבער וואָס קומט מיר ארויס, אז איך בין

שטענדיק הונגעריק, שרעקלעך אויסגעשעפּט און אויסגעמאַטערט. הײַנט פרײַ פון שול, ערב ראש־השנה. מאָרגן און איבערמאָרגן ראש־השנה. דאָס וויכטיקסטע, מיר וועלן האָבן אויך אין יום־טוב די זופּקעס אין שול. הײַנט דער לעצטער טאָג אין גמינאַזיע, אַן ענדע פון אַ געוויסן אָפּשניט אין מײַן לעבן. איך ווער מעלאַנכאָליש געשטימט. אָבער דאָך, איך הייב אָן אַ נײַע עפּאָכע אין מײַן לעבן, צי וועל איך ווײַטער שטודירן? איך ווייס נישט, מיר דאַכט זיך, אַז יאָ, הלוואי זאָל אַזוי זײַן״.

״מאָרגן דאַרף קומען אַ פּאַרטיע פון ווין, וואַרשײַנלעך קריסטן און היטלעריסטן, וועמען מען האָט דערוויזן, אַז זייערע באָבעס זענען געווען יידישע. זיי וועלן נאָך אין געטאָ שאַפן אַ פאַריין פון אַנטיסעמיטן״.

״יאָר 1942, 4־טער יוני. די כוחות פאַרלאָזן מיך. איך בין נישט אימשטאַנד גיין צו דער אַרבעט ווען מען גיט אפילו אַרויס שפּײַז. אַ מענטש ענדיקס זיך. ביז דער ווינטער קומט אָן וועט זיך די מלחמה ענדיקן, אָדער מיר וועלן זיך ענדיקן. די געטאָ גיט אַרויס אַרבעט פאַר די דײַטשן, וואָס ווײַטער אַלץ מער. שפּײַז קומט אַרײַן אין געטאָ אַלץ ווייניקער. מען ציט אַרויס פון אונדז די לעצטע כוחות, נישט זאָרגנדיק וועגן אונדז, און די מלחמה וועט נאָך דויערן לאַנג. די צאָל באמת לעבעדיקע מענטשן אין געטאָ איז אַ מינימאַלע. דאָס זענען אַלץ גייענדיקע מתים, שאָטנס פון געוועזענע געשטאַלטן״.

אין די נאָטיצן קומט צום אויסדרוק אַזויפיל שנאה, פאַרדרוס און ווייטיק, אין שייכות מיט דער טעטיקייט פון יודנראַט און דעם געטאָ־קייסער רומקאָווסקי.

דוד שרײַבט: ״20 טויזנט מענטשן עסן אַזויפיל, אַז עס וואָלט געסטאַיעט אויף טאָפּלטע פּאָרציעס פאַר דער גאַנצער איבעריקער באַפעל־קערונג. טאַלאָנען אינסטרוקטאָרישע, פּאָליציייִשע, פאַר באַאַמטע, פאַר פאַרוואַלטערס ווערן אַלץ בעסער. אין דער זעלבער צײַט באַקומט די איבע־ריקע באַפעלקערונג אַלץ ערגערע צוטיילונגען. צום טייוול, נאָר פאַר־ברענען די גאַנצע באַנדע״.

״אויפן בית־עולם גראָבט מען קברים פון פאָרויס״.

דוד שעראַקאָוויאַק האָט ווײַזט אויס געשריבן אַ מין גרעסערע

ליטעראַרישע אַרבעט אונטערן טיטל "אַלאַרם". ער פאַרצייכנט דעם 27טן יולי 1942:

"אפשר אונטער דער ווירקונג פון אַ ספּעציעל שלעכטן געפיל האָב איך היינט אָנגעשריבן אַ ליד, "לעבן וויל איך". 15־טער אויגוסט: היינט אויפגעגעסן אַ פערטל קילאָגראַם טרוקענע קאַווע מיט צוקער. בכלל, טרוקענע קאַווע מיט צוקער, אָדער סאַכארין, אָדער גאָר אָן צוקער, איז ביי מיר שוין אַ לענגערע צייט איינע פון די גרונד־שפּייזן".

"4־טער סעפּטעמבער: די דייטשן פאַרלאַנגען ארויסגעבן אלע קינדער אין עלטער ביז 10 יאָר, און עלטערע העכער פון 65. רומקאָווסקי האָט געמאָלדן, אַז די קינדער־קרבנות און די עלטערע איז אומבאַדינגט. עס האָט זיך גאָרנישט געלאָזט טאָן, און מען זאָל נישט שטערן די אויסזידלונגס־אַקציע. עס איז אים לייכט צו זאָגן, ווייל עס האָט זיך אים איינגעגעבן באַקומען פון די דייטשן אַ דערלויבעניש באַפרייען פון דער אויסזידלונג די קינדער פון אלע מינים יודנראַט־מיטגלידער, פייערלעשער, פּאָליציאַנטן, חוץ דעם וועלן אָנגעווענדט ווערן פאַרשידענע פּראָטעקציעס".

דודס מוטער ווערט אויך צוגענומען.

"6־טער סעפּטעמבער 1942: מאָמענטנווייז באַקום איך אַזאַ ציטערניש און אַ האַרץ־קלעמעניש. איך קאָן זיך נישט באַפרייען פון דעם געדאַנק, אַז די מאַמע איז פון אונדז אַוועקגעריסן. איר סוף דערנענטערט זיך. גאָרנישט וועט נישט ענדערן די פּוסטקייט אין מיין נשמה, מוח, געדאַנקען, אין האַרצן, צוליב דעם פאַרלוסט פון דעם ליבסטן מענטש, וועלכער וויל לעבן אַזוי ווי"...

דערמיט ווערט דאָס טאָגבוך פון דוד שעראַקאָוויאַק איבערגעריסן.

## מאַשע ראָלניק: "איך מוז דערציילן"

דאָס טאָגבוך פון מאַשע ראָלניק איז נאָך פריער דערשינען אין ליטוויש אין מלוכה־פאַרלאַג פאַר פּאָליטישער און וויסנשאַפטלעכער ליטע־ראַטור אין ווילנע. ווען מאַשע האָט איר טאָגבוך אָנגעהויבן שרייבן אין ווילנער געטאָ, איז זי נאָך נישט אַלט געווען קיין 14 יאָר.

"זשיטשע ליטעראַצקע" אין פּוילן האָט פאַרעפנטלעכט אַ נאָטיץ

וועגן דעם זעלבן טאָגבוך, וואָס איז אויך געווען געדרוקט אין סאָוויעטישן זשורנאַל ״זוויעזדאַ״. די נאָטיץ שטעלט פעסט, אַז דאָס טאָגבוך פון מאַשע איז פונקט אזא אויפטרייסלענדיקער דאָקומענט, ווי די כתבים פון אנא פראנק און דודל רובינאָוויטש.

***

די טאָגביכער פון דודל רובינאָוויטש און דוד שעראַקאָוויאַק, וועגן וועלכע מיר שרייבן, זענען געקומען צו דער עפנטלעכקייט אין אָריגינאַל, אַזוי ווי זיי זענען געווען געשריבן אין יענער צייט, און אזוי ווי מען האָט זיי געפינען על־פי צופאַל. מאַשע ראָלניק האָט איר טאָגבוך צוגעגרייט צום דרוק אין קנאַפּע 20 יאָר נאָך דער מלחמה, שוין אין איר רייפן עלטער. מען קאָן זיך משער זיין, אַז דאָס אַרומיקע לעבן שוין אין סאָוויעטישן ווילנע, האָט געמוזט באווירקן מאשעס געדאנקענגאנג בעת אירע פאַר־צייכענונגען. מען דאַרף געדענקען, אז אלע יאָרן האָט מען אין ראַטנ־פאַרבאַנד פאַרשוויגן וועגן די יידישע קרבנות בעת דער דייטשער אָקו־פּאַציע. פאַר דער עפנטלעכקייט האָט מען אלע מאָל גערעדט און געשריבן וועגן אומגעבראַכטע סאָוויעטישע בירגער.

אין אריינפיר צום בוך שרייבט עדוואַרדאָס מעזשעלייטיס צוו. אנדערן:

״מאשע ראָלניק האָט אירע פאַרצייכענונגען אין ווילנער געטאָ אָנגע־הויבן אין אַ העפט, דערנאָך האָבן קיין העפטן נישט געסטאַיעט. די געטאָ איז פאַרניכטעט געוואָרן, דאָס מיידעלע איז אוועקגעפירט געוואָרן אין א לאַגער. זי האָט פאַרגעזעצט אירע פאַרצייכענונגען אויף אָפּגעריסענע שטיקלעך פּאַפּיר, אין וועלכע מען האָט געפּאַקט צעמענט. ווען אויך דאָס איז שוין נישט געווען, האָט זי פאַרגעזעצט אירע נאָטיצן אין געדאַנק.

ליגנדיק אויף דער נאַרע נאָך שווערער אַרבעט, האָט מאַשע קאָנסטרו־אירט אין געדאנק פראַזעס, געשליפט יעדעס וואָרט. אייניקע בלעטלעך פון איר טאָגבוך האָט זיך איר דאָך איינגעגעבן אויסבאַהאַלטן. מאַשע איז געווען אין די לאַגערן אויף דער טעריטאָריע פון די באַלטישע לענדער, פריער אין לאַגער ״קייזערוואַלד״, שפּעטער אין ״שטראַזענהאָף״.

אין טאָגבוך ווערן געבראַכט פיל מאָל נאָטיצן וועגן דער טעטיקט פון ווילנער יודנראַט בכלל און איר פירער גענס בפרט. אויך וועגן דער

געטאָ־פּאָליציי. די נאָטיצן זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר די באַדינגונגען אין אנדערע גרעסערע געטאָס.

מאשעס פארצייכענונגען וועגן "פּאָנאר", דאָס אָרט פון אומברענגען די יידן פון ווילנע און אומגעגנט, זענען גוט באקאנט פון פיל פריער דערשינענע מאטעריאלן.

מאַשע ראָלניקס פאַרצייכענונגען זענען אָפט האַרצרייסנדיקע און אויפטרייסלענדיקע.

"ווען מען פארזשמורעט זיך, פארגעסט מען אינגאנצן, אז עס גייט אַ מלחמה", זענען אירע ערשטע פארצייכענונגען.

"יום־כיפּור אין געטאָ, א טרויערדיקער טאָג. די זקנים פאסטן, בעטן גאָט רחמים. אַן אומזיסטע מי. ווען עס וואָלט געווען אַ גאָט, וואָלט ער נישט געקאָנט פארליידן אזעלכע קאָשמארן.

"איצט זענען מיר שוין אינגאנצן געגליכן צו הינט. אויפן האלדז איז אויפגעהאנגען אַ נומער. ווי גוט עס לעבן הינט! אָט האָסטו דיר אַ הינטיש לעבן!

"היינט איז אין שול דער ערשטער לערנטאָג.. און איך בין נישט אין שול, נאָר דאָ... מסתמא איז שוין געווען דער קלינג. אלע זענען אין קלאס. אויף מיין באנק איז אַ פּוסט אָרט...

"אַ פרוי אין געטאָ איז געשטאָרבן אויפן ברוק געבוירנדיק אַ קינד. דאָס קינד האָט מען אַ נאָמען געגעבן געטעלע.

"דער געביטסקאָמיסאר האָט פאראָרדנט: יידן איז פארבאָטן צו געבוירן קינדער. היינט פארבאָט מען צו האָבן קינדער, און מאָרגן וועט מען הרגענען די, וועלכע זענען שוין פאַראַן. כאָטש איין טאָג זאָל מען קאָנען לעבן אָן שרעק פארן טויט!"

ביים אויסליידיקן די געטאָ פון יידן ווערט מאשע אָפּגעריסן פון איר מוטער און די איבעריקע קינדער. זי רייסט זיך צו דער מוטער. די מוטער שרייט: "גיי נישט צו מיר, לעב, מיין קינד, כאָטש דו איינע לעב, נעם נקמה פאר די קינדער..."

אין אַ טראנספּאָרט פון זיבצן הונדערט פרויען, ווען די באַן שטעלט זיך אָפּ, ווייזט זיך מאַשען אויס, אַז דאָס איז פּאָנאַר. זי פאַרצייכנט: "געקומען

דער טאָג פון מיין טויט..."

דער 24־טער סעפּטעמבער 1943: ניין, איך וועל נישט גיין, זאָלן זיי דערשיסן דאָ אויפן אָרט, אָבער אַהין וועל איך נישט גיין... דער צוג האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט. ניין, מיר פאָרן ווייטער, אַוועק פון פּאָנאַר..."

זיי זענען שוין אין לאַגער. מען קאָנטראָלירט די בגדים. מען נעמט ביי איר צו איר קליידל. די אויפּזעעריין געפינט אין קעשענע די פאָטאָגראַפיע פון איר פאָטער. זי צערייסט זי אויף פּיצלעך און וואַרפט אַוועק אויפן דיל... "אויף איין שטיקל זע איך די ווייסע האָר... פון צווייטן קוקט אַן אויג..."

בעת די ווייטערדיקע רעוויזיעס האָט זיך מאַשע איינגעגעבן עטלעכע בלעטלעך פון טאָגבוך אַריינשטופּן אין די שיך. ..."איך בין גליקלעך, איינער פון די מענער האָט מיר אונטערגעוואָרפן אַ בלייער. פּאַפּיר איז נישט קיין פּראָבלעם. דאָ וואַלגערן זיך פּאַפּירענע זעקלעך פון צעמענט, מיט וועלכע מיר וויקלען אַרום די פיס. קיין זאָקן האָבן מיר נישט. אויף אַזאַ אופן קאָן איך אָן ריזיקע אַריינטראָגן אין לאַגער פּאַפּיר..."

אירע געפילן און שטימונג ביי דער שווערער אַרבעט אין לאַגער דריקט זי אויס אין אירע פאַרצייכענונגען: "עס דוכט זיך, אַז אויף דער וועלט עקזיסטירט בלויז אַ לאַגער, אַרבעט, הונגער און קעלט".

אין לאַגער דערוווּסט מען זיך וועגן די דייטשע מפּלות אויפן פראָנט. מאַשע האָט איבערגעשריבן אירע כתבים אויף דינעם פּאַפּיר פון דער טעקסטיל־פאַבריק, ווו זי האָט געאַרבעט. גאַנצע שטיקער פּאַפּיר פאַרשריבן פון זכרון. די כתבים לייגט זי אַריין אין אַ פלעשל. מאַשע שרייבט: "נאָכ־אַמאָל דער 21טער יולי. מיר איז שוין 17 יאָר, דער ערשטער געבורטסטאָג אָן דער מאַמען, דער פערטער אָן דעם טאַטן. זענען זיי טאַקע נישטאָ? עס קאָן נישט זיין. אפשר מאַטערט זיך די מאַמע ערגעץ אין אַ לאַגער? צי וועל איך דערלעבן דעם קומענדיקן געבורטסטאָג? די פאַשיסטן וועלן שוין געוויס איינעמען אַ מיתה־משונה. אָבער צי וועל איך דאָס דערלעבן? אין בלאָק האָט מען געבראַכט טליתים, צעריסן זיי אויף שטיקלעך. דאָס וועלן זיי קאָפּטיכלעך מאַכן פאַר אָפּגעשוירענע פרויען".

דער לאַגער ווערט ליקווידירט. מיט אַ שיף און ווייטער מיט באַרזשעס ברענגט מען זיי אין דער געגנט פון דאַנציג, קיין שטוטהאָף. צוזאַמען

מיט נאָך פרויען ווערט מאשע געשיקט צו אַ פאַרמער אויף ארבעט. נאָך דריי חדשים, אָנהייב ווינטער, ברענגט מען זי צוריק אין לאגער. מען ליקווידירט דעם פרויען־לאגער, ווו מאשע געפינט זיך. אונטערן אָנגריף פון דער רויטער ארמיי טרייבן די נאציסטן די פרויען אין אַ מארש אין דער ריכטונג אויף מערב. זי ווערט באַפרייט דורך דער רויטער אַרמיי.

אין איר נאָכוואָרט שרייבט מאַשע צוו. אַנד.: ״צוואַנציק יאָר זענען שוין אַוועק זינט דער באַפרייונג. קיין טאָגבוך האָב איך מער נישט געפירט, נאָר מיין זכרון האָט באקומען די געוווינהייט צו פיקסירן און געדענקען אלץ... דערפאר טאקע זעען מיר אויס אַ סך זאכן, וועלכע זענען געשען אין די פארלאָפענע 20 יאָר, זייער נאָענט...״

מאשע קומט קיין ווילנע. זי גייט אין דער ריכטונג פון זייער הויז. זי דערקענט פון הינטן אַרום איר פאָטער. ער איז לעבנגעבליבן. עס איז אויך לעבנגעבליבן אירס אַ שוועסטער. מאַשע ראָלניק פאַרענדיקט איר טאָגבוך מיטן פאָלגנדיקן זאַץ: ״פאַר מיר ליגן די געבראַכטע פון דער דרוקעריי קאָרעקטור־אָפצוגן... איצט זענען זיי שוין נישט פשוט מיינע פארנאָטירונגען, זיי זענען שוין ווי אליין געוואָרן דערציילער. זיי וועלן אוועק פון מיר. וועלן אַריין צו מענטשן אין די שטיבער און וועלן דערציילן די מענטשן דאָס וואָס.... איך מוז דערציילן״.

# געמיינזאַמע געטאָ־פייערונגען

מיטן איינאָרדנען יעדעס יאָר געטאָ־פייערונגען, איז מען אויסן נישט פארגעסן דעם גרעסטן חורבן פון אונדזער פאָלק. מיט די געטאָ־פייערונגען האלטן מיר אָן דעם אָנדענק פון אונדזערע קדושים און מארטירער, וועלכע האָבן געקעמפט פארן כבוד פון יידישן פאָלק.

אלע וואָלטן מיר וועלן, אז דער אָנדענק־טאָג זאָל זיין אַ טאָג פון טרויער פארן גאנצן יידישן פאָלק. און דער טרויער אונדזערער זאָל דעמאָנסטרירט ווערן אין אַ געמיינזאַמער פייערונג. איז אָבער פאראן אַזאַ מעגלעכקייט?

איך גלויב נישט אין אַ מעגלעכקייט פון באמת געמיינזאמע פייערונגען. און אָט פאַרוואָס: קודם־כל דער טאָג. ביי די ברייטע שיכטן פון יידישן פאָלק, וואָס האַלטן טייער דעם אָנדענק פון אונדזערע קדושים, איז דער טאָג פון אָנדענק — דער 19־טער אפריל. די דאטע איז שוין איינגעקריצט אין זכרון ביי יידן פון פיל לענדער. איז געקומען די ישראל־רעגירונג, ערשט צום עלפטן טאָג פון איר עקזיסטענץ און האָט גאָר באשטימט אַ דאטע פון כ״ז ניסן. איז דאָס פאַר אונדז נישט קיין איבעראַשונג. די דאַטע פון כ״ז ניסן האָט שוין ארייננעטראָגן אַ ריס אין יידישן לעבן פון די תפוצות.

איז וואָס האָט אין זינען ח׳ יונגמאַן, ווען ער רעדט וועגן קאָמפּראָמיסן? (ביולעטין נומער 16). מיינט ער, אַז מיר זאָלן זיך צופּאַסן צו דער דאַטע, וואָס איז באשטימט דורך דער ישראל־רעגירונג?

איך בין טיף איבערצייגט, אַז הונדערטער טויזנטער יידן אין די תפוצות, ווי אויך אין ישראל, וועלן אויף ווייטער אָנהאלטן די דאטע פון 19־טן אפריל. אין דער הינזיכט קאָן קיין פשרה נישט זיין.

עס איז נישט שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז אין די קאָמיוניטי־צענטערס וועלן די אָנפירנדיקע עלעמענטן, וועלכע דאַרפן דאָס זיין, לויט ח׳ יונגמאַן,

דער שותף אין די פייערונגען — וועלן אָן שום באַוואָרענישן אָננעמען די דאַטע פון כ״ז ניסן. איז דען פאַראַן די קלענסטע גאַראַנטיע, אַז אַזאַ פייערונג זאָל נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ציוניסטישער אונטערנעמונג, און אַז עס זאָל אַרויסגעבראַכט ווערן דער ״נס״־סיני אָנשטאָט אַ נס־געטאָ? און מיט פולער זיכערקייט קאָן מען זאָגן, אַז די יידישע שפּראַך וועט דאָרטן איגנאָרירט ווערן. דאָס זענען די פּערספּעקטיוון פאַר ״געמיינזאַמע״ פייערונגען ביי די איצטיקע פאַרהעלטענישן.

וואָס דאַרף זיין אונדזער שטעלונג?

מיר ווילן האָבן געטאָ־פייערונגען — נאָר אין טאָג פון 19־טן אַפּריל, ווו עס וועט זיין די פולע גאַראַנטיע, אַז אַזאַ פייערונג וועט שטיין אויף דעם געהעריקן ניוואָ, און וועט אַנטשפּרעכן די געפילן פון די, וועמען עס איז טייער און נאָענט דער אָנדענק פון די אומגעקומענע על קידוש־השם.

אויב אַזעלכע גאַראַנטיעס וועלן נישט זיין, דאַרפן מיר אַלעמאָל און אומעטום געבן די איניציאַטיוו צו געמיינזאַמע פון א. ג. אַרבעטער־סעקטאָר. מיר דאַרפן באַווירקן אויך פאַרשידענע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, ווי די פּאַרטיזאַנער, קאַצעטלער, און אַנדערע — זיי זאָלן צושטיין צו אונדז.

איך בין איבערצייגט, אַז מיר, דער ״בונד״, האָבן זייער אַ סך וואָס צו זאָגן אין אָנדענק פון די אומגעקומענע אין גרויסן חורבן. אַפילו אין די געטאָ־פייערונגען פון אַרבעטער־סעקטאָר, קאָנען מיר נישט אַלעמאָל ברענגען אַלע אונדזערע געפילן צום אויסדרוק. דעריבער בין איך ביי דער מיינונג, אַז נאָך דער געמיינזאַמער געטאָ־פייערונג, דאַרף דער ״בונד״ איינאָרדענען אַ צוזאַמענטרעף פון בונדיסטן־פריינט און סימפּאַטיקער, בכדי אויף אַ באַזונדערס אינטימען אופן באַערן דעם אָנדענק פון די געפאַלענע העלדן, ווייל אין דער דערציונג פון די העלדן פון וואַרשעווער און אַנדערע געטאָס, האָט דער ״בונד״ אַ גרויסן חלק.

# קאַלאַבאָראַציע ביי יידן *

(דערינערונגען פון אַ געוו. ריכטער)

די פראַגע פון שולד און פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון די יידן, וועלכע האָבן אויף אַזאַ, אָדער אַנדערן אופן, מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן, האָט פאַר־שאַפן גענוג עגמת־נפש אַלע קרייזן פון דער יידישער געזעלשאַפט. דער ענין גייט ביז היינט נישט אַראָפּ פון טאָג־אָרדענונג. פון צייט צו צייט, קומען צום אויסדרוק פאַרשידענע מיינונגען און עס ווערן געמאַכט פאַרשידענע אויספירונגען. כאַראַקטעריסטיש איז אָבער, וואָס אַלס כלל מערקט זיך אַן אונטערשייד אין דער באַציונג צו אָט די פּראָבלעמען מצד די, וואָס האָבן דעם חורבן דורכגעמאַכט אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, און די, וואָס זענען אין די מלחמה־יאָרן געווען אויסער דער אָקופּאַציע.

עס איז אויך נישטאָ קיין איינהייטלעכע פעסטשטעלונג, וואָס פאַראַ טאַטן דאַרפן באַטראַכט ווערן ווי קאָלאַבאָראַציע. עס איז אויסגעקומען צו הערן, אַז דאָס אַריינציען אַ גרעסערע צאָל יידן אין די פאַבריקן, צ. ב. אין וואַרשע, וואָס האָבן גענייט מלבושים פאַרן דייטשן מיליטער, אַז דאָס אַליין הייסט שוין מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן, און די געזעלשאַפטלעכע קרייזן אין די געטאָס, וואָס האָבן דאָס אָרגאַניזירט, באַלאַנגען במילא צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע.

עס איז אויך נישטאָ קיין איינהייטלעכע מיינונג וועגן די "יודנראַטלער". זענען דאָך די יידן געווען געצוווּנגען צו באַלאַנגען צו די "יודנראַטן". אָן שום ספק געווען אַזעלכע "יודנראַטלער", וואָס האָבן באמת און אויפריכטיק

---

* אין די נאָכמלחמה־יאָרן איז ביי דער אָנפירנדיקער יידישער אינסטאַנץ — דעם יידישן צענטראַל־קאָמיטעט אין פּוילן, געשאַפן געוואָרן אַ געזעלשאַפטלעך געריכט, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט די ענינים פון די יידן, וועלכע האָבן אין די מלחמה־יאָרן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן.

געמיינט מיט זייער אַרבעט אין די "יודנראַטן" — פאַרלייכטערן דעם גורל פון די יידן אין די געטאָס. שרייבט יאָנאַס טורקאָוו אין זיין צווייטן באַנד "פאַרלאָשענע שטערן" וועגן ד"ר וויגאָדסקי אין ווילנע: "צווישן די אָנגע־זעענסטע ווילנער יידישע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־טוער איז אויסגע־קליבן געוואָרן אַ "יודנראַט".

ד"ר וויגאָדסקי האָט געהאַלטן, אַז אויך ער, נישט געקוקט אויף זיין הויכן עלטער, טאָר זיך נישט אָפּזאָגן אָנצונעמען דעם אַחריותפולן אַמט. און ד"ר וויגאָדסקי איז נישט געווען דער איינציקער מיט אַזאַ באַציונג צו דער אַרבעט אין די "יודנראַטן". עס איז נאָר די פראַגע, צי האָבן אָט די "יודנראַטלער" געמאַכט די נייטיקע אויספירונגען וועגן דער מעגלעכקייט ווייטער מיטצואַרבעטן אין די "יודנראַטן", ווען עס זענען קלאָר געוואָרן די צילן פון די דייטשן צו פאַרניכטן די יידן. אַ לענגערע צייט האָט מען דאָך נישט געגלייבט אין דעם.

צי קאָן מען מאַכן אַן אויספיר, אַז פאַר בלויז באַלאַנגען צום "יודנראַט" קומט נאָך נישט קיין שטראָף ? צי דאָס קאָן זיין בלויז אַ פראַגע פון יענעמס מעשים, פון יענעמס האַנדלונגען און באַציונגען צו די ליידנדיקע יידן ?

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז דאָס באַלאַנגען צו דער יידישער פּאָליציי. דאָס נעמען אויף זיך פרייוויליק די פליכטן פון אַ פּאָליציי־מאַן איז שוין פאַר זיך אַליין אַ פאַרברעכן. די פונקציעס פון דער פּאָליציי אין די געטאָס זענען געווען באַקאַנט, אַזוי, אַז דאָס באַלאַנגען אַליין צו דער פּאָליציי איז שוין שטראָפּבאַר, אָבער אַפילו בנוגע די יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער פּאָליציי זענען אויך דאָ פאַרשידענע מיינונגען. עס זענען געווען פאַלן ווען יידישע פּאָליציאַנטן זענען באַצייטנס אַוועק פון דער פּאָליציי, ווען עס איז קלאָר געוואָרן, אַז די יידן ווערן נישט געפירט אויף אַרבעט, נאָר אויף פאַרניכטונג.

עס זענען באַקאַנט פאַלן ווען די יידישע פּאָליציאַנטן האָבן אַרויסגע־וויזן געוואַלדיק מענטשלעכקייט און אָפּפערווייליקייט און אַפילו ביים ראַטעווען באַדראָטע יידן, אויסשטעלנדיק זיך אַליין אויף געפאַרן.

אין שוין דערמאָנטן צווייטן באַנד "פאַרלאָשענע שטערן", שרייבט יאָנאַס טורקאָוו: "אָנהייב 1943 האָט די געסטאַפּאָ אין לעמבערג געפאָ־

דערט ביים "יודנראַט" אַרויסצוגעבן זיי צוויי אָנגעזעענע לעמבערגער ייִדן, דעם באַוווסטן אַדוואָקאַט ד"ר לאַנדאַו און ד"ר צעציליאַ קלאַפּטען, איינע פון די אַקטיוווסטע און איבערגעגעבנסטע געטאָ־טוערינס.

צוליב זיי איז צום ערשטן מאָל אויסגעבראָכן אַ קאָנפליקט צווישן דער ייִדישער פּאָליציי ביים "יודנראַט" און דער געסטאַפּאָ, ווייל די פּאָליציי האָט זיי נישט געוואָלט אַרויסגעבן.

ד"ר לאַנדאַו איז שוין דאַן געווען אויסבאַהאַלטן ביי אַן אוקראַינער, וואָס האָט אים שפּעטער אַרויסגעגעבן. און דער פרוי קלאַפּטען האָט די פּאָליציי אַליין אויסבאַהאַלטן אין דער געביידע פון "יודנראַט". די געסטאַפּאָ האָט זיך דערפון דערוווסט און האָט זי פאַרנומען פון דער געביידע פון "יודנראַט".

אַ געוויסע שיידליניע אין דער פראַגע "שולד און פאַראַנטוואָרטלעכקייט" האָט זיך געמערקט אויך צווישן דער ייִדישער און פּוילישער געזעלשאַפט.

מצד די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען נאָך דער מלחמה איז אין דער פראַגע געווען אַ גאַנץ ליבעראַלע באַציונג און גאַנץ אַנדערע באַגריפן וועגן שטראָף פאַר מיטאַרבעט מיט די דייטשן, און דאָס איז נישט געווען קיין וווּנדער. האָט דאָך כמעט די גאַנצע פּוילישע באַפעלקערונג, אַזוי אָדער אַנדערש, מיטגעאַרבעט מיטן דייטשישן אָקופּאַנט. נאָך דער באַפרייונג פון פּוילן האָבן פאַרשידענע רעגירונגס־אָרגאַנען, אויף הויכע אַמטן פון ריכטער, פּראָקוראָרן א. אַ. געאַרבעט ייִדן, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן אין דער ייִדישער פּאָליציי, "יודנראַטן" א. אַנד.

לויט דעם צוגאַנג פון די מלוכה־אָרגאַנען אין פּוילן האָט מען געקאָנט צוגעצויגן ווערן צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט נאָר פאַר באַגיין אַ געוויסן קאָנקרעטן פאַרברעכן. פאַר בלויז געהערן צו דער ייִדישער פּאָליציי, למשל, איז נישט געווען קיין גרונד צו באַשטראָפן.

אין דער פּראַקטיק האָבן טאַקע די מלוכה־אָרגאַנען אַזוי רעאַגירט נאָך דער מלחמה ווען צו זיי זענען אָנגעקומען אָנקלאַגעס אויף ייִדן, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן ("יודנראַטלער", פּאָליציי, "קאַפּאָס"). עס איז נישט געווען קיין זעלטענער פאַל ווען אַזאַ איינער האָט זיך

אַרומגעטראָגן מיט אַ פּאַפּיר, ווי מיט אַ סאָרט שוצמאַנטל, אַז זיין ענין איז שוין געווען אין די מלוכה־אָרגאַנען און ער איז... נישט שטראָפּבאַר. אַזאַ רעקאָרד האָט שוין יענעם געגעבן די מעגלעכקייט צו אַרבעטן אַפילו אויף אַ מלוכה־אַמט.

מיט אַזאַ מין דאָקומענט האָט זיך די גאַנצע צייט אַרומגעטראָגן דער באַקאַנטער ד״ר מיכאל ווייכערט, וועלכער האָט לכתחילה זיך אָפּגעזאָגט צו קומען אין יידישן געריכט. אַוודאי זענען געווען גענוג פאַלן ווען די באַפרייטע פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָבן זיך נישט געווענדעט צו קיין שום אָרגאַנען, נאָר אויפן אָרט, אַליין דורכגעפירט די אָפּרעכענונג איבער זייערע יידישע פייניקער.

אַ סך באמת שולדיקע האָבן אויסגעמיטן די שטראָף, אַוועק אין דער ברייטער וועלט, אָבער אַפילו מעבר־לים קומען פאָר פון צייט צו צייט געריכטן איבער די, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן. מיט דעם פאַרנעמען זיך געווייינלעך פאַרשידענע סאָסייטעס און לאַנדסמאַנשאַפטן.

ווי אַ באַשטעטיקונג פון דעם ווידער, אַז פאַר קאָנקרעטע פאַרברעכנס, באַשטעטיקטע דורך עדות, האָבן די פוילישע מלוכה־אָרגאַנען באַשטראָפט, און אַפילו גאַנץ האַרב, וועל איך ברענגען פאַלגנדיקע צוויי פאַלן:

אין יוני 1947 זענען פאַר דעם פוילישן קריגס־געריכט אין וואַלבזשיך, געשטאַנען 2 יידן־קאַפּאָס. יצחק ווילנער האָט זיין אַרבעט ווי אַ קאַפּאָ אויסגעפירט אין די לאַגערן קלעטענדאָרף און וואַלבזשיך. אַ ריי יידישע עדות, וועלכע זענען צוזאַמען מיט אים געווען אין די לאַגערן, האָבן אים נישט אַזוי שטאַרק באַלעסטיקט, דאָס געריכט האָט געפונען געוויסע מילדערנדיקע אומשטענדן און ער איז פאַרמשפּט געוואָרן נאָר צו 4 יאָר תפיסה.

דער צווייטער ייד, ניסן וועקסלער, איז אָנגעקלאָגט געוואָרן אין דעם, אַז צוליב אים זענען פרויען פון לאַגער גרויס־מאָסלאָוויץ געשיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים און דאָרט אומגעקומען. אַן ערך 15 יידישע עדות, אַליין געליטענע, האָבן פעסטגעשטעלט די דאָזיקע שענדלעכע אַרבעט פונעם באַשולדיקטן. דאָס געריכט האָט אים אָנערקענט פאַר שולדיק, פאַררעכנט אים צו דער קאַטעגאָריע קריגס־פאַרברעכער און אים פאַראורטיילט צום טויט.

עס איז דעריבער גאַנץ נאַטירלעך, וואָס אין די יידישע געזעלשאַפט־לעכע קרייזן אין נאָכמלחמהדיקן פוילן איז געוואָרן רייף דער געדאַנק וועגן דער נויטווענדיקייט צו רעאַגירן אויף די יידן, וואָס האָבן מיטגע־אַרבעט מיטן דייטשישן אָקופּאַנט. מען האָט זיך אָנגעשטויסן אויף פאַלן, ווען יידן קאָלאַבאָראַנטן האָבן נאָך דער מלחמה פאַרנומען געוויסע, אַפילו פאַראַנטוואָרטלעכע, פּאָזיציעס אין די אָנפירנדיקע אָרגאַנען פון די יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען און אין די יידישע קאָמיטעטן.

אין יאָר 1946 זענען געמאַכט געוואָרן גאַנץ וואָגיקע באַשולדיקונגען קעגן אַ מיטגליד פון צ. ק. פון אַ ציוניסטישער פּאַרטיי נאָך דער מלחמה, וועלכער האָט די פּאַרטיי פאַרטראָטן אין יידישן צענטראַל־קאָמיטעט, און דאָרט פאַרנומען אַ שליסל־פּאָזיציע אין פּרעזידיום פון יידישן צ. ק.

דער יידישער צ. ק. האָט אין דעם פאַל באַשלאָסן אויסצוטיילן אַ קאָ־מיסיע צו דערליידיקן דעם ענין. דער ריכטער־קאָמפּלעט איז באַשטאַנען פון איין פאָרשטייער פון יעדער פּאַרטיי, וואָס איז געווען טעטיק אין יידישן צ. ק. איך האָב רעפּרעזענטירט דעם צ. ק. פון "בונד".

ביי די פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך גלייך אַרויסגעוויזן מיינונגס־פאַרשידנהייטן און פאַרשידענע באַגריפן אין דער פראַגע שולד און פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט.

אייניקע מיטגלידער פון געריכט זענען געווען ביי דער מיינונג, אַז בלויז פאַר געהערן צום "יודנראַט" קאָן מען נישט משפּטן. אַנדערע ווידער האָבן געמאַכט פאָלגנדיקע אויספירונגען: דאָס מיטאַרבעטן מיטן אָקופּאַנט האָט במילא מיטגעהאָלפן די דייטשן אין אומברענגען די יידן, במילא איז ער ווי אַ מיטגליד פון "יודנראַט" מיטפאַראַנטוואָרטלעך און דאַרף זיין שטראָף באַקומען.

קאָנקרעטע זענען די פאָרוווּרפן אויפן אַדרעס פון באַשולדיקטן געווען מער ווייניק פאָלגנדיקע: אַ נישט פּאַסיקער אופן פון פאַנאַנדערטיילונג פון הילף פאַר די יידן אין געטאָ. נישט קיין פאַרלייכטערונגען, נאָר פאַרקערט, שאַפן שווערקייטן פון וווינונג־באַדינגונגען און ענלעכע פאָר־וווּרפן, וואָס זענען געווינלעך געמאַכט געוואָרן יעדן "יודנראַטלער" מצד לעבנגעבליבענע יידן.

אין זיין פאַרטיידיקונג האָט דער באַשולדיקטער זיך פאַרופן אויף די שווידערלעכע באַדינגונגען, וואָס די דייטשן האָבן געשאַפן אין די געטאָס. ביי אָט די באַדינגונגען איז אוממעגלעך געווען צופרידנצושטעלן אַלעמען און קומען צו דער צייט, און ווי געהעריק מיט דער נייטיקער הילף. אַזעלכע פאַרענטפערונגען זענען געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע ״יודנ־ראַטלער״, וואָס זענען שפּעטער געשטאַנען פאַר דעם יידישן געזעלשאַפט־לעכן געריכט. בסך־הכל איז די טעטיקייט פון דעם באַשולדיקטן אין דעם ״יודנראַט״ געווען גאַנץ קורץ. געוויינלעך פלעגן די דייטשן די קליינע פונקטן שנעל ליקווידירן און אַריבערפירן די יידן אין גרעסערע געטאָס. געוויינלעך זענען פון אָט די קליינע געטאָס נישט פאַרבליבן גאָרנישט פאַרשריבן, קיינע באַריכטן, הייגט האָט ווער באַלאַנגט צום ״יודנראַט״, מאָרגן איז ער אַנטלאָפן קיין וואַרשע, אָדער אַרויסגעפירט געוואָרן אין אַ לאַגער.

יורידיש־געזעצלעך האָט דער באַשולדיקטער געקאָנט געפונען פאַר זיך געוויסע באַרעכטיקונגען און אויך מילדערנדע אומשטענדן, אָבער פון יידיש־געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפונקט האָט ער באַדאַרפט פאַראורטיילט ווערן. דאָס געריכט האָט אָבער באַשלאָסן פירן ווייטער די אויספאָרשונג. איין זאַך איז אָבער קלאָר געוואָרן פאַרן געריכט, אַז ער קאָן אויף ווייטער נישט פאַרנעמען קיין שום אַמט אין יידישן צ. ק. זיין פאַרטיי האָט דערמיט איינגעשטימט און האָט אים אָפּגערופן פון זיין אַמט.

אט דער ענין איז נישט געווען קיין איינציקער פאַל. וואָס ווייטער אַלץ אָפטער האָבן זיך אין דער עפנטלעכקייט באַוויזן יידן, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן, גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז אַ צייט האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן. עס זענען געווען פאַלן פון דערקענען אַזעלכע אין גאַס, אויף פאַרזאַמלונגען און אַפילו אויף אַמטן אין די יידישע קאָמיטעטן.

וואָס ווייטער אַלץ רייפער איז געוואָרן דער געדאַנק פון שאַפן אַן אינסטיטוציע, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט די ענינים פון אָט די יידן, וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן. עס איז געווען קלאָר די נויטווענדיקייט צו שאַפן אַ געריכטס־אינסטיטוציע.

צו שאַפן אַזאַ מין געריכט־אינסטאַנץ האָבן גאַנץ באַזונדער באַווירקט

אייניקע געוועזענע טוער פון יידישן אונטערגרונט וואָס האָבן פאַרנומען פאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן אין זייערע פּאַרטייען און אין יידישן צ. ק., זיי האָבן דערצו געהאַט אַ גרונד. עס האָבן זיך אין נאָכמלחמהדיקן פּוילן פריי באַוועגט אייניקע יידן, וועמענס טעטיקייט אין די יאָרן פון אָקופּאַציע איז שוין דאַן דורך דעם אונטערגרונט אָנערקענט געוואָרן אַלס שעדלעך און פאַרעטעריש. קעגן איינעם האָט דער אונטערגרונט אַפילו אַרויסגע־טראָגן אַ טויט־אורטייל.

עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן די פּראָצעדור און רעגולאַמין פון געריכט, אויך אַ שטראָף־קאָדעקס. עס איז קלאָר, אַז דאָס געריכט, ווי אַ געזעלשאַפטלעכער אָרגאַן, האָט זיך נישט געקאָנט באַנוצן מיט רעכט פון סאַנקציעס וואָס אַ מלוכה האָט. עס האָבן געקאָנט זיין נאָר שטראָפן פון אַ מאָראַלישן כאַראַקטער.

די שטראָפן זענען געווען פאָלגנדיקע:

1) אויסשליסן פון דער יידישער געזעלשאַפט אויף 1 יאָר.
2) אויסשליסן פון דער יידישער געזעלשאַפט אויף 3 יאָר.
3) אויסשליסן פון דער יידישער געזעלשאַפט אינגאַנצן.

עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז אין די יידישע קאָמוניסטישע קרייזן איז נישט געווען קיין איינהייטלעכע באַציונג צו דער פראַגע פון שאַפן אַזאַ געריכט, ריכטיקער פון דער נויטווענדיקייט פון אַזאַ געריכט.

אַ טייל פון זיי איז געווען ביי דער מיינונג, אַז דער בעסטער אופן פון דערליידיקן אַזאַ ענין איז איבערגעבן דעם פאַרדעכטיקטן אין די הענט פון או. בע. (די פּוילישע נ. ק. וו. ד.), דאָרט וועט מען שוין קלאָר מאַכן.

דער וואָרטזאָגער פון דער גרופּע איז געווען סמאָליאַר, און נישט קיין ווונדער, — סמאָליאַר איז אַ טיפּ נאָך פון די אַלטע "טשעקיסטן". געזיגט האָט די שטעלונג פון יאָ שאַפן אַזאַ געריכט.

דאָס געריכט איז געשאַפן געוואָרן נישט אָן דער צושטימונג פון דער פּוילישער רעגירונג, דאָס איז קלאָר, אָבער דאָס הייסט נישט, אַז די רעגירונג האָט געענדערט איר איינשטעלונג צו דער פראַגע שולד און פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

די זעלבע באַציונג איז אויך געבליבן לגבי די הויכע רעגירונגס־באַאַמ־

טע, יידן, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן. זיי האָבן ווייטער פּאַרנומען זייערע הויכע מלוכה־אַמטן. די צושטימונג פון דער רעגירונג שאַפן אַזאַ געריכט האָט געטראָגן מער אַ מאָראַלישן כאַראַקטער. די רעגירונג האָט דערמיט געגעבן אַ מין סאַטיספאַקציע די יידן נאָך דעם חורבן, און אַ מעגלעכקייט אויף אַ געזעלשאַפטלעכן אופן צו רעאַגירן אויף די יידן, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיטן אָקופּאַנט. דאָס אַלץ האָט אויך נישט געשטערט דער רעגירונג שפּעטער נישט געבן איר הסכמה, אַז דאָס יידישע געריכט זאָל אויפנעמען די ענינים פון דערמאָנטע יידן, הויכע מלוכה־באַאַמטע, קעגן וועמען עס זענען געווען גענוג באַלאַסטנדיקע מאַטעריאַלן.

דאָס געריכט האָט אַפּעלירט צו דער יידישער געזעלשאַפט זיך ווענדן מיט אָנקלאַגעס אויף די, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיטן אָקופּאַנט. דאָס געריכט האָט זיך אויך געווענדט צו אַלע די, וואָס האָבן אַזוי אָדער אַנדערש מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן, אַז זיי זאָלן זיך מעלדן אין געריכט צו רעהאַ־ביליטאַציע.

קיין סך בעלנים, וואָס זאָלן זיך אַליין מעלדן זענען נישט געווען. עס האָבן אָנגעהויבן איינפליסן אָנקלאַגעס אויף פאַרשידענע יידן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַ ריי פּראָצעסן. דאָס געריכט איז געוואָרן טעטיק, אין אָנהייב זענען אַלע פּראָצעסן פאָרגעקומען אין וואַרשע, מיט דער צייט האָט דאָס געריכט איינגעאָרדנט אַרויספאָר־סעסיעס אין לאַנד.

* * *

ווי אַן אילוסטראַציע וויל איך דאָ ברענגען אייניקע פּראָצעסן.

דער ערשטער פּראָצעס האָט, נאַטירלעך, אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס. דאָס איז געווען דער פּראָצעס פון אַ באַקאַנטן פאַר דער מלחמה אין פוילן יידישן ספּאָרטלער, וואָס איז געווען אַ פּאָליציאַנט אין וואַרשעווער געטאָ. ער האָט זיך אייניקע מאָל, נאָך פאַר דעם אַנטשטיין פון געריכט, געווענדעט צום יידישן צ. ק. וועגן רעהאַביליטאַציע. דער פּראָצעס, ווי אויך די פּראָצעדור, איז געפירט געוואָרן לויט אַלע געריכטלעכע כללים: פּראָקוראָר, פאַרטיידיקער, ריכטער, עדות און זאַכ־קענער.

דאָס באַלאַנגען פון דעם באַשולדיקטן צו דער וואַרשעווער געטאָ־פּאָליציי איז נישט געווען קיין ספק. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן זיינע באַציונגען און מעשים ביים אויספירן זיינע פליכטן.

צום פּראָצעס איז געקומען אַן עדות מצד דער באַשולדיקונג, וואָס האָט דורכגעמאַכט די אַלע גיהנום־יאָרן, אַליין אַ געליטענער פון דעם פּאָליציאַנטס מעשים אין געטאָ, אַ יוגנטלעכער, אין וואַרשעווער געטאָ נאָך כמעט אַ קינד געווען.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס פאַראַ איינדרוק עס האָט געמאַכט אויף דעם עולם אין זאַל, ווען דער עדות האָט דערציילט, אַז ער האָט זיך פון דער אַרישער זייט אַריינגעשמוגלט אין געטאָ, דורך אַ לאָך אין וואַנט, מיט אַ זעקעלע קאַרטאָפל. דער באַשולדיקטער האָט אים פאַרהאַלטן, געפּאַטשט און צעשאָטן די קאַרטאָפל. דער עולם האָט זיך געוואָלט וואַרפן אויף דעם באַשולדיקטן. און שוין אויף דעם ערשטן פּראָצעס זענען געקומען צום אויסדרוק קעגנזעצלעכע מיינונגען וועגן דער פראַגע: שולד און פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

אינעם פּראָצעס האָבן זיך באַטייליקט עדות נישט אַזוי דירעקט געליטענע פון דעם באשולדיקטן, ווי אַזעלכע וואָס האָבן דורכגעמאַכט די וואַרשעווער געטאָ, לאַגערן און ניצול געוואָרן. זיי זענען אַרויסגעטראָטן אַלס זאַכקענער.

***

עס לוינט זיך אָפּצושטעלן אויף דעם עדות־זאָגן פון אַ פרוי, אַ באַקאַנטע יידישע שרייבערין, וואָס האָט אַליין דורכגעמאַכט דעם גהינום אין וואַרשעווער געטאָ, דערנאָך אויף דער אַרישער זייט.

שילדערנדיק די פאַרהעלטענישן אין וואַרשעווער געטאָ, האָט זי צונישט־געמאַכט אַזאַ ״פאַרברעכן״, ווי אַ פּאַטש פון אַ פּאָליציאַנט. וואָס פאַראַ ראָל האָט ביי אָט די שוידערלעכע באַדינגונגען אין וואַרשעווער געטאָ געשפּילט אַ פּאַטש? אויב דאָס אַליין זאָל זיין די באַשולדיקונג קאָנען געפונען ווערן גענוג מילדערנדיקע אומשטענדן פאַר דעם באַשולדיקטן. בלייבט די פראַגע צי קאָן מען אים באַשולדיקן בלויז פאַר

באַלאַנגען צו דער יידישער געטאָ־פּאָליציי, צי דאָס אַליין איז שוין אַ פאַרברעכן?

די ריכטער האָבן געהאַט אַ שווערע אויפגאַבע צו דעצידירן. ער איז אָנערקענט געוואָרן אַלס שולדיק. דער אורטייל — ער ווערט אויסגעשלאָסן פון דער יידישער געזעלשאַפט אויף 3 יאָר.

מען קאָן מיט רעכט פעסטשטעלן, אַז די שטראָף אין דעם ערשטן פּראָצעס איז געקומען אין אַ גרויסער מאָס אין רעזולטאַט פון די שטימונגען פון אָנוועזנדיקן עולם אויף דעם פּראָצעס.

דער ריכטער־קאָמפּלעט איז באַווירקט געוואָרן דורך די שטימונגען פון עולם.

אין אַ צייט אַרום האָט זיך דער באַשולדיקטער געווענדעט צום געריכט אויפצוהייבן זיין ענין. דאָס געריכט האָט זיין ווענדונג דערפילט און זיין ענין איז אופסנייע באַטראַכט געוואָרן. די שטראָף איז פאַרקלענערט געוואָרן אויף אַ העלפט.

אין אַ צייט אַרום האָט דאָס געריכט אים אינגאַנצן באַפרייט. ער האָט אויסגעוואַנדערט און געפינט זיך איצט אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט.

עס איז כדאי צוצוגעבן, אַז אין דער פראַגע פון פאַרקלענערן זיין שטראָף, און שפּעטער אים אַנולירן די שטראָף, האָבן געמאַכט באַמיונגען פירער פון אַ לינקער פּאַרטיי.

* *
*

אַ כאַראַקטעריסטישער ביישפּיל פון די מיינונגס־פאַרשידנהייטן אין דער פראַגע פון שולד, קאָן דינען פאָלגנדיקער פּראָצעס:

אַ געוויסן טאָג האָבן זיך אין ביוראָ פון וואַרשעווער יידישן קאָמיטעט דערהערט ווילדע, ספּאַזמאַטישע געשרייען. איין פרוי איז באַפאַלן אַ צווייטער, געוואָרפן זיך אויף איר, געריסן איר ביי די האָר, געריסן פון איר די קליידער, עס איז געוואָרן אַ רעש און אַ טומל.

דער אָנוועזנדיקער עולם, נישט וויסנדיק אין וואָס דאָ גייט, האָט אויך געשריגן, נישט קאָנענדיק זיך באַהערשן. די נערוון, צעשרויפטע פון די אַלע מלחמה־איבערלעבענישן. געמיינט האָט מען — אַן אָנפאַל

פון פוילישע אַנטיסעמיטן אויפן יידישן קאָמיטעט. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז אַ פרוי, אַריינקומענדיק אין יידישן קאָמיטעט נאָכפרעגן זיך אויף קרובים, האָט דאָרט דערקענט צווישן עולם אַ פרוי, אַ "קאַפּאָ", פונעם אַרבעטס־לאַגער, ווו זיי זענען ביידע געווען. די רעאַקציע פון דער פרוי איז געווען פאַרשטענדלעך. מיט גרויס מי האָט זיך איינגעגעבן צו באַרויקן דעם עולם און צוריק איינשטעלן די נאָרמאַלע אַרבעט אין ביוראָ פון קאָמיטעט.

די פרוי־"קאַפּאָ" איז געשטעלט געוואָרן פאַרן יידישן געריכט. די פרוי וואָס האָט זי דערקענט איז צום פּראָצעס נישט געקומען. אויף וויפל איך געדענק, איז זי שוין דאַן געווען מחוץ די גרענעצן פון פוילן.

צום פּראָצעס איז די באַשולדיקטע געקומען אַ שוואַנגערדיקע און מיט אַ קליין קינד אויף די הענט. במשך דער צייט האָט זי חתונה געהאַט און געוווינט אין וואַרשע. דער פאַקט, אַז זי איז געווען אַן עלטסטע איבער די פרויען אין אַ דייטשישן אַרבעטס־לאַגער איז געווען אויסער יעדן ספק. זי אַליין האָט דאָס נישט געלייקנט.

אין איר פאַרטיידיקונג האָט די באַשולדיקטע געטענהט, אַז איר שטרענגע באַציונג צו די איבעריקע פרויען איז געווען נייטיק אין די אינטערעסן פון די פרויען גופא. ווען די אַרבעט וואָלט נישט אויסגע־פאַרטיקט געוואָרן צו דער צייט, וואָלטן די דייטשן זיי געהאַט אַוועקגעשיקט צו פאַרניכטונג. זי האָט געמוזט זיין שטרענג און אַפילו געבן אַ קלאַפּ, ווייל אַזוי האָבן געפאָדערט די דייטשן, און דערביי וואָס פאַראַ ראָל האָט גע־שפּילט אַ קלאַפּ ביי יענע באַדינגונגען? און ווען נישט זי וואָלט געקומען אַ צווייטע אויפזעערין, אפשר אַ פיל ערגערע.

די באַשולדיקטע, אַ יונגע פרוי, גייסטיק ווייניק אַנטוויקלט, אין אַלגע־מיין אַפּאַטיש און רעזיגנירט, האָט נאָך אַלעמען אַרויסגערופן געפילן פון רחמנות.

פון די עדות האָבן זיך אויסגעטיילט צוויי פרויען, ביידע האָבן באַלאַנגט צו דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון דער זעלבער אַרבעטער־פּאַרטיי. איינע פון זיי, געבוג פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעך אַנטוויקלט, גאַנץ באַוווסט־זיניק. די צווייטע, ווייניקער אַנטוויקלט, גיכער אויף דעם זעלביקן גייסטיקן

ניוואָ וואָס די באַשולדיקטע, אָבער געגנוג ענערגיש און אַקטיוו.

ביידע עדות זענען אַ צייט געווען אין זעלבן לאַגער, אונטער דער אויפזיכט פון דער באַשולדיקטער. זייער עדות־זאָגן איז ביז גאָר כאַראַק־טעריסטיש. די וויינינק־אַנטוויקלטע (געפינט זיך מיט איר משפחה אין קאַנאַדע), האָט אונטערגעהאַלטן די באַשולדיקונג אין דער פולער מאָס, פאַרוואַרפנדיק, אַז די באַשולדיקטע איז זיך צו שטרענג באַגאַנגען מיט די איבעריקע פרויען. זי האָט דאָס אַלץ געטאָן בכדי צו געפעלן די דייטשן און פאַרבעסערן איר אייגענע לאַגע אויפן חשבון פון די איבעריקע פרויען. זי פאַרלאַנגט די באַשולדיקטע זאָל שטרענג באַשטראָפט ווערן.

דער צווייטער עדות, ווי דערמאָנט, אַ פרוי פיין אַנטוויקלט געזעל־שאַפטלעך (געפינט זיך איצט מיט איר מאַן אין ישראל), האָט געפּובען פאַרענטפערונגען פאַר דער באַשולדיקטער.

מאָלנדיק דאָס בילד פון די פאַרהעלטענישן אין לאַגער האָט זי גע־טענהט, אַז ביי אָט די שווערלעכע באַדינגונגען האָט די באַשולדיקטע אַנדערש נישט געקאָנט האַנדלען. קיין פּאַטש האָט קיין שום אָרט נישט פאַרנומען און קיין איינדרוק נישט געמאַכט. מיט איין וואָרט, זי האָט באַשטעטיקט די אַלע פאַרענטפערונגען פון דער באַשולדיקטער און געפי־נען אויף איר מילדערנדיקע אומשטענדן.

און ווידער אַמאָל דאָס זעלבע: פאַר אונדז ריכטער איז באמת שווער געווען צו דעצידירן אין דעם פאַל. זי איז אָנערקענט געוואָרן שולדיק און פאַראורטיילט געוואָרן אויסצושליסן פון דער יידישער געזעלשאַפט אויף 2 יאָר.

***

און נאָך וועגן איין פּראָצעס:

דער באַשולדיקטער איז געווען אַ פּאָליציאַנט אין אָטוואָצקער געטאָ. די פאַמיליע־מיטגלידער פון די פּאָליציי־לייט האָבן אַ צייט גענאָסן פון פּריווילעגיעס, מען האָט זיי אויף אַרבעט נישט גענומען, נישט אַרויסגע־פירט אין די לאַגערן. ווען עס איז אָבער געקומען די טאָטאַלע ליקווידאַציע פון די יידן, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן ליקווידירן די קלענערע געטאָס

און די נאָך פאַרבליבענע יידן אַריבערגעפירט אין די אַרומיקע גרעסערע געטאָס, פונוואַנען מען האָט זיי געפירט אויף אומקום.

ביי דער ליקווידאַציע פון אָטוואָצקער געטאָ האָבן שוין צוזאַמען מיט אַלע געבליבענע יידן געמוזט זיך שטעלן אויך די פאַמיליעס פון די יידישע פּאָליציי־לייט. אויפן זאַמל־פּלאַץ איז דער באַשולדיקטער פּאָלי־ציאַנט געקומען צוזאַמען מיט זיין פרוי און טאָכטער. מען האָט זי אַוועק־גענומען פון אים און געשטעלט אין די רייען פון אַלע יידן צו דער אויסזידלונג.

דער פּאָליציאַנט איז דערביי געווען באַשעפטיקט, צוגלייך מיט אַלע פּאָליציי־לייט פון געטאָ ביי דער אַרבעט פון אַרויסטרייבן די יידן פון אָטוואָצקער געטאָ. אינעם מאָמענט ווען זיין פרוי און טאָכטער זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף "יענער זייט" איז ער געבליבן אין אַ פאַר־לעגנהייט ווי אַזוי צו האַנדלען.

ער איז געבליבן אויף "דער" זייט, דערפילט ווייטער זיינע פליכטן ווי אַ פּאָליציאַנט. זיין פרוי און טאָכטער זענען פאַרשיקט געוואָרן אין וואַר־שעווער געטאָ. זיי זענען אומגעקומען. אין אַ צייט אַרום איז דער פּאָלי־ציאַנט אויך אַוועקגעפירט געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ, דורכגעמאַכט פאַרשידנס, געבליבן לעבן. נאָך דער מלחמה האָט ער געאַרבעט טאַקע אין אָטוואָצקער געגנט אין איינעם פון די אַנשטאַלטן פאַר יידישע קינדער, אויסגעהאַלטן דורכן יידישן צ.ק. ער האָט זיך באַטייליקט אויף פאַרזאַמ־לונגען פון פאַריין פון די אָנגעשטעלטע אין די יידישע קאָמיטעטן. אויף איינער פון די פאַרזאַמלונגען איז קעגן אים געוואָרפן געוואָרן די באַשול־דיקונג פון מיטאַרבעט מיטן אָקופּאַנט אַלס פּאָליציאַנט אין אָטוואָצקער געטאָ.

אויך אויפן פּראָצעס זענען די ריכטער געווען אין אַ נישט לייכטער סיטואַציעביים אַרויסטראָגן דעם אורטייל.

צו וואָס פאַראַ צושטאַנד האָבן די דייטשן געקאָנט דערפירן מענטשן, אַז אין אַזאַ מאָמענט ווען מען נעמט ביי אים צו זיין פרוי און טאָכטער צו פאַרניכטונג פועלט ער ביי זיך צו בלייבן אויף "דער" זייט, אויסנוצנדיק זיינע פּריווילעגיעס אַלס פּאָליציאַנט. און אפשר האָט ער געמעגט אַזוי

האַנדלען? צי וואָלט ער דען פאַרזיכערט דאָס לעבן פון זיין פרוי און קינד ווען ער גייט מיט זיי? ווער קאָן דאָס משפטן?

עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז בעת דער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ זענען געווען פאַלן ווען יידישע פּאָליציי־לייט האָבן אַראָפּגעריסן זייערע פּאָליציי־היטלען און זיי געשליידערט אויף דער ערד. צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס זענען זיי געגאַנגען אויפן אומשלאַג־פּלאַץ.

עס איז אויך כדאי צו דערמאָנען, אַז דאָס געריכט האָט געהאַט אַ פּרינציפּיעלע שטעלונג אין דער דאָזיקער פראַגע.

דער ליקווידאַציע־פּעריאָד פון וואַרשעווער געטאָ ד. ה. יולי 1942, איז געווען דער איבערברוך־מאָמענט, ווען פאַר אַלע יידן אין געטאָ איז שוין געווען קלאָר, אַז מען פירט נישט די יידן אויף אַרבעט, נאָר אין די גאַז־קאַמערן. צו פאַרבלייבן, נאָכן דאָזיקן פּעריאָד, אויף וועלכן נישט איז אַמט אין געטאָ („יודנראַט״, אָדער פּאָליציי), האָט שוין נישט געהאַט קיין שום זין.

איך געדענק גאַנץ גוט דאָס פּרצוף פון אָט דעם באַשולדיקטן געטאָ־פּאָליציאַנט. איך האָב אים פון פריער אויך געקאָנט. געטראָפן אים פון צייט צו צייט אין די ביוראָען פון יידישן צ. ק. ער איז געשטאַנען פאַרן ריכטער־טיש און געוויינט. אויסגעזען האָט ער געגנוג נעבעכדיק. אויף מיין פראַגע וואָס האָט ער געטראַכט ווען מען האָט זיין פרוי און טאָכטער אַוועקגענומען פון אים אויף דער צווייטער זייט — האָב איך קיין קלאָרן ענטפער פון אים נישט געקאָנט אַרויסבאַקומען.

דאָס געריכט האָט אים פאַראורטיילט, נישט בלויז פאַר באַלאַנגען צו דער געטאָ־פּאָליציי, נאָר אויך פאַר זיין נישט־מענטשלעכער האַנדלונג בנוגע זיין פאַמיליע. סוף כל סוף איז דער אורטייל נישט וויכטיק. לאָזט זיך דען אין אַזאַ פאַל זאָגן מיטן פולן מויל — ער האָט נישט גוט געהאַנדלט? צי האָט ער אַנדערש נישט געקאָנט האַנדלען?

עס איז מער אַ פּסיכאָלאָגישער מאָמענט. צי קאָנען מענטשן האַנדלען מענטשלעך ווען זיי ווערן דערפירט צו אַזאַ נידעריקער מדרגה? האָבן דאָך די דייטשע מערדער אויסגערעכנט און פּלאַנירט — פריער דערפירן די יידן צו אַ צושטאַנד פון האַלבע מענטשן, אַראָפּנידערן אַלץ וואָס איז

מענטשלעך. זענען דאָך די יידן אין וואַרשעווער געטאָ געגאַנגען פריי־ וויליק, אין די טויזנטער, צום אומשלאג־פּלאַץ, ווייל מען האָט דאָרט באַ־ קומען אַ ברויט און דריי פונט מאַרמעלאַד.

דאָס זענען בלויז איינצלנע פאַלן אין דער טראַגעדיע פון אויסגע־ שאָכטענעם, אויסגעמאָרדעטן פאָלק, וואָס די דייטשע בעסטיע האָט דורכ־ געפירט און וואָס איז געקומען צו דער עפנטלעכקייט נאָכן קריג.

ווער קאָן וויסן וויפל אַזעלכע פאַלן זענען נאָך געווען, אבער אויך די איינצלנע פאַלן זאָגן עדות צו וואָס די נאַצי־בעסטיע איז געווען מסוגל דערפירן מענטשן אין יענע שרעקלעכע באַדינגונגען.

# דער פּראָצעס פון מיכאל ווייכערט

אַ גאַנץ באַזונדער קאַפּיטל איז דער פּראָצעס פון גוט־באַקאַנטן אין פאַרמלחמהדיקן פוילן רעזשיסער ד״ר מיכאל ווייכערט.

אין די מלחמה־יאָרן איז ווייכערט געשטאַנען אין שפּיץ פון אַ הילפס־אָרגאַניזאַציע ״יאוס״ (יידישע אונטערשטיצונג־שטעלע). די אָרגאַניזאַציע איז געשאַפן געוואָרן דורך די דייטשן. די אונטערשטיצונג האָט באַדאַרפט גיין פאַר די יידן אין די געטאָס און לאַגערן.

״יאוס״ האָט געהערט צו דעם צענטראַלן אַמט א. נ. ״בע אונד עף״ (בעפעלקערונגס־וועזן אונד פירזאָרגע) ביי דער דייטשער רעגירונג פון גענעראַל־גאָווערנעמענט פאַר פוילן, אין קראָקע.

אַ געוויסע צייט, אין ערשטן עטאַפּ, האָט די הילפס־אַרבעט געטראָגן אַ געוויסן געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. אין ווייטערדיקן עטאַפּ, ווען עס איז געוואָרן קלאָר די פּאָליטיק פון די היטלער־מערדער צו פאַרניכטן די יידן, איז אויך קלאָר געוואָרן, אַז דאָס שאַפן די דערמאָנטע הילפס־אָרגאַ־ניזאַציע ״יאוס״ איז געווען אַן אויפטו פון דער ״געסטאַפּאָ״, מיטן צוועק צו פאַרמאַסקירן פאַר דער אויסערלעכער וועלט די אַקציעס פון אויסמאָרדן די יידן.

אין נאָמען פון אָט דער אָרגאַניזאַציע האָט זיך ווייכערט געווענדעט צו די יידן אין אויסלאַנד נאָך הילף. אין דער צייט ווען די יידן אויף דער וועלט האָבן געצווייפלט צי עס זענען ריכטיק די ידיעות וועגן די דייטשע גרוילטאַטן לגבי די יידן, האָבן ווייכערטס ווענדונגען נאָך הילף אַריינגע־טראָגן אַ דעזאָריענטאַציע אין די יידישע קרייזן אויף דער וועלט.

אין 3־טן באַנד ״אַרישע פּאַפּירן״ שרייבט מיכאל באָרוויטש וועגן ענין ווייכערט, צווישן אַנדערן: ״אין ערשטן פּעריאָד פון איר עקזיסטענץ האָט מען די ״יאוס״ געקאָנט באַטראַכטן, ווי אַ פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציע.

מיט דער צייט אָבער האָט זיך די לאַגע געענדערט. די דייטשן האָבן אויסגעמאָרדעט מיליאָנען יידן ...אויף דער פריי זענען שוין איבערהויפּט נישט פאַראַן קיין יידן. וואָס שייך די לאַגערן, ווערן זיי אויך איינער נאָך דעם אַנדערן ליקווידירט, טאָ צוליב וועלכע סיבות דערלויבן די דייטשן פאָרצוזעצן די פילאַנטראָפּישע טעטיקייט פון "יאוס"?... די הילף וואָס די "יאוס" קאָן געבן פאַר די לאַגערן איז אַ באַגרענעצטע, דערפאַר אָבער האָט די עקזיסטענץ פון "יאוס" אַן אַנדער פונקציע און אַנדערע "אַספּעקטן", קודם כל די מיטלען מיט וועלכע עס דיספּאָנירט ד"ר ווייכערט ווערן געשיקט פון אויסלאַנד. די דאָזיקע טראַנספּאָרטן אַנטהאַלטן נישט בלויז לעבנסמיטלען, נאָר אויך מעדיקאַמענטן, פון וועלכע די דייטשן נעמען צו אַ גרויסן חלק פאַר זיך.

אַזוי אַרום באַקומען זיי אַ דאַנק ד"ר ווייכערט ווערטפולע רפואות, וואָס פעלן זיי אַזוי שטאַרק אויס.

נאָך וויכטיקער איז דער צווייטער אַספּעקט: באַקומענדיק רעגולערע קוויטירונגען פאַר דער הילף, אונטערגעשריבענע דורך אַ מענטשן, וואָס זיי קאָנען — גלויבן די אויסלענדישע יידן, אַז דאָס פּוילישע יידנטום לעבט נאָך.

די עקזיסטענץ פון "יאוס" שטיצט די פאַלשע דערקלערונגען פון די דייטשן, אַז די ידיעות וועגן די מיליאָניקע מערדערייען "זענען אַן אויס־טראַכטעניש פון דער אַליאירטער און יידישער גרויל־פּראָפּאַגאַנדע".

צוליב דעם און נאָך אַנדערע סיבות שטעלט דער "יאוס" מיט זיך פאָר אַ נעסט פון קאָלאַבאָראַציע און זי דינט די דייטשן אויף אַ דאָפּלטן אופן: קודם כל פּראַקטיש — אַ דאַנק איר באַקומען זיי ווערטפולע מעדיקאַמענטן, און שנית, ווי אַ פּראָפּאַגאַנדע־מיטל פאַר אויסלאַנד.

די "יאוס" איז איינע פון די אממערסטן פערפידע "אימפּרעזעס", וואָס דער אָקופּאַנט האָט אויסגעטראַכט.

טראָץ דעם שרייבט באָרוויטש אין זעלבן קאַפּיטל ווייטער: "ווייכערט איז נישט קיין מסור און נישט קיין פּראָוואָקאַטאָר". באָרוויטש גלייבט אפילו נישט, אַז די דייטשן זאָלן דאָס געוועזן פאָדערן פון ווייכערטן. ער שרייבט ווייטער, אַז "אַ כסדרדיקע הילף האָט די "יאוס" אייגנטלעך

געגעבן נאָר דעם לאַגער פּלאַשאָוו ביי קראָקע, אַזוי אַרום האָט די "יאוס" געטראָגן דעם נאָמען "צענטראַלע" בלויז פאָרמעל און ווי אַ שילד פאַר די יידן אין אויסלאַנד. דאָס זעלבע איז אויך שייך ווייכערטן. ער האָט בלויז געטראָגן דעם טיטל פון אַ צענטראַלן טוער... פאַר אויסלאַנד". דאָך מיינט באָרוויטש, אַז ווייכערט האָט אין זיין אַרבעט אַריינגעלייגט אַ סך איניציאַטיוו לטובת די אסירים פון פּלאַשאָוו. די וואָס האָבן פון דער הילף גענאָסן האָבן זיך אין איר באמת געניייטיקט.

די יידישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע אין פּוילן האָט געוואָרנט ווייכערטן, אַז ער זאָל אָפּשטעלן זיין טעטיקייט אין "יאוס" מיט דער טענה, ווי אויבן געזאָגט, אַז בלויז די "געסטאַפּאָ" איז פאַראינטערעסירט אין דער עקזיסטענץ פון דער אָרגאַניזאַציע. עס איז ווייכערטן גאַראַנטירט געוואָרן אַ פאַסיקע באַהעלטעניש פאַר אים און זיין פאַמיליע. ווייכערט האָט ווייטער געפירט זיין טעטיקייט. ער האָט ווייטער געשיקט ווענדונגען קיין אויסלאַנד. שפּעטער האָט די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל אויף ווייכערטן.

ווי עס האָט מיר געהאָט דערקלערט אַ מיטגליד פון אונטערגרונט, איז דער טויט־אורטייל על פּי צופאַל נישט אויסגעפירט געוואָרן.

ווייכערט האָט מיט זיין פאַמיליע דורכגעלעבט די אָקופּאַציע־יאָרן אין קראָקע.

קורץ נאָך דער באַפרייונג פון פּוילן איז ווייכערט געשטאַנען פאַר אַ פּוילישן געריכט. ער איז באַפרייט געוואָרן.

ביים אָנהייב האָב איך שוין דערמאָנט וועגן דער באַציונג פון פּוילישע מלוכה־אָרגאַנען נאָך דער מלחמה צו דער פראַגע וועגן דער מיטאַרבעט מיט די דייטשן, אַזוי אַז די באַפרייונג פון ווייכערטן דאַרף קיינעם נישט איבעראַשן.

אין די יידישע קרייזן האָט מען אָבער מיט דעם נישט געקאָנט שלום מאַכן און וואָס ווייטער אַלץ אָפּטער האָבן זיך געלאָזט הערן פאָדערונגען, אַז ווייכערט זאָל געשטעלט ווערן פאַר אַ יידיש־געזעלשאַפטלעך געריכט. באַזונדערס האָבן דאָס געפאָדערט טוער פון אונטערגרונט.

אין אַן אַרטיקל אין דער בונדישער "פאָלקסצייטונג" פון 7־טן

אָקטאָבער 1946, אונטערן קעפּל ״שקץ תשקצנו״ פּאָדערט דער פּאַרשטאָר־
בענער לעאָ פינקלשטיין פון דער יידישער עפנטלעכקייט אין פוילן ״עס זאָל
ענדליך געשאַפן ווערן אַ סטאַבילע יידישע אינסטאַנץ, וואָס זאָל אויספאָרשן
און אָפּרייניקן אונדזער יידישע אַטמאָספער פון אָט די אויסוואורפן״,
געמיינט די יידישע קאָלאַבאָראַנטן.

באַזונדערס שטעלט זיך פינקלשטיין אָפּ אויף דעם פּאַל ווייכערט.
ער שרייבט: ״פאַר ד״ר מיכאל ווייכערט שטייט דעריבער איצט די אַלטער־
נאַטיוו: אָדער זיך תיקף־ומיד שטעלן פאַרן טריבונאַל פון דער יידישער
געזעלשאַפט, אָדער נעמען אויף זיך דעם חותם פון אַ בלוטיקן בוגד״.

ווען דאָס געריכט האָט שוין עקזיסטירט האָט ווייכערט פיל מאָל
זיך אָפּגעזאָגט צו שטעלן פאַרן געריכט. ער האָט געשטעלט אַ ריי פאָדערונ־
גען און געמאַכט פאַרשידענע באַוואָרענישן.

ווייכערטס פּראָצעס איז פאָרגעקומען ערשט אין נאָוועמבער 1949.
אויף דעם פּראָצעס איז דערוויזן געוואָרן, אַז ״יאוס״ איז געווען אַ קאָלאַבאָ־
ראַנטישע אָרגאַניזאַציע; אַז עס איז נישט געווען קיין וועזנטלעכער
אונטערשיד צווישן ״בע אונד עף״ און דער ״געסטאַפּאָ״; אַז דער פּרייז
פאַר דער ״הילפס־אַרבעט״ איז געווען מאַסקירן די דייטשע מאָרד־אַרבעט,
כדי צו דעזאָריענטירן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג אין אויסלאַנד; אַז
פאַר אַזאַ פּרייז האָט מען דערלויבט צו שיקן הילף פאַר אַ ביסל יידן אין
די לאַגערן; אַז ד״ר ווייכערט האָט זיין גאַנצע טעטיקייט געבויט אויף די
פאַרזיכערונגען מצד די היטלעריסטישע אָרגאַנען, און אויף זייער צוזאָג,
אַז אים מיט זיין פאַמיליע וועט גאָרנישט געשען. כדי אַזאַ פאַרזיכערונג
צו באַקומען האָט ווייכערט געמוזט צאָלן מיט אַזאַ פּרייז, וואָס איז געווען
קעגן די אינטערעסן פון די יידן. אָט אַזאַ איז געווען די אונטערלאַגע
פון דער ״יאוס״־הילף, דער אונטערגרונט פון ווייכערטס כסדרדיקע
צווישנבאַציונגען מיט די מערדער פון די יידישע פאָלקס־מאַסן.

דעם 28־טן נאָוועמבער 1949 איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן דער פּסק־
גנדיקער אורטייל: דאָס געזעלשאַפטלעכע געריכט שטעלט פעסט, אַז די
אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען ״יידישע אונטערשטיצונגס־שטעלע״ (״יאוס״),
איז געשאַפן געוואָרן דורך דער היטלעריסטישער מאַכט אין די אינטערעסן

פון דער דאָזיקער מאַכט. דאָס געזעלשאַפטלעכע געריכט שטעלט פעסט, אַז ד״ר מיכאל ווייכערט, מיט דעם וואָס ער האָט איבערגענומען די נאָמינאַציע אלס דער אָנפירער פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז אין תוך אַ קאָלאַבאָראַציאָניסטישע; מיט זיין טעטיקייט און זיין בלייבן אויף דעם דאָזיקן אַמט, נישט געקוקט אויף דער אויפפאָדערונג פון די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס, ער זאָל דעם דאָזיקן אַמט פאַרלאָזן, — האָט מיטגעאַרבעט מיט דער היטלעריסטישער מאַכט.

אָנערקענענדיק די שולד פון ד״ר מיכאל ווייכערט אַלס קאָלאַבאָראַציאָניסט, שטעמפּלט אים שאַרף דאָס געזעלשאַפטלעכע געריכט.

* * *

מיט די דאָזיקע פאַרצייכענונגען בין איך נישט אויסן געווען צו מאַכן וועלכע עס איז אויספירונגען אין דער פראַגע פון אַזאַ טרויעריק קאַפּיטל פון אונדזער חורבן, וואָס הייסט "קאָלאַבאָראַציע ביי יידן". אין דער צייט פון דער בלוטיקער דייטשער אָקופּאַציע זענען די יידן שטענדיק געווען אויסגעשטעלט אויף פיל נסיונות, מאָראַלישע און פיזישע. מען קאָן מיט גרויס סאַטיספאַקציע אָבער זאָגן, אַז אַלס כלל האָבן די יידן אַרויסגעוויזן געניג מאָראַלישן אויסדויער. אָבער צווישן יידן האָבן זיך אויך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך איינגעבראָכן און מיט זייער מיטאַרבעט מיט די דייטשן געהאַנדלט מיט די לעבנס פון אייגענע ברידער.

# דאָס "דרייצנטל" — די יידישע געסטאַפּאָ אין וואַרשע

אין דער חורבן־ליטעראַטור איז ווייניק פּלאַץ אָפּגעגעבן געוואָרן דעם טרויעריקן בלעטל געשיכטע, וואָס הייסט "די יידישע געסטאַפּאָ", ווי מען האָט גערופן דאָס 13־טל, לויטן אַדרעס ווו זי האָט אַמטירט — אויף לעשנאָ־גאַס נר. 13, אין וואַרשע.

אין שפּיץ פון 13־טל איז געשטאַנען דער טרויערדיק־באַרימטער ייד גאַנצווייך.

וועגן 13־טל דערמאָנט אין זיין העברעישן טאָגבוך חיים אהרן קאַפּלאַן. עס איז אַ בוך, וואָס פאַרנעמט אַ באַזונדער־כאַראַקטעריסטישן פּלאַץ. קודם־כל איז עס דאָס איינציק טאָגבוך, וואָס איז נישט געבוירן געוואָרן אין געטאָ, נאָר איז אַ המשך פון אַ טאָגבוך געפירט שוין לאַנג פאַר דער מלחמה... קאַפּלאַנס טאָגבוך איז נישט אַנטשטאַנען אין דער סביבה פון דעם יידישן אונטערגרונט נישט אין דער סביבה פונעם יודענראַט. דאָס איז אַזוי אַרום דער סאַמע אייגנאַרטיקסטער טאָגבוך. פאַר דער מלחמה איז קאַפּלאַן געווען באַקאַנט אין וואַרשע מיט שאַפן אַ העברעישן בית־הספר פון אַ נייעם טיפּ. (ציטירט לויט בערל מאַרק — "דער מחבר און זיין ווערק, וועגן חיים־אהרן קאַפּלאַן און זיין טאָגבוך", בלעטער פאַר געשיכטע, צייטשריפט פון יידיש־היסטאָרישן אינסטיטוט אין פוילן, באַנד 16).

אין דעם דערמאָנטן באַנד פון היסטאָרישן אינסטיטוט איז אויך איבערגעזעצט פון העברעיש קאַפּלאַנס טאָגבוך, וועלכער פאַרענדיקט זיך מיט דער דאַטע פון 7־טן מאַי, 1941. עס ווערט נישט אָנגעגעבן די סיבה. פאַרוואָס?

מיר וועלן זיך נישט פאַרנעמען מיטן טאָגבוך, נאָר בלויז ברענגען

איינציקע פאַרצייכענונגען וועגן דער יידישער געסטאַפּאָ: דאָס 13־טל.

דעם 1־טן מאַי 1941, פאַרנאָטירט קאַפּלאַן אין זיין טאָגבוך צוו. אַנד. אָט וואָס: ...״אָבער אָט איז געבוירן אַ דריטער אַנשטאַלט, אַ ממזר (די ערשטע צוויי מיינט: דעם יודענראַט און די ״יידישע אַליינהילף״ — ש. ש.) ...מען קאָן פון אים קיין מנוחה נישט האָבן... זיין אויג פאַסט־אויף אויף אַלץ און עס איז נישטאָ קיין אָרט, וואָס זאָל זיין פריי פון אים...״

פאָרמעל איז דאָס 13־טל געשאַפן געוואָרן צו באַקעמפן די ספּקולאַציע אין דער יידישער געגנט. אַרום דעם 13־טל האָבן זיך צונויפגענומען אַלע טונקעלע פאַרשוינען: מנוולים, מוסרים, קרימינאַליסטן און אונטערוועלט־מענטשן.

דאָס ״דרייצנטל״ איז געווען אַן אָפּטיילונג פון דער דייטשער געסטאַפּאָ. ביידע האָבן זיך פאַרנומען מיט גזלענען און באַרויבן די יידן.

די יידישע געסטאַפּאָ האָט זייער גוט געוווּסט, וואָס עס קומט פאָר אין געטאָ. זיי פלעגן קומען צום קרבן: ״ר׳ ייד, מיר ווייסן, אַז דו האָסט עפּעס טריפס אין דיין שטוב און דאָס וועט דיך קאָסטן כך־וכך״. ווי איז געווען דעם יידן, וואָס האָט זיך קעגנגעשטעלט.

אין געטאָ איז נישט געווען באַקאַנט צי האָט די יידישע געסטאַפּאָ אַ געזעצלעכן סטאַטוט, צי האָט זי דאָס רעכט צו אַרעסטירן, אַרויסגעבן אַן אורטייל און אויספירן דעם פּסק. דער פּחד ביי די יידן אין געטאָ האָט פאַרטיליקט יעדן צווייפל. ווער וועט נאָכקלערן? דער יודענראַט אַליין איז געווען מאַכטלאָז, די פּרוּוון פון יודענראַט צו ליקווידירן די יידישע געסטאַפּאָ האָבן זיך נישט איינגעגעבן.

ווען עס איז אַרעסטירט געוואָרן דער פּרעזעס טשערניאַקאָוו, האָט דער יודענראַט געמוזט אָנקומען צו דער הילף פון דער יידישער געסטאַפּאָ. געווען זענען קלאַנגען, אַז דער יודענראַט האָט נאָך באַצאָלט דעם 13־טל 5.000 זלאָטעס.

⁂

אין זיינע ״כתבים פון געטאָ״ דערמאָנט אויך רינגעלבלום דאָס 13־טל. דאַטירט אָנהייב יוני 1941, רעדט רינגעלבלום וועגן דעם ״זאָנדערבאַאויפ־

טראַגטער״ פאַר לעשנאָ, דאָס מיינט ער גאַנצווייכן, דעם פירער פון 13־טל, וועלכער האָט באַקומען די אַדמיניסטראַציע פון אַ סך הייזער אויף לעשנאָ־גאַס.

דער פראַגמענט וועגן וועלכן רינגעלבלום שרייבט, האָט אַ שייכות צו אַ קאָנפערענץ, וועלכע גאַנצווייך האָט גערופן.

דאָס דרייצנטל האָט געעפנט אַ ״יידישע גיכע הילף״, וואָס איז פאַקטיש געווען אַ דעקמאַנטל פאַר דער טעטיקייט און אַפּערעס פון גאַנצווייך און זיינע מיטהעלפער.

סוף 1941 שרייבט רינגעלבלום אין די ״כתבים״: ״צו וואָס צילט גאַנצווייך? איינס ווייסט מען, אַז ער שרייבט וועכנטלעכע באַריכטן וועגן געטאָ. אין איין באַריכט האָט זיך גערעדט וועגן די פּאָליטישע שטימונגען אין געטאָ, אַ באַריכט וועגן דער טעטיקייט פון די פּאָליטישע פּאַרטייען אין געטאָ. וועגן דער אגודה ווערט דערמאָנט, אַז זיי פירן אומלעגאַלע חדרים. וואָס ער האָט געשריבן וועגן די לינקע פּאַרטייען איז נישט באַוווּסט״.

גאַנצווייך האָט אָנגעשריבן אַ בוך — ״אַ יאָר אין געטאָ״. דאָס בוך איז פאַראַן אין אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע. געוויסע זיינע באַריכטן געפינען זיך אין אַרכיוו פון דער וואַרשעווער־וואָיעוואָדשאַפט.

עס איז גוט באַקאַנט דער סיסטעם פון די דייטשן: דעמאָראַליזירן די געטאָס, דערפירן די יידן צו אַ צושטאַנד פון האַלבע מענטשן, הונגער, נויט, קראַנקהייטן, רויב, גוואַלדטאַטן. דאָס אַלץ האָט פאַרלייכטערט די דעפּאָרטאַציעס, דאָס אומברענגען די יידן. מיט דער הילף פון דרייצנטל האָבן געסטאַפּאָ־לייט אויסגעפּאָמפּעט און אויסגעליידיקט די יידן פון געלט, פון ווערטפולע חפצים, באַרויבט די יידן פון אַלץ וואָס עס האָט זיך געלאָזט. צוזאַמען מיט די לייט פון דרייצנטל, האָט די דייטשע געסטאַפּאָ געפרעסן און געזויפט און צוזאַמען געהוליעט.

סוף־כל־סוף האָט די געסטאַפּאָ אין איינעם אַ טאָג צוזאַמענגערופן אויף לעשנאָ 13 גאַנצווייכן מיט זיינע מיטהעלפער און זיי אַלע דערשאָסן.

* *
*

עס איז אַ פאַקט, אַז צו די יודענראַטן אין אַ ריי שטעט אין פוילן האָבן באַלאַנגט פּראָמינענטע פאַרמלחמהדיקע יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז אין אַן עת־צרה איז זייער אָרט צוזאַמען מיט די ליידנדיקע יידן אַוודאי איז זייער באַטייליקונג געווען באַרעכטיקט ביז אַ געוויסן טערמין, ווען עס איז געוואָרן קלאָר די דייטשע פּאָליטיק פון לייזן די יידן־פּראַגע, אַזוי אַז מען קאָן געפינען פאַרענטפערונגען און זכות־אבות פאַר אַ סך יודענראַטלער.

די יידישע געסטאַפּאָ, דאָס טרויערדיק־באַרימטע "דרייצנטל" איז באַשטאַנען פון מענטשלעכן אָפּפאַל — פאַר זיי קאָן קיין שום זכות־אבות נישט געפונען ווערן.

# סאָוויעטישעווירקלעכקייט

(דערפאַרונגען מיט קאָמוניסטן)

.1

דער אויסברוך פון דער מלחמה אין יאָר 1939. צוזאַמען מיט מיין זון און אַ גרופּע בונדיסטן און פריינד פאַרלאָזן מיר וואַרשע. אונדזער וועג איז אין דער ריכטונג אויף מזרח, צו מיין היימשטאָט ראָוונע־וואָלין. מיין פרוי מיט דער טאָכטער פאַרבלייבן אין וואַרשע. מיר וואַנדערן צופוס, דורך זייטיקע וועגן, מערסטנטייל ביינאַכט. די הויפּט־וועגן ווערן אומ־אויפהערלעך באָמבאַרדירט דורך די דייטשן.

נאָך אַזאַ וואַנדערונג פון 20 טעג, פאַרהאַלטן מיר זיך אין טאָג פון יום־כיפּור אין אַ שטעטעלע אויף פּאָלעסיע, נישט ווייט פון ראָוונע. דאָרטן שוין געטראָפן די רויטע אַרמיי. דאָס שטעטל איז פול מיט אַנט־לאָפענע פון פאַרשידענע טיילן פון פּוילן. דער וועג פירט קיין מזרח צו דער סאָוויעטישער גרענעץ. עס איז דאָ אַ האָפענונג פון דעם שטעטל צו פאָרן קיין ראָוונע מיט אַ באַן.

אין שטעטל האָב איך געטראָפן באַקאַנטע, צווישן זיי אויך יאָסל מלאָטעק. אין אַ געוויסן מאָמענט קומט צו איינער פון אונדזער גרופּע, אַ ראָוונער, אַ קאָמוניסט פון פאַר דער מלחמה, געלעבט די לעצטע יאָרן אין וואַרשע, און זאָגט צו מיר: ווייסט איר וועמען איך האָב דאָ געטראָפן? דעם באַקאַנטן בונדיסט, געוועזענעם קאָמוניסט, דעם פאַרעטער מ. ל., איך וועל וועגן אים מעלדן דער נ.ק.וו.ד.

איך גיב אַ ווונק צו מיין זון, אַז ער זאָל מיט אים פאַרפירן אַ שמועס. איך בין אַוועק איבערן שטעטל, אויסגעפונען דעם חבר און איבערגעגעבן אים וועגן דער געפאַר. חבר מ. ל. איז באַלד נעלם געוואָרן. אַזוי אַרום האָט ער זיך געראַטעוועט פון אַ זיכערן אַרעסט און סאָוויעטישע לאַגערן.

דער נישט איינגעגעבענער מוסר איז שפּעטער געוואָרן מיינער אַ שוואָגער, דער מאַן פון מיין שוועסטער, אויך אַ קאָמוניסטקע. אין שייכות מיט די אַנטיסעמיטישע געשעענישן אין פּוילן איז ער באַזייטיקט געוואָרן פון זיין פאַראַנטוואָרטלעכן אַמט, אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער פּאַרטיי. דאָס איז געווען מיין ערשטע באַגעגעניש מיט דער קאָמוניסטישערווירקלעכקייט.

.2

מיטן זון זענען מיר בשלום אָנגעקומען קיין ראָוונע. געטראָפן די משפּחה. מיין פרוי מיט דער טאָכטער האָבן שפּעטער, שוין ביי די דייטשן, פאַרלאָזט וואַרשע און אויך געקומען קיין ראָוונע.

אין משך פון העכער 20 יאָר בין איך געווען טעטיק אַחוץ אין "בונד", אויך אין דער פּראָפעסיאָנעלער אַרבעטער־באַוועגונג. מיר האָבן געהאַט אין ראָוונע 14 פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון פאַרשידענע פאַכן. דער גרעסטער פאַריין, דאָס "שיינדל" אין דער פאַריינס־משפּחה, איז געווען דער פאַריין פון האַנדלס־ און ביוראָ־אָנגעשטעלטע. דער דריטער לויט דער צאָל מיטגלידער אין לאַנד.

דער פאַריין איז ביי מיר געווען די צווייטע היים. פאַר דער טעטיקייט אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען בין איך אין יאָר 1937 געווען פאַרשיקט אין טרויערדיק־באַרימטן קאָנצענטראַציע־לאַגער בערעזאַ־קאַרטוסקאַ.

אַ פּאָר טעג נאָך מיין אָנקומען קיין ראָוונע האָט באַדאַרפט פאָרקומען די ערשטע גרויסע פאַרזאַמלונג פון פאַריין, שוין אונטער דער סאָוויעטנ־מאַכט.

די יידישע קאָמוניסטן האָבן אַלע יאָרן געהאַט אין פאַריין אַ שטאַרק אָרגאַניזירטע פראַקציע. אַלע יאָרן איז אויסגעקומען צו פירן אַ פאַרביטערטן קאַמף מיט זיי.

די קאָמוניסטן האָבן געשיקט צו מיר אַ שליח, אַז איך זאָל נישט וואגן קומען צו דער פאַרזאַמלונג. עס זענען אַנדערע צייטן און פאַר פאַרעטער איז איצט קיין פּלאַץ אין פאַריין נישטאָ. דאָס איז געווען מיין

ווייטערדיקע באַגעגעניש מיט דער קאָמוניסטישערווירקלעכקייט. איך האָב נישט געהאַט קיין ברירה, איך האָב זיך אין דער פאַרזאַמלונג נישט באַטייליקט.

.3

איך האָב זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון אין שייכות מיט דער נייער לאַגע און די פּערספּעקטיוון פאַר מיר. שטופּנווייז האָב איך אָנגעהויבן באַזוכן די לאָקאַלן פון פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. די קאָמוניסטן האָבן געשיקט צו מיר אַ לינקן פּועלי־ציוניסט. ער איז געווען כשר פאַר זיי און ער האָט מיר געזאָגט אַזוי: חבר שיכאַטאָוו, דיינע באַזוכן אין די לאָקאַלן זענען נישט געוווּנטשן. דער עולם זאַמלט זיך אַרום דיר, בעסער וואָלט געווען דו זאָלסט די לאָקאַלן נישט באַזוכן. איך האָב געמוזט אָפּשטעלן דאָס באַזוכן די לאָקאַלן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. בכלל האָב איך זיך באַמיט נישט צו ווייזן זיך אָפט אין גאַס.

קיין ראָוונע איז פאַרוואָגלט געוואָרן אַ גרופּע בונדיסטן פון קראָקע מיט ד״ר לעאָן פיינער בראש, שפּעטערדיקער פאָרזיצער פון אונ־טערערדישן קאָמיטעט פון ״בונד״ בעת דער דייטשער אָקופּאַציע. מיר פלעגן זיך נאַטירלעך טרעפן. אין אַ געוויסן טאָג בין איך געשטאַנען נעבן מיין הויז און געשמועסט מיטן חבר פיינער. דערביי איז אויך געווען ד״ר וואַסערבערגער פון קראָקע, שפּעטער אומגעקומען אין סאָוויע־טישן לאַגער אין טאַשקענט. עס האָט זיך דערנענטערט צו אונדז מיינער אַן אַלטער פריינד, דווקא אַ באַקאַנטער ראָוונער קאָמוניסט לייבל ב. די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה האָט ער פאַרלוירן זיין אַרבעטס־פּלאַץ אין אַ קאָלאָניאַל־געשעפט און האָט צוזאַמען מיט זיין פאָטער געהאַנדלט מיט תבואה, אָבער אַ קאָמוניסט איז ער געבליבן.

לייבל ב. זאָגט צו מיר: ״שייקע, איך האָב צו דיר אַן ענין״. איך האָב גלייך אַרויסגעפילט. אַז עפּעס איז נישט גלאַטיק. די חברים פיינער און וואַסערבערגער האָבן געוואָלט זיך דערווייטערן, איך האָב געזאָגט זיי זאָלן פאַרבלייבן. צו לייבל ב. האָב איך געזאָגט: זאָג וואָס דו האָסט צו זאָגן, דאָס זענען מיינע פריינד, דאַרפסט זיך נישט שטערן.

דאָן איז פאָרגעקומען צווישן אונדז פאַלגנדיקער געשפּרעך. לייבל ב.: אין נאָמען פון דער יידישער קאָמוניסטישער גרופּע אין די פאַריינען בין איך באַפולמעכטיקט דיר איבערצוגעבן, אַז מיר האָבן באַשלאָסן דיך נישט "טשעפּען", כאָטש זינד האָסטו אויף זיך אַסך. מיר נעמען אָבער אין באַטראַכט דאָס פאַרשיקן דיך קיין בערעזע, אָבער זיי וויסן, אַז קיין אַרבעט וועסטו ביי אונדז נישט באַקומען".

זיינע פאָר ווערטער האָבן מיך, ווי אַ זעץ געטאָן איבערן קאָפּ. מען דאַרף זיך אָפּגעבן אַ רעכענונג וואָס הייסט אין אַ קאָמוניסטיש לאַנד פאַרלירן די רעכט אויף אַרבעט. עס האָט אין מיר געקאָכט פון אויפרעגונג.

זאָג איך צו אים: "איך בין נישט באַרעכטיקט צו אַרבעט?" ענטפערט ער מיר אַזוי: "דאַרפסט פאַרשטיין, אַז אַ סך וואָסערן דאַרפן אָפּלויפן ביז דו וועסט זיך קאָנען אַריינפּאַסן אין דער נייערווירקלעכקייט".

די קראָקעווער חברים זענען געשטאַנען און געשטוינט. פּלוצים האָט זיך פון מיר אַרויסגעריסן אַ געשריי: "אַוועק, ווייל איך שפּאַלט דיר באַלד דעם קאָפּ". אָנבויגנדיק זיך האָב איך געזוכט אַ שטיין. לייבל ב. איז געוואָרן איבעראַשט: "שייקע, באַטראַכט זיך, דו צו מיר אַ שטיין?". אָבער אין דער זעלבער מינוט האָט ער אָנגעהויבן גיין אויף צוריקוועגס, הינטערווייילעכץ, אַלץ מיט די ווערטער: "דו, צו מיר", — זיך אויסגעדרייט און איז אַוועק. די קראָקעווער חברים זענען געווען אומגעהויער אויפגע־בראַכט, אָדער געפּרוווט מיך באַרויקן. עס האָט גענומען צייט ביז איך בין געקומען צו זיך.

די מלחמה־יאָרן אין רוסלאַנד האָבן דעם קאָמוניסט לייבל אויסגע־ניכטערט: אין רוסלאַנד האָט ער זיך פאַרלאָזט אַ באָרד און פּיאות, בכדי מען זאָל אים נישט נעמען, נישט מאָביליזירן אויפן "טרוד־פראָנט" (אַרבעטס־פראָנט). נאָך דער מלחמה — אַ קורצע צייט זיך פאַרהאַלטן אין פּוילן, אַוועק קיין ישראל.

אין אַ קורצער צייט אַרום זענען קיין ראָוונע אָנגעקומען צווישן אַנדערע, אויך סאָוויעטישע טוער פאַר די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און האָבן אָנגעהויבן איינשטעלן די פאַריינען לויטן סאָוויעטישן שטייגער און סיסטעם. די יידישע קאָמוניסטן זענען געווען צופרידן, אַז מען האָט זיי

געלאָזט צורה, און יעדער האָט געזוכט פאַר זיך אַרבעט. דער אומצוטרוי צו די מיטגלידער פון דער פוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז געווען גרויס מצד דער סאָוויעטנמאַכט. האָט דאָך סטאַלין אין יאָר 1938, ערב מלחמה, ליקווידירט די פּוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי פאַר ״פּאַראַט און פּראָוואָקאַציע״.

.4

אין שייכות מיט די קראָקעווער חברים האָב איך געהאַט נאָך אַ דערפאַרונג מיט די אַרטיקע יידישע קאָמוניסטן.

עס איז געשאַפן געוואָרן אין ראָוונע אַ פאַריין פון געוועזענע פּאָליטישע אַרעסטירטע. דאָס באַלאַנגען צו אָט דעם פאַריין האָט געגעבן געוויסע פּריווילעגיעס.

צווישן די אָרגאַניזאַטאָרן זענען געווען אויך קראָקעווער קאָמוניסטן, וואָס זענען פאַרוואָרפן געוואָרן קיין ראָוונע. אָן שום שוועריקייטן האָט מען אָנגענומען אין פאַריין דעם חבר לעאָן פיינער, איז ער דאָך אויך געווען פאַרשיקט אין קארטוז־בערעזע.

חבר פיינער האָט מיך צוגערעדט, אַז איך זאָל זיך אויך אָנמעלדן אין פאַריין. איך האָב פון פאָרויס געפילט, אַז אויך אין דעם פאַל וועלן די אָרטיקע יידישע קאָמוניסטן דערצו נישט דערלאָזן. ח׳ פיינער איז דאָך באַשטאַנען און איך האָב געפּרוּווט, אָבער אונטער דעם דרוק פון די אָרטיקע יידישע קאָמוניסטן האָט מען אָפּגעזאָגט מיך אָנצונעמען אין פאַריין, נישט אָנערקענט מיך פאַר א. ג. פּאָליטישן אַרעסטירטן. פאַר מיר ווידער — אַ קלאַפּ, פאַרן חבר פיינער ווידער — אַן אַנטוישונג.

די פרוי מיט דער טאָכטער זענען שוין געקומען פון וואַרשע קיין ראָוונע. עס איז אַ פּראָבלעם. מען קאָן דאָך נישט אַרומדרייען זיך אָן אַרבעט. איך קלער זיך אַריבערטראָגן קיין לעמבערג.

די באַקאַנטע אָרטיקע דאָקטוירים האָבן זיך פאַר מיר איינגעשטעלט. איך באַקום אַרבעט אין דער אָפּטיילונג פאַר געזונטהייטס־ענינים, דאָס האָט באַדאַרפט זיין אַ מין סאַטיספאַקציע פאַר באַזייטיקן מיך אַלס אַ ייד פון דער ראָוונער קראַנקן־קאַסע, ווו איך האָב געאַרבעט. די אַרבעט אין

"זדראַוואָטדיעל" אַלס קאַסירער האָט מיך ווייט נישט צופרידנגעשטעלט און ביי דער ערשטער געלעגנהייט האָב איך די אַרבעט פאַרלאָזט.

אין צווישנצייט האָט מען מיך אָנגעהויבן פון צייט צו צייט אַרויס־רופן אין ענ.קאַ.ווע.דע. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די גוט־באַקאַנטע פאַר־שונגען: "מיר וויסן דיין אַנטיסאָוויעטישע פאַרגאַנגענהייט, דו ביסט אַ בונדיסט, אַ שונא פון פאָלק, געווען אַ רעדאַקטאָר פון דער בונדישער "פאָלקסצייטונג", און נאָך אַזעלכע חטאים. געפּאַרשט און אָפּגעלאָזט. אַזוי אַ לענגערע צייט.

דאָס האָט נישט געמוזט אַפילו זיין אַ רעזולטאַט פון אַ מסירה פון די אָרטיקע יידישע קאָמוניסטן. די ענ.קאַ.ווע.דע. האָט געהאַט אין אירע הענט אַלע מאַטעריאַלן פון דער פוילישער פּאָליטישער פּאָליציי. די רויטע אַרמיי האָט דאָך איבערגענומען אויף דער אָקופּירטער טעריטאָריע אַלץ ווי עס שטייט און גייט. ווען נישט דער אויסברוך פון דער מלחמה אין יאָר 1941, און אונדזער אַנטלויפן מיט דער פאַמיליע קיין מיטל־אַזיע, וואָלט מיין גורל געווען אַ געחתמעטער.

אין די יאָרן פאַר דער מלחמה, האָב איך אין הסכם מיטן באַשלוס פון ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין ראָוונע אָרגאַניזירט די פליישער־אַרבעטער. דאָס מיינט די אַרבעטער אין די שעכט־הייזער. דאָס איז געווען אַ גרופּע שלעגער, אַן אומפאַראַנטוואָרטלעכע חברה, ספּעציעל, די יוגנט.

עס האָט גענומען אַרום צוויי יאָר ביז איך האָב זיי פאַרוואַנדלט אין דיסציפּלינירטע פאַריינס־מיטגלידער.

מיט דער צייט האָבן זיי זיך געענדערט נישט צום דערקענען. זיי זענען מיר געווען שטאַרק דאַנקבאַר, מיך שטאַרק געשעצט און מיין וואָרט איז פאַר זיי געווען מאָסגעבנד. די אַרבעטער־באַוועגונג האָט געהאַט פון זיי נחת. די יונגערע זענען פריער אַריינגעטראָטן אין דער בונדישער ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע "מאָרגנשטערן", שפּעטער אין "בונד". דער עלטערער עלעמענט זענען געווען סימפּאַטיקער פון "בונד".

ווייל עס זענען נאָך נישט אָנגעקומען קיין סאָוויעטישע ספּעציאַליסטן איבערצונעמען די שעכטהייזער, איז צייטווייליק באַשטימט געוואָרן אַלס

דירעקטאָר דער פירער פון דער גרופּע פליישער־אַרבעטער, פּייוול בידער־מאַן. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ פלייש־קאָמבינאַט פון די שעכט־הייזער אין ראָוונע און אין דריי אַרומיקע שטעט. פאַר אַ פּשוטן אַרבעטער איז דאָס געווען צופיל. ער איז געווען אַ גאַנץ שכלדיקער בחור, אַ גוטער ספּעציאַליסט אין דער אַרבעט, אָבער נישט פאַר אַזאַ אַמט.

לויט דער אַלטער געוווינהייט איז פּייוול געקומען צו מיר נאָך אַן עצה וואָס צו טאָן. איך האָב אים געגעבן אַ ריי אָנווייזונגען, רעקאָמענ־דירט גלייך צו אַנגאַזשירן אַ בוכהאַלטער, וועלכער זאָל קודם כל אָפּהיטן די פינאַנסן, אַז ער זאָל צוליב דעם נישט אַריינפאַלן, אויך אָנגעוויזן אים אויף מיינעם אַ חבר אַ בוכהאַלטער, וועלכער האָט שוין באַזוכט קורסן פון סאָוויעטישער בוכאַהלטעריע. ער האָט אַזוי געטאָן.

אין אַ געוויסן טאָג איז געקומען צו מיר דער זעלבער פּייוול, דירעק־טאָר פון פלייש־קאָמבינאַט און פרעגט מיך: ״שייקע, וואָסזשע וועט זיין מיט אייך?״ — ״וואָס קאָן איך וויסן? קיין גוטס זע איך נישט״ — האָב איך געענטפערט.

ער איז געקומען מיט אַ פאָרשלאַג, אַז איך זאָל אָנקומען אַרבעטן אין פלייש־קאָמבינאַט, אָרגאַניזירן די ביוראָ. איך האָב אים אויפגעקלערט, אַז מיט אַנגאַזשירן מיך וועט ער מיר נישט לייכטער מאַכן, אָבער אויף זיך נעמט ער אַ צרה. זיין ענטפער איז געווען: ״וואָס עס וועט זיין מיט אייך וועט זיין מיט אונדז״. איך האָב אים אויפגעקלערט, אַז ער גיט זיך נישט אָפּ קיין חשבון, וואָס עס הייסט קאָמוניזם, און ביי וועלכע באַדינ־גונגען מיר געפונען זיך. זיין ענטפער איז געווען: ״שייקע, אַזוי האָט איר אונדז געלערנט? אין אַ צרה זאָלן מיר, די פליישער־אַרבעטער, אייך לאָזן אויף הפקר?״

סוף־כל־סוף האָב איך אָנגענומען די אַרבעט אין פליישער־קאָמבינאַט, אָרגאַניזירט די ביוראָ, שפּעטער געוואָרן פאַרוואַלטער פון דער אָפּטיילונג פאַר פאַרקויף פון דער פּראָדוקציע.

אַחוץ באַזאָרגן די שטאָטישע באַפעלקערונג, וועלכע איז גלייך ביים אַריינקומען פון דער רויטער אַרמיי געוואָרן פליישלאָז, האָט מען באַדאַרפט אין דער ערשטער ריי באַזאָרגן מיט פלייש דעם מיליטערישן גאַרניזאָן און

אויך אָנפירן מיט דער אַרבעט אין ראַיאָן.

אין קורצן איז אָנגעקומען אַ דירעקטאָר, אַ ספּעציאַליסט, וועלכער האָט איבערגענומען די אָנפירערשאַפט פון קאָמבינאַט. פייוול בידערמאַן איז געוואָרן דער עלטסטער פון די אַרבעטער אַזוי ווי פאַר דער מלחמה.

(בעת דער דייטשער אָקופּאַציע האָט פייוול זיך אויסבאַהאַלטן ביי די אַרומיקע פּויערים. זיי האָבן אים אָבער אויסגעליפערט צו די דייטשן, וועלכע האָבן אים אַרומגעבונדן מיט שטיינער און אַריינגעוואָרפן אין טייך).

דער צענטער פאַר די געביטן, וואָס זענען אָקופּירט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי לויטן היטלער־סטאַלין־אָפּמאַך — איז געווען אין לעמבערג. דאָרט האָבן זיך געפונען די צענטראַלע אינסטיטוציעס פאַר די געוועזענע געביטן פון מערב־אוקראַינע און מזרח־גאַליציע.

אין לעמבערג זענען געווען איינגעאָרדנט פאַרשידנאַרטיקע קורסן פאַר ספּעציאַליסטן־באַאַמטע לויטן סאָוויעטישן סיסטעם.

אין קורצן איז אָנגעקומען אויך אין קאָמבינאַט אַ פּלאַנירער פון דער פּראָדוקציע. דער פּלאַנאָוויק, אַ לעמבערגער ייד מיט אַ דאָקטאָר־טיטל, האָט זיך לאַנג אין ראַוונע נישט געהאַלטן.

שטופּנווייז האָב איך זיך באַקענט מיט דער אַרבעט, דורכגעמאַכט אַ קורס אין לעמבערג און נאָך דעם עקזאַמען באַשטימט געוואָרן אַלס פּלאַ־נאָוויק פון דער פּראָדוקציע. דאָס איז אויך געוואָרן מיין פּראָפעסיע אין רוסלאַנד. איין יאָר ביי פּראָדוקציע־פּלאַנירונג און די איבעריקע זעקס יאָר ביי דער פּלאַנירונג פון אַרבעט (אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט אַרבעטס־פּראָבלעמען פאַלן אַרונטער אונטער דער יוריסדיקציע פון אַרבעטס־פּלאַנירונג, אין רוסיש — נאָטשאַלניק אָטדיעלאַ טרודאַ אי זאַפּלאַטי).

עס איז געקומען דער מאָמענט פון אַריינטרעטן אין פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. דאָס איז אַ וויכטיקער מאָמענט פאַר דעם, וואָס דאַרף אָנגענומען ווערן אין פאַריין, ספּעציעל אויף די געביטן, וואָס האָבן פריער געהערט צו פּוילן.

די פּראָצעדור איז אַזאַ: דער קאַנדידאַט דאַרף אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג איבערגעבן זיין אויטאָביאָגראַפיע, זיין סאָציאַלע אָפּשטאַ־מונג. אויב אַלץ איז כשר, קיינער פון די פאַרזאַמלטע האָט נישט קיין באַ־

וואָרעניש, אין רוסישן באַנוצט מען זיך אין דעם פאַל מיטן וואָרט „אָטוואָד״, ווערט דער קאַנדידאַט אָנגענומען אין פאַריין.

שטופנווייז האָט מען אויף פאַרזאַמלונגען אָנגענומען די ווייט־גרעסטע צאָל מיטאַרבעטער פון די שעכטהייזער, דאָס מיינט אין דעם פלייש קאָמבינאַט, ווו איך האָב געאַרבעט. אָבער ווי וועט זיין מיט מיר?

עס איז געווען אַ מורא, אַז ווען איך וועל דאַרפן דורכמאַכן די דער־מאָנטע פּראָצעדור, קאָן קומען פון וועמען אַן „אָטוואָד״ און דאַן בין איך אין געפאַר. אויך דאָס מאָל האָבן מיך די פליישער גראַטעוועט ריזיקירנ־דיק מיט זיך אַליין. דער פאַבריקס־קאָמיטעט האָט פּשוט געפּעלשט און אויף אַ ליסטע פון אָנגענומענע אין פאַריין אַריינגעשטעלט אויך מיין נאָמען, די ליסטע אוועקגעשיקט קיין לעמבערג און איך האָב צוזאַמען מיט די איבעריקע באַקומען אַ מיטגלידס־קאַרטע פון פאַריין.

אָבער אַ צרה איז געקומען סייווי.

אין אַ געוויסן טאָג איז אַראָפּגעקומען פון לעמבערג אַ פאָרשטייער פון פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, אַ יונגער יידישער בחור, אַ קאָמוניסט פון וואַרשע. ער האָט גערופן אַ זיצונג פון פאַבריקס־קאָמיטעט. זיצנדיק ביי דער אַרבעט אין ביוראָ האָב איך געהערט, אַז אויף דער זיצונג איז גאַנץ לעבעדיק. אין מיטן דער זיצונג קומט אַרויס אַ מיטגליד פון פאַבריקס־קאָמיטעט, דער פאַרוואַלטער פון דער וווּרשטן־פאַבריק ביים קאָמבינאַט און זאָגט צו מיר: „ווייסט, שייקע, דער שליח פון פאַריין איז געקומען צוו. אַנד. צונעמען ביי דיר דיין מיטגלידס־קאַרטע פון פאַריין. וואָס וועט זיין?״.

איך בין זיך מודה, אַז פון דער ידיעה איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. איך זאָג אים: „וואָס פרעגסטו מיך וואָס וועט זיין? איך האָב דאָך אייך געוואָרנט, אַז מיר וועט איר נישט מאַכן בעסער און אויף זיך נעמט איר צרות״.

לויט זיין נאַטור פלעגט ער זיך זייער שנעל אויפרעגן. אויך דאָס מאָל האָט ער זיך אויפגערעגט, געגעבן אַ קלאַפּ מיטן טינטער אין מיין שרייב־טיש: „אַזוי האָסטו אונדז געלערנט? איך וואַרף דיר באַלד דעם טינטער אין פּנים״.

״פאַרוואָס נישט״, זאָג איך אים, ״דאָס וואָלט געווען אַ גאַנץ שיינער אויפטו פון דיין זייט״.

ער איז שנעל אַריין צוריק אויף דער זיצונג.

אין אַ געוויסן מאָמענט האָבן זיי געמאַכט אַן איבעררייס אויף מיטאָג. פייוול בידערמאַן, דער פאָרזיצער פון פאַבריקס־קאָמיטעט האָט זיך באַמיט מיך צו באַרויקן: זיי וועלן אַלץ טאָן בכדי נישט דערלאָזן ער זאָל צונעמען מיין מיטגלידס־קאַרטע.

נאָכן איבעררייס האָבן זיך פון ביידע זייטן נעבן שליח אַוועקגעזעצט צוויי פליישער־אַרבעטער. דאָס זענען געווען צוויי שטאַרקע יונגען. ווי די פליישער־אַרבעטער האָבן מיר שפּעטער איבערגעגעבן האָבן זיי, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון וואָס עס קאָן דערפון אַרויסקומען, אים גע־זאָגט קלאָר און אָפן, אַז אויב ער וועט נישט אָפּזאָגן זיך פון צונעמען מיין מיטגלידס־קאַרטע, וועט ער קיין גאַנצער פון דאַנעט נישט אַרויס, און דערביי זיך פאַררופן אויף מיינע פאַרדינסטן פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג און אויף מיין פאַרשיקט ווערן קיין קאַרטוז־בערעזע. צום סוף האָט דער שליח אַ זאָג געטאָן: ״מיר האָבן אַלע אַקטן פון בערעזע, מען דאַרף נאָך קאָנטראָלירן ווי ער האָט זיך אויפגעפירט אין בערעזע״.

דאָס האָט דעם עולם שרעקלעך אויפגעבראַכט. זיי האָבן זיך פּשוט געוואָרפן אויף אים. עס איז קוים געקומען צו אַ באַרויקונג. דאַן האָט ער זיך צוריקגעצויגן. נאָך דער זיצונג איז ער געקומען צו מיר, מיט מיר געשמועסט און מיך געבעטן מיטהעלפן דעם פאַבריקס־קאָמיטעט אין דער אַרבעט.

דער ענין וואָלט זיך אַזוי גלאַטיק נישט געווען פאַרענדיקט פאַר מיר און פאַר די מיטגלידער פון פאַבריקס־קאָמיטעט, נאָר די מלחמה אין 1941 קעגן היטלער־דייטשלאַנד האָט אַלץ צונישט געמאַכט. איך בין צייט־ווייליק געראַטעוועט געוואָרן פון גרויסע אומאָנגענעמלעכקייטן.

.5

מיין פרוי האָט נישט געהאַט בדעה צו גיין אַרבעטן אין אַ פאַבריק. ווי אַ הויך־קוואַליפיצירטע קליידער־שניידערין איז זי געווען זיכער, אַז זי

וועט אַרבעטן ביי זיך אין הויז. זי האָט יאָרן־לאַנג געאַרבעט אַלס אינסטרוק־טאָרין אין אַן "אָרט"־שולע.

דער סאָוויעטישער סיסטעם האָט זיך שטופנווייז איינגעפעסטיקט. סאָוויעטישע אינסטיטוציעס. עס איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן די ריזיקע סאָוויעטישע אינסטיטוציעס. עס איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן די ריזיקע אינסטיטוציע "וואָיענטאָרג" (מיליטערישער האַנדל). די אינסטיטוציע האָט באַזאָרגט מיט אַלעם נייטיקן די אָפיצירן פון דער רויטער אַרמיי און זייערע פאַמיליעס, פרויען און קינדער. אַזוי פיל סחורות האָבן די סאָוויע־טישע לייט קיינמאָל פאַר זייערע אויגן נישט געזען ווי אויף די אָקופּירטע געביטן.

זיי האָבן געזוכט קוואַליפיצירטע אַרבעטער פאַר די וואַרשטאַטן. די יידישע שניידער־אַרבעטער האָבן אָנגעוויזן אויף מיין פרוי; מען האָט זי אַרויסגערופן אין "וואָיענטאָרג" און זי האָט געמוזט אָננעמען די אַרבעט פון אַ צושניידערין.

נאָך אַ געוויסער צייט האָט אויך מיין פרוי געמוזט דורכמאַכן די פּראָצעדור פון אָנקומען אין פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. אויף אַ פאַרזאַמלונג האָט זי דערציילט איר אויטאָביאָגראַפיע. אין סאָציאַלן הינזיכט איז זי דאַכט זיך געווען אינגאַנצן כשר. אויף דער פראַגע ווער האָט אַן "אָטוואָד", האָט זיך אויפגעשטעלט אַ יונג מיידל, אַ געוועזענע שילערין פון מיין פרוי אין דער "אָרט"־שול, און האָט דערקלערט, אַז די פרוי שיכאַטאָוו איז אַ בונדיסטקע און איר מאַן אַ באַקאַנטער בונדיסט־פּאַשיסט.

דער גורל האָט אויסגעזען צו זיין אַ געחתמעטער. מען האָט אָפּגעלייגט דאָס אָננעמען מיין פרוי אויף דריי חדשים, כדי דורכצופירן אַן אויספאָר־שונג. די דירעקטאָרשע, אַ יידיש־סאָוויעטישע פרוי, איז געווען שרעקלעך אויפגעבראַכט אויף דעם מיידל פאַר איר "אָטוואָד", און האָט זי גלייך באַזייטיקט פון דער אַרבעט.

זייענדיק פאַראינטערעסירט, אַז מיין פרוי זאָל בלייבן ביי דער אַרבעט, האָט די דירעקטאָרשע אָפּגעמאַכט מיטן פאָרזיצער פון פאַריין, אַ סאָוויע־טישער מענטש, און אין דריי חדשים אַרום איז מיין פרוי אָנגענומען געוואָרן אין פאַריין. די אַרבעט אין "וואָיענטאָרג" איז געווען אַ פאַראַנט־

וואָרטלעכע, אַ גוט־באַצאָלטע און מיט געוויסע פּריווילעגיעס.

.6

מיין יינגסטע שוועסטער האָט געוווינט אין וואַרשע און אַלע יאָרן אומלעגאַל געאַרבעט פאַר דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. ווען די רויטע אַרמיי האָט אָקופּירט ראָוונע, איז זי אַהיימגעקומען און געאַרבעט אין אַ ביוראָ פון איינער פון די סאָוויעטישע אינסטיטוציעס. אויך זי האָט נאַטירלעך באַדאַרפט דורכמאַכן די פּראָצעדור פון אַריינטרעטן אין פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג האָט זי דערציילט איר אויטאָביאָגראַפיע. דער פאָרזיצער פרעגט, צי האָט ווער אַ באַוואָרעניש (אָטוואָד); שטייט אויף דער שוועסטערס אַ חברטע און דערקלערט — אַז די חברטע שיכאַטאָוו האָט אַ ברודער אַ בונדיסט, אַ באַקאַנטער אַנטי־סאָוויעטישער מענטש.

אויך דאָס מאָל ווערט אָפּגעלייגט דאָס אָננעמען מיין שוועסטער אין פּראָפעסיאָנעלן פאַריין אויף דריי חדשים. מען וועט פירן אַן אויספאָרשונג.

אין דריי חדשים אַרום האָט מיין שוועסטער אָפּגעגעבן פאָלגנדיקע דערקלערונג אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג: ״ריכטיק, אַז מיין ברודער איז אַ בונדיסט, אָבער איך האָב קיין שום געמיינזאַמעס נישט מיט אים״...

זי איז אָנגענומען געוואָרן אין פּראָפעסיאָנעלן פאַריין.

## פּאַספּאָרטיזאַציע

עס איז געקומען די צייט, ווען די באַפעלקערונג אויף די פּוילישע געביטן אָקופּירטע דורך דער רויטער אַרמיי האָט באַדאַרפט דורכגיין די פּאַספּאָרטיזאַציע. יעדער סאָוויעטישער בירגער מוז האָבן אַ פּאַספּאָרט.

אויף די געוועזענע פּוילישע געביטן איז דאָס ממש געווען אַ טראַגעדיע. פון פּאַספּאָרטן האָט געקאָנט געניסן בלויז די איינגעזעסענע באַפעלקערונג. די אַנטלאָפענע פון פּוילן, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער דער סאָוויעטישער אָקופּאַציע זענען דערצו נישט געווען באַרעכטיקט.

אין זומער 1942 זענען זיי אַלע אַרעסטירט געוואָרן און אין פון פריער

צוגעגרייטע טראַנספּאָרטן, האָט מען זיי אַוועקגעפירט אין לאַסט־וואַגאָנען טיף אין רוסלאַנד אין די לאַגערן און פּאָסיאָלקעס.

די אַרטיקע באַפעלקערונג איז פאַרטיילט געוואָרן אויף פאַרשידענע קאַטעגאָריעס. "בורזשויען" און אַנגעזעענע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע טוער, ספּעציעל יידן, האָבן קיין פּאַספּאָרטן נישט באַקומען. אויך זיי זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין רוסלאַנד אין די לאַגערן. קלענערע קאַטעגאָריעס סוחרים און אונטערנעמער האָבן באַקומען פּאַספּאָרטן מיטן פּאַראַגראַף 11, וועלכער האָט זיי פאַרווערט צו וווינען אין ראַיאָנע ווי אַן אָבלאַסטנאָיע שטאָט. אַזעלכע האָבן געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט און זיך באַזעצן אין קלענערע ישובים.

ווי אַ געבוירענער און לאַנגיעריקער תושב, בין איך מיט מיין פאַמיליע נאָרמאַל געווען באַרעכטיקט צו באַקומען פּאַספּאָרטן. אָן אַ פּאַספּאָרט וואָלט איך נישט געקאָנט אַרבעטן, אָבער עס איז נישט געגאַנגען אַזוי גלאַטיק. מיין ווענדונג איז איבערגעשיקט געוואָרן צו די העכערע מיליץ־אינסטאַנצן אין שטאָט.

אויסנוצנדיק אַ פּראָטעקציע און דערצו אַ צוגאָב פון געלט, האָבן מיר די פּאַספּאָרטן באַקומען.

# אין מיטל־אַזיע

ביים אויסברוך פון דער רוסיש־דייטשישער מלחמה אין יאָר 1941, האָבן מיר פאַרלאָזט די שטאָט און געלאָפן אויף מזרח. טיף אין רוסלאַנד. נאָך לאַנגע וואַנדערונגען און אומוואַנדלונגען זענען מיר אָנגעקומען אין מיטל־אַזיע — אוזבעקיסטאַן, אין דער שטאָט נאַמאַנגאַן, ביי טאַשקענט.

דאָ האָב איך צופעליק געטראָפן דעם חבר מאַקס ברום, איצט אין ישראל. די באַגעגעניש איז באמת געווען אַ גרויסע איבערלעבונג פאַר אונדזביידן — צוויי בונדיסטן האָבן זיך געטראָפן.

דעם חבר ברום האָב איך געקענט נאָך פון וואַרשעווער האַנדלס־און ביורא־אָנגעשטעלטע־פאַריין.ביידע משפחות האָבן זיך שוין געהאַלטן צוזאַמען.

מיר זענען געווען די איינציקע, וואָס האָבן געוווּסט אונדזער בונדישע אָפּשטאַמונג.

נאָך דער מלחמה האָבן מיר אין פּוילן געטראָפן בונדיסטן מיט וועלכע מיר זענען צוזאַמען געווען אין דער זעלבער שטאָט. זיי האָבן אָבער צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים זייער בונדישקייט אויסבאַהאַלטן.

אין דער שטאָט און אַרומיקער געגנט האָבן געלעבט אַרום צוויי טויזנט מענטשן פון פּוילן, די ווייטגרעסטע מערהייט יידן. דאָס איז געווען שוין נאָך דעם ווי די פּוילישע אַרמיי פון גענעראַל אַנדערס האָט פאַרלאָזט רוסלאַנד.

אין שטאָט איז געווען טעטיק אַן א. ג. "פּוילישע פּלאַצוווקע" פון דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין קויבישעוו, וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט געבן הילף מענטשן פון פּוילן, אָבער די הילף האָט געטראָגן אַ כאַראַקטער פון חוזק. מען האָט צוגעוואָרפן דעם עולם אַביסל שמאַטעס. דאָס האָט באַדאַרפט הייסן מלבושים. דאַקעגן האָבן אַרום דער "פּלאַצוווקע" זיך

געדרייט אַ גרופּע שפּעקולאַנטן פון די פּוילישע יידן און אַלץ איז געגאַנגען אויפן מאַרק.

צוזאַמען מיטן חבר ברום האָבן מיר אינטערווענירט ביים פּאַרוואַלטער פון דער "פלאַצוווקע" וועגן די ספּעקולאַציעס, און אַז מען זאָל אויף אַן אָנשטענדיקן אופן פאַרטיילן די זאַכן צום עולם, וועלכער נייטיקט זיך אין דעם. מיר האָבן אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז ער וועט דאָך אויך וועלן צוריקפאָרן קיין פּוילן ווען די צייט וועט קומען. זיין ענטפער איז געווען, אַז ער נייטיקט זיך נישט אין קיין אַדוואָקאַטן, און ווער זענען מיר בכלל, וואָס קומען מיט אינטערווענצן?

איך מיט מיין פאַמיליע זענען פון הילף געוואָרן אויסגעשלאָסן, ווייל מיר האָבן געהאַט סאָוויעטישע פאַספּאָרטן.

דורך דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין קויבישעוו האָב איך זיך געשטעלט אין בריוולעכן קאָנטאַקט מיט אַרטור זיגעלבוים אין לאָנדאָן. צוו. אַנד. האָב איך אים געשריבן וועגן דער אָרדענונג אין דער "פלאַצוווקע".

די בריוו צו אַרטורן זענען געווען אָפענע, אַזוי, אַז אין דער אַמבאַסאַדע האָבן זיי די בריוו געלייענט.

איך האָב אויך באַקומען בריוו פון חבר אַרטור. אין איין בריוו האָט ער מיר געשריבן, אַז ער האָט מיר אַרויסגעשיקט געלט, אָבער איך האָב דאָס קיינמאָל נישט באַקומען. אַזוי אַרום האָבן זיך אונדזערע חברים אין ניו־יאָרק דערוווּסט וועגן מיין עקזיסטענץ.

איין מאָל האָב איך באַקומען אַ בריוו פון שלמה מענדעלסאָן, אונטער וועמענס פירערשאַפט איך האָב געאַרבעט אין וואַרשע אין דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע (ציש"א). דער פּועל־יוצא פון מיינע בריוו צום חבר אַרטור זיגעלבוים איז געווען, אַז אין אַ געוויסן טאָג, — וואַרשיינלעך לויט די אָנווייזונגען פון דער אַמבאַסאַדע — האָט מיך גערופן דער פירער פון דער "פלאַצוווקע". ער האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר מיר און צוגעטיילט פאַר מיר און מיין פאַמיליע מלבושים, שיך און פּראָדוקטן.

ווען די סיטואַציע אויפן פראָנט האָט זיך געבעסערט, זענען די "פלאַצוווקעס" ליקווידירט געוואָרן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע קאַפּיטל פאַר די געוועזענע פּוילישע בירגער. עס איז אַנטשטאַנען אַ נייע פּוילישע

אָרגאַניזאַציע, די ז.פּ.פּ. (פאַריין פון פּוילישע פּאַטריאָטן).

## זעט. פּע. פּע.

ווי איך האָב שוין באַטאָנט, איז אין מאָסקווע געשאַפן געוואָרן אַ פאַריין פון פּוילישע פּאַטריאָטן מיט אָפּטיילונגען אין לאַנד, וווּ עס האָבן זיך קאָנצענטרירט געוועזענע פּוילישע בירגער.

ביי דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון זעט.פּע.פּע. איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ יידישער קאָמיטעט, אין שפּיץ מיטן געוועזענעם דעפּוטאַט אין פּוילישן סיים (פאַרלאַמענט) פאַר דער מלחמה, ד״ר זאָמערשטיין.

קיין יידישע קאָמיטעטן אין לאַנד זענען נישט געשאַפן געוואָרן.

זאָמערשטיין איז אין אַ קורצער צייט אַרום אַוועק קיין וואַרשע, וווּ ער האָט איבערגענומען דעם אַמט פון פאַרזיצער פון יידישן צענטראַל־קאָמיטעט אין פּוילן.

אין אַ צייט אַרום איז ער אין שליחות פון יידישער צ. ק. געפאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וווּ ער איז שוין פאַרבליבן, שפּעטער דאָרט געשטאָרבן. זיין אַמט אין יידישן קאָמיטעט אין מאָסקווע האָט פאַרנומען דער באַקאַנטער שרייבער, דער בונדיסט, לעאָ פינקלשטיין. די פּאַקטישע פירער פון יידישן קאָמיטעט זענען געווען די קאָמוניסטן בערל מאַרק און ד״ר דוד ספאַרד.

פּוילן איז שוין באַשטימט געוואָרן אַלס אַ מאָסקווער סאַטעליט. מען האָט אָנגעהויבן קאָנצענטרירן אין מאָסקווע פּוילישע קאָמוניסטן, זיי טרענירן און איבערשיקן אויף פאַרשידענע אָנפירנדיקע אַמטן קיין פּוילן. אויך יידישע קאָמוניסטן זענען טרענירט געוואָרן ספּעציעל פאַר יידישער אַרבעט אין פּוילן, וועלכע איז שוין דאַן געווען באַפרייט פון דער נאַצישער אַרמיי.

די גרעסטע צאָל געוו. פּוילישע בירגער איז געווען קאָנצענטרירט אין מיטל־אַזיע. נאָכדעם ווי די פּוילישע אַרמיי פון גענעראַל אַנדערס האָט פאַרלאָזט רוסלאַנד, זענען די מערסטע פאַרבליבענע געווען יידן. די הויפּט־פאַרוואַלטונג פון זעט.פּע.פּע. אין מאָסקווע האָט געשאַפן אַן אָפּטיילונג פאַר מיטל־אַזיע אין טאַשקענט. אין שפּיץ איז געשטאַנען אַ

געוויסער האָבער, שפּעטער געאַרבעט אין פּוילן. אויף וויפל דער זכרון דינט מיר, אין דער הויפּטצענזור. זיין פאַרטרעטער איז געווען אינזשיניער לעוו — ביידע יידן.

אינזשיניער לעוו האָט צוויי מאָל באַזוכט די שטאָט נאַמאַנגאַן ווו מיר האָבן געלעבט, און אין וועלכער צוזאַמען מיט דער אַרומיקער געגנט, האָבן זיך געפונען אַרום צוויי טויזנט געוו. פּוילישע בירגער. זיין ציל איז געווען שאַפן אַן אָפּטיילונג פון זעט.פּע.פּע. ער האָט אָבער ביידע מאָל נישט געפונען קיין פּאַסיקע קאָמוניסטן אויף די אַמטן פון פאָרזיצער און פאַראַנט־וואָרטלעכן סעקרעטאַר. ער איז געקומען צום דריטן מאָל, באַשטימט אַ פאַרזאַמלונג פון די געוו. פּוילישע בירגער. אַ טאָג פריער האָט ער מיך אַרויסגערופן צו זיך. דער געשפּרעך איז געווען מער וויניקער פאָלגנדער: ער ווייסט, אַז איך בין אַ בונדיסט, אַז איך בין געווען פאַרשיקט אין פּוילישן קאָנצענטראַציע־לאַגער בערעזאַ קאַרטוסקאַ, ער ווייסט וועגן מיינע אַקטיוויטעטן א.א.וו., ער זאָגט מיר פּשוט, עס איז נישטאָ קיין פּאַסיקער קאָמוניסט אַלס פאָרזיצער, איך דאַרף אָננעמען דעם אַמט.

עס איז נישט שווער זיך פאַרצושטעלן מיינע געפילן, מיין געמיט־צושטאַנד ווען ער האָט מיר אויסגערעכנט מיין גאַנצן יחוס. ער האָט פאַר מיר אַנטפּלעקט מיין גאַנצע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע פאַרגאַנגענהייט. איך בין געבליבן אַ געפּלעפּטער: פון וואַנען האָט ער דאָס אַלץ געוווסט? מיין ענטפער איז געווען, אַז איך קאָן דעם אַמט נישט אָננעמען צוליב מיין אַרבעט און אַמט, וועלכן איך פאַרנעם, צוליב מיין געזונט־צושטאַנד און אַנדערע תירוצים.

די לאַגע האָט געראַטעוועט אַ גרופּע יידן, צווישן זיי די ספּעקולאַנטן פון דער געוו. ״פּלאַצוווקע״. זיי האָבן איבערצייגט דעם פאַרשטייער לעוו, אַז עס וועט זיין בעסער לגבי די אָרטיקע סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען ווען אין שפּיץ וועט שטיין אַ קריסט. לעוו איז אויף דעם איינגעגאַנגען, אָבער די אַמטן פון פאַראַנטוואָרטלעכן סעקרעטאַר און פאָרזיצער פון דער סאָציאַלער קאָמיסיע, האָב איך געמוזט אָננעמען. די סאָוויעטישע רעגירונג האָט אין יענער צייט געגעבן פאַר די פּוילישע בירגער אַ גרויסע צוטיילונג פון פּראָדוקטן.

מיר האָבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די אָפּטיילונג פון זעט.פּע.פּע. אין קורצן האָבן מיר באַקומען, לויט דער אָנווייזונג פון קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אַ לאָקאַל צוגעטיילט דורך דעם שטאָטישן סאָוויעט אין איינעם פון די מוזולמענישע מעטשעטן, וועלכער איז געשטאַנען ליידיק. מיר האָבן באַקומען די פּראָדוקטן־צוטיילונג. ווי געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן, איז שווער אַלעמען צופרידנצושטעלן. זענען געווען אומצופרידענע, די גרופּע געוויזענע שפּעקולאַנטן, וועלכע האָבן אויסגערעכנט, אַז זיי וועלן ווידער האָבן אַ געלעגנהייט אַ גרויסן טייל פון די פּראָדוקטן צו פאַרקויפן אויפן מאַרק. די טענות זענען געווען: אָט אַזוי וועט אויסזען ווען אַ בונדיסט וועט שטיין אין דער שפּיץ. קיין גוטע געפילן האָב איך צוליב דעם נישט געהאַט. איך האָב זיך באַמיט אונטער פאַרשידענע תירוצים באַפרייען פון ביידע אַמטן, וואָס עס האָט זיך מיר בקרוב איינגעגעבן, הגם עס זענען שוין מער קיין צוטיילונגען נישט געווען.

די אַרבעט פון זעט.פּע.פּע. איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון צוגרייטונגען צו דער צוגעזאָגטער בקרוב רעפּאַטריאַציע פון די געוו. פּוילישע בירגער צוריק קיין פּוילן. דער עולם איז געווען פול מיט האָפענונגען, אַז סוף כל סוף וועט מען זיך אַרויסרייסן פון סאָוויעטישן גן־עדן.

איך האָב געמאַכט אַ פּרוּוו און עס האָט זיך מיר איינגעגעבן אויף אַ געוויסער צייט איינצושטעלן אַ קולטור־אַרבעט. דאָס האָט געהאַט גרויס דערפאָלג. די פאַרלעזונגען אויף פאַרשידענע טעמעס האָבן אַלעמאָל צוגעצויגן אַ גרויסן עולם. דער לאָקאַל איז געווען געפּאַקט, דער עולם איז געשטאַנען ביי אָפענע פענצטער אויף דער גאַס.

ווי אַן אויפזעער איבער אונדז איז געווען צוגעטיילט אַ לייטענאַנט פון ענ.קאַ.ווע.דע., אַ ייד. אַ געוויסן טאָג האָט ער אַרויסגערופן צו זיך דעם פאָרזיצער פון זעט.פּע.פּע און אים פאַראָרדנט די קולטור־אַרבעט זאָל גלייך אָפּגעשטעלט ווערן. זאָל שיכאַטאָוו פאַרמאַכן זיין קרעמל. נאַטירלעך איז די קולטור־אַרבעט אָפּגעשטעלט געוואָרן.

פאַרוואָס האָט דער ענקאַוועדיסט זיך באַגנוגנט בלויז מיט אַ באַפעל צו ליקווידירן די קולטור־אַרבעט ? פאַרוואָס האָט ער זיך בכלל באַצויגן אַנשטענדיק צו די מענטשן — איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך.

עס איז געקומען דער מאָמענט פון רעפּאַטריאַציע. דער יידישער קאָמיטעט אין מאָסקווע האָט גערופן אַ יידישע באַראַטונג וועלכע איז פאָרגעקומען אין נאָוועמבער 1945, טאַקע אין מאָסקווע, אָבער וועגן דעם באזונדער.

## אַ "נאַטשאַלניק" פון צוויי אַמטן

אָנקומענדיק מיט דער פאַמיליע קיין נאַמאַנגאַן, מיטל־אַזיע, האָב איך באַקומען אַרבעט לויט מיין פאַך ביי די סאָוויעטן, ווי אַן אַרבעטס־פּלאַנירער. געאַרבעט ווי אַ נאַטשאַלניק פון דער אָפּטיילונג פאַר אַרבעט און לוין אויף אַ זאַוואָד פון באַוול (כלאָפּאָק אין רוסיש), די וויכטיקסטע אינדוסטריע אין מיטל־אַזיע.

דער זאַוואָד האָט באַשעפטיקט צוועלף הונדערט אַרבעטער. געוויינלעך דאַרף אַ פּלאַנירער האָבן פאַרענדיקט אַ ספּעציעלן א. ג. טעכניקום. אין די מלחמה־יאָרן האָט מען זיך אָבער שטאַרק גענויטיקט אין דער קאַטע־גאָריע אַרבעטער. פּלאַנירער האָבן נישט געגאָסן פון דער רעכט באַפרייט צו ווערן פון דער אַרמיי־דינסט, ווי למשל, הויפּט־אינזשיניערן, הויפּט־בוכהאַלטערן א"א קאַטעגאָריעס.

מיין קורצע פּראַקטיק אויף דעם געביט, מיין לאַנגיאָריקע רוטין אויף פאַראַנטוואָרטלעכע ביוראָ־אַרבעטן האָבן מיך דערמעגלעכט אָנצופירן מיט דער אָפּטיילונג. אין אַ גרויסער מאָס האָבן מיר אַרויסגעהאָלפן מיינע צוויי געהילפינס, צוויי סאָוויעטישע פרויען, פאַכלייט אויף דעם געביט.

אַלס נאַטשאַלניק פון אַן אָפּטיילונג האָב איך באַלאַנגט צו דער קאַטע־גאָריע אי.טע.ער. דאָס מיינט אינזשעניר־טעכנישע אַרבעטער, און אַלס אַזעלכער גענאָסן פון געוויסע פּריווילעגיעס, צ"ב פון מיטאָגן אין דער ספּעציעלער אָפּטיילונג פון רעסטאָראַן ביים זאַוואָד. ווען דער אַרבעטער האָט אין זעלבן רעסטאָראַן באַקומען ביים פענצטרעל בלויז אַ שיטערע זופּ אין זיין שיסל, האָט מען אין דער ספּעציעלער אָפּטיילונג סערווירט ביי געדעקטע טישן אַ געדיכטע זופּ און פלייש באַזונדער.

ווען מיין זון האָט געאַרבעט אויף דעם זעלבן זאַוואָד אַלס בוכהאַלטער,

האָט ער באַקומען בלויז אַ זופּ. ער׳שט שפּעטער, ווען ער איז געוואָרן פאַרטרעטער פון הויפּט־בוכהאַלטער, איז ער אויך געוואָרן פאַררעכנט צו דער קאַטעגאָריע אי.טע.ער. דער מאַנגל אין פּראָדוקטן איז שוין אָבער געוואָרן אַזוי גרויס, אַז אויך אין דער ספּעציעלער אָפּטיילונג איז שוין נישט געווען וואָס צום עסן.

פון אַלעמענס אַרבעט אין דער פאַמיליע איז נישט געווען פון וואָגען צו לעבן. אונדזער לאַגע האָבן געראַטעוועט די באַקאַנטע ״בונדישע פּעקלעך״, וועלכע מיר האָבן באַקומען פון תל־אביב. מען האָט פאַרקויפט אויפן מאַרק אַ שטיקל זייף צום וואַשן פון דער ״שמן״־פאַבריק און געקויפט פּראָדוקטן. מיט די מלבושים און שיך פון די פּעקלעך האָבן מיר זיך אַליין באַקליידט און אַ טייל פאַרקויפט אויף אויסצוהאַלטן זיך. איך האָב אַ חלק אין אָרגאַניזירן די אַקציע פון די ״בונדישע פּעקלעך״, אָבער דאָס איז אַן ענין פאַר זיך.

אין ראַטנפאַרבאַנד איז אַלץ צענטראַליזירט. דער זאַוואָד, ווו איך האָב געאַרבעט, האָט באַלאַנגט צו אַ העכערער אינסטיטוציע, צום באַוול־טרעסט איבער דעם אָבלאַסט.

אין טרעסט זענען געווען אָנגעשלאָסן אַכט זאַוואָדן מיט צען טויזנט אַרבעטער. אַמטלעך זענען מיר נאַטירלעך געווען אין קאָנטאַקט מיט דער זעלבער אָפּטיילונג אין טרעסט.

איין טאָג באַקום איך אַ ״פּריקאַז״ אַ שריפטלעכע פאַראָרדענונג, אַז איך ווער נאָמינירט אַלס נאַטשאַלניק פון דער זעלבער אָפּטיילונג אין טרעסט, דערביי דאַרף איך אויך אָנהאַלטן דעם אַמט אין זאַוואָד. איך באַקום דעם העכערן געהאַלט אין טרעסט. עס איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. אויף וואָס דאַרף איך די גרויסע אַמטן, וואָס פאַראַ צוקונפט פאַר־בינד איך מיטן ראַטנפאַרבאַנד ?

איך בין אַוועק צו מיין דירעקטאָר. סטייטש ? ווי וועל איך זיך געבן אַן עצה אויף צוויי אַמטן ? (הגם דער טרעסט געפינט זיך אין דער זעלבער געביידע). דער דירעקטאָר ענטפערט מיר, אַז איך דאַרף וויסן, אַז אַלס נאַטשאַלניק פון אַן אָפּטיילונג אונטערליג איך דעם טרעסט, דערצו טייערינקער, געדענק, עס איז מלחמה.

אין צוויי טעג אַרום קומט אַריין דער אַוועקגייענדיקער נאַטשאַלניק און פרעגט ווען איך האָב בדעה איבערצונעמען דעם אַמט ביי אים. מיין ענטפער איז געווען, אַז איך האָב אינגאַנצן נישט בדעה דאָס צו טאָן. איך האָב פאַרגעסן, אַז איך בין אין ראַטנפאַרבאַנד. וואָס הייסט איך האָב נישט בדעה? איך וועל זיך נישט קאָנען געבן קיין עצה אויף צוויי אַמטן? איך האָב גלייך צוגעגעבן, אַז דערצו האָב איך נישט די נייטיקע קוואַליפי־קאַציעס. זיין ענטפער איז געווען: אויב מען האָט דיך באַשטימט, ווייסט מען, אַז דו באַזיצסט יאָ די נייטיקע קוואַליפיקאַציעס. פאַרוואָס־זשע האָט מען מיך נישט געפרעגט צי איך וויל דעם אַמט? — האָב איך געפרעגט. אויף דעם איז געקומען אַ שאַרפער ענטפער: וואָס מיינסטו, דו ביזט אין קאַפּיטאַליסטישן פּוילן? דאָס האָט מיר געגעבן אַזאַ ברי, אַז איך האָב אים געגעבן אַ זאָג: „צי וועסטו נישט גיין צו אַלדי שוואַרצע יאָר?" „ווי וואַגסטו אַזוי רעדן צו מיר?" האָט ער געגעבן אַ געשריי. איך האָב זיך פון כעס אויפגעריסן פון שרייבטיש. ווער ווייסט צו וואָס עס וואָלט געקומען, אָבער יענער האָט זיך גלייך אָפּגעטראָגן, אַ קלאַפּ־טוענדיק מיט דער טיר.

אויפן צווייטן טאָג רופט מיך דער הויפּט־דירעקטאָר פון טרעסט און פרעגט ווען איך האָב בדעה איבערצונעמען דעם אַמט. איך בין שוין געווען מער פאַרזיכטיק און געפּרוווט בלויז טענהן, אַז איך באַזיץ נישט די נייטיקע קוואַליפיקאַציעס. זיין ענטפער איז געווען: „אויב איך האָב דיך באַשטימט ווייס איך, אַז דו וועסט די אָפּטיילונג קאָנען פירן. דאָס געשפּרעך איז פאַרענדיקט. מאָרגן גיט ער דיר איבער, און דו נעמסט איבער די אָפּטיילונג. ביזט פון מאָרגן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אַרבעט פון דער אָפּטיילונג".

אויף צומאָרגנס האָט ער מיר, ברוגזערהייט, איבערגעגעבן און איך האָב איבערגענומען די אָפּטיילונג.

עס האָט זיך אָנגעהויבן פאַר מיר אַ שווערע אַרבעט. בין איך געווען אין טרעסט האָט מיך גערופן דער דירעקטאָר פון זאַוואָד, בין איך געווען אויפן זאַוואָד האָט מען מיך גערופן אין טרעסט. עס איז אויך געווען שווער פאַר מיינע מיטאַרבעטער אין ביידע אָפּטיילונגען. מיט דער צייט האָב איך געפּועלט, אַז איך זאָל מיין אַמט אין זאַוואָד איבערגעבן צו איינער פון מיינע געהילפינס.

צו די צען טויזנט אַרבעטער אויף די אַכט זאַוואָדן אין טרעסט, וועלכע איך פלעג פון צייט צו צייט דאַרפן באַזוכן, האָט מען אויך באַשעפטיקט אויף די שווערסטע אַרבעטן ביים לאָדן די באַלנס מיט דער פאַרביקער באַוול, צוויי טויזנט לאַגער־מענטשן. יעדעס יאָר פלעגט מיין אָפטיילונג צוגרייטן פאַרן הויפט־דירעקטאָר אַן אָפּמאַך צום אונטערשרייבן מיט דער ענ.קאַ.ווע.דע. אויף צושטעלן צוויי טויזנט שקלאַפן. מיטל־אַזיע איז געווען פול מיט לאַגערן אַזוי ווי אין סיביר.

אין טרעסט האָב איך געאַרבעט ביז מיין פאַלאָזן רוסלאַנד.

# בונדישע פּעקלעך

ראַטנפאַרבאַנד, יאַר 1941. אין הסכם מיטן אָפּמאַך פון דער פּוילישער רעגירונג אויף עמיגראַציע מיט דער סאָוויעטישער רעגירונג ווערן באַפרייט פון די סאָוויעטישע לאַגערן צענדליקער טויזנטער פּוילישע בירגער, צווישן זיי טויזנטער יידן.

אויסגעהונגערטע, קראַנקע, פּאַרלייזיקטע, נאַקעטע און באָרוועסע, צעשיידטע משפּחות, לאָזט מען זיך, אין דער ווייטגרעסטער מערהייט, קיין מיטל־אַזיע. עס ווירקן דערביי אייניקע סיבות. פריער פאַר אַלעמען דער וואַרעמער קלימאַט, וואָס איז אַזוי אָפּנאַרעריש און אַזוי שעדלעך פאַרן געזונט פון אונדזער עולם.

עס האָט אויך געטריבן קיין מיטל־אַזיע אַ פאַרבאַהאַלטענע האָפענונג, וואָס האָט אינסטינקטיוו אַרומגעכאַפּט די פּוילישע בירגער. דאָס איז — די נאָענטקייט פון מיטל־אַזיע צו אַ גרענעץ, צו איראַן, איראַק, צו דער ברייטער, פרייער וועלט. דאָס איז געווען אַ מיראַזש און אַ נישט פאַרווירקלעכטער חלום.

עס האָט געטריבן קיין מיטל־אַזיע, ווייל דאָרט האָט זיך פאָרמירט די פּוילישע אַרמיי, אַ סך יידן האָט זיך טאַקע איינגעגעבן אַריינטרעטן אין דער פּוילישער אַרמיי, וועלכע איז מיט דער צייט אַרויס פון רוסלאַנד און אַזוי אַרום האָבן זיי זיך באַצייטנס באַפרייט פון סאָוויעטישן גן־עדן.

ענדלעך האָט געטריבן קיין מיטל־אַזיע די האָפענונג צו טרעפן זיך דאָרט מיט די בגוואַלד צעשיידטע משפּחות, טרעפן זיך מיט נאָענטע, פריינד.

עס ווערט געשאַפן אין קויבישעוו די אַמבאַסאַדע פון דער פּוילישער רעגירונג. די אַמבאַסאַדע אָרגאַניזירט אירע דעלעגאַטורן אין מיטל־אַזיע און אין אַנדערע טיילן פון לאַנד. די דעלעגאַטורן ברענגען הילף פאַר די

פּוילישע בירגער אין פאָרם פון פּראָדוקטן, מלבושים און געלט.

אין מיטל־אַזיע און אין אַנדערע טיילן פון גרויסן רוסלאַנד, וואַנדערן אַרום הונדערטער און הונדערטער בונדיסטן. זייער לאַגע איז ספּעציעל שווער. די אָפטע מסירות פון די יידישע קאָמוניסטן פון פּוילן באַשווערן די לאַגע.

אין אָט דעם שווערן מאָמענט איז געקומען אַ גרוס פון אונדזערע חברים אין אויסלאַנד. עס האָט זיך אָפּגערופן די בונדישע משפּחה אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ווען עס האָט זיך איינגעגעבן באַצייטנס אָוועק פון די דייטשע מערדער און קאָמוניסטישע "באַפרייער".

עס האָט זיך אָפּגערופן די "רעפּרעזענטאַנץ פון פּוילישן "בונד" אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

די "רעפּרעזענטאַנץ" האָט אָרגאַניזירט אַ הילפס־אַקציע פאַר די בונדיסטן אין ראַטנפאַרבאַנד.

די אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן גלייך ווען די חברים ערליך און אַלטער זענען באַפרייט געוואָרן פון די סאָוויעטישע טורמעס. די הילף איז געקומען אין דער פאָרם פון געלט, פון דער רעפּרעזענטאַנץ — דורך דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין רוסלאַנד — פאַר די בונדיסטן.

טראָץ די אומגעהייערע שוועריקייטן, איז גלייך אָנגעבונדן געוואָרן אַ קאָנטאַקט מיט בונדיסטן אין 15 שטעט, בעיקר אין מיטל־אַזיע. מיטן פאַרטיילן די געלטער האָבן זיך באַשעפטיקט די חברים לוציאַן בליט און לעאָן אָלער. ווען זיי זענען אריין אין דער פּוילישער אַרמיי האָט זיך מיט דעם ענין באַשעפטיקט דער חבר ד"ר יעזשי גליקסמאַן.

די אַקציע האָט זיך פאַרשפּרייט און פאַרברייטערט ערשט דאַן, ווען צו דער אַרבעט איז צוגעקומען דער חבר מאַטוויי בערנשטיין, ווען ער איז אַרויס פון די סאָוויעטישע לאַגערן.

ווי אַ מיטאַרבעטער אין סעקרעטאַריאַט פון פאַרמלחמהדיקן צ.ק. פון "בונד" אין פּוילן, שטייענדיק אין קאָנטאַקט מיט הונדערטער בונדישע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס און טויזנטער בונדיסטן, האָט דער חבר מאַטוויי אַמבעסטן געקענט דעם בונדישן עולם.

באַזיצנדיק אַן אויסערגעוויינלעכן זכרון, האָט דער חבר מאַטוויי

פאַרגעדענקט אַדרעסן פון הונדערטער מענטשן צעוואָרפענע אין פאַרשיי־דענע טיילן פון גרויסן רוסלאַנד. דער חבר מאַטוויי האָט אויסגעפונען די בונדיסטן צעוואָרפענע אין די קאַלכאָזן, סאָווכאָזן, סטראָיקעס און אַנדערע ערטער.

עס לאָזט זיך קוים אָפּשאַצן די ווערט בלויז פון אַ באַגעגעניש, אַפילו נישט קיין הילף, מיט אַ חבר וואָס קומט פון ערגעץ, וואָס ווייסט פון דיין עקזיסטענץ. עס איז געווען אַ גרויסע איינשטעלעניש פון חבר מאַטוויי דאָס אַרומוואַנדערן און אויסזוכן די בונדיסטן.

אין ווייטערדיקן פּעריאָד איז דער צוזאַמענשטעל פון דער הילפס־קאָמיסיע אויסגעברייטערט געוואָרן מיט די חברים הערשל הימעלפאַרב. א. פיינזילבער און פּרץ גוטערמאַן (בוכאַרע).

ווען די פּוילישע אַרמיי איז אַוועק פון רוסלאַנד, זענען מיט איר צוזאַמען אַוועק די חברים בליט, אַלער, יעזשי גליקסמאַן און הימעלפאַרב. ביי דער הילפס־אַרבעט איז געבליבן חבר מאַטוויי. די פּוילישע אַמבאַ־סאַדע אין רוסלאַנד איז ליקווידירט, במילא איז אָפּגעשטעלט די מעג־לעכקייט פון איבערווייזן געלט פאַר די בונדיסטן.

עס איז געוואָרן אָפּגעשמועסט, אַז דער חבר יעזשי גליקסמאַן זאָל אין אויסלאַנד אָרגאַניזירן אויך אויף ווייטער הילף, אָבער אין פאָרם פון פּעקלעך שפּייז און מלבושים.

אין אַ געוויסן טאָג, ענדע 1942, איז אָנגעקומען אַ ידיעה פון ד״ר יעזשי גליקסמאַן איבערצושיקן אים אַדרעסן פון 300 בונדיסטן.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט ער פון תל־אביב, זיך קאָנטאַקטירט מיט דער בונדישער רעפּרעזענטאַנץ און מיטן יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט אין אַמעריקע. עס איז געוואָרן אָרגאַניזירט די אַקציע פון איבערשיקן פּעקלעך שפּייז און מלבושים פאַר די בונדיסטן אין רוסלאַנד.

טראָץ דעם וואָס יעדער באַוווסטזיניקער מענטש אין גאַר דער וועלט קאָן זיך אָריענטירן מער ווייניקער וועגן די באַדינגונגען און פאַרהעל־טענישן אין קאָמוניסטישן רוסלאַנד, איז דאָך שווער זיך פאָרצושטעלן וואָס דאָס באַדייט איבערצושיקן קיין תל־אביב 300 אַדרעסן. אָבער דאָס

איז דערגרייכט געוואָרן. דאָס צו פֿאַרדאַנקען, אין אַ גרויסער מאָס, דעם חבר מאַטוויי בערנשטיין. אַ דאַנק זיין זכרון, זיינע אַרומוואַנדערונגען, ער האָט ריזיקירט מיט זיין פֿרייהייט און באַזוכט פֿיל ערטער, געשטעלט זיך אין קאָנטאַקט מיט פֿיל בונדיסטן, געפֿירט אַפֿילו טעלעפֿאָן־געשפּרעכן און די אויפֿגאַבע איז דערפֿילט געוואָרן. עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די פּעקלעך פֿון פּאַלעסטינע, און אין אַ צייט אַרום אויך פֿון איראַק, געשיקטע פֿון דזשאָינט אויף די זעלבע אַדרעסן.

די אַקציע האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער פֿאַרברייטערט און אַרומגעכאַפּט אַ ברייטערן קרייז מענטשן. עס איז געווען אַ שווערע אויפֿגאַבע אויסצובאַהאַלטן, אַז דאָס איז געווען אַן אַקציע פֿאַר און דורך בונדיסטן. בכדי אויסצומיידן אומאָנגענעמלעכקייטן האָט מען אָנגעגעבן אַדרעסן אויך פֿון זייטיקע מענטשן: רבנים, ציוניסטן, סאָוויעטישע בירגער, קיינער האָט נישט געוווּסט פֿון וועמען די פּעקלעך קומען, אָבער פֿאַר יעדן זענען די פּעקלעך געווען אַ רעטונג.

אַפֿילו פֿיל בונדיסטן האָט מען צוליב פֿאָרזיכטיקייט נישט מיטגעטיילט פֿריער. אויסגעפֿינענדיק יענעמס אַדרעס, האָט מען אים שוין באַזאָרגט מיט פּעקלעך.

מיט דער אַרבעט אויף די ערטער האָט אָנגעפֿירט אַ שטאַב פֿאַרטרויונגס־מענער. עס איז כדאי צו דערמאָנען די נעמען פֿון אייניקע:

אין די געגנטן פֿון טאַשקענט, קאָקאַנד, נאַמאַנגאַן (אוזבעקיסטאַן) —מאַטוויי, שיכאַטאָוו.

סאַמאַרקאַנד — הערשל קופּערשטיין. פֿערגאַנאַ — לערער שמולעוויטש. בוכאַרע — אַ פּועלי־ציוניסט, אַ פֿריינד פֿון פּרץ גוטערמאַן. קירגיזיע — ק., אַ חבר פֿון קאַליש. דזשאַמבול — יידל קאָרמאַן. אַקטיובינסק — געצל לוסטגאַרטן, סיר־דאַריאַ — מ. טרייבער.

אין טאַשקענט גופֿא האָט צוגעהאָלפֿן אַ חבר פֿון הרוביעשאָוו. מאָלאָטאָוואַבאַד — אַ גרופּע חברים אין די קאָלכאָזן און קוילן־גרובן. מ. קריבוס פֿון וואַרשע איז געווען טעטיק אַלס קוריער.

אויסער די דערמאָנטע האָבן נאָך אַ גאַנצע ריי חברים געאַרבעט ווי פֿאַרבינדונגס־לייט. אין דער אַקציע האָט מיטגעהאָלפֿן אַ גרופּע „אַרקאַד־

ניקעס״, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַ גרויסן סאָווכאָז ביי טאַשקענט. געווען חברים, וואָס האָבן צוליב די באַדינגונגען פון זייער אַרבעט גע־האַט די מעגלעכקייט פרייער זיך באַוועגן. זיי פלעגן ברענגען גרויס נוצן דער אַקציע, הויפּטזעכלעך מיט באַזאָרגן אַדרעסן. אַזוי האָט דער חבר פּישמאַן, באַקאַנט מיט זיין סקיף־פּסעוודאָנים משה־געצעל, אָפּגעטאָן אַ זייער וויכטיקע אַרבעט. ער פלעגט אָפּט אַרומפאָרן פון דער קירגיזער רעפּובליק קיין אוזבעקיסטאַן און טאַדזשיקיסטאַן.

במשך דער צייט האָבן געגאַסן פון די פּעקלעך העכער טויזנט פּערזאָן. מיט פּעקלעך זענען באַזאָרגט געוואָרן אויך אַ ריי יידישע שרייבער און אַרטיסטן פון פּוילן, די נעמען און אַדרעסן זייערע האָבן בעיקר באַזאָרגט די פריינט גליקסאָן און פריינד זילבער פון געזו. יוגנט־טעאַטער אין פּוילן.

עס האָבן אויך געגאַסן פון די פּעקלעך פיל סאָוויעטישע אַרטיסטן און שרייבער. כמעט קיינער פון זיי האָט נישט געוווסט פון וועמען דאָס אַלץ קומט צו זיי. יעדער, וואָס האָט זיך פון די פּעקלעך דערוווסט, האָט געוואָלט אַ ״בונדיש פּעקל״, אַזוי האָט מען די פּעקלעך גערופן. אָפּטמאָל פלעגן שכנים, מיטן וויסן, אָדער אומבאַמערקטערהייט, אַראָפּנעמען דעם צוריקאַדרעס און שרייבן קיין תל־אביב מיט אַ ביטע וועגן אַ פּעקל.

אין אַ ריי ערטער איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ מין קאָמונע, בנוגע די פּעקלעך. מען האָט זיך געטיילט מיט די חברים, וואָס האָבן קיין פּעק־לעך נישט באַקומען.

פון די פּעקלעך האָט מען אויך אַרויסגעהאָלפן פיל חברים, וואָס זענען אויפסנייס געזעסן אין די לאַגערן. אַזוי, למשל, האָט מען אַריינגע־שיקט פּעקלעך אין לאַגער, וווּ עס איז געזעסן דער חבר קאָרל איינאַייגלער.

דער הרוביעשאָווער חבר אין טאַשקענט האָט באַזאָרגט אין לאַגער אַ פּעקל פאַרן חבר ד״ר וואַסערבערגער, אַ באַקאַנטער אַדוואָקאַט אין קראָקע, וואָס איז אין לאַגער געשטאָרבן.

אויף פאַרשידענע וועגן זענען מיט די פּעקלעך געשטיצט געוואָרן פאַמיליעס פון אומגעבראַכטע דורך די קאָמוניסטן באַקאַנטע בונדישע טוער. זייערע פאַמיליעס זענען געווען פאַרשיקט אין טיף רוסלאַנד.

פון דער הילף האָבן געגאָסן די משפחות פון שלאַקמאַן (פּינסק), שניידער, טענענבוים און שטאָרך (בריסק), שיפּריס (גראָדנע) בערנשטיין (לודמיר) א. אנד.

בכלל איז די אַקציע אומעטום געווען זייער סאָלידאַר. אוודאי האָבן נישט געפעלט קיין קוריאָזן, אפילו אומאָנגענעמלעכקייטן, אָבער דאָס דאַרף פאַרעכנט ווערן צו די באַדינגונגען פון דער סאָוויעטישער טרויעריקער ווירקלעכקייט.

אין פּערספּעקטיוו פון צייט און שטח, ווען מען שרייבט דאָס איצט, איז נאָר צו באַוווּנדערן ווי אַזוי די בונדיסטן, וועלכע זענען געווען אַקטיוו אין דער אַקציע "בונדישע פּעקלעך" האָבן ריזיקירט מיט זייערע לעבנס און עקזיסטענץ.

פאַר די פּאָסט־באַאַמטע זענען די פּעקלעך געווען אַ קוואַל פון הכנסה. אַליין אויסגעהונגערטע און נויטבאַדערפטיקע, האָבן זיי נישט איין פּעקל איבערגעלאָזט פאַר זיך, אַנדערע פּאָסטבאַאַמטע פלעגן זיך באַציען מיט מער יושר און בלויז טיילן זיך מיטן אינהאַלט פון די פּעקלעך. אַלס כלל האָבן די אָפּנעמער פון די פּעקלעך געצאָלט די פּאָסט־באַאַמטע מיט מזומן, נאָך אָפטער מיט עפּעס וואָס פון פּעקל.

געוויינלעך פלעגט יעדער באַקומען אַ פּעקל יעדן חודש. אין אַ משפחה פון דערוואַקסענע איז געקומען אַ פּעקל פאַר יעדן באַזונדער.

עס איז נישט קיין וווּנדער ווען עס האָט געטראָפן, אַז אַ קינד פון איין יאָר איז אויך געווען אַן אָפּנעמער פון אַ פּעקל, ביי די סאָוויעטישע באַדינגונגען קאָן מען אין אַזאַ פאַל מאַכן אַן איין־יאָריק קינד פאַר אַ דערוואַקסענעם מענטשן. דער הונגער און נויט האָבן דערצו געטריבן.

דער אינהאַלט פון די פּעקלעך: ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען, אומעטום, אויסער די קאָמוניסטישע לענדער, זענען דאָס גאַנץ געוויינלעכע זאַכן פון טאָג־טעגלעכן געברויך פאַר דעם ברייטן עולם, זאַכן וואָס מען קאָן באַקומען יעדן מאָמענט. גאַנץ אַנדערש איז אין סאָוויעטישן גן־עדן. אַ שטיקל זייף צו וואַשן וועש איז אין די מלחמה־יאָרן געווען אַ חלום. נישט פיל בעסער איז געווען ביז דער מלחמה. אַ קלעצל פאָדעם, אַ פאָר נאָדלען — דעפיציט־אַרטיקלען, אַ יקר־המציאות.

פּאַר אַ שטיקל זייף פון דער פאַבריק "שמן" אין תל־אביב האָט אַ פאַמיליע געהאַט אויף אַ טאָג איבערקומען. פון אַ פּאָר שיך, אָדער אַנצוג, איז דאָך נישטאָ וואָס צו רעדן. יעדן זונטיק איז דער באַזאַר (דער מאַרק) געווען פול מיט די זאַכן, וואָס דער עולם האָט באַקומען פון די פּעקלעך, מען פאַרקויפט די זאַכן אויף איינצוקויפן זיך עסנוואַרג און אַנדערע נייטיקע זאַכן צום דורכהאַלטן.

* * *

אין אָנהייב 1946 בין איך צוריקגעקומען פון רוסלאַנד, געטראָפן זיך אין וואַרשע מיט יעקב פּאַט, וואָס איז געקומען אין שליחות פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק.

מיר זענען געזעסן ביי אים אין האָטעל־צימער לאַנגע שעהן, מיר האָבן געהאַט וועגן וואָס צו שמועסן.

איך האָב אים דערציילט וועגן דער סאָוויעטישער ווירקלעכקייט, וועגן אַלץ און אַלעמען. איך האָב דערציילט און חבר פּאַט האָט געשריבן.

איך האָב מיט דעם חבר פּאַט אויך גערעדט וועגן דער אַקציע געלט און פּעקלעך, געשיקט פון דער בונדישער רעפּרעזענטאַנץ און יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט. נאַטירלעך האָב איך אים איבערגעגעבן וואָס פאַראַ ווערט אַזאַ פּעקל האָט געהאַט אין רוסלאַנד פאַר יעדן פון אונדז.

די פּעקלעך האָבן אַ סך לעבנס געראַטעוועט. אָפּגעריסענע, אָפּגע־שליסענע, הונגעריקע, קראַנקע, אָפט נישט פעיִקע צו קיין אַרבעט, האָבן די פּעקלעך אונדז געראַטעוועט פון פיזישן אונטערגאַנג.

מען דאַרף געדענקען, אַז אויך די וואָס האָבן געאַרבעט האָבן דאָך נישט געהאַט צום עסן. קיין שום לוין אין רוסלאַנד גיט דאָך נישט קיין מעגלעכ־קייטן דורכצולעבן זיך. עס איז באמת שווער אָפּצושאַצן די באַדייטונג פון אָט דער אַקציע "פּעקלעך". אָבער דאָס איז נאָך נישט דאָס וויכטיקסטע.

אָפּגעריסן פון דער היים, פון די נאָענטסטע, אַ סך צעשיידטע בגוואַלד פון זייערע פאַמיליעס, שוין אונטער דער הערשאַפט פון דער רויטער אַרמיי, ביי די שווידערלעכסטע מאַטעריעלע און הויפּטזעכלעך מאָראַלישע באַדינגונגען פון דער סאָוויעטישער ווירקלעכקייט, ווען יעדע מינוט ביסטו

געוועזן אויסגעשעטלט אויף אַ מסירה פון אַ פוילישן קאָמוניסט, צו פאַרעכנט ווערן פאַר אַ דייטשן, אָדער ענגליש־אַמעריקאַנישן שפּיאָן, אָן שום אונטער־שיד פאַר דער נ.ק.וו.ד. צו וואָס פאַראַ קאַטעגאָריע זיי וועלן דיך פאַרעכענען, אָדער גלאַט "געניסן" פון אַ סאָוויעטישער טורמע, וואָס איז אַזאַ אָפטע און וואָכעדיקע זאַך אין רוסלאַנד, — איז נישט קיין וווּנדער וואָס מען האָט אָנגעהויבן פאַרלירן די האָפנונג ווען עס איז זיך אַרויס־צורייסן צוריק אויף דער ברייטער וועלט.

און אין אָט דעם מאָמענט, ביי אָט די באַדינגונגען איז די הילף פון אונדזערע חברים אין די פאַראייניקטע שטאַטן נישט געווען בלויז הילף פון אַ מאַטעריעלן כאַראַקטער. דער פאַקט וואָס אונדזערע חברים געדענקען און זאָרגן וועגן אונדז, האָט צוריקגעבראַכט די האָפנונג און געגעבן די זיכערקייט, אַז מען וועט אין רוסלאַנד נישט פאַרפאַלן ווערן. מען וועט זיך נאָך פון דעם גן־עדן אַרויסרייסן צוריק אויף דער ברייטער וועלט. די אַקציע האָט געגעבן מוט און זיכערקייט, אַז נאָך נישט אַלץ איז פאַרלוירן.

עס לאָזט זיך באמת נישט אָפּשאַצן וויפל מוט און ענערגיע אָט די אַקציע האָט געבראַכט פאַר די בונדיסטן אין די שווערע מלחמה־יאָרן אין רוסלאַנד.

# די מאָסקווער יידישע באַראַטונג

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, זענען אין יאָר 1941, אַ דאַנק דעם אָפּמאַך פון גענעראַל סיקאָרסקי אין נאָמען פון דער פוילישער רעגירונג אויף עמיגראַציע, מיט דער סאָוויעטישער רעגירונג, באַפרייט געוואָרן פון די סאָוויעטישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן צענדליקער טויזנטער יידן אַנטלאָפענע פון היטלער־גיהנום.

די פוילישע אמבאסאַדע אין רוסלאַנד גרינדעט אירע אַ״ג דעלעגאַטורן, וועלכע געבן הילף די פוילישע בירגער. אין שפּיץ פון די דעלעגאַטורן שטייען פאַרשידענע עלעמענטן: אויסגעפּרוווטע געזעלשאַפטלכע טוער פון פאַרמלחמהדיקן פוילן, סאָציאַליסטן, אָבער אויך פאַרשידענע קאָמבינאַטאָרן און אפילו ספּעקולאַנטן.

די דעלעגאַטורן באַקומען אַ סך פּראָדוקטן, מלבושים און שיך צום פאַרטיילן, אויך געלט. זייער אָפט טרעפט דאָס אמווייניקסטן צו די אויסגעהונגערטע פוילישע בירגער. די באַזארן זענען פול מיט דעם אַלעמען, עס ווערן דערביי געמאַכט ריזיקע שפּעקולאַציעס.

די פוילישע אַרמיי, אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל אַנדערס פאַרלאָזט ראַטנפאַרבאַנד. די באַציונג פון דער ראַטנמאַכט צו די פוילישע בירגער פאַרערגערט זיך. עס ווערן ליקווידירט די דעלעגאַטורן, די פירער ווערן, מערסטנטייל, פאַרשיקט אין לאַגערן, אַלץ וואָס אין די דעלעגאַטורן ווערט קאָנפיסקירט.

די פוילישע בירגער ווערן געצוווּנגען צו נעמען סאָוויעטישע פּאַספּאָרטן. ווער עס זאָגט זיך אָפּ ווערט איינגעזעצט. צווישן די פוילישע בירגער הערשט אַ מהומה, דערשלאָגנקייט, אַפּאַטיע און רעזיגנאַציע.

אין דער פוילישער אַרמיי פון אַנדערסן זענען אָנגענומען געוואָרן נאָר איינצעלנע יידן. די גרענעצן פון די אַרומיקע לענדער זענען אַזוי נאָענט, אָבער דאָך אַזוי ווייט. קיינע מעגלעכקייטן זיך אַרויסצושמוגלען פון סאָוויעטישן גן־עדן אויף דער ברייטער וועלט.

דאָס וואַרעמע מיטל־אַזיע איז גענוג אָפּנאַרעריש און פאַרפירעריש. די אַרטיקע קלימאַטישע באַדינגונגען ווירקן זייער שלעכט אויף די פּליטים.

דערביי דער שטענדיקער הונגער, די שווידערלעכע וווינונגס־באַדינגונגען, אָדער גאָר אָן אַ פּלאַץ ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן, שרעקלעכער פיבער — דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופן פיל קראַנקהייטן און אין רעזולטאַט זענען טויזנטער און טויזנטער געפאַלן ווי די פליגן, אָפּט אין מיטן גאַס, אַזוי אין די שטעט, אַזוי אויך אין די קאָלכאָזן.

אַזוי זענען אומגעקומען מאַסנווייז די, וועלכע זענען לעבעדיק אַרויס פון די סאָוויעטישע לאַגערן. אין די סטעפּעס פון מיטל־אַזיע, אין אוזבעק־קיסטאַן, קאַזאַכסטאַן א. אנד. אָרטיקע רעפּובליקן, האָבן זייער אייביקע רו געפונען טויזנטער יידן פון פּוילן. גאַנצע פאַמיליעס זענען אומגעקומען מיט איין מאָל.

אַ מענטש פון פּוילן האָט מען אין מיטל־אַזיע גלייך געקאָנט דער־קענען: אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, מיט שמאַטעס אויף די פיס, אָדער גאָר באָרוועס אויסגעדאַרט, אָבער נאָך מיט עפּעס אַ סימן פון דער אַמאָליקער אייראָפּעישער הלבשה, וואָס האָט נאָך מער אויסגעטיילט אַזעלכן פון די אַרומיקע. ערשט אין אַ צייט אַרום האָט מען אָנגעהויבן זיך אַריינפּאַסן אין אַרומיקן לעבן, שאַפן זיך אַרבעט, וואָס האָט אָבער, ווי געוויינלעך אין ראַטנפאַרבאַנד, קיין אויסהאַלטונגס־מעגלעכקייטן נישט געגעבן. נאָר זייטיקע פּרנסות, הויפּטזעכלעך אויף די באַזאַרן האָבן געגעבן די מעג־לעכקייטן זיך דורכהאַלטן ווי עס איז.*

---

* נאָך מיין צוריקקומען פון רוסלאַנד קיין פּוילן אין פעברואַר 1946 אַלס אַ מיטגליד פון דער דעלעגאַציע אויף צוגרייטן די רעפּאַטריאַציע פון די פּוילישע בירגער, האָב איך אויף אַ זיצונג פון פּרעזידיום פון יידישן צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע באַריכטעט וועגן דער לאַגע פון די פּוילישע יידן אין ראַטנפאַרבאַנד אין די מלחמה־יאָרן אין זעלבן גייסט, ווי איך דערמאָן וועגן דעם אויבן. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ שטורם פון פּראָטעסטן ביי די קאָמוניסטן, ספּעציעל ביי בערל מאַרק, וועלכער איז געקומען פון מאָסקווע אין איין צייט מיט דער דעלעגאַציע. די טענה איז געווען, אַז אין די מלחמה־יאָרן האָבן אַלע סאָוויעטישע בירגער גלייך געליטן, אויך די פּוילישע יידן. איך האָב דערמיט נישט אייגעשטימט. מיין טענה איז געווען, אַז די פּוילישע יידן, וואָס זענען אַרויס פון די סאָוויעטישע לאַגערן, ווו זיי זענען פאַרשיקט געוואָרן נישט וויסנדיק פאַרוואָס און פאַר ווען — זענען דאָרט געזעסן, פיזיש און גייסטיק צעבראָכענע. געשוואָלענע פון הונגער, פאַרלייזיקט, זענען זיי, אין אַזאַ צושטאַנד, אַממערסטן געווען אויסגעשטעלט אויף כלערליי קרענק. דעריבער אַזויפיל קרבנות צווישן די פּוילישע יידן.

יאָר 1944. עס האָבן זיך אָנגעהויבן פּילן די ענדערונגען אויפן פראָנט. מען האָט שוין געקאָנט פאָרויסזען דעם צוזאַמענברוך פון דער דייטשער אַרמיי. די סאָוויעטישע רעגירונג אַרבעט שוין אויס פּלענער וועגן באַווירקן דאָס נאָכמלחמהדיקע פּוילן. עס קומט אַ נייער קורס אין דער באַציונג צו די געוועזענע פּוילישע בירגער. עס ווערט געשאַפן אַ נייע אָרגאַניזאַציע פאַר די פּוילישע — דער "פאַריין פון פּוילישע פּאַטריאָטן" (ז.פּ.פּ.) דער צענטער איז אין מאָסקווע מיט אָפּטיילונגען אומעטום אין לאַנד, ווו עס געפינען זיך גרופּעס פון פּוילישע בירגער.

דאָס אָרגאַניזירן די אָפּטיילונגען אין לאַנד ווערט, אַלס כלל איבער־געגעבן צו פּוילישע קאָמוניסטן, אַנטלאָפענע פון היטלערן. זייער אָפּט אויך צו די, וועלכע זענען ביזן יאָר 1937, אַוועק פון פּוילן קיין רוסלאַנד. דאָרט זענען זיי פאַרשיקט געוואָרן אין די לאַגערן און איצט באַפרייט געוואָרן צוזאַמען מיט אַלע פּוילישע בירגער. דאָס זענען די צוקונפטיקע קאָמוניסטישע קאַדרען פאַר דעם באַפרייטן פּוילן. אייניקע פון זיי, באַקאַנטע קאָמוניסטן, ווערן אַרויסגערופן קיין מאָסקווע אויף אויסשולונג אין דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון ז.פּ.פּ.

אין דער שטאָט, ווו איך געפין זיך, (אוזבעקיסטאַן) און אין דער אומגעגנט, זענען פאַראַן קנאַפּע צוויי טויזנט פּוילישע בירגער, מערסטנ־טייל יידן. שוין אייניקע מאָל ווערט די שטאָט באַזוכט דורך דעם פאָר־שטייער פון ז. פּ. פּ. פאַר מיטל־אַזיע, מיטן ציל גרינדן אַן אָפּטיילונג. ער טרעפט אָבער נישט קיין פּאַסיקע פערזאָן פאַר אַ פאָרזיצער. ענדלעך ביי אַ ווייטערדיקן באַזוך רופט דער פאָרשטייער מיך אַרויס צו זיך. ער לייגט מיר פאָר דעם אַמט, צוגעבנדיק דערביי, אַז ער ווייסט גאַנץ גענוי, אַז איך בין אַ בונדיסט, די שפּיל איז פאַרן טייוול.

איך גיב אַן אויסמיידנדיקן ענטפער. איך פאַררוף זיך, אַז דאָס איז דאָך די זאַך פון דעם עולם, פאַר וועמען זיי וועלן שטימען א.א.וו. עס געשעט אַ נס, די יידן מיינען, אַז עס וועט זיי זיין בעסער ווען אַ גוי וועט פאַרנעמען דעם אַמט פון פאָרזיצער. זיי איבערצייגן אויך דעם דעלעגאַט. דער קריסט ווערט פאָרזיצער, איך בין געצוווּנגען אָננעמען דעם אַמט פון סעקרעטאַר און אויך דעם אַמט פון פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע

פאַר געזעלשאַפטלעכער שוץ. די סאָוויעטישע רעגירונג האָט צוגעטיילט גרעסערע סכומים פראָדוקטן צום פאַרטיילן פאַר די פוילישע בירגער, אַנדערע ווינטן בלאָזן. די קאָמיסיע דאַרף אָט די פאַרטיילונג דורכפירן. ביי דער ערשטער געלעגנהייט האָב איך מיינע אַמטן אין ז.פ.פ. פאַרלאָזט.

1945. פוילן איז שוין באַפרייט. עס ווערט אַקטועלער די פראַגע פון צוריקקער קיין פוילן. ביי דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון ז. פּ. פּ. אין מאָסקווע ווערן געשאַפן פאָרשטייערשאַפטן פון אַלע פאַרטייען, וועלכע זענען שוין טעטיק אין פוילן. עס זיצט שוין אין ז. פּ. פּ. אַ פאָרשטייער פון פּ. פּ. ס. (פוילישע סאָצ. פאַרטיי). דער געדאַנק, אַז עס קאָן אויך זיין אַ פאָרשטייער פון "בונד", וואָס איז שוין טעטיק אין פוילן, לייגט זיך נישט אויפן שכל.

ביי דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון ז. פּ. פּ. אין מאָסקווע ווערט געגרינדעט אַ יידישער קאָמיטעט, אין שפּיץ שטייט דער דעפּוטאַט זאַמערשטיין, לעאָ פינקעלשטיין, די קאָמוניסטן בערל מאַרק, דר. ספּארד א. אנד. מיר שאַפן זיך אילוזיעס, אַז אַזעלכע יידישע קאָמיטעטן וועלן אויך געשאַפן ווערן אויף די ערטער. די פאַרוואַלטונג פון ז. פּ. פּ. ביי אונדז אין שטאָט טיילט אויס אַ קאָמיסיע פאַר יידישער קולטור־אַרבעט, אייגנטלעך זענען דאָך כמעט אַלע פוילישע בירגער באַשטאַנען פון יידן. די פּאָליאַקן זענען אַוועק מיט אַנדערס אַרמיי, צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס.

איך פיר אָן מיט דער יידישער קולטור־אַרבעט. די אַרבעט האָט דערפאָלג. דער עולם איז אויסגעהונגערט. אין אַ שיינעם טאָג מעלדעט דער באַפולמעכטיקטער פון נ. ק. וו. ד., וואָס האָט די אויפזיכט איבער די פוילישע בירגער, אַז די קולטור־אַרבעט דאַרף שנעל ליקווידירט ווערן. ער וויל מיר זאָלן געדענקען, אַז מיר זענען נאָך נישט אין פוילן. קיין יידישע קאָמיטעטן זענען טאַקע אויף די ערטער נישט געשאַפן געוואָרן.

* * *

דער פאָרזיצער פון יידישן קאָמיטעט ביים פאַריין פון פוילישע פאַטריאָטן, דעפּוטאַט זאַמערשטיין, פאָרט אַריבער פון מאָסקווע קיין וואַרשע, ווו ער נעמט איבער דעם אַמט פון פאָרזיצער פון צענטראַלן יידישן קאָמיטעט אין באַפרייטן פוילן. זיין פאָרטרעטער איז לעאָ פינקעל־

שטיין. די גענעראַל־ליניע האַלטן אָבער אָן בערל מאַרק און ד״ר ספארד.

די הויפּט־פּאַרוואַלטונג פון ז. פּ. פּ. פירט ווייטער די אַקציע פון אַרויס־נעמען פון לאַנד קיין מאָסקווע קאָמוניסטן. זיי גייען דורך אַן אינסטרוק־טאזש און ווערן אַריבערגעשיקט קיין פוילן אויף אַרבעט. אין אַ קלענערער מאָס טוען דאָס די אַנדערע פּאַרטייען, אויך די פּ. פּ. ס.

מיט דער צייט ווערט אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט פון יידישן קאָמיטעט אין מאָסקווע מיט געוועזענע פּאַרטיי־און געזעלשאַפטלעכע טוער פון פאַר־מלחמהדיקן פוילן, אויך מיט יידישע שרייבער, זשורנאַליסטן, אַרטיסטן, צעזייטע אין אַלע עקן פון גרויסן רוסלאַנד. עס דערנענטערט זיך דער מאָמענט ווען עס וועט ווערן אַקטועל די פראַגע פון צוריקקער פון די פוילישע בירגער קיין פוילן.

די וועלט ווייסט שוין פון דעם חורבן פון יידישן פאָלק. נישטאָ קיין אילוזיעס, נישטאָ קיין יידן אין פוילן. דאָס קערנדל אויף אָנהאַלטן דעם ווייטערדיקן קיום פון יידישן ישוב אין פוילן דאַרפן זיין די לעבנגעבליבענע אין ראַטנפאַרבאַנד פוילישע יידן, אַנטלאָפענע פון די היטלער־מערדער.

עס שטייט די פראַגע פון זאַמלען די כוחות. איך נעם דאָס אין אַ גרויסער מאָס אויפן חשבון פון לעאָ פינקעלשטיין, די איינשטעלונג אַרײַ־בערצונעמען קיין מאָסקווע, פון אַלע עקן רוסלאַנד, די לעבנגעבליבענע יידישע אינטעלקטועלע פון פוילן, די אַרטיסטן, שרייבער, רבנים.

עס ווערט געפירט אַן אַרבעט אין הסכם מיט אָט דער איינשטעלונג. שטופנווייז ווערן אַרויסגענומען קיין מאָסקווע אַ גאַנצע ריי יידישע שריי־בער, זשורנאַליסטן, אַרטיסטן, רבנים, געזעלשאַפטלעכע טוער אין פאַר־מלחמהדיקן פוילן. ביי די סאָוויעטישע באַדינגונגען איז דאָס גאָרנישט קיין לייכטע אויפגאַבע.

די אַריבערגענומענע קיין מאָסקווע ווערן געשטיצט מאַטעריעל דורך דעם יידישן קאָמיטעט. עס ווערט אויך געגעבן הילף פאַר די, וועלכע זענען נאָך אין לאַנד. דער יידישער קאָמיטעט ביי ז. פּ. פּ. דיספּאָנירט מיט שפּייז, מלבושים א. אנד. — פון דער הילף פון אַמעריקאַנער יידישע אָרגאַניזאַציעס.

***

די סאָוויעטישע רעגירונג האָט שוין פּאָזיטיוו דעצידירט די פראַגע

פון רעפּאַטריאַציע (צוריקקער קיין פּוילן) פון די פּוילישע בירגער. כמעט אַלע זענען דאָך קעגן זייער ווילן געוואָרן סאָוויעטישע בירגער. יעדער וועט דאַרפן אינדיווידועל אָפּטירן, שריפטלעך זיך אָפּזאָגן פון דער סאָוויעטישער בירגערשאַפט, אָננעמען אויפסניי די פּוילישע און בעטן אַ דערלויבעניש אויף אַרויסצופאָרן קיין פּוילן.

נאָר דער, וואָס איז געווען אין ראַטנפאַרבאַנד, ווייסט וואָס אַזעלכעס באַדייט, אָפּזאָגן זיך פון סאָוויעטישער בירגערשאַפט און בעטן אַ רייזע קיין אויסלאַנד.

הגם עס איז געווען קלאָר, אַז אין דעם פאַל דאַרף אָט די פּראָצעדור באַדייטן בלויז אַ פאָרמאַליטעט, אָבער די סאָוויעטישעווירקלעכקייט האָט געגעבן גענוג גרונד צו צווייפלען אין דעם, צי וועט דאָס טאַקע גיין אַזוי גלאַטיק. פאַרשידענע השערות, קלאַנגען, איינס ווידערשפּרעכט דאָס צווייטע, הויפּטזעכלעך די מורא פאַר דער מורא. אַ טיפּיש סאָוויעטישע דערשיינונג.

די קאָמוניסטן אין יידישן קאָמיטעט ביי ז. פּ. פּ. אין מאָסקווע האָבן אָנגעהייבן אויף פאַרשידענע וועגן פירן אַ פּראָפּאַגאַנדע אין דער ריכטונג, אַז די פּוילישע יידן זאָלן נישט פאַרלאָזן רוסלאַנד. דאָס איז נישט געווען זייער איניציאַטיוו, דאָס האָט געשטאַמט פון העכער. עס איז געווען אַ טענדענץ צו ווירקן אין דער ריכטונג, אַז די פּוילישע יידן זאָלן זיך בכלל נישט רייסן צוריקצופאָרן. די סאָוויעטישע רעגירונג איז געווען פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז אַ גרויסער טייל פון די פּוילישע יידן זאָלן בלייבן אין רוסלאַנד. עס איז זיי געגאַנגען אין דעם, די וועלט זאָל באַשיינפערלעך זען, ווי גוט די פּוילישע יידן פילן זיך אין סאָוויעטישן גן־עדן, אַז זיי ווילן אים נישט פאַרלאָזן.

דער יידישער קאָמיטעט האָט אפילו גערופן קיין מאָסקווע אַ גאַנצע ריי פירער פון די ז. פּ. פּ.־אָפּטיילונגען אין רוסלאנד, בכדי זיי "באַאַרבעטן" אין דער ריכטונג. די פּראָפּאַגאַנדע האָט געהאַט אַ קנאַפּע ווירקונג. יעדער האָט מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט אויף דעם מאָמענט ווען ער וועט קאָנען פאַרלאָזן דאָס "געבענטשטע לאַנד פון סאָציאַליזם".

עס קומט דער מאָמענט פון דערליידיקן די פאָרמאַליטעטן ביים

אָפּטירן. דאָס דאַרף דערליידיקן די נ.ק.וו.ד. יעדער דאַרף באַווייזן מיט דאָקומענטן, אַז ער איז געווען אַ פּוילישער בירגער. נישט יעדער האָט אַזעלכע דאָקומענטן. די ווייט־גרעסטע מערהייט איז דאָך אין די מלחמה־יאָרן דורכגעגאַנגען אַזויפיל גיהנומס, האָט דאָך די נ.ק.וו.ד. ביי דער ערשטער געלעגנהייט צוגענומען די פּוילישע דאָקומענטן.

עס קומט צו קוריאָזן מיט וואָס פּארא מינים דאָקומענטן דער עולם וויל באַווייזן זייער אָפּשטאַמונג פון פּוילן.

גאָר באַזונדערע שוועריקייטן האָבן אויסצושטיין די וואָס שטאַמען פון די פּוילישע מזרח־געביטן וועלכע בלייבן איצט ביי רוסלאַנד. און בסך הכל זענען דאָך אַלע פּוילישע יידן, אַנטלאָפענע פון די דייטשן, געווען אויף אָט די געביטן בעת די רויטע אַרמיי האָט די געביטן "באַפרייט". סוף כל סוף ווערט אָט דער ענין אויך פּאָזיטיוו דערליידיקט. די אָפּטיילונגען פון ז.פּ.פּ. אויף די ערטער באַשטעטיקן די ריכטיקייט פון די אָפּטאַציעס און עס דערנענטערט זיך דער מאָמענט פון רעפּאַטריאַציע.

דער יידישער קאָמיטעט באַשליסט רופן קיין מאָסקווע אַ באַראַטונג מיטן ציל — פּאַראַלעל מיט דער אַלגעמיינער רעפּאַטריאַציע צוגרייטן און אָרגאַניזירן די יידישע רעפּאַטריאַציע. די באַראַטונג דאַרף אָנמערקן די פּלענער און די אויפגאַבן פון יידישן ישוב אין פּוילן נאָך דעם חורבן. עס דאַרפן קומען קיין פּוילן די פרישע כוחות, וועלכע זאָלן צוזאַמען מיט די געקומענע פון די לאַגערן, בונקערס, וועלדער, פון דער אַרישער זייט, אָנהאַלטן ווייטער דעם יידישן ישוב אין פּוילן.

אין דער באַראַטונג זאָלן זיך באַטייליקן אַלע יידישע שרייבער, זשור־נאַליסטן, אַרטיסטן, געזעלשאַפטלעכע טוער, וועלכע האָבן די מלחמה־יאָרן דורכגעמאַכט אין רוסלאַנד.

אין דער באַראַטונג זאָלן זיך אויך באַטייליקן, גאַנץ ספּעציעל, 5 געווו. אַקטיווע טוער אין די יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען פון פּאַרמלחמה־דיקן פּוילן, לויט דעם פּאַרטיי־שליסל, וואָס איז שוין געווען אָנגענומען אין נאָכמלחמהדיקן פּוילן: אַן אַלגעמיינער ציוניסט, רעכטע און לינקע פּועלי־ציוניסטן, אַ יידישער קאָמוניסט און אַ בונדיסט.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס פּארא גורל עס וואָלט געטראָפן יעדן

פון אָט די דעלעגאַטן, אויסער דעם קאָמוניסט, ווען זיי אַנטפּלעקן זייער פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע פאַרגאַנגענהייט אין פּוילן פאַר דער מלחמה. עס איז קלאָר, אַז ביי די סאָוויעטישע באַדינגונגען האָט קיין רייד אפילו נישט געקאָנט זיין פון ווילן אַזעלכע דעלעגאַטן.

דער פּערסאָנאַלער צוזאַמענשטעל פון אָט דער דעלעגאַציע איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך דעם יידישן קאָמיטעט אין וועלכן עס זענען געווען קאָמוניסטן, לינקע פּ. צ. און לעאָ פינקעלשטיין. איך האָב זיך נישט אינטערעסירט וועגן דעם ווי אַזוי זענען געוואָרן באַשטימט די קאַנדידאַטן פון די אַלג. ציוניסטן און פון די רעכטע און לינקע פּ. צ. איך ווייס נאָר, אַז אויף דעם פאָרשלאַג פון לעאָ פינקעלשטיין בין איך געוואָרן באַשטימט ווי דער בונדיסט צו דער יידישער באַראַטונג אין מאָסקווע אין נאָוועמבער 1945.

* * *

בכדי אילוסטרירן די סאָוויעטישע באַדינגונגען און פאַרהעלטענישן איז כדאי איבערגעבן ווי אַזוי איך בין געפאָרן, ריכטיקער ווי אַזוי האָב איך דורכגעמאַכט די רייזע פון טאַשקענט (מיטל־אַזיע) קיין מאָסקווע.

פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון ז. פּ. פּ. אין מאָסקווע זענען געשיקט געוואָרן דעפּעשן צו דער אָרטיקער אָפּטיילונג און צו דער דירעקציע פון טרעסט, ווו איך האָב געאַרבעט, וועגן דערלויבן מיר פאָרן קיין מאָסקווע אויף דער באַראַטונג און צו באַפרייען מיך פון דער אַרבעט אויף דער צייט פון דער באַראַטונג.

די אָרטיקע אָפּטיילונג פון ז. פּ. פּ. האָט נאַטירלעך אויסגעפירט די אָנווייזונגען פון מאָסקווע, אויסגעשטעלט פאַר מיר אַ "קאָמאַנדיראָווקע" (דעלעגאַציע־קאַרטע). דער דירעקטאָר אָבער פון טרעסט איז געווען אין אַ פאַרלעגנהייט, נישט געוווסט ווי אַזוי צו האַנדלען. סוף כל סוף האָט ער מיר געמאָלדן, אַז ער קאָן נישט דעצידירן אין אַזאַ אויסערגעוויינלעכן פאַל. ער רעקאָמענדירט מיר, אַז איך זאָל זיך ווענדן צום וויצעמיניסטער פאַר קאַדרען אין מיניסטעריום אין טאַשקענט, וועמען דער טרעסט איז אונטערליגט. איך באַקום אַ דערלויבעניש צו פאָרן קיין טאַשקענט.

מיט דער הילף פון דעם נאַטשאַלניק פון מיין רעסאָרט אין מיניסטער־יום, אַ ייד, גיט זיך מיר איין איבערצייגן דעם וויצע־מיניסטער, אַליין אַן אוזבעק, וועגן דער מלוכה־וויכטיקייט פון דער באַראַטונג א.א.וו. ער דערלויבט מיר פאָרן קיין מאָסקווע אויף 21 טעג, נאָך דעם ווי איך פאַר־זיכער אים, אַז איך קום צוריק. מיין מאָטיוו, אַז איך לאָז איבער מיין פרוי מיט קינדער איבערצייגט אים וויניק, ער ענטפערט מיר, אַז אַ "באַבע" קאָן מען אומעטום געפונען...

.2

איך בעט די הילף פון וויצע־מיניסטער — צו באַקומען אַ רייזע־בילעט קיין מאָסקווע. ער באַדויערט זייער, אָבער ער קאָן מיר נישט העלפן. שוין די צווייטע וואָך ווי 2 פאַראַנטוואָרטלעכע מיטאַרבעטער פון מיניסטעריום מאַכן באַמיונגען צו באַקומען בילעטן קיין מאָסקווע און אָן דערפאָלג.

אין טאַשקענט טרעף איך זיך מיט חבר מ. מיר לויפן אַרום זוכן עפּעס אַ פּראָטעקציע, "אַ בלאַט". אויף אַ נאָרמאַלן אופן איז אויסגעשלאָסן איך זאָל באַקומען אַ בילעט. איך ווענדע זיך נאָך הילף צום פאָרשטייער פון ז.פּ.פּ. אין מיטל־אַזיע. ער ווייזט נישט אַרויס צו דעם ענין קיין אינטערעס. אַליין אַ קאָמוניסט, האָט ער אַ קנאַפּן אינטערעס פאַרלייכטערן מיר די רייזע, הגם ער איז געווען דערצו פאַרפליכטעט. איך דערוויס זיך פון אים, אַז דער פאָרשטייער פון די לינקע פּ.צ. אין דער דעלעגאַציע איז גראָד פון טאַשקענט און ער איז שוין אָפּגעפאָרן קיין מאָסקווע. עס זענען שוין אויך אָפּגעפאָרן פון טאַשקענט אייניקע קאָמוניסטן צו אָט דער באַראַטונג.

אפשר פליען מיט אַן עראָפּלאַן? אַ נעכטיקער טאָג. געגנעראַלן באַקו־מען נישט אַזאַ מעגלעכקייט. מיר גייען פאַרביטערט אַהיים צום חבר מ., אויפן וועג טרעפן מיר צוויי באַקאַנטע פון מיין היים־שטאָט, צוויי שוואָ־גערס. זיי זענען אָנגעלאָדן מיט פּעק עסן. זיי זענען אָנשטענדיק אָנגעטאָן. קלאָר, עס גייט זיי גוט. זיי דערפרייען זיך מיט מיר און בעטן איך זאָל שוין מיטגיין מיט זיי. איך זאָג זיך אָפּ. איך דערצייל זיי די סיבה, ווייל איך מוז געפונען אַ מעגלעכקייט צו פאָרן קיין מאָסקווע. דאָס איז גאָר? —

זאָגט מיר איינער פון זיי, — דאַרפסט פאָרן קיין מאָסקווע ? וועסט פאָרן. אוודאי וועל איך פאָרן ווען איך וועל באַקומען אַ בילעט. וועסטו באַקומען.

איך פאַרשטיי נישט וואָס דאָס באַדייט. זיי פרעגן מיך ווען וויל איך פאָרן ? אַפילו היינט. היינט נישט, אָבער מאָרגן וועסטו פאָרן. איך גיי מיט זיי.

וואָס ווייזט זיך אַרויס ? אין דעם זעלבן הויז ווו מיינע צוויי לאַנדס־לייט וווינען, פאַרנעמט אַ צימער די פאַרוואַלטערין פון בופעט אויף דער באַן־סטאַציע אין טאַשקענט. דאָס איז אין רוסלאַנד אַ גוטע פרנסה. זי איז אין גוטע באַציונגען מיטן באַן־קאַסירער. מיט איין וואָרט, דער לאַנדסמאַן מאַכט גוטע געשעפטן מיט די בילעטן. זי פאַרלאַנגט נישט קיין געלט פאַר איר טרחה. פאַר איר דאַרף שטענדיק זיין גרייט אין הויז ביי די לאַנדסלייט מיינע, בראָנפן און צובייסעכץ. זי הויבט אָן טרינקען פריער צוביסלעך, דערנאָך גאַנצע גלעזער. שפּעטער קומט דאָס טאַנצן אויפן טיש מיט אַראָפּ־רייסן די קליידער פון זיך. מיט איין וואָרט אַן עכטער רוסישער טיפּ.

צומאָרגנס בין איך טאַקע געפאָרן קיין מאָסקווע און דווקא אין אַ שלאָף־וואַגאָן.

ווער זענען מיינע מיטפאָרער אין קופּע פון שלאָף־וואַגאָן ? — נאָך דריי מענער. מיר צעשמועסן זיך. עס פאָרט צוריק קיין מאָסקווע אַ געאָלאָ־גישע קאָמיסיע, וואָס האָט דורכגעפירט געאָלאָגישע אונטערזוכונגען אין די פּאַמירער בערג. מיט זיי פאָרט נאָך אַ יונגע פרוי, אַ געאָלאָג, אין צווייטער קופּע פון זעלבן שלאָף־וואַגאָן.

אין געשפּרעך מיט מיר זענען די געאָלאָגן גאַנץ פאָרזיכטיק. מיין הלבשה זעט אויס אייראָפּעיש, איך האָב געטראָגן אַן אָנצוג צוגעשיקט אין די פּעקלעך פון פּאַלעסטינע...

צומאָרגנס — אַ קאָנטראָל פון דאָקומענטן דורך דער מיטפאָרנדיקער נ.ק.וו.ד.־בריגאַדע. מיינע דאָקומענטן זענען נישט קיין געוויינלעכע. דער ענקאַוועדיסט מוז גיין פרעגן ביים נאַטשאַלניק. דער נאַטשאַלניק איז זיך אַליין מטריח. איך האָב דאָך נישט קיין דערלויבעניש אַריינצופאָרן קיין מאָסקווע א. א. וו. עס גיט זיך מיר איין איבערצוצייגן די נ.ק.וו.ד.־לייט, אַז מיין פאָרן איז שטאַרק וויכטיק. עס ליגט אין די אינטערעסן פון די

באַציונגען צווישן רוסלאַנד און פוילן. זיי לאָזן מיך צורו, אָבער פון דאַן אָן, אין פאַרלויף פון די קנאַפּע 7 טעג רייזע ביז מאָסקווע, האָט שוין קיינער פון די מיטפּאָרנדיקע אין קופּע געאָלאָגן קיין איין וואָרט מיט מיר נישט אויסגערעדט. קלאָר, — איך בין אַן אויסלענדער.

די רייזע פון טאַשקענט קיין מאָסקווע דויערט קנאַפּע 7 טעג. ביים אַרויספאָרן, די ערשטע טעג פון נאָוועמבער, איז דער קלימאַט אַ מילדער, אַפילו וואַרעם. מען פאָרט איבער די וויסטע סטעפּעס פון אוזבעקיסטאַן און קאַזאַכסטאַן. פון צייט צו צייט מערקט מען פונדערווייטנס אַ קישלאַק (אַ דאָרף). אַמאָל זעט מען אויפן וועג אַן אוזבעק, אָדער קאַזאַך, ווי ער טרייסלט זיך אויף אַ קעמל איבערן סטעפּ.

אין רעסטאָראַן־וואַגאָן באַקומט מען טיי, אָבער נישט אַלעמאָל צוביי־סעכץ; בראָנפן אָבער — די גאַנצע צייט. דער רעסטאָראַן־וואַגאָן איז צווישן שלאָף־וואַגאָן און אַ וואַגאָן מיט נומערירטע האַרטע פּלעצער. דעם רעסטאָ־ראַן־וואַגאָן קאָנען באַזוכן בלויז די פּאַסאַזשירן פון די צוויי וואַגאָנען. פון איבעריקן טייל צוג זענען די וואַגאָנען אָפּגעשלאָסן. וואָס טוט דער ״בעסע־רער עולם״ אין די צוויי וואַגאָנען?

פון צייט צו צייט מאַך איך אַ שפּאַציר איבער די דריי וואַגאָנען. אַ טייל שלאָפט כמעט די גאַנצע צייט. אַ טייל טרעפט מען שטענדיק אין רעסטאָ־ראַן, אַ טייל שפּילט אין קאָרטן כמעט אָן איבעררייס, אַפילו ביינאַכט. אייניקע ווידער פאַרנעמען זיך מיט ביזנעס. מען האַנדלט אויפן וועג. די שטרעקעס זענען גוואַלדיק גרויסע. פון איין גרעסערער באַן־סטאַציע ביז אַ צווייטער איז אַ מהלך, וואָס אויף איין סטאַציע איז דאָ, איז שוין ווייטער אויף דער צווייטער נישטאָ. — ווי געוויינלעך אין רוסלאַנד.

דער עולם ביזנעסלייט קויפט־איין אויף איין באַן־סטאַציע עסנוואַרג, פאַרנאַכט, אויף אַ צווייטער סטאַציע, ווערט דאָס מיט ריווח פאַרקויפט און מען קויפט אַנדערע סחורות, וואָס ווערן אויך מיט ריווח פאַרקויפט ווייַ־טער, שוין אפשר אין אַ צווייטער רעפּובליק.

אינטערעסאַנט, מיט וואָס האָט זיך באַשעפטיקט בעת דער רייזע די געאָלאָגישע קאָמיסיע. מיינע מיטרייזנדע אין קופּע: איינער פון זיי מיט אַן אויסגעלענקטער האַנט, וואָס האָט זיך צוליב דעם שווער באַוועגט, איז

כמעט די גאַנצע צייט געלעגן. דער צווייטער, אַ ייד, דער ווירטשאַפטלער פון דער קאָמיסיע, האָט זיך "געפּייט" מיט דער פרוי געאָלאָג, וועלכע איז אַלעמאָל געקומען מיט אַ באַזוך אין קופּע. זיי האָבן זיך אַזוי לאַנג "געפּייט" ביז זיי האָבן איינער אויפן צווייטן די מלבושים צעריסן. עס איז געווען פּשוט נישט צום באַגרייפן, אויף וואָס די געאָלאָגן האָבן זייער צייט פאַרנוצט.

די איבעררייסן זענען געווען ביים עסן און שלאָפן. דער פירער פון דער עקספּעדיציע, אַן אינזשעניר־געאָלאָג האָט געפירט ביזנעס. ער איז געווען אין קאָנטאַקט מיטן "פּראָוואָדניק" פון וואַגאָן (באַגלייטער). יענער האָט אים שוין באַצייטנס געגעבן צו וויסן ווען דער צוג דערנעענטערט זיך צו דער נייטיקער סטאַציע, וואָס מען קאָן דאָ פאַרקויפן, וואָס מען קאָן דאָ קויפן צום פאַרקויפן אויף די ווייטערדיקע פּונקטן.

אַזוי איז דאָס געגאַנגען דער מסחר. אויף איין אָרט פּראָדוקטן, אויף אַ צווייט אָרט פיש, זאַלץ א.ד.גל. ביז מאָסקווע.

אַזעלכע ביזנעס אין פאַרלויף פון 7 טעג גיבן פּרנסה. אַזעלכע פאַר־דינסטן שטייגן איבער פיל מאָל דעם נאָרמאַלן לוין.

* * *

אין מאָסקווע, אין יידישן קאָמיטעט, האָט מיך אויפגענומען לעאָ פינקעלשטיין, געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט די איבעריקע פירער פון קאָ־מיטעט. דער פאָרזיצער פון קאָמיטעט, געוו. דעפּוטאַט פון פּוילישן סיים ד"ר זאָמערשטיין, איז שוין געווען אָפּגעפאָרן קיין וואַרשע, ווו ער האָט איבערגענומען דעם אַמט אַלס פאָרזיצער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידן אין פּוילן.

צוליב די שוועריקייטן ביים איינאָרדענען מיין רייזע קיין מאָסקווע, האָב איך נישט באַוויזן קומען צום טערמין. די יידישע באַראַטונג האָט זיך אָבער געענדט מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון דריי טעג. די סיבה — מען האָט געוואַרט אויף אַ דעלעגאַציע פון וואַרשע, פון יידישן צענטראַל־קאָמיטעט, אָבער אַלע באַמיונגען צו באַקומען פאַר אַזאַ דעלעגאַציע אַ דערלויבעניש אַריינצוקומען קיין מאָסקווע האָבן זיך נישט איינגעגעבן.

די באַראַטונג האָט זיך געעפנט ביי אַרום 120 אָנוועזנדע. עס האָבן זיך באַטייליקט אין דער באַראַטונג אַ ריי שרייבער, זשורנאַליסטן, אַרטיסטן. דריי רבנים, דעלעגאַטן פון אַרטיקע אָפּטיילונגען פון ז.פּ.פּ. און פינף דעלעגאַטן, פאַרשטייער פון די פּאַרטייען.

אין נאָמען פון יידישן קאָמיטעט האָט די באַראַטונג געעפנט לעאָ פינקעלשטיין. צום ערשטן מאָל, און אפשר איז דאָס אין ראַטנפאַרבאַנד געווען דאָס איינציקע מאָל, ווען פון אַ טריבונע האָט מען גערעדט וועגן גרויסן חורבן, וואָס איז געקומען אויפן יידישן פאָלק, וועגן דעם קאַטאַקליזם, וועגן די זעקס מיליאָן קדושים.

לעאָ פינקעלשטיין האָט גערעדט וועגן דעם מאַרטירער־וועג פון יידישן פאָלק, וועגן די פּייניקונגען, ליידן און נגישות, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט אַדורכגעמאַכט אויף זיין פּיינפולן וועג. ער האָט געבראַכט צום אויסדרוק זיין גלויבן, אַז אויך דאָס מאָל וועט דאָס יידישע פאָלק ווייטער אָנגיין מיט זיין המשך. לעאָ פינקעלשטיין האָט זיך סוף כל סוף נישט געקאָנט באַהערשן, און האָט זיך צוזאַמענגעבראָכן. דער גאַנצער זאַל איז געווען איין קלאָגעדיקע מאַסע.

עס איז שווער איבערצוגעבן דעם געמיט־צושטאַנד פון די אָנוועזנדע, ווען דער באַקאַנטער חזן משה קוסעוויצקי האָט געמאַכט אַן "אל מלא רחמים".

עס איז נישט געווען פאָרויסגעזען, אַז די באַראַטונג זאָל טראָגן אַ כאַראַקטער פון א. ג. גרעסערע צוזאַמענטרעפן מיט אַ באַשטימטער טאָג־אָרדענונג, מיט רעזאָלוציעס, באַשלוסן א.א.וו. מען האָט גערעדט וועגן די פּערספּעקטיוון און אויפגאַבן פון יידישן ישוב אין נאָכמלחמהדיקן פּוילן, וועגן עקזיסטענץ און קיום פון די יידן, צוריקגעקומענע פון רוסלאַנד, וועגן די יידישע קאָמיטעטן אין פּוילן, וועגן דעם, אַז די צוריקגעקומענע יידן וועלן באַזעצט ווערן אויף די געוועזענע דייטשע געביטן אין נידער־שלעזיע.

אין די אַרויסטרעטונגען פון די דעלעגאַטן האָט זיך קודם כל געפילט אַ פאַרזיכטיקייט און אַ צוריקגעהאַלטנקייט. עס איז געווען גאַנץ נאַטירלעך און מען האָט עס גוט געדענקט. — אַז דערווייל איז מען נאָך אין רוסלאַנד.

עס איז גערעדט געוואָרן וועגן די אויפגאַבן פון רעליגיעז־געשטימטן יידנטום. אויך וועגן די ציוניסטישע שטרעבונגען און אידעאַלן. וועגן יידישן שול־וועזן, יידישער קולטור, טעאַטער, ליטעראַטור און פאַרשידענע אַנדערע פראַגן.

אין די אַרויסטרעטונגען האָט זיך אויך געפילט די מורא און שרעק וועגן די אויסזיכטן און פערספעקטיוון פון יידישן ישוב אין פוילן נאָך דער מלחמה.

עס איז געווען אַ גענוגנדיקער גרונט דערצו. די גרוסן פון פוילן וועגן דעם אַנטיסעמיטיזם האָבן געמאַכט זייער שווער דאָס געמיט, אָבער עפנטלעך האָט מען וועגן דעם ווייניק גערעדט. די אמתע שטימונגען ביי די דעלעגאַטן זענען געקומען צום אויסדרוק אין פּריוואַטע צוזאַמענטרעפן און געשפּרעכן.

אין אַלגעמיין איז די שטימונג ביי די פּוילישע יידן אין רוסלאַנד געווען: פּריער פאַר אַלעמען אַרויס פון רוסלאַנד. דער וועג איז קיין פּוילן, אָבער פוילן דאַרף דינען נאָר ווי אַ טראַמפּאָלין אויף צו שפּרינגען ווייטער אין דער ברייטער וועלט.

עס איז אַ פאַקט, אַז מאַסן יידן האָבן קומענדיק פון רוסלאַנד זיך אין פוילן פאַרהאַלטן נאָר אייניקע טעג, אָדער וואָכן. זיי זענען גלייך אַוועק אומלעגאַל קיין דייטשלאַנד אין די די.פּי.־לאַגערן.

דער פּאַגראָם אין קעלץ האָט נאַטירלעך געשאַפן אַ גרויסע פּאַניק און פאַרגרעסערט די צאָל אַנטלויפנדיקע קיין דייטשלאַנד, און אַזוי איז דאָס געגאַנגען כסדר.

אָבער לאָמיר זיך אומקערן צו דער באַראַטונג.

אינטערעסאַנט זענען געווען די באַגריסונגען פון די געסט אויף דער באַראַטונג. איציק פעפער, דוד בערגעלסאָן, פּרץ מאַרקיש און קושניר, דער רעדאַקטאָר פון "אייניקייט" (די צייטונג פון יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט אין מאָסקווע), זענען געקומען באַגריסן די באַראַטונג.

דער ערשטער האָט גערעדט איציק פעפער וועגן יידישן חורבן, וועגן די העלדן פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. ער האָט אַפּעלירט צו די דעלעגאַטן, אַז זיי זאָלן אין פוילן אָנהאַלטן ווייטער דעם גייסט פון די

געטאָ־קעמפער. פעפער האָט פאַרזיכערט, אַז די צוריקגעקומענע יידן דער־וואַרט אַלע אויסזיכטן פון נאָרמאַלער עקזיסטענץ, גלייכבאַרעכטיקונג אין אַ פריי פוילן. אין זיין אַרויסטרעטונג האָט זיך נישט געפילט דער שטענ־דיק־האָפּערדיקער טאָן פון פאַלקאָווניק־פעפער.

דוד בערגעלסאָן האָט מיט זיין אַרויסטרעטונג געמאַכט אויף אונדז זייער אַ שווערן איינדרוק. עס איז באמת געווען שווער צו פאַרשטיין וואָס האָט ער געוואָלט ברענגען צום אויסדרוק. ער האָט גערעדט שווער און האַמעטנע. עס איז געווען קלאָר, אַז זיינע אמתע געפילן, וואָס האָבן אים באַ־הערשט אויף אָט דער באַראַטונג, אויף דעם צוזאַמענטרעף, האָט ער צום אויסדרוק נישט געבראַכט.

די אַרויסטרעטונג פון פּרץ מאַרקיש האָט אַלעמען איבערראַשט. עס ווייזט אויס, אַז אָט דער, אַזוי נישט געוויינלעכער, פאַר די סאָוויעטישע באַדינגונגען צוזאַמענטרעף, האָט אויף אים געווירקט, אַז ער האָט פאַר־געסן, אַז ער איז אין ראַטנפאַרבאַנד. גלייך פון די ערשטע ווערטער האָט ער זיך שוין נישט געקאָנט באַהערשן. ער האָט גערעדט מיט ברען. פון זיין מויל האָט געשפריצט פייער. ער האָט ממש געשריגן. שוין 25 יאָר האָט ער אַזאַ צוזאַמענטרעף נישט געהאַט. נאָך 25 יאָר טרעפט ער זיך צום ערשטן מאָל מיט אַזויפיל יידישע פּען־מענטשן, געזעלשאַפטלעכע און פּאָ־ליטישע טוער. ער איז גליקלעך פון דעם צוזאַמענטרעף, ער וויל ווייטער אָנהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט די פוילישע יידן. ער וועט קומען קיין פוילן. עס מוז זיך דאָרט פאַר אים אָן אָרט געפינען. אויב מען וועט אים נישט אַריינלאָזן דורך דער טיר, וועט ער דורכן פענצטער קריכן א.א.וו. אין דעם זין. ער ווינטשט אונדז, מיר זאָלן אין באַפרייטן פוילן אָנגיין מיט אַ פריי געזעלשאַפטלעך לעבן.

מיר האָבן באַוווּנדערט וויאַזוי האָט דאָס פּרץ מאַרקיש געוואַגט צו מאַכן אַזאַ אַרויסטרעטונג ? אַן אַרויסטרעטונג, וואָס איז נישט אין איינקלאַנג מיטן טאָן, וואָס פעפער האָט געגעבן בעת זיין באַגריסונג.

איך בין טיף איבערצייגט, אַז בעת זיין ליקווידאַציע צוזאַמען מיט די איבעריקע יידישע שרייבער אין ראַטנפאַרבאַנד, האָט זיין אַרויסטרעטונג, דאַן אויף דער יידישער באַראַטונג, געגנוג באַשווערט זיין לאַגע און געגעבן

מאַטעריאַל צו באַשולדיקן אים אין קאָסמאָפּאָליטיזם און אַנדערע "פאַר־ברעכנס", אויב די נ.ק.וו.ד. האָט זיך בכלל באַנוצט מיט באַשולדיקונקס־מאַטעריאַל פאַר זיין ליקווידאַציע.

קושניראָוו האָט מיט זיין אַרויסטרעטונג קיין איינדרוק נישט געמאַכט.

אויף דער באַראַטונג זענען אויך געווען אַרויסטרעטונגען פון פערזאָ־נען, וואָס זענען בקרוב געוואָרן "גרויסע טוער" אין די יידישע קאָמיטעטן און אויך אויף דער פוילישער גאַס. עס זענען געווען באַגריסונגען פון די פוילישע פּאַרטייען, שוין טעטיק אין פּוילן. זייערע רעדעס האָבן אין אַלגע־מיין געטראָגן אַ געגנוג סקאַרבאָוון כאַראַקטער, אַפילו אויך פון פּ.פּ.ס. די באַראַטונג האָט געדויערט דריי טעג און האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ באַנ־קעט אויף וועלכן עס איז אַרויסגעטראָטן דער חזן משה קוסעוויצקי.

* * *

די הויפּט־פאַרוואַלטונג פון ז.פּ.פּ. האָט מיטגעטיילט אויף דער באַראַ־טונג, אַז עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן קיין פּוילן אַ גרופּע פון 15 פערזאָן, כדי מיטצואַרבעטן ביים אָרגאַניזירן און דורכפירן די רעפּאַטריאַ־ציע פון די פוילישע בירגער פון ראַטנפאַרבאַנד קיין פּוילן. אין דער גרופּע גייען אַריין 5 פערזאָן, יידן, ספּעציעל כדי דורכצופירן און אויפנעמען די יידן.

דער צוזאַמענשטעל פון דער גרופּע איז געווען לויט דעם פּאַרטיי־שליסל, ד.ה. צו איין פאָרשטייער פון יעדער פּאַרטיי, וואָס איז שוין טעטיק אין פּוילן (אַן אַלג. ציוניסט, איין רעכטער און לינקער פּ"צ, אַ קאָמוניסט און אַ בונדיסט).

אויפן פאָרשלאָג פון לעאָ פינקעלשטיין בין איך געווען דער בונדיסט אין דער יידישער גרופּע.

עס האָט באַדאַרפט נעמען אייניקע וואָכן כדי צוגרייטן די וויזעס פאַר דער רעפּאַטריאַציע־גרופּע פון 15 פּעראָזן. אייניקע מיטגלידער פון דער גרופּע זענען שוין פאַרבליבן אין מאָסקווע, עס איז דאָ געווען זיכערער און טאָקע באַקוועמער אויך. מיט אַ צימער און אויסהאַלטונג איז מען געווען גאַראַנטירט. מען האָט מיר קלאָר געמאַכט, אַז איך קאָן נישט אויס־

שטעלן אויף דעם, אַז מיין פאַמיליע זאָל מיט מיר מיטפאָרן. אויף דעם וועט קיין דערלויבעניש נישט זיין. די פאַמיליע וועט מוזן פאָרן מיט דער אַלגע־מיינער רעפאַטריאַציע. איך האָב אויך באַדאַרפט פאָרן צוריק צו מיין אַרבעט. עס איז ווידער אַ פּראָבלעם וויאַזוי פאָרט מען אַרויס פון מאָסקווע קיין טאַשקענט, וויאַזוי באַקומט מען אַ באַן־בילעט?

דער יידישער קאָמיטעט איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט אַ פּוילישן ייד, וועלכער האָט געאַרבעט אין באַן־מיניסטעריום. דורך אים האָבן זיי באַקומען פאַר מיר אַ פּלאַץ אין שלאָף־וואַגאָן. אין אַזאַ פאַל איז געווען אַ פּרייז פאַר דער טובה: דער באַן־קאַסירער האָט באַקומען אַ פּושקע לימענע־פּודער פון די אַמעריקאַנער פּראָדוקטן.

* * *

די באַראַטונג און בכלל די גאַנצע רייזע מיינע קיין מאָסקווע איז געווען אַ שטיק סענסאַציע פאַר אַלע געוו. פּוילישע בירגער אין מיין ראַיאָן. פאַר העכער 300 אָנוועזנדיקע האָב איך אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן דער באַראַ־טונג. דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן פילן פעסטער אין גלויבן, אַז מען וועט דאָך אַרויספאָרן קיין פּוילן.

איך האָב זיך געגרייט אין וועג אַריין און געוואַרט אויף דער אַרויס־פאָדערונג קיין מאָסקווע. אַזאַ טעלעגראַפישע אַרויספאָדערונג האָב איך באַקומען פון מאָסקווע אין דער ערשטער העלפט יאַנואַר 1946.

פאָרויסזעענדיק, אַז איך וועל האָבן שוועריקייטן ביים באַפרייען זיך פון דער אַרבעט, האָב איך באַצייטנס באַזאָרגט אַ פאַרטרעטער אויף מיין אַמט. איך האָב געמאָלדן דעם פירער פון טרעסט, אַז איך פאָר קיין מאָסקווע און פון דאָרט קיין פּוילן, דעריבער בעט איך מיך באַפרייען פון דער אַרבעט. דער ענטפער איז געווען, ער האָט נישט דאַקעגן. ער פאַרשטייט די וויכ־טיקייט פון דער זאַך א.א.וו., אָבער ער וועט מיך באַפרייען ווען די נ.ק.וו.ד. וועט מיר דערלויבן פאָרן קיין מאָסקווע.

ווען די פאָרשטייער פון ז.פּ.פּ. אויפן אָרט האָבן זיך געמאָלדן אין נ.ק.וו.ד. נאָך אַזאַ דערלויבעניש, איז געווען דער זעלבער ענטפער, נאָר פאַרקערט, יאָ, זיי פאַרשטייען די וויכטיקייט א.א.וו., זיי האָבן נישט דאַקעגן

אָבער זיי וועלן דערלויבן ווען מען וועט מיך באַפרייען פון מיין אַמט.

אַזוי איז אָנגעגאַנגען קנאַפּע צוויי וואָכן אַ פּאַרכישופטע ראָד. קלאָר, אַז דאָס איז געווען אָפּגערעדט, וואָרום סיי דער טרעסט און סיי די נ.ק.וו.ד. זענען געווען פּאָרזיכטיק און נישט געוואָלט אויף זיך נעמען קיין פאַראַנט־וואָרטלעכקייט. עפּעס שמעקט דאָך דאָס מיט אויסלאַנד.

אין יידישן קאָמיטעט האָב־איך געוואָרנט וועגן די שוועריקייטן, וואָס איך וועל אַוודאי האָבן ביים פאָרן און ביים פאַרלאָזן די אַרבעט, דעריבער האָבן זיי אויך געשיקט אַ טעלעגראַמע אין טרעסט און געבעטן מיך באַ־פרייען פון דער אַרבעט, דערביי אָנגעוויזן, אַז מיין אָפּוועזנהייט שטערט דאָס אָפּפאָרן פון דער גאַנצער דעלעגאַציע, די וויזע איז אַן אַלגמיינע.

פאַר מיר איז געוואָרן קלאָר, אַז די גאַנצע מעשה מיט דעם פאַר־כישופטן קרייז איז גאַרנישט אַזוי געזונט פאַר מיר ביי די סאָוויעטישע באַדינגונגען, און קאָן זיך זייער שלעכט ענדיקן פאַר מיר, אויב עס וועט זיך אַזוי לענגער ציען. אונטער מיר האָט שוין די ערד געברענט, האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן קיין מאָסקווע אָן אַ דערלויבעניש פוןביידע צדדים.

אין אַ באַשטימטן טאָג איז געווען צוגעגרייט אַ בילעט קיין טאַשקענט. נאַטירלעך האָט מען באַדאַרפט פאַר דעם באַצאָלן. דאָס איז געווען אַ פאַר־ציע מאַרמעלאַד. 15 מינוט פאַרן אָפּגיין פון באַן בין איך אַרויס פון מיין ביוראָ. מיין אַמט האָט מיר דערלויבט אַרויסגיין פון ביוראָ ווען איך האָב געוואָלט. אַ פאָר מינוט פאַרן אָפּגיין פון דער באַן האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט אין וואַגאָן ווו עס האָט געוואַרט מיין זון מיט מיין געפּעק. אויף שנעל האָב איך אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם סאָוויעטישן מלבוש, די "פופייקע", און אָנגעטאָן אַן אויבערמאַנטל. די נאָענטסטע האָבן מיך באַגלייט שטייענדיק אין פאַרשידענע ווינקלען אויף דער באַן־סטאַציע.

מיט שרעק בין איך געפאָרן ביז טאַשקענט, אפשר וועט מען מיך פאַרהאַלטן. אַלץ איז אַדורך בשלום.

אין טאַשקענט בין איך שוין געגאַנגען אויף אַן אויסגעטראָטענעם וועג. אויף דעם זעלבן אופן ווי דעם פאָריקן מאָל האָב איך באַקומען אַ בילעט קיין מאָסקווע. אויפן צווייטן טאָג טרעף איך אין וואַגאָן דעם גענע־

ראַל־סעקרעטאַר פון פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון באַוול־אינדוסטריע אין רוסלאַנד, וועמענס ביוראָ איז אין טאַשקענט. איך האָב געאַרבעט אין אַ טרעסט פון דער אינדוסטריע, ער ווונדערט זיך, ווי קום איך איצט אין דער באַן קיין מאָסקווע? דו קומסט דאָך נישט לאַנג פון מאָסקווע?

איך דערצייל אים געַנוי וועגן אַלץ. ער פרעגט מיך גלייך ווי אַזוי איז דערליידיקט מיין באַפרייונג פון דער אַרבעט. ער איז געווען באַקאַנט מיט דעם ענין. בכלל האָט ער מיך געקענט, ווייל ער פלעגט באַזוכן דעם טרעסט אין די אָנגעלעגנהייטן פון פּראָפ. פאַריין. ער פרעגט זיך ווער איז מיין פאַרטרעטער א.א.וו. איך דערצייל אים דעם גאַנצן אמת: איך האָב נישט געקאָנט פועלן די באַפרייונג פון דער אַרבעט, איך האָב פאַרלאָזט די אַרבעט און האָב בדעה אין מאָסקווע אויפקלערן דעם ענין אין צענטראַלן מיניסטעריום. ער איז אויפגעבראַכט אויף דעם פירער פון טרעסט. יענער האָט מיך באַדאַרפט גלייך באַפרייען. ער רעקאָמענדירט מיר, אַז זייענדיק אין מאָסקווע, זאָל איך אָנקלאָגן דעם פירער פון טרעסט פאַר זיין נישט פּאַסיקער האַנדלונג בנוגע מיר א.א.וו. — אַ כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג פון די קעגנזייטיקע באַציונגען צווישן די העכערע באַאַמטע אין רוסלאַנד. יעדער זוכט שטענדיק די מפּלה פון צווייטן.

במשך דער גאַנצער רייזע, קנאַפּע 7 טעג, האָט ער שוין מיט מיר נישט גערעדט קיין איין וואָרט, הגם מיר זענען געפאָרן אין איין וואַגאָן. ווידער דאָס זעלבע: פאָרזיכטיקייט. עס שמעקט מיט אויסלאַנד...

אונדזערע וויזעס זענען שוין געווען פאַרטיק אין פוילישן קאָנסולאַט. איך בין זיך מודה, איך האָב אַלץ נישט געגלייבט, אַז איך פאָר אַרויס פון רוסלאַנד. וואָס אַלץ קאָן נאָך געשען, ווען איך וועל קומען אָפּנעמען די וויזע? דעריבער האָב איך אַלץ אָפּגעלייגט דעם באַזוך אין קאָנסולאַט. דערביי איז נאָך נישט געווען באַשטימט דער טאָג פון אונדזער אָפּפאָר קיין פוילן. ערשט ווען פון קאָנסולאַט האָט מען אָנגעפרעגט פאַרוואָס איך קום נישט אָפּנעמען די וויזע, בין איך שוין אַהין אַוועק, באַקומען די וויזע מיטן שטעמפּל פון נ.ק.וו.ד. מיט אַ רעכט אַרויסצופאָרן פון רוסלאַנד מיט דער באַן, אָדער מיטן עראָפּלאַן.

דערווייל האָט מען אונדז צוגעגרייט צום פאָרן. בגדי מלכות איז קיינער

פון די דעלעגאַטן נישט געווען אָנגעטאָן, מען האָט אונדז באַקליידט, מען זאָל אויסזען ווי עס איז אייראָפּעיש. מען האָט אונדז אַפּילו געפירט אין אַ ספּעציעלער קראָם, ווו מיר האָבן געקאָנט איינקויפן פאַר מלוכה־פּרייזן יעדער צו איין מענער־הוט און אַ קראַוואַט. אין וואַרשע האָט מען געקאָנט, לויט די קראַוואַטן, אַלע פון איין שניט און קאָליר, דערקענען די מיטגלידער פון דער רעפּאַטריאַציע־קאָמיסיע, וואָס זענען געקומען פון מאָסקווע.

דערנערט האָבן מיר זיך אין מאָסקווע מיט פּראָדוקטן, וואָס מיר האָבן באַקומען פון אַ ספּעציעלן מאַגאַזין, פון וועלכן עס האָבן געניאָסן די מיט־אַרבעטער פון דער פּוילישער אַמבאַסאַדע. דער פּשוטער בירגער האָט פון אַזעלכע פּראָדוקטן נישט געקאָנט אַפּילו חלומען. מיטאָגן האָבן מיר געגעסן אין אַ רעסטאָראַן, ספּעציעל פאַר אַקאַדעמיקער און געלערנטע — פּאָרט אַ לאַנד פון "פרייהייט, גלייכהייט און אמתער דעמאָקראַטיע"...

* * *

אין האָטעל־צימער האָב איך געהאַט אַלס מיטווינער משה בראָדערזאָן. אויף וויפל איך געדענק, איז ער אין מאָסקווע געווען צוזאַמען מיט זיין פרוי און טאָכטער. הינטער מאָסקווע האָבן זיי געהאַט עפּעס אַ צימער. משה בראָדערזאָן אָבער פלעגט פון צייט צו צייט קומען שלאָפן אין האָטעל "סעווערנאַיאַ גאָסטיניצאַ".

אין דאָזיקן האָטעל זענען אין רשות פון ז.פּ.פּ. געווען 70 בעטן. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז בראָדערזאָן האָט זיך אין האָטעל געפילט עפּעס ווי זיכערער. געוויינלעך פלעגט ער אַריינקומען אין האָטעל־צימער שפּעט אין אָוונט און שווייגנדיק זיך געלייגט אין בעט.

איך האָב מיט אים עטלעכע מאָל געפירט געשפּרעכן, אין דער צייט ווען אַלע שרייבער, זיינע קאָלעגן פון פּוילן, האָבן שוין דערליידיקט די נייטיקע פאָרמאַליטעטן אין שייכות מיט דער רעפּאַטריאַציע קיין פּוילן, ד.ה. אָנגעבן אַ וועגדונג, אַז מען זאָל זיי באַפרייען פון דער סאָוועטישער בירגער־שאַפט, האָט דאָס משה בראָדערזאָן נישט געטאָן. ער האָט דאָס אַלעמאָל נאָך אַלץ אָפּגעלייגט מיטן דערליידיקן אָט די פאָרמאַליטעטן. ער האָט מורא געהאַט דאָס צו טאָן, ער איז געווען שטאַרק פאַרמרהשחורהט. עס איז אים באַפאַלן אַ מורא פאַר דער מורא.

בראָדערזאָן איז געווען איבערצייגט, אַז מען וועט אים דערמאָנען, אַז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אַוועק פון רוסלאַנד קיין פוילן, איז דאָס אַליין דאָך אייגנטלעך שוין אַ פאַרברעכן פאַרן סאָוויעטישן "פאָ־טערלאַנד". און איצט, זייענדיק אין רוסלאַנד, ווו דאָס זעלבע סאָציאַליס־טישע פאָטערלאַנד האָט אים דאָס לעבן געראַטעוועט, געגעבן "אַלע מעגלעכ־קייטן צו אַ פריידיק לעבן, אַ מעגלעכקייט פריי צו שאַפן א.ד.גל." — וויל ער אויפסניי פאַרלאָזן דעם סאָוויעטישן גן־עדן ? מיט איין וואָרט, בראָדער־זאָן האָט ביי זיך נישט געקאָנט פועלן צו פאַרלאָזן דעם ראַטנפאַרבאַנד. ער האָט נישט אָפּטירט, און איז פאַרבליבן אין רוסלאַנד. זיין סוף איז אַלעמען באַקאַנט, אָדער ריכטיקער געזאָגט, אומבאַקאַנט. זיין טאָכטער האָט יאָ אָפּטירט· איך האָב זי געטראָפן אין וואַרשע.

* *
*

אונדזער גרופּע ווערט איינגעלאַדן אויף אַ קאָנפערענץ צום גענעראַל־סעקרעטאַר פון ז.פּ.פּ. ער קלערט אונדז אויף די וויכטיקייט פון אונדזער מיסיע אין שייכות מיט דער רעפּאַטריאַציע. גאַנץ באַזונדער באַטאָנט ער די אויפגאַבן פון דער יידישער גרופּע. ער ווייסט, אַז יעדער פון אונדז איז געווען פאַר דער מלחמה אין פוילן אַקטיוו געזעלשאַפטלעך־פּאָליטיש. ער פאַרשטייט, אַז יעדער פון אונדז וועט זיך וועלן אויפסניי אַריינוואַרפן אין דער אַרבעט פון זיין פּאַרטיי. ער אַפּעלירט דעריבער, אַז מיר זאָלן זיך אָפּגעבן ספּעציעל מיט דער רעפּאַטריאַציע אַזוי לאַנג ווי דאָס וועט נייטיק זיין.

עס איז שוין באַשטימט דער טאָג פון אונדזער אָפּפאָר. דאָס איז געווען, דאַכט זיך, דער לעצטער טאָג פון יאַנואַר 1946. אין לאָסט־אויטאָס ברענגט מען אונדז מיט די געפּעק צו דער באַן. דורך אַ באַזונדערן אַרויסגאַנג פירט מען אונדז צום וואַגאָן. מיר גייען דורך א מין שפּאַלער, מען קאָן זיך פאָרשטעלן ווער עס זענען די מענטשן. אויפן וואָך־זאַל איז אַ געוויסע סענסאַציע, ווער זענען דאָס די מענטשן ? אַלע מיט דיזעלבע טשעמאָדאַנעס און מיט טונקל־בלויזע היט אויף די קעפּ. פאַר אונדז איז רעזערווירט אַ שלאָף־וואַגאָן אין צוג מאָסקווע־בערלין, וואָס גייט דורך וואַרשע.

די נאַכט ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער סאָוויעטיש־פּוילישער גרענעץ האָב איך נישט געקאָנט איינשלאָפן. ווער ווייסט וויאַזוי עס וועט נאָך אויסזען ביי דער גרענעץ? ווען מיר טאַקע אַזוי גלאַטיק אַרויס פון דאַנען?

ביי דער סאַמע גרענעץ הער איך אַ געשפּרעך אין קאָרידאָר פון וואַגאָן. אַן נ.ק.וו.־דיסט איז אַריין אין וואַגאָן קאָנטראָלירן די דאָקומענטן. ער הייסט דעם וואַגאָן־פירער וועקן דעם עולם. יענער וויל נישט, דאָ פאָרן בלויז אויסלענדער. דער נ.ק.וו.־דיסט איז אַוועק...

אין בריסק אויפן וואָקזאַל — אַ לייכטע רעוויזיע פון אונדזערע זאַכן. ביי סאָוויעטישע מיליטער־לייט, וואָס פאָרן פון פּוילן קיין רוסלאַנד טוישן מיר אויס די פּאָר סאָוויעטישע רובל אויף פּוילישע זלאָטעס. מיר פאָרן אַריבער די פּוילישער גרענעץ. מיר זענען אויף דער פּוילישער טעריטאָריע. פאַרשידענע געפילן באַהערשן אונדז. מיר שווייגן. יעדער פון אונדז לעבט איבער אַ שווערן מאָמענט.

אין אָוונט, דעם 2־טן פעברואַר 1946, זענען מיר אין וואַרשע אויף דעם צעשטערטן ווילנער וואָקזאַל. דער עולם באַטראַכט אונדז מיט באַוווּנדערונג: ווער זענען די מענטשן? דער עולם פּסקנט: אַוודאי אַ גרופּע אַרטיסטן. עס וואַרט אונדז אָפּ אַ פאָרשטייער פון הויפּט־מלוכה־אַמט פאַר רעפּאַטריאַציע־ענינים. צוליב דער שפּעטער צייט, גאָרנישט זיכער געווען דאַן אין וואַרשע, באַשליסן מיר געבן צו וויסן אין יידישן צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס האָט דאַן געהאַט זיין ביוראָ אין פּראַגע, נישט ווייט פון וואָקזאַל. מיר קומען אַהין, מיר ווערן זייער וואַרעם אויפגענומען. עס הייבט זיך אָן אַ נייַ קאַפּיטל ביי יעדן פון אונדז.

פון דער גאַנצער עקיפּע פון 15 פּערזאָן, דעלעגירטע מיטצואַרבעטן ביי דער רעפּאַטריאַציע, האָבן בלויז אייניקע געאַרבעט אין הויפּט־מלוכה־אַמט פאַר רעפּאַטריאַציע. פון די 5 יידישע מיטגלידער בין איך אַליין געבליבן אין יידישן צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע, ווו איך האָב מיטגעאַרבעט אין דער אָפּטיילונג פאַר רעפּאַטריאַציע, די איבעריקע זענען גלייך אַוועק אַרבעטן אין זייערע פּאַרטייען, אָדער אין די יידישע קאָמיטעטן.

צום סוף איז כדאי צוצוגעבן פאָלגנדיקס:

פאַרן אָפּפאָר קיין פוילן, זייענדיק אין מאָסקווע, האָב איך באַארבעט אייניקע מאַטעריאַלן, וואָס איך האָב באַקומען אין דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון ז.פ.פ. וועגן דער צאָל עוועגטועלע רעפּאַטריאַנטן. ז.פ.פ. האָט געהאַט געוויסע מאַטעריאַלן, געזאַמלטע דורך אירע אָפּטיילונגען אויף די ערטער. נאַטירלעך האָט מיך אינטערעסירט די צאָל עוועגטועלע יידישע רעפּאַט־ריאַנטן.

בעת אין מאָסקווע האָט מען געגרייט די רעפּאַטריאַציע קיין פוילן, איז אין לעמבערג געזעסן אַ סאָוויעטיש־פוילישע רעפּאַטריאַציע־קאָמיסיע, וואָס האָט דורכגעפירט דעם אויסטויש פון דער גרענעץ־באַפעלקערונג. די אוק־ראַינער פון פוילן האָט מען אַריבערגעפירט קיין ראַטן־אוקראַינע און קיין פוילן האָט מען אַריבערגעשיקט אַלע פוילישע בירגער פון דער טעריטאָריע פון אַ.ג. מערב־אוקראַינע (מזרח־גאַליציע, לעמבערגער געגנט, וואָלין) — געגנטן, וואָס האָבן ביז דער מלחמה געהערט צו פוילן, וואָס רוסלאַנד האָט איצט אַנעקסירט.

קיין יידן זענען אויף די דערמאָנטע טעריטאָריעס, נאָך די היטלער־מערדערייען, נישט געבליבן. עס זענען אָבער געקומען אַהין יידן פון פאַר־שידענע געגנטן אין רוסלאַנד, פוילישע בירגער, וואָס האָבן צוליב פאַר־שידענע סיבות נישט געוואָלט, אָדער נישט געקאָנט וואַרטן אויף דער אַלגע־מיינער רעפּאַטריאַציע. עס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן און הויפּטזעכלעך מיט גרויסע געלטער דורכצומאַכן אַזאַ זעלבשטענדיקע רייזע, אָבער דאָך איז געגאַנגען אַ געוויסער שטראָם פון פוילישע יידן אין דעם אויסטויש פון דער דערמאָנטער באַפעלקערונג.

אין ז.פ.פ. אין מאָסקווע זענען דאַן אַרויסגערופן געוואָרן פאָרשטייער פון דער רעפּאַטריאַציע־קאָמיסיע אין לעמבערג, וואָס האָבן געפירט דעם אויסטויש פון דער באַפעלקערונג. פון די געשפּרעכן מיט די דערמאָנטע פאָרשטייער, פון די מאַטעריאַלן און ציפערן, וואָס זיי האָבן אָנגעגעבן, האָבן מיר געמאַכט דעם אויספיר, אַז דורך דער אויסטויש־קאָמיסיע ווען אַדורכגיין קיין פוילן אומגעפער 50 טויזנט יידן. אויפן סמך פון די מאַטער־יאַלן פון ז.פ.פ. וועגן וועלכע איך דערמאָן אויבן, האָט מען געקאָנט אָננע־

מען, אַז מיט דער אַלגעמיינער רעפּאַטריאַציע קאָן מען דערוואַרטן 125 טויזנט יידן.

איך האָב שפּעטער נישט געקאָנט קאָנטראָלירן וויפל יידן זענען אַריי־בער דורך דעם אויסטויש. איך האָב אָבער בנוגע דער רעפּאַטריאַציע גע־פירט אַ סטאַטיסטיק פון יעדן טראַנספּאָרט (עשעלאָן), וואָס איז אַריבער די פּוילישע גרענעץ. וועגן יעדן טראַנספּאָרט האָבן מיר גלייך באַקומען אַ טעלעגראַפישע ידיעה. אָט די דאָזיקע סטאַטיסטיק האָט אַרויסגעוויזן, ביים סוף פון דער רעפּאַטריאַציע, טאָקע אַ צאָל פון 125 טויזנט יידן. צוזאַ־מען מיט די 50 טויזנט דורך דעם אויסטויש, זענען צוריקגעקומען פון רוסלאַנד אַרום 175 טויזנט יידן.

אין יידישן צענטראַל־קאָמיטעט האָט מען דאַן גערעכנט, אַז פון די לאַגערן, בונקערס, פּאַרטיזאַנער און פון דער אַרישער זייט זענען געקומען צוריק אַהיים אַרום 80 טויזנט יידן. עס איז אַזוי אַרום געווען אַ מאָמענט נאָך דער מלחמה אין פּוילן, אמת, אַ קורצער מאָמענט, ווען די יידישע באַפעל־קערונג האָט געציילט אַרום אַ פערטל מיליאָן נפשות.

# צי האָט זיך עפּעס געענדערט אין ראַטנפאַרבאַנד

נאָך סטאַלינס טויט ווערט אין דער עפנטלעכקייט אָפט גערעדט וועגן דעם, אַז אין ראַטנפאַרבאַנד האָט זיך עפּעס געענדערט. מען מיינט דערמיט, אַז געענדערט האָט זיך צום בעסערן.

צי האָט זיך טאַקע אין סאָוויעט־רוסלאַנד עפּעס געענדערט? רעדן די פאַקטן פאַר דעם? צי איז עס נישט אַ מאָל, ווי מען זאָגט: דער ווילן איז דער פאָטער פון געדאַנק?

די וועלט וויל עס זאָל דאָרט קומען צום בעסערן. אין דעם קאַלטן קריג, וואָס ציט זיך אַלע יאָרן נאָך דער מלחמה, איז די וועלט כסדר אין אַנגסטיקער דערוואַרטונג, וואָס פאַראַ נייעס וועט ווידער קומען פון קרעמל און אין וואָס פאַראַ ווינקל פון דער ערד וועט זיין דער נייסטער אָנגריף אויף דער פרייער וועלט.

קיין קלאָרן ענטפער קאָן אָבער אין דער מערב־וועלט קיינער נישט געבן אויף אָט די פראַגן. דער קרעמל איז אָפּגעשלאָסן, אַן אמתער אייזערנער פאָרהאַנג. עס קענען נאָך זיין השערות אויפן סמך פון דער טרויערדיקער פראַקטיק ביז איצט.

פון צייט צו צייט קומען ידיעות פון אַמבאַסאַדאָרן, קאָרעספּאָנדענטן, וואָס האָבן אין רוסלאַנד פאַרבראַכט אַ געוויסע צייט, און אויך פון אַנטלאָפענע סאָוויעטישע באַאַמטע.

פּאָליטיקער און זשורנאַליסטן, וואָס גיבן זיך ספּעציעל אָפּ מיט אָט די פּראָבלעמען מאַכן געוויסע אויספירונגען וועגן דער לאַגע אין רוסלאַנד. נישט שטענדיק אָבער איז זייער פאָרויסזאָגן אין איינקלאַנג מיט דער אמתער לאַגע דאָרט.

אין אַלגעמיין זענען דאָס, צום באַדויערן, נישט מער ווי אילוזיעס

וועגן דעם "נייעם פּנים פון דער סאָוויעטישער דיקטאַטור". וועגן דער נאָכגיביקייט פון סטאַלינס נאָכפאָלגער, וואָס זאָלן, כלומרשט, זיין אמתע אייראָפּייער און דזשענטלמענער אין פאַרגלייך מיט דעם האַלב־משוגענעם אַזיאַט סטאַלין א.א.וו.

ווער ווייסט צי אָט די אַלע ידיעות שטאַמען נישט פון קאָמוניסטישע קוואַלן, ווי פּראָפּאַגאַנדע ?

עס איז נישטאָ קיין גרונד צו זאָגן, מיט דער פולער זיכערקייט, אַז דער טויש פון די מענטשן אין קרעמל האָבן געענדערט דעם כאַראַקטער, דעם גרונד פון סאָוויעטישן קאָמוניזם. עס זענען נישטאָ קיין סימנים, אַז עס זאָל זיך האָבן עפּעס געענדערט, ממשותדיק, אין דער אינערלעכער און אוודאי און אוודאי נישט אין דער אויסערלעכער פּאָליטיק.

די אויסן־פּאָליטיק פון אַ לאַנד כאַראַקטעריזירט אויך די אינער־לעכע לאַגע. עס קען נישט זיין, אַז אַ לאַנד אין וועלכן עס הערשט אַ דעמאָקראַטישע אָרדנונג זאָל די אויסערן־פּאָליטיק געפירט ווערן אין דער ריכטונג פון אַגרעסיע, פון פאַרכאַפּן פרעמדע לענדער און נישט רעכענען זיך מיט די פּרינציפּן פון מענטשלעכקייט און אַנשטענדיקייט.

ווי אַזוי עס זעט אויס די אויסערן־פּאָליטיק פון רוסלאַנד אין די נאָכ־מלחמה־יאָרן איז דאָך גוט באַקאַנט. אַזאַ אויסערן־פּאָליטיק פון ראַטנפאַר־באַנד, וואָס ווערט געפירט אין אַלע נאָכמלחמה־יאָרן און אַזוי אויך איצט, וואָלט געווען אוממעגלעך, ווען אין לאַנד זאָל ווירקלעך קומען צו אַ געוויסער דעמאָקראַטיזאַציע, כאָטש צו געוויסע ענדערונגען און פאַר־לייכטערונגען. עס גייט אָבער אָן די זעלבע פּאָליטיק פון אַגרעסיע, די זעלבע שטרעבונג צו שפּאַלטן די מערב־וועלט. און ווען עס איז זיי אַ ביסל באַשווערט געוואָרן זייער פאַרכאַפּונגס־פּאָליטיק אין אייראָפּע, האָבן די קאָמוניסטן פאַרשטאַרקט זייער קאַמף אין אַזיע.

ווען אין קאָרעאַ האָט זיך נישט איינגעגעבן ווי זיי האָבן פּלאַנירט, האָט זיך פאַרשטאַרקט זייער אָנגריף אין אינדאָכינע. פאַרענדיקט דאָרט, גייט שוין דאָן אַ נייע אַגרעסיע אויף פאָרמאָזע, און אַזוי כסדר. קאָן מען ביי אַזאַ אויסערן־פּאָליטיק דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז אין לאַנד גופא האָט זיך געענדערט צום בעסערן ?

מען דאַרף געדענקען, אַז ביי אַ דיקטאַטאָרישן רעזשים זענען בכלל נישט שכיח וואָס פּאַראַ נישט איז פאַרלייכטערונגען, בפרט נאָך ביי דער שווידערלעכער דיקטאַטור אין רוסלאַנד.

ווי אין אַלע לענדער וווּ עס הערשט אַ דיקטאַטור, איז דאָ אַ שיכט, וואָס געניסט פון אָט דער אָרדנונג.

אין רוסלאַנד און אין אַלע אירע סאַטעליטן־לענדער איז אַנטשטאַנען אַ נייער קלאַס ביוראָקראַטן, וואָס געניסן פון אַ סך פּריווילעגיעס.

אָט דער נייער שיכט פּריווילעגירטע ביוראָקראַטן, ווירטשאַפטלער און פּאַרטייער, זענען דאָס דער רוקן־ביין פון דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור.

ערנסטע ענדערונגען פון דעם סיסטעם וואָלט באַדייט פּאַר זיי אָפּזאָגן זיך פון דער מאַכט, פון די פּריווילעגיעס, דעריבער איז שווער צו דער־וואַרטן וועלכע עס איז וועזנטלעכע רעפאָרמען.

דער נייער פּריווילעגירטער קלאַס ביוראָקראַטן איז בלוטיק פאַר־אינטערעסירט אין דער עקזיסטענץ פון אָט דער אָרדנונג. אָט דער שיכט ביוראָקראַטן ציילט אין די מיליאָנען. דאָס זענען מענטשן, דאָס רוב, געבוירענע, אָדער אויסגעוואקסן שוין נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָ־לוציע, דאָס הייסט אַן עלעמענט אין גאַנצן דערצויגן אונטער דער פולער ווירקונג פון דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור.

אין די מלחמה־יאָרן איז די שרויף פון דער דיקטאַטור אין אַ געוויסער מאָס אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און גאַנץ נאַטירלעך. די עקאָנאָמישע שווערי־קייטן אין די אַלע יאָרן פון דער סאָוויעטישער דיקטאַטור זענען נאָך מער פאַרשאַרפט געוואָרן בעת דער מלחמה. די מפּלות אויף די פראָנטן, די דעז־אָרגאַניזאַציע אפילו אין ווייטסטן הינטערלאַנד, די הונדערטער טויזנטער עוואַקואירטע, היימלאָזע סאָוויעטישע בירגער פון די מלחמה־געביטן — דאָס אַלץ האָט אַריינגעבראַכט אַ כאַאָס און האָט באַשווערט דאָס האַלטן אַן אויג אויפן בירגער.

אמת, דאָס הייסט נישט, אַז דאָס רוסישע פאָלק האָט שוין געהאַט די מעגלעכקייט אינגאַנצן פרייער אָפּצואָטעמען. ניין, אַזוי ווייט איז דאָס נישט געגאַנגען, אָבער די נ.ק.וו.ד. האָט אויף אַ סך זאַכן פאַרקוקט. אַ

גרויסע צאָל אַרעסטירטע אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָט מען געשיקט אין דער אַרמיי, וואָס דאָס האָט פאַר זיי באַדייט אַ באַפרייונג, אָבער דאָס האָט נישט געשטערט אין די מלחמה־יאָרן צו פאַרשיקן אין די לאַגערן נייע "פאַרברעכער". דאָס האָט נישט געשטערט צוצופעסטיקן דעם אַרבעטער צו זיין אַרבעטס־פּלאַץ און ענדגילטיק פאַרווערן פרייוויליק צו פאַרלאָזן די פאַבריק. פאַר פאַרלאָזן דעם אַרבעטס־פּלאַץ אין אַ פאַבריק, וואָס האָט געאַרבעט דירעקט, אָדער אומדירעקט, פאַר מלחמה־צוועקן, איז געקומען אַזאַ "קליינע" שטראָף, ווי אַכט יאָר לאַגער.

ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, האָט מען געקאָנט לייכט אַרויס־פילן די שטימונגען ביי דער רוסישער באַפעלקערונג. אַלע האָבן געהאָפט, אַז אָט איצט, נאָך דער מלחמה, וועט קומען אַ פאַרבעסערונג, אַ פאַר־לייכטערונג פאַר דער באַפעלקערונג, אַז מען וועט קאָנען לייכטער לעבן. די אינדוסטריע וועט דאָך נישט דאַרפן אַרבעטן אויסשליסלעך פאַרן קריג, די מלוכה וועט לאָזן אין גאַנג די לייכטע אינדוסטריע, עס וועלן זיין קליידער, שיך, עס וועט זיין אַ שטיקל זייף צום וואשן און אויך אַנדערע קלייניקייטן פון טאָג־טעגלעכן געברויך, אין וועלכן עס האָט זיך געפילט אַזאַ מאַנגל אַלע יאָרן, אפילו פאַר דער מלחמה.

אַזוי האָט דאָס פאָלק געחלומט.

די טרויעריקע סאָוויעטישע ווירקלעכקייט האָט זייער שנעל אָט די אילוזיעס צעטריבן. די שרויף פון דיקטאַטור איז צוריק פאַרפעסטיקט געוואָרן.

שרעקלעכע אַנטוישונג איז געקומען ווען מען האָט זיך דערוווסט די שוידערלעכע נייעס, אַז אַלע רוסישע קריגס־געפאַנגענע שיקט מען נישט אַהיים און נישט אין דער אַרמיי, נאָר אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. געהייסן האָט עס, אַז מען דאַרף אויספאָרשן ביי וועלכע באַדינגונגען איז דאָס יעדער אַריינגעפאַלן אין געפענגעניש, און ווי אַזוי האָט זיך דאָס יעדער אויפגעפירט...

אַנדערע אַנטוישונגען זענען אויך גלייך געקומען. די קאָמוניסטישע דיקטאַטור האָט שטאַרקער אָנגעצויגן די לייצן. די נאָכמלחמה־יאָרן זענען באַקאַנט מיט גרויסע "טשיסטקעס" (רייניקונגען), ליקווידירונגען פון

טויזנטער און טויזנטער, מיט פאַרשיקונגען אין די לאַגערן.

די אינדוסטריע אין רוסלאַנד און אין אירע סאַטעליטן־לענדער איז ווידער איינגעשטעלט געוואָרן אויף קריגס־צוועקן. ווי אַלע יאָרן, ביז דער מלחמה, איז דאָס געווען אויפן חשבון פון דער לייכטער אינדוסטריע. עס האָט זיך אַבסאָלוט נישט פאַרקלענערט דער מאַנגל אין אַרטיקלען פון טאָג־טעגלעכן געברויך. אין דער סאָוויעטישער פרעסע און אויך אין די אינפאָרמאַציעס פאַר אויסלאַנד זענען געקומען ידיעות וועגן דעם, אַז עס איז געשטיגן דער לעבנס־ניוואָ פון סאָוויעטישן בירגער. אָבער די וועלט ווייסט ווי ווייט עס זענען די סאָוויעטישע אינפאָרמאַציעס פון דער ווירקלעכקייט. און די ווירקלעכקייט איז, לויט אַלע סימנים, אַ גענוג טרויערדיקע.

***

עס איז כדאי דאָ זיך אָפּצושטעלן אויף אייניקע מאָמענטן פון די אַרטיקלען פון דעם באַקאַנטן זשורנאַליסט, סאַליסבורי, דעם געוועזענעם לאַנג־יאָריקן מאָסקווער קאָרעספּאָנדענט פון "ניו־יאָרק־טיימס".

סאַליסבורי שרייבט, אַז סטאַלינס טויט האָט געבראַכט מיט זיך אַ נייעם רעזשים פאַר רוסלאַנד, אַ רעזשים, וואָס האָט שוין דערגרייכט באַדייטנדיקע דערפאָלגן אין לאַנד און אין אויסלאַנד. אמת, זאָגט סאַליס־בורי, "די צילן פון דער סאָוויעטישער רעגירונג זענען דיזעלבע וואָס ביי לענינען און סטאַלינען. מען דאַרף נישט מאַכן קיין טעות: סאָוויעט־רוסלאַנד איז ווייטער די גרעסטע פּאָליצייאישע מלוכה אין דער וועלט, מיט אַלע שוידערלעכקייטן, שקלאַפן־אַרבעט און דגל. אָבער די מאַכט איז אַריבער צו אַ גרופּע מענטשן, וואָס ווייזט אַרויס אַן אויסערגעוויינלעכע בויגעוודיקייט און קענטעניש זיך צוצופּאַסן צו די באַדינגונגען ביים דער־ליידיקן אינערלעכע און אויסערלעכע פּאָליטישע פּראָבלעמען".

דערביי ציטירט סאַליסבורי די ווערטער פון איינעם אַ מערב־דיפּלאָמאַט אין מאָסקווע: "די נייע מעטאָדן פון דער סאָוויעטישער דיקטאַטור מאַכן זי אין אַ געוויסער מאָס נאָך מער געפערלעך ווי ביי סטאַלינען".

אין זיינע ווייטערדיקע אויספירונגען, וואָס סאַליסבורי ברענגט, שוואַכט

ער אַליין אָפּ זיינע השערות וועגן די כלומרשטע פּאָזיטיווע ענדערונגען אין סאָוויעטישן רעזשים. ער שרייבט: „די באַפעלקערונג פון סאָוויעט־רוסלאַנד גופא איז ווייניקער פאַרכאַפּט מיט אילוזיעס וועגן די פאַרלייכטערונגען ווי די אויסלענדער", און מיט רעכט — דאָס רוסישע פאָלק פילט דאָך אויף זיינע אייגענע פּלייצעס די ווירקלעכקייט.

אָבער ענדערונגען אין רעזשים זענען ווירקלעך פאָרגעקומען. אין רוסלאַנד האָט זיך געהאַט אָנגעמערקט אַ קריזיס אין דעם מאַכט־אַפּאַראַט. דער קריזיס איז אַנטשטאַנען, נאָך ביי סטאַלינס לעבן, אין די שפּיצן פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. עס איז געקומען צו פאַרשאַרפטע באַציונגען צווישן די אָנפירער צוליב דער נייער גראַנדיעזער „טשיסטקע", וואָס האָט געזאָלט אַרומנעמען אַ סך פירער. סטאַלינס טויט האָט אָפּגעראַטעוועט אַ סך פון די איצטיקע הערשער, און אפשר האָבן זיי טאַקע צוגעאיילט סטאַלינס טויט.

און נישט נאָר די פּאָליטישע, נאָר אויך די עקאָנאָמישע לאַגע אין ראַטנפאַרבאַנד האָט זיך זייער פאַרשאַרפט. כרושטשאָוו אַליין האָט אין זיין באַריכט אויפן פּלענום פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי אנערקענט, אַז די לאַגע אין דער לאַנדווירטשאַפט איז אין די לעצטע יאָרן זייער אַ שווערע. דאָס דאָזיקע שווערע פּראָבלעם איז שוין זינט אַ לענגערער צייט די הויפּט־טעמע פון טאָג אין רוסלאַנד.

דאָס איינקויפן אין אויסלאַנד לעבנס־מיטל־פּראָדוקטן איז נישט קיין סימן פון אַ פאַרבעסערטער לאַגע אין רוסלאַנד, נאָר פאַרקערט — דאָס האָבן די נייע הערשער געמוזט טאָן פאַרלויפיק, כדי צו ראַטעווען די לאַגע און פאַרהיטן פון אַן אויסברוך.

אין אַלגעמיין, איז אין ראַטנפאַרבאַנד צו באַמערקן נישט קיין פאַרלייכטערונג, נישט קיין אָפּשוואַכונג פון דער דיקטאַטור, נאָר פאַרקערט — עס איז צו באַמערקן אַ פּראָצעס פון אַ מאַקסימאַלער פאַרשטאַרקונג פון דער מאַכט, פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, ספּעציעל איבער די קאָלכאָזן פונוואַנען עס ווערן באַזייטיקט די נעבעכדיקע רעשטלעך פון זייער זעלבסטפאַרוואַלטונג.

ווי אַ סימן פון אַ פאַרלייכטערונג אין סאָוויעטישן רעזשים ווערט

צווישן אַנדערן אָנגעוויזן אויף אַ "וויכטיקן" פאַקט: די רעגירונג אין רוסלאַנד האָט באַשלאָסן איבערצוגעבן דעם קרעמל פאַר דעם פאָלק, ד. ה. פאַרוואַנדלען דעם קרעמל אין אַ מוזעאום. אַלע רעגירונגס־לייט און הערשער וועלן זיך אַריבערטראָגן אין פּריוואַטע וווינונגען. טאַקע, באמת, אַ גרויס גליק פאַר דעם רוסישן פאָלק!

מען דאַרף נאָר אַביסל קאָנען די סאָוויעטישעווירקלעכקייט בכדי זיך פאָרשטעלן ווי אַזוי דאָס וועט אויסזען. ווען אַלע סאָוויעטישע פירער און הערשער וועלן זיך אריבערטראָגן אין אַן אַנדער געגנט, וועט יענע געגנט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מין נייעם קרעמל. דער אַלטער איז דורכן פאָלק אויסגעמיטן געוואָרן ווי אַ פּעסט, און ווער האָט דען געוואַגט דאָרט אַ באַז צו ווייזן? דאָס זעלבע וועט זיין אין דער געגנט פון נייעם קרעמל, נישט מען וועט קאָנען דאָרט זיך ווייזן, נישט עס וועט ווער האָבן חשק דאָרט זיך צו ווייזן. דער רוסישער בירגער וועט די נייע געגנט אויסמיידן. אַ מורא וועט אָנפאַלן אויף יעדן ווער עס וועט דאַרפן אפילו נאָר דורכגיין דורך די שכנישע גאַסן אַרום דעם נייעם קרעמל.

זייענדיק אין מאָסקווע קורץ נאָכן פאַרענדיקן די מלחמה בין איך געווען נייגעריק אַ קוק־טאָן אויף דעם קרעמל, פונדערווייטנס כאָטש, עס האָט מיך איבערראַשט די פּוסטקייט אויף דעם רויטן פּלאַץ. אַרום דעם קרעמל כמעט קיין שום באַוועגונג פון זייטיקע מענטשן. דער רויטער פּלאַץ ווערט אויסגעמיטן. אויפן רויטן פּלאַץ ביז די אַרומיקע גאַסן האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע ריי צום לענין־מאַווזאָלעאום. אָט די "שטילע" ריי האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן די אַרומיקע פּוסטקייט אויף דעם פּלאַץ, אַרום דעם קרעמל.

ניין, אַזעלכע און אַנדערע סימנים ווייזן נישט קיין שום ממשותדיקע ענדערונגען צום בעסערן פאַרן רוסישן פאָלק. די אַלע ידיעות און אינפאָר־מאַציעס וועגן דער כלומרשטער אַנדערשקייט און בעסערקייט פון די נייע הערשער אין קרעמל איז נישט מער ווי קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע, כדי צו פאַרטומלען די מוחות פון דער פרייער וועלט.

# שקלאַפן־אַרבעט אין סאָוויעט־רוסלאַנד

נאָך דער מלחמה איז שוין געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע ליטעראַטור פון דערינערונגען און דערציילונגען פון מענטשן, וועלכע האָבן אויף זייערע אייגענע פלייצעס פאַרזוכט דעם טעם פון דעם גן־עדן אין דער מלוכה פון ״סאָציאַליזם״.

אַ באַזונדער קאַפּיטל פאַרנעמט די פראַגע פון שקלאַפן־אַרבעט אין ראַטנפאַרבאַנד.

עס איז אַ טרויערדיקער פאַקט, אַז טויזנטער און טויזנטער מענטשן אויף דער פרייער וועלט ווילן נישט גלויבן אין דעם אַלעמען. זייער פיל ווילן נישט גלויבן, ווייל עס וואָלטן צערינען געוואָרן זייערע שענסטע און בעסטע אילוזיעס, וועלכע זענען פאַרבונדן מיטן לאַנד פון ״סאָציאַליזם״.

עס איז אָבער די ווירקלעכע ווירקלעכקייט. אין ראַטנפאַרבאַנד עקזיסטירט דער סיסטעם פון שקלאַפן־אַרבעט. שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס די גאַנצע באַפעלקערונג אין ראַטנפאַרבאַנד איז אייגנטלעך פאַר־שקלאַפט עקאָנאָמיש און פּאָליטיש.

עס איז אַ פאַקט, אַז אין ראַטנפאַרבאַנד ווערט כמעט יעטוועדע וויכ־טיקע אַרבעט אויסגעפירט דורך שקלאַפן, און נאָר ווי שקלאַפן קאָנען באַצייכנט ווערן די א. ג. ״זאַקלוטשאָנע״ (לאַגערניקעס) אין די פיל שקלאַפן־לאַגערן אין דער לענג און ברייט פון גרויסן ראַטנפאַרבאַנד.

די מלחמה־יאָרן האָב איך, ווי געזאָגט, מיט מיין פאַמיליע פאַרבראַכט, מיט קורצע אויסנאַמען, אין אוזבעקיסטאַן, מיטל־אַזיע. איך האָב געאַרבעט אלס לייטער פון דער אָפּטיילונג פאַר אַרבעט און לוין אין אַ גרויסן טרעסט פון ״כלאָפּאָק״ (באַוול). אַ טרעסט, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט אַ ריי זאַוואָדן אין דער אוזבעקישער רעפּובליק. ביי מיין אַרבעט האָב איך זיך אָפט געטראָפן מיט די נאַטשאַלניקעס פון די נ. ק. וו. ד.־לאַגערן,

ווייל די זאַוואָדן האָבן באַשעפטיקט טויזנטער לאַגערניקעס.

פון די אָפּגעריסענע געשפּרעכן, אָנדייטונגען, דערציילונגען האָב איך זיך דערוווסט פון אַ סך זאַכן, און טיילווייז האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט אָבסערווירן אויפן אָרט די פאַקטן.

עס איז פאַר מיר געוואָרן קלאָר אַ בילד פון דער טרויערדיקער רוסישער ווירקלעכקייט. אַ בילד וויאַזוי עס האָט זיך אַנטוויקלט דער סיסטעם פון שקלאַפן־אַרבעט.

נאָך דער אָקטאָבער־איבערקערעניש, ווען עס איז געשאַפן געוואָרן די טרויערדיק־באַרימטע טשע־קאַ, וואָס איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ג.פּ.או., נ.ק.וו.ד., נ.ק.ג.ב. און איצט מ.וו.ד., האָט מען אָנגעהויבן אָנווענדן אלס רעפּרעסיעס, דאָס פאַרשיקן אין צפון־טייל פון לאַנד.

אין ערשטן פּעריאָד פון זייער ממשלה האָבן די קאָמוניסטן נישט געאָרדנט קיין באַזונדערע אַרבעטס־אויפגאַבן פאַר די פאַרשיקטע.

ווי אַ מין "צייטפאַרטרייב" האָבן די פאַרשיקטע געהאַקט וועלדער. ערשט ביים אַנטשטיין פון די, "פּיאַטילעטקעס", ווען יעדן יאָר באַקומט יעדע מיניסטעריום איר פּלאַן צום אויספירן, ווי אַ טייל פון אַלגעמיינעםווירטשאַפטס־פּלאַן פאַר דער גאַנצער מלוכה, איז דאַן איינגעשטעלט און צוגעטיילט געוואָרן אויך אַזאַ פּלאַן צום אויספירן פאַר דער נ.ק.וו.ד.

דער פּלאַן איז פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרן דורך דעם "גולאַג" (אָנפירערשאַפט פון די לאַגערן), פאַר יעדן לאַגער באַזונדער. יעדער לאַגער האָט באַקומען אַן אויפגאַבע אויספירן אַ פּלאַן פון אַרבעט, סיי אין נאַטור, אויך אין געלט, פון די איינקונפטן פאַר דער אַרבעט.

ווער עס איז געווען אין רוסלאַנד ווייסט וואָס עס באַדייט אַ פּלאַן, וויאַזוי די פירער 'שלאָגן זיך' פאַר אויספירן דעם פּלאַן, וואָס פאַראַ שווינדלערייען, וואָס פאַראַ מיטלען עס ווערן אָנגעווענדעט ביים אויספירן די פּלענער.

דאָס איז נוגע דער ווירטשאַפט מיט "פרייע" אַרבעטער. און מען קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס פאַראַ מיטלען עס ווערן אָנגעווענדעט אין די לאַגערן ביים אויספירן אָט די פּלענער.

מיט די "פּיאַטילעטקע"־פּלענער האָט שוין די נ.ק.וו.ד. גאַנץ אַנדערע

אויפגאַבן מיט די אַרבעטן אין די וועלדער פון די צפון־געביטן. עס איז שוין פאַר די פאַרשיקטע נישט קיין צייטפאַרטרייב. עס הייבט זיך שוין אָן די אמתע שקלאַפן־אַרבעט ביים אויספירן די פּלענער.

ווען די רעזולטאַטן פון דער שקלאַפן־אַרבעט זענען גאַנץ באַפרידנ־דיקע, מערקן זיך צוויי פאָלגנדע דערשיינונגען:

1) וואָס אַ יאָר ווייטער שטעלט די מלוכה אַלץ גרעסערע אויפגאַבן דער נ.ק.וו.ד. ווי אַ טייל פון אַלגעמיינעם מלוכה־פּלאַן.

2) מיט יעדן יאָר צעשפּרייטן זיך די לאַגערן פון נ.ק.וו.ד. ווייטער אויף אַלע זייטן פון גרויסן לאַנד. עס ווערן געשאַפן לאַגערן אין די צענטראַלע געביטן פון רוסלאַנד, ווייסרוסלאַנד, אוקראַינע, צפון־קאווקאַז א. אנד. געביטן.

די רוסישע ווירקלעכקייט, דער גאַנצער מלוכה־אַפּאַראַט, די באַדינגונ־גען אין רוסלאַנד, שאַפן אין אַ פולער מאָס דעם מענטשן־מאַטעריאַל פאַר אַט די לאַגערן פון שקלאַפן.

די נ.ק.וו.ד. און די הויפּט־אָנפירערשאַפט פון די לאַגערן פאַרדינען כשר דעם צוטרוי פון סטאַלינען, קאָמפּאַרטיי און דער סאָוויעטישער רעגירונג.

אין די ווייטערדיקע "פּיאַטילעטקעס" ווערט זיי אָנפאַרטרויט אַנדערע זייער וויכטיקע מלוכה־פּלענער צום אויספירן. די לאַגערן באַקומען די אויפגאַבע צווישן אַנדערן, פירן גרויסע בוי־אַרבעטן אין גאַנצן לאַנד.

מיט דער צייט שטייט די נ.ק.וו.ד. אויף דעם געביט פון גרויסע בוי־אַרבעטן, פּראָצענטועל, אויף דעם ערשטן אָרט אין אַ גאַנצער ריי רעפּובליקן, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע מיניסטעריומס. עס איז קלאָר אין רעזולטאַט פון וויפל מיליאָנען אומגעבראַכטע שקלאַפן איז געקומען דאָס ערשטע אָרט.

די נ.ק.וו.ד. האָט אויך גרויסע "פאַרדינסטן" אויפן געביט פון שקלאַפן־אַרבעט אין די גאָלד־גרובן, נאַפט און קוילן־גרובן. אויך אויף די געביטן פאַרנעמט די נ.ק.וו.ד. דאָס ערשטע אָרט אין אייניקע צפון־רעפּובליקן.

אַלס אַ בולטער ביישפּיל אויף וויפל די סטאַלינישע מלוכה שטעלט אויס דאָס דורכפירן אירעווירטשאַפטס־פּלענער דורך שקלאַפן־אַרבעט,

איז דער פאַקט, וואָס די פּלענער נאָך דער מלחמה פון בויען די גרעסערע הידראָעלעקטראָסטאַציעס, קאַנאַלן און אַנדערע גרויסע אונטערנעמונגען, ווערן איבערגעגעבן דער נ.ק.וו.ד. אויך אין מיטל־אַזיע. די פאַרשיקטע אין די לאַגערן, ווי אין גאַנצן לאַנד, איז אַ וויכטיקער פאַקטאָר אויף אויספירן דיווירטשאַפטס־פּלענער.

די אָרטיקע אוזבעקישע באַפעלקערונג איז פיינטלעך געשטימט צו דער ראַטנמאַכט. די אוזבעקן האָבן נאָך באַזונדערע חשבונות פאַר די פּאַציפיי־קאַציעס דורכגעפירטע אין מיטל־אַזיע פאַר נישט גיין אין די קאָלכאָזן.

דער קאַמף קעגן די "באַסמאַטשעס" ליגט די אוזבעקן גוט אין טעם ביז היינט.

גרויסע "פאַרדינסטן" ביי די פּאַציפיקאַציעס האָט דער מאַרשאַל בודיאָני. די פיינטשאַפט צו בודיאָני קומט צום אויסדרוק אין דעם וואָס אין קיין שום סאָוויעטישער אינסטיטוציע אין מיטל־אַזיע וועט איר נישט טרעפן צוזאַמען מיט די פּאָרטרעטן פון די סאָוויעטישע מלוכה־מענער דעם פּאָרטרעט פון מאַרשאַל בודיאָני. די ראַטנמאַכט האָט געמוזט דערמיט שלום מאַכן.

נאַטירלעך זענען די אַרבעטס־באַדינגונגען אין מיטל־אַזיע נישט בעסער ווי אין גאַנצן לאַנד. דער לוין פאַר דער שווערסטער אַרבעט אין די באַוול־זאַוואָדן גיט נישט קיין עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן. יעדער איז גע־צוווּנגען זוכן פאַרדינסטן מן הצד. די אַרבעט פון די אוזבעקן, ווי בכלל די אַרבעט פון אַלע אַנדערע "פרייע" אַרבעטער אין רוסלאַנד, האָט מיר נישט איינמאָל דערמאָנט וועגן דעם קאַנצלאַגער אין פּוילן פאַר דער מלחמה — קאַרטוז־בערעזע. מיר האָבן געאַרבעט נאָר אויף אַזויפיל אויף וויפל עס האָט זיך געלאָזט אָפּנאַרן די וועכטער און אויסמיידן די קלעפּ. מיר האָבן געשאַנעוועט דאָס געזונט בכדי אויסהאַלטן די ווייטערדיקע שווערקייטן און די קלעפּ פון די גומענע שטעקנס.

די באַוול־אינדוסטריע איז אָבער איינע פון די וויכטיקסטע פאַר דער ווירטשאַפט פון דעם לאַנד. די אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע פון די פירערס, דירעקטאָרן פון די פּראָפּ. פאַריינען האָבן נישט געהויבן די פּראָדוקציע פון די זאַוואָדן. דעריבער זענען די שווערסטע אַרבעטן אויסגעפירט געוואָרן

דורך די לאַגערניקעס. דער טרעסט, ווו איך האָב געאַרבעט, האָט ווי אַלע אַנדערע גרעסערע אונטערנעמונגען אין רוסלאַנד, — געמוזט מאַכן אַ שריפטלעכן אָפּמאַך מיט דער אָנפירערשאַפט פון די לאַגערן אין טאַשקענט, די הויפּט שטאָט פון אוזבעקיסטאַן, אויף צושטעלן פאַר די זאַוואָדן פון טרעסט שקלאַפן־אַרבעטער.

דער טרעסט האָט יעדעס יאָר געשלאָסן אַזאַ אָפּמאַך אויף צושטעלן 2000 שקלאַפן פאַר זיינע זאַוואָדן.

ווי יעדער אָפּמאַך, אַזוי האָט אויך דער אָפּמאַך געהאַט אַ גאַנצע ריי פּונקטן. די צדדים אין דעם פאַל זענען געווען פון איין זייט דער אַר־בעטס־געבער, פון דער צווייטער זייט, דער צושטעלער פון די שקלאַפן, די נ.ק.וו.ד., ביידע צדדים האָבן זיך ווי געהעריק באַוואָרנט, אָבער די שקלאַפן, זיי זענען נאָר געווען דער אָביעקט פון אָפּמאַך. מיט זיי, דורך זיי, דאַרפן ביידע צדדים זייערע פּלענער אויספירן.

ווי ווייט די אַרבעט פון יעדער גרעסערער אונטערנעמונג אין רוסלאַנד איז אויסגעשטעלט אויף שקלאַפן־אַרבעט קאָנען דינען פאָלגנדיקע פאַקטן.

געווייגלעך בויט מען אין מיטל־אַזיע די לאַגערן נעבן די אונטער־נעמונגען, וועלכע דאַרפן באַשעפטיקן די שקלאַפן. די לאַגערניקעס פירט מען צו דער אַרבעט דורך אַ ספּעציעלן טויער, דירעקט פון לאַגער אויף דעם שטח פון זאַוואָד. דאָס איז זייער באַקוועם, וואָרום די אַרטיקע באַפעל־קערונג פאַרשפּאָרט זיך טרעפן מיט די שקלאַפן, די נאַקעטע, באָרוועסע און הונגעריקע.

די דירעקטאָרן פון באַזונדערע זאַוואָדן פון טרעסט זענען, נאַטירלעך, שטאַרק פאַראינטערעסירט צו באַקומען פאַר זיך פון אָרטיקן לאַגער אלץ אַ גרעסערע צאָל שקלאַפן, ווייל נאָר דורך זיי זענען געווען שאַנסן אויס־צופירן די אַרבעטן אויף די זאַוואָדן. זענען שטענדיק פאָרגעקומען קאָנ־קורענץ־קאַמפן צווישן די דירעקטאָרן. האָט איין דירעקטאָר צוגעזאָגט, אַז אויסער דעם לוין, פון וועלכן די שקלאַפן האָבן באַקומען אַ נישטיקן טייל, וועט ער אויך געבן די שקלאַפן צום אָפּעסן.

אַ באַזונדער זאַך איז דאָס וואָס אַזאַ עסן, וואָס זיי גיבן, האָט עס נאָר געקאָנט זיין אויפן חשבון פון די אַרבעטער פון זאַוואָד.

ווען די לאַגערניקעס האָבן באַקומען עסן אויפן זאַוואָד האָט די לאַגער־אַדמיניסטראַציע געהאַט אַ שאַנס צונעמען פאַר זיך זייערע פראָדוקטן. איז געקומען אַ צווייטער דירעקטאָר און צוגעזאָגט געבן באַהייצונג דעם לאַגער, אָדער וואָס אַנדערש. אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען.

די לאַגערניקעס האָבן געמוזט אויספירן די שווערסטע אַרבעטן אויף די זאַוואָדן. געוויינלעך ווערט פאַר די לאַגערניקעס אָפּגעטיילט אַ געוויסער פלאַץ אויף דער טעריטאָריע פון זאַוואָד צו דער אַרבעט. דער פלאַץ ווערט אַרומגעשטעלט מיט קליינע רויטע פענדלעך, (פאַרוואָס דווקא רויטע?) עס איז גענוג צום היטן אַ גאַנץ גרויסע צאָל לאַגערניקעס 1־2 וועכטער. דער אַרבעטס־פלאַץ איז געהיט פון אַ 4־5 הינט, דאָס איז גאַנץ גענוג און זיכער. די נ.ק.וו.ד.־הינט שטייען שטענדיק פאַר די אויגן פון די, וועלכע האָבן געהאַט מיט זיי צו טאָן. די וועלכע האָבן געהאַט צו טאָן מיט די געסטאַפּאָ־לייט ווייסן אויך וואָס דאָס באַדייט.

געוויינלעך זיצן אין די לאַגערן פון אוזבעקיסטאַן מענטשן פון דער אַרטיקער באַפעלקערונג.

ביי דער געלעגנהייט איז כדאי צוצוגעבן, אַז רוסן אין מיטל־אַזיע זענען אין זייער ווייט־גרעסטער מערהייט אַרויסגעשיקטע פון די איבריקע געביטן פון רוסלאַנד. קומט דאָך פאַר אין ראַטנפאַרבאַנד אַן אייביקע פעלקער־וואַנדערונג. עס גייט דאָך דאָרט שטענדיק אַן אַ ליקווידאַציע, אויב נישט פון גאַנצע רעפּובליקן, איז פון גאַנצע געגנטן.

אין די אוזבעקישע לאַגערן זיצן מענטשן מיט "קינדער טערמינען" (דעטסקי סראָק), דורכשניטלעך צו 5 יאָר.

יעדער וויל צוריק די פרייהייט, קומען צו זיין פאַמיליע. עס איז אַ טראַגיש בילד ווען דו אָבסערווירסט די שקלאַפן. אַ סך פון זיי איז שטאַרק ענערגיש ביים אַרבעטן. ווערן אָבער די כוחות געפּטרט און דאַן במילא קלענער די שאַנסן צו באַקומען די פרייהייט.

אַרבעטן שוואַך, לאָזן נישט די וועכטער, איך מיין די צוויי־פיסיקע. עס לאָזן נישט אויך די מיטלאַגערניקעס, מען יאָגט איינער דעם צווייטן. די שקלאַפן האָבן דאָך אַ נאָרמע צום אויספילן. ווערט די נאָרמע נישט אויס־געפירט באַקומט מען זייער ווייניק עסן.

אָבער ביי אַלע מעגלעכע אָנשטרענגונגען איז דאָך אַזוי שווער די נאָרמעס אויסצופילן. מוז מען שווינדלען. מאַכן פאַרשידענע קאָמבינאַציעס. אַמאָל דעקט דאָס דער באַאַמטער פון זאַוואָד, וועלכער האָט די אויפגאַבע קאָנטראָלירן די אַרבעטן און דאָס אויספירן די נאָרמעס. אַ צווייט מאָל נישט, קומען פאָר צוליב דעם זייער אָפט שרעקלעכע סצענעס.

און אַזוי גייט דאָס יאָר איין, יאָר אויס. פלענער אויף די זאַוואָדן זענען אויסגעשטעלט אויסשליסלעך אויף דער אַרבעט פון די שקלאַפן. אַזוי אין דער באַוול־אינדוסטריע אין אוזבעקיסטאַן, אַזוי אין גאַנץ מיטל־אַזיע, אַזוי אין גאַנצן, גרויסן ״סאָציאַליסטישן״ לאַנד פון די סאָוויעטן.

ביי דער געלעגנהייט דערמאָנט זיך מיר אַ פאַל מיט איינעם פון די נאַטשאַלניקעס פון אַ שקלאַפן־לאַגער, פון וואַנען דער טרעסט האָט באַקומען שקלאַפן צו דער אַרבעט. ער האָט זיך אָנגעשיכורט, אַרויס אין גאַס, געריסן פאַרקאַנעס, אַרויסגעריסן מיט די וואָרצלען אַ פאָר צענדליק יונגע ביימלעך, געוואָלט פאַרגוואַלטיקן אַ פרוי אין מיטן גאַס, ביי וועלכער ער האָט די קליידער אַראָפּגעריסן.

די אַלאַרמירטע נ. ק. וו. ד.־לייט האָבן קוים זייער קאָלעגע אַריינגעשלעפּט אין לאַגער, אָפּגעגאָסן מיט וואַסער, דאַן האָט ער זיך אַביסל באַרויקט. אָפּגעזעסן אין אַרעסט אַ מאָנאַט. די העכערע מאַכט האָט באַשלאָסן אים אַריבערפירן אַלס נאַטשאַלניק אין אַ צווייטן לאַגער. מען וואַרפט זיך נישט מיט מענטשן אין נ. ק. וו. ד.

ביים פאַרלאָזן די שטאָט, איז ער געקומען אין טרעסט זיך געזעגענען, דערביי אַביסל געשמועסט און ווידער דערציילט פון די לאַגערן.

ער בעט מען זאָל אים פאַרשטיין, אַז אַזאַ ווילד שיכורן קומט נישט צופעליק.—״אַ שווער לעבן״... ער דערציילט, אַז מען האָט אים פאָרגעלייגט איבערנעמען דעם אַמט אין איינעם פון צוויי לאַגערן. איינעם הינטער טאשקענט, אַ לאַגער פון 2500 בלויז פאָליטישע, אינטעליגענטן, פראָפעסאָרן, דאָקטוירים, אינזשינערן א. אנד. וויל ער נישט אַזאַ לאַגער. ער האָט אויסגעקליבן אַ צווייטן, לויטער קרימינעלע. ער האָט געבעטן מען זאָל אים ווונטשן דערפאָלג אין זיין ווייטערדיקער ״אַרבעט״...

# וויאַזוי לעבט זיך אין מאָסקווע

(לויט אַ סאָוויעטישן אינפאָרמאַטאָר)

## „און דאָס לעבן איז געוואָרן פריילעכער"

(פון סטאַלינס באַליבטע אויסדרוקן)

הגם ניקיטאַ כרושטשאָוו לעבט שוין נישט מער, איז אָבער כדאַי צו דערמאָנען זיינע אַרויסטרעטונגען אין ליכט פון דער סאָוויעטישער ווירק־לעכקייט, און באַזונדערס דער סאָוויעטישערווירטשאַפטס־פּאָליטיק, און אַן איבריקן מאָל אַ בליק טאָן וויאַזוי דער סאָוויעטישער בירגער לעבט, אַפילו אין האַרץ פון ראַטנפאַרבאַנד — אין מאָסקווע.

ווי באַקאַנט, האָט כרושטשאָוו זייער שטאַרק געהאַלטן פון עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען ביז... קלאַפּן מיטן שוך אין טיש אין דער אונאָ.

אין רוסלאַנד פירט זיך נישט, אַז יעדער קאָן רעדן. כרושטשאָוו האָט עס געקאָנט טאָן אָן שטערונגען.

וועגן וואָס האָט ער געוויינלעך גערעדט ? — וועגן פּאָליטישע, הויפּט־זעכלעך וועגן אויסערן־פּאָליטישע פּראָבלעמען. ער האָט אָבער אויך גערעדט וועגן העכערן די פּראָדוקציע אין לאַנד, וועגן טעכנישן פּראָגרעס, וועגן אַנטוויקלען די אינדוסטריע, אַגריקולטור־פּראָבלעמען, וועגן קוקורודזע, בהמות און דג״ל.

צווישן אנדערן האָט כרושטשאָוו אויך גערעדט וועגן די דירעקטע בויטן פון סאָוויעטישן מענטש.

קיין צופעליקייט איז עס נישט געווען. עס זענען געווען וויכטיקע סיבות דערצו, ווארום ווי לאַנג קאָן מען רעדן בלויז וועגן דעריאָגן און איבעריאָגן די פאַראייניקטע שטאַטן אין דער צייט ווען דער דורכ־שניטלעכער בירגער פון סאָוויעטישן גן־עדן נייטיקט זיך נאָך אַלץ אין די סאַמע וויכטיקסטע אַרטיקלען פון טאָג־טעגלעכן געברויך ?

ווי כרושטשאָוו האָט בשעתו פאַרזיכערט, איזביים סאָוויעטישן אַרבעטער גרויס דער אינטערעס צו פּראָדוצירן מער. דער סאָוויעטישער אַרבעטער באַקומט דאָך דערפאַר אַ... צווייטע וואַנע און דג״ל.

דערמאָנט זיך מיר ווי די יידענעס פלעגן זאָגן אין קליינעם שטעטל: ״וואָלט דאָס געווען דער ערשטער ליגן, וואָלט ער זיך שוין לאַנג דער־וואָרגן...״

ביי כרושטשאָוון, ווי ביי אַנדערע סאָוויעטישע פירער, איז עס אָבער נישט דער ערשטער ליגן, איז מילא — גאָט אַ פאָטער (נישט אין ראַטנפאַרבאַנד נאַטירלעך...) און די סאָוויעטישע פירער זענען תמיד געזעגנט, אַפילו פאַר זייערע בלינדע נאָכשלעפּער. דאָס איז שווער אָפּצולייקענען, אַפילו אין גרויסן רוסלאַנד.

טראָץ אַלע רייד און צוזאָגענישן פון אַזעלכע פירער, ווי כרושטשאָוו און זיינע פּאַרטנערן, גיט עס נאָך נישט דערויף (און ווער ווייסט ווען...) קיין דערפאָלג אין די באַמיונגען צו פאַרבעסערן די לאַגע פון סאָוויעטישן מענטש וואָס האָט געגלויבט, אַז די רעוואָלוציע וועט גלייך ברענגען דעם קאָמוניזים און ווילטאָג פאַרן אַרבעטס־מענטש.

איז כדאי ביי דער געלעגנהייט ברענגען אַ מערקווירדיקן פאַקט, וואָס שפיגלט אָפּ די לאַגע אין ראַטנפאַרבאַנד אויפן ווירטשאַפטלעכן געביט, וואָס שיינט צו זיין לעכערלעך פאַרן מענטש מיט לאָגישן דענקען.

* * *

אין פאַרלאַג ״דער מאָסקווער אַרבעטער״ איז דערשינען נישט קיין גרויס ביכל, 159 זייטלעך, א״נ ״דאָס באַדינען די מאָסקווער איינוווינער״.

אין דעם ביכל זענען אָנגעגעבן די אַדרעסן און נומערן פון טעלעפאָנען מיט וועלכע די מאָסקווער איינוווינער דאַרפן זיך באַנוצן אין פאַרשידענע פאַלן פון זייער, נישט לייכטן, טאָגטעגלעכן לעבן.

אין דעם אינפאָרמאַטאָר ווערט צווישן אַנדערן אָנגעגעבן ווו מען קאָן שנעל אויסוואַשן אַ העמד, צורעכטמאַכן וועש, שיך; באַקומען אויף צייטווייליקן געברויך זאַכן פון שטוביקע באַדערפענישן, אַ לאָמבאַרד צו

פאַרזעצן זאַכן, צורעכטמאַכן מעבל, אָפּפאַרבן אַ לענדערנעם מאַנטל, טראַנס־פּאָרט פאַר אַריבערפירן שטוביקע זאַכן; ווען צו פאַרקויפן פאַרשידענעם אָפּפאַל, ווו עס געפונען זיך בעדער („באַניעס") בית־עלמינס אאַ"וו.

די אָנווייזונגען אין דעם אינפאָרמאַטאָר מאַכן קלאָר וויאַזוי עס זעט אויס דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן און זאָרגן פון די מאָסקווער איינוווינער.

ווי געוויינלעך אין אַלע סאָוויעטישע אויסגאַבעס ווערט אויך אין דעם אינפאָרמאַטאָר אָפּגעגעבן אַ סך פּלאַץ פאַר פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע.

ביי יעדן פאַל פון אָנגעבן דעם אַדרעס און טעלעפאָן־נומער פון אַ וועלכער עס איז שטאָטישער קולטור־שטייגערישער אונטערנעמונג, ווערט צוגעגעבן וויאַזוי עס האָט אויף דעם געביט אויסגעזען ביז דער קאָמוניס־טישער רעוואָלוציע, און דערעיקרשט... ווי עס וועט אויסזען ביים סוף פון „גראַנדיעזן זיבן־יאָר־פּלאַן".

ביז דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז כמעט גאָרנישט געווען, און דאָס וואָס איז יאָ געווען, האָט צו גאָרנישט געטויגט. אָבער פון אָקטאָבער 1917 איז אַלץ אַוועק אַנדערש — פון שלעכטן צו בעסערן און צום גאָר גוטן, וואָס שטייגט נאָך מער איבער דאָס דערגרייכטע.

עס איז כדאי צו ברענגען אייניקע אויסצוגן פון דעם דערמאָנטן אינפאָרמאַטאָר:

אין מאָסקווע מיט איר איבער פינף מיליאָניקער באַפעלקערונג, ווערט פאַרענדיקט דאָס בויען אַ גרויסע מעכאַניזירטע פאַבריק אויף רעמאָנטירן און אויסאַרבעטן מעבל פאַר אינדיווידועלע באַשטעלונגען. דערפאַר אָבער ווערט... פּלאַנירט אויסבויען נאָך אַזעלכע צוויי פאַבריקן.

די מאָסקווער איינוווינער ווערט צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן זיך קאָנען קליידן בעסער, דערווייל ווערן די מאָסקווער מלבושים דעמאָנסטרירט אויף אַזעלכע „וויכטיקע" אויסלענדישע אויסשטעלונגען ווי צ.ב. אין דער פאַראייניקטער אַראַבישער רעפּובליק, אָדער אין דער אָפּגעשטאַנענער בולגאַריע.

אויף גאַנץ מאָסקווע געפינען זיך בסך־הכל 2 פּלעצער ווו מען קאָן רייניקן קאַפּעליושן און דריי פּלעצער ווו מען נעמט אָן איבערשרייבן אויף אַ שרייב־מאַשין. — „גוואַלדיקע" דערגרייכונגען מיט וועלכע ראַטנ־

פֿאַרבאַנד קאָן זיך טאַקע איבערנעמען נאָך אַזוי פֿיל יאָרן עקזיסטענץ, נישטאָ וואָס צו רעדן...

בעת זיין באַזוך אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן האָט כרושטשאָוו פֿאַר־זיכערט, אַז אין רוסלאַנד וועלן גאָר אין גיכן אָפּגעשאַפֿן ווערן אַלע מינים שטייערן. דערווייל, ביז וואָס ווען, ווערט אין דעם אינפֿאָרמאַטאָר דער־מאָנט די מאָסקווער איינוווינער ווער, פֿאַרוואָס און וויפֿל מען דאַרף אַלץ צאָלן.

פֿאַר אָנלאָדן און פֿאַרטיילן האָלץ ווערט געצאָלט לויטן פֿעסטגע־שטעלטן פּרייזקוראַנט; פֿאַר פֿאַרטוישן באַזונדערע טיילן פֿון גאַז־איינריכ־טונגען טאָר קיין איין שלאָסער נישט פֿאַרלאַנגען צוגאָב־אָפּצאָלונגען; פֿאַר אָפּפֿאַרבן די סופֿיטן, פֿאַרבן די ווענט, די פֿענצטער, אַריינשטעלן שויבן, פֿאַרבן די פּאָדלאָגעס און טירן, זענען מחויב צו צאָלן די וואָס פֿאַרנעמען די וווינונגען.

מען דאַרף געדענקען, אַז אין מאָסקווע זענען די הייזער נאַציאָנאַלי־זירטע. די אַרבעטן קאָנען דורכגעפֿירט ווערן אויסשליסלעך דורך פֿון פֿאַרויס־איינגעשטעלטע ראַיאָן־קאַנטאָרן אויף צו פֿאַריכטן מעבל, וווינונגען אא״וו.

אַלץ איז רעגלאַמענטירט אַזוי ווי אין אַ קאַזאַרמע, אָדער טורמע.

די עלעקטרישע אינסטאַלאַציע אין דרויסן ווערט דורכגעפֿירט דורך דער הויז־פֿאַרוואַלטונג, אין הויז גופֿא אויפֿן חשבון פֿון די איינוווינער. אויב מיט דער עלעקטרישער ענערגיע באַנוצן זיך אייניקע איינוווינער, קומט פֿאָר די אינערלעכע אָפּרעכענונג צווישן זיי.

אויף פּינקטלעכקייט פֿון דער פֿונקציאָנירונג פֿון די עלעקטרישע קאָנטראָל־זייגערס, פֿון וועלכע עס געניסן די איינוווינער, דאַרפֿן אַכטונג געבן די איינוווינער גופֿא.

קאָנפֿליקטן וואָס אַנטשטייען אויף דעם געביט צווישן די איינוווינער פֿון קאָלעקטיווע וווינונגען, אונטערליגן צום פֿאַרהאַנדלען ביי די ספּעציעלע קאָמיסיעס פֿון דער הויז־פֿאַרוואַלטונג, אָדער פֿאָלקס־געריכטן.

עס איז נישט שווער זיך פֿאָרצושטעלן וויפֿל לעבנס־טראַגעדיעס עס באַ־האַלטן זיך אונטער דער ביוראָקראַטיש־קאַנצעלאַרישער רעגלאַמענטאַציע

פון אָט דער קאָמונאַל־שטייגערישער באַדינונג פון די מאָסקווער איינ־וווינער.

וועגן אַזעלכע זאַכן רעדט זיך נישט אין דעם אינפאָרמאַטאָר. פאַר־קערט, די אויפגאַבע איז אַן אַנדערע: אונטערשטרייכן דאָס זאָרגלאָזע לעבן פון די מאָסקווער איינוווינער ביי דער סאָוויעטן־מאַכט. הייגט וואָס דערוואַרט זיי אין דער צוקונפט ?...

אין מאָסקווע וועלן געעפנט ווערן נאָך 1660 קיכן, רעסטאָראַנען און פלעצער פאַר צובייסן, צוזאַמען אויף 155 טויזנט פלעצער. 50 נייע רעסטאָראַנען וועלן איינגעאָרדנט ווערן אין באַזונדערע גרויסע געביידעס. די נעץ פון געזעלשאַפטלעכע דערנערונג האָט זיך פאַרגרעסערט מיט נייע אונטערנעמונגען — היימישע ״קוכניעס״, וועלכע וועלן באַפרייען די הויז־פרויען פון זאָרג איינצוקויפן פראָדוקטן און צוגרייטן מיטאָגן. צום פאַר־ענדיקן פון 7־יאָר־פּלאַן וועלן געעפנט ווערן נאָך 220 אַזעלכע היימישע קיכן.

דאָס איז אָבער נאָך נישט אין גאַנצן. אינגיכן וועט אָפּפאַלן די זאָרג וועגן האָלץ און קוילן. בקרוב וועט מען דאָס אין דער הויפּטשטאָט נישט דאַרפן נוצן, און די מאָסקווער לופט וועט זיין פריי פון רויך. דאָס אַלץ איז צוקונפט־מוזיק...

איצט אָבער איז אַן אַנדערע זאַך. דער אינפאָרמאַטאָר לערנט, אַז מען דאַרף זאָרגפעלטיק און באַלעבאַטיש זיך באַציען ביים נוצן וואַסער. מען דאַרף שטרענג אָפּהיטן די פאָרשריפטן ווי זיך באַנוצן מיט דער קאַנאַלי־זאַציע. עס ווערט קאַטעגאָריש פאַרבאָטן אַראָפּצולאָזן אין די קאַנאַליזאַציע־רערן מיסט, זאַמד, שמאַטעס, שטרוי, שניי, שפּענדלעך, קאָריקעס און אַנד. האַרטע זאַכן. אויך קיך־אָפּפאַל.

לויט דער אויסרעכענונג פון דעם וואָס ווערט אַלץ פאַרבאָטן קאָן מען זיך לייכט פאָרשטעלן ווי עס גייט דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פון די מאָס־קווער איינוווינער, ווי נאָענט זיי זענען שוין צו ״דעריאָגן און איבעריאָגן אַמעריקע״.

אין אינפאָרמאַטאָר ווערט אַנאָנסירט : העכער 100 אַטעליעס פאַר נייע אינדיווידועלע מלבושים. די שניידער־פאַבריק נומער 21 שיקט אַרויס

אירע מענטשן אויף גרעסערע אונטערנעמונגען. זיי ברענגען מיט זיך אַ סך מוסטערן פון סחורות, מוסטערן פון פּאַרטיקע מלבושים, מאָדע־זשור־נאַלן, און דאָ אויפן אָרט טאַקע נעמען זיי אָן באַשטעלונגען. אַזוי זעט אויס נישט נאָר מיט מלבושים, נאָר אויך מיט מעבל. „מאָססמיטמעבל" פּאַרטיקט אויס נישט קיין סטאַנדאַרטע מעבל פאַר דער באַפעלקערונג.

דאָס אַלץ איז עפּעס נישט קיין געוויינלעכעס, אָבער אַזוי זאָגט זיך אין דעם אינפאָרמאַטאָר, און געדענקט, דאָס איז נישט עפּעס אין אַ צענט־ראַל־אַפריקאַניש לאַנד. אַז דאָס אַלץ עקזיסטירט אומעטום, אין יעדן אַמ־וויניקסטן עקאָנאָמיש־אַנטוויקלטן לאַנד.

דאַרף מען צוגעבן, אַז דאָס אַלץ האָט עקזיסטירט אין מאָסקווע לאַנג פאַר דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אַ סך פריער פאַר דעם ווען מאָסקווע האָט אָנגעהויבן וואַקסן מיט אַן „אומגעהייערן טעמפּאָ".

צו דעם אַלעמען נאָך אַ פּוסטע באַרימעריי: יעדער וואָס קומט אַריין אין אַ באָד־אַנשטאַלט („באַניע") וואַרפט זיך אין די אויגן די ריינקייט, אָרדענונג און באַקוועמלעכקייט. אומעטום בלומען. די ווענט באַשיינען שיינע בילדער. און וואָס איז מיט וואַסער? ווי אָפט האָט זיך געטראָפן, אַז עס איז געווען וואַרעם וואַסער איז נישט געווען קיין קאַלטס, און פאַרקערט. און ווערט נישט איבערראַשט, איידער מען גייט אַרויס פון דער באַניע קאָן מען טרינקען אַ גלאָז הייסע טיי. אין בופעט איז אַלעמאָל דאָ אַ קאָכעדיקער סאַמאָוואַר. עס איז ממש שווער צו גלייבן וועגן אַזעלכע דערגרייכונגען. עס קאָכט דער סאַמאָוואַר און מען קאָן טרינקען אַ הייס גלאָז טיי.

די „צענטראַלע" און „סאַנדונאַוװסקע" באַניעס, אַחוץ דעם ערשטן און צווייטן קלאַס, האָבן אויך נאָך אַ העכערן קלאַס, מיט שווים־באַסיינען.

דער אינפאָרמאַטאָר פאַרשווייגט נאַטירלעך, אַז אָט די באַניעס זענען גאָרנישט קיין נייעס. אַזעלכעס האָט עקזיסטירט נאָך צוריק מיט אַ יאָר הונדערט, מיט דעם אונטערשיד, וואָס דאַן האָט מען די באַניעס נישט געטיילט אויף אַזוי פיל קלאַסן, פאַרן פּשוטן עולם, און פאַר די „בעסערע לייט".

נעמט, למשל, דאָס באַדינען די מאָסקווער איינוווינער מיט פריזיר־אַנשטאַלטן (פאַריקמאַכערסקעס). ווייזט זיך אַרויס, אַז אין אָט די אַנ־

שטאַלטן האָט מען זיך אָנגעהויבן באַנוצן מיט עלעקטרישע אַפּאַראַטן צום שערן און טריקענען די האָר. אין אייניקע אַנשטאַלטן אַרבעטן ספּעציאַ־ליסטן, וועלכע האָבן אַ גוטן געשמאַק, זיי קענען אַ 10—15 פאַסאָנען ווי אַזוי אָפּצושערן מענער, זיי קאָנען אונטערזאָגן וועגן די בעסטע מאָדעלן פון פרויען־פריזורן, און דאָס אַלץ טאַקע אמבעסטן אויספירן. עס שטייט פאַר דאָס עפענען אין מאָסקווע אַ סאַלאָן־פריזיר־אַנשטאַלט. דאָ וועט מען דורכפירן אָוונטן פון דעמאָנסטרירן נייע פריזורן. דער סאַלאָן וועט פאַר־נעמען אַ "קאָמפאָרטייבל פּלאַץ", די וואַרט־צימערן זענען באַשטעלט מיט באַקוועם מעבל; אין אַרבעטס־זאַל — צען פאָטעלן, אין וועלכע עס זענען איינמאָנטירט מיניאַטורנע מאַניקיר־טישלעך. עס ווערן איינגעפירט נייע סאָרטן באַדינונג, געניטע מייסטערס וועלן אויספאַרטיקן פּאַרוקן און צעפּ.

און דאָס נישט מיט יאָרהונדערטער צוריק, אין וועלט פון פּאַרוקן, נאָר איצט, אין באַגלייטונג פון די ספּוטניקעס, אין יאָרן פון באַדינען רוסלאַנד דורך דער "אַרבעטער־ און פּויערים־מאַכט".

מער ווייניקער אַזעלכע "הויכע" דערגרייכונגען פאַר די מאָסקווער איינוווינער מיט וועשערייען, רעמאָנט־וואַרשטאַטן, פונקטן פאַר פאַרדינגען זאַכן פון שטוביקן געברויך; פונקטן פאַר אַרויסרופן אַ טעקסי א.ד.ג.ל. עס איז פשוט נישט צום באַשרייבן אָט די "גרויסע דערגרייכונגען".

די יונגע גענעראַציע פון די מאָסקווער איינוווינער, אויך אויסלענדער, קאָנען דאָס אַלץ אָננעמען פאַר ריין געלט. אַלץ וואָס רעדט זיך אין דעם אינפאָרמאַטאָר, נישט נאָר וועגן דער איצטיקער ווירקלעכקייט, נאָר דער עיקר וועגן דער צוקונפט, און נאָך מער וועגן דער פאַרגאַנגענהייט, פאַר־שטענדלעך, אַז וועגן דער צוקונפט קאָן יעדער נאָר טרעפן, אַז די אָפיציעלע צוזאָגעכצן ווערן אָפט געענדערט, באַזונדערס וועגן דער דערוואַרטער פאַרגרעסערונג פון פלייש, מילך, פּוטער, תבואה א"אַ.

וואָס שייך דער ביז־אָקטאָבער־פאַרגאַנגענהייט, וועגן וואָס עס רעדט זיך אַזוי פיל אינעם דערמאָנטן אינפאָרמאַטאָר, איז דאָס ענלעך צו דער ווירקלעכקייט, פונקט ווי די באַרימערייִ פון כרושטשאָוו אין "הייסן" געשפּרעך מיטן וויצע־פּרעזידענט ניקסאָן אויף דער אַמעריקאַנער אויס־

שטעלונג אין מאָסקווע: "אייער מלוכה איז אַלט 150 יאָר, אָבער אונדזער מלוכה איז אין גאַנצן אַלט 40 יאָר, און דאָך האָבן מיר אייך כמעט דער־יאָגט".

פאַר די מאָסקווער שווינדלער הייבט זיך אָן די רוסישע מלוכה פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. פאַר די רעדאַקטאָרן פון ציטירטן איפּאָרמאַ־טאָר איז די איצטיקע מאָסקווע, ווי רוסלאַנד פאַר כרושטשאָוון, אויסגע־וואַקסן אויף אַ פּוסט אָרט, פּונקט ווי ביז דעם "גרויסן אָקטאָבער" האָט נישט עקזיסטירט אַ גרויסע, צעוואָרפענע אויף 6 ימען מלוכה, וואָס האָט געהייסן רוסלאַנד, אַ מלוכה און אַ פאָלק, וואָס האָט געגעבן דער וועלט גיגאַנטן פון וויסן, טעכנאָלאָגיע, קונסט, מוזיק און אַנדערע שאַפונגען.

# אַגריקולטור אין רוסלאַנד

אויף איינעם פון די פּלענומס פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי אין רוסלאַנד, וואָס איז גערופן געוואָרן צו באַהאַנדלען איין פראַגע: ״דער היינטצייטיקער עטאַפּ פון דער קאָמוניסטישער בויאונג און די אויפגאַבן פון דער פּאַרטיי ביים פאַרבעסערן די אָנפירערשאַפט פון דער אַגריקולטור־ווירטשאַפט״, איז גאַנץ קלאָר געבראַכט געוואָרן צום אויסדרוק דער פּאַטאַלער צושטאַנד פון דער אַגראַ־ווירטשאַפט אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

די פאַרשידענע מאַניפּולאַציעס מיט ציפערן אין די סטאַטיסטישע ידיעות וועגן אויספירן די פּלענער, מיט וועלכע מען באַנוצט זיך געוויינלעך אין רוסלאַנד, האָבן דאָסמאָל נישט געהאָלפן. עס זענען שוין אַוועק די ערשטע דריי יאָר פונעם 7־יאָר־פּלאַן, מיט די רעזולטאַטן פון וועלכן כרושטשאָוו האָט זיך שוין באַצייטנס באַרימט, אַז זיי וועלן דעריאָגן און איבעריאָגן אַמעריקע אויף אַלע געביטן פון עקאָנאָמישן לעבן, און אויפן געביט פון אַגריקולטור־ווירטשאַפט, זענען די רעזולטאַטן קלאָגעדיקע.

אויף דעם דאָזיקן פּלענום האָט כרושטשאָוו געזאָגט:

״מיר דאַרפן נישט קיין פוסטע פראַזן וועגן לעזן דאָס פּראָבלעם פון אַגריקולטור, מיר דאַרפן תבואה און אַנדערע אַגריקולטור־פּראָדוקטן. מיר דאַרפן קוקן דעם אמת אין די אויגן, עס וועלן זיין רעזאָלוציעס, ווענ־דונגען, באַשלוסן, אָבער פלייש און מילך וועט נישט זיין״.

עס האָט שוין באַדאַרפט קומען צו אַ צושטאַנד פון קאַטאַסטראָפע, אַז כרושטשאָוו זאָל אַרויסקומען מיט אַזאַ ליאַרם.

***

זינט איר עקזיסטענץ האָט די סאָוויעטישע רעגירונג גוואַלדיקע שווע־

ריקייטן און פּראָבלעמען פון אינערלעכן לעבן. מיר שטעלן אַוועק אין אַ זייט די פיל אינערלעכע שוועריקייטן, וואָס זענען געקומען אין רעזול־טאַט פון דעסטאַליניזאַציע און די, וואָס זענען געקומען אין רעזולטאַט פון דעם, וואָס הונדערטער טויזנטער סאָוויעטישע מענטשן האָבן זיך אין די מלחמה־ און נאָכמלחמה־יאָרן אָנגעשטויסן מיטן לעבן אין מערב.

גרויס איז דער אונטערשיד אין טאָג־טעגלעכן לעבן פון רוסלאַנד אין פאַרגלייך אַפילו מיט די סאַטעליטן־לענדער ווי פּוילן, אונגאַרן און טשע־כאָסלאָוואַקיע. אויך די שוועריקייטן, וואָס קומען פון דער יונגער גענעראַ־ציע, וועלכע איז אַריין אין איר זעלבשטענדיקן לעבן שוין נאָך סטאַלינס טויט.

עס איז גענוג ווען מיר וועלן דערמאָנען די פּראַגע וועגן טראַנספּאָרט אין רוסלאַנד. דאָס איז איינע פון די אָנגעווייטיקסטע פּראַגן דאָרט. — דער טראַנספּאָרט איז פיל ערגער ווי אין די צאַרישע צייטן.

די אַגריקולטור־פּראָבלעמען זענען, ווי אַ ראַק אויפן קערפּער פון רוס־לאַנד. די פּראַגע פון דערנערונג פון רוסישן פאָלק איז במשך אַלע יאָרן פון דער סאָוויעטישער מאַכט די שווערסטע. די קאָמוניסטישע הערשאַפט קאָן זיך נישט איבערנעמען, אַז ווען עס איז, — פאַר אָדער נאָך דער מלחמה — האָט דער סאָוויעטישער בירגער אַלעמאָל געקאָנט באַקומען וואָס ער האָט באַדאַרפט, און וויפל ער האָט באַדאַרפט פּראָדוקטן פון סאַמע ערשטן געברויך.

עס וואָלט פאַרנומען צופיל אָרט מיר זאָלן זיך דאָ אָפּשטעלן אויף דעם רוסישן סיסטעם פון באַזאָרגן די באַפעלקערונג. גענוג צו זאָגן, אַז די באַזאָרגונג גייט לויט קאַסטעס און פּריווילעגיעס: ״וואָיענטאָרג״ באַ־זאָרגט די אָפיצירן און זייערע פאַמיליעס; ״ספּעצטאָרג״ — די נ. ק. וו. ד. און די פירער פון די פאַרטיי־קאָמיטעטן מיט זייערע פאַמיליעס; ״גאָר־טאָרג״ האָט די אויפגאַבע באַזאָרגן די שטאָטישע באַפעלקערונג; ״סעל־טאָרג״, — דאָס דאָרף.

באַזונדער ווערט באַזאָרגט מאָסקווע און לענינגראַד. באַזונדער — די איבעריקע שטעט אין לאַנד.

אַזוי גייען די שטאַפּלען אויפן לייטער, אָבער פון אויבן אַראָפּ. וואָס

נידעריקער אַלץ ווייניקער פּראָדוקטן אין צאָל, קוואַליטעט און אַסאָר־טימענט.

***

מען דאַרף פעסטשטעלן, אַז די סאָוויעטישע רעגירונג האָט געמאַכט אַ סך אָנשטרענגונגען צו ענדערן צום בעסערן און פאַרלייכטערן די שוועריקייטן אויף אַ סך געביטן, אָבער אָן ווירקזאַמע רעזולטאַטן, ווייל דערביי זענען קיינמאָל נישט אָנגערירט געוואָרן די גרונט־פּרינציפּן פון דעם סאָוויעטישן סיסטעם.

און אויב עס האַנדלט זיך וועגן די שוועריקייטן אויפן געביט פון אַגריקולטור, האָבן אַלע מינים עקספּערימענטן נישט געבראַכט קיין פּאָזי־טיווע רעזולטאַטן. הויפּטזעכלעך דערפאַר וואָס די סאָוויעטישע מאַכט איז קיינמאָל נישט אָפּגעטראָטן פון איר סיסטעם פון צענטראַליזאַציע.

אויב עס האַנדלט זיך וועגן עקספּערימענטן אויף דעם אַגראַר־פראָנט איז דווקא כרושטשאָוו אַ סך מאָל געווען דער איניציאַטאָר, נאָך בעת זיין באַלעבאָטעווען אויף אוקראַינע.

זיינע עקספּערימענטן האָבן זיך אַלעמאָל אויסגעלאָזט מיט אַ דורכ־פאַל. די קרבנות זענען אַלעמאָל געווען אַנדערע, ווי פאַרשידענע אַגראָ־נאָמען, טוער פון דער פּאַרטיי א״אַ.

כרושטשאָוו איז אַלעמאָל אַרויס אַ טרוקענער, ווי אַ קאַטשקע פון וואַסער. דערנאָך, אויף די הויכע אַמטן אין מאָסקווע האָט כרושטשאָוו איינגעפירט ענדערונגען אויפן געביט פון דער אַגראַר־ווירטשאַפט. ער האָט זיך אַ צייט אַרומגעטראָגן מיט אַ פּלאַן צו פאַראייניקן די קאָלכאָזן און שאַפן אַ״ג ״אַגראָ־גאָראָדאָ״ (אַגראַר־שטעט). אַנשטאָט דעצענטראַליזירן און געבן די אָרטיקע קאָלכאָזן מער זעלבשטענדיקייט אין זייער אַרבעט, איז ער מיט די ״אַגראָ־גאָראָדאָ״ אויסן געווען נאָך מער צענטראַליזירן.

״די ״אַגראָ־גאָראָדאָ״ איז געוואָרן שפּעטער דער מוסטער צו פאַר־וואַנדלען אין דער קאָמוניסטישער כינע די קאָלכאָזן אין די אַ״ג קאָמונעס. די רעזולטאַטן זענען באַקאַנט, — דער שוידערלעכער הונגער איז געקומען גאַנץ שנעל.

כרושטשאָווס אידעע איז אויך געווען צו באַאַרבעטן די ערד־שטחים, וועלכע זענען נאָך קיינמאָל ביז איצט נישט באַאַרבעט געוואָרן, די א״ג ״צעלינא״. — צענדליקער טויזנטער יונגע מענטשן זענען פאַר דעם צוועק טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין קאַזאַכסטאַן, אָבער מיט קיין אָנזעעוודיקע רעזולטאַטן האָט כרושטשאָוו זיך נישט געקאָנט באַרימען.

* *
*

ווי עס איז באַקאַנט, זענען אין די פאַראייניקטע שטאַטן בלויז 10% פון איר באַפעלקערונג באַשעפטיקט ביי דער אַגראַר־ווירטשאַפט, אין רוסלאַנד 50% פון דער באַפעלקערונג. אין אַמעריקע פּראָדוצירן די 10% גענוג פאַר דער באַפעלקערונג און נאָך אַ ריזיקן איבערפלוס, וואָס איז אַ גרויס פּראָבלעם די לעצטע יאָרן. אין רוסלאַנד קאָנען די 50% נישט באַזאָרגן די באַפעלקערונג מיט אַגראַר־פּראָדוקטן.

וואָס איז די סיבה ? — אַ סך סיבות. מיר וועלן פּרווון ברענגען אייניקע פון זיי.

דער סיסטעם פון צענטראַליזאַציע ליגט ווי אַ שווערער יאָך אויף די קאָלכאָזן. דער סיסטעם דערלאָזט נישט צו קיין שום איניציאַטיוו פון די פירער פון קאָלכאָז. אַלץ ווערט אָנגעוואָרפן פון אויבן. ווען און וואָס צו פאַרזייען, ווען און וואָס אַראָפּנעמען פון די פעלדער. אַלץ ווערט באַשטימט פון די הויכע פענצטער.

דער סיסטעם פון שטייערן פאַר דער מלוכה איז אין נאַטור, דאָס מיינט די קאָלכאָזן דאַרפן צושטעלן דער מלוכה פּראָדוקטן, אָבער נישט אַ געוויסן פּראָצענט פון זייער גערעטעניש, ניין. דער קאָלכאָז מוז געבן דער מלוכה אַ באַשטימטן סכום פּראָדוקטן פון יעדן העקטאַר, אומאָפּהענגיק פון דער גערעטעניש, אומאָפּהענגיק וויפל דער קאָלכאָז האָט פּראָדוצירט. אַזוי תבואה, אַזוי אַנדערע פּראָדוקטן, אויך פלייש און מילך.

נאָך דעם אַראָפּרעכענען די צושטעלונגען פאַר דער רעגירונג און די אַדמיניסטראַטיווע אויסגאַבן פאַרן יאָר, באַקומט יעדער קאָלכאָזניק זיין שכר. עס איז נישט שווער זיך פאָרצושטעלן וויפל עס בלייבט פאַר דעם קאָלכאָזניק.

ביז איצט האָבן מיר גערעדט וועגן קאָלכאָזן, וואָס פּראָדוצירן ברויט א״א דערנערונגס־פּראָדוקטן. אין רוסלאַנד זענען אָבער פאַראַן פיל קאָלכאָזן ווו מען פּראָדוצירט אויסשליסלעך ווייַן. אין מיטל־אַזיע, באַזונדערס אוז־בעקיסטאַן, איז דער צענטער פון באַוול־פּראָדוקציע. אין די דערמאָנטע קאָלכאָזן איז קיין ברויט נישטאָ, דאָרט איז די לאַגע פון די קאָלכאָזניקעס פיל שווערער. מיט פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך דאַרף זיי באַזאָרגן די מלוכה. דורך דעם אַ״ג ״סעלטאָרג״, — איז זייער לאַגע אַלעמאָל טראַגיש.

* * *

עס איז אַ פאַקט, אַז דער פויער אינדיווידועל און שפּעטער אין די קאָלכאָזן, אַרבעט גוט ווען ער האָט די זיכערקייט, אַז פאַר די פּראָדוקטן, אָדער מזומן, וואָס ער באַקומט אין קאָלכאָז, וועט ער קאָנען איינקויפן פאַר זיך און פאַר זיין פאַמיליע די נייטיקע פאַר אים סחורות: אַ מלבוש, שיך, נאַפט, צוקער א״אַ. אָבער מיט דעם איז דער קאָלכאָזניק קיינמאָל נישט זיכער, דעריבער, איז נישטאָ אַזאַ קראַפט, וואָס זאָל אים, אַפילו אין קאָמוניסטישן רוסלאַנד, צווינגען צו אַרבעטן אינטענסיוו און פּראָדוקטיוו. און טאַקע דאָס רופט זיך זייער שטאַרק אָפּ אויף די רעזולטאַטן פון דער פּראָדוקציע אין די קאָלכאָזן.

פון וואַנען לעבן די מיליאָנען קאָלכאָזניקעס?

יעדער קאָלכאָזניק באַזיצט אַ שטיקל ערד פאַר זיך און פאַר זיין פאַמיליע, אַ פערטל דיעסאַטין אויף אַ נפש.

דער קאָלכאָזניק האָט רעכט צו באַזיצן אין בהמה פאַר זיין אייגענערווירטשאַפט.

אָט דער קלײנער שטח ערד ווערט דורך דעם קאָלכאָזניק גוט אָפּגעהיט, געפלעגט, קולטיווירט און אויף אַ מאַקסימאַלן אופן באַאַרבעט, נעמענדיק נאַטירלעך אין באַטראַכט די סאָוויעטישע ווירקלעכקייט און אירע באַדינ־גונגען.

מען דאַרף זען ווי עס זעט אויס ביי אַ קאָלכאָזניק זיין גאָרטן, געדיכט באַזעצט מיט אַלע מינים גרינצייג, אַ מייערעל נעבן אַ פּאָמידאָר; אַ פּאַסאָליע נעבן אַ ציבעלע, און אַזוי כסדר.

און פון אָט די קליינע שטחים ערד האַלטן זיך בעיקר אויס די קאָל־כאָזניקעס, מיט זייערע פאַמיליעס. די בהמה פאַשעט זיך נישט גלאַט אַזוי אויף דעם אַלגעמיינעם פעלד צוגעטיילט פאַר דעם צוועק.

אַ קינד גייט נאָך דער בהמה מיט אַן עמער. ווען די בהמה פאַררייסט דעם וויידל צו טאָן איר בהמהשע באַדערפעניש, ווערט אונטערגעשטעלט אַן עמער, — אַ שאַד דער טינוף זאָל גיין לאיבוד, דאָס ווערט געבראַכט אַהיים און געמישט מיט שטרוי. דאַן ווערט דאָס מיט קראַפט געוואָרפן און צוגעקלעפט צו דער וואַנט פון הויז, געטריקנט, און ווינטער ווערן אָט די "קיזיאַקעס" גענוצט צום באַהייצן. קיינער באַזאָרגט נישט דעם קאָל־כאָזניק מיט באַהייצונג. קוילן האָט נאָר די "נאַטשאַלסטווע", די פירער פון קאָלכאָז. און אָט די פּריווילעגיע — דאָס אייגענע שטיקל ערד פאַר דעם קאָלכאָזניק — האָט כרושטשאָוו אַ סך מאָל געפּרוווט צונעמען, אָבער אָט די "איניציאַטיוו" האָט זיך אים אויך נישט איינגעגעבן.

ווי שווער עס איז צו גלויבן, דאָך איז דאָס אַ פאַקט, אַז פון אָט די קליינע שטחים ערד, פון זייערע אייגענע גערטנער, באַזאָרגן די קאָלכאָז־ניקעס מיט זייערע פּראָדוקטן 50% פון דעם געברויך פון דעם העכער 200 מיליאָניקן רוסישן פאָלק. דער פאַרקויף פון זייערע פּראָדוקטן קומט געוויינלעך פאָר אויף די אַ"ג "קאָלכאָזנע באַזאַרן". (מערק).

* *
*

אויף יענעם פּלענום איז אַ סך גערעדט געוואָרן וועגן די סיבות פון דער קאַטאַסטראָפע אויפן אַגראַר־געביט, באַזונדערס פאַר די לעצטע דריי יאָר. דער מאַנגל אין פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך רופט אַרויס אַ שטאַרקן אומרו. די באַפעלקערונג אין רוסלאַנד פאַרגרעסערט זיך.

דער פּלענום האָט פעסטגעשטעלט, אַז די קאָלכאָזן באַקומען נישט אין אַ גענוגנדיקער צאָל די נייטיקע מאַשינען. זיי ליידן פון אַ מאַנגל אין כעמישע באַמיסטונגען. לויטן 7 יעריקן פּלאַן האָט מען באַדאַרפט פאַר־גרעסערן די פּראָדוקציע פון אָט די באַמיסטונגען פון 12 ביז 35 מיליאָן טאָן. אין פאַרלויף פון די ערשטע דריי יאָר פון פּלאַן איז די פּראָדוקציע געשטיגן בלויז מיט נישט קיין פולע דריי מיליאָן טאָן.

דער פּלענום האָט אויך פעסטגעשטעלט, אַז בכדי העכערן די פּראָ־דוקציע פון דעם אַגראַר־פּראָנט זענען קודם־כל נייטיק גוואַלדיקע אינוועסטיציעס, ריזיקע קאַפּיטאַלן.

כרושטשאָוו איז מיט דעם אַלעמען מסכים געווען, אָבער ביי דער געלעג־נהייט האָט ער גלייך געמאָלדן, אַז די פירער פון דער אַגראַר־ווירטשאַפט דאַרפן פאַרשטיין, אַז דאָס הייסט נישט, אַז "מיר וועלן אינוועסטירן אין דער אַגראַר־ווירטשאַפט אויפן חשבון פון אונדזער לאַנד־פּאַרטיידיקונג".

דער ענטפער איז קלאָר.

וואָס זענען די אויספירונגען פון פּלענום? וואָס זענען די מיטלען וועלכע ווערן אָנגענומען צו ענדערן די קאַטאַסטראָפאַלע לאַגע? דער ענטפער איז: איבערבויען דעם סיסטעם פון אָנפירן מיט דער אַגראַר־ווירטשאַפט. "עס איז רייף געוואָרן די נויטווענדיקייט פון אַקטיוו זיך אַריינמישן אין דער ווירטשאַפט פון קאָלכאָז", האָט כרושטשאָוו פאָרמולירט.

די פראַגע פון פאַרשטאַרקן די עלעמענטן פון דעמאָקראַטיע אין די קאָלכאָזן קומט אָפּט צום אויסדרוק אין די לעצטע יאָרן. נישט קיין אָנפיר־רערשאַפט פון אויבן, נישט די באַשטענדיקע ביוראָקראַטישע "פאַרזאָר־גונג", נאָר אַ זעלבסטפאַרוואַלטונג פאַר די קאָלכאָזן איז נייטיק.

אָט די אידעען פון זעלבסטפאַרוואַלטונג אין לעבן פון די קאָלכאָזן, קומען אַפילו צום אויסדרוק אין דער פּרעסע און ליטעראַטור.

אָבער דער פּלענום מיט זיינע אויספירונגען און באַשלוסן האָט פאַר־ענדיקט מיט די אידעען פון דעמאָקראַטיע אין די קאָלכאָזן. דאָס וועט דינען ווי אַ סיגנאַל, אַז די עפנטלעכע מיינונג אין רוסלאַנד זאָל זיך מער צו דעם נישט אומקערן.

דער נייער סיסטעם פון אָנפירערשאַפט איבער די קאָלכאָזן, ווי די איינציקע לייזונג פון אַלע שוועריקייטן, זעט פאַר די דאָמינירונג פון די פּאַרטיי־אָרגאַנען. דאָס מיינט, אַז די פּאַרטיי־אָנפירערשאַפט האָט באַשלאָסן נעמען אַ פעסטן קורס פון פאַרשטאַרקן דעם סיסטעם פון דער פּאַרטיי־פירערשאַפט, און קעגן וועלכע עס איז סימנים פון זעלבסטפאַרוואַלטונג.

דער באַשלוס פון העכערן די פּרייזן אויף פלייש און פּוטער, בכדי אַזוי אַרום צו פאַרבעסערן די סיטואַציע, איז אַ בלאָף. די ענדערונגען אין די

פּרייזן מיינען גאָרנישט פאַר די מיליאָנען דורכשניטלעכע סאָוויעטישע בירגער. זיי וועלן אויך אויף ווייטער פּילן אַ שטאַרקן מאַנגל אין די פּראָדוקטן. פאַר זיי וועט דאָס אויך אויף ווייטער זיין לוקסוס־זאַכן. די דערמאָנטע אויבן פּריווילעגירטע קאַסטעס און גרופּן אין דער סאָוויעטישער הערארכיע וועלן אויך אויף ווייטער באַזאָרגט ווערן דורך די אַ"ג "זאַקריטיע מאַגאַזינען" (פאַרמאַכטע פּונקטן), די העכערונגען פון די פּרייזן וועלן זיך קנאַפּ אָפּרופן אויף די לעבנסבאַדינגונגען פון אָט די קאַטעגאָריעס מענטשן.

דער סאָוויעטיש־קאָמוניסטישער סיסטעם גייט נישט אויף קיין שום הנחות.

# רוסלאַנד און דער אייראָפּעישער מאַרק*

אָפּהאַנדלונגען וועגן דעם אייראָפּעישן "קאָמאָן מאַרקעט" (אייראָ־פּעיש־עקאָנאָמישע פאַראייניקונג) גייען נישט אַראָפּ פון די שפּאַלטן פון דער וועלט־פּרעסע. די עקזיסטענץ און דערפאָלג פון "קאָמאָן מאַרקעט", אָדער ווי מיר רופן עס "ווירטשאַפטס־אייראָפּעישער מאַרק" איז אַ וויכטיקע געשעעניש אין וועלט מאַשטאַב.

עס איז צו גלויבן, אַז טראָץ אַלע שוועריקייטן וועלן געשאַפן ווערן די נייטיקע באַדינגונגען פאַר ענגלאַנדס אַריינטריט אין "קאָמאָן מאַרקעט". עס וועלן אויך אָנגעשלאָסן ווערן מיט דער צייט אַ ריי אַנדערע לענדער אין אייראָפּע. עס דערנענטערט זיך דער מאָמענט ווען עס וועט פאַרווירקלעכט ווערן דער חלום פון אַ פאַראייניקטער אייראָפּע.

ווי באַקאַנט, באַלאַנגען ביז איצט צום "קאָמאָן מאַרקעט" פאָלגנדע 6 לענדער: פראַנקרייך, מערב־דייטשלאַנד, איטאַליע, האָלאַנד, בעלגיע און לוקסעמבורג.

דער וויכטיקסטער מאָמענט איז דער פרייער האַנדלס־אויסטויש צווישן די דערמאָנטע לענדער, וואָס פאַרמאָגן איבער 170 מיליאָן מענטשן. דאָס אַליין שאַפט גוואַלדיקע אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן, נישט נאָר פאַר די דערמאָנטע לענדער, נאָר אויך פאַר גאַנץ מערב־אייראָפּע.

די יערלעכע פּראָדוקציע פון די דערמאָנטע לענדער באַטרעפט צוויי הונדערט ביליאָן דאָלאַר. אַ דריטל פון די פאַראייניקטע שטאַטן. איבער 15 פּראָצענט פון אַמעריקאַנער אימפּאָרט קומט פון די לענדער פון "קאָמאָן מאַרקעט". דער לעבנס־סטאַנדאַרט אין די דערמאָנטע לענדער איז גוואַלדיק

---

* די דאָזיקע אָפּהאַנדלונג איז געשריבן געוואָרן אין יאָר 1962 — פאַרלירט אָבער נישט פון איר אַקטועלקייט און טרעפלעכע פאָרויסזאָגונגען — (י. פּ.)

געשטיגן, די לעבנס־באַדינגונגען פון די אַרבעטער האָבן זיך פיל פאַר־בעסערט. די פאַרדינסטן אין מערב־אייראָפּע וואַקסן פּראָצענטועל שנעלער ווי אין אַמעריקע. דאָס מיינט נישט, אַז אין אייראָפּע גרייכן די פאַרדינסטן צו דעם צושטאַנד אין אַמעריקע. אויב אַ דורכשניטלעכער אַרבעטער אין אייראָפּע באַקומט 50—90 סענט אַ שעה, גרייכט דאָס אין אַמעריקע צו 2.40 דאָלאַר אַ שעה. די ״פּראָספּעריטי״ אין מערב־אייראָפּע האָט נאָך ווייט נישט דערגרייכט צום ברייטן אַרבעטנדיקן עולם.

* * *

די ביזאַיצטיקע דערגרייכונגען פון ״קאָמאָן מאַרקעט״, און בעיקר, די ווייטערדיקע פּערספּעקטיוון און אַנטוויקלונגען, זענען ענינים פון גרויס זאָרג פאַר דער קאָמוניסטישער וועלט.

אַ צייט לאַנג האָט כרושטשאָוו איגנאָרירט די עקזיסטענץ פון ״קאָמאָן מאַרקעט״. אָבער סוף כּל סוף האָט מען זיך אין מאָסקווע אַרומגעקוקט אויף דער פּאָליטישער געפאַר, וואָס קומט פאַר דער קאָמוניסטישער וועלט. מען האָט זיך אויך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז דער ״קאָמאָן מאַרקעט״ וועט שפּילן אַ וויכטיקע ראָל אין דעם מזרח־מערב קאַלטן קריג. דער ״קאָמאָן מאַרקעט״ איז סיי עקאָנאָמיש, סיי פּאָליטיש אַ געפאַר פאַר דער מאָנאָליטישקייט פון רוסלאַנד מיט אירע סאַטעליטן.

דאָס עקאָנאָמישע לעבן אין די קאָמוניסטישע לענדער איז געבויט פריער פאַר אַלעמען אין די אינטערעסן פון רוסלאַנד. דער ערשטער און וויכטיקסטער אָפּנעמער ביי די סאַטעליטן־לענדער איז רוסלאַנד. מאָסקווע דיספּאָנירט מיט דער פּראָדוקציע פון די סאַטעליטן־לענדער. געוויער פאַר די אַזיאַטיש־אַפריקאַנישע לענדער גייט פון טשעכאָסלאָוואַקיע, קוילן פון פּוילן א. א. וו.

אָנהייב 50־ער יאָרן האָט רוסלאַנד פּשוט פאַרבאָטן די סאַטעליטן־לענדער אָנקניפּן וועלכע עס איז האַנדלס־באַציונגען. מיט דער צייט איז די אייזערנע וואַנט דורכגעבראָכן געוואָרן. די ווייטערדיקע עקזיסטענץ פון טשעכיע, פּוילן א.א. האָט געפאָדערט דעם האַנדלס־קאָנטאַקט מיט מערב.

רוסלאַנד איז אַלעמאָל אַ בריה אַרויסצושלעפּן אַלץ פון די סאַטעליטן־לענדער, אָבער איז נישט אומשטאַנד צו באַזאָרגן זיי מיט אַלץ וואָס זיי איז נויטיק.

רוסלאַנד האָט אָקופּירנדיק מזרח־דייטשלאַנד נאָך דער מלחמה ממש אויסגערויבט דאָס לאַנד, אַרויסגעפירט אַלע פאַבריקן. דעמאָנטירט אַלץ וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט. מזרח־דייטשלאַנד קאָן צו זיך נישט קומען ביזן היינטיקן טאָג. מאָסקווע וואָלט געוועז צופרידן ווען מערב־דייטשלאַנד זאָל נאָכקומען די ווענדונג און געבן מזרח־דייטשלאַנד אַן הלוואה פון 500 מיליאָן דאָלאַר.

דער האַנדל מיט דער מערב־וועלט פאַרנעמט נאָטירלעך אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון די סאַטעליטן־לענדער, צ. ב. 40 פּראָצענט פון פּוילנס עקספּאָרט גייט צו די לענדער פון דעם "קאָמאָן־מאַרקעט". דער רעזולטאַט — אַ פיל העכערער לעבנס-סטאַנדאַרט ווי אין רוסלאַנד גופא.

* *
*

כרושטשאָוו האָט נישט אויפגעגעבן דעם קאַמף פאַר איינהאַלטן דעם קאָנטראָל איבער דעם ווירטשאַפטלעכן לעבן אין די סאַטעליטן־לענדער, במילא אויך איבער זייער עקספּאָרט.

אויב דער האַנדל צווישן די סאַטעליטן־לענדער גופא איז נאָך אונטער דעם רוסישן קאָנטראָל גליטשט זיך אַרויס דער אויסערן־האַנדל מיט דער מערב־וועלט פון רוסלאַנדס קאָנטראָל.

דאָס באַשווערט רוסלאַנד אַנצוגיין מיט אירע עקאָנאָמישע פּלענער. דער אויסלענדישער האַנדל מיט מערב שאַפט פאַר די קאָמוניסטישע לענדער אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיט יענע לענדער, אַ מין אינטערנאַציאָנאַלע פאַר־בינדונג. דער קאָנטאַקט מיט דער מערב־וועלט ברענגט פּאָליטיש אַריין רעוויזיאָניסטישע שטימונגען א. א. וו. דאָס מיינט, אַז דער "קאָמאָן מאַרקעט" באַשווערט אויך די פּאָליטישע פּלענער פון רוסלאַנד.

* *
*

וואָס שייך דעם אימפּאָרט פון די סאַמע נייטיקע אַרטיקלען פון דער

מערב־וועלט פאַר די סאַטעליטן, איז כרושטשאָוו גרייט צו פאַרקוקן, ער האָט דערביי אָן אויסרעכענונג צו געניסן פון דעם אימפּאָרט.

עס איז קלאָר, אַז צוליב אויסלענדישער וואַלוטע מוזן די סאַטעליטן אויך עקספּאָרטירן אין די מערב־לענדער. דער עקספּאָרט קיין מערב צע־שטערט די פּלענער פון רוסלאַנד, עקאָנאָמיש האַלטן צוזאַמען די קאָמוניס־טישע לענדער. מאָסקווע מאַכט שטאַרקע באַמיונגען אָפּרייסן די סאַטעליטן פון עקספּאָרט צום מערב.

דאָס איינשטעלן אַ נייעם קורס פון רובל איז דער וויכטיקסטער אויפטו אויף דעם געביט. דאָס ענדערן דעם ווערט פון רובל איז אין רוסלאַנד נישט קיין נייעס. געוויינטלעך קומט די פאַראָרדנונג פון היינט אויף מאָרגן. די באַפעלקערונג דערוויסט זיך וועגן דעם אין דער לעצטער מינוט.

אזוי איז אין יאָר 1947 פּלוצים אַרויס די פאַראָרדנונג — 10 רובל פאַר 1 נייעם רובל. יענע רעפאָרם האָט געטראָגן אַ כאַראַקטער פון אַ מין קאָנפיסקאַטע. די פויערים האָבן אין די מלחמה־יאָרן אָנגעזאַמלט אַ סך רובלס, דאַן איז דער רובל באַשטימט געוואָרן אין פאַרגלייך צום אַמעריי־קאַנער דאָלאַר — 19 סענט.

אין 1950 האָט די סאָוויעטישע רעגירונג איינגעשטעלט אַ נייעם קורס: 1 רובל — 25 סענט. אין 1957 פאַר דיפּלאָמאַטן און טוריסטן 1 דאָלאַר — 10 רובל. דאָס איז געווען נאָענט צו דערווירקלעכקייט. אין יאָר 1961 אַ נייער קורס: 1 דאָלאַר — 90 סענט, ד. ה. 1 רובל — 1 דאָלאַר מיט 11 סענט, אַ פיקטיווער קורס.

די מערב־וועלט האָט קיינמאָל נישט גענומען ערנסט די ענדערונגען אין דער סאָוויעטישער וואַלוטע.

די לעצטע ענדערונג, 1 רובל — 1 דאָלאַר מיט 11 סענט האָט פאַר אַ ציל אָפּצורייסן די סאַטעליטן־לענדער פון עקספּאָרט קיין מערב און פאַרשטאַרקן דעם עקספּאָרט צווישן די סאַטעליטן גופא.

אַזעלכעס קאָן נאָר טיילווייז מעגלעך זיין, ווען די סאַטעליטן זאָלן פאַר זייער אינערלעכן עקספּאָרט באַקומען פון דער מלוכה־באַנק אין מאָסקווע אויסגעצאָלט אין דאָלאַרן לויטן דערמאָנטן הויכן קורס, בכדי דערמעגלעכן דעם נויטיקן אימפּאָרט.

אוודאי איז דאָס אַ גרויסער פאַרלוסט פאַר רוסלאַנד, אָבער דאָס קאָן ווירקן צו אָנהאַלטן און פאַרשטאַרקן די עקאָנאָמישע קאָנסאָלידאַציע פון א. ג. "סאָציליסטישן בלאָק" און דאָס אָפּשוואַכן די עקאָנאָמישע פאַרבינדונגען מיט דער מערב־וועלט. צוליב דעם צוועק איז רוסלאַנד גרייט אויף קרבנות. וועט דאָס אָבער העלפן?

מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט כרושטשאָוו גערופן קיין מאָסקווע אַ מין עקאָנאָמישע קאָנפערענץ פון דעם "סאָציאַליסטישן בלאָק". דער ברייטער עפנטלעכקייט זענען ווייניק באַקאַנט די באַשלוסן פון אָט דער קאָנפערענץ.

* * *

אייניקע קאָמוניסטישע לענדער זענען שוין ווייט אַוועק אין זייערע האַנדלס־באַציונגען מיט דער מערב־וועלט. די ווייטערדיקע עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון די סאַטעליטן־לענדער פאָדערן נאָך ענגערע האַנדלס־באַציונגען מיטן מערב.

די אינערלעכע שוועריקייטן אין רוסלאַנד גופא, דער אָפּגעשוואַכטער פּרעסטיזש פון רוסלאַנד אויפן אינטערנאַציאָנאַלן פאָרום רעדן נישט פאַר דעם, אַז מאָסקווע זאָל זיין אומשטאַנד אָנווענדן וועלכע עס איז רעפּרע־סיווע מיטלען קעגן די סאַטעליטן־לענדער. בכדי זיי צווינגען איבערייסן מיטן מערב.

# שפּיצן־קאָנפערענץ אין פּאַריז

כרושטשאָוו האָט אויסגעפּירט זיינס. אין פּאַריז וועט פאָרקומען די שפּיצן־קאָנפערענץ.

ווי אַ צוגרייטונג צו דער קאָנפערענץ איז געווען כרושטשאָווס באַזוך אין אַמעריקע. די אויפנאַמע, וואָס די רעגירונג האָט פאַר אים געמאַכט, דער צוזאַמענטרעף מיט אייזנהאַוערן, איז פאַר זיך אַליין געווען אַ דערפאָלג פאַר כרושטשאָוון. דאָס האָט שטאַרק געהויבן זיין פּרעסטיזש אין רוסלאַנד גופא, אין די סאַטעליטן־לענדער, און אויך אין די אַפריקאַניש־אַזיאַטישע לענדער.

כרושטשאָוו האָט זייער געשיקט אויסגענוצט זיין באַזוך אין אַמעריקע פאַר זיין פּראָפּאַגאַנדע. ער האָט זיך זייער אָפט פאררופן אויף דעם ״גייסט פון קעמפּ דייוויד״.

אייגנטלעך איז אפילו נישט קלאָר וואָס זענען די דערגרייכונגען פון כרושטשאָווס צוזאַמענטרעף מיט אייזנהאַוערן און וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אָט דער ״גייסט פון קעמפּ דייוויד״?

נאָך זיין באַזוך אין אַמעריקע האָט די עפנטלעכקייט געהאַט אייניקע געלעגנהייטן צו הערן פון כרושטשאָוון, אַז ״דאָס איז נישט אין גייסט פון קעמפּ דייוויד״. דאָס מיינט, אַז ער איז נישט צופרידן מיט דער האַנדלונג פון אַמעריקע אין דער וועלט־פּאָליטיק.

ווי געזאָגט, איז דער באַזוך אין אַמעריקע געווען די ערשטע פאַזע פון דער ״שפּיצן־קאָנפערענץ״, דעריבער קאָן מען אָננעמען, אַז סיי כרושטשאָווס פּראָגראַם אין שייכות מיט זיין באַזוך אין אַמעריקע, סיי די געשפּרעכן אין ״קעמפּ דייוויד״, קאָנען באַטראַכט ווערן, ווי אַן אָנזאָג אויף דעם וואָס פאַרא פּראָבלעמען וועלן אויף דער ״שפּיצן־קאָנפערענץ״ באַהאַנדלט ווערן. אָבער מיט וואָס פאַרא פּראָגראַם איז כרושטשאָוו געפאָרן קיין אַמעריקע?

די גרונד־טעזע פון זיין פּראָגראַם איז, אַז אַ שלעכטער שלום איז בעסער פון בעסטן קריג. אַנשטאָט לייזן אַלע פראַגן דורך אַן אַטאָם־מלחמה איז דער ראַטנפאַרבאַנד געקומען צום אויספיר, אַז עס איז נייטיק איינ־צושטעלן אַ קאָעקזיסטענץ פון צוויי סיסטעמען — דער קאָמוניסטישער און קאַפּיטאַליסטישער.

אָבער די קאָעקזיסטענץ אין איצטיקן פּעריאָד איז מעגלעך ביי דריי באַדינגונגען. וואָס זענען די באַדינגונגען, וועלכע כרושטשאָוו האָט ארויס־געשטעלט ?

1) פאַר אַלעמען דאַרף אַמעריקע און אירע פאַרבינדעטע זיך אָפּזאָגן פון יעדן פּרווו צו צווינגען דעם קאָמוניזם אָפּצורייניקן די נישט־געזעצלעך פאַרכאַפּטע טעריטאָריעס, גאַנץ באַזונדער די סאַטעליטן־מלוכות און צענטראַל־ און מזרח־איראָפּע. אַמעריקע מיט די אַליאירטע זאָלן איין מאָל פאַר אַלע מאָל זיך אָפּזאָגן פון געדאַנק אַז דעם פאַרויסמאַרש פון קאָמו־ניזם אויף דער וועלט קאָן מען אָפּשטעלן. כרושטשאָוו גלויבט דערביי, אַז אָן אָט דעם באַדינג קאָן נישט זיין קיין שום צוזאַמענלעבן.

2) בנוגע דעם צווייטן פּלאַן איז כרושטשאָוו געקומען מיט דער פאָדע־רונג אין שייכות מיט בערלין. דאָ האָט ער פאָרמולירט זיין פאָדערונג אין די זעלבע אויסדרוקן מיט וועלכע ער האָט זיך באַנוצט אין נאָוועמבער 1958. ״די אַליאירטע דאַרפן פאַרלאָזן מערב־בערלין, און די שטאָט דאַרף פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ״פרייַשטאָט״. און 3) — אַ פאַרהעלטניסמעסיק נייער פּונקט — אומבאַגרענעצטער און פרייער האַנדלס־אויסטויש צווישן די מלוכות פון קאַפּיטאַליסטישן לאַגער מיט די לענדער פון הינטערן אייזערנעם פאַרהאַנג.

נאָר ביי די באַדינגונגען — האָט כרושטשאָוו אונטערגעשטראָכן — קאָנען באַזייטיקט ווערן די ווייטערדיקע קאָנפליקטן, און דער קאַלטער קריג וועט פאַרביטן ווערן מיט אַן עקאָנאָמישן פאַרמעסט, אַ פאַרמעסט, וואָס קאָן דערווייזן דער וועלט, אַז דער קאָמוניסטישער סיסטעם איז בעסער פאַר דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם.

די דריי פּונקטן האָט כרושטשאָוו פאָרמולירט נישט אין אַ פאָרם פון קאָמפּראָמיס־פאָרשלאָגן, וועלכע וואָלטן געקאָנט זיין ווי אַ גרונט פאַר

אַ פֿאַרשטענדיקונג, נאָר ווי אַן איינזייטיקע פֿאָדערונג פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד און קאָמוניסטישן בלאָק.

אין זיינע פֿאָרמולירונגען האָט ער נישט געגעבן די קלענסטע אָנ־ווייזונגען אויף דעם, ווי אַזוי וועט רוסלאַנד אויפֿנעמען אומפֿאַרמיידלעכע קאָנטער־פֿאָרשלאָגן פֿון אַמעריקע און אירע פֿאַרבינדעטע. כרושטשאָוו האָט נישט געגעבן קיין שום גרונט צו מאַכן אויספֿירונגען וועגן אַ וועלכן עס איז קאָמפּראָמיס.

ווען צ.ב. די דעמאָקראַטישע מלוכות זאָלן רעזיגנירן פֿון דער איינ־שטעלונג, אַז דער קאָמוניזם זאָל זיך צוריקציען פֿון די סאַטעליטן־לענדער, צי וועט דאַן דער קאָמוניסטישער בלאָק זיך אָפּזאָגן פֿון זיין איינשטעלונג פֿון צוריקשטויסן דעם קאַפּיטאַליזם?

אין דער פֿראַגע בערלין: צי וועט כרושטשאָוו איינגיין אויף קאָמפּראָ־מיסן אין אָט דער פֿראַגע, אין הסכּם מיט די פֿאָרשלאָגן פֿון די מערב־מלוכות? זיין פֿאָדערונג וועגן בערלין האָט כרושטשאָוו איבערגעחזרט בעת זיין לעצטן באַזוך אין אונגאַרן.

און צום סוף: צי וועט כרושטשאָוו אין דער פֿראַגע פֿון האַנדל מסכּים זיין אויף באַגרענעצונגען, וועלכע די מערב־וועלט וועט מוזן אָנהאַלטן אין באַצוג צו די פֿאַרשידענע סחורות, רוי־מאַטעריאַלן און מאַשינען פֿון מיליטערישן כאַראַקטער, וואָס קאָנען אויסגענוצט ווערן פֿאַר ווייטערדיקער פֿאַרשטאַרקונג פֿון מיליטערישן פּאָטענציאַל פֿון קאָמוניסטישן בלאָק, באַזונדערס רוסלאַנד?

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די דאָזיקע פֿראַגע איז ענג פֿאַרבונדן מיטן פּראָבלעם פֿון אַנטוואָפֿענונג, וועגן וואָס עס פֿירן זיך אונטערהאַנד־לונגען זינט יאָרן. אונטערהאַנדלונגען, וועלכע האָבן ביז איצט נישט געבראַכט קיין שום פּאָזיטיווע רעזולטאַטן אַ דאַנק דעם אָפּזאָג פֿון רוסלאַנד פֿון קאָנטראָל און אינספּעקציע פֿון באַוואָפֿענונג.

בעת זיין באַזוך אין אַמעריקע האָט כרושטשאָוו געמאַכט זיין באַקאַנטע ווענדונג וועגן אַלגעמיינער אַנטוואָפֿענונג. אָבער וואָס רעדט פֿאַר דעם, צו קאָנטראָלירן די באַוואָפֿענונג.

אויף דעם ערב ניי־יאָר־צוזאַמענטרעף אין קרעמל האָט מאַרשאַל

מאַלינאָווסקי אויך גערעדט וועגן אַנטוואָפענונג. דאָס זעלבע כרושטשאָוו. אָבער דערביי איז אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז די אַנטוואָפענונג איז מעגלעך, ווייל מאָסקווע נייטיקט זיך נישט אין די אַרמייען. זי קאָן אירע אינטערעסן פאַרטיידיקן מיט אַנדער וואָפן. וואָס דאָס מיינט איז קלאָר. איז דאָס אויך אין גייסט פון קעמפּ דייוויד״?

און קומענדיק צוריק צו די אויבנדערמאָנטע דריי באַדינגונגען פון כרושטשאָוון פאַר פרידלעכער קאָעקזיסטענץ איז געשטאַנען די פראַגע: צי מאַכט כאָטש כרושטשאָוו אַן אומדירעקטע אָנדייטונג, אַז רוסלאַנד וועט גיין אויף וועלכע עס אין הנחות?

רעדנדיק וועגן פאַרמעסטונג פוןביידע סיסטעמען האָט כרושטשאָוו געהאַלטן פאַר נייטיק זיך באַוואָרענען, אַז דאָס צעטיילן די וועלט אויף צוויי לאַגערן, הייסט נישט צעטיילן זי אויף צוויי ווירקונגס־ספערן. כרושטשאָוו איז געווען קעגן שאַפן אַ פעסטע גרענעץ־ליניע צווישן די צוויי בלאָקן. אָבער לאָגיש און פּראַקטיש איז אַ פעסטע קאָעקזיסטענץ צווישן ביידע וועלט־בלאָקן נישט אָפּצוטיילן פון אַ פעסטער געאָגראַפישער ליניע צווישן די בלאָקן. אָבער דאָס טאַקע האָט כרושטשאָוו נישט געוואָגט.

עס שטייט די פראַגע: צי וועט דער וועלט־קאָמוניזם, וואָס פאַרלאַנגט פון דער מערב־וועלט אָפּזאָגן זיך פון דער פאָדערונג צו באַפרייען די סאַטעליטן־לענדער, פון זיין זייט אויך זיך אָפּהאַלטן פון די פּרוּוון צו ״באַפרייען״ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער פון קאַפּיטאַליסטישן יאָך?...

איז צו וואָס האָט כרושטשאָוו דאָך פאַרלאַנגט אַזוי ענערגיש די באַגעגעניש מיט אייזענהאַוערן, און די ״סאַמיט״־קאָנפערענץ? אין אַל־געמיין קאָן מען דערויף ענטפערן, אַז דאָס איז געווען אַ מאַנעוור אין קאַלטן קריג.

עס זענען אָבער אויך פאַראַן אַ ריי פאַקטאָרן, וואָס ווירקן אין דער ריכטונג, אַז די סאָוויעטן־מאַכט זאָל שטרעבן צו אַ צייטווייליקער פאַר־שטענדיקונג, אַ מין אָפּכאַפּן דעם אָטעם.

וועגן אָט די פאַקטאָרן וועט אויסקומען צו רעדן ווייטער. לאָמיר פריער אַ קוק טאָן ווי זעען אויס די כוחות־פאַרהעלטענישן צווישן צדדים?

***

אין די אָפטע אַרויסטרעטונגען פון מיליטער־פירער און פאַרשידענע מיליטער־עקספערטן קומען צום אויסדרוק אָפשאַצונגען, וואָס זענען איינער דעם צווייטן סותר, הויפּטזעכלעך ווען עס האַנדלט זיך וועגן מאָדערנסטן וואָפן, ווי די געלענקטע ראַקעטעס א״א.

איינס קאָן מען אָבער מיט זיכערקייט זאָגן, אַז אויב עס האַנדלט זיך וועגן די כוחות־פאַרהעלטענישן אין אייראָפּע, דאָרט ווו עס זענען קאָנצענט־רירט גרויסע אַרמייען פון ביידע צדדים, האָט די קאָמוניסטישע וועלט אַ שטאַרקן איבערגעוויכט.

מיט אַ צייט צוריק האָט גענעראַל מעקס דזשאָנסאָן באַזוכט אייראָפּע. אין פאַרלויף פון איבער צוויי חדשים האָט ער דורכגעפירט אַ גענויע אויספאָרשונג וועגן צושטאַנד פון דער פאַרטיידיקונג אין אייראָפּע, וועגן דעם צושטאַנד פון די כוחות פון דער ״נאַטאָ״־אָרגאַניזאַציע. וואָס פאַרא אויספירונגען האָט גענעראַל דזשאָנסאָן געמאכט נאָך זיין באַזוך אין אייראָפּע ?

## די ״נאַטאָ״־קרעפטן :

העכער 21 דעוויזיעס, נישט אין פולער שטאַרקייט, נישט קאָמפּלעט באַוואָפנט, די אָנפירערשאַפט נישט קיין געהעריקע, די אַרמיי־טיילן אָפט שלעכט לאָקירט און נישט צוגעגרייט צו אומדערוואַרטעטע אַטאַקעס פון שונא. די עפעקטיווע שטאַרקייט איז נישט מער ווי פון 10—12 דיוויזיעס.

## לופט פלאָט :

2500 עראָפּלאַנען, אָבער נישט אַלע וועלן זיין פעיִק אַרויסצוהעלפן די אַרמייען. פיל פון די עראָפּלאַנען זענען לאָקירט אין נישט קיין פּאַסיקע פלעצער.

רוסלאַנד : טאָטאַל 50 פראָנט־דיוויזיעס, מער ווי 50 אַנדערע דיוויזיעס זענען שטענדיק גרייט אין מערב־רוסלאַנד. פראָנט־אַרמייען אין מזרח־

דייטשלאַנד, וועלכע זענען דאָ נישט לאַנג באַזאָרגט געוואָרן מיט אַ זאַפּאַס באַוואָפענונג אויף 6 מאָנאַטן "בליץ קריג".

לופט פלאָט: 5000 עראָפּלאַנען. אַלץ איז אונטער דער קאָמאַנדע פון דער סאָוויעטישער אַרמיי־אָנפירערשאַפט. אין רעזולטאַט: פאַקטיש זענען די "נאַטאָ"־קרעפטן ווייניקער ווי אַ העלפט אין פאַרגלייך מיט די קאָמוניסטישע, אין אַ נישט־טאָטאלער מלחמה. אָדער אין אַ מלחמה מיט קליינעם אַטאָמישן וואָפן, האָט רוסלאַנד די מעגלעכקייט צו דערגרייכן דעם ריין אין געציילטע טעג.

אָט דער צושטאַנד פון די "נאַטאָ"־כוחות איז פאַר רוסלאַנד נישט קיין סוד. אַז די מערב־וועלט איז נישט אַגרעסיוו, איז דער פולשטענדיקער אמת. די מערב־וועלט וואָלט געווען גליקלעך מאָסקווע זאָל זי לאָזן צורו. מאָסקווע ווייסט אויך אויסגעצייכנט, אַז צווישן אַמעריקע און אירע אַליאירטע הערשט נישט קיין איינהייטלעכע איינשטעלונג. איז קלאָר, אַז מצד דער מערב־וועלט דראָט נישט קיין אָנפאַל. פאַרוואָס האָט אלזא כרושטשאָוו אזוי שטאַרק געוואָלט די שפּיצן־קאָנפערענץ?

ווי שוין אויבן געזאָגט, זענען פאַראַן געוויסע פאַקטאָרן, וואָס ווירקן, אַז כרושטשאָוו האָט געוואָלט דערפירן צייטווייליק דעם קאַלטן קריג צו אַזאַ צושטאַנד, אַז מאָסקווע זאָל קאָנען אָפּסאַפּען. די פאַקטאָרן זענען: די פאַרהעלטענישן אין רוסלאַנד גופא און אויך דער צושטאַנד אין די סאַטעליטן־לענדער.

מיר וועלן דאָס פּרווון אויפקלערן און דערביי דערמאָנען געוויסע געשעענישן פון צוריק מיט אַ צייט.

וואָס האָט געטריבן כרושטשאָוון אַראָפּרייסן סטאַלינס אָרעאָל אויף דעם 20־טן קאָמוניסטישן קאָנגרעס? — אויף דעם איז נישטאָ קיין אויסשעפּלעכער ענטפער, אָבער מיט זיין אַראָפּרייסן סטאַלינען האָט כרושטשאָוו פריי געמאַכט אַ גרויסן כוח, וואָס איז יאָרן־לאַנג געווען געקאָוועט, אַ כוח וואָס איז שוין געווען אין אַ צושטאַנד פון אויפרייסן.

דאָס רוסישע פאָלק האָט זיך דערפילט אַ ביסל פרייער. אַוודאי איז נישטאָ קיין גרונט זיך צו שאַפן אילוזיעס, אָבער ענדערונגען זענען פאָרגעקומען נאָך סטאַלינס טויט און דער פּראָצעס גייט ווייטער אָן. דאָס

רוסישע פאָלק גלייכט אויס דעם רוקן. רוסלאַנד האָט זיך גוואַלדיק אינ־דוסטריאַליזירט, נייע אינדוסטריעלע צענטערס ווערן געשאַפן, די שטאָטי־שע באַפעלקערונג וואַקסט אומאויפהערלעך אויפן חשבון פון דאָרף. אין דער זעלבער צייט איז דאָס פאַרזאָרגן די רוסישע באַפעלקערונג מיט זאַכן פון ערשטן געברויך נאָך אַלץ אַ פּראָבלעם. אין מלבושים, שיך א״אַ נויטיקסטע זאַכן פון טאָג־טעגלעכע באַדערפענישן איז דער זעלבער מאַנגל ווי פריער.

די דיספּראָפּאָרץ צווישן דער וואַקסנדער אינדוסטריאַליזאַציע און דעם לעבנס־סטאַנדאַרט פון סאָוויעטישן מענטש איז גרויס, ממש שרייענדיק. עס מוזן קומען ענדערונגען אין דער ריכטונג. מיט די פאַרזיכערונגען פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי און סאָוויעטישער רעגירונג, אַז מיטן 7־יאָריקן פּלאַן וואָס דאַרף זיך ענדיקן אין יאָר 1965 וועט אַלץ דערגרייכט ווערן, קאָן מען נישט צופרידנשטעלן דעם עולם. כרושטשאָווס פאַרזי־כערונגען, אַז ״אָט־אָט וועט יעדער סאָוויעטישער בירגער האָבן אַ צווייטע וואַנע״, איז אַ פּוסטע באַרימעריי.

אַלע ביז איצטיקע עקספּערימענטן אויפן אַגראַר־געביט, וועלכע זענען געווען מערסטנטייל פון כרושטשאָווס איניציאַטיוו, האָבן קיין באַדייטנדיקע פאַרבעסערונגען נישט געבראַכט. לעצטנס זענען געווען ידיעות פון רוס־לאַנד, אַז דאָס פאַרגאַנגענע יאָר האָט נישט געבראַכט קיין גערעטעניש. ביי די רוסישע פאַרהעלטענישן מיינט דאָס, כמעט אַ הונגער.

דער איינגעשטעלטער עקאָנאָמישער סיסטעם אין די סאַטעליטן־לענ־דער, אַ סיסטעם רעגולירט דורך מאָסקווע, און אין די אינטערעסן פון רוס־לאַנד, האָט די סאַטעליטן־לענדער רואינירט עקאָנאָמיש. דער בעסטער ביישפּיל קאָן דינען די לאַגע אין פּוילן און אין מזרח־דייטשלאַנד. גוואַלדיק איז דער אונטערשיד צווישן מערב־ און מזרח־דייטשלאַנד, ווו עס הערשט אַן אָרעמקייט אין פולן זין פון וואָרט. מזרח־דייטשלאַנד איז נאָך דער מלחמה ״אַנטלאַסטעט״ געוואָרן פון אירע וויכטיקסטע פאַבריקן, וואָס זענען, ווי געזאָגט, דעמאָנטירט און אַרויסגעפירט געוואָרן קיין רוסלאַנד, אַפילו צוזאַמען מיט די בעסטע מעכאַניקער.

פּוילן איז נאָך דער מלחמה געוואָרן ״באַפרייט״ פון אַ גרויסער טעריי־

טאַריע אויף אירע מזרח־גרענעצן, אַלץ לטובת דייטשלאַנד.

***

נאָך זיין באַזוך אין אַמעריקע איז אַלזאָ כרושטשאָוו באַלד אַוועק קיין פעקין צו די פייערונגען פון 10 יאָר קאָמוניסטישע כינע. אויף זיין וועג צוריק קיין מאָסקווע האָט ער זיך פאַרהאַלטן אין וולאַדיוואָסטאָק און אין אַ ריי אַנדערע וויכטיקע אינדוסטריעלע שטעט אין סיביר. ער איז דאָרט אַרויסגעטראָטן אויף מאַסן־פאַרזאַמלונגען פון אַרבעטער. די פאַרזאַמלטע האָבן זיך נישט צופרידנגעשטעלט מיט די דערפאָלגן אויפן געביט פון דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַלער פאָליטיק.

אויף די פאַרזאַמלונגען האָבן זיך די אַרבעטער געווענדעט צו כרושטשאָוון, ווען און ווי אַזוי וועט געלייזט ווערן דאָס וווינונגס־פּראָבלעם, וואָס איז איינס פון די שווערסטע אין רוסלאַנד, ווי אויך ווען וועלן פאַרקלענערט ווערן די פרייזן אויף סחורות און ווען וועט מען בכלל פאַרענדיקן מיטן צושטאַנד פון שטענדיקן מאַנגל פון די נייטיקסטע זאַכן פון טאָג־טעגלעכן געברויך.

אין קראַסנאָיאַרסק, למשל, האָט כרושטשאָוו זיך מודה געווען, אַז ער באַקומט אַ סך בריוו פון די סאָוויעטישע בירגער, אין וועלכע עס ווערן באַרירט די זעלבע פּראָבלעמען. כרושטשאָוו איז אויף זיכער נישט געווען צוגעגרייט צו אָט אַזעלכע פראַגן, און האָט זיך געפונען אין גאָרנישט קיין באַקוועמער לאַגע. פאַר די סאָוויעטישע פאַרהעלטענישן איז דאָס גאָרנישט קיין געוויינלעכע דערשיינונג.

ביי יעדער געלעגנהייט האָט כרושטשאָוו צוגעזאָגט די סאָוויעטישע בירגער, אַז אין דער צוקונפט וועט אין ראַטנפאַרבאַנד פאַרזיכערט ווערן דער העכסטער לעבנס־סטאַנדאַרט. שוין דער פאַקט אַליין, וואָס כרושטשאָוו איז געקומען מיט אָט די פאַרזיכערונגען באַווייזט, אַז דאָרט ענדערט זיך עפּעס, און אָט די ענדערונג האָט געצווינגען כרושטשאָוון אַזוי צו רעדן, אָבער די אַרבעטער שטעלן זיך נישט צופרידן מיט אָט דער צוקונפט־מוזיק.

מען דאַרף נעמען אין באַטראַכט, אַז די לעצטע יאָרן איז אין ווירט־

שאַפטלעכן לעבן פון רוסלאַנד אַריינגעצויגן געוואָרן אַ יוגנט, וואָס איז געקומען צום זעלבשטענדיקן לעבן שוין נאָך סטאַלינס טויט. אַ יוגנט, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין באַדינגונגען פון אָפּגעשוואַכטן טעראָר. אַ יוגנט, וואָס האָט אַליין נישט געלעבט אונטער די באַדינגונגען פון סטאַלינס שווידערלעכן טעראָר. די ווירקונג פון דער פרייער וועלט דרינגט אַריין אונטער דעם אייזערנעם פּאַרהאַנג. דער יונגער עלעמענט וויל מער פרייהייט און בעסערע לעבנס־באַדינגונגען.

אין לעצטן באַשלוס פון דער סאָוויעטישער רעגירונג רעדט זיך טאַקע וועגן מיטלען לייכטער צו מאַכן דאָס פּראָבלעם פון וווינונגען, פאַרקלענערן דעם אַרבעטס־טאָג, פאַרגרעסערן די פּראָדוקציע פון סחורות און אַנדערע אַרטיקלען פון ערשטן געברויך.

אין דער סאָוויעטישער ווירקלעכקייט פאָדערט אַזעלכעס אַ גוואַלדיקע אָנשטרענגונג. די סאָוויעטישע פּראַקטיק ווייסט, אַז אויף אַ סך פּראָגנטן, און אין דער זעלבער צייט, קאָנען זיי קיין סך נישט באַווייזן.

כרושטשאָוו האָט דעריבער געוואָלט צייטווייליקע רויקייט אין קאַלטן קריג. דאָס וואָלט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו פאַרבעסערן, כאָטש אין אַ קליינער מאָס, די לאַגע פון רוסישן פאָלק.

די שוועריקייטן אין לאַנד גופא, די שוועריקייטן אין די סאַטעליטן־לענדער, די נויטווענדיקייט צו פאַרווענדן די ענערגיע אויפן אינערלעכן פראָנט, האָט געשטויסן כרושטשאָוון אין דער ריכטונג צייטווייליק אָפּשוואַכן די אָנגעשטרענגטע באַציונגען אין דער וועלט־פּאָליטיק, באַציונגען, וועלכע זענען אַלע מאָל געשאַפן געוואָרן דורך דעם וועלט־קאָמוניזם.

* * *

טראָץ אַלעמען איז אין זיינע אונטערהאַנדלונגען וועגן קאָעקזיסטענץ, כרושטשאָוו נישט געווען גרייט אויף הנחות.

זיין אויבנדערמאָנטער פּראָגראַם פון 3 פונקטן בעת זיין באַזוך אין אַמעריקע, איז טראָץ אַלעמען געמאַכט געוואָרן אין אַ פאָרם פון אַ פאָדערונג. כרושטשאָוו איז געווען געבנוג כיטרע אָפּצנושאַצן די סיטואַציע. ער האָט געוווסט און געפילט, אַז די מערב־וועלט איז גרייט אויף הנחות.

וואָס פאַראַ הנחות עס זאָלן נישט קומען מצד אַמעריקע און אירע אַליאירטע, וועט דאָס אַלע מאָל זיין אַ ריינער געווינס פאַרן קאָמוניזם און דאָס וועט נאָך מער הייבן דעם פּרעסטיזש און אָנזען פון די קאָמוניסטישע פירער.

די פּראַקטיק פון אַלע ביז איצטיקע צוזאַמענטרעפן מיט די פאָרשטייער פון מאָסקווע שאַפט נישט קיין שום אילוזיעס פון אַ וועלכער עס איז לייזונג פון די אָנגעווייטיקטע וועלט־פּראָבלעמען. סוף כל סוף וועט אַמעריקע מיט אירע אַליאירטע זיין צופרידן אויב עס וועט זיך לאָזן איינשטעלן אַ געוויסער שטילשטאַנד. אַפילו פאַרן פּרייז פון געוויסע הנחות דעם קאָמוניזם.

***

איינס איז דאָך צו גלייבן אַז אין דריטן פּונקט פון זיין פּראָגראַם איז כרושטשאָוו ווירקלעך פאַראינטערעסירט איינצושטעלן האַנדלס־באַציונגען מיט דער מערב־וועלט וואָרום דאָס איז אין די אינטערעסן פון דער קאָמוניסטישער וועלט.

ענגלאַנד איז אַלעמאָל גרייט איינצושטעלן האַנדלס־באַציונגען מיט די קאָמוניסטישע לענדער און אויך מערב־דייטשלאַנד וועט צושטימען. געווינען פון דעם וועט דער קאָמוניזם.

אָט דאָס איז דער רעאַלער אויסזען פון דער פּאַריזער שפּיצן־קאָנפערענץ.

# געהיימע באַראַטונג פון סאָוויעטישע פירער

די פייערונגען לכבוד דעם 50־סטן יאָרטאָג פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע זענען אין מאָסקווע פאָרגעקומען מיט אַ גרויס מיליטערישן פאַראַד. עס זענען אויף דער טריבונע פון לענין־מאַוזאָלעום געווען די סאָוויעטישע פירער, וואָס די מערסטע פון זיי האָבן מיטגעאַרבעט מיט סטאַלינען און זענען מיטשולדיק אין אַלע זיינע פאַרברעכנס.

מען האָט גערעדט וועגן דער שטאַרקער, אומבאַזיגבאַרער רויטער אַרמיי. מען האָט געוויזן די נייעסטע מיסילס.

אין די רעדעס זענען געווען סטראַשונקעס קעגן די "אימפּעריאַליסטן", באַזונדערס קעגן אַמעריקע, איצט אַוודאי אויך קעגן מדינת־ישראל מצד די "שלום־ליבנדיקע פעלקער" אין שפּיץ פון וועלכע עס שטייט דער ראַטנ־פאַרבאַנד. אָבער גלייכצייטיק וועלן די פאַרברעכנס פון קאָמוניזם ווייטער אָנגיין. בעת די פייערונגען וועט, ווי געוויינלעך, גערעדט ווערן וועגן די גרויסע סאָוויעטישע דערגרייכונגען אויפן עקאָנאָמישן געביט וועלכע שטימען קיינמאָל נישט מיט דערווירקלעכקייט. פון אלדאָס גוטס געניסן נאָר די פּריווילעגירטע, דער נייער קלאַס ביוראָקראַטן און טעכנאָקראַטן. דער ברייטער סאָוויעטישער עולם וועט בלייבן ביי זיינע טאָג־טעגלעכע זאָרגן וועגן אַ דירה, וועגן אַ מלבוש, וועגן אַ פּאָר שיך.

* * *

אָבער נישט וועגן די מאָסקווער יובליי־פייערונגען וויל איך איצט דערציילן, נאָר וועגן אַ געהיימער באַראַטונג פון סאָוויעטישע פירער אין מאָסקווע, אויף וועלכער עס איז פאָרגעקומען אַ דיסקוסיע צווישן סטאַלי־ניסטן און אַנטי־סטאַליניסטן.

אין די חדשים ערב דעם 24־סטן קאָנגרעס פון דער קאָמוניסטישער

פּאַרטיי איז אָנגעגאַנגען אַ פאַרביסענער קאַמף פאַר אַ טיילווייזער רעהאַ־ביליטאַציע פון סטאַלינען. דער קאַמף איז געקומען צום אויסדרוק אין אַ בריוו פון אַ גרופּע סטאַליניסטן צום צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, און אויך אין אַ פאָדערונג דורכצופירן אַ דיסקוסיע איבער דעם בוך, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן אַ דאָצענט פון היסטאָרישער וויסנשאַפט א. מ. ניעקריטש, אונטערן טיטל: "22־סטער יוני, 1941".

די סטאַליניסטן האָבן שטאַרק אַטאַקירט דאָס בוך, צוליב דער אַנטי־סטאַליניסטישער איינשטעלונג פון מחבר.

אויף דער דאָזיקער געהיימער באַראַטונג איז טאַקע פאָרגעקומען אַ דיסקוסיע איבער דעם בוך פון ניעקריטשן.

דער פּראָטאָקאָל פון דער געהיימער באַראַטונג, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אינסטיטוט פון מאַרקסיזם־לעניניזם ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, איז צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער מערב־וועלט דעם 1־טן אָקטאָבער 1966, דורך דער איטאַ־ליענישער צייטשריפט "לאַ סיניסטראַ" אין רוים.

דער פּראָטאָקאָל איז אויך פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין זשורנאַל "קול־טוראַ", דער אָרגאַן פון דער פּוילישער עמיגראַציע אין פּאַריז.

אין דער געהיימער באַראַטונג האָבן זיך באַטייליקט 130 פּערזאָן (אין פּרעזידיום האָט זיך אויך געפונען דער מחבר). צווישן די באַטייליקטע זענען געווען העכערע מיליטער־לייט, באַקאַנטע פּראָפעסאָרן, שרייבער, מיטגלידער פון היסטאָרישן אינסטיטוט פון דער וויסנשאַפטלעכער אַקאַ־דעמיע און פון אינסטיטוט פאַר היסטאָרישע אַרכיוון.

אָט זענען אייניקע אויסצוגן פון דער דיסקוסיע אַרום דעם בוך:

די פאָרוואורפן קעגן די פּראָפעסער זענען הויפּטזעכלעך געווען גע־דעט קעגן דעם טייל פון בוך, וואָס טראָגט דעם נאָמען: "די גרינגשעצונג פון די וואָרענונגען".

דער מחבר ברענגט אומצאָליקע פאַקטן, אַז די וואָרענונגען, וועלכע זענען געקומען פון פאַרשידענע קוועלן, אַז היטלער גרייט זיך אָנצופאַלן אויפן סאָוויעטן־פאַרבאַנד, האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף אַ טעמפּן ווידער־שטאַנד פון סטאַלינען.

אין אַ "טאַס"־קאָמוניקאַט פון 14־טן יוני, 1941, איין וואָך פאַרן אָנפאַל אויף רוסלאַנד, האָט סטאַלין באַשולדיקט דעם ענגלישן אַמבאַסאַדאָר, וועל־כער האָט אים געוואָרנט וועגן דעם דייטשן אָנגריף, אין פאַרשפּרייטן פאַלשע ידיעות, וועלכע קומען פון שונאים פון רוסלאַנד און דייטשלאַנד מיטן צוועק צו דיסקרעדיטירן דעם סטאַלין־היטלער־פּאַקט.

די דיסקוסיע איז געווען אַ שאַרפע. ווען פּראָפעסאָר דעבאַרין, אַ קעג־נער פון בוך, האָט אָנגעגעבן, אַז אויפן פּראָצעס קעגן טוכאַטשעווסקי־יאַקיר, וועלכע מען האָט דערשאָסן, זענען דאָך געווען אָנוועזנד די מאַרשאַלן וואָ־ראָשילאָוו און בודיאָני, וואָס פאַרדינען צוטרוי, זענען געקומען פון זאַל אויפגערעגטע שטימען: "די גענעראַלן וואָראָשילאָוו און בודיאָני באַזיצן נישט קיין געפילן פון ערע און פאַראַנטוואָרטלעכקייט. זיי זענען אויס־וווּרפן".

ווען עס איז דערמאָנט געוואָרן, ווי סטאַלין און וואָראָשילאָוו האָבן געהאַנדלט אין יאָר 1937 לגבי אָפיצירן פון גענעראַל־שטאַב, איז געקומען אַ שטימע פון זאַל: "יאָ, ער האָט זיך דערטרונקען אין אַ טייך".

ווען גענעראַל קוזניעצאָוו האָט דערהאַלטן פון סאָוויעטישן מיליטערישן אַטאַשע אין בערלין, וואָראָנצעוו, די דאַטע פון געפּלאַנטן דייטשן אָנפאַל אויף רוסלאַנד, האָט ער דעם באַריכט טאַקע איבערגעגעבן סטאַלינען, אָבער מיט אַ צושריפט: "די אינפאָרמאַציע איז אַ פּראָוואָקאַציע, צוגעגרייט פון ענגלישן שפּיאָנאַזש".

גלייך ביים אָנהויב פון קריג האָט מען אָפּגעשטעלט דאָס פּראָדוצירן דעם וואָפן "קאַליבער 45", וואָס האָט געקאָנט דורכשיסן די דייטשע טאַנקן. דאָס איז געווען גלייך, ווי אַנטוואָפענען די רויטע אַרמיי, וועלכע איז אַזוי אַרום געבליבן אָן אַנטי־טאַנק־אַרטילעריע.

"עס איז אַ סקאַנדאַל", האָט אויסגערופן אויף דער באַראַטונג גענעראַל דאַשיצעוו פונעם הויפּט־שטאַב, "וואָס ביז היינט זענען נישט פאַרעפנט־לעכט געוואָרן די דאָקומענטן פון יענעם פעריאָד".

וועגן דער אינפאָרמאַציע פון סאָוויעטישן אַטאַשע אין בערלין אַז די דייטשן וועלן אָנהויבן די מלחמה דעם 22־סטן יוני ווייסן מיר בלויז פון בוך פון ענגלישן היסטאָריקער עריקסאָן.

אין די אַריכוון געפינען זיך מאַטעריאַלן וועגן דער באַגעגעניש פון דייטשן אַמבאַסאַדאָר אין רולאַנד שולענבערג מיט דע קאנאזאַווין, אַז היט־לער גרייט זיך אָנצופאַלן אויף רוסלאַנד. אין די אַרכיוון דאַרפן אויך זיין מאַטעריאַלן וועגן דער באַגעגעניש פון שולענבערגן מיט מאָלאָטאָוון. שו־לענבערג, פאַרראַטנדיק זיין לאַנד, האָט געוואָרנט וועגן היטלערס אָנפאַל, אָנגעבנדיק גענוי די דאַטע, אָבער מען האָט אים נישט געגלויבט. (שולענ־בערג איז אין יאָר 1944 דערשאָסן געוואָרן פאַרן באַטייליקן זיך אין אַ פאַרשווערונג קעגן היטלערן).

די באַטייליקטע אין דער דיסקוסיע האָבן אויפגעוויזן, אַז די מאַטע־ריאַלן צו די פּראָצעסן קעגן טוכאַטשעווסקי־יאַקיר, די פירער פון דער רויטער אַרמיי, האָט צוגעגרייט די געסטאַפּאָ, אָבער דער איינפאַל איז געקומען פון סטאַלינען.

סטאַלינס אַרויסהעלפער, גענעראַל גאַליקאָוו, האָט געפירט צום אומ־ברענגען פון סאָוויעטישן קאָנטר־שפּיאָנאַזש אין אויסלאַנד.

אין דער דיסקוסיע האָט מען זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט אויפן צו־זאַמענטרעף פון מאָלאָטאָוון מיט היטלערן וועגן צעטיילן זיך מיט דער וועלט. מאָלאָטאָוו האָט פאַרלאַנגט די דאַרדאַנעלן, בולגאַריע, רומעניע און פינלאַנד. היטלער האָט כלומרשט צוגעשטימט, פאַרלאַנגענדיק, אַז די סאָ־וויעטן־רעגירונג זאָל דערפאַר צושטיין צו דער אַקס רוים־בערלין־טאָקיאָ. מאָלאָטאָוו האָט מסכים געווען מיטן באַדינג, אַז מאָסקווע זאָל זיין אַ פולבאַ־רעכטיקטער שותף.

די רעדנער האָבן אויך אָנגעוויזן, אַז אין דער היסטאָרישער ליטעראַ־טור ווערט פעסטגעשטעלט, אַז סטאַלין האָט איבערגענומען די פירערשאַפט פון דער רעגירונג דעם 5־טן מאַי 1947, מיטן צוועק צוצוגרייטן דאָס לאַנד צו פאַרטיידיקונג. אָבער עס זענען נישטאָ קיין שום פאַקטן, וואָס זאָלן דאָס באַשטעטיקן. אין דער ווירקלעכקייט האָט סטאַלין נישט געטאָן קיין שום זאַך אין דער ריכטונג.

יאַקיר, פון היסטאָרישן אינסטיטוט ביי דער וויסנשאַפטלעכער אַקאַ־דעמיע, אַ זון פון דערשאָסענעם מאַרשאַל, וועלכער איז, אגב, געווען איינער פון די, וואָס האָבן אונטערגעשריבן דעם פּראָטעסט קעגן אורטייל אויף די

שרייבער דאַניעל און סיניאַווסקי, האָט אויף דער באַראַטונג דערמאָנט דעם פעריאָד, ווען עס זענען אומגעבראַכט געוואָרן טויזנטער באָלשעװיסטישע פירער. ער האָט אָנגעוויזן, אַז מען דאַרף דורכשטודירן דאָס פּראָבלעם פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ווו מען האָט געהאַלטן געזונטע מענטשן, צווישן זיי ווירטשאַפטלעכע און מיליטערישע ספּעציאַליסטן. פון זאַל האָבן זיך געהערט געשרייען, אַז סטאַלין איז געווען אַ פאַרברעכער און אַז מען האָט אים געדאַרפט דערשיסן.

דערביי איז דערמאָנט געוואָרן, ווי סטאַלין האָט ערב דער מלחמה דערשאָסן פּוילישע קאָמוניסטן, וועלכע זענען געווען אין רוסלאַנד און האָט ליקווידירט די פּוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

צום סוף פון דער דיסקוסיע האָט דער פאָרזיצער פון דער באַראַטונג, גענעראַל באַלטין, באַדאַנקט די אָנוועזנדע און דעם מחבר.

* * *

די פאַרברעכנס פון קאָמוניזם, פון סטאַלינען, קענען שוין קיינעם נישט איבערראַשן, אָבער טראָץ אַלעמען ווערט מען אויפגעציטערט, ווען מען לייענט דעם פּראָטאָקאָל פון דער דיסקוסיע אויף דער געהיימער באַראַטונג פון סאָוויעטישע פירער.

וואָס פאַר אַן אויספיר קאָן מען פון דעם מאַכן? עס ווילט זיך גלויבן, אַז עס מערקן זיך ענדערונגען אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד.

די וועלט איז ווייטער אָפּהענגיק פון מאָסקווע. דאָס איז דער טרויערדיקער אמת.

# אַנטיסעמיטיזם אין ראַטנפאַרבאַנד*

1.

די אָפענע אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען בעת דעם קאָמוניסטישן פּראָצעס אין פּראַג, האָבן אויפגערודערט די וועלט. עס איז מער ווי וואַר־שיינלעך, אַז אויף דער ציוניסטישער גאַס וואָלט די רעאַקציע נישט געווען אַזוי שטאַרק ווען אויף דעם פּראָצעס זאָלן נישט געווען קומען צו אַזעלכע שטאַרקע אַרויסטרעטונגען קעגן מדינת־ישראל, אירע פירער און קעגן ציוניזם בכלל.

עס וואָלט דער ציוניסטישער וועלט אויך אויף ווייטער געטויגט אָנ־צוהאַלטן די יידיש־קאָמוניסטישע לעגענדע, אַז דאָס אַנטשטיין פון מדינת־ישראל האָט מען צו פאַרדאַנקען אויסשליסלעך דעם ראַטנפאַרבאַנד. דער ברייטער יידישער עולם איז אַלע יאָרן איינגעשטעלט, אַז וואָס־וואָס, אָבער אַנטיסעמיטיזם קאָן מען דעם ראַטנפאַרבאַנד נישט פאַרוואַרפן.

אַז די נייע ליניע פון אַנטיסעמיטיזם קומט פון מאָסקווע דאַרף מען קיינעם נישט איבערצייגן, דעריבער אַזאַ איבערראַשונג און אַנטוישונג. אין קנויל פון פאַרוויקלטע פראַגן וועגן ראַטנפאַרבאַנד איז די פראַגע אַנטי־סעמיטיזם איינע פון די, וועלכע רופט אַרויס אַממערסטן פאַרשידענע מיי־נונגען.

* אלס מאַטעריאַל צו דער נאָטיץ וועגן אַנטיסעמיטיזם אין ראַטנפאַרבאַנד האָט מיר געדינט דאָס בוך פון רוסיש־יידישן סאָציאַל-דעמאָקראַט און באַקאַנטן עקאָ־נאָמיסט ס. מ. שוואַרץ „אַנטיסעמיטיזם אין ראַטנפאַרבאַנד", אַרויסגעגעבן אין רוסיש דורך דעם ניו־יאָרקער רוסישן פאַרלאַג א. נ. פון אַ. טשעכאָוו. אַלע ציפערן און טאַבעלן שטאַמען פון דעם בוך.
צו הילף איז מיר אויך געקומען מיין אייגענע דערפאַרונג, צוזאַמענטרעפן און געשפּרעכן אין די מלחמה־יאָרן אין רוסלאַנד.

ווי זעט אויס אין דערווירקלעכקייט די פראַגע פון אַנטיסעמיטיזם אין ראַטנפאַרבאַנד ?

די רעוואָלוציע 1917־1918, דער בירגער־קריג, האָבן געבראַכט אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען, באַזונדערס אין אוקראַינע. אין יידיש בלוט האָט מען געוואָלט דערטרינקען די רעוואָלוציע. נאָך דעם בירגער־קריג האָט זיך אין רוסלאַנד געשאַפן דער איינדרוק, אַז עס איז אַ סוף צום אַנטיסעמיטיזם. געוויסע סימנים פון אַנטיסעמיטיזם האָבן זיך אַפילו געלאָזט פילן, אָבער די איינשטעלונג פון דער סאָוויעטישער רעגירונג איז געווען, אַז אָט די סימנים זענען דאָס די רעשטלעך פון דער נישט ווייטער פאַרגאַנגענהייט.

מיט דער צייט זענען אָט די סימנים געוואָרן גאַנץ דייטלעכע און פיל־באַרע. דער אַנטיסעמיטיזם האָט צוריק אויפגעהויבן דעם קאָפּ. קיין שווע־ריקייטן האָבן אין יענע יאָרן נישט געפעלט. געלעגנהייטן אויפצורייצן דעם עולם קעגן דער רעגירונג זענען געווען גענוג.

באַזונדערס האָט זיך אָנגעהויבן פילן דער אַנטיסעמיטיזם אין די אַר־בעטער־רייען אויף די זאַוואָדן און פאַבריקן.

די אַנטיסעמיטישע שטימונגען דרינגען אַריין אין די רייען פון קאָמ־סאָמאָל, אויך אין דער פּאַרטיי. די סאָוויעטישע פּרעסע אין יענער צייט ברענגט שוין אַפילו אָפּרופן וועגן די אַנטיסעמיטישע שטימונגען.

אין די קאָרעספּאָנדענצן פון די ערטער ווערן געבראַכט פאַלן פון איזדעקעווען זיך איבער יידישע אַרבעטער אין די פאַבריקן, איבער יידישע סטודענטן אין די הויכשולן. זייער כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס אָט די אַרויסטרעטונגען ווערן טאָלערירט דורכן קאָמסאָמאָל און דער פּאַרטיי.

עס איז קלאָר, אַז אָט די אַנטיסעמיטישע דערשיינונגען זענען געווען באַקאַנט דער סאָוויעטישער רעגירונג. זי האָט אָבער נישט רעאַגירט. די איינשטעלונג פון דער רעגירונג איז געווען פאָלגנדיקע : אַנטיסעמיטיזם איז אַ ווערקצייג אין די הענט פון דער קאָנטררעוואָלוציע. די קאָנטררעוואָלוציע איז צעקלאַפּט. זי איז נישט אימשטאַנד אַרויסצוטרעטן קעגן דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג, ווייל דער אַנטיסעמיטיזם ווייזט אַרויס שוואַכע סימנים. דאָס באַשטעטיקט, אַז די קאָנטררעוואָלוציע איז טאַקע שוואַך, איז במילא קיין געפאַר נישטאָ, במילא איז נישט נייטיק צו רעאַגירן.

מיט דער צייט האָט אָבער די סאָוויעטישע רעגירונג געמוזט פעסט־שטעלן, אַז די לאַגע ווערט ערנסט און מען דאַרף רעאַגירן. דעם אָנהייב האָט געמאַכט קאַלינין אין יאָר 1926 אויף דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון „אָזעט". וואָס האָט דאַן קאַלינין געזאָגט?

„פאַרוואָס איז איצט די רוסישע אינטעליגענץ מער אַנטיסעמי־טיש ווי ביים צאַריזם? דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך. אין די ערשטע טעג האָט זיך אין קאַנאַל פון דער רעוואָלוציע אַריינגעגאָסן די אינ־טעליגענטישע און האַלב־אינטעליגענטישע שטאָטישע יידישע מאַסע. ווי אַ פאַרפאָלגטע נאַציע, קיינמאָל נישט זייענדיק ביים רודער, האָט זי אַ שטראָם געטאָן אין דער רעוואָלוציאָנערער בויונג און מיט דעם איז פאַרבונדן אויך אָנפירערשאַפט. אין יענעם מאָמענט ווען אַ באַ־דייטנדיקער טייל פון דער רוסישער אינטעליגענץ איז אַוועק, דער־שרעקנדיק זיך פאַר דער רעוואָלוציע, אָט אין דעם מאָמענט, איז די יידישע אינטעליגענץ אַריינגעפלאָסן אין קאַנאַל פון דער רעוואָלו־ציע, אָנגעפילט אים מיט אַ גרויסן פּראָצענט אין פאַרגלייך מיט איר צאָל און האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אין די רעוואָלוציאָנערע אָנפירנ־דיקע אָרגאַנען.

פאַר דעם יידישן פאָלק, ווי אַ נאַציע, האָט אָט די דערשיינונג אַ קאָלאָסאַלע באַדייטונג און איך מוז זאָגן אַ נעגאַטיווע באַדייטונג. ווען מען האָט מיך אויף איינעם פון די זאַוואָדן געפרעגט פאַרוואָס עס זענען אין מאָסקווע פאַראַן אַזויפיל יידן, האָב איך געענטפערט: ווען איך זאָל זיין אַן אַלטער רב, וועלכער וויטיקט פאַר דער נשמה פון דער יידישער נאַציע, וואָלט איך פאַרשאָלטן די אַלע יידן וועלכע פאָרן קיין מאָסקווע אויף סאָוויעטישע אַמטן, ווייל זיי זענען פאַרלוירן פאַר זייער נאַציע. אין מאָסקווע מישן די יידן אויס זייער בלוט מיטן רוסישן בלוט און זיי גייען פאַר דער יידישער נאַציע פאַרלוירן שוין פון צווייטן, מאַקסימום פון דריטן דור. זיי ווערן פאַרוואַנדלט אין געוויינלעכע רוסיפיקאַטאָרן".

דאָס איז געווען אַ שרעקלעכער ענטפער, אין תוך האָט אַזאַ ענטפער געקאָנט באַקרעפטיקן די אַנטיסעמיטישע שטימונגען אין די פאַבריקן.

נאַטירלעך האָט אַזאַ הילפלאָזע אַרגומענטאַציע פון קאַלינינען קיינעם נישט געקאָנט איבערצייגן, אַוודאי נישט שוואַכער מאַכן דעם אַנטיסעמי־טיזם.

אין יענע יאָרן מערקט זיך אויך דאָס אַריינדרינגען פון אַנטיסעמיטיזם אין מלוכה־אַפּאַראַט, באַזונדערס אויף דער פּראָווינץ. די פּראָווינץ איז געווען שטאַרק פאַרגיפטעט מיט אַנטיסעמיטיזם אין די יאָרן פון בירגער־קריג. קיין אַנטיסעמיטיזם אין די צאַרישע צייטן האָט דאָך קיינמאָל נישט געפעלט.

דער אַנטיסעמיטיזם האָט וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער זיך געלאָזט פילן. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די רעגירונג האָט געשאַפן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע אויסצופאָרשן די לאַגע אין אוקראַינע.

שרייבט אַ יידישער מיטגליד פון דער קאָמיסיע אין ״אמת״: (די ידיעה איז געשיקט אין אַ טעלעגראַמע צו דער איט״אַ)·

...די עקזיסטענץ פון אַנטיסעמיטיזם אין דער אַדמיניסטראַציע איז אָנערקענט געוואָרן דורך דער קאָמיסיע... אין אַ ריי ערטער ווערט דער אַנטיסעמיטיזם געפירט אָפן... כמעט אין יעדן נומער פון די יידישע צייטונגען אין רוסלאַנד קאָן מען געפינען אָנגעגעבן אַזעלכע פאַלן...

אין אָקטאָבער 1925 איז אויף דער קאָנפערענץ פון דער יעווסעקציע אין אוקראַינע אָפן געקומען די אָנקלאַגע אויף די אַנטיסעמיטישע אַרויס־טרעטונגען מצד די אָרטיקע קאָמוניסטישע מאַכטהאָבער. כאַראַקטעריסטיש איז, אין די אַלע ידיעות וועגן אַנטיסעמיטיזם אין סאָוויעטישן אַפּאַראַט, די פּאַסיווקייט פון די פּאַרטיי־אָרגאַנען. זייער אָפט פּשוט אַ קאַפּיטולאַציע פאַר די אַנטיסעמיטישע שטימונגען און אַרויסטרעטונגען.

אַזאַ צושטאַנד פון טאָלערירן דעם אַנטיסעמיטיזם האָט זיך געצויגן ביזן יאָר 1929· ערשט דאַן האָט זיך אָפּגערופן די ״פּראַוודאַ״. אין אַ לייט־אַרטיקל האָט די צייטונג באַהאַנדלט די פראַגע אַנטיסעמיטיזם. די ״פּראַוודאַ״ שטעלט פעסט ווי אָפט די פרעסע ברענגט ידיעות וועגן אַנטי־סעמיטישע דערשיינונגען. ביי די אויספאָרשונגען ווערט פעסטגעשטעלט דאָס פאַרשאַווייגן דורך די פּאַרטייאישע פּראָפעסיאָנעלע און קאָמסאָמאָ־

לישע אָרגאַניזאַציעס די אַנטיסעמיטישע דערשיינונגען.

וועגן אַנטיסעמיטיזם אין די הויכשולן איז אינטערעסאַנט די ידיעה פון קאָרעספּאָנדענט פון איט״אַ. דעם 28סטן מאַי 1928, דעפּעשירט איט״אַ פון מאָסקווע:

פון פאַרשידענע ערטער אין לאַנד קומען אָן ידיעות, אַז צווישן די סטודענטן איז געוואָרן געווייגלעך, רעדנדיק וועגן יידן, דאָס באַנוצן זיך מיט אויסדרוק ״זשיד״. די יידישע צייטונג ״אָקטיאַבער״ שטרייכט אונטער, אַז אין מינסקער קאָנסערוואַטאָריע ווענדעט מען זיך אַפּט צו די יידישע סטודענטן מיטן וואָרט ״זשיד״. דער כאַרקאָווער ״שטערן״ שרייבט וועגן דאָס זעלבע צווישן די סטודענטן אין כאַרקאָווער טעכנאָלאָגישן אינסטי־טוט. אין אַ דעפּעשע פון מאָסקווע צו דער איט״אַ אין אָקטאָבער 1929, לייענט מען:

״אַ פאַרזאַמלונג פון סטודענטן־קאָמוניסטן אין קיעוו האָט געפאָ־דערט איינצופירן אַ פּראָצענט־נאָרמע פאַר יידן אויפן אוניווערסי־טעט. די פאָדערונג איז פריער באַהאַנדלט געוואָרן דורכן קאָמסאָמאָל״.

עס זענען געווען פיל פאַלן ווען די פאַרטיי־אָרגאַנען האָבן נישט נאָר טאָלערירט אַנטיסעמיטיזם און אַנטיסעמיטן. עס איז געווען נאָך ערגער, ווען פאַרטיי־אָרגאַנען האָבן אַקטיוו אַנטיילגענומען און אונטערגעהאַלטן די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון די מלוכה־אָרגאַנען.

ווי אַ ביישפּיל קאָן דינען די טראַגישע עפּאָפּייע פון די יידן אין דאַגע־סטאַן. אַן אויטאָנאָמע סאָוויעטישע רעפּובליק אין קאַווקאַז ביים קאַספּישן ים.

עס האַנדלט זיך וועגן די אַזוי־גערופענע באַרג־יידן (גאָרסקיע יעוו־רייאי), וועלכע האָבן ביז דער רעוואָלוציע געוווינט אין בערג־אַאולן, ווו זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט.

די בערג־יידן האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אָרגאַניזירן די ראַטנ־מאַכט אין דאַגעסטאַן. די רויטע גוואַרדיע דאָרט איז אין 70 פּראָצענט באַ־שטאַנען פון די בערג־יידן. זיי האָבן אַקטיוו געקעמפט קעגן די ״ווייסע״. ווען די ״ווייסע״ האָבן צייטווייליק פאַרכאַפּט דאָרט די מאַכט האָבן זיי צע־שטערט די אַאולן פון די בערג־יידן, פאַרטריבן די יידן אין די שטעט.

אומזיסט האָבן די בערג־יידן געמאַכט באַמיונגען צוריקצושטעלן זיי אין זייערע רעכט בעת די סאָוויעטישע מאַכט האָט זיך ענדגילטיק איינגע־שטעלט.

אַפילו די העכסטע מאַכטאָרגאַנען אין מאָסקווע, ווו דער ענין האָט אָנגעשפּאַרט, האָבן זייערע רעכט אָנערקענט, איז דאָס אָבער נישט געווען מאָסגעבנדיק פֿאַר די אָרטיקע פירער. אומעטום זענען געזעסן אין די מאַכט־אָרגאַנען די געוועזענע ווייסגוואַרדייער. די בערג־יידן האָבן געשיקט זייערן אַ שליח קיין מאָסקווע. פֿון דאָרט איז געקומען אַ פֿאָרשטייער קיין דאַגעסטאַן, ער האָט אַלץ פעסטגעשטעלט, אָבער עס האָט זיך גאָרנישט געענדערט. דער שליח פֿון די בערג־יידן קיין מאָסקווע איז נאָך זיין צוריק־קומען איינגעזעצט געוואָרן אין טורמע און געמשפּט געוואָרן. מען האָט אים שפּעטער באַפרייט, אָבער די בערג־יידן האָבן שוין קיינמאָל זייערע דערפער נישט געזען.

אויף וויפל מצד דער רעגירונג איז נישט געווען דער אַבסאָלוטער פּאַרבאָט, איז געווען אַפילו מעגלעך עפנטלעך די אַנטיסעמיטישע שטי־מונגען אַרגומענטירן און באַרעכטיקן די סיבות פֿון זייער אַנטשטיין. דאָס האָבן געטאָן פאַרשידענע מלוכה־מענער, פּראָפעסאָרן א. אַנד.

וואָס זענען געווען די אַרגומענטן? יידן זענען פּריווילעגירט. יידן קאָנקורירן מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. דער אָנגעלויף פֿון יידן אין די גרויסע שטעט. יידן מיידן אויס פיזישע אַרבעט. יידן ציען צו דער ערד, נעמען צו די ערד ביי די פויערים. יידן באַהערשן דעם מלוכה־ און פּאַרטיי־אַפּאַראַט. אַזעלכע טענות, אַז יידן זענען פּריווילעגירט, און אַז יידן קאָנקו־רירן מיט די קריסטן, זענען שוין גוט באַקאַנט פֿון די אַלטע צייטן, און עס איז אַ שאָד אַ וואָרט צו פֿאַרלירן בכדי אָט די אַרגומענטן אָפּפרעגן. זיי זענען פשוט געווען אַרויסגעשלעפּט פֿון צאַרישן אַרכיוו.

אַוודאי האָבן מאַסן יידן נאָך דער רעוואָלוציע פֿאַרלאָזט די א. ג. "טשערטאַ אָסעדלאָסטי" (תחום־המושב), און זיך געלאָזט אין די גרויסע שטעט, אָבער די זעלבע דערשיינונג איז כאַראַקטעריסטיש אויך פֿאַר אַנדערע פעלקער אין רוסלאַנד.

די טענה, אַז יידן מיידן אויס שווערע אַרבעט: גראָד אין דעם פעריאָד

פון אויפשטייג פון אַנטיסעמיטיזם מיט אַט די אַלע אַרגומענטן, קומט ביי ייִדן פאָר דער פּראָצעס נישט פון אויסמיידן פיזישע אַרבעט, נאָר פאַרקערט, אַ פּראָצעס פון אַ מאַסן־איבערשיכטונג אין די רייען פון אַרבעטער, וואָס קומען פון די אונטערגייענדיקע, אַלטע, טראַדיציאָנעלע ייִדישע פּראָפעסיעס.

## די סאָציאַלע סטרוקטור ביי דער ייִדישער באַפעלקערונג

(אין פּראָצ. צו דער אַלגעמיינער צאָל פון דער ייִדישער זעלבשטענדיקער באַפעלקערונג)

פאָלגנדיקע סטאַטיסטישע טאַבעלן ווייזן די ענדערונגען אין דער סאָציאַלער סטרוקטור ביי דער ייִדישער באַפעלקערונג אין יענעם פּעריאָד.

| דעצעמבער 1926 | |
|---|---|
| אַרבעטער | 14,8 |
| אָנגעשטעלטע | 23,4 |
| קוסטאַרן | 19,0 |
| פּויערים | 9,1 |
| הענדלער | 11,8 |
| פרייע פּראָפעסיעס | 1,6 |
| אָן באַשטימטער באַשעפטיקונג | 7,8 |
| אַרבעטסלאָזע | 9,3 |
| איבעריקע | 3,2 |
| צוזאַמען | 100,0 |

| יאַנואַר 1939 | |
|---|---|
| אַרבעטער און אָנגעשטעלטע | 71,2 |
| קאָלכאָזניקעס | 5,8 |
| קאָאָפּערירטע קוסטאַרן | 16,1 |
| נישט־קאָאָפּערירטע קוסטאַרן | 4,0 |
| איבעריקע | 2,9 |
| צוזאַמען | 100.0 |

## די צאָל פון יידישן אַרבעטער־קלאַס (אין טויזנטער)

| | דעצעמבער 1926 | אַפּריל 1931 |
|---|---|---|
| אַרבעטער און אָנגעשטעלטע | 394 | 787 |
| אין דעם אַרבעטער | 153 | 342 |
| אָנגעשטעלטע | 241 | 445 |

| צוווּקס | אין פּראָצ. |
|---|---|
| 393 | 99.7 |
| 189 | 123.5 |
| 204 | 84.6 |

נאָך דייטלעכער איז דער וווּקס פון יידישן אַרבעטער־קלאַס אויף אוקראַינע און ווייסרולאַנד.

## די צאָל יידישע אַרבעטער (אין טויזנטער אין אוקראַינע)

| | 1926 | 1931 |
|---|---|---|
| אַרבעטער | 93.2 | 195. |
| אָנגעשטעלטע | 126.5 | 189. |

| אַבסאָל. | אין פּראָצ. |
|---|---|
| 101.8 | 109.2 |
| 62.5 | 49.4 |

### אין ווייסרוסלאַנד

| | 1926 | 1931 |
|---|---|---|
| אַרבעטער | 25.2 | 52.0 |
| אָנגעשטעלטע | 25.5 | 34.8 |

| אַבסאָל. | אין פּראָצ. |
|---|---|
| 26.8 | 106.3 |
| 9.3 | 36.5 |

אַזוי האָט אויסגעזען אין דער ווירקלעכקייט די פראַגע וועגן וווּקס פון יידישן אַרבעטער־קלאַס. די ציפערן שטאַמען פון סאָוויעטישע קוועלן אין יענע יאָרן. האָט דאָך די סאָוויעטישע רעגירונג וועגן דעם געוווּסט, פאַר־וואָס איז דאָס אַלץ טאָלערירט געוואָרן?

ווען די ווייט גרעסטע מערהייט פון די יידן אין רוסלאַנד איז גלייך נאָך דער רעוואָלוציע געשטעלט געוואָרן פאַר דער אויפגאַבע צו שאַפן נייע עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן פאַר זיך, האָבן מאַסן יידן זיך אַ לאָז געטאָן צו ערד־אַרבעט. הויפּטזעכלעך אָבער צו שטעטלשער און אונטער־שטאָטישער ערד־אַרבעט אין די געביטן פון געוועזענעם תחום־המושב.

די שרעקלעכע פּאָגראָמען אין די יאָרן 1918־1920, באַזונדערס אין אוקראַינע, האָבן אין אַ געוויסער מאָס פאַרהאַלטן אָט די באַוועגונג, אָבער פון יאָר 1921 ווערט דער פּראָצעס פאַרשטאַרקט. פאָלגנדיקע טאַבעלע גיט וועגן דעם די געהעריקע פאַרשטעלונג.

## די אַנטוויקלונג פון יידישער ערד־אַרבעט (1917—1928)

אַלג. צאָל יידישע לאַנדוו. באַפעלקערונג (מיט זייערע פאַמיליעס)

| | |
|---|---|
| 1917 | 52.758 |
| 1920 | 35.000 |
| 1923 | 75.911 |
| 1924 | 94.158 |
| 1925 | 120.288 |
| 1926 | 141.780 |
| 1927 | 165.000 |
| 1928 | 220.000 |

אַלג. צאָל ערד־אַרבעטער אין דער יידישער לאַנדווירטשאַפט (אין העקטאַרן)

| | |
|---|---|
| 1917 | 119.403 |
| 1920 | 84.750 |
| 1923 | 153.298 |
| 1924 | 162.875 |
| 1925 | 270.533 |
| 1926 | 375.296 |
| 1927 | 488.054 |
| 1928 | 642.054 |

ביים אָנהייב האָבן די יידישע ערד־אַרבעטער אַרויסגערופן אַ געוויסן אומצוטרוי מצד דער אַרומיקער פּויערישער באַפעלקערונג, אָבער דער אומצוטרוי האָט זיך שנעל צעזייט.

האָט דען די סאָוויעטישע רעגירונג נישט געוווסט וועגן דעם ווזקס פון יידישער ערד־אַרבעט ? פאַרוואָס אַזאַ טאָלעראַנץ צו די אַנטיסעמיטישע אַרגומענטן ?

## וועגן דעם אַז יידן באַהערשן דעם מלוכה־ און פּאַרטיי־אַפּאַראַט

אַפילו ביי די יידן אין דער וועלט איז אַלע יאָרן שטאַרק איינגערעדט, אַז יידן זענען גאָר שטאַרק פאַרטראָטן אין דער אָנפירערשאַפט פון דער מלוכה און פּאַרטיי.

ווי אַזוי איז אין דער ווירקלעכקייט ? ווי אַביישפּיל זאָל דינען פאָלגנ־דיקע טאַבעלע :

### פּראָצ. פון יידן אין צוזאַמענשטעל פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג

| | 1926 |
|---|---|
| ססטר | 8.2 |
| אין אוקראַינע | 22.7 |
| ווייסרוסלאַנד | 40.2 |

### פּראָצענט פון יידן אין דער פּאַרטיי

| | 1927 |
|---|---|
| ססטר | 4.9 |
| אין אוקראַינע | 13.1 |
| ווייסרוסלאַנד | 26.6 |

## ווי אַזוי האָט אויסגעזען די באַטייליקונג פון יידן אין די העכע סאָוויעטישע און פּאַרטיי־אָרגאַנען ?

| | צאָל | פּראָצ. |
|---|---|---|
| מיטגלידער און קאַנדידאַטן פון צ.ק. (אין יאָר 1927) | 11 | 10.6 |
| אין פּרעזידיום פון ציק | — | — |
| פאָרזיצער פון רעגירונגען און ציקס | — | — |
| פון נאַציאָנאַלע רעפּובליקן | — | — |
| פאָרזיצערס פון טרוסטן | 4 | 7.4 |
| אָנפירער פון צענטראַלע קאָאָפּ.־אָרגאַנען | 21 | 10.8 |

אָט די אַלע אַנטיסעמיטישע אַרגומענטן זענען אָנגעהאַלטן און טאָלע־רירט געוואָרן דורך די סאָוויעטישע מלוכה־ און פּאַרטיי־אָרגאַנען. עס איז געווען די אַלטע, גוט־באַקאַנטע טענדענץ — די יידן זענען שולדיק אין אַלע צרות, און אַלע שוועריקייטן. יענע יאָרן זענען טאַקע געווען שווערע פאַר דער סאָוויעטישער מלוכה.

צי איז געפירט געוואָרן אַ קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם ? זייער אַ שוואַ־כער. עס לאָזט זיך דאָך נישט פון איין זייט אַ טענדענץ פון טאָלעראַנץ, פון פאַרשווייגן און איינזייטיק באַקעמפן דעם אַנטיסעמיטיזם.

די קאָמוניסטן, וועלכע קענען אַזוי גוט די מלאכה פון אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע, זענען גראָד אויף דעם געביט געווען זייער שוואַך. דאָס זעלבע איז וועגן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם דורך געזעצלעכע מיטלען.

2.

## צי איז פאַראַן אַ שטראָף פאַר אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד

אויף דער גאַנצער וועלט איז אָנגענומען, אַז אין רוסלאַנד שטראָפט מען זייער האַרב פאַר אַנטיסעמיטיזם. דאָס איז אַ שפּאָר ביסל איבערגע־טריבן. בסך הכל איז אין משך פון אַלע יאָרן געווען איין פאַראָרדענונג, נישט קיין געזעץ, פון דער רעגירונג אין יאָר 1918.

אין דער פאַראָרדענונג רעדט זיך, צווישן אַנדערן, וועגן דעם, אַז די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג און די פּאָגראָמען אויף יידן זענען אַן אומגליק פאַר דער רעוואָלוציע. ביים אונטערשרייבן די פאַראָרדענונג, האָט לענין מיט זיין האַנט צוגעשריבן, אַז "אַלע סאָוויעטן ווערן פאַראָרדנט אָנצונעמען אַנטשפּרעכיקע מיטלען אין קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם. די פּאָגראָמשטשי־קעס שטעלן אויסערן געזעץ".

ערשט אין שטראָף־קאָדעקס פון יאָר 1927 איז אַריין אַ פּונקט, אָבער נישט וועגן שטראָפבאַרקייט פאַר אַנטיסעמיטיזם, נאָר פאַר פּראָפּאַגאַנדע, אָדער אַגיטאַציע אין דער ריכטונג פון אויפרייצן נאַציאָנאַלע, אָדער רעלי־גיעזע שנאה.

געוויינלעך קאָן מען די פּראָצעסן פאַר אַנטיסעמיטיזם, ווען אַזעלכע זענען פאָרגעקומען, באַצייכענען ווי פאָרזיכטיקע און איינגעהאַלטענע אין זייערע אורטיילן. געוויינלעך, האָבן אַזעלכע פּראָצעסן געטראָגן דעם כאַראַקטער פון שטראָף פאַר כוליגאַניזם.

אַז דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך געלאָזט פילן אין אַלע ווינקעלעך פון סאָוויעטישן לעבן, באַשטעטיקן אַמבעסטן באַשלוסן אָנגענומענע אין יענע יאָרן דורך די פּאַרטיי־אינסטאַנצן. אַזוי האָט סוף 1929 דער סעקרעטאַריאַט פון צ. ק. פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אָנגענומען אַ באַשלוס אין דער פראַגע.

"דער סעקרעטאַריאַט קאָנסטאַטירט, אַז דורך אייניקע געזעלשאַפט־לעכע, פּראָפעסיאָנעלע און פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס ווערט אַרויסגעוויזן זייער אַ שוואַכע באַציונג צו אַנטיסעמיטישע דערשיינונגען און עס ווערט נישט באַטראַכט קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער כאַראַקטער פון די דערשיינונגען עס ווערט שוואַך געפירט די אַרבעט בנוגע דער אינטערנאַציאָנאַלער דער־ציונג פון דער שול־יוגנט. אין קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם נוצט מען ווייניק אויס די מעטאָדן פון געזעלשאַפטלעכער דערציונג אין די געריכטס־אינ־סטאַנצן".

דאָן גייען די מאָסמיטלען. אָבער די באַשלוסן זענען געבליבן. ווי גע־וויינלעך, אויפן פּאַפּיר. אַמווייניקסטן האָבן אָט די באַשלוסן געהאָט אַ וויר־קונג אין די הויכשולן.

אין די יאָרן פון שאַרפן אַנטיסעמיטיזם איז דערשינען די סאָוויעטישע פעדאַגאָגישע ענציקלאָפּעדיע (1927־1929). אין דער דאָזיקער ענציקלאָפּע־דיע ווערט וועגן אַנטיסעמיטיזם מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט.

די זעלבע דערשיינונג פון פאַרשווייגן איז געווען אין קינאָ, אין דער ליטעראַטור און טעאַטער. עס איז אויך גאָרנישט געטאָן געוואָרן אין קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם אין דער רויטער אַרמיי.

ווי אַזוי האָט אויסגעזען אין דער הינזיכט דער קאָמסאָמאָל?

דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין יאָר 1929, אויף אַן אַגיטאַציע־באַראַטונג. דער סעקרעטאַר פון קאָמסאָמאָל האָט אויף דער באַראַטונג גע־זאָגט: וויאַזוי זעט אויס ביי אונדז דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם? ווי אַזוי באַקעמפן מיר דאָס? ער האָט אונטערגעשטראָכן:

„אין בעסטן פאַל באַגנוגנט זיך דער קאָמסאָמאָל מיט דעקלאַ־ראַציעס, אַז מען דאַרף קעמפן קעגן אַנטיסעמיטיזם. אין ערגסטן פאַל דולדעט מען די אַנטיסעמיטישע דערשיינונגען, און גאָר אין ערגסטן פאַל זענען די קאָמסאָמאָלצעס אַליין די טרעגער פון אַנטיסעמיטיזם און באַטייליקן זיך אין געשלעגערייען, חוזקן איבער די אַרבעטנדיקע יידן. וועגן דעם זענען צום באַדויערן פאַראַן אַ סך פאַקטן. ביי אונדז זענען דאָ נישט נאָר קיין אָפענע אַנטיסעמיטן, ביי אונדז זענען, — און דאָס איז פיל ערגער, — פאַראַן באַהאַלטענע אַנטיסעמיטן. צום באַדויערן זענען אין די רייען פון די באַהאַלטענע אַנטיסעמיטן פאַראַן אונדזערע אַקטיוויסטן. אין אונדזער אַקטיוו זענען פאַראַן אַנטיסע־מיטן. די זאַך פון קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם איז די זאַך פון אונדזער גאַנצן קאָמסאָמאָל".

די זעלבע לאַגע שטעלן פעסט באַשלוסן און רעזאָלוציעס די אינסטאַנצן פון דער פּראָפ. באַוועגונג וועגן אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען אויף די זאַוואָדן און פאַבריקן.

אָט די אַלע באַשלוסן און רעזאָלוציעס, נישט באַקרעפטיקט מיט אַן אמתן קאַמף, האָבן שוין קיין שום איינדרוק נישט געמאַכט.

דער פאַקט גופא פון אַזעלכע רעזאָלוציעס באַווייזט, ווי ערנסט די לאַגע איז געווען.

אין די דרייסיקער יאָרן מערקט זיך אַ טענדענץ פון פאַלן פון די אַנטי־סעמיטישע שטימונגען, אַוודאי נישט אין רעזולטאַט פון קאַמף קעגן אַנטי־סעמיטיזם.

דער אַנטיסעמיטיזם אין די 20־ער יאָרן איז אין אַ גרויסער מאָס געקומען אין רעזולטאַט פון די עקאָנאָמישע שוועריקייטן, ווען אין לאַנד איז געווען אַ שטאַרקע אַרבעטסלאָזיקייט, דער יידישע אַרבעטער אין די פאַבריקן איז געווען אַ נייע דערשיינונג.

ביי דעם רוסישן אַרבעטער איז געווען די איינשטעלונג, אַז דער ייד מיינט נישט ערנסט מיט דער אַרבעט אין די זאַוואָדן, ער מיינט דאָס נישט אויף לאַנג. דער ייד וואַרט אויף דער ערשטער געלעגנהייט אַריבערצוגיין צום האַנדל, אָדער אויסנוצן די לאַגע פון אַן אַרבעטער, בכדי זיך דער־שלאָגן אין אַ הויכשול און אויפסניי זיך אויפהייבן אויף דעם סאָציאַלן לייטער. דערווייל נעמט ער צו די אַרבעט און ברויט ביים רוסישן אַרבעטער.

מיטן איינפירן די "פּיאַטילעטקעס" (פינף־יאָר־פּלענער), איז אַוועק די געפאַר פון אַרבעטסלאָזיקייט. ווער עס האָט געוואָלט האָט געקאָנט אַרבעט באַקומען. די געפאַר, אַז יידן נעמען צו די אַרבעט האָט פאַרלוירן יעדן ווערט. מיטן איבערגיין צו דער פּאָליטיק פון די "פּיאַטילעטקעס", ווען עס איז ליקווידירט געוואָרן דער "נעפּ", (נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק) צוזאַמען מיט די נעפּלייט, צווישן וועלכע אַ גרויסער פּראָצענט זענען געווען יידן, זענען אויך אַראָפּ פון דער אַרענע אַ גאַנצע ריי באַגלייט־דערשיינונגען פון "נעפּ"־פּעריאָד, און דערמיט, אין אַ גרויסער מאָס אָפּגעשוואַכט דעם אַנטיסעמיטיזם.

* * *

דאָס אָפּשוואַכן פון אַנטיסעמיטיזם איז געקומען אין די רייען פון די אַרבעטער אויך אַ דאַנק דעם געענדערטן נאַציאָנאַלן צוזאַמענשטעל פון אַרבעטער־קלאַס. די נאָכפראַגע אויף אַרבעטס־קראַפט האָט אַריינ־געצויגן אין די פאַבריקן נישט נאָר דעם דאָרפישן עלעמענט, נאָר אויך, מאַסנווייז, עלעמענטן פון די פאַרשידענע נאַציאָנאַלע רעפּובליקן.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז, וואָס אויף דעם באָדן האָט זיך צעוואַקסן

דער גרויסרוסישער שאָוויניזם. די אַנטיסעמיטישע דערשיינונגען זענען דערטרונקען געוואָרן אין דער כוואַליע פון רוסישן שאָוויניזם אין באַצוג צו אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן.

.3

## וווקס פון אַנטיסעמיטיזם

אין דער צווייטער העלפט פון די 30־ער יאָרן האָט די סאָוויעטיש־קאָמוניסטישע פּאָליטיק דורכגעמאַכט איינעם פון אירע שווערסטע קריזיסן.

די אינערלעכע אַנטוויקלונג פון לאַנד האָט געבראַנגט רוסלאַנד צו דער אַלטערנאַטיוו, אָדער שטופּענווייזע אָפּשוואַכונג פון דיקטאַטור און דאָס איבערגיין צו דעמאָקראַטישע פאָרמען פון רעגירן, אָדער קאָנסאָלידירן די דיקטאַטור, זי פאַרשטאַרקן.

אין יאָר 1937 זענען די וואַקלונגען פאַרענדיקט געוואָרן. געזיגט האָט די שטעלונג פון פאַרשטאַרקן די דיקטאַטור.

דאָס האָט געווירקט אויפן גאַנג פון דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד. די נייע פּאָליטיק פון פאַרשטאַרקטער דיקטאַטור האָט אויך געפירט צו פאַרשטאַרקטן אַנטיסעמיטיזם.

דאָס פאַרשטאַרקן די דיקטאַטור איז געקומען צום אויסדרוק אין דער שרעקלעכער "טשיסטקע" (רייניקונג) אין יאָר 1937, וועלכע האָט פאַקטיש פאַרניכטעט די אַלטע באָלשעוויסטישע גוואַרדיע, די אַלטע באָלשעוויסטישע פאַרטיי און געשאַפן אונטערן אַלטן נאָמען אַ נייע פאַרטיי. ניי אין איר סאָציאַלן צוזאַמענגעשטעל, ניי אין איר אידעאָלאָגיע און פּאָליטישע טענדענצן.

דער אַנטיסעמיטיזם האָט דאַן געטראָגן אַ כאַראַקטער פון שטופנווייזן אָפּרוקן יידן אויפן הינטערשטן פּלאַן אין אַלע ספערן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. די סאָוויעטישע פרעסע האָט נאַטירלעך וועגן דעם געשוויגן.

די אַנטוויקלונג פון אָט דעם מין סאָוויעטישן אַנטיסעמיטיזם קאָן אין אַ געוויסער מאָס אויסגעטייטשט ווערן אויף פאָלגנדיקן אופן: די ביוראָ־

קראַטיע אין אַלע נישט דעמאָקראַטישע לענדער (אָפּט אויך אין דעמאָ־קראַטישע) מיט אַ באַדייטנדיקן פּראָצענט יידן אין צוזאַמענשטעל פון דער באַפעלקערונג, פירט אַ טאַקטיק פון נישט צולאָזן יידן אין מלוכה־אַפּאַראַט.

אין צאַרישן רוסלאַנד איז דאָס אויסשליסן יידן פון מלוכה־אַפּאַראַט געווען אַ טראַדיציע. די טראַדיציע האָט די רעוואָלוציע פאַרניכטעט. אין די רעוואָלוציע־יאָרן האָט זיך געלאָזט מערקן אַ געוויסער פּראָצענט יידן אין מלוכה־אַפּאַראַט, אָבער אַפילו אין יענע יאָרן זענען געווען אַ גאַנצע ריי מלוכה־אָרגאַנען פולשטענדיק יידן־ריין, למשל, אין באַן־וועזן.

מיט דער צייט האָט די נייע סאָוויעטישע ביוראָקראַטיע אָנגענומען די אַלטע צאַרישן טראַדיציעס פון נישט צולאָזן יידן אין מלוכה־אַפּאַראַט.

די "טשיסטקע" פון יאָר 1937 האָט פון דער פּאַרטיי אַרויסגעריסן כמעט אַלע אַלטע יידישע קאָמוניסטן, וועלכע האָבן געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָל אין דער פּאַרטיי ביזן קומען צו דער מאַכט. אָט די אַלע יידן זענען באַשולדיקט געוואָרן אַלס שונאים און פאַררעטער פון רוסישן פאָלק.

ווען אַזעלכע באַשולדיקונגען זענען געקומען אויפן אַדרעס פון יידן אין דער אַטמאָספער פון יענע יאָרן, האָט דאָס גוואַלדיק פאַרשטאַרקט דעם אַנטיסעמיטיזם.

4.

## אַנטיסעמיטיזם בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה

דער סטאַלין־היטלער־אָפּמאַך האָט באַדייט נישט נאָר שלום מיט דייטשלאַנד, נאָר הויפּטזעכלעך אַ סוף מיטן אידעישן קאַמף קעגן היטלעריזם. און דאָס האָט געפירט נישט נאָר צו פאַרשווייגן די שרעקלעכע פּראַקטיק פון היטלעריזם, נאָר אויך נייטראַליטעט און אַפילו אַן אַקטיווער קאַמף מיט די קעגנער פון דער היטלעריסטישער אידעאָלאָגיע. די פּאָליטיק פון שלום מיטן היטלעריזם האָט לעגאַליזירט דעם אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד.

דאָס סיסטעמאַטישע פאַרשווייגן אין דער סאָוויעטישער פּרעסע די

היטלעריסטישע אַנטי־יידישע פּאָליטיק איז געווען איינע פון די דער־שיינונגען פון פריינטלעכן נייטראַליטעט.

דאָס פאַרשווייגן די אַנטי־יידישע פּאָליטיק פון די היטלעריסטן אין מאָמענט פון ערב מלחמה, האָט געהאַט פאַר דעם סאָוויעטישן יידנטום שווידערלעכע רעזולטאַטן.

די ווייט גרעסטע מערהייט פון סאָוויעטישן יידנטום האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין רעכנונג וועגן דער טויט־געפאַר, וואָס דראָט זיי מצד היטלער־דייטשלאַנד. די סאָוויעטישע פרעסע ביז דעם סטאַלין־היטלער־אָפּמאַך האָט אויך נישט אַזוי אָפּט געברענגט צום אויסדרוק דעם אמת וועגן דייטשן פאַשיזם אין באַצוג צו יידן. ווען די דייטשן האָבן אין יוני 1941 אַריינגעריסן זיך אין ראַטנפאַרבאַנד איז דאָס סאָוויעטישע יידנטום אינגאַנצן נישט געווען צוגעגרייט צו די געשעענישן. און די וואָס האָבן געקאָנט אַנטלויפן און זיך ראַטעווען, זענען פאַרבליבן אויף די ערטער און אומגעקומען.

ווי אַ ביישפּיל קאָן דינען אַ באַריכט פון אָקופּירטן ווייסרוסלאַנד, געשריבן אין 1941 פון אַ זאָנדערפירער צו דער אָנפירערשאַפט פון דער אָקופּאַציע־אַרמיי:

...עס איז צו באַוווּנדערן ווי די יידן זענען שלעכט אינפאָרמירט וועגן אונדזערע באַציונגען צו זיי, ווי אַזוי מיר באַציען זיך מיט די יידן אין דייטשלאַנד און אין דער גאָרנישט ווייטער וואַרשע...

אין די אָנגריפן אין דער סאָוויעטישער פרעסע קעגן דער היטלע־ריסטישער אידעאָלאָגיע, ווען אַזעלכע זענען יאָ געבראַכט געוואָרן צום אויסדרוק, איז די אויפגאַבע פון די היטלעריסטן וועגן פאַרניכטן פיזיש דאָס יידישע פאָלק, קיינמאָל נישט באַלויכטן געוואָרן ווי געהעריק.

פאַרשווייגן אינגאַנצן וועגן די יידן איז געווען שווער, מען האָט דאָך געמוזט דערציילן אויך וועגן דער פאַרניכטונג פון יידן, אָבער ווי אַזוי ווערט דאָס געבראַכט פאַר דער עפנטלעכקייט?

"די דייטשע פאַרכאַפּער האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר גאָרנישט בכדי אין די אָקופּירטע דורך זיי סאָוויעטישע געביטן באַליידיקן די נאַציאָנאַלע געפילן פון די רוסן, אוקראַאינער, ווייס־

רוסן, לאַטישן, ליטווינער, מאָלדאַוואַנער, עסטאָניער און אויך איינ־
צלנע מענטשן פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אין ראַטנפאַרבאַנד, איבער
וועלכע זיי האָבן, טרעפנדיק אויף זייער בלוטיקן וועג זיך איזדע־
קעוועט — יידן, גרוזינער, אַרמענער, אוזבעקן אַזערביידזשאַנער,
טאַדזשיקן און אַנדערע פאָרשטייער פון די סאָוויעטישע פעלקער״.

דאָ ווערן די יידן דערטרונקען ווי ״איינצעלנע מענטשן״ אין דער מאַסע רוסן און אנדערע נאַציאָנאַליטעטן.

אין די ווייטערדיקע ידיעות וועגן די היטלעריסטישע מערדערייען ווערט שוין וועגן די יידן אינגאַנצן פאַרשוויגן.

אין זיין נאָטע פון 27־טן אַפּריל 1942 ״וועגן די שרעקלעכע מערדע־רייען פון די דייטשיש־פאַשיסטישע פאַרכאַפּער אין די אָקופּירטע געביטן און וועגן דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון די דייטשן פאַר די פאַרברעכנס, שרייבט מאָלאָטאָוו, אַז:

״די מערדערייען פון די היטלעריסטן איבער דער סאָוויעטישער באַפעלקערונג אַנטפּלעקן די פאַשיסטישע, בלוטיק־פאַרברעכערישע פּלענער, געריכטעט אויף פאַרניכטן די רוסישע, אוקראַאינישע, ווייס־רוסישע א.א. פעלקער פון ראַטנפאַרבאַנד. מיט שוידערלעכע פאַ־שיסטישע פּלענער זענען דיקטירט די פאַראָרדנונגען און אינסטרוק־ציעס פון דער דייטשער, מיליטערישער אָנפירונג וועגן פאַרניכטן די סאָוויעטישע מענטשן״.

די סאָוויעטישע רעגירונג האָט געוווּסט, אַז די היטלעריסטישע פּאָליטיק, טראָץ איר גרויזאַמקייט לגבי די רוסן, אוקראַאינער א״אַ האָט נישט געהאַט די דירעקטע אויפגאַבע פיזיש צו פאַרניכטן די רוסישע, אוקראַאינישע און אַנדערע פעלקער און ״סאָוויעטישע מענטשן״ בכלל.

די סאָוויעטישע רעגירונג האָט גוט געוווּסט, אַז אין באַצוג צו יידן האָבן די היטלעריסטן אַן אויפגאַבע פאַרניכטן דאָס גאַנצע פאָלק. און די נאָטע פירט באַוווּסטזיניק אַריין אין טעות, אויסצומיידן די נויטווענדיקייט רעדן וועגן דער דייטשער פּאָליטיק פון פאַרניכטן דאָס יידישע פאָלק.

דאָס איז נישט קיין צופעליקייט. דאָס איז אַ באַשטימטע פּאָליטיק און איינשטעלונג, וואָס האָט זיך געצויגן יאָרן. די טענדענץ איז אַ קלאָרע.

די איינשטעלונג איז אַן אַלטע: אויסמיידן דאָס אויסטיילן די יידישע טראַגעדיע, אויסמיידן רעדן וועגן יידן אויף וועמען עס האָט זיך אויסגעגאָסן דער גאַנצער צאָרן פון פאַשיזם.

אין דעצעמבער 1942 האָבן די אַליאירטע פאַרעפנטלעכט אַ געמיינזאַמע דעקלאַראַציע וועגן די היטלעריסטישע מערדערייען. אין דער דעקלאַראַציע ווערט דייטלעך כאַראַקטעריזירט די היטלעריסטישע פּאָליטיק: "פאַרניכטן דאָס יידישע פאָלק".

אָבער אין די זעלבע טעג דערשיינט ווידער אַ סאָוויעטישע דעקלאַראַציע מיט אַ טענדענץ אַריינברענגען אַ קאָרעקטיוו אין דער דערמאָנטער דעקלאַראַציע פון די אַליאירטע. אין דער סאָוויעטישער דעקלאַראַציע שרייבט זיך צווישן אַנדערן:

"אין דער לעצטער צייט מערקט זיך אין די אָקופּירטע דורך די דייטשע פאַשיסטישע פאַרכאַפּער, לענדער אין אייראָפּע דער חיהשער פּלאַן פון פיזיש פאַרניכטן אַ באַדייטנדיקע טייל פון דער ציווילער באַפעלקערונג, אומשולדיקע מענטשן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן".

ביי דער געלעגנהייט ווערט שוין אָנגעוויזן:

"וועגן דעם באַזונדערן פּלאַן פון פאַרניכטן די יידישע באַפעלקערונג אויף דער אָקופּירטער טעריטאָריע אין אייראָפּע".

עסן ווערן אויסגערעכנט שרעקלעכע אייזנצלהייטן וועגן אַלע לענדער אין אייראָפּע. איבערגייענדיק צום ראַטנפאַרבאַנד שטעלט פאָר די סאָוויעטישע דעקלאַראַציע:

"אַז די קרבנות פון היטלעריסטישן אַנטיסעמיטיזם אין די אָקופּירטע סאָוויעטישע געביטן זענען הויפּטזעכלעך יידן, געברענגטע פון צענטראַל־און מערב־אייראָפּע".

די היטלעריסטן פאַרניכטן אויך די סאָוויעטישע יידן, אָבער די פאַרניכטונג פון די סאָוויעטישע יידן קומט פאָר אין די ראַמען פון פאַרניכטונג פון דער סאָוויעטישער באַפעלקערונג בכלל.

"די ווייט־גרעסטע מערהייט פון די קרבנות זענען רוסן, אוקראַינער. א. אנד", אין פאַרגלייך מיט איר נישט גרויסער צאָל, האָט

די יידישע מינדערהייט פון דער סאָוויעטישער באַפעלקערונג באַ־זונדערס געליטן״.

״עס זענען פאַראַן ידיעות, אַז... בנוגע די סאָוויעטישע בירגער פון יידישער נאַציאָנאַליטעט, פירן די דייטשן זייער פאַרניכטונגס־פּלאַן״.

סוף 1942 האָט די סאָוויעטישע רעגירונג געשאַפן די אַ״ג אויסערגע־וויינלעכע מלוכה־קאָמיסיע בכדי אויסצופאָרשן און פעסטשטעלן די היט־לעריסטישע מערדערייען אויף די סאָוועטישע געביטן. אין משך פון דער גאַנצער צייט האָט די קאָמיסיע פאַרעפנטלעכט 17 אַזעלכע קאָמוניקאַטן. אין 1943 זענען געווען פּובליקירט 7 ענלעכע קאָמוניקאַטן, אָבער אין 6 פון זיי איז וועגן יידן מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט געוואָרן. דער איינציקער אויסנאַם איז געווען דער קאָמוניקאַט וועגן סטאַווראָפּאָליער קאנט. אָבער גראָד דער אויסנאַם באַשטעטיקט די אַלגעמיינע טענדענץ פון פאַרשוויגן וועגן יידן.

אין סטאַווראָפּאָלער קאַנט האָט זיך אין דער אַרבעט פון דער קאָמיסיע באַטייליקט דער באַוווסטער רוסישער שרייבער אַלעקסיי טאָלסטאָי. ער האָט זיך אַליין באַטייליקט אין די אויסגראָבונגען ביי דער באַן־סטאַציע ״מינעראַלנע וואָדי״. דאָרט זענען געווען אָנגעוואָרפן העכער זעקס טויזנט דערמאָרדעטע יידן, צווישן זיי אַ גרויסע צאָל פּראָפעסאָרן, געלערנטע, דאָקטוירים און אַנדערע פאָרשטייער פון דער לענינגראַדער אינטעליגענץ, וועלכע זענען עוואַקואירט געוואָרן אויף צפון־קאַווקאַז צוזאַמען מיט זייערע אינסטיטוציעס, ווו זיי האָבן געאַרבעט.

דאָס וואָס טאָלסטאָי האָט דאָרט געזען, האָט אויף אים געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק און ער האָט וועגן דעם געשריבן אַן אַרטיקל אין ״פּראַוודאַ״ צוזאַמען מיט דער פּובליקאַציע פון דער קאָמיסיע.

אָן שום צווייפל, אַז נאָר אַ דאַנק דער פּערזענלעכער ווירקונג פון טאָלסטאָי איז אין דעם קאָמוניקאַט פון דער קאָמיסיע געגעבן געווען איבער־געגעבן וועגן דער פאַרניכטונג פון די יידן אין סטאַווראָפּאָליער קאַנט, אָבער ווי עס ווייזט אויס האָט דער אויסנאַם אַרויסגערופן אַן אומצו־פרידנהייט אין די שפּיצן פון די סאָוויעטישע פירער.

אין דעצעמבער 1943 איז אין כּאַרקאָוו פאָרגעקומען אַ פּראָצעס קעגן די מיטבאַטייליקטע אין די דייטשע מערדערייען. דער באַשולדיקונגס־אַקט און די באַריכטן וועגן די פאַרהאַנדלונגען אויפן פּראָצעס האָבן זיך יעדן טאָג געדרוקט אין "פּראַוודאַ", אָבער אין די באַריכטן פון פּראָצעס האָט מען קיין איין מאָל נישט געטראָפן דאָס וואָרט ייד. אינטערעסאַנט ווי אַזוי עס רעדט זיך אין אורטייל וועגן פאַרניכטונג פון די כּאַרקאָווער יידן:

אין נאָוועמבער 1941 האָט מען אין כּאַרקאָוו... פון שטאָטישע דירות אַריבערגעפירט אין באַראַקן... צוואַנציק טויזנט שטאָטישע איינוווינער... שפּעטער האָט מען זיי גרופּנווייז דערשאָסן...

טאָלסטאָי איז געווען אויף דעם פּראָצעס, געשריבן וועגן דעם כּמעט יעדן טאָג אין "פּראַוודאַ", אָבער אין זיינע אַרטיקלען ווערן שוין אויך קיין יידן מיט איין וואָרט נישט דערמאָנט.

אַזאַ פּאָליטיק פון נישט דערמאָנען וועגן די היטלער־מערדערייען איבער יידן האָט זיך געצויגן ביז 1944.

אין די קאָמוניקאַטן פון יענער צייט האָט זיך גערעדט וועגן אַזעלכע גרויסע צענטערן, ווי קיעוו און אָדעס, אָבער וועגן יידן קיין וואָרט נישט.

אין 1944 וועגן די ידיעות פון ראָוונע און ראָוונער קאַנט, געביטן מיט אַ מערהייט יידישער באַפעלקערונג ביז דער מלחמה, האָט מען ציטירט אַן עדות, וועלכער "האָט נישט איין מאָל געזען ווי די היטלע־ריסטן האָבן פאַרניכטעט סאָוויעטישע בירגער — אוקראַינער, רוסן, פּאָ־ליאַקן, יידן".

אין די ווייטערדיקע פּראָטאָקאָלן וועגן די דייטשע מערדערייען אויף די שוין באַפרייטע סאָוויעטישע געביטן קומט די קאָמיסיע צוריק צו איר פריערדיקער פּאָליטיק פון פאַרשווייגן די יידן. אין די ידיעות וועגן די דייטשע מערדערייען אין די באַלטישע לענדער ווערט קיין וואָרט נישט דערמאָנט וועגן יידן.

אין צוזאַמענשטעל פון דער הויפּט־קאָמיסיע צו פעסטשטעלן די מערדערייען פון די דייטשן, איז געווען בלויז איין ייד, פּראָפעסאָר טריינין, אָבער ער איז דאָרט בלויז ווי אַ זאַכקענער און ספּעציאַליסט איבער אינ־טערנאַציאָנאַלע רעכט.

אין צוזאַמענשטעל פון די קאָמיסיעס אויף די ערטער, זענען געווען פאָרשטייער פון פאַרשידענע מלוכה־אָרגאַנען, אַפילו גלחים, אָבער אין ערגעץ נישט קיין ייִד. די קאָמוניקאַטן פון דער אויסעראָרדנטלעכער קאָ־מיסיע זײַנען די בעסטע אילוסטראַציע פון דער איינגעשטעלטער פּאָליטיק פון פאַרשווייגן די ייִדישע טראַגעדיע.

עס איז איבעריק צו רעדן וועגן דער שרעקלעכער טראַגעדיע, וואָס האָט אַדורכגעמאַכט דאָס אוקראַיִנישע ייִדנטום.

ווען דעם 1־טן מערץ 1944, איז צום ערשטן מאָל נאָך דער מלחמה זיך צוזאַמענגעקומען דער "ווערכאָווני סאָוויעט" אין אוקראַיִנע, האָט דער פאָרזיצער פון מיניסטאָרן־ראַט, ניקיטאַ כרושטשאָוו, מיט גרויס געפיל גערעדט וועגן די הונדערטער טויזנטער קרבנות, וועגן די שרעקלעכע יסורים פון אוקראַיִנישן פאָלק אאַז"וו.

ער האָט גערעדט וועגן די ליידן פון "אונדזערע מענטשן" בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, אָבער אַז צווישן די געליטענע איז די ווייט גרעסטע מערהייט ייִדן, האָט ער מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט. נישט נאָר אוקראַיִנע איז געוואָרן ייִדן־ריין נאָך דער מלחמה, פאַר די ייִדן האָט זיך אויך נישט געפונען קיין פּיצל אָרט אין כרושטשאָווס גרויסן "דאָקלאַד".

מיט וואָס איז דיקטירט אָט די פּאָליטיק פון פּאַקטישן אָפּזאָג פון קאַמף קעגן היטלעריסטישן אַנטיסעמיטיזם ? עס קומט נישט פון סימפּאַטיעס צו דער היטלעריסטישער פּאָליטיק פון פאַרניכטן די ייִדן. דער גרונד אָבער צו אַזאַ פּאָליטיק איז געווען די מורא, אַז אַן אָפענער קאַמף קעגן דער היטלעריסטישער פּאָליטיק פון פאַרניכטן די ייִדן וועט פאַרלייכטערן היט־לערן די פּראָפּאַגאַנדע קעגן "יודאָ־באָלשעוויזם".

אָבער דער פּסיכאָלאָגישער גרונד צו אַזאַ פאַרשווייגן, פון אַזאַ פּאַסי־וויטעט אין באַצוג צו היטלער־אַנטיסעמיטיזם איז געקומען אין רעזולטאַט וואָס אין די העכסטע שפּיצן פון דער סאָוויעטישער געזעלשאַפט אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה איז געווען אַזוי פאַרשפּרייט דער "אַזוי־גערופענער קריכנדיקער אַנטיסעמיטיזם (פּאָלזאַשטשי אַנטיסעמיטיזם).

אַזאַ פּאָליטיק פון פאַרשווייגן דעם אַנטיסעמיטיזם אין אָנבליק פון דער היטלעריסטישער פּראָפּאַגאַנדע האָט פּסיכאָלאָגיש אַנטוואָפנט די

רוסישע מאַסן, דאָס האָט אויך פאַרשטאַרקט דעם שטראָם אַנטיסעמיטישע געפילן נישט נאָר אין די אָקופּירטע געביטן נאָר אויך אין ווייטסטן "טיל" (הינטערלאַנד).

עס וואָלט זיך אויך געלאָזט רעדן וועגן אַנטיסעמיטיזם אין די רייען פון די פּאַרטיזאַנער, וועגן אַנטיסעמיטיזם אין דער רויטער אַרמיי.

.5

## אַנטיסעמיטיזם נאָך דער מלחמה

די איינשטעלונג פון דער סאָוויעטישער רעגירונג אין דער פראַגע אַנטיסעמיטיזם האָט זיך נישט געענדערט אויך נאָך דער מלחמה.

אָט די אַלטע איינשטעלונג איז געקומען צום אויסדרוק אין פיל פאַלן. עס איז געווען שטאַרק באַשווערט דאָס צוריקפאָרן אויף זייערע ערטער אָנגעזעענע סאָוויעטישע טוער־יידן.

אין אָרטיקן אַדמיניסטראַטיוון אַפּאַראַט ווערט אַלץ ווייניקער יידן.

דער אַנטיסעמיטיזם לאָזט זיך פילן און קומט צום אויסדרוק בעיקר אין דערווייטערן די יידן פון אַלע וויכטיקע אַמטן, פון אַלע וויכטיקע פּאָזיציעס אין סאָוויעטישן לעבן. נאָך אין יאָר 1940, צו די וואַלן אין "ווערכאָווני סאָוויעט", פון די ביי־צוגעקומענע געביטן פון פּוילישן ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע, ווען עס זענען אויסגעוויילט געוואָרן 55 דעפּוטאַטן, איז צווישן זיי קיין איין ייד נישט געווען.

אין יאַנואַר 1946, זענען פאָרגעקומען די ערשטע נאָך־דער־מלחמה־וואַלן צום "ווערכאָווני סאָוויעט" (דער רוסישער פּאַרלאַמענט). אין די פאָריקע וואַלן, אין 1937, זענען אין "ווערכאָווני סאָוויעט" געווען אויסגע־ווילט 47 יידן. קיין גענויע באַריכטן וועגן נאַציאָנאַלן צוזאַמענשטעל איז נישט אָנגעגעבן געוואָרן. אָבער ווען אין 1937 זענען יידן געווען אין באַריכט דערמאָנט אויף דעם 10־טן אָרט, פיגורירן שוין די יידן אין 1946 אויף דעם 26־טן אָרט.

נאָך די וואַלן אין יאָר 1950, ווערן שוין די יידן אינגאַנצן נישט דער־מאָנט. דער פּראָצעס פון אַרויסשטופּן די יידן פון רוסישן פּאַרלאַמענט איז געקומען צו זיין "לאָגישן סוף".

די זעלבע דערשיינונג פון אַנטלאָסטן זיך פון יידן אויף פּאַראַנטוואָרט־לעכע אַמטן אין סאָוויעטישן אַפּאַראַט איז צו באַמערקן אין אויסערן־מיניסטעריום. עס איז אויך דערפירט געוואָרן צו אַ מינימום די צאָל יידן אין מיניסטעריום פון אויסערן־האַנדל.

אַנטיסעמיטיזם אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד איז אַלע יאָרן געווען אין דער ווירקלעכקייט און קיינמאָל נישט אַראָפּ פון דער אָרענע.

די סאָוויעטישע רעגירונג האָט נישט באַקעמפט די אַנטיסעמיטישע דערשיינונגען נאָר צוליב מאָטיוון פון פּאָליטישן אָפּאָרטוניזם.

ביז דער לעצטער צייט האָט דער אַנטיסעמיטיזם קיינמאָל נישט גענאָסן פון אַן אָפענער אונטערשטיצונג פון דער סאָוויעטישער רעגירונג. פון 1949 האָט זיך די לאַגע געענדערט, עס זענען געקומען סימנים פון אָפי־ציעלן און אָפן־אונטערגעשטיצטן אַנטיסעמיטיזם.

אויף דער וועלט, און אויך אין רולאַנד גופא, האָט מען געפּרוווט זיך איינרעדן, אַז די נאָכמלחמה־יאָרן וועלן ברענגען אַ געוויסע אַנטשפּאַנונג אין דער דיקטאַטור, עס וועלן קומען געוויסע פרייהייטן. עס איז געווען אַ טעות. די ווירקלעכקייט האָט געבראַכט אַנטוישונג. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף מיטן קאָסמאָפּאָליטיזם, מיט אַלץ וואָס שטאַמט פון מערב.

אָט דער קאַמף קעגן קאָסמאָפּאָליטיזם האָט אַמבעסטן געבראַכט צום אויסדרוק דעם אָפיציעלן אַנטיסעמיטיזם. דאַכט זיך אין יאָר 1950 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ רשימה פון איבער 100 ״פּאַספּאַרטלאָזע בראָ־דיאַגעס״ קאָסמאָפּאָליטן, סאָוויעטישע אינטעלעקטואַלן. אַרום 90 פון זיי זענען געווען יידן. די מערהייט פון זיי באַנוצט זיך שוין זינט יאָרן מיט רוסיפיצירטע פאַמיליע־נעמען. ביים פאַרעפנטלעכן די רשימה איז ביי דער זייט פון יעדנס רוסישן פאַמיליע־נאָמען, לויט ווי ער איז געווען באַקאַנט דער רוסישער עפנטלעכקייט, צוגעגעבן געוואָרן זיין אַמאָליקער יידישער פאַמיליע־נאָמען. צו די אַלע דערמאָנטע עפּיטעטן, ווי ״פּאַספּאָרט־לאָזער בראָדיאַגע״, אויך צוגעגעבן געוואָרן יעדנס פאַרברעכן.

״אַלטמאַן, דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון זשורנאַל ״טיעאַטר״, מחבר פון אַ גאַנצער ריי ביכער וועגן דראַמאַטורגיע איז אַ שונא פון דער סאָוויע־טישער קונסט, דיווערסאַנט אויף אונדזער אידעאָלאָגישן פראָנט. אַלט־

מאַן האָסט אַלץ וואָס איז רוסיש. דער בורזשואַזער נאַציאָנאַליזם האָט אים שטענדיק געפירט צו באַרעכטיקן אַלץ וואָס שטאַמט פון מערב".

„גורעוויטש איז שולדיק אין איזדעקעווען זיך איבער דעם רוסישן פאָלק, מענטש, איבער די רוסישע נאַציאָנאַלע טראַדיציעס".

אַזוי כסדר אויפן אַדרעס פון אַלע איבעריקע קאָסמאָפּאָליטן, כמעט אַלע יידן.

דער שטראָם אַנטיסעמיטיזם שניידט זיך אַזוי קלאָר אין דעם ים פון די אַלע פּאָרוורפן. עס איז אויסגעשטעלט אויף דעם, אַז דער רוסישער עולם זאָל זען, אַז דער גרעסטער פּראָצענט קאָסמאָפּאָליטן זענען יידן. מען דאַרף זיך באַפרייען פון זיי, פון די קאָסמאָפּאָליטן, דאָס הייסט באַפרייען זיך פון יידן. זענען דאָך די אויסגערעכנטע אין דער רשימה קאָסמאָפּאָליטן יידן אַסימילירטע, אָבער זאָל די רוסישע געזעלשאַפט מאַכן דעם נויטיקן אויספיר, אַז אַפילו דער אַסימילירטער ייד איז אויך נישט קיין זיכערער עלעמענט.

אַזוי האָט דאָס אויסגעזען. דער רוסישער עפנטלעכקייט איז אונטער־געטראָגן געוואָרן, אַז דער קריטיקער כאַלאַדאָוו איז פאַקטיש מייעראָוויטש, יאַקאָוולעוו־האָלצמאַן, מעלניקאָוו־יאסני־פינקעלשטיין, וויקטאָראָוו־זלאָט־שעווסקי, סוועטלאָוו־שיידלין, בודלאַטשענקאָ־בערדיטשעווסקי, זשאַדאַנאָוו־ליפשיץ, גאָן־קאגאַן, מאַרטיטש־פינקעלשטיין, סטעבון־קאַצנעלסאָן, סאַנאָוו־סטולמאַן אאַז"וו.

דער ווייטערדיקער שריט פון אָפענעם אַנטיסעמיטיזם איז געווען דאָס פאַנאַנדערלאָזן דעם יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט אין מאָסקווע מיטן אַרעסט פון זיינע פירער.

עס איז דערביי פאַראַן נאָך אַ כוונה: מיט דער ליקווידאַציע פון יידן־אינטעלעקטואַלן — באַפרייט זיך די נייע סאָוויעטישע ביוראָקראַטיע און געלערנטע פון זייערע „קאָנקורענטן־יידן". דאָס איז אויסגערעכנט אויף פאַרשטאַרקן דעם רעזשים.

די ווייטערדיקע מאָסמיטלען אויף דער ליניע פון אָפענעם אַנטיסעמי־טיזם זענען געווען: דאָס פאַרמאַכן די איינציקע יידישע צייטונג אין רוס־לאַנד, די „איינִיקייט". די ליקווידאַציע פון די ייִדיש־סאָוויעטישע שרייבער.

דער פּראָגער פּראָצעס האָט קלאָר באַוויזן די אָפענע אַנטיסע־מיטישע טענדענצן וועלכע קומען פון מאָסקווע. עס איז אַ גרונט מורא צו האָבן, אַז די אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען וועלן זיך מיט פּראָג נישט ענדיקן. עס ליגט אין די אינטערעסן פון קרעמל אַזאַ פּאָליטיק. עס איז אָבער נויטיק די עפנטלעכקייט זאָל וויסן, די עפנטלעכקייט זאָל נישט לעבן אין טעות — אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד עקזיסטירט אַנטיסעמיטיזם, וואָס ווערט אַלע יאָרן טאָלערירט דורך דער קאָמוניסטישער רעגירונג, און נישט באַקעמפט.

איצט טרעט דער קאָמוניזם אַרויס אָפן אַנטיסעמיטיש.

# אַ יידישע מלוכה אין קרים

פון דער גרויסער סאָוויעטישער ענציקלאָפּעדיע, לעצטנס אויפסניי איבערגעאַרבעט און געענדערט, ווערן מיר געוואָר, אַז פון דער גרויסער צאָל יידישע אינטעלעקטועלע, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די קאָמוניסטן אין יאָר 1952, זענען איצט 4 רעהאַביליטירט. דאָס זענען: דוד בערגעלסאָן, לייב קוויטקאָ, פּרץ מאַרקיש און סאַלאָמאָן לאָזאָווסקי. — זיי זענען געווען באַשולדיקט אין אַ פאַרשווערונג צו שאַפן אַ יידישע מלוכה אין קרים.

אונטער דעם נאָמען "ענין — יידישע מלוכה אין קרים" (קרימסקאָיע דיעלאָ), ווערט אין דער געשיכטע פון בלוטיקן קאָמוניזם אַריינגיין אַן אומגלויבלעכע באַשולדיקונג פון אַ ריי אָנגעזעענע יידיש־סאָוויעטישע שרייבער און אינטעלעקטועלע, אין שפּיץ מיט דוד בערגעלסאָן, לינאַ שטערן, מיטגליד פון דער סאָוויעטישער מעדיצינישער אַקאַדעמיע, פּראָ־פעסאָר פון ביאָלאָגיע, געוו. דאַצענט אין זשענעווער אוניווערזיטעט, ווי אויך לאָזאָווסקי, פאַרוואַלטער פון דעם סאָוויעטישן אינפאָרמאַציע־ביוראָ אין די יאָרן פון דער צווייטער מלחמה, און שפּעטער פאַרטרעטער פון אויסערן־מיניסטער.

די באַשולדיקונג איז געווען: מלוכה־פאַראַט דורך צוגרייטן דאָס אָפּרייסן קרים פון ראַטנפאַרבאַנד. אַלע, אחוץ לינאַ שטערן, זענען אומ־געבראַכט געוואָרן דעם 12־טן אויגוסט 1952.

לויט ידיעות פון ראַטנפאַרבאַנד, האָט זיך לינאַ שטערן געהאַלטן אויפן פּראָצעס מיט אויסערגעוויינלעכער ווירדע, זי איז אָפּגעקומען מיט אַ לאַנגיאָריקן טורמע־טערמין. אין יאָר 1956 איז זי באַפרייט געוואָרן. — ("סאָציאַליסטיטשעסקי וועסטניק" — מאַי 1958).

די קאָמוניסטן האָבן די ידיעות וועגן די אומגעבראַכטע יידישע אינ־

טעלעקטועלע פאַרשוויגן. נאָך מער: פון צייט צו צייט האָבן זיי, די יידישע קאָמוניסטן, אָפּגעלייקנט די דאָזיקע ידיעות.

דעם 4־טן אַפּריל 1958, איז פּלוצים דערשינען אין דער וואַרשעווער יידיש־קאָמוניסטישער צייטונג "פאָלקסשטימע" אַ סענסאַציאָנעל אַרטיקל ווו עס ווערט דערציילט וועגן דער פאַרניכטונג פון פיל סאָוויעטיש־יידישע קולטור־און געזעלשאַפטלעכע טוער אין דער צווייטער העלפט פון די 30־ער יאָרן, און אויך וועגן דער פאַרניכטונג פון דער סאָוויעטיש־יידישער עליטע נאָך דער מלחמה. די גאַנצע שולד ווערט אין אַרטיקל אַרויפגעוואָרפן אויף בעריאַ, אָבער וועגן דער מעשה קרים, אויך וועגן פראָצעס און די דערשיסונגען ווערט אין שייכות דערמיט גאָרנישט דערמאָנט.

אין אַרטיקל רעדט זיך וועגן דעם, אַז די יידישע קאָמוניסטן האָבן געשוויגן, הגם "מיר האָבן ווייטיקלעך אָפּגעפילט די טראַגישע רעזולטאַטן פון בעריאָווטשינע. מיר האָבן טיף געגלויבט, אַז די לענינישע פּאַרטיי וועט סוף כל סוף אַנטפּלעקן דעם גאַנצן אמת פאַר דער וועלט, אונדזער גלויבן האָט זיך אינגאַנצן באַרעכטיקט".

"אינגאַנצן באַרעכטיקט"? — דאָס איז געווען אַ פּוסטע באַרימעריי. די לענינישע פּאַרטיי האָט נישט נאָר נישט אַנטפּלעקט דעם גאַנצן אמת, נאָר לויט דעם אַרטיקל אין דער "פאָלקסשטימע", ווערט ווייטער פאַרשוויגן דער מאָרד איבער די יידישע שרייבער אין רוסלאַנד. די ידיעות פון דער וואַרשעווער "פאָלקסשטימע" זענען געווען איבערגעדרוקט אין אַלע גרעסטע צייטונגען פון דער וועלט, אָבער אין דער סאָוויעטישער פּרעסע האָט זיך וועגן דעם קיין וואָרט נישט באַוויזן.

דאָס דערמאָנטע אַרטיקל אין "פאָלקסשטימע" האָט אָבער אַרויסגערופן פיל קאָמענטאַרן אפילו אין די יידישע קאָמוניסטישע קרייזן. פיל באַזוכער אין סאָוויעט־רוסלאַנד האָבן בעת זייערע באַגעגענישן מיט סאָוויעטישע מלוכה־מענער זיך אינטערעסירט מיטן גורל פון די יידישע שרייבער.

אַ ריי קאָמוניסטישע פירער אין רוסלאַנד האָבן מודה געווען, אַז די יידישע שרייבער זענען אומגערעכט באַשולדיקט געוואָרן, אָבער אויף דער פראַגע אין וואָס קאָנקרעט האָט מען זיי באַשולדיקט, איז קיין ענטפער נישט געקומען.

אין אַן אויפנאַמע פאַר אַ דעלעגאַציע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון קאַנאַדע האָט זיך אויך באַטייליקט כרושטשאָוו. דער צוזאַמענטרעף, וועלכער האָט זיך געצויגן 2 שעה, איז געווען געווידמעט כמעט אינגאַנצן דער יידן־פראַגע. בעתן געשפרעך איז צום ערשטן מאָל אויפגעהויבן געוואָרן דער פאַרהאַנג איבער דעם ״ענין קרים״.

כרושטשאָוו האָט צוו״אַנד געזאָגט, אַז ״ער איז מסכים מיט סטאַלינען, אַז קרים, וועלכע איז צום סוף פון דער מלחמה געבליבן אָן באַפעלקערונג (ווי באַקאַנט איז די גאַנצע באַפעלקערונג פון קרים אין געציילטע שעהן געוואָרן פאַרטריבן פון דאָרט קיין אוזבעקיסטאַן און סיביר, פאַר מיטאַר־בעט מיט די דייטשן. ביי אַ געלעגנהייט וועט אפשר אויסקומען צו שרייבן וועגן דעם גענויער און באַזונדער), קאָן נישט ווערן קיין צענטער פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע, ווייל אין פאַל פון אַ נייער מלחמה וואָלט קרים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּלאַצדאַרם קעגן ראַטנפאַרבאַנד״.

בעת דעם געשפרעך האָט כרושטשאָוו אויך געזאָגט: ״דער אַלטער און איבערגעגעבענער חבר סאַלאָמאָן לאָזאָווסקי (באַקאַנט אויף דער גאַנצער וועלט ווי דער געוו. פירער פון רויטן אינטערנאַציאָנאַל פון די פראָפעסיאָ־נעלע פאַריינען), איז אומגעקומען אומשולדיק, ווייל ער איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם ענין קרים״.

אַז די באַשולדיקונג קעגן לאָזאָווסקין איז געווען פאַלש האָט כרוש־טשאָוו אָפן מודה געווען, אַז דאָס זעלבע איז אויך זיכער בנוגע די איבעריי־קע באַשולדיקטע. אָבער וויאַזוי און אויף וואָס פאַראַ סמך האָט געקאָנט קומען צו אַזאַ באַשולדיקונג?

אויפן סמך פון פאַרשידענע מאַטעריאַלן און ווייטערדיקע ידיעות, קאָנען מיר מאַכן פאָלגנדיקע אויספירונגען: וואַרשיינלעך איז ביי וועמען פון די סאָוויעטישע פירער נאָך דער מלחמה, אָדער אפשר אין די קרייזן פון אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט, אַנטשטאַנען אַ געדאַנק, אַז די אוקראַאינישע יידן, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון דער עוואַקואַציע אין טיף רוסלאַנד, זאָלן זיך באַזעצן אין קרים, ווייל די אוקראַאינער האָבן זיי אויפגענומען מיט אָפענער און שרעקלעכער שינאה.

אויב אַזאַ געדאַנק איז אַפילו יאָ אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין יענער

צייט, האָט דאָס נישט געמאַכט קיין שום ערנסטן איינדרוק, ווייל אַפילו אין דער יידישער פּרעסע, און אַזעלכע האָט נאָך עקזיסטירט אין יאָר 1948, איז וועגן דעם גאָרנישט דערמאָנט געוואָרן.

וועגן דעם האָט מען זיך פּלוצים דערמאָנט אין שטורעם פון סטאַלינישן אַנטיסעמיטיזם אין אָנהייב פון די 50־ער יאָרן, און אפשר טאַקע אין יאָר 1952, און אַרום דעם האָט זיך אויף דעם סטאַליניסטיש־טשעקיסטישן אופן געשאַפן דער "ענין־קרים". נאָך דעם איז שוין נישט געווען שווער אַרייננציען אין דעם ענין וועמען עס איז געווען נויטיק. דערמיט דערקלערט זיך אפשר, וואָס די טוער פון יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט זענען געמשפּט געוואָרן ערשט דריי און אַ האַלב יאָר נאָך זייער אַרעסט. פון כרושטשאָווס געשפּרעך ווערט קלאָר, אַז ער אַליין האָט צוגעלייגט אַ האַנט צו דעם שוידערלעכן מאָרד.

ווי זשע ווערט דער "ענין קרים" ליקווידירט? ווי גייט עס צו מיט דער רעהאַביליטאַציע פון די איבריקע? אין ראַטנפאַרבאַנד איז גאָרנישט געמאָלדן געוואָרן וועגן דעם. די לעבנגעבליבענע האָבן פּלוצים אָנגעהויבן קומען צוריק ווי פון אַ לענגערער ווייטער רייזע. וועגן די אומגעבראַכטע האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אין דער כראָניק פון דער "ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ" קורצע ידיעות, אַז דער פאַריין פון די סאָוויעטישע שרייבער האָט געשאַפן "אַ קאָמיסיע פאַר דער ליטעראַרישער ירושה" פון דעם און פון אַ צווייטן באַקאַנטן יידישן שרייבער.

אויף דעם זעלבן אופן, אגב, קומען אויך פאָר די רעהאַביליטאַציע־פּראָצעסן פון פיל רוסישע שרייבער, וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן.

די ערשטע קאָמיסיע איז געשאַפן געוואָרן פאַר דער ליטעראַרישער ירושה פון פּרץ מאַרקיש, דערנאָך פון דוד בערגעלסאָן, קוויטקאָ, נוסיקאָוו, פערסאָוו און פעפער. אָבער ביז היינט הערט מען נישט און מען זעט נישט קיין איין יידישע אויסגאַבע פון די דערמאָנטע יידישע שרייבער.

אגב, קיין איינער פון די פאָרזיצערס פון די דערמאָנטע קאָמיסיעס קאָן קיין איין יידיש וואָרט נישט, זיי זענען רוסן.

אין ווייטערדיקע ידיעות אין דער "ליטעראַטורנאיא גאַזעטאַ" ווערט אָנגעגעבן, אַז עס ווערן געגרייט רוסישע איבערזעצונגען פון די דער־

מאָנטע יידישע שרייבער.

וואָס איז דער גורל פון די משפחות פון די אומגעבראַכטע, די משפחות וועלכע האָבן געהערט צו דער שרעקלעכער סאָציאַלער גרופּע "פאַמיליע־מיטגלידער פון שונאים פון פאָלק"? ווי באַקאַנט, ווערן אַזעלכע משפחות פאַרשיקט אין די ווייטסטע מקומות פון רוסלאַנד. ערשט נאָך כרושטשאָווס באַקאַנטע אַנטפּלעקונגען אויף דעם 20־טן קאָמוניסטישן קאָנגרעס האָט מען אָנגענומען מיטלען, אַז די משפחות פון די דערמאָרדעטע זאָל דער־מעגלעכט ווערן קומען צוריק, באַקומען זייערע דירות, און קאָמפּענסירן זיי אויף וועלכן עס איז אופן פאַר זייערע ליידן. הייסט עס, אַז אַפילו נאָך דעם שאַפן די קאָמיסיעס פאַר דער ליטעראַרישער ירושה פון מאַרקיש, בערגעלסאָן און קוויטקאָ האָבן זיך נאָך זייערע משפחות געוואַלגערט אויף פאַרשיקונג און אין די לאַגערן*.

ווי לאַנגזאַם עס אַרבעט דער סאָוויעטישער רעהאַביליטאַציע־אַפּאַראַט.

בעת אַן אויפנאַמע פאַר אויסלענדישע געסט האָט דער פּאָעט סימאָנאָוו, דער סעקרעטאַר פון סאָוויעטישן שרייבער־פאַריין פּערזענלעך "אויסגעדריקט זיין געפיל פון חרפּה, וואָס ער גופא און אַנדערע סאָוויעטישע שרייבער, פילן אין שייכות מיטן שרעקלעכן גורל פון זייערע יידישע קאָלעגן".

פיין זעט אויס דער פאָרשטייער פון פאַריין פון סאָוויעטישע שרייבער, וועלכער ברענגט "זיין געפיל פון חרפּה" פאַר אויסלענדער, אָבער קאָן נישט פועלן ביי זיך צו ברענגען דעם זעלבן געפיל עפנטלעך אין רוסלאַנד.

אין רעדאַגירטן דורך אים סאָוויעטישן זשורנאַל "נאָווי מיר" האָט דער זעלבער סימאָנאָוו געשריבן וועגן די טרויעריקע רעזולטאַטן פון פּער־זאָנען־קולט אין דער ליטעראַטור און ביי דער געלעגנהייט האָט ער דערמאָנט די העצע, וואָס איז געפירט געוואָרן בשעתו קעגן די טעאַטער־קריטיקער. ער דערמאָנט פאַרבייגייענדיק, אַז אויך ער האָט גענומען אַן אָנטייל אין דער העצע. אין דער ווירקלעכקייט איז ער געוועזן דער וואָרטזאָגער אין דעם קאַמפּיין קעגן די "קאָסמאָפּאָליטן" און "פּאַספּאָרט־לאָזע בראָדיאַגעס", אַ העצע געווענדעט בעיקר קעגן יידישע אינטעלעקטועלע.

* דער משפחה פון פרץ מאַרקיש איז נאָך פיל ליידן. דאָך געלונגען פאַרלאָזן דעם ראַטנפאַרבאַנד און עולה זיין קיין ישראל. (י. פ.)

# די באַרג־יידן אין קאַווקאַז

עס זענען דערשינען ידיעות וועגן אַנטיסעמיטישע אַרטיקלען אין דער קאָמוניסטישער פּרעסע אין דאַגעסטאַן (קאַווקאַז).

דאָס איז נישט קיין נייעס אין ״לאַנד פון סאָציאַליזם״.

דאָס מאָל האַנדלט עס זיך וועגן אַן אַרטיקל אין וועלכן עס רעדט זיך, אַז לויט דער יידישער רעליגיע דאַרף יעדער ייד ״מינדעסטנס איין מאָל אין יאָר, טרינקען מוסולמעניש בלוט געמישט מיט וואַסער״.

אַזאַ באַהויפּטונג האָט גאַנץ נאַטירלעך אַרויסגערופן אַ שטאַרקע באַ־אומרואיקונג ביי די יידן אין דער דאַגעסטאַנער אויטאָנאָמער רעפּובליק. די דאָרטיקע יידן האָבן געשיקט אַ דעלעגאַציע קיין מאָסקווע און פון דאָרט זאָל האָבן געקומען אַ פאַראָרדענונג צו באַשטראָפן דעם שרייבער פון דעם דערמאָנטן אַרטיקל.

פון די ווייטערדיקע ידיעות איז נישט קלאָר צי איז טאַקע ווער באַ־שטראָפט געוואָרן*. אין דער זעלבער צייט קומט די קאָמוניסטישע פּרעסע, טאַקע אין דאַגעסטאַן, מיט אַ פאָדערונג צו שליסן די אָרטיקע סינאַגאָגע, וואָס איז ״דער צענטער און די נעסט פון אַלדאָס בייז״.

אין די אַלע ידיעות רעדט זיך אין אַלגעמיין וועגן דאַגעסטאַן, אָבער עס ווערט נישט דערמאָנט די שטאָט, און אויך נישט אין וועלכער צייטונג, אין ״קאָמוניסט״, אָדער ״דאַגעסטאַנסקאַיאַ פּראַוודאַ״ איז דאָס אַרטיקל

---

* לויט די אינפאָרמאַציעס, וואָס עס האָט באַקומען דער פּאַריזער קאָרעספּאָנדענט פון ״פאָרווערטס״, ל. לענעמאַן, זענען נישטאָ קיין באַווייזן, אַז עמעץ זאָל טאַקע האָבן באַשטראָפט געוואָרן. עס איז נאָר געווען פאַרעפנטלעכט אַ דער־קלערונג, אַז די אַרטיקלען זענען געווען ״אַ שווערער פּאָליטישער פעלער״, נישט מער. פאַרקערט, דער מחבר פון די אַרטיקלען מיטן בלוט־בילבול, אַ געוויסער מאַכמודאָוו, פיגורירט ווייטער ווי אַ שרייבער אין דער צייטונג.

דערשינען**. די הויפּטשטאָט פון דאַגעסטאַן איז מאַכאַטש־קאַלאַ, די צווייט גרעסטע שטאָט איז דערבענט.

דאָ האַנדלט זיך וועגן די אַ״ג באַרג־יידן (״גאָרסקיע יעווריי״), וועלכע לעבן מערסטנטייל אין דערבענט. אויף וויפל מיין זכרון דינט מיר, טראָגט די דאָזיקע צייטונג דעם נאָמען ״דאַגעסטאַנסקאַיאַ פּראַוודאַ״.

* * *

ביז דער מלחמה האָבן די באַרג־יידן געלעבט אין די בערג, און זיך באַשעפטיקט מערסטנטייל מיט ערד־אַרבעט און האַנטווערקעריי. ערב דער וועלט־מלחמה האָבן אין דאַגעסטאַן געלעבט אַרום צוואַנציק טויזנט באַרג־יידן.

בעת דער רעוואָלוציע האָבן זיי געקעמפט מיט געווער אין די הענט קעגן די ווייסע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן, פאַר איינהאַלטן די מאַכט פון די סאָוויעטן. ווען בעת דעם בירגער־קריג האָבן דאָרט די ווייסע אויף אַ צייט געזיגט, זענען די לעבנגעבליבענע נאָך די מאַסן־שחיטות באַרג־יידן פאַרטריבן געוואָרן פון די אַאולן (דערפער) אין די שטעט. דאָרט האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויף שטאַרקע אַנטיסעמיטישע שטימונגען.

שוין ביי דער קאָמוניסטישער מאַכט האָבן די באַרג־יידן יאָרן לאַנג געמאַכט באַמיונגען וועגן צוריקשטעלן זיי אין זייערע רעכט. דער ענטפער איז געווען, אין יאָר 1926, אַ פּאָגראָם אין מאַכאַטש־קאַלאַ און אַנדערע שטעט אין דאַגעסטאַן.

און מערקווירדיק, אויך דאַן איז די פּאָגראָם־באַוועגונג געקומען אין רעזולטאַט פון באַשולדיקונגען, אַז די ״באַרג־יידן נוצן מוסולמעניש בלוט״.

היות זייערע באַמיונגען אויפן אָרט האָבן קיין פּאָזיטיווע רעזולטאַטן (אַחוץ פּאָגראָמען) נישט געבראַכט, האָבן זיי אויך דאַן געשיקט זייערס אַ שליח קיין מאָסקווע.

---

** לויט די ידיעות פון דערמאָנטן קאָרעספּאָנדענט לענעמאַן זאָל דאָס זיין איין און די זעלבע צייטונג. אין דער אַרטיקער דאַגעסטאַנער שפּראַך רופט זי זיך ״קאָמוניסט״ און די רוסישע אויפלאַגע פון דער זעלבער צייטונג הייסט ״דאַגעסטאַנסקאַיאַ פּראַוודאַ״.

פון מאָסקווע איז אַראָפּגעקומען אַ באַפולמעכטיקטער אויספאָרשן די לאַגע פון די באַרג־יידן. ער האָט פעסטגעשטעלט: אַנטיסעמיטישע האַנד־לונגען מצד דער אָרטיקער סאָוויעטישער אַדמיניסטראַציע; דאָס נישט צולאָזן די באַרג־יידן צו קיין אַרבעט; איינער, וואָס האָט בעת דעם בירגער־קריג דערשאָסן יידן — אַרבעט אין דער מיליץ אין דערבענט, און נאָך, און נאָך אַזעלכעס.

אָבער עס האָט זיך קנאַפּ וואָס געענדערט.

דער שליח פון די באַרג־יידן קיין מאָסקווע איז איינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה, אמת, דאָס געריכט האָט אים באַפרייט.

ערשט אין יאָר 1929 האָבן די סאָוויעטישע מלוכה־אינסטאַנצן אין מאָסקווע אָנגענומען אַ ריי באַשלוסן וועגן ענדערן די לאַגע פון די באַרג־יידן אין דאַגעסטאַן.

בעת דער קאָלעקטיוויזאַציע זענען די באַרג־יידן אַריינגעצויגן געוואָרן מערסטנטייל אין וויין־קאָלכאָזן אַרום די שטעט. געוווינט האָבן זיי ווייטער אין די שטעט.

* * *

די געשיכטע חזרט זיך איבער. אין יענע יאָרן פּאָגראָמען מיט בלבולים פּאַר כלומרשט נוצן מוסולמעניש בלוט, איצט ווידער דאָס זעלבע.

אין יענע יאָרן זענען די פּאָגראָמען געוועזן צוגעגרייט דורך די מאַכט־אָרגאַנען, איצט ווידער פּאָגראָם־אַרטיקלען אין דער קאָמוניסטישער פּרעסע.

דער ערגסטער מין אַנטיסעמיטיזם איז ווען ער קומט פון מלוכה־אַפּאַראַט. העכער 50 יאָר קאָמוניסטישער רעזשים אין רוסלאַנד — אַזויפיל יאָרן מלוכהשער אַנטיסעמיטיזם.

דער פאַל דאַגעסטאַן איז נאָר אַ ברוכטייל פון סאָוויעטישן אַנטיסעמי־טיזם.

# עקאָנאָמישע פאַרברעכנס
# אין סאָוויעט־רוסלאַנד

וועגן די עקאָנאָמישע פּראָצעסן און וועגן אַנטיסעמיטיזם בכלל אין סאָוויעט־רוסלאַנד איז שוין פיל מאָל אויסגעקומען צו שרייבן.

שוין אַ צייט ווי אין דער פרייער וועלט הערט מען נישט פון קיין מאַסן־פּראָצעסן פאַר עקאָנאָמישע פאַרברעכנס, אין וועלכע יידן האָבן פאַרנומען אַן אַנגעזעענעם פּלאַץ. אַמוואַרשיינלעכסטן האָט זיך אָט די כוואַליע פון פּראָצעסן אָפּגעשטעלט, מען קאָן נישט זאָגן, אַז דאָס זאָל קומען אין רעזולטאַט פון די יידישע פּראָטעסטן אויף דער גאַרער וועלט, בפרט ווען אַזעלכע פּראָטעסטן ווערן צוגעשפּיצט צו מצה־פּראָבלעמען.

אויף מאָסקווע מאַכן די פּראָטעסטן קיין שום איינדרוק נישט. ווען אַזעלכע זאָלן קומען נישט נאָר פון איינצלנע פּערזענלעכקייטן נישט־יידן, נאָר פון דער גאַנצער נישט־יידישער געזעלשאַפט, אָדער פון רעגירונגס־קרייזן אין דער פרייער וועלט, וואָלטן אַזעלכע פּראָטעסטן אפשר געמאַכט אַן איינדרוק אויף מאָסקווע.

די נישט־יידישע געזעלשאַפט, די רעגירונגס־קרייזן — צוליב אַ ריי סיבות, אין וועלכע מיר קאָנען זיך איצט נישט אַריינלאָזן, אָבער די סיבות זענען נישט ספּעציעל קיין אַנטי־יידישע, נאָר פון ריינע מלוכה־אינטערעסן.

די נישט־יידישע געזעלשאַפט רעאַגירט נישט.

אויב די עקאָנאָמישע פּראָצעסן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, איז דאָס וואַרשיינלעך אין רעזולטאַט פון די ענדערונגען אויפן עקאָנאָמישן געביט, וואָס מען פּרוּווט לעצטנס איינפירן אין ראַטנפאַרבאַנד, ענדערונגען לויט די רעקאָמענדאַציעס פון באַקאַנטן יידיש־סאָוויעטישן עקאָנאָמיסט אָוסיי ליבערמאַן, ענדערונגען וואָס ווערן אין דער מערב־וועלט באַצייכנט, אַלס פּראָקאַפּיטאַליסטישע.

וועגן דעם וועט נאָך אויסקומען צו שרייבן.

מען דאַרף געדענקען, אַז די לאַגע פון פיל אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אין גרויסן רוסלאַנד איז זייער ווייט פון גוט. אין ראַטנפאַרבאַנד זענען אַלע יאָרן די פאַרהעלטענישן נישט פיל בעסער ווי אין צאַרישן רוסלאַנד, ווען מען האָט פּראַקטיצירט דעם סיסטעם פון ״טייל און הערש״, ווען עס האָט דאָמינירט דאָס גרויס־רוסישע פאָלק.

אויך אין ראַטנפאַרבאַנד ווערט דאָס זעלבע פּראַקטיצירט.

די ענדערונגען לטובת די יידן קאָנען קומען אין רעזולטאַט פון ענדע־רונגען לגבי אַנדערע פעלקער, לגבי דעם גאַנצן רוסישן פאָלק, וואָס איז פאַרשקלאַפט. לאָמיר האָפן, אַז עס גייט צו דעם, אַז ענדערונגען וועלן קומען.

* * *

די עקאָנאָמישע פּראָצעסן זענען געקומען אין רעזולטאַט פון דעם סאָוויעטישן ווירטשאַפט־סיסטעם. אין די מלחמה־יאָרן האָבן מיר געהאַט די מעגלעכקייט צו אָבסערווירן פון זייער נאָענט דעם סיסטעם פון עקאָנאָ־מישן לעבן אין רוסלאַנד, דעם סאָוויעטישן ביוראָקראַטיזם.

עס איז אוממעגלעך צו פירן די ווירטשאַפט שטרענג אין הסכם מיט די סאָוויעטישע געזעצן.

די צענטראַליזאַציע, דער סיסטעם פון פּלאַנירונג, דאָס גאַנצע ווירט־שאַפטלעכע לעבן קאָן נישט גיין אויף גלייכע וועגן.

די פירער פון די קלענסטע ביז די גרעסטע אונטערנעמונגען זענען אויסגעשטעלט אויף שווינדל און אַרומגיין דאָס געזעץ.

די סאָוויעטישע רעגירונג ווייסט וועגן דעם, זי איז אָבער נישט געווען איינגעשטעלט אויף ענדערונגען.

ווי אַ דיקטאַטאָרישער רעזשים האָט די סאָוויעטישע רעגירונג, די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, זיך געשטעלט אויפן וועג פון רעפּרעסיעס קעגן אַלערליי פאַרברעכער אויפן ווירטשאַפטלעכן געביט.

אָט די פּאָליטיק פון רעפּרעסיעס איז אפשר גאָרנישט געווען פאַר־טראַכט ווי אַ ריין אַנטי־יידישע, ערשט מיט דער צייט האָבן אָט די רעפּרע־סיעס אָנגענומען אַן אַנטי־יידישן כאַראַקטער.

מיר מיינען, אַז דאָס איז שוין אַ רעזולטאַט פון דער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק פון דער רעגירונג בכלל, און דערצו נאָך אַ סיסטעם פון די צאַרישע צייטן, אַז אין אַלע שוועריקייטן זענען שולדיק די יידן.

דער אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד איז אַן איינגעפונדעוועטער און פעסטער ; דער אַנטיסעמיטיזם דאָרטן איז פון ערגסטן מין, ווייל ער ווערט געפירט דורך דער רעגירונג.

עס זענען דערווייל נישטאָ קיין סימנים, אַז די פירער אין מאָסקווע זאָלן אָט די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק ענדערן. די יידישע געזעלשאַפט אויף דער פרייער וועלט דאַרף האַלטן אַ וואַכזאַם אויג. דעריבער איז כדאי צו ברענגען אייניקע כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן, וואָס זענען פאַרבינדן מיט די פאָרגעקומענע אַ. ג. עקאָנאָמישע פּראָצעסן.

פון די מאַטעריאַלן, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך סאָלאָ־מאָן שוואַרץ, אין לעצטן זאַמלבוך פון "סאָציאַליסטיטשעסקי וועסטניק", אָרגאַן פון די רוסישע מענשעוויקעס אין ניו־יאָרק, ברענגען מיר אייניקע וויכטיקע ידיעות.

שוואַרץ איז איינער פון די בעסטע קענער פון די סאָוויעטישע פּראָב־לעמען בכלל, און וועגן דער יידן־פראַגע אין ראַטנפאַרבאַנד בפרט. זיין בוך "אַנטיסעמיטיזם אין ראַטנפאַרבאַנד", דערשינען אין יאָר 1952 אין רוסישן "טשעכאָוו"־פאַרלאַג אין ניו־יאָרק, האָט אין יענער צייט געמאַכט אַ רושם.

שוואַרץ גרייט איצט צום דרוק אַ בוך "יידן אין סאָוויעט־רוסלאַנד פון אָנהייב דער צווייטער וועלט־מלחמה (1939־1965)".

אין דעם דערמאָנטן זאַמלבוך ברענגט שוואַרץ אַ קאַפּיטל פון נייעם בוך : "עקאָנאָמישע פאַרברעכנס און די יידן". ער באַנוצט זיך אין זיין אָפּהאַנדלונג מיט פאַקטן, וואָס קומען פון אַ ריי אָריגינעלע קוועלן.

מיר ברענגען אייניקע כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן.

טויט־שטראָף אין ראַטנפאַרבאַנד איז שוין נישט איינמאָל געווען אָפּ־געשאַפט און ווידעראַמאָל איינגעפירט, אָבער טויט־אורטיילן אין עקאָנאָ־מישע פּראָצעסן זענען געווען נישט קיין אָפטע דערשיינונגען.

דער פּראָפעסאָר פון האַרוואַרד־אוניווערזיטעט, האַראָלד בערמאַן, וועלכער איז העכער אַ יאָר געווען אין רוסלאַנד אויפן סמך פון אַ. ג. קול־טור־אויסטויש, האָט אין יאָר 1963 געשריבן וועגן דעם פאַלגנדיקס:

"לויט די ידיעות פון דער סאָוויעטישער פּרעסע וועגן איינצל־נע פּראָצעסן, זענען איבער צוויי הונדערט און פופציק סאָוויעטישע בירגער געוואָרן פאַרמשפּט צום טויט פאַר עקאָנאָמישע און אַנדערע פאַרברעכנס אין פאַרלויף פון איין יאָר (פון מאַי 1961 ביז מאַי 1962). וואָרשיינלעך אויך אַזאַ צאָל, אויב נישט מער, פון יוני ביז דעצעמבער 1962".

שוואַרץ גיט צו, אַז ער האָט נישט קיין שום צווייפל אין די געבראַכטע דורכן פּראָפעסאָר בערמאַן, ידיעות און ציפערן. דאָס מיינט, אַז פאַר העכער אַנדערהאַלבן יאָר — פינף הונדערט טויט־אורטיילן, אין דעם די גרעסטע צאָל, פאַר עקאָנאָמישע פאַרברעכנס.

די עקאָנאָמישע פּראָצעסן האָבן זיך געפירט אַלס כלל ביי פאַרמאַכטע טירן. עס זענען געווען פאַלן, ווען קאָרעספּאָנדענטן פון דער מערב־וועלט האָבן באַקומען אַ צוזאָג צוגעלאָזט ווערן אויף די פּראָצעסן, אָבער דער צוזאָג איז נישט אויסגעפירט געוואָרן. די סאָוויעטישע פּעריאָדישע פּרעסע האָט נישט געבראַכט קיין שום ידיעות וועגן פאַרלויף פון די פּראָצעסן, געוויינלעך, ערשט צום סוף זענען געבראַכט געוואָרן די רעזולטאַטן.

מיר ברענגען דאָ אַ רשימה וועגן די פּראָצעסן מיט טויט־אורטיילן במשך פון דעם פּעריאָד — יולי 1961, יאַנואַר 1963, מיט דעם פּראָצענט יידן פאַרמשפּטע צום טויט.

## פּראָצעסן פאַר עקאָנאָמישע פאַרברעכנס מיט טויט־אורטיילן (פּעריאָד: יולי 1961 — יאַנואַר 1963)

| | צאָל פּראָצ. | טויט־אורטיילן | יידן | פאַראורטיילטע יידן צום טויט | יידן אין פּראָצ. |
|---|---|---|---|---|---|
| אין אַלגעמיין איבערן לאַנד | 51 | 104 | 60 | 58 | 1.08 |
| רוסישע רעפּובליק | 14 | 24 | 16 | 67 | 0.7 |
| אוקראַינע | 12 | 30 | 25 | 83 | 2.0 |
| ווייסרוסלאַנד | 2 | 6 | 4 | 67 | 1.9 |
| מאָלדאַוויע | 2 | 5 | 4 | 80 | 3.3 |
| ליטע | 3 | 7 | 5 | 71 | 0.9 |
| עסטאָניע | 1 | 1 | — | — | 0.5 |
| אייזערבעדזשאַן | 5 | 9 | — | — | 1.1 |
| גרוזיע | 2 | 2 | 2 | 100 | 1.3 |
| אַרמעניע | 1 | 2 | — | — | 0.1 |
| קאַזאַכסטאַן | 5 | 5 | 1 | 20 | 0.3 |
| קירגיזיע | 1 | 9 | 3 | 33 | 0.4 |
| אוזבעקיסטאַן | 2 | 3 | — | — | 1.2 |
| טורקמעניע | 1 | 1 | — | — | 0.3 |

פון אייגענע אָבסערוואַציעס ווייסן מיר, אַז אַזאַ גרויסער טייל פון עקאָנאָמישע פאַרברעכנס זענען כאַראַקטעריסטיש אין האַנדל און אויפן געביט פון די אונטערנעמונגען, וועלכע באַזאָרגן די באַפעלקערונג מיט אַרטיקלען פון ערשטן געברויך.

אין אַט די געביטן פון דער סאָוועטישער ווירטשאַפט זענען יידן ווירקלעך פּראָצענטועל פיל מער רעפּרעזענטירט, ווי זייער פּראָצענט־אַנטייל צו דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. און דאָס איז אין רעזולטאַט פון די ספּעציפישע באַדינגונגען אין וועלכע די יידן געפינען זיך, ווייל זיי האָבן פאַרלוירן דעם צוטריט צו אַנדערע געביטן אין סאָוועטישן לעבן.

ריכטיקער — זיי זענען פון אַ סך געביטן פשוט שטופנווייז פאַרטריבן געוואָרן.

די 58 פּראָצענט יידן פון אַלע צום טויט פאַרמשפּטע, ווייזט קלאָר די מערדערלעכע אַנטיסעמיטישע טענדענץ פון די סאָוויעטישע מאַכטהאָבער.

בעת די עקאָנאָמישע פּראָצעסן האָט זיך געוואָרפן אין אויג אַזאַ דערשיינונג: נישט־יידן, וועלכע וואָלטן לויטן גאַנג פון פּראָצעס באַדאַרפט טראָגן אַ גרעסערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, זענען אָפּגערוקט געוואָרן אין אַ זייט, אויפן אונטערשטן פּלאַץ, אָדער זענען גאָר אינגאַנצן נישט צוגעצויגן געוואָרן צום פּראָצעס. די יידן אָבער, זענען אַלע מאָל געוואָרן אַרויסגערוקט אויפן ערשטן פּלאַץ.

ווי עס זאָל נישט אויסזען אויף ווייטער, איז אַ פאַקט, אַז די ביז איצטיקע פּראַקטיק מיט די עקאָנאָמישע פּראָצעסן, איז אַ סיסטעם פון פאַרוואַנדלען די יידן אין די שולדיקע פאַר דעם טרויעריקן עקאָנאָמישן סיסטעם אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

# סאָוויעטישע יידן אין צווייטן וועלט־קריג

סאַלאָמאָן שוואַרץ איז איינער פון די בעסטע קענער פון די פּאַר־העלטעניש אין ראַטנפאַרבאַנד. אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט מענשעוויק, איז ס. שוואַרץ יאָרן־לאַנג געווען איינער פון די וויכטיקסטע מיטרעדאַקטאָרן פון "סאָציאַליסטישעסקי וועסטניק".

ס. שוואַרץ האָט אַרויסגלאָזט אַ צאָל ביכער אין רוסיש, דייטש און ענגליש וועגן סאָוויעט־רוסלאַנד. זיין בוך "יידן אין ראַטנפאַרבאַנד פון אָנהייב דער צווייטער וועלט־מלחמה", שפּיגלט אָפּ אלזייטיק די טרויערדיקע לאַגע פון סאָוויעטישן יידנטום.

אין זיין פאָרוואָרט ברענגט דער מחבר אַרויס צוויי וויכטיקע מאָמענטן. עס איז נישט ריכטיק די באַהויפּטונג, אַז דאָס סאָוויעטישע געזעצגעבונג זעט פאָר האַרבע שטראָפן, כלומרשט אַפילו טויט־שטראָף, פאַר אַנטי־סעמיטיזם. קיינמאָל איז אַזאַ געזעץ אין ראַטנפאַרבאַנד נישט געווען, און עס איז נישטאָ. עס איז אויך נישט ריכטיק, אַז די קאָמוניסטישע מאַכט איז געווען די, וואָס האָט אָפּגעשאַפט אַלע באַגרענעצונגען לגבי די יידן, וואָס האָבן עקזיסטירט נאָך פון די צאַרישע צייטן אין רוסלאַנד. די צאַרישע געזעצן זענען אָפּגעשאפט געוואָרן דורך דער צייטווייליקער רעגירונג פון קערענסקי, גלייך נאָך דער רעוואָלוציע 1917.

עס איז נישט ריכטיק, — שרייבט ווייטער שוואַרץ — אַז דער אַנטי־סעמיטיזם אין סאָוויעט־רוסלאַנד איז אַן איבערבלייבעניש פון די צאַרישע צייטן. דער אַנטיסעמיטיזם אין קאָמוניסטישן רוסלאַנד האָט זיין אייגענע געשיכטע, און האָט אין פאַרלויף פון העכער 50 יאָר דורכגעמאַכט פאַר־שידענע עטאַפּן. די "גרויסע טשיסטקעס" אין די יאָרן 1937—1939 האָבן אַממערסטן געטראָפן יידן־קאָמוניסטן.

אין אָנהייב פון די פערציקער יאָרן האָט שוין דער אַנטיסעמיטיזם זיך פאַרשפּרייט אין אַלע קרייזן פון סאָוויעטישן לעבן, און דאָס האָט צוגע־גרייט דעם באָדן פאַר אַ ריזיקן וווקס פון אַנטיסעמיטיזם אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, — אַן אַנטיסעמיטיזם נישט קיין פאַרבאָ־האַלטענער, נאָר אַן אַקטיווער און אָפענער.

דער אַנטיסעמיטיזם איז נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן אין רעזולטאַט פון דער היטלעריסטישער פּראָפּאַגאַנדע בעת דער אָקופּאַציע.

אין די נאָכמלחמה־יאָרן האָט דער אַנטיסעמיטיזם דורכגעמאַכט פאַרשידענע עטאַפּן בימי סטאַלין, און נאָך זיין טויט בימי כרושטשאָוו, אויך נאָך דעם ווי ער איז באַזייטיקט געוואָרן.

אין אַלגעמיין אָבער איז דער אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד אַ פעסטע, איינגעפונדעוועטע טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. דער אַנטיסעמיטיזם אין איצטיקן רוסלאַנד איז געפערלעך, ווייל ער ווערט רעגולירט, טאָלערירט און אָנגעהאַלטן דורך די פירנדיקע אינסטאַנצן.

* *
*

אין פאַרשידענע עטאַפּן נאָך דער רעוואָלוציע, האָט זיך אין די דרייסי־קער יאָרן איינגעשטעלט אַ פּילזייטיקע טעטיקייט אויף פאַרשידענע געביטן פון יידישער קולטור, אַוודאי מיט אַ קאָמוניסטישן אינהאַלט. יידישע פּרעסע, יידישע שולן, יידיש טעאַטער, האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין לעבן פון סאָוויעטישן יידנטום. דאָס אַלץ איז ברוטאַל איבערגעריסן געוואָרן דורך דעם שוידערלעכן טעראָר אין די יאָרן 1937—1939.

אין די מלחמה־יאָרן האָט דאָס יידישע גזעלשאַפטלעך־ און קולטור־לעבן אָנגעהויבן אויפסניי אויפלעבן, אַפילו אין אַ זייער פאַרשמעלטער פאָרם, אָבער איז אויפסניי און מער ענערגיש ליקווידירט געוואָרן אין די יאָרן 49־1948.

עס איז פאַלש די אָפיציעלע סאָוויעטישע טעזע, אַז דאָס יידישע קול־טור־לעבן אין רוסלאַנד איז אונטערגעגאַנגען מיט אַ נאַטירלעכן טויט אין רעזולטאַט פון דער אַסימילאַציע. דאָס פּילמאָליקע צעשטערן מיט גוואַלד דאָס יידישע קולטור־לעבן לייקנט אָפּ אָט די טעזע. אין די פּעריאָדן,

ווען די מאַכט־אָרגאַנען האָבן נישט געשטערט, האָט זיך דאָס יידישע קולטור־לעבן פיין אַנטוויקלט. די אַסימילאַציע איז אַ געצווונגענע.

אַ גאַנץ באַזונדער קאַפּיטל איז די פאַרניכטונג פון עקאָנאָמישן און קולטור־לעבן פון די יידן אין די געגנטן פון פאַרמלחמהדיקן מזרח־פּוילן, וועלכע זענען אָקופּירט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי אין יאָר 1939.

וועגן דער טראַגישער לאַגע פון די פּוילישע יידן וואָס זענען געלאָפן צו די סאָוויעטישע גרענעצן, איז שוין אַ סך געשריבן געוואָרן. טויזנטער זענען צוריקגעטריבן געוואָרן צו די דייטשן, ווו זיי זענען אומגעקומען.

די יידן וועלכע עס האָט זיך איינגעגעבן אַריבערצוכאַפּן אין די אָקו־פּירטע געביטן, זענען זומער, יאָר 1940, אויף אַ היטלעריסטישן אופן אַריינ־געפּאַקט געוואָרן אין וואַגאָנען און פאַרשיקט אין די לאַגערן. אויך דאָס איז געווען אַן אַקט פון אַנטיסעמיטיזם. טויזנטער פּוילישע יידן זענען אומגעקומען אין די סאָוויעטישע לאַגערן.

דער אָנפאַל פון היטלערן אויף רוסלאַנד אין יאָר 1941 איז געווען דער אָנהייב פון אַ גרויסער טראַגעדיע פאַר דעם סאָוויעטישן יידנטום.

נאָך דעם היטלער־סטאַלין־פּאַקט און נאָך דעם פריינשאַפט־אָפּמאַך, איז אין דער סאָוויעטישער פּרעסע פאַרשטומט געוואָרן יעטוועדער סימן וועגן די דייטשע מערדערייען לגבי די יידן. דאָס סאָוויעטישע יידנטום איז נישט געווען ווי געהעריק אינפאָרמירט וועגן דער געפאַר, עס זענען נישט ריכטיק די פאַרשידענע ידיעות, אַז די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען זאָלן האָבן כלומרשט ספּעציעל זיך געזאָרגט פאַר דער עוואַקואַציע פון די סאָוויעטישע יידן. ווער עס איז געווען אין יענער צייט אין רוסלאַנד, האָט זייער לייכט געקאָנט אָבסערווירן דעם כאַאָס, וואָס האָט זיך דאָרטן געשאַפן גלייך ווי היטלערס אַרמייען האָבן זיך אַריינגעריסן אויף דער סאָוויעטישער טעריטאָריע. עס האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין פון אַ פּלאַנמעסיקער עוואַקואַציע בכלל, נישט נאָר ספּעציעל פאַר יידן.

עס האָט גענומען אַ צייט ביז די סאָוויעטישע פירערשאַפט איז געקומען צו זיך נאָך דעם בליץ־אָנגריף פון די דייטשע אַרמייען. ערשט דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַן עוואַקואַציע פון די באַדראָטע געביטן, און דאָס אויך אין דער ערשטער ריי נישט פון דער ציווילער באַפעלקערונג, נאָר פון די

וויכטיקסטע אינסטיטוציעס און דעריקערשט פאַבריקן, אין דער ריכטונג אויף אוראַל.

דאָס אַלץ האָבן מיר געהאַט די מעגלעכקייט אָבסערווירן מיט די אייגענע אויגן.

* * *

אויפן סמך פון פיל מאַטעריאַלן קומט ס. שוואַרץ צום אויספיר, אַז נישט די ציווילע באַפעלקערונג, נישט די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אויף די אָקופּירטע דורך די דייטשן, סאָוויעטישע געביטן, האָבן אַרויסגעוויזן גרויסן אינטערעס און מיטגעפיל צו די ליידן פון די יידן. פאַרקערט, די דייטשן האָבן גאַנץ אָפט באַקומען הילף פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג.

אין די אַלע איבריקע געגנטן פון גרויסן רוסלאַנד, נישט אָקופּירטע דורך די דייטשן, האָט די סאָוויעטישע רעגירונגס געפירט אַ פּאָליטיק פון פאַרשווייגן דאָס פאַרניכטן די יידן. די סאָוויעטישע רעגירונג האָט נישט נאָר נישט געפירט קיין סיסטעמאַטישן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם, נאָר האָט אַפילו נישט געגעבן די מעגלעכקייט אַז די סאָוויעטישע באַפעלקערונג זאָל באַנעמען דעם מאַשטאַב און באַדייטונג פון דער דייטשער פּאָליטיק פון אומברענגען די יידן.

עס זענען פאַר דער ברייטער עפנטלעכקייט באַקאַנט די ידיעות פון דעם סאָוויעטישן אינפאָרמאַציע־ביוראָ.

אין זייערע קאָמוניקאַטן פון דער צייט ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די באַפרייונג פון דער סאָוויעטישער טעריטאָריע, האָט דער סאָוויעטישער אינפאָרם־ביוראָ אַלעמאָל גערעדט וועגן די מערדערייען און אומברענגען סאָוויעטישע בירגער, אָבער קיינמאָל נישט געבראַכט פאַר דער וועלט דעם גרויל, וואָס די יידן האָבן דורכגעמאַכט אויף דער אָקופּירטער דורך די דייטשן סאָוויעטישער טעריטאָריע. די יידן זענען אַלעמאָל דערטרונקען געוואָרן צווישן די פּילצאָליקע פעלקער, געליטענע פון די דייטשן.

די ספּעציעלע מלוכהשע קאָמיסיע, וואָס די סאָוויעטישע רעגירונג האָט געשאַפן צו פאָרשן די דייטשע מערדערייען, האָט אין איר באַריכט וועגן אוישוויץ, דעם שוידערלעכסטן לאַגער אין וועלכן עס זענען אומגעבראַכט

געוואָרן איבער פיר מיליאָן מענטשן, דאָס רוב יידן, — איז, ווי שווער דאָס איז צו גלייבן — דאָס וואָרט ייד נישט דערמאָנט ווערן.

שוואַרץ שטעלט די פראַגע: מיט וואָס איז געווען דיקטירט אָט די פּאָליטיק פּאַקטיש זיך אָפּזאָגן פון קאַמף קעגן היטלער־אַנטיסעמיטיזם?

ער קומט צום אויספיר, אַז ערשטנס האָט אויף אַזאַ סאָוויעטישער פּאָליטיק געווירקט די מורא, אַז אַן אָפענער קאַמף קעגן דער דייטשער פּאָליטיק פון פאַרניכטן די יידן וועט פאַרלייכטערן היטלערן די פּראָפּאַגאַנדע קעגן "יודעאָ באָלשעוויזם".

צווייטנס — דער פּסיכאָלאָגישער גרונד פאַר פּאַסיווער פּאָליטיק. אין דער פראַגע פון היטלערס אַנטיסעמיטיזם איז געווען צוגעגרייט דורך פאַרשפּרייטן אין די העכערע שיכטן פון דער סאָוויעטישער געזעלשאַפט, אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה, דעם האַלב־פאַרדעקטן, קריכנדיקן אַנטיסעמיטיזם.

עס איז באַקאַנט, אַז די היטלער־פּראָפּאַגאַנדע האָט צוו.אַנד. אויך אויס־גענוצט דעם אַרגומענט, אַז יידן מיידן אויס צו באַטייליקן זיך אין דער רויטער אַרמיי. די סאָוויעטישע רעגירונג האָט קיינמאָל נישט אָפּגעלייקנט אָט די דייטשע פּראָפּאַגאַנדע. די סאָוויעטישע באַפעלקערונג איז אויך געווען געצוויגט אַנהאַלטן דאָס זעלבע. אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי האָט די פּראָפּאַגאַנדע געפונען אָנערקענונג.

די פּאָליטיק פון פאַרשווייגן די ראָל פון די סאָוויעטישע יידן אין דער מלחמה איז אויך אָנגעהאַלטן געוואָרן אין דעם נאָכסטאַלין פּעריאָד.

אין אַן אָפיציעלן דאָקומענט האָט די סאָוויעטישע רעגירונג אין יאָר 1957 מיטגעטיילט, אַז אין די מלחמה־יאָרן זענען קנאַפּע עלף טויזנט מיליטערלייט אנערקענט געוואָרן אַלס "העלדן פון ראַטנפאַרבאַנד". דערביי ווערט געבראַכט די גרופּירונג פון די העלדן לויט זייער נאַציאָנאַליטעט, אָבער יידן ווערן צעשווימען צווישן דער גרופּע "איבריקע".

אין יאָר 1963 האָט דער מאָסקווער קאָרעספּאָנדענט פון דער וואַרשע־ווער "פאָלקס־שטימע" אָנגעגעבן אויפן סמך פון מאַטעריאַלן, וואָס קומען פון "מוזעאום פון דער סאָוויעטישער אַרמיי", אַז צווישן דער צאָל באַקו־מענע אויסצייכנונגען בכלל, און באַזונדערס צווישן דער צאָל "העלדן פון

ראַטנפאַרבאַנד״, זענען יידן אויפן פערטן פּלאַץ.

* * *

אין די נאָכמלחמה־יאָרן האָט זיך גלייך אָנגעהויבן פילן דיסקרימינאַציע לגבי די יידן אין רוסלאַנד. די שוועריקייטן פון צוריקקומען אין די פאַרמל־חמהדיקע וווינערטער, דאָס נישט צולאָזן צו פאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן.

כאַראַקטעריסטיש פאַר אָט דער דיסקרימינאַציע־פּאָליטיק, זענען די ערשטע וואַלן נאָך דער מלחמה צו די א.ג. פּאַרלאַמענטאַרישע אינסטאַנצן.

ווען ערב דער מלחמה, אין יאָר 1937, זענען די יידן געווען אויף דעם עלפטן אָרט, זענען זיי שוין אין יאָר 1946 אויף דעם 26־טן אָרט לויט דער צאָל דעפּוטאַטן.

און אַזוי כסדר ווערט פאַרקלענערט די צאָל יידן ביי די שפּעטערדיקע וואַלן.

דאָס אומברענגען די יידיש־סאָוויעטישע שרייבער, דער קאַמף קעגן ״קאָסמאָפּאָליטיזם״, קעגן די ״אַנטיפּאַטריאָטן״, סאָוויעטישע ליטעראַטן, קריטיקער און אַנד. האָט קלאָר באַוויזן די אָפיציעלע איינשטעלונג פון די סאָוויעטישע פירער לגבי די יידן.

אין דער ״גרויסער סאָוויעטישער ענציקלאָפּעדיע״ אָנגעהויבן אין יאָר 1950, פאַרענדיקט אין יאָר 1958, פאַרנעמען שוין יידישע טעמען כמעט קיין שום פּלאַץ נישט.

אין דער זעלבער צייט ווערט זייער אַ סך פּלאַץ צוגעטיילט אין דער ענציקלאָפּעדיע פאַר די ליטעראַטורן, אַפילו פון די קלענסטע מינדערהייטן.

* * *

אין פאַרלויף פון דריי יאָר נאָך דער ליקווידאַציע פון יידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט, פון דער גאַנצער יידישע קולטור־עליטע, האָט זיך געדאַכט, אַז די סאָוויעטישע אַנטי־יידישע פּאָליטיק האָט שוין דערגרייכט דעם העכסטן פּונקט. העכער דריי יאָר, נאָך די מאַסן־אַרעסטן פון די יידישע שרייבער, האָט מען נאָך אַלץ נישט געוווּסט פון זייער גורל, און ווען אין אויגוסט 1952 זענען בערגעלסאָן, מאַרקיש, פעפער, קוויטקאָ, לאַזאָווסקי

און אַנד. דערשאָסן געוואָרן, איז דאָס געהאַלטן געוואָרן בסוד. אפילו די נאָענטסטע פאַמיליע־מענטשן האָבן וועגן די דערשיסונגען נישט געוווּסט. מען האָט נאָך ביי זיי גענומען פּעקלעך פאַר די אַרעסטירטע.

* *
*

צוליב דעם אַנטיסעמיטיזם אין ראַטנפאַרבאַנד האָבן זיך פאַרשטאַרקט אַנטיסעמיטישע שטימונגען אין די סאַטעליטן־לענדער. דאָס איז געווען אַ מין אַלגעמיינער פּראָצעס, מיט פאַרשידענע אָפּנייגונגען, אָבער אומעטום אין הסכם מיט די גרונד־ליניעס פון דער קרעמל־פּאָליטיק.

דער סלאַנסקי־פּראָצעס אין פּראַג איז געווען אַ מין ווענדונג אין אָט דער ריכטונג. דער פּראָצעס האָט געוויזן צום ערשטן מאָל, אַז נישט אַנטי־סעמיטיזם, נאָר קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם ווערט אנערקענט, ווי אַ פאַר־ברעכן.

פּראָפּאַגאַנדירן אַנטיסעמיטיזם אונטער דער מאַסקע פון אַנטיציוניזם איז כאַראַקטעריסטיש אויך איצט פאַר די סאָוויעטישע פאַרהעלטענישן. ווייטער איז געקומען דער אַרעסט פון די דאָקטוירים־"שעדיקער".

סטאַלינס טויט האָט אָפּגעשטעלט די ווילדע אַגיטאַציע קעגן יידן, וועלכע האָבן זיך דאַן געפונען אין אַ צושטאַנד פון פאַרלוירנקייט.

אין אַ ריי אַרטיקלען פון ראַטנפאַרבאַנד, געדרוקט אונטערן פּסעוודאָנים "אלמוני" אין דער ישראל־צייטונג "דבר", זענען די שטימונגען פון די סאָוויעטישע יידן, אין ווינטער־צייט פון די יאָרן 1952־53 כאַראַקטעריזירט געוואָרן אַזוי: "אונדזער סוף איז נאָענט. מען וועט אונדז פאַרשיקן, מען וועט אונדז מאַטערן, מאַכן אויף אונדז פּאָגראָמען. אין גאַס פילסטו אַ שנאה צו אונדז. פרויען אין די געמיינזאַמע קיכן מאַכן דאָס לעבן פון די יידישע מיטוווינער שרעקלעך. קינדער באַטייליקן זיך אין אָט דער שנאה צו אונדז".

דער סם פון אַנטיסעמיטיזם דרינגט אַריין אַלץ טיפער. סטאַלין האָט מיט אַ טאָג פאַר זיין טויט געמאָלדן אויף אַ באַראַטונג פון סאָוויעטישע פירער וועגן זיין פּלאַן אריבערפירן אַלע יידן אין אַ נייעם "תחום המושב" אין צפון־טייל פון רוסלאַנד.

סטאַלינס טויט, די אָפיציעלע מיטטיילונג וועגן דער רעהאַביליטאַציע

פון די אַרעסטירטע דאָקטוירים, האָבן געגעבן אַ גרונד צו האָפן, אַז מיט דער אַנטי־יידישער פּאָליטיק וועט פאַרענדיקט ווערן.

נאָך סטאַלינס טויט זענען געקומען רעהאַביליטאַציעס לגבי די קרבנות פון זיין טעראָר. אין כרושטשאָווס באַריכט וועגן קאַמף קעגן פּערזאָנען־קולט זענען אָנגערופן געוואָרן אַ סך נעמען פון די אומגעבראַכטע, אָבער קיין איינער פון די אומגעבראַכטע, יידישע טוער איז נישט דערמאָנט געוואָרן.

מיט אַ מעלדונג פון פאַריין פון די סאָוויעטישע שרייבער וועגן פּוב־ליקירן די "ליטעראַרישע ירושה" פון די אויסגעמאָרדעטע יידישע שרייבער איז געקומען זייער רעהאַביליטאַציע.

אויב עס רעדט זיך וועגן ירושה הייסט דאָס, אַז זיי זענען שוין נישט צווישן די לעבעדיקע. די רעהאַביליטאַציע פון די יידישע קרבנות פון סטאַ־לינס טעראָר איז געווען אַ באַגרענעצטע, אַ מין האַלבע רעהאַביליטאַציע.

דער רעדאַקטאָר פון אַמעריקאַנער זשורנאַל "פּראָגרעסיוו מאַגאַזין", מאָריס רובין שרייבט וועגן אָט דער רעהאַביליטאַציע, נאָך זיין באַזוך אין סאָוויעט־רוסלאַנד צוו. אנד. פאָלגנדעס: "די אלמנה פון איינעם, וואָס איז געשטאַנען אין שפּיץ פון די גרעסטע שפּיטאָלן אין מאָסקווע, וועלכער איז געווען פאַרשיקט קיין סיביר און דאָרטן געשטאָרבן, נאָך דעם ווי זי האָט באַקומען מיטגעטיילט, אַז איר מאַן איז רעהאַביליטירט, און זי וועט באַ־קומען צוריק איר דירה, זי וועט אויך באַקומען אַ פּענסיע — האָט זיך געוואָנדן, אַז מען זאָל אויך דעם פּערסאָנאַל פון שפּיטאָל, וועלכער ציילט צוויי טויזנט מיט 500 מענטשן, מיטטיילן, אַז איר מאַן איז נישט געווען קיין שונא פון פאָלק. זי האָט באַקומען אַן ענטפער, אַז דאָס פאָדערט אַ ווייטערדיקע באַהאַנדלונג".

כרושטשאָוו איז געווען דער שעפער פון דער אַנטי־יידישער פּאָליטיק נאָך סטאַלינען. קיינער פון די סאָוויעטישע פירער האָט זיך אָט דער פּאָליטיק נישט קעגנגעשטעלט. נאָכן באַזייטיקן אים, זענען קעגן אים פיל מאָל אַרויסגערוקט געוואָרן אַ סך באַשולדיקונגען אין שייכות מיט זיין פירערשאַפט, אָבער וועגן זיין אַנטי־יידישער פּאָליטיק האָט קיינער נישט דערמאָנט.

עס זענען באַקאַנט כרושטשאָווס עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען וועגן זיין נעגאַטיווער באַציונג צו יידן, באַזונדערס אין זיינע געשפּרעכן מיט דעלעגאַציעס פון אויסלאַנד.

נאָך מער, כרושטשאָוו האָט זיך אַליין מודה געווען, אַז ער האָט געשטיצט סטאַלינען אין זיין אַנטי־יידישער פּאָליטיק. ער האָט אויך געשטיצט סטאַלינען אין דער פראַגע פון דערשיסן די פירער פון יידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט. אַפילו אין שייכות מיטן דאָקטוירים־פּראָצעס האָט ער אינגאַנצן פאַרשוויגן דעם אַנטי־יידישן כאַראַקטער פון פּראָצעס.

נאָך די אַנטפּלעקונגען פון סטאַלינס טעראָר, האָט מען געקאָנט דער־וואַרטן פאַרבעסערונגען אין דער באַציונג צו די סאָוויעטישע יידן.

אין יאָר 1956 האָט דער ערשטער סעקרעטאַר פון סאָוויעטישן שרייבער־פאַריין, סורקאָוו, פאַרזיכערט צו חיים סולער, איינעם פון די רעדאַק־טאָרן פון דער קאָמוניסטישער צייטונג אין אַמעריקע "מאָרגן־פרייהייט", אַז עס ווערט געגרייט אַ פּלאַן, וואָס האָט אַ ציל אויפצולעבן די יידישע קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד, צוו. אַנד. שאַפן אַ יידישן פרלג, עפענען אַ יידישן טעאַטער, אַ יידישע צייטונג, אַ יידישן דריי־מאָנאַטלעכן זשורנאַל, רופן אַ באַראַטונג פון יידישע שרייבער און קולטור־טוער.

סורקאָוו האָט אויך מיטגעטיילט וועגן פּלאַנירטע אויסגאַבן פון יידישע שרייבער אין רוסישער און יידישע שפּראַכן. די נאָענטסטע צוקונפט האָט אָבער געוויזן, אַז עס האָט זייער ווייט פון אָט דעם אָנגעזאָגטן פּלאַן.

אַמבעסטן איז דאָס געקומען צום אויסדרוק בעת די סאָוויעטישע פירער האָבן נאָך אַמאָל אויפגענומען אַ דעלעגאַציע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין קאַנאַדע. אויף זייער פראַגע צי האָבן יידן אין רוסלאַנד אַ רעכט אויף אייגענע צייטונגען, טעאַטער און אַנדערע קולטור־אינסטיטוציעס, איז געקומען דער ענטפער, אַז אין ביראָ־בידזשאַן האָבן די יידן אַ יידישע צייטונג, אויסער ביראָ־בידזשאַן קאָנען נישט די יידן געניסן פון אַזעלכע פּריווילעגיעס. זיי געניסן פון די רעכט, וואָס זענען באַשטימט פאַר אַלע סאָוויעטישע בירגער. אין מאָסקווע אַלס אַ ביישפּיל, לעבן אַ גרעסערע צאָל אוקראַאינער, גרוזינער און אַרמענער, אָבער קיין איינע פון אָט די גרופּן האָט נישט קיין אייגענע צייטונג, שולן, אָדער טעאַטער. זיי לייענען די

רוסישע צייטונגען. זיי שיקן זייערע קינדער אין די רוסישע שולן. שטעלט זיך פאַר ווי וואָלט דאָס אויסגעזען ווען אָט די גרופּן, אָדער אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, וואָלטן אין מאָסקווע געדרוקט צייטונגען אויף זייערע שפּראַכן ?

אַזאַ ענטפער מצד דער פירערשאַפט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין רוסלאַנד שווידערט אויף צוליב זיין פּשוטן רעאַקציאָנערן כאַראַקטער. אַזאַ צוגאַנג צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע איז דאָך נישט געווען אין די צאַרישע צייטן.

עס זענען שוין אַריבער אַ פּאָר צענדליק יאָר זינט דער פירער פון די סאָוויעטישע שרייבער, סורקאָוו, האָט גערעדט וועגן די פּלענער פון אויפלעבן די יידישע קולטור. אַחוץ דעם זשורנאַל "סאָוויעטיש היימלאַנד" — איז אַלץ געבליבן כמעט ווי געווען.

סאַלאָמאָן שוואַרץ ברענגט אין זיין בוך פּאָלגנדיקע אינטערעסאַנטע ציפערן וועגן דערשינענע ביכער אין פאַרשידענע שפּראַכן אין משך פון די יאָרן 1959—1962 לויט נאַציאָנאַליטעטן :

יידן — 5 ; בוריאַטן — 255 ; יאַקוטן — 530 ; קאַבאַרדינער — 256.

ווי פּאַריתומט קולטורעל זעט אויס דאָס סאָוויעטישע יידנטום אין אָנבליק פון אָט די געבראַכטע ציפערן.

אַ לענגערע צייט האָבן די סאָוויעטישע יידן געקאָנט געניסן פון דער וואַרשעווער "פאָלקס־שטימע", אָבער פון אָנהויב יאָר 1958 איז פאַרווערט דאָס אַריינברענגען אָט די צייטונג פון פּוילן.

אין די ווייטערדיקע יאָרן האָט מען געקענט אָבסערווירן אַ נייע דערשיינונג : די יידישע קאָנצערטן, אויך יידישע מוזיק אויף דער ראַדיאָ. אָט די קאָנצערטן זענען די וויכטיקסטע דערשיינונגען אין לעבן פון די סאָוויעטישע יידן. דער דערפאָלג פון די יידישע קאָנצערטן באַווייזט, ווי שטאַרק עס איז דער ווילן ביי באַדייטנדיקע יידישע מאַסן, כאָטש געוויסע עלעמענטן פון יידישער קולטור.

עס איז זייער וויכטיק צוגעבן, אַז צו די קאָנצערטן קומט אַ באַדייטנדיקער טייל יונגע יידישע מענטשן. ווען מיר זאָלן אורטיילן לויט די ידיעות וואָס ווערן אָנגעגעבן אין "סאָוועטיש היימלאַנד" — וואַקסט די צאָל

קאָנצערטן. פון אַ סטאַבילן יידישן טעאַטער הערט מען נאָך אַלץ נישט.

* * *

ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, זענען אין ווייטערדיקן פעריאָד געקומען פאַר די יידן אין קאָמוניסטישן רוסלאַנד נאָך גרעסערע צרות, די א.ג. עקאָנאָמישע פּראָצעסן מיט טויט־שטראָף.

אין פעריאָד פון יולי 1961 ביז יאַנואַר 1963 זענען אין 51 פּראָצעסן פאַר עקאָנאָמישע פאַרברעכנס אַרויסגעטראָגן געוואָרן 104 טויט־אורטיילן, דערונטער 60 קעגן יידן, דאָס מיינט 58% פון אַלע טויט־אורטיילן. דער פּראָצענט יידן אין רוסלאַנד איז 1.08.

די שאַרפע אַנטיסעמיטישע טענדענצן אין די עקאָנאָמישע פּראָצעסן האָט גאַנץ נאַטירלעך פּסיכאָלאָגיש געשאַפן שטימונגען ביים סאָוויעטישן מענטש, אַז עס איז מעגלעך אויך אַן אָפענער און אַקטיווער אַנטיסעמיטיזם — איז נישט קיין ווונדער וואָס עס זענען געקומען אַקטן פון וואַנדאַליזם, ווי פאַרברענען סינאַגאָגן און פאַרניכטן בית־עולמס.

ווי שווער דאָס זאָל נישט זיין צו גלויבן, אָבער עס איז דאָך די טרויערדיקע סאָוויעטישעווירקלעכקייט, אַז אין די לעצטע יאָרן זענען געווען 5 פאַלן פון בלוט־בילבול, אַז יידן באַנוצן זיך מיט קריסטלעך בלוט אויף פּסח און דגל.

* * *

וועגן באַבי־יאַר איז וויכטיק צו פאַרצייכענען, אַז אין דער סאָוויעטישער פרעסע איז געווען אַ ידיעה, אַז אין יאָר 1966 וועט דאָרטן געשטעלט ווערן אַ דענקמאָל.

אין יאַנואַר 1966 איז אין קיעוו, אין קלוב פון אַרכיטעקטן, געווען אַן אויסשטעלונג פון די פּראָיעקטן, פון אַזאַ דענקמאָל.

ווי די יידישע טעלעגראַפן־אַגענטור טיילט מיט, אויפן סמך פון די פאָטאָגראַפיעס פון די צוגעשטעלטע פּראָיעקטן, זענען נישטאָ קיין סימנים, אַז די אומגעבראַכטע אין באַבי־יאַר זענען געווען יידן. בלויז אויף איין פּראָיעקט איז דאָ אַן אויפשריפט אין פיר שפּראַכן, אַריינגערעכנט אויך יידיש.

***

דער אויספיר פון מחבר וועגן דער לאַגע פון די סאָוויעטישע יידן, וועגן דעם אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד, זענען פאָלגנדיקע:

דער אומרעכט אין באַצוג צו די יידן זיך אויסלעבן רעליגיעז, שטייגט ווייט איבער אין פאַרגלייך מיט די איבריקע רעליגיעזע גרופּן.

נאָך שאַרפער קומט צום אויסדרוק דער אומרעכט לגבי די יידן אויפן געביט פון קולטור־לעבן, אין דער צייט ווען פאַר אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן זענען פאַראַן אַ סך מער מעגלעכקייטן.

נאָך ערגער איז די דיסקרימינאַציע קעגן יידן אין דער פראַגע פון בילדונג. באַזונדערס איז באַשווערט פאַר יידן אַנצוקומען אויף די אוני־ווערזיטעטן. פאַר יידן זענען פאַרמאַכט די העכערע לערן־אַנשטאַלטן, וואָס גרייטן צו טוער פאַר אויסערן־ענינים, פאַר אויסערן־האַנדל. העכערע מיליטערישע שול־אַנשטאַלטן.

דער באַקאַנטער אַמעריקאַנער זשורנאַליסט סאַלסבורי האָט נאָך אין יאָר 1959, נאָך זיינעם אַ באַזוך אין רוסלאַנד, געשריבן, אַז אין יאָר 1948 האָבן אַלע יידן־פּראָפעסאָרן געמוזט פאַרלאָזן דעם מאָסקווער אוני־ווערזיטעט.

כאַראַקטעריסטיש איז אויך דער פאַקט, וואָס יידן איז שוין נישט צו באַמערקן אויף אָנגעזעענע אַמטן, נישט אין די סאָוויעטישע און אויך נישט אין די פּאַרטייאישע אינסטיטוציעס.

אין צ. קק פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז אויף דעם 22־טן צוזאַ־מענפאָר אַריין בלויז איין ייד (דימשיץ).

די באַקאַנטע סאָוויעטישע טוערין פורצעווא, האָט אויף אַ פראַגע פון אַ זשורנאַליסטין פון דעם האַלב־קאָמוניסטישן ניו־יאָרקער זשורנאַל „נעשאָנעל גאַרדיען", וועגן דיסקרימינאַציעס קעגן יידן געענטפערט: „די סאָוויעטישע רעגירונג האָט פעסטגעשטעלט, אַז אין אייניקע מיניסטער־יומס איז אַ שטאַרקע קאָנצענטראַציע פון יידן, וואָס דערגרייכט 50 און מער פּראָצענט פון גאַנצן פּערסאָנאַל, האָט די רעגירונג אָנגענומען מיטלען פאַר אַריבערצופירן די יידן אין אַנדערע אינסטיטוציעס און אונטערנעמונגען, מיט די זעלבע גוטע באַדינגונגען".

דאָס דערמאָנט די פּראָצענט־נאָרמע פון די צאַרישע צייטן.

⁂

האַלקין איז דער איינציקער לעבנגעבליבענער פון די אָנגעזעענע ייִדישע שרייבער נאָכן פּאָגראָם אויפן ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט. דער פאַריין פון סאָוויעטישע שרייבער האָט איינגעאָרדנט אַ יובל־פּייערונג צו זיין 60־יאָריקן געבוירנטאָג. קיין איינער פון די אַנוועזנדע ייִדישע שרייבער האָט נישט באַקומען קיין וואָרט. אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום איז פאָרגעקומען אַ צונויפמעטרעף פון ייִדיש־סאָוויעטישע שרייבער אין שייכות מיט אַ באַזוך פון אויסלענדישע ייִדישע זשורנאַליסטן אין מאָסקווע. באַטייליקט האָבן זיך צוואַנציק ייִדישע שרייבער און געסט. דעם פאָרזיץ האָט געפירט האַלקין. דער עולם האָט זיך אַרומגעזעצט אַרום אַ לאַנגן טיש. געזעצט האָט מען זיך זייער ענג, איינער נעבן צווייטן, איבערלאָזנדיק איין עק טיש פריי, נישט באַזעצט.

האַלקין האָט אָנגעהויבן: חברים... און איז פאַרשוויגן געוואָרן, אַלע האָבן געוואַרט ביז ער האָט נאָך אַ לענגערער פּאַוזע, ווי ער זאָל פאַרענדיקן זיין אַריינפיר־וואָרט בלויז אין געדאַנק, — שטיל געזאָגט: "נו, חברים, לאָמיר אָנהייבן".

דער אָוונט איז נישט געווען געווידמעט די אומגעבראַכטע ייִדישע שרייבער, וועמענס פּלעצער זענען נישט געווען פאַרנומען ביים ליידיקן טייל פון לאַנגן טיש, אָבער די אַנוועזנהייט פון די אומגעבראַכטע האָט זיך געפילט אין יעדנס קוק, אין יעדנס באַוועגונג. די פאַרזאַמלונג איז געווען געווידמעט די שאַפונגען פון די לעבנגעבליבענע. אַזוי דערדריקט דאַרף מען זיך שוין פילן, אַז מען זאָל אויף אַזאַ אופן דערמאָנען די אומגעבראַכטע, וועלכע זענען דאָך שוין רעהאַביליטירט?

⁂

שוואַרץ קומט צו ווייטערדיקע אויספירונגען, אַז די ליידן צוליב אַנטיסעמיטיזם, די ליידן צוליב דיסקרימינאַציעס, האָבן געשטאַרקט די געפילן פון נאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט ביי די סאָוויעטישע ייִדן, אַפילו אין די קרייזן פון די אַסימילירטע ייִדן.

אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער יינגער יידישער גענעראַציע האָט דורכגעמאַכט אין די לעצטע יאָרן אַ טיפע גייסטיקע איבערקערעניש. ביי זיי מערקט זיך אַ שטאַרקער אינטערעס פאַר אַלע יידישע פּראָבלעמען. אַ נייע וועלט האָט זיך פּלוצים פאַר זיי אַנטפּלעקט. אין די עפנטלעכע ביבליאָטעקן טרעפט מען נישט נאָר עלטערע יידן און יידן פון מיטלעלטער, נאָר אויך יוגנט, וואָס קומט לייענען יידישע צייטונגען. די וואָס קאָנען נישט לייענען, קומען אין די ביבליאָטעקן בכדי דורך די צייטונגען זיך לערנען די יידישע שפּראַך. די יידישע געזעלשאַפט האָט זיך דערנענטערט בכדי זיך פילן מאָראַליש שטאַרקער.

עס איז כדאי צו פאַרצייכענען דעם פאַקט, אַז דער אויפשטייגנדיקער יידישער נאַציאָנאַליזם טראָגט אַ וועלטלעכן כאַראַקטער. דער נאַציאָנאַלער אויפשטייג מערקט זיך זייער שטאַרק אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור. די ליטעראַרישע אַקטיוויטעט פון די יידישע שרייבער שטייגט. עס זענען געשאַפן געוואָרן פיל בענדער פּאָעזיע, ראָמאַנען, דערציילונגען, דראַמעס. דאָס אַלץ ווארט עס זאָלן קומען די מעגלעכקייטן פון דרוקן, דערזען די ליכטיקע שיין. דערווייל זענען אָט די מעגלעכקייטן באַגרענעצט פאַר די יידיש־סאָוויעטישע שרייבער. פאַר זיי זענען אויך באַגרענעצט די מעגלעכקייטן זיך דרוקן אין דער אויסלענדישער יידישער קאָמוניסטישער פּרעסע.

ס. שוואַרץ פירט ווייטער אויס, אַז דאָס יידישע לעבן אין ראַטנפאַר־באַנד געפינט זיך איצט אין אַ מין טעמפּן ווינקל. מצד דער סאָוויעטישער רעגירונג און קאָמוניסטישער פּאַרטיי ווערט אַלץ געטאָן אין דער ריכטונג צו דערשטיקן דאָס יידישע לעבן, אָן דעמאָנסטראַטיווע אַקטן, אָן קאַנאָנאַדן אין דער פּרעסע, שטילערהייט, נאָר דערשטיקן.

מיט וואָס דערקלערט זיך אַזאַ פּאָליטיק? מיט דער מורא פאַר די סימפּאַטיעס, וואָס די סאָוויעטישע יידן האָבן פאַר דער מערב־וועלט? מיט אַ שטרעבונג צו פאַרגיטיקן די אַראַבער?

ביידע מאָמענטן שפּילן אַ וויכטיקע ראָל אין דער סאָוויעטישער אַנטי־יידישער פּאָליטיק, אָבער אָט די מאָמענטן זענען נאָך נישט גענוג צו פאַר־ענטפערן אָט די פּאָליטיק.

אין אַלעגמיין זעט אויס, אַז די דאָזיקע פּאָליטיק קומט אין רעזולטאַט פון דער אינערציע פון באַהאַלטענעם אַנטיסעמיטיזם, וועמעס וואָרצלען עס געפינען זיך אין דער סאָוויעטישער געזעלשאַפט. די אינערציע פון דער אַנטיסעמיטישער אַדמיניסטראַטיווער פּראַקטיק, וואָס איז פעסט אַריין אין שטייגער־לעבן פון סאָוויעט־רוסלאַנד נאָך אין סטאַלינס צייטן.

באַקעמפן אָט די אינערציע קאָן מען נאָר מיט מיטלען פון סיסטעמאַטישן דרוק אויף דער סאָוויעטישער געזעלשאַפטלעכער מיינונג אין לאַנד גופא, און אויך פון אויסן, דורך אַראָפּרייסן דעם רעאַקציאָנערן כאַראַקטער פון דער סאָוויעטיש־יידישער פּאָליטיק. פאַר די סאָוויעטישע יידן דאַרפן געשאַפן ווערן באַדינגונגען פון פרייער פאַרבינדונג מיט די יידן אין ישראל.

אויב דאָס וועט זיך נישט לאָזן אַדורכפירן און די איצטיקע לאַגע וועט אַזוי אָנהאַלטן אַ לענגערן היסטאָרישן פּעריאָד, מיינט דער מחבר, אַז עס שטייט פאַר פאַרן סאָוויעטישן יידנטום, אַלס נאַציע, אַ געפאַר פון אונטערגאַנג.

* *
*

דער שרייבער פון אָט דעם איבערזיכט האָט אַ סך רעספּעקט פאַר דעם מחבר סאַלאָמאָן שוואַרץ, וועלכער איז זייער גוט באַקאַנט מיט די פאַרהעלטענישן אין ראַטנפאַרבאַנד בכלל, און מיט דער סיטואַציע פון די יידן דאָרטן. אָבער עס איז שווער מסכים צו זיין מיטן פריינד שוואַרץ, ווען ער האַלט, אַז באַקעמפן די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון די סאָוויעטישע הערשער קאָן מען ערשטנס, מיט אַ סיסטעמאַטישן דרוק אויף דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג אין ראַטנפאַרבאַנד גופא, און מיט אראָפּרייסן דעם רעאַקציאָנערן כאַראַקטער פון דער סאָוויעטיש־יידישער פּאָליטיק. קאָן מען דען רעדן וועגן אַ געזעלשאַפטלעכער מיינונג אין קאָמוניסטישן רוסלאַנד ? איז אַזעלכעס, ספּעציעל אין דער יידן־פראַגע, בנמצא דאָרטן ?

די ביז איצטיקע פּראַקטיק ווייזט, אַז די קרעמל־הערשער רעכענען זיך מיט דער מיינונג פון דער פרייער וועלט. קיינמאָל נישט ביז איצט. מאַכן אויף זיי אַפילו דעם קלענסטן איינדרוק אַלע ביז איצטיקע פּראַ־

טעסטן ? ניין. און פאַרוואָס עפּעס אַ פרייע פאַרבינדונג בלויז מיט די יידן אין ישראל ?

די לאַגע פון אַלע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין רוסלאַנד איז אַ שווערע. מיר האָבן געהאַט די מעגלעכקייט דאָס צו אָבסערווירן בעת די מלחמה־יאָרן אין רוסלאַנד.

צוויי ביישפּילן: ווען איך האָב זיך געווענדעט צו די באַרופענע מאַכט־אָרגאַנען אין אוזבעקיסטאַן וועגן צוטיילן אַ לאָקאַל פאַר דער אָפּטיילונג פון דער פּוילישער אָרגאַניזאַציע, האָב איך באַקומען צוגעטיילט אַ לאָקאַל אין אַ טייל פון אַ ליידיקן מוסולמענישן מעטשעט.

ווען איך האָב זיך געווענדעט צו די זעלבע מאַכט־אָרגאַנען אין נאָמען פון דער אינסטיטוציע וווּ איך האָב געאַרבעט, וועגן אַ לאָקאַל פאַר אַ פאַך־שולע, האָבן מיר באַקומען צוגעטיילט אַ גאַנצן מוסולמענישן מעטשעט מיט פיל ווירטשאַפטלעכע געביידעס. דער מעטשעט האָט שוין געפוסטעוועט אין משך פון יאָרן.

די געשיכטע ווייסט, אַז יידן קאָנען זיך אויסלעבן פריי נאָר דאָרטן וווּ אַלע אַרומיקע פעלקער לעבן זיך אויס פריי. אַזוי לאַנג ווי אַלע פעלקער אין קאָמוניסטישן רוסלאַנד זענען פאַרשקלאַפט, ליידט דאָס יידישן פאָלק נאָך מער. די לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד קאָן זיך פאַרבעסערן נאָר דאַן ווען די לאַגע פון אַלע פעלקער דאָרטן וועט זיך פאַרבעסערן. לאָמיר האָפן, אַז דערצו וועט קומען.

# איצטיקער מצב פון די יידן אין ראַטנפאַרבאַנד

מען קאָן נישט רעדן וועגן דער איצטיקער לאַגע פון די יידן אין רוס־לאַנד אויב מען פירט נישט אונטער אַ געוויסן סך־הכל פון דעם וואָס עס איז דאָרט פאָרגעקומען.

מיר וועלן זיך אויך איצט נישט אָפּשטעלן דאָ אויף אַלע אַספּעקטן פון יידישן לעבן זינט דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אָבער איינציקע וויכטיקע מאָמענטן וועלן מיר באַרירן.

יידן האָבן געליטן מער ווי אַלע אַנדערע סאָוויעטישע מענטשן. יידן האָבן געליטן ווי יידן. זיי האָבן פאַרלוירן די מעגלעכקייט צו אַרבעטן ווי זעלבשטענדיקע בעלי־מלאכות, סוחרים, פאַבריקאַנטן. יידן האָבן געליטן פון פּאָגראָמען. יידן האָבן באַזונדערס שטאַרק געליטן פון דער יעווסעקציע, פון די יידישע קאָמוניסטן.

אין ווייטערדיקן פּעריאָד האָבן יידן זיך אַרויסגערוקט אויף וויכטיקע פּאָזיציעס אין אַלע געביטן אַ דאַנק זייערע פעיקייטן, אינטעליגענץ, און דער עיקר, ווייל מען האָט זיי באַדאַרפט האָבן.

אין יענע יאָרן האָט אין ראַטנפאַרבאַנד עקזיסטירט אַ ברייטע נעץ פון יידישע קולטור־אינסטיטוציעס, פאַרלאַגן, טעגלעכע צייטונגען, יידישע שולן, טעאַטער. דער פּעריאָד האָט זיך געצויגן ביזן יאָר 1937 — ווען עס האָבן זיך אָנגעהייבן בימי סטאַלין די גרויסע "טשיסטקעס" פון וועלכע יידן זענען פּראָפּאָרציאָנעל געווען די גרעסטע צאָל קרבנות.

צוזאַמען מיט די ליקווידירטע יידן בעת די "טשיסטקעס" זענען במילא אויך ליקווידירט געוואָרן די יידישע קולטור־אינסטיטוציעס. מען קאָן זאָגן, אַז נאָך די גרויזאַמע "טשיסטקעס", נאָך דער א.ג. "יעזשאָווטשינע", איז אויף דער פריי נישט געבליבן קיין איין אויטאָריטעטער נאָמען אין יידיש־געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן.

לויט דער ציילונג פון יאַנואַר 1939, האָבן אין רוסלאַנד געלעבט דריי מיליאָן מיט 20 טויזנט יידן. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אין דער רויטער אַרמיי געווען אַ האַלבער מיליאָן יידן, וואָס איז אַ גאַנץ באַדיי־טנדיקע צאָל אין דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. אויך לויט דער צאָל פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן זענען די יידן אויפן עלפטן אָרט און זענען געווען אויפן פערטן אָרט לויט דער צאָל באַקומענע הויכע מיליטערישע אויסצייכענונגען בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה.

היינט רעדט מען נישט וועגן דעם מאָמענט. מען האָט דאָס אינגאַנצן פאַרגעסן.

אַלס געליטענע בעת דער מלחמה, זענען יידן געשטאַנען גאָר אויפן ערשטן אָרט. אויף די דורך די דייטשן אָקופּירטע געביטן שוין אַריינגע־רעכנט די פּוילישע געביטן ליטע, לאַטוויע, עסטאָניע, בעסאַראַביע, בוקאָ־ווינע און וואָלין, האָבןביים אויסברוך פון דער דייטשיש־רוסישער מלחמה, אין יאָר 1941 געלעבט 4 מיליאָן יידן. צוליב דעם סטאַלין־היטלער־פּאַקט האָט די סאָוויעטישע פּרעסע מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט די דיי־טשע רציחות און מערדערייען איבער די יידן. פאַר די סאָוויעטישע יידן איז די פּאַקטישע לאַגע אַלס כלל כמעט אין גאַנצן נישט געווען באַקאַנט. קיין אָרגאַניזירטע עוואַקואַציע האָט נישט עקזיסטירט. אַוודאי נישט פאַר יידן.

אין שפּעטערדיקן פּעריאָד האָט מען בלויז עוואַקואירט פאַבריקן מיט די מאַשינען און די ספּעציאַליסטן־אַרבעטער.

דער גורל פון די יידן אויף די אָקופּירטע סאָוויעטישע טעריטאָריעס איז געווען אַ געחתמעטער. דערצו האָבן אַ טייל, ספּעציעל די אוקראַינער, צוגעהאָלפן אומברענגען די יידן.

דערפאַר אָבער האָט די נ.ק.וו.ד. דעפּאָרטירט און פאַרשיקט אין די לאַגערן צענדליקער טויזנטער פּוילישע יידן, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון היטלערס גיהנום, און זיך געפונען אויף דער פּוילישער טעריטאָריע, אָקופּירטע דורך דער רויטער אַרמיי, צווישן זיי ערליך און אַלטער, וועלכע זענען שפּעטער אומגעבראַכט געוואָרן.

אין די קאָמוניקאַטן ביים סוף פון דער מלחמה, און ביים באַפרייען די טעריטאָריעס פון די דייטשן, זענען קיינמאָל נישט אָנגעגעבן געוואָרן

די דייטשע רציחות איבער יידן. אין די קאָמוניקאַטן פלעגן אָנגעגעבן ווערן אַלע נאַציאָנאַליטעטן פון ראַטנפאַרבאַנד, אָדער גלאַט סאָוויעטישע בירגער, אָבער זעלטן ווען זענען דערמאָנט געוואָרן אויך יידן.

נאָך דער מלחמה איז געקומען די אָפענע, ווילדע אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון סטאַלינען. אין יאָר 1948 — דאָס ליקווידירן דעם יידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט, די אַרעסטן פון זיינע פירער; אין יאָר 1952 — דאָס אומברענגען די יידישע סאָוויעטישע שרייבער און קולטור־טוער, דאָס פאַרמאַכן די צייטונג "די אייניקייט", נאָך פריער, אין יאָרן 1951 — די אַקציע קעגן די אַ. ג. "קאָסמאָפּאָליטן" און "פּאַספּאָרטלאָזע בראָדיאַגעס", בעת מען האָט דעשיפרירט די רוסיש־קלינגענדיקע פּסעוודאָנימען פון יידי־שע שרייבער און זשורנאַליסטן אין דער אַלגעמיינער רוסישער ליטעראַטור, די אינטעלעקטואַלן.

נאָך סטאַלינס טויט איז די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פאָרגעזעצט גע־וואָרן דורך כרושטשאָוון. כרושטשאָוו אַליין האָט דאָס זייער קלאָר אַרויס־געבראַכט בעת זיינע געשפּרעכן מיט די דעלעגאַציעס פון דער קאַנאַדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פון פראַנקרייך. ער האָט קלאָר אונטערגעשטראָכן, אַז איצט האָבן מיר שוין אַן אייגענע רוסישע אינטעליגענץ, מיר דאַרפן נישט מער קיין יידן. דאָס זעלבע האָט געזאָגט די קולטור־מיניסטערשע פורצעוואַ.

נאָך אין די מלחמה־יאָרן האָבן יידן אַליין אָנגעהויבן זיך דערווייטערן פון די פירנדיקע פּאָזיציעס, איבערהויפּט אין דער אַרמיי און אין דער פּאַרטיי. יידן זענען במילא אַוועק אין דער אינדוסטריע און אין די האַנדלס־אונטערנעמונגען, דעריבער אַזאַ גרויסער פּראָצענט יידן־קרבנות אין פער־יאָד פון די אַ. ג. "עקאָנאָמישע פּראָצעסן".

עס איז כדאי צו דערמאָנען אַן איבעריק מאָל דאָס טרויעריקע קאַפּיטל קרים, די געגנט, וואָס איז נאָך דער מלחמה נישט געווען באַזעצט, ווייל בעת דער מלחמה איז די אָרטיקע באַפעלקערונג, די קרימער טאַטאַרן, פאַרשיקט געוואָרן קיין מיטל־אַזיע.

אויפן פאָרשלאַג פון מיכאָעלס און לאָזאָווסקי, אַלס די פאָרשטייער פון יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט, האָט סטאַלין אַקצעפּטירט דאָס באַזעצן

יידן אויף ערד־אַרבעט אין קרים. פון דעם פּלאַן האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בלוטיקער סוף. מיכאָעלסן און לאַזאָווסקין האָט מען אומגעבראַכט, און מיטן באַזעצן יידן אין קרים איז דער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט געווען אויסן אין פּערספּעקטיוו אָפּצורייסן כלומרשט קרים פון רוסלאַנד אין די אינטערעסן פון אַמעריקאַנער שפּיאָנאַזש אין פאַל פון אַ מלחמה מיט אַמעריקע.

בכדי אונטערצושטרייכן די לאַגע פון די סאָוויעטישע יידן, איז נייטיק אויך צו דערמאָנען דאָס קאַפּיטל ביראָבידזשאַן.

אין יאָר 1964 איז דערשינען אין מאָסקווע אַ נעבעכדיק ביכל "אַזוי לעבן מיר", דאָס מיינט מ י ר, די סאָוויעטישע יידן, אַרויסגעגעבן פון "סאָ־וועטיש היימלאַנד" צוו. אַנד. מיט רעפּאָרטאַזשן פון ביראָבידזשאַן, מיט לויב־געזאַנגען.

אַחוץ דעם שילד אויף דער באַן־סטאַציע אין יידיש, איז קיין שפּור פון קיין יידישער אויטאָנאָמער געגנט דאָרט נישט פאַרבליבן. יידן מאַכן אויס דאָרטן נישט קיין פולע 9 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקע־רונג. בסך־הכל 14 טויזנט יידן.

דער "ביראָבידזשאַנער שטערן" דערשיינט 3 מאָל אַ וואָך אין טויזנט עקזעמפּליאַרן. עס זענען פאַראַן ידיעות, אַז לעצטנס האָט זיך דער טיראַזש פאַרגרעסערט ביז 12 טויזנט, און אַז מען קאָן די צייטונג באַקומען אין ווילנע, מינסק און אַנדערע שטעט. די צייטונג איז פּאַקטיש אַ קאָפּיע פון דער אָרטיקער רוסישער צייטונג.

* * *

אויפן רעליגיעזן געביט: מיר וועלן נישט דערמאָנען די פּאָגראָמען אויף די "חדרים" און ישיבות, שולן און בתי־מדרשים, וועלכע זענען דורכגעפירט געוואָרן אין די צוואַנציקער יאָרן, איבערהויפּט דורך די יידישע קאָמוניסטן.

דער "יודאַיזם", ווי מען באַצייכנט דאָס אין ראַטנפאַרבאַנד, ווערט דיס־קרימינירט מער ווי אַלע אַנדערע רעליגיעס. די יידן געניסן נישט פון דעם ביסל רעכט, ווי עס געניסן די איבעריקע רעליגיעס. די רבנים און די סינאַגאָגעס איז נישט דערלויבט דאָס וואָס עס איז דערלויבט דעם

רוסישן פּראַוואָסלאַוונעם הייליקן סינאָד. אויך נישט דאָס וואָס עס איז דערלויבט דעם אַלסאָוויעטישן פֿאַרבאַנד פון די קריסטן עוואַנגעליסטן־באַפּטיסטן; דעם נאַציאָנאַלן אָרגאַן פון אַרמענישן קלויסטער; לוטעראַנישן קלויסטער; מוסולמענישן ראַט אין מיטל־אַזיע — זיי אַלע האָבן די רעכט אַרויסצוגעבן זשורנאַלן, געבעט־ביכער, די ביבל, דעם קאָראַן. יידן אָבער איז דאָס אַלץ פֿאַרבאָטן.

זינט די צוואַנציקער יאָרן זענען נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן קיין שום סידורים. אין יאָר 1958 איז געדרוקט געוואָרן אַ סידור אין דריי טויזנט קאָפּיעס. די יידן פילן שטאַרק דעם מאַנגל אין אַ לוח, עס איז נישט דער־לויבט אויסצואַרבעטן קיין טליתים, מזוזות.

אויף 40 מיליאָן פּראַוואָסלאַוונע סאָוויעטישע בירגער עקזיסטירן 20 טויזנט קלויסטערס, 35 טויזנט גלחים, 70 מאָנאַסטירן; פֿאַר 3 מיליאָן באַפּטיסטן זענען דאָ 6 טויזנט געמיינדעס. אויף מינימום אַ האַלבן מיליאָן רעליגיעזע יידן זענען אין ראַטנפֿאַרבאַנד פֿאַראַן אַרום 70 סינאַגאָגעס. דער פּראַוואָסלאַוונער קלויסטער האָט 2 רעליגיעזע אַקאַדעמיעס און 5 סעמינאַרן, וווּ מען גרייט צו גלחים. די איבעריקע רעליגיעזע געמיינדעס אויך דאָס זעלבע. די יידן איז נישט דערלויבט קיין ישיבות, און אין גאַנצן ראַטנפֿאַר־באַנד זענען דאָ אַרום 70 רבנים. זייער עלטער איז אַרום 70־80. לויט די פֿאָרויסזאָגונגען קאָן אין אַ געוויסער קורצער צייט אַרום אין ראַטנפֿאַר־באַנד נישט זיין קיין איין ייד, וואָס וועט זיין באַקאַנט מיט די יידישע רעלי־גיעזע מנהגים און מיטן יידישן רעליגיעזן ריטואַל, ווייל מען דערשטיקט און מען דערדריקט דאָרט דאָס אַלץ.

די אַמעריקאַנער יידישע אָרגאַניזאַציעס זענען שטאַרק צופרידן, וואָס נאָך דעם באַזוך פון מאָסקווער רב לעווין, האָבן זיי באַקומען אַ דערלויי־בעניש איבערצושיקן אַ ביסל כלי־קודש. ערשטנס, איז דאָס אַ טראָפּן אין ים. עס איז נישט קלאָר וואָס האָט באַווירקט מאָסקווע, אַז זי זאָל געבן אַזאַ דערלויבעניש, נאָר קיין ענדערונג צום בעסערן אין יידישן רעליגיעזן לעבן וועט דאָס נישט ברענגען.

אין אַלגעמיין, לעבן די רעליגיעזע יידן ווי מאַראַנען. מיר ווייסן אַלע וואָס עס קומט פֿאָר שמחת־תורה ביי דער מאָסקווער שול. טויזנטער יידישע

יוגנטלעכע קומען אַהין, טאַנצן, זינגען, אָבער די פּאָליציי האַלט אויף דעם אָן אויג.

טײלוויז ווערט אויך אַזעלכעס טאָלערירט אין לענינגראַד. אין דעם אינטערעס פון דער יידישער יוגנט דאָמינירט דאָ נישט אַזוי פיל דער רעליגיעזער מאָמענט, ווי עס דערוועקט זיך אין זיי דאָס פּינטעלע ייד. דערביי קומט אויך צום אויסדרוק דער פּראָטעסט קעגן דער דיקטאַטור בכלל.

עס איז נישט אין גאַנצן קלאָר צוליב וואָס דערלויבט דאָס די מאַכט בלויז אין מאָסקווע, אָדער אין לענינגראַד, סיידן אין די שטעט זענען אַלע מאָל פאַראַן אויסלענדער. וואָרום דאָס זעלביקע ווערט נישט דערלויבט אין אַזעלכע שטעט ווי קיעוו, אָדעס און אַנד.

לעצטנס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן געטאָ־אַקאַדעמיעס, למשל, אין די שטעט ווי טאַלין, ריגע און קאָוונע.

איך גלויב נישט שטאַרק, אַז די פּראָטעסטן פון די יידן אין דער גאָרער וועלט קעגן די רדיפות אויף די יידן אין רוסלאַנד, מאַכן אויף די קרעמל־הערשער דעם קלענסטן איינדרוק. זיי האָבן זיך זייער סיסטעם און טוען וואָס זיי ווילן, און וואָס עס ליגט אין זייער פּאָליטישן אינטערעס. איך גלויב נישט, אַז זיי רעכענען זיך מיט דער מיינונג פון דער מערב־וועלט.

ווי זעט דאָס אויס אויפן געביט פון דער יידישער ליטעראַטור און קולטור? במשך די גרויזאַמע "טשיסטקעס" אין די יאָרן 1937־1938 האָט די יידישע ליטעראַטור געליטן גרויסע קרבנות, מען האָט באַשולדיקט די יידישע שרייבער אין טראָצקיזם, בונדיזם, שונאים פון פאָלק א. ד. גל.

טראַגישע צייט האָבן איבערגעלעבט די רעשטלעך פון די יידישע שרייבער אין פּעריאָד פון סטאַלין־היטלער־פּאַקט. די יידישע שרייבער האָבן געוווסט וואָס עס קומט פאָר אינעם אָקופּירטן פּוילן. זיי זענען אָבער געווען געצוווּנגען צו שווייגן. און ווען דער יונגער דיכטער זעליק אַקסעלראָד האָט זיך נישט באַהערשט און אויסגעדריקט זיינע געפילן — האָט ער באַקומען אַ קויל אין קאָפּ.

היינט־צו־טאָג דערשיינט חודשלעך דער זשורנאַל "סאָוועטיש היימלאַנד". לויט ידיעות ווערט דער זשורנאַל געדרוקט אין 25 טויזנט

עקזעמפּליאַרן, אָבער עס שטעלט זיך די פראַגע, פאַרוואָס איז דער זשורנאַל אַן אויסנאַם פון אַלע קאָמוניסטישע אויסגאַבן, אויף וועלכע עס ווערט אַלע מאָל אָנגעגעבן דער טיראַזש? ״סאָוועטיש היימלאַנד״ איז אַן אויסנאַם, דער טיראַזש ווערט נישט אָנגעגעבן, דאַרף מען זיי גלויבן אויפן וואָרט.

אַ פאַקט איז, אַז דער זשורנאַל ווערט אַממערסטן פאַרשפּרייט אין אויסלאַנד. אין אָקטאָבער־נומער ווערט איבערגעגעבן, אַז דער זשורנאַל האָט לייענער אין 30 לענדער איבער דער וועלט, אַחוץ דעם ראַטנפאַרבאַנד.

דער אינהאַלט — אַחוץ אויסנאַמען, ווי די ראָמאַנען ״ערד״, ״ערב״ און נאָך איינצלנע דערציילונגען, דאַרף מען זיך אָנטאָן אַ כוח לייענען דעם זשורנאַל.

לעצטנס נאָטירט דער זשורנאַל די יידישע פרעסע, יידישע אויסגאַבן אויף דער וועלט. ״סאָוועטיש היימלאַנד״ רופט זיך אָפּ מיט קריטיק, אָבער אין אַ קאָרעקטן טאָן, זיי זידלען נישט און פאַלן נישט אָן.

אָנהייבנדיק פון יאָר 1966 פאַרגרעסערט דער זשורנאַל די ידיעות וועגן יידישן לעבן אין דער מערב־וועלט, צ.ב. זיי האָבן צווישן אַנדערע פאַרצייכנט דעם 70־יאָריקן געבוירנטאָג פון יעקב גלאַטשטיין, ד״ר וויינרייך און שלמה ביקל. עס איז געווען אַ גרעסערע פּאָזיטיווע אָפּהאַנדלונג וועגן ״ייוואָ״, איבערגעדרוקט פון דער ניו־יאָרקער ״מאָרגן־פרייהייט״.

אין ראַטנפאַרבאַנד זענען דערשינען אַ צאָל ביכער פון די אומגעבראַכטע יידישע שרייבער, אויך פון שלום־עליכם, און איבערזעצונגען פון פאַר־שידענע שפּראַכן פון די פעלקער אין ראַטנפאַרבאַנד, אין הויכע טיראַזשן.

עס זענען דערשינען 2 ביכער — ״אַזוי לעבן מיר״ און אַ בוך פּאָעזיע ״האָריזאָנטן״. עס זענען דערשינען נאָך 9 ביכער פון יידיש־סאָוויעטישע שרייבער אין יידיש, אָבער מערסטנטייל איבערגעדרוקטע אַלטע אויסגאַבן פון די אומגעבראַכטע שרייבער. לעצטנס האָט זיך אויך דאָס אָפּגעשטעלט.

אין ראַטנפאַרבאַנד לעבן אַרום הונדערט יידישע שרייבער. עס וואַנדערן איבערן לאַנד קליינע גרופּן פון אַרטיסטן־ליבהאָבער, מערסטנטייל מיט יידישן פאָלקס־געזאַנג, וואָס האָבן גרויס דערפאָלג, אָבער וועגן אַ סטאַבילן יידישן טעאַטער הערט מען נישט.

אין נאָוועמבער־נומער איז אָנגעגעבן, אַז ״די רעגירונג האָט אונדז

געגעבן אַלע מעגלעכקייטן צו אָרגאַניזירן אַ גרויסן יידישן טעאַטער... אָבער אויפבויען אַ סטאַבילן טעאַטער איז נישט קיין אויפגאַבע פון איין טאָג..."

קיין יידישע צייטונג איז נישטאָ, און קיין סימנים, אַז אין דער נאָענט־סטער צייט זאָל אַזאַ צייטונג דערשיינען.

פאַר די לעבן־געבליבענע און פאַר דער יונגער גענעראַציע יידישע שרייבער איז די איינציקע טריבונע "סאָוועטיש היימלאַנד". דער זשורנאַל איז אַ מין אַדרעס און רעפּרעזענטאַנץ פון דעם סאָוויעטישן געזעלשאַפט־לעכן לעבן אין רוסלאַנד. יידישע שולן איז בלויז אַ חלום.

אין אָקטאָבער־נומער איז דאָ אַ נאָטיץ, אַז פון יאַנואַר 1969 פירט די רעדאַקציע איין אַן אָפּטיילונג אין וועלכער עס וועלן פון נומער צו נומער געדרוקט ווערן פּאָפּולערע הילפס־מאַטעריאַלן צום דערלערנען די יידישע שפּראַך. דער רעדאַקטאָר אהרן ווערגעליס האָט אין יאָר 1964 געשריבן, אַז די יידן אין ראַטנפאַרבאַנד נויטיקן זיך נישט אין קיין קולטורעלער אויטאָנאָמיע. זייענדיק אין לאָנדאָן האָט ווערגעליס געמאָלדן, אַז די רעדאַקציע האָט בדעה עפענען אַ רוסישע אָפּטיילונג אין זשורנאַל פאַר די סאָוויעטישע יידן, וואָס רעדן נישט קיין יידיש.

אין דער מוזיקאַלישער וועלט טיילן זיך שטאַרק אויס די סאָוויעטישע ווירטואָזן־פידלער, פּיאַניסטן, וויאָלאָנטשעליסטן, יידן ווי דוד און איגאָר אויסטראַך, עמיל גילעלס, לעאָניד קאַגאַן, וולאַדימיר אשכנזי, און פיל אַנדערע פון דער יונגער גענעראַציע. זיי־אַלע זענען וועלט־באַרימט. דאָס זעלבע צווישן דיריגענטן און קאָמפּאָזיטאָרן. זיי ברענגען רום און כבוד דעם ראַטנפאַרבאַנד, מען דאַרף זיי האָבן. זיי געניסן פון אַלע מעגלעכע פּריווילעגיעס. די דערמאָנטע מוזיקער זענען וואַרשיינלעך נישט צו שטאַרק פאַרבונדן מיט דער יידישער וועלט.

אין דער אַלגעמיינער סאָוויעטישער ליטעראַטור פאַרנעמען יידן אַ וויכטיקן פּלאַץ, אָבער אַלס כלל איז דאָס אַן אַסימילירטער עלעמענט. זעלטן ווען האָבן זיי אין זייערע שאַפונגען געבראַכט צום אויסדרוק דעם יידישן מאָמענט. עס זענען אָבער פאַראַן אויסנאַמען. אויך אין דער הינזיכט האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די פאַרבינדונג מיטן יידנטום איז ביי זיי אינגאַנצן

איבערגעריסן, נאָר עפּעס אין אַ געוויסן מאָמענט האָט אַ יידיש פּלעמעלע זיך אָנגעצונדן. ווי אַ ביישפּיל קאָנען דינען אַפּילו איליאַ ערענבורג, וויקטאָר שקלאָווסקי, דער סאַמע יידישיסטער צווישן זיי, איז געווען איסאַק באַבעל.

יידן־וויסנשאַפטסלייט האָבן אין ראַטנפאַרבאַנד אַלע יאָרן פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ. נאָר די ״טשיסטקעס״ האָבן אויך זיי נישט אויסגעמיטן.

נאָך סטאַלינס טויט, אין יאָר 1953, איז דער סאָוויעטישער אַנטי־סעמיטיזם נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן, ווי אויך די דיסקרימינאַציעס קעגן די יידן. אָבער מען דאַרף אָנערקענען, אַז צווישן די וויסנשאַפטסלייט, אַקאַדעמיקער און פּראָפעסאָרן איז די צאָל יידן גאַנץ באַדייטנדיק.

אין יאָר 1964 האָבן אַ גרעסערע צאָל יידן וויסנשאַפטסלייט באַקומען די לענין־פּרעמיע. צווישן די יידן־וויסנשאַפטסלייט זענען דאָ אָנגעזעענסטע מאַטעמאַטיקער, פיזיקער, כעמיקער, אַסטראָנאָמען. אויך אין דער אַטאָם־וויסנשאַפט איז זייער צאָל גאַנץ באַדייטנדיק, און ווידער דאָס זעלבע: מען דאַרף האָבן אָט די יידן, האַלט מען זיי און זיי געניסן פון אַלע מעגלעכע פּריווילעגיעס.

יידן־סטודענטן אין די אוניווערזיטעטן: נישט אָפיציעל, אָבער פאַקטיש עקזיסטירט אַ פּראָצענט־נאָרמע פאַר יידן. דורכשניטלעכע יידישע סטודענטן זענען אַלע מאָל אויפן צווייטן און דריטן אָרט ביים אָנגענומען ווערן אויפן אוניווערזיטעט. נאָר גאָר פעיִקע האָבן שאַנסן אָנגענומען צו ווערן אָן שוועריקייטן. ספּעציעל פעיִקע מאַטעמאַטיקער, פיזיקער. פאַר אַזעלכע זענען אָפן די טירן אין הויכשולן, ווייל אַזעלכע דאַרף מען איצט האָבן, און בשעת די אַלגעמיינע צאָל סטודענטן פאַרגרעסערט זיך — פאַרקלענערט זיך כסדר פּראָצענטועל די צאָל יידישע סטודענטן.

ווי עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן, האָבן יידן אַליין זיך דערוויטערט פון פירנדיקע פּאָזיציעס, אין דער אַרמיי און אין דער פּאַרטיי, און אַריבער אין דער אינדוסטריע און האַנדל, אָבער אויך אויף די געביטן קאָנען יידן נישט צוקומען צו הויכע פּאָזיציעס. זיי ווערן פּשוט נישט צוגעלאָזט און מוזן זיך צופרידנשטעלן מיט נידעריקערע אַמטן, ווייניקער געצאָלטע. במילא רופט זיך דאָס אָפּ אויף זייער מאַטעריעלן מצב.

אין דער אינדוסטריע און האַנדל זענען צוגעקומען געגנוג מענטשן פון דער יונגער גענעראַציע נישט יידן, וועלכע פאַרנעמען די הויכע פּאָזיציעס אַלס דירעקטאָרן און הויפּט־אינזשעניערן.

די יידן באַקומען נישט קיין הויכע פּאָזיציעס, אַפילו ווען עס קומט זיי לויט זייער סטאַזש.

אַגב, די רוסן דאָמינירן אויף אַלע וויכטיקע פּאָזיציעס אַפילו אין אַנדערע רעפּובליקן פון פאַרבאַנד. דער דיפּלאָמאַטישער דינסט איז אַב־סאָלוט אויסגעליידיקט פון יידן, וועגן דעם האָט אַפילו געשריבן די ניו־יאָרקער "מאָרגן־פרייהייט". אין דער אַרמיי האַלטן זיך נאָך פון די פריערדיקע יאָרן עטלעכע לעבן־געבליבענע אַלטע גענעראַלן — יידן.

צווישן 2 מיליאָן מיטגלידער אין די סאָוויעטן איבערן לאַנד זענען דאָ בסך־הכל קנאַפּע 8 טויזנט יידן. צווישן 1443 מיטגלידער פון העכסטן סאָוויעט צוזאַמען מיטן א. ג. פאַרלאַמענט, געפינען זיך קוים 5 יידן.

צוליב דעם וואָס די "פּראַוודאַ", און "איזוועסטיאַ" קומען אָן אין אויסלאַנד, איז די סאָוויעטישע רעגירונג נישט פאַראינטערעסירט, אַז אויף די שפּאַלטן פון די דערמאָנטע צייטונגען זאָלן אָפּט קומען צום אויסדרוק אַנטיסעמיטישע אַרטיקלען. די אַרבעט ווערט סיסטעמאַטיש געטאָן דורך דער פּרעסע אין די אַלע רעפּובליקן.

אין לאָנדאָן דערשיינען פּעריאָדישע אויסגאַבן פון אַ. ג. "קאָנטעמ־פּאָראַרי דזשואיש לייברערי" (היינטצייטיקע יידישע ביבליאָטעק) א. נ. "יידן און דאָס יידישע פאָלק". דאָרטן ווערן כסדר געבראַכט פאָטאָסטאַטן פון דער סאָוויעטישער פּרעסע איבערן לאַנד, אין פאַרשידענע שפּראַכן, מיט אַרטיקלען וועגן יידישע פראַגן, בדרך כלל אַנטיסעמיטישע.

אין איין זאַמלונג אַזעלכער האָב איך אָנגעציילט 67 אַרטיקלען פון 31 צייטונגען, אַחוץ פון "פּראַוודאַ" און "איזוועסטיאַ". די אַרטיקלען זענען פול מיט אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע. יודאַאיזם ווערט געפּאָרט מיט ציוניזם און ביי דער געלעגנהייט ווערט שטענדיק געפירט אַ ווילדע העצע קעגן מדינת־ישראל, קעגן ציוניזם, וואָס מיינט קעגן יידן.

סך־הכל: די מיליאָנען יידן אין ראַטנפאַרבאַנד וועגיטירן. די אַסימי־לאַציע איז גוואַלדיק גרויס און שטאַרק. געמישטע חתונות — אַ מאַסן־

דערשיינונג. די יידן זענען אָפּגעריסן פון דער יידישער וועלט.

עס איז אַן אַלטער אמת, אַז יידן קאָנען זיך פריי אויסלעבן נאָר דאָרטן, נאָר אין אַזאַ אַטמאָספער, ווען אַלע אַרומיקע פעלקער לעבן זיך אויס פריי. אין ראַטנפאַרבאַנד זענען פאַרשקלאָפט אַלע פעלקער. עס לעבט אין ווילשטאַנד, בלויז אַ פריווילעגירטער קלאַס טעכנאָקראַטן.

דער אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד איז אַ טיף איינגעוואָרצלטער און דרינגט אַריין אין די מוחות פון אַלע שיכטן פון דער סאָוויעטישער באַפעל־קערונג. די מלחמה־יאָרן האָבן דעם אַנטיסעמיטיזם פאַרשטאַרקט. דאָס אַנטשטיין פון מדינת־ישראל איז געקומען ווי אַ נייער פּאָליטישער סטימול פאַר סאָוויעטישער שנאה צו יידן און יידנטום. מיר דאַרפן ווידער אונטערשטרייכן מיט דער גאַנצער קאַטעגאָרישקייט, אַז אין ראַטנפאַר־באַנד אין קיינמאָל נישט געפירט געוואָרן קיין אַקטיווער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם.

וואָס זענען די פערספּעקטיוון ? שווער פאָרויסצוזאָגן. מען קען בלויז האָפן, אַז אויב אין דער צוקונפט, וועט אַרונטער פון דער אַרענע דער עלעמענט אַלטע באָלשעוויקעס־סטאַליניסטן, און די יונגע גענעראַציע, וועלכע רעוואָלטירט שוין איצט, וועט איבערנעמען די מאַכט־פּאָזיציעס, דעמאָלט, אונטער דעם דרוק פון דער יונגער סאָוויעטישער אינטעליגענץ, קענען פאָרקומען ענדערונגען צום בעסערן פאַר אַלע סאָוויעטישע מענטשן, און אפשר, ביי די געענדערטע באַדינגונגען וועלן אויך די יידן אין ראַטנ־פאַרבאַנד אָפּאָטעמען פרייער.

## מאָרד איבער די יידישע שרייבער

אין אַ לאַנד, ווו עס הערשט אַ רעזשים, ווו מיליאָנען מענטשן ווערן אומגעבראַכט, און מען ווייסט נישט, ווו און ווען זיי ווערן פאַרשוווּנדן. ווען זייערע פרויען און קינדער ווערן אַרויסגעריסן פון זייערע היימען און ווערן פאַרשיקט אין די ווייטסטע געגנטן פון גרויסן רוסלאַנד. — ביי אַזאַ רעזשים איז שווער פעסטצושטעלן גענוי די דאַטע ווען דער באַטרעפנדיקער איז אומגעבראַכט געוואָרן.

מיר נעמען אָן דאָס יאָר 1948, ווייל דאַן איז שוין געווען דער סיגנאַל צו ליקווידירן די עקזיסטירנדיקע יידישע אינסטיטוציעס אין רוסלאַנד, פאַרמאַכן די יידישע ביכער־פאַרלאַגן, ליקווידירן די יידישע טעאַטערס, יידישע שולן, יידישע פּרעסע.

די פאַרשידענע ידיעות וועגן די אויסגעמאָרדעטע יידישע שרייבער, האָבן זיך געטראָגן פון רוסלאַנד שוין יאָרן לאַנג. נאָך סטאַלינס טויט איז דער אומגלויבלעכער פאַקט באַשטעטיקט געוואָרן דורך די קאָמוניסטן גופא.

די טאָטאַלע ליקווידאַציע פון דער יידישער קולטור איז אַ פאַקט. עס איז נישט געווען קיין צופאַל. עס איז געווען אַ לאַנג־געפּלאַנטע, אין פאַר־לויף פון יאָרן אָרגאַניזירטע ליקווידאַציע פון דער יידישער קולטור. אַ גייסטיקע ליקווידאַציע פון יידן אין רוסלאַנד. דער מאַסן־מאָרד איז געווען געפּלאַנט און גענוי אויסגעפירט. עס איז נישט געווען סתם אַ שיודערלע־כער מאָרד. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון בלוטיקן אַנטיסעמיטיזם, מיט וועלכן עס זענען דורכגעפּרעסן די קאָמוניסטישע פירער אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

לויט געזאַמלטע ידיעות, זענען אין רוסלאַנד אויסגעמאָרדעט געוואָרן: 238 יידישע שרייבער, 87 מאָלער, 99 אַרטיסטן, 19 מוזיקער, בס״ה 443 יידן. אַ מוראדיקער סך־הכל.

צווישן די אומגעבראַכטע זענען: דוד בערגלסאָן, פּרץ מאַרקיש, משה קולבאַק, אי. כאַריק, א. קושניראָוו, אי. פעפער, ש. מיכאָעלס און אַנדערע.

מיר דערמאָנען די נעמען, הגם זיי זענען שוין ווייט אָוועק פון די אמתע אינטערעסן פון יידישן פאָלק. זיי זענען געווען די געטרייסטע דינער פון דעם בלוטיקסטן רעזשים. אָט דעם דאָזיקן רעזשים — האָבן זיי טריי געדינט.

דער קאָמוניסטישער סיסטעם האָט זיי דערפירט צו אַ צושטאַנד פון נישט קיין פולע מענטשן. זיי זענען אָבער אומגעבראַכט געוואָרן אַלס יידן.

צום וויפלסטן יאָרטאָג פון מאָרד איבער הונדערטער יידישע שרייבער און קולטור־טוער אין רוסלאַנד, דריקן מיר אויס אונדזער צאָרן קעגן אַזאַ רעזשים. דאָס קאָן מיט גאָרנישט פאַרגיטיקט ווערן און מען טאָר עס קיינ־מאָל נישט מוחל זיין!

# ביראָבידזשאַן און די יידן

(קניגאַ אָ רוסקאָם יעוורעיסטווע, 1917 — 1967)

אין יאָר 1960 האָט דער פאַריין פון רוסישע יידן אַרויסגעלאָזט אַ בוך האָבן די אַרויסגעבער זיך געשטעלט די אויפגאַבע באַקענען דעם 1860 — 1917.

אין יאָר 1960 איז דאָס בוך דערשינען אויך אין ענגליש. מיטן ערשטן בוך האָבן די אַרויסגעבער זיך געשטעלט די אויפגאַבע באַקאַנען דעם לייענער מיט פאַקטן און מאַטעריאַלן וועגן רוסישן פאַר־רעוואָלוציאָנערן פעריאָד.

אין דעם ערשטן בוך האָבן זיך מיט זייערע אַרטיקלען באַטייליקט 22 באַקאַנטע פאַר דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער און שרייבער, ווי גאָלדענווייזער, יעקב לעשטשינסקי, גריגאָרי אַראָנסאָן, דער ישראל פרעזידענט בן־צבי, אַשעראָוויטש, א. מענעס א״אַנד.

די דאָזיקע אויסגאַבע איז אַ קאָלעקטיווע אַרבעט פון 17 שרייבער מיט 24 אַרטיקלען און איז אַ פאָרזעצונג פון ערשטן בוך, געווידמעט פופציק יאָר זינט דער רעוואָלוציע 1917, דעם בירגער־קריג, סטאַלינס דיקטאַטור, די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, די נאָכמלחמה און יאָרן נאָך דער סטאַלין־תקופה.

דאָס בוך שטעלט מיט זיך פאָר אַן אומאויסשעפּלעכן קוואַל פון מאַטער־יאַלן און פאַקטן וועגן יידישן לעבן אונטער דער סאָוויעטן־דיקטאַטור, די באַציונג צום ציוניזם, צו רעליגיע, וועגן יידישע פּאָגראָמען אויף אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד, וועגן דער יידישער ליטעראַטור און שול־פּראָבלעמען; וועגן די יידן אין דער רוסישער מוזיקאַלישער וועלט; וועגן יידיש טעאַטער, וועגן יידן אין דער סאָוויעטישער ליטעראַטור, און וועגן אַ ריי אַנדערע פּראָבלעמען.

אַלע אַרטיקלען זענען אויף אַ הויכן ניוואָ. זייער וויכטיקע אַרטיקלען זענען פון א. א. גאָלדשטיין וועגן דעם גורל פון די יידן אין דער אָקופּירטער דורך די דייטשן סאָוויעטישער טעריטאָריע; די יידישע פראַגע אין סטאַלינס עפּאָכע פון גריגאָרי אַראָנסאָן, אוי פון באַקאַנטן סאָלאָמאָן שוואַרץ וועגן ביראָבידזשאַן.

עס איז כדאי זיך אָפּשטעלן אויף אייניקע אַרבעטן געַנויער. דעם פּרווו וועלן מיר אָנהויבן פון דער אַרבעט פון סאָלאָמאָן שוואַרץ וועגן ביראָ־בידזשאַן. די פראַגע ביראָ־בידזשאַן האָט אין יענע יאָרן אַרויסגערופן אַ גוואַלדקיע פאַראינטערעסירונג נישט נאָר ביי די יידן אין ראַטנ־פאַרבאַנד, נאָר אויך אין די פאַראייניקטע שטאַטן, און אין דער גאַנצער יידישער וועלט.

די יידישע קאָמוניסטן און זייערע נאָכפאָלגער, ספּעציעל אין אַמעריקע, האָבן אַרום ביראָ־בידזשאַן, אַלס אַ יידישע אויטאָנאָמע געגנט, אויפגעהייבן אַ גרויסן טומל. אַנדערע האָבן דעם פּראָיעקט גערופן יידישע אויטאָנאָמע רעפּובליק.

אַ שטאַרקער ענטוזיאַזם איז געקומען מצד די יידישע קאָמוניסטן. גרויסע סומען זענען געשאַפן געוואָרן אין אַמעריקע פאַר ביראָ־בידזשאַן. די וואָס האָבן זיך באַצויגן מיט רעזערוו צו דער גאַנצער אידיי זענען פאַרשריגן געוואָרן, ווי סאָציאַל־פאַשיסטן.

ווי האָט אויסגעזען די ווירקלעכקייט וועגן ביראָ־בידזשאַן?

אין דער פּאָליטיק פון פּראָדוקטיוויזאַציע האָט די פראַגע פון באַזעצן יידן אויף ערד, קיין מאַסן־כאַראַקטער נישט געטראָגן. דעם ייד האָט געצויגן אין שטאָט אַריין. דער פּלאַן פון קאָלאָניזירן ביראָ־בידזשאַן מיט יידן איז געוואָרן דיקטירט נישט מיט אינטערעסן פון איינאָרדענען יידן אויף ערד, נאָר מיט אַנדערע מאָמענטן.

דאָס באַזעצן ביראָ־בידזשאַן ווי כמעט אַ נישט באַווינטע געגנט מיט יידן, האָט באַדאַרפט דינען די אַלגעמיינע צילן פון דער סאָוויעטישער פּאָליטיק אויפן ווייטן מזרח.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך אָנגעהויבן מערקן אַ טענדענץ באַטראַכטן ביראָ־בידזשאַן נישט נאָר ווי אַ טעריטאָריע פאַר יידישער

אַגראַר־ווירטשאַפט, נאָר אויך ווי אַ נאַציאָנאַל־יידישע באַדייטונג.

גאַנץ אומדערוואַרטעט איז, אַלס פאַרטיידיקער פון דער אידיי פון נאַציאָנאַלער אויפלעבונג פון די יידן דורך אַגראַר־ווירטשאַפט, געקומען קאַלינין, דער ערשטער סאָוויעטישער פּרעזידענט. אין יאָר 1926 האָט קאַלינין פאָרמולירט זיין געדאַנק אויף פאָלגנדיקן אופן: ״פאַרן יידישן פאָלק שטייט אַ גרויס פּראָבלעם איינהאַלטן זיין נאַציאָנאַליטעט, דעריבער דאַרף מען פאַרוואַנדלען אַ באַדייטנדיקע טייל פון דער יידישער באַפעל־קערונג, און אַ באַשטענדיקער פּויערישער באַפעלקערונג, געמאָסטן אין צייט מיט הונדערטער טויזנטער. נאָר ביי אַזעלכע באַדינגונגען קאָן די יידישע מאַסע האָפן אויף ווייטערדיקער עקסיסטענץ פון איר נאַציאָ־נאַליטעט״.

נאָך פריער איז געקומען דער געדאַנק פון קאָלאָניזירן יידן אויף צפון־קרים. צוליב אומגינסטיקע באַדינגונגען פאַר אַגראַר־ווירטשאַפט איז די געגנט אין קרים געווען ווייניק באַפעלקערט, טראָץ דער גרויסער פינאַנסיעלער הילף מצד דעם אויסלענדישן יידנטום — הילף, וועלכע איז נישט נאָר טאָלערירט געוואָרן מצד דער סאָוויעטן־מאַכט, נאָר אויפגענומען מיט גרויס צופרידנקייט. דער אינטערעס מצד דער סאָוויעטישער רעגירונג פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין קרים האָט אבער אָנגעהויבן פאַלן. דאָ האָבן געשפילט אַ ראָל פאַרשידענע מאָמענטן, צוו. אַנד. די מורא פאַר אַנטיסעמיטישע שטימונגען. סטייטש, מען גיט אַוועק די יידן קרים, די רוסישע ריוויעראַ. עס איז געוואָרן אַקטועל דער ווייטער מזרח, די טערי־טאָריעביים טייך אַמור־ביראָ־בידזשאַן, וועלכע האָט געציילט אין די מיטעלע צוואַנציקער יאָרן אַ באַפעלקערונג פון אַרום דרייסיק טויזנט.

ביי דער סאָוויעטן־מאַכט האָט אַרויסגערופן אומרויִקייט די געפאַר פון אַריינדרינגען פון מזרח־זייט מאַנדזשוריע, די כינעזער, יאַפּאַנעזער. אָט די פוסטע טעריטאָריע האָט געקאָנט רייצן די אַפּעטיטן פון אימפּעריאַליס־טישע שכנים, דעמאָלט איז פאַרשטאַרקט געוואָרן די אידיי צו קאָלאָניזירן ביראָ־בידזשאַן מיט יידן. אָפיציעל איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן דער אַרגומענט פון באַזאָרגן די יידן מיט אַן אייגענער מלוכהשער טעריטאָריע.

די אלט איינגעזעסענע באַפעלקערונג איז נישט געווען אַזוי גליקלעך

פון דער אידיי צו שאַפן אַ טעריטאָריע פאַר יידן. אַט דער מאָמענט האָט אויך באַאומרויקט די סאָוויעטישע רעגירונג. קיין בירא־בידזשאַן איז געשיקט געוואָרן אַן עקספּעדיציע דורך דער ספּעציעל־געשאַפענער געזעל־שאַפט ״קאָמזעט״. נאָכן אומקערן זיך פון דער עקספּעדיציע איז אין יאָר 1928 באַשלאָסן געוואָרן דורך דער סאָוויעטישער רעגירונג אָנערקענען בירא־בידזשאַן אלס אַ געגנט פאַר יידישער אַגראַר־קאָלאָניזאַציע.

צווישן דער דעקלאַסירטער יידישער באַפעלקערונג איז געפירט געוואָרן אַ געהעריקע אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע. עס האָבן אָנגעהויבן גיין עשאַלאָנען מיט איבערוואַנדערער קיין בירא־בידזשאַן. לויטן פּלאַן האָבן זיך אין פאַרלויף פון די ערשטע 5־6 יאָר באַדאַרפט באַזעצן אַמווייניקסטן זעכציק טויזנט יידן. אין דערווירקלעכקייט זענען אָנגעקומען קיין בירא־בידזשאַן אין פּעריאָד פון 1928—1934 אַרום צוואַנציק טויזנט איבער־וואַנדערער. פון זיי זענען גלייך אין דער ערשטער צייט אַנטרינען קנאַפּע צוועלף טויזנט. געבליבן זענען אַרום אַכט טויזנט.

די סיבות זענען געוועזן די נישט געהעריקע צוגעגרייטע אויפנאַמע פון די איבערוואַנדערער, די שווערע קלימאַטישע באַדינגונגען. אַ טייל האָט זיך פאַרהאַלטן אין פאַרשידענע גרעסערע צענטערס פון ווייטן מזרח, ווי כאַבאַראָווסק, וולאַדיוואָסטאָק און אַנדערע שטעט.

די נישט גינסטיקע רעזולטאַטן פון ערשטן פּעריאָד פון דער קאָלאָ־ניזאַציע אין בירא־בידזשאַן, האָט געצוווּנגען ענדערן די איינשטעלונג פון די באַרופענע דערצו סאָוויעטישע אָרגאַנען. עס איז געקומען די איינ־שטעלונג צו שטעלן דעם טראָפּ נישט נאָר אויף דער דעקלאַסירטער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג, נאָר אויך אויף די יידישע קוואַליפיצירטע אַרבעטער.

די נויטווענדיקייט פון דער נייער איינשטעלונג האָט דער פירער דימענשטיין מאָטיווירט אויך מיט מלוכהשע אינטערעסן. ער האָט דאַן געשריבן פאָלגנדעס: ״פאַר יעדן באַוווּסטזיניקן אָנטיילנעמער פון סאָציאַליסטישער בויונג איז קלאָר די פראַגע פון פאַרטיידיקונג פון ווייטן מזרח קעגן אינטערווענץ. איינער פון די גרונט־מאָמענטן פון פאַרשטאַרקן די פאַרטיידיקונג פון אונדזערע ווייט־מזרחדיקע גרענעצן איז די נויט־

ווענדיקייט באַזעצן די געגנט מיט זיכערע, אויסגעהאַלטענע מענטשן״.

דאָס איז געזאָגט געוואָרן זייער קלאָר. אַזוי אַרום האָט דאָס באַשטימען ביראָ־בידזשאַן אַלס אַ יידישע אויטאָנאָמע געגנט מיט אַ קליינער יידישער מינדערהייט, ביי אַ האַלב־געצוווּנגער קאָלאָניזאַציע פון די יידן, געטראָגן אַ כאַראַקטער נישט פון לייזן דעם יידן־פּראָבלעם, נאָר געצילט צו באַפעל־קערן די גרענעצן פון ווייטן מזרח.

דער ווייטערדיקער פּלאַן איז געווען באַזעצן ביז ענדע יאָר 1937 איבער פערציק טויזנט יידן און דערפירן די צאָל צו זעכציק טויזנט. אין דערווירקלעכקייט האָט אין יאָר 1937 די יידישע באַפעלקערונג דערגרייכט די צאָל פון צוואַנציק טויזנט. עס האָט נישט געהאָלפן די פּראָפּאַגאַנדע, אַז ״צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק איז פאַרווירק־לעכט געוואָרן די שטרעבונג פון שאַפן אַן אייגן היימלאַנד, שאַפן אַן אייגענע נאַציאָנאַלע מלוכה״.

נאָר דאָס איז געווען בלויז אַ פאָרמע פון פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע האָט נישט געשטימט מיט דער ווירקלעכקייט. דער גאַנצער כאַראַקטער פון ביראָ־בידזשאַן אַלס אַ יידישע אויטאָנאָמע געגנט, איז געווען אַ פיקציע. דערצו, לויט דער סאָוויעטישער קאָנסטיטוציע הויבט זיך אָן די מלוכהש־קייט פון אַ נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמער רעפּובליק, נישט אויטאָנאָמער געגנט.

אויף דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון ביראָ־בידזשאַן האָט שטאַרק געווירקט די פאַרניכטונג אין יאָר 1937 פון פירנדיקן אַפּאַראַט. די שרעק־לעכע ״טשיסטקעס״ האָט דורכגעמאַכט דער גאַנצער סאָוויעטישער און קאָמוניסטישער אַפּאַראַט אין לאַנד. די פירערשאַפט פון דער יידישער ביראָ־בידזשאַן איז פולשטענדיק אָפּגעווישט געוואָרן פון דער אויבערפלאַך. ביי אַזעלכע באַדינגונגען איז נישט געווען צו דערוואַרטן אַן אויפגעבונג פון דער יידישער אויאָטנאָמער געגנט. דער ״קאָמזעט״ איז פלוצים ליק־ווידירט געוואָרן אין יאָר 1938.

צוליב די געשאַפענע באַדינגונגען איז געווען פיל שווערער דאָס נאָכפאָלגן די אַנטוויקלונגען אין ביראָ־בידזשאַן. עס איז אויך נישט געווען באַקאַנט די צאָל יידן דאָרטן. יעדנפאַלס איז די צאָל אַלץ געווען אַ קליינע.

די אַגראַר־ווירטשאַפט האָט קיין וועזנטלעכע ראָל נישט געשפּילט. אין יאָר 1939 זענען אינגאַנצן געווען 18 יידישע קאָלכאָזן מיט אַ קליינער צאָל פאַמיליעס.

אין אַלגעמיין האָט דאָס בירא־בידזשאַנער יידנטום ערב דער מלחמה לויט דער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער סטרוקטור דערמאָנט די אוקראַי־נישע און ווייסרוסישע קליינע שטעט און שטעטלעך, מיט אַ גרעסערער ראָל פון יידן אין דער אַדמיניסטראַציע. דאָס יידישע קולטור־לעבן אין בירא־בידזשאַן, די באַשיידענע רעזולטאַטן פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע האָט שוין במילא פון פאָרויס באַשטימט דעם פאַרנעם פון יידישן קולטור־לעבן אין דער יידישער געגנט. די יידישע שפּראַך איז אָנערקענט געוואָרן, ווי גלייכבאַרעכטיקט מיט דער רוסישער שפּראַך. אויסערלעך איז דאָס געקומען צום אויסדרוק בלויז אין דעם, וואָס די באַן־סטאַנציע טיכאָנקאַיאַ איז געענדערט געוואָרן אויף בירא־בידזשאַן, און דער נאָמען פון דער סטאַנציע טיכאָנקאַיאַ איז באַצייכנט געוואָרן אין רוסישע און אין יידיש. די נעמען פון די גאַסן אין שטאָט זענען אויך געווען אין ביידע שפּראַכן. עס איז אַפילו געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו אָנערקענען די יידישע שפּראַך ווי פאַרפליכטנדיק אין אַלע סאָוויעטישע אינסטיטוציעס. אין טאָג־טעגלעכן לעבן האָט מען זיך אָבער אָפיציעל באַנוצט מיט דער רוסישער שפּראַך. בלויז צוויי קאָלכאָזן האָבן זייער געשעפטספירונג געהאַט אין יידיש.

אין יאָר 1932 איז אָין בירא־בידזשאַן נאָך נישט געווען קיין איין יידישע שול. אין דער פּראָווינץ האָט שוין אַ געוויסע שול־באַוועגונג אַרויסגעוויזן סימנים. אין יאָר 1934—1935 איז שוין געווען 65 קלאַסן מיט עלף הונדערט שילער.

די יידישע אויטאָנאָמע געגנט האָט באַדאַרפט זיין, לויט דער פּרעסע ערב די "טשיסטקעס", אַ צענטער פון דער סאָוויעטישער, נאַציאָנאַלער יידישער קולטור פאַר דער גאַנצער יידישער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג. די גרויזאַמע "טשיסטקעס" אין יאָר 1937 האָבן אויך אויף דעם געביט פון דער שול און קולטור־באַוועגונג אַריינגעטראָגן אַ חורבן.

פּראָפעסאָר ליבערבערג, וועלכער האָט פאַרנומען דעם העכסטן אַמט

אין בירא־בידזשאַן, איז נאָך אין יאָר 1936 שפּורלאָז פאַרשוווּנדן געוואָרן. דעם זעלבן גורל האָבן געטיילט די איבעריקע יידישע פירער. אויב איבערן גאַנצן לאַנד האָט די "טשיסטקע" אַנגערירט די פירער, און די קולטור־אַרבעט איז אָנגעגאַנגען ביי אַנדערע פירער, איז אין דער יידישער געגנט ליקווידירט געוואָרן אויך די יידישע קולטור.

וואָס שייך יידישע פּרעסע, האָט די יידישע געגנט מיט אַזעלכעס נישט געקאָנט זיך איבערנעמען. אין יאָר 1930 האָט אָנגעהויבן דערשיינען דער "בירא־בידזשאַנער שטערן", וואָס איז אַלע יאָרן געווען אַ קאָפּיע פון רוסישן "בירא־בידזשאַנסקאַיאַ זוויעזדאַ". די יידישע צייטונג איז דערשינען אין טויזנט עקזעמפּליאַרן, אין דער צייט ווען די רוסישע — אין קנאַפּע פופצן טויזנט עקזעמפּליאַרן.

אין דער יידישער געזעלשאַפט אין אויסלאַנד איז אָנגעהאַלטן געוואָרן די ווערסיע, אַז אין די מלחמה־יאָרן האָט די סאָוויעטישע מאַכט געשיקט קיין בירא־בידזשאַן די יידן פון די באַדראָטע דורך די דייטשן געביטן. אין דער ווירקלעכקייט איז אַזעלכעס נישט געווען. וועגן עוואַקואַציע־פּראָבלעמען אין די מלחמה־יאָרן איז אַ סך געשריבן געוואָרן. נישט געווען בכלל קיין אָרגאַניזירטע עוואַקואַציע, אַוודאי נישט קיין יידישע. פאַקטיש איז אין די מלחמה־יאָרן אינגאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן די יידישע איבערוואַנדערונג קיין בירא־בידזשאַן, אַפילו צוליב ריין "סטראַ־טעגישע מאָמענטן איז נישט געווען געוווּנטשן באַשווערן דעם מזרח־סיבירישן טראַנספּאָרט מיט וואַנדערער".

אין די מלחמה־יאָרן איז די יידישע באַפעלקערונג אין בירא־בידזשאַן אַפילו פאַרקלענערט געוואָרן. אין די יידישע קאָלכאָזן האָט זיך געפילט אַ מאַנגל אין מענטשן־מאַטעריאַל. נאָך דער מלחמה איז ווידעראַמאָל געקומען דער געדאַנק פון קאָלאָניזירן בירא־בידזשאַן, דאָס מאָל מיט די פוילישע יידן, וועלכע האָבן די מלחמה־יאָרן דורכגעמאַכט אין ראַטנ־פאַרבאַנד. די פוילישע יידן האָבן געזאָלט געשיקט ווערן קיין בירא־בידזשאַן אַנשטאָט צוריק קיין פּוילן.

דער געדאַנק האָט אָנגעטראָפן אויף אַ שטאַרקער קעגנערשאַפט מצד די פירער פון די פוילישע אָרגאַניזאַציעס, און פון דעם פּלאַן האָט די

סאָוויעטן־מאַכט רעזיגנירט.

דאָן איז אויפגעלעבט געוואָרן דער געדאַנק אויפסנייַ אָנהויבן קאָלאָ־ניזירן ביראָ־בידזשאַן מיט סאָוויעטישע יידן, פרייַע, פון אייגענער איני־ציאַטיוו. שפּעטער, ענדע יאָר 1946, אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן.

ביז אין העלפט יאָר 1948 זענען געקומען מיט עשאַלאָנען פון פאַרשיי־דענע געגנטן צוזאַמען 1770 פאַמיליעס. אין אַלגעמיין זענען אַראָפּגעקומען אַרום צוואַנציק טויזנט יידן. דאָס זענען מערסטנטייל געווען יידן, וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט איינלעבן אין זייערע פאַרמלחמהדיקע ערטער צוליב דעם שרעקלעכן אַנטיסעמיטיזם דאָרטן.

אין דער צווייטער העלפט פון יאָר 1948 האָט זיך די קאָלאָניזאַציע אָנגעהויבן פאַרקלענערן ביז עס האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. דאָס איז געקומען אין רעזולטאַט פון אַ נייער פּאָליטיק אין דער יידן־פראַגע מצד דער סאָוויעטן־מאַכט.

ווען מען האָט צום סוף פון יאָר 1948 געשלאָסן די יידישע צייטונג "איינִיקייט" זענען פאַרשטומט געוואָרן אַלע ידיעות וועגן ביראָ־בידזשאַן. דאָס שליסן אין יאָר 1948 דעם יידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט און די מאַסן אַרעסטן פון די יידישע קולטור־און־געזעלשאַפטלעכע טוער, האָט זיך אויף ביראָ־בידזשאַן אָפּגערופן נאָך ווייטיקדיקער.

די אומזיניקע באַשולדיקונגען קעגן די פירער פון אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט וועגן אָפּרייסן קרים פון ראַטנפאַרבאַנד, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ כלומרשטער שטרעבונג אָפּרייסן ביראָ־בידזשאַן פון ראַטנפאַרבאַנד, איבערגעבן יאַפּאַן און פאַרוואַנדלען אין אַן אינטערנאַציאָנאַלער אַנטי־סאָוויעטישער באַזע. דאָס האָט געזאָלט זיין כלומרשט אַ טייל פון פּלאַן, וואָס מיכאַעלס און פעפער האָבן געבראַכט נאָך זייער באַזוך אין די פאַר־איייניקטע שטאַטן.

וועגן באַנייען דאָס איבערוואַנדערן פון יידן קיין ביראָ־בידזשאַן האָט שוין קיין רייד נישט געקאָנט זיין. דורך פאַרשידענע קוועלן זענען אָנגעקומען פון מאָסקווע ידיעות וועגן סטאַלינס פּלענער פאַרשיקן אַהין די סאָוויעטישע יידן און פאַרוואַנדלען ביראָ־בידזשאַן אין אַ געגנט פון צוואַנגס־אַרבעט.

וואָס איז געבליבן פון דער גרויסער אידיי פון אַ זעלבשטענדיקער יידישער אויטאָנאָמער געגנט? — אַחוץ דעם יידישן אויפשריפט אויף דער בירא־בידזשאַנער באַן־סטאַנציע — גאָרנישט.

לויט דער פאָלקס־ציילונג אין יאָר 1939 האָט די באַפעלקערונג אין בירא־בידזשאַן אויסגעזען אַזוי: 78,2 פראָצ. רוסן, 8.9 פראָצ. אוקראַינער, 8.8 פראָצ. יידן אין אַ צאָל פון 14,629 פערזאָן.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט אַ גרויסע אילוזיע.

# די עוואַקואירטע יידן

(אַרום הירש בלאָשטיינס באַמערקונגען וועגן דער דיכטונג
אין "סאָוועטיש היימלאַנד")

דער מחבר איז נישט אויסן דורכצופירן אַן אַנאַליז פון דער יידיש־סאָוויעטישער דיכטונג. ער טיילט זיך נאָר מיט אייניקע באַמערקונגען, וואָס קומען־אויף אין פּראָצעס פון זיין אייגענער אַרבעט, אויך ביים לייענען די דיכטונג פון אַנדערע אין "סאָוועטיש היימלאַנד".

בלאָשטיין שטרייכט אונטער, אַז די יידישע סאָוויעטישע דיכטונג איז געשאַפן געוואָרן נישט אויף קיין ליידיקן אָרט. זי איז געקומען, ווי אַ המשך פון באַשטימטע טראַדיציעס, וועלכע עס האָבן איבערגעלאָזט די גרונטלייגער פון דער יידישער, פּראָלעטאַרישער פּאָעזיע — ווינטשעווסקי, מאָריס ראָזענפעלד, דוד עדעלשטאַט, באָוושעווער און אַנדערע. ער ווייזט אָן:

"די יידיש־סאָוויעטישע דיכטער האָבן אָט די טראַדיציע נישט בלויז ממשיך געווען, נאָר אויפגעהויבן אויף אַ באַדייטנדיקער הויך".

"דער האַלבער יאָרהונדערט סאָוויעטנמאַכט, באַזונדערס די לעצטע 25 יאָר, האָט שטאַרק אויסגעברייטערט די טעמאַטיק פון דער סאָוויעטישער ליטעראַטור בכלל און פון איר דיכטונג בפרט. די יידישע סאָוויעטישע דיכטונג איז אין דעם פּרט נישט אָפּגעשטאַנען פון אַלע אַנדערע דיכטער פון אונדזער לאַנד".

דאָס אַרטיקל איז געשריבן ערב 50 יאָר אָקטאָבער־רעוואָלוציע. עס איז שווער מסכים זיין מיט בלאָשטיינס באַמערקונגען, אַז צוזאַמען מיט דער אַלגעמיינער סאָוויעטישער דיכטונג האָט זיך אויך אַנטוויקלט די

יידיש־סאָוויעטישע דיכטונג. דאָס איז ווירקלעך געוועז אַזוי ביים סאַמע אָנהייב, אָבער אין די לעצטע 25 יאָר? דאָס איז דאָך געווען דער פעריאָד פון ליקווידאַציע פון דער יידישער קולטור. ערשט אויף די שפּאַלטן פון "סאָוועטיש היימלאַנד" אין דעם באַנד פּאָעזיע "האָריזאָנטן" האָבן די יידיש־סאָוויעטישע דיכטער ווידער געקאָנט ברענגען צום אויסדרוק זייער דיכטונג, אין דער צייט ווען די אַלגעמיין סאָוויעטישע דיכטונג האָט געהאַט פיל ברייטערע מעגלעכקייטן אַפילו בימי סטאַלין.

***

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז די טעמאַטיק פון דער סאָוויעטיש־יידישער דיכטונג.

עס איז אינטערעסאַנט בלאָשטיינס באַמערקונג אַז זייער וויכטיקע טעמעס זענען מצד די יידישע דיכטער שטאַרק באַוואוסט געוואָרן. איינע פון זיי איז "די טעמע פון דער עוואַקואַציע, פון דער יידישער באַפעל־קערונג אין טיפן הינטערלאַנד אין די ערשטע און די שווערסטע חדשים פון דער מלחמה, דאָס לעבן פון די עוואַקואירטע אין די נייע צייטווייליקע היימען זייערע, וועלכע זענען פאַר אַ טייל נאָכדעם געוואָרן שטענדיקע היימען".

איז דען פאַר בלאָשטיינען נישט באַקאַנט, אַז די יידן, וואָס זענען דאַן געלאָפן, מערסטנס קיין מיטל־אַזיע, און אַ טייל פון זיי האָבן דאָרטן פאַר זיך געמאַכט זייערע שטענדיקע היימען, אַז דאָס איז געשען אַלס כלל צוליב די אומגלויבלעכע שוועריקייטן אַריינצוקומען צוריק אין די אַלטע היימען און דאָס נישט בלויז אויף אוקראַינע, נאָר אויך אין לענינגראַד און מאָסקווע.

אומגלויבלעכע מיטלען האָבן אַ טייל יידן פון אָט די שטעט באַדאַרפט אָנווענדן בכדי צוריק זיך "אַריינכאַפּן" אין אָט די שטעט. די יידן האָבן נישט געהאַט קיין שום אויסזיכטן צוריקצובאַקומען זייערע דירות.

קאָמענטירנדיק בלאָשטיינס אַרויסזאָגונגען האָט דער שרייבער פון אָט די שורות קיין שום טענות נישט צו בלאָשטיינען. צי גלויבט ער אָבער, אַז עס איז שוין געקומען די צייט, אַז די יידישע דיכטער זאָלן דאָס אַלץ קאָנען אַרויסברענגען אין זייערע שאַפונגען?

***

אין שייכות מיט בלאָשטיינס באַמערקונגען, איז ביי דער געלעגנהייט כדאי צו ברענגען אַ בלעטל זכרונות אין שייכות מיט דער רעפּאַטריאַציע פון די פּוילישע יידן פון רוסלאַנד צוריק קיין פּוילן.

אויך פאַר די פּוילישע יידן איז דאָס געווען אַ גאָר ערנסטער פּראָבלעם. זוכנדיק אַ רעטונג פון די דייטשן, לויפנדיק קיין סאָוויעטנפאַרבאַנד, זענען דאָך דאָס רוב פּוילישע יידן געווען פאַרשיקט אין די לאַגערן, און באַפרייט געוואָרן ערשט אין יאָר 1941.

דער שרייבער פון אָט די שורות איז געווען דער בונדיסט, איינער פון פינף אַנדערע פאָרשטייער פון יידישע פּאַרטייען, וועלכע זענען אויף דער היסטאָרישער א. ג. "יידישער באַראַטונג" אין מאָסקווע, אין נאָוועמבער 1945, דעלעגירט געוואָרן קיין פּוילן צוצוגרייטן און דורכצופירן דאָס אויפנעמען די פּוילישע יידן צוריק פון רוסלאַנד, די איבעריקע פיר האָבן זיך געשטעלט אין רשות פון זייערע פּאַרטייען פאַר אַנדערע אַרבעטן און האָבן זיך מיט דעם ענין רעפּאַטריאַציע נישט פאַרנומען.

צוזאַמען מיט אַ מיטגליד פון פּרעזידיום פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידן אין פּוילן, י. פאַלק, (איצט אין מאָנטרעאָל — קאַנאַדע), ווי דער פאָרזיצער פון דער רעפּאַטריאַציע־אָפּטיילונג און דער שרייבער פון די שורות אַלס פאַרוואַלטער, האָבן מיר אין הסכם מיטן באַשטעטיקטן פּלאַן פון דער פּוילישער רעגירונג, דורכגעפירט די רעפּאַטריאַציע פון די פּוילישע יידן פון רוסלאַנד. דער גורל האָט געוואָלט, אַז צוויי בונדיסטן זאָלן דורכפירן אָט די אַרבעט.

עס איז דאַן געווען אַ מאָמענט, ווען סטאַלין האָט געהאַלטן, אַז די יידן פון פּוילן זענען נישט קיין פּוילישע בירגער, און זיי קאָנען נישט פאָרן צוריק קיין פּוילן. סטאַלין האָט דערביי געהאַט זיינע טייוולאָנישע פּלענער. אַ דאַנק די באַמיונגען פון ערשטן פּוילישן אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע — מאָדזעלעווסקי, וועלכער איז אגב געקומען נישט פון פּוילן איבערנעמען זיין אַמט, נאָר פון די לאַגערן, ווי אויך אַ דאַנק די באַמיונגען פון מיכאָעלס און לאָזאָווסקי, וועלכע זענען ביידע שפּעטער

אומגעבראַכט געוואָרן דורך סטאַלינען, איז די גזירה אָפּגעשריגן געוואָרן.

די פּוילישע יידן זענען באַפרייט געוואָרן פון דער געצוווּנגענער סאָוויעטישער בירגערשאַפט און עס איז זיי דערלויבט געוואָרן זיך צוריקקערן קיין פּוילן.

מיט דער דערמאָנטער דעלעגאַציע פון מאָסקווע איז מיטגעפאָרן אויך בערל מאַרק, וועלכער האָט שוין דאַן פאַרלאָזט מאָסקווע און זיך אומגעקערט קיין וואַרשע.

דעם שרייבער פון די שורות איז אויסגעקומען אָפּצוגעבן אַ באַריכט פאַרן פּרעזידיום פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידן אין פּוילן, וועגן דער לאַגע פון די פּוילישע יידן אין רוסלאַנד בעת דער מלחמה. מיין באַריכט האָט נאַטירלעך שטאַרק נישט צופרידנגעשטעלט די קאָמוניסטן. באַזונדערס האָט מיין באַריכט אויפגערעגט בערל מאַרקן. ער האָט געקלאַפּט אין טיש און פאַרלאַנגט, אַז אַלץ זאָל פּראָטאָקאָלירט ווערן, און מען זאָל דערפון ציען די געהעריקע קאָנסעקווענצן.

דער פּוסק אחרון ביי די יידישע קאָמוניסטן, וועלכע האָבן שוין דאַן דאָמינירט אין יידישן צ.ק. — שמעון זאַכאַריאַש, — האָט געמאָלדן: "שיכאַטאָוו האָט מיט אַזאַ באַריכט נישט באַדאַרפט קומען, די רוסישע יידן האָבן אויך געליטן, אָבער ער האָט אַזוי געהאַנדלט, איז פאַרפאַלן. קיינע פּראָטאָקאָלן, קיינע קאָנסעקווענצן".

עס איז פאַרשטענדלעך, אַז אין אָנהייב יאָר 1946 האָבן די יידישע קאָמוניסטן אויך אין פּוילן נישט געקאָנט טאָלערירן אַזאַ מין באַריכט. אַ באַריכט, וועלכער האָט אָפּגעשפּיגלט די טרויערדיקע לאַגע פון די פּוילישע יידן אין רוסלאַנד בעת דער מלחמה — פאַרשיקטע אין די לאַגערן, אין די פּאָסיאָלקעס און קאָלכאָזן.

עס גלויבט זיך נישט, אַז די צייט איז שוין געקומען פאַר די סאָוויעטישע דיכטער אַרויסצוברענגען פאַר דער עפנטלעכקייט די טרויערדיקע קאַפּיטלען פון דער עוואַקואַציע און די ווייטערדיקע איבערלעבונגען פון עוואַקואירטן סאָוויעטישן יידנטום.

# די געשעענישן אין פוילן

די אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען קעגן די יידן אין פוילן גייען אָן זינט דער ישראל־אַראַבישער מלחמה.

די אינערלעכע קאַמפן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי גייען שוין אָן פיל לענגער. די אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען קומען אין רעזול־טאַט פון אָט די אינערלעכע קאַמפן אין דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אין רעטראָספּעקטיוו פון צייט קאָן מען שוין מאַכן געוויסע אויס־פירונגען וועגן די געשעענישן אין פוילן. עס איז אָבער נויטיק מאַכן אַ קורצן היסטאָרישן איבערבליק וועגן דער לאַגע אין דעם נאָכמלחמהדיקן פוילן.

דאָס באַזעצן פוילן מיט סאָוויעטיש מיליטער האָט גלייך אָוועקגע־שטעלט דאָס לאַנד אין אַ סיטואַציע פון אַ מאָסקווער סאַטעליט. דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון לאַנד איז איינגעשטעלט געוואָרן אין די אינטערעסן פון מאָסקווע. אין די ווייטערדיקע יאָרן פּראָדוצירט פוילן, און באַזאָרגט מיט אירע אויסאַרבעטונגען די לענדער, דורך וועלכע דאָס אימפּעריאַליס־טישע רוסלאַנד פירט אַ קאַמף מיט דער פרייער וועלט.

ווי באַקאַנט, ליגט די מאַכט אין די קאָמוניסטישע לענדער אַלע מאָל אין די הענט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי אין פוילן גאָמולקאַ האָט אָבער די גאַנצע מאַכט נישט געהאַט. דער פאַקטישער באַלעבאָס איבער פוילן איז געווען יאַקוב בערמאַן, דער אַ"ג, "אָקאָ מאָסקווי" (דאָס אויג פון מאָסקווע). זעלטן ווען מען האָט אים געזען אין דער עפנטלעכקייט. ער איז קיינמאָל נישט געקומען מיט קיין עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען, אָבער ער איז געווען דער באַלעבאָס, דער פּוסק אחרון.

יעדער פּאָליאַק האָט פיינט די רוסן, די שנאה גייט אָן אין משך פון דורות. דאָס זעלבע ביי די פּוילישע קאָמוניסטן.

אין די רייען פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז אַלע מאָל אָנגעגאַנגען אַן אינערלעכער קאַמף לויזער מאַכן די אָפּהענגיקייט פון מאָסקווע. דער קאַמף צווישן די אָנהענגער פון דער מאָסקווער ליניע און די אַנטי־סטאַליניסטן גייט אָן זיבעט יאָרן. מיטן טויט פון סטאַלינען איז דער קאַמף נישט אָפּגעשטעלט געוואָרן.

די סטאַליניסטן האָבן געהאַט די אויבערהאַנט. גאָמולקאָ איז איינגע־זעצט געוואָרן אין טורמע. דער סיסטעם פון דער פּוילישער או. בע. האָט געאַרבעט ווי די רוסישע ענ. קאַ. ווע. דע. גאָמולקאָן האָט מען געפּייניקט אין טורמע.

עס איז געקומען דאָס יאָר 1956, עס איז געקומען דער אויפברויז פון פּוילישן אַרבעטער־קלאַס, פון דער פּוילישער אינטעליגענץ. עס האָט גע־שמעקט מיט רעוואָלוציע. על־פּי־נס האָבן די רוסן נישט דורכגעמאַכט דעם אונגאַרישן ביישפּיל. גאָמולקאָ איז באַפרייט געוואָרן און צוריק פאַרנומען זיין אַמט אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי, דאָס מאָל מיט מער מאַכט. יעקב בערמאַן איז שפּורלאָז פאַרשוווּנדן געוואָרן פון דער פּאָליטי־שער אַרענע, דאָס מיינט נישט, אַז די סטאַליניסטן האָבן אויפגעגעבן זייער קאַמף.

נאָכן צוריקקומען צו דער מאַכט, האָט גאָמולקאָ אָנגעזאָגט רעפאָרמען אויף אַלע געביטן. מיט די רעפאָרמען איז אָבער געגאַנגען זייער שווער. די אָפּהענגיקייט פון מאָסקווע אויפן ווירטשאַפטלעכן און פּאָליטישן גע־ביט האָט נישט אָפּגעלאָזט. במילא האָט זיך דאָס נעגאַטיוו אָפּגערופן אויפן אינערלעכן צושטאַנד פון לאַנד.

די עקאָנאָמישע לאַגע אין פּוילן איז אַלע יאָרן געווען אַ שווערע. טראָץ דעם, וואָס קיין קאָלכאָזן עקזיסטירן נישט אין פּוילן און די אַגראַר־ווירטשאַפט איז געוועז זעלבשטענדיק, פילט זיך דאָך אין די שטעט אַ מאַנגל פון פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך. דאָס דערקלערט זיך זייער פּשוט: עס איז אַן אַלטער כלל, אַז אַזוי לאַנג ווי דער פּויער קאָן נישט קויפן אין שטאָט פאַר זיינע אַגראַר־פּראָדוקטן, וואָס ער דאַרף פאַר זיין

געברויך, פּאַרקויפֿט ער ווייניק. נאָך מער — ער פּראָדוצירט ווייניקער.

די זעלבע לאַגע איז אין דער אינדוסטריע, וועלכע איז איינגעשטעלט הויפּטזעכלעך פֿאַר מאָסקווע. עס פֿילט זיך אַלע מאָל אַ מאַנגל אין סאַמע נייטיקן, אַחוץ פֿאַר די פּריווילעגירטע.

* * *

דער פֿאָלגנדיקער פֿאַקט קאָן אַמבעסטן אילוסטרירן די לאַגע אין פּוילן: אַ פּאַרפּאָלק, וואָס האָט פֿאַרלאָזט פּוילן שוין בעת די אַנטיסעמי־טישע געשעענישן, ער — אַן אינזשעניר, זי — אַ לערערין אין אַ מיטל־שול, געפֿינען זיך אין ישראל, ווערן אויסגעהאַלטן דורך דער סוכנות, באַקומען אויף אויסהאַלטונג אַזוי פֿיל, אַז פֿאַר דעם געלט קאָנען זיי קויפֿן פּראָדוקטן דריי מאָל מער ווי אין פּוילן פֿאַר זייערע ביידנס פֿאַרדינסטן.

* * *

דער אויפֿברויז פֿון די אינטעלעקטואַלן, פֿון דער סטודענטנשאַפֿט אין דער פֿרייער וועלט, אויך דער אויפֿברויז פֿון דער יונגער שרייבער־גענע־ראַציע, אינטעלעקטואַלן און קינסטלער אין רוסלאַנד, דאָס אָפּרייסן זיך פֿון דער מאָסקווער ווירקונג אין די סאַטעליטן־לענדער, ווי יוגאָסלאַוויע, רומעניע, אויך טשעכאָסלאָוואַקיע, האָט שטאַרק באַווירקט די זעלבע קרייזן אין פּוילן. עס זענען פֿאָרגעקומען אַרויסטרעטונגען קעגן דער צענזור, פֿאַר פֿריי ברענגען צום אויסדרוק אייגענע געדאַנקען. דאָס אַלץ האָט אָנגענומען גאַנץ שאַרפֿע פֿאָרמען.

אין דער זעלבער צייט האָבן נישט אויפֿגעהערט די אינערלעכע קאַמפֿן צווישן די סטאַליניסטן און די אָנהענגער פֿון גאָמולקאַ.

אין זיין פּאָליטיק האָט גאָמולקאַ זיך געוואָרפֿן אויף ביידע פֿראָנטן. ער האָט געוואָלט צופֿרידנשטעלן סיי מאָסקווע, סיי דאָס פּוילישע פֿאָלק. אַ רוס זאָגט ״אי נאַשים, אי וואַשים״. ווי געוויינלעך אין אַזעלכע פֿאַלן איז קיין איין צד נישט צופֿרידנגעשטעלט געוואָרן.

די פּוילישע אינטעליגענץ האָט געשטורעמט. אין יאָר 1966 איז גע־קומען דער באַוווסטער פּראָפֿעסאָר לעשעק קאָלאַקאָווסקי מיט זיין שאַרפֿן

אַרויסטריט קעגן גאָמולקאַן: עס זענען שוין אַוועק 10 יאָר ווי דו ביסט צוריקגעקומען צו דער מאַכט, ווו זענען דיינע צוגעזאָגטע רעפאָרמען?

אַלס ענטפער איז פראָפ. קאָלאַקאָווסקי אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער פאַרטיי. 15 שרייבער און אינטעלעקוטעלע, מיטגלידער פון דער פאַרטיי, האָבן פאַרעפנטלעכט אַ דערקלערונג, אַז קאָלאַקאָווסקי איז אַ סימבאָל פון אייניקייט, דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם.

אין דער זעלבער צייט זענען אַרעסטירט געוואָרן אַ ריי סטודענטן. די פרווון צו באַזייטיקן פראָפ. קאָלאָקאָווסקי אויך פון אוניווערזיטעט האָבן זיך אין יענער צייט נישט איינגעגעבן. ער איז באַזייטיקט געוואָרן ערשט נאָכדעם, בעת דער ריכטיקער וואַקכאַנאַליע וואָס האָט זיך צעשפּילט אין פוילן. דער קאַמף פון דער יונגער גענעראַציע גייט ווייטער אָן. די פאַרטיי אָבער גייט ווייטער אָן מיט איר האַרטער ליניע. דאָס איז געקומען אין רעזולטאַט פון דער אויסווירקונג פון די סטאַליניסטן אין דער פאַרטיי. פוילן מאַכט דורך אַ שווערע צייט.

עס איז געקומען די ישראל־אַראַבישע מלחמה (זעקסטאָגיקער קריג). די דאָזיקע מלחמה האָבן נישט די אַראַבער פאַרשפּילט, די מלחמה האָט פאַרשפּילט סאָוויעט־רוסלאַנד. זי האָט געליטן אַ שטאַרקן מאָראַלישן קלאַפּ. מיר רעדן שוין נישט וועגן דעם וואָפן־פאַרלוסט. עס האָט געליטן דער פרעסטיזש פון רוסלאַנד. דער טרויערדיק־באַרימטער אַרויסטריט פון גאָ־מולקאַן, אַז ער ווינטשט זיך נישט קיין יידישע פינפטע קאָלומנע אין פוילן איז געקומען אונטער אַ שטאַרקן דרוק פון מאָסקווע.

גאָמולקאַ האָט זיך שטאַרק פאַרגאַלאָפּירט. ער האָט שטאַרק איבער־געכאַפּט די מאָס וועלנדיק צופרידנשטעלן זיינע קעגנער. ער האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין דין־וחשבון, אַז מיט זיין אַרויסטריט קעגן די פוילישע יידן וועט ער עפענען די מיילער ביי די פוילישע אַנטיסעמיטן.

ווי גרויס עס איז נישט די שנאה צו מאָסקווע, איז דער אַנטיסעמיטיזם אין פוילן נישט קלענער. די דאָזיקע סיטואַציע האָבן אויסגענוצט גאָמול־קאָס קעגנער, די סטאַליניסטן. עס האָט זיך אָנגעהייבן אַ ווילדע העצע קעגן "ציוניסטן", וואָס דאָס מיינט קעגן די יידן. פון אויבן אָן האָבן זיך אַרויס־געדרוקט באַקאַנטע סטאַליניסטן מיט דעם אינערן־און זיכערהייטס־מיניס־

טער מאַטשאַר אין דער שפּיץ. גענעראַל מאַטשאַר, אַ באַקאַנטער אַנטיסע־מיט. גאָמולקאַ איז שוין נישט אימשטאַנד געווען צו באַהערשן די לאַגע. דערצו איז ער שוין אַלט פון די תפיסה־יאָרן און פּייניקונגען, קראַנק און פיזיש צעבראָכן.

מען האָט אָנגעהויבן באַזייטיקן יידן פון פירנדיקע אַמטן אין דער אַרמיי און פאַרטיי. דאָס שאַפט אַן אומדערטרעגלעכע לאַגע פאַר אָט די יידן. פאַקטיש זענען שוין קיין סך יידן אויף אָנפירנדיקע אַמטן נישט געווען. עס איז שוין געווען פריער אַ פּעריאָד פון באַזייטיקן זיי פונקט ווי אין רוסלאַנד באַפרייען זיך די יידן זעלבסט פון אָט די אַמטן. אין אַלגעמיין זענען יידן באַשעפטיקט אין דער אינדוסטריע און אין האַנדל.

מיטן קאַמף קעגן ישראל, קעגן ציוניסטן איז מען אויסן אָפּצוציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער פּוילישער באַפעלקערונג פון די עקאָנאָמישע שוועריקייטן אין לאַנד.

בטבע איז גאָמולקאַ נישט קיין אַנטיסעמיט. איך האָב געהאַט פיל מאָל די געלעגנהייט איבערצוצייגן זיך אין דעם בעת די באַראַטונגען פון דער פירערשאַפט אין דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, מיט פאָרשטייער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי (פּ.פּ.ס.), "בונד", און פון צייט צו צייט אויך מיט פאָרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידן אין פּוילן.

אויף אַזעלכע צוזאַמענטרעפן זענען אַרומגערעדט געוואָרן פאַרשידענע פּראָבלעמען. עס זענען געקומען אָנווייזונגען און עס זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן געוויסע ריכטליניעס פאַר די פאַרטייען. שפּעטער זענען די פאַר־טייען ליקווידירט געוואָרן. מיין אויפגאַבע איז געווען ביי די באַראַטונגען מאַכן פאַרצייכענונגען פאַר די צענטראַל־קאָמיטעטן פון די יידן און "בונד".

איך וויל מאַכן אויפמערקזאַם רעדנדיק וועגן גאָמולקאַס אַנטיסעמי־טיזם, אַז נאָכן ליקווידירן דעם "בונד" איז קיין איין בונדיסט נישט אַרעס־טירט געוואָרן.

## וויאַזוי איז ליקווידירט געוואָרן די ציוניסטישע באַוועגונג אין פּוילן

ווי באַקאַנט, האָבן נאָך דער מלחמה — אַרום אַ פערטל מיליאָן יידן ביזן

קעלצער פּאָגראָם אין יולי 1946 — עקזיסטירט אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען פונקט ווי פאַר דער מלחמה ביי דריי און אַ האַלבן מיליאָן יידן.

אין קעגנזאַץ צו רומעניע, ווו מען האָט די ציוניסטשע פּאַרטייען ליקווידירט בגוואַלד, די פירער אַריינגעזעצט אין תפיסה, ווו אַ סך פון זיי זענען אומגעקומען, האָט מען אין פּוילן גערופן די פירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און זיי פאָרגעלייגט אַליין זיך ליקווידירן. ווער עס וויל קאָן פאָרן קיין ישראל.

אַזוי איז טאַקע געווען. אין געשלאָסענע טראַנספּאָרטן האָט מען די יידן געשיקט קיין ווענעציע, או׳ פון דאָרט האָט מען זיי טראַנספּאָרטירט מיט שיפן קיין ישראל.

אָט דער אופן פון ליקווידירן די ציוניסטישע פּאַרטייען איז נישט געטאָן געוואָרן אָן גאָמולקאַן, הגם איך בין דער לעצטער צו זוכן פאַר אים זכות־אָבות. גאָמולקאַ איז קיינמאָל נישט געווען קעגן דעם, אַן יידן זאָלן פאַרלאָזן פּוילן. דאָס מיינט נישט דווקא, אַז דאָס איז געקומען אין רעזולטאַט פון זיין אַנטיסעמיטישער איינשטעלונג. מען קאָן אויך דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז עס האָבן דאָמינירט מאָמענטן פון פּשוטע הומאַניטאַרע געפילן.

אין די ערשטע נאָכמלחמה־יאָרן זענען די גרענעצן פאַר אומלעגאַלער עמיגראַציע געווען אָפן. אויב פון צייט צו צייט זענען געווען שוועריקייטן ביים לעגאַלן פאַרלאָזן פּוילן, האָט מען דאָס אַלע מאָל געהאַט צו פאַרדאַנקען די יידישע קאָמוניסטן, וועלכע פלעגן פּעריאָדיש אויספּועלן דורך יידן־קאָמוניסטן אויף פאַרשידענע הויכע אַמטן אין די רעגירונגס־אינסטאַנצן, אָפּצושטעלן דאָס אַרויסגעבן פּאַספּאָרטן.

דאָס לעגאַלע פאַרלאָזן פּוילן גייט אָן במשך אַלע נאָכמלחמה־יאָרן. יידן האָבן געהאַט די מעגלעכקייט מיטצונעמען מיט זיך אַפילו מעבל, מען האָט אַפילו געפירט פּיאַנאָס.

מיר איז באַקאַנט אַ פאַל ווען מיינער אַ פריינד האָט מיטגענומען קיין ישראל אַ פּיאַנאָ און אַ לאַסט־אויטאָמאָביל. שוין בעת די לעצטע אַנטיסעמיטישע געשעענישן, האָט מיינס אַ נאָענטע משפחה געהאַט די מעגלעכקייט מיטצונעמען קיין ישראל אַחוץ שטוב־זאַכן, אויך זילבערוואַרג, קרישטאָל

און אַנדערע זאַכן צום פאַרקויפן.

אויסער קיין ישראל זענען יידן געפאָרן קיין אַמעריקע. עס איז געגנוג צו דערשלאָגן זיך קיין ווין, ווו די יידן ווערן אויפגענומען דורך דער סוכנות און טראַנספּאָרטירט קיין ישראל. אָבער עס האָבן זיך אויך געשאַפן מעגלעכקייטן צו פאָרן קיין אַמעריקע, איך מיין אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אַדאַנק דעם דזשאָינט און האַיאַס.

די יידישע פּרעסע אין אַמעריקע איז געקומען מיט טענות, פאַרוואָס פאַרלאָזן נישט די יידן פּוילן ?

ווי געזאָגט, גייט אָן אַלע יאָרן נאָך דער מלחמה די עמיגראַציע. מען קאָן אָבער נישט קומען מיט קיין שאַבלאָנע טענות און פאָרווורפן אויפן אַדרעס פון די פּוילישע יידן, וואָס זענען דאָרטן פאַרבליבן. יעדער ייד האָט זיך זיין פּעקל צרות. אַ געוויסער טייל האָט זיך דערווייטערט פון יידנטום און זייערע קינדער ווייסן נישט זייער אָפּשטאַם. ערשט בעת דער אַנטיסעמיטישער וואַקכאַנאַליע האָט מען אַנטפּלעקט דעם אָפּשטאַם. אַנדערע יידן האָבן צרות און קאָנען דאָס לאַנד נישט פאַרלאָזן. זייערע פרויען זענען קריסטינס. לויט די ישראל־געזעצן זענען די קינדער אויך קריסטן, זייערע אייגענע קינדער האָבן חתונה געהאַט מיט קריסטן.

מען דאַרף געדענקען מיט וואָס פאַר אַ שוועריקייטן עס איז פאַרבונדן דאָס באַקומען אַ דערלויבעניש צו פאַרלאָזן פּוילן, דעם קאָמוניסטישן גן־עדן. קודם־כל דאַרף מען אָפּזאָגן די אַרבעט, און אויב מען באַקומט נישט קיין דערלויבעניש איז מען אויסגעשטעלט אויף גרויסע צרות און שוועריקייטן. צווייטנס, צי מען וויל אָדער נישט, מוז מען געהערן צו דער קאָמוניסטישער "יאַטשייקע" אויפן אַרבעטס־פּלאַץ, דאַרף מען אָפּגעבן די פּאַרטיי־לעגיטי־מאַציע און ערשט דאַן אַנגעבן אויף אַן אַרויספאָר־דערלויבעניש. איך רעד שוין נישט וועגן די שוועריקייטן ביים דערליידיקן אַלע פאָרמאַליטעטן אינעם ביוראָקראַטיזירטן אַפּאַראַט.

און וואָס קומט דעם יידן, וועלכער וויל פאַרלאָזן פּוילן, אָבער וויל נישט פאָרן קיין ישראל ? און אין קיין אַנדערע לענדער איז קיין מעגלעכ־קייט נישטאָ צו פאָרן אַחוץ זעלטענע אויסנאַמען. דערצו דאַרף מען גע־דענקען, אַז אין פּוילן לעבט אַ געוויסע צאָל אַלטע און קראַנקע יידן,

וועלכע זענען נישט אַרבעטספּעיִק, און געפינען זיך אויף מלוכה־פּענסיע.
סוף־כל־סוף האָבן די פאַרבליבענע יידן אין פּוילן קיינמאָל נישט קיין טענות צו די יידן אין דער גאָרער וועלט. יעדער האָט געהאַנדלט לויט זיינע אומשטענדן, אָבער מקנא זיין דאַרף מען זיי נישט, קיין טענות און פאָרווורפן אַוודאי נישט. דאָס ביסל יידן אין פּוילן האָט גענוג געוואַנדערט אין די מלחמה־יאָרן, זיי געפינען זיך אונטער אַ געפערלעכן קאָמוניסטישן טעראָר.

## דאָס יידישע קולטור־לעבן אין פּוילן

ווי זעט אויס דאָס יידישע קולטור־געזעלשאַפטלעכע לעבן אין פּוילן, ווי האָט עס אויסגעזען אין פאַרלויף פון דעם יאָר זינט עס גייט אָן מיט דער אַנט־ישראל, אַנטי־ציוניסטישער און אַנטיסעמיטישער וואַקכאַנאַליע?
לאָמיר אונטערשטרייכן, אַז טראָץ דעם טיף־איינגעוואָרצלטן אַנטי־סעמיטיזם צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג, האָט זיך נישט איינגעגעבן די סטאַליניסטן מיט מאָטשאַרן בראש אָפּצוווענדן די פאָדערונגען ביי דער פּוילישער אינטעליגענץ, קולטור־טוער, שרייבער און קינסטלער. דאָס זעלבע אויך ביי דער סטודענטשאַפט. זיי פאָדערן ווייטער רעכט פון פריי ברענגען צום אויסדרוק זייערע געדאַנקען און געפילן. דער אַנטיסעמיטיזם האָט אָט די קרייזן נישט פאַרכאַפּט. דער סקאַנדאַל מיטן אַראָפּנעמען די פאָרשטעלונג "דזיאַדי", די שאַרפע אַרויסטרעטונגען אויף דער אַלגעמיי־נער פאַרזאַמלונג פון ליטעראַטן און שרייבער־פאַראיין, זענען אַ באַווייז, אַז די אינטעליגענץ האָט נישט בדעה זיך צוריקצוציען פון זייערע פאָדע־רונגען פאַר פרייהייט פון וואָרט און געדאַנק.

* * *

דאָס ליקווידירן דעם דזשאָינט מיינט נאָך נישט ליקווידירן די יידישע אינסטיטוציעס, דעם מושב־זקנים און אַנדערע. די אינסטיטוציעס זענען אַלע מאָל געשטיצט געוואָרן אויך דורך דער רעגירונג, מען וועט וואָר־שיינלעך ביי די עלטערע מענטשן זייערע פּענסיעס נשט צונעמען. די יידי־

שע זשורנאַליסטן און שרייבער האָבן געגאָסן אַלע מאָל פון די העכסטע לוינען, צוגלייך מיט די אָנגעזעענסטע פוילישע שרייבער.

דער יידישער קולטור־געזעלשאַפטלעכער פאַרבאַנד עקזיסטירט דער־ווייל און גייט אָן מיט זיין אַרבעט און אַקטיוויטעטן, אין וואַרשע און אי־בערן לאַנד. דער ליטעראַרישער חודש־זשורנאַל "יידישע שריפטן" דער־שיינט רעגלמעסיק. אין דער פּרעסע איז געווען אַ ידיעה, אַז דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון זשורנאַל, ד"ר דוד ספאַרד, איז באַזייטיקט געוואָרן פון זיין אַמט, אָבער אין מאַי־נומער 1968 "יידישע שריפטן" ווערט אָנגעגעבן דער צוזאַמענשטעל פון דער רעדאַקציע מיט ספאַרדן אַלס הויפּט־רעדאַקטאָר.*

גלייך נאָך גאָמולקאַס אַרויסטרעטונגען אין יוני 1967, אַז ער ווינטשט זיך נישט קיין יידישע פינפטע קאָלומנע, ווען עס האָבן זיך צעוויגט די אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען, איז טאַקע אין פאַרשפּעטיקטן יוני־נומער פון דערמאָנטן זשורנאַל דוד ספאַרד געקומען מיט 3 משלים. דאָס זענען די מעשהלעך וועגן אַ בער, אַ לייב און שאַקאַלן. די משלים איז זייער לייכט צו פאַרשטיין, עס פילט זיך קלאָר און דייטלעך אַ מין ווידערשטאַנד. דער ערשטער משל וועגן אַ בער, וואָס איז פּלוצים אַרויס פון וואַלד און גענומען שפּאַנען איבער די פעלדער, די צעשראָקענע "משהס קיעלעך" זענען זיך צעלאָפן אין די הויכע זאַנגען, האָפנדיק זיך דאָרטן צו ראַטעווען פון די בערישע לאַפּעס, דער בער איז אָבער נישט געגאַנגען ווייטער מיטן גלייכן וועג, נאָר דורך וואַלד און פעלד, און:

מיט זיינע קרומע לאַפּעס פיר
משהס קיעלעך צעטראָטן אָן אַ שיעור...

דער צווייטער משל איז וועגן אַ לייב ביי וועמען אַ צעשראָקן וועווריקל בעט געוועכטיקייט אין שוץ קעגן די בייזע חיות, וואָס יאָגן זיך נאָך זיין פעלעכל. דער קעניג פון וואַלד ענטפערט דערויף דעם וועווריקל:

איך וועל דיר גערן געבן שוץ
אָן שום אייגננוץ,
נאָר ביי מיר אין בויך...

---

* ווי באַקאַנט, געפינט זיך שוין ד"ר ספאַרד אין ישראל. — (י.פ.)

טרעפלעך איז ספּאַרד אין דריטן משל "שאַקאַלן", וואָס איז פול מיט פּאָלי־טישע פאַרגלייכונגען. עס איז אַ סאַטירע וועגן שאַקאַלן, וואָס באַפאַלן אַ קליין ציגעלע און דערביי ציניש זיך צעוואָיעט, אַז דאָס האָט גאָר דאָס ציגעלע מיט ציין און נעגל זיך געוואָרפן אויף זיי. די שאַקאַלן אַפּעלירן נאָך יושר צו די בייזע חיות, וועלכע טראָגן אַרויס

אַ פּסק אַזאַ געררעכטן:

היות, דאָס ערשטע איז דאָס ציגעלע באַפאַלן

מעג פון היינט אָן יעדער,

ווי כסדר

פראַנק און פריי עס שעכטן...

ביי דער געלעגנהייט, אין נומער 204 "יידישע שריפטן" פאַר מאַי 1964, אין אַ פּאָעמע "חלום חלמתי", איז געקומען דוד ספּאַרד מיט אַ פּראָטעסט קעגן די אַנטיסעמיטישע, נאַצישע קאַריקאַטורן און פאַרשידענע אויסגאַבן אין רוסלאַנד.

* * *

געוויינלעך ווערט איין זייטל אין יעדן נומער זשורנאַל אָפּגעגעבן באַריכטן וועגן דער טעטיקייט פון יידישן קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַר־באַנד איבערן לאַנד.

אַ געוויסע צייט נאָך די אַנטיסעמיטישע אויסברוכן זענען אַזעלכע באַריכטן נישט געווען. אין די לעצטע נומערן קומען אויף די שפּאַלטן פון זשורנאַל ווייטערדיקע באַריכטן פון יידישן קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פּוילן. באַריכטן וועגן די צוגרייטונגען צום 25־סטן יאָרטאָג פון אויפ־שטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, באַריכטן וועגן אָנגעצייכנטע ווייטערדיקע פּלענער, וועגן דער אַמאַטאָרישער קונסט־באַוועגונג, לייענער־קרייזן, וועגן מאַנגל אין יידישע ביכער אין די ביבליאָטעקן, וועגן די ווייטערדיקע פּלע־נער פאַר דעם זשורנאַל "יידישע שריפטן", אויפנאַמען פון סאָוויעטיש־יידישע שרייבער.

אגב, פון צייט צו צייט קומען פון ראַטנפאַרבאַנד יידיש־סאָוויעטישע שרייבער, מען הערט אָבער נישט, אַז מען זאָל אַריינלאָזן אַהין יידישע

שרייבער פון פוילן. דערווייל גייט אָן די אַרבעט פון יידישן געזעלשאַפט־לעכן פאַרבאַנד.

אין פעברואַר־נומער "יידישע שריפטן" קומט א. מעלמאַן, דער מאַן פון אידאַ קאַמינסקאַ, מיט אַ באַריכט וועגן די גאַסטשפּילן פון יידישן טעאַטער אין ניו־יאָרק. דערביי איז נאָך פריער איינגעאָרדנט געוואָרן דורך דעם פּרעזידיום פון קולטור־פאַרבאַנד אַן אויפנאַמע פאַרן יידישן טעאַטער־אַנסאַמבל נאָך זיין צוריקקומען פון ניו־יאָרק. עס איז פאָרגעקומען אַ פּרעסע־קאָנפערענץ מיטן אָנטייל פון פאָרשטייער פון קולטור־ און קונסט־מיניסטעריום, פון אויסערן־מיניסטעריום, פון דער פּוילישער פּרעסע־אַגענטור, און אַ ריי וואַרשעווער צייטונגען. דאָס יידישע טעאַטער האָט געגעבן אַ פאָרשטעלונג אין שייכות מיט די מענדעלע־פייערונגען.

## רעאַקציע פון דער פּוילישער עמיגראַציע אויף די געשעענישן אין פּוילן

איך וויל ביי דער געלעגנהייט ברענגען צום אויסדרוק, ווי רעאַגירט די פּוילישע עמיגראַציע אויף די געשעענישן אין פּוילן. עס איז זייער אינטערעסאַנט.

אויף די שפּאַלטן פון "קולטוראַ", חודש־זשורנאַל פון דער פּוילישער עמיגראַציע אין פראַנקרייך, ווערט געבראַכט צום אויסדרוק דער פּראָטעסט קעגן די אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען מצד די פירער פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי": היפּאָקריטן זענען די, וועלכע נוצן דעם אַנטיסעמיטיזם, דאָס שרעקלעכע געווער אין זייער קאַמף פאַר מאַכט, אין זייערע צווישנפּאַרטייאישע אָפּרעכענונגען". באַזייטיקנדיק יידן פון דער פּאַרטיי, פון דער אַדמיניסטראַציע, אַטאַקירנדיק די יידן, אַרויסברענגענדיק יידישע נעמען צווישן די אָפּאָזיציאָנעלע סטודענטן, צווישן די ליבעראַלן, שרייען זיי אָט די מאָטשאַרס און אַנדערע, ווי ער, אַז זיי זענען נישט קיין אַנטיסעמיטן". "אַ היפּאָקריט איז אויך גאָמולקאַ, וועלכער זאָגט, אַז אַנטי־ציוניזם האָט גאָרנישט געמיינזאַמעס מיט אַנטיסעמיטיזם".

דער פּראָפּאַגאַנדע־ביולעטין פון דער וואַרשעווער "אינטערפּרעס"־

אַגענטור אין פּראָנצויזיש, אין אַפּריל געווידמעט דעם 25־סטן יאָרטאָג פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, קומט נישט מיט די העלדישע טאַטן פון די אויפשטענדלער, נאָר ברענגט ידיעות וועגן דער יידישער געסטאַפּאָ, וועגן ציוניסטישע־פאַשיסטישע פּראָקציעס, שרייבט וועגן די יודנראַטן, דער יידישער פּאָליציי, וועלכע האָט קאָלאַבאָרירט מיט די היטלעריסטן. ווי אַ צוגאָב ברענגט דער דערמאָנטער ביולעטין אין פראַנצויזיש די שטימען פון דער פּוילישער פּרעסע, באַשולדיקנדיק ישראל און די ציוניסטן אין מיטאַרבעט מיט מערב־דייטשלאַנד.

אין דער זעלבער צייט ברענגט צום אויסדרוק די זעלבע פּוילישע עמיגראַציע פאַרדרוס וועגן דעם, אַז די יידן אויף דער וועלט מאַכן שולדיק אַלע פּאָליאַקן, דאָס גאַנצע פּוילישע פאָלק אין אַנטיסעמיטיזם. עס ווערט פאַרשוויגן די הילף, וואָס יידן האָבן באַקומען מצד די פּאָליאַקן בעת דער מלחמה, עס ווערן פאַרשוויגן און נישט געבראַכט פאַר דער עפנטלעכקייט די יידישע שטימען מיט אַ פּאָזיטיוון אָפּרוף וועגן טיילן פון פּוילישן פאָלק.

* * *

וואָס זענען די אויספירונגען ?

די געשעענישן אין פּוילן, און די אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען גייען אָן. ווי לאַנג קאָן אַזאַ צושטאַנד אָנהאַלטן ? מאָסקווע אָבסערווירט, און דערווייל לייגט זי נישט צו קיין האַנט צו ליקווידירן אָט די געשעענישן, עס ווילט זיך די סטאַליניסטן זאָלן געווינען און אַראָפּזעצן גאָמולקאָן, די אַרויסטרעטונגען אָבער פון דער פּוילישער אינטעליגענץ, פון דער סטודענטנשאַפט זענען שוין צו ווייט אַוועק. צווישן זייערע לאָזונגען ווערט אַזוי אָפט דערמאָנט דורך דער אינטעליגענץ א״אַ : ״זאָל לעבן טשעכאָ־סלאָוואַקיע !״

מאָסקווע גיט זיך אָפּ אַ חשבון פון די ענדערונגען אין די סאַטעליטן־לענדער, דערונטער פּוילן. ווו די פּירערשאַפט זאָל זיך געפינען אין די הענט פון סטאַליניסטן וועט קיין באַרויקונג נישט ברענגען. מאָסקווע מוז גיין אויף הנחות. אין געהעריקן פּאַסיקן מאָמענט וועט מאָסקווע באַווירקן

אָפּצושטעלן און ברענגען די געשעענישן צו אַ באַרויקונג. די אַנטי־ציוניס־טישע, דאָס מיינט אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען טאָלערירט מאָסקווע אין דער פּולער מאָס, האָפנטלעך וועט אויך צו דעם קומען אַ סוף. ווי לאַנג קאָן אַזעלכעס אָנגיין ? די סטאַליניסטן װעלן זיך אָנזעטיקן מיט די יידישע קרבנות, אַרויסגעוואָרפענע פון זייערע אַמטן, פון דער פּאַרטיי, אַ טייל יידן וועלן פאַרלאָזן פּוילן. די מאַכט וועט וואַרשיינלעך אַריינפאַלן נישט אין די הענט פון אויסגעשפּראָכענע סטאַליניסטן, אָבער עס איז אויך וואַרשיינלעך, אַז גאָמולקא וועט פאַלן אַ קרבן.

פּוילן דאַרף סוף־כל־סוף, און מוז אָנקומען צו דער פרייער וועלט. פּוילן וועט מוזן גיין שטופנווייז אויף די זעלבע וועגן ווי רומעניע און טשעכאָסלאָוואַקיע, און מאָסקווע וועט זיין געצוווּנגען אויסצוקלייבן דאָס קלענערע בייז.

* * *

לויט די לעצטע ידיעות פון פּוילן איז אין דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי געקומען צו אַ מין אויסגלייך. דער סטאַליניסט גענעראַל מאָטשאַר איז אַריין אין צענטראַל־קאָמיטעט, אויך ווי אַ קאַנדידאַט אין פּאָליטביוראָ. דאָס מיינט נאָך נישט קיין באַרויקונג, דער קאַמף אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי גייט ווייטער אָן.

די יידישע עמיגראַציע גייט אָן, אויב דאָס זאָל אָנהאַלטן וועט די צאָל פאַרבליבענע יידן אין פּוילן שטאַרק פאַרקלענערט ווערן און דער־פירט ווערן צו אַ מינימום.

עס ווערט ליקווידירט דער כמעט טויזנט־יאָריקער יידישער ישוב אין פּוילן.

דאָס וואָס עס האָט נישט באַוויזן דער דייטשער נאַציזם האָט באַוויזן דער קאָמוניזם. קיין גרויסער אונטערשייד צווישן אָט די צוויי באַוועגונגען איז נישטאָ.

# די סאָוויעטישע פרוי

וואָס איז דער מצב פון דער פרוי אין דער סאָוויעטישער געזעלשאַפט? ווי אַזוי ווערט די סאָוויעטישע פרוי געשילדערט אין די שאַפונגען פון דער היינטצייטיקער סאָוויעטישער ליטעראַטור?

וועגן דעם שרייבט אי. טראַוקינאַ, ביבליאָטעקאַרין פון דער היסטאָרישער ביבליאָטעק אין מאָסקווע, אין "נאָווי מיר" (נומער 7.64). זי אונטערשטרייכט, אַז "דער סאָוויעטישער פרוי איז נאָך אַלץ פיל שווערער ווי די מענער צו געניסן פון דער גלייכבאַרעכטיקונג. אויף דער פרוי פאַלט נאָך אַלץ דאָס אָרגאַניזירן און אָנהאַלטן דאָס פאַמיליע־לעבן, דערציונג פון קינדער און אַנדערע פליכטן. עס קומט נאָך צו די פּסיכאָלאָגישע זייט פון דעם פּראָבלעם. פרויען זענען זיכער און גלייבן אין דעם, אַז זיי עקזיסטירן בלויז פאַר "פרויען־ענינים". זייער אינטערעס אין לעבן איז ליבע, חתונה האָבן, דערציען קינדער, זיך קליידן שיין, אַזוי ווי מיט הונדערט, צוויי הונדערט און טויזנט יאָר צוריק. אַזעלכע פאַראורטיילן ביי פרויען שטערן איינשטעלן ריכטיקע קאָמוניסטישע באַציונגען צווישן מענטשן".

די שרייבערין פון דער אָפּהאַנדלונג באַדויערט, וואָס נישט אָפּט שטעלט זיך די סאָוויעטישע ליטעראַטור ווי אַ פאַרקעמפערין פאַר פרויען־רעכט.

"אַ סך, זייער אַ סך פרויען אין די היינטצייטיקע ראָמאַנען לעבן נאָר אין דער וועלט פון פרויען־פּראָבלעמען, אַפילו ווען זיי זענען אינזשיניערן, לערערס, דאָקטוירים און אַנדערע אינטעלעקטואַלן. וואָס איז דער שכל פון דעם, וואָס אַט די העלדן ווערן דערמאָנט, ווי פאַרשידענע אינטעלעקטואַלן, — ווען מיר וויסן בכלל גאָרנישט, ווי די זעלביקע פרויען טראַכטן, ווי זיי קעמפן פאַר זייערע שאַפונגען אויפן שטח פון זייערע ספּעציאַלי־

טעטן ?! וואָס איז דער שכל פון דעם, ווען אָט די אינטעלעקטואַלן ווערן געוויינטלעך געוויזן אין די ראָמאַנען בלויז אין זייערע ליבע־פּראָבלעמען מיט מענער ?״

די שרייבערין שטרייכט אונטער, אַז זי איז נישט דווקא פאַר דעם, ווי עס איז אין זיינער צייט געווען אין די ״באַשטעלטע״ ראָמאַנען, אַז צווישן איין קוש און אַ צווייטן זאָל די פרוי דערציילן איר געליבטן וועגן דעם, ווי עס איז ביי זיי אין פאַבריק אויסגעפירט דער פּלאַן.

זי איז נישט קעגן ליבע־ראָמאַנען, אָבער זי איז נישט מסכים מיט דעם, וואָס דער מאַן ווערט געשילדערט ווי אַ פולער מענטש, מיט זיין באַשעפטיקונג, זיין פּאַרטיי און זיינע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן, בעת די פרוי ווערט געגליכן בלויז ווי אַן אָביעקט פון ליבע. אין אָט די ליבע־ראָמאַנען ווערט די פרוי געלויבט בלויז פאַר אירע פּרויאישע אייגנשאַפטן. די פרויען אין די ראָמאַנען חלומען מערסטנס בלויז וועגן באַלאַנגען צו אַ מאַן.

די שרייבערין האַלט נישט, אַז די פרויען, וואָס באַגרענעצן זייער לעבן בלויז מיט ״פרויאישע ענינים״, געווינען ווי פרויען, געליבטע אָדער ווי מוטערס. פאַרקערט, דער געליבטער, דער מאַן און דאָס קינד באַקומען פיל מער אין אַ געזעלשאַפט פון אַ פרוי, וואָס איז גייסטיק רייך, ווי אין אַ געזעלשאַפט פון אַ פרוי, וועלכע ״דינט״ בלויז דעם מאַן. נישט אַלע פאַרשטייען און פילן דאָס, נאָר ווען עס איז וועט מען דאָס פאַרשטיין און פילן.

״אונדזער ליטעראַטור דאַרף העלפן, אַז דער ״ווען עס איז״ זאָל קומען וואָס שנעלער. אונדזער ליטעראַטור דאַרף נישט שטאַרקן די פאָראורטיילן וועגן דער פרוי אין אונדזער לעבן״.

עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר די פאַרהעלטענישן אין סאָוויעטןפאַרבאַנד, ווען נאָך אַזויפיל יאָרן קאָמוניסטישער הערשאַפט קומט אויס צו רעדן וועגן פרויען־גלייכבאַרעכטיקונג אויב נישט אין לעבן, איז כאָטש אין דער ליטעראַטור.

## פרויען צווישן דער סאָוויעטישער עליטע

אין אַלגעמיין איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז אין אַרבעטס־לעבן פון ראַטנפאַרבאַנד איז דער חלק פון די פרויען זייער גרויס. 48 פּראָצענט פון אַלע אַרבעטער און אַנגעשטעלטע זענען פרויען. אין די ביוראָען און פאַבריקן — דאָס איז פּאַקטיש די גאַנצע דערוואַקסענע באַפעלקערונג.

צווישן דער באַפעלקערונג פון 20 יאָר און עלטער שטעלן מיט זיך פאָר די פרויען איבער 58 פּראָצענט.

צווישן דער אַ. ג. פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ (אינטעליגענטע פּראָפעסיעס), איז דער פּראָצענט פון די פרויען פיל העכער. פרויען־דאָקטוירים, אַחוץ דענטיסטן, ווו דער פּראָצענט איז גרעסער, זענען 75 פּראָצענט. פּעדאַגאָגן מיט העכערער בילדונג — 67 פּראָצענט. וועטערינאַר־דאָקטוירים — 42 פּראָצענט; עקאָנאָמיסטן און פּלאַנירער — 61 פּראָצענט; יוריסטן (אַדוואָקאַטן און פאָלקס־ריכטער) — 32 פּראָצענט; אינזשיניערן — 31 פּראָצענט.

כאַראַקטעריסטיש איז אָבער דער פאַקט, אַז וואָס העכער דער אַמט, אַלץ קלענער דער פּראָצענט פון פרויען.

אַלס ביישפּיל פּעדאַגאָגן. אויב צווישן דער דאָזיקער קאַטעגאָריע זענען די פרויען אין די ערשטע פיר קלאַסן אין די שולן 87 פּראָצענט, זענען שוין די פרויען אין די העכערע קלאַסן 67 פּראָצענט. פּאַרוואַלטערס אין די פאָלקס־שולן, פרויען — 71 פּראָצענט. צווישן די דירעקטאָרן פון די מיטל־שולן — 24 פּראָצענט און צווישן די דירעקטאָרן פון די העכערע מיטל־שולן בלויז 20 פּראָצענט.

ווי איז די באַטייליקונג פון דער סאָוויעטישער פרוי אין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן?

אויף דעם געביט איז דער אַנטייל פון די פרויען פיל קלענער. צווישן די דעפּוטאַטן אין די אָרטיקע סאָוויעטן אין גאַנצן לאַנד דערגרייכט דער פּראָצענט פרויען איבער 40. צווישן די דעפּוטאַטן אין העכסטן סאָוויעט (פּאַרלאַמענט) 27 פּראָצענט. אין פּרעזידיום אָבער פון העכסטן סאָוויעט זענען אויף 32 מיטגלידער פאַראַן בלויז 3 פרויען.

די פאַקטישע מאַכט אין ראַטנפאַרבאַנד איז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. די פּאַרטיי איז דער רעזערוואַר פון וואַנען עס רעקרוטירט זיך די סאָוויעטישע עליטע.

ביז היינט צו טאָג שטעלן די פרויען פאַר נישט קיין פולע 20 פּראָ־צענט פון דער פּאַרטיי־מיטגלידערשאַפט. אָבער אויף הויכע מלוכה־פּאָסטנס איז דער אָנטייל פון פרויען אַ מינימאַלער. אויף 59 מיטגלידער פון מיניסטאָרן־ראַט איז נאָר פאַראַן 1 פרוי. קיין איין פרוי נישט אויפן אַמט פון אַזאַ גרויסער צאָל פאַרטרעטער פון מיניסטאָרן.

אין די מיניסטאָרן־ראַטן פון באַזונדערע רעפּובליקן איז שוין די ראָל פון פרויען מער אָנזעעוודיק. ריכטיק, אַז איז קיין איין רעפּובליק איז נישטאָ קיין פרוי אויפן אַמט פון פאָרזיצער פון מיניסטאָרן־ראַט, אָדער ערשטע פאַרטרעטער, אָבער צווישן 65 פאַרטרעטער (נישט די ערשטע) זענען דאָ 5 פרויען.

צווישן 407 מיניסטאָרן פון באַזונדערע רעפּובליקן — 24 פרויען. צווישן פאַרטרעטער אין צאָל פון 1480 — 74 פרויען. די ציפערן זענען זייער באַשיידענע ווען מען נעמט אין באַטראַכט דעם הויכן פּראָצענט פרויען מיט ספּעציעלער בילדונג.

עס איז וויכטיק צוצוגעבן, אַז די פרויען, וואָס גייען אַריין אין די רעגירונגען פון פאַרשידענע רעפּובליקן פאַרנעמען פירנדע אַמטן אין מיניסטעריומס פון צווייט־ראַנגיקער וויכטיקייט.

אין שפּיץ פון מלוכה־אַפּאַראַט, דאָס מיינט אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, איז די ראָל פון דער פרוי אַ נישטיקע, נישט געקוקט אויף דעם וואָס די צאָל מיטגלידער אין צ.ק. אין אַלגעמיין ווערט אַלץ גרעסער. פאַרוואָס איז דאָס אַזוי ?

פריער פאַר אַלעמען דאַרף מען אונטערשטרייכן, אַז אין דער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי ביז און נאָך דער רעוואָלוציע, איז נישט געווען אין טראַדיציע אַוועלכער עס איז אָנזעעוודיקער אָנטייל פון די פרויען אין דער פירערשאַפט פון דער באַוועגונג. די היינטיקע סיטואַציע איז אַ מין פאָרזעצונג פון אָט דער טראַדיציע. דאָס הייסט, פאַר דער פרוי ווערן צוגעטיילט צווייט־ראַנגיקע פונקציעס אין פּאַרטיי־געזעלשאַפטלעכן לעבן.

צווייטנס, דער באַשיידענער אַנטייל פון פרויען צווישן דער פּאַרטייאַי־שער עליטע קומט אויך צוליב דעם, וואָס די קוואַליפיצירטע פּראָפעסיעס ביי פרויען, ווי דאָקטוירים, אָדער פּעדאַגאָגן, זענען נישט גענוג אויף אַמטן, וואָס פאָדערן אָרגאַניזאַטאָרישן טאַלאַנט און פעיקייטן אויף פירנדע אַמטן און פאַרשידענע געביטן.

דריטנס, די פרוי מוז אַלעמאָל איר פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט פאַרבינדן מיט איר הויז־אַרבעט. די זאָרגן פאַר דער פאַמיליע, באַזונדערס ווען מען נעמט אין באַטראַכט דעם שווערן סאָוויעטישן שטייגער־לעבן. דאָס צווינגט דער פרוי אויסצוויילן פאַר זיך אַ פּראָפעסיע, וואָס גיט איר די מעגלעכ־קייט אויף אַוועלכן עס איז אופן פירן אַ נאָרמאַל פאַמיליע־לעבן.

און צום סוף, טראָץ דעם וואָס מען קאָן נישט אורטיילן, אַז עס ווערט געפירט קעגן פרויען אַ פּאָליטיק פון דיסקרימינאַציע, איז דאָך שווער זיך צו באַפרייען פון דעם איינדרוק, אַז דער אומצוטרוי צו דער פרוי ביים אויספירן אַרבעט, וואָס פאָדערט אָרגאַניזאַטאָרישע פּראַקטיק און פעיקייטן צו אָנפירן בכלל, איז נאָך זייער גרויס.

איז טראָץ דעם, וואָס מיר קאָנען נישט זאָגן, אַז דאָס אַרייננעמען די פרויען אין דער עליטע טרעפט זיך אָן אויף פאָרמעלע שוועריקייטן, — איז אין אַלגעמיין דאָך ווייניק שאַנסן פאַר דער פרוי צו פאַרנעמען וועלכע עס איז אָנגעזעענע פּאָזיציעס צווישן די עטלעכע הונדערט, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר דעם סאַמע שפּיץ פון סאָוויעטישן אַפּאַראַט, און עס איז נישטאָ קיין גרונד אויסצושטעלן, אַז אין דער נאָענטער צוקונפט זאָל זיך די לאַגע ענדערן צום בעסערן.

# פאַמיליען־לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד

דאָס איז אַ פּראָבלעם אין רוסלאַנד, ווי אויף דער גאַנצער וועלט. די סאָוויעטישע געזעלשאַפטלעכקייט האָט קיין גרויסע אויפמערקזאַמקייט דער פראַגע נישט געווידמעט. אין די יאָרן פון פּערזאָנען־קולט האָט דאָס פּראָבלעם בכלל נישט געקאָנט באַטראַכט ווערן. מען האָט געהאַלטן, אַז די עקזיסטירנדיקע סטאַלינס דעקרעטן פאַרענטפערן אינגאַנצן די פראַגע.

לויט דער סאָוויעטישער אידעאָלאָגיע, פאַררופנדיק זיך דערביי אויף לענינען, איז דער ״גרויסער אָקטאָבער״ נישט נאָר אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע, נאָר אויך אַ רעוואָלוציע אין שטייגער־לעבן, אַ רעוואָלוציע אין דער הינזיכט פון שידוך, חתונה און פאַמיליע־לעבן. איצט, ווען סטאַלינס דעקרעטן זענען נישט אומבאַדינגט מאָסגעבנד, ווערט דאָס פּראָבלעם — פאַמיליע־לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד ברייט באַהאַנדלט.

עס זענען לעצטנס פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ ריי פאָרשונגס־אַרבעטן פון סאָוויעטישע סאָציאָלאָגן.

אזוי ווערט אויף די שפאַלטן פון ״נאָווי מיר״ געפירט אַ דיסקוסיע אין שייכות טאַקע מיט אָט די פּראָבלעמען. דערביי ווערט קריטיקירט דאָס געזעץ פון יאָר 1944, וואָס האָט איינגעפירט דעם סיסטעם פון מעטריקעס, און איינגעשטעלט דעם באַגריף ״אַ קינד פון נישט חתונה געהאַטער מוטער״, און אַ באַצייכענונג פון דער מוטער פון אַזאַ קינד — ״איינזאַמע מוטער״.

דאָס געזעץ ווערט אויך קריטיקירט, ווייל דאָס שטימט נישט מיט די איינשטעלונגען פון לענינען.

אין דער דיסקוסיע ווערט אויך באַרירט דאָס פּראָבלעם גטן. עס ווערן דערביי געבראַכט איינציקע ציפערן. אין לענינגראַד צ.ב. זענען פאַרצייכנט פאָלגנדע סטאַטיסטיקס וועגן גטן: צוליב סיבות פון אומטריישאַפט — 28 פּראָצענט נישט פאַסיקע כאַראַקטערן. אָדער ענדערונגען פון די געפילן

פון איין צד צום צווייטן — 21 פּראָצענט. נישט פעיקייט צו ברענגען קינדער — 17 פּראָצענט גטן.

ווייטערדיקע סטאַטיסטישע ידיעות, וואָס ווערן געבראַכט אין דער דיסקוסיע, ווייזן אָן, אַז אין יאָר 1945 זענען פאַרצייכנט 282 טויזנט מיידל־מוטערס. אין יאָר 1960 — שוין אַרום צוויי מיליאָן זיבן הונדערט טויזנט, דערונטער אַרום פיר הונדערט טויזנט מיידל־מוטערס מיט צוויי און מער קינדער.

די ידיעות האָבן אַ שייכות צום גאַנצן לאַנד.

נישט ווייניק מיידל־מוטערס זענען פּאַקטיש אין שידוכים מיט די פּאָטערס פון זייערע קינדער, וועלכע האָבן נאָך נישט באַוויזן דערליידיקן אַלע גט־פאָרמאַליטעטן מיט זייערע פריערדיקע פרויען.

די סטאַטיסטיק פון לענינגראַד ווייזט, אַז 20 פּראָצענט פון אַלע ווענדונגען וועגן גט קומען פון אַזעלכע, וועו ביידע צדדים, אָדער איין צד איז שוין פּאַקטיש אין צוזאַמענלעבן מיט אַ צווייטן, און האָט שוין אפילו קינדער פון צווייטן "שידוך".

עס ווערן אויך געבראַכט פאָלגנדיקע ציפערן: די געבורטן אין יאָר 1961 האָבן זיך פאַרקלענערט אין פאַרגלייך מיט 1940 אויף 25 פּראָצענט. לויט דער פאָלקסציילונג אין יאָר 1959 האָבן נישט געהאַט קיין קינדער איין פערטל פון אַלע פאַמיליעס, און פון די איבעריקע פאַמיליעס דערציען איין העלפט נאָר צו איין קינד.

דער פאַרקלענערטער געבורט ווערט צוו. אַנד. דערקלערט דערמיט, וואָס די פרויען זענען שטאַרק פאַרנומען, דער אַרבעטס־טאָג ביי אַ פרוי, וואָס מוז דערצו נאָך פירן די הויז־ווירטשאַפט, איז זייער אַ לאַנגער. פּאַקטיש איז פאַר איר כמעט ווי אוממעגלעך שאַפן אַ פאַמיליע פון צוויי, אָדער דריי קינדער, אויב אירע עלטערן, אָדער די עלטערן פון איר מאַן נעמען נישט אויף זיך אַ טייל פון דער פרויס פליכטן.

אין דער דיסקוסיע ווערן אויך געבראַכט ווערטער פון קריטיק וועגן דער שטעלונג פון די וואָס מיינען, אַז ביים קאָמוניזם וועט די פאַמיליע נישט אָנגעהאַלטן ווערן ווי אַ סאָציאַלע אינסטיטוציע. פאַרקערט, ביים קאָמוניזם וועט די ליבע צו קינדער, דאָס געפיל פון פּאָטערלעכקייט,

מוטערלעכקייט און קעגנזייטיקע געפילן נישט נאָר אָפּשטאַרבן, נאָר וועלן זיך נאָך מער אַנטוויקלען.

נאַטירלעך ווערן אין די פאָרשונגס־אַרבעטן פון די סאָוויעטישע סאָציאָלאָגן אויך קריטיקירט די גרונט־פּרינציפּן פון די בורזשואַזע סאָציאָלאָגן. הויפּטזעכלעך אין אַמעריקע: ״די היינטיקע בורזשואַזע סאָציאָלאָגיע אין איר בליק אויף דעם פאַמיליע־לעבן איז נישט אַוועק ווייט פון דער צייט פון אַלטערטום, די בורזשואַזע סאָציאָלאָגיע איז נישט אימשטאַנד געבן דאָס קלענסטע בילד פון פאַמיליע־לעבן, און פריער פאַר אַלעמען דערפאַר, ווייל די סאָציאָלאָגן פון דער מערב־וועלט זענען נאָך אַלץ אָנהענגער פון דער טעאָריע, אַז די פרוי איז נישט קיין פולווערטיקער מענטש״.

דער קאָמוניזם אין רוסלאַנד איז שוין כמעט ״פאַרווירקלעכט״, אַלץ איז ״אויסגעגלייכט״.

אין פאַרגלייך מיט דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט איז דאָרטן אַ ריכטיקער גן־עדן, און דאָ שטייט גאָר אונטער אַ פראַגע־צייכן דאָס וויכטיקסטע און הייליקסטע — דאָס פאַמיליע־לעבן ?!

איז דען נאָר דאָס דאָזיקע פּראָבלעם נישט געלייזט אין רוסלאַנד ? אַ וווּנדער, וואָס אויך אויף דעם געביט פאַרמעסט מען זיך נישט דעריאָגן און איבעריאָגן אַמעריקע, ווייל אויף אַלע אַנדערע געביטן באַמיט מען זיך יאָ איבעריאָגן דאָס קאַפּיטאַליסטישע אַמעריקע.

דאָס ריכטיקע קעפּל פון אָט דער סאָציאַליסטישער פאָרשונג וועגן דעם פאַמיליע־פּראָבלעם אין רוסלאַנד וואָלט באַדאַרפט זיין: ״דאָס נייע אין דעם אַלטן״.

# ווי אַזוי קאָמוניסטן פעלשן געשיכטע

די קאָמוניסטן זענען גרויסע ספּעציאַליסטן צו פאַרדרייען און פאַר־קריפּלען געשיכטע. די יידישע קאָמוניסטן זענען אַלע יאָרן אויך גרויסע ספּעציאַליסטן אויף דעם געביט.

ביי דער געלעגנהייט ווילט זיך אילוסטרירן מיט אַ פאַקט.

אָנהייב 1946, גלייך נאָך דער מלחמה, בעת זיין באַזוך אין פּוילן אין שליחות פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, האָט יעקב פּאַט אַסיגנירט אַ סומע געלט אויף אויסגראָבן דעם רינגעלבלום־אַרכיוו אין וואַרשע.

אייניקע דאָקומענטן זענען עטלעכע טעג געווען אויסגעלייגט אויף טישן אין אַ צימער אין צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידן אין פּוילן. די דאָקו־מענטן זענען נישט געווען צוטריטלעך פאַר יעדן איינעם, און זענען פּלוצים פאַרשוווּנדן געוואָרן. דער אַרכיוו איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם היסטאָ־רישן אינסטיטוט, וועלכער איז געפירט געוואָרן דורך יידישע קאָמוניסטן.

אין אינסטיטוט איז דער אַרכיוו ווי אויפסניי באַגראָבן געוואָרן. די יידישע קאָמוניסטן האָבן יאָרן־לאַנג געשריבן געשיכטע וועגן לעצטן חורבן אין זייער גייסט. אַלעמאָל לויט זייער "עמעס" — זענען די יידישע קאָמו־ניסטן געווען אומעטום אויפן ערשטן אָרט בעת די יידישע ווידערשטאַנדן, אויפשטאַנדן אין די געטאָס, אין דער פּאַרטיזאַנקע, אין די קאַמפן. דעם אמת געזאָגט, האָט זיך שפּעטער די לאַגע אין יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין דער הינזיכט אַ ביסל געענדערט צום בעסערן.

דאָס מאָל זענען מיר אויסן צו געבן אַן אָפּהאַנדלונג, ווי עס ווערט געשריבן געשיכטע אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. דאָרטן זענען דערשינען הונ־דערטער אויסגאַבן וועגן דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין וועלכע עס ווערט אָנגעגעבן ווי העלדיש עס האָט געקעמפט דאָס רוסישע פאָלק, די רויטע אַרמיי. און דאָס וויכטיקסטע — דער ראַטנפאַרבאַנד מיט זיין העל־

דישער רויטער אַרמיי, וועלכע איז די „איינציקע", וואָס האָט צעקלאַפּט די דייטשישע אַרמייען און געבראַכט דעם שלום. די אַליאירטע אַרמייען, און אין דער ערשטער ריי די פֿאַראייניקטע שטאַטן, ווערן פֿאָרגעשטעלט ווי צווייטראַנגיקע כוחות אין קאַמף קעגן די היטלער־אַרמייען, די אַלי־אירטע אַרמייען ווערן אַפילו אָפּט קריטיקירט.

לעצטנס איז דערשינען אין מאָסקווער פֿאַרלאַג „נאַוקאַ", אַ בוך פֿון ל. מ. יעוורעמיעוו א.ג.: „דורך די אויגן פֿון פֿריינט און שונאים", וועגן דער ראָל פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד ביים פֿאַרניכטן דאָס פֿאַשיסטישע דייטשלאַנד. אין זשורנאַל „נאָווי מיר" לייענען מיר אַ רעצענזיע וועגן דערמאָנטן בוך. צווישן אַנדערן פֿאַרענדיקט דער רעצענזענט: „פֿאַר די פֿאַרגאַנגענע 25 יאָר נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן די פֿעלקער פֿון דער וועלט זיך גוט אויסגעלערנט אונטערשיידן אמת פֿון ליגן, און קיינע רעדערייען וועגן שלום, לאָמיר זאָגן צ. ב. אַזעלכע, וואָס קומען פֿון ווייסן־הויז, זענען נישט בכוח צו ענדערן די פֿעסטע איינשטעלונג ביי די פֿעלקער פֿון אַלע קאָנטי־נענטן פֿאַר דער אומאָפּהענגיקייט פֿון וויעטנאַם".

אין אַלגעמיין באַמיט זיך דער מחבר באַשטעטיקן די גרונטלאָזיקייט פֿון אַלע אויסלענדישע מעמואַרן־שרייבער, די אַ. ג. „פֿאָרשער", פֿאַר־שטעלן ווייס אויף שוואַרץ, ענדערן די געשיכטע, פֿאַרקלענערן דעם חלק פֿון סאָוויעטישן פֿאָלק אין דער דאַנקבאַרער אַרבעט פֿון פֿאַרניכטן דעם פֿאַשיזם.

דער שרייבער פֿון בוך זאָגט צוו. אַנד.: „25 יאָר נאָך דער מלחמה קומען נאָך אַלץ פֿאָר אידעאָלאָגישע שלאַכטן. קינאָ, ראַדיאָ, צייטונגען, קונסט און ליטעראַטור ווערן אין דער מערב־וועלט מאָביליזירט מיטן ציל אַריינצוטראָגן ענדערונגען אין דער געשיכטע. מען פּרוּווט באַווייזן, אַז דער סאָוויעטישער דערפֿאָלג איבער דעם היטלעריזם איז געווען אַ צופֿע־ליקער. אַנדערע זאָגן, אַז די סאָוויעטישע מלוכה האָט דורכגעמאַכט די מלחמה אַ דאַנק דער עקאָנאָמישער הילף פֿון די אַליאירטע. אַנדערע מערב־היסטאָריקער שרייבן, אַז דייטשלאַנד האָט געליטן די מפּלה אַ דאַנק די שטאַרקע לופֿט־באָמבאַרדירונגען אויף די דייטשישע אינדוסטריע־צענ־טערן דורך די ענגליש־אַמעריקאַנישע עראָפּלאַנען. ווי מען זאָל נישט

באַטראַכטן יעדן אויספיר פון דער מערב־וועלט, פּלאַצט ער ווי אַ זייפן־בלאָז".

עס שטעלט זיך די פראַגע, ווי אַזוי קאָן מען עפנטלעך אַזוי פעלשן די געשיכטע? אָבער ביי די קאָמוניסטן איז דאָס אַ סיסטעם. יעדן איז באַקאַנט ווי שנעל עס איז זיך צעפאַלן די רויטע אַרמיי גלייך ביים אָנהייב פון דער מלחמה אין יאָר 1941, אונטער דעם אָנגריף פון דייטשישן בליץ־קריג.

ווער עס איז אין די מלחמה־יאָרן געווען אין ראַטנפאַרבאַנד האָט דאָך באַשיימפּערלעך געקאָנט אָבסערווירן ווי ווייט עס האָט דערגרייכט די אַמעריקאַנער הילף סיי אויפן מיליטערישן געביט, סיי אויפן עקאָנאָמישן געביט.

די אַמעריקאַנער עראָפּלאַנען האָבן זיך אָנגעפילט מיט באָמבעס אויף דער פראַנצויזישער טעריטאָריע, אַראָפּגעוואָרפן אויף די דייטשע שטעט און געקומען אויף דער סאָוויעטישער טעריטאָריע, ווידער זיך אָנגעפילט מיט באָמבעס, ווידער אַראָפּגעוואָרפן אויף די דייטשע שטעט און זיך אַראָפּגעלאָזט אין פראַנקרייך, און אַזוי כסדר.

דער מחבר שרייבט ווייטער: "עס איז נישט ריכטיק די מיינונג, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט אין דער מערב־וועלט, אַז ענדע 1940, אָנהייב 1941, האָט היטלער אָנגענומען אַ באַשלוס וועגן אָנפאַלן אויפן ראַטנפאַרבאַנד (פּלאַן באַרבאַראָסאַ), ריכטיק איז, אַז נאָך אין אויגוסט 1939, אַ וואָך פאַרן אָנהייב פון דער מלחמה, האָט אויף אַ באַראַטונג אין אָבערזאַלצבורג, היטלער געהאַלטן אַ פּראָגראַם־רעדע, ווו ער האָט געמאָלדן: "אין פּוילן וועלן אַלע ווערן אומגעבראַכט און דאָס לאַנד וועט באַזעצט ווערן דורך דייטשן... מיט רוסלאַנד, מיינע הערן, וועט געשען דאָס זעלבע. מיר וועלן פאַרניכטן רוסלאַנד, דעמאָלט וועט קומען די דייטשישע וועלט־הערשאַפט".

אויב אַזוי, טאָ וואָס איז מיטן סטאַלין־היטלער־פּאַקט? — אָבער וועגן דעם דערמאָנט מען נישט, וועגן דעם רעדן נישט די סאָוויעטישע שרייבער און היסטאָריקער.

"די שלאַכטן הינטער מאָסקווע, לענינגראַד, סטאַלינגראַד און אַנדערע ערטער האָבן באַוויזן דער גאַנצער וועלט די קראַפט פון דער ערשטער אין דער וועלט סאָציאַליסטישער מלוכה, איר פעיקייט, אַן וועמענס עס איז

הילף, פאַרניכטן דעם דייטשן פאַשיזם", ציטירט דער רעצענזענט ווייטער דעם מחבר.

"עס איז ריכטיק די באַמערקונג, אַז סטאַלינגראַד איז געוואָרן דערווענדפּונקט אין דער צווייטער וועלט־מלחמה", פאַררופט זיך דער מחבר אויף דעם היטלעריסטישן גענעראַל האַנס דערד, אָבער ווי וואָלט צו דעם געקומען ווען נישט די הילף פון די אַליאירטע, און דער עיקר די הילף פון אַמעריקע?

נו, און דער צווייטער פראָנט? וועגן דעם שרייבט דער מחבר: "אַז טאָקע די מיינונגס־פאַרשידנהייטן צווישן אַמעריקע און פראַנקרייך וועגן טערמינען פון עפענען דעם צווייטן פראָנט איז געווען די וויכטיקסטע סיבה, וואָס דער ראַטנפאַרבאַנד איז אַרויס פון דער צווייטער וועלט־מלחמה ווי דער וויכטיקסטער געווינער".

ווייטער שרייבט דער מחבר: "מיר מיינען, אַז במשך די פאַרגאַנגענע 25 יאָר זינט די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, האָבן די פעלקער אויף דער וועלט זיך גוט אויסגעלערנט אונטערשיידן דעם אמת פון ליגן. מענטשן משפטן די פּאָליטיק פון די רעגירונגען נישט דורך ווערטער, נאָר דורך מעשים".

קאָמוניזם און אמת, דאָס קלינגט זייער מאָדנע. יאָ, די וועלט ווייסט וואָס עס מיינט קאָמוניסטישער "עמעס".

קיינער לייקנט נישט דעם גרויסן חלק וואָס דער ראַטנפאַרבאַנד האָט ביים פאַרניכטן דעם דייטשן פאַשיזם. אָבער שיין וואָלט אויסגעזען רוסלאַנד אָן דער הילף פון די אַליאירטע. די קאָמוניסטן קאָנען נישט אַנדערש. דאָס איז זייער סיסטעם במשך די אַלע יאָרן פון זייער עקזיסטענץ, — פאַר־קריפּלען די געשיכטע. אַזוי פאַרקריפּלען זיי די געשיכטע פון זייער אייגע־נער קאָמוניסטישער באַוועגונג זינט זייער עקזיסטענץ.

נאָך מער, זיי טוישן דאָך אַלע מאָל די אייגענע געשיכטע פון זייער 50־יאָריקער עקזיסטענץ. איין געשיכטע ווערט אַרויסגענומען פון באַנוץ, אַ צווייטע ווערט געשריבן, און אַזוי כסדר, לויט די געענדערטע אינערלעכע אומשטענדן.

# קולטור־קאַמף קעגן דיקטאַטור

דער באַקאַנטער זשורנאַל פון דער פוילישער עמיגראַציע ״קולטוראַ״ אין פּאַריז, קומט מיט ידיעות און אינפאָרמאַציעס וועגן דעם קאַמף וואָס גייט אָן אין פוילן מצד די שרייבער, קינסטלער און געלערנטע קעגן דער האַרטער פּאַרטיי־ליניע און פאַר פריי ברענגען צום אויסדרוק מיינונגען און פּרינציפּן.

אין שייכות מיטן אַרעסט פון די סטודענטן קוראָן און מאָדזעלעווסקי. דער לעצטער איז אַגב דער פון פון ערשטן פוילישן אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע נאָך דער מלחמה, וועלכער איז אויף זיין אַמט געקומען נישט פון וואַרשע, נאָר דווקא פון די סאָוויעטישע לאַגערן — ווו ער איז געווען פאַר־שיקט אין יאָר 1937, ווי איינער פון די טוער פון קאָמוניסטישן אינטערנאַ־ציאָנאַל — איז אויפן וואַרשעווער אוניווערזיטעט פאָרגעקומען אַ פּראָ־טעסט־מיטינג, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט 500 סטודענטן.

נאָכן באַזייטיקן דעם באַקאַנטן פּראָפעסאָר לעשעק קאָלאַקאָווסקי פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָבן 15 שרייבער, מיטגלידער פון דער פּאַרטיי, פאַרעפנטלעכט אַ דערקלערונג, אַז קאָלאַקאָווסקי איז אַ סימבאָל פון אייניקייט, דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם.

די פּאַרטיי אָבער גייט אָן מיט דער האַרטער ליניע. דאָס ניי־געשאַ־פענע מיניסטעריום פאַר הויכער בילדונג האָט אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט פון רעפאָרמען אין די הויכשולן. די רעפאָרמען זענען פאַר דראַסטישע באַ־גרענעצונגען פון אויטאָנאָמיע אויף די אוניווערזיטעטן. דער וואַרשעווער קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט אויסגעטיילט אַ וועריפי־קאַציע־קאָמיסיע פון אַלע פּאַרטיי־מיטגלידער אויפן וואַרשעווער אוניווער־זיטעט. דאָס דאַרפן זיין ווייטערדיקע שריט אין קאַמף מיט די סימפּאַטיקער פון פּראָפעסאָר קאָלאַקאָווסקי און די אַרעסטירטע סטודענטן.

ד"ר ק. פּאָמיאַן, אַסיסטענט פון פּראָפעסאָר לעשעק קאָלאַקאָווסקי אויפן וואַרשעווער אוניווערזיטעט, איז באַזייטיקט געוואָרן פון דער פּאַרטיי. אַ סך סטודענטן זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן אין זייערע רעכט פאַר שטיצן און סאָלידאַריזירן זיך מיט קאָלאַקאָווסקין.

דער צ.ק. פון דער פּאַרטיי האָט זיך באַמיט, אַז קאָלאַקאָווסקי זאָל אויך באַזייטיקט ווערן פון אַמט פון פּראָפעסאָר אויפן וואַרשעווער אוני־ווערזיטעט. ער האָט אָבער געמוזט דערפון רעזיגנירן צוליב דעם קעגנ־שטעלן זיך פון דער פּוילישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע, מיטן פּראָפעסאָר טאַדעאוש קאָטאַרבינסקי בראש.

די באַשולדיקונגען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי לגבי קאָלאַקאָוו־סקין קומען הויפּטזעכלעך אין רעזולטאַט פון זיין אַרויסטרעטונג צום 10־טן יאָרטאָג נאָך די געשעענישן אין יאָר 1956, ווען גאָמולקאָ איז באַפרייט געוואָרן פון טורמע און איז צוריקגעשטעלט געוואָרן אין זיין אַמט אַלס סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, דאַן זענען געלייגט געוואָרן אַ סך האָפענונגען אויף פּאַרלייכטערן דעם רעזשים אין פּוילן. אונטער־פירנדיק אַ סך־הכל פון די 10 יאָר איז קאָלאַקאָווסקי געקומען צום אויס־פיר, אַז די פאַרזיכערונגען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איינצושטעלן מער פרייהייט, מער דעמאָקראַטיע אין לאַנד האָבן זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ פּוסטער קלאַנג.

## קאַמף פון דער פּוילישער יונגער גענעראַציע

באַזונדערס אַקטיוו אינעם קאַמף פאַר פרייהייט איז די יונגערע גענעראַציע שרייבער, קינסטלער און קולטור־טוער אין פּוילן. אויף דעם באַדן קומען פאָר שאַרפע שטרייטיקייטן. פאַר עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען קעגן דער אָפיציעלער ליניע ווערן אָפּאָזיציאָנערן, דערונטער שרייבער, קינ־סטלער גלייך איינגעזעצט אין טורמע, אָבער דער קאַמף גייט אָן.

"טיזדשיען פּאָלסקי", דער אָרגאַן פון דער פּוילישער עמיגראַציע אין ענגלאַנד, וועלכער איז גוט באַקאַנט מיט די פאַרהעלטענישן אין פּוילן, גיט איבער, אַז אויף דער צווייטאָגיקער קאָנפערענץ פון די פּוילישע ליטע־

ראַטן איז מיט אַן אַבסאָלוטער מערהייט אָנגענומען געוואָרן דער פאָר־שלאָג פון סטעפאַן קיסעלעווסקי וועגן איינפירן אַ געזעץ, אַז די מלוכה־צענזור מוז אָנגעבן די סיבה פון צענזורירן די אַרטיקלען און ביכער, און די אויטאָרן זאָלן האָבן די רעכט פון אַפּעלאַציע. קיסעלעווסקיס מאָטיוו איז, אַז די פּוילישע שרייבער קאָנען נישט אויף ווייטער זיין אָפּהענגיק פון גוטן ווילן פון די אַנאָנימע צענזאָרן, וועמענס אינטעלעקטועלער ניוואָ גיט נישט די מעגלעכקייט אָפּט צו פאַרשטיין אַפילו דעם אינהאַלט פון די צענזורירטע אַרטיקלען און ביכער.

קיסעלעווסקי האָט אויך געפאָדערט פון די מאַכט־אָרגאַנען אַ מער ליבעראַלע באַציונג צו די שרייבער ביים אַרויסגעבן אויסלענדישע פּאַס־פּאָרטן. זייער קעגנערישע באַציונג צו דער אָפּיציעלער ליניע קאָן נישט זיין קיין סיבה פאַר אָפּזאָגן אַ דערלויבעניש אַרויסצופאָרן קיין אויסלאַנד.

קיינער פון די אָנוועזנדיקע הונדערט דעלעגאַטן האָט נישט געשטימט קעגן, בלויז 8, מיט דעם באַקאַנטן שרייבער פּוטראַמענט, האָבן זיך אָפּגעהאַלטן. פּוטראַמענט איז דער אָנהענגער פון דער אָפּיציעלער ליניע.

עס איז שווער צו זאָגן צי קיסעלעווסקיס פאָרשלאַג, אפילו די אָפּ־שטימונג, וועט אַריינברענגען ענדערונגען צום בעסערן, אָבער דער קאַמף, וואָס גייט־אָן אויף דעם געביט קעגן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז זייער כאַראַקטעריסטיש.

דער קאַמף אויפן קולטור־פראָנט איז אַ קאַמף קעגן די סטאַליניסטן. דאָ שפּיגלט זיך אָפּ דער אינערלעכער קאַמף אין דער פירערשאַפט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי קעגן גאָמולקאַ. זיין אַרויסטרעטונג קעגן די יידן בעת דער ישראל־אַראַבישער מלחמה איז ענג פאַרבונדן מיט אָט דעם קאַמף, אָבער דאָס איז אַ באַזונדער קאַפּיטל.

## די אָפּאָזיציע אויפן קולטור־פראָנט אין ראַטנפאַרבאַנד

אין דער ברייטער וועלט איז באַקאַנט דער פּראָצעס קעגן די צוויי סאָוויעטישע שרייבער דאַניעל און סיניאַווסקי, וועלכע קומען אָפּ זייער שטראָף אין פאַרשיקונג אויף שווערער אַרבעט. די פּראָטעסטן מצד דער

מערב־וועלט, און אויך מצד פיל שרייבער און קולטור־טוער אין ראַטנ־פאַרבאַנד גופא וועגן באַפרייען די דערמאָנטע שרייבער, האָבן קיין ווירקונג אויף דער סאָוויעטישער מאַכט נישט געמאַכט, פונקט ווי עס האָבן נישט געווירקט די שאַרפע פראָטעסטן קעגן מאָנסטער־פראָצעס און דאָס פאַר־משפּטן גינצבורגן און זיינע חברים.

אין דערמאָנטן זשורנאַל "קולטוראַ", לייענען מיר אונטערן קעפּל: "אויף אוקראַינע", אַ באַריכט פון אוקראַינע. אויך דאָרטן גייט אָן אַ קאַמף, מערסטנס פון דער יונגערער גענעראַציע שרייבער, זשורנאַליסטן, אַרטיסטן און קולטור־טוער קעגן דער צענזור. די ידיעה איז געקומען פון צוויי אוקראַינישער שרייבער, וועלכע זענען געקומען קיין ניו־יאָרק אַלס מיט־גלידער אין דער אוקראַינישער־דעלעגאַציע צו דער אונאָ. זייערע נעמען זענען איוואַן דראַטש און דמיטראָ פּאַוולישקאָ.ביידע האָבן באַשטעטיקט די ידיעות וועגן אַרעסטן און פּראָצעסן קעגן אוקראַינישע שרייבער און קולטור־טוער. אויך די אוקראַינישע פּרעסע האָט אָנגעגעבן אַ ריי נעמען פון פאַרמשפּטע פּערזאָנען.

ווי די צוויי דערמאָנטע שרייבער האָבן אינפאָרמירט, זענען 23 קולטור־טוער לעצטנס איינגעזעצט געוואָרן אין תּפיסה פאַר אַנטימלוכהשער טעטיקייט.

מער באַרעדעוודיקער איז דער דערמאָנטער דראַטש, איינער פון די פעיקסטע יונגע פּאָעטן אויף אוקראַינע. אַט זענען די וויכטיקסטע פראַג־מענטן פון זיין דערקלערונג: "די פראַגן צו מיר, און מיינע ענטפערס פאַרשאַפן מיר אַ סך עגמת־נפש, ווייל צווישן די אַרעסטירטע פעלן נישט מיינע פריינט, צווישן זיי איז שוין צום צווייטן מאָל אַרעסטירט באָגדאַן האָרין, אַ קריטיקער אין לעמבערג, זיין ברודער מיכאַילאָ, דער אַרטיסט פּאַנאַס זאַליבאַוואַ און אַ סך אַנדערע מיינע פריינט. די מענטשן ווערט פאָרגעוואָרפן קאַמף פאַר אוקראַינישער קולטור, אוקראַינישער שפּראַך".

אין קאַמף קעגן דער וואַקסנדיקער רעאַקציע מצד יונגע שרייבער און קולטור־טוער קעגן צענזור, קעגן דערשטיקן דעם ווילן פון פריי זיך אויסדריקן, באַנוצן זיך די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען מיט אַלע מיטלען פון קאָמוניסטישן אַרסענאַל.

# אַמעריקע אין די אויגן פון אַ סאָוויעטישן שרייבער

לייענענדיק די סאָוויעטישע זשורנאַלן, קומט אָפט אויפן געדאַנק, וואָס איז דאָך די סיבה, וואָס אויף די שפּאַלטן פון די סאָוויעטישע זשורנאַלן זעט מען כמעט נישט קיין שום ענדערונגען, די זעלבע אַלטע פּאַרטיי־ליניע, דער טיף־איינגעפרעסענער ביוראָקראַטיזם, אַלץ איז אַזוי ווייט פון דער ווירקלעכקייט. די ענדערונגען אויף דער ברייטער וועלט, די ענדערונגען, וואָס קומען פאָר צווישן דער יונגער גענעראַציע סאָוויעטישע קולטור־טוער, דערגרייכט נישט צו אָט די סאָוויעטישע ביוראָקראַטן. די שטרעבונג פון דער יונגער גענעראַציע צו ענדערן דאָס געמויזעכץ ווערט באַקעמפט, — באַקעמפט מיט אַרעסטן און תפיסה. אַן ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע איז שווער צו געבן.

די וויכטיקסטע סאָוויעטישע זשורנאַלן זענען אַלס כלל אַזוי אומ־אינטערעסאַנט, אַזוי אינהאַלטלאָז. קומט ווידער די פראַגע, צוליב וואָס שרייבן וועגן דעם? איז דער ענטפער: מען דאַרף יאָ אַלע מאָל ריידן און שרייבן וועגן דעם? איז דער ענטפער: מען דאַרף יאָ אַלע מאָל ריידן און לעכקייט, עס איז די טרויערדיקע ווירקלעכקייט, די וועלט איז אָפּהענגיק פון קאָמוניזם, די וועלט איז אָפּהענגיק פון מאָסקווע.

* * *

ווען מיר איצט שרייבן וועגן בוך ״דער קריזיס פון בורזשואַזן אינדי־ווידואַליזם און די פּערזענלעכקייטן״ פון סאָוויעטישן שרייבער יו. זאַמאָש־קין, אין שייכות מיט זיין באַזוך וועגן אַמעריקע. סאָוויעטישע זשורנאַליסטן, שרייבער, וויסנשאַפטלער, אינטעלעקטועלע באַזוכן אָפט די פאַראייניקטע שטאַטן, אינדיווידועל און גרופּנווייז. זיי האָבן אַלע מעגלעכקייטן צו אָבסער־

ווירן, שטודירן און באַקענען זיך מיטן אַמעריקאַנער לעבן אויף אלע געביטן. באקענען זיך מיטן טאָג־טעגלעכן לעבן, דאַרפן זיי נישט דערצו קיין "פירערס", ווי דאָס ווערט פּראַקטצירט אין רוסלאַנד בעת עס קומען באַזוכער און טוריסטן פון אַמעריקע און אַנדערע "בורזשואַזע לענדער". אבער מען טרעפט אַזוי זעלטן אויף די שפּאַלטן פון סאָוויעטישע זשורנאַלן אַן אָביעקטיווע אָפּשאַצונג וועגן דער אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט אין שייכות מיט זייער באַזוך.

מיר וועלן זיך דאָ אָפּשטעלן הויפּטזאַכלעך אויף די מאָמענטן פון אַן אַמעריקאַנער מענטש, וועגן וואָס זאַמאָשקין שרייבט.

דער שרייבער באַמערקט, אַז ער האָט געהאַט די מעגלעכקייט דירעקט זיך צו באַקענען מיט דער אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט. ער שרייבט אַזוי: "אין דער צייט ווען דער ראַטנפאַרבאַנד, ווי אין די איבעריקע סאָציאַליס־טישע לענדער, (ער מיינט די סאַטעליטן־לענדער), איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער געזעלשאַפט, דער מאַסן־אַרבעט, ענטוזיאַזם — מערקט זיך אין אַמעריקע אַ נידעריקער אינטערעס צו אַרבעט. וואָס ווייטער, אַלץ אָפּטער.

מען באַקלאָגט זיך, אַז די אַמעריקאַנער ווילן נישט אַרבעטן גוט. די אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט פאַרטעמפּט ביי דעם מענטשן יעטוועדע ענער־גיע, איניציאַטיוו, אונטערנעמונגס־גייסט.

"ביי דער מערהייט אַרבעטער מערקט זיך אַ שנאה, חרפּה און אונטערטעניקייט..."

אַ מעכאַניק פון אַן אויטאָמאָביל־פאַבריק, רעדנדיק צו אַ גרופּע יוגנטלעכע, זאָל זיך האָבן אַזוי אויסגעדריקט: "איך פאַרשעלט דעם טאָג ווען איך האָב דאָ אָנגעהויבן צו אַרבעטן, דאָ איז נישט קיין פּלאַץ פאַר אַ מענטשלעכער באַשעפעניש מיט אַן אייגענעם געדאַנק".

אַזעלכעס ווערט געשריבן אין אַ צייט ווען די אויטאָמאָביל־אַרבעטער, פּונקט ווי מיליאָנען אַרבעטער אין אַנדערע אינדוסטריעס אין אַמעריקע האָבן דערגרייכט אַזאַ הויכן לעבנס־סטאַנדאַרט.

"דער אַרבעטער אין אַמעריקע האָט נישט קיין אייגענעם געדאַנק, און קאָן נישט ברענגען צום אויסדרוק זיין אינדיווידואַליטעט" — שרייבט ווייטער דער סאָוויעטישער שרייבער יו. זאַמאָשקין.

ווען מען לייענט דאָס ציטירטע אויף די שפּאַלטן פון "נאָווי מיר", וואָס ווערט רעדאַגירט דורך א. טוואַרדאָווסקי, וועלכער ווערט רעקאָמענ־דירט אַלס איינער פון די ליבעראַלסטע מענטשן אין ראַטנפאַרבאַנד היינט צו טאָג; ווען מען האָט צוליב זיין ליבעראַליזם נישט צוגעלאָזט צום לעצטן קאָנגרעס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און מער נישט אויס־געוויילט געוואָרן אין צענטראַל־קאָמיטעט — ווערט מען איבערראַשט.

וואָס טראַכט בעתן שרייבן אַזאַ זאַמאָשקין, אַזאַ רעדאַקטאָר ווי טוואַר־דאָווסקי? קענען זיי דען נישט די ווירקלעכקייט פון אַמעריקע אין פאַרגלייך מיט דער ווירקלעכקייט אין ראַטנפאַרבאַנד?

דער אַרבעטס־מענטש אין ראַטנפאַרבאַנד איז דאָך טראָץ אַלע דער־גרייכונגען ווירקלעך נאָך אַלץ פאַרשקלאַפּט; קען נישט האָבן קיין אייגענע מיינונג; ביי ווען די אַרבעט איז באמת פאַרהאַסט, ווייל ער האָט נישט אויף אויסצוהאַלטן זיך.

ווייסן זיי דען נישט וועגן אַמעריקאַנער לעבנס־באַדינגונגען בכלל, און וועגן די מיליאָנען אַרבעטערס וועלכע האָבן דערגרייכט מאַטעריעל צו אַ פּאָזיציע פון מיטלקלאַס־מענטשן. קען אַ סאָוויעטישער אַרבעטער אַפילו חלומען וועגן אַזעלכע אַרבעטס־באַדינגונגען? אַוודאי זענען דאָ אין אַמעריקע מיליאָנען אַרבעטערס וועמענס פאַרדינסטן זענען געגוג נידעריקע, אָבער ווי קומט עס צו די סאָוויעטישע באַדינגונגען?

זאַמאָשקין שרייבט ווייטער: "קוקט אַרום זיך און איר וועט זען מענטשן, וואָס אַרבעטן און לעבן אין באַשטענדיקער מורא. אַ מיידל האָט מורא צו פאַרלירן איר פּאָפּולאַריטעט, אַ לערער האָט מורא צו פאַרלירן זיין אַרבעט, אַ מיניסטער האָט מורא פאַר אַ דורכפאַל; אין יעדער פאַבריק, פאַרם, אין יעדן הויז, אין יעדער אונטערנעמונג זענען דאָ אומגליקלעכע מענטשן, שטענדיק פאַרפאָלגט פון מורא".

וועגן וואָס פאַרא מורא? וועגן דער מורא אַרעסטירט צו ווערן, און ווי אין רוסלאַנד — פאַרשיקט צו ווערן, אויב נישט אין תפיסה, אָדער קאָנצענטראַציע־לאַגער, איז אין אַ משוגעים־הויז, ווי עס ווערט פּראַקטי־צירט לעצטנס אין ראַטנפאַרבאַנד.

וואָס קאָן מען ענטפערן אויף אַזאַ אַבסורד? אָט שרייבט ער ווייטער:

"דער אַמעריקאַנער ווערט טראַנספאָרמירט אין אַ מין אָפּגעפרעמדטן מענטשן, אין אַ פּערזאָן, וועלכע ווערט שטענדיק געמאַטערט דורך מורא פון סאָציאַלע קאַטאַסטראָפעס; ער איז אָפּגעפרעמדט פון זיין פאַרגאַנגענהייט, פון זיין אַרבעט, פון דער געזעלשאַפט אין וועלכער ער לעבט; ער איז אָפּגעפרעמדט אַפילו פון זיך אַליין. דער אַמעריקאַנער מענטש איז פאַרוואַנדלט אין אַן אומפעיקן צו טראַכטן — אַ ראָבאָט".

פאַפּיר איז געדולדיק, קאָן אַלץ פאַרטראָגן, אָבער וועט אַפילו אַ סאָוויעטישער מענטש נעמען ערנסט אַזאַ שרייבעכץ? וואָס טראַכטן אַזעלכע שרייבער? אַזעלכעס שרייבן קען נאָר אַ מענטש, וואָס איז אַליין אַ ראָבאָט, אַ סאָוויעטישער ראָבאָט. צום גליק איז שוין דער סאָוויעטישער מענטש, באַזונדערס די יונגע גענעראַציע, אויף אַזוי פיל באַקאַנט מיט דערווירקלעכקייט אויסער דעם ראַטנפאַרבאַנד, אַז ער נעמט מער נישט ערנסט אַזאַ מין שרייבעכץ.

עס שטעלט זיך די פראַגע, אויב אַזעלכעס קאָן מען דרוקן אויף די שפּאַלטן פון "נאָווי מיר", דער אָרגאַן פון צענטראַלן סאָוויעטישן שרייבער־פאַריין, איז ווי זעען אויס אַנדערע זשורנאַלן? איז דער ענטפער: אויך דאָס זעלבע. טוואַרדאָווסקי מיט זיין ליבעראַליזם קאָן זיך נישט קעגנשטעלן דער ביוראָקראַטיש־קאָמוניסטישער, פּראָסטאַליניסטישער ליניע פון אַלסאָוויעטישן שרייבער־פאַריין.

* * *

שוין נאָכן פאַרענדיקן זאַמאָשקינס אַרטיקל איז אָויסגעקומען צו לייענען, אַז אין לאָנדאָן איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון סאָוויעטישע און ענגלישע רעדאַקטאָרן און זשורנאַליסטן. (ד. שוב, "פאָרווערטס", דעצעמבער 27, 1967).

אין דער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט 25 אָנגעזעענע סאָוויעטישע זשורנאַליסטן. אויף דער קאָנפערענץ זענען באַהאַנדלט געוואָרן פאַרשידענע וועלט־פּראָבלעמען, און ווי אַזוי דאָס אַלץ ווערט אָפּגעשפּיגלט אין דער פרעסע פון דער מערב־וועלט און אין רוסלאַנד.

עס האָבן גערעדט פאַרשידענע רעדנער. אין דער צייט ווען די ענגלישע זשורנאַליסטן האָבן זיך געקאַמפערט צווישן זיך, זענען די סאָוויעטישע רעדנער אויפגעטראָטן מיט סטערעאָטיפּישע רעדעס, ענלעכע איינע צו דער אנדערער, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער. זיי האָבן אַלע ארויסגעזאָגט די זעלבע מיינונגען וועגן יעדער פראַגע, איבערחזרנדיק איינער דעם צווייטן; דער זעלבער דאָגמאַטיזם, אַלטע אויסגעדראָשענע פראַזעס, ווי מיט 10—15 יאָר צוריק.

די ענגלענדער האָבן אויף דער באַגעגעניש געהאַט אַ געלעגנהייט צו איבערצייגן זיך, אַז די אַזוי גערופענע "ליבעראַליזאַציע" פון דעם סאָוויעטישן רעזשים, וועגן וועלכן עס איז לעצטנס אַ סך געשריבן געוואָרן אין דער ענגלישער און אַמעריקאַנער פּרעסע, עקזיסטירט, דערווייל, מער אויפן פּאַפּיר, ווי אין דערווירקלעכקייט. פאַקטיש איז אין סאָוויעט־רוסלאַנד היינט פאַראַן נישט מער פרייהייט ווי מיט יאָרן צוריק.

# דעריאַגן און איבעריאַגן אַמעריקע

(די סאָוויעטישע ווירקלעכקייט אויפן גרונט פון די דאָרטיקע פּובליקאַציעס)

די וויכטיקסטע לאָזונג אין דער פראַגע פון פאַרבעסערן די לאַגע אויף דעם געביט פון דער אַגראַר־ווירטשאַפט אין רוסלאַנד איז קינסטלעכע באַמיסטיקונג. רוסלאַנד איז שטאַרק אָפּגעשטאַנען אויף דעם געביט. מען מוז בויען נייע כעמישע פאַבריקן. עס זענען נייטיק אויף דעם צוועק ביליאָנען אינוועסטיציעס.

צו פאַרגרעסערן און פאַרשטאַרקן די כעמישע אינדוסטריע בכלל איז אַנגאַזשירט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, די צענטראַלע רעגירונג אין מאָסקווע און די רעגירונגען פון די רעפּובליקן אין לאַנד. די דאָזיקע פראַגע איז אויך אַקטועל אין ״סעוו״ (סאָיוז עקאָנאָמיטשעסקאָי וזאַימאָפּאָמאָשטשי) — ראַט פון די קאָמוניסטישע לענדער, וואָס דאַרף זיין אַ מין קעגנווירקונג צו דעם פאַראייניקטן אייראָפּעאישן ווירטשאַפטס־מארק. די אַגראַר־ווירטשאַפט אין די סאַטעליטן־לענדער איז אויך אין אַ טרויעריקן צושטאַנד.

ווי אַזוי קומען אָט די פּראָבלעמען צום אויסדרוק אויף די שפּאַלטן פון די סאָוויעטישע צייטונגען?

* * *

דער סיסטעם פון סאָוויעטישער פּראָפּאַגאַנדע ווערט נישט געענדערט. עס איז שלעכט אויפן אַגראַר־פראָנט? ווער זאָגט עס?

אויף די שפּאַלטן פון ״עקאָנאָמיטשעסקאַיאַ גאַזעטאַ״, אַ וואָכן־צייטונג פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי ווערן אָט די דערמאָנטע פּראָבלעמען באַהאַנדלט אויף אַזאַ אופן:

״לויטן פאַרנעם פון כעמישער פּראָדוקציע איז דער ראַטנפאַרבאַנד אויפן ערשטן אָרט אין אייראָפּע, און אויפן צווייטן אין וועלט־פאַרנעם. נאָר איין טאָג פון ערב־יום־טובדיקער פּראָדוקציע (צום יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע), פון די סאָוויעטישע כעמיקער, גיט אַרויס 55 טויזנט טאָן כעמישע באַמיסטיקונגען. דאָס מאַכט צוויי דריטל פון אַלע כעמישע באַמיסטיקונגען פּראָדוצירט אין רוסלאַנד אין יאָר 1913״.

אין די ווייטערדיקע נומערן פון דער זעלבער צייטונג לייענען מיר:

״אין דער אַנטוויקלונג פון דער כעמישער אינדוסטריע איז געטאָן געוואָרן ווייניקער ווי מען האָט געקאָנט טאָן. מען איז אָפּגעשטאַנען מיטן אויספירן דעם 7־יאָר־פּלאַן״.

איז דאָך ווידער שלעכט. ניין. אין אַ ווייטערדיקן נומער פון דער זעלבער צייטונג ווערט אויסגעפירט:

״נאָך פאַר 4 יאָר פון דער ״סעמיליעטקע״ האָט מען אויסגעבויט צוויי הונדערט נייע כעמישע אונטערנעמונגען״.

״איצט, ווען די כעמישע אינדוסטריע איז אומשטאַנד אין אַ קורצער צייט צופרידנצושטעלן די נויטן פון דער אַגריקולטור־ווירטשאַפט, דאַרף מען זיך באַמיען בעסער אויסצונוצן דעם באָדן (די ערד)״.

״דאָס וויכטיקסטע איז וואָס ביי אונז איז נישטאָ קיין גוט אָרגאַניזירטע פירערשאַפט און קאָנטראָל, וואָס זאָל אַרומכאַפּן די גאַנצע אַגריקולטור־ווירטשאַפט״.

און ווידער דאָס זעלבע, די קאָנטראָל פון דער פּאַרטיי און רעגירונג איז נאָך אַלץ ווייניק.

״דער ראַטנפאַרבאַנד האָט איבערגעיאָגט אַמעריקע אין טעמפּאָ און אויך אין אַבסאָלוטן צוּוווּקס אויפן געביט פון אזאָטישער פּראָדוקציע״.

***

ביי דער געלעגנהייט ווערן אויף די שפּאַלטן פון דער זעלבער צייטונג אין פאַרשידענע נומערן, אויך באַרירט פּראָבלעמען פון דער אַלגעמיינער אינדוסטריע אין סאָוויעט־רוסלאַנד, און עס קומען ווייטערדיקע באַריי־מערייען.

"אין די נאָענטסטע 10 יאָר (1961־1970) איז פּאָראויסגעזען צו פאַר־גרעסערן די פּראָדוקציע אויף 250 פּראָצענט, און פאַר 20 יאָר (1961־1980) נישט ווייניקער, ווי אויף 600 פּראָצענט און לאָזן הינטער זיך אַמעריקע".

כרושטשאָוו ווערט ציטירט:

"מיר האָבן אָראָפּגעריסן די אויסרעכענונג פון די אימפּעריאַליסטן צו באַקעמפן דעם ראַטנפאַרבאַנד אויפן וועג פון אַ מיליטערישער אינוואַזיע, איצט צעפאַלן זיך זייערע האָפענונגען צו באַקעמפן דעם ראטנפאַרבאַנד אין אַן עקאָנאָמישן פאַרמעסט".

דאָס ווערט געזאָגט אָן חרפּה און בושה. לאָזט זיך דען אַזעלכעס קאָמענטירן? ווי וואָלט אויסגעזען ראַטנפאַרבאַנד ווען די אימפּעריאַליסטן זאָלן אים נישט געווען ראַטעווען אין די מלחמה־יאָרן פון סטאַלינס שותף — היטלער?

מען דאַרף אָנערקענען דעם פאַקט, אַז די לעצטע צייט קומט אין דער סאָוויעטישער פּרעסע אַ סך קריטיק קעגן דער שלעכטער, אָפט אומפאַר־אַנטוואָרטלעכער ווירטשאַפט אויף אַלע געביטן — אַ ווירטשאַפט, וואָס גרענעצט זיך פּשוט מיט פאַרברעכערישקייט. נאָרמאַל דאַרף מען משפּטן פאַר אַזאַ ווירטשאַפט. עס איז אָבער אַ מאַסן־דערשיינונג, אַ סיסטעם — מען וואָלט באַדאַרפט משפּטן דעם סיסטעם. איז ווי זעט אויס די קריטיק? אויף די שפּאַלטן פון דער זעלבער צייטונג ווערט געוואָרפן אַ געוויסע ליכט אויף דער סאָוויעטישער ווירקלעכקייט:

"די מעבל־פאַבריקן פון מזרח־סיבירישן "סאָוונאַרכאָז" דעמאָנסטרירן אויף אויסשטעלונגען גוטע אויסאַרבעטונגען, פאַקטיש אָבער פּראָדוצירן זיי שלעכטע מעבל. אין פאַריקן יאָר האָט מען אויסבראַקירט 57 פּראָצענט, און הייַנטיקס יאָר 79 פּראָצענט פון אַרויסגעלאָזטן מעבל".

"העכער איין מיליאָן רובל שטראָף האָבן אָפּגעצאָלט די שניידער־פאַבריקן אויף אוקראַינע פאַר נישט צושטעלן און אָנהאַלטן דעם אַסאָר־טימענט. אַ העלפט פון אַלע זייערע אויסאַרבעטונגען איז פון די פאַרקויף־שטעלעס געשיקט געוואָרן צוריק אין די פאַבריקן".

"שנעל קאַליע געוואָרענע פּרויען־בלוזעס, יאָ, יאָ, וואונדערט זיך נישט, עס זענען דאָ אויך אַזעלכע. נישט נאָר לאָמיר זאָגן פאָמידאָרן, אָדער

ווורשטן, אויך פרויען־בלוזעס באַלאַנגען צו דער קאַטעגאָריע. די דירעק־טאָרשע פון דער מאָסקווער טריקאָטאַזש־פאַבריק נר. 13 — חברטע אַוועריאַנאָווא האָט אויפגעקלערט, אַז די בלוזעס האָבן באַקומען פלעקן ווייל זיי זענען געלעגן צו לאַנג אויף די פּאָליצעס אין קראָם, און אַזעלכעס איז נישט נאָרמאַל, דאָס איז שנעל קאַליע ווערנדיקע סחורה״.

די צייטונג קאָמענטירט די אויפקלערונג פון דער דירעקטאָרשע: אויב אַזוי קאָן זיך אויך די קויפערין נישט באַנוצן מיט אַזאַ בלוזע, איז צוליב וואָס קויפן אַזעלכעס?

די נאָטיץ ווערט באַגלייט מיט אַ בילדל פון אַן אָפּענעם פרידזשידער אין וועלכן עס הענגען די בלוזעס.

דערציילט אַ נאָטיץ פון דער ״עקאָנאָמיטשעסקאַיאַ גאַזעטאַ״:

״דער זשאַווער פרעסט די אויטאָמאָבילן. עס איז שווער צו ציילן וויפל אויטאָמאָבילן פאַרן פריוואַטן געברויך שטייען ווינטער און זומער אונטערן פרייען הימל. עס טוט וויי צו קוקן, ווי פון די שלעכטע וועטערן ווערן פאַר־ניכטעט די אויטאָמאָבילן ״מאָסקוויטש״, ״זאַפּאָראָזשעץ״, ״וואָלגאַ״. וועגן די פּראָבלעמען פון בויען גאַראַזשן פאַר פריוואַטע אויטאָמאָבילן איז שוין פיל גערעדט געוואָרן״.

דאָס אַלץ הייסט דעריאָגן און איבעריאָגן אַמעריקע...

# קרומער שפּיגל פון דער סאָוויעטישער פּרעסע

ווי האָבן אויסגעזען די סאָוויעטישע זשורנאַלן, וואָס האָט זיך אין זיי אָפּגעשפּיגלט אין די יאָרן פון סטאַלין־רעזשים? מיר לאָזן אין אַ זייט זשורנאַלן געווידמעט ספּעציעלע פּראָבלעמען, פון דער פּאַרטיי, מיליטער, וויסנשאַפט א״אַ. מיר וועלן באַטראַכטן בלויז די זשורנאַלן געווידמעט ליטעראַטור, קונסט, ווירטשאַפט און אינדוסטריע, ווי ״ניעוואַ״ חודשלעכער זשורנאַל אַרויסגעגעבן פון שרייבער־פאַריין אין לענינגראַד; ״מאָסקוואַ״ — מאָנאַטלעכער זשורנאַל, אַרויסגעגעבן פון שרייבער־פאַריין פון דער רוסישער פעדעראַטיווער רעפּובליק, און שרייבער־פאַריין אין מאָסקווע. ״נאָווי מיר״ — צענטראַל־אָרגאַן פון אַלסאָוויעטישן שרייבער־פאַריין. ״וואָפּראָסי עקאָנאָמיקי״ (פראַגן פון עקאָנאָמיק), אויסגאַבע פון אינסטיטוט פאַר עקאָנאָמיק ביי דער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע אין סאָוויעט־רוסלאַנד. ״עקאָנאָמיטשעסקאַיאַ זשיזן״, אילוסטרירטע וואָכנצייטונג פון צ.ק. פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי.

די טעמאַטיק איז אַלעמאָל געווען בעיקר געווידמעט דעם אויפבוי פון רוסלאַנד, דעם וווקס פון דער אינדוסטריע, פון אַגראַר־ווירטשאַפט. דאָס אויספילן דעם פּלאַן, ווי וווּיל עס לעבט זיך דעם סאָוויעטישן מענטש, און ווי נאָך שענער וועט זיין דער מאָרגן.

אין די מלחמה־יאָרן, און נאָך דער מלחמה איז די טעמאַטיק געווען בעיקר וועגן די סאָוויעטישע העלדן אויפן פראָנט און אין היגטערלאַנד, וועגן דעם ענדגילטיקן זיג איבער די דייטשן, אַ דאַנק דער קלוגער פירערשאַפט פון סטאַלינען.

אין יעדן אַרטיקל אין די וויכטיקסטע סאָוויעטישע זשורנאַלן, אויף ליטעראַרישע און פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע טעמען, ביי יעדער געלעגנ־

הייט, האָט מען אומבאַדינגט געבראַכט צום אויסדרוק די געפילן פון דאַנקבאַרקייט פאַר דער געניאַלער פירערשאַפט פון סטאַלינען. סטאַלין האָט געזאָגט, סטאַלין האָט פאָרויסגעזען, אַ דאַנק אונדזער געניאַלן פירער סטאַלין, און אַזוי כסדר און כסדר.

* * *

נאָך סטאַלינס טויט האָט זיך אַ סך געענדערט אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד בכלל, און עס האָט זיך אויך געענדערט די טעמאַטיק אין די דערמאָנטע זשורנאַלן. די מלחמה־יאָרן שפּיגלען זיך נאָך אַלץ אָפּ אין די דערציילונגען און ראָמאַנען. אַ סך ווערט געווידמעט דעם צוריק־אויפבוי פון רואינירטן רוסלאַנד.

נאָך דעם 20־טן קאָמוניסטישן קאָנגרעס, ווען כרושטשאָוו האָט אַראָפּ־געריסן סטאַלינען, און איז אַרויסגעטראָטן קעגן פּערזאָנען־קולט, ווערט די טעמע (פּערזאָנען־קולט) זייער אָפּט געבראַכט אויף די שפּאַלטן פון די סאָוויעטישע זשורנאַלן.

* * *

ווי זעט דאָס אויס איצט? אויף די שפּאַלטן פון די דערמאָנטע זשורנאַלן טרעפן מיר דערציילונגען און ראָמאַנען מיט אַן אינהאַלט, וועגן וועלכן עס האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין אין סטאַלינס צייטן. עס ווערן אַרויסגעבראַכט נעגאַטיווע מאָמענטן פון טאָג־טעגלעכן לעבן אין רוסלאַנד, און נישט דווקא אַלעמאָל מיט אַ גוטן סוף, אַזוי ווי עס האָט זיך געמוזט ענדיקן אין די סטאַלין־צייטן.

די יונגע שרייבער האָבן מיט אַ פולן אימפּעט זיך אַ לאָז־געטאָן פאָרויס, ווי אַן אַרמיי אין אַ דורכגעריסענעם פראָנט פון שונא, נאָך כרושטשאָווס אַרויסטרעטונגען קעגן פּערזאָנען־קולט. מען קאָן נישט זאָגן, אַז דאָס איז מיט פרייד אויפגענומען געוואָרן דורך דער אַלטער גוואַרדיע שרייבער און די קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי־פירער.

ווי באַקאַנט, באַמיען זיך לעצטנס די אָנפירנדיקע קאָמוניסטישע אינ־סטאַנצן צו צוימען דעם אימפּעט פון דעם יונגער גענעראַציע שרייבער און

קינסטלער. דאָס איז געקומען קלאָר צום אויסדרוק בעת די צוזאַמענטרעפן פון די פירער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי מיט כרושטשאָוון בראש, מיט די סאָוויעטישע אינטעלעקטואַלן. אין אַ געוויסער מאָס האָט דאָס געווירקט. עס זענען געקומען אויפקלערונגען פון אייניקע פירער, די יונגע, מיט אָנערקענונג פון זייערע פעלערן, כמעט ווי אין די סטאַלין־יאָרן, אָבער, ווי עס ווייזט אויס, אינגאַנצן צוריקדרייען דאָס ראָד פון דער געשיכטע וועט זיך נישט לאָזן.

* * *

דער באַקאַנטער סאָוויעטישער דיכטער יעווטושענקאָ ווערט קריטי־קירט דורך די אָפיציעלע פּאַרטיי־ און שרייבערישע קרייזן. זיין ווירקונג אָבער אויף דער יוגנט איז גוואַלדיק גרויס. ווען זיין פּאָעמע "באַבי יאַר", וואָס האָט געמאַכט אַזאַ רושם אין דער וועלט, ווערט אָפּט, ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן געשריבן און גערעדט. אַ סך קריטיק האָט אַרויסגערופן דאָס פאַרעפנטלעכן זיין ביאָגראַפיע דווקא אין פראַנקרייך, בעת זיין באַזוך דאָרטן, און נישט אין רוסלאַנד. ווי עס ווייזט אויס באַקומט ער נישט צוליב דעם קיין מעגלעכקייטן צו באַזוכן מערערע מאָל אַמעריקע, וואָס ער האָט פּלאַנירט.

* * *

די דערציילונג פון סאָלזשעניצין "אָדין דיען איוואַנאַ דעניסאָוויטשאַ" (איין טאָג פון איוואַן דעניסאָוויטש) וועגן די סאָוויעטישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וואָס האָט אויך געמאַכט אַ רושם — איז אַ טעמע, וועגן וועלכער מען שרייבט כסדר.

דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון "נאָווי מיר" טוואַרדאָווסקי, וועלכער האָט געדרוקט די דערמאָנטע דערציילונג, האָט אויך געמוזט, אין רעזולטאַט פון כרושטשאָווס אַרויסטרעטונגען אויף דעם צוזאַמענטרעף מיט די אינ־טעלעקטואַלן, צוריקציען זיך.

ווי באַקאַנט, באַלאַנגט טוואַרדאָווסקי צו דער גרופּע א"ג ליבעראַלע, וועלכע ווילן ווייטער אָנהאַלטן די פרייהייט פון שאַפן. טוואַרדאָווסקי איז

אָנגעגריפן געוואָרן פאַר זיין ליבעראַליזם אויף די שפּאַלטן פון רעדאַגירטן דורך אים "נאָווי מיר", און פאַר אַ גרויסער דערקלערונג "פאַר אידעאַליזם און סאָציאַליסטישן רעאַליזם," ציטירנדיק פיל מאָל כרושטשאָוון.

ווי עס האָט זיך געפירט אַלעמאָל בימי סטאַלין, פרוווט זיך טוואַר־דאָווסקי פאַרענטפערן. "לויבנדיק די דערציילונג פון סאָלזשעניצין איז אַ "דערשיינונג", אַ באַזונדערס וויכטיקע און פרינציפּיעלע זאַך. דאָ טרעט ער אַרויס קעגן "דער בורזשואַזער פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע באַמיט זיך באַווייזן, אין שייכות מיט דער דערציילונג, אַז דער פּערזאָנען־קולט האָט געטויט די סאָוויעטישע ליטעראַטור, צוגענומען ביי איר די פרייהייט, און אַז די איצטיקע סאָוויעטישע שרייבער רייסן איבער מיט דער ליטעראַטור פון די פאַרגאַנגענע יאָרן".

כרושטשאָוו האָט אויך שאַרף קריטיקירט איליא ערנבורגס מעמואַרן "מענטשן, יאָרן, לעבן", וועלכע האָבן זיך געדרוקט אין "נאָווי מיר". דער רעדאַקטאָר טוואַרדאָווסקי שרייבט וועגן דעם: "אַזוי לאַנג ווי אין די מעמואַרן האָט זיך געהאַנדלט וועגן די לאַנג שוין פאַרגאַנגענע טעג, האָט מען אַ סך געקאָנט פון דעם אויפנעמען ווי אַ לעבעדיק און אָביעקטיווע עדות־זאָגן פון אַ מענטשן, וועלכער האָט דאָס דורכגעמאַכט, אָבער ווען די מעמואַרן באַרירן שוין דעם איצטיקן פּעריאָד, מערקן זיך פעלערהאַפטע טענדענצן פון מחבר". אונטערשטרייכנדיק, אַז ערנבורג איז איינער פון די טאַלאַנטפולסטע סאָוויעטישע פובליציסטן, גיט צו טוואַרדאָווסקי, אַז כרושטשאָוו איז גערעכט מיט זיין קריטיק וועגן די דערמאָנטע מעמואַרן.

***

דער קאַמף פאַר צוימען דעם אימפּעט פון דער יונגער גענעראַציע שרייבער גייט אָן. די אַ"ג ליבעראַלן אָבער באַמיען זיך אָנהאַלטן זייערע פּאָזיציעס. עס איז נישטאָ קיין געפאַר היינט צו־טאָג צו ליקווידירן פיזיש די אַנדערש־דענקענדע.

ביי זיין אָנערקענען כרושטשאָווס באַמערקונגען, ווייזט טוואַרדאָווסקי אַרויס אַ סך טאָלעראַנץ. אָבער די קאָנסערוואַטיווע אין דער פּאַרטיי און שרייבער־פאַריין טוען זייערס. זיי ענדערן דעם צוזאַמענשטעל פון די

רעדאַקציע־קאָלעגיעס אין אַ ריי זשורנאַלן, — די קרבנות זענען די ליבעראַלן. ביי אַ ריי ליבעראַלע שרייבערס ווערט צוגענומען די מעגלעכ־קייט אָנקומען מיט זייערע שאַפונגען אויף די שפּאַלטן פון די סאָוויעטישע זשורנאַלן.

* * *

אין די לעצטע יאָרן באַזוכן סאָוויעטישע שרייבערס פאַרשידענע לענדער אין דער פרייער וועלט. גאַנץ נאַטירלעך קומען איינדרוקן פון די רייזעס. דער באַקאַנטער סאָוויעטישער שרייבער וויקטאָר נעקראַסאָוו האָט באַזוכט איטאַליע. זיינע איינדרוקן זענען געווען געווידמעט הויפּט־זעכלעך מוזעאומס און פאַרשידענע אַנדערע היסטאָרישע מערקווירדיקייטן מיט וועלכע איטאַליע איז אַזוי רייך. נעקראַסאָוו באַמערקט, ווי וויכטיק עס איז אָפּצוהיטן אַלע אַלטערטימלעכקייטן, צום באַדויערן ווערן אין רוסלאַנד גאַנץ אָפט אַזעלכע פאַרנאַכלעסיקט. ער ברענגט דערביי עטלעכע פאַקטן וועגן צעשטערטע היסטאָרישע געביידעס אאַ״וו.

אין איטאַליע, האָט נעקראַסאָוו פעסטגעשטעלט, ווערן איבערגעזעצט די שאַפונגען פון די וויכטיקסטע סאָוויעטישע שרייבער. און ער גיט דערביי צו: ״הלוואי וואָלטן אונדזערע פאַרלאַגן געווען אַזוי אָפּעראַטיוו... ביי אונדז (אין רוסלאַנד) ווערט אַרויסגעגעבן אין איבערזעצונגען אַ סך פון דער אויסלענדישער ליטעראַטור, אָבער אַ סך וויכטיקע געשעענישן אין דער אויסלענדישער ליטעראַטור דערגרייכן אונדז נישט״.

נעקראַסאָוו באַוווּנדערט: ״די אַרבעטער אין איטאַליע שטרייקן... אין דעם זעלבן האָטעל וווינט אַ נעגער־פּאָרל. אין רעסטאָראַן האָט ער גע־טראָפן נעגער... און גאָרנישט, קיינער לינטשט זיי נישט״.

די איינדרוקן פון זיין באַזוך אין איטאַליע, געדרוקט אין ״נאָווי מיר״, זענען אַדורך בשלום. גאַנץ אַנדערש איז געשען מיט די איינדרוקן פון זיין באַזוך אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

נעקראַסאָוו איז געקומען קיין אַמעריקע מיט אַ גרופּע פון 20 פּערזאָן: לערער, זשורנאַליסטן, אינזשעניערן. יעדער האָט איינגעצאָלט אַ גאַנץ פיינע סומע פאַר 14 טעג. ער שרייבט ״עס איז זייער נאַאיוו, צו מיינען

אַז אין פאַרלויף פון 2 וואָכן זאָל מען האָבן אַ מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט אַמעריקע״... ״מיר און אַמעריקע זענען צוויי ריזיק־שטאַרקע גרויס־מאַכטן. מיט 20 יאָר צוריק זענען מיר געווען אַליאירטע, איצט זענען מיר קעגנער. מיר האָבן נישט קיין צוטרוי איינער צום צווייטן, מיר היטן זיך איינער פאַרן צווייטן, מיר באַשולדיקן איינער דעם אַנדערן. דער גאַנצער וועלט איז באַקאַנט דער אָנטייל פון אַמעריקע אין קאַמף קעגן פאַשיזם. די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן נישט געוווסט וועגן דעם שוידער פון אָקופּאַציע און באָמבאַרדירונגען, אָבער דריי הונדערט טויזנט יונגע אַמע־ריקאַנער וועלן שוין קיינמאָל נישט צוריקקומען אַהיים. די אַמעריקאַנער האָבן געפילט דעם טעם נישט נאָר פון נצחון, נאָר אויך די ביטערניש פון פאַרלוסטן — פוירל־האַרבאָר. אונדז איז אין יענע יאָרן געווען פיל שווערער, און מיר האָבן נישט בדעה פאַרקלענערן אונדזערע פאַרדינסטן בעת דער מלחמה, און דאָך וועלן מיר, רוסן, קיינמאָל נישט פאַרגעסן די אַמעריקאַנער הילף אין יענע טעג, די שערמאַן־טאַנקן, די לאַסט־אויטאָס ״סטודבעקער״ און דאָס קאָנדענסירטע חזיר־פלייש (סווינאַיאַ טושאָנקאַ). און, אַגב, דאָס, וואָס מיר האָבן אויף די פראָנטן נישט געזען, אָבער וואָס אונדזער אינדוסטריע האָט באַקומען״.

די גרופּע ווערט אָנגעפירט פון איינעם וועמען נעקראַסאָוו רופט אָן פאַרשטעלטערהייט איוואַן איוואַנאָוויטש. דער פירער איז זייער אַ ווילער מענטש. ער איז אָבער זייער איבערגעשראָקן צוליב דער פאַראַנטוואָרט־לעכקייט, וואָס ער טראָגט, אַלס פירער פון דער גרופּע. פאַר דער גרופּע איז אויסגעאַרבעט אַ רעגולאַמין, וווהין גיין, וואָס פאַראַ ערטער באַזוכן. ווען איי־נער פון דער גרופּע זאָגט, אַז ער וויל נישט גיין צום באַשטימטן פלאַץ, ער וויל גיין פשוט אויף אַ שפּאַציר — פאַלט אָן אַ פּחד אויף איוואַן איוואַנאָ־וויטשן. פאַר גיין גלאַט אַזוי האָט דער פירער מורא.

צו דער גרופּע איז אויך צוגעטיילט אַ באַגלייטער פון דער טוריסטן־קאָמפּאַניע, אַן אָפּשטאַמיקער פון פוילן. שוין דעם ערשטן טאָג, ביי דער געביידע פון די פאַראייניקטע פעלקער האָט איוואַן איוואַנאָוויטש געהאַלטן פאַר דער גרופּע אַ רעדע וועגן דיסציפּלין, אויפגאַבן און פליכטן פון אַ קליינעם סאָוויעטישן קאָלעקטיוו אויף פרעמדער ערד. ווער עס וועט זיך

נישט האַלטן אין די ראַמען פון דיסציפּלין וועלן קעגן אים אָנגענומען ווערן געהעריקע מיטלען.

נעקראַסאָוו איז אַנטציקט פון ניו־יאָרק, פון די ריזיקע געביידעס, אים האָבן פאַראינטערעסירט און פאַרכאַפּט אין די שוי־פענצטער די קינדער־שפּילערייען. ער האָט זיך פון זיי נישט געקאָנט ממש אָפּרייסן. בראָדוועי מיט די טעאַטערס, די טעלעוויזיע אין אַמעריקע, דערביי גיט ער צו: „ריכטיק, ביי אונדז איז אויך דאָ טעלעוויזיע, ביי אונדז זענען נישטאָ אויף טעלעוויזיע די געשלעגן און שיסערייען ווי אין די „וועסטערנס”, נאָר ביי אונדז קאָן מען אָבער דעם צושויער פאַרטרייבן אין קבר מיט די פּראָגראַמען, וואָס זענען ענלעך איינע צו דער צווייטער. אפשר זענען אַזעלכע פּראָגראַמען נייטיק בכדי אויסצופירן דעם פּלאַן, אָבער קוקן אויף די פּראָגראַמען איז שוין קיין כוח נישטאָ”.

רעדנדיק וועגן די אַמעריקאַנער פילמען, געפינט ער נאַטירלעך אַ סך נעגאַטיווע מאָמענטן. ער שטעלט זיך אָפּ אויף אייניקע פילמען, באַזונדערס וועגן יוגנט־פּראָבלעמען, וועלכע האָבן אויף אים געמאַכט דעם בעסטן, איינדרוק.

ביי דער געלעגנהייט שרייבט ער וועגן נייעם סאָוויעטישן פילם „זאָס־טאַוואַ אילאיטשאַ”, געווידמעט דער יוגנט. ער איז אַנטציקט און שרייבט: „דער פילם איז אַ נייע עפּאָכע אין דער סאָוויעטישער פילם־פּראָדוקציע. אָבער גראָד האָט אָט דער פילם אַריסגערופן צאָרן ביי כרושטשאָוון. ער האָט דעם פילם אינגאַנצן אַראָפּגעריסן.

איינער פון דער גרופּע, אַ צייטונגסמאַן, קומענדיק צוריק קיין קיעוו, האָט גלייך אָנגעהויבן אַרויסטרעטן מיט רעפעראַטן וועגן זיין באַזוך אין אַמעריקע.

נעקראַסאָוו האָט באַזוכט איין רעפעראַט אַזעלכן. דער זשורנאַליסט, צופּאַסנדיק זיך צו דער סאָוויעטישער ליניע, האָט זייער געגוי גערעדט וועגן דער אַמעריקאַנער אונטערוועלט, אַרבעטסלאָזיקייט, אָרעמקייט, וועגן די ניו־יאָרקער גאַסן, וועלכע זענען קיינמאָל נישט באַלויכטן, וועגן די שווערע אַרבעטס־באַדינגונגען, יקרות, שטרייקן א. דגל.

דער עולם האָט דעם לעקטאָר פּשוט אויסגעלאַכט, שרייבט נעקראַסאָוו.

נעקראַסאָוו גיט אין אַלגעמיין אַ גאַנץ אָביעקטיוו בילד פון אַמעריקע, ווי ער האָט דאָס געזען אין פאַרלויף פון 14 טעג, זייענדיק די גאַנצע צייט אונטער אַ קאָנטראָל פון דעם גרופּן־פירער. ער האָט געזען די פּאָזיטיווע, און אויך די נעגאַטיווע דערשיינונגען. לויט אונדזער באַציונג צו זאַכן, אַ גאַנץ נאַטירלעכער און נאָרמאַלער צוגאַנג.

נעקראַסאָווס רייזע־באַשרייבונגען האָבן נישט נושא־חן געווען ביי כרושטשאָוון. אויף דער באַגעגעניש מיט די אינטעלעקטואַלן האָט ער אים צוזאַמען מיט די שרייבער פּאַוסטאָווסקי, וואָזניעסענסקי און קאַטאַיעוו שטאַרק אָנגעגריפן, נישט מער, ביי היינט צו־טאָג איז נישטאָ קיין געפאַר צו ווערן פיזיש ליקווידירט. דאָס ערגסטע וואָס קאָן געשען, איז נישט דרוקן זייערע שאַפונגען, וואָס עס ווערט טאַקע פּראַקטיצירט.

⁂

קאָנסטאַנטין פּאַוסטאָווסקי, פון פּוילישער אָפּשטאַמונג, אין אַ דערציי־לונג "די דריטע באַגעגעניש", שרייבט וועגן זיין באַזוך אין פּוילן צום דריטן מאָל. דאָס ערשטע מאָל איז ער געווען מיט זיין באָבען נאָך אַלס קינד, דאָס צווייטע מאָל — בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער באַזוכט פּוילן, ער פאָרט אַרום איבערן לאַנד, צ"א, אויך אין טשענסטאָכאָוו. ער שרייבט:

"טשענסטאָכאָוו, דער ציטאַדעל פון קאַטאָליציזם אין פּוילן, די מעקאַ פאַר די גלויביקע פּאָליאַקן, דאָס פּלאַץ ווו עס ווערט קיינמאָל נישט אויסגעלאָשן דאָס פייער פון פאַנאַטיזם, אָבער דער פאַנאַטיזם איז שוין נישט אַזוי שטאַרק ווי מיט 60 יאָר צוריק".

פּאַוסטאָווסקי באַשרייבט דעם באַוווסטן מאָנאַסטיר אויף דער "יאַסנאַ גוראַ", מיט דעם גרעסטן קאַטוילישן הייליקטום — די טשענסטאָכאָווער מאַטקאַ באָסקאַ. עס איז געווען האַרבסט־צייט, ווען צענדליקער טויזנטער פון גאַנץ פּוילן קומען צו די גאָטעסדינסטן. ער באַשרייבט מיט אַלע איינצלהייטן די אַלע צערעמאָניעס, וועלכע הייבן זיך אָן געוויינטלעך פיר פאַרטאָג. בימי סטאַלין וואָלט געווען אויסגעשלאָסן אַ באַשרייבונג אין אַזאַ טאָן, כמעט ווי פון אַ גלויביקן.

פון טשענסטאָכאָוו פירט זיין וועג קיין אָשוויענטשים (אוישוויץ).

דער איינדרוק איז אַ שווערער, אַ שוידערלעכער. ער ברענגט צום אויסדרוק זיין ווייטיק און צאָרן, אָבער געטריי דער איינשטעלונג אין ראַטנפאַרבאַנד, וועלכע האָט זיך נישט געענדערט אין דער הינזיכט ביז היינט, דערמאָנט ער נישט מיט קיין איין וואָרט, אַז אוישוויץ איז דער אומקום־פּלאַץ פון הונדערטער טויזנטער יידן.

*
* *

"אויף אויסלענדישע טעמעס", איז אַ שטענדיקע אָפּטיילונג אין די סאָוויעטישע זשורנאַלן. אין די אָפּטיילונגען ווערן געבראַכט און באַהאַנדלט פּראָבלעמען פון דער מערב־וועלט, מערסטנטייל טראָגט דאָס אַ כאַראַקטער פון פּראָפּאַגאַנדע. די סאָוויעטישע פּראָפּאַגאַנדע, האָט איר אויסגעפּרוווטן סיסטעם, וועלכער ענדערט זיך גאָרנישט. דער סיסטעם באַשטייט אין דעם, אַז זיי נעמען אַ קליין ביסעלע אמת און וויקלען דאָס אַרום אין אַ גרויסן באַרג פון ליגנס, דערביי מאַניפּולירן זיי אַלעמאָל מיט דעם ביסעלע אמת, וואָס זיי פּאַרקריפּלען ביז גאָר.

אַ געוויסער ס. עפּשטיין, אַוודאי אַ ייד, שרייבט אַן אַרטיקל א"ב "די טראַגעדיע פון אָפּגענאַרטן פאָלק". דאָס מיינט ער דאָס אַמעריקאַנער פאָלק. עפּשטיין פאַררופט זיך אויף אייניקע אַמעריקאַנער זשורנאַלן, אויף די פאָרשונגען פון באַקאַנטן "גאַלאָפּ־פּאָל"־אינסטיטוט, און ער מאָלט אַזאַ בילד פון דער אַמעריקאַנערווירקלעכקייט:

"די אַמעריקאַנער בורזשואַזיע פירט איר פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע מיט אַזעלכע מיטלען ווי נאָך קיינמאָל נישט ביז איצט. די פּסיכאָלאָגישע מלחמה פירט זיך אין שלום־צייט. זי איז אַ טייל פון קאַלטן קריג קעגן די לענדער פון סאָציאַליזם. די מיליטער־לייט, די ציווילע, אָפיציעלע קערפּערשאַפטן און פּריוואַטע קאָרפּאָראַציעס און צדקה־אַנשטאַלטן, וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוטן, אַלע מינים קלויסטערס, שולן און פּרעסע — אַלע האַנדלען זיי לויט די דירעקטיוון פון פּענטאַגאָן (קריגס־מיניסטעריום), פון אַמעריקאַנער אינפאָרמאַציע־ביוראָ, די צענטראַלע שפּיאָנאַזש־אָנפירונג. קיין שום פּראָפּאַגאַנדע־קאָסמעטיק קאָן נישט פאַרדעקן דעם וווקס פון אַרבעטסלאָזיקייט".

ווי מען זעט דאָ, ווערט צום גרויסן באַרג ליגנס אויסגענוצט דער אמת וועגן דער אַרבעטסלאָזיקייט. נאַטירלעך אָבער, אַז מיט קיין איין וואָרט ווערט נישט דערמאָנט, אַז אַמעריקע פאַרצייכנט די גרעסטע צאָל באַשעפּ־טיקטע — העכער 71 מיליאָן.

פאַררופנדיק זיך אויף פאַרשידענע קוועלן, כאַראַקטעריזירט עפּשטיין די אַמעריקאַנער יוגנט אַזוי: אויף אַ פראַגע צוליב וואָס דאַרפט איר דעם אוניווערזיטעט, קומט דער ענטפער:

„צוליב פאַרברענגען, שפּילן אין פוטבאָל, שאַפן געשעפטלעכע פאַר־בינדונגען, באַגעגענען פיינע מיידלעך (אָדער בחורים), זיך אויסלערנען עפּעס וואָס".

עס פעלן נישט קיין פעלערן ביי דער אַמעריקאַנער יוגנט, אָבער אַזאַ מין אויספיר דאַרף געמאַכט ווערן נאָר דורך אַ סאָוויעטישן שרייבער, וועלכער קאָן זיך צופּאַסן און אָנהאַלטן די ליניע. ווייטער שרייבט עפּ־שטיין: „די אַמעריקאַנער לייענען נישט קיין ביכער. זיי זענען גלויביקע, באַזוכן רעגולער דעם קלויסטער, די מערהייט אַמעריקאַנער גלויבן אין יענער וועלט, אין מלאכים און אין רוחות. אַן אויספאָרשונג אין יאָר 1961, שרייבט עפּשטיין, האָט געוויזן, אַז די אַמעריקאַנער יוגנט קאָן נישט אויפקלערן דעם אונטערשייד צווישן קאַפּיטאַליזם און קאָמוניזם".

ווי באַקאַנט, עקזיסטירט אין אַמעריקע דער א״ג "5־טער אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטוציע, וואָס גיט יעדן די רעכט אָפּזאָגן זיך אין געריכט צו געבן וועלכע עס איז דערקלערונגען, אויב אַזעלכע קאָנען ברענגען שאָדן אים פּערזענלעך. שרייבט עפּשטיין: „פּראַקטיש האָט שוין די אַמעריקאַנער בורזשואַזיע צעטראָטן אָט דאָס רעכט, נישט מער פאָרמעל עקזיסטירט דאָס נאָך". זיכער ווייסט עפּשטיין, אַז דאָס שטימט נישט מיט דערווירקלעכקייט. זיכער ווייסט ער, אַז די קאָמוניסטן אין אַמעריקע באַנוצן זיך מיט דעם 5־טן אַמענדמענט ביי יעדער געלעגנהייט.

ווער איז שולדיק אין דער געפאַר פון אַן אַטאָם־קריג? — עפּשטיין קלערט אויף: „די קרבנות פון דער אימפּעריאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע ווייסן דאָס נישט. די פאַרברעכערישע מאַניאַקן געווינען צו דער באַפעל־קערונג צו דעם, אַז אַן אַטאָם־קריג איז נישט אויסצומיידן. די מלחמה־

אונטערצינדער באַוווייזן צו באַווירקן געוויסע קרייזן אין אַמעריקע, אַז צו דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג איז נייטיק אויסגעבן וואָס מער אויף באַוואָפענונג".

קלאָר ווי די נאַכט, אַז רוסלאַנד איז אין דער פראַגע באַוואָפענונג גאָט די נשמה שולדיק.

אונטערציענדיק אַ סך־הכל פון זיינע אָבסערוואַציעס וועגן דער ווירקלעכקייט אין אַמעריקע שרייבט עפשטיין אַזוי: "אויף אונדז ווירקט נישט אָט די פרייע וועלט, וועלכע ווערט געוויזן אויף גלאַנציקע פּאַפּירן פון די שרייענדיקע זשורנאַלן. עס זענען נישטאָ קיין אומאָפּהענגיקע בירגער. דאָס פאָלק, אין דער גרעסטער מערהייט, איז טיף עם־הארציש, דאָס אַמעריקאַנער פאָלק ווערט טאָג־טעגלעך גענאַרט פון די פירער. דערצו דינט הויפּטזעכלעך דעם מיליטאַריזם און שטויסט דאָס לאַנד צו אַ קאַטאַסטראָפע".

***

אָט אַזוי האָדעוועט מען דעם סאָוויעטישן בירגער מיט ידיעות און אינפאָרמאַציעס וועגן אַמעריקע. עס איז אָבער דאָ אַ גרונט צו גלויבן, אַז דער סאָוויעטישער מענטש האָט זיך שוין אויסגעלערנט אָפּשאַצן דעם ווערט פון אַזאַ מין פּראָפּאַגאַנדע.

אין דער אָפּטיילונג "ביכער איבערזיכט" קומען רעצענזיעס וועגן דערשינענע ביכער, אין פאַרשידענע פאַרלאַגן פון רוסלאַנד. "פריינדלעכע הילף" הייסט די אָפּהאַנדלונג וועגן אַמעריקע פון רימאַלאָוו. "רוסלאַנד און די עקאָנאָמיש שוואַך־אַנטוויקלטע לענדער".

אין דער אָפּהאַנדלונג שרייבט דער מחבר: "עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס די מלוכה (ער מיינט רוסלאַנד), וועלכע האָט די ערשטע אין דער געשיכטע ליקווידירט עקספּלואַטאַציע, האָט אויסגעצויגן די האַנט פון ברידערלעכער הילף צו די פעלקער, וועלכע פירן אַ קאַמף פאַר ענדגילטי־קער באַפרייונג פון אויסלענדישן יאָך, פאַר נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט".

וואָס טראַכט זיך בעת־מעשה אַזאַ שרייבער? קאָן דען זיין אַ גרעסע־

רער חוזק פון דעם לייענער? ווייסט נישט דער רוסישער מענטש, ווייסט נישט די וועלט וועגן דער מוראדיקער עקספּלואַטאַציע פון די אַרבעטער אין רוסלאַנד? ווייסט נישט די וועלט וועגן די באַציונגען צו די פאַרשי־דענע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וואָס איז נישט בעסער ווי אין די צאַרישע צייטן?

און ווייטער שרייבט רימאַלאָוו: דער קרבן פון דעם אימפּעריאַליס־טישן קאָלאָניאַל־סיסטעם איז געוואָרן אַ פאַקט. דער סאָציאַליזם (דאָס מיינט קאָמוניזם) האָט באַוואָרנט די יונגע מלוכות פון מיליטערישע אַטאַקעס פון די קאָלאָניזאַטאָרן".

נאַטירלעך קיין וואָרט נישט, אַז אַזאַ קאָלאָניאַלע אימפּעריע ווי ענגלאַנד, האָט מיטן אייגענעם ווילן געגעבן זעלבשטענדיקייט אירע קאָלאָניעס. אַז רוסלאַנד האָט נאָך דער מלחמה פאַרכאַפּט אַזוי פיל לענדער, וועלכע ווערן אויסגענוצט אויפן ערגסטן אופן — אוודאי און אַוודאי קיין וואָרט נישט.

ער שרייבט: "סאָוויעטישע בירגער שטעלן אַזאַ פראַגע: האָבן מיר דען אַלץ אַזוי פיל אַז מיר קאָנען נאָך העלפן אַנדערע"?

עס איז אַ גרונט צו צווייפלען צי זיי שטעלן טאַקע אַזעלכע פראַגן, אַזוי גוט איז נאָך נישט אין רוסלאַנד. ווי האָט דער סאָוויעטישער בירגער די געלעגנהייט און מעגלעכקייט דערצו?

דער ענטפערט אין דער רעצענזיע פון בוך איז פאַלגנדיקער: "ניין, נישט דערפאַר גיבן מיר הילף די יונגע מלוכות, ווייל מיר האָבן איבעריקע רע־סורסן, וועלכע וואָלטן נישט געקאָנט אויסגענוצט ווערן אין אונדזער פאָלקס־ווירטשאַפט. מיט אונדזער הילף קומט אונדזער חלק אין דער זאַך פון באַפרייען פעלקער אין די לענדער פון אָרעמקייט, אָפּגעשטאַנענקייט, קאָלאָניאַלע עקספּלואַטאַציע און גוואַלדטאַטן פון אויסלענדישן מאָנאָפּאָ־ליסטישן קאַפּיטאַל".

די סאָוויעטישע הילף איז נאַטירלעך אויסער וועלכן עס איז אייגננוצן. איר קאָנט דעם מחבר גלויבן אויפן וואָרט. "די הילף איז אַ זאַך פון אינטעראַניצאַנאַליזם און פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן גורל פון דער וועלט, דאָס איז אַלץ וואָס כאַראַקטעריזירט אונדזער הילף".

פאַרקערט, די הילף פון אַמעריקע ״האָט אין זינען איר ציניש־אימפעריאַליסטישע פּאָליטיק. די אַמעריקאַנער הילף איז נישט מער ווי פּאָליטישער כאַבאַר״. און צום סוף: ״איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז ביי אָט די באַדינגונגען, באַציען זיך די פעלקער פון עקאָנאָמיש־שוואַך־אַנטוויקלטע לענדער, וואָס ווייטער אַלץ מיט אַ גרעסערן אומצוטרוי צו דער פּאָליטיק פון די פאַראייניקטע שטאַטן, און וואָס ווייטער מיט מער אָנערקענונג פאַרן סאָוויעטן־פאַרבאַנד״.

ווי האָט יענער געזאָגט: אַ סימן האָט איר...

* * *

ווי באַקאַנט, איז סטאַלין געווען אַ גאון אויף אַלע געביטן. סטאַלינס ווערק פלעגן דערשיינען אין מיליאָנען עקזעמפּליאַרן. היינט, אין צייט פון קאַמף קעגן פערזאָנען־קולט, איז ווי זאָגט מען ״נידער מיטן פערזאָנען־קולט, זאָל לעבן דער פערזאָנען־קולט״. און נישט סטאַלין, זאָל לעבן כרושטשאָוו. אויך כרושטשאָוו איז אַ גאון. אויך ער שרייבט, אויך זיינע ווערק דערשיינען אין גרויסע אויפלאַגעס.

אין די ״איבערזיכטן איבער דערשינענע ביכער״ ווערן אין די סאָוויעטישע זשורנאַלן נאָטירט אויך כרושטשאָווס ״שאַפונגען״. אייניקע פון זיי: ״וויכטיקע פראַגן וועגן דער אַנטוויקלונג פון דעם סאָציאַליסטישן (קאָמוניסטישן — ש. ש.) וועלט־סיסטעם״, ״די וויכטיקע אויפגאַבן פון ליטעראַטור און קונסט״, ״דער קאָמוניסטישער סיסטעם אין רוסלאַנד און די אַנטוויקלונג פון דער אַגראַר־ווירטשאַפט״.

ווי באַקאַנט, איז שוין יאָרן און יאָרן כרושטשאָוו דער איניציאַטאָר פון פאַרשידענע עקספּערימענטן אויפן אַגראַר־געביט. דער סוף איז — דער איינקויף פון ווייץ אין די לענדער פון דער פרייער וועלט. אַחוץ דעם ווערן געדרוקט אין מאַסן־טיראַזשן כרושטשאָווס רעדעס, גענוי ווי אין די סטאַלין־צייטן.

אין ״סאָוועטיש היימלאַנד״ איז אין זיינער צייט געווען אַ גרויסע אָפּהאַנדלונג וועגן די איבערזעצונגען פון די שאַפונגען פון די יידיש־סאָוויעטישע שרייבער, וועלכע די סאָוויעטישע מלוכה־פאַרלאַגן האָבן

אַרויסגעלאָזט אין צענדליקער טויזנטער עקזעמפּליאַרן אין רוסיש און אין אַנדערע שפּראַכן פון די פעלקער אין רוסלאַנד. אין די ביכער־איבערזיכטן אין אַ ריי סאָוויעטישע זשורנאַלן, פאַר די לעצטע צוויי יאָר, האָב איך געקאָנט פאַרנאָטירן בלויז פאָלגנדיקע איבערזעצונגען:

האַלקין — "לידער פון די לעצטע יאָרן" מיט אַ רעצענזיע; ט. גען — "באַשיידענע מענטשן"; ט. רעמעניק — "שלום עליכם", קריטיש־ביאָ־גראַפישע פאַרצייכענונגען. די לעצטע צוויי — אָן רעצענזיעס.

***

"ברידערלעכע צוזאַמענאַרבעט מיט די סאָציאַליסטישע לענדער". — אונטער אַזאַ קעפּל קומט אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דעם ראַט פון עקאָנאָ־מישער קעגנזייטיקער הילף (ס.ע.וו.) "קאָמיסקאָ", דער "קאָמאָן־מאַרקעט" פון די קאָמוניסטישע לענדער.

דאָס אַרטיקל דאַרף זיין אַן ענטפער די מערב־עקאָנאָמיסטן, וואָס האַלטן, אַז מאָסקווע מיט אירע סאַטעליטן זענען שטאַרק באַזאָרגט אין שייכות מיט די דערפאָלגן פון אייראָפּעיִשן "קאָמאָן מאַרקעט".

די צוויי מחברים פון דעם אַרטיקל ווייזן אָן, אַז אין דער צייט ווען "אין אייראָפּע, ווו אונטער די לאָזונגען פון ליקווידירן דעם נאַציאָנאַלן עגאָאיזם, קומט פאַקטיש פאַר אַן אָפענע עקספּלואַטאַציע פון שוואַכע דורך די שטאַרקע, פירן מיר (די קאָמוניסטישע לענדער — ש.ש.) דורך די איינהייט פון סאָציאַליסטישן לאַגער. אונדזערע לענדער, האָט געזאָגט כרושטשאָוו, זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַזאַ קראַפט, אַז קיין שום "קאָמאָן־מאַרקעט" שטעלט פאַר אונדז נישט פאַר קיין געפאַר. אין "קאָמאָן־מאַרקעט" רעכנט מען זיך אויסשליסלעך מיט קראַפט. דער "קאָמאָן מאַרקעט" איז אַן אויבער־טרעסט פון מערב־אייראָפּע. די אינטעגרירטע אייראָפּע באַמיט זיך אַריינכאַפּן אין אירע הענט די לענדער און קאָנ־טינענטן, וועלכע האָבן אַראָפּגעוואָרפן דעם יאָך פון קאָלאָניאַליזם".

גאַנץ אַנדערש זענען די באַציונגען צווישן די לענדער פון קאָמוניס־טישן בלאָק. "אין סעוו זענען אַלע אָנטיילנעמער גלייך, אומאָפּהענגיק

פון דער גרויס פון טעריטאָריע, באַפעלקערונג אאַ״וו. ביי אונדז דאָמינירט סוווערעניטעט״.

ווייטער ווערן אויסגערעכנט די ריזיקע דערפאָלגן אויף אַלע געביטן אין די לענדער פון קאָמוניסטישן בלאָק. דערפאָלגן, וועלכע שטייגן ווייט איבער די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. איז דאָך גוט, איז אויב אַזוי, פאַרוואָס איז אַזוי שלעכט ?

דער אמת איז, אַז ״סעוו״ איז געשאַפן געוואָרן טאַקע אין רעזולטאַט פון די דערפאָלגן פון אייראָפּעישן מאַרק. ווען די געבראַכטע ציפערן פון וווקס אויף אַלע געביטן אין רוסלאַנד און אין די סאַטעליטן־לענדער זאָלן שטימען מיט דער ווירקלעכקייט, איז צוליב וואָס רייסן זיך אָט די סאַטעליטן־לענדער איינצושטעלן האַנדל־באַציונגען מיטן מערב ? דער ״סעוו״ האָט באַדאַרפט זיין אַ מין דאַמבע, וועלכע זאָל איינהאַלטן אין די אייגענע קאָמוניסטישע ראַמען די סאַטעליטן־לענדער.

מאָסקווע האָט נישט באַוויזן צו ״אינטעגרירן״, איינצוהאַלטן עקאָנאָמיש די סאַטעליטן־לענדער, די לעצטע פירן אַ גאַנץ פיינעם האַנדל מיט דער מערב־וועלט. די קאָמוניסטישע לענדער קויפן אין דער מערב־וועלט פיר מאָל אַזוי פיל מער, ווי מיט צען יאָר צוריק. דער באַטרעף פון די איינגעקויפטע סחורות אין יאָר 1953 איז געווען איין ביליאָן מיט דריי צענטל, אין יאָר 1963 שוין 4,4 ביליאָן דאָלאַר.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון די קאָמוניסטישע לענדער ווערט נישט מיט קיין סך לייכטער צוליבן אימפּאָרט פון דער מערב־וועלט, ווייל זיי האָבן נישט קיין סך וואָס צו עקספּאָרטירן. איז געקומען כרושטשאָוו מיט אַ פאָרשלאַג :

״לאָמיר האַנדלען, הערן קאַפּיטאַליסטן, אָבער האַנדלען אָן דיסקרימינאַציע, אויף אַ קעגנזייטיקן גרונט. אין אייראָפּע און אַמעריקע קאָן מען גוט די רוסישע איקרא, דעם פּוילישן בעקאָן, די בולגאַרישע פּאָמידאָרן, און טשעכישע האָפּן״.

אַוודאי ווייסט מען אין דער מערב־וועלט וועגן אָט די פּראָדוקטן, די מעשה איז אָבער, וואָס די סאַטעליטן־לענדער פאַרקויפן טאַקע אַליין אָט די מינים פּראָדוקטן. מאָסקווע איז אָבער פאַראינטערעסירט צו מאָנאָ־

פּאַליזירן דעם אויסערן־האַנדל פון די קאָמוניסטישע לענדער, מאָסקווע שטרעבט צו זיין דער פאַרמיטלער צווישן זיי און דער מערב־וועלט. די שיינע רייד וועגן קעגנזייטיקער הילף, זענען ווי אַלעמאָל, בלויז פּראָפּאַ־גאַנדע. דעם צוקער פון קובאַ פאַרקויפט מאָסקווע אויפן וועלט־מאַרק מיט גרויסע רווחים. און דער סוף פון אַלע ריזיקע דערפאָלגן איז דער איינקויף פון ווייץ, מעל און קוקורוזע אין די לענדער פון דער מערב־וועלט.

***

אויף די שפּאַלטן פון זשורנאַל ״מאָסקוואַ״ גייט אָן אַ דיסקוסיע וועגן פאַנאַנדערבוי פון דער שטאָט מאָסקווע. מיט די פּראָבלעמען זענען באַ־שעפטיקט אַחוץ די פאַכלייט אויף דעם געביט, אויך די פּאַרטיי־אינסטאַנצן, אַפילו דער צ. ק.

די דיסקוסיע גייט אַרום די פראַגן, צי זאָל מען איינהאַלטן אין שטאָט די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וואָס דאָס ברענגט נאַטירלעך אַ רעש, אומריינקייט א״אַ שוועריקייטן, ווי געוויינטלעך אין אַלע גרויסע שטעט אויף דער וועלט, אָדער זיי אַריבערטראָגן אויסער דער שטאָט.

בימי סטאַלין וואָלט נישט מעגלעך געווען פירן אַזאַ דיסקוסיע. מען האָט באַפוילן, און מען האָט געבויט. אָדער ריכטיקער, געמאַכט פּלענער וועגן אויפבויען די הויפּט־שטאָט.

ווי אַלעמאָל, קומט אויך אין דער פראַגע די פּראָפּאַגאַנדע. אויך אין דער הינזיכט האָט דער קאָמוניזם איבערגעשטיגן די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. ״אַ האַלבער מיליאָן איינוווינער אין מאָסקווע באַקומען יעדעס יאָר נייע, גוט־איינגעאָרדנטע דירות״.

מאָסקווע ציילט 6.5 מיליאָן איינוווינער. ווען מיר זאָלן נעמען אין באַטראַכט, אַז אין יעדער נייער דירה באַזעצן זיך דורכשניטלעך 4 פּערזאָן, דאָס הייסט אין אַ האַלבן מיליאָן דירות צוויי מיליאָן איינוווינער אַ יאָר, איז דאָך אין וועלכע 3—4 יאָר די פראַגע ענדגילטיק געלייזט. קומט אויס, אַז גאַנץ מאָסקווע איז שוין איבערגעבויט, און אַלע וווינען אין נייע דירות, הלוואַי וואָלט דאָס אמת געווען. עס שטייען פאַר מיינע אויגן די מאָסקווער גאַסן ביים סוף פון דער מלחמה.

בעת אַ דיסקוסיע קומען במילא אַרויס מיינונגס־פאַרשידנהייטן. אויך

אין דעם פאַל שרייבן די אַרכיטעקטן, אַז בסך־הכל האָט מאָסקווע מיט איר אינדוסטריע אויסגעטרונקען דאָס גאַנצע וואַסער. מען שטייט פאַר אַ פּראָבלעם פון ברענגען וואַסער פון דעם ווייטן טייך אָקאַ, וואָס דאָס איז פאַרבונדן מיט מיליאַרדן. ביי דער געלעגנהייט ווערט אָנגעגעבן, אַז דער מאָסקווער איינוווינער פאַרנוצט מער וואַסער ווי אין די גרעסערע הויפּט־שטעט אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. ווי מיר זעען, איז אויך אין הינזיכט פון וואַסער־פאַרברויך האָט רוסלאַנד איבערגעשטיגן די מערב־וועלט. די רוסישע מענטשן טרינקען זיך ממש אין וואַסער...

אין פאַרלויף פון די מלחמה־ און נאָכמלחמה־יאָרן האָבן מיליאָנען סאָוויעטישע בירגער געהאַט די געלעגנהייט זען מיט די אייגענע אויגן, ווי עס זעט אויס דיווירקלעכקייט אין די מערב־לענדער, און אַפילו ווי גרויס עס איז דער אונטערשייד צווישן רוסלאַנד און די סאַטעליטן־לענדער. דעם סאָוויעטישן מענטש איז שוין איבערן האַלדז אָט די פּראָפּאַגאַנדע פון איבעריאָגן אַמעריקע, דער עולם וויל אַ וווינונג, אַ מלבוש, אַ פּאָר שיך. דער סאָוויעטישער בירגער שטרעבט צו אַ לייכטערן לעבן. די סאָוויעטישע פּראָפּאַגאַנדע קומט מיט צוזאָגן וועגן דער נויטווענדיקייט פון פאַרגרע־סערן און פאַרבעסערן די פּראָדוקציע פון דער לייכטער אינדוסטריע. עס ווערט צוגעזאָגט צו שאַפן אַלץ וואָס איז נייטיק פאַרן טאָג־טעגלעכן געברויך.

די ווירקלעכקייט איז אָבער ווייט פון די אַלע צוזאָגעכצן. די יאָרן נאָך סטאַלינען האָבן געבראַכט אַ גרעסערע מעגלעכקייט ברענגען צום אויסדרוק די נויטן און פאָדערונגען פון סאָוויעטישן בירגער, אָבער די אויסגאַבן אויף באַוואָפענונג שלינגען איין אַלץ.

אויף די שפּאַלטן פון "וואָפּראָסי עקאָנאָמיקי" ווערט באַהאַנדלט דאָס פּראָבלעם וועגן: "העכערן" די קוואַליטעט פון די סחורות". ווי געוויינלעך הייבט זיך אָן דאָס אַרטיקל מיט אַ זאַץ וועגן דעם וואָס חבר כרושטשאָוו האָט געזאָגט, און געזאָגט האָט ער, אַז מען דאַרף... אאַ"וו. דער שרייבער פון אַרטיקל גיט אָן, אַז אייגנטלעך ווייסט די וועלט ווי הויך איז די קוואַליטעט פון די סאָוויעטישע אויסאַרבעטונגען. אַ סימן, דער דערפּאָלג אויף פאַרשידענע וועלט־אויסשטעלונגען.

איז דאָך גוט, ניין, עס איז אָבער שלעכט. ווייטער ווערט אויסגערעכנט ווי עס זעט אויס אין דערווירקלעכקייט. שוכוואַרג צ״ב: ״עס האָבן זיך אָנגעקליבן אין די סאָוויעטישע קראָמען שיך פאַר אַנדערהאַלבן מיליאַרד רובל (איבער אַנדערהאַלבן מיליאַרד דאָלאַר — ש.ש.) די שיך זענען אויסגעפּאַרטיקט האַלב פון טעקסטיל, האַלב פון לעדער, אויף גומענע זוילן. אַ פּאָר אַזעלכע שיך וועגן איבער איין קילאָגראַם, איז נישט קיין וווּנדער, וואָס אַזעלכע שיך ווערן נישט פאַרקויפט.

ניי־מאַשינען ווערן אַרויסגעלאָזט דורך זעקס פאַבריקן, און די מאָדלען פון די ניי־מאַשינען שטאַמען פון פופציק יאָר צוריק. ביי היינט־צוטאָג האָבן זיך אָנגעקליבן איין מיליאָן מיט הונדערט טויזנט ניי־מאַשינען אין די מאַגאַזינען, די פאַרפרוירענע פּראָדוקציע באַטרעפט אַכציק מיליאָן רובל, די מאַשינען טויגן נישט.

* *
*

עס איז באַקאַנט ווי שנעל עס ווערן קאַליע די סאָוויעטישע טעלע־וויזיע, וואַשמאַשינען און שטויב־זויגערס. אין יאָר 1960, האָט מען אויף 133 טויזנט אַפּאַראַטן, פאַרקויפטע צו די מאָסקווער איינוווינער, געמוזט דורכפירן 315 טויזנט גאַראַנטירטע רעמאָנטן, אַחוץ דעם האָט מען געמוזט 10% פון די אַרויסגעלאָזטע טעלעוויזיע־אַפּאַראַטן רעמאָנטירן נאָך איידער מען האָט זיי פאַרקויפט. ״ווי עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, זענען די רעמאָנטן געקומען אין רעזולטאַט פון נידריקער קוואַליטעט פון די אַפּאַראַטן. דאָס זעלבע האָט אַ שייכות צו אַנדערע סחורות״.

אויב עס רעדט זיך וועגן מלבושים, שיך און טעקסטיל, איז ברייטיק דער אָנטייל פון די קינסטלער, דעריבער איז לעצטנס געשאַפן געוואָרן אַן אייגנאַרטיקער ״אינסטיטוט פון גוטן געשמאַק״.

עס איז דאָ אַן אינסטיטוט און די פראַגע איז ״געלייזט״, אָבער ביז וואָס ווען האָט געמוזט פאַרבראַקירן און אַראָפּנידערן די קוואַליטעט פון אַרויסגעלאָזטע מלבושים ביז 32.7%, טריקאָטאַזש אויף 25%, לעדער־שוך 32.6%.

**
*

״עקאָנאָמיטשעסקאַיאַ גאַזעטאַ״, אַ וואָכן־צייטונג פון דער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי איז אילוסטרירט. אויף אַזאַ אילוסטראַציע קאָנט איר זען ווי אויף דער גאַס, ביים ארייננגאַנג אין אַ גרויסן מאַגאַזין פון מעבל אין מאָסקווע, זענען אויף דער גאַס אויסגעשטעלט פיל מעבל־שטיק באַדעקט מיט שניי.

אין אַן אַרטיקל אין דער זעלבער צייטונג דערציילט דער אָבסער־וואַטאָר, אַז אין מאַגאַזין האָט ער אָנגעטראָפן, ווי דאָס פאָלק איז געקומען קיין מאָסקווע אַזש פון סוכום איינצוקויפן מעבל. זיי האָבן איינגעקויפט אַ קאָמפּלעט, אָבער אין דער זעלבער צייט איז דער זעלבער קאָמפּלעט פאַרקויפט געוואָרן צו אַנדערע מענטשן.

דער אָבסערוואַטאָר שרייבט וועגן דעם סקאַנדאַל אַרום דעם, און, אַז עס איז אַ באַקאַנטע זאַך, אַז אָן כאַבאַר קאָן מען קיין מעבל נישט באַקומען. דאָס פאַרפאָלק האָט קיין כאַבאַר נישט געגעבן, איז דאָס גלייך פאַרקויפט געוואָרן צו אַנדערע, וואָס האָבן יאָ געגעבן כאַבאַר.

דער זעלבער אָבסערוואַטאָר שרייבט, אַז אין מאַגאַזין איז ער געקומען נאָך אַ קלייניקייט, ער וויל אַ טאַבורעט, אַ געוויינלעכן שטול אָן אַ ווענטל, ער האָט אַזעלכעס אין גאַנץ מאָסקווע נישט געקאָנט געפונען.

אין דער זעלבער צייטונג שרייבט זיך אַזוי: ״פון דער פּראַקטיק ווייסט מען, אַז אויב מען זאָל אויף אַ פאַבריק פון וויין, בראָנפן, אָדער ליקער ענדערן אַ ביסל די טעכנאָלאָגיע און אַראָפּנידערן די שטאַרקייט פון דער פּראָדוקציע אַפילו אויף 1,10% — ברענגט אַזאַ עקאָנאָמיע טויזנ־טער ליטער. איז ווי זעט דאָס אויס מיט אָט דער עקאָנאָמיע אויף דעם דערמאָנטן זאַוואָד?

די שטאַטישע מיליץ האָט אָדורכגעפירט אַ קאָנטראָל בכדי באַקענען זיך ווי זעט דאָס אויס די אַרבעט אין דער וועכטער־אָפּטיילונג, און אָט איז דער רעזולטאַט: ביי די וועכטער האָט די מיליץ געפונען הונדערט צען פלעשער, — דאָס האָט מען אַרויסגעגנבעט בלויז אין פאַרלויף פון איין טאָג״.

ווי מיר זעען, איז די עקאָנאָמיע געגאַנגען פאַר די וועכטער, און וואַרשיינלעך נישט נאָר פאַר זיי אַליין. דאָס איז אַ געוויינלעכע און טאָג־טעגלעכע דערשיינונג אין רוסלאַנד. עס מוז אַזוי זיין. די פאַרדינסטן פון די אַרבעטער זענען אַזוי קליין, אַז עס איז נישטאָ קיין שום מעגלעכקייט אַדורכצולעבן זיך — מוז יעדער גנבענען. אַזאַ איז דיווירקלעכקייט.

דאָס אַרטיקל פאַרענדיקט זיך אַזוי: "ווי איר זעט, זענען נישטאָ קיין שום פיקאַנטע זאַכן אין די פאַרשריבענע פאַקטן. דעם אמת געזאָגט, באַפאַלט אַ חלשות ווען מען דאַרף וועגן דעם רעדן, אָבער מען מוז, אומבאַדינגט מוז מען. מען קאָן אַזעלכעס נישט דולדן, ווען פאַר די אויגן פון אַלעמען באַגנבעט מען, אַזאַ "זשוליאַ" (שווינדלער), און עס ווערן דערביי געמאַכט אַזוי פיל פאַרלוסטן דער מלוכה, אין מיליאָנען".

אַזוי זעט אויס די ווירקלעכקייט אין טאָג טעגלעכן לעבן פון סאָוויעטישן מענטש. אַזוי זעט אויס דאָס "דעריאָגן און איבעריאָגן אַמעריקע". דאָס איז דער קרומער שפּיגל פון דער סאָוויעטישער ווירקלעכקייט, וואָס קומט, אין אַ פּראָמיל־פּראָצענט, צום אויסדרוק ביים לייענען צווישן די שורות אין דער סאָוויעטישער פּרעסע.

## יידישע פּראָבלעמען אויף די שפּאַלטן פון סאָוויעטישע צייטונגען

"יידן און דאָס יידישע פאָלק" זענען זאַמלונגען פון פאַרשידענע אַרטיקלען אין דער סאָוויעטישער פּרעסע. די זאַמלונגען ווערן אַרויס־געגעבן דורך דער "היינטצייטיקער יידישער ביבליאָטעק" אין לאָנדאָן. די פּובליקאַציעס זענען פאָטאָקאָפּיעס פון אַרטיקלען פון דער סאָוויעטישער פּרעסע וועגן יידן און יידישע ענינים.

די פאָטאָקאָפּיעס קומען פון איבער 120 סאָוויעטישע צייטונגען און זשורנאַלן אויף פאַרשידענע שפּראַכן איבערן גאַנצן לאַנד. מיר וועלן זיך באַמיען אַנאַליזירן די פּובליקאַציעס בלויז פאַר 6 מאָנאַטן. אַ פּעריאָד, וואָס איז גענוג צו שאַפן אַ בילד וועגן דער יידן־פּראַגע אין ראַטנפאַרבאַנד. די פּובליקאַציעס זענען פאַנאַנדערגעטיילט לויט באַזונדערע טעמעס:

1) יידישע רעליגיע.
2) יידישע געשיכטע און קולטור.
3) יידן אין סאָוויעטישן געזעלשאַפטלעכן לעבן און שטייגער.
4) אויסצייכענונגען.
5) יידן אין דער סאָוויעטישער ליטעראַטור און קונסט.
6) יידן אין דער סאָוויעטישער וויסנשאַפט און טעכניק.
7) מדינת ישראל.
8) די נאַצי־מערדערייען און זייערע מיטהעלפער.
9) יידן אויסער רוסלאַנד.
10) ביבליאָגראַפיע.

איז וואָס ווערט געבראַכט צום אויסדרוק אויף די שפּאַלטן פון די סאָוויעטישע צייטונגען און זשורנאַלן וועגן יידן און יידישע פּראָבלעמען?

אויף דער טעמע אויסצייכענונגען ווערן געבראַכט מעלדונגען און אַרטיקלען וועגן פּרעמיעס און אויסצייכענונגען פאַר זייערע וויכטיקע אַרבעטן אויף די געביטן פון וויסנשאַפט, קונסט, ליטעראַטור, ווי צ. ב. וועגן דער לענין־פּרעמיע פאַר דעם באַוווסטן פיזיקער לאַנדאַו, דעם פּיאַניסט גילעלס, דעם סקולפּטאָר קערבעל פאַר זיין קאַרל מאַרקס־דענקמאָל אין מאָסקווע. הויכע אויסצייכענונגען דעם יידישן גענעראַל קרייזער. באַשטימונגען אויף הויכע אַמטן אין הויפּט־געריכט פון פאַר־שידענע רעפּובליקן און אַנדערע הויכע אַמטן. אויסצייכענונגען פאַר אַרטיסטן און קינסטלער־יידן, און פיל אַנדערע אויסצייכענונגען און פּרעמיעס.

אויף דער טעמע "יידן אין דער סאָוויעטישער ליטעראַטור און קונסט" ווערן געבראַכט פאַטאָקאָפּיעס פון אַרטיקלען וועגן אָנערקענונג און אויס־צייכענונגען פאַר זייערע שאַפונגען אויף פיל געביטן, מיטטיילונגען און ידיעות וועגן אַרויסטרעטונגען פון יידן־אַרטיסטן, אויך וועגן אַרויסטרע־טונגען פון יידישע אַרטיסטן אויף "אָוונטן פון יידישן ליד". ידיעות און אַרטיקלע וועגן סאָוויעטישע יידן, געווינער אויף פאַרשידענע אינטערנאַצי־אָנאַלע פאַרמעסטונגען.

די ידיעות, אַרטיקלען און אינפאָרמאַציע וועגן מדינת ישראל טראָגן

שוין אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער אויף די שפּאַלטן פון דער סאָוויעטישער פּרעסע. עס קומען ידיעות וועגן ישראל און אירע באַציונגען מיט די אַראַבישע שכנים, דערביי ווערט ישראל אַלעמאָל אַרויסגעשטעלט ווי דער אַגרעסאָר, מדינת ישראל מיט דראָאונגען אויפן אַדרעס פון די אַראַבער. ידיעות און אינפאָרמאַציעס וועגן די ישראל־אַראַבישע באַציונגען אויפן פאָרום פון "אונאָ", דערביי זענען אַלעמאָל די אַראַבער די געליטענע. וועגן שוועריקייטן אויפן עקאָנאָמישן געביט אין ישראל. וועגן שטרייקן, באַגלייט מיט בילדער, ווי די ישראל־פּאָליציי גרייפט אָן די שטרייקנדע. אַן אַרטיקל, צ.ב. פון משה סנה וועגן קלאַסן־קאַמף אין ישראל. אַרטיקלען וועגן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין ישראל, וועגן איר קאַמף פאַר דעמאָקראַטיע און פרייהייט, פאַר שלום און נייטראַליטעט פון מדינת ישראל.

אַן אַנטיסעמיטישער פעליעטאָן אין דער אוקראַיִנישער צייטונג "ראַביטניטשאַ גאַזעטאַ" וועגן אַ צוזאַמענטרעף פון בן־גוריון מיט אַדענאַוערן, וואָס לייגט פאַר בן־גוריונען, אַז ער זאָל ווירקן, אַז אויפן אייכמאַן־פּראָצעס זאָלן נישט דערמאָנט ווערן די נעמען פון די נאַציסטן, וואָס פאַרנעמען הויכע אַמטן אין דער רעגירונג פון מערב־דייטשלאַנד, בן־גוריון איז מסכים, "געשעפט איז געשעפט".

עס קומען אויך אַרטיקלען וועגן גרויסן דערפאָלג אין רוסלאַנד פון ישראלדיקן פידלער אשכנזי. די געפילן פון שטאַרקע פרייד, וואָס משה סנה ברענגט אַרויס וועגן די רוסישע ספּאָרט־פאָרמעסטונגען.

דער זשורנאַל פון מאָסקווער פּאַטריאַרך גיט אַ גרויסע באַשרייבונג וועגן באַזוך פון בולגאַרישן פּאַטריאַרך איבער די הייליקע פלעצער אין פּאַלעסטינע, וועגן זיין באַזוך אין ישראל, ווו ער האָט באַקומען אַ זייער וואַרעמע אויפנאַמע פון די בולגאַרישע יידן אין ישראל, וועלכע ער האָט געהאָלפן ראַטעווען בימי היטלער.

אַ סך פּלאַץ ווערט געגעבן דער פראַגע פון באַוואָפנונג אין ישראל. ביי דער געלעגנהייט קומען שוין אַרויסטרעטונגען קעגן דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס באַזאָרגט ישראל מיט געווער, ספּעציעל מיט ראַקעטן, אַרויסטרעטונגען קעגן דער אַנטי־

אַראַבישער פּאָליטיק פון אַמעריקע. די באַוואָפנונג פון ישראל קומט אין אַ גרויסער מאָס אין רעזולטאַט פון די באַמיונגען מצד דער ציוניסטישער באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אַמעריקאַנער מיליטערישע ספּע־ציאַליסטן העלפן בויען אין ישראל סטראַטעגישע וועגן, אַעראָדראָמען, בריקן, אַ מיליטערישן פּאָרט און אַ מיליטערישע ים־באַזע אין אַשדוד. יעדעס יאָר ווערן צענדליקער ישראל־אָפיצירן געשולט אין אַמעריקע. דאָס אַלץ ווערט געטאָן כלומרשט בכדי אויפהאַלטן דעם שלום, די אַראַבישע געזעלשאַפטלעכקייט שאַצט אָבער אָפּ אַזאַ האַנדלונג, ווי אַן אַקט פון אַגרעסיע לגבי דער אַראַבישער וועלט.

וועגן רוסישן וואָפן פאַר די אַראַבישע לענדער ווערט נאַטירלעך מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט.

אין שייכות מיט די ישראל־באַוואָפנונגען ברענגט די סאָוויעטישע פּרעסע אויסצוגן פון די אַראַבישע צייטונגען מיט אָנפאַלן אויף ישראל און די פאַראייניקטע שטאַטן. די סאָוויעטישע פּרעסע קריטיקירט מדינת ישראל פאַר איר מיטאַרבעט מיט די לענדער פון נאַטאָ, פאַר צושטעלן געווער צו אָט די לענדער. די ישראל־אַרמיי ווערט געלערנט לויטן מוסטער פון אַמעריקע.

אין שייכות מיט דער רעקאָמענדאַציע פון עקאָנאָמיסטן אין דער מערב־וועלט, אַז די ניי־אַנטשטאַנענע אַפריקאַנישע לענדער זאָלן איבער־נעמען אין גאַנג פון זייער אַנטוויקלונג, ספּעציעל אויפן דאָרף, דעם סיסטעם פון די קיבוצים אין ישראל — קומען אַרטיקלען קעגן די קיבוצים, ווי אַ „פאַלשער סיסטעם פון קאָאָפּעראַציע". אין „תוך זענען די קיבוצים אַרבעטס־לאַגערן, וועלכע העלפן איינשלינגען די איבעריקע אָרעמע באַ־פעלקערונג אין ישראל. עס איז אַ גרויסער צווייפל צי די קיבוצים, וועלכע ווערן אויף אַ שוידערלעכן אופן עקספּלואַטירט פון מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַל, קאָנען געפעלן ווערן די אַפריקאַנער".

כראָנאָלאָגיש דערשיינען אַלע געבראַכטע ידיעות בכלל, און אויך וועגן מדינת ישראל, טאָג־איין, טאָג־אויס, אין פאַרשידענע פּובליקאַציעס, אומע־טום איבערן גרויסן רוסלאַנד.

די סאָוויעטישע פּרעסע טריפט מיט סם יעדן טאָג. אויב עס האַנדלט

זיך וועגן מדינת־ישראל, ווערט אָנגעווענדעט דער זעלבער סיסטעם, וואָס די פּרעסע אין מצרים און אויך אין אַלע אַראַבישע לענדער. עס ווערט נישט גערעדט, עס ווערן נישט קריטיקירט יידן, נאָר ציוניסטן. די ציוניסטן אין ישראל זענען אין ענגן קאָנטאַקט מיט די ציוניסטן אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן, און געמיינזאַם ווערט אויסגעאיבט אַ דרוק אויף דער אויסערן־פּאָליטיק פון די פאַראייניקטע שטאַטן אין די אינטערעסן פון מדינת ישראל.

וועגן דעם, אַז אחוץ רוסלאַנד און אירע סאַטעליטן, קומט אויך אַמעריקע מיט הילף פאַר די אַראַבישע לענדער — וועגן דעם קיין וואָרט נישט.

אויף דער טעמאַטיק „יידישע רעליגיע" קומט אָפן צום אויסדרוק דער אַנטיסעמיטיזם. אויב אַלע אויבנדערמאָנטע טעמעס האָבן אַ וויכטיקן פּלאַץ פאַרנומען די צוויי פירנדיקע צייטונגען, די „פּראַוודאַ" און „איז־וועסטיאַ", שטייען אויפן געביט פון אָפענעם אַנטיסעמיטיזם די צוויי צייטונגען אין אַ זייט און לאָזן איבער דאָס גאַנצע פעלד פאַר אַלע אַנדערע צייטונגען און זשורנאַלן איבערן לאַנד. די אויסרעכענונג איז, אַז די צוויי צייטונגען קומען אָן רעגולער אומעטום אין אויסלאַנד, אָבער די פּראָווינץ־צייטונגען זענען פאַר דער פרייער וועלט נישט דערגרייכבאַר, אָבער ווי מיר זעען פון די פאַטאָקאָפּיעס, דערגרייכן אויך די פּראָווינצער צייטונגען קיין אויסלאַנד.

דאָ רעדט זיך שוין וועגן געשלעגן צווישן יידן אין די סינאַגאָגעס, וועגן אָנגעראַבוועטע געלטער אין די סינאַגאָגן, וועגן יידן קאָמבינאַטאָרן, ווי אַזוי די יידישע רעליגיע דערנידעריקט די יידישע פרוי, וועגן אַ רעפעראַט, וואָס עס האָט געהאַלטן דער טרויערדיק־באַרימטער קיטשקאָ, מחבר פון „וויסנשאַפטלעכן" ווערק „יידנטום אָן באַפּוצונגען" — אַ רעפעראַט אד"ט „היינטצייטיקער יודאַיזם". (אגב איז קיטשקאָ אַן אָפטער גאַסט מיט אַנטיסעמיטישער שפּייז אויף די שפּאַלטן פון „קעמפנדער אַטעאיסט" א"אַ זשורנאַלן).

אויף די שפּאַלטן פון אַזאַ ערנסטן זשורנאַל, וואָס דאַרף זיין „וויסנ־שאַפט און רעליגיע" טרעפט מען אַ יידישע געשיכטע „ווי אַזוי אַ רב

האָט אָפּגענאַרט גאָט". אַ בריוו פון לעמבערג, און דווקא פון אַ יידן, וועגן האַנדל מיט גאָלדענע מטבעותביים ארון־קודש. אין "לוואָוסקאַיאַ פּראַוודאַ" — אַ ווענדונג "פאַרמאַכט די סינאַגאָגע"! די אַרבעטנדיקע יידן האָבן אַנטדעקט אַ באַנדע ספּעקולאַנטן מיט גאָלד, וואָס האָט זיך געשאַפן איר נעסט אין דער סינאַגאָגע. אַ וויסטע אַנטיסעמיטישע באַשרייבונג אין "וועטשערני לענינגראַד" וועגן די פאַרהעלטענישן אין דער דאָרטיקער סינאַגאָגע.

גאַנץ באַזונדער צייכנט זיך אויס טאַקע דער "קעמפנדער אַטעיסט" אויף רוסיש, און אויך אויף די שפּאַלטן פון דער אוקראַאינישער אויסגאַבע וועגן "אמת פון דער יידישער רעליגיע און ציוניזם". דער זעלבער קיטשקאָ שרייבט אד"ט "וואָס לערנט די יידישע מאָראַל"? אָט די אַרטיקלען ווערן אָפט באַגלייט מיט בילדער פון יידישע טיפּן, יעדער ייד מיט אַ לאַנגער קרומער נאָז, און כסדר, טאָג־איין, טאָג־אויס.

אין דער אָפּטיילונג "יידישע געשיכטע און קולטור" ווערן געבראַכט פּובליקאַציעס פון דער קאָמוניטישער פּרעסע אין רוסלאַנד און אירע סאַטעליטן־לענדער וועגן יידן, קאָמוניסטישע טוער אין צייטן פון בירגער־קריג און אין דער אונטערערדישער באַוועגונג, באַזונדערס אין פעריאָד צווישן ביידע וועלט־מלחמות. וועגן אַנגעזעענע קאָמוניסטישע טוער־יידן אומגעקומענע פון סטאַלינס הענט. וועגן יידישע פּראָלעטאַרישע שרייבער אין פּוילן און וועגן זייערע באַמיונגען ביים אַרויסגעבן פּראָלעטאַרישע פּובליקאַציעס.

אין דער אויסגאַבע "פראַגן פון געשיכטע פון דער רוסלענדער קאָמוניסטישער פּאַרטיי" ווערט אָנגעגעבן, אַז זייער אָפט טרעפט מען נישט געווען פאַראַנטוואָרטלעכע פאָרמולירונגען ביים שרייבן געשיכטע.

אַזוי צ. ב. אין אַ גרעסערער אַרבעט וועגן דער געשיכטע פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, שאַפט זיך דער איינדרוק, אַז דער "בונד" ווערט געלויבט.

די אַרטיקלען וועגן יידן אין סאָוויעטישן "שטייגער און געזעלשאַפט־לעכן לעבן" זענען אינפאָרמאַציעס, פעליעטאָנען א"אַ ידיעות, מערסטנטייל באַריכטן, פון געריכטס־אינסטאַנצן, אין וועלכע יידן ווערן געמשפּט פאַר עקאָנאָמישע פאַרברעכנס. יידן ווי יחידים, גרופּן־יידן, יידן־פאַרברעכער

צוזאַמען מיט נישט־יידן, אָבער דערביי ווערן אויסגעטיילט און אָנגעגעבן בלויז די יידישע נעמען.

* * *

ווי שוין באַקאַנט פון די פיל ידיעות אין דער טעגלעכער פּרעסע, ווערן די יידן אויך אויסגעטיילט ביים אַרויסטראָגן אורטיילן. אַ גרעסערע צאָל יידן זענען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט פאַר אַ פּעריאָד פון בערך זעקס חדשים, צווישן זיי איין פרוי, אַן 18־יאָריקער ייד. אַנדערע יידן, פאַרמשפּטע צו 15 יאָר, און קלענערע אורטיילן, ווי צונעמען די פרייהייט, אָדער אין אַרבעטס־לאַגערן מיט אַ שטרענגן רעזשים.

וואָס מיינט "צונעמען די פרייהייט" איז שווער צו זאָגן. צי מיינט דאָס קאָנצענטראַציע־לאַגער, אָדער טורמע? אין רוסישן גן־עדן האַלט מען נישט די פאַרמשפּטע אין די טורמעס, זיי ווערן אויסגענוצט צו די שווערסטע אַרבעטן. מיט דעם בלוט און שווייס פון מיליאָנען אַזעלכע פאַרמשפּטע פּאָליטישע און קרימינעלע זענען אין לאַנד פון "סאָציאַליזם", ביי די שווידערלעכסטע באַדינגונגען, אויסגעבויט געוואָרן די גרעסטע אונטער־נעמונגען.

די ידיעות וועגן די פאַרברעכנס, פּראָצעסן אין די געריכטן, אורטיילן — קומען אויף די שפּאַלטן פון דער סאָוויעטישער פּרעסע אין פאַרשידענע שפּראַכן אין אַלע עקן רוסלאַנד.

אַ נייע דערשיינונג אין די נאָך־סטאַלין־יאָרן זענען בריוו פון "פאָלק" וועגן די פאַרהעלטענישן אין האַנדל און אין דער אינדוסטריע, וואָס ווערן פאַרעפנטלעכט אין דער סאָוויעטישער פּרעסע. דאָס איז אַ מין געזעלשאַפט־לעכע מיינונג, וואָס קומט מיט קריטיק אויף די אַדרעסן פון די דירעקטאָרן און פירער וועגן מיסברויכן, אומפּינקטלעכקייטן, פאַרנאַכלעסיקונג און אַנדערע גרעסערע און קלענערע פאַרברעכנס.

די זעלבע קריטיק קומט אויך זייער אָפט אין פאָרם פון פעליעטאָנען, אַזאַ פאָרם פון קריטיק איז אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג און גרייפט אָן מאַסנווייז אויך יידן־אָנפירער פון פאַרשידענע אונטערנעמונגען.

אין רעזולטאַט פון אָט דער קריטיק קומען די מיליץ, די נ.ק.וו.ד.,

די געריכטס־אינסטאַנצן, און... די פּראָצעסן פאַר עקאָנאָמישע פאַרברעכנס, אין וועלכע יידן פאַרנעמען אַזאַ אָנגעזעענעם אָרט.

״נאַצי־מערדערייען און זייערע מיטהעלפער״, וועגן אָט די פּראָבלעמען ברענגט די סאָוויעטישע פּרעסע מערסטנטייל טענות צו דער מערב־וועלט פאַר נישט משפּטן די נאַצי־פאַרברעכער. ווי געוויינלעך, ווערט מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט, אַז אין קאָמוניסטישן דייטשלאַנד ווערן אַזעלכע פּראָצעסן נישט געפירט, עפּעס הערט מען נישט וועגן דעם.

און דאָס קאָמוניסטישע רוסלאַנד גופא איז שוין אויף דעם געביט אין אָרדנונג ? אָנהייבנדיק נאָך פאַר דער ענדע פון דער מלחמה, און אַזוי כסדר, אין כלערליי קאָמוניקאַטן רעדט מען אין רוסלאַנד וועגן די מערדערייען פון די דייטשן איבער די סאָוויעטישע בירגער, אָבער עס ווערט נישט דערמאָנט קיין מאָל וועגן די אומגעבראַכטע סאָוויעטישע יידן.

כאַראַקטעריסטיש איז דער אויסצוג פון אַן אַרטיקל פון מאָסקווער פּאַטריאַרך אין אַ זשורנאַל (עפּעס הערט מען אויך נישט, אַז די יידישע קהילה אין מאָסקווע זאָל האָבן אַ מעגלעכקייט קומען צו דער עפנטלעכקייט מיט אַ געדרוקט וואָרט), שרייבט זיך דאָרטן צ״אַ: ״אין ליכט פון דער עוואַנגעליע דאַרפן די קריסטן אייַנזען, אַז די געפאַר פון אַריינדרינגען אין אונדזער לעבן פון טייוולאָנישע כוחות פון מלחמה, איז אַ ביטערער געוויקס פון דער מערב־ציוויליזאַציע ביי וועלכער מען וואָלט באַדאַרפט צונעמען דעם קריסטלעכן נאָמען. האָט נישט אָט די ציוויליזאַציע געבוירן דעם פאַשיזם, מיידאַנעק און אָשוויענטשים, דאָס פאַרניכטן די יידן אין די גאַז־קאַמערן ? האָט נישט דער מערב געשאַפן די אַטאָם־באָמבע ?״

פון די געבראַכטע פּובליקאַציעס איז צו זען, אַז יידישע פּראָבלעמען קומען כמעט יעדן טאָג אויף די שפּאַלטן פון דער סאָוויעטישער פּרעסע. די טעמאַטיק איז אַ פאַרשידנאַרטיקע, כאַראַקטעריסטיש זענען אָבער פּאָל־גנדיקע מאָמענטן : די יידישע פּראָבלעמען ווערן נישט געבראַכט פאַר דער עפנטלעכקייט מצד דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, אַזעלכעס איז אין ראַטנפאַרבאַנד נישט פאַראַן.

אין דער צייט, ווען מצד אָפיציעלע אינסטאַנצן קומען מעלדונגען וועגן צוגעטיילטע אויסצייכענונגען, טיטולן, אָרדנס און פּרעמיעס פאַר יידן,

ווי למשל, פאַר הויכע מיליטער־לייט, וויסנשאַפטסלייט, קינסטלער א״אַ, קומט אין דער זעלבער צייט אַ מבול באַשולדיקונגען קעגן יידן אין די ערגסטע סאָרטן פאַרברעכנס, הויפּטזעכלעך אויפן עקאָנאָמישן געביט. די סאָוויעטישע באַפעלקערונג ווערט ממש פאַרסמט מיט האַס קעגן די יידן. די סאָוויעטישע פּרעסע טריפט מיט אָפענעם און באַהאַלטענעם אַנטי־סעמיטיזם.

אין ראַטנפאַרבאַנד איז פּאַקטיש קיינמאָל נישט געפירט געוואָרן קיין קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם. רוסלאַנד האָט אויפן געביט פון אַנטיסעמיטיזם אַ דורות־לאַנגע טראַדיציע, די טראַדיציע ווערט קאָנטיניואירט אויך דורך די קאָמוניסטן. דער אַנטיסעמיטיזם אין ראַטנפאַרבאַנד איז פון ערגסטן מין, ווייל ער ווערט געפירט דורך דעם מלוכה־אַפּאַראַט. אַ גרויסן חלק אין דער אַנטי־יידישער איינשטעלונג האָט געהאַט אַלע יאָרן כרושטשאָוו פּערזענ־לעך. עס איז אַ ספק, צי די נייע הערשער אין קרעמל נאָך כרושטשאָוון וועלן עפּעס ענדערן צום בעסערן.

די עקאָנאָמישע לאַגע אין ראַטנפאַרבאַנד איז אַלע יאָרן אַ שווערע. שוין יאָרן ווי יידן האַלטן זיך צוריק, אָדער האָבן זיך צוריקגעצויגן פון פּאַרטייאיש־פּאָליטישער אַרבעט. יידן ווערן נישט צוגעלאָזט צו אַ ריי געביטן פון סאָוויעטישן לעבן, יידן ווערן נישט צוגעלאָזן אין דער אַרמיי, צו דיפּלאָמאַטישער דינסט. די יידישע גענעראַלן, די ווינשאַפטסלייט קומען נאָך פון די פריערדיקע יאָרן, ווען די סאָוויעטישע אינטעליגענץ איז געווען קליין אין צאָל און שוואַך אינטעלעקטועל. ראַטנפאַרבאַנד האָט שוין איר אייגענע אינטעליגענץ און זאָל דאָ באַמערקט ווערן, אַז די אינטעליגענץ פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, אַפילו מיט אַן אייגענער טעריטאָריע, איז אויך נישט אַזוי פריי אין אירע באַוועגונגען, אָבער דאָס איז אַ באַזונדער קאַפּיטל.

צוליב די דערמאָנטע סיבות זענען יידן געשטויסן געוואָרן צו מאַכן אַ לעבן פון האַנדל, אינדוסטריע, פּראָדוקציע, קויף און פאַרקויף. אין דער צייט ווען עס איז אַלע יאָרן אַ מאַנגל אין זאַכן פון ערשטן געברויך, ווען די יידן זענען אַזוי גרויס אין צאָל אויף פירנדע אַמטן אין דעם ווירטשאַפט־לעכן לעבן פון לאַנד און ביי דער אַנטיסעמיטישער איינשטעלונג פון דער

רעגירונג און פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, איז לייכט צו קערעווען דעם פאַרדרוס פון דער באַפעלקערונג אין דער ריכטונג צו די יידן, ווי די שולדיקע אין אַלע שוועריקייטן פון עקאָנאָמישן לעבן אין לאַנד.

דאָס איז טאַקע די אויפגאַבע נישט נאָר פון די עקאָנאָמישע פּראָצעסן, נאָר אויך פון פאַרשידענע אַרטיקלען, פעליעטאָנען און ״וויסנשאַפטלעכע״ ווערק, ווי פון קיטשקאָ און זיינס גלייכן.

מיט אָט דער פּאָליטיק איז מען אויך אויסן, צו דערפירן די יידן צו אַ צושטאַנד פון רעזיגנאַציע, זיי זאָלן זיין צופרידן, אַז מען לאָזט זיי בכלל עקזיסטירן.

צו אַלעמען קומט נאָך צו די אומאויפהערלעכע פּראָפּאַגאַנדע קעגן ציוניזם, וואָס דאָס מיינט קעגן יידן אויף דער וועלט בכלל, און קעגן מדינת ישראל בפרט.

די געבראַכטע פּובליקאַציעס, וואָס האָבן אַ שייכות בלויז צו יידן, זענען דאָך נאָר אַ טייל פון פיל אַנדערע פּובליקאַציעס וועגן גניבות. עקאָנאָמישע פאַרברעכנס א״א פון נישט יידן, אָט אַזעלכע פאַרברעכנס זענען דאָך אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג אין סאָוויעטישן לעבן. סוף כל סוף קאָן דאָך קיינער אין רוסלאַנד נישט מאַכן קיין לעבן פון זיינע לעגאַלע פאַרדינסטן, יעדער מוז זוכן עפּעס וואָס אויף אַן אומלעגאַלן אופן, בכדי קאָנען עקזיסטירן. אין דער צייט ווען דער דורכשניטלעכער סאָוויעטישער מענטש מוז זיך באַגנוגענען מיט קליינע שווינדלערייען, זענען די פאַרברע־כנס דאָרט אַלץ גרעסער, וואָס העכער דער אַמט איז. דאָס איז אַ סיסטעם. אַ סיסטעם פון גניבה, גזילה און שווינדל. די מאַכט־אָרגאַנען פירן אַ קאַמף קעגן די פאַרברעכנס, אָבער נישט קעגן דעם סיסטעם, וואָס ברענגט צו אַזעלכע פאַרברעכנס.

# ווען רוסן באַזוכן אַמעריקע

(26 טעג אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן)

אונדז איז שוין אויסגעקומען צו שרייבן וועגן איינדרוקן פֿון אַ ריי סאָוויעטישע מענטשן אין שייכות מיט זייערע באַזוכן אין אויסלאַנד, און באַזונדערס אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. געוויינלעך זענען דאָס גרופּן־באַזוכן. אַ גרופּע אין אויסלאַנד איז זיכערער אין די אינטרעסן פֿון רוסלאַנד, און צוזאַמען מיט אַ גרופּע פֿילט זיך אויך דער יחיד זיכערער, עס איז ווייניקער געפֿאַר געשטרויכלט און קריטיקירט ווערן נאָכן צוריקקער אין רוסלאַנד.

געוויינלעך זענען די סאָוויעטישע טוריסטן־גרופּן פֿאַרשידנאַרטיקע. יעדע גרופּע האָט איר אויפֿגאַבע און צילן, גלאַט פֿאַר צייט־פֿאַרטרייב קומט מען נישט פֿון רוסלאַנד.

די אָפּרופֿן פֿון די טוריסטן נאָך זייער באַזוך אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן זענען פֿאַרשידנאַרטיקע, אָפֿט פֿיל מיט קריטיק, אַזעלכע זעען נישט קיין איין ליכטיקן פּונקט. אַנדערע ווידער, ווי רוסן, זאָגן: "אי נאַשים, אי וואַשים", אַביסל נעגאַטיוו, אביסל פּאָזיטיוו.

***

די פֿרוי מאַטילעוואַ איז געקומען אויף אַ באַזוך אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן מיט אַ פֿרויען־דעלעגאַציע, צווישן זיי אַ פֿרוי, אַ מיטגליד פֿון פּרעזידיום פֿון סאָוויעטישן פּאַרלאַמענט. אַנדערע אין דער דעלעגאַציע — וויסנשאַפֿטלער, אַרבעטער, לערערינס, אינטעלעקטואַלן.

ווער האָט זיי געשיקט? "אַ קאָמיטעט פֿון סאָוויעטישע פֿרויען". זיי זענען שוין די פֿערטע דעלעגאַציע פֿון דעם סאָרט.

ווער האָט זיי פאַרבעטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן? אַ ״קאָמיטעט פון אינטערנאַציאָנאַלע פריינדלעכע וויזיטן״, וואָס האָט ״די אויפגאַבע צו שטאַרקן די פריינדלעכע פאַרבינדונגען מיט די רוסישע פרויען. דער קאָמיטעט איז פאַר שלום און פאַר איינהאַלטן גוטע באַציונגען מיטן ראַטנפאַרבאַנד״.

מען קאָן זיך משער זיין, אַז דאָס איז אַ קאָמיטעט פון די אַ״ג פּראָגרעסיווע און סימפּאַטיקער פון ראַטנפאַרבאַנד. אַלע געהערן צו דער אינטעליגענץ, אייניקע האָבן שוין באַזוכט רוסלאַנד און זענען נאַטירלעך צופרידן אויב נישט אַנטציקט. דער קאָמיטעט וואָס האָט די געסט אויפגענומען איז אין סאַן־פראַנציסקאָ, במילא האָט די רוסישע דעלעגאַציע די מערסטע צייט פאַרבראַכט אין קאַליפאָרניע. בסך־הכל 4 טעג אין ניו־יאָרק.

צי האָבן זיי ווי געהעריק באַקענט אַמעריקע? אַוודאי נישט. 26 טעג איז זייער אַ קורצע צייט. זיי האָבן נישט באַזוכט די דרום־שטאַטן. דאָרטן זענען דאָך די שאַרפסטע פּראָבלעמען פאַר אַמעריקע, ס׳הייסט דאָס נעגער־פּראָבלעם.

מאַטילעוואַ שטרייכט אונטער, אַז מען האָט זיי געוויזן נישט נאָר די פּאָזיטיווע, נאָר אויך אַ סך נעגאַטיווע זייטן פון אַמעריקע. (נאָווי מיר״, נר. 5/1964).

אויף דער פראַגע וואָס געפעלט איר דאָ אַמבעסטן, ענטפערט זי:

״מיר האָבן דאָ געטראָפן אַ סך פריינד פון ראַטנפאַרבאַנד״.

אַלע מענטשן מיט וועמען די דעלעגאַציע האָט זיך געטראָפן טיילן זיך אויף צוויי קאַטעגאָריעס, אַזעלכע וואָס זענען שוין געווען און אַזעלכע וואָס ווילן באַזוכן רוסלאַנד.

אין אַלגעמיין לאָזט מאַטילעוואַ רעדן אירע גאַסטגעבער, דאָס שפּאָרט איר איין אַרויסצוקומען מיט איר אייגענער מיינונג:

״דאָ, אין אַמעריקע, איז זייער שווער פאַר אַ פרוי צו שטודירן מעדיצין. אָט ביי אייך (אין רוסלאַנד) פאַרנעמט די פרוי אַ הויכע פּאָזיציע״, זאָגט איר אַ פרוי. אַן אַרבעטער זאָגט איר: ״אויף אייגענע מיטלען קאָן ער קיין רוסלאַנד נישט פאָרן אויף אַ באַזוך. די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען וועלן קיין פּשוטן אַרבעטער נישט שיקן אין זייערע דעלעגאַ־

ציעס, די יוניאָן־באָסעס פאָרן אַליין".

דאָס איז צופעליק דער ריינער אמת.

וואָס זענען די ענטפערס אויף די ווייטערדיקע פראַגן, וואָס זענען גע־שטעלט געוואָרן דער דעלעגאַציע: "ווי איז אייער באַציונג צו דער פערזאָן און טעטיקייט פון סטאַלינען? מיט וואָס פאַר אַ ציל העלפט דער ראַטנפאַרבאַנד דער קובאַנער רעוואָלוציע? צי ווייסט דאָס רוסישע פאָלק, אַז איר קויפט ביי אונדז ווייץ?"

וועגן אירע ענטפערס שרייבט זי נישט.

די שרייבערין וווּנדערט זיך פאַרוואָס ווערן אין די לערנביכער פאַר עלטערע שילער אָנגעגעבן צ"ב אַזעלכע ידיעות: "די סאָציאַליסטישע (קאָמוניסטישע) לענדער אין מזרח־אייראָפּע ווערן פאַררעכנט ווי סאַטע־ליטן פון רוסלאַנד, פאַרוואָס אַזעלכע סענסאַציאָנעלע פאָטאָגראַפיעס, ווי די סאָוויעטישע טאַנקן אויף די גאַסן אין בודאַפּעשט, אומרוען אין פּויזן, פּוילן?", גלייך דאָס וואָלטן געווען אויסגעקלערטע זאַכן און שטימען נישט מיט דערווירקלעכקייט.

"די אַמעריקאַנער, וואָס ווייזן אַרויס דער פרויען־דעלעגאַציע אַזאַ גאַסטפריינדלעכקייט געהערן אַלס כלל צו דעם אַ"ג העכערן מיטלקלאַס מענטשן".

וועגן די לעבנס־באַדינגונגען פון אַרבעטס־מענטשן שרייבט מאָטי־לעוואַ: "ווען איך האָב געזאָגט, אַז אין מאָסקווע צאָלט מען פאַר אַ דריי־צימערדיקער דירה 20 רובל אַ חודש, האָט דער אַמעריקאַנער עולם נישט געקאָנט גלייבן. אַ קוואַליפיצירטער מעטאַל־אַרבעטער אין ניו־יאָרק האָט זיך געקלאָגט, אַז פון זיין חודשלעכן פאַרדינסט פון פיר הונדערט דאָלאַר, צאָלט ער זעכציק דאָלאַר פאַר זיין דירה".

איז דען נייטיק צו מאַכן אַ פאַרגלייך פון די פאַרדינסטן פון אַן אַרבע־טער אין רוסלאַנד און אין די פאַראייניקטע שטאַטן?

"די דרוקער־אַרבעטער זענען אַ פּריווילעגירטער טייל פון אַרבעטער־קלאַס, זיי פאַרדינען אַ סך, אָבער וואָס איז די סיבה, פרעגט זי, וואָס די זעלבע דרוקער־אַרבעטער קאָנען זיך נישט דערלויבן בעת דער הפסקה באַזוכן די קאַפעטעריע, און עסן טרוקנס אין זייער צעך? דער ענטפער

איז, ווי מען האָט איר אויפגעקלערט: "די אַרבעטער זענען אין חובות, מוזן זיי שפּאָרן אין עסן".

אַ שאָד אַ וואָרט צו פֿאַרלירן אויף צו דערווייזן ווי ווייט דאָס איז פֿון אמת און ווי לעכערלעך די דאָזיקע באַהויפּטונג איז.

די דעלעגאַציע באַזוכט אויך די נעגער־געגנט אין ניו־יאָרק — האַרלעם. די פֿרוי מאָטילעוואַ גיט צו, אַז "אַ סך ענדערונגען צום בעסערן איז צו מערקן. זיי האָבן געטראָפֿן נעגערס — דאָקטוירים, לערער, וואָס אַרבעטן צוזאַמען מיט ווייסע אויף די זעלבע באַדינגונגען".

אויף די צוזאַמענטרעפֿן ביי דער גוט סיטואירטער אַמעריקאַנער אינ־טעליגענץ האָבן אויך אָנטיילגענומען נעגער. די דעלעגאַציע האָט זיך באַטייליקט אין אַ צערעמאָניע פֿון אויסווײלן אַ קעניגין אין איינעם פֿון די אוניווערזיטעטן אין קאַליפֿאָרניע. צווישן די קאַנדידאַטינס איז געווען אויך אַ נעגער־מיידל. די שרייבערין אָנערקענט דעם פֿאַקט, אַז דער מאַנגל פֿון קוואַליפֿיצירטע אַרבעטער צווישן די נעגער מאַכט פֿאַר זיי שווער צו באַקומען בעסערע אַרבעט.

די דעלעגאַציע איז אַנטציקט פֿון די באַזוכן אין די מוזייען, וווּ "עס זענען קאָנצענטרירט גוואַלדיקע אוצרות. אין די מוזייען קאָן מען אָן אַן אָפּצאָל באַקומען געדרוקטע מאַטעריאַלן מיט אויפֿקלערונגען וועגן די קינסטלער און זייערע ווערק".

עס איז אויך געקומען די פֿראַגע וועגן די יידן אין רוסלאַנד. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז מאָטילעוואַ איז אַ יידישע פֿרוי.

אַ פֿראַגע: "קאָנען די יידן לייענען ביכער אין זייער אייגענער שפּראַך?" "זיי קאָנען, ענטפֿערט מאָטילעוואַ, אָבער לאָמיר זיך פֿאַנאַנדער־קלייבן וואָס זאָלן מיר פֿאַרשטיין אונטער דעם וואָרט — אייגענע שפּראַך". "סאָוועטיש היימלאַנד" דערשיינט אין אַ טיראַזש פֿון 25 טויזנט עקזעמ־פּליאַרן, דעם זשורנאַל קאָן מען אָפּט זען אין די ציַיטונגס־קיאָסקן. אין די לעצטע יאָרן זענען דערשינען אין יידיש אויסגאַבן פֿון שלום־עליכם, מענדעלע, פּרץ, אָבער איך מיין, אַז נישט נאָר איך, נאָר אויך מיינע פֿריינד, קרובים און אויך די מערהייט פֿון סאָוויעטישע יידן ווילן לייענען די יידישע שרייבער אין דער רוסישער שפּראַך".

און מאַטילעוואַ זעצט פאָר:

„אין צאַרישן רוסלאַנד איז געווען אַ גרויסע געטאָ, אויף דעם געטאָ־באָדן איז אויסגעוואַקסן די יידישע קלאַסישע ליטעראַטור מיט איר ביטערן הומאָר. די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט די יידן אַרויסגעפירט פון געטאָ. די יידן ווױנען איבערן גאַנצן לאַנד. ביי אונדז זענען דאָ טאַלאַנטפולע שרייבער, וואָס שרייבן יידיש, נאָר די מערהייט פון די יידישע שרייבער שרייבן רוסיש. די רוסישע שפּראַך איז פאַר זיי די נאָענטסטע שפּראַך. די שאַפונגען פון מאַרשאַק, ערנבורג, קאַזאַקעוויטש זענען אַ טייל פון דער רוסישער ליטעראַטור״.

ווייסט דען נישט מאַטילעוואַ, אַז די דערמאָנטע שרייבער האָבן קיין שייכות נישט מיט די יידן און זייער ליטעראַטור?

„הייסט עס, אַז אָפּשטאַרבן וועט נישט נאָר די יידישע רעליגיע, נאָר אויך אַנדערע אונטערשיידן צווישן יידן און נישט־יידן?״ קומט אַ ווייטער־דיקע פראַגע.

„איך נעם זיך נישט אונטער צו מאַכן פּראָגנאָזן, אָבער לויט מיין מיינונג, איז דאָס אָפּשטאַרבן פון די אונטערשיידן אַ נאַטירלעכער פּראָ־צעס״, ענטפערט די שרייבערין.

„איר האַלט, אַז אין רוסלאַנד איז נישטאָ קיין אַנטיסעמיטיזם?״

„ניין, דאָס זאָג איך נישט, פּונקט ווי איך זאָג נישט, אַז ביי אונדז זענען נישט געבליבן מער קיין גנבים, מערדער, כאַבאַרניקעס״.

אָט דער דאָזיקער צוגאַנג צו יידישע פּראָבלעמען אין רוסלאַנד איז גענוג פלאַך, שאַבלאָנמעסיק, און איז פאַר אונדז נישט קיין נייעס.

די אויספירונגען פון דער שרייבערין בנוגע איר באַזוך אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן זענען:

„די אידיי פון פריינטשאַפט מיטן ראַטנפאַרבאַנד און שלום צווישן די פעלקער קומט שטופנווייז, אָבער זי פאַרכאַפּט וואָס מער אָנהענגער, דרינגט אַריין אין באַוווסטזיין פון אונטערוואַקסנדיקן דור. דאָס קומט צום אויס־דרוק אין פאַרשידענע פאָרמען״.

אין אַלגעמיין זענען די איינדרוקן פון דער פרוי מאַטילעוואַ אויף אַ קולטורעלן ניוואָ, ווייניק פּאָליטישע מאָמענטן. עס פילט זיך, אַז זי האָט

נישט געזוכט ספּעציעל קיין נעגאַטיווע זייטן. עס איז אויך קלאָר, אַז אירע גאַסטגעבער, אָט דער העכערער מיטלקלאַס, טראָץ זייער אַנטציקונג און פרײַנטשאַפט פאַר רוסלאַנד, האָבן איר נישט געקאָנט אַזוי שטאַרק איבער־ צייגן אין דער טרויערדיקער לאַגע פון אַמעריקאַנער פאָלק, נעבעך. די דעלעגאַציע האָט געהאַט גענוג מעגלעכקייטן צו אָבסערווירן וויאַזוי עס לעבן אירע גאַסטגעבער, ווי אויך דאָס לעבן פון אַמעריקאַנער פאָלק בכלל אין פאַרגלייך מיט די בירגער אין ראַטנפאַרבאַנד.

# בראָשור וועגן רוסישן יידנטום

(אַרויסגעגעבן דורך "נאָוואָסטי" אין ענגליש)

אין דער דאָזיקער בראָשור באַמיען זיך די סאָוויעטישע הערשער צו געבן אַ בילד וועגן סאָוויעטישן יידנטום, פאַררופנדיק זיך אויף פאַקטן, סטאַטיסטישע ציפערן, און אינטערוויוען מיט ספּעציאַליסטן.

אין דער ווענדונג צום לייענער ווערט געזאָגט צוו. אַנד., אַז די בורזשואַזע פּראָפּאַגאַנדע אין דער מערב־וועלט, דערעיקרשט פירער פון ציוניזם אין די פאַראייניקטע שטאַטן און ענגלאַנד באַמיען זיך דורך זייערע פּובליקאַציעס אַרויסברענגען די אידייען, אַז עס עקזיסטירט אַנטיסעמיטיזם און דיסקרימינאַציע קעגן יידן אין ראַטנפאַרבאַנד.

"וואָס זענען די סיבות פון די אינסינואַציעס פון די ציוניסטן און זייערע פּאַטראָנען?", — פרעגן די שרייבער פון דער בראָשור און ענטפערן: "ווייל דער ציוניזם געפינט זיך אין אַ צושטאַנד פון קריזיס, פון אידעאָלאָגישן באַנקראָט; ווייל דער ציוניזם האָט נישט באַוויזן אַראָפּצוברענגען די מערהייט יידן אין דעם "צוגעזאָגטן לאַנד" — מדינת ישראל. מיט זייערע אַקציעס קעגן דעם ראַטנפאַרבאַנד האָפן די ציוניסטן אויפצולעבן אופסניי דעם מיטאָס וועגן אייביקן אַנטיסעמיטיזם און שטאַרקן ביי די יידן דעם גלויבן, אַז די ציוניסטן זענען די רעטער פון יידנטום".

די בראָשורן־שרייבער פירן ווייטער אויס:

""די אַנטיסאָוויעטישע און אַנטיקאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין דער מערב־וועלט פאַרזעט דעם פאַקט, אַז אין פאַרלויף פון דער 50־יאָריקער עקזיסטענץ פון קאָמוניסטישן רעזשים, איז מער ווי איין גענעראַציע יידן דערצויגן געוואָרן אויף קאָמוניסטישע אידייען. הונדערטער טויזנטער סאָוויעטישע יידן זענען מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. 9 פון יעדע 10 יידישע יוגנטלעכע אין עלטער פון 14־28 יאָר, זענען מיטגלידער

פון דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. די לאָיאַליטעט צו זייער סאָציאַליסטישן היימלאַנד מצד די יידן, וואָס זענען נישט קיין פּאַרטיי־מיט־גלידער, איז קיינמאָל נישט אונטער קיין פראַגע־צייכן.

די אויפגאַבע פון אָט דער בראָשור איז צו דערקלערן די ווירקלעכע פאַקטן פון יידישן לעבן, און ענטפערן אויף פיל פראַגן פון מענטשן אין אויסלאַנד אַרום די דאָזיקע פּראָבלעמען.

מיט דער בראָשור זענען די סאָוויעטישע הערשער נישט אויסן זיך צו פאַרענטפערן פאַר דער וועלט. זיי רעכענען זיך קיינמאָל נישט מיט די שטימונגען פון דער וועלט־עפנטלעכקייט, וועגן דעם איז שוין אויסגעקומען צו שרייבן פיל מאָל, די בראָשור איז אַ מיטל פון זייער פּראָפּאַגאַנדע.

אינעם קאַפּיטל "היסטאָרישער אונטערגרונד" ווערט דורכגעפירט אַן אַנאַליז פון דער געשיכטע פון די יידן אין צאַרישן רוסלאַנד. אויב עס האָט ווער געקעמפט פאַר די רעכט פון די יידן, זענען דאָס געווען "נאַטירלעך" די באָלשעוויקעס. דער "בונד" האָט "נאַטירלעך" געשטרעבט צו סעפּאַרירן די יידישע אַרבעטער פון דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

אין ווייטערדיקן טייל פון דער בראָשור רעדט זיך וועגן דער צייט פון דער דייטשער אינוואַזיע בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. זיי ווייזן אָן: "אַרום צוויי מיליאָן יידן זענען אומגעבראַכט געוואָרן אויף די אָקופּירטע טעריטאָריעס דורך די דייטשן, אין באַבי־יאַר זענען אומגעבראַכט געוואָרן 200 טויזנט מענטשן, דערונטער 70 טויזנט יידן".

געוויינלעך, ווען עס רעדט זיך וועגן נאַצי־קרבנות, גיבן אָן די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען "אומגעבראַכט סאָוויעטישע בירגער". וועגן דעם, אַז די מערהייט קרבנות זענען יידן, ווערט נישט דערמאָנט. אין דעם פאַל — אַ געוויסער אויסנאַם.

"אַ סך מער לעבנס וואָלטן אומגעבראַכט געוואָרן, ווען נישט די עוואַקואַציע פון די פראָנט־ליניעס. אַרום צוויי מיליאָן יידן זענען אַזוי אַרום עוואַקואירט געוואָרן". עס שטימט נישט מיט דער ווירקלעכקייט. דער אמת איז, אַז אונטערן בליץ־אָנגריף פון דער דייטשער אַרמיי, איז אין לאַנד אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכער כאַאָס און דעזאָרגאַניזאַציע. קיין שום אָרגאַניזירטע עוואַקואַציע איז נישט פאָרגעקומען, אַוודאי נישט קיין עוואַקואַציע

פון יידן ספּעציעל. ערשט שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן די עוואַקואַציע, אָבער בלויז פון די וויכטיקסטע פאַבריקן און קוואַליפיצירטע אַרבעטער. די סאָוויעטישע מענטשן האָבן דאָך פּשוט נישט געוווּסט פון די שרעקלעכע מערדערייען איבער דער ציווילער באַפעלקערונג, און ספּעציעל לגבי דער יידישער באַפעלקערונג. די סאָוויעטישע פּרעסע האָט דאָך דאָס אַלץ פאַר־שוויגן, היטלער איז דאָך געווען אַ שותף.

אין די ידיעות וועגן ביראָבידזשאַן ווערט אָנגעגעבן מער ווייניקער די ריכטיקע צאָל יידן, — אַרום 15 טויזנט. די צאָל פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג באַטרעפט 173 טויזנט.

"דער יידישער אויטאָנאָמער ראַיאָן באַזיצט אַ סך קולטור־ און דער־ציונגס־אינסטיטוציעס", אָבער וויפל פון זיי זענען ריין־יידיש, וועגן דעם ווערט נישט דערמאָנט קיין וואָרט.

עס ווערט אָנגעגעבן, אַז די יידן אין ראַטנפאַרבאַנד זענען באַשעפטיקט אויף אַלע געביטן. דאָס איז ריכטיק. אָבער עס איז נישט ריכטיק, אַז יידן פאַרנעמען וויכטיקע פּאָזיציעס אין דער אַרמיי, און אַלס פונקציאָנאַרן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. נאָך בעת דער מלחמה האָבן יידן אָנגעהויבן מאַכן באַמיונגען צו פאַרלאָזן די דאָזיקע פּאָזיציעס. צוליב דער טרויעריקער דערפאַרונג פון די פריערדיקע יאָרן, האָבן די יידן פאַרגעפילט, אַז עס גייען אויף זיי שווערע צייטן. מען האָט נישט געצוווּנגען די יידן, אַז זיי זאָלן דווקא אָנהאַלטן וויכטיקע פּאָזיציעס אין דער אַרמיי און פּאַרטיי.

בעת דער מלחמה, אַז מען האָט געוווּנען צוטרוי ביי יידן — מיינע מיטאַרבעטער אויף וויכטיקע פּאָזיציעס, וועלכע האָבן זיך עוואַקואירט פון לענינגראַד, מאָסקווע קיין מיטל־אַזיע — האָבן זיי זייערע געפילן און געמיט־צושטאַנד אַרויסגעבראַכט, הגם מיט אַ געוויסער צוריקגעהאַלטנקייט.

וועגן יידן אין דיפּלאָמאַטישן דינסט ווערט אין דער בראָשור נישט דערמאָנט. אָבער עס איז גוט באַקאַנט, אַז יידן זענען געווען מחוץ דעם דאָזיקן געביט.

אין קאַפּיטל וועגן יידישער קולטור ווערט אָנגעגעבן, אַז יידישע ביכער ווערן אַרויסגעגעבן רעגולער. דערביי ווערן אָנגעגעבן נעמען פון אַ ריי יידישע שרייבער. ביכער פון אַנדערע יידישע שרייבער וועלן בקרוב פאַר־

עפנטלעכט ווערן, אָבער עפּעס הערט מען זייער ווייניק וועגן "די ניי־דער־שינענע ביכער פון יידישע שרייבער".

געוויינלעך, ווערט מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט דער פּאָגראָם אויף דער יידישער קולטור און ליטעראַטור און דאָס אומברענגען די יידי־שע שרייבער. עס ווערט בלויז געבראַכט צום אויסדרוק די וויכטיקייט פון "סאָוועטיש היימלאַנד", אָבער וועגן דעם ניוואָ פון דאָזיקן זשורנאַל לוינט זיך מער נישט אָפּצושטעלן, נאָכדעם, ווי איך האָב אָט דעם זשורנאַל שוין געווידמעט דאָס, וואָס ער שטעלט מיט זיך פאָר.

ווי האַלט עס מיט יידישער רעליגיע אין ראַטנפאַרבאַנד? "די יידן נייטיקן זיך נישט מער אין רעליגיעזע געפילן. זיי האָבן איבערגעריסן דעם קאָנטאַקט מיט זייער רעליגיעזער קהילה, דער פּראָגרעס אויפן געביט פון קולטור און דערציונג האָט אָפּגעטיילט די יידן פון רעליגיע. דער דאָזיקער פּראָצעס גייט אָן נישט נאָר אין ראַטנפאַרבאַנד, נאָר אין אַלע פאָרגעשריי־טענע מדינות פון 3־6 פּראָצ. יידן אין רוסלאַנד זענען רעליגיעז. עס ווערן אויסגעהאַלטן 100 סינאַגאָגעס אַחוץ 300 מנינים. עס רעדט זיך וועגן אַ יידישן לוח, אַ סידור, וואָס איז אין יאָר 1968 געדרוקט געוואָרן אין 10 טויזנט קאָפּיעס.

אין מאָסקווע עקזיסטירט אַ ישיבה. ווי געוויינלעך, אַ ביסעלע אמת און אַ באַרג מיט ליגנס. ווו זענען די שולן און ווו זענען די מנינים. און דער־עיקרשט, ווו איז די ישיבה?

דער אמת אָבער איז, אַז נישט נאָר סינאַגאָגעס ווערן ליקווידירט. אין די מלחמה־יאָרן איז געווען אַ מעגלעכקייט צו אָבסערווירן, אַז פיל צערק־וועס און מוזולמענישע מעטשעטן שטייען ליידיק, אָדער ווערן אויסגענוצט פאַר אַנדערע צוועקן. די רוסישע רעליגיע איז אין אַ גרויסער מאָס פּריווי־לעגירט, אָבער דאָס איז שוין די אַלגעמיינע ליניע פון אָנהאַלטן דעם גרויס־רוסישן נאַציאָנאַליזם, פּונקט ווי אין די צאַרישע צייטן.

מכוח דער פראַגע פון דעם ביישטראָג פון די יידן לגבי דער סאָוויעטי־שער וויסנשאַפט און דערציונג, ווערן געבראַכט — אויפן סמך פון ציפערן פון צענטראַלן סטאַטיסטישן ביוראָ — פאָלגנדיקע אייַנצלהייטן:

"אין יאָר 1958 זענען געווען באַטייליקט אין דער סאָוויעטישער וויסנ־

שאַפט 29 טויזנט יידן; אין יאָר 1968 שוין 61 טויזנט. אין אַקאַדעמישן יאָר 1962־63 זענען אויף די אוניווערזיטעטן געווען 79.300 יידישע סטודענטן. אין יאָר 1968־69 — 112 טויזנט. דערביי ווערט צוגעגעבן, אַז דאָס איז נישט אין רעזולטאַט פון ספּעציעלע פּריווילעגיעס פאַר יידן, נאָר ווייל די מערהייט יידן זענען קאָנצענטרירט אין די שטעט.

אין דער ווירקלעכקייט זעט דאָס אויס אַזוי: דאָס אָנקומען אין די הויכשולן איז אין ראַטנפאַרבאַנד גאַנץ קאָמפּליצירט. דער סטודענט איז נישט פריי זיך אויסצוקלויבן אַ פּראָפעסיע און שטודירן וואָס ער וויל. דאָס ווערט רעגולירט. די סטודענטן ווערן געשיקט שטודירן די יעניקע ספּעציאַליטעטן, אין וועלכע די רעגירונג איז פאַראינטערעסירט, דער עיקר, אין די געביטן, וווּ עס פילט זיך אַ מאַנגל פון אַזעלכע ספּעציאַליסטן. ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט איז לייכט צו דיסקרימינירן יידישע סטודענ־טן, אויך ביים באַקומען נאָך די שטודיעס די געהעריקע באַשעפטיקונג לויט זייער ספּעציאַליטעט.

וועגן אַסימילאַציע: "די יידן אין ראַטנפאַרבאַנד באַנוצן זיך מיט דער שפּראַך פון דער רעפּובליק וווּ זיי וווינען. אין יאָר 1926 האָבן מער ווי 7/10 פון דער יידישער באַפעלקערונג אָנגעהאַלטן זייער שפּראַך יידיש, אין יאָר 1970 איז דאָס געפאַלן ביז17%.אין די פאַראייניקטע שטאַטן גיבן אָן נישט מער ווי 15% יידן יידיש אַלס זייער מוטער־שפּראַך. נאָך קלענער איז די פּראָפּאָרץ אין פראַנקרייך און ענגלאַנד, אָבער יידיש לעבט, מען קאָן הערן יידיש אויף די גאַסן פון אָדעס, קיעוו, ווילנע און טשערנאָוויץ, און אין מאָסקווע אין ראַדיאָ און טעלעוויזיע".

און ווידער אַ גרויסער באַרג מיט ליגנס. אַוודאי גייט אָן אַן אַסימילאַ־ציע־פּראָצעס צווישן די סאָוויעטישע יידן. אָבער צי איז דאָס נישט אין רעזולטאַט פון ליקווידירן די יידישע קולטור, יידישע שולן, יידישע פּרעסע?

דאָ ווערט זייער געשיקט אויסגענוצט די טרויעריקע ווירקלעכקייט פון אַסימילאַציע אויף דער יידישער גאַס אין דער מערב־וועלט. עס ווערט נישט געבראַכט דער אמת, אַז די רוסישע שפּראַך דאָמינירט אין אַלע סאָוויעטישע רעפּובליקן. עס ווערט געפירט אַ רוסישע צוואַנגס־אַסימילאַ־ציע צווישן אַלע פעלקער אין ראַטנפאַרבאַנד, אָבער די לאַגע פון די יידן

איז פיל ערגער, זיי לעבן נישט אין קאָמפּאַקטע מאַסן, אויף איין באַשטימ־טער טעריטאָריע. אַלע איבעריקע, גרעסערע אין צאָל נאַציאָנאַלע מינדער־הייטן, האָבן דאָך די מעגלעכקייט אָנצוהאַלטן דערציונגס־ און קולטור־אינ־סטיטוציעס אין זייער אייגענער שפּראַך, אַרויסגעבן זייער אייגענע פּרעסע. די יידן האָבן דאָס נישט.

ווייטער ווערט געזאָגט אין דער בראָשור: "אָט די דערמאָנטע פאַקטן וועגן די סאָוויעטישע יידן, געבראַכטע אין דער בראָשור, ווייזן, ווי ווייט פון דער רעאַלקייט איז דאָס פינצטערע בילד וועגן די סאָוויעטישע יידן, וואָס ווערט אַזוי פאַרגעשטעלט דורך דער בורזשואַזער פּראָפּאַגאַנדע אין דער מערב־וועלט. פּונקט ווי אַלע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, געניסן די יידן פון אַלע רעכט, וואָס זענען פאַרזיכערט פאַר די סאָוויעטישע מענטשן דורך דער קאָנסטיטוציע און ווער עס צווייפלט דערין קאָנען מיר איבער־חזרן וואָס עס האָט געזאָגט דער פאַרשטאָרענער רב לעווין: "קום צו אונדז און זע אַליין".

עס רעדט זיך אַזוי, קום און זע אַליין. אַ סאָוויעטישער מענטש זאָגט אין אַזאַ פאַל: "אַנוקאַ פּאָפּראָבוי" (אנו פּרווו נאָר). אין ראַטנפאַרבאַנד קאָנסטו זען נאָר דאָס, וואָס מען ווייזט דיר. זיי זענען קינסטלער אויף דעם געביט.

די לאַגע פון אַלע פעלקער אין ראַטנפאַרבאַנד איז אַ טרויעריקע, אָבער די לאַגע פון די יידן איז פיל, פיל ערגער. זינט די אַנטיסעמיטישע עקסצעסן באַלד נאָך דער מלחמה, אין קיעוו און אין אַנדערע שטעט, הערט מען נישט מער פון אַזעלכע אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען. די אַרומיקע באַפעלקע־רונג וואגט נישט דאָס צו טאָן. אין דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור ווערט אַזעלכעס אָרגאַניזירט און רעגולירט דורך די מאַכט־אָרגאַנען גופא. הײַנט צוטאָג איז דאָס נישט אין די אינטערעסן פון קרעמל. דער אַנטיסעמיטיזם ווערט אין ראַטנפאַרבאַנד אָנגעפירט דורך דער רעגירונג, און דאָס איז דער ערגסטער סאָרט אַנטיסעמיטיזם. די יידישע אינטעליגענץ, ווי אַ טייל פון דער אַלגעמיינער רוסישער אינטעליגענץ, וואָס פירט אַ קאַמף קעגן דעם רעזשים, ווערט גערודפט און פאַרפאָלגט, אָבער נישט דווקא פאַר זייערע פּראָ־ציוניסטישע געפילן.

* * *

די סאָוויעטישע אַמבאַסאַדעס אין פאַרשידענע לענדער, די סאָוויעטי־שע מיסיע אין אונ"אָ, ווי אויך די פרעסע־אַגענטור "נאָוואָסטי" באַקומען אַפּט ווענדונגען פון יחידים און אָרגאַניזאַציעס אין אויסלאַנד, וועגן פאַר־שידענע אַספּעקטן פון יידישן לעבן אין סאָוויעט־רוסלאַנד. אין דער בראָ־שור ווערן אָנגעגעבן עטלעכע פראַגן און ענטפערס, וואָס די פרעסע־אַגענ־טור "נאָוואָסטי" האָט אָנגעגעבן:

פראַגע: צי עקזיסטירט אַנטיסעמיטיזם אין ראַטנפאַרבאַנד?

ענטפער: "דער סאָוויעטנפאַרבאַנד איז די איינציקע מלוכה אויף דער וועלט ווו מאַניפעסטאַציעס קעגן נאַציאָנאַלער און ראַסן־אומטאָלעראַנץ איז געזעצלעך פאַרבאָטן.די סאָוויעטישע מענטשן איז שווער צו גלייבן, אַז עס איז פאַרבאָטן יידן צו באַטייליקן זיך אין גאָלף־קלובן, ווי אין ענגלאַנד, אָדער זיך אויפהאַלטן אין געוויסע האָטעלן, ווי דאָס איז דער פאַל אין די פאַראייניקטע שטאַטן. צום באַדויערן זענען נאָך פאַראַן פאַלן פון נאַציאָ־נאַלער אומטאָלעראַנץ, געוויינלעך צווישן בירגער מיט פאַראורטיילן, ווי, למשל, דאָס נישט אָקצעפּטירן געמישטע חתונות פון זייערע קינדער. דאָס זענען אָבער איינצלנע פאַלן, וואָס ווירקן נישט אויף דער נאַציאָנאַלער איינשטעלונג".

יאָ, אויפן פּאַפּיר איז די סאָוויעטישע קאָנסטיטוציע די פיינסטע, די בעסטע, אָבער... דיווירקלעכקייט? — קאָמענטאַרן זענען איבעריק.

פראַגע: וואָס איז די סיבה צוליב וועלכער מען דאַרף אָנגעבן אויף די סאָוויעטישע פּאַספּאָרטן די נאַציאָנאַלע אָנגעהעריקייט?"

ענטפער: "דער פּאַספּאָרט אין ראַטנפאַרבאַנד איז דער הויפּט־דאָקו־מענט, וואָס באַשטעטיקט די סאָוויעטישע בירגערשאַפט. אין סאָוויעטישן פּאַספּאָרט פיגורירט די נאַציאָנאַליטעט נישט נאָר ביי יידן, נאָר אויך ביי אַלע אַנדערע סאָוויעטישע בירגער".

פראַגע: וואָס אי די שטעלונג אין ראַטנפאַרבאַנד בנוגע דעם ציוניזם? צי זענען פאַראַן סאָציאַליסטישע ריכטונגען אין מאָדערנעם ציוניזם?".

ענטפער: "לויט לענינס לערע איז דער ציוניזם אַ בורזשואַזער נאַציאָ־

נאַליזם... די שטעלונג איז ריכטיק אויף היינט צוטאָג. אויסנוצנדיק די סענטימענטן פון אַ טייל אַרבעטס־מענטשן לגבי דער יידישער מדינה, באַנוצט זיך דער ציוניזם מיט סאָציאַליסטישע ווערסיעס. ווי קאָן מען אַלזאָ רעדן וועגן סאָציאַליזם, בעת דער מאָדערנער ציוניזם איז אַ טיפּישע בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטישע באַוועגונג. מען קאָן דערביי נישט איגנאָרירן דעם פאַקט, אַז די מדינה איז עקסטרעם נישט נאָר אין איר אויסערן־פּאָליטיק, נאָר אויך אין אירע אינערלעכע פּראָבלעמען. סאָוויעט־רוסלאַנד איז נישט די איינציקע מלוכה, וואָס פאַרדאַמט די אָקופּאַציע פון אַראַבישע שטחים״.

אויף דער פראַגע, וואָס איז די באַציונג פון די סאָוויעטן בנוגע דער עמיגראַציע קיין ישראל, — קומט דער ענטפער: ״די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען זענען זייער שטאַרק פאַרזיכטיק ביים באַטראַכטן יעדן פאַל באַזונדער. עס ווערט גענומען אין אַכט די פראַגע פון די פריינטלעכע באַציונגען מיט די אַראַבישע לענדער. אויף אַ פרעסע־קאָנפערענץ אין קאַנאַדע, אָקטאָבער 1971, האָט קאָסיגין געזאָגט: נאַטירלעך, גיבן מיר נישט קיין דערלויבענישן די יעניקע, וואָס האָבן איצט פאַרענדיקט זייער בילדונג. אַ סך געלט איז אויסגעגעבן געוואָרן דורך דער מלוכה. מיר קאָנען נישט באַזאָרגן ישראל מיט זעלנער, אָבער מיר דערלויבן דאָס עמיגרירן, און מיר וועלן עס קאָנטינואירן״.

אין דער אמתן האָט זיך גאַנץ אָפּט געענדערט די איינשטעלונג צו דער יידישער עמיגראַציע קיין ישראל. די דערקלערונג פון פרעמיער קאָסיגין איז שוין דעמאָלט געווען אַן אָנזאָג אויף דעם, וואָס עס קומט איצט פאָר בנוגע דער פראַגע פון הויכע אָפּצאָלן פאַר אַקאַדעמיקער, וואָס ווילן עמיגרירן קיין ישראל.

אויף דער פראַגע, ״פאַרוואָס עקזיסטירן נישט קיין יידישע שולן אין סאָוויעט־רוסלאַנד?״ קומט דער ענטפער: ״מיר קאָנען רעדן נאָר וועגן וועלטלעכע שולן, ווייל ביי יידן אין די צאַרישע צייטן, איז אַלעמאָל געווען אַ טענדענץ צו געבן זייערע קינדער אַ דערציונג אין אַ רוסישער שול, דעריבער האָבן די יידן ביי דער סאָוויעטן־מאַכט בעסער געשיקט זייערע קינדער אין אַלגעמיינע שולן, דערמיט ווערן אונטערגעשטראָכן די גלייכע

רעכט, דאָס גראַדואירן פון אַ רוסישער שול, וואָס גיט גלייכע מעגלעכ־קייטן צו קאָנטינואירן די לערע אין העכערע אַנשטאַלטן. די מאַסן־איבער־וואַנדערונג פון די יידן אין די גרעסערע שטעט, האָט דערפירט צו דער ליקווידאַציע פון די יידישע שולן, אָבער די אַלע, וואָס ווילן זייערע קינדער לערנען יידיש, קאָנען זיי זיך אַרויסהעלפן מיט די געבראַכטע לעקציעס אויף די שפּאַלטן פון "סאָוועטיש היימלאַנד". אויך אין די לערנביכער איז אָפּגעגעבן געוואָרן גענוג פּלאַץ פאַר פּראָבלעמען פון יידישער דערציונג".

איין שווינדל איז גרעסער פון צווייטן. אויב יידן האָבן זיך באַזעצט אין די גרויסע שטעט, טאָ וואָס האָט געשטערט אַנצוהאַלטן יידישע שולן אויך אין די גרויסע שטעט? אַנהייב יאָר 1972 האָט "סאָוועטיש היימלאַנד" אָפּגעשטעלט די יידישע לעקציעס.

וועגן דעם באַקאַנטן פּראָצעס אין לענינגראַד קעגן יידן פאַר וועלן פאַר־כאַפּן אַן עראָפּלאַן, ווערט אויפגעקלערט, אַז "די בורזשואַזע פּרעסע אין די מערב־לענדער, און ספּעציעל די ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע, האָט פון די קרימינאַליסטן געמאַכט העלדן. אַלע באַשולדיקטע האָבן זיך מודה געווען. די אורטיילן אין לענינגראַדער פּראָצעס זענען אין הסכם מיט די דעציזיעס פון דער 25־סטער סעסיע פון דער אונ"אָ, אין שייכות מיט פאַרכאַפּן עראָ־פּלאַנען".

נאָך אַזעלכע ליגנעריש־סטערעאָטיפּישע תשובות, גלוסט זיך פרעגן:

האַלטן טאַקע די סאָוויעטן אַלעמאָל אָן אָט די דערמאָנטע דעציזיע פון דער אונ"אָ?

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע: זיי נעמען אַ קליין ביסעלע אמת, וויקלען דאָס אַרום מיט אַ גרויסן באַרג ליגנס, און וואַרפן אין די אויגן פון די סאָוויעטישע מענטשן, און דער עיקר אין די אויגן פון דער וועלט, וואָס באַמרעקט נישט גאַנץ אָפט דעם באַרג ליגנס, מען זעט בלויז דאָס ביסעלע אמת.

אַזוי איז אויך אין דער דערמאָנטער בראָשור, אַרויסגעגעבן פון דער פּרעסע־אַגענטור "נאָוואָסטי" אין ענגליש, וואָס איז שוין אגב דערשינען אין צוויי אויפלאַגעס.

# דער טויטער וועג

אונטערן דאָזיקן קעפּל האָט די "איזוועסטיאַ" אָפּגעדרוקט פאָלגנדיקע נאָטיץ:

"צפון־זייט פון טומענסק האָט מען מיט אייניקע יאָרן צוריק אָנגעהויבן בויען אַן אייזנבאַן "סאַלעכאַרד־איגאַרקאַ". אויף אַ שטח פון הונדערטער קילאָמעטער האָט מען אויסגעלייגט באַן־רעלסן, אויסגעבויט באַן־סטאַציעס און בריקן. דאָס בויען די באַן האָט מען אָפּגעשטעלט צוליב דער נישט־נויטיקייט פון דעם וועג. מען האָט אַוועקגעפירט די טעכניקער, אַוועק די מענטשן. אויף הונדערטער קילאָמעטער זשאַווערן די באַן־רעלסן".

וועגן אָט דער אייזנבאַן דערציילט אין "נאָווי מיר" נר 64, איינער פון די אינזשיניערן א. פּאָבאָזשי.

"פון סווערדלאָווסק ביז נאָוואָסיבירסק, פון קאַזאַכסטאַנער סטעפּעס ביזן צפון־אָקעאַן ציען זיך אויף מיליאָנען קוואַדראַט־קילאָמעטער די מערב־סיבירער טאָלן. צפון־צו פון די טראַנס־סיבירער אייזנבאַן־שטרעקעס, באַדעקט מיט וועלדער און טיפע זומפּן. אַראָפּקוקנדיק פון עראָפּלאַן קאָן מען זען אַ באַן־ליניע. וואָס איז דאָס פאַר אַ באַן־ליניע דורכגעלייגט אין אַזאַ ווילדער געגנט? פאַרוואָס איז די באַן נישטאָ אויף דער מאַפּע? פאַרוואָס האָט מען די באַן־ליניע געבויט אין דער געגנט פון ווייטן צפון, פון שטענדיקע שטורעמס און 60 גראַד פראָסט?"

בויען די באַן־ליניע אין אָט דער וויסטעניש ביים צפון איז געווען די פאַראָרדענונג פון סטאַלינען. אַלע פאַכלייט, ספּעציאַליסטן און באַן־אינזשיניערן האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז דאָס איז אַן אויפגאַבע נישט צום דורכפירן, אָבער קיינער האָט נישט געוואַגט איין וואָרט צו זאָגן. פון קעגנשטעלן זיך דעם ווילדן איינפאַל פון סטאַלינען האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין.

דער מחבר, אַן אינזשיניער, איז געווען באַשטימט ווי איינער פון די, וואָס האָבן באַדאַרפט בויען אָט דעם וועג. מיט וועמען האָט מען דאָס דעם וועג געבויט? באַטירלעך מיט די פאַרשיקטע אין די סאָוויעטישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

"אין אָפענע לאַסט־אויטאָס האָט מען געבראַכט די לאַגערניקעס. זיי זענען געזעסן אין די אויטאָס צוזאַמענגעקוועטשט איינער צום צווייטן און האָבן אויסגעזען, ווי איין גרויסע מאַסע. אַרום זיי די ענקאַוועדיסטן אין פוטערנע פעלצן מיט ביקסן אין די הענט".

אין אָט די מוראדיקע קלימאַטישע באַדינגונגען האָבן די לאַגערניקעס געבויט לאַגערן פאַר זיך אויף דער גאַנצער לענג פון פּראָיעקטירטן באַן־וועג. זיי זענען מאַסנווייז פאַרפרוירן געוואָרן. די פראַגע פון מענטשן־מאַטעריאַל איז פאַר די בוי־אינזשיניערן קיין פּראָבלעם נישט געווען. די וועלן אומקומען, וועט מען ברענגען אַנדערע לאַגערניקעס. די זאָרג איז געווען וואָס די אויסגאַבן האָבן ווייט איבערגעשטיגן די פון פאָרויס־פּלאַנירטע סומעס אויף בויען דעם וועג.

דורכשניטלעך האָט איין קילאָמעטער וועג באַטראָפן פיר מיליאָן רובל, און די סומע איז נישט געווען גענוג, אָבער אויך דאָס איז קיין פּראָבלעם נישט געווען, ווייל ווי איינער פון די אינזשיניערן האָט אויפמערקזאַם געמאַכט אויף אַ באַראַטונג: "די פון פאָרויס פּלאַנירטע אויסגאַבן האָבן קיין באַדייטונג נישט, ווייל אין דער פאַראָרדענונג פון דער רעגירונג, אונטערגעשריבן דורכן חבר סטאַלין אַליין, זאָגט זיך, אַז מען זאָל די באַן בויען אומבאַדינגט. דאָס וויכטיקסטע איז אויפבויען די באַן צום טערמין, און וויפל דאָס וועט קאָסטן, פינף אָדער צען מליאַרד רובל, האָט קיין באַדייטונג נישט".

מען האָט געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט. עס זענען געווען באַשטימט פּרעמיעס פאַר גוטער אַרבעט, אַ האַלבער ליטער ספּירט און פינף פּעקלעך מאַכאָרקע. די פאָר שעה אָפּרו זענען קיין אָפּרו נישט געווען, די קאָמאַרן האָבן שרעקלעך געביסן, די לאַגערניקעס פלעגן אַרויפקריכן אויף די ביי־מער, זיך צובינדן בכדי נישט אַראָפּפאַלן און אַזוי אַרום זוכן אַביסל שלאָף, ווייל העכער האָבן די קאָמאַרן אַזוי נישט דערגרייכט.

דער מחבר־אינזשיניער דערציילט וועגן אַ קאָנצערט אין איינעם פון די גרעסערע לאַגערן אויף דער טראַסע פון אייזנבאַן־וועג:

"ביי דער הילצערנער געביידע, וואָס איז געווען אַ מין קלוב פאַר די ענקאַוועדע־לייט איז געשטאַנען אַן עולם. דורך פאַרשידענע קאָמבי־נאַציעס האָט אַ גרופּע אינזשיניערן באַקומען בילעטן. אויף אַ נאָרמאַלן אופן לאָזט זיך אַזעלכעס נישט מאַכן. עס זענען אָנגעקומען לאַסטאויטאָס געדעקט מיט ברעזענטן. די ערשטע זענען אַרויסגעשפּרונגען די ענקאַווע־דיסטן מיט ביקסן, נאָך זיי די אַרטיסטן מיט פּעקלעך, טשעמאָדאַנעס און מוזיקאַלישע אינסטרומענטן. באַגלייט דורך די ענקאַוועדע־לייט זענען זיי אַריין אין קלוב דורך דעם הינטערשטן אַריינגאַנג. דער עולם, מערסטנטייל ענקאַוועדע־אָפיצירן מיט זייערע פרויען, אין פּאַראַדנע לוקסוס־קליידער. איינער פון די אינזשיניערן באַמערקט: "אין מאָסקווע וועסטו אַזעלכעס נישט זען".

די ערשטע רייען זענען נישט באַזעצט. עס איז שוין דער דריטער קלינג, אָבער דער פאָרהאַנג הייבט זיך נישט אויף, דער עולם קלאַפּט. דער קאָנצערט הייבט זיך נאָך נישט אָן. ערשט ווען אין דורכגאַנג האָט זיך באַוויזן אַ דאַמע אין אַ לאַנג סאַמעטן קלייד מיט אַ גרויסער דימענטענער שפּילקע אויף דער ברוסט, מיט אַן אַרויפגעוואָרפענעם שאַל אויף די פּלייצעס פון אַ טונקל־גרויען פוקס, באַגלייט דורך איר מאַן דעם נאַטשאַל־ניק פון לאַגער, אָנגעטאָן אין פּאַראַדנעם מונדיר — האָט זיך דאָס פּובליקום אויפגעשטעלט, אַפּלאָדירנדיק די הויכגעשטעלטע געסט. ווען זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט, האָט זיך אָנגעהויבן דער קאָנצערט. דער קאָנצערט איז געווען אויף אַ ניוואָ, די אַרטיסטן ערשטקלאַסיקע. דער קאָנפעראַנסיער האָט נישט פאָרגעשטעלט די אַרטיסטן, אָבער דער עולם האָט זיי גוט גע־קענט. זיי זענען דעם עולם געווען גוט באַקאַנט פון דער רוסישער בינע, ספּעציעל די פרויען, "פאַרדינסטפולע אַרטיסטן פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד. אַלע אַרטיסטן זענען געווען פאַרשיקטע אין די לאַגערן".

* * *

ביי אַט די שוידערלעכע באַדינגונגען האָט מען געבויט דעם אייזנבאַן־

וועג אין די זומערדיקע חדשים. אין איינעם אַ טאָג איז אָנגעקומען אַ טעלע־גראַפישע פאַראָרדענונג פאַרצוזעצן די אַרבעט אויך אין די ווינטער־חדשים. עס איז געווען געבונג צו זיין אין דרויסן אַ קורצע צייט, ווי עס איז גלייך אָפּגעפרוירן געוואָרן דאָס פּנים, די הענט, די פיס.

עס איז נישט שווער זיך פאָרצושטעלן, ווי עס האָט אויסגעזען די קוואַליטעט פון דער אַרבעט ביי אַזעלכע באַדינגונגען, אָבער אויף אַלע פאַראָרדענונגען פון אויבן איז לויט דעם סאָוויעטישן סיסטעם געקומען דער ענטפער — עס וועט ווערן אויסגעפירט.

ווען די פרעסט האָבן זיך פאַרשטאַרקט, האָט די אַרבעט זיך אָפּגעשטעלט. מענטשן זענען געפרוי־רן געוואָרן אין די באַראַקן. דער מחבר איז געווען גליקלעך ווען ער האָט באַקומען אַ פאַראָרדענונג, אַז ער ווערט אַריבערגעפירט אויף אַן אַנדערן פּלאַץ.

* * *

נאָך סטאַלינס טויט איז די אַרבעט פון דער אייזנבאַן, וועלכע איז שטופנווייז אָפּגעשטאָרבן פון זיך אַליין צוליב די שווידערלעכע באַדינגונגען, אינגאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן. אין דער טונדרע זענען געבליבן שטעקן אַ גרויסע צאָל בוי־מאַטעריאַלן, באַן־רעלסן, גאַנצע דערפער, לאָקאָמאָטיוון, וואַגאָנען.

דער אינזשיניער שטעלט זיך די פראַגע: איז טאַקע די גאַנצע אַרבעט, נאָך אַזויפיל אָנשטרענגונג, אַזויפיל מענטשלעכע קרבנות געטאָן געוואָרן אָן אַ פאַרוואָס און אַ פאַרווען? דאָך איז ער איינגעהאַלטן אין מאַכן די ווייטער־דיקע אויספירן, און קומט נישט מיט קיין קריטיק אויף סטאַלינס ווילדע פאַראָרדענונגען.

צום סוף, פאַררופט זיך דער מחבר־אינזשיניער אויף אַ באַקאַנטן סאָוויעטישן עקאָנאָמיסט און ספּעציאַליסט אין וואַסער־וועגן, אַז דער גאַנ־צער פּלאַן איז געווען אומנייטיק, פּשוט צוליב דעם, וואָס דער פּאָרט אין מורמאַנסק, וואָס ווערט כמעט נישט פאַרפרוירן און איז טעטיק ניין חדשים אין יאָר, קאָן דינען פאַר צושטעלן אַלץ וואָס איז נייטיק פאַרן אַרקטיק.

*
* *

נאָך אַ קאַפּיטל פון דער נישט ווייטער פאַרגאַנגענהייט בימי סטאַלין — איינער פון פיל טרויערדיקע קאַפּיטלען, וואָס באַווייזט דעם אמתן פּרצוף פון רוסישן פּראָגרעס און טעכנישער אַנטוויקלונג. אַ ״פּראָגרעס״, וואָס קאָסט מיליאָנען מענטשלעכע לעבנס. אָבער וואָס פאַראַ ראָל שפּילן מענטש־לעכע לעבנס אין לאַנד פון קאָמוניסטישן גן־עדן, ווו אַלץ ווערט אויס־געפירט ״פּאָ פּלאַנו״, לויטן פּלאַן — אפילו אַ פּלאַן פון אומברענגען כך וכך מענטשן, אונטער דער פּוסטער לאָזונג פון ״בויען דעם קאָמוניזם״.

# ערנבורג און די יידן־פראַגע

ערנבורגס דערינערונגען זענען זייער אינטערעסאַנט. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן דרוקן נאָך דער מלחמה, אויף די שפּאַלטן פון "נאָווי מיר".

נישט אַלעמאָל איז ערנבורג נושא־חן געווען ביי כרושטשאָוון, שוין נאָך די סטאַלין־יאָרן. דעריבער זענען זיינע דערינערונגען אייניקע מאָל געוואָרן איבערגעריסן אויף אַ פּאָר יאָר אַפילו.

אין דער פּוילישער איבערזעצונג איז אין יאָר 1961 דערשינען דאָס ערשטע בוך. און אין יאָר 1963 דאָס צווייטע בוך פון די דערמאָנטע דערי־נערונגען. ווען אין רוסלאַנד איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דאָס דרוקן די דערי־נערונגען, זענען אויך אין פּוילן אָפּגעשטעלט געוואָרן די ווייטערדיקע איבערזעצונגען.

אין יאַנואַר, פעברואַר און מערץ 1963 האָבן אין "נאָווי מיר" אויפסניי אָנגעהויבן דערשיינען די ווייטערדיקע טיילן פון ערנבורגס דערינערונגען, און זענען ווידעראַמאָל אָפּגעשטעלט געוואָרן.

פון אָנהייב יאָר 1965 דערשיינען די ווייטערדיקע טיילן פון ערנבורגס דערינערונגען.

מיר באַהאַנדלען דאָס מאָל ערנבורגס דערינערונגען, וועלכע האָבן אַ שייכות צו זיין באַזוך אין די פּאַראייניקטע שטאַטן אין יאָר 1946, צוזאַ־מען מיט אַ סאָוויעטישער שרייבער־דעלעגאַציע.

* * *

אין אַפּריל 1946 האָט מען ערנבורגן אַרויסגערופן אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי ווו מען האָט אים געמאָלדן, אַז צוזאַמען מיטן גענעראַל גאַלאַקטיאַנאָוו און דעם שרייבער סימאָנאָוו פאָרט ער אין די פּאַראייניקטע שטאַטן אויף אַ קאָנפערענץ פון צייטונגס־רעדאַק־

טאָרן. ער האָט זיך געווענדט צו מאָלאָטאָוון, אַז אויף זיין צוריקרייזע וויל ער זיך פאַרהאַלטן אין פּאַריז, ווייל דער פאַרלויף פון זיין ראָמאַן, וועלכן ער האָט אָנגעהויבן שרייבן, קומט טיילווייז פאָר אין פראַנקרייך. מאָלאָטאָוו האָט אים געענטפערט: ״איך בין נישט קעגן דעם״.

זיי זענען געקומען קיין באָסטאָן, ווו זיי האָבן באַקומען אויסצופילן געוויסע פאָרמולאַרן. ערנבורג האָט זיך אָפּגעזאָגט צו ענטפערן אויף דער פראַגע וועגן ראַסן־אָנגעהעריקייט, צוליב דעם האָט מען זיי לענגער גע־האַלטן אויפן פלי־פּלאַץ. די פּאָליציי האָט זיך געוווּנדערט: די רויטע ווילן נישט ענטפערן, צי זענען זיי ווייסע אָדער קאָלירטע.

אין וואַשינגטאָן האָט מען זיי גלייך פון דער באַן געפירט צו דער קאָנפערענץ, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אַרום דריי הונדערט אַרויסגעבער און רעדאַקטאָרן פון צייטונגען.

נאָך זייערע רעדעס האָט מען דער סאָוויעטישער דעלעגאַציע גע־שטעלט פראַגן.

די אַמעריקאַנער האָבן זיך געקלאָגט, אַז פאַר דער מלחמה האָבן די אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן אין רוסלאַנד געהאַט לייכטער. זיי האָבן אומעטום געקאָנט אַרומפאָרן מיטן אויסנאַם פון מיטלאַזיע. די צענזור איז געווען אַ מעסיקע. איצט האָט מען באַגרענעצט זייער באַוועגונג, און די צענזור איז אומדערטרעגלעך. פאַרוואָס קומט אָן אַזוי שווער צו באַקומען אַ וויזע קיין רוסלאַנד?

ערנבורג האָט געענטפערט, אַז די שוועריקייטן קומען אין רעזולטאַט פון דער מלחמה, און בכלל איז ער אַ זשורנאַליסט און פאַרנעמט זיך נישט מיט קיין וויזעס. ער גופא וואָלט אַלעמען געגעבן וויזעס. איין רעדאַקטאָר האָט געפרעגט דעם גענעראַל גאַלאַקטיאַנאָוו, וועלכער האָט רעפּרעזענטירט די אַרמיי־צייטונג ״דער רויטער שטערן״: זאָגט מיר, קאָנט איר אין אייער צייטונג פאָדערן די רעזיגנאַציע פון פּרעמיער סטאַלין, און פאַרבייטן אים מיט מאָלאָטאָוון, אָדער ליטווינאָוון?

דער גענעראַל איז דערציטערט געוואָרן פון אַזאַ פראַגע. ער איז נישט געווען אימשטאַנד צו ענטפערן. ערנבורג האָט געזאָגט: ״ניין, דאָס איז אויסגעשלאָסן. איך מוז אויפקלערן די קאָלעגן רעדאַקטאָרן, אַז אין פאַרשיי־

דענע לענדער איז אַ פאַרשידענער סיסטעם״.

דער ענטפער איז געפעלן געוואָרן.

צומאָרגנס האָט ער געלייענט אין די צייטונגען, אַז ערנבורג פאַרמאָגט אַ געמיש פון ציניזם און אויפריכטיקייט. די באַצייכענונג איז פולשטענדיק אַ ריכטיקע. די וועמען עס איז אויסגעקומען צו הערן ערנבורגן, וועלן מיט דער דאָזיקער באַצייכענונג מסכים זיין, אָבער דער גענעראַל האָט זיך אַפילו אין האָטעל נישט געקאָנט באַרויקן, ער האָט אַלעמאָל איבערגעחזרט:

״וואָס פאַראַ שווידער!״

ערנבורג פאַרצייכנט ווייטער, אַז ער איז אומגעשטערט אַרומגעפאָרן איבער די שטאַטן, געטראָפן זיך מיט הונדערטער מענטשן, יעדן אָוונט פאַרצייכנט זיינע איינדרוקן. צוו. אַנד. שרייבט ער:

״אין לעבן פון דער מענטשהייט האָט אַמעריקע פאַרנומען אַן אַנגעזען אָרט און מען קען נישט פאַרשטיין אונדזער וועלט, נישט קענענדיק אַמע־ריקע. דעם לאַנד זענען געווידמעט הונדערטער פאַמפלעטן. עס איז לייכט אַמעריקע אויסצולאַכן, עס איז אָבער שווער אַמעריקע צו פאַרשטיין. אונטער דער ערנסטער טעכניק דעקט זיך אָפּ אַ האַרציקע פשוטקייט, אונטער אָט דער פשוטקייט — אַ געוויינלעכע מענטשלעכע ערנסטקייט״.

מיט אייניקע אַמעריקאַנער האָט זיך ערנבורג באַפריינדעט, אָבער ער איז זיך מודה, אַז געערוט האָט ער אין דער געזעלשאַפט פון אייראָפּייער, זיינע אַלטע פריינד טובים, שאַגאַל און אַנדערע, אָדער מיט די וועמען ער האָט זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן: איינשטיין, קוסעוויצקי, שלום אַש, אָסקאַר לאַנגע.

ער פאַרצייכנט: ״דאָס געפערלעכסטע איז ווען מען שאַפט זיך אַ פאָר־שטעלונג פון אַ מענטשן, אָדער אַ לאַנד, וואָס דו קענסט נישט גענוג, און דו קומסט מיט אויפקלערונגען לויט אַ פון פאָרויס באַשטימטער סכעמע. איך האָב געקענט אַמעריקע פון די ביכער פון אַמעריקאַנער שרייבער. איך האָב געהאַט אַ באַציונג צו אַמעריקע מיט אַ באַוואָרעניש. אַלץ האָט זיך אַרויס־געוויזן ריכטיק, און אין דער זעלבער צייט נישט ריכטיק, אָפּטמאָל אויבער־פלעכלעך, איינזייטיק. שלום־עליכם האָט געשריבן, אַז אין אַמעריקע לעבן נישט די מענטשן, אין אַמעריקע ראַטעווען זיי זיך. דאָס אַמעריקאַנער

פּאָלק האָט זיך געשאַפֿן פֿון אָט די, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט, און אַזוי איז געבוירן געוואָרן אַ נאַציע, וועמענס גורל עס איז געוואָרן אַרויסצוגיין אויף דער אַוואַנסצענע פֿון דער געשיכטע. איצט פֿאַרשטיי איך בעסער די אַמעריקאַנער. נאָך דער מלחמה האָט זיך אויף דער וועלט אַ סך געענדערט. אַלץ איז אָפּהענגיק פֿון דעם, אויף וואָס פֿאַראַ וועגן עס וועט אַוועק אָט דאָס רייכע, אויסערגעוויינלעך ציוויליזירטע און גלייכצייטיק האַלב־ווילדע לאַנד".

ערנבורג דערציילט, ווי מען האָט אים מיט סימפּאַטיע פֿאַרבעטן אויף אַן אָוונט־ברויט וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורך אַ יידישער אָרגאַני־זאַציע. דער סאָוויעטישער קאָנסול האָט געזאָגט, אַז זיי דאַרפֿן אומבאַדינגט גיין, ווייל די אָרגאַניזאַציע האָט געזאַמלט העכער צוויי מיליאָן דאָלאַר פֿאַר קינדערהיימען אין רוסלאַנד. ווער איז די אָרגאַניזאַציע, דערמאָנט נישט ערנבורג.

זיינע באַריכטן האָט ערנבורג פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער "איזוועסטיאַ". די באַריכטן זענען געקומען אין פּעריאָד פֿון די "קולטור־טשיסטקעס" אין רוסלאַנד. אַ ריי אַמעריקאַנער זשורנאַליסטן האָבן דאַן אויסגעדריקט זייער מורא, אַז אויך ערנבורג וועט פֿאַלן אַ קרבן פֿון אָט די רייניקונגען. ער באַמערקט אין זיינע דערינערונגען: די אַנטיסאָוויעטישע זשורנאַליסטן האָבן געהאָפֿט, אַז מען וועט מיך פֿאַרניכטן, און ביז היינט קאָנען זיי מיר נישט מוחל זיין וואָס איך בין געבליבן לעבן".

דאָס איז אַ בייזוויליקייט. פֿאַרקערט, די אַמעריקאַנער זשורנאַליסטן זענען געווען איבעראַשט פֿון דעם, וואָס ער האָט געפֿונען אַ סך לויב פֿאַר אַמעריקע, און צוליב ריין הומאַניטאַרע מאָטיוון האָבן זיי אויסגעדריקט זייער זאָרג פֿאַר זיין גורל.

* * *

אין זיינע דערינערונגען געפֿינט ערנבורג אַ סך לויב־געזאַנגען פֿאַר אַמעריקע, אָבער אויף זיין צוריקוועגס, פֿאַרהאַלטנדיק זיך אין פּוילן, האָבן מיר געהאַט די מעגלעכקייט צו הערן אים אין וואַרשע אויף אַן עפֿנטלעכן אַרויסטריט און באַזונדערס אויף אַ צוזאַמענטרעף מיט די פֿירער פֿון יידישן

צענטראַל־קאָמיטעט, אַ סך, זייער בייסיקע אַרויסזאָגונגען וועגן אַמעריקע. נישט אומזיסט האָט מען אים אין דער מערב־וועלט באַצייכנט, ווי אַ "הפקרדיקן שילער און שאַרפזיניקן ציניקער". צו דער באַצייכענונג גיט ערנבורג צו "באַקאַנטע ווערטער".

* * *

אַ טרויערדיק קאַפּיטל אין שייכות מיט זיין באַזוך אין אַמעריקע צוזאַ־מען מיט סימאָנאָוון און גענעראַל גאַלאַקטיאָנאָוו איז דער ווייטערדיקער גורל פון גענעראַל, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די פאַרהעלטענישן אין ראַטנפאַרבאַנד, באַזונדערס בימי סטאַלין.

דאָס טרעפן זיך יעדן טאָג מיט אַמעריקאַנער, דאָס מיינט מיט אויס־לענדער, איז פאַר אַ סאָוויעטישן מענטש געווען אַן אָפּקומעניש, ספּעציעל פאַרן גענעראַל גאַלאַקטיאַנאָוו, וועלכער איז קיינמאָל אין אויסלאַנד נישט געווען. ווען ערנבורג און סימאָנאָוו האָבן אין זייער פרייער צייט שפּאַצירט איבער די ניו־יאָרקער גאַסן, איז דער גענעראַל געזעסן ביי זיך אין האָטעל־צימער. אין מונדיר פון אַ סאָוויעטישן גענעראַל פלעגט ער אין גאַס ציען אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. ערנבורג האָט אים געעצהט צו קויפן אַ ציי־ווילן אַנצוג, אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן. די צייטונגס־רעפּאָרטערן האָבן אים דערקענט. זיי האָבן זיך פלייסיק פאַרנומען מיט יעדן שריט פון דער סאָוויעטישער דעלעגאַציע, אָנגעבנדיק דערביי פיל אַבסורדאַלע ידיעות. גאַלאַקטיאַנאָוו איז געווען צערודערט. ווען ערנבורג האָט אים באַרויקט האָט ער אים געענטפערט: איך וועט אַלץ דורכגיין, איר זענט אַ שרייבער, איך בין אַ מיליטער־מאַן, איך האָב צופיל דורכגעלעבט".

ערנבורג באַמערקט: מען שרייבט איצט אַ סך, נאָך מער רעדט מען וועגן די קרבנות פון פּערזאָנען־קולט. מען דערמאָנט דערשאָסענע, אומ־געקומענע אין די לאַגערן. גאַלאַקטיאַנאָוו איז נישט געוואָרן אַרעסטירט, ער האָט נאָר געוואַרט אויף דעם אַרעסט. אים האָט בלויז גייסטיק פאַרכאַפּט די כוואַליע פון דער "יעזשאָווושטשינע".

אין יענער צייט האָט מען אַרעסטירט זיינע מיטאַרבעטער אין דער אַרמיי, אים האָט מען באַשולדיקט, אַז ער איז געווען פאַרבונדן מיט די

"שעדיקער". ביי אים אין ביבליאָטעק האָט מען געפונען ביכער פון "שונאים פון פאָלק". אויף אַ פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג האָט מען איינשטימיק באַשלאָסן אויסצושליסן אים פון דער פּאַרטיי. ער האָט פאַרלוירן זיין מיליטערישן ראַנג, זיין אַמט אין דער אַרמיי אַלס דיוויזיע־קאָמיסאַר. עס האָט אים אָפּגעגליקט, אין אַ האַלב יאָר אַרום האָט מען אים צוריקגעשטעלט אין זיינע רעכט, מיט דער צייט אויך אָנערקענט דעם ראַנג פון גענעראַל־מאַיאָר, געשיקט קיין אַמעריקע, אַלץ איז צוריקגעקומען אויף זיין אָרט. אָבער דער מ ע נ ט ש איז געבליבן צעשעדיקט. ער האָט געדענקט ווי אויף דער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג האָט מען אים געווארפן פּחדן, אונטערלעקער, צוויי־פּנימדיקער. ער האָט געדענקט, ווי אין די נעכט האָט ער זיך צוגעהערט צו דער קלענסטער באַוועגונג אויף די טרעפּ. דער באַזוך אין אַמעריקע האָט פאַרשנעלערט זיין סוף. דער גענעראַל איז אַמווייניקסטנס געווען צו־געגרייט צו די שווערע געשפּרעכן מיט די אַמעריקאַנער זשורנאַליסטן. אויפן וועג צוריק האָט ערנבורג באַמערקט, אַז גאַלאַקטיאַנאָוו איז גייסטיק קראַנק. אין אַפּריל 1948 איז גאַלאַקטיאַנאָוו באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

## וועגן ערנבורגס "מענטשן, יאָרן, לעבן"

נאָך אַ לענגערן איבעררייס דערשיינען שוין נישט מער די מעמואַרן פון איליאַ ערנבורג אויף די שפּאַלטן פון "נאָווי מיר". דאָס איז אַ רעזול־טאַט פון כרושטשאָווס צוזאַמענטרעף מיט די סאָוויעטישע אינטעלעקטואַלן. אויפן דאָזיקן צוזאַמענטרעף האָט כרושטשאָוו שטאַרק אָנגעגריפן ערנבורגן.

שפּעטער איז געווען אין דער פּרעסע אַ ידיעה, אַז די מעמואַרן וועלן אויפסניי דערשיינען. צי האָט ערנבורג געמוזט אַריינברענגען ענדערונגען אין די מעמואַרן? האָפנטלעך וועט דאָס קיין סוד נישט זיין.

ווי געזאָגט, איז אין פּוילן דערשינען אַן איבערזעצונג פון ערשטן טייל פון די דערמאָנטע מעמואַרן, וואָס נעמט אַרום דעם פּעריאָד "קינדהייט און יוגנט" ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אינטערעסאַנט, אַז פון מאָמענט ווען מען האָט דאָס בוך געגעבן צום דרוק, ביז מען האָט אונטערגעשריבן די דערלויבעניש צום דרוקן — האָט גענומען גאַנצע פיר חדשים. דאָס בוך איז געדרוקט בסך־הכל אין 8250

עקזעמפּליאַרן. אַנדערע פּוילישע אויסגאַבעס, וועלכע זענען אפשר נישט מער וויכטיקער ווי ערנבורגס מעמואַרן, זענען דערשינען אין צען און אין דרייסיק טויזנט עקזעמפּליאַרן. צוליב דעם וואָס בשעתו זענען די מעמואַרן אָפּגע־שטעלט געוואָרן אין רוסלאַנד, זענען מער קיין איבערזעצונגען אויך נישט געקומען אין פּוילן, אויף וויפל איך ווייס, אַפילו נישט דער פינפטער באַנד.

נאָך אייניקע אויסצוגן פון ערנבורגס מעמואַרן, וועלכע זענען כאַראַק־טעריסטיש פאַר יענער תקופה:

״אין פאַרלויף פון דריי חדשים — שרייבט ערנבורג — האָט רוסלאַנד פאַרלוירן אַ טעריטאָריע אַ סך גרעסער ווי גאַנץ פראַנקרייך. וואָס איז געשען? מען האָט דאָך אַזוי פאַרזיכערט דעם רוסישן פאָלק, אַז זאָל נאָר דער שונא זיך אַ ריר טאָן וועט ער צעשמעטערט ווערן, די מלחמה וועט געפירט ווערן אויף זיין טעריטאָריע. סטאַלין האָט אַלץ פאַרענטפערט מיט דעם פּלוצימדיקן אָנפאַל פון היטלערן״.

ערנבורג האָט געגלייבט אין דעם דערפאָלג פון דער רויטער אַרמיי, און נישט דערפאַר, וואָס ער האָט אויסגעשטעלט אויף די סאָוויעטישע רעסורסן, אָדער אויפן צווייטן פראָנט פון די אַליאירטע, ניין, ער האָט געגלייבט נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט געוואָלט גלייבן. קיין אַנדער אויס־וועג איז נישט געווען.

* * *

לאָזאָווסקי האָט ערנבורגן געזאָגט, אַז ״סטאַלין לייגט אַ סך האָפע־נונגען אויף אַמעריקע און ענגלאַנד. דער ראַדיאָ האָט אָנגעגעבן יידישע אוידיציעס. אויף אַ יידישן מיטינג האָבן גערעדט ערנבורג, מיכאָעלס, פּרץ מאַרקיש, בערגעלסאָן און אַנדערע. אייניקע פון זיי האָט מען מיט אַכט יאָר שפּעטער אַרעסטירט דערפאַר, וואָס זיי האָבן זיך באַטייליקט אין יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט. ערנבורג האָט זיך געטראָפן מיטן באַוווסטן פּוילישן דיכטער בראָניעווסקי, וועמען מען האָט נישט לאַנג אַרויסגעלאָזט פון אַ סאָוויעטישער תפיסה. ער זאָגט צו אים: ״איצט דאַרף מען פאַרניכטן די פאַשיסטן, ״איך האָב דאָס פאַרשטאַנען פריער פון דיר״, האָט ער געענטפערט. בראָניעווסקי האָט געזאָגט, אַז זיין גורל איז זיצן אין תפיסה. אויב מען וועט צעקלאַפּן די פאַשיסטן אין באַפרייטן פּוילן, וועט

מען אים דאָרט ווידער איינזעצן. נאָר זאָל מען אים איינזעצן אין אַ פּויליי־שער תפיסה, נישט דערפאַר וואָס דאָרטן איז בעסער, נאָר דערפאַר וואָס עס איז אַ פּוילישע תפיסה״.

* * *

ערנבורג שרייבט: ״איך געדענק סטאַלינס רעדע אין נאָוועמבער 1941. מיך האָבן אַ שניט געטאָן זיינע ווערטער וועגן די ״איבערגעשראָקענע אינטעליגענטלעך״. איך ווייס נישט פאַרוואָס האָט סטאַלין ווידער אַמאָל אויסגעקליבן אונדזער אינטעליגענץ פאַר אַ קרבן? די אינטעליגענץ איז געווען מיטן פאָלק, מיר האָבן געהאַט געגנוג צרות נישט נאָר דערפאַר וואָס היטלערס אַרמיי איז געווען שטאַרקער, נאָר ווייל מיר האָבן געזען ווי שווער עס האָט זיך אָפּגערופן אויף אונדזער פאַרטיידיקונג די ערב־מלחמה־יאָרן, באַרימעריי, ביוראָקראַטיזם און דער עיקרשט די שרעקלעכע פאַר־לוסטן צוליב דער פאַרניכטונג פון דער פירערשאַפט פון דער רויטער אַרמיי און די אינטעליגענטן״.

* * *

״אונטער סאַראַטאָוו בין איך געווען אויף אַ פּאַראַד פון גענעראַל אַנדערס־אַרמיי, געשאַפענע פון פּוילישע געפאַנגענע. עס איז געווען סיקאָרסקי. אים האָט באַגלייט ווישינסקי, פאַרוואָס ווישינסקי? אפשר דער־פאַר וואָס ער איז פון פּוילישן אָפּשטאַם? איך האָב זיך דערמאָנט וועגן די פּראָצעסן און זיין ראָל, ווי אַ פּראָקוראָר. די פּאָליאַקן זענען געווען פאַרביטערט, אייניקע האָבן זיך מודה געווען, אַז זיי פאַרטראָגן אונדז נישט. איך האָב געפילט, אַז אַזעלכע ווען נישט קאָנען איבערשפּאַנען איבער דער פאַרגאַנגענהייט. סיקאָרסקי און ווישינסקי האָבן זיך גערופן ״פאַרבינדעטע״ אונטער די פריינדלעכע ווערטער האָט זיך געפילט אַ פרעמדקייט״.

* * *

״אויפן צווייטן טאָג נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה האָט מען מיר

געבעטן אָנשרייבן אַ פּראָפּאַגאַנדע־בלעטל פאַר די דייטשע זעלנער. מען האָט געזאָגט, אַז די פאַשיסטישע אַרמיי האַלט זיך אויף אָפּנאַרעריי און אייזערנער דיסציפּלין. איך וואָלט אויך אפשר געהאַט די זעלבע מיינונג, ווען איך וואָלט אין די פאַרמלחמהדיקע יאָרן נישט געלעבט אין פּאַריז, און זיך צוגעהערט צו די באַריכטן וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע. איך האָב געדענקט בערלין פון יאָר 1932. די אַרבעטער אויף די פאַשיס־טישע פאַרזאַמלונגען. אין שפּאַניע גערעדט מיט דייטשע פליער, איך האָב נישט געגלויבט אין די בלעטלעך".

* * *

"געבעלס האָט באַדאַרפט האָבן אַ סטראַשידלאָ, און ער האָט פאַרשפּרייט אַ לעגענדע וועגן דעם ייד איליא ערנבורג, וועלכער שטרעבט צו פאַרניכטן דאָס דייטשע פאָלק".

"ביי מיר האָבן זיך אָפּגעהיטן אויסשניטן פון דייטשע צייטונגען, בלעטלעך. די היטלעריסטן האָבן אָפט געשריבן וועגן מיר, געזאָגט, אַז איך בין אַ גראָבער, מיט אַ קרומער נאָז, אַז איך בין בלוטדורשטיק. אין שפּאַניע האָב איך פאַרכאַפּט פון מוזעאומס ווערטפולע זאַכן אויף 15 מיליאָן מאַרק און דאָס פאַרקויפט אין שווייצאַריע. מיינע קאַפּיטאַלן גע־פונען זיך אין בראַזיליאַנער באַנק, איך בין יעדן טאָג ביי סטאַלינען און געמאַכט פאַר אים אַ פּלאַן צו פאַרניכטן אייראָפּע, איך רוף פאַרגוואַלטיקן דייטשע פרויען און מאָרדן דייטשע קינדער. אין אַ באַפעל האָט היטלער אַליין געזאָגט: דער סטאַלין־לאָקיי איליא ערנבורג זאָגט, אַז דאָס דייטשע פאָלק דאַרף פאַרניכטעט ווערן".

* * *

"אין יאָר 1944 האָט אַ דייטשער קאָמאַנדיר געשריבן אין זיין באַפעל: ערנבורג רופט די אַזיאַטישע פעלקער טרינקען בלוט פון די דייטשע פרויען, ערנבורג פאַרלאַנגט, אַז די אַזיאַטישע פעלקער זאָלן פאַרגוואַלטיקן די דייטשע פרויען, נעמט די בלאָנדע פרויען, זיי זענען אייערע טראָפּייען, די דייטשע סאָלדאַטן קאָנען איצט נישט אָפּטרעטן, ווייל זיי פאַרטיידיקן

זייערע פרויען. דערוויסנדיק זיך וועגן אָט דעם באַפעל האָב איך געשריבן: אַמאָל האָבן די דייטשן געפעלשט דאָקומענטן פון מלוכה־וויכטיקייט, היינט פאַלשעווען זיי מיינע אַרטיקלען".

* * *

"מען זאָגט, אַז מען דאַרף שטאַרבן אין צייט, ווער ווייסט, ווען סטאַלין זאָל געווען שטאַרבן אין יאָר 1945, וואָלט אפשר די מלחמה פאַרדעקט אַ סך. די מענטשן וואָלטן לאַנג אָנגעהאַלטן די אילוזיע, אַז מיליאָנען מענטשן זענען אומשולדיק אומגעקומען צוליב יאַגאָדאַ, יעזשאָוו א"אַ. און עס וואָלט געבליבן דאָס בילד פון סטאַלין אין אַ שינעל אין שווערע טעג ווען מען האָט זיך געשלאָגן פאַר מאָסקווע. איך דאַנק אָפּט דעם גורל פאַר דעם, וואָס איך האָב דערלעבט די טעג און זיך דערוווסט דעם טרויערדיקן אמת".

* * *

"אין אָוונט האָט מען איבערגעגעבן סטאַלינס רעדע (ביים פאַרענדיקן די מלחמה). ער האָט גערעדט קורץ און זיכער. ער האָט אונדז גערופן נישט ווי אין יאָר 1941 — ברידער און שוועסטער, נאָר בירגער און בירגערינס. איך האָב געטראַכט וועגן זיין רעדע. דער מאַנגל אין האַרציקייט האָט מיך פאַרביטערט, אָבער נישט איבערראַשט. ער איז דער זיגער. דער עולם האָט געשריגן סטאַלינען: הוראַ — דאָס האָט מיר שוין פון לאַנג נישט געוווּנדערט. איך בין שוין געוווינט צו דעם, אַז עס זענען דאָ מענטשן, זייערע פריידן, זייערע ליידן, און ערגעץ ווו, איבער זיי — סטאַלין. ער וויל, אַז די מענטשהייט זאָל גיין פאָרויס. ער פירט די מענטשן, ער דעצידירט וועגן זייער גורל. איך אַליין האָב געשריבן וועגן סטאַלינען דעם זיגער. איך האָב געטראַכט וועגן די סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געגלויבט אין אים. וועגן די פּאַרטיזאַנער... וועגן בריוו, וואָס האָבן זיך פאַרענדיקט — זאָל לעבן סטאַלין!

טראַכטנדיק וועגן דעם אָוונט פון ניינטן מאַי, האָב איך געקאָנט אַרויסברענגען אַנדערע, מער ריכטיקע געדאַנקען. איך האָב דאָך געדענקט וועגן

גורל פון... (דאָ רעכנט ערנבורג אויס נעמען פון מיליטער־פירער א״אַ, וועלכע סטאַלין האָט אומגעבראַכט). איך האָב געוווּסט, אַז זיי זענען נישט געווען קיין פאַררעטער, נאָר די ערלעכסטע און ריינסטע מענטשן. דאָס פאַר־ניכטן זיי און אַנדערע מיליטער־פירער, אינזשיניערן, אינטעליגענץ האָט טייער געקאָסט אונדזער פאָלק, נאָר איך וועל זאָגן דעם אמת: אין דעם אָוונט האָב איך וועגן דעם נישט געטראַכט. עפּעס האָט זיך געענדיקט, עפּעס הייבט זיך אָן. און ווען מען זאָל מיר געווען אין דעם אָוונט זאָגן, אַז אין דער נאָענטסטער צוקונפט וועט קומען אַזעלכעס, ווי די באַשולדיקונגען קעגן די דאָקטוירים, און דאָס אַלץ וואָס איז אַנטפּלעקט און פאַראורטיילט געוואָרן אויפן 20־טן קאָנגרעס, וואָלט איך אַזעלכן געהאַלטן פאַר אַ משוגענעם״.

״וואָס וועט זיין ביי אונדז נאָך דער מלחמה? — וועגן דעם האָב איך געטראַכט. דער עיקרשט וואָס וועט איצט טאָן סטאַלין? פון אָדעס האָט מען אָפּגעשיקט אין זייערע לענדער פראַנצויזן, ענגלענדער, בעלגיער — קריגס־געפאַנגענע, וועלכע די רויטע אַרמיי האָט באַפרייט פון די דייטשן. אין דער זעלבער צייט זענען אָנגעקומען טראַנספּאָרטן מיט אונדזערע געפאַנגענע, וועלכע די אַליאירטע אַרמייען האָבן באַפרייט. מען האָט זיי באַגעגנט, ווי פאַרברעכער, מען וועט זיי שיקן אין די לאַגערן. איך האָב זיך אַליין געפרעגט, צי וועט זיך נישט איבערחזרן דאָס יאָר 1937״.

פּירושים צו די דאָזיקע געדאַנקען פון איליאַ ערנבורג אין זיין בוך מעמואַרן ״מענטשן, יאָרן, לעבן״, זענען איבעריק.

***

אין דעם ווייטערדיקן קאַפּיטל פון זיינע דערינערונגען שרייבט ערנ־בורג: ״די מאָנאַטן וועגן וועלכע עס שטייט מיר פאָר איצט צו דערציילן, זענען אפשר די שווערסטע אין מיין לעבן. איך האָב אויף אַ צייט איבער־געריסן דאָס שרייבן, נישט געקאָנט ביי זיך פועלן אָנהייבן אָט דאָס קאַפּיטל״.

די ווייטערדיקע געשעענישן זענען פאַרבונדן מיטן טויט פון מיכאָעלס. ערנבורג האָט נישט קיין ווערטער פון לויב־געזאַנג פאַר דעם גרויסן

אַרטיסט. ער האָט אים גוט געקענט פון אַ סך יאָרן. ער האָט אים גוט געדענקט אין דער ראָל פון קעניג ליר. אין לעבן נישט קיין הויכער, מיט אַ פּנים גאָרנישט ווי אַ קעניג, איז אָבער מיכאָעלס אויף דער בינע ווי אויסגעוואַקסן. זיין הויכן טאַלאַנט האָבן אָנערקענט און אָפּגעשאַצט די גרעסטע אַרטיסטן אין רוסלאַנד, זיין שפּילן האָט אַלעמאָל צוגעצויגן אויך צושויער, נישט יידן.

נאָך דער מלחמה פלעגן זיך טויזנטער מענטשן ווענדן מיט פאַרשידענע ביטעס צו מיכאָעלסן, ״ביי אָט די יידן איז מיכאָעלס געווען דער רבי, דער חכם, דער פּאַרטייידיקער פון די באַעוולהטע. און אָט האָט מען מיכאָעלסן געהרגעט...״

גלייך אויפן אָרט האָט מען געגלויבט אין דער ווערסיע, אַז מיט מיכאָעלסן איז געשען אַן אומגליק. ווען מען האָט אָבער אין יאָר 1948 אַרעסטירט דעם צווייטן גרויסן יידישן אַרטיסט זוסקין, האָט מען זיך געשטעלט די פראַגע: ״און ווי אַזוי איז טאַקע אומגעקומען מיכאָעלס?״ איצט זאָגט מען, אַז דאָס איז געווען די אַרבעט פון בעריעס אַגענטן. ערנבורג האָט גערעדט אויף אַן אָוונט געווידמעט דעם אָנדענק פון מיכאָעלס, ער באַמערקט: ״עס איז געווען זייער ביטער, אָבער איך האָב נאָך גאָרנישט פאַרויסגעזען״.

* *
*

אין סעפּטעמבער 1948, האָט ערנבורג אויפן פּאַרלאַנג פון ״פּראַוודאַ״ געשריבן אַן אַרטיקל וועגן דער ״יידן־פּראָגע״, וועגן ישראל, וועגן אַנטי־סעמיטיזם. ער ברענגט אייניקע ציטאַטן: ״פינצטערע עלעמענטן האָבן אַלעמאָל אויסגעטראַכט, אַז יידן זענען עפּעס אַזעלכע באַזונדערע נפשות, אַז יידן לעבן אין אָפּגעזונדערטקייט, אַז די יידן גייט נישט אָן דער גורל פון די אַרומיקע פעלקער, אַז די יידן פון פאַרשידענע לענדער זענען פאַרבונדן מיט געהיימע פעדים. יאָ, יידן האָבן געלעבט אין געטאָס, ווען מען האָט זיי צו דעם געצוואונגען, אָבער ווען די טויערן פון די געטאָס האָבן זיך געעפנט, זענען די יידן אין פאַרשידענע לענדער אַריין אין דעם אַלגעמיינעם לעבן פון אַלע פעלקער. אַוודאי זענען פאַראַן צווישן יידן נאַצ־

יאָנאַליסטן, ציוניסטן, אָבער אויך נישט־ציוניסטן האָבן זיך באַזעצט אין פּאַלעסטינע. דאָס איז געקומען אין רעזולטאַט פון ראַסיזם און אַנטי־סעמיטיזם".

* * *

און ווייטער: "איצט ווען איך פאַרענדיק דעם בוך פון מיין לעבן, ווילט זיך מיר זאָגן וויאַזוי פאַרשטיי איך דאָ דאָס וואָס מען רופט "די יידן־פּראַגע"?

ערנבורג רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן. פון קינדוויייז אָן געדענקט ער וועגן ענין דרייפוס, וועגן יידישע פּאָגראָמען. זיין מוטער־שפּראַך איז רוסיש, ער קען נישט קיין יידיש, נישט העברעיש, קיינמאָל אין שול נישט געדאַווענט, זיינע יאָרן זענען אומצעטיילבאַר פון רוסישן לעבן. ער האָט קיינמאָל נישט פאַרבאַהאַלטן זיין אָפּשטאַם, עס זענען געווען פאַלן, ווען ער האָט וועגן דעם זעלטן געטראַכט. שפּעטער זענען געקומען אַנדערע צייטן, ווען ער האָט אומעטום איבערגעחזרט "איך בין אַ ייד". ער דערמאָנט דעם תחום־המושב אין צאַרישן רוסלאַנד, די רעוואָלוציע האָט אַלץ גע־ענדיקט. די יידישע יוגנט האָט זיך אַ ריס געטאָן אין די רוסישע שולן, אין די אוניווערזיטעטן. עס זענען געקומען געמישטע חתונות, די באַזונ־דערקייט פון די יידן האָט זיך פאַרענדיקט און דאָ איז צו הילף דעם אַנטיסעמיטיזם געקומען די ראַסן־טעאָריע פון היטלערן.

* * *

ערנבורג שרייבט: "די ציוניסטישע אידייע האָט מיך קיינמאָל נישט פאַרכאַפּט. מדינת ישראל עקזיסטירט. איך וויל גלויבן, אַז די יידן אין ישראל, וועלכע ווייסן וואָס עס מיינט אומגערעכטיקייט, וועלן געפינען אַ וועג פון שלום מיט די אַראַבער. עס איז יעדן קלאָר, אַז פאַר מיליאָנען יידן, וואָס לעבן אין אייראָפּע און אַמעריקע, איז קיין פּלאַץ נישטאָ אויף דער טעריטאָריע פון ישראל, און זיי ווילן נישט אַהין פאָרן. זיי זענען ענג פאַרבונדן מיט די פעלקער מיט וועלכע זיי לעבן".

און ווייטער: "מיך פאַרבינדן מיט יידן די גריבער וווּ די היטלעריסטן

האָבן באַגראָבן עלטערע און קינדער״. רעדנדיק אויף דער ראַדיאָ צו זיין זיבעציקסטן געבוירנטאָג, האָט ערנבורג געזאָגט צו זיינע לייענער, אַז ״איך בין אַ ייד, אַזוי לאַנג ווי עס וועט עקזיסטירן אַפילו איין אַנטיסעמיט״.

צוזאַמען מיטן באַקאַנטן יידיש־סאָוויעטישן זשורנאַליסט וול. גראָסמאַן האָט ערנבורג געזאַמלט דאָקומענטן וועגן אומברענגען די יידן אויף דער סאָוויעטישער טעריטאָריע, וואָס איז פאַרכאַפּט געוואָרן דורך די פאַשיסטן. די זאַמלונג האָט באַדאַרפט זיין דאָס ״שוואַרצע בוך״. מען האָט זיי פאַרזיכערט, אַז דאָס בוך וועט דערשיינען אין יאָר 1948.

* * *

אין יאָר 1948 האָט מען ליקווידירט דעם יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט, פאַרמאַכט די יידישע צייטונג פון קאָמיטעט. מען האָט צעוואָרפן דעם זאַץ פון ״שוואַרצן בוך״, מען האָט אַרעסטירט די יידישע שרייבער: פּרץ מאַרקיש, קוויטקאָ, בערגעלסאָן, פעפער א. אַנד. עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַקציע קעגן די ״קאָסמאָפּאָליטן און פּאַספּאָרטלאָזע בראָדיאַגעס״, די אַקציע קעגן די יידישע שרייבער און אינטעלעקטואַלן.

פון פעברואַר 1949 האָט מען אָפּגעשטעלט דרוקן ערנבורגן. אַזעלכע סימנים זענען אין רוסלאַנד געווען גוט באַקאַנט. יעדע נאַכט האָט ערנבורג געוואַרט אויף אַ קלאַפּ אין טיר, דער טעלעפאָן איז פאַרשטומט געוואָרן, גאָר נאָענטע פריינד פלעגן זיך אָנפרעגן אויף זיין געזונט, טעלעפאָנירט האָט מען פון אַן אויטאָמאַט אין גאַס, און ווען ער האָט זיך אָפּגערופן, האָבן זיי אָװעקגעלייגט דאָס טרייבל.

אין יאָר 1938 בעת די גרויסע רייניקונגען, איז ביי אים געווען גרייט אַ רענצל מיט צוויי פּאָר וועש. אין יאָר 1949 האָט ער וועגן אַזעלכעס נישט געטראַכט. ער איז צו אַלץ געווען גלייכגילטיק.

* * *

פאַר די פאַרהעלטענישן אין קאָמוניסטישן גן־עדן איז כאַראַקטעריסטיש פאָלגנדיקער פאַקט וועלכן ערנבורג ברענגט. איין מאָל איז צו אים אַריינגעלאָפן זיינער אַ פריינד. דערזעענדיק ערנבורגן האָט יענער אויס־

געשריגן: הייסט דאָס, אַז עס איז נישט ריכטיק!

דער פרײַנד דערציילט אים, אַז דעם פאַריקן אָוונט, אויף אַ פאַרלעזונג פון ליטעראַטן, אין דער אַנוועזנהייט פון טויזנט מענטשן, האָט מען געמאָלדן: "מיר קאָנען אײַך מיטטיילן אַ גוטע נײַעס, עס איז אַנטפּלעקט און אַרעסטירט געוואָרן דער שונא פון פאָלק נומער איינס — איליא ערנבורג".

ערנבורג האָט געשריבן צו סטאַלינען, אַז שוין צוויי מאָנאַטן ווי ער קאָן נישט אָנקומען אין קיין שום רעדאַקציע, און אַז מען האָט געמאָלדן, אַז ער איז אַרעסטירט. ער האָט געבעטן קלאָר מאַכן זײַן לאַגע. ער האָט געבעטן צו פאַרענדיקן מיט דער אומקלאָרקייט. דעם בריוו האָט ער איבערגעלאָזט ביים אַרײַנגאַנג אין קרעמל.

אויפן צווייטן טאָג האָט אים טעלעפאָנירט מאַלענקאָוו. ער האָט אים אָנגעפרעגט: "איר האָט געשריבן צו סטאַלינען? ער האָט מיר געהייסן טעלעפאָנירן, זאָגט מיר, פון וואַנעט איז דאָס אַלץ געקומען? — איך ווייס נישט, איך וויל בײַ אײַך פרעגן וועגן דעם. פרעגט אים מאַלענקאָוו: "פאַרוואָס האָט איר מיר באַצײַטנס נישט געגעבן צו וויסן? — איך האָב גערעדט מיטן חבר פּאָספּעלאָוו, דאָס אַלץ וואָס איך האָב געקאָנט טאָן, האָט אים ערנבורג געענטפערט. אַ וווּנדער, זאָגט מאַלענקאָוו, פּאָספּעלאָוו האָט אונדז גאָרנישט געזאָגט וועגן דעם.

ערנבורג גיט צו, אַז מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט פּאָספּעלאָוו פאַרזיכערט, אַז ער האָט יאָ איבערגעגעבן, אָבער דאָס האָט אויף די פירער קיין אײַנדרוק נישט געמאַכט.

פון דעמאָלט האָט דער טעלעפאָן נישט גערוט. פון פאַרשידענע רע־דאַקציעס האָט מען געמאָלדן, אַז עס איז פאָרגעקומען אַ מיספאַרשטענדע־ניש. מען האָט גלײַך אָנגעהויבן אויפסניי דרוקן זײַנע אַרבעטן.

* * *

ערנבורג דערמאָנט, אַז אין אַ פּאָר יאָר נאָך די געשעענישן איז אַ זשורנאַליסט אין ישראל אַרויס מיט אַ סענסאַציע, אַז אין אַ סאָוויעטישער טורמע האָט ער געטראָפן דעם פּאָעט פעפער, וועלכער זאָל אים האָבן

געזאָגט, אַז ערנבורג איז שולדיק אין דעם פֿאַרברעכן לגבי אייניקע יידיש־סאָוויעטישע שרייבער. די פֿאַרלוימדונגען האָבן אונטערגעכאַפּט אייניקע מערב־צייטונגען, ביי זיי איז געווען איין תירוץ: ״לעבנגעבליבן — הייסט דאָס, אַז ער איז אַ פֿאַררעטער״.

ערנבורג שרייבט ווייטער, אַז אין יענער צייט איז ער געווען אין זייער אַ געדריקטער שטימונג. אין יענער צייט האָט מען אים געמאָלדן, אַז ער דאַרף פֿאָרן קיין פּאַריז אויפֿן קאָנגרעס פֿון שלום־אָנהענגער. ער האָט זיך נישט געפֿילט בכוח דערצו. ווי וועט ער זיך פֿילן דאָרטן ביי אַזאַ שטימונג אין אויסלאַנד לגבי אים?

מען האָט אים פֿאָרגעלייגט צוצוגרייטן אויף פּאַפּיר זיין רעדע אויף דעם קאָנגרעס. די רעדע וועט מען איבערקוקן. ער האָט אַזוי געטאָן. מען האָט אים אַרויסגערופֿן צו אַ הויכן באַאַמטן, זיין געשריבענע רעדע איז געווען אויפֿן שרייבטיש. ערנבורג האָט באַמערקט אַ צושריפֿט ״אויסגע־צייכנט״. דער כתב האָט זיך אים אויסגעוויזן מוראדיק באַקאַנט. ער זאָגט דאָס נישט, אָבער מען קאָן זיך פֿאָרשטעלן, אַז דעם צושריפֿט האָט געמאַכט סטאַלין.

אויך אין פּאַריז איז ער געווען אַ צעטרודערטער. די ערשטע נאַכט איז ער נישט געשלאָפֿן. ער האָט געזוכט תירוצים, וויאַזוי זאָל ער קאָנען פֿאָרן צוריק קיין מאָסקווע. פֿאַר זיינע אויגן האָט געשוועבט די געשטאַלט פֿון פּרץ מאַרקיש, ווי ער האָט אים געזען דאָס לעצטע מאָל.

דאָס קאַפּיטל פֿון זיין בוך, שרייבט ערנבורג, האָט געזאָלט ברענגען צום אויסדרוק דעם סאַמע שווערסטן מאָמענט אין זיין לעבן. ער גיט צו: ״איך צווייפֿל צי דאָס האָט זיך מיר איינגעגעבן״.

# "סאָוועטיש היימלאַנד"
## (סך הכל פון אייניקע נומערן)

נאָך יאָרן פון פאַרשטומונג, ווען צוזאַמען מיטן פּאָגראָם אויף די יידישע שרייבער, איז אין קאָמוניסטישן רוסלאַנד פאַרניכטעט געוואָרן דאָס יידישע וואָרט, האָט אָנגעהייבן דערשיינען "סאָוועטיש היימלאַנד".

אין דער ווענדונג "טייערער לייענער", אין נר. 1 פון יולי 1961 ווערט אָנגעזאָגט:

"דו וועסט דאָ דערפילן דעם אָטעם פון אונדזער צייט, וועסט אָפּנעמען אַ גרוס וועגן דעם ליטעראַרישן לעבן, הערן די שטים פון דער פילנאַציאָ־נאַלער סאָוויעטישער ליטעראַטור. זייענדיק אַ טייל פון דער דאָזיקער ליטעראַטור, גלייבן מיר צוזאַמען מיט דיר, אַז אונדזער זשורנאַל וועט מיט ווירדע טראָגן דעם נאָמען, וואָס איז אָנגעצייכנט אויף זיין טאָוול... דאָס קול פון די יידיש־סאָוויעטישע שרייבער וועט קלינגען אין דעם מעכ־טיקן כאָר פון די ברידערלעכע ליטעראַטורן".

ווען מיר וועלן נאָך צוגעבן די דערמאָנונג צום לייענער, "אַז, מיר הייבן אָן אונדזער אַרבעט אין אַ צייט ווען די גאַנצע סאָוויעטישע ליטע־ראַטור איז באַפליגלט מיט די אידייען, מיט וועלכע דאָס לאַנד גרייט זיך צום 2־טן פאַרטיי־קאָנגרעס", דערצו דאָס פאַררופן זיך אויף דעם וואָס "כאַווער כרושטשאָוו האָט געזאָגט" א"אַוו. — ווערט אין אַ גרויסער מאָס פון פאָרויס קלאָר וואָס די יידישע עפנטלעכקייט האָט געקאָנט דערוואַרטן פון "סאָוועטיש היימלאַנד".

עס האָט זיך אָבער דאָך געוואָלט גלויבן, אַז טראָץ אַלעמען וועט מען אין זשורנאַל געפונען אַוועלכע עס איז אָפּשפּיגלונג וועגן דעם, ווי עס לעבן די יידן אין רוסלאַנד, זייערע געפילן, זייערע שטימונגען און שטרעבונגען, געבראַכט צום אויסדרוק אין די ליטעראַרישע שאַפונגען פון די יידיש־סאָוויעטישע שרייבער.

עס איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז לייענענדיק דעם זשורנאַל ווילסטו געפינען, צי עס קומט צום אויסדרוק אויף וועלכן עס איז אופן די רעאַקציע אויף דעם פּאָגראָם, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אויף די יידישע שרייבער, אויף דער פאַרניכטונג פון יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן ?

אין די ביז־איצט־דערשינענע נומערן ווערט וועגן דעם אַלעמען מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט. עס ווערן יאָ געבראַכט שאַפונגען פון אייניקע אומגעבראַכטע יידישע שרייבער, דערביי אַ באַמערקונג : ״אומ־געקומען אין צייט פון פערזאָנען־קולט״.

* * *

וואָס איז די טעמאַטיק אין ״סאָוועטיש היימלאַנד״ ?

פריער פאַר אַלעמען פיל איבערזעצונגען פון רוסישע און פון אַנדערע שרייבער אין רוסלאַנד אויף נישט קיין יידישע טעמעס, דערציילונגען פון אַזעלכע טאַלאַנטירטע שרייבער ווי פּראָקאָפּיעוו, טוואַרדאָווסקי, מאַקסים רילסקי א״אַ זענען אויף אַ ניוואָ, אָבער נישט אויף יידישע טעמעס.

אויף וואָס פאַראַ טעמעס שרייבן די יידישע שרייבער ?

דאָס געשטאַלט פון לענין איז אַ גאַנגבאַרע און אָפטע טעמע אין פאַרשידענע וואַריאַציעס. לענינען זענען אויך געווידמעט שאַפונגען איבער־געזעצטע פון רוסיש. אַ טעמע איז נאָך אַלץ ביראָבידזשאַן. וועגן ענינים פון דאָרטיקע קאָלכאָזן, סאָווכאָזן, אָבער נישט וועגן יידישע ענינים.

ביראָבידזשאַן געפינט זיך בשכנות מיט דער קאָמוניסטישער כינע, דער ביראָבידזשאַנער דיכטער בראָנפמאַן שרייבט אַ ליד :

״געסט פון כיילונצזיאַן״

אויף גאַסן זומערדיקע, גרינע
פון יונגער שטאָט ביראָבידזשאַן
שפּאַצירט עס האָבן פריינד פון כינע,
געגאַרטע געסט פון כיילונצזיאַן.

דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי ווערט נאַטירלעך געווידמעט אַ סך שאַפונגען.

איך זע שוין, קאָמוניזם, דיינע סעדער
פון ווייסן ביז שוואַרצן יאַם צעגרינט.
(איטשע באָרוכאָוויטש — נר. 2, 1961)

* *
*

אין "סאָוועטיש היימלאַנד" זענען אויך פּאָרטרעטן יידיש־סאָוויעטישע גענעראַלן. דער יידישער גענעראַל שימען קריוואָשעין איז רעפּרעזענטירט מיט אַ דערציילונג, "אַ דערמאָנונג" וועגן איינעם אַ וולאַדימיר באָריסאָוויטש וועמען ער האָט געטראָפן אין די קאַמפן אין שפּאַניע, און אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

וואָס האָט דאָס אַלץ צו טאָן מיט יידיש לעבן אין רוסלאַנד?

אַ צווייטער גענעראַל, דער באַקאַנטער דאַוויד דראַגונסקי שרייבט וועגן "3 רייזעס קיין פּאַריז".

אין 1956 איז דער גענעראַל געווען איינגעלאַדן צו דער דערעפענונג פון א"ג "מעמאָריאַל פון יידישן מאַרטירער" (נאָר נישט נאָרמאַל־דענקענדע מענטשן האָבן געקאָנט שיקן אַן איינלאַדונג קיין רוסלאַנד). דער גענעראַל שרייבט:

"אין יענעם האַרבסט איז אויף דער וועלט געווען זייער אומרויק. אין סאַמע האַרץ פון אייראָפּע, אין סאָציאַליסטישן אונגאַרן, האָבן די נישט־דערשלאָגענע פאַשיסטן אויפגעהויבן אַ בונט קעגן דער פאָלקס־מעלוכע. אין פראַנקרייך האָבן די רעגירנדע קרייזן פון דער פערטער רעפּובליק פונקט דאַן זיך געקליבן, צוזאַמען מיט ענגלאַנד און ייסראָעל אָנהייבן די אַוואַנטורע קעגן עגיפּטן. פאַריזש איז אין יענע טעג געווען פול מיט אָנגעפּאָרענע פון יענער זייט אָקעאַן, זיי האָבן דערמאָנט סטייעס ראָבן, וואָס פליען זיך צונויף אַהין, ווו עס שמעקט מיט רויב".

דאָס האָט דער גענעראַל געמיינט די פאָרשטייער פון יידישע אָרגאַ־ניזאַציעס פון פאַרשידענע לענדער, געקומענע צו דער אַנטהילונג פון "מעמאָריאַל פון יידישן מאַרטירער".

דראַגונסקי שרייבט ווייטער:

"נאָר אויפן קייווער פון אַן אומבאַוויסטן יידן, אַ פאַרפייניקטן דורך

די דייטשן, האָט מען אויסגעבויעט אַ מאָנומענט און אויפֿן פּראָנטאָן אויס־געקריצט די ווערטער — פֿאַרגעסט ניט״!

אַן אויפֿגערודערטער צוליב נייע מלחמה־פּלענער פֿון דער מערב־וועלט האָט גענעראַל דראַגונסקי איילִיק פֿאַרלאָזט פּאַריז.

אין יאָר 1959 איז ער צום צווייטן מאָל געווען אין פּאַריז, אָבער דאַן: ״האָט זיך אין אָטעם פֿון דער פֿראַנצויזישער הויפּט־שטאָט געפֿילט עפּעס אַזוינס, וואָס זאָגט אָן אָף גוטס, וועקט האָפֿנונגען״.

וואָס זענען דאָס געווען פֿאַרא האָפֿנונגען: ״פֿראַנקרייך האָט זיך געגרייט אויפֿנעמען ניקיטע סערגייעוויטש (כרושטשאָוו). דאָס מאָל ווירקט די גוטע שטימונג אויפֿן גענעראַל, אַז ער פֿועלט ביי זיך ״באַזוכן דעם לוווּר א״אַ קונסט־פּלעצער״.

צוליב צוויי געשעענישן פֿאָרט דער גענעראַל אין יאָר 1961 ווידער קיין פּאַריז: ״אינעם מעמאָריאַל פֿון יידישן מאַרטירער עפֿנט זיך די אויסשטעלונג וועגן די ליידן און דעם קאַמף אין די געטאָס״.

צו דער דערעפֿענונג פֿון דער אויסשטעלונג האָט דער גענעראַל פּאַרשפּעטיקט. ער האָט זיך אָבער יאָ באַטייליקט אין דעם צוזאַמענפֿאָר פֿון די פֿראַנצויזישע פֿראָנט־קעמפֿער, באַטייליקטע אין דעם צווייטן וועלט־קריג. גענעראַל דראַגונסקי האָט פֿאַרן צוזאַמענפֿאָר גערעדט וועגן נאָר וואָס פֿאָרגעקומענעם 22־טן קאָנגרעס פֿון דער רוסישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אויף וועלכן עס איז ״אָנגענומען געוואָרן דער פּראָגראַם פֿון שלום פֿאַר אַלע מענטשן אויף דער וועלט״.

אויף דער מעמאָריאַל־אויסשטעלונג איז דאָך איינגעאָרדנט געוואָרן פֿאַר דעם גענעראַל אַן אויפֿנאַמע. שרייבט דראַגונסקי, אַז ״מיר איז געווען לייכטער פֿאַר אַלעמען צו רעדן, ווייל הינטער מיינע פּלייצעס האָב איך געפֿילט דאָס 212־מיליאָניקע סאָוויעטישע פֿאָלק, וואָס קעמפֿט אַקטיוו פֿאַר שלום״.

פֿון איין זאַך איז דער גענעראַל נישט געווען צופֿרידן — דאָס איז פֿון די באַגעגענישן מיט ״בורזשואַזע זשורנאַליסטן, וואָס שטעלן אים קלאָץ־קאַשעס״.

***

אין נר. 3, 1961, קומען שאַפונגען פון "פראגרעסיווע" יידישע שרייבער אין אויסלאַנד. שרייבט דער ביאַליסטאָקער, איצט אין תל־אביב, פייסעך בינעצקי אַ ליד "דער אָקטאָבער":

אַלע אומעטן אָקטיאבער האָט פאַרגאָסן
מיט אַ קאָכיקער, אַ רויטער פאַרב;
אויב אין הערצער טליען נאָך פאַרדראָסן,
וועט אָקטיאבער זיי באַפעלן — שטאַרב!
ווייל פון אַלע טויזנט יאָרן פיינען
וועט אָקטיאבער אויסלייזן די ערד.

שרה פעל־יעלין פון לאָס־אַנדזשעלעס שרייבט אין איר ליד "אייגנס":

מאָסקווע אין ערב־מאַי, פריילעך אויף די סקווערן,
פעקלעך מאַטאָנעס פאַר גרויס און קליין.
אַלץ וואָס ניטאָ נאָך — ווערט זיין.

ווייל איז צו דעם וואָס גלויבט. מיין מיטבירגערין אין לאָס אַנדזשעלעס איז פול מיט האָפנונגען. זי שרייבט ווייטער:

"בודיעט" (ס'וועט זיין) זאָגט איינער וואָס וואַרט אויף אַ צימער.
"בודיעט"! קלינגט זיכער ווי מאָרגן־רויט.
אין טאָן און אין אויגן אַ גלויביקער שימער,
יעדן טאָג ווערן שענער די טישן געגרייט.

ווי קומט דאָס וואָס עס דאַרף ערשט זיין־"בודיעט"? "או נאַס ווסיאָ יעסט" (ביי אונדז איז אַלץ דאָ), נאָך יאָרן פון סאָוויעטישן "פראָגרעס" דאַרף מען נאָך אַלץ וואַרטן אויף אַ צימער, אויף "בודיעט"?

די גאָלד־זוניקע קאַליפאָרניע, די פאַראייניקטע שטאַטן, ווו פעל־יעלין לעבט, איז איר ווייזט אויס פרעמד, "אייגנס" איז פאַר איר מאָסקווע. דאָס איז אויך נישט קיין נייעס ביי אונדזערע "פראָגרעסיווע".

עס פעלט נישט אויך אַ גרוס פון תל־אביב. וועגן אַ פייערלעכן אָוונט, געווידמעט "סאָוועטיש היימלאַנד". דער גרוס איז געשיקט פון

וועלט־חכם אַדאָלף בערמאַן, געוועזענער לינקער פּועלי־ציוניסט און איצט קאָמוניסט אין ישראל. ער שרייבט:

קיין שום אַנטיסעמיטישע העץ־קאַמפּאַניע... וועט נישט אויסמעקן ביי מיליאָנען יידן דאָס באַוווסטזיין, אַז אויב מיר לעבן, האָבן מיר דאָס צו פאַרדאַנקען דעם היסטאָרישן זיג פונעם ראַטנפאַרבאַנד און פון דער העלדישער סאָוויעטישער אַרמיי".

און וואָס איז וועגן היטלער־סטאַלין־פּאַקט? און וואָס איז מיט די אומגעבראַכטע יידישע שרייבער?

וואָס הערט זיך אין וואַרשע? אַ טעלעפאָנישער געשפּרעך פון דער רעדאַקציע "סאָוועטיש היימלאַנד" מיטן רעדאַקטאָר פון "פאָלקסשטימע" אין וואַרשע, סמאָליאַר:

"דאָס גאַנצע לאַנד (פּוילן) לעבט איצט איבער פריידיקע טעג, די פּוילישע אַרבעטער (קאָמוניסטישע) פּאַרטיי איז געוואָרן 20 יאָר. אַ גרויסן אָפּקלאַנג האָט די יוביליי־דאַטע צווישן די פּוילישע יידן (???) עס איז ברייט באַוווסט, אַז די פּאַרטיי האָט גערופן צו אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד אין די געטאָס (טאַקע אַזוי? — ש. ש.) די פּאַרטיי האָט אַלזייטיק געהאָלפן דער דאָזיקער באַוועגונג".

* * *

אין דעם זעלבן נומער איז רעפּרעזענטירט דער באַקאַנטער פּאָעט יעווטושענקאָ. עס ווערט געגעבן זיין פּאָרטרעט, ווען און ווו ער איז געבוירן, זיינע שטודיומס, אָבער מיט קיין איין וואָרט ווערט נישט דערמאָנט זיין וועלט־באַרימטע פּאָעמע "באַבי יאַר". זיין ליד געגעבן אין זשורנאַל, איבערגעזעצט פון רוסיש, טראָגט דעם נאָמען "די מאַלקע שיינהייט", אין דעם ליד רעדט זיך וועגן אַ שיינהייסט־מלכה, וואָס דאַרף אויסגעקליבן ווערן צווישן טאַנצנדיקע מיידלעך:

מיידלעך, איר געפעלט מיר אַלע,
נאָר פון אַלע איינע נאָר
איז מיין אויסדערוויילטע קאַלע...
סעניאָריטע רעוואָלוציע.

רעוואָלוציע קובאַנישע

מאַלקע שיינהייט — דאָס ביסטו!

אין "ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ" איז פאַרעפנטלעכט יעווטושענקאָס אַ ליד "די פרימאָרגן־שטאָט". צוקוקנדיק זיך צו די מענטשן אין טראַמוואַי, צוהערנדיק זיך צו זייערע געשפּרעכן, זאָגט דער פּאָעט:

ס'איז מיט עפּעס ענדגילטיק פאַרענדיקט

עפּעס נייעס, גרויס, אויף זיכער איך באַמערק.

...עס איז דאָך פרילינג

לאָז זיין זייער אַ שווערער...

...די שטאָט...

אין איר וועט זיין צום געדענקען

דאָס יאָר 1917.

אין איר וועט קיינמאָל מער

ניט זיין דאָס יאָר 1937.

אויב נישט "באַבי יאַר", פאַרוואָס נישט געבן אין "סאָוועטיש היימלאַנד" דאָס דערמאָנטע ליד? אויף דער רוסישער גאַס קאָן זיך שוין פילן אַ שוואַכער פרילינג, אויף דער יידישער גאַס איז נאָך אַלץ דער בייזער ווינטער.

* *
*

"צעלינאַ" איז אַ גרעסערע דערציילונג פון שמואל גאָרדאָן. צעלינאַ מיינט בתולה־ערד, אָדער רוי־ערד, קיינמאָל נישט באַאַרבעטע. דאָס איז איינער פון כרושטשאָווס נישט איינגעגעבענע פּלענער צו פאַרבעסערן די לאַגע אין דער אַגריקולטור־ווירטשאַפט. טויזנטער יונגע מענטשן פון אַלע עקן רוסלאַנד זענען געטריבן געוואָרן קיין קאַזאַכסטאַן. דאָס האָט באַדאַרפט הייסן פרייוויליק צו אַרבעטן ביי דעם נייעם עקספּערימענט.

די סאָוויעטישע ליטעראַטור גייענדיק אין שפּאַן פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, מוז נאַטירלעך אין אירע שאַפונגען ברענגען צום אויסדרוק אויך אָט די וויכטיקע טעמע, אַוודאי און אַוודאי מוזן די יידיש־סאָוויעטישע שרייבער זיך אָפּרופן אויף אַזאַ פּלאַן ווי "צעלינאַ".

אין דער דערמאָנטער דערציילונג שרייבט גאָרדאָן וועגן די גרויסע דערפאָלגן אויף דעם געביט, נאַטירלעך אין רעזולטאַט פון דער גרויסער איבערגעגעבנקייט פון ברייטן עולם ביי דער אַרבעט. גאַנץ באַזונדער טיילן זיך אויס איינציקע העלדן, צווישן זיי אַ יידישע פרוי, אַן אַגראָנאָם.

וועגן דעם גרויסן הונגער־שטרייק פון די אַרבעטער ביי דער "צעלי־נאַ", וועלכע האָבן געאַרבעט ביי שווידערלעכע באַדינגונגען, וועגן די דער־שיסונגען דאָרט, איז נאַטירלעך קיין וואָרט נישטאָ. אַלץ איז גלאַטיק. וועגן דעם גרויסן דורכפאַל פון דעם גאַנצן פּלאַן מיט דער "צעלינאַ" בכלל, אַוודאי און אַוודאי נישט. און ווידער דאָס זעלבע: וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט יידישע פּראָבלעמען אין רוסלאַנד?

**
*

"די באָבע פון די טראַקטאָריסטן" — אַ דערציילונג פון עליע גאָרדאָן. די הויפּט־העלדין איז מירע די טראַקטאָריסטקע. זי אַרבעט שוין 30 יאָר אויף אַ טראַקטאָר, מען רופט זי שוין "די באָבע פון די טראַקטאָריסטן". טאַקע אַ ריכטיקע קאַריערע פאַר אַ באָבע, צו אַרבעטן אויף אַ טראַקטאָר, וואָס איז נישט פון די לייכטע אַרבעטן אַפילו פאַר מענער.

מירע באַקומט אַ בריוו פון איר טאָכטער, וואָס לעבט ווייט ערגעץ אין די סטעפּעס. זי בעט דער מוטער קומען צו איר, אויב איר איין־און־איינציק אייניקל איז איר טייער. ביי דער טאָכטער אין קאָלכאָז הייבט זיך אָן דער פאַרזיי. זי וועט דאַרפן זיין אין פעלד טעג און נעכט, דאָס קינד קאָן אומ־קומען, איר מאַן איז אָפּגעפאָרן אויף אַגראַר־טעכנישע קורסן. מירע קומט צו איר טאָכטער, טרעפט דאָס אייניקל קראַנק. "וואָס קוקסטו אזוי זונעלע? ס'איז דאָך דיין באָבע, דיין באָבע די טראַקטאָריסטקע". "איך וויל זיך אויסלערנען זיין אַ טראַקטאָריסט", זאָגט דאָס אייניקל. די באָבע מירע האָט זיך אין איינעם אַ טאָג געלאָזט אין פעלד אַריין אַ קוק טאָן, ווי עס גייט דאָרט דאָס אַקערן אויף די נייע סטעפּישע מאַסיוון, ווידער די "צעלינאַ".

"ערגעץ פון דער ווייט האָט זיך דערטראָגן דאָס גערויש פון טראַק־טאָרן. ווי גוט וואָלט געווען ווען זי זיצט איצט דאָ ביים רודער און פון אונטער די לעמעכן פון איר טראַקטאָר וואָלטן זיך פאַנאַנדערגעכוואַליעט די שווערע שוואַרצערדיקע הליבעס".

גאַנץ פיינע פּערספּעקטיוון און חלומות פאַר אַ יידישער באָבע.

אויפן וועג האָט איר אָנגעטראָפן אַ בחורל: "האָט איר נישט באַגעגנט די לעטוטשקע?". "וועלכע לעטוטשקע?". "נו, די גיכע טעכנישע הילף". "וואָס איז ביי אייך געשען?". "דער טראַקטאָר שטייט ביי מיר שוין אַ גוטע שעה", קלערט אויף דער בחור.

טאָקע אַ ריכטיקע איבעראַשונג אין רוסלאַנד. דער טראַקטאָר איז געבליבן שטיין.

מירע איז אַוועק צום טראַקטאָר. זי האָט גלייך געראַטעוועט די לאַגע. אָנגעגאָסן וואַסער אין ראַדיאַטאָר, באַזייטיקט די דעפעקטן אין מעכאַניזם, און דער טראַקטאָר האָט ווייטער געאַרבעט.

אין צווישנצייט זענען אָנגעקומען טעלעפאָנישע באַגריסונגען צו מירען פון איר היימישן קאָלכאָז, אַ קלייניקייט, 30 יאָר אַרבעט אויפן טראַקטאָר: "די באָבע פון די טראַקטאָריסטן!" "וואָס זשע שווייגסטו, מירע, איז דאָך ביי אונדז אַ יאָנטעוו", שרייט אויס דער פאָרזיצער פון קאָלכאָז ווו די טאָכטער אַרבעט".

האָט אַזאַ דערציילונג עפּעס צו טאָן מיט דערווירקלעכקייט בכלל, און מיט דער יידישער ווירקלעכקייט בפרט? איז פאַראַן אַ פיזישע מעגלעכקייט צו דערלעבן זיין אַ באָבע ביי סאָוויעטישע באַדינגונגען, אַרבעטנדיק אויף אַ טראַקטאָר? מען דאַרף זוכן מיט ליכט אַ מאַן מיט אַ סטאַזש פון 30 יאָר אַרבעט...

* * *

וועגן די אומגעבראַכטע יידישע שרייבער, קומען אין איינעם פון די נומערן פראַגמענטן פון דער פּאָעמע "ירושה" פון פרץ מאַרקיש. אונטערן קעפּל ווערט צוגעגעבן: "אין דער צייט פון פּערזאָנען־קולט איז פרץ מאַרקיש טראַגיש אומגעקומען, אָבער זיין ליידנשאַפטלעכע שטים קלינגט ביז היינט אין אונדזער ליטעראַטור. די פראַגמענטן ווערן געדרוקט צום ערשטן מאָל".

קיין דאַטע ווען די פּאָעמע איז געשריבן, ווערט נישט אָנגעגעבן, אויך פאַרוואָס די פּאָעמע איז נישט פאַרעפנטלעכט ביז איצט.

* *
*

"סיביר, אוראַל, קאַלוגע און טריפּאָלי, מיט הייסן בלוט און הייסן האַרץ צעבליט, כ׳בין אומעטום אַ הייסער קאָמסאָמאָליעץ, מיט יונגע זינגענדיקע טריט״!

"אַזוי האָט אָנגעהויבן זיין וועג אין דער יידיש־סאָוויעטישער פּאָעזיע דער דיכטער־קאָמוניסט איציק פעפער, וואָס איז טראַגיש אומגעקומען אין דער צייט פון פּערזאָנען־קולט״.

אונטער אָט דעם קעפּל קומען אייניקע נישט־געדרוקטע לידער פון איציק פעפער.

ווי ביים אָנהייב געזאָגט, ווערט מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט וועגן חורבן פון דער יידישער ליטעראַטור בימי סטאַלין. קיין איין וואָרט נישט וועגן פּאָגראָם אויף די יידישע שרייבער. מען קומט אָפּ מיט דעם שאַבלאָנעם אויסדרוק: "אומגעקומען אין דער צייט פון פּערזאָנען־קולט״.

* *
*

אונטערן קעפּל: "ליטעראַרישע ירושה פון די שרייבער־ שלאַכטלייט״ קומט אַ רשימה פון די ליטעראַרישע ווערק, וואָס עס האָבן געשאַפן די שרייבער, וועלכע זענען געפאַלן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. אין דער רשימה גייען אַריין נעמען פון 42 שרייבער, יעדער מיט עטלעכע שאַפונגען. די סאָוויעטיש־דייטשע מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1941, דאַרף מען אָננעמען, אַז אין דעם יאָר זענען נאַטירלעך איבערגעריסן געוואָרן די שאַפונגען פון די אומגעקומענע אין דער מלחמה.

אין דער רשימה זענען אָנגעגעבן 8 שאַפונגען, וואָס זענען דערשינען אין יאָר 1941. 22 שאַפונגען אין יאָר 1940. די איבעריקע אין די יאָרן 1919—1937. אייניקע בלויז אין די יאָרן 1938—1939.

וואָס איז די סיבה, וואָס צענדליקער שרייבער האָבן שוין פון 1937 מער נישט געשריבן ? זאָל דאָס זיין ווייל זיי זענען געפאַלן אויפן היימישן "שלאַכטפעלד״ ?

***

אין ביבליאָגראַפישע נאָטיצן באַהאַנדלט אַבע פינקעלשטיין די פראַגע וועגן די ווערק פון די יידישע שרייבער אין די יאָרן 1955—1961, אין נר. 3, 1962.

אין דערמאָנטן פעריאָד האָבן זיך אין רוסלאַנד באַוויזן די ווערק פון יידיש־סאָוויעטישע שרייבער אין איבערזעצונגען. 178 ביכער פון בערך 80 יידישע שרייבער אין אַ טיראַזש פון קרוב 12 מיליאָן עקזעמפּליאַרן, צווישן זיי 33 ביכער פון די קלאַסיקער.

ביכער פון יידישע שרייבער אין איבערזעצונגען האָבן אַרויסגעגעבן 33 פאַרלאַגן אין פאַרשידענע רעפּובליקן פון ראַטנפאַרבאַנד. די דערמאָנטע 187 ביכער זענען דערשינען אין 19 שפּראַכן, ענגליש, שפּאַניש, בענגאַליש, הינדו. די גרעסטע צאָל ביכער — 125, זענען אַרויס אין דער רוסישער איבערזעצונג.

דער ביבליאָגראַף פינקעלשטיין שרייבט: "דאָס איז געוויס אַ דער־פרייענדיקע דערשיינונג, ווייל די איבערוויגנדיקע מערהייט פון דער סאָוויעטישער באַפעלקערונג לייענט רוסיש, און די יידישע סאָוויעטישע שרייבער האָבן באַקומען אַן אומבאַגרענעצטן קאָנטיגענט לייענער". 6 בי־כער זענען דערשינען אין יידיש, דאָס זענען די ווערק פון שלום־עליכם, מענדעלע, י. ל. פּרץ, דוד בערגעלסאָן, אָשר שוואַרצמאַן און די ביראָבי־דזשאַנער זאַמלונג.

בלויז 6 ביכער אין יידיש. קאָמענטאַרן זענען איבעריק.

***

אייניקע אָנגעגעבענע טיראַזשן זאָגן: פּרץ מאַרקישס אויסגעווײלטע ווערק אין 2 בענדער זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 20 טויזנט עקזעמ־פּליאַרן יעדעס בוך; י. ל. פּרץ, מענדעלע — ביידע אין יידיש — צו 30 טויזנט עקזעמפּליאַרן; דוד בערגעלסאָן — אין יידיש — אין 30 טויזנט; אין רוסיש — 75 טויזנט עקזעמפּליאַרן. אַלע אויסגאַבן אין יידיש במשך פון דערמאָנטן פעריאָד זענען דערשינען אין 133 טויזנט עקזעמפּליאַרן.

דער ביבליאָגראַף פאַרענדיקט זיינע נאָטיצן מיט פאָלגנדיקער באַ־מערקונג: ״דאָס איז מעגלעך בלויז אין סאָוויעטנפאַרבאַנד, ווו עס בליט אין גאַנצן פּראַכט די פעלקער־פריינטשאַפט״.

אַוודאי קאָנט איר האָבן אַן אַנדערע מיינונג סיי וועגן די אויספירונגען, און בעיקר וועגן די אָנגעגעבענע ציפערן און צאָלן. די אָנגעגעבענע ציפערן זענען גאַנץ אימפּאָזאַנט, אין די אויסגאַבן פון מענדעלע און פרץ האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו זען דעם אָנגעגעבענעם טיראַזש פון 30 טויזנט עקזעמפּליאַרן.

פון דער טרויעריקער דערפאַרונג פון אַלע יאָרן איז שווער צו פועלן ביי זיך צו גלייבן אין דער אמתדיקייט פון די אָנגעגעבענע ציפערן. מיר האָבן אַ רייכע דערפאַרונג וועגן ציפערן, וואָס קומען פון רוסלאַנד אויף אַלע אַנדערע געביטן.

* * *

אין איינעם פון די נומערן, שרייבט יעשוע ליובאָמירסקי ״וועגן אונ־דזער עסטראַדע״ (די סאָוויעטיש־יידישע עסטראַדע):

״שוין דער קורצער איבערבליק גיט אַ פאָרשטעלונג וועגן פרישע שטראָמען אויף אונדזער יידישער עסטראַדע. מען דאַרף אָבער מוידע זיין, אַז אין פאַרגלייך מיט דער רוסישער עסטראַדע זענען מיר הינטערשטעליק. די עסטראַדע האָט נישט קיין רעזשי און אויך קיין קריטיק. פאַר דער סאָוויעטישער עסטראַדע שטייען ערנסטע דער־ציערישע און אידעיש־קינסטלערישע אויפגאַבן... דאָס בעסטע מיטל איז — קאָנסאָלידירן די כוחות. עס מוז קומען אַ שטענדיקער און ענגער קאָנטאַקט צווישן אַלע עסטראַדע־שרייבער, קאָמפּאָזיטאָרן און אַרטיסטן״.

עס איז נישט קיין וווּנדער, וואָס די לאַגע אויף דער יידישער בינע איז אַזוי ווי זי ווערט אויבן געשילדערט, נאָך אַזויפיל יאָרן פון פאַר־שטומונג.

דער אמת איז, אַז די יידישע אַנסאַמבלען אין סאָוויעטנפאַרבאַנד זענען שטאַרק פּאָפּולער. ווי עס ווערט אָנגעגעבן אין דער כראָניק, האָט

די צאָל באַזוכער אין משך פון אַ יאָר, דערגרייכט די צאָל פון דריי הונדערט טויזנט. די יידישע אַנסאַמבלען גאַסטראָלירן אין פאַרשידענע רעפּובליקן. אין ווילנע איז טעטיק אַ זעלבשטענדיקער דראַמאַטישער קול־טור־אַקטיוו פון 50 ליבהאָבער. זייער וואַרעם ווערט אויפגענומען דער יידישער כאָר אין ריגע, דער כאָר ציילט העכער צוויי הונדערט זינגער. "אַ גוטע ליד זוך איך מיט ליכט", זאָגט די באַקאַנטע זינגערין נחמה ליפשיץ, וועלכע פאָרט אַרום איבער אַלע רעפּובליקן. אירע קאָנצערטן האָבן אַ גרויסן דערפאָלג.*

אין דער רעדאַקציע פון "סאָוועטיש היימלאַנד" איז פאָרגעקומען אַ באַראַטונג וועגן יידישן ליד, מיט דער באַטייליקונג פון קאָמפּאָזיטאָרן, אַקטיאָרן, רעזשיסערן, שרייבער, ליטעראַטור־קריטיקער, מוזיק־פאָרשער. אין דער דיסקוסיע זענען געבראַכט געוואָרן מיינונגען, אַז מען דאַרף אויס־פירן בלויז פאָלקסלידער, אַנדערע ווידער האָבן זיך אַרויסגעזאָגט בלויז פאַר היינטצייטיקער טעמאַטיק. "נייע טעמעס, נייע מאָטיוון — דאָס איז די צענטראַלע פראַגע פאַר די יידישע אַרטיסטן".

אַרום 30 קאָמפּאָזיטאָרן, דערציילט זינאָווי קאָמפּאַניעץ, שרייבן מוזיק פאַר יידישע זינגער. "עס איז דאָ וועגן עס זאָל זינגען, עס איז דאָ פאַר וועמען צו זינגען. מיר דאַרפן טאָן אַלץ, אַז עס זאָלן זיין וואָס מער גוטע לידער", האָבן געטענהט די אַרטיסטן. אַ קריטיק האָט אַרויסגערופן דאָס ליד פון לערנערן "שוין גענוג":

.1

הער שוין אויף צו וויינען, שוין גענוג צו קלאָגן,
ניין און ניינציק כיינען האָבן די פאַרטאָגן;
ניין און ניינציק וווּנדער דערשינען די פאַרנאַכטן.
גראַבל נישט די ווונדן, די שוין האַלב־פאַרמאַכטע.
הער שוין אויף, הער שוין אויף, הער שוין אויף צו וויינען,
שוין גענוג, שוין גענוג, שוין גענוג צו קלאָגן,
שוין גענוג און שוין גענוג.

* ווי באַקאַנט, געפינט זיך שוין נחמה ליפשיץ אין ישראל און אויך געמאַכט אַ טורנע איבער פאַרשידענע מערב־לענדער. — (י. פ.)

.2

קוואָרים אָף די וועגן, היימען אין רוינען ?
דרויסן אַ רעגן און טאָלן גרינען.
און די שטערן רוישן, און די הימלען וואַכן,
וועסט די טייערע קדושים לעבעדיק נישט מאַכן.

.3

לייג דיין קאָפּ אַנידער אָף מיין פעסטן אַקסל
הער, עס זינגען לידער קינדערלעך און וואַקסן.
ניין או ניינציק וואונדער, ניין און ניינציק כיינען...
גראַבל נישט די וואונדן! הער שוין אָף צו וויינען!

* * *

אויס מיטן פערזאָנען־קולט! לעבן זאָל דער פערזאָנען־קולט! "אומגעקומען אין דער צייט פון פערזאָנען־קולט". מיט אַזאַ צוגאָב ווערן געדרוקט די שאַפונגען פון מאַרקיש, פעפער און אַנדערע אין "סאָוועטיש היימלאַנד", אָבער דאָס שטערט נישט די יידישע שרייבער ווייטער אָנצוהאַלטן דעם פערזאָנען־קולט. נישטאָ סטאַלין, אָבער לעבן זאָל כרושטשאָוו. אַ מוסטער: מוישע נאָטאָוויטש אין זיין אָפּהאַנדלונג אין נר. 2, 1961: "די נייע יידישקינסטלערישע הייכן". ער קאָן זיך נישט אָפּרייסן פון כרושטשאָוון, "כרושטשאָוו האָט געזאָגט", "כרושטשאָוו האָט געשריבן", "אַ געפיל פון שטאָלץ האָבן אַרויסגערופן ביי די שעפער פון ליטעראַטור און קונסט כרושטשאָווס ווערטער: "מיר זענען צופרידן מיט אייער טעטיקייט, כאַווייריםת"! כרושטשאָוו האָט גערופן צו אַן "ענגער פאַרבינדונג פון דער ליטעראַטור און קונסט מיטן לעבן פונעם פאָלק"!

און אַזוי כסדר.

די "טיפטיפזיניקע" געדאַנקען פון ניקיטאַ כרושטשאָוו, וועלכע זענען דאָ געבראַכט, זענען אפשר בלויז אַ ברוכטייל פון דעם, וואָס נאָטאָוויטש ברענגט אין זיין אָפּהאַנדלונג. בשום אופן קאָן מען אַזאַ קריכערישקייט נישט געפינען אויף די שפאַלטן פון די ערנסטע רוסישע זשורנאַלן.

די טעמע "פערזאָנען־קולט און סטאַלין־מאָרד" ווערט שטאַרק און אָפט

באַלויכטן אין דער רוסישער ליטעראַטור, אָבער צו דער יידישער גאַס אין ראַטנפאַרבאַנד האָט דאָס נאָך נישט דערגרייכט. די יידישע שרייבער קאָנען זיך דאָס נישט דערלויבן. דער באַריכט וועגן סטאַלינס טעראָר, וואָס כרושטשאָוו האָט געבראַכט פאַרן 20־סטן קאָנגרעס פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, געהיים, איז שוין נישט קיין סוד פאַרן רוסישן פאָלק. דער באַריכט ווערט קאָמענטירט און באַהאַנדלט אויף פאַרשידענע אופנים. וועגן סטאַלינס טעראָר ווערט גערעדט און געשריבן אין דער סאָוויעטישער פרעסע, אין דער סאָוויעטישער ליטעראַטור. באַזונדערס אָנגרייפעריש ווערט געשריבן וועגן די אומגעבראַכטע מיליטערישע פירער אין די יאָרן פון טעראָר. וועגן זיי ווערט גערעדט ווי וועגן אומשולדיקע קרבנות פון סטאַלינען. עס ווערט אַ סך געשריבן וועגן חורבן, וואָס דער סטאַלין־טעראָר האָט אָרייַנגעבראַכט אין דער סאָוויעטישער ליטעראַטור און פרעסע. אין "סאָוועטיש היימלאַנד" ווערן אָבער מיט קיין איין וואָרט נישט געבראַכט צום אויסדרוק די געפילן פון דער יידישער וועלט צו דעם פאָגראָם אויף דער יידישער ליטעראַטור, דאָס אומברענגען די יידיש־סאָוויעטישע שרייבער.

צו די יידישע סאָוויעטישע שרייבער קאָן מען קיין טענות נישט האָבן, בנוגע זיי, ווי בכלל צום גאַנצן יידישן פאָלק. אין רוסלאַנד גייט נאָך אַלץ ווייטער אָן דער טעראָר. אין דער סאָוויעטישער ליטעראַטור און פרעסע קומען צום אויסדרוק די שטימונגען און געפילן פון די געענדערטע באַדינגונגען נאָכן דעמאַסקירן דעם סטאַלין־קולט. עס הערט זיך אַ ניי וואָרט. די יידיש־סאָוויעטישע שרייבער האַלטן זיך נאָך אַלץ ביי די פאַרמלחמהדיקע טעמעס, ווידער קאָלכאָז, ווידער ביראָבידזשאַן, די באָבע די טראַקטאָריסטקע אד"גל.

* *
*

דאָס דרעשיינען פון "סאָוועטיש היימלאַנד" האָט אין דער יידישער וועלט, מחוץ רוסלאַנד, געשאַפן פיל אילוזיעס.

אַ ריי יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן האָבן מיטן דערשיינען פון זשורנאַל געזען אַ פּאָזיטיוון פאַקט, אַז דער זשורנאַל איז געקומען אין רעזולטאַט פון די פאָדערונגען פון דער יידישער עפנטלעכער מיינונג.

די געבראַכטע פראַגמענטן פון די שאַפונגען פון די יידישע שרייבער אין רוסלאַנד, ווי בכלל די טעמאַטיק, שאַפן אַ קלאָר בילד, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר "סאָוועטיש היימלאַנד" און וואָס מיר קאָנען פון דעם זשורנאַל דערוואַרטן.

די טרויערדיקע פראַקטיק פון דער סאָוויעטישער פּאָליטיק בכלל, און זייער באַציונג צו די יידן אין רוסלאַנד בפרט, גיט נישט קיין שום גרונט צו מאַכן פּאָזיטיווע אויספירונגען וועגן וועלכע עס איז ענדערונגען צום בעסערן לגבי די יידן.

* * *

אָקטאָבער 1961, אויף מיין וועג קיין ישראל, איז מיר אויסגעקומען זיך צו באַטייליקן אין פּאַריז אין אַ סימפּאָזיום, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורך דער דאָרטיקער בונדישער אָרגאַניזאַציע וועגן "סאָוועטיש היימלאַנד", באַבי יאַר און וועגן דיסקרימינאַציעס קעגן יידן אין סאָוויעט־רוסלאַנד. אין דער פראַגע פון "סאָוועטיש היימלאַנד" אין שייכות מיטן דערשיינען פון ערשטן נומער, האָב איך געבראַכט צום אויסדרוק מיין שטעלונג, אַז עס איז נישטאָ מיט וואָס זיך צו פרייען. עס איז מער נישט ווי יידישע אותיות מיט אַ ריין קאָמוניסטישן אינהאַלט אויפן אַלטן שטייגער בימי סטאַלין, אַז אין זשורנאַל וועט זיך אַבסאָלוט נישט אָפּשפּיגלען, נישט די יידישע טראַגעדיע אין רוסלאַנד, נישט דער פּאָגראָם אויף דער יידישער ליטעראַטור און קולטור. צוליב דער מורא פאַר דער מורא ( אַ טיפּישע יידיש־רוסישע דערשיינונג) וועלן די יידן בכלל זיך האַלטן פון דערווייטנס פון דעם זשורנאַל. די דערשינענע ביז איצט נומערן פון "סאָוועטיש היימלאַנד" האָבן דאָס אַלץ, צום גרויסן באַדויערן, באַשטעטיקט.

# רוסלאַנד אַן באַפּוצונגען...

(וועגן בוך פון לעאָניד וולאַדימיראָוו־פינקלשטיין)

דער מחבר פינקעלשטיין־וולאַדימיראָוו איז געבוירן אין אוקראַינע, שפּעטער, צוזאַמען מיט די עלטערן, זיך באַזעצט אין לענינגראַד, שטודירט אין מאָסקווע. אין יאָר 1947 פאַרשיקט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, ווערט באַפרייט נאָך סטאַלינס טויט. פון יאָר 1958 איז וולאַדימיראָוו אַ פּראָפע־סיאָנעלער זשורנאַליסט. ער האָט אַרויסגעגעבן עטלעכע ביכער פון אַ פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכן כאַראַקטער.

צוזאַמען מיט אַ גרופּע סאָוויעטישע שרייבער און זשורנאַליסטן באַ־קומט ער אַ דערלויבעניש צו באַזוכן ענגלאַנד. דאָרטן האָט ער זיך געווענדעט וועגן אַזיל־רעכט. ווי ער שרייבט, האָט ער זיך געגרייט אין פאַרלויף פון צען יאָר פאַרלאָזן רוסלאַנד.

אין זיין בוך ״רוסלאַנד אַן באַפּוצונגען״ ברענגט וולאַדימיראָוו־פינ־קעלשטיין אַן אויסערגעוויינלעך רעאַליסטיש בילד, וואָס שפּיגלט אָפּ די טרויעריקע סאָוויעטישעווירקלעכקייט. דער מחבר באַנוצט זיך דערביי מיט אַ סך איראָניע, רעדט מיט ווייטיק און צער וועגן די קאָנטראַסטן אין סאָוויעט־רוסלאַנד, וועגן לאָגיק אויף דער פאַרקערטער זייט, וועגן געצווונ־גענער צביעות מיט וועלכער דער סאָוויעטישער מענטש לעבט פון זיינע קינדער־יאָרן ממש.

פון 225 מיליאָן סאָוויעטישע בירגער קאָן זיך נאָר אַ קליינע צאָל באַרימען, אַז זיי האָבן געזען דאָס לאַנד ווי געהעריק, די מערהייט ווערט געבוירן, שטאַרבט און האָט קיינמאָל נישט באַזוכט מאָסקווע, דאָס זעלבע אויך אַנדערע טיילן פון גרויסן לאַנד. נאָך ווייניקער האָבן די מעגלעכקייט צו זען דאָס לאַנד אויסלענדישע טוריסטן, קאָרעספּאָנדענטן, דיפּלאָמאַטן. בלויז 39 שטעט זענען צוטריטלעך פאַר אויסלענדער. אַפילו דורכפאָרנדיק אַ דאָרף איז נישט דערלויבט דאָרטן זיך צו פאַרהאַלטן.

ווי אַ גליקלעכער אויסנאַם האָט דער מחבר געהאַט די מעגלעכקייט צו באַזוכן דאָס לאַנד אין דער לענג און אין דער ברייט.

במשך העכער פופציק יאָר האָט סאָוויעט־רוסלאַנד דורכגעמאַכט קאָלאָסאַלע דערגרייכונגען אויף אַלע געביטן. ריכטיק אָבער איז, אַז דאָס לעבן איז אומעטיק און שווער. די פאַרדינסטן זענען נידעריקע, מען ווינט ענג, מען עסט שפּאָרעוודיק, מלבושים קאָסטן טייער. אָבער אָט דאַרפן קומען רעפאָרמען, מען וועט העכערן דעם לעבנס־סטאַנדאַרט. עס דאַרף ווערן לייכטער... אַוודאי דאַרף מען אויסגעבן אַ סך אויף באַוואָפענונג, ווייל די קאַפּיטאַליסטן באַוואָפענען זיך, הגם רוסלאַנד איז אינגאַנצן פאַר שלום. "אויב מיר וועלן אָפּשטיין אין באַוואָפענונג וועלן די מיליאָנערן אויף אונדז אָנפאַלן און עס וועט זיין ווי ביז דער רעוואָלוציע".

וולאַדימיראָוו רעדט מיט איראָניע, אַז רוסלאַנד האָט נישט קיין מזל צו אירע פירער. נאָך לענינען האָט די מאַכט פאַרכאַפּט סטאַלין. ער האָט אַוודאי געמיינט דאָס בעסטע, ער האָט דאָס אָבער געמאַכט מיט שוידערלעכע מעטאָדן. ער איז דאָך נישט געווען קיין רוסישער, נאָר אַ גרוזינער, אָבער אויך דער גראָבבייכיקער כרושטשאָוו איז געווען נישט בעסער, "נו, וועלן מיר זען וואָס קאָסיגין און ברעזשניעוו וועלן באַווייזן".

אין די סאָוויעטישע צייטונגען, ווי אַלעמאָל, זאָגט מען ליגן. עס איז עקלדיק צו לייענען, אָבער אַנדערש איז נישט מעגלעך, ווייל די אויסלענדישע בורזשואַזע פּראָפּאַגאַנדע צעבלאָזט אַלע שוועריקייטן וואָס גיין אָן אין רוסלאַנד.

"די לעצטע צייטן רעדט מען אַזויפיל וועגן לעבן אין רוסלאַנד און וועגן לעבן אין די בורזשואַזע לענדער. מען זאָגט, אַז אין אַמעריקע פאָרן אַפילו אַרבעטער אין אייגענע אויטאָמאָבילן, יעדער איינער האָט פאַר זיך אַ ווינונג. אויב זיי זאָגן נישט קיין ליגן איז דאָס פּשוט אומפאַרשטענדלעך — ביי אונדז איז דאָך סאָציאַליזם, דער אַרבעטס־מענטש דאַרף דאָ לעבן בעסער, דאָרטן ווערט דאָך דער מענטש עקספּלאָאַטירט".

"די פירער פון רוסלאַנד זענען טאַקע נייע מענטשן, אָבער איבערן לאַנד זיצן אַלץ די זעלבע פרעסער. אונדזער דירעקטאָר, למשל, איז דער זעלבער הונט ווי געווען, ער שרייבט די אַרבעטער אויסצופירן דעם פּלאַן.

עס איז אַ מיליטערישע באַשטעלונג פאַר "אונדזערע" אַראַבישע פריינט, ווער דאַרף זיי האָבן די אַראַבישע פריינט? מיר שטיפּן אונדזערע מיליאָנען קיין מצרים און אין אַנדערע אַראַבישע לענדער. נו, האָט מען פון די אַראַבער געמאַכט אַ סך־הכל, און ווער האָט דאָס געמאַכט — די יידן אין ישראל. דאָס זעלביקע מיט די כינעזער. אין משך פון יאָרן האָבן מיר זיי געהאָדעוועט, מען האָט פאַר זיי געבויט פאַבריקן, געגעבן מאַשינען, געווער, און וואָס איר ווילט. און איצט זענען זיי קעגן אונדז".

"אַוודאי ווייסן די סאָוויעטישע פירער בעסער ווי די מענטשן. האָט מען דעם עולם גערופן אויף אַ מיטינג קעגן ישראל, האָט מען געהויבן די הענט. און אַז דו ביסט נישט מסכים וועסטו דען שטימען קעגן? וואָס מיינט דאָס, אַז אַלע זענען פאַר און דו איינער קעגן? נאַרישקייטן, נאָר אַן אומגליק אויף זיך אַרויסרופן".

"אומזיסט שרייט די יוגנט וועגן פרייהייט. צוליב וואָס דאַרף איך פרייהייט? מיט ברויט וועסטו דאָס נישט עסן, אין קעשענע נישט אַריינ־לייגן, קיין מאַנטל וועסטו פון אַט דער פרייהייט נישט אויפנייען. אַט וועט גאָט געבן, וועלן מיר דעם פינפיאָר־פּלאַן אויספילן, און איך וועל סוף כל סוף באַקומען אַ דירה. שוין צען יאָר ווי מען זאָגט מיר צו אַ דירה, אָבער די דירות גיט מען די נאַטשאַלניקעס, — און נאַטשאַלניקעס זענען דאָ אַזוי פיל, אַז צו מיר וועט די ריי קיינמאָל נישט קומען".

וולאַדימיראָוו שטעלט זיך זעלבסט די פראַגע — צי וועט ער דערלעבן דעם קאָמוניזם? כאָטש נאָר בלויז זען, נאָר אַ קוק טאָן, ווי אַלץ באַקומט מען אָן געלט, אַלעמען לויט די באַדערפענישן. וויפל מאָל האָט מען דאָס שוין צוגעזאָגט, אָבער מען לייגט דאָס אַלץ אָפּ. אינעם לעצטן פּראָגראַם פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, אין יאָר 1961, האָט מען קלאָר געשריבן: "די פאַרטיי מעלדעט פייערלעך: דער איצטיקער דור פון סאָוויע־טישן מענטש וועט שוין לעבן אין באַדינגונגען פון קאָמוניזם". אָבער ער האָט מורא, אַז אַזוי וועט ער שטאַרבן נישט זעענדיק דעם קאָמוניזם. עס איז פשוט אַ פּאַרדרוס.

אַנאַליזירנדיק די סאָוויעטישע דיקטאַטור שרייבט דער מחבר אַזוי: "דער פאַשיזם אין דייטשלאַנד און איטאַליע, איז געווען געשטיצט דורך

זייערע מאַסן, ווייל די לאָזונג איז געווען: "עס און שווייג". די דייטשן און איטאַליענער האָבן אין יענע יאָרן געלעבט אין ווילטאַג, אָבער דאָס פּאַסט זיך נישט צום סאָוויעטישן רעזשים. אַנשטאָט "עס און שווייג", פאָדערט די קאָמוניסטישע דיקטאַטור "עס ווייניק און שריי הוראַ"! און דאָס רוסישע פאָלק וואַרפט זיך אונטער אָט דער לאָזונג שוין העכער פופציק יאָר..."

וולאַדימיראָוו־פינקעלשטיין באַמערקט ווייטער, אַז דער ציל פון זיין בוך איז ווייזן און נישט פאָרשן. ער וויל זיך באַמיען צו ווייזן דעם מעכאַניזם, וועלכער פאָרמירט דעם געדאַנקנגאַנג פון סאָוויעטישן בירגער.

וויאַזוי ווערט פאָרמירט די וועלט־אַנשויונג פון סאָוויעטישן בירגער? די מערהייט סאָוויעטישע פרויען מוזן אַרבעטן, ווייל פונעם מאַנס פאַרדינסטן איז נישט מעגלעך אויסצוהאַלטן אַפילו די קלענסטע משפחה. די ניי־געבוירענע קינדער ווערן אַוועקגעגעבן אין אַ קינדער־אַנשטאַלט. צו דריי יאָר, ווען דאָס קינד ווערט אַרויסגעלאָזט פון אַנשטאַלט, איז עס שוין אין אַ געוויסער מאָס פּאָליטיש גראַמאָטנע. דאָס קינד ווייסט שוין די האַרציקע געשיכטעס וועגן זיידן לענין, וועלכער איז געווען דער בעסטער מענטש אויף דער וועלט. פריער האָט דאָס קינד געוווסט וועגן גרויסן פאָטער סטאַלין. דאָס קינד ווייסט, אַז פריער האָט מיטן לאַנד געפירט אַ שלעכטער צאַר, אַז איצט פירן־אָן מיט דער מלוכה די אַרבעטס־מענטשן אַליין. אַז די סאַמע בעסטע און קלוגסטע מענטשן אין לאַנד געהערן צו דער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי. אַז אין אַמעריקע זיצן פאַרשאָלטענע בורזשויען, וועלכע ווילן אויפהענגען אַלע קאָמוניסטן און אַוועקזעצן צוריק דעם צאַר.

די דריי־יאָריקע קינדער ווייסן נאָך מער: זיי ווייסן וועגן דער רויטער אַרמיי, וועלכע לאָזט נישט די שונאים זאָלן פאַרכאַפּן דאָס לאַנד א.אַ.וו. מען ווייזט זיי בילדלעך פון די בורזשויען מיט גראָבע בייכער, שרעקלעכע, מיט אַרויסגעסטאַרטשעטע ציין.

פון דריי ביז זיבן יאָר באַזוכט דער קליינער סאָוויעטישער בירגער אַ קינדער־גאָרטן, במשך די פיר יאָר דערגייט ער דאָרט אַ סך. אין קינדער־גאָרטן ווערט שטאַרק אַנטוויקלט ביי די קינדער דאָס געפיל פון קאָלעקטי־וויזם, און דאָס מיינט, אָן שום באַוואָרענישן אונטערוואַרפן זיך דעם פירער. "אַלע עסן קאַשע, און דו נישט? אַ חרפּה. אַלע זינגען וועגן דער רויטער

פאַן, און דו זינגסט נישט, ביסטו קעגן אַלעמען?״ די גרעסטע זינד אין קינדער־גאָרטן איז מיט עפּעס וואָס זיך אויסצוטיילן, די קינדער ווערן דערצויגן אין גייסט צו זיין גלייך מיט אַלעמען. דער קאָלעקטיוויזם בלייבט שוין אייגעוואָרצלט פאַר די ווייטערדיקע יאָרן. די ווירקונג פון קינדער־גאָרטן ביים פאָרמירן דעם מענטש איז שטאַרק. אין סאָוויעטישן מענטש אַנטוויקלען זיך שטריכן, וועלכע זענען נייטיק דעם סאָוויעטישן רעזשים.

וועגן אַ מעגלעכקייט צו באַפרייען מוטערס פון אַרבעט, זאָל זיין אין די ערשטע דריי יאָר פון קינד, ווערט נישט גערעדט, ווייל מען וואָלט דאָך באַדאַרפט שטאַרק פאַרגרעסערן די פאַרדינסטן פון די מענער אויף אויס־צוהאַלטן די משפחה. דערביי באַמיט זיך די סאָוויעטישע פּראָפּאַגאַנדע אידעאָלאָגיש צו באַגרינדן די נויטווענדיקייט פון פרויען־אַרבעט. עס ווערט גערעדט וועגן גלייכבאַרעכטיקונג פאַר פרויען. אָבער וועגן דעם ווי שווער עס איז פאַר דער סאָוויעטישער פרוי, וואָס אַחוץ איר שווערע אַרבעט מוז זי אויך פירן די הויז־ווירטשאַפט, וואָס פירט דערצו, אַז צו 35 יאָר זעט זי אויס ווי אַ זקנה — וועגן דעם ווערט פאַרשוויגן. שטענדיק אַ פאַרהאָרע־וועטע, קאָן זי נישט, ביים איר בעסטן ווילן, געבן איר מאַן קיין ליבע און קאָמפאָרט, וואָס פירט דערצו, אַז דער מאַן געפינט לייכט אַ צווייטע פרוי.

די צאָל פאַמיליע־טראַגעדיעס אויף דעם געביט איז אין סאָוויעט־רוסלאַנד קאָלאָסאַל, און אויב אַזאַ פאַמיליע האַלט זיך פאָרמעל, אָפט צוליב די קינדער, איז דאָס לעבן פון אַזאַ פאַמיליע אַן אמתער גיהנום: קריגערייען צווישן מאַן און פרוי, שמוציקע סקאַנדאַלן קומען געוויינלעך אין דער אָנוועזנהייט פון די קינדער, ווייל בדרך־כלל האָבן די קינדער נישט קיין באַזונדערע צימערן. אין אַזעלכע באַדינגונגען איז נישט שווער זיך פאָר־צושטעלן די מאָראַלישע קאָמפּלעקסן ביי די קינדער.

* * *

מיט אַזאַ באַגאַזש פון ״וויסן״ קומט דאָס קינד אין ערשטן קלאַס פון דער פאָלקסשול. די פּאָליטישע דערציונג גייט אָן: אַכציק זייטלעך פון רוסישן אלף־בית, אַ ביכל מיט בילדלעך, זענען 63 זייטלעך געווידמעט

לענינען, דער רעוואָלוציע, דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, דעם קרעמל, דער רויטער אַרמיי אד״גל.

פון אָנהייב שול־יאָר, אין ערשטן קלאַס, הייבט מען גלייך אָן צוגרייטן די קינדער צום יאָרטאָג פון דער רעוואָלוציע. יעדעס קינד מוז צום יום־טוב אויסלערנען זיך אַ לידל אויף אַ פּאָליטישער טעמע. אין עלטער פון 14 יאָר האָט דער שילער די מעגלעכקייט אַרייַנצוטרעטן אין קאָמסאָמאָל, אין דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. דאָרט זענען שוין דאָ א. ג. פירער און נאַטשאַלניקעס וועמען מען דאַרף זיך אונטערוואַרפן. די פירער ווערן אויסגעוויילט לויט אַלע פּרינציפּן פון דער קאָמוניסטישער דעמאָקראַטיע, מען שטימט פאַר זיי, אָבער פּאַקטיש ווערן אַלעמאָל אויסגעוויילט די, וועלכע ווערן רעקאָמענדירט פון אויבן. די יוגנט ווערט אַזוי אַרום צוגעוווינט צום סיסטעם פון הערארכיע, און דערמיט גייען זיי אַריין אין לעבן.

שטעלט זיך די פראַגע: אין אַ לאַנד וווּ מען פירט יעדן מענטש אויף דעם פּאַרטיי־שטריקל, פון קינדערהיים און שול ביזן קבר, ווי אַזוי קאָן קומען צו אַן אַנטוויקלונג פון זעלבסטגעדאַנק? אָבער אַ פאַקט, אַט די דערשיינונג אַנטוויקלט זיך אין סאָוויעט־רוסלאַנד פון טאָג צו טאָג אַלץ ברייטער.

ווי געזאָגט, פאַרנעמט זיך דער מחבר פונעם בוך בלויז מיט שילדערן די לאַגע, אָן באַפוצונגען. דעם ענטפער לאָזט ער איבער פאַרן לייענער גופא.

## אַ שטאָט אָן אַ נאָמען

אַרום 2.500 מייל פון מאָסקווע, אויפן ברעג פון אַ גרויסן טייך, אַרומגערינגלט מיט וועלדער, געפינט זיך אַ שיינע שטאָט שוין מערערע יאָרן. די דאָזיקע שטאָט וועט איר נישט געפינען אויף קיין איין געאָגראַפישער מאַפּע. די שטאָט, קאָן מען זאָגן, איז פיל שענער ווי מאָסקווע. זי האָט נישט קיין נאָמען, בלויז אַ נומער. אויף די קאָנווערטן דאַרף מען אָנגעבן דעם נומער פון איינער פון די גרויסע שטעט אויף סיבר, און צוגעבן דעם נומער.

די שטאָט איז נישט צוטריטלעך פאַר קיינעם, אַחוץ פאַר אַ קליינער צאָל מלוכה־פירער, און אייניקע מאָסקווער געלערנטע, וואָס זענען דירעקט פאַרבונדן מיט די געהיימנישן פון דער שטאָט.

אין שייכות מיט דער דערעפענונג פון דער גרעסטער אין דער וועלט עלעקטרישער אונטערנעמונג אין דער געגנט פון דער סודותדיקער שטאָט, האָט באַדאַרפט אַהין אַראָפּפאָרן אַ צאָל אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן. צו דעם איז נישט געקומען. געקומען איז בלויז אַ גרופּע סאָוויעטישע קאָרעספּאָנדענטן, צווישן זיי וולאַדימיראָוו־פינקעלשטיין.

דער מחבר האָט נאָך געהערט פון אַ ריי געלערנטע וועגן דער עקזיס־טענץ פון אָט דער געהיימער שטאָט אָן אַ נאָמען. גערעדט האָט מען, אַז אין דער שטאָט קאָן מען קויפן אַלצדינג, פונקט ווי אין פּאַריז אָדער ניו־יאָרק, דערביי פאַר זייער נידעריקע פּרייזן. די מערסטע איינוווינער דאָרט זענען געלערנטע.

וולאַדימיראָוו זאָגט, אַז ער קאָן נישט געבן קיין אויפקלערונגען ווי־אַזוי ער האָט באַקומען די מעגלעכקייט, צוזאַמען מיט דער גרופּע קאָרעס־פּאָנדענטן, צו באַזוכן די שטאָט, ווייל די קלענסטע אָנדייטונג אויף דעם קאָן אומברענגען מענטשן.

דער מחבר איז זיך מודה, אַז פון די געשפּרעכן מיט טעלעכע איינוווי־נער פון דער שטאָט, האָט ער קיין אָנונג נישט געהאָט מיט וואָס זיי באַ־שעפטיקן זיך.

די סודותדיקע שטאָט זעט אויס נישט סאָוויעטיש. עס פילט זיך דאָרט אַ רויקייט וואָס איז נישטאָ אין ערגעץ אין רוסלאַנד, די שטאָט זעט אויס פיין, נישטאָ קיין רייען ביי די קראָמען. אין דער צייט, ווען אַ גרויסער וויסנשאַפטלעכער צענטער הינטער נאָוואָסיבירסק, וואָס איז נישט אָפּגע־שניטן פון דער וועלט מיט קיין שום סוד, טראָגט אויף זיך דעם סאָוויעטישן חותם, איז אָט די שטאָט אַנדערש, נישט סאָוויעטיש.

וולאַדימיראָוו האָט אין דער שטאָט באַזוכט זיינעם אַ פריינד, וועלכער האָט אים אויפגענומען מיט גרויס צופרידנקייט. דורכן טעלעפאָן האָט יענער איינגעלאַדן צו זיך זיינע באַקאַנטע, און אין אַ האַלבער שעה אַרום זענען אין דער פיין־מעבלירטער וווינונג מיט אונגאַריש מעבל, געזעסן ניין פּערזאָן.

די געשפּרעכן האָבן זיך אָנגעהויבן אין שייכות מיט דער דעמאָלטדיקער געשעעניש אויפן ליטעראַרישן פראָנט — צוליבן דערשיינען פון סאָלזשע־

ניצינס דערציילונג — ״איין טאָג אין לעבן פון איוואַן דעניסאָוויטש״. שפּעטער האָט וולאַדימיראָוו אַבירגעלייענט עטלעכע אונטערערדישע לידער. דער עולם האָט געוואָלט וויסן ווער עס זענען די מחברים פון אָט די לידער. ווען וולאַדימיראָוו האָט זיך געפונען אין אַ פאַרלעגנהייט, האָט דער גאַסט־געבער אים פאַרזיכערט, אַז דאָ זיצן ״ריכטיקע מענטשן, אויך די ווענט זענען זיכער, מען קאָן רעדן וואָס מען וויל״.

וולאַדימיראָוו האָט אָנגעהויבן רעדן אָפּנהאַרציק. ווייטער איז דאָס געשפּרעך אַריבער אויף אַלגעמיינע פּאָליטישע טעמעס. די אויספירונגען פון די געשפּרעכן: ״דער עקזיסטירנדיקער סיסטעם דאַרף געענדערט ווערן, עס איז נייטיק צו פאַרענדיקן מיט דער דיקטאַטור סיי אויפן עקאָנאָמישן, סיי אויפן פּאָליטישן געביט״, אָבער ווי אַזוי קאָן דאָס דערגרייכט ווערן ?

דער איינציקער וועג — לויט זייער מיינונג — איז: ״באַזעצן אַלע פירנדיקע אינסטאַנצן מיט וואָס מער מענטשן פון וויסן, מיט געלערנטע״. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי רופן זייער שטאָט מיטן נאָמען ״קיטעזש״.

בעת די געשפּרעכן זענען געבראַכט געוואָרן צום אויסדרוק אַ ריי אידייען און פּלענער וויאַזוי דאָס אַלץ צו פאַרווירקלעכן, דערביי איז אונ־טערגעשטראָכן געוואָרן, אַז אָט דער צוזאמענטרעף איז נישט קיין געהיי־מער, אַז דאָס איז נישט קיין נייע פּאַרטיי, וועלכע שטעלט זיך די אויפ־גאַבע צו פאַרכאַפּן די מאַכט א.אַז.וו. דער סיסטעם פון באַזעצן די פירנדיקע אינסטאַנצן מיט גרויסע געלערנטע דאַרף זיין ווי אַן איבערגאַנגס־פּעריאָד, כדי איינצופירן אַ באמת־דעמאָקראַטישן סיסטעם אין רוסלאַנד. נאָכדעם וועלן די געלערנטע זיך צוריקקערן אין די לאַבאָראַטאָריעס.

אַזאַ איז דער אינהאַלט פון קורצן געשפּרעך וואָס וולאַדימיראָוו האָט געהאַט אין דער געהיימער שטאָט, טויזנטער מייל פון מאָסקווע, מיט מענטשן, וועלכע פילן זייער הויכע מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם גורל פון רוסלאַנד. ער שרייבט, אַז נישט מיט אַלעמען איז ער מסכים, אָבער דאָס אַלץ האָט אויף אים געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. ער האָט נישט געשטעלט קיין פראַגן, ער האָט נאָר געוואָלט וואָס מער הערן.

באמת אַ רעטעניש, וואָס עס קאָן אַלץ געשען אין קאָמוניסטישן רוס־לאַנד — ״אין פאַרכישופטן לאַנד פון לעגענדאַרן דזשוגאַשווילי״.

# געהיימע אויפגאַבע פון סאָוויעטישע געלערנטע

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און די מלוכה־פירער אין סאָוויעט־רוסלאַנד באַציען זיך מיט אומצוטרוי צו די סאָוויעטישע שרייבער, קינסטלער און אַרטיסטן. זיי זענען עס די, וואָס פאַרשפּרייטן דעם "אידעאָלאָגישן ווידער־שטאַנד". זיי זענען די, וואָס שטעלן זיך קעגן דער פּאַרטיי־ליניע. דער מחבר וולאַדימיראָוו מיינט אָבער, אַז ווי אַלעמאָל, ווייסן נישט די מאַכט־האָבער וואָס עס קומט פאר אין לאַנד. ער האַלט, אַז די הויפּט־שונאים פון רעזשים זענען גאָר די וויסנשאַפטלער, און דאָס צוליב אַ ריי סיבות.

וולאַדימיראָוו שרייבט: "אַ וויסנשאַפטס־מענטש, לויטן כאַראַקטער פון זיין טעטיקייט איז געוווינט לאָגיש צו אַנאַליזירן יעדע סיטואַציע. אַ לאָגי־שער אַנאַליז פון דעם ווירקלעכן רוסישן לעבן מאַכט דעם וויסנשאַפטלער פאַר אַ קעגנער פון רעזשים. איך האָב די גאַנצע צייט וועגן דעם געטראַכט, נאָך דעם ווי איך האָב פאַרבראַכט אין אַ שמועס מיט די געלערנטע פון דער "סודותדיקער שטאָט".

עס קומען נאָך צו אַ ריי אַנדערע סיבות, ווי די מיינונגס־פאַרשידנהייטן צווישן די פונדאַמענטאַלע וויסנשאַפטלעכע טעאָריעס און דעם אָפיציעלן דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם, וואָס ווערט צוגעשריבן פון די הויכע פענצ־טער. אַ באַזונדער קאַפּיטל איז די קולטורלאָזיקייט דורך "פּלאַנירן" וויסנ־שאַפטלעכע אויפגאַבן. צו דעם אַלעמען דאָס אָנהאַלטן אַלע וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען אין אַ געהיימעניש, מאַנגל אין אויסטויש־אינפאָרמאַציעס מיט אויסלענדישע קאָלעגן און אַנדערע.

אַ העלפט פון די סאָוויעטישע געלערנטע אַרבעטן ביי געהיימע אויפ־גאַבן. די ווייט־גרעסטע צאָל פון אָט די אויפגאַבן שטעלן מיט זיך נישט פאַר קיין געהיימענישן, אָבער די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען זענען אויף דעם געביט פשוט פּסיכיש־קראַנק. לויט די מיינונגען פון די געלערנטע איז די געהיימעניש נייטיק צוליב דעם, אַז די מערב־וועלט זאָל נישט וויסן אויף ווי ווייט די סאָוויעטישע געלערנטע זענען אָפּגעשטאַנען אין פיל

פּראָבלעמען. "דער שונא דאַרף מורא האָבן פאַר אונדז, און דאַרף איבער־שאַצן אונדזער מיליטערישן פּאָטענציאַל". דאָס איז די פּאָליטישע פאָרמולע, וואָס ברענגט צו די געהיימענישן.

דאָס באַנוצן זיך מיט די געהיימענישן האָט נאָך אַ טרויעריקן מאָמענט: די געלערנטע, וואָס אַרבעטן אַרום אָט די וויסנשאַפטלעכע פּראָיעקטן ווערן אויסגעמעקט פון דער רשימה פון לעבעדיקע, און ווערן פאַרוואַנדלט אין אַנאָנימען. דעם אָנגעזעענעם אַקאַדעמיקער קאָראָלעוו האָט מען אין דער פּרעסע גערופן "הויפּט־אינסטרוקטאָר פון קאָסמישע שיפן", אָבער קיינמאָל איז זיין נאָמען נישט דערמאָנט געוואָרן. ווען ער איז געשטאָרבן איז אָנגע־געבן געוואָרן זיין נאָמען און זיין פּאָרטרעט, אָבער אַז ער איז דאָס געווען דער "הויפּט־אינסטרוקטאָר" איז נישט אָנגעגעבן געוואָרן.

ווען מען האָט דעם אַקאַדעמיקער מסטיסלאַוו קעלציס באַשטימט אַלס פּרעזידענט פון דער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע, האָט מען בלויז אָנגע־געבן זיין נאָמען, אָבער מען האָט פאַרשוויגן, אַז ער איז דער "טעאָרעטיקער פון קאָסמאָנאַוטישע וויסנשאַפטן". עס איז פאַרבאָטן צו ברענגען פאַר דער עפנטלעכקייט נעמען פון די פאַרשידענע טעאָרעטיקער און קאָנסטרוקטאָרן.

אין משך פון העכער דריי צענדליק יאָר איז די ביאָלאָגישע וויסנשאַפט אין סאָוויעט־רוסלאַנד געוואָרן טעראָריזירט דורך דער "שולע" פון טראָפים ליסענקאָ. זיינע טעאָריעס און רעקאָמענדאַציעס האָבן אין דער פּראַקטיק נישט געבראַכט אַפילו די קלענסטע נוצן פאַר דער אַגראַר־וויסנשאַפט. די גרעסטע געלערנטע אין לאַנד האָבן באַקעמפט די טעאָריעס פון ליסענקאָ. אָבער סטאַלין און שפּעטער כרושטשאָוו האָבן ליסענקאָן געשטיצט. ליסענקאָ און זיינע אָנהענגער זענען אויף קיין אָפענער דיסקוסיע מיט די קעגנער קיינמאָל נישט געגאַנגען. ליסענקאָ האָט געהאַנדלט אַנדערש: די קריטיקער פון זיין טעאָריע זענען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין טורמעס.

נאָך דער וועלט־מלחמה האָט מען דערוואַרט אויף אַ מין דעמאָקראַטי־זאַציע פון דער סאָוויעטישער געזעלשאַפט. אייניקע געלערנטע האָבן אויפ־סניי זיך באַמיט צו דערווייזן די נישטיקייט פון ליסענקאָס טעאָריעס, און די געפאַרן, וואָס קומען פון זיי אין דער פּראַקטיק. ליסענקאָ, אַ באַאומרויק־טער, האָט זיך געווענדעט צו סטאַלינען און ביי אים געפונען די פולע שטיצע.

עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ "ביאָלאָגישע דיסקוסיע". פאַקטיש איז עס אָבער געווען אַ פּאָגראָם איבער אַלע קריטיקער.

נאָך דער טרויערדיקער דיסקוסיע זענען אַרעסטירט געוואָרן, אַרויסגעוואָרפן פון די אוניווערזיטעטן, צוגענומען געוואָרן אַלע וויסנשאַפטלעכע טיטולן, ביי אָרום טויזנט מענטשן. מיט איין קלאַפּ האָט ליסענקאָ ענדגילטיק זיך אָפּגערעכנט מיט אַלע זיינע קעגנער. מסירות, אַרעסטן, בלוט־פאַרגיסונג, טויט, זעלבסטמאָרדן פון געלערנטע — אַזוי האָט אויסגעזען די טעטיקייט פון "געלערנטן" ליסענקאָ.

די וויסנשאַפטלעכע קאַריערע פון ליסענקאָ האָט זיך פאַרענדיקט אין זעלבן טאָג ווען עס האָט זיך פאַרענדיקט די פּאָליטישע קאַריערע פון כרושטשאָוון. צו דער ליקווידאַציע פון ליסענקאָ האָט געווירקט "דאָס שוואַרצע בוך", אַ דאָקומענטאַרער באַשולדיקונגס־אַקט פון יונגע געלערנטע.

די צענזור האָט פאַרבאָטן צו פאַרעפנטלעכן אָט די מאַטעריאַלן. עס זענען אָבער דאַן איבערגעשריבן געוואָרן אַלע לערנביכער פון ביאָלאָגיע. עס זענען געטוישט געוואָרן די פּראָגראַמען פון וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען. אין דער אַגראַר־ווירטשאַפט זענען באַזייטיקט געוואָרן די רעקאָמענדאַציעס פון ליסענקאָ. וואָלט מען דאָך גאַנץ לאָגיש באַדאַרפט אויך באַזייטיקן פון וויסנשאַפטלעכער אַרבעט אויך ליסענקאָן און זיינע נאָענטע מיטאַרבעטער? ניין, דערצו איז נישט געקומען. די היינטיקע סאָוויעטישע הערשער, וועלכע שיקן מיט אַזאַ לייכט האַרץ מענטשן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און שפּיטאָלן פאַר גייסטיק־קראַנקע, לאָזן ליסענקאָן צורו.

שווער צו באַגרייפן די האַנדלונגען פון די איצטיקע סאָוויעטישע מושלים. אין אַפּאַראַט פון צענטראַל־קאָמיטעט זיצן אַלע פריינט פון ליסענקאָן, נעאָ־סטאַליניסטן. דאָס איז די סאָוויעטישע ווירקלעכקייט.

וולאַדימיראָוו קומט מיט זייער אַן אינטערעסאַנטער באַמערקונג: "ווען אין מערב־דייטשלאַנד איז מען געקומען מיט אַ פּראָיעקט צו פאַרענדיקן די אויספאָרשונגען קעגן די נאַצי־מערדער נאָך 20 יאָר פון פאַרענדיקן די מלחמה, האָט דער דייטשישער יוסטיץ־מיניסטער געוואָרפן אַ פראַזע: "מיר דאַרפן זיך לערנען לעבן צוזאַמען מיט די מערדער". די סאָוויעטישע פּרעסע האָט שטורמיש פּראָטעסטירט. אויף אַ צוזאַמענטרעף מיט געלערנטע אין

דער סאָוויעטישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע איז געקומען צו רייד וועגן אָט דער באַמערקונג פון דייטשישן יוסטיץ־מיניסטער, האָט אַ סאָוויעטישער געלערנטער זיך אויסגעדריקט: ״איר מוזט דאָך מסכים זיין, חבר וולאַדימיראָוו, אָט די דייטשן זענען ווייט אָפּגעשטאַנען פון אונדז, די דייטשן דאַרפן ערשט זיך לערנען צו לעבן צוזאַמען מיט די מערדער, אָבער מיר, די סאָוויעטישע געלערנטע האָבן זיך שוין דאָס אויסגעלערנט גאַנץ לאַנג. אָט וועל איך באַלד גיין אין רעסטאָראַן פאַר אַקאַדעמיקער און זיכער דאָרט טרעפן דעם קאַלעגע ליסענקאָ״.

ליסענקאָ האָט אויך געשפּילט אויפן יידישן מאָמענט. זיין אויפגאַבע איז געווען צו ליקווידירן סאָוויעטישע יידישע וויסנשאַפטסלייט. זיין קאַמף האָט ער געפירט קעגן ״וויסמאַניזם־מאָרגאַניזם־מענדעליזם״. עס איז דאָך ״קלאָר״, אַז די פירנדיקע סאָוויעטישע פיזיקער, צווישן וועלכע עס זענען אין יענע יאָרן געווען פיל יידן, פאַרגעטערן דעם ״יידישן גאָט״ איינשטיין. איינשטייגען קאָן ליסענקאָ נישט דערגרייכן, אָבער זיינע יידיש־סאָוויעטישע נאָכפאָלגער קאָן מען אַטאַקירן, צווישן זיי אַזעלכע ווי לאַנדאַו, זעלדאָוויטש, וועקסלער, גינזבורג, יאָפפע און אַנדערע, אַרום צוויי הונדערט יידישע געלערנטע.

דאָס צעטל פון יידישע קרבנות איז געווען גרייט, אָבער עס איז געשען אַ נס. סטאַלין האָט געפאָדערט אַז ביי יעדנס נאָמען זאָל מען אָנגעבן זיין אַרבעטס־פּלאַץ. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַרום אַ העלפט צוקונפטיקע קרבנות אַרבעטן אויפן געביט פון אַטאָם־געווער. סטאַלין האָט דעריבער די רשימה אָפּגעוואָרפן און אַזוי אַרום זענען געראַטעוועט געוואָרן די לעבנס פון אַ סך אויסערגעוויינלעכע מענטשן.

## ערשטער ספּוטניק דערפונדן אין תפיסה

די סאָוויעטישע באַדינגונגען, באַציונגען און פאַרהעלטענישן, די סאָוויעטישע ווירקלעכקייט, האָבן מאָראַליש איינגעבראָכן אַ סך געלערנטע. מען האָט געוואָלט לעבן, עקזיסטירן און אָנגיין מיט דער אַרבעט, האָט מען זיך עפנטלעך ״מודה״ געווען אין טעותים, וואָס מען איז קיינמאָל נישט

באַגאַנגען. מען האָט פאַראַטן אייגענע טעאָריעס, וועלנדיק זיך צופּאַסן צו דער ליניע. ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט האָט מען אויך „אַביסעלע" פאַר־ראַטן אייגענע קאָלעגן.

דער מחבר באַמערקט, אַז „מען קאָן אָט די מענטשן נישט משפּטן, מען קאָן זיי נאָר מיטפילן, ווייל דער גיהנום שטייט זיי פאַר די אויגן.

אָט די אַלע לעבנגעבליבענע געלערנטע טרעפן זיך דאָך ביי זייער אַרבעט מיט די, וועמען מען האָט קריטיקירט, אָדער פאַרמסרט. מען דאַרף זיך פאָרשטעלן אָט די ווירקלעכקייט, ערשט דאַן קאָן מען פאַרשטיין ווי עס אַרבעט זיך היינט דעם סאָוויעטישן געלערנטן".

דאָ קומט אַ פראַגע: אויב עס איז אַזוי שוואַרץ אין דער סאָוויעטישער וויסנשאַפט, טאָ מיט וואָס איז צו פאַרשטיין איר דערפאָלג, לאָמיר זאָגן אַפילו נישט אַזאַ גרויסער, ווי די סאָוויעטישע פּראָפּאַגאַנדע ברענגט, אָבער דאָך אַ דערפאָלג? וויאַזוי איז געשען, למשל, וואָס די רוסישע געלערנטע האָבן די ערשטע געשיקט דעם ספּוטניק אין קאָסמאָס? אויף דעם גיט וולאַדימיראָוו אַ תשובה.

ביי וועלכע באַדינגונגען אַרבעטן און שאַפן די באַרימטע סאָוויעטישע וויסנשאַפטלער און געלערנטע? וולאַדימיראָוו שרייבט: „די מאָדערנסטע עלעקטרישע סטאַנציעס זענען באַזאָרגט מיט ספּעציעלע קעסלען. עס איז באַקאַנט, אַז דאָס זענען רוסישע דערגרייכונגען, אָבער אַז דאָס זענען דער־פינדונגען פונעם רוסישן אינזשיניער לעאָניד ראַמזין, ווייסט נאָר אַן ענגער קרייז ספּעציאַליסטן. כמעט קיינער ווייסט נישט ווו איז אָט די דער־פידונג געבוירן געוואָרן. און דער פּלאַץ איז אַ גאַנץ אינטערעסאַנטער. דאָס איז די ספּעציעלע טורמע נומער 4 (אין מאָסקווע). דאָרט האָט ראַמזין און זיינע קאָלעגן, אויך אַרעסטירטע, געשאַפן אָט די דערפינדונג, וואָס האָט אַ שטויס געטאָן פאָרויס די ענערגעטישע וויסנשאַפט אויף דער וועלט.

אין טורמע האָט אַ לענגערע צייט געשאַפן דער אָנגעזעענער אוויאַציע־קאָנסטרוקטאָר טופּאָלעוו. אונטער הויז־אַרעסט האָט געאַרבעט און געשאַפן דער באַוווסטער אַקאַדעמיקער קאַפּיצאַ. אין יאָר 1965 האָט קאַפּיצאַ דער־פינדן אַ נייעם גענעראַטאָר פון גאָר אַ הויכער קראַפט, און האָט זיין דער־פינדונג אַ נאָמען געגעבן „ניגאַטראָן". אונטערן דאָזיקן נאָמען פיגורירט

דער גענעראַטאָר אין דער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור אויף דער וועלט, אָבער בלויז יחידים ווייסן, אַז אין דעם נאָמען איז איינגעשלאָסן אַ טרויע־ריקע איראָניע. די ערשטע העלפט פון נאָמען ני־גאָ מיינט דער אָנהייב ני־קאָלינאַ גאָראַ (ניקאָלי־באַרג), און דאָס מיינט דער פּלאַץ ווו קאַפּיצאַ האָט געאַרבעט אין זיין באַקוועמער איזאָלאַציע אין טורמע״.

ספּעצטורמעס פאַר וויסנשאַפטלער איז איינע פון די סאַמע מערדע־רישסטע איינפאַלן פון סטאַלינען. וולאַדימיראָוו שרייבט:

״מיינער אַ פריינד אַן אינזשיניער איז שוין נאָך דער מלחמה געזעסן יאָרן אין דער ספּעציעלער טורמע נומער 4 און ער האָט מיר דערציילט איינציקע פּינצטערע איינצלהייטן.

״די איינצל־קאַמערן אין דער ספּעצטורמע זענען געווען גוט באַהייצט, בעטן מיט מאַטראַצן, אַפילו מיט בעטגעוואַנט. די אַרעסטירטע האָבן גטראָגן אָנשטענדיקע אָנצוגן פון בלויען שעוויאָט, מיט העמדער. יעדן פרימאָרגן האָט מען זיי אַרויסגעפירט אויף געמיינזאַמער אַרבעט אין לאַבאָראַטאָריעס איינגעאָרדנטע אין טורמע. בעת דער אַרבעט האָט מען געקאָנט צווישן זיך שמועסן, אָבער נאָר וועגן ענינים פון דער אַרבעט. יעדע צוויי חדשים זעאונגען מיט דער משפחה, אָבער נישט אין דער ספּעצטורמע, נאָר אין איינער פון די אַלגעמיינע טורמעס אין מאָסקווע, וווהין מען פלעגט ברענגען די אַרעסטירטע. עס איז געווען פאַרבאָטן אָנצוגעבן די קרובים ווו מען געפינט זיך.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען זענען די גרויסע סאָוויעטישע ספּעציאַליסטן געווען געצוווּנגען צו אַרבעטן, שאַפן און צו פאַרשטאַרקן די מלוכה, וועלכע האָט זיי געהאַלטן איזאָלירט. און זיי האָבן געשאַפן. אַפילו די געלערנטע, וואָס האָבן מיט מיר געשמועסט אין דער געהיימער שטאָט ״קיטעזש״, מענטשן וועמען מען קאָן נישט חושד זיין אין סימפּאַטיעס צום רעזשים, אפילו זיי אַרבעטן מיט דער פולער איבערגעגעבנקייט, אפשר דערפאַר וואָס זיי האַלטן, אַז זיי שאַפן וויסנשאַפטן פאַרן קומענדיקן פרייען רוסלאַנד״.

די סאָוויעטישע דיקטאַטאָרן זענען איבערצייגט, אַז זייערע אַטאָמישע דערגרייכונגען קאָנען האַלטן די וועלט אין שפּאַנונג. זיי פאַרוועגדן אויף דעם געביט פאַנטאַסטישע געלט־מיטלען. מיליאַרדן אויף אַטאָם־באָמבעס,

אָדער אונטערוואַסער־שיפן ווערן אַסיגנירט דורך דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די געלערנטע וואָס דערגרייכן דאָס אַלץ ווערן גוט באַלוינט, אַפילו ווען מען האַלט זיי אין איזאָלאַציע.

וולאַדימיראָוו פאַרענדיקט זיין בוך אַזוי: ״אין דעם בוך קום איך נישט מיט פּאַרויסזאָגונגען, איך גיב נאָר פאַקטן. וואָס שייך דער צוקונפט בין איך זיכער, אַז וואָס פאַראַ כאַראַקטער עס וועט נישט אָננעמען די באַ־פרייונג פון רוסלאַנד, וועט דער חלק פון די געלערנטע אין דעם זיין זייער אַ גרויסער, און אפשר דער גרעסטער. און די געשיכטע וועט גערן מוחל זיין די וויסנשאַפט און געלערנטע פאַר דער שווערער שולד פון מיט־אַרבעט מיט דער דיקטאַטור״.

אויספירונגען: אַפילו פאַר די וואָס זענען באַהאַוונט אין די פּראָבלע־מען פון קאָמוניזם בכלל, און אין די פאַרהעלטענישן אין סאָוויעט־רוסלאַנד בפרט, איז דאָס בוך פון וולאַדימיראָוו־פינקעלשטיין ״רוסלאַנד אָן באַפּוּ־צונגען״ אַ קוואַל פון ידיעות און אַנטפּלעקונגען. די קאָמוניסטישע ווירק־לעכקייט שטייגט איבער זיך אַליין. ווייסט דען די מענטשלעכע געשיכטע פון אַזעלכעס, ווי האַלטן איזאָלירט אין טורמעס דערפינדער, וויסנשאַפטס־לייט און געלערנטע? עס איז דאָך שווער צו באַגרייפן, אַז אין אָט דער איזאָלאַציע האָבן סאָוויעטישע געלערנטע באַוויזן וווּנדער און אַרויסאַנט־פּלעקט איבעראַשנדיקע דערפינדונגען.

צי קאָנען טאַקע די סאָוויעטישע געלערנטע זיין די, וואָס זאָלן מיט זייערע וויכטיקע אַרבעטן און דערפינדונגען באַווירקן צו וויכטיקע ענדע־רונגען אין דעם סאָוויעטישן סיסטעם, צו דעמאָקראַטיזירן דאָס לאַנד? דאָס וועט ווייזן די צוקונפט. עס ווילט זיך האָפן.

עס איז נייטיק צוצוגעבן, אַז די דערפאָלגן אויף פאַרשידענע געביטן פון דער וויסנשאַפט קומען אויך אין רעזולטאַט פון פאַרצווייגטן שפּיאָנאַזש פון די סאָוויעטישע ״דיפּלאָמאַטן״ אין פאַרשידענע לענדער.

און ווידער אַמאָל: דאָס בוך פון וולאַדימיראָוו־פינקעלשטיין ברענגט אַפילו פאַר קענער פון די פּראָבלעמען פון קאָמוניזם אַ סך נייעס.

# אַ רייזע מיט באַפּוצונגען...

(א. ווערגעליס — ״20 טעג אין אַמעריקע״)

גלייך ביים אויסשטייגן מעלדן אים זיינע חברים, אַז אין פאַרלויף פון די פינף טעג פלאַנירטע אין ניו־יאָרק, מוז ער זיין אויסשליסלעך צו דער דיספּאָזיציע פון די פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס. ער גיט זיין הסכמה, אַ ברירה האָט ער? וועלכע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס וועלן אים אויפנעמען?

ווערגעליס כאַפּט אין די הענט אַ ״פאָרווערטס״, אים וואַרפן זיך אין די אויגן פאַרשידענע נייעסן, ״די שונד־פּלאַפּלעריי״, ״וואָס מאַכסטו אַזוי שטאַרק מט די ליפּן?״ — פרעגט מיט אַ באַהאַלטענעם פאַרגעניגן נאָוואַק, ״דו לייענסט, צי דו שפּייסט?״ ״איך לייען און שפּיי״, ענטפערט ווערגעליס.

די חברים פירן אים אויף אַ יידישן ספּעקטאַקל אין ניו־יאָרק, ווו יעדער פערטער איינוווינער איז אַ ייד, מען פירט אים צו דער ״פאָלקס־בינע״, ווערגעליס באַמערקט: ״אין ניו־יאָרק לעבן צוויי מיט אַ האַלבן מיליאָן יידן, זיי האָבן נישט קיין שטענדיק טעאַטער, וועגן דעם באַמרואיקן זיך נישט די בירגערלעכע קרייזן. דער אויפגעבלאָזענער אומרו, וואָס זיי ווייזן אַרויס, איז וועגן אַ טעאַטער אין מאָסקווע״.

ווי אַלעמאָל אין זייער פּראָפּאַגאַנדע נוצן אויס די קאָמוניסטן אַביסל אמת, כדי צו פאַרטונקלען זייערע ליגנס.

״איז וווהין פירט איר מיך? אויף 175 איסט בראָדוועי? דאָרט איז דאָך אָבער די ״פאָרווערטס״־רעדאַקציע? יאָ, טאַקע דאָרט שפּילט דאָס טעאַטער. ״הער אַ מעשה, דעם ערשטן וויזיט שטעק איך גאָר אָפּ דעם ״פאָרווערטס״. ווען זיי ווייסן עס״...

וועגן דער פאָרשטעלונג אין דער ״פאָלקס־בינע״ שרייבט ווערגעליס:

״...עס דאַרפן געלויבט ווערן די סימפּאַטישע שוישפּילער פון דוד ליכטס טרופּע, וועלכע האָבן מיט דערפינדערישקייט באַוויזן איינע פון לייוויקס שוואַכערע דראַמעס ״מהרם״ פון ראָטנבורג״.

„אין מאָסקווע וואָלט מען נישט באַוויליקט צו קוואַליפיצירן אַזאַ טעאַ־טער אַלס אַ פּראָפעסיאָנעלן"...

* * *

ווערגעליס, רעדאַקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאַנד" שרייבט ווייטער וועגן זיין באַזוך:

„דריי קאַרפּן־קעפּ פון דער ניו־יאָרקער יידישער געזעלשאַפט האָבן געוואָלט מיט מיר זיך זען. עס איז זיי ממש אויסגעגאַנגען דאָס חיות, אָבער צוויי פון זיי, מיטאַרבעטער פון דער ניו־יאָרקער ציוניסטישער צייטונג, האָבן נישט געקאָנט אַזוי־אָ, אָן צערעמאָניעס, אַ שאַר־טאָן פון זיך דעם רבנישן פּאַרבאָט. דער דריטער איז באַוווּסט מיט זיינע לינקע אָנ־שויונגען"... (ווערגעליס אַנטפּלעקט דעם סוד, דער דריטער איז נחמן מייזל, אָבער פון די איבעריקע צוויי איז איינער אויך באַוווּסט מיט זיינע לינקע אָנשויונגען).

„לשם קאָנספּיראַציע קומט פאַר די טרעפונג אין אַ פּריוואַטער דירה, ביי וועמען? דאָס טאָר מען נישט אויסזאָגן „כדי די גאַסטפריינדלעכע באַ־לעבאָסטע זאָל חלילה נישט באַמערקט ווערן דורך יידישע מעקאַרטיס. אין דער פּרעסע וועלן זיי וועגן שמועס נישט דערמאָנען, ווייל... איר פאַרשטייט דאָך אַליין"... און בסך־הכל איז די באַגעגעניש אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד, עפּעס האָט מען גאָרנישט געהערט וועגן דעם וואָס פאַראַ שטראָף עס זענען אָפּגעקומען די אָנטיילנעמער אין אָט דעם שטרענג קאָנספּיראַטיוון צוזאַ־מענטרעף מיט ווערגעליסן.

* * *

דער ווייטערדיקער באַזוך איז ביים אייגנטימער פון „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל", אַרטור דזשייקאָבס, מיט דער באַטייליקונג פון אייניקע מיט־אַרבעטער פון דער צייטונג, נאַטירלעך אויך ב. צ. גאָלדבערג. דער שמועס גייט גלאַטיק. דזשייקאָבס פרעגט, צי געפינט נישט ווערגעליס פאַר נייטיק עפּעס צו זאָגן ספּעציעל די אַמעריקאַנער יידישע זשורנאַליסטן? ווערגע־ליס ענטפערט: „מען דאַרף זיך דערשלאָגן, אַז דער טאָן און דער אופן, ווי־

אַזוי די יידישע בירגערלעכע פּרעסע באַהאַנדלט פּראַגן, זאָלן זיין אָנשטענדיק, אָן בייזוויליקע אָנפאַלן".

דער באַזוך אין "מאָרגן־פרייהייט". דער שמועס אַ האַרציקער. מיט אַלגינס ווערטער דערקלערט זיך ווערגעליס אין ליבע צו דער "מאָרגן־פרייהייט"... איך האָב דיך ליב... האָסט קיינמאָל נישט געוואָלט וויסן פון קיין געפאַר... ברייטהאַרציק האָסטו געשטעלט דיין לעבן אין קאָן...

ווירקלעך נישט געוואָלט וויסן פון קיין געפאַר, בלינדערהייט אויסגעפאָלגט, געגלויבט און אָן שום פראַגע געפּרעדיקט די "מעשים טובים" פון פאָטער פון אַלע פעלקער — סטאַלין, און נאָכדעם פון ניקיטאַ כרושטשאָוו.

* * *

ווערגעליס דערציילט אַ וויכטיקן עפּיזאָד. עפּעס אין אַ כשרן רעסטאָראַן, ווו ער האָט געטראָפן אַ "פראַנצעוואַטן קעלנער, אַ בונדאָוויעץ. אָט דער וואָס איז ערשט אַוועקגעלאָפן אויפזוכן דעם באַלעבאָס, אים איבערגעבן, אַז עס איז אַ סברה, אַז דער גאַסט דאַרף זיין אהרן ווערגעליס".

דערפאַר אָבער איז דער געהילף פון קעלנער אַ "פריינד". ער טרינקט מיט ווערגעליסן לחיים, "זאַ ראָדינו".

* * *

אַ פּרעסע־קאָנפערענץ אין דער סאָוויעטישער פאָרשטייערשאַפט ביי דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַרייניקטע נאַציעס. ווערגעליס דאַרף ענטפערן אויף פראַגן וועגן לעבן פון די יידן אין ראַטנפאַרבאַנד. ווען ער ברענגט אַלגעמיין באַוווסטע פאַקטן פון סאָוויעטישן לעבן "קוויטשעט אַרויס אויף מאַמע־לשון איינער אַ "נעכטן־זשורנאַליסט": פאַררעדט נישט די ציין". ווערגעליס זעצט איבער פאַר זיינע חברים דעם דעליקאַטן אויסדרוק. פּאָלאַנאָוו, דער פּאָליטישער קאָמענטאַטאָר פון "איזוועסטיאַ" זאָגט: "ער רעדט וועגן ציין, און ביי אים אַליין, פון שרעק פאַרן אמת טרעפט נישט אַ צאָן אויף אַ צאָן".

די סאָוויעטישע געסט ברענגען פאַקטן וועגן דער ראָל פון די סאָוויע־

טישע יידן אין דער עקאָנאָמיק, אַרמיי, ליטעראַטור, קונסט, מעדיצין, וויסנ־שאַפט. צי וואָלט אַזאַ ראָל פון דעם יידישן פאָלק מעגלעך געווען אין אַ מלוכה, ווו די אָפיציעלע פּאָליטיק איז אַנטיסעמיטיזם?

עס איז טאַקע אַ ריכטיקע פראַגע, אָבער דאָס ענדערט נישט די טרויעריקעווירקלעכקייט. אויב עס איז אַזוי גוט, טאָ פאַרוואָס איז אַזוי שלעכט?

* * *

אין שעראַטאָן־אַטלאַנטיק־האָטעל קומען זיך צונויף יידישע שרייבער, קינסטלער, שוישפּילער, פאָרשטייער פון געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס. אויפן דאָזיקן צוזאַמענטרעף געפינען זיך העכער פינף הונדערט קולטור־טוער. אַז דאָס זענען די אַ״ג פּראָגרעסיווע... ווענן דעם דערמאָנט נישט ווערגעליס.

* * *

אויפן וועג פון ניו־יאָרק קיין שיקאַגאָ קוויקט זיך ווערגעליס מיט דעם רעדאַקציע־אַרטיקל פון דער ״מאָרגן־פרייהייט״:

״די איזאָלירער זענען איזאָלירט״. די וואָס האָבן געוואָלט ווערגעליסן איזאָלירן, זענען אַליין געוואָרן איזאָלירט. זיי שטעלן זיך אַרויס פאַר אַ שפּאַלטעריש הייפעלע פון יידישן לעבן אין אַמעריקע. זייער שטימע איז נישט די שטימע פונעם אַמעריקאַנער יידנטום.

וועמענס שטימע איז יאָ די שטימע פון אַמעריקאַנער יידנטום? קלאָר ווי די נאַכט — די שטימען פון די ״פּראָגרעסיווע יידעלעך״.

מיט דעם זענען נאָך ווערגעליסעס רייזע־איינדרוקן נישט פאַרענ־דיקט, פאָרזעצונג קומט.

* * *

אין שיקאַגאָ איז ווערגעליס דער גאַסט פון דער ״געזעלשאַפט פאַר אַמעריקאַניש־סאָוויעטישער פריינדשאַפט״. דער פּרעזידענט פון דער גע־זעלשאַפט איז אַ רייכער געשעפטסמאַן — מענדל טערמאַן. שיקאַגאָ איז

נישט קיין אויסנאַם אין דער הינזיכט. פּראָגרעסיווע יידן־מיליאָנערן. גרויסע פריינד פון ראַטנפאַרבאַנד קאָן מען טרעפן אין ניו־יאָרק און אין מאָנטרעאָל, אין פּאַריז, אין אויסטראַליע, ווי אויך אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער.

ווי לייגט זיך דאָס אויפן שכל, קאָן מען פרעגן? עס איז שווער צו פאַרשטיין, אָבער אַזוי זעט דאָס אויס אויף דער יידישער גאַס. עס איז אויך אומפאַרשטענדלעך, וויאַזוי קאָן דאָס געשען, אַז אַ דעלעגאַציע פון אַ צווייטוויזנט־קעפּיקער אָרגאַניזאַציע פון יידישע מלחמה־וועטעראַנען, אָפּ־היטנדיק סאָלדאַטישן עטיקעט, אין ציווילע קליידער, אין מיליטערישע פּילאָטקעס, פאַרלאַנגען צו האָבן מיטן רעדאַקטאָר פון "סאָוועטיש היימ־לאַנד", אויך אַ וועטעראַן פון דער אַנטיפאַשיסטישער מלחמה, אַ קאָנפערענץ.

אַזעלכע באַגעגענישן גיבן ווערגעליסן אַ געלעגנהייט צו באַרימען זיך, אַז די יידישע געזעלשאַפט אין אַמעריקע האָט אים אויפגענומען זייער פריינדלעך. צוזאַמען מיטן באַקאַנטן סאָוויעטישן שרייבער באָריס פּאָלעוואָי באַזוכן זיי אין שיקאַגאָ דאָס געשעפט פון איינעם פון די פאַרשפּרייטער פון פאַרשידענע סאָוויעטישע פּעריאָדישע אויסגאַבן — לאָצמאַן. "מיט גרויס שטאָלץ האָט ער אונדז געוויזן די טויזנטער עקזעמפּליאַרן "סאָוועטיש היימלאַנד". — שרייט לאָצמאַן: איך האָב שוין לאַנג אַזאַ פּאָפּולערן זשורנאַל נישט געהאַט ביי זיך. איך בין זייער צופרידן, און גרויס זיך מיט דעם, וואָס די רעאַקציע דאָ פאַלט אַזוי שטאַרק אָן אויף אייך" (אויף ווער־געליסן).

ווייטער גייט די באַשרייבונג וועגן דער אויפנאַמע, וואָס די סאָוויעטישע שרייבער האָבן באַקומען בעת זייער באַזוך ביי סיירוס איטאָן "איינעם פון די רייכסטע און גלייכצייטיק געבילדעטסטע און קלוגסטע מענטשן אין אַמעריקע, אַן איבערצייגטער אָנהענגער פון אַמעריקאַניש־סאָוויעטישער פריינדשאַפט". דאָס איז דער זעלבער אַמעריקאַנער מיליאָנער איטאָן וועמען כרושטשאָוו האָט בשעתו געשיקט אַ מתנה אַ טראָיקע (דריי פערד).

די אויפנאַמע איז געווען אַ קייזערלעכע. ווערגעליס באַשרייבט די שטאַרקייט פון איטאָן, זיין איינפלוס. ווען איטאָן האָט זיך געפילט באַ־ליידיקט צוליב אַן אויסדרוק פון אַמעריקאַנער פינאַנס־מיניסטער, האָט דער

לעצטער געמוזט רעזיגנירן.אין איטאַנס פּאַלאַץ הענגען די פאָטאָגראַפיעס פון כרושטשאָוו און מיקאָיאַן. וואָס וועט איצט איטאַן טאָן מיט כרושטשאָווס פאָטאָגראַפיע? איטאַן, דער לאַורעאַט פון דער צווישנפעלקערלעכער שלום־פּרעמיע א״נ פון לענין. איטאַן, דער קעמפער פאַר רעכט פון פעלקער, פאַר שלום; איטאַן, וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו שטעלן זיך פאַר דער מעקאַרטי־קאָמיסיע, ווייל... ״ער איילט זיך אויף אַ צוזאַמענטרעף אין דער סאָוויעטישער אַמבאַסאַדע״. ווערגעליס פאַרכלינעט זיך אַזש, באַשרייבנ־דיק דעם מיליאָנער איטאַן, זיין פרוי און זייער אויפנאַמע פאַר די סאָוויע־טישע זשורנאַליסטן.

דעם אמת געזאָגט ווערט קאַלאַמוטנע אויפן האַרצן ווען מען קוקט זיך צו וועלכע קרייזן האָבן אַזוי וואַרעם אויפגענומען דעם טרויעריק־באַקאַנטן א. ווערגעליס. האָבן מיר דאָך געהאַט אַ געלעגנהייט זיך צו דערוויסן, וועל־כע קרייזן אין אַמעריקע, ספּעציעל אין קאַליפאָרניע, האָבן אויפגענומען אַ דעלעגאַציע פון רוסישע פּרויען. און עס פרעגט זיך: צי אָט די הויכע מיטלקלאַס־מענטשן אין קאַליפאָרניע, די יידישע און נישט־יידישע מיליאָ־נערן, פריינד פון רוסלאַנד אין אַמעריקע, געהערן זיי נישט צו דער קאַטע־גאָריע אַמעריקאַנער אימפּעריאַליסטן און מלחמה־אונטערצינדער?

עס וואָלט כדאי געווען צו וויסן וויאַזוי רעאַגירן די לייענער פון ״סאָוועטיש היימלאַנד״ אין רוסלאַנד אויף די באַשרייבונגען פון ווערגע־ליסן וועגן זייערע פריינד מיליאָנערן?

***

צום סוף פון זיין רייזע האָט ווערגעליס באַזוכט קאַליפאָרניע. דער עיקר צוויי שטעט, סאַן פראַנציסקאָ און לאָס אַנדזשעלעס. ער איז אַנט־ציקט, ספּעציעל פון סאַן פראַנציסקאָ.

ווער נעמט אים אַלץ אויף? מערקווירדיק, ווידער מיליאָנערן. אין סאַן פראַנציסקאָ איז דאָס ״דער אָרטיקער מיליאָנער סיריל מאַנגין. ער איז ליבעראַל געשטימט, האַלט נישט פון מלחמה. צום ראַטנפאַרבאַנד באַציט ער זיך מיט נייגיר, קלייבט זיך קומען צו אונדז צוגאַסט״ — שרייבט ווערגעליס.

דער מיליאָנער אָרדנט איין אַ קעניגלעכע אופנאַמע, מיט געטראַנקען, דזשאַז־מוזיק און נעגערישער זינגערין. מאַנגין זאָגט צו ווערגעליסן: "איך בין אַן אַמעריקאַנער ייד, איר האָט זיך פאָרגעשטעלט אַזוינס?" אַ שטייגער מאַנגין וואָלט געווען דער איינציקער יידישער מיליאָנער אין אַמעריקע און דער איינציקער "פּראָגרעסיווער" יידישער מיליאָנער.

דער רב אין סאַן פראַנציסקאָ, פיין, פאַרבעט ווערגעליסן אויף אַ באַגעגעניש מיט רבנים "וואָס זענען נישט פאַרכאַפּט מיט אַנטיסעמיטיזם". די באַגעגעניש קומט נישט פאָר, ווייל ווערגעליס וויל נישט גיין אין סינאַגאָגע.

דער שרייבער אַלבערט קאָן פירט ווערגעליסן אין זיין אויטאָמאָביל אויף דער פאַרם פונעם רייכן אַדוואָקאַט און געשעפטסמאַן האַלען "וועמען די אָרטיקע רעאַקציאָנערע קרייזן האָבן נישט לאַנג צוריק שיער נישט דערפירט צום באַנקראָט פאַר זיינע פּראָגרעסיווע אָנשויונגען".

ווערגעליס טרעפט דאָרט פיל געסט. דעם פּרעזידענט פון דער קאַליפאָרניער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקאַניש־סאָוויעטישער פריינדשאַפט, פּראָפעסאָר ראָבערטס, דעם מאַרקסיסטישן פובליציסט ראָבינסאָן, דעם פאָרזיצער פון פאַריין פון פאָרט־אַרבעטער, ברידזשעס. אַ סך יידן זענען געווען צווישן די געסט.

אויף אַן אויפנאַמע אין האָטעל "פּאַלאַס" זענען געקומען עטלעכע הונדערט פּראָגרעסיווע מענטשן. דער עולם זינגט אויף יידיש "שלום עליכם" און "זייט באַגריסט טייערע געסט", אַן אינטערנאַציאָנאַלער כאָר, צווישן זיי עטלעכע נעגערס און אויך יידן, מען זינגט די קאַנטאַטע וועגן מענטשןרעכט.

אין לאָס אַנדזשעלעס באַגעגנט אים אויפן פלי־פּלאַץ די סעקרעטאַרין פון דער אָרטיקער אָפּטיילונג פון דער געזעלשאַפט פאַר אַמעריקאַניש־סאָוויעטישער פריינדשאַפט. גלייך פון פלי־פּלאַץ פירט מען אים אין "דיסנעילאַנד", אַהין, ווו מען האָט כרושטשאָוון נישט געפירט. גלייך פון דאָרטן — אויף אַ מיטינג אין אַ טעאַטער. צוועלף הונדערט מענטשן וואַרטן אויף אים. די אולטראַ־רעאַקציאָנערן אויך.

אויף דער יידישער גאַס האָט מען געוואָרנט, אַז זיי וועלן אַראָפּרייסן די באַגעגעניש מיטן מאָסקווער פּראָפּאַגאַנדיסט.

בכדי אויסצומיידן סקאַנדאַלן ביים אַריינגאַנג אין טעאַטער, האָבן די אָרגאַניזאַטאָרן געדונגען צוויי פּריוואַטע פּאָליציאַנטן. איך טו אַזש אַ פּליעסקע מיט די הענט פון הנאה: די היטער פון דער אָרדענונג אין אַן אַמעריקאַנער שטאַט לייגן צו די פינגער צו די דאַשקעס, ווען עס גייט פאַרביי אַ יידישער פּאַעט פון סאָוויעטנפאַרבאַנד. דער זאַל איז פול געפּאַקט, אַ נעגער שטעלט זיך אַוועק, אַ שפּאַן פאָרויס פאַר דעם יידישן כאָר, און זינגט דעם אַמעריקאַנער הימן, ווענדנדיק דאָס פּנים צום פּאָרטרעט פון דעם דערהרגעטן אַמעריקאַנער פּרעזידענט.

עס ווערן גערופן אויף דער בינע "פּערזענלעכקייטן". די דאָזיקע פּראָצעדור "העלפט מיר פעסטשטעלן, ווי גרויס עס איז אין לאָס אַנדזשעלעס די צאָל געזעלשאַפטלעכע און קולטור־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט די פּראָגרעסיווע קערפּערשאַפטן אין אַנדערע אַמעריקאַנער שטעט אָפּגעוואָרפן מיט ביטול די באָיקאָט־היסטעריע פון די דאָרטיקע אָרגאַניזירטע קלעריקאַלן און פּראָפעסיאָנעלע יידישע פעדלער פון אַנטי־סאָוויעטישער סחורה. פאַר מיר פּערזענלעך האָבן אַלע אַנטי־סאָוויעטישע רבנים מיט די "פאָרווערטס"־לייט צוזאַמען גענומען ווייניקער דאָס רעכט צו רעדן אין נאָמען פון יידישן פאָלק אין אַמעריקע, איידער יעדער איינער באַזונדער פון אָט די מענטשן פון גוטן ווילן.

אין הויז פון פאַרמעגלעכן נייטן גאַרפילד, דער פּאָרזיצער פון די קולטור־קלובן אין לאָס אַנדזשעלעס, קומט פאָר אַ באַגעגעניש מיט עטלעכע צענדליק יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן, וועלכע וווינען אין לאָס אַנדזשעלעס. די שטימונג איז אַ גליקלעך־דערהויבענע".

די ווייטערדיקע באַגעגעניש איז מיט אַ גרופּע ענגליש־רעדנדיקע, שפּראַכלעך אַסימילירטע. עס איז זיך צונויפגעקומען אַ גרויסער עולם. ביים געזעגענען זיך האָט זיך געטאָן אויף טיש און אויף בענק. דאָ האָבן מיר זיך געזעגנט נישט נאָר מיט לאָס־אַנדזשעלעס, נאָר אויך מיט גאַנץ אַמעריקע. די באַלעבאָסטע האָט מיך געצוווּנגען צו האַלטן אַ "פּאָליטישע רעדע".

ווערגעליס האָט באַטאָנט: "אין ניו־יאָרק האָט מען מיר געזאָגט, אַז

דער עמפּאַיר־סטייט־בילדינג פאַרמאָגט זעקס מיט אַ האַלבן טויזנט פענצ־טער, און אַז יעדעס פענצטער ווערט געוואַשן צוויי מאָל אַ חודש, איך ווינטש דעם אַמעריקאַנער פאָלק, אַז עס זאָל תמיד האַלטן ריין נאָך איין פענצטער, דאָס פענצטער וואָס קוקט אַרויס צו דער נייער סאָציאַליסטישער וועלט, צום ראַטנפאַרבאַנד".

* * *

ווי געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן, זענען אויך די באַשרייבונגען פון אהרן ווערגעליס וועגן זיין באַזוך אין אַמעריקע, נישט סתם קיין רייזע־איינדרוקן, נאָר קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע, און ווי געוויינלעך אויך אין אַזעלכע פאַלן ווערט אַ קליין ביסעלע אמת פאַרוואַנדלט אין אַ באַרג ליגנס, און דאָס ווערט אונטערגעטראָגן דעם פּראָגרעסיוון יידישן עולם אויף דער וועלט.

ווען מען פירט אָבער אונטער אַ סך־הכל פון זיינע "צוואַנציק טעג אין אַמעריקע", אָפּשיילנדיק דעם באַרג מיט ליגנס, מוז מען קומען מיט גרויס ווייטיק און באַדויערן צום אויספיר, אַז ווערגעליס איז אין אַמעריקע נישט געווען איזאָלירט אין דער יידישער און אַלגעמיינער געזעלשאַפט. די אַזוי־גערופענע יידישע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכקייט, די פּראָסאָוויעט־טישע סימפּאַטיקער זענען גרויס אין צאָל און שטאַרק פינאַנסיעל. מען מוז אָנערקענען דעם פאַקט, אַז אויך אָן אַזאַ גאַסט ווי ווערגעליס ציען זייערע צוזאַמענטרעפן אַ גאַר גרויסן עולם פריינד און סימפּאַטיקער. און ווי שווער דאָס זאָל נישט זיין צו באַגרייפן, געהערן צו די פּראָגרעסיווע קרייזן אַזוי פיל יידישע פאַרמעגלעכע מענטשן. עס לייגט זיך שווער אויפן שכל, אָבער דאָס איז אַ טרויעריקער פאַקט.

אין זיינע באַשרייבונגען רעדט ווערגעליס פיל מאָל מיט אַנטציקונג וועגן די פּראָגרעסיווע מיליאָנערן — פריינד פון סאָוויעטנפאַרבאַנד, און דאָס איז דאָך נישט בלויז אויף דער יידישער גאַס. זענען דאָך די פאַרשיי־דענע סאָוויעטישע דעלעגאַציעס נישט גאָר אָפט אָפיציעלע געסט פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג, נאָר דווקא געסט פון פאַרשידענע גרופּן, פריינד פון סאָוויעטנפאַרבאַנד. וועגן דעם לייענען מיר אין די באַשרייבונגען אויף

די שפּאַלטן פון רוסישע זשורנאַלן, די געסטגעבער זענען דאָרט אויך מיליאָ־נערן און מענטשן פון העכערן מיטלקלאַס אין אַמעריקע. דאָס איז נישט בלויז אַ זשעסט פון גאַסטפריינטלעכקייט, דאָ קומען צום אויסדרוק דווקא די טיפע סימפּאַטיעס צום סאָוויעטנפאַרבאַנד אַלס אַזעלכן.

און ווידער דאָס זעלבע: אויב מיר ווילן וויסן די שטימונגען אויף דער יידישער גאַס, מוזן מיר אָנערקענען, אַז די יידישע גאַס איז גענוג פאַר־פּעסטעט מיט פּראָקאָמוניסטישע עלעמענטן. ניין. ווערגעליס איז אין אַמע־ריקע נישט געווען איזאָלירט.

# אַ באַרג ליגנס מיט אַ ביסל אמת

אין סאָוויעט־רוסלאַנד גייט אַלץ אָן דער קאַמף צווישן די אַזוי גערופענע ליבעראַלן און קאָנסערוואַטיסטן אויפן געביט פון ליטעראַטור, קונסט און קולטור. די ליבעראַלן ווילן אָנהאַלטן די נייע שטימונגען, באַזונדערס ביי דער יוגנט, שטימונגען אין דער ריכטונג פון ברענגען צום אויסדרוק נייע געדאַנקען און שטרעבונגען. „באַבי יאַר" פון יעווטושענקאָ און סאָלזשעני־צינס דערציילונג „איין טאָג פון איוואַן דעניסאָוויטש" (וועגן די סאָוויע־טישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן), ווערן נאָך אַלץ קאָמענטירט אויף פאַרשי־דענע אופנים. כרושטשאָווס אַרויסטרעטונגען קעגן אָט די נייע טענדענצן אויף די שוין באַקאַנטע באַגעגענישן מיט די סאָוויעטישע אינטעלעקטואַלן, האָבן ווייזט אויס קיין שטאַרקע ווירקונג נישט געהאַט.

„טיאָרקין אויף יענער וועלט", די סאַטירישע פּאָעמע פון הויפּט־רע־דאַקטאָר פון סאָוויעטישן זשורנאַל „נאָווי מיר", טוואַרדאָווסקי, וועגן סאָ־וויעטישן ביוראָקראַטיזם, האָט אַרויסגערופן אָנערקענונג און אויך קריטיק.

עס בלאָזן נייע ווינטן. ווי לאַנג וועט דאָס אָנהאַלטן, ווי ווייט וועלן גרייכן די נייע טענדענצן אין דער ליטעראַטור, קולטור און קונסט — איז שווער פאָרויסצוזאָגן.

* * *

גאַנץ נאַטירלעך האָט מען געקאָנט דערוואַרטן, אַז די נייע ווינטן זאָלן אויך אָנהייבן בלאָזן אויף דער יידישער גאַס. אַז אויף די שפּאַלטן פון דעם בידנעם, יידישן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" זאָלן אויך קומען צום אויסדרוק די דערמאָנטע ענדערונגען, עס זאָלן קומען נייע פרישע געדאַנקען.

אין די פאָריקע נומערן זענען געווען געדרוקט ליטעראַרישע שאַפונגען פון אייניקע אומגעבראַכטע יידיש־סאָוויעטישע שרייבער, געוויינלעך מיט

דער צושריפט "טראַגיש אומגעקומענע אין דער צייט פון סטאַלין־קולט". קיין איין מאָל איז אויף די שפּאַלטן פון "סאָוועטיש היימלאַנד" נישט געקו־מען צום אויסדרוק אַפילו דער קלענסטער פּראָטעסט אין שייכות מיט די יידישע אומגעבראַכטע יידישע שרייבער.

אמת, מען מוז נעמען אין באַטראַכט די לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד, דעם אַנטיסעמיטיזם אָנגעפירט פון דער פּאַרטיי און רעגירונג. די לעבנגע־בליבענע יידישע שרייבער געפינען זיך ווירקלעך אין אַ שווערער לאַגע. וואָס מען קאָן זיך דערלויבן אויף דער אַלגעמיין־רוסישער גאַס קאָן מען זיך נישט דערלויבן אויף דער יידישער גאַס.

אָבער מען האָט זיך דערוואַרט. אין "סאָוועטיש היימלאַנד" נומער 6־63, איז געדרוקט אַ דערציילונג פון יוסף ראַבין "נישט היינט געדאַכט", וועגן אַ יידיש מיידל אין פאַרמלחמהדיקן פּוילישן ווילנע, אַ קאָמוניסטקע, וואָס אַנטלויפט אין סאָוויעטישן גן־עדן צוליב רדיפות אין פּוילן.

סאָניע מיידאַנער איז געווען אַקטיוו אין דער אומלעגאַלער קאָמוניס־טישער יוגנט־באַוועגונג אין פּוילן, געזעסן אין תפיסה. ווען די פּאָליציי האָט זי געוומען זוכן אויפסניי, האָבן די חברים איר געהאָלפן זיך אַרי־בערפּעקלען אומלעגאַל קיין רוסלאַנד. סאָניע האָט פאַרלאָזט אירע גע־טרייע, איבערגעגעבענע עלטערן, אירע פריינד.

אַ יאָר־צוויי האָט געדויערט ביז מען האָט זי אַרעסטירט. מען האָט זי גענומען פון אַ טאַנץ־אָוונט און אַ יום־טובדיקע מיט לאַקירטע שיך, אויס־געפּוצט געבראַכט אין תפיסה. אין קאַמער איז קאַלט, שמוציק, עס שמעקט מיט קנאָבל, זי רעדט צו זיך אַליין: סאָניע מיידאַנער אין אַ סאָוויעטישער תפיסה?! עס ווילט זיך לאַכן, אָבער עס לאַכט זיך נישט. דער וועכטער רופט זי: "באַרישניאַ (פריילין), קומט אַרויס אין קאָרידאָר וועט איר זיך אָנוואַרעמען, אַחוץ אייך איז אין טורמע קיינער נישטאָ. ווי קומט איר אין טורמע אויסגעפּוצט ווי אויף אַ חתונה? אין אַ וואָך אַרום וועט דאָך פון אַלעם ווערן שמאַטעס". "וואָס רעדט איר... וואָס הייסט אין אַ וואָך אַרום? מאָרגן וועל איך שוין זיין ביי זיך אין דער היים" — שרייט סאָניע. "אַוודאי" — צעלאַכט זיך דער וועכטער, "אויב גאָט וועט געבן יאָרן, וועט איר אפשר אין צען יאָר אַרום צוריקקומען אַהיים..."

ער גיט סאָניען אַן עצה, ווען דער אויספאָרשער וועט זי לאַנג מאַטערן זאָל זי זיך בעטן אין טועאַלעט, דער טואַלעט איז אויף דער גאַס. מען פרישט זיך אָפּ אויף דער קעלט. סאָניע ווערט אויפגעציטערט. ״פּאַרוואָס רעדט איר אַזוי? אַ סאָוויעטישער אויספאָרשער איז ביי מיר אַ חבר, און אַנטלויפן פון אים אין טואַלעט קלויב איך זיך נישט...״

דער וועכטער רעדט ווייטער: ״דו ביסט פון פוילן, אַלץ איז קלאָר, מען וועט דיך משפּטן אונטער די אויגן און וועסט באַקומען צען יאָר...״

״נישט אמת״, שרייט סאָניע, ״פּאַרוואָס?״ ״איך קאָן אייך זאָגן, באַרישניע, איר שטאַמט פון פוילן, איז עס דאָך קלאָר, אַז דו ביסט אַ פּוילישער שפּיאָן״.

״איך, אַ... שפּיאָן?״

סאָניע האָט דאָס נישט געקאָנט אַרויסרעדן, פון דעם וואָרט עקלט איר. זי האָט אינגאַנצן געציטערט און זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

צומאָרגנס האָט מען סאָניען גערופן צום אויספאָרשער. צוריק אין קאַמער האָט מען זי געבראַכט אין פיר טעג אַרום. איר פאַרלאַנג איז געווען — שלאָפן, איינשלאָפן און מער נישט אויפשטיין. סאָניע טרעפט אין קאַמער אַ יונג רוסיש מיידל. ווי עס ווייזט זיך אַרויס, דעם וועכטערס טאָכטער, איינגעזעצט ״זאַ יאַזיק״, פאַר רעדן איבעריקע רייד. זי פרעגט סאָניען וועגן פאַרהער ביים אויספאָרשער. מן־הסתם איז דאָרט שרעקלעך?

״נאָך שרעקלעכער ווי שרעקלעך״, ענטפערט סאָניע. פיר מעת־לעת האָב איך אויסגעהאַלטן, מער וועל איך נישט קענען, איך וועל מוזן אויף זיך זעלבסט אונטערשרייבן, אַז איך בין אַ פאַרעטערין, אַ שונא״. ״זיי שלאָגן?״, פרעגט די שכנה. ״דאָס אַרט מיך נישט״, זאָגט סאָניע. ״ביסט פיר מעת־לעת געשטאַנען אויף די פיס?״ ״דאָס איז אויך גאָרנישט״, ענטפערט סאָניע.

וואָסזשע דען? זיינע רייד, זיינע ווערטער, זענען מער ווי שטעך פון אַ מעסער, ווי אַ האַק איבערן קאָפּ. מיט אַ האַק גיט מען איין מאָל אַ זעץ און פאַרטיק, אָבער ער קלאַפּט נאָכאַנאַנד, נאָכאַנאַנד. יעדעס מאָל ווען ער זאָגט מיר, אַז איך בין אַ פאַרעטערין, אַ שפּיאָן, אַנטרינט פון מיר דער מאַמעס מילך, דאָס בלוט ווערט פאַרקילט. דער אויספאָרשער רעוועט: ״געדאַרפט פריער וויינען, ווען דו ביסט געשלאָפן מיט פּוילישע אָפיצירן און געוואָרן אַ שפּיאָן״...

סאָניע האָט געמאַכט אַ פאַרזוך זיך אויפהענגען. מען האָט זי אָפּגע־ראַטעוועט, אַ פּאָר חדשים געלאָזט צורו, דערנאָך אַריבערגעפירט אין אַ גרעסערער טורמע. אין אַ יאָר אַרום האָט מען זי באַפרייט. זי פאָרט צוריק קיין ווילנע, די שטאָט איז „באַפרייט" דורך די סאָוויעטן. ביינאַכט אין באַן שלאָפט זי נישט, זי שמועסט מיט זיך אַליין, זי פירט אונטער אַ סך־הכל פון איר ביזאיצטיקן לעבן.

האָט זי איר יונגט געפּטרט אויף נאַרישקייטן? ניין, זי גלייבט אין סאָציאַליזם, דאָס מיינט אין קאָמוניזם. וואָס פאַראַ אויספיר מאַכט סאָניע? גיכער צום קאָמוניזם, כדי אַזעלכעס זאָל מער נישט געשען. פאַרוואָס קאָן זי אַלץ נישט פאַרגעסן דעם אויספאָרשער? האָט ער געטאָן אַלץ אין זיין אייגענעם נאָמען? ער האָט דאָך גערעדט אין נאָמען פון פאָלק?! — — —

* *
*

טויזנטער זענען זיי געווען, די יידישע יוגנטלעכע אין פאַרמלחמהדיקן פוילן, געגלייבט מיטן פיבער פון זייערע נשמות אין קאָמוניזם. זייער פאָטערלאַנד איז געווען דער ראַטנפאַרבאַנד. טויזנטער זענען אַוועק אַהין, די מערסטע פון זיי זענען גלייך אויף דער גרענעץ געכאַפּט און פאַרשיקט געוואָרן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וועמ עס האָט אויסגעהאַלטן איז באַפרייט געוואָרן ערשט אין יאָר 1941, אויפן סמך פון אָפּמאַך פון דער סאָוויעטישער רעגירונג מיט דער פוילישער שיקאָרסקי־רעגירונג. אַנטויש־טע, צעווייטיקטע, האָבן זיי, אויב זיי זענען געבליבן אין פוילן, געמוזט ווייטער אָנגיין און מיטמאַכן די נאָכמלחמהדיקע קאָמוניסטישע טעטיקייט, נישט געווען קיין מעגלעכקייט צו שטיין אין אַ זייט אויב מען האָט דיך געקענט פון פאַרמלחמהדיקן פוילן. אַ סך זענען געוואָרן געאיבט אין מאָס־קווע, אין די רייען פון ז.פּ.פּ. — זוויאָנזעק פּאַטריאָטוו פּאָלסקיך — (פאַר־באַנד פון פוילישע פּאַטריאָטן) און געשיקט אין פאָלקס־דעמאָקראַטישן פוילן אויף פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטן.

דער מחבר פון דער דערמאָנטער דערציילונג אין „סאָוועטיש היימ־לאַנד" האָט אָפּגעשיקט זיין העלדין צוריק קיין ווילנע. און נישט קיין פוילן.

דער מחבר אידעאַליזירט אַ סך מאָמענטן, וועלכע שוואַכן אָפּ די

טרויעריקע ווירקלעכקייט בימי סטאַלין, און דערביי אַ סך אומפּינקטלעכ־קייטן.

אין די רוסישע באַדינגונגען איז אויסגעשלאָסן, אַז אַ טורמע זאָל זיין ליידיק, אָן אַרעסטאַנטן, און סאָניע מיידאַנער זאָל זיין די איינציקע. און צוליב וואָס ברענגט מען פּלוצים אַהין דעם וועכטערס טאָכטער? אויך דאָס איז נישט מעגלעך ביי די סאָוויעטישע באַדינגונגען. אין אַזאַ פֿאַל וואָלט מען די טאָכטער גלייך געפירט אין אַ גרעסערער טורמע אין שטאָט. און וואָס נאָך מער וואָרשיינלעך, דער פֿאָטער, דער וועכטער, וואָלט שוין אויך געזעסן אין טורמע, פֿאַר זיין טאָכטערס זינד. עס איז אויסגעשלאָסן אין די סאָוויעטישע באַדינגונגען אַז אַ טורמע־וועכטער זאָל זיך ווענדן צו אַן אַרעסטירטער: "באַרישניע". דאָס איז זייער דעליקאַט און איידל. אויס מורא פֿאַר זיך אַליין וועט דאָס אַ סאָוויעטישער וועכטער נישט זאָגן, דערצו נאָך זי פֿאַרבעטן אין קאָרידאָר זיך אָנצווואַרעמען. עס איז אויסגעשלאָסן אַזאַ געשפּרעך מיט אַן אַרעסטאַנט ווי דער מחבר גיט איבער. עס איז אויך אויסגעשלאָסן, אַז נאָך אַ יאָר זיצן זאָל מען זי באַפֿרייען, עס פֿירט זיך נישט אַזעלכעס אין "סאָציאַליסטישן גן־עדן".

* * *

אין אַן אָפּהאַנדלונג "צו דער פֿראַגע וועגן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פֿון דער היינטצייטיקער יידישער ליטעראַטור" ("סאָוועטיש היימלאַנד", נומ. 1־64), פֿירט דער רעדאַקטאָר ווערגעליס אַ דיסקוסיע אין שייכות מיט אַן אַרטיקל פֿון שלמה ביקל "נאַציאָנאַלע מאָמענטן אין דער יידישער סאָוויעטישער ליטעראַטור", פֿאַרעפֿנטלעכט אין די "גאָלדענע קייט".

רעדנדיק וועגן דער טעמאַטיק פֿון די ווערק פֿון די יידישע שרייבער אין דער פֿרייער וועלט, שרייבט ווערגעליס צווו. אַנד.: "די יידישע רעאַקציע (אַריינגערעכנט אין דער ריי אויך די יידישע שרייבער, פֿון דער מערב־וועלט. — ש. ש.), זוכן איינצושטעלן פֿאַר די יידישע מאַסן אַ לעבנס־סדר פֿון מיטלאַלטער, כדי זיי אָפּהאַלטן פֿונעם פֿרייהייטס־קאַמף פֿון אונדזער עפּאָכע. צוליב דעם ווערט קודם־כל אַלץ געטאָן צו דערקלערן די יידן פֿאַר אַ רעליגיעזער סעקטע".

אויף וואָס פאַר אַ סמך שרייבט אַזויווערגעליס? ווייל... בן־גוריון האָט געזאָגט, אַז עס וואָלט גוט געווען, אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל באַשטיין פון 12 מיליאָן נטורי־קרתא. "און דאָס איז דער ווילן נישט נאָר פון בן־גוריונען. פאַראַן, למשל, ביי דער אַמעריקאַנער יידישער גרויס־בורזשואַזיע אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, ווי "יונייטעד דזשואיש אַפּיל" און די "וועלפּעיר באָארדס", וועלכע זאַמלען 200 מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר פאַר צדקה־צילן, און די סטאַטיסטיק באַווייזט, אַז מערסטנטייל גייען אָט די פאָנדן אויף פאַר־שטאַרקן אין ישראל און אויך אין אַמעריקע די רעליגיעזע השפעה אויפן פשוטן פאָלק".

"...די אַמעריקאַנער מאָנאָפּאָלן וואָלטן נישט דערווידערט... אַז אָט דער וויליאַמסבורגער נוסח (די אָרטאָדאָקסיש־פרומע יידישע געגנט אין ניו־יאָרק), זאָל ווערן די אידענטיפיצירונג פון דער גאַנצער אַמעריקאַנער יידישער גאַס".

פון וואַנען נעמט ווערגעליס אָט די סטאַטיסטיק? דאָס גיט ער נישט אָן.

די טעמאַטיק פון די "נאַציאָנאַלע" יידישע שרייבער שטעלן ווערגעליסן נישט צופרידן, זי איז מאָנאָטאָן. די יידישע שרייבער רעקאָמענדירן אומקער אויף די פרומע סטעזשקעס אאַז"וו. פאַרקערט, די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון יידישן פאָלק ווערן אָפּגעשפּיגלט אין די ווערק פון די "פּראָגרעסיווע" שרייבער אין ישראל. ווערגעליס ציטירט פון ש. טאָלס אַ דערציילונג וועגן אַראַבער און שוואַרצהויטיקע יידן", וועלכע האָבן אויסצושטיין אַ טאָפּלטן יאָך — אַלס אַרבעטסלאַזע און אַלס קאָלירטע".

ווי אַלעמאָל ביי די קאָמוניסטן, איז זייער פּראָפּאַגאַנדע, אַ קליין ביי־סעלע אמת איינגעוויקלט אין אַ באַרג פון ליגנס.

## וועגן ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם

אין דער רעדאַקציע פון "סאָוועטיש היימלאַנד" איז לויט "דער בקשה פון די לייענער" פאָרגעקומען אַ שמועס וועגן "אַנטיסעמיטיזם און ראַסיזם, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אין מערב־דייטשלאַנד, אַמעריקע, אַרגענטינע און אַנדערע לענדער". שרייבט וועגן דעם דער סאָוויעטישער זשורנאַל:

"מיט צאָרן רופן זיך אָפּ די לייענער אויף דעם רכילות־קאַמ־פּיין וועגן דער לאַגע פון די יידן אין סאָוויעטנפאַרבאַנד, וואָס האָט פונקט אין דער זעלבער צייט זיך צעבושעוועט אין דער רעאַקציאָ־נערער פּרעסע פון די מערב־לענדער".

אין דעם שמועס האָבן זיך באַטייליקט אַ צאָל יידן, וואָס פאַרנעמען פאַרשידענע אָנפירנדיקע פּאָזיציעס אין דער סאָוויעטישערווירטשאַפט, אין וויסנשאַפטלעכן לעבן. איינער, אַ געוועזענער קאָמאַנדיר פון פּאַרטיזאַ־נער, העכערע מיליטער־לייט אין רעזערוו און אַנדערע.

"אַ רעדאַקציע־מיטגליד האָט דורכגעבלעטערט, אַ ריי אויס־לענדישע יידישע צייטונגען מיט ידיעות, וועלכע כאַראַקטעריזירן די לאַגע פון די יידן אין אָט די לענדער. אין די ידיעות ווערט אָנגעגעבן וועגן "דיסקרימינאַציעס קעגן די יידן, וועגן אַ גרויסער צאָל געשלאָסענע יידישע אינסטיטוציעס, וועגן כוליגאַנישע אָנ־פאַלן אויף שולן; אַז די פּראָגרעסיווע קרייזן אין אַמעריקע טרעטן אַרויס קעגן דער איינפירונג פון דער פּראָצענט־נאָרמע פאַר יידן אין די הויכשולן, אַז עס ווערט באַגרענעצט דער צוטריט פון יידן אויף מלוכה־אַמטן, די אַמעריקאַנער פאַרלאַגן נעמען נישט אָן אַרויסצוגעבן ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור צום איבערזעצן אויף ענגליש"".

ווי געווײנלעך, און ווי אַלעמאָל, ווערט אויך אין דעם פאַל אויסגענוצט אַ ביסל אמת, וואָס ווערט אַרומגעוויקלט מיט אַ באַרג ליגנס.

וואָס שייך דעם אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד, איז דאָס אַן אויס־טראַכטעניש.

"ווי קאָן מען אַזוינס רעדן וועגן דער סאָוויעטישער ווירק־לעכקייט?" יעטוועדע פּרעדיקונג פון ראַסאָווער, אָדער נאַציאָנאַלער אויסנעמלעכקייט, אָדער האַס און ביטול, ווערן באַשטראָפט דורכן געזעץ".

"ווי ווילד עס זענען די רכילות, אַז אין סאָוויעטנפאַרבאַנד ווערט כלומרשט געפירט אַ פּאָליטיק פון אַנטיסעמיטיזם, פון רע־פּרעסיעס קעגן יידן אונטערן תירוץ, אַז יידן באַגייען אַ. ג. עקאָ־

נאָמישע פאַרברעכנס. די רייד, אַז טויט־שטראָף ווערט באַנוצט דער עיקר קעגן יידן זענען וויסטע רכילות".

אין שמועס האָט זיך אויך באַטייליקט אַ רוסישע פרוי, וואַלענטינאַ האַלפערין, וועלכע איז מיט איר יידישן מאַן יוסף האַלפערין און איר טאָכ־טער, אין יאָר 1946 אַרויסגעפאָרן קיין פוילן, פון דאָרטן קיין ישראל. 14 יאָר האָבן זיי געלעבט אין חיפה, איצט האָט זי זיך צוריקגעקערט מיט איר טאָכטער קיין רוסלאַנד. "די אַלע יאָרן האָבן מיר זיך געמאַטערט, איך האָב זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד דערפאַר, ווייל איך בין איבערצייגט, אַז בלויז דאָ וועל איך און מיין טאָכטער זיך פילן אַלס מענטשן".

אין ישראל האָט זי יעדן חודש באַדאַרפט צאָלן גרויסע שטייערן און דערצו זעקס הונדערט פונט שכר־לימוד פאַר דער טאָכטער, אָבער "נאָך שווערער פון דער מאַטעריעלער לאַגע איז די אַטמאָספער פון שאָוויניזם אין ישראל. מיין טאָכטער האָט מען גערייצט מיטן נאָמען "גויע".

ווייל איר מוטער איז אַ רוסישע, וואָלט די טאָכטער אַפילו נישט גע־קאָנט חלומען וועגן אָנקומען אין אַן אוניווערזיטעט, די דיסקרימינאַציעס האָבן אויך אויסצושטיין די אַפריקאַנער יידן.

אויך אין דעם פאַל איז אויסגענוצט געוואָרן אַביסל אמתע ישראל־ווירקלעכקייט (אין שייכות מיט דער באַציונג צו די קריסטלעכע פרויען פון די יידישע מענער), אַביסל אמת מיט אַ באַרג ליגנס און דאָס ווערט אונטערגעטראָגן דעם סאָוויעטישן לייענער.

דער צוזאַמענשטעל פון די אָנטיילנעמער אין שמועס איז גאַנץ נאַטיר־לעך נישט געוועזן קיין צופעליקער, נאָר ווי געהעריק צוגעקליבן. דער שמועס דאַרף זיין אַ סאָרט ענטפער אויף די פּראָטעסטן פון די יידן אין דער פרייער וועלט וועגן אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד.

אַוודאי זענען דאָ פיל יידן אויף פאַראַנטוואָרטלעכע ווירטשאַפטלעכע אַמטן אין רוסלאַנד. דער אָנטייל פון די יידן אין דער סאָוויעטישער וויסנ־שאַפט איז גאַנץ באַדייטנדיק. קיינער קאָן דאָס נישט אָפּלייקענען. אָבער דאָס אַלץ ענדערט נישט די פאַקטישע לאַגע. דער אַנטיסעמיטיזם אין רוס־לאַנד בושעוועט, און דאָס איז דער ערגסטער סאָרט אַנטיסעמיטיזם, ווייל ער קומט פון דעם מלוכה־אַפּאַראַט. כרושטשאָוו גופא האָט אין דער אַנטי־

סעמיטישער פּאָליטיק אַ גרויסן חלק. דאָס אַרויסשטעלן דערביי די יידישע גענעראַלן, די יידישע וויסנשאַפטלער און אַנדערע גדולים, ווי זיי פּראַק־טיצירן דאָס זייער אָפּט אין אַזעלכע פאַלן, ענדערט אַבסאָלוט נישט די טרויעריקע לאַגע פון רוסישן יידנטום.

## "ברידערלעכע פאַרבינדונגען" צווישן אוקראַינער און יידן

די רעדאַקציע פון "סאָוועטיש היימלאַנד", צוזאַמען מיט דער פאַר־וואַלטונג פון אוקראַינישן שרייבער־פאַרבאַנד, האָבן איינגעאָרדנט אַ באַגע־געניש מיט די לייענער פון דעם זשורנאַל אין קיעוו.

דער אוקראַינישער ראָמאַניסט יורי סמאָליטש האָט אין זיין אריינפיר־וואָרט גערעדט וועגן די "ברידערלעכע פאַרבינדונגען צווישן דעם אוקראַי־נישן און יידישן פאָלק".

מיינט סמאָליטש די ברידערלעכע פאַרבינדונגען מצד די אוקראַינער און די יידן אין די יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע. די ברידערלעכקייט פון ארויסהעלפן די דייטשן אויסמאָרדן די יידן, די ברידערלעכקייט בעת דעם פּאָגראָם אין קיעוו שוין נאָך דער מלחמה?

# אויף די שפּאַלטן פון
# דער סאָוויעטישער פּרעסע
(פאַרצייכנונגען)

## "דיכטער פון ישראל" אין אַ מאָסקווער פאַרלאַג

אין מאָסקווער פאַרלאַג פאַר אויסלענדישער ליטעראַטור, איז אונטער דער רעדאַקציע פון דיכטער באָריס סלוצקי, דערשינען אין רוסיש אַ זאַמ־לונג "פּאָעטן פון ישראל". דאָס איז דער ערשטער פּרוּוו צו באַקענען דעם סאָוויעטישן לייענער מיט דער היינטצייטיקער ישראל־ליטעראַטור, מיט דער ישראל־פּאָעזיע. אינעם בוך זענען רעפּרעזענטירט העכער 40 דיכטער, וועלכע געהערן צו פאַרשידענע ליטעראַרישע ריכטונגען און שרייבן אין העברעיש, יידיש און אַראַביש. די לידער האָבן איבערגעזעצט אָנגעזעענע רוסישע און ישראלדיקע פּאָעטן.

## פאַרשיקטע אין קאַרטוז־בערעזע שרייבן זכרונות

דער מלוכה־פאַרלאַג פון ווייסרוסלאַנד האָט אַרויסגעגעבן דאָס בוך פון וואַרשעווער יידישן שרייבער מ. מירסקי "ביגעם מאַרש", וואָס שיל־דערט דעם טרויעריק־באַרימטן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן "בערעזאַ־קאַרטוסקאַ". דאָס בוך איז אויך איבערגעזעצט געוואָרן אויף אוקראַיניש (וועגן דעם אין אַ באַזונדערער אָפּהאַנדלונג).

* * *

צום 30־סטן יאָרטאָג פון שאַפן דעם דאָזיקן לאַגער שרייבט אויך אין נר. 37־38 "קולטוראַ", וואָכן־אויסגאַבע אין פּוילן, דער באַקאַנטער נאָך פון פאַר דער מלחמה קאָמוניסט העגריק זאַלאָטאַוו, וועלכער איז געווען פאַר־שיקט אין לאַגער איינער פון די ערשטע.

אונטערן קעפּל "ברויט" שרייבט זאַלאָטאַוו אין זיינע דערינערונגען וועגן דעם הונגער אין לאַגער.

## די סאָוויעטישע פּרעסע וועגן יידישע קאָנצערטן

דער זשורנאַל "סאָוויעטסקאַיאַ מוזיקאַ" האָט פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג וועגן די קאָנצערטן פון נחמה ליפשיץ, דער באַקאַנטער יידי־שער זינגערין, צווישן אַנדערן זאָגט זיך דאָרט: "דער טאַלאַנט פון דער זינגערין באַשטייט אין העכסט־קינסטלערישן סינטעז פון מוזיק און וואָרט".

אַ באַגייסטערטע רעצענזיע וועגן די קאָנצערטן פון נחמה ליפשיץ אין מאָסקווער טשייקאָווסקי־זאַל האָט פאַרעפנטלעכט די "איזוועסטיאַ".

## געשיכטע פון אַ יידישן בחור

אין "סאָוועטיש היימלאַנד" איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דער פּאָעמע פון שלום שטערן "אין קאַנאַדע". די פּאָעמע דערציילט די געשיכטע פון אַ יידישן בחור, וועלכער האָט עמיגרירט קיין קאַנאַדע, וועגן זיין פּיינלעך, שווער, געפּלאָנטערטן וועג צום זין און ציל פון זיין לעבן. די פּאָעמע איז אַ סאָרט אויטאָביאָגראַפיע. שלום שטערן איז אַ באַ־קאַנטער לערער אין די "פּראָגרעסיווע" שולן אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע.

אויף דער קאַנווע פון די איבערלעבונגען פון אַ יחיד, שילדערט דער "פּראָגרעסיווער" דיכטער דאָס לעבן פון כלל, פון גרויסע מאַסן, יידישע און נישט־יידישע. ער דערציילט וועגן דער ברוטאַלער קאָלאָניזאַציע דורך ענגלאַנד און פראַנקרייך, וועגן דער אויסראָטונג פון די אינדיאַנער, וועגן דעם שווערן לעבן פון די נעגערס.

און ווידער דאָס זעלבע, צו דעם אמת וועגן די קאָלאָניזאַטאָרן איז צוגעפּלאָכטן אַ גרויסער ליגן וועגן די נעגער. ווי באַקאַנט, איז נישטאָ אין קאַנאַדע אַזאַ פּראָבלעם.

## אַ נייער מאַכל אין רוסלאַנד

"אינטערעסאַנטע פאַקטן" — אונטער אַזאַ קעפּל ווערט געמאָלדן אין "עקאָנאָמיסטשעסקאַיאַ גאַזעטאַ" נר. 137־12, אַז אין די שטאָטישע מאַגאַזי־נען ווערט פאַרקויפט אַ נייער מאכל, "קאַרטאָפל־קרעקערס", אַ נייער פּראָ־דוקט אין סאָוויעטנפאַרבאַנדד.

"קויפט אַ פּעקל קאַרטאָפל־קרעקערס, לייגט זיי אויף אַ וואַרע־מער סקאָוואָראָדע מיט אַ ביסל פעטס (נאַטירלעך אויב עס איז דאָ אַזעלכעס — ש. ש.) איין מינוט, און דער מאכל איז פאַרטיק".

"אין יאָר 1964 וועט מען אַרויסלאָזן זעקס הונדערט טאָן פון די קאַרטאָפל־קרעקערס, און אין יאָר 1965 שוין צוויי טויזנט ניין הונ־דערט טאָן, די קרעקערס פאַרלירן נישט זייער טעם אין פאַרלויף פון צוויי יאָר. גאָר שנעל וועלן די קרעקערס זיין אַן אומבאַדינגט מאכל אין די רעסטאָראַנען. די הויז־פרויען וועלן די קרעקערס אויף זיכער ווי געהעריק אָפּשאַצן, און בעת ווייטע רייזעס וועלן די קרעקערס פאַרבייטן אַלע אַנדערע מאַכלים".

סוף כל סוף איבערגעיאָגט אַמעריקע!!!...

## האַנדל דורך אויטאָמאַטן

"אויטאָמאַטן דאַרפן דערגענצן דעם האַנדל מיט עסנוואַרג, אויטאָמאַטן דאַרפן זיין אין גאַס, אין טעאַטער, אויף די וואָקזאַלן, בכדי די קאָנסו־מענטן זאָלן קאָנען צו יעדער צייט באַקומען אַ פּעקל פּאַפּיראָסן, שוועבע־לעך, אַ פלאַש מילך, אַ ברויט.

"אָבער דער האַנדל דורך אויטאָמאַטן גייט זייער שוואַך, די אויטאָ־מאַטן טויגן נישט, עס ווערט געפּטרט אַ סך צייט צו רעמאָנטירן די אויטאָ־מאַטן.

"לעצטנס זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן 41 טיפּן פון אויטאָמאַטן, גע־נוצט ווערן בלויז 6־5 טיפּן, די איבעריקע טויגן נישט.

"מיר נייטיקן זיך אין אַזעלכע אויטאָמאַטן, וואָס צוזאַמען מיטן פּראָ־דוקט זאָלן זיי נישט אַרויסוואַרפן צוריק אויך דאָס געלט".

## עלעקטרישע פּרעסאייזנס

"אין איינער פון די ווירטשאַפטלעכע באַזעס אין קיעוו איז אָנגעקומען צום פאַרקויף דריי טויזנט עלעקטרישע פּרעסאייזנס. די פירער פון דער באַזע זענען אין שרעק, גאָר באַזונדערס זענען באַאומרואיקט די פייער־

לעשער. פון דער טרויעריקער פּראַקטיק ווייסן זיי שוין, אַז די פּרעסאייזנס האָבן אַן אייגנשאַפט, אַפילו ביי מאַקסימאַלער פּאָרזיכטיקייט, צו פאַר־שפּרייטן אַ פייער ווען זיי ווערן באַנוצט. פאַר די פייערלעשער זענען אָט די פּרעסאייזנס נאָך מער שרעקלעך ווי פאַר דעם פירער פון דער באַזע.

„די פייערלעשער האָבן פאַראָרדנט צו קאָנטראָלירן די פּרעסאייזנס, די לאַבאָראַטאָריע האָט פעסטגעשטעלט, אַז אַלע דריי טויזנט פּרעסאייזנס טויגן נישט. מען האָט די פּרעסאייזנס אָפּגעשיקט צוריק אין פאַבריק. איצט קאָנען שוין די פייערלעשער רויִק שלאָפן.

## אין די אינטערעסן פון באַלעבאָס

„ספּעראַפּיד" איז דער נאָמען פון דער געזעלשאַפט, געשאַפן דורך טשעכן און פוילן, אַ געזעלשאַפט פאַר טשעכישן טראַנזיט פון סחורות דורך דער פוילישער טעריטאָריע קיין רוסלאַנד. פון יאָר צו יאָר פאַרגרעסערט זיך דער טראַנזיט קיין רוסלאַנד פון טשעכיע, ביידע לענדער מוזן אַרבעטן אין די אינטערעסן פון באַלעבאָס — פאַר רוסלאַנד.

## וואָס איז געשען מיט די קאַרטאָפל?

„פון די אַרומיקע געגנטן האָט מען מיט דער באַן געשיקט קיין מאָס־קווע קאַרטאָפל. אויף דער באַן האָט מען אָפּגעוווויגן 828 טויזנט קילאָגראַם, נאָך דעם אויסלאָדענען און ברענגען אין די באַזעס מיט אויטאָמאָבילן בסך־הכל פינף קילאָמעטער, האָט די וואָג געוויזן בלויז 815 טויזנט קילאָ־גראַם, אַ מאַנגל אין 13 טויזנט קילאָגראַם".

וואָס איז אַלזאָ געשען מיט די איבעריקע קאַרטאָפל?...

## פרישע מאַנדאַרינען...

אַקט נר. 28. צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן דורך דעם מאָסקווער אינ־ספּעקטאָר פאַר אַגראַר־פּראָדוקטן:

„אין דער אייזקאַמער נר. 9 האָט מען ענדע דעצעמבער 1963 אַריינגע־לייגט 7 וואַגאָן פרישע מאַנדאַרינען. אין פעברואַר 1964 האָט מען געעפנט

די אייזקאַמערן. עס זענען געבליבן נאָר 2.5 וואַגאָן מאַנדאַרינען. אַרייַנ־געלייגט האָט מען 90 פּראָצ. סטאַנדאַרטנע, די איבעריקע פון נידעריקער קוואַליטעט. אַרויסגענומען האָט מען סטאַנדאַרטנע בלויז 35 פּראָצ. די אי־בעריקע פאַרפוילטע״.

אמתדיקע סאָוויעטישע נסים וואָס טרעפן זיך יעדן טאָג.

## וווּנדערבאַרע מענטשן...

״וווּנדערבאַרע מענטשן״ איז אַן אָפּהאַנדלונג צו די 60 יאָר זינט דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (״נאָווי מיר״, נר. 7 — 1963).

״דאָס איז געווען אַ צוזאַמענפאָר אויף וועלכן עס איז אַנטשטאַנען די פּאַרטיי פון נייעם טיפּ — די לעניניסטיש־באָלשעוויסטישע פּאַרטיי״.

אין אַלגעמיין גערעדט האָט דער ריין־אויסערלעכער גאַנג פון די גע־שעענישן געקאָנט זיין אַביסל אַנדערש — שרייבט די אויטאָרין פון דעם אַרטיקל, דראַבקינאַ — פינף בונדיסטן, אַנשטאָט דעם זיי זאָלן פאַרלאָזן דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי, ווען עס זענען אָפּגעוואָרפן גע־וואָרן זייערע פאָדערונגען, האָבן זיי זיך געקאָנט באַגנוגענען מיט אַ היס־טערישער דעקלאַראַציע. צוויי עקאָנאָמיסטן האָבן געקאָנט נאָכטאָן זייער ביישפּיל. ביי אַזאַ מין צושטאַנד וואָלטן די כוחות־פאַרהעלטעניש צווישן די ״האַרטע איסקראָווצעס״ פון איין זייט, און ״ווייכע איסקראָווצעס״ פון דער צווייטער, פאַרבליבן אין מאָמענט פון דער שפּאַלטונג אין דער פּאַרטיי, אַזוי ווי זי איז געווען בעת דער אָפּשטימונג פון ערשטן פּאַראַגראַף פון פּראָגראַם. לינען און זיינע אָנהענגער וואָלטן געהאַט ווייניקער שטימען ווי מאַרטאָוו און דאַדן. ווען מען זאָל גלייבן די געזעצן פון פאָרמעלער לאָגיק, וואָלט דער רעוואָלוציאָנערער פליגל פון דער פּאַרטיי באַדאַרפט זיך רופן ״מענשעוויקעס״ און די אָפּאָרטוניסטן — ״באָלשעוויקעס״. עס איז ווילד! אומדענקבאַר! אומגלויבלעך״!

ווייטער ווערט דערציילט, אַז אַ געוויסער רעוואָלוציאָנער סולימאָוו איז אַנטלאָפן פון פאַרשיקונג, אויפן וועג זיך פאַרהאַלטן אין אַ הויז פון

זיינעם אַ פריינד, אויך אַ רעוואָלוציאָנער, געטראָפן יענעמס מוטער. זי פרעגט אים: "דו ביסט פון וועלכע? מענשעוויקעס אָדער באָלשעוויקעס?" סולימאָוו האָט נאָך נישט געוווּסט וועגן דער שפּאַלטונג, האָט ער דערפאַר נישט פאַרשטאַנען די פראַגע. דאַן האָט אים די אַלטע פרוי אויף איר שטייגער אויפגעקלערט די סיבות פון דער שפּאַלטונג, ווי זי האָט פאַרשטאַנען פון די דיסקוסיעס ביי איר אין הויז, צווישן די חברים פון איר זון. די באָלשעוויקעס זענען די, וואָס ווילן פאַרן פאָלק "באָלשע" (מערער), די מענשעוויקעס דאַרפן נישט קיין סך. פאַר זיי וועט זיין גענוג ווייניקער, ("מיענשע").

"אַזוי איז געווען — שרייבט די אויטאָרין — אין יאָר 1903, און וואָס שייך די יאָרן 1905 און 1917 איז נישטאָ וואָס צו רעדן, די באָלשעוויקעס זענען פאַר דעם, אַז מען זאָל געבן דעם פאָלק אַלץ: שלום, ברויט, ערד, פרייהייט! נו, און די מענשעוויקעס? (אַ שפּיי), באַקאַנטע זאַכן. מענשעוויקעס זענען דאָך... מענשעוויקעס"!

די זאַך איז אויפגעקלערט זייער פּשוט. אַ רוס זאָגט "דיאָשעוואָ אי מילאָ" (ביליק און ליב).

## אַ סימן האָט איר...

ווי באַקאַנט, איז אויפן 22־סטן קאָנגרעס פון דער רוסישער קאָמוניסטישער פאַרטיי אָנגענומען געוואָרן אַ נייער פּראָגראַם. וועגן דעם ווערט געגעבן אַן אָפּהאַנדלונג אין איינעם פון די נומערן "נאָווי מיר", און דאָרט ווערט געזאָגט אַזוי:

"קיין איין פאַרטיי־דאָקומענט, פון קיין איין פאַרטיי אין דער וועלט, פאַר דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע האָט נישט אַרויסגערופן אין דער וועלט אַזאַ ברייטן אָפּרוף, ווי דער נייער פּראָגראַם פון דער רוסישער קאָמוניסטישער פאַרטיי. אַרום די אידייען פון דעם פּראָגראַם האָט זיך אַנטוויקלט אַ ריכטיקע מלחמה פון צוויי אידעאָלאָגיעס — די קאָמוניסטישע און בורזשואַזע, — האָט אויף דעם צוזאַמענפאָר געזאָגט כרושטשאָוו".

אין דער אָפּהאַנדלונג ווערט גערעדט וועגן דער "עוואָלוציע, וועלכע עס האָט דורכגעמאַכט די בורזשואַזע וועלט אין אירע אָפּשאַצונגען וועגן

דער אַנטוויקלונג פון דער קאָמוניסטישער עקאָנאָמיק, און עקזיסטענץ פון נייעם סאָציאַליסטישן סיסטעם״.

אַלס ענטפער אויף דער אַרויסטרעטונג פון פרעזידענט קענעדי, אַז דער ראַטנפאַרבאַנד וועט נישט באַוויזן צו דעריאָגן אַמעריקע, ווערט אָנ־געגעבן, אַז ״מיט די אויספירונגען טאָקע פון די אַמעריקאַנער עקאָנאָמיסטן ווערט אָט די איינשטעלונג אָפּגעוואָרפן״.

אַ סימן האָט איר... ״די רוסישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי רוקט אַרויס איר נייעם פּראָגראַם... וואָס מאַכט אַ סוף צו דעם בייז פון דער קאַפּיטאַ־ליסטישער געזעלשאַפט״. אַזוי שרייבט אַן אַמעריקאַנער אַרבעטסלאָזער א. סטאָן אין... ״פּראַוודאַ״. קאָן נאָך ווער צווייפלען ? דער נייער פּראָגראַם איז די גרויסע האָפענונג פאַר אַלע פעלקער געפּלאָגטע דורך די אימפּער־יאַליסטן״. ״אַזוי מעלדעם דעלאַקרוס, אַ פּאָרטאָריקאַנער געזעלשאַפטלעכער טוער״.

נאָך אַזעלכע איבערצייגנדיקע אַרגומענטן, קאָן נאָך ווער צווייפלען אין דעם גליק פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, וואָס דער נייער פּראָגראַם וועט ברענגען ?

## וועגן ״איין טאָג אין לעבן פון איוואַן דעניסאָוויטש״ פון א. סאָלזשעניצין

די דערמאָנטע דערציילונג, געדרוקט אין נר. 11 ״נאָווי מיר״, אָרגאַן פון אַלסאָוויעטישן שרייבער־פאַריין, האָט בשעתו געמאַכט אַ רושם. אַ ריי וויכטיקע אויסגאַבן אין אַמעריקע האָבן די דערציילונג איבערגעדרוקט. די דערציילונג ווערט קאָמענטירט, די דערציילונג איז דערשינען אין דער ענגלישער שפּראַך אין רוסלאַנד גופא.

די דערציילונג אין ״נאָווי מיר״ איז באַגלייט מיט אַ פאָרוואָרט פון הויפּט־רעדאַקטאָר פון ״נאָווי מיר״ — א. טוואַרדאָווסקי.

איידער מיר גייען באַהאַנדלען דעם אינהאַלט פון דער דערציילונג, איז כדאי צו ברענגען אייניקע אויסצוגן פון טוואַרדאָווסקיס פאָרוואָרט :

"דער לעבנס־מאַטעריאַל, וואָס איז אַריינגעלייגט אין גרונט פון דער דערמאָנטער דערציילונג איז נישט קיין געוויינלעכער פאַר דער סאָוויעטי־שער ליטעראַטור. עס טראָגט אין זיך דעם אָפּקלאַנג פון יענע ווייטאָגדיקע דערשיינונגען אין אונדזער אַנטוויקלונג, וועלכע זענען פאַרבונדן מיטן פעריאָד פון "פּערזאָנען־קולט", אַ פעריאָד, וואָס איז דורך דער פּאַרטיי באַזייטיקט געוואָרן. אַ פעריאָד, וואָס איז אין צייט נאָך גאָרנישט אַזוי ווייט פון איצט. ווערט אָבער פאַרגעשטעלט, ווי אַ ווייטע פאַרגאַנגענהייט. די פאַרגאַנגענהייט, ווי זי זאָל נישט געווען אויסזען, קאָן אָבער נישט זיין גלייכגילטיק פאַר דער איצטיקער ווירקלעכקייט.

כרושטשאָוו האָט, אין זיין אומפאַרגעסלעכן פאַר אונדז אַלע שלוס־וואָרט, אויפן 22־סטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, געזאָגט אַזוי: "אונדזער חוב איז, גענוי און אַלזייטיק פאַנאַנדערקלייבן זיך אין אַזעלכע ענינים, וואָס זענען פאַרבונדן מיט מיסברויכן די מאַכט. די צייט וועט אַוועק, מיר וועלן שטאַרבן, אָבער אַזוי לאַנג ווי מיר אַרבעטן, קאָנען מיר און דאַרפן אַ סך קלאָר מאַכן, און זאָגן, אַז אַזעלכע דערשיינונגען זאָלן זיך מער קיינמאָל נישט איבערחזרן".

אָפּגעבנדיק זיין חוב פון לויבגעזאַנג פאַר כרושטשאָוון, ווי עס האָט זיך געפירט אַלעמאָל אין דער צייט פון "פּערזאָנען־קולט", אַזוי איצט דאָס זעלבע, כרושטשאָוו האָט געזאָגט. שרייבט ווייטער טוואַרדאָווסקי:

"איין טאָג פון איוואַן דעניסאָוויטש" איז נישט קיין מעמואַרן־דאָקו־מענט, דאָס זענען נישט קיין דערינערונגען וועגן די איבערלעבונגען פון אויטאָר גופא.

"דער לייענער וועט אין דער דערציילונג נישט געפינען קיין אַלגעמיין בילד פון יענעם היסטאָרישן פעריאָד, וואָס ווערט באַצייכנט אַלס "דער טרויעריקער פעריאָד פון יאָר 1947".

"איין טאָג אין לעבן פון אַ לאַגערניק קומט צום ערשטן מאָל צום אויסדרוק אין דער סאָוויעטישער ליטעראַטור. אין דער דערציילונג ווערט נישט געלייגט ספּעציעל קיין אַכט אויף די שווידערלעכקייטן אין די סאָוויעטישע לאַגערן. אין דער דערציילונג ווערט איבערגעגעבן איין גע־וויינלעכער טאָג פון לאַגער־לעבן, פון אויפשטיין ביזן שלאָפן גיין".

**
*

דער לאַגער איז אַ ספּעצ.־לאַגער, דאָס מיינט אַ ספּעציעלער לאַגער פאַר די, וועלכע האָבן אַחוץ דעם טרויעריק־באַרימטן שטראָף־אַרטיקל 58, אַ ריי צוגאָב־אַרטיקלען. דער אורטייל איז 25 יאָר, וואָס דאָס מיינט אַ זיכע־רער טויט. אויב עס האָט ווער אַ קלענערן אורטייל, און דערלעבט ביז דער ענדע פון טערמין — ווערט דער טערמין פאַרלענגערט.

ווער זענען די פאַרברעכער אין דעם ספּעצ.־לאַגער?

מערסטנטייל אָנטיילנעמער אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, וועלכע זענען אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די דייטשן. ווי באַקאַנט, איז די רויטע אַרמיי כמעט זיך צעפאַלן גלייך ביים אָנהייב פון קריג אין יאָר 1941, ווען די דייטשן האָבן שנעל דערגרייכט נאָענט צו מאָסקווע. גאַנצע אַרמייען זענען אַריינגעפאַלן אין דער דייטשער געפאַנגענשאַפט. נאָך סטאַלינגראַד, ווען די דייטשע אַרמיי איז אָפּגעטראָטן אין איילעניש, זענען צענדליקער טויזנטער סאָוויעטישע מיליטער־לייט באַפרייט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי. זיי זענען פאַרשיקט געוואָרן אין די סאָוויעטישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, זיי זענען קוואַליפיצירט געוואָרן אַלס פאַרעטער. אַזעלכע איז די קאָמוניסטישע מאָראַל.

דער העלד פון דער דערציילונג, איוואַן דעניסאָוויטש שוכאָוו איז איינער פון זיי. ווי געוויינלעך, האָט ער זיך מודה געווען אין פאַראַט. ער האָט זיך איבערגעגעבן אין געפאַנגענשאַפט, ווייל ער האָט געוואָלט פאַראַטן זיין פאָטערלאַנד. געקומען איז ער פון געפאַנגענשאַפט, ווייל ער האָט אויסגעפירט אַן אויפגאַבע פון דייטשן שפּיאָנאַזש. אין וואָס איז באַשטאַנען די אויפגאַבע? — שוכאָוו האָט אַליין נישט געוווּסט. ער האָט נישט געקאָנט אויסקלערן עפּעס אַזעלכעס. דער אויספאָרשונגס־ריכטער אויך דאָס זעלבע. אַזוי אַרום איז אין די אַקטן געבליבן בלויז "אַן אויפגאַבע פון דייטשן שפּיאָנאַזש". שוכאָוו האָט זיך געטראַכט אַזוי: וועט ער נישט אונטער־שרייבן דעם פּראָטאָקאָל איז אַ זיכערער טויט, וועט ער יאָ אונטערשרייבן איז פאַראַן אַ האָפענונג צו לעבן אַ פּאָר יאָר. האָט ער אונטערגעשריבן.

וואָס איז געווען אין דער ווירקלעכקייט? די דייטשן האָבן אַרומגע־

רינגלט די רויטע אַרמיי, קיין עסן איז נישט געווען, אַפילו קיין געפּגרטע פערד נישט. עס איז נישט געווען מיט וואָס צו שיסן. אַזוי האָבן די דייטשן זיי גענומען אין געפאַנגענשאַפט.

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער איז שוכאָוו מיט אַ גרופּע אַנטלאָפן, גע־בלאָנקעט אין די וועלדער, אין די זומפּן, געקומען צוריק אין דער רויטער אַרמיי. וואָלטן זיי געווען קלוגער און געזאָגט, אַז זיי האָבן געבלאָנדזשעט אין די וועלדער, וואָלט גאָרנישט געווען, האָבן זיי אָבער געזאָגט דעם אמת, געווען אין געפאַנגענשאַפט, פון דאָרט אַנטלאָפן. זיי זענען געווען זיכער, אַז זיי וועלן באַהאַנדלט ווערן ווי העלדן.

״איין טאָג פון איוואַן דעניסאָוויטש״ איז אַ בילד פון דער טרויעריקער ווירקלעכקייט אין די סאָוויעטישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אַחוץ די צייט פון שלאָפן, לעבט דער לאַגערניק פאַר זיך נאָר אינדערפרי, 10 מינוט ביים אָנבייסן, צו 5 מינוט ביים מיטאָג און אָוונט־ברויט.

דאָס עסן איז ערגער ווי פאַר חזירים. דער רעזשים איז שרעקלעך. פאַר אַן אויפזעער דאַרף מען 5 שפּאַן פונדערווייטנס אַראָפּנעמען דאָס היטל. צוריק אָנטאָן איז דערלויבט צוויי שפּאַן ווייטער. ביי יעדער געלעגנהייט ווערט דער לאַגערניק פיזיש באַליידיקט און געפּייניקט. דער קאַרצער איז שוידערלעך. די קעלט איז שרעקלעך, יעדער שלעפּט אויף זיך וויפל שמאַ־טעס עס לאָזט זיך. די אַדמיניסטראַציע פּייניקט, נעמט צו די מלבושים, די אייגענע געבראַכטע פון דער היים האָט מען גלייך צוגענומען. די מלבושים וועט מען אָפּגעבן ווען דער טערמין וועט זיך ענדיקן, אָבער צו קיין ענדע פון טערמין איז אין דעם לאַגער נאָך פאַר קיינעם נישט געקומען. די לאַגערניקעס ווערן געפירט צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט באַגלייט מיט הינט. דער געוויינלעכער אויסגעשריי פון קאָנוואָיר: אַכטונג, אין די זייטן נישט קוקן. די הענט האַלטן הינטער זיך, אַ שפּאַן רעכטס, אַ שפּאַן לינקס הייסט אַ פּרווו צו אַנטלויפן, טויט אויפן אָרט.

די דערציילונג פאַרענדיקט זיך אַזוי:

״פאַרן שלאָף פירט אונטער שוכאָוו אַ סך־הכל פון אַ טאָג אין לאַגער. ער איז צופרידן. דעם טאָג האָט ער געהאַט אַ סך מזל: אין קאַרצער נישט געזעסן, מיטאָג־צייט האָט זיך אים איינגעגעבן אַריינכאַפּן נאָך אַ

פּאַרציע קאַשע, עס האָט זיך אים איינגעגעבן איינצוהאַנדלען אַביסל מאַ־כאָרקע, ער איז דעם טאָג נישט קראַנק געוואָרן, דורכגעמאַכט ווי עס איז דעם טאָג, ער איז כמעט גליקלעך".

"אַזעלכע טעג האָט שוכאָוו אין זיין טערמין פון פרי ביז נאַכט דריי טויזנט זעקס הונדערט דריי און פופציק. צוליב די איבער־יאָרן איז אים צוגעקומען דריי טעג איבעריקע".

פאַר די, וואָס זענען אַביסל באַקאַנט מיט דער סאָוויעטישער ווירק־לעכקייט איז די דערציילונג קיין איבעראַשונג נישט.

און אַזאַ דערציילונג זאָל דערזען די ליכטיקע שיין אין ראַטנפאַרבאַנד האָט געקאָנט קומען אין רעזולטאַט פון דער קאַמפּאַניע אַראָפּצורייסן סטאַ־לינען, אין קאַמף קעגן "פּערזאָנען־קולט". עס איז געקומען אַ פּעריאָד ווען אויף דעם ליטעראַרישן פראָנט האָט דער פראָסט אַביסל נאָכגעלאָזט.

די לעצטע ידיעות פון רוסלאַנד גיבן אָבער אַ גרונט צו מאַכן אויספי־רונגען, אַז עס ווערט צוריק פראָסטיק. די פאַרגעקומענע צוזאַמענטרעפן פון כרושטשאָוון און אַנדערע פירער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי מיט די סאָוויעטישע שרייבער, קינסטלער און אינטעלעקטועלע, באַווייזן, אַז די נייע טענדענץ איז צוריק איינשטעלן די אַ"ג פּאַרטיי־ליניע די יעזשאָוושטשינע קאָס און אַנדערע ווי ער, ווערן גערופן צו אָרדענונג.

אין דער זעלבער צייט קאָן מען אָבער מיט צופרידנקייט פעסטשטעלן, אַז אין קאָמוניסטישן רוסלאַנד קומט פאָר אַ קאַמף צווישן דעם יונגערן דור אינטעליגענץ, שרייבער און קינסטלער מיט דער קאָמוניסטישער פּאַר־טיי — אַ קאַמף קעגן דער אָפיציעלער פּאַרטיי־ליניע, וואָס וויל ווייטער אָנהאַלטן איר דיקטאַט אויף דער קולטור, ליטעראַטור און קונסט.

## אַלטע זינד...

זאַכאַריאַש איז פאַר דער מלחמה געווען אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט און דער סעקרעטאַר פון צענטראַלן יידישן ביוראָ ביי דער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי אין פוילן. נאָך דער מלחמה, דער פוסק אַחרון ביי די יידישע קאָמוניסטן.

זאַכאַריאַש איז פאַרבונדן מיטן היסטאָרישן אַרכיוו ביי דער פוילישער קאָמוניסטישער פאַרטיי. די לעצטע יאָרן האָט זאַכאַריאַש פאַרעפנטלעכט אַ ריי אַרטיקלען און בראָשורן וועגן די פאַרמלחמהדיקע קאָמוניסטישע טוער.

אין 16־טן באַנד "בלעטער פון געשיכטע", צייטשריפט פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין פוילן, פאַרעפנטלעכט זאַכאַריאַש אַ מאָנאָגראַפיע וועגן באַקאַנטן קאָמוניסטישן טוער אין פוילן שלמה לעווין (משה).

מיר האָבן נישט בדעה זיך אָפּצושטעלן אויף דער דערמאָנטער מאָנאָגראַפיע. וואָס אונדז אינטערעסירט, זענען אייניקע זאַכאַריאַשס באַמערקונגען וועגן דער פּאָלשער פּאָליטיק פון קאָמינטערן און דער קאָמוניסטישער פאַרטיי אין פאַרמלחמהדיקן פוילן בנוגע יידישע פראַגן.

אין שייכות מיט לעווינס אַרטיקלען אין דער דערמאָנטער בראָשור, וועלכע זענען דער עיקר געווידמעט דער פראַגע ציוניזם (ז. 76), דער פראַגע פון סאָציאַל־רעפאָרמיזם אויף דער יידישער גאַס, "בונד", פועלי־ציון לינקע און רעכטע, באַמערקט זאַכאַריאַש פאָלגנדיקס:

"אין דער פראַגע וועגן סאָציאַל־רעפאָרמיזם האָט דער חבר לעווין געשריבן אין גייסט פון דער דעמאָלטיקער פאַלשער איינגעשטעלטער ליניע פון קאָמינטערן און ק.פּ.פּ.".

אין אויפטראַג פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי האָט לעווין אָנגעשריבן אין פויליש אַ בראָשור וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די יידישע מאַסן אין פוילן. צוו. אַנד. גיט לעווין אַן אָפּשאַצונג וועגן די ציוניסטישע פאַרטייען. זאַכאַריאַש קאָמענטירט די בראָשור און באַמערקט צוו. אַנד., אַז:

"פּונקט ווי די גאַנצע פאַרטיי, איז לעווין אין דער בראָשור נישט געווען פריי פון פעלערן אין זיין אָפּשאַצונג בכלל און וועגן דעם פאַקט פון אָפּרוקן יצחק גרינבוימען פון דער ציוניסטישער אָנפירונג. לעווין, ווי דאָס צענטראַלע יידישע ביוראָ (פון וועלכער טאַקע אָט דער זאַכאַריאַש איז געווען דער סעקרעטאַר — *ש. ש.*) האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז די אָפּאָזיציע פון דער גרינבוים־גרופּע... איז געווען אַן אויסדרוק פון קעגנשטעלן זיך דער שעדלעכער פּאָליטיק פון די יידישע פראָסאַנאַציע טוער... גרינבוים האָט אויסגעדריקט די אינטערעסן פון די אומצופרידענע, ראַדיקאַליזירטע

טײלן פוי יידישן קלײנבירגערטום״.

אויף דער פראַגע פון לעווינס פאַרצייכענונגען אין דער דערמאָנטער בראָשור וועגן די אויפגאַבן אין קאַמף קעגן סאָציאַל־רעפאָרמיזם שרייבט זאַכאַריאַש: ״ער (לעווין) האָט אָבער נישט פאַרשטאַנען, אַז די הויפּט־סיבה פון נישט קאָנען געווינען די מאַסן... איז אין דער פאַלשער באַצייכנונג פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אַלס סאָציאַל־פאַשיסטישע, און אין דעם נישט אָנווענדן די טאַקטיק פון איינהייטלעכן פראָנט אויך פון אויבן... לעווין, ווי די פאַרטיי־אָנפירונג האָט נישט געזען די פערמענטן פון ראַדי־קאַליזאַציע אויך ביי אַ טייל בונדיש־פּפּ״סישע פראָפעסיאָנעלע און פּאַרטיי־טוער... (נאָר ביי אַ טייל בונדישע טוער זעט זאַכאַריאַש ראַדיקאַלע פער־מענטן — ש. ש.).

אין שייכות מיט די צוגרייטונגען אין יאָר 1931 די לאַנד־באַראַטונג פון קאָמוניסטישע פּאַרטיי־טוער אין דער יידישער סביבה, האָט דער צ.ק. פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי קריטיקירט די טעזן צו דער באַראַטונג אויסגעאַרבעטע דורך דעם יידישן ביוראָ, שרייבט זאַכאַריאַש, אַז ״עס דוכט זיך מיר אויך פאַר נישט ריכטיק דער געדאַנק אינעם בריוו פון צ.ק. אַז דער ״בונד״ איז געווען שוין אין אָנהויב פון זיין אַנטשטיין אַ נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטיי...״

* * *

אין די וואַרשעווער ״יידישע שריפטן״ (נר. 67־1) קומט א. קוואַטערקאָ מיט אַן איבערזיכט וועגן דערמאָנטן 16־טן באַנד ״בלעטער פאַר געשיכטע״. אַ סך פלאַץ ווידמעט קוואַטערקאָ דער מאָנאָגראַפיע פון ש. זאַכאַריאַש וועגן ש. לעווין. צוו. אַנד. שרייבט קוואַטערקאָ:

״זאַכאַריאַש באַמיט זיך טריי אַרויסצוברענגען סיי דאָס ליכט, סיי די שאָטנס פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, באַזונדערס פון דער ק.פּ.פּ. פון יענער צייט.

ער ווייזט אָן אויף דער דעמאָלטיקער פאַלשער ליניע פון קאָמינטערן און סעקטאַנטישער איינשטעלונג פון דער ק.פּ.פּ. בנוגע אַ גאַנצער ריי פראַגן, ווי אין שייכות מיט דעם איינהייטלעכן פראָנט, די אָפּשאַצונג פון

ערשטן פּעריאָד פון אַנטשטיין פון "בונד", די באַצייכענונג פון נאַציאָנאַל־פּאַשיזם א. אַ.

דער אויטאָר (זאַכאַריאַש) וואַרפט אַ ניי ליכט אויף אונדזער נאָענטן עבר, פירט דורך אַ קריטישן אַנאַליז פון אַלטע, איינגעשטעלטע דאָגמעס, באַגריפן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, וויזט דרייסט אָן אויף די פעלערן.

דער "נאָענטער עבר", וויפל בלוט־פאַרגיסונגען פון יידישן אַרבעטער פאַר קעגנשטעלן זיך די קאָמוניסטן, זייער פּאַרטיי־ליניע, שפּאַלטן די קעפּ פון בונדיסטן, שפּאַלטן די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־פאַראייניגן, פאַר־שרייען דעם "בונד" און בונדיסטן אַלס סאָציאַל־פאַרעטער. סאָציאַל־פּאַשיסטן, דער טרויערדיקער אָנפאַל פון די יידישע קאָמוניסטן אויף דער מעדעם־קינדער־סאַנאַטאָריע אין יענע יאָרן, און נאָך און נאָך.

דער "נאָענטער עבר" — אַ טרויערדיק פינצטער קאַפּיטל פאַר די יידישע קאָמוניסטן אין פּוילן אין פּעריאָד צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

נאָך אַלעמען לייענענדיק דאָס מודה זיין זיך פון די יידישע קאָמוניסטן אין איצטיקן פּוילן, — זעט מען, אַז עפּעס האָבן זיי דאָך געלערנט — און דאָס איז אַ פּאָזיטיווע דערשיינונג.

## מעקאַרטיזם און די "מאָרגן־פרייהייט"

דער רעדאַקטאָר פון "מאָרגן־פרייהייט" אין ניו־יאָרק פּ. נאָוויק האָט געהאַט אַ באַגעגעניש אין דער רעדאַקציע "סאָוועטיש היימלאַנד" אין מאָסקווע, ער האָט גערעדט וועגן יידישע פּראָבלעמען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וועגן אַסימילאַציע־טענדענצן. צוו. אַנד. האָט ער געזאָגט, אַז:

"עס איז נאָך דאָ אַ גרויס פעלד פאַר יידיש... אָבער עס זענען גוואַלדיק די שוועריקייטן... אויף וויפל די "פּאָרווערטס"־עלעמענטן פאַרנעמען זיך מיט מעקאַרטיזם, מיט שפּאַלטן, דיסקרימינירן..."

"מיר, פּראָגרעסיווע יידן, האָבן צום באַדויערן פאַרנאַכלעסיקט די יידישע קולטור־אַרבעט אויף ענגליש, טאַקע צוליב פאַלשע איינשטעלונגען, מיר פּרוּוון אָניאָגן, אָבער גרויס זענען די שוועריקייטן, מערסטנס די מאַטעריעלע. שטערונגען און שוועריקייטן האָבן מיר ביים פירן די "מאָרגן פרייהייט. קיין געזעצן קעגן דער "מאָרגן־פרייהייט" זענען טאַקע נישטאָ,

אָבער זי ווערט פאַרפאָלגט, מען זאָגט זיך אָפּ צו פאַרקויפן זי אין די קיאָסקן. מענטשן ווערן אָנגעשראָקן זיי זאָלן נישט לייענען, נישט קריגן זי אהיים דורך פאָסט״.

די יידישע קאָמוניסטן פאָרן נאָך אַלץ אויפן פערדל פון מעקאַרטיזם וועגן וואָס מען האָט שוין אין אַמעריקע לאַנג פאַרגעסן! אין וואָס דריקט זיך אויס דער מעקאַרטיזם און די שפּאַלטונג פון די פּאָרוועטיסטן, ער מיינט דאָך דערביי די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט. וועגן דעם זאָגט נאָוויק קיין וואָרט נישט.

קיינער האָט זייערע איינקונפטן נישט קאָנטראָלירט, אָבער נישט איינע פון די יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין די פּאַראייניקטע שטאַטן וואָלטן זיך געוווּנטשן אַזעלכע מאַטעריעלע שווערקייטן, אַזעלכע הכנסות פאַר זייער פּרעסע. און ווער פאַרפאָלגט דאָס די ״מאָרגן־פרייהייט״? עס איז טאַקע פאַראַן גאָר ווייניק בעלנים אויף דער ״מאָרגן־פרייהייט״, אָבער אין יעדן קיאָסק קאָן מען זיי פריי קויפן.

לאָמיר זאָגן גאַנץ קלאָר ביי דער געלעגנהייט. אַלס אַ ביישפּיל די שטאַט לאָס אַנדזשעלעס מיט אַ קנאַפּן האַלבן מיליאָן יידן. דער גאַנצער יידישער אַרבעטער־סעקטאָר חלומט נישט אַפילו פון אַזעלכע זאַמלונגען, פון אַזעלכע סומען, וואָס די יידישע קאָמוניסטן האָבן דורכגעפירט אין דער שטאַט בעת דעם באַזוך פון זעלבן נאָוויק אין שייכות מיט זיין 70־יעריקן געבוירן־טאָג.

אַפילו דער רעדאַקטאָר פון ״סאָוועטיש היימלאַנד״ א. ווערגעליס האָט אין זיינע באַריכטן וועגן זיין באַזוך אין אַמעריקע מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט און נישט אָנגעדייטעט וועגן וועלכע עס איז פאַרפאָלגונגען פון דעם קאָמוניסטישן בלעטל.

## פילם וועגן יידן אין ראַטנפאַרבאַנד

אין ״סאָוועטיש היימלאַנד״, נר. 5/46, ווערט מיטגעטיילט:

״צווישן דער ישראלדיקער פילם־געזעלשאַפט ״אָריענט־פילם״ און דער פילם־אָפּטיילונג פון דער פּרעסע־אַגענטור ״נאָוואָסטי״ (נייעס), איז געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך וועגן אַרויסלאָזן צוזאַמען אַ דאָקומענטאַלן

פילם וועגן לעבן פון די יידן אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

אין נאָמען פון ״אָריענט־פילם״ האָט דעם אָפּמאַך אונטערגעשריבן די באַקאַנטע קולטור־טוערין מאַרגאָט קלאַוזנער. עס ווערט פאָרויסגעזען, אַז דער פילם זאָל אַרויס אָנהייב יאָר 1966״.

גאַנץ נאַטירלעך קומט די פראַגע: וועט די ישראל־״אָריענט־פילם״ טאַקע האָבן די מעגלעכקייט צו ברענגען דאָס ווירקלעכע לעבן פון די יידן אין רוסלאַנד? סיידן מען וועט ברענגען די ״גליקן״ פון די יידן אין ביראָ־בידזשאַן איז אפשר אַזאַ פילם אַ טריט פאָרויס כדי צו ענדערן צום בעסערן די באַציונגען צווישןביידע מלוכות, אָדער אפשר וועט מען זיך צופרידנשטעלן מיט אויספּועלן דאָס אַרויסלאָזן אַ ביסל יידן קיין ישראל?

מען קאָן מיט רעכט צווייפלען אין דעם אַלעמען.

## פּראָבלעמען פון ראַציאָנעלער פאַנאַנדערטיילונג פון די פּראָדוציר־כוחות אין ראַטנפאַרבאַנד

אויף דער טעמע שרייבט א. וועדיטשעוו אין סאָוויעטישן זשורנאַל ״נאָווי מיר״:

איינער פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג אין ראַטנפאַרבאַנד איז די ראַציאָנעלע פאַנאַדערטיילונג פון די פּראָדוציר־כוחות. די פראַגע איז אַקטועל זינט דער עקזיסטענץ פון ראַטנפאַרבאַנד.

און דער מחבר פירט אויס:

״די אַנטוויקלונג אין לאַנד ווערט געפירט אויף אַ ברייטן פראָנט אין אַלע געגנטן פון לאַנד. יעדן מעת־לעת קומען־צו צו צוויי־דריי גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. עס קומען־צו צען טויזנט דירות. פאַר 4 יאָר פון זיבן־יאָר־פּלאַן האָט מען אויסגעענדיקט דריי טויזנט זיבן הונדערט נייע, גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. דער 22־סטער פּאַרטיי־קאָנגרעס האָט אָנגעמערקט ביזן יאָר 1980 אויפצובויען זעקס הונדערט גרויסע עלעקטרישע סטאַציעס, און צוויי טויזנט אַכטהונדערט נייע מאַשין־בוי־פאַבריקן. מיר דאַרפן אויך נעמען אין אַכט, אַז דער פּלענום פון צ. ק. אין

דעצעמבער 1963 האָט באַשלאָסן ביז 1970 פאַרווירקלעכן דאָס אויפבויען פון אַרום צוויי הונדערט נייע, גרויסע כעמישע פאַבריקן".

עס שווינדלט ממש אין קאָפּ פון די אַלע ציפערן און פּלענער. אַזויפיל ריזיקע אונטערנעמונגען! אַזויפיל טויזנטער נייע וווינונגען! איז אָבער די מעשה, אַז דאָס אַלץ איז אויף פּאַפּיר, די ווירקלעכקייט זעט אויס אינגאַנצן אַנדערש, באַשטעטיקט טאַקע דער מחבר:

"די פּשוטע אַריטמעטיק זאָגט, אַז אַזויווי יעדן טאָג קומען־צו צו 2—3 ריזיקע אונטערנעמונגען, דאַרפן די פּלאַנירער און עקאָנאָמיסטן מאַכן סאַמע געטרייע אויסרעכענונגען. עס ווערן אָבער דערביי דערלאָזט גאַנץ גרויסע טעותים. אָט האָבן מיר אַ פרישן פאַל: ענדע פאָריקן יאָר איז אין דער הידראָעלעקטרישער סטאַציע אין בראַטסק פאַרן טערמין אינסטאַלירט געוואָרן אַלע נויטיקע אַגרעגאַטן. די פאַבריקן און אונטערנעמונגען אָבער, וועלכע דאַרפן זיין די אָפּנעמער פון דער עלעקטראָענערגיע, די פאַבריק פון אַלומיניום, אַ וואַלד־אינדוסטריעלער קאָמפּלעקס און אַנדערע, וועלן פאַר־טיק ווערן ערשט אין יאָר 1966".

איינער פון די וויכטיקסטע מאָמענטן איז די פאַנאַדערטיילונג פון אַרבעטס־כוחות, פון מענטשן־מאַטעריאַל. אין אייניקע געגנטן איז אַן איבערפלוס פון אַרבעטס־הענט, אין אַנדערע געגנטן, באַזונדערס אויף מזרח, איז אַ מאַנגל אין אַרבעטס־הענט. ווערט פּלאַנירט צו ליקווידירן די "ענג־שאַפט" אין געוויסע שטעט, ווו די באַפעלקערונג איז גרויס, אָבער די אינדוסטריע וואַקסט נישט אין דער זעלבער פּראָפּאָרץ, פאַרקערט, אין די מזרח־געביטן פון לאַנד, דאָרט, ווו די אינדוסטריע איז אַממערסטן קאָנ־צענטרירט, און די באַפעלקערונג גאַנץ שיטערלעך, ווערט פּלאַנירט צו פאַרגרעסערן די באַפעלקערונג.

עס איז דאָ נאָך אַ וויכטיק פּראָבלעם, דאָס איז דער באַלאַנס צווישן מענערישער און פרויען־אַרבעטס־קראַפט אין די אינדוסטריעלע געביטן. "עס איז וויכטיק אויסצונוצן די רעסורסן פון יעדער פאַמיליע". דערביי ווערט פּלאַנירט צו בויען אינדוסטריע־אונטערנעמונגען אויף פאַר פרויען־באַשעפטיקונג דאָרט, ווו עס זענען פאַראַן אַממערסטן באַשעפטיקונגס־פּלע־צער פאַר מענער און פאַרקערט.

לויטן פּלאַן איז דאָס זייער פיין, אָבער פון דער ווירקלעכקייט איז דאָס זייער ווייט. ביי די איצטיקע געענדערטע באַדינגונגען לאָזט זיך נישט אַזוי לייכט שאַפן די נייטיקע אַטמאָספער פאַר דער דערמאָנטער "פּרייווי־ליק־געצוווּנגענער" איבערוואַנדערונג קיין מזרח.

טראָץ איר גוואַלדיקער אַנטוויקלונג די לעצטע יאָרן, שטייט די סאָוויעטישע אינדוסטריאַליזאַציע פאַר שווערע פּראָבלעמען. דאָס ראַציאָנעל פאַנאַנדערטיילן די אינדוסטריע אין לאַנד און ראַציאָנעל אויסנוצן די אַרבעטס־קראַפט לייגט זיך שווער אויך אויף דער אַנטוויקלונג פון ווירטשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד. די פּלענער זענען ווי אַלעמאָל ווייט פון דער ווירקלעכקייט. דער ענטפער, וואָס דער מחבר גיט איז נישט קיין נייער — צענטראַליזאַציע. ער שרייבט:

"עס ווערט שטודירט די פראַגע פון שאַפן אין לאַנד אַן אַלץ אַרומכאַפּנדיק סיסטעם פון פּראָיעקטן און פּלאַניר־אַרבעט אויף ראַציאָנעל פאַנאַנדערטיילן די פּראָדוקציע־כוחות".

נאָך יאָרן פון קאָמוניסטישער רעוואָלוציע זענען די אַלע פּראָבלעמען נאָכנישט געלייזט, טראָץ די באַרימערייען פון איבעריאָגן אַמעריקע.

## די צווייטע וועלט־מלחמה און די דייטשע ליטעראַטור

אויף דער טעמע שרייבט ב. מאַרק אין די "יידישע שריפטן":

"לאָמיר זיך דערמאָנען די יאָרן און נאָך די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין דער ליטעראַטור פון יענער תקופה איז אויפגעקומען אַ נייער אָפּרישנדיקער שטראָם... "דאָס פייער" פון באַרביס, לודוויק רען ("מלמחמה"), רעמאַרק ("אויפן מערב־פראָנט קיין נייעס"), א. צווייג ("דער שטרייט וועגן סערזשאַנט גרישע"), ערנסט גלעזער ("יאָרגאַנג 1902") — האָבן נישט בלויז אַרויסגעבראַכט די אכזריות און זינלאָזיקייט פון דער מלחמה... נאָר אויך געוויזן די שולדיקע".

ווי זעט דאָס אויס נאָך דער גרויזאַמער שחיטה 1939־1945? וואָס קומט צום אויסדרוק אין דער דייטשישער ליטעראַטור?

"אין העכסטן פאַל די מיטלייד מיטן דייטש און בשום אופן נישט דער אייגענער שולד־געפיל. די ליידן פון די דייטשן גופא, אָבער כמעט קיין איין וואָרט נישט וועגן די שוידערלעכע צרות און יסורים, וואָס די דייטשישע אַגרעסאָרישע אַרמיי... האָט געבראַכט די פעלקער פון אייראָפּע און בפרט דעם יידישן פאָלק". ...סימבאָליש פאַר דער דעגענערירנדיקער אַנטוויקלונג פון אַ גרויסן טייל דייטשישע שרייבער זענען די גילגולים פון דעם באַקאַנטן דייטשן ראָמאַניסט ערנסט גלעזער. זיין ראָמאַן "דער יאָרגאַנג 1902" מיט זיין בולטן אַנטימיליטאַריזם, האָט בשעתו געמאַכט אַ שטאַרקן רושם... אין יאָר 1960 איז זיין נאָמען ווידער אַרויסגעשווימען אין מערב־דייטשלאַנד מיט זיין ראָמאַן "דייטשלאַנדס גלאַנץ אָדער עלנט". גלעזער האָלט אַפילו נישט פאַר נייטיק זיך צו רעהאַביליטירן... די דייטשישע אַכזריותדיקייטן האָבן אין זיין פאַרעטערישער נשמה נישט געלאָזט קיין שפור... ער ווערט געלייענט, די קריטיק ווידמעט אים פּלאַץ, בלויז איינצלנע שטימען דערמאָנען אים זיין פאַרגאַנגענהייט... אָבער אַפילו די יענע איינצלנע שרייבער, וועלכע אַפּעלירן צו דער געזעלשאַפט און דערמאָנען די יידן־טראַגעדיע, וואַגן נישט צו זאָגן דעם פאָלק דעם פולן אמת... האָט אַלפרעד אַנדערש, אַ געוועזענער קאָמוניסט... אַרויסגעלאָזט אַ ראָמאַן "דער באָדן", ווו עס ווערט געשילדערט צוו. אַנד. אַ יידישע פרוי, וועלכע מוז אַנטלויפן פון היטלער־דייטשלאַנד. זי מוז, ווייל זי איז אַ יידישע, אָבער די אַנדערע העלדן־ריינע אַריער, מוזן נישט... קיין שום טאָן פון פאָלקס־פאַראַנטוואָרטלעכקייט... איז אין דעם ראָמאַן נישט בנמצא.

מען קאָן די דאָזיקע רשימה ציען ווייטער און ווייטער.

...די היינטצייטיקע דייטשישע ליטעראַטור האָט זיך נישט דערהייבן צו דער מדרגה פון אירע גרויסע פאָרגייער פון די צוואַנציקער יאָרן... די דאָזיקע ליטעראַטור איז אַבסאָלוט גלייכגילטיק צו די ליידן פון די פעלקער...

דאָס אַלץ האָט צו טאָן מיט מערב־דייטשלאַנד, ווי זעט דאָס אויס אין קאָמוניסטישן דייטשלאַנד?

...עטלעכע שרייבער האָבן יאָ אויפגענומען געוויסע טראַגישע פּראָבלעמען פון דער מלחמה־צייט... אָבער בדרך כלל האָט נאָך די טעמע פון

דער צווייטער וועלט־מלחמה, און דאָס שולד־פּראָבלעם נישט געפונען קיין תיקון אין דער מזרח־דייטשישער ליטעראַטור. אפשר נעמט זיך דאָס דערפון וואָס די וויכטיקסטע דאָרטיקע שרייבער האָבן די תקופה פון גרויזאַמקייט איבערגעלעבט אין אויסלאַנד, און דער יונגער דור איז פאַרכאַפּט מיט אַנדערע אַקטועלע טעמעס...

איז דאָס טאַקע אַ פאַרענטפערונג פאַר די שרייבער פון קאָמוניסטישן דייטשלאַנד ? שווער מסכים זיין מיט דעם. מען קאָן אָבער מסכים זיין מיטן אויספיר פון ב. מאַרק :

„אין סך־הכל איז די היינטיקע דייטשישע ליטעראַטור געבליבן שולדיק דער מענטשהייט און בפרט דעם יידישן פאָלק, אַ גרויסן חוב".

אויף דער זעלבער טעמע שרייבט אין „נאָווי מיר", נר. 64־7 ל. טשאָרנאַיאַ אונטערן קעפּל „די ליטעראַטור פון דעם טאָג פון נול". דער טאָג פון נול מיינט דעם טאָג פון דער צעפאַלענער פאַשיסטישער דייטש־לאַנד, דער טאָג ווען די ליטעראַטור פון מערב־דייטשלאַנד האָט אָנגעהייבן איר עקזיסטענץ פון נול.

די פרוי טשאָרנאַיאַ ברענגט אַ רשימה פון דייטשע שרייבער און זייערע נאָכמלחמהדיקע שאַפונגען און שטעלט אַ פראַגע :

„פאַרוואָס זענען אין מערב־דייטשלאַנד, אין אַ פאַרהעלטנישמעסיק קורצער צייט צוגעקומען אַזויפיל ליטעראַרישע שאַפונגען, און אַזאַ גרויסע צאָל שרייבער, ווען אין דער צייט ביזן „טאָג פון נול", אין פאַשיסטישן דייטשלאַנד, זענען נישט געווען קיין באַדייטנדיקע שרייבער און אויך נישט קיין באַדייטנדיקע ליטעראַטור. און די דערשיינונג מערקט זיך טראָץ דער רעאַקציע אין מערב־דייטשלאַנד, טראָץ די פאַרפאָלגונגען פון אַלע פּראָ־גרעסיווע כוחות, טראָץ דעם פאַרבאָט פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. דער ענטפער קאָן זיין נאָר איינער : די פאַרשפּילטע דייטשלאַנד, וועלכע האָט באַוויזן די פאַלשקייט און פאַרברעכערישקייט פון פאַשיזם, דאָס האָט אויפ־געוועקט דאָס געוויסן. האָט געשאַפן די מאָראַלישע אַטמאָספער, אין וועלכער עס איז בכלל מעגלעך די עקזיסטענץ פון קונסט".

אַז אונטער דעם היטלעריסטיש־פאַשיסטישן סיסטעם איז נישט געווען מעגלעך צו קומען מיט אַ פרייַ וואָרט — דאָס איז קלאָר.

אויב די פּרוי טשאָרנאַיאַ אין סאָוויעט־רוסלאַנד וואָלט געקאָנט ברענ־
גען פריי צום אויסדרוק אירע געפילן, וואָלט זי באַדאַרפט ביי דער געלעגנ־
הייט אויך צוגעבן, אַז אונטער קיין שום סיסטעם פון דיקטאַטור איז נישט
מעגלעך קיין פרייע שאַפונג, דאָס מיינט אויך אין די קאָמוניסטישע לענדער.

רעצענזירנדיק פיל ליטעראַרישע שאַפונגען אין מערב־דייטשלאַנד
שטרייכט אונטער די פּרוי טשאָרנאַיאַ אַז:

אויב די ערשטע צען יאָר פון דער ליטעראַטור נאָך דער מלחמה זענען
אַוועק מיט אַנטי־מלחמה ראָמאַנען אין וועלכע די שרייבער האָבן דערציילט
דעם אמת וועגן דער מלחמה, קומען אין דער איצטיקער צייט די אַנטפּלע־
קונגען פון די פאַרברעכנס...

...דער שרעקלעכער געפיל פון דער פאַרברעכערישער פאַרגאַנגענהייט
און די שולד פון טויזנטער, וועלכע האָבן נישט באַקומען קיין שום שטראָף,
אָט דאָס צווינגט איצט די ערנטלעכע שרייבער פון מערב־דייטשלאַנד נאָך
אַמאָל קומען צוריק צו די פאַרגאַנגענע טעג...

...אין די פאַרברעכנס האָבן די היטלעריסטן אַריינגעצויגן דאָס גאַנצע
דייטשע פאָלק, פאַרברעכער זענען די ריכטער, דאָקטוירים, דיפּלאָמאַטן...

...אָבער די געזעלשאַפטלעכע מיינונג אינספּירירט פון אויבן האָט
אויסגעאַרבעט אַ קאָדעקס לויט וועלכן די נעכטיקע מערדער זענען נישט
שולדיק אין זייערע פאַרברעכנס... אַזוי אַרום איז אויפן גורל פון די מערב־
דייטשע שרייבער אויסגעפאַלן אַ שווערע אויפגאַבע אַרויסטראָגן אַ מאָראַ־
לישן אורטייל די פאַרברעכער, וועלכע זענען פאַקטיש באַפרייט פון די
פאַרברעכנס דורך אַלע אָפיציעלע און נישט אָפיציעלע אינסטאַנצן.

...אייניקע שרייבער פון "טאָג פון נול" באַגרייפן די היסטאָרישע און
סאָציאַלע געשעענישן פון דער פאַרגאַנגענהייט, אויך פון דער איצטיקער
ווירקלעכקייט, דאָס איז אָבער נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער
ליטעראַטור אין מערב־דייטשלאַנד.

...מען דאַרף אויף קיין איין מינוט נישט פאַרגעסן, ווי שווער עס איז
זוכן דעם אמת אין מערב־דייטשלאַנד, ווו דער פאַשיזם איז נאָך נישט
אינגאַנצן באַגראָבן, ווו דער נעאָ־פאַשיזם פאַרסמט די לופט. די פירנדיקע
קרייזן פון מערב־דייטשלאַנד שטויסן דאָס לאַנד ווידער אויפן וועג פון

מיליטערישע אַוואַנטורעס...

...מערב דייטשלאַנד באַמיט זיך האַלטן פאַרמאַכט די אויגן נישט נאָר אויף דער פאַרגאַנגנהייט, נאָר אויך אויף דער איצטיקערווירקלעכקייט, אויף די דערפאָלגן פון דער דייטשער דעמאָקראַטישער רעפובליק...

וועגן וועלכע דערפאָלגן רעדט דאָ די פרוי טשאַרנאַיאַ און איז דען פאַר די שרייבער אין קאָמוניסטישן מזרח־דייטשלאַנד יאָ פאַראַן אַ מעגלעכ־קייט צו ברענגען פריי זייערע שאַפונגען? אויב יאָ, פאַרוואָס רעצענזירט זי נישט אַזעלכע?

ווי עס זעט אויס מיט דער נאָכמלחמהדיקער ליטעראַטור אין קאָמוניס־טישן דייטשלאַנד — קיין וואָרט נישט.

איז שוין מער אויפריכטיק בערל מאַרק, אַז "דאָס שולדפּראָבלעם האָט נישט געפונען קיין תיקון אין דער מזרח־דייטשער ליטעראַטור".

אין הסכם מיט דער איינשטעלונג אין סאָוויעט־רוסלאַנד, דערמאָנט אינגאַנצן נישט די פרוי טשאַרנאַיאַ די יידישע טראַגעדיע און ווי שפיגלט זיך אָט די טראַגעדיע אָפּ אין די נאָכמלחמהדיקע שאַפונגען?

און פאַרוואָס דערציילט נישט די פרוי טשאַרנאַיאַ, אַז אין סאָוויעט־רוסלאַנד טאָר מען אַפילו נישט דערמאָנען די יידישע טראַגעדיע? עס איז זייער לייכט צו זוכן עבירות ביי יענעם און אַזוי אַרום אָפּצוציען די אויפמערקזאַמקייט פון אייגענע פאַרברעכנס.

# אַזוי לעבן מיר...

דאָס איז דער נאָמען פון אַ בוך, דערשינען אין פאַרלאַג "סאָוויעטסקי פּיסאַטעל"—"סאָוועטיש היימלאַנד" אונטער דער אַלגעמיינער רעדאַקציע פון אהרון ווערגעליס. דאָס בוך איז דערשינען אין 15 טויזנט עקזעמפּליאַרן. און ווי יצחק גירנבוים האָט געשריבן, האָט דאָס בוך אַרויסגעגעבן דער רעדאַקטאָר פון דער סאָוויעטישער נייעס־אַגענטור "נאָוואָסטי", — ראַבי־נאָוויטש.

אין פאָרוואָרט פון בוך ווערט צוו. אַנד. געזאָגט:

"אין דער עפּאָכע פון קאָסמאָס און אַטאָם, אין לאַנד, וואָס בויט דעם

קאָמוניזם, האָט פאַר די לעצטע פאָר צענדליק יאָר באַוויזן נישט ווייניק נייעס אויך אין דעם לעבן פון די יידן, וועלכע טיילן גלייך אויף גלייך מיט אַלע איבעריקע סאָוויעטישע פעלקער סיי די רעכט, סיי די פליכטן פון בירגער פון אַ נייער וועלט. אַ פאַרוואָס עס איז פאַרשטענדלעך דער אינטערעס צו די ווערק פון דער יידיש־סאָוויעטישער ליטעראַטור, וועלכע דערציילן וועגן דעם, וויאַזוי עס לעבן היינט די יידן... פון דעם גרויסן סאָוויעטישן לאַנד״.

* * *

אין קאָמוניסטישן רוסלאַנד פירט זיך, אַז שרייבער, זשורנאַליסטן פאָרן אַרויס פון צייט צו צייט אין ״קאָמאַנדיראָווקעס״ (שליחות) איבערן לאַנד, בכדי אויפן אָרט זיך באַקענען מיט די פאַרהעלטענישן אויף אַ ריי געביטן, הויפּטזעכלעך אויפן ווירטשאַפטלעכן געביט.

אין בוך ״אַזוי לעבן מיר״ זענען פאַרטראָטן 19 יידיש־סאָוויעטישע שרייבער, הויפּטזעכלעך מיט באַשרייבונגען פון אַזעלכע ״קאָמאַנדיראָווקעס״ אין פאַרשידענע טיילן פון לאַנד. איז וואָס האָבן זיי צו דערציילן ?

אַלעקסאַנדער גובניצקי גיט איבער פאַרצייכענונגען פון אַ יידישן שאָפער, וועלכער פאָרט אַרום איבערן לאַנד.

אין באַקו — דעם צענטער פון נאַפט דערמאָנט דער שאָפער די אַמאָליקע יאָרן אין יידישן שטעטל — אַ מאַנגל אין נאַפט, עס ברענט אַ קאַניצל פון אַ שטיקל קאַרטאָפל, אָדער אַ קנויט אין בוימל. דאָס איז טאַקע ריכטיק, אָבער אין די מלחמה־יאָרן האָבן מיר געזען אין זעלבן באַקו ריזיקע אָטשערעדן נאָך אַ ביסל נאַפט. פאַר אים אָבער איז דאָס וויכטיקסטע וואָס אין באַקו טרעפט ער היינט אַ יידישע משפחה, וועלכע איז באַשעפטיקט ביי די נאַפט־קוואַלן, אַ פאָטער מיט זיבן זין, זיבן אינזשעניערן.

אַ רייזע פון זעלבן שאָפער אין דאָנבאַס (דאָניעצער קוילן־באַסיין). דאָרט טרעפט ער יידן קוילן־שאַכטיאָרן, וועלכע באַווייזן וווּנדער ביי זייער אַרבעט. אין קאַלינאָגראַד טרעפט ער אַ יידן, אַ פישר, זרח דעם פישערס אייניקל פון אַמאָליקן שטעטל. אויך ער באַווייזט וווּנדער אויף זיין געביט, ער איז דער באַלעבאָס פון ים.

טוביה געָן קומט מיט רייזע־נאָטיצן פון זיין באַזוך אין ביראָבידזשאַן. בעת זיין אָנקומען איז די ערשטע פראַגע: ״אין האָטעל זענען פאַראַן ער־טער? יאָ, ער האָט אַ פּלאַץ, ריכטיקער אַ בעט אין אַ צימער, אויב דערצו אַ גוטער שכן אין צימער, איז דאָך שוין אוודאי גוט״. סאָוויעטישע ווירק־לעכקייט. ער באַזוכט די ערשטע בעסטע דירה פון אַ יידישער משפּחה, אַ פּאָרפאָלק מיט דריי קינדער. די דירה, אַ גרויסע, מיט אַלע באַקוועמ־לעכקייטן, אַ שיינע שאַפע, אַ דיוואַן, וואָס קאָן דינען אַלס אַ בעט, און אַ בעט, וואָס קאָן ווערן אַ פאָטער־שטול. אויף אַ שאַפּקעלע שטייט אַ ראַדיאָ. מיט אַ טעלעוויזיע וועלן מיר נאָך מוזן צוואַרטן, זאָגט די פרוי.

ער באַזוכט אַ ריי אונטערנעמונגען, זאַוואָדן. דאָרטן זענען באַשעפטיקט יידן אַלס אינזשיניערן און אויף אַנדערע אַמטן. און אַזוי כסדר און כסדר. אין די קאָלכאָזן, אין די סאָווכאָזן טרעפט ער יידן בריגאַדירן, גוטע קיי־מעלקערינס א. אנד. אין אַלע מינים שולן יידישע שילער און סטודענטן, וואָס צייכענען זיך אויס. די פּעדאַגאָגישע שול אין ביראָבידזשאַן ציילט אַכט הונדערט סטודענטן, איז איינע פון די בעסטע אין דער רוסלענדער סאָוויעטישער פעדעראַציע. מען דאַרף נישט מיינען, אַז די שול איז אַ יידישע, ניין, ווענן אַזעלכע באַגעגענישן שרייבט נישט געָן, מחמת קיין שום יידישע שולן, יידישע אינסטיטוציעס טרעפט נישט דער שרייבער.

אברהם גאָנטאַר — ״אַ געוויינלעכע משפּחה״ — אָפּשטאַמיקע פון אָרעמען, קאָבצאַנסקן בערדיטשעוו. אַ משפּחה פון לאה דער קוראָלאָפּ־ניטשקע, ברײַנדל קאָזאַק פון די פּיסקעס אין בערדיטשעוו — לעבן איצט אין מאָסקווע די קינדער. ווער עס לערנט אין דער מיליטערישער ים־אַקאַ־דעמיע, ווער אַן ענגליש־לערערין, ווער אַן אינזשיניער, ״דאָס רעדעלע דרייט זיך״! האָט איר אַ פּשוטע סאָוויעטישע משפּחה!

אַ באַזוך פון ש. גאָרדאָן אויף דער ״צעלינאַ״ (מיידל־ערד, וועלכע איז נאָך קיינמאָל נישט צעאַקערט געוואָרן) אין די קאַזאַכסטאַנער סטעפּעס פון מיטלאַזיע. מיט צעאַקערן די צעלינאַ האָט מען געזאָלט ראַטעווען די שווערע לאַגע פון דער סאָוויעטישער אַגראַר־ווירטשאַפט. אויך דאָרטן טרעפט מען יידן אויף וויכטיקע אַמטן אין די נייע סאָווכאָזן. און ווידער דאָס זעלבע, אויף דער צעלינאַ איז אַלץ גלאַנציק, גוט און נאָך בעסער. ״צעלינאַ

אין יידיש... איז אויך צעלינאַ".

הערשל פאַליאַנקער צעשרייבט זיך וועגן די גוואַלדיקע אויפטועכצן פון איינעם אַ וואָלינער בחור בנימין, וואָס איז טעטיק אויפן ווייטן צפון אין סיקטיווקאַר, די הויפטשטאָט פון קאָמי־רעפּובליק. אַ פיינער, רייכער קאָנט, וואָס פאַרמאָגט בלויז איין חסרון — דאָרט איז צוועלף חדשים ווינטער, דאָס איבעריקע — זומער... וועגן דעם, אַז קאָמי איז דאָס אָרט ווו עס זענען אומגעקומען אומצאָליקע קרבנות פון סטאַלין־רעזשים, קיין איין וואָרט נישט. אויך דאָרטן גלאַנצט.

שלמה ראַבינאָוויטש קומט אויף אַ קאָמאַנדיראָווקע פון מאָסקווע קיין בערדיטשעוו. עס וואַרט אים אָפּ מיט אַן אויטאָ אַ יידישער שאָפער פון פאָרזיצער פון דאָרטיקן שטאָט־סאָוויעט, אַ וויכטיקע דערגרייכונג. אויפן וועג אין האָטעל דערציילט ער דעם גאַסט וועגן דערגרייכונגען פון זיינע קינדער, אינזשיניערן, אָפיצירן אין דער אַרמיי. ער ווייזט דעם גאַסט דעם שענסטן האָטעל אין שטאָט. וויפל נאָך האָטעלן זענען פאַראַן אין שטאָט? און אַז דערווייל נאָר איינער, איז וואָס?

די מאָלדאַווישע שטאָט טיראַספּאָל ביים דניעסטער, — אין אַ שניי־דער־פאַבריק. העכער טויזנט פרויען שניידערינס מיט הויכע און מיטעלע בילדונג. אין פאַבריק זענען אָפּגעשאַפט אַלע חברים־געריכטן. צו וואָס דאַרף מען זיי, די געריכטן? עס זענען נישטאָ קיין זינדיקע, איז נישטאָ וועמען צו משפטן. ווי אַזוי צאָלט מען אין דער פאַבריק די לוינען? אויף זייער אַ פשוטן אופן. אויף אַ טיש אין מיטן זאָל אַן אַ שיער פעקלעך אַסיגנאַציעס, און אַ רשימה פון די אַרבעטער. יעדער אַרבעטער גייט צו, געפינט זיין נאָמען אין דער רשימה, שרייבט זיך אונטער, נעמט זיך אַליין וויפל עס קומט אים. עס איז נאָך נישט געווען קיין איין פאַל, אַז עמעצער זאָל נעמען כאָטש איין איבעריקע קאָפּיקע. דער שרייבער גיט צו, אַז אַזעלכע אונטערנעמונגען, מיט אַזאַ ערלעכקייט, האָט ער געטראָפן אין פיל שטעט אין לאַנד.

מיט איין וואָרט, אַ ריכטיקער גן־עדן, הלוואַי וואָלט דאָס אמת געווען.

* * *

נאָך סטאַלינען האָבן זיך פאַר שרייבער און זשורנאַליסטן אין ראַטנ־

פאַרבאַנד פאַרברייטערט די מעגלעכקייטן צו ברענגען צום אויסדרוק וואָס מען זעט און מען הערט. זייער אָפּט לייענט מען שאַרפע קריטיק אויף די "מעשים טובים", באַזונדערס אויפן ווירטשאַפטלעכן געביט. דאָס שפּיגלט זיך אָפּ אויף די שפּאַלטן פון די סאָוויעטישע זשורנאַלן און צייטונגען, אָבער צו דעם האָט מען נישט דערגרייכט אויף די שפּאַלטן פון "סאָוועטיש היימלאַנד" און אויך נישט אין דעם בוך "אַזוי לעבן מיר". דאָ איז אַלץ גוט, לויט די באַשרייבונגען איז מיט די יידן אַלץ אין בעסטער אָרדענונג. מיר ווייסן אָבער, אַז דאָס שטימט נישט מיט דערווירקלעכקייט. עס איז נישט קיין סוד, אַז אין סאָוויעטישן ווירטשאַפטלעכן לעבן זענען פאַראַן פיל יידן אויף פאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן, עס זענען דאָ אויך אָפיצירן אין דער אַרמיי, הגם מען הערט שוין נישט מער פון נייע יידישע גענעראַלן, פון יידן אין דיפּלאָמאַטישן דינסט, יידן אויף פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָזיציעס אין פּאַרטיי־אַפּאַראַט. דאָס וויכטיקסטע אָבער:

אין דעם בוך ווערט מיט קיין איין וואָרט נישט אָפּגעשפּיגלט דאָס יידיש געזעלשאַפטלעכע און דאָס יידישע נאַציאָנאַלע לעבן. אמת, אַזעלכעס איז, צום באַדויערן, אין רוסלאַנד נישטאָ. אָבער דורך פאַרשוויגן דעם מאָמענט, דורך שילדערן בלויז די איינגעאָרדנטע יחידים — ברענגט מען אַ פאַלש בילד פונעם יידישן לעבן אין דעם לאַנד פון "סאָציאַליזם".

עס ווילט זיך האָפן, אַז מיט די ענדערונגען אין אַלגעמיינעם סאָוויעטישן לעבן, וועלן אפשר מיט דער צייט אויך קומען ענדערונגען צום בעסערן אויף דער יידישער גאַס. דער פאַקט פון דערשיינען פון דעם דערמאָנטן בוך, דאָס דערשיינען פון דעם בוך פּאָעזיע "האָריזאָנטן", דאָס דערשיינען פון "סאָוועטיש היימלאַנד יעדן חודש, די אַרויסטרעטונגען פון אייניקע גרופּן יידישע אַרטיסטן אין פאַרשידענע שטעט, שטאַרקן די דאָזיקע האָפענונגען.

דערווייל איז אָבער דער "אַזוי לעבן מיר" — אַן אָך־און־וויי־לעבן!

# וועגן 2 יידישע ביכער אין פּוילן

## "מענטשן פון ק.פּ.פּ."

אין פאַרלאַג "יידיש בוך" אין וואַרשע איז דערשינען אַ בוך פון

ש. זאַכאַריאַש א. ב. ״מענטשן פון ק.פּ.פּ.״, מיט אַ פאָרוואָרט פון ד. ספאַרד.

אין דעם בוך קומט זאַכאַריאַש מיט דערינערונגען וועגן דריי פאַר־מלחמהדיקע יידישע אַקטיוויסטן אין דער קאָמוניסטישער פאַרטיי: דוד ריכטער (דודל), משה גרינבוים־גרינבערג, שמואל מערעטיק — ״אַדאַם״.

שמעון זאַכאַריאַש איז אַן אָנגעזעענער קאָמוניסטישער טוער אין פּוילן פון פאַר און נאָך דער מלחמה, געווען פאַרשיקט אין פּוילישן קאָנצענטראַציע־לאַגער בערעזאַ־קאַרטוסקאַ. נאָך דער מלחמה געווען דער פּוסק־אַחרון ביי די יידישע קאָמוניסטן, ווי בכלל אויף דער יידישער גאַס.

די דערינערונגען וועגן די דריי דערמאָנטע יידישע קאָמוניסטן זענען קאַפּיטלעך געשיכטע פון דער יידישער קאָמוניסטישער טעטיקייט אין פאַר־מלחמהדיקן פּוילן, הויפּטזעכלעך אויפן געביט פון דער פּראָפעסיאָנעלער אַרבעטער־באַוועגונג.

זאַכאַריאַש נוצט אויס די געלעגנהייט און ברענגט די אַלע טענות צום ״בונד״. בכלל ווערט אין די דערינערונגען געגעבן אַ סך פּלאַץ דעם ״בונד״, טענות פאַר נישט איינגיין אויף די פאָרשלאָגן פון די יידישע קאָמוניסטן וועגן אייניייטלעכן פראָנט, וועגן די אַ״ג ״איינסער״ און ״צווייער״, וועגן דער טעאָריע פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע. זאַכאַריאַש ציטירט פיל אַרטיקלען פון דוד ריכטער אין דער פּראָ־קאָמוניסטישער צייטונג ״פריינד״ מיט קריטיק פון ״בונד״.

וועגן דער שפּאַלטונגס־פּאָליטיק פון די יידישע קאָמוניסטן, ספּעציעל אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, רעדט נישט זאַכאַריאַש.

אויף איין אָרט ברענגט ער יאָ די באַמערקונג: ״נישט אויף דעם אָרט װעלן מיר באַהאַנדלען דאָס פּראָבלעם, צי איז די איינשטעלונג צו גרינדן זעלבשטענדיקע פאַריינען פון די שניידער־אַרבעטער אין אַ זעלבשטענדיקער צענטראַלע, געווען אין יענער צייט אַ ריכטיקע״.

זאַכאַריאַש ברענגט דעם ״שרעקלעכן״ קאָמוניקאַט פון זומער 1938 וועגן פאַנאַנדערלאָזן דורך מאָסקווע די פּוילישע קאָמוניסטישע פאַרטיי פאַר ״דיווערסיע״, שפּיאָנאַזש און פאַראַט״. אויך איצט עפנט זיך נאָך אַלץ נישט דאָס מויל פאַר קריטיק אויף סטאַלינס ״מעשים טובים״.

וואָס איז דער סוף פון די דריי קאָמוניסטן? דוד ריכטער איז אומגע־

קומען מיט זיין זון פון היטלעריסטישע באַמבעס אויפן וועג קיין רוסלאַנד.

אַדאַם מערעטיק — דערשאָסן געוואָרן דורך די היטלעריסטן אויף די פּאַלמירער פעלדער הינטער וואַרשע, נאָך פּייניקונגען אין "פּאַוויאַק"; אַריינגעפאַלן צו די דייטשן צוליב אַ קאָמוניסט, אַ פּראָוואָקאַטאָר.

משה גרינבוים — דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן אין ביאַליסטאָק.

## זכרונות פון אַ "באָטוויניסט"

אַ בוך דערינערונגען "וועגן דעם קאַמף פון די יידישע פרייוויליקע, און ספּעציעל וועגן דער "באָטווין־קאָמפּאַניע" אין שפּאַניע, פון א. ווזעק.

די בראָשור האָט דעם ציל איבערצוגעבן דעם לייענער די געשיכטע פון דער "באָטווין־קאָמפּאַניע" זינט איר אַנטשטיין אין דעצעמבער 1937, ביז דעם פאַרלירן שפּאַניע אין פעברואַר 1939.

די בראָשור ווערט באַגלייט מיט אַ רשימה פון 445 פרייוויליקע פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע האָבן געקעמפט אין דער "באָטווין־קאָמפּאַניע.

אין נומער 5/64 "סאָוועטיש היימלאַנד" ווערט אין דער כראָניק אָנגע־געבן, אַז די איינוווינער פון לוואָוו (לעמבערג) האָבן איינגעפירט ביי זיך אין שטאָט אַ נייעם מנהג. זיי מערקן אָפּ יום־טובים פון גאַסן. דער ערשטער אַזאַ יום־טוב איז דורכגעפירט געוואָרן אויף דער גאַס א"נ נפתלי באָטווין".

ווען מען באַקענט זיך מיטן אינהאַלט פון די צוויי דערמאָנטע ביכער: זאַכאַריאַש — מענטשן פון ק.פ.פ. און ווזעק וועגן דער באָטווין־קאָמפּאַניע, קומט אויפן זכרון די נישט ווייטע פאַרגאַנגענהייט.

טויזנטער יידישע אַרבעטס־מענטשן זענען אין פּעריאָד צווישן ביידע וועלט־מלחמות אין פּוילן, פאַרכאַפּט געוואָרן פון קאָמוניזם. ראַטנפאַרבאַנד איז געווען אַדאַפּטירט ביי זיי ווי דאָס ריכטיקע פאָטערלאַנד. אַלץ וואָס איז נישט געווען אין איינקלאַנג מיט זייער איינשטעלונג צום קאָמוניזם, צום ראַטנפאַרבאַנד — איז געווען פאַשיזם, איז געווען קעגן די אינטערעסן פון אַרבעטער־קלאַס. במילא, זענען געווען באַרעכטיקט שפּאַלטונגען פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, במילא אויך שפּאַלטן די קעפּ פון אַנדערש־

דענקענדיקע. דער גאַנצער צאָרן פון די פאַרפירטע קאָמוניסטן איז געווען געווענדעט קעגן "בונד".

דער סטאַלין־היטלער־פּאַקט האָט אַ שפּאָר ביסל צערודערט די מוחות פון די יידישע קאָמוניסטן. די מלחמה, די סאָוויעטישע ווירקלעכקייט שוין אויף די פּוילישע געביטן, "באַפרייטע" דורך דער רויטער אַרמיי, האָט אַ סך פון די יידישע קאָמוניסטן געטריבן צוריק אין אָקופּירטן פּוילן.

די ווייטערדיקע קלעפּ זענען געקומען פאַר די, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט אין ראַטנפאַרבאַנד. פאַר אָט די יידישע קאָמוניסטן איז די ווירקלעכקייט געווען אַ שוידערלעכע אַנטוישונג.

קיין פּוילן זענען פיל פון זיי צוריקגעקומען אַנטוישטע און גייסטיק־צעבראָכענע. זיי האָבן געמוזט ווייטער אָנגיין מיטן קאָמוניזם, אָבער מאַסנווייז האָבן זיי מיט די איבעריקע יידן אויסגעוואַנדערט פון פּוילן, אַ סך קיין ישראל. אַנטוישטע, זענען זיי צום סאָציאַליזם נישט געקומען, אויסגעליידיקטע גייסטיק, זענען אַ סך אַוועק צום צווייטן עקסטרעמיזם — צום ציוניזם.

אַ טרויעריקער סך־הכל פון אַ דור יידישע קאָמוניסטן.

# מיט אייגענע ווערטער

(וועגן בוך פון עליזאַבעט פּלין)

עליזאַבעט פּלין איז געווען די פאָרזיצערין פון נאַציאָנאַלן קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין די פאַראייניקטע שטאַטן. שפּעטער איז זי געשטאָרבן אין רוסלאַנד בעת אַ באַזוך דאָרטן.

"מיט אייגענע ווערטער" זענען דערינערונגען אין צוויי ביכער וועגן אירע תפיסה־יאָרן אין אַמעריקע. די ביכער זענען איצט דערשינען אין דער רוסישער איבערזעצונג אין מאָסקווע. אַ רעצענזיע וועגן אָט די ביכער ווערט געגעבן אין "נאָווי מיר", נר. 6.64.

עליזאַבעט פּלין שרייבט, אַז די אַ"ג מוסטער־טורמע פאַר פרויען אין אָלדערסטאָן, ווו זי איז געווען פאַרשפּאַרט צוזאַמען מיט אַנדערע פּאָליטישע און קרימינעלע אַרעסטאַנטן איז:

„אַ מוסטער־טורמע, וואָס פאַרקריפּלט מענטשלעכע נשמות, רייסט אַרונטער דאָס געזונט נישט ווייניקער, ווי אין אַנדערע גע־וויינלעכע טורמעס אין אַמעריקע. דאָס שווידערלעכסטע באַשטייט אין דעם, וואָס אויפן גרונד פון פאַשיסטישן סמיט־געזעץ וועגן קאָנטראָל איבער די געדאַנקען, קאָן אַריינפאַלן אין טורמע פאַר זייַנע איבערצייגונגען יעדער אַמעריקאַנער בירגער".

„מיט אייגענע ווערטער" זענען נישט נאָר דערינערונגען, דאָס איז דער אומאויפהערלעכער קאַמף פאַר רעכט און גליק פון אַלע גערודפטע אין אַמעריקע, פאַר די הויכע אידעאַלן פון קאָמוניזם", — שרייבט דער רעצענזענט סערעבראַניק.

„מיר וועלן אייביק געדענקען ווי מען האָט אין די טורמעס דער־פירט מענטשן צו פאַרצווייפלונג, ווי מען האָט זיי געצוווּנגען איבער־צוטראָגן מיט גאַרנישט נישט־באַרעכטיקטע שמערצן".

„פלין אַנטפּלעקט נישט נאָר דעם אַנטימאָראַלישן און אַנטי־הומאַני־טאַרן שטראָף־סיסטעם אין די פאַראייניקטע שטאַטן, נאָר קעמפט פאַר ענדערן דעם סיסטעם" — באַמערקט סערעבראַניק. „מיר פאַרשטייען — שרייבט ווייטער דער רעצענזענט — וואָס פאַראַ אמתן מוט האָט די שריי־בערין באַדאַרפט באַזיצן, כדי אַרויסצוגעבן אָט די ביכער אין אַמעריקע".

האָט מען טאַקע אמת באַדאַרפט האָבן מוט אַרויסצוגעבן אָט די דאָזיקע ביכער אין אַמעריקע. ווער האָט דער פרוי פלין דערין געשטערט? און ווער שטערט די דאָזיקע ביכער צו פאַרשפּרייטן?

עס איז נישט קיין זעלטנהייט, ווען אין אַ געוויסער טורמע אין אַמע־ריקע בונטעווען זיך קרימינעלע פאַרברעכער צוליב דעם רעזשים, וואָס ווערט אָנגעווענדעט לגבי זיי, אָבער אין קיין שום פאַל נישט צוליב וועלכע עס איז פּייניקונגען. וועגן פּייניקונגען לגבי פּאָליטישע אַרעסטירטע אין די אַמעריקאַנער טורמעס ווייסט נישט די עפנטלעכקייט. פאַר דער עפנטלעכ־קייט וואָלט אַזאַ זאַך נישט געווען קיין סוד. פּאָליטישע אַרעסטירטע איז דאָ בכלל קיין פּראָבלעם נישט.

* *
*

עס איז נאָר אינטערעסאַנט צו וויסן וואָס האָבן געהאַט צו זאָגן עלי־

זאַבעט פלין און אויך אַנדערע קאָמוניסטישע פירער אין אַמעריקע וועגן די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין סאָוויעטנפאַרבאַנד?

ווי וויניק דער סאָוויעטישער לייענער ווערט בכלל אינפאָרמירט, און ווי פאַלש ער ווערט אינפאָרמירט וועגן דער פרייער וועלט! דעריבער איז צו גלייבן, אַז דער סאָוויעטישער לייענער האָט נישט קיין גרויסן צוטרוי צו אַזלעכע מינים באַשרייבונגען פון דער פרוי פלין, און צו רעצענזיעס פון אַזעלכע, ווי סערעבראַניק.

# פראָבלעמען פון דער קאַטוילישער קירכע

אַלס ספּעציעלער קאָרעספּאָנדענט פון דער רוסישער פּרעסע־אַגענטור "נייעס", האָט זיך די פרוי קיטשאַנאָוואַ באַטייליקט אין די זיצונגען פון עקומענישן ראַט אין וואַטיקאַן און פאַרעפנטלעכט וועגן דעם אַן אַרטיקל. אין "נאָווי מיר". דאָס אַרטיקל איז אַ מין באַריכט, ריכטיקער איינדרוקן.

קיטשאַנאָוואַ שרייבט, אַז אַממערסטן וואָס איר האָט איבעראַשט, איז נישט די גרויסאַרטיקע צערעמאָניעס, נאָר די אַקטיווע באַציונג פון גע־וויינלעכע מענטשן, גלויביקע און נישט־גלויביקע, צו דעם אַלעמען וואָס קומט פאָר אין עקומענישן ראַט.

זי טייטשט עס דערמיט, וואָס דער פּויפּסט רופט צו אַנטוואָפענונג, אונטערהאַנדלונגען און שלום, אָבער ווי זעט דאָס אויס, אַז טאַקע בעת אַן עפנטלעכער רעדע פון פּויפּסט איז איבערן פּלאַץ געפלויגן אַן אַמערי־קאַנער עראָפּלאַן. "ביי די טויערן פון איטאַליע געפינען זיך נישט נאָר לופט־באַזעס, נאָר אויך פּאָלאַריס־ראַקעטן".

אַוודאי וואָלט דאָס אַנדערש אויסגעזען ביי איר, ווען די באַזעס וואָלטן געווען סאָוויעטישע, דאָס קאָן מען זיך פאָרשטעלן.

אין אירע באַטראַכטונגען וועגן פאַרלויף פון עקומענישן ראַט, שטרייכט זי אונטער, אַז פון די "פאַרשאָלטענע פראַגן", וואָס זענען געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדענונג איז אייגנטלעך געלייזט געוואָרן בלויז איינע — די פראַגע וועגן דערלויבן אָפּריכטן תפילות נישט נאָר אויף לאַטיין, נאָר אויך אין אָרטיקע שפּראַכן. פּאַרוואָסזשע זענען נישט געלייזט געוואָרן די אַנדערע

״פאַרשאָלטענע פראַגן״?

״דער קלויסטער און אַנדערע בורזשואַזע אינסטיטוציעס שטייען פאַרן פאַקט, אַז די מאַסן גיבן אַלץ מער אָפּ באַוווסטזיניק פאַרצוג די סאָציאַ־ליסטיש־געזעלשאַפטלעכע אידעען״.

אָבסערווירנדיק די סעסיעס פון עקומעניקשן ראַט, דערמאָנענדיק אין איר באַריכט די פּיל ״פאַרשאָלטענע פראַגן״, וואָס זענען נישט געלייזט געוואָרן, האָט פּרוי קיטשאַנאָוואַ מיט קיין איין וואָרט אָבער נישט דערמאָנט צוו. אַנד. וועגן דער באַציונג פון דער קירכע צו דער יידן־פראַגע בכלל, בפרט צו דער פראַגע וועגן באַפרייען די יידן פון דער שולד פון מאָרד איבער יעזוסן, וואָס איז באַהאַנדלט געוואָרן דורכן עקומענישן ראַט און וועגן וואָס עס איז אַזוי אָפּט געשריבן געוואָרן אויף די שפּאַלטן פון דער וועלט־פּרעסע.

דאָס פאַרשווייגן פאַרן סאָוויעטישן לייענער אָט די פראַגן איז מסתמא אין הסכם מיט דער איינשטעלונג פון דער סאָוויעטישער רעגירונג וועגן דער יידן־פראַגע אין ראַטנפאַרבאַנד.

## אַ בוך ״חכמים פון כעלם״

אין וואַרשעווער פאַרלאַג ״יידיש בוך״, איז דערשינען אַ בוך ״חכמים פון כעלם״, געזאַמלט פון פּ. פריד. די פּאָעמען אין דעם זאַמלבוך געהערן צו די דיכטער: יעקב גלאַטשטיין, מאַני לייב, יוסף לערנער, מ. קיפּניס. די מעשיות אין פּראָזע זענען לויט די ווערק פון ב. ביאַלאָס־טאָצקי, י. י. טרונק, י. ל. כהן, ט. סיימאָן, מ. קיפּניס און אַנדערע.

די זאַמלונג הייבט זיך אָן מיט אַ ״פּאַרוואָס דווקא כעלמער נאַראָנים״ פון נח פּרילוצקיס פאָלקלאָר־זאַמלונגען.

דאָס בוך איז רעדאַגירט פון דוד ספאַרד, אַרויסגעלאָזט אין 2.500 עקזעמפּלאַרן, 262 זייטן.

## ״מיין לעבן״

אונטער אַזאַ נאָמען איז אין פּראַג, טשעכאָסלאָוואַקיע, געעפנט גע־

וואָרן אַ גראַפישע אויסשטעלונג פונעם באַוווסטן יידישן קינסטלער מאַרק שאַגאַל. די אויסשטעלונג האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס ביי די ליבהאָבער פון קונסט („סאָוועטיש היימלאַנד" 10־1966).

אין מאָסקווע איז געווען אָנגעזאָגט אַן אויסשטעלונג פון מאַרק שאַגאַל, אָבער דערצו איז נישט געקומען. פאַרוואָס?

## זאַמלונגען פון דאָקומענטן

דער מלוכה־פאַרלאַג אין ריגע האָט אַרויסגעלאָזט אַ דריי־בענדיקע זאַמלונג פון דאָקומענטן, ווו עס ווערט דערציילט וועגן די רציחות פון די היטלעריסטן איבער דער באַפעלקערונג פון ליטע, לעטלאַנד און עסטלאַנד. אַ גרויס אָרט פאַרנעמט אין דער זאַמלונג די באַשרייבונג וועגן די שוידערע־לעכע הריגות איבער דער יידישער באַפעלקערונג. פון די דאָקומענטן איז צו זען, אַז אין די דאָזיקע לענדער האָבן די נאַציסטן אויסגעמאָרדעט, אַחוץ די אָרטיקע יידן, אויך העכער 200 טויזנט יידן, וועלכע מען האָט געבראַכט פון אייראָפּע.

אין אַלע ביזאַנטיקע סאָוועטישע פּובליקאַציעס וועגן די דייטשע מערדערייען רעדט זיך אַלעמאָל וועגן אומגעבראַכטע „סאָוועטישע ביר־גער". די דערמאָנטע זאַמלונג איז אַן ענדערונג אין דער ביזאַנטיקער איינשטעלונג. מען מעג עס פאַרצייכענען.

## פונדאַמענט פאַר אַ דענקמאָל אין באַבי־יאַר

אין באַבי־יאַר איז מיט אַ קורצער צייט צוריק פאַרלייגט געוואָרן אַ מאַרמאָר־שטיין אויפן אָרט ווו עס זאָל אויפגעשטעלט ווערן אַ דענקמאָל. צו דער צערעמאָניע זענען געקומען טויזנטער קיעווער איינוווינער. אין זיין רעדע האָט אַן אוקראַינישער אַרבעטער דערציילט וועגן דעם שרעקלעכן סאַדיזם מיט וועלכן די נאַציסטן האָבן אויסגעמאָרדעט די קיעווער יידישע באַפעלקערונג.

דער געוועזענער קאָמאַנדיר פון אַ פאַרטיזאַנער־מחנה, לעאָניד בערנ־

שטיין, איצט דירעקטאָר פון אַ פאַבריק (וואָרשיינלעך אַ ייד), האָט גערעדט וועגן טויזנטער אומשולדיקע מענטשן, מיט וועמענס בלוט די ערד אין באַבי־יאַר איז דורכגעזאַפּט. ער האָט דווקא נישט גערעדט וועגן די יידישע קרבנות.

צי וועט אויפן דענקמאָל, אויף וועלכן עס איז אופן, דערמאָנט ווערן די יידישע טראַגעדיע, איז שווער צו זאָגן.

## אַ פילם לויט דער לעגענדע וועגן גולם

אין טשעכיע איז מען צוגעטראָטן צו שאַפן אַ פילם, וואָס איז באַזירט אויף דער לעגענדע וועגן גולם און זיין שעפער דער מהר״ל פון פראָג. צוו. אַנד. וועלן אין פילם אויך אָנטיילנעמען יידישע אַרטיסטן פון פוילן און רומעניע (״סאָוועטיש היימלאַנד״, 11־66).

## דעמאָנסטראַציע פון כוח ?

אונטער אַזאַ קעפל קומט דער סאָוויעטישער קאָנטר־אַדמיראַל ראַדיאָ־נאָוו מיט קריטישע באַמערקונגען (״נאָווי מיר״ נר. 5/66) וועגן אַן אַמע־ריקאַנער אויסגאַבע ״אַרום דער וועלט אונטערן וואַסער״, אַ זאַמלונג אַרטיקלען פון אַ ריי אַמעריקאַנער קאָמאַנדירן פון די אַטאָמישע אונטער־וואַסער־שיפן.

ראַדיאָנאָוו ציט די אויפמערקזאַמקייט פון די סאָוויעטישע לייענער, זיי זאָלן נישט אַריינגעפירט ווערן אין אַ טעות, אַז דאָס דערמאָנטע אַמע־ריקאַנער בוך האָט גאָרנישט צו טאָן מיט זשול ווערנס באַרימטן בוך ״80 טויזנט קילאָמעטער אונטערן וואַסער״. דאָ האַנדלט זיך וועגן ים־געוועער פון אַגרעסיוון אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם — די אַטאָמישע אונטערוואַ־סער־שיפן.

דאָס בוך דאַרף מען לייענען, בכדי צו האָבן פאַר זיך אַ קלאָר בילד וועגן די אַוואַנטוריסטישע פּלענער פון פּענטאַגאָן (אַמעריקאַנער קריגס־מיניסטעריום). די וועלט־רייזער פון די אַמעריקאַנער אַטאָמישע שיפן ווערן אויסגענוצט דורך די פּראָפּאַגאַנדיסטן פון פּענטאַגאָן בכדי צו פאַר־שטאַרקן דעם קריגס־פּסיכאָז און אָנוואַרפן אַ פחד אויף די שלום־ליבנדיקע

פעלקער. די וועלט־רייזעס פון די אַטאָמישע אונטערוואַסער־שיפן באַצוועקן אויסצונוצן דעם אַרקטיק און די וועלט־אָקעאַנען פאַר אַ פּלוצימדיקן אָנפאַל אויף די לענדער פון סאָציאַליזם.

דער סאָוויעטישער אַדמיראַל מאַכט פאָלגנדיקן אויספיר: ״קאָן דאָך ביים סאָוויעטישן מענטש קומען די פראַגע: וואָס טוען אונדזערע אונטער־וואַסער־שיפן? זענען זיי אומטעטיק? — חס וחלילה! פאַרקערט, נאָך דער אַרויסטרעטונג פון סאָוויעטישן קריגס־מיניסטער מאַלינאָווסקי קאָן שוין אַזאַ פראַגע נישט קומען. דער סאָוויעטישער קריגס־מיניסטער האָט געמאָלדן, אַז ״אַ גרופּע פון אונדזערע אונטערוואַסער־שיפן האָבן מיט דער־פאָלג דורכגעפירט אַ וועלט־רייזע אונטער די וואַסערן. דאָס רעדט קלאָר וועגן די מעגלעכקייטן פון אונדזער אונטערוואַסער־פלאָט, וועלכער איז גרייט אָפּצוהיטן דעם שלום אויף דער וועלט. און אויב די אַמעריקאַנער אימפּעריאַליסטן, לויבנדיק זייערע אונטערוואַסער־שיפן מיינען, אַז זיי דעמאָנסטרירן אַ כוח, וואָס קאָן וועמען אָנשרעקן, מאַכן זיי אַ גרויסן טעות״.

ווען אַזעלכע ווערטער קומען פון סאָוויעטישע מיליטער־פירער גלוסט זיך שטעלן די פראַגע: ווי וואָלט אויסגעזען ווען למשל די סאָוויעטישע אונטערוואַסער־שיפן זאָלן נישט אָנטרעפן אויף קיין שום קעגן־כוח מצד דעם פּענטאַגאָן?

## ווי האַלט עס מיט דער יידישער קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד?

אָן שום ספק מערקט זיך דאָרטן אַ נאַציאָנאַלער אויפשטייג ביי די יידן. דער אויפשטייג קומט צוו. אַנד. צום אויסדרוק אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור. די ליטעראַרישע אַקטיווקייט פון די יידישע שרייבער אין רוסלאַנד שטייגט. אין משך פון יאָרן האָט מען געשריבן פאַרן שופלאָד. עס זענען געשאַפן געוואָרן פיל בענדער פּאָעזיע, ראָמאַנען, דער־ציילונגען, דראַמעס. דאָס אַלץ וואַרט אויף אַ מעגלעכקייט עס זאָל דערזען די ליכטיקע שיין. דערווייל זענען די מעגלעכקייטן באַגרענעצט. עס זענען אויך באַגרענעצט די מעגלעכקייטן פון דרוקן אין דער אויסלענדישער

יידישער קאָמוניסטישער פּרעסע. דער זשורנאַל "סאָוועטיש היימלאַנד" קאָן נישט פאַרענטפערן דאָס דאָזיקע פּראָבלעם. במשך די לעצטע צוויי יאָר איז דערשינען אין יידיש איין בוך פּאָעזיע "האָריזאָנטן" און "אַזוי לעבן מיר" — טיפּיש קאָזיאָנע רעפּאָרטאַזשן.

וואָרשיינלעך, אַז פיל יידישע שרייבער אין ראַטנפאַרבאַנד באַגרענעצן זיך זעלבסט, ווייל וואָס די נישט־יידישע שרייבער קאָנען זיך די לעצטע צייט דערלויבן, קאָנען זיך די יידישע שרייבער נאָך נישט דערלויבן.

עס זענען שוין אַריבער 10 יאָר זינט דער פירער פון די סאָוויעטישע שרייבער, סורקאָוו, האָט פאַרזיכערט, אַז עס ווערט צוגעגרייט אַ פּלאַן אויפצולעבן די יידישע קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד, שאַפן אַ יידישן פאַר־לאַג, אַ יידישע צייטונג, אַ יידיש טעאַטער, רופן אַ באַראַטונג פון יידישע שרייבער וועגן געפּלאַנטע אויסגאַבן אין דער יידישער שפּראַך. דערווייל אָבער נישט מען הערט און נישט מען זעט.

אין משך פון די יאָרן 1955—1961 זענען אין ראַטנפאַרבאַנד דערשינען 187 ביכער אין איבערזעצונג פון יידישע שרייבער. אַלגעמיינער טיראַזש — 12 מיליאָן. די איבערזעצונגען זענען געמאַכט אין 19 שפּראַכן, דערונטער אין 4 אויסלענדישע (ענגליש, שפּאַניש, בענגאַליש, הינדיש), 125 ביכער איבערגעזעצט אין דער רוסישער שפּראַך. און אין יידיש? — 6 ביכער.

צי זענען נאָך נייטיק קאָמענטאַרן וועגן דער סאָוויעטישער יידן־פריינדשאַפט?

עס איז כדאי צו פאַרצייכענען, אַז אין די לעצטע עטלעכע יאָר קומען אויף די שפּאַלטן פון "סאָוועטיש היימלאַנד" שאַפונגען פון יידישע שרייבער אין אויסלאַנד. אונטער דער רובריק "ווערק פון אונדזערע פריינד" קומען שאַפונגען פון יידישע שרייבער אין די פאַראייניקטע שטאַטן, פּאַריז, קאַנאַ־דע, ישראל און פּוילן. אַ ריי ראָמאַנען און דערציילונגען מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק.

## דאָס געשטאַלט פון יאַנוש קאָרטשאַק אויף דער בינע

דער טעאַטער פון "יונגן צושויער" אין ריגע האָט אויפגעפירט אַ

נייעם ספּעקטאַקל — וו. קאַראַסטילאַווס "דער וואַרשעווער שטורעם־גלאָק" (טראַגעדיע אין צוויי אַקטן), געווידמעט יאַנוש קאָרטשאַקן — דעם באַוווסטן פּעדאַגאָג און דערציער, וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט, צו ראַטע־ווען זיין אייגן לעבן, און צוזאַמען מיט די קינדער, וועלכע ער האָט דער־צויגן, איז ער אַוועק אין גאַזקאַמער פון טרעבלינקע. די פאָרשטעלונג רופט אַרויס אַ קאָלאָסאַלן אינטערעס ביי די צושויער ("סאָוועטיש היימ־לאַנד, 1/67.

## אַ דראַמע וועגן דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין ווילנער געטאָ

דאָס ווילנער יידישע פאָלקס־טעאַטער גרייט אַ נייעם ספּעק־טאַקל — "זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג", וועגן יצחק וויטענבערגן, דעם לעגענדאַרן קאָמענדאַנט פון דער פאַראייניקטער פּאַר־טיזאַנער־אָרגאַניזאַציע אין ווילנער געטאָ.

די פּיעסע האָט אָנגעשריבן דער באַקאַנטער ליטווישער פּובליציסט לייב שאַוס. עס שטעלט דעם ספּעקטאַקל דער רעזשיסער פון ווילנער רו־סישן דראַמאַטישן טעאַטער ל. לוריע. ("סאָוועטיש היימלאַנד", נר. 67/).

## אַ קאָמוניסטישע שרייבערין רעדט זיך אַראָפּ דאָס האַרץ...

די יידישע קאָמוניסטישע שרייבערין דאָראַ טייטלבוים, שמועסט זיך זייער שאַרף דורך אויף די שפּאַלטן פון די וואַרשעווער "יידישע שריפטן", נר. 1967/1, מיטן באַקאַנטן אַמעריקאַנער שרייבער סטיינבעק.

ווי באַקאַנט, האָט בשעתו יעווטושענקאָ זיך געווענדט מיט אַ בריוו צו סטיינבעקן וועגן פאַראורטיילן אַמעריקעס אָנטייל אין דער מלחמה אין וויעטנאַם. סטיינבעק ענטפערט יעווטושענקאָן צוו. אַנד.: "לאָמיר פאַראור־טיילן די מלחמה אַלס אַ גאַנצע, און נישט קיין האַלבע".

שרייבט דאָראַ טייטלבוים: "געוואָלט האָט זיך מיר שרייבן צו אייך,

דעם יונגן אַמאַליקן סטיינבעק... דעם, צו וועמען עס איז דערגאַנגען דאָס ווײַ־געשריי פון אַמעריקעס באַליידיקטע און צעטראָטענע... אָבער ווו זענט איר איצט, אַצינד, דזשאָן סטיינבעק? אויף וועלכן אַדרעס זאָל איך אײַך שיקן דעם בריוו? "לאָמיר פאַראורטיילן די מלחמה אַלס אַ גאַנצע און נישט קיין האַלבע", שרײַבט איר צו יעווטושענקאָן, "מיינט איר, אַז אונדזערע (אַמעריקאַנער) פּילאָטן פליען, כדי צו באָמבאַרדירן קינדער, אָדער אומשולדיקע ציווילע? פרעגט איר ווידער ביי יעווטושענקאָן. ווייסט איר אַפילו נישט ווער עס זענען די, וואָס צינדן די בראַנדן אויף די בלויע, זוניקע וויעטנאַמער פרימאָרגנס און שפּרייטן טויט אויף זייערע צעבליטע פעלדער? גלייבט איר שוין אַפילו נישט די גוטע אַמעריקאַנער קאָדאַק־פילמען... וועלכע זאַמלען און שטעלן צונויף דעם חשבון פון די אַמע־ריקאַנער גרוילטאַטן, די שווידערלעכע קופּעס מיט פאַרשרפהטע פרויען און קינדער? היינט שרייבט איר, "אַז דער וויעטנאַמער קאָנפליקט איז די אַרבעט פון די כינעזער, אינספּירירט פון מאָאָ". עס איז נישט האַנאָי — שרייבט דאָרא טייטלבוים — נאָר וואַשינגטאָן, פאַר וועלכע די וועלט שטייט אַ צעציטערטע, אַ טעראָריזירטע. היינט איז די מיסיע פון שעכטן "רויטע"... און ווער קאָן גאַראַנטירן, אַז מאָרגן וועט עס נישט זיין אין פראַנקרייך, איטאַליע אָדער אין אַנדערע לענדער..." מיט דער זעלבער קאָמוניסטישער היסטעריע.

נאַטירלעך, מיט קיין איין וואָרט דערמאָנט נישט דאָרא טייטלבוים די גרוילטאַטן פון די וויעטנאַמער גערילעס, די וויעטקאָנג־קאָמוניסטן, וועלכע האָבן אויף זייער געוויסן טויזנטער אויסגעמאָרדעטע אייגענע מענטשן, דווקא פון דער ציווילער באַפעלקערונג, מענער, פרויען און קינדער.

יעדע מלחמה ברענגט חורבן, פאַרוויסטעניש, אומקום אויך צווישן דער ציווילער באַפעלקערונג. איז דאָך סטיינבעק גערעכט, ווען ער ענט־פערט יעווטושענקאָן, "לאָמיר פאַראורטיילן די מלחמה אַלס אַ גאַנצע, און נישט קיין האַלבע"...

ביי די קאָמוניסטן זענען אָבער זייערע מלחמות "באַפרייערישע". אַזוי "באַפרייען" זיי די וועלט דורך מאָרדן מיליאָנען דווקא אייגענע ביר־גער, און פאַרשקלאַפן מיליאָנען פעלקער, דורך "באַפרייען" זיי.

## לידער־ציקל פון יידישער פּאָעזיע

״דימיטרי שאָסטאַקאָוויטשס לידער־ציקל פון דער יידישער פאָלקס־פּאָעזיע וועט אָן שום ספק אַריין אין גאָלדענעם פאָנד פון דער סאָוויעטי־שער מוזיק. דער דאָזיקער ציקל איז נישט קיין צופעליקער פאַר דער שאַפונג פונעם גרויסן סאָוויעטישן קאָמפּאָזיטאָר. די יידישע טעמאַטיק האָט פאַרנומען אַן אָרט אין דער פאַרגאַנגענהייט. זיין ווענדונג צו דער יידישער טעמאַטיק ציט אירע וואָרצלען פון דער הערלעכער טראַדיציע פון דער יידישער קלאַסישער מוזיק.

די יידישע טעמאַטיק... האָט פאַרנומען אַן אָרט אין דער פאַרגאַנגענ־הייט ביי גלינקאַ, רימסקי־קאָרסאַקאָוו, מוסאָרגסקי, פּראָקאָפיעוו״ (״סאָוועטיש היימלאַנד״, נר. 66־12).

ווי באַקאַנט, האָט שאָסטאַקאָוויטש בשעתו געשאַפן אַ קאָמפּאָזיציע וועגן באַבי־יאַר לויט יעווטושענקאָ. אַ צייט לאַנג האָבן די קרעמל־לייט פאַרווערט שאָסטאַקאָוויטשן אויסצופירן די דאָזיקע קאָמפּאָזיציע, ערשט לעצטנס האָט ער אַזאַ מעגלעכקייט באַקומען.

## וווּנדער איבער וווּנדער...

אין דער אָפּטיילונג ״בלעטערנדיק זשורנאַלן און צייטונגען״ (״סאָוועטיש היימלאַנד״, נר. 66־12) ווערט אָנגעגעבן, אַז אין דער תל־אביבער צייטונג ״דער וועג״, אונטערן קעפּל ״לעכערלעכע אינפאָרמאַציע וועגן ״סאָוועטיש היימלאַנד״, קומט ברוך סעקולאַ מיט אַ נאָטיץ, אַז דער יידיש־אַמעריקאַנער זשורנאַליסט ב. צ. גאָלדבערג, האָט נאָכן אומקערן זיך פון אַ באַזוך אין ראַטנפאַרבאַנד, אין זיינע רייזע־איינדרוקן אויף די שפּאַלטן פון ״טאָג־מאָרגן־זשורנאַל״, דערערדעט זיך דערצו, אַז ״סאָוועטיש היימלאַנד״ שטרעבט נאָך אַלץ צו דערשיינען אַלס חודש־זשורנאַל און נישט יעדע צוויי חדשים.

סעקולאַ שרייבט: ״דער דאָזיקער ״ספּעץ״ פאַר יידיש־סאָוויעטישע

אָנגעלעגנהייטן... ווייסט נאָך גאָרנישט דאָס, וואָס עס איז באַקאַנט יעדן יידישן קולטור־מענטש איבער דער גאַנצער וועלט... אַז שוין באַלד צוויי יאָר דערשיינט ״סאָוועטיש היימלאַנד״ רעגולער אַלס חודש־זשורנאַל. פון דער דאָזיקער באַשיידענער פעלשונג קאָן מען לערנען וועגן דעם גרויסן ווערט, קוואַליטעט און באַגלויבטקייט פון דער אַלגעמיינער אינפאָרמאַציע וועגן דעם לעבן פון יידן און וועגן יידישער ליטעראַטור אין ראַטנפאַרבאַנד, וואָס עס ליפערט פאַר די לייענער פון ״זיינע״ צייטונגען אין תל־אביב, ווי אין ניו־יאָרק, אָט דער דאָזיקער האָפערדיקער, פיל פּרעטענדירנדיקער שרייבער־זשורנאַליסט ב. צ. גאָלדבערג.

מען קאָן נישט זאָגן, אַ גאַנץ פיינעם אַטעסטאַט אויסגעשטעלט פאַר ב. צ. גאָלדבערג. עס איז טאַקע אַ וווּנדער, וואָס ב. צ. גאָלדבערג ווייסט נישט, אַז ״סאָוועטיש היימלאַנד״ דערשיינט שוין צוויי יאָר אַלס אַ חודש־זשורנאַל. אָבער נאָך אַ גרעסערער וווּנדער איז, וואָס אויף די שפּאַלטן פון ״סאָוועטיש היימלאַנד״ קומט מען מיט ווערטער פון קריטיק אויפן אַדרעס פון גאָלדבערגן. האָט דאָך גאָלדבערג העכער 40 יאָר, טאָג־טעגלעך געשפּייזט דעם יידישן עולם, אויף די שפּאַלטן פון רעליגיעז־ציוניסטישן ״טאָג־מאָרגן זשורנאַל״ מיט אַ קאָמוניסטישער פּראָסאָוויעטישער פּראָפּאַגאַנדע. און געמאַכט האָט ער דאָס זייער געשיקט. העכער 40 יאָר האָט דאָך גאָלדבערג פאַרסמט די מוחות פון יידישן עולם, איז אויב ער האָט זיך איין מאָל אויסגעגליטשט קומט אים נאָך צו קלאַפּן מיטן פוס? באמת אַן אומדאַנקבאַרקייט מצד די קאָמוניסטן, אַ וווּנדער אויף זיי, ווי קומט אַזעל־כעס צו קאָמוניסטן?

אָדער אפשר דעקט זיך אונטער דעם עפּעס אַנדערש, אפשר האָט זיך ב. צ. גאָלדבערג אויף דער עלטער פאַרזינדיקט מיט עפּעס ביי די קאָמוניסטן?

## 127 שפּראַכן פון די סאָוויעטישע פעלקער

״אַ וויסנשאַפטלעכער אויפטו פון גרויסן קולטור־באַדייט״. — צום 50־יאָריקן יובל פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע גרייט צו די

סאָוויעטישע וויסנשאַפטלעכע אַקאַדעמיע אַ פֿינפֿבענדיק ווערק "די שפּראַכן פון די פעלקער פון פססר". דאָס איז אַ קאָלעקטיווע שאַפונג פון די אָנגעזעענסטע סאָוויעטישע לינגוויסטן (מ. שאַפּירא — "סאָוועטיש היימלאַנד" נר. 66־11). דאָס ווערק וועט אַרומנעמען 127 שפּראַכן פון די סאָוויעטישע פעלקער.

עס איז דערשינען דער ערשטער באַנד, וואָס נעמט אַרום נײַנצן אינדאָ־איראָפּעישע שפּראַכן. 31 זײַטן זענען אויסגעטיילט פאַר דער אייניקער גערמאַנישער שפּראַך אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד — דער יידישער. "די יידישע שפּראַך (יידיש) וואָס רעפּרעזענטירט, צוגלייך מיט אַ ריי דיאַלעקטן פון דער דייטשישער שפּראַך, די גערמאַנישע שפּראַך־גרופּע". יידיש, הייסט עס, ווערט דאָ געשטעלט אין איין ריי נישט מיט די נאַציאָנאַלע ליטעראַרישע שפּראַכן, אַזעלכע ווי ענגליש, דייטש, האָלענדיש, דעניש און אַנדערע, נאָר מיט די דיאַלעקטן פון דייטש.

"מיט אַזאַ קוק אויף יידיש איז שווער מסכים צו זײַן", שרייבט דער דערמאָנטער מ. שאַפּירא.

דער ערשטער באַנד איז דערשינען בסך־הכל אין 6.200 עקזעמפּליאַרן און איז אויסגערעכנט נישט אויף אַ מאַסן־לייענער. "עס האָט זיך געפאָדערט ווי געהעריק פאָרצושטעלן יידיש אַלס אינדאָ־איראָפּעישע שפּראַך פאַר אַ שמעלערן, נאָר העכסט־קוואַליפיצירטן קרייז לייענער. מיר מוזן פעסטשטעלן, אַז דער באַשטאַנדטייל פון מאָרפאָלאָגיע איז פאַרגעשטעלט בלאָס. אַ ריי הנחות און פאָרמולירונגען רופן אַרויס ספקות און דערווידערונגען. באַזונדערס באַפרידיקן נישט די אַבזעצן וועגן פּראָנאָמען, מען קאָן אויך האָבן טענות צו דעם אָפּטייל "פאָנעטיק". מען קאָן אַקעגנשטעלן דעם פאָרמולירטן כלל, אַז דער אַקצענט קומט אין יידיש "געוויינלעך אויפן ערשטן טראַף". עס טרעפן זיך אויך עטלעכע נישט־געלונגענע בײַשפּילן און איבערזעצונגען. אויך אויסדרוקן, וואָס זענען אינעם ליטעראַרישן יידיש נישט געברויכלעך. וואָס שייך דער ביבליאָגראַפיע, זענען פאַרפעלט אייניקע וויכטיקע ווערק. עס איז נישט דערמאָנט די ערשטע יידישע שפּראַכן־קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ אין יאָר 1908 (איין קלייניקייט! — ש. ש.), נחום סטוטשקאָווס "דער אוצר פון דער יידישער שפּראַך" און אַנדערע".

טראָץ דעם, וואָס אין דעם אַרטיקל באַמיט זיך שאַפּירא צו געפינען אַ זכות־אָבות, איז דאָך אינטערעסאַנט אונטערצושטרייכן דעם פאַקט פון קומען אויף די שפּאַלטן פון "סאָוועטיש היימלאַנד" מיט אַ וואָרט פון קריטיק, אַפילו זייער פאַרזיכטיק אָבער דאָך קריטיק.

דער דאָזיקער פאַקט דאַרף באַגריסט ווערן.

## וואָכנצייטונג אין סייגאָן פאַר יידישע זעלנער

אין סייגאָן איז דערשינען דער ערשטער נומער פון דער יידישער וואָכנצייטונג אין ענגליש, "וויעטנאַם דזשואיש קראָניקל". די צייטונג ווערט אַרויסגעגעבן דורכן אַמעריקאַנער קריגס־מיניסטעריום און איז באַשטימט פאַר די יידישע זעלנער אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

אין שייכות דערמיט, שרייבט י. הינדעס אין דער וואַרשעווער "פאָלקס־שטימע", אַז אויב אַ צייטונג פאַר יידישע זעלנער, זאָל די רעדאַקציע פון "וויעטנאַם דזשואיש קראָניקל" פאַרעפנטלעכן פאָלגנדיקע ידיעות פון אויסלאַנד:

אַ פּעטיציע פון אַ גרופּע יידישע שרייבער און קינסטלער אין פּאַריז, אַז אַמעריקע זאָל אָפּשטעלן די מלחמה אין וויעטנאַם, אַז אין אַמעריקע גופא פּראָטעסטירן גרויסע מאַסן סטודענטן און אַנדערע, קעגן דער מלחמה, אַז די יידישע מאַסן פון פּוילן, ישראל און אַנדערע לענדער שליסן זיך אָן אין די דאָזיקע פּראָטעסטן. אָט די ידיעות זענען דאָך יידישע, און ווען אוודאי פאַראינטערעסירן די יידישע זעלנער.

אָבער פאַרוואָס לייגט נישט פאָר די וואַרשעווער "פאָלקס־שטימע", אַז די צייטונג זאָל אויך אָנגעבן די ידיעה, אַז דער פירער פון קאָמוניסטישן פּוילן גאָמולקאַ, האָט אויפן קאָנגרעס פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען געמאָלדן, אַז ער ווינטשט זיך נישט קיין "פינפטע קאָלומנע", און דאָס דערפאַר, ווייל טיילן פון די פּוילישע יידן האָבן געוואַגט צו דערקלערן, אַז זיי פרייען זיך, וואָס אַ דאַנק דעם נצחון פון ישראל האָט זיך נישט איינגעגעבן די אַראַבישע מושלים צו פאַרטיליקן די יידן אין ישראל.

אָט די ידיעה, איז דאָך אויך אַ יידישע. נו, און צו דער מלחמה אין

וויעטנאַם האָט רוסלאַנד קיין שייכות נישט ? ראַטנפאַרבאַנד לייגט נישט צו קיין האַנט אַנצוהאַלטן די מלחמה ?

קאָמוניסטישע מאָראַל...

## קינסטלעריש פּאָסט־קאַרטל

דער קיעווער קונסט־פאַרלאַג "מיסטעצטוואָ" האָט אַרויסגעלאָזט אין אַ טיראַזש פון 10.000 עקזעמפּליאַרן אַ קינסטלעריש פּאָסט־קאַרטל מיטן פּאָרטרעט פון שלום־עליכם, מיט אַן אויפשריפט "צום 50־סטן יאָרצייט פונעם גרויסן יידישן שרייבער שלום־עליכם (1895—1916)· דער דאָזיקער פּאָרטרעט איז געמאָלן דורכן קינסטלער זינאָווי טאָלקאַטשאָוו.

("סאָוועטיש היימלאַנד")

## פילם וועגן אַמאָליקן געטאָ אין פּראָג

די טשעכישע קינאָ־סטודיע גרייט אַ דאָקומענטאַלן פילם וועגן דעם אַמאָליקן פּראָגער געטאָ. אינעם פילם וועלן געוויזן ווערן דאָס אַמאָליקע יידישע ראַטהויז מיטן זייגער, אויף וועלכן עס זענען געצייכנט יידישע אותיות אַנשטאָט ציפערן, די זאַמלונגען פון יידישן מלוכה־מוזיי אין דער מייזעל־שול און אין שפּאַנישן בית־המדרש. די קינסטלערישע מצבות אויפן געטאָ־בית־עולם, די פּינקעס־שול מיט דער וואַנט, אויף וועלכער עס זענען פאַרשריבן די נעמען פון 77.297 טשעכישע יידן, וואָס זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די היטלעריסטן.

## אַלבום לכבוד דעם טויזנט־יאָריקן יידישן ישוב אין טשעכאָסלאָוואַקיע

אינעם פאָטאָ־אַלבום וועגן טשעכאָסלאָוואַקיע, וואָס איז ערשט נישט לאַנג דערשינען, פאַרנעמען אַ הויפּט־אָרט די רעפּראָדוקציעס געווידמעט דעם טויזנט־יאָריקן יידישן ישוב אין פּראָג. אינעם ארייַנפיר צום אַלבום

שרייבט אַנאַ טוטשקאָוואַ: "אין פּראָג געפינען זיך די ווערטפולסטע אין אייראָפּע זאַמלונגען פון דער יידישער קולטור, וועלכע שטעלן מיט זיך פּאָר אַ גרויסן צושטייער אין דער קולטור סיי פון טשעכישן, סיי פון אַלע אַנדערע אייראָפּעישע פעלקער... מיר זענען שטאָלץ דערמיט, וואָס ביי אונדז אין פּראָג האָבן געלעבט און געשאַפן דער טרוימערישער קאַפקאַ און עגאָן ערווין קיש".

## אַ פּליטע מיט שואה־לידער

דער טשעכאָסלאָוואַקישער מלוכהשער מוזיק־פאַרלאַג האָט ארויס־געלאָזט אַ גראַמאָפאָן־פּליטע מיט זעקס קינדער־לידער, וועלכע זענען געזונגען געוואָרן אין טערעזיענשטאַטער געטאָ.

## אַן "אָביעקטיווע אָפּשאַצונג"

אין "סאָוועטיש היימלאַנד" נר. 3/67 ווערט נאָטירט: "מיט 80 יאָר צוריק איז געבוירן געוואָרן דער יידישער שרייבער און ליטעראַטור־פאָרשער י. י. טרונק... זיין ערשט ווערק איז געווען "דאָס טאָגבוך פון דער רעוואָ־לוצי אין לאָדזש (1905)..." פון י. י. טרונקס ליטעראַריש־קריטישע ווערק דאַרף אָפּגעמערקט ווערן זיין בוך "יידנטום און נייטראַליזם אין דער יידישער ליטעראַטור (1937), זיין אַרבעט וועגן שלום־עליכם א. אַנד. מען דאַרף אָבער פעסטשטעלן, אז אַ היפּשער טייל פון טרונקס אָפּטיילונגען וועגן ליטעראַטור זענען שטרייטבאַר און רופן ארויס ערנסטע דערווידע־רונגען".

עס קומט אַ דאַנק די קאָמוניסטן, וואָס זיי האָבן געפונען אייניקע פּאָזיטיווע מאָמענטן וועגן י. י. טרונקס שאַפונגען, דאָס איבעריקע רופט אַרויס "דערווידערונגען". זייער אַ קאָמפּעטענטע און אָביעקטיווע אָפּ־שאַצונג.

מיט קיין איין וואָרט ווערט נישט דערמאָנט דאָס קאַפּיטאַלע ווערק פון י. י. טרונק "פּוילן". מיט קיין איין וואָרט ווערט נישט דערמאָנט די פאַרבינדונג פון י. י. טרונק מיטן "בונד".

## אַקטיאָרן וועגן טעאַטער אין פּוילן

"פּאָליטיקאַ" אין וואַרשע האָט פאַרעפנטלעכט אַ דיסקוסיע צווישן אַקטיאָרן, וואָס די רעדאַקציע האָט איינגעאָרדנט. די דיסקוסיע האָט מען געפירט אַרום די אַקטועלע פּראָבלעמען פון היינטצייטיקן טעאַטער אין פּוילן.

"כמעט אַלע אַקטיאָרן האָבן אַקצעפּטירט די נויטווענדיקייט פון האַמע־ווען די ביוראָקראַטיע אין טעאַטער".

אין רעזולטאַט פון שלעכטער באַלעבאַטישקייט שפּילן נישט פיל אָנגע־זעענע אַקטיאָרן, באַזונדערס אַקטריסעס. עס אין אונטערגעשטראָכן געוואָרן "ווי שעדלעך עס זענען פאַרן טעאַטער די איבערמאָסיקע רעכט פון אַדמי־ניסטראַטאָר, די "דיריגענטן" פון טעאַטער (אַזוי ווערן באַצייכנט די אַדמי־ניסטראַטאָרן. — ש. ש.) באַגרענעצן לויטן אייגנעם קאַפּריז, די שעפערישקייט פון אַקטיאָר".

דער אַדמיניסטראַטאָר אין טעאַטער איז דער באַלעבאָס איבער דער שעפערישקייט פון אַקטיאָר, דער קאָנטראָלער איבער דער כשרות פון אַקטיאָר, דאָס איז לויט די קאָמוניסטישע פּרינציפּן צו דערשטיקן דעם אייגענעם געדאַנק, די זעלבסטשטענדיקייט. דערפרייענדיק איז אָבער דער פאַקט, וואָס אין פּוילן קומט דאָך צו אַ דיסקוסיע, וואָס ברענגט צום אויס־דרוק דאָס קעגנשטעלן זיך דער ביוראָקראַטיע פון דער טעאַטער־אַדמיני־סטראַציע, דאָס הייסט קעגנשטעלן זיך דער פּאַרטיי־ליניע.

## יידישער פאַרלאַג אין פּוילן — "יידיש בוך"

אין חודש מאַי 1967 איז אין פּוילן אָפּגעמערקט געוואָרן 20 יאָר זינט דער עקזיסטענץ פון יידישן מלוכה־פאַרלאַג "יידיש בוך".

די שוועריקייטן פון דאָס רוב יידישע פאַרלאַגן אין פאַרשידענע לענדער זענען פינאַנסיעלע, ווערטפולע שאַפונגען, און אַ געזיכערטע צאָל שטענדיקע קויפער און לייענער. דער פאַרלאַג "יידיש־בוך" איז נישט אָפּ־

הענגיק פון די דערמאָנטע שווערי־קייטן. דער פאַרלאַג ״ווערט אין אונדזער פאַל פולשטענדיק געזיכערט דורך אונדזער סאָציאַליסטישער פאָלקס־מלוכה... וואָס שייך די ווייטערדיקע צוויי פאַקטאָרן — שרייבער און לייענער פלעגן נישט איינמאָל אין דער פאַרגאַנגענהייט, אונדזערע קעגנער, פּראָוויס־זאָגן אַן אומפאַרמיידלעכע קאַטאַסטראָפע... די דערפאַרונג פון דער 20 יאָריקער עקזיסטענץ... האָט באַוויזן דאָס פאַרקערטע״.

״דער פאַרלאַג יידיש־בוך האָט אין פאַרלויף פון זיין 20 יאָריקער עקזיסטענץ אַרויסגעגעבן קרוב 400 ביכער־פּאָזיציעס מיט אַ טיראַזש פון אַן ערך 1 מיליאָן עקזעמפּליאַרן, ביי אַן ערך שטענדיקע 2.000 ביז 2.500 יערלעכע אַבאָנענטן אין לאַנד גופא״.

פאַר די יאָרן 1967־1968 ווערן פּלאַנירט אַרויסצוגעבן העכער 30 שאַפונגען. די אויסגאבן פון פארלאג דערגרייכן אין 24 לענדער. אַ ריי ביז־איצטיקע ביכער זענען דערשינען ווי געמיינזאַמע אויסגאַבן מיטן ״איקוף״־פאַרלאַג אין אַמעריקע, ״אויפסניי״ אין פּאַריז, און ״נאָוואָסטי״ אין מאָסקווע.

## יידישע שרייבער פון ראַטנפאַרבאַנד צו גאַסט אין פוילן

אַ גרופּע יידיש־סאָוויעטישע שרייבער מיטן רעדאַקטאָר פון ״סאָוועטיש היימלאַנד״ בראש, ווערגעליס, האָט באַזוכט פוילן.

אין די וואַרשעווער ״יידישע שריפטן״ ווערט צ״אַ באַריכטעט וועגן דעם באַזוך אַזוי:

״דאָס ערשטע מאָל פאַר צוואַנציק יאָר! מיר וועלן זיך אויסרעדן פאַר אַלע יאָרן, די אָנגעזאַמלטע געפילן אויסדריקן אַזוי, אַז זיי זאָלן דערגריין צו די הערצער פון די געקומענע, און דורך זיי צו אַלע די וואָס איצט איז שוין פאַראַן די האָפענונג, אַז זיי וועלן אויך קומען״.

אויפריכטיקע ווערטער. מען קאָן פאַרשטיין די געפילן פון די יידישע שרייבער פון פוילן צו זייערע קאָלעגן פון ראַטנפאַרבאַנד, על פּי נס אויסגעמיטענע פון סטאַלינס מערדערלעכע הענט, עס האָט באַדאַרפט נעמען אַ פּעריאָד פון צוואַנציק יאָר, אַז עס זאָל צו שטאַנדקומען אַזאַ באַגעגעניש,

אפשר וועט שוין דאָס זיין אַ סאָרט קולטור־אויסטויש, און אויך די יידישע שרייבער פון פוילן וועלן האָבן אַ מעגלעכקייט באַזוכן דעם ראַטנפאַרבאַנד?

דער באַריכט־אָפּגעבער שרייבט ווייטער:

"דער ערשטער געמיינזאַמער שפּאַציר... געמיינזאַם אַזוי טייער, געמיינזאַם געוואָרן אויסגעטראָטן... און וואָס דאַרף פירן אויף דעם וועג, וועלכן שונאים האָבן געפּרוווט פאַרקערעווען צום אָפּגרונט...

רעזומירנדיק די באַגריסונגען פון אהרון ווערגעליס וועגן די ביז־איצטיקע אַנטוויקלונגען אויפן געביט פון ייִדישער קולטור אין ראַטנפאַר־באַנד, און וועגן די פּערספּעקטיוון אויף ווייטער, זעצט פאָר דער באַריכט־אָפּגעבער:

"דאָס אַלץ... הייבט אָן אויסבילדן אַ ייִדישע קולטור־סביבה וועלכע... איז אויף אַזאַ אומנאַטירלעכן אופן איבערגעריסן געוואָרן... עס איז דאָס צוריקשטעלן פון גערעכטיקייט, דאָס פאַרריכטן אַ גרויסע געשיכטלעכע עוולה, די רעהאַביליטירונג פון אַן אידיי, וועלכע איז ווי אַ פאַרוווּנדעטע טויב געהאַנגען איבער אונדזער געמיט, און אומאויפהערלעך געטריפט מיט טראָפּנס בלוט...."

דאָס הייסט זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן!..

אויף די שפּאַלטן פון די רוסישע זשורנאַלן קאָן מען אָפּט טרעפן גאַנץ שאַרפע באַמערקונגען וועגן דער טרויערדיקער סטאַלין־עפּאָכע. דערמאָנענ־דיק געגנוי זיין נאָמען, ווי אַלע מאָל, איז מען אויף דער ייִדישער גאַס זייער פאָרזיכטיק ריינדיק וועגן יענעם פעריאָד.

אָבער צי וועט שוין טאַקע פאַריכט ווערן די "גרויסע געשיכטלעכע עוולה"? צי וועט שוין טאַקע קומען צו אַ רעהאַביליטאַציע?

אויב קולטור־אויסטויש, צי וועט מען שוין אַריינלאָזן קיין רוסלאַנד די וואַרשעווער ייִדיש־קאָמוניסטישע צייטונג, די "פאָלקסשטימע"? צי וועט שוין אידאַ קאַמינסקאַ מיטן ייִדישן טעאַטער אין פוילן האָבן אַ מעגלעכ־קייט צו באַזוכן אויך ראַטנפאַרבאַנד?

ווי עס זאָל נישט זיין, וועט די ייִדישע קולטור מיט צופרידנקייט אויפנעמען יעדע ידיעה וועגן "פאַריכטן אַ גרויסע געשיכטלעכע עוולה" קעגן דעם ייִדישן פאָלק אין ראַטנפאַרבאַנד.

## אויף אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר

אין פאַרלאַג „יידיש בוך" אין וואַרשע איז דערשינען דאָס בוך פון יאנקל גוטקאָוויטש א. נ. „אויף אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר".

אין זיין פאָרוואָרט זאָגט דער מחבר, אַז דאָס בוך איז אַ מין „קאַלענדאר" מיט וויכטיקע דאַטעס און ביאָגראַפיעס וועגן יידישע שרייבער, קינסטלער און געלערנטע, אויך וויכטיקע פערזענלעכקייטן".

די יידישע אויסגאַבעס אין פוילן פאר די לעצטע יאָרן שפיגלען אָפּ אַלס כלל דאָס יידישע לעבן אין דער פרייער וועלט מער ווייניקער אָביעקטיוו. אַוודאי פעלן נישט קיין אויסנאַמען, צ. ב. אַ מיטאַרבעטער פון די „יידישע שריפטן" אין וואַרשע א. קוואַטערקא טיילט זיך אויף די שפאַלטן פון דעם זשורנאַל מיט זיינע איינדרוקן פון אַ באַזוך אין אַמעריקע. אין היגן יידישן לעבן זעט ער כמעט גאַרנישט אַחוץ די אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן פון די פּראָגרעסיווע.

אין דעם דערמאָנטן בוך האָט דער מחבר „פאַרגעסן" אריינצונעמען ביאָגראַפיעס און דאַטעס פון בונדישע טוער אין פוילן, ווי הענריק ערליך, וויקטאָר אַלטער, חיים וואַסער, יוסף כמורנער, ביינוש מיכאַלעוויטש א. אַ.

וועגן הירש לעקערט ווערט אָנגעגעבן צוו. אַנד. בלויז, אַז ער איז „פרי צוגעשטאַנען צו דער אַרבעטער־באַוועגונג". וועגן זיין שייכות צום „בונד", ווערט קיין וואָרט נישט דערמאָנט.

וועגן דער באַקאַנטער טוערין אסתר פרומקין ווערט געזאָגט, אַז „פון יאָר 1920 איז זי צוזאַמען מיט רחמיאל וויינשטיין געשטאַנען בראש פון „קאָמבונד", אַז אסתר איז געווען טעטיק אין „בונד" קיין וואָרט נישט.

## צייטונגס־אַבאָנענטן אין ראַטנפאַרבאַנד

אין ראַטנפאַרבאַנד עקזיסטירט זינט יאָרן און יאָרן פאָלגנדיקער סיסטעם פון אַבאָנירן צענטראַלע צייטונגען און זשורנאַלן.

דאָס ווערט געוויינטלעך געמאַכט דורך דער אינסטיטוציע, אָדער אונטערנעמונג וווּ מען איז באַשעפטיקט.

די "פּראַוודאַ" באַקומט דער הויפּט, דער דירעקטאָר. נידעריקערע באַאַמטע באַקומען די "איזוועסטיאַ", און אַזוי כסדר. דער איבעריקער עולם קאָן אַבאָנירן בלויז די וויניקער וויכטיקע צענטראַלע אויסגאַבן, אָדער בלויז די אָרטיקע צייטונגען.

אין "נאָווי מיר" נר. 5, 1966, זשורנאַל פון צענטראַלן סאָוויעטישן שרייבער־פאַראיין, לייענען מיר אויף דער טעמע פאָלגנדעס: "צוריק מיט 5 יאָר איז באַשלאָסן געוואָרן פאַרוואַנדלען דעם זשורנאַל "וויסן און לעבן", אָרגאַן פון אַלפאַרבאַנדישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן וויסנשאַפטלעכע און פּאָליטישע קענטענישן" אין אַ מאַסן־און פּאָפּולערן זשורנאַל.

דער זשורנאַל איז שוין ביז דאַן דערשינען אין פאַרלויף פון 28 יאָר. זיין טיראַזש איז געווען 193.000. דער זשורנאַל האָט זיך אַלעמאָל אונטער־שיידט פון אַנדערע אויסגאַבן דערמיט, וואָס ער איז געווען דער איינציקער, וועלכן מען האָט לייכט געקאָנט געפינען אין די צייטונגס־קיאָסקן. דאָס מיינט, אַז ער איז געווען נישט אינטערעסאַנט.

דאָס פאַרוואַנדלען דעם דערמאָנטן זשורנאַל אין אַ פּאָפּולערער אויס־גאַבע מיט אַ בעסערן אינהאַלט, האָט פאַרגרעסערט זיין טיראַזש אין יאָר 1963 ביז 425.000. אין יאָר 1964 ביז 750.000.

און ענדע יאָר 1964 איז צום ערשטן מאָל געמאָלדן געוואָרן וועגן אַן אומבאַגרענעצטער מעגלעכקייט אַבאָנירן צייטונגען און זשורנאַלן. דער טיראַזש פון דעם דערמאָנטן זשורנאַל "וויסן און לעבן" איז גלייך געשטיגן אין יאָר 1965 ביז איין מיליאָן 750.000, און שפּעטער ביז דריי מיליאָן מיט הונדערט טויזנט.

די מעגלעכקייט פריי אַבאָנירן זשורנאַלן און צייטונגען אין זייערע פאַרגרעסערטע טיראַזשן, האָבן אין ראַטנפאַרבאַנד אַ סך קעגנער. און נישט נאָר אין די פאַרלאַגן, וועלכע באַדויערן הלמאי די זשורנאַלן שלינגען איין טאָנען פּאַפּיר, וואָס איז אַ דעפיציט־אַרטיקל אין קאָמוניסטישן רוסלאַנד.

קעגנער פון פרייען לימיט קומען אויך פון ליטעראַרישע קרייזן, וועלכע טענהן, אַז אַזאַ סיסטעם פון אַבאָנירן, און אַזעלכע גרויסע טיראַזשן, ברענגט אַן אָריענטאַציע פון צופּאַסן זיך צום געשמאַק פון ברייטן לייענער. דער דערמאָנטער זשורנאַל ווערט טאַקע גערופן אַ פאַמיליע־זשורנאַל. אין דער

זעלבער צייט האָט דער זשורנאַל אַ סך אָנהענגער און פאַרטיידיקער, ווייל ער ברענגט אויף זיינע שפאַלטן פיל מאַטעריאַלן, וואָס זענען נוצלעך און אינטערעסאַנט פאַר דער גאַנצער פאַמיליע, קליין און גרויס, יונג און אַלט.

די פאַרטיידיקער פון זשורנאַל שטרייכן אונטער, אַז די רעדאַקציע האָט נישט קיין מורא איבערבויען זיך, זוכן אַלעמאָל עפּעס נייעס, זיך אָפּזאָגן פון דעם וואָס טויג נישט, ווייל נאָר אויף דעם וועג איז געווען מעגלעך פאַרוואַנדלען דעם זשורנאַל פון אַן אומעטיקן און נישט אינטערעסאַנטן, אין אַזאַ מאַסן־זשורנאַל פאַרן ברייטן עולם.

אין דעם ביישפּיל פון דערמאָנטן זשורנאַל זעען מיר די ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין עפנטלעכן לעבן פון רוסלאַנד, אָבער די ענדערונגען קומען זייער לאַנגזאַם צוליב די שטערונגען מצד די פאַרשיידענע קאָמוניסטישע ביוראָקראַטן אין אַלע געביטן פון סאָוויעטישן לעבן.

# אין פוילישן קאָנצענטראַציע־לאַגער
# "קאַרטוז־בערעזע"

(אַ קאַפּיטל זכרונות)

נאָך דעם שווידערלעכן קאָשמאַר פון היטלעריזם, נאָך מיידאַנעק, טרעמבלינקע, אָשוויענטשים א. אַ. פאַרניכטונגס־לאַגערן; נאָך פאַרברענען מיליאָנען מענטשן אין די קרעמאַטאָריעס, נאָך דעם אַלעמען שרייבן וועגן פאַרמלחמהדיקן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין פוילן איז, דאַכט זיך, איבעריק. בערעזע איז דאָך געווען אַ סאַנאַטאָריע אין פאַרגלייך מיט די דייטשישע פייניקונגס־לאַגערן. איז אָבער אין יאָר 1957 געוואָרן 20 יאָר זינט איך בין פאַרשיקט געוואָרן אין בערעזע. דאָס איז אַ דאַטע, וואָס באַרעכטיקט מיך צו דערמאָנען די "גוטע" סאַנאַציע־צייטן. האָבן היטלערס פריינד אין פוילן געשיקט קיין דייטשלאַנד פּאָליציי־לייט זיך צו לערנען דאָרט ווי אַזוי איינצושטעלן אָרדנונג אין קארטוז־בערעזע.

אין שייכות מיט 60 יאָר "בונד" איז בערעזע אויך אַ קאַפּיטל פון אונדזער פּאַרטיי־געשיכטע. איך בין דאָך נישט געווען דער איינציקער בונדיסט, וואָס איז געווען פאַרשיקט אין דעם דאָזיקן פוילישן קאָנצענטראַציע־לאַגער.

* * *

געגנוי 20 יאָר, פון 1917, בין איך געווען אַקטיוו אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין מיין היימשטאָט ראָוונע־וואָלין, און אויפן באָדן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען געטאָן בונדישע אַרבעט.

אין ראָוונע, אויף די מזרח־געביטן פון פוילן, נאָענט צו דער רוסיש־סאָוויעטישער גרענעץ, זענען געווען גילטיק גאַנץ באַזונדערע געזעצן און פאַרשריפטן, פון וועלכע די איבעריקע געביטן אין פוילן האָבן כמעט נישט געוווסט.

אויף וואָלין, מיט אַ ווייט־גרעסטער מערהייט אוקראַינישער באַפעל־קערונג, זענען אַלעמאָל געווען אויסנאַם־געזעצן: פּאַציפיקאַציעס אין די דערפער — אַן אָפּטע דערשיינונג. רדיפות אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג אין די שטעט — אַ שטענדיקע דערשיינונג. איבער וואָלין האָט געקעניגט וואָיעוואָדע יוזעווסקי, ווען מען האָט מיט רעכט גערופן "קאָט וואָליניא", דער הענקער פון וואָלין. די רעאַקציע אין פּוילן האָט געבושעוועט. אויף די מזרח־געביטן, די א. ג. "מזרח־קרעסן", איז די לאַגע פון די אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן געווען ממש אומדערטרעגלעך.

ביי אָט די באַדינגונגען האָט זיך אונדז אין ראָוונע דאָך איינגעגעבן צו אָרגאַניזירן 14 פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון כלערליי פאַכן, צווישן וועלכע דאָס שניידל איז אַלעמאָל געווען דער פאַריין פון די האַנדלס־און ביוראָ־אַנגעשטעלטע. די פאַריינען האָבן באַלאַנגט צו זייערע צענטראַלעס אין וואַרשע. אין שטאָט זענען די פאַריינען געווען אָרגאַניזירט אין אַ צענטראַלער קערפּערשאַפט, אין דער "ראַדאַ זוויאַנזקוו זאַוואָדאָוויך" (ראָט פון פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען). יעדן 1־טע מאַי האָבן אין דער גאַסן־דעמאָנסטראַציע מאַרשירט אונטער די רויטע פענער ביז דריי טויזנט אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן, טראָץ דעם וואָס די גאַסן זענען געווען באַשטעלט מיט קוילנוואַרפערס. די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זענען געווען געמישטע — יידן־קריסטן. דאָס האָט אַממערסטן געשטאָכן די אויגן פון די אָרטיקע מאַכט־האָבער. פאַרמאַכן פאַרנייען, אַרעסטן פון פאַריינס־טוער זענען געווען אַן אָפטע דערשיינונג. ביי אָט די פאַרהעלטעננישן האָבן מיר אַלעמאָל זיך געקענט ריכטן אויף דער ליקווידאַציע פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין ראָוונע.

די ערשטע טעג פון אַפּריל 1937 האָט די מאַכט דורכגעפירט אַרעסטן פון אַלע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און אויך אַרעסטירט דעם פּרעזידיום פון ראָט — איבער צוויי הונדערט מענטשן.

***

פאַרטאָג. אַ רעוויזיע ביי מיר אין הויז. לויטן אָרדער פון פּראָקוראָר ווער איך אַרעסטירט און איבערגעפירט אין פּאָליציי. אין פאַרלויף פון 48

שעה ווערן אַ סך באַפרייט מיט אַן אָנזאָג קיינמאָל מער נישט צו באַטייליקן זיך אין דער אַרבעט פון די פאַריינען. די קריסטן ווערט פאַרזאָגט, אַז זיי זאָלן מער קיינמאָל נישט מיטאַרבעטן מיט די יידן אין די פאַריינען. אַ גרויסע גרופּע ווערט איבערגעשיקט צום פּראָקוראָר. פון דאָרט אין טורמע. עס בלייבן בלויז 4 אוקראַינער, דער פּאָרזיצער פון האַנדלס־אָנגעשטעלטן פאַריין ד. און איך...

אין פאַרלויף פון די 48 שעה האָט מען מיך אינגאַנצן נישט אויס־געפרעגט, נישט געפאָרשט. שפּעט אין אָוונט פירט מען מיך צום הויפּט־קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי. ער מעלדעט מיר, אַז לויט דער פאַראָרדענונג פון וואָיעוואָדע ווער איך איזאָלירט און אריבערגעשיקט אין קאָנצענטראַ־ציע־לאַגער קאַרטוז־בערעזא פאַר מיינע טעטיקייטן אין "בונד", ווי אויך אין האַנדלס־אָנגעשטעלטן פאַריין און אין פּרעזידיום פון דער ראַדע.

דער וואָיעוואָדע האָלט מיין טעטיקייט פאַר זייער שעדלעך, באַזונדערס לויט די באַדינגונגען אויף די גרענעץ־געביטן. די פּאָליציי מאַכט אַ ריי פּאָטאָ־אויפנאַמען פון מיר אין פאַרשידענע פּאָזעס, אויף די הענט טוט מען מיר אָן קייטלעך און מען פירט מיך צו דער באַן.

דער פרוי מיינער האָט די פּאָליציי געזאָגט, אַז מאָרגן פרי וועט מען מיך פירן צום פּראָקוראָר אויף אַ ווייטערדיקער אויספאַרשונג. אויפן וועג צו דער באַן האָט אַ באַקאַנטער מיך באַמערקט און געגעבן צו וויסן מיין פרוי. זי איז געקומען. בעת מען האָט אונדז שוין אַריינגעפירט אין וואַגאָן. ווען מיין פרוי האָט זיך געוואָלט מיט מיר געזעגענען, האָט איר די פּאָליציי מכבד געווען מיט אַ פּאָר גומענע שטעקנס. אונדזער גרופּע — 6 אַרעסטירטע — פאָרט אָפּ באַגלייט פון 5 פּאָליציי־לייט.

* * *

דער לאַגער בערעזע האָט זיך געפונען אין פּאָלעסיע, אין דעם טעטי־קייטס־געביט פון טרויערדיק־באַרימטן וואָיעוואָדע קאָסטעק־ביערנאַצקי.

אין בערעזע איז פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געשטאַנען אַ רוסישער מיליטערישער גאַרניזאָן. אין דער 1־טער וועלט מלחמה, בעת די דייטשן האָבן אָקופּירט די פּוילישע געביטן, איז דאָרט געווען אַ דייטשי־שער מיליטערישער שפּיטאָל.

נאָך דער 1־טער וועלט־מלחמה, אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, איז דאָרט געווען אַן אָפיצירן־שול. דאָרט איז איינגעאָרדנט געוואָרן דער קאָנצענטראַציע־לאַגער, אין וועלכן די פּוילישע רעאַקציע האָט געפּייניקט הונדערטער פּירער און טוער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, אוקראַינער, ווייס־רוסן און יידן.

* * *

דער לאַגער האָט זיך געפונען אונטער דער אויפזיכט פון אינערן־מיניסטער, במילא האָט דאָרט באַלעבאַטעוועט די פּאָליציי, ספּעציעל־געשולטע. פאַר די אַרעסטירטע (אַזוי האָט טאַקע יעדער געהייסן: ״ארעש־טאַוואַני״), איז געווען אָפּגעטיילט איין בנין, אַרומגעצוימט מיט פינפאַכיקן שטעכעדיקן דראָט. די פענצטער — בלויז פאַרשמירט מיט ווייסע פאַרב, נישט מיט קראַטעס, ווי אין אַ טורמע.

עס איז געווען אַבסאָלוט פאַרבאָטן צו רעדן צווישן זיך. דער מאָמענט פון גיין איז געווען אויסגעשלאָסן, מען האָט שטענדיק געמוזט לויפן. און נאָר לויפן. פאַרטאָג צום וואַשן זיך — לויפן, צום אָפּיל — לויפן, און אַזוי כסדר.

אין פרייע מינוטן, ווען מען איז געווען אין די ״זאַלן״ (אַזוי האָבן געהייסן די צימערן, אין וועלכע די אַרעסטירטע האָבן זיך געפונען), האָבן די אַרעסטירטע געקאָנט זיך זעצן אויף דעם צעמענטענעם דיל, יעדער נעבן זיין שטרויזאַק די טירן זענען געווען פאַרמאַכט נאָר אויף ביינאַכט, אָבער נישט געשלאָסן. אין קאָרידאָר האָט שטענדיק שפּאַצירט אַ פּאָליציימאַן.

מלבושים האָט מען געטראָגן אייגענע. יעדע וואָך געטוישט די וועש, אַזוי, אַז איין וואָך האָט מען געטראָגן די אייגענע וועש, די צווייטע וואָך לאַגער־וועש. אַזוי האָט זיך דאָס געטוישט.

יעדער האָט באַקומען אַ פלאַשטש, אַ מין שינעל, נאָך פון די צאַרישע צייטן און אַ ווייס היטעלע.

יעדער אַרעסטירטער האָט געהאַט אַ נומער. דער נומער איז געווען צוגענייט אויף אַ ווייסן לייוונט אויף דער פּלייצע פון שינעל.

יעדער פּאָליציאַנט האָט געהייסן "קאָמענדאַנט". אין אַלגעמיין האָט די פּאָליציי קיין געווער נישט געטראָגן, בלויז אַ גומענעס שטעקן, מיט וועלכן זיי האָבן פריי אָפּערירט, כמעט אָן אויפהער, איבער די קער־פּערס פון די אַרעסטירטע.

די אַרבעטן זענען געווען מערסטנטייל פאַרבונדן מיט דער ווירטשאַפט אויפן שטח פון דעם לאַגער, אויסער דער בעטאָן־פאַבריק, ווו מען האָט אויס־געאַרבעט אַכטקאַנטיקע שטיינער צום ברוקירן די גאַסן (אין אַ צייט אַרום האָב איך טאַקע געזען ברוקירט מיט די שטיינער אייניקע גאַסן אין בריסק).

אין אַלגעמיין איז געווען איינגעפירט אַ רעזשים, ווי פאַר באַשטראָפטע סאָלדאַטן, דער עיקר שטראָף — איבונגען : פאַלן אויף דער ערד, אויפשטיין ("פּאַדני־פּאָווסטאַן") נאָך אַמאָל, און ווידער אַמאָל דאָס זעלבע, גאַנצע שעהן. "טשאָלגאַי שען" (קריכן אויף אַלע פיר). גרויליק איז געווען דאָס בילד, ווען אַרום 500 מאַן זענען אַזוי געקראָכן אויף אַלע פיר איבער דעם ריזיקן הויף. ביי דער געלעגנהייט האָט מען נישט געזשאַלעוועט קיין קלעפּ מיט די גומענע שטעקנס.

מיט די שטראָף־איבונגען און מיטן גאַנצן רעזשים בכלל איז די אַדמיניסטראַציע געווען אויסן צו דערשלאָגן פיזיש און גייסטיק די פירער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע זי האָט איזאָלירט אין לאַגער — דערשלאָגן אַזוי, אַז אפילו קומענדיק צוריק אַהיים נאָך אַ געוויסער לענגע־רער צייט, זאָל יענער נישט זיין פעיִק צו באַטייליקן זיך ווייטער אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. דער נעבן־ציל דערביי — אָנוואַרפן אַ שרעק אויף די איבעריקע טוער.

ספּעציעל האָט מען געפּייניקט אין די ערשטע טעג. מען האָט געוואָלט גלייך יענעם צעמישן, מאַכן פאַר אויס־מענטש. מען האָט ווירקלעך געקאָנט צעמישט ווערן. די פּאָליציי האָט זיך למשל אָנגעזעצט אויף מיר אין די ערשטע טעג "פאַרוואָס האָב איך געהרגעט אַ פּוילישן פּאָליציאַנט". דערביי איז אַלעמאָל אונטערגעשטראָכן געוואָרן דאָס וואָרט "אַ פּוילישער".

אויב אין פאַרלויף פון טאָג זענען די אַרעסטירטע ווייניק געפּייניקט געוואָרן, פלעגט מען אונדז אויפוועקן ביינאַכט און באַפעלן צו לויפן אַרום די שטרויזעק, אָדער ווידער דאָס זעלבע — די מיליטערישע "איבונגען".

אַזוי האָט זיך דאָס געצויגן טאָג־איין, טאָג־אויס, אין משך פון לאַנגע חדשים.

באַזונדערס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון מיין לעצטער טאָג אין בערעזע. אַ קאַלטער פרימאָרגן. ווי געוויינלעך 4 פאַרטאָג — אַ פייף אויפן קאָרידאָר. די טיר עפנט זיך דורך אַ שטופּ מיטן פוס פון פּאָליציאַנט. אַלע שפּרונגען אויף פון די שטרויזעק. מען שטעלט זיך אויס אין צוויי רייען ביי דער אַנטקעגנאיבערדיקער וואַנט. מען ציילט זיך.

פון דער ערשטער מינוט אָן האָט זיך דער טאָג אָנגעהייבן מיט פּייניקונגען. איינער האָט זיך פאַרהערט און שלעכט געציילט. אויפסניי ציילן! אַ פאַראָרדנונג: פאַלן, אויפשטיין, פאַלן, אויפשטיין, דאַן הייסט מען אונדז לויפן אין אַ קרייז אַרום די שטרויזעק. ביי דער געלעגנהייט איז דער קאָמענדאַנט מכבד מיט דעם גומענעם שטעקן...

דער טאָג האָט אויך פאַר מיר זיך אָנגעהייבן פאַטאַל. נישט שטענדיק האָב איך באַוויזן בעת דעם לויף אויסצומיידן דעם שטעקן, און אַ געוויסער מאָס איז דאָס געווען צוליב מיין קורצזיכטיקייט. וויסנדיק דערפון, האָבן די תלינים צוגענומען ביי מיר מיינע ברילן. דאָס האָט מיר געבראַכט איבעריקע פּייניקונגען. אויף מיין ווענדונג, מען זאָל מיר אָפּגעבן מיינע אויגן־גלעזער, איז געקומען אָן ענטפער: דאַרפסט נישט זען, מיר זעען שוין פאַר דיר.

דער קאָמענדאַנט איז שוין פאַרמאַטערט, האָט ער "אָפּגעשטעלט" דאָס לויפעניש. און באַפוילן אָנטון זיך. אַלע לויפן אין קאָרידאָר צו די מלבו־שים. שנעלער, שנעלער! — פאַלן די געשרייען פון דעם קאָמענדאַנט. מען לויפט צוריק אין "זאַל". יעדער שטייט ביי זיין שטרויזאַק. ווידער אויפן קאָרידאָר אַ פייף: מען דאַרף לויפן אין טואַלעט. די גרופּעס אין די באַזונדערע "זאַלן" דאַרפן אַליין אָפּהיטן זייער ריי אויף אַרויסלויפן אין קאָרידאָר צום וואַשן, עסן א.א.וו. ווייַ איז געווען צו דער גרופּע, וועלכע איז אַרויסגעלאָפן נישט אין איר ריי! די גרעסטע אָפּקומעניש איז טאַקע געווען דער טואַלעט: די גאַנצע גרופּע פון איין "זאַל" האָט נאָך נישט באַוויזן זיך אָפּצופּאַרטיקן, ווי עס איז שוין געפאַלן די קאָמענדע "געענ־דיקט!" אַלע לויפן צוריק און אַהין לויפט שוין אַ ווייטערדיקע גרופּע.

געענדיקט, מען שטייט אין דערוואַרטונג. ווידער אַ פייף — צום וואַשן זיך. מען לויפט זיך וואַשן אין צווייטן עק קאָרידאָר. ווידער דאָס זעלבע: נישט באַוויזן אַרויפגיסן אויף זיך אַ ביסל וואַסער און שוין "געענדיקט" מיטן וואַשן זיך... מען וואַרט ווידער אויף אַ פייף. מען לויפט צום פרישטיק אַראָפּ אַ שטאָק. מיר באַקומען דאָס עסן. ביי די טישן איז אַ טויטע שטיל־קייט, עס קלאַפּן די לעפל אין די שיסלען, די קאָמענדאַנטן שפּאַצירן אַרום צווישן די טישן. מען באַמיט זיך איבערגעבן איינער דעם צווייטן אַ ביסל עסן. שלעכט איז דעם וועמען מען כאַפּט ביי אַזאַ "פאַרברעכן": אַ רעגן פון גומענע שטעקנס פאַלט אויף זיינע פּלייצעס.

געענדיקט מיטן עסן ווידער אַ פייף. מיר לויפן אויפן הויף. לויפנדיק, דאַרפן מיר אָנשעפּן פון די פעסער אַ ביסל וואַסער און אויסוואַשן די שיסל, און אַזוי כסדר לויפן צוריק אין זאַל. אָבער דאָס לויפן דאַרף פאַר־קומען געשלאָסן, גרופּנווייז, מיר זענען צוריק אין די קאַמערן. ווידער אַ פייף. מיר לויפן אויפן פּלאַץ. מיר שטייען אין צוויי רייען אַרום פינף הונדערט מאַן. אַ קאָמאַנדע — זיך ציילן. אַ טעות ביים ציילן. עס הייבט, זיך אָן דאָס פּייניקן: פאַלן, אויפשטיין, פאַלן, אויפשטיין! די שינעלן פּלאָנטערן זיך, אייניקע פאַלן און קאָנען שוין נישט אויפשטיין — זיי ווערן מער־דערלעך געשלאָגן מיט די גומענע שטעקנס. אַ סוף נעמט ערשט ווען דער קאָמענדאַנט איז שוין פאַרמאַטערט. מען צעטיילט דעם עולם צו פאַרשידענע אַרבעטן. צו דערווירטשאַפט, קיך, בעקעריי, אַ גרעסערע גרופּע — צו דער בעטאָן־פאַבריק.

אַ צווייטע גרעסערע גרופּע, צווישן זיי אויך איך, ווערט געפירט אויף אַ ספּעציעלער אַרבעט ווייט אין פּאַרק. די אַרבעט איז באַשטאַנען אין פאַרשיטן די אויסגעליידיקטע קברים (נאָך פון דער צייט פון דער 1־טער וועלט־מלחמה, ווען דאָרט איז געווען אַ מיליטערישער שפּיטאָל), אויס־גלייכן דעם באָדן און באַלייגן מיט גראָז.

דער טאָג האָט זיך אָנגעהייבן מיט שווידער און שרעק. דעם קאָמענ־דאַנט איז נישט געגאַנגען אַזוי אין דער אַרבעט, ווי אין די פּייניקונגען. די אַרבעט אונדזערע איז אים נישט געפעלן, האָט ער פאַראָרדנט אָנטאָן די שינעלן און ווידער אַמאָל: פאַלן, אויפשטיין, און אַזוי כסדר.

מיר זענען שוין געפאַלן פון די כוחות. אַזוי האָט זיך געצויגן ביז מיטאָג־צייט. ווידער האָט מען אַלע פאַרזאַמלט אויפן פּלאַץ, ווידער אַ צייל־לונג. מען לויפט אין די קאַמערן. אַ פייף — מיר לויפן עסן, מען לויפט און מען לויפט.

נאָך מיטאָג הער איך, ווי מען רופט מיך. איך לויף צום קאָמענדאַנט. דאָרט שטייט נאָך אַ פּאָליציאַנט. ער פרעגט מיין נאָמען. עס שטימט. דאַן פרעגט ער פון וואַנען איך שטאַם. ער פרעגט מיך וועגן ערטער, וואָס זענען מיר באַקאַנט, ערטער, וואָס זענען נאָענט צו דער סאָוויעטישער גרענעץ. פון די דאָזיקע פראַגן ווערט קאַלט אויף דער נשמה: סאָוויעטישע גרענעץ, שפּיאָנאַזש, — אַלץ איז מעגלעך. איך בין זיכער: אַ נייע צרה. ווייזט זיך אַרויס, אַז דער פּאָליציאַנט קען די געגנט, אַמאָל דאָרט געדינט אין דער פּאָליציי. עפּעס אַ נאָרמאַל מענטשלעך געשפּרעך, צו וואָס איך בין שוין נישט געוווינט. דאָס געשפּרעך און אופן פון באַהאַנדלען מיך, ברענגט אַ געדאַנק — אפשר — אפשר שמעקט דאָס מיט באַפרייען!

איך בין געווען זיכער אין דעם, אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" טוט אין דער ריכטונג מיך צו באַפרייען. מען פירט מיך צום פּלאַץ, ווו עס געפינען זיך די מלבושים פון די אַרעסטירטע. אין אַ באַזונדער צימער טו איך זיך אָן. איך זיץ פאַרשלאָסן, אַלץ אין צימער, אַ לענגערע צייט, ביז דער טאָג אין בערעזע פאַרענדיקט זיך. אין אָוונט פירט מען מיך אין קאַנצעלאַריע פון בלאָק. דער סעקרעטאַר גיט מיר אָפּ מיין פּאַספּאָרט.

איך מאַך אַ פּלאַן, אַז אויב זיי באַפרייען מיך, וועל איך צוגיין אין שטעטל. איך האָב געדענקט, אַז דאָרט איז דאָ אַ „צישאָ"־שול, אַ בונדישע אָרגאַניזאַציע, די חברים וועלן זיך מיט מיר פאַראינטערעסירן, זיי וועלן מיר בייהילפיק זיין אין דערפירן מיך צו אַ מענטשלעכן אויסזען. איך מאַך אָבער אַ טעות. דער קאָמענדאַנט מעלדעט מיר, אַז איך פאָר גלייך אַהיים, און דעם בילעט קויפן זיי אויף מיין חשבון.

איך בין שוין ווידער אין מיין ראָל און, ווי געוויינלעך, האָבנדיק פאַר זיך אַ פּאָליציאַנט, קאָן איך נישט רעדן מיט אים גלייכגילטיק. איך הייב אים אָן באַווייזן, אַז ער דאַרף אויסקויפן אַ בילעט פאַר זייער געלט. נאַטירלעך גייט מיר נישט אין געלט. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, איך פיר אים

אַרויס פון געדולד — אין בערעזע רעדט מען נישט אַזוי! ער דערמאָנט מיר, אַז איך בין נאָך אין בערעזע: אַ שליידער — און איך פלי צו דער וואנט. יאָ, איך פיל, אַז איך בין נאָך אין בערעזע...

אין לאַגער איז שוין אַן אַבסאָלוטע שטילקייט. עס קומט מיין באַגלייטער, וואָס וועט מיך אָפּפירן צו דער באַן. מען פירט מיך אַרויס פון לאַגער. דער באַגלייטער מעלדעט מיר, אַז ביז צום אָפּגיין פון באַן זענען געבליבן 45 מינוט. אויב איך וועל נישט באַווייזן, דאַן מוז איך קומען צוריק און וואַרטן ביז מאָרגן אין אָוונט. אַ פּערספּעקטיוו גאָרנישט קיין אָנגענעמע! דער באַגלייטער זאָגט מיר: "יאַזדאַ!". איך קוק זיך אַרום, וויאַזוי וועל איך דאָ מאַכן יאַזדאַ? ער זעצט זיך אויף אַ ראָווער (בייסיקל). איך שטעל אויף דעם קאָלנער פון מאַנטל, רוק אַראָפּ דעם הוט, פאַרהייב די פּאָלעס פון מאַנטל — און איך לויף אויף דעם שטייגער, ווי אין בערעזע. דער באַגלייטער נאָך מיר אויף דעם ראָווער.

אַזוי בין איך אָפּגעלאָפן די 6 קילאָמעטער צום וואָקזאַל. אויפן וועג באַגעגענען מיר אַ פּרישע פּאַרטיע קיין בערעזע. אויף דער באַן־סטאַציע בין איך אַריינגעפאַלן מיט די לעצטע כוחות. דער וואַרטנדיקער עולם דאָרט צעשיט זיך גלייך אין אַלע ווינקלען, ווען איך, דער "פּאַסאַזשיר", קום אַריין — די אַרומיקע האָבן זיך גלייך אָריענטירט פון וואַנען איך קום. "בערעזע" וואַרפט אָן אַ מורא. איך וויל זיך צוזעצן — דער באַגלייטער לאָזט נישט. איך דאַרף בייזיין, ווען ער וועט קויפן אַ בילעט אויף מיין חשבון. די פּראָצעדור דויערט, דער בילעט איז מיט איבערשטייגונגען. מיר גייען אַרויס אויפן פּעראָן. בעת די באַן קומט אָן, דער באַגלייטער פירט מיך אַריין אין וואַגאָן. ווען דער צוג רירט, גיט ער מיר דעם בילעט און זאָגט: "וויענצעי ניע וראַצאַי!" — דאָס מיינט: אויב דו וועסט קומען אַהער צום צווייטן מאָל, וועסטו שוין פון דאַנען קיין לעבעדיקער נישט אַרויס...

איך פיל זיך נישט היימלעך אין וואַגאָן, איך רוף אַרויס אויפמערקזאַמקייט ביי די מיטפאָרנדיקע: אַ פאַרשוין מיט אַ הוט, מיט ברילן, און די שיך — מיט שטריקלעך אַרומגעבונדן; דאָס פּנים און די הענט איינגעגעסן מיט שמוץ — אַ מאָדנער אויסזען.

דער צוג גייט קיין בריסק. אין קופּע קומט אַריין אַ מאַן, אָנגעטאָן ווי אַ פּוילישער פּריץ. ער זעצט זיך אַנטקעגן מיר. זיין אויסזען געפעלט מיר נישט. ער אָבסערווירט מיך. איך טראַכט זיך: אַוודאי אַ געהיימער באַגליי־טער. איך גיי איבער אין אַ צווייטן וואַגאָן. אין אַ פּאָר מינוט — דער זעל־בער איז ווידער דאָ. טראַכט איך: אויב עס איז טאַקע אַ באַגלייטער וועט מיר שוין גאָרנישט העלפן, פאַרפאַלן. דערווייל — דער פּריץ נעמט זיך פּאַמעלעך אַראָפּ דעם מאַנטל, זעצט זיך אַוועק אַנטקעגן. עפנט פּאַמעלעך זיין וואַליזקע און נעמט אַרויס... אַ "פאָלקסצייטונג". איך שפּרינג אויף, בעט די צייטונג (איך געדענק גוט: אַ פרייטיקדיקער נומער), די אויגן צעלויפן זיך, איך קאָן זיך קוים קאָנצענטרירן. דער שכן באַטראַכט מיך פון קאָפּ ביז די פיס. דערנאָך זאָגט ער: "איך ווייס ווער איר זענט" — און רופט אָן מיין נאָמען. ווער זענט איר? "איך בין קאַץ, פון לודמיר (לודמיר — אַ שכנותדיקע שטאָט פון ראָוונע). מיר קענען זיך פון יאָרן אַרבעט אין דער פּאַרטיי אויף וואָלין. אָבער נאָר פון הערן, קיינמאָל נישט געהאַט קיין געלעגנהייט זיך טרעפן פּערזענלעך".

די שמחה איז גרויס. ער ווייסט נישט, וואָס פריער טאָן מיט מיר. ער וואַשט מיך אַרום, ער איז מיך מכבד מיט מאַראַנצן. מיינע הענט זענען צעבלוטיקט — דער זאַפּט שמאַרצט.

דער חבר קאַץ דערציילט מיר פאָלגנדיקס: יעדן דינסטיק פאָרט ער געשעפטלעך קיין ברעזע פון וואַרשע, ווו ער האָט שוין דאַן געוווינט. יעדן פרייטיק פאָרט ער צוריק קיין וואַרשע. איינמאָל, פאָרנדיק אין שטעטל ברעזע, האָט ער געטראָפן אויף דער באַן־סטאַציע אַ גרופּע אַרעס־טירטע. קומענדיק פרייטיק, אין וואַרשע, האָט ער שוין געלייענט אין דער "פאָלקסצייטונג" וועגן מיין פאַרשיקונג. ביים חבר פּנחס שוואַרץ האָט ער זיך דערוווסט אייניקע פּרטים. טאַקע ביים חבר שוואַרץ האָט ער זיך אויך דערוווסט, אַז עס ווערן געמאַכט באַמיונגען מיך צו באַפרייען.

אין בריסק דאַרף איך וואַרטן אַ גאַנצע נאַכט אויף מיין צוג. דער חבר קאַץ שיקט אַ טעלעגראַמע צו מיין פרוי, דערנאָך פירט ער מיך אין אַ האָ־טעל. ער גאַראַנטירט פאַר מיר, ווייל מיין אויסזען מאַכט נישט אַזאַ גוטן איינדרוק אויפן האָטעל־אייגנטימער. מיר עסן אָוונטברויט. דער חבר קאַץ

צווינגט מיך צו נעמען ביי אים אַ פּאָר זלאָטעס. ער פאַרזיכערט מיר, אַז גלייך פּאָרטאָג ביי זיין אָנקומען קיין וואַרשע, וועט ער אָנזאָגן אין צ. ק. וועגן מיין באפרייונג.

איך פאָר קיין קאָוועל, פון דאָרט קיין ראָוונע. אין ראָוונע ביי דער באַן באַמערק איך באַקאַנטע, אָבער יעדער האַלט זיך אין א ווינקל. בערעזע וואַרפט אָן אַ פּחד. מען האָט מורא צוצוגיין נאָענט צו מיר. מיין פרוי פירט מיך אַהיים, אָבער נאָר איין נאַכט בין איך געשלאָפן אין דער היים. צומאָרגנס רופט מען מיך ווידער אין דער פּאָליציי. עס הייבט זיך אָן אַ ניי קאַפּיטל — טורמע.

נאָך 8 חדשים קומט אַראָפּ פון וואַרשע דער באַקאַנטער בונדישער אַדוואָקאַט זיגמונד עפּשטיין. ער אינטערווענירט ביים פּראָקוראָר. איך ווער באַפרייט, אָבער איך דאַרף אין פאַרלויף פון 2 וואָכן פאַרלאָזן מיין היימשטאָט ראָוונע און באַזעצן זיך אין וואַרשע.

# „בערעזיאַצי" און „ביעגעם מאַרש"

(אויפן ראַנד פון צוויי דערשינענע ביכער וועגן קאַרטוז־בערעזע)

זינט דער לאַגער אין בערעזאַ־קאַרטוסקאַ איז געשאַפן געוואָרן, איז שוין אַריבער מער ווי 30 יאָר. זייער ווייניק פובליקאַציעס וועגן דעם לאַגער זענען ביז איצט פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

אין פוילן און אין אויסלאַנד לעבן נאָך הונדערטער געוועזענע אַרעסטירטע, וואָס זענען געווען אין בערעזע. אויף דער ווענדונג פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי האָבן פיל פון זיי זיך אָפגערופן. עס איז אויפסניי אויפגעלעבט געוואָרן די ברידערלעכע סאָלידאַריטעט פון די בערעזיאַקעס. ווי איינער פון די, וואָס איז געווען פאַרשיקט אין בערעזע, באַשטעטיק איך, אַז אַזאַ ברידערלעכקייט און סאָלידאַריטעט האָט באמת דאָרט עקזיסטירט. אויף דער ווענדונג פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי זענען אָנגעקומען צענדליקער זכרונות פון די בערעזיאַקעס. פון זיי גופא איז אויסגעטיילט געוואָרן אַ רעדאַקציע, וועלכע האָט די דערמאָנטע אויסגאַבע צוגעגרייט.

* *
*

דער טרויעריק־באַרימטער קאָנצענטראַציע־לאַגער „בערעזאַ־קאַרטוסקאַ" איז געשאַפן געוואָרן אין פינצטערן פעריאָד בעת דער הערשאַפט פון דער פוילישע רעאַקציע, אין די יאָרן ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה. די ערשטע פאַרשיקטע אַהין איז גראָד געווען אַ רעאַקציאָנערע גרופּע פון 14 ענדעקעס. דאָס איז געווען צוליב רייסערייען אין רעאַקציאָנערן לאַגער גופא, צווישן די ענדעקעס און דער סאַנאַציע, וועלכע האָט דעמאָלט געהערשט אין פוילן.

אויף די שפאַלטן פון דער „פאָלקסצייטונג" האָט דער „בונד" גלייך

אַלאַרמירט, אַז דער קאָנצענטראַציע־לאַגער איז נישט פאַר די ענדעקעס. דער לאַגער אין בערעזע וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פּלאַץ פון פּייני־קונגען פאַר פּאָליטישע טוער פון אַלע קרייזן און ריכטונגען פון דער ראַדיקאַלער געזעלשאַפטלעכקייט אין פּוילן און פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן.

אין פאָרוואָרט צום בוך "בערעזיאַצי" שרייבט די רעדאַקציע:

"די פאַרשיקטע זענען געקומען פון פאַרשידענע טיילן פון דער געזעל־שאַפט, פון פאַרשידענע געגנטן און נאַציאָנאַליטעטן פון פאַרמלחמהדיקן פּוילן. געווען זענען דאָרטן צום מערסטן קאָמוניסטן, אויך לינקע פּעפּעסאָווּ־צעס (טוער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי), ראַדיקאַלן, אומ־פּאַרטייאישע אַנטיפאַשיסטן".

עס איז ריכטיק, אַז קאָמוניסטן זענען געווען שטאַרק רעפּרעזענטירט אין בערעזע, אָבער ווי אַלע מאָל ביי אַזעלכע געלעגנהייטן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן ברענגען היסטאָרישע פאַקטן, ווערן אָט די דאָזיקע פאַקטן פאַר־דרייט און געפעלשט דורך די קאָמוניסטן.

אַזוי איז אויך געשען דאָס מאָל. בערעזע איז געווען פול מיט אוקראַיי־נער און ווייסרוסן, וועלכע האָבן אין פּוילן ביטער געקעמפט פאַר זייער פרייהייט, פאַר זייערע רעכט זיך אויסצולעבן אין זייער נאַציאָנאַלער שפּראַך און קולטור.

קעגן די אוקראַינער און ווייסרוסן האָט די פּוילישע רעגירונג געפירט אַ מלחמה. די תפיסות, ספּעציעל אויף די מזרח־קרעסן, די געביטן, וואָס זענען געווען נאָענט צו דער רוסישער גרענעץ, זענען געווען איבערגעפּאַקט מיט אוקראַינער און ווייסרוסן. זיי זענען געווען נאַציאָנאַל־שאָוויניסטיש, און נישט דווקא קאָמוניסטיש. קיין בערעזע האָט מען אויך פאַרשיקט אומ־פּאַרטייאישע טוער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. אָבער אַזעלכע זענען זיי, די קאָמוניסטישע היסטאָריקער. אַלע וואָס האָבן געקעמפט קעגן דער פּוילישער רעאַקציע אין יענע יאָרן, ווערן דורך די קאָמוניסטן פאָרגע־שטעלט ווי זייערע קעמפער.

אין יאָר 1958 האָט מיכאל מירסקי, וועלכער איז אויך אַ מיטגליד פון דער רעדאַקציע פון דער איצטיקער אויסגאַבע, אַרויסגעלאָזט אַ בוך — "ביעגעם מאַרש" — זכרונות וועגן לאַגער ווו ער איז געווען פאַרשיקט.

אין זיין דערמאָנט בוך שרייבט מירסקי: "אין בערעזע האָט מען נישט נאָר ביינער געבראָכן, דאָרט האָט מען אויך געשטאַלטיקט כאַראַקטערן".

דאָס איז ריכטיק. אָבער ווען ער, פּונקט ווי אַנדערע קאָמוניסטישע היסטאָריקער, שרייבט, אַז "דער קאָנצענטראַציע־לאַגער אין בערעזע שפּיגלט אָפּ פון איין זייט די רעאַקציע אין פּוילן און פון דער צווייטער זייט די פּוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי, ווי דער רעפּרעזענטאַנט פון אַרבעטער־קלאַס אין פּוילן" — שטימט דאָס ווייט נישט מיט דער ווירקלעכקייט.

מירסקי אין זיין בוך, ווי אויך "בערעזיאַצי", דערמאָנט נישט מיט קיין איין וואָרט, אַז אין בערעזע האָבן געשמאַכט אויך בונדיסטן. עס איז שווער צו גלייבן, אַז צווישן די מאַטעריאַלן, וואָס דער צ. ק. פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן באַזיצט, זאָלן זיך נישט געפונען די נעמען פון די אַלע, וואָס זענען געווען פאַרשיקט קיין בערעזע, בתוכם די בונדיסטן.

עס איז נייטיק אונטערצושטרייכן דעם פאַקט, אַז צווישן די פאַרשיקטע איז אַלע מאָל געווען אַ גאָר גרויסער פּראָצענט יידן. די פּאָליטיק פון דער דעמאָלטיקער פּוילישער רעגירונג איז געווען נישט נאָר טיף רעאַקציאָנער, נאָר אויך אַנטיסעמיטיש.

קיין בערעזע האָט מען פאַרשיקט אַ סך פּאָליטישע טוער נאָכן אָפּזיצן זייערע לאַנגיאָריקע טערמינען אין די תפיסות, אָדער פון בערעזע האָט מען געשיקט אין תפיסה אַזעלכע, פאַר וועלכע מען האָט געגרייט פּראָצעסן.

עס זענען געווען גענוג פאַלן, ווען קיין בערעזע האָט מען געשיקט צום צווייטן מאָל. ביים באַגלייטן און אַריינזעצן מיך אין באַן האָט מיך דער פּאָליציי־באַגלייטער געוואָרנט: "וויענצעי ניע ווראַצאַי" (זאָלסט מער נישט קומען אַהער).

דער רעזשים אין בערעזע איז געווען אַ שוידערלעכער. גענוג צו זאָגן, אַז די אַרעסטירטע איז געווען פאַרבאָטן צו רעדן צווישן זיך. זיי האָבן נישט געטאָרט גיין, נאָר לויפן. אויף פיזישע פּייניקונגען איז מען געווען אויס־געשטעלט ממש יעדע מינוט. די איינשטעלונג פון דער אַדמיניסטראַציע איז געווען צו דערפירן די פּאָליטישע טוער צו אַ מצב פון האַלב־מענטש. דער גאַנצער לאַגער איז אויף דער קאָמענדע פון דער פּאָליציי געקראָכן אויף אַלע פיר, אין דער באַגלייטונג פון קלעפּ מיט גומענע שטעקנס. די

איינשטעלונג איז געווען, צו מאַכן דעם אַרעסטירטן פיזיש פּאַר אַ קריפּל, אונטערהאַקן די לונגען, די נירן, אָבער נישט אומברענגען. בערעזאַ־קאַר־טוסקאַ איז דאָך אַפילו אין יענע פּאָליטישע באַדינגונגען געווען אַן אָפּטע טעמע פון אינטערפּעלאַציעס אין סיים (פּאַרלאַמענט).

אינעם בוך ״בערעזיאַצי״ זענען רעפּרעזענטירט מיט זייערע זכרונות 86 געוו. פאַרשיקטע קיין בערעזע. עס קומען צום אויסדרוק מער־ווייניקער די זעלבע פאַקטן און איבערלעבונגען.

אין בוך קומט אַ רשימה פון געוועזענע אַרעסטירטע אין בערעזע, וועמענס נעמען עס פיגורירן אין היסטאָרישן אַרכיוו פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן. די רשימה נעמט אַרום 635 פּערזאָן. דאָס בוך איז באַגלייט מיט אַ ריי פאָטאָסטאַטן, צווישן זיי דער דעקרעט פון פּוילישן מלוכה־פּרעזידענט פון 17־טן יוני 1934 וועגן שאַפן דעם לאַגער, בילדער פון די לאַגער־געביידעס, אויפרופן און פאָדערונגען צו ליקווידירן דעם לאַגער.

בערעזאַ־קאַרטוסקאַ איז ליקווידירט געוואָרן פון זיך זעלבסט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די אָקופּאַציע פון פּוילן דורך די דייטשן פון מערב־זייט און באָלשעוויקעס פון מזרח־זייט. אין די טעג פון 17־18־טן סעפּטעמבער 1939 האָט די פּאָליציי אין איילעניש פאַרלאָזט דעם לאַגער.

זכרונות האָט אויך פאַרעפנטלעכט די פרוי פון מיכאל מירסקי. עטלעכע באַמערקונגען אירע רופן אַרויס אַ געוויסן אינטערעס.

די פרוי מירסקי האָט געמאַכט באַמיונגען ביי פאַרשידענע פּערזענלעכקייטן, באַקאַנטע אַדוואָקאַטן און הויכע מלוכה־באַאַמטע וועגן באַפרייען איר מאַן, אָבער אָן דערפאָלג. צוו. אַנד. שרייבט זי, אַז דער פירער פון דער פּראָפעסיאָנעלער קלאַסן־באַוועגונג אין פּוילן, דער באַקאַנטער סאָציאַליסטישער טוער יאַן קוואַפּינסקי, האָט אַלעמאָל אינטערוועגירט פאַר קאָמוניסטן, טוער אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וואָס זענען געווען פאַרשיקט קיין בערעזע, הגם אַליין איז ער נישט געווען קיין פריינד פון די קאָמוניסטן.

אין אַ סך פאַלן זענען טאַקע קאָמוניסטן באַפרייט געוואָרן אַדאַנק זיינע אינטערווענצן. איר מאַן, מיכאל מירסקי, איז געווען אַ מיטגליד פון

יידישן ליטעראַטן־פּאַריין אין וואַרשע. דער פאַריין האָט נישט געהערט צו דער צענטראַלע פון די פראָפעסיאָנעלע פאַריינען, במילא האָט זי נישט געהאַט קיין שאַנסן מיט דער הילף פון שרייבער־פאַריין צו געניסן פון קוואַפינסקיס אינטערווענץ.

די פרוי מירסקי האָט דאָך באַשלאָסן זיך ווענדן נאָך הילף צום שרייבער־פאַריין. זי שרייבט: "דער פאָרזיצער פון פאַריין איז געווען שעפנער דער בונדיסט", וועלכער האָט זי אויפגענומען מער ווי פריינטלעך, און איר געזאָגט: "וואָס וואָלט איך נישט געטאָן פאַר אייער מאַן, ווען איך זאָל וויסן, אַז איך קאָן אים העלפן?"

זי איז אויך אַוועק צו נח פּרילוצקי. ווען זי האָט אים געזאָגט, אַז מירסקי זיצט שוין אין בערעזע 11 חדשים, האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש:

"ער איז אַ מיטגליד פון שרייבער־פאַריין און דער פאַריין האָט ביז איצט נאָך גאָרנישט געטאָן? מען דערלויבט זיך צו לאָזן אַ מענטשן אומקומען אין לאַגער? איך פאַרזיכער אייך, אַז ווייטער וועט אַזוי נישט זיין, איך וועל טאָן אַלץ כדי אים צו העלפן".

אין איר אַנוועזנהייט האָט פּרילוצקי טעלעפאָנירט צו שעפנערן און מיט אים זיך אָפּגעשמועסט צו באַזוכן אַ געוויסן הויכן מלוכה־באַאַמטן אין אינערן־מיניסטעריום. אַ געוויסן טאָג האָט איר פּרילוצקי טעלעפאָנירט, אַז מירסקי וועט אין 2־3 טעג אַרום באַפרייט ווערן. אַזוי איז טאַקע געשען.

די רעדאַקציע אַנטשולדיקט זיך פאַר אַ ריי אומפּינקטלעכקייטן אין דער אויסגאַבע, און אַפּעלירט צו שיקן באַמערקונגען און דערגענצונגען. דאָס אַלץ, ווערט צוגעזאָגט, וועט אָנגענומען ווערן אין די ווייטערדיקע אַרבעטן. דאָס מיינט, אַז זיי האָבן בדעה צו שרייבן נאָך וועגן בערעזע.

אויב אַזוי, איז נייטיק אָנצווייזן:

1) די אַלע, וואָס האָבן געקעמפט קעגן פּוילישן פאַשיזם, קעגן בערעזע, זענען נישט געווען אויסשליסלעך קיין מיטגלידער און פירער פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

2) פאַרוואָס פיגורירן נישט די נעמען פון די בונדיסטן, וואָס האָבן געשמאַכט אין בערעזע און פאַרוואָס איז נישט דערמאָנט, אַז דער "בונד",

אַלס אזועלכער, האָט אויך עפּעס אַ חלק אין קאַמף קעגן פאַשיזם ?

אין בערעזע זענען אין פאַרשידענע פעריאָדן געווען פאַרשיקט פאָלגענדע בונדיסטן :

1. ד״ר לעאָן פיינער פון קראָקע.
2. אפרים לוזער זעלמאַנאָוויטש, פון לאָדזש.
3. יוסף גאָטאיינער, פון לאָדזש.
4. מענדל שעלובסקי, פון סלאָנים.
5. א. גערצאָוויטש, פון וולאָצלאָוועק.
6. הערש דאָבראָווסקי פון באַראַנאָוויטש.
7. ד״ר א. פענזיק, פון סאָנץ.
8. שייע שיכאַטאָוו, ראָוונע.

* * *

אין שייכות מיט מיין רעצענזיע וועגן בוך ״בערעזיאַצי״, האָט אין ניו־יאָרקער ״פאָרווערטס״ זיך אָפּגערופן מיט דריי אַרטיקלען דער באַקאַנ־טער בונדישער זשורנאַליסט ב. שעפנער, דער פאַרמלחמהדיקער פאָרזיצער פון יידישן ליטעראַטן־פאַריין אין וואַרשע. זיינע אַרטיקלען זענען אין הסכם מיט מיין רעצענזיע. דערצו באַרירט ער אַ ריי ענינים אין שייכות מיט בערעזע, און באַזונדערס מיטן ענין וועגן באַפרייען פון בערעזע דעם באַקאַנטן קאָמוניסט מיכאל מירסקי, וועגן וועלכן עס קומט מיט אַ רעלאַציע זיין פרוי אין רעצענזירטן בוך.

היות די רעדאַקציע פון ״בערעזיאַצי״ אַנטשולדיקט זיך פאַר אַ ריי מעגלעכע אומפּינקטלעכקייטן, און אַפּעלירט צו שיקן באַמערקונגען און דערגענצונגען, האָב איך געשריבן אין רעדאַקציע. איך האָב זיך אָפּגע־שטעלט אויף מאָמענטן, וואָס זענען מער ווי ״אומפּינקטלעכקייטן״. איבער־הויפּט אויף דעם וויכטיקסטן מאָמענט, אַז די איינציקע קעמפער קעגן דער רעאַקציאָנערער רעגירונג אין פּוילן זענען אַלעמאָל געווען איינציק און אַליין די קאָמוניסטן ; אַז אין בערעזאַ־קאַרטוסקאַ זענען צוממערסטן געווען פאַרשיקט קאָמוניסטן. אין אַלגעמיין איז מיין בריוו אין רעדאַקציע געווען אין הסכם מיט די פאָרווורפן, וואָס איך ברענג אַרויס אין מיין רעצענזיע.

1) "דער היסטאָרישער אַרכיוו ביי דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן דיספּאָנירט נישט מיט די אַרכיוו־מאַטעריאַלן פון בערעזע. די געגנט געהערט איצט צום סאָוויעטנפאַרבאַנד. די מאַטעריאַלן צום בוך זענען געקומען פון די אינפאָרמאַציעס פון דער פּרעסע, און הויפּטזעכלעך פון די רעלאַציעס פון געוועזענע פאַרשיקטע קיין בערעזע. דעריבער באַוואָרנט זיך די רעדאַקציע, אַז די אינפאָרמאַציעס זענען נישט קיין פולע, און קאָנען אויך זיין טעותדיקע".

עס איז באַקאַנט, אַז דער סאָוויעטנפאַרבאַנד גיט נישט אַרויס דער מערב־וועלט קיין מאַטעריאַלן פון זייערע אַרכיוון, ספּעציעל וועגן די היטלער־פאַרברעכנס, אָבער דאָס קאָמוניסטישע פּוילן זאָל נישט קאָנען זיך באַנוצן מיט די אַרכיוון פון בערעזע, וואָס געפינען זיך אין ראַטנפאַרבאַנד, — דאָס איז באמת אַ סענסאַציע, אָבער מען מוז דאָס נעמען צו קענטעניש.

2) "אין דער רשימה און אין די דערינערונגען זענען געגומען געוואָרן אין באַטראַכט, אַחוץ קאָמוניסטן, אויך פּעפּעסאָווצעס, מיגטלידער פון פּויערים־פּאַרטייען, אויך אומפּאַרטייאישע אַנטיפאַשיסטישע טוער...

...דאָס אויסמיידן די נעמען פון בונדיסטן, איז נישט געקומען אין רעזולטאַט פון באַוווּסטזיניקן פאַרשווייגן דעם פאַקט, אַז אין בערעזע זענען געווען פאַרשיקט אויך בונדיסטן, נאָר צוליב מאַנגל פון ידיעות וועגן דעם..."

3) ...די מערהייט קאָמוניסטן סיי אין דער רשימה, סיי אין די רעלאַציעס איז אַן אָפּשפּיגלונג פון פאַקטישן צושטאַנד. אין פּוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות זענען געווען פאַרפאָלגט אין דער ערשטע ריי, און דער עיקר קאָמוניסטן, פאַר זייער קאָנסעקווענטן, אומקאָמפּראָמיסלעכן און דעצידירטן קאַמף קעגן די סאַנאַציע־רעגירונגען..."

4) ...עס זענען געזאַמלט געוואָרן דערינערונגען ביי אַ ריי בונדישע טוער, אויך צו דעם צוועק ספּעציעל־גערופענע פאַרזאַמלונגען פון בונדיסטן..."

עס איז שווער אָנצונעמען, אַז אין קאָמוניסטישן פּוילן זאָל מען זאַמלען מאַטעריאַלן צווישן בונדיסטן וועגן זייער פריערדיקער פּאַרטיי־טעטיקייט, און דער צו נאָך אויף ספּעציעלע פאַרזאַמלונגען? אָבער וואָס פּאַראַ מאַטעריאַלן האָט מען געזאַמלט ביי די בונדיסטן און אויף וואָס פּאַראַ צוועקן? — וועגן דעם שרייבט נישט דער היסטאָרישער אַרכיוו. וועגן בונ־דיסטן פאַרשיקטע קיין בערעזע ווערט דאָך אין בוך "בערעזיאַצי" קיין וואָרט נישט דערמאָנט. דאָס האָב איך דאָך זיי געשיקט די רשימה פון די בונדיסטן.

אויף מיין רעצענזיע פון בוך "בערעזיאַצי" אין "אונזער צייט", אויף שעפּנערס 3 אַרטיקלען אין "פאָרווערטס", איז געקומען מיכאל מירסקי אויף די שפּאַלטן פון דער וואַרשעווער "פאָלקס־שטימע" מיט 3 אַרטיקלען, ווו ער פּאָלעמיזירט מיט מיר און מיט שעפּנערן. קיין נייעס ברענגט מירסקי נישט אַרויס אין זיינע אַרטיקלען.

דעם 27־סטן דעצעמבער 1966, האָב איך געשריבן פאָלגנדיקן בריוו צו דער רעדאַקציע "פאָלקס־שטימע", אין שייכות מיטן קאַפּיטל "בערע־זיאַצי".

חשובע פריינט!

ערשט די טעג האָב איך באַקומען די "פאָלקס־שטימע" ווו פר' מירסקי שרייבט דריי אַרטיקלען: "די רעצענזיע לויט אַ רעצענזיע", אין שייכות מיט מיין רעצענזיע וועגן בוך "בערעזיאַצי", און מיט שעפּנערס דריי אַר־טיקלען אין "פאָרווערטס", אויך אין שייכות מיט מיין דערמאָנטער רע־צענזיע.

איך בעט אייך מיר געבן די מעגלעכקייט צו קומען מיט אייניקע אויפקלערונגען אויף די שפּאַלטן פון דער "פאָלקס־שטימע" אין שייכות מיט מיכאל מירסקיס ערשטן אַרטיקל ("פ.־ש." נר. 169 פון 26־סטן אָקטאָ־בער 1966), וואָס האָט א שייכות צו מיר פערזענלעך.

סיי אין מיין רעצענזיע, ווי אויך אין מיין בריוו צו די אַרויסגעבער פון "בערעזיאַצי" האָט ביי מיר נישט דאָמינירט דער געדאַנק און דער ווילן צו באַווייזן, אָדער איבערצוצייגן, אַז די רעדאַקציע פון "בערעזיאַצי" האָט באַוווסטזיניק אויסגעמיטן צו ברענגען דעם פאַקט, אַז אויסער קאָמו־

ניסטן, זענען אין בערעזע געווען פאַרשיקט אַקטיווע טוער פון אַלע אַנדערע פּאָליטישע ריכטונגען, דאָס זעלבע אויך ווען איך האָב בשעתו געשריבן די רעצענזיע וועגן מ. מירסקיס בוך ״ביעגעם מאַרש״.

איך בין אַלץ ביי מיין מיינונג, אַז ״אַן אומקאָמפּראָמיסלעכן און דעצי־דירטן קאַמף קעגן דער רעגירונג פון דער ״סאַנאַציע״ האָבן נישט נאָר ״הויפּטזעכלעך״ געפירט קאָמוניסטן״. איך בין אַלץ ביי מיין מיינונג, אַז דעם קאַמף האָבן געפירט אויך אַנדערע פּאָליטישע ריכטונגען, אַריינגע־רעכנט דעם ״בונד״. די געוויינלעכע באַשולדיקונג אין אַנטימלוכהשער טעטיקייט, האָט נאָך נישט געהייסן, אַז דער באַשולדיקטער האָט געהערט צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. סוף כל סוף שטרייכט דאָס אונטער אין זיין בריוו צו מיר דער פאַרטרעטער פון דירעקטאָר פון היסטאָרישן אינסטי־טוט נ. קאָלאָמייטשיק. ער שרייבט צוו. אַנדערן: ״דאָס באַדייט אָבער נישט, אַז עס האָבן געקעמפט בלויז קאָמוניסטן...״

פר׳ מירסקי שטעלט זיך נישט צופרידן מיט דעם זאַץ אין מיין רעצענ־זיע, ״אַז די קאָמוניסטישע באַוועגונג איז געווען געהעריק רעפּרעזענטירט״. מיינט נישט אַזאַ זאַץ, אַז אין בערעזע איז געווען פול מיט קאָמוניסטן?

איך באַזיץ נישט די ידיעות וועגן דער אַלגעמיינער צאָל פאַרשיקטע אין בערעזע בכלל, און ספּעציעל וועגן דער צאָל קאָמוניסטן.

סיי אין בערעזע, ווי אויך אין דער ראָוונער תּפיסה ווו איך בין געזעסן, איז געווען פול מיט אוקראַינער. וואָלין פון וואַנען איך שטאַם, האָט דאָך אַ מערהייט פון דער אוקראַינישער באַפעלקערונג, און איך שטרייך אויך דאָס מאָל אונטער, אַז סיי אין בערעזע, אויך אין טורמע, אַלס כלל זענען די אוקראַינער געווען נאַציאָנאַליסטיש־שאָוויניסטיש געשטימט. איך דאַרף דאָ נישט קומען מיט געשיכטלעכע באַווייזן פון דער נישט־ווייטער פאַר־גאַנגענהייט אויף די געביטן פון די מזרח־קרעסן. דעם פר׳ מירסקי איז דאָס אַלץ זייער גוט באַקאַנט. אָבער ווידער דאָס זעלבע: דאָס מיינט נישט, אַז אויך אין די טורמעס זענען נישט געזעסן מאַסנווייז קאָמוניסטן.

* *
*

ביים אויספירן פאַרשידענע ארבעטן אין בערעזע, בין איך אלעמאָל

געווען צוזאַמען מיט גרופּן פּאָליאַקן, אוקראַיִנער און אויך ווייסרוסן. איך ווייס נישט פאַרוואָס שטרייכט אונטער פּר׳ מירסקי, אַז ווייסרוסישע נאַציאָנאַליסטן זענען אין בערעזע קיינמאָל נישט געווען? האָט דען אויף די געביטן פון מערב־ווייסרוסלאַנד נישט עקזיסטירט קיין נאַציאָנאַליסטיש־שאָוויניסטישע באַוועגונג, פּונקט ווי אַ קאָמוניסטישע, פּונקט ווי אַנדערע אָפּאָזיציאָנעלע באַוועגונגען? איז די בירגערלעכע אָפּאָזיציאָנעלע נאַציאָנאַליסטישע באַוועגונג אויף די געביטן פון מערב־ווייסרוסלאַנד געווען פּריווילעגירט לגבי זייערע מיטקעמפּפער אויף די געביטן פון מערב־אוקראַינע, און אזעלכע האָט מען קיין בערעזע נישט געשיקט? שטרייכט דאָך אונטער פּר׳ מירסקי, אַז ״פּאַר דער דאָזיקער צייט האָבן זיך אויך אָנגעהייבן אָפּטער באַוויזן פּאָליטישע ארעסטאַנטן פון דער פּויערים־פּאַרטיי, פון דער פּויערשער יוגנט־אָרגאַניזאַציע ״וויצי...״, ריכטיק, ער רעדט וועגן דעם פּאַר דער צייט פון נאָך דעם יאָר 1937, אָבער שליסט דען דאָס אויס, אַז ביז דאַן זענען אין בערעזע קיין אוקראַיִנער נישט געווען? איך גיב צו, אַז אויך ווייסרוסן.

עס איז ריכטיק ווי פּר׳ מירסקי באַמערקט, אַז אין אַפּריל (נישט אין מערץ 1937) האָבן מיר צוזאַמען מיטן פּאַרזיצער פון פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע אין ראָוונע אָ. דענענבערג, מיט וועלכן מיר זענען געווען צוזאַמען פאַרשיקט, געטראָגן די נומערן 1039 און 1043.

פּר׳ מירסקי וואַרפט מיר פאָר, אַז אין מיין רעצענזיע וועגן זיין בוך ״ביעגעם מארש״ ציטיר איך אים נישט ריכטיק, ער ציטירט פון מיין אַרטיקל, אַריינגעמענדיק אייניקע זאַצן אין גענדזנפיסלעך, אבער עס איז נישט אַלעמאָל ציטירט. איך האָב געשריבן פּאָלגענדעס (נישט ציטירט): ״אין זיין פאַרוואָרט שרייבט מירסקי, אַז בערעזע איז געווען אַ פּראָדוקט פון היטלעריסטישע שטרעבונגען ביי די רעאַקציאָנערע פּוילישע מאַכט־האָבער. אין בערעזע האָט מען נישט נאָר ביינער געבראָכן, דאָרט האָט מען געשטאַלטיקט כאַראַקטערן״.

ווייטער שרייב איך, אין דעם זעלבן פאַרוואָרט, ווייזט אָן דער מחבר, אַז דער טרויערדיקער־באַרימטער קאָנצענטראַציע־לאַגער אין בערעזע שפּיגלט אָפּ דאָס בילד פון יענעם פּוילן. פון איין זייט די רעאַקציע (די א.ג.

סאנאַציע), און פון דער צווייטער זייט די פוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי, ווי דער רעפּרעזענטאַנט פון אַרבעטער־קלאַס אין פּוילן.

איך שטרייך אונטער ווידער אַמאָל: נישט אַלץ האָב איך ציטירט, נאָר געמאַכט מיינע אויספירונגען פון מירסקיס פאַרוואָרט. איצט וועל איך ציטירן גענוי וואָס מירסקי שרייבט אין זיין פאַרוואָרט: ״בערעזא קאַרטוסקאַ איז אַ בלאַט פון היינטצייטיקע פּוילישע געשעעניש, אויף וועלכע פון איין זייט האָט די סאַנאַציע פּאַראייביקט איר חרפה, פון דער צווייטער זייט, האָט די פּוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי געצייכנט דעם גייסט פון אירע זין, די וויטאַליטעט פון פּוילישן אַרבעטער־קלאַס״.

מיינט דאָס נישט אויסטיילן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון אַלע אַנדערע פּאָליטישע, אָפּאָזיציאָנעלע באַוועגונגען? איז וואָס פאַרא ממזר האָב איך אונטערגעוואָרפן דעם פר׳ מירסקי, און וואָס האָב איך ״אָן זשענירונג געפעלשט״?

פר׳ מירסקי, איר זענט נישט גערעכט, איך האָב אַזעלכע אינטענצן נישט געהאַט. איך שרייב כסדר אין אייניקע בונדישע צייטשריפטן אין אַ ריי לענדער, עס קומט מיר אָפט אויס ציטירן יענעם, אָבער קיינמאָל האָט מיר נאָך קיינער נישט פאָרגעוואָרפן, אַז איך פעלש וועמען.

* * *

ערשט וועגן מיין טענה פאַרוואָס איז אין בוך ״בערעזיאַצי״ מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט וועגן די בונדיסטן, וואָס זענען געווען פאַרשיקט אין בערעזע? ווי האָב איך זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אַז די רעדאַקציע פון ״בערעזיאַצי״ באַזיצט נישט דעם אַרכיוו פון בערעזע? ערשט פון דעם בריוו פון היסטאָרישן אינסטיטוט צו מיר דערוויס איך זיך, אַז ״דער היסטאָרישער קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי דיספּאָנירט נישט מיט די אַרכיוו־מאַטעריאַלן פון לאַגער בערעזע־קאַרטוסקאַ, וועלכער גייט אַריין אין דער טעריטאָריע פון ראַטנפאַרבאַנד״. נעם איך דאָס צו קענטעניש.

ביי דער געלעגנהייט דערמאָנט זיך מיר פאָלגנדיקער פאַקט: דאָס האָט באַדאַרפט זיין אין יאָר 1940, ווען איך בין געקומען צוריק פון וואַרשע

קיין ראַוונע, ווייל נאָך קאַרטוז־בערעזע, נאָך טורמע, האָבן מיך די מאַכט־אָרגאַנען ארויסגעשיקט פון ראַוונע. האָב איך געאַרבעט אין איינער פון די סאָוויעטישע אינסטיטוציעס אין ראַוונע.*

אַ געוויסן טאָג איז געקומען אַ שליח פון די פּראָפ. פאַריינען פון לעמבערג, וועלכער האָט געהאַט צוו. אַנד. די אויפגאַבע צונעמען ביי מיר מיין פאַריינס־לעגיטימאַציע פאַר מיינע בונדישע זינד. ווען די אַרבעטער האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט, דערביי זיך פאַררופן אויף מיין טעטיקייט אין די פּראָפ. פאַריינען, אויך וועגן בערעזע, האָט דער שליח געזאָגט, אַז „מיר באַזיצן דעם אַרכיוו פון בערעזע, און מיר דאַרפן קאָנטראָלירן, ווי האָט זיך שיכאַטאָוו אויפגעפירט אין בערעזע?"

אונטערן דרוק פון די אַרבעטער האָט דער שליח דאָך רעזיגנירט פון צונעמען ביי מיר די פאַריינס־לעגיטימאַציע.

* *
*

צום סוף פריינד מירסקי, ווער עס זאָל נישט געווען האָבן אַרויס־געוויזן די איניציאַטיוו צו אייער באַפרייונג פון בערעזע, איז דאָס נישט געווען קיין פראַגע פון אַ טובה, דאָס איז געווען אַ פליכט, און דער פליכט איז אין יענער צייט דערפילט געוואָרן.

אין מיין ענין האָט דער צ. ק. פון בונד זיך געוואָנדן צום פירער פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג קוואַפּינסקי און אין רעזולטאַט פון זיינע אינטערווענצן בין איך באַפרייט געוואָרן. עס איז שוין נישט געווען זיין שולד, וואָס נאָך צוויי טעג האָט מיר דער סטאַראָסטע אויפסניי איינגעזעצט אין טורמע.

איך גלויב, אַז מיט מיין אויפקלערונג האָבן מיר מיט אייך, פר' מירסקי דעם ענין פאַרענדיקט.

איך בעט דער רעדאַקציע מיר ארויסשיקן מיט דער לופט־פּאָסט די צייטונג אין וועלכער איר וועט האָפנטלעך דרוקן מיין אויפקלערונג.

מיט פריינטלעכע גרוסן:

שייע שיכאַטאָוו

---

* ווייל ראַוונע איז געוואָרן אין יאָר 1939 אָקופּירט דורך דער רויטער אַרמיי אויפן סמך פון סטאַלין־היטלער־פּאַקט וועגן צעטיילן זיך מיט פּוילן.

איך שטעל פעסט: איך האָב קיינמאָל נישט באַקומען די "פאָלקס־שטימע" פון וואַרשע, במילא איז מיר נישט באַקאַנט צי מירסקי האָט בכלל פאַרעפנטלעכט מיין אויפקלערונג. איך האָב נישט קיין שום ידיעות וועגן דעם צי האָט דער היסטאָרישער אינסטיטוט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פוילן אַרויסגעגעבן די צוגעזאָגטע ווייטערדיקע אויסגאַבע "בערעזיאַצי". איך באַקום פאַרשידענע פּוילישע אויסגאַבן פון פוילן, אָבער אַזאַ אויסגאַבע האָב איך נישט באַקומען.

דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט דאָס קאַפּיטל "בערעזיאַצי".

# "ביעגעם מאַרש" *

אונטער דעם טיטל איז אין פוילן דערשינען אַ בוך, אין דער פּוילישער שפּראַך. אין דעם בוך ברענגט דער מחבר מ. מירסקי, זכרונות פון טרויער־דיק־באַרימטן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין פאַרמלחמהדיקן פוילן — בערעזע קאַרטוסקאַ.

מ. מירסקי איז אַ ליטעראַרישער פּסעוודאָנים. זיין נאָמען איז מ. טאַבאַטשניק, פון פאַך אַ לערער. פאַר דער מלחמה אַ קאָמוניסטישער טוער. נאָך דער מלחמה אין קאָמוניסטישן פוילן איז מירסקי רעדאַקטאָר פון דער יידיש־קאָמוניסטיעשר צייטונג "פאָלקס־שטימע", אויך טעטיק אין יידישן קאָמיטעט.

דאָס בוך האָט מיך פאַראינטערעסירט, ווייל איך קאָן דעם מחבר פון אייניקע באַגעגענישן אין פוילן נאָך דער מלחמה, און בעיקר ווייל אויך איך בין דאָרט געווען פאַרשיקט אין זעלבן יאָר 1937.

אין זיין פאָרוואָרט שרייבט מירסקי, אַז בערעזע איז נישט געווען קיין היטלעריסטישער טויטן־לאַגער, בערעזע איז געווען אַ פּראָדוקט פון היטלעריסטישע שטרעבונגען ביי די רעאַקציאָנערע פּוילישע מאַכט־

* די רעצענזיע איז געשריבן געוואָרן אין יאָר 1960 אין "פאָרויס" און האָט אַ שייכות צו דער דיסקוסיע אַרום קאַרטוז־בערעזע.

האָבער. אין בערעזע האָט מען נישט נאָרביינער געבראָכן, דאָרט האָט מען "געשטאַלטיקט כאַראַקטערן".

דאָס איז ריכטיק. אין דעם זעלבן פאָרוואָרט ווייזט אָן דער מחבר, אַז דער טרויערדיק־באַרימטער קאָנצענטראַציע־לאַגער אין בערעזע שפּיגלט אָפּ דאָס בילד פון יענעם פּוילן. פון איין זייט די רעאַקציע (די א.ג. סאַנאַציע) און פון דער צווייטער זייט די פּוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי ווי דער רעפּרעזענטאַנט פון אַרבעטער־קלאַס אין פּוילן.

דאָס שטימט ווייט נישט מיט דער ווירקלעכקייט. אין פּוילן זענען אויסער די רעאַקציאָנערע רעגירונגס־קרייזן, אויסער די פּאַרביסנסטע פאַשיסטן פון אָ.נ.ר. א"א פון רעכטס, געווען און געקעמפט פאַר אַ בעסער פּוילן, אויך אַנדערע גרופּירונגען. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט קיינמאָל נישט געהאַט דעם מאָנאָפּאָל אויף דעם אַרבעטער־קלאַס אין פּוילן.

פון בוך קאָן מען אַרויסדרינגען, אַז אין בערעזע האָט מען געפּייניקט בלויז די פאַרשיקטע אַהין קאָמוניסטישע טוער, און דאָס שטימט ווייט נישט מיט דער ווירקלעכקייט. בערעזע איז פון אָנהייב אָן געשאַפן געוואָרן פאַר דעם נאָך מער רעכטן פליגל פון דער פּוילישער רעאַקציע, פאַר די ענדעקעס (נאַראָדאָווא דעמאָקראַציאַ), און די ערשטע זענען טאַקע אַהין געווען פאַרשיקט 14 ענדעקעס.

די בונדישע "פאָלקס־צייטונג" אין וואַרשע האָט גלייך רעאַגירט און אָנגעוויזן, אַז דער לאַגער איז געשאַפן נישט פאַר די ענדעקעס, אין לאַגער וועלן פאַרשיקט ווערן אַרבעטער־טוער, קעמפער פאַר אַ פרייען פּוילן, און אַזוי איז טאַקע געווען.

ריכטיק איז, אַז קיין בערעזע זענען פאַרשיקט געוואָרן, אייניקע אפילו צו צוויי מאָל, באַקאַנטע קאָמוניסטישע טוער קעגן וועמען די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן נישט אַלע מאָל געהאַט גענוג באַווייזן צו פאַרפירן קעגן זיי פּראָצעסן און איינזעצן אין טורמע, אָבער וועמענס זיין בלויז אויף דער פריי האָט פאַר דער פּוילישער רעאַקציע פאָרגעשטעלט אַ געפאַר.

אין בערעזע האָט מען אויך געפּייניקט מאַסן אוקראַאינער און ווייסרוסן, אַקטיווע קעמפער פאַר נאַציאָנאַל־קולטורעלע רעכט פון זייערע מיליאָנען

ברידער, באמת פאַרשקלאַפטע אין פוילן.

ווען מירסקי וויל פאָרשטעלן, אַז אין בערעזע זענען געווען פאַרשיקט אויסשליסלעך קאָמוניסטן, שטימט דאָס נישט מיט דער ווירקלעכקייט. דעם טעם פון בערעזע האָבן אויך פאַרזוכט בונדיסטן.

דער רעזשים אין בערעזע איז ווירקלעך געווען אַ שרעקלעכער, די פייניקונגען זענען אָנגעגאַנגען פּערמאַנענט. די פּאָליציאַנטן, ספּעציעל געשולטע, פלעגן אַליין אָפּט פאַרמאַטערט ווערן. עס זענען נישט געווען קיין פאַלן פון אַנטלויפן. אין דער זעלבער צייט איז די אַדמיניסטראַציע פון לאַגער נישט געווען פאַראינטערעסירט אין פאַרפייניקן צום טויט. טראָץ די באַגרענעצונגען פון פרעסע־פרייהייט האָבן זיך פון מאָל צו מאָל דורכ־געריסן אין דער פרעסע שאַרפע אַרטיקלען קעגן בערעזע. אין פוילישן פאַרלאַמענט איז נישט איין מאָל געקומען צו שאַרפע אַרויסטרעטונגען און פּראָטעסטן. מיט אָפּגעשלאָגענע לונגען, אונטערגעהאַקטע נירן, האָט מען אָפּגעשיקט אַהיים, מיט דער זיכערקייט, אַז אַזעלכע וועלן שוין פיזיש נישט זיין פעיִק צו וועלכער עס איז פאַרטיי־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

בערעזע האָט זיך אונטערגעשיידט פון אַ טורמע אין דער הינזיכט, אַז דאָרט איז מען נישט געווען געבונדן מיט אַ טערמין. פון בערעזע האָט מען געקאָנט באַפרייט ווערן צו יעדער מינוט.

דער "זאַל" נומער 13, וועגן וועלכן מירסקי שרייבט, איז ווירקלעך געווען אַ שוידער. דורך אָט דעם פייניקונגס־זאַל זענען דורכגעגאַנגען אַלע פאַרשיקטע אין לאַגער.

דער גאַנצער רעזשים אין לאַגער איז געווען אויסגעשטעלט צו דערפירן פּראָמינענטע אַרבעטער־טוער צו אַ צושטאַנד פון "האַלב־מענטש". עס איז, למשל, געווען פאַרבאָטן צו גיין, אַזעלכעס האָט נישט עקזיסטירט, נאָר לויפן, בלויז לויפן. אַלע מינים אַרבעטן זענען איין גרויסער חוזק, פּשוט אויסגעשטעלט אויף פייניקן די אַרעסטירטע, אָן אויסנאַם איז בלויז געווען די אָפּטיילונג פאַר בעטאָן־ציגל און גראָד דאָרט איז געווען אַ מעגלעכקייט דורכוואַרפן זיך מיט אַ וואָרט, ווייל אויך רעדן איז געווען פאַרבאָטן.

די אַדמיניסטראַציע אין לאַגער איז געווען פאַראינטערעסירט צעברעכן

פיזיש די פאַרשיקטע נישט נאָר דורך פייניקונגען, נאָר אויך גייסטיק, דורך צוזאָגן באַפרייונג ווען דער אַרעסטירטער וועט פאַרזיכערן, אַז ער וועט זיך שוין מער נישט פאַרנעמען מיט "פּאָליטיק".

אַזעלכע האָבן זיך געפונען, און געגעבן שריפטלעכע, אָדער מינדלעכע דעקלאַראַציעס. אַזעלכע זענען שנעל באַפרייט געוואָרן.

עס זענען אויך געווען פאַלן ווען די אַדמיניסטראַציע האָט פאָרגעלייגט צו באַפרייען דעם אַרעסטירטן מיטן באַדינג, ער זאָל פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

דאָס זענען געווען איינצעלנע פאַלן. די א"ג דעקלאַראַנטן זענען געווען פאַרהאַסט ביי די פאַרשיקטע. די באַציונגען צווישן די פאַרשיקטע איז באמת געווען אַ מענטשלעך־חברשע. אייגער האָט דעם צווייטן ביי יעדער געלעגנהייט געמוטיקט מיט דעם אויסדרוק "טשימאַי סיען" (האַלט זיך).

יידן זענען אַלע מאָל געווען ווי געהעריק "רעפּרעזענטירט" אין לאַגער. איך קאָן זיך נישט דערמאָנען קיין ספּעציעלע אַנטיסעמיטישע האַנדלונגען מצד דער אַדמיניסטראַציע. מירסקי ברענגט פאָלגנדיקן פאַקט: ביים פאַנ־אַנדערטיילן די פאַרשיקטע אויף פאַרשידענע אַרבעטן איז איין מאָל פאָר־געקומען פאָלגנדיקער אינצידענט: אַ געוויסער יאָלעס אויף וועלכן דער קאָמענדאַנט פון בלאָק האָט געהאַט אַ ספּעציעלן פאַרדרוס, איז געווען אין אַ גרופּע, וואָס איז געווען באַשטימט צו רייניקן דעם פּאָליציי־בלאָק, דער קאָמענדאַנט האָט אַ געשריי געטאָן צו יאָלעסן "דו פאַרשיווי זשיד, טראָג זיך אָפּ פון דאַנען!" יאָלעס האָט גלייך אויפן אָרט געענטפערט: "פּאַני קאָמענדאַנט, דער אַרעסטירטער יאָלעס מעלדעט געהאָרכזאַם, אַז ער איז נישט קיין פאַרשיווי זשיד, ער איז אַן אַרעסטירטער"!

עס איז אַנטשטאַנען אַ קאָנסטערנאַציע. דער קאָמענדאַנט אַליין איז געבליבן ווי פאַרשטיינערט. אפילו פאַר די פאַרהעלטענישן אין בערעזע איז דאָס געווען אַן אויסנאַמספאַל. סיי דער אויסדרוק פון קאָמענדאַנט, סיי דער ענטפער פון יאָלעסן. דער קאָמענדאַנט האָט געגעבן אַ באַפעל צו אַ פּאָליציאַנט: "נעם אים". יענער האָט שוין אויפגעהייבן דעם גומענעם שטעקן איבער יאָלעסעס קאָפּ, אין דעם האָט דער קאָמענדאַנט אַ רוף געטאָן: "ניין, פיר אים אין קאַנצעלאַריע".

מיט דעם האָט זיך דער אינצידענט פאַרענדיקט.

מירסקי דערציילט, אַז אין אַ געוויסן טאָג האָט מען די אַרעסטירטע פאַרזאַמלט אין איין זאַל, דער אויבער־פּאָליציי־קאָמיסאַר האָט זיי געלייענט אַן אַרטיקל פון דעם הויפּט־פּובליציסט פון דער רעגירונגס־צייטונג "גאַזעטאַ פּאָלסקאַ", אָטמאַר. דער פאַקט אַליין איז פאַר די פאַרהעלטענישן אין בערעזע געווען אַן אויסערגעוויינלעכער.

אָטמאַר האָט אין דעם אַרטיקל קאָמענטירט דעם פּראָצעס אין רוסלאַנד קעגן די סאָוויעטישע גענעראַלן אין דער שפּיץ מיט טוכאַטשעווסקין. אָט־מאר האָט געשריבן וועגן דער שנעלקייט מיט וועלכער דער פּראָצעס איז געפירט געוואָרן, וועגן דעם שנעלן אומברענגען פון די פאַרמשפּטע גענע־ראַלן, וועגן דעם איינדרוק, וואָס דער פּראָצעס האָט געמאַכט אין דער פרייער וועלט.

אָטמאַר האָט אויך דערמאָנט די "מאָסקווער" פּראָצעסן בכלל, מאַכנדיק דעם אויספיר, אַז דער פּראָצעס איז נישט קיין אויסדרוק פון קאַמף פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי מיט דער אַרמיי, נאָר דאָס איז דער ווייטער־דיקער קאַמף פון סטאַלינען צו פאַרניכטן אַלע אָפּאָזיציעס אין דער פּאַרטיי גופא. אָטמאַר פאַרענדיקט דאָס אַרטיקל מיט אַן אויספיר, אַז סטאַלין איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טיפּ פון אַן אַבסאָלוטיסטישן מאָנאַרך.

דער ציל פון פאַרלייענען דאָס אַרטיקל איז געווען קלאָר — אַ ווילן צו דעמאָראַליזירן די קאָמוניסטן. און דאָ זענען זייער כאַראַקטעריסטיש די קאָמענטאַרן פון מירסקין גופא· קאָמענטאַרן געמאַכט נאָך 20 יאָר, נאָך דעם ווי כרושטשאָוו האָט "אַנטפּלעקט" סטאַלינען.

מירסקי שרייבט: "די ידיעה וועגן דערשיסן טוכאַטשעווסקין א.א. גענעראַלן פון דער רויטער אַרמיי איז נישט געקומען פאַר אונדז אומדערר־וואַרט. די ידיעה האָט דערגרייכט צו אונדז נאָך פריער, אַזוי, אַז דער איינפאַל פון אויבערקאָמיסאַר איז פאַר אונדז נישט געווען קיין סענסאַציע. דער פאַקט אַליין האָט ביי אונדז נישט אַרויסגערופן קיין שום צווייפל. דער צוטרוי צו סטאַלינען איז געווען אָן אַ גרענעץ. אין די פּראָצעסן האָבן מיר געזען די גערעכטע שטראָף, וואָס קומט פון דער דיקטאַטור פון פּראָלע־טאַריאַט, וועלכער רעכנט זיך אָפּ מיט די שפּיאָנען און דיווערסאַנטן. פאַרקערט, אָטמאַרס אַרטיקל האָט אונדז נאָך מער איבערצייגט אין דער

ריכטיקייט פון סטאַלינס האַנדלונגען. מיר האָבן געהאַלטן, אַז סטאַלין האָט אונדז באַרייכערט מיט אַ נייעם עלעמענט פון דערקענען די טעטיקייט פון דער בורזשואַזיע און סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, דערקענען אַ פרעמדע אַגענטור. יעדע מין קריטיק וואָס האָט קוועסטיאָנירט, אָדער באַצווייפלט די ריכ־טיקייט פון די באַשולדיקונגען, שוין צוליב דעם אַליין, וואָס דאָס אַלץ איז געקומען פון אונדזערע פּאָליטישע קעגנער, האָט פּשוט נישט דערגרייכט צו אונדזער באַוווסטזיין, האָט נישט אָפּגעשוואַכט אונדזער גלויבן, נישט געוועקט אונדזער געוויסן. ריכטיק, די יאָרן אין רוסלאַנד בעת דער מלחמה, די געשפּרעכן מיט מענטשן וועגן יאָר 1937 האָבן מיך באַוויגן צו אַ געוויסן קריטישן קוק אויף דער גערעכטיקייט, אָבער איך האָב די שולד אַרויפ־געלייגט אויף דער נידריקער אַדמיניסטראַציע. דעריבער, ווען אין די יאָרן 1948—1952 זענען מיר געוועזן ווידער עדות פון נייע פּראָצעסן, אין אַ ברייטן פאַרנעם, האָב איך ווידער געגלויבט. עס האָט ערשט באַדאַרפט קומען סטאַלינס טויט, אַז אונדזערע אויגן זאָלן זיך עפענען, מיר זאָלן קאָנען קוקן אויף דעם ענין אָביעקטיוו און זען דעם אמת אין דער גאַנצער גרויזאַמקייט".

עס איז אַ גרויסער צווייפל, צי ביי די סטאַליניסטן האָבן זיך ווירקלעך געעפנט די אויגן. און איצט נעמען זיי אויף געשעענישן אָביעק־טיוו ? קוקן זיי מיט אָפענע אויגן ווי כרושטשאָוו קאָנטינואירט סטאַלינס מעשים ?

ווייטער שרייבט מירסקי, אַז אין יעדן, "זאַל" איז געווען אַ טראָיקע (דריי קאָמוניסטן), וועלכע זענען געווען פאַרבונדן מיט דער צענטראַלער קאָמוניסטישער אָנפירונג אין לאַגער, וואָס איז געווען פאַרקאָנספּירירט. די טראָיקעס, זענען געווען געוויילטע. זיי האָבן געהאַט אַ סך אַרבעט, געפירט פּאָליטישע אינפאָרמאַציעס אא"וו.

דאָס איז אויך אַ שפּאַר ביסל איבערגעטריבן, איידל גערעדט. מען דאַרף קאָנען די באַדינגונגען, די באַציונגען און פאַרהעלטענישן אין קאַר־טוז־בערעזע, דעם רעזשים, ווען רעדן צווישן זיך איז געווען אַבסאָלוט פאַרבאָטן, ווען יעטוועדע באַוועגונג פון אייגענער איניציאַטיוו, אפילו אין "זאַל" נעבן די שטרויזעק, איז געווען כמעט אוממעגלעך, אַז ביי אָט אַזעלכע

באַדינגונגען זאָל זיין מעגלעך צו פירן וועלכע עס איז פּאָליטישע טעטיקייט.

דער מחבר וויל פּשוט נאָך אַמאָל אונטערשטרייכן, אַז אין לאַגער האָבן דאָמינירט די קאָמוניסטן.

אין בערעזע האָט יעדער נאַטירלעך געחלומט וועגן פרייהייט. די באַפרייונג האָט דאָך געקאָנט קומען יעדן טאָג. שרייבט מירסקי: „מיר האָבן געחלומט וועגן פרייהייט, אָבער פרייהייט אין אַ פרייען פּוילן". ער דערציילט וועגן אַ געשפּרעך צווישן די אַרעסטירטע וועגן דעם וואָס וואָלט יעדער געוואָלט טאָן אויפן צווייטן טאָג נאָך דער רעוואָלוציע אין פּוילן. האָט זיך ביים עולם צעשפּילט די פאַנטאַזיע:

זאָגט חיים אַלעקסאַנדראָוויטש, אַ בלעכער פון גראָדנע, אַז נאָך דער רעוואָלוציע וואָלט ער פון זיין שטאָט געמאַכט אַ צאַצקע, ער וואָלט אַלע דעכער פון די הייזער באַדעקט מיט בלעך, ער וואָלט אריבערגעפירט די גאַנצע אָרעמקייט אין בורזשואַזע הייזער, און בכלל וואָלט ער אַלע אַלטע הייזער פאַרברענט און אויף זייער אָרט געבויט נייע.

אַ צווייטער זאָגט, אַז אים ציט אינגאַנצן נישט אין שטאָט אַריין, ער וואָלט געמאַכט אַן אָרדענונג אויפן דאָרף, ער וואָלט געבראַכט גליק פאַר די פּויערים מיטן שאַפן די „קאָלכאָזן". נאָך דער רעוואָלוציע אין פּוילן פאַרבעט ער אַלעמען צו זיך אין דאָרף אַריין, אונטער פּינסק. ער וועט אין זיין דאָרף שאַפן אַ מוזיק־שולע פאַר די קינדער א"א אַזעלכע גליקן. אַ דריטער ווידער האָט געחלומט, ווי ער וועט אַרבעטן אין דער אינסטי־טוציע, וואָס וועט קעמפן קעגן די שונאים פון דער רעוואָלוציע.

נו, האָבן אוודאי אַ סך פון די „בערעזיאַקעס "זיך דערוואַרט אויף דער רעוואָלוציע. מאָסקווע האָט „באַפרייט" פּוילן, און אין איינוועגס האָט שוין מאָסקווע אַנטלאַסטעט פּוילן פון אַזעלכע שטעט ווי גראָדנע און פּינסק; פון די „קאָלכאָזן" אין פּוילן זענען די „באַפרייטע" פּויערים אַנטלאָפן ביי דער ערשטער געלעגנהייט. דאָס וויכטיקסטע וואָס די רעוואָלוציע האָט יאָ געבראַכט איז די אור־בע (די פּוילישע ענקאַוועדע), מיט אַלע פאַרגעניגנס וואָס אָט די אינסטיטוציע ברענגט. עס איז נאָך אַ גרויסע פראַגע, צי די אַלע קעמפער, וואָס זענען געזעסן אין בערעזע און אַזוי געחלומט וועגן פרייהייט אין פּוילן נאָך דער רעוואָלוציע זענען אַליין אויף דער פריי?

* *
*

מירסקי באַרירט אין זיין בוך אַן אַנגעווייטיקטע פראַגע — פּראָוואָ־קאַציע אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן פאַר דער מלחמה. אין די דרייסיקער יאָרן איז שוין געווען גוט באַקאַנט, אַז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז צעפרעסן פון פּראָוואָקאַציע. די פּאָליטישע פּאָליציי האָט אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי געהאַט פיל פון אירע מענטשן. מירסקי גיט איבער זיינע באַטראַכטונגען אין שייכות מיט צוויי קאָמוניסטן אין בערעזע, אויסגעשלאָסענע פון דער פּאַרטיי כלומרשט פאַר פּראָוואָקאַציע. ער גיט אָן די נעמען — דאָס זענען רודעל און ראָזענבערג. די ביידע זענען פאַר די איבעריקע אַרעסטירטע אין בערעזע געווען אַ גרויס רעטעניש. זייער פאַרהאַלטן זיך אין לאַגער האָט אַרויס־גערופן ביי אַלע אַרעסטירטע גרויס רעספּעקט, אָבער דאָך האָט מען זיך געהאַלטן פונדערווייטנס פון זיי. די דערמאָנטע רודעל און ראָזענבערג האָבן נישט איינמאָל געטענהט, אַז די באַשולדיקונגען קעגן זיי איז אַ מיספאַרשטענדניש, איז אַ פּראָוואָקאַציע פון דער פּוילישער פּאָליציי, וועלכע פאַרדעקט אויף דעם וועג די ריכטיקע פּראָוואָקאַטאָרן אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

דער באַשלוס פון דער פּאַרטיי, שרייבט מירסקי, איז געווען אָן צווייפל ביי די קאָמוניסטן, אָבער עס האָט זיך דאָך געוואָלט גלויבן, אַז דאָס אויס־שליסן פון די צוויי איז אַ צייטווייליקע מיספאַרשטענדניש, וועלכע וועט זיך מיט דער צייט אויפקלערן. ביידע האָבן באַלאַנגט צו דער פירערשאַפט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון מערב־אוקראַינע אין פּוילן, אַלטע פאַרדינסטפולע טוער, זיי זענען אָבער געקומען צו די קאָמוניסטן פון אַנדערע פּאַרטייען, און דאָס איז געווען גענוג, אַז מען זאָל צו זיי קיין פולן צוטרוי נישט האָבן.

מירסקי אַנטוויקלט אַ געדאַנק, אַז אַחוץ די מענטשן פון דער אַמאָליקער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און פּ.פּ.ס.־לעוויצע, וועלכע זענען געקומען צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי צוזאַמען מיט זייערע אָרגאַ־ניזאַציעס, קאָן מען נישט האָבן קיין צוטרוי צו קיינעם. אָבער צי איז

טאַקע אמת, אַז רודעל און ראָזענבערג זענען ווירקלעך אַגענטן פון שונא? אויב אַזוי, פאַרוואָס האַלט מען זיי אין בערעזע אַזוי לאַנג? צו וואָס פייניקט מען זיי אַזוי? צי זענען זיי טאַקע קיינמאָל נישט געווען "אונדזערע מענטשן"? ווער זענען זיי אין דער ווירקלעכקייט? אפשר טאַקע קרבנות פון פּראָוואָקאַציע? אָבער דער קאָמוניקאַט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז דאָך ריכטיק, עס קאָן דאָך נישט זיין, אַז די פּאַרטיי זאָל אָן אַ פאַרוואָס באַשולדיקן מענטשן? דאָס איז דער דיאַלאָג וואָס מירסקי האָט געפירט מיט זיך אַליין.

און ווידער דאָס זעלבע: 20 יאָר נאָך בערעזע, נאָך דעם אַלעמען ווי עס איז שוין אַזויפיל קלאָר געוואָרן, צווייפלט נאָך אַלץ נישט מירסקי אין דער ריכטיקייט פון די באַשלוסן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אָט דאָס הייסט "קוקן אָביעקטיוו מיט אָפענע אויגן".

מירסקי וויל נישט און קאָן נישט רעדן, אפילו צו זיך אַליין, וועגן די ריכטיקע סיבות פון פּראָוואָקאַציע און צעפוילטקייט אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן אין די יאָרן פאַר דער מלחמה. מירסקי גיט צו, אַז רודעל און ראָזענבערג זענען דאָך געווען פאַר די קאָמוניסטן אין בערעזע אַ "רעטעניש, אַ טרויעריקע רעטעניש".

* * *

מירסקי האָט אויך געהאַט אַ פאָרשלאַג פון דער אַדמיניסטראַציע באַפרייען אים מיטן באַדינג אַרויספאָרן קיין אויסלאַנד, ער האָט דעם פאָרשלאַג אָפּגעוואָרפן, סוף כל סוף האָט מען אים באַפרייט.

* * *

בערעזע־קארטוסקא! אַ טרויערדיק קאַפּיטל אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן, און דאָך, נישט קיין פאַרגלייך מיט די דייטשע און סאָוויעטישע קאָנצענטראַציע לאַגערן.

* * *

לייענענדיק דאָס בוך האָב איך געמאַכט אַ פאַרגלייך מיט די מאַטער־

יאָלן פון די קאָמוניסטן וועגן דעם פּוילישן אויפשטאַנד אין וואַרשע, און דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. איןביידע פאַלן שטעלן פאַר די קאָמוניסטן די אויפשטאַנדן, ווי אַן אויפטו אויסשליסלעך פון די קאָמוניסטן, דערביי אונטערשטרייכן זיי נאָך די הילף פון רוסלאַנד. אין ביידע פאַלן שטימט דאָס נישט מיט דער ווירקלעכקייט, און דאָס דאַרף הייסן, ״קוקן אָביעקטיוו, מיט אָפענע אויגן״.

דאָס זעלבע וועגן בערעזע. מירסקי באַמיט זיך ״אָביעקטיוו״ שאַפן אַ בילד פון בערעזע, אַז דאָרט זענען געפּייניקט געוואָרן אויסשליסלעך קאָמוניסטן, געקעמפט דאָרטן פאַר פערזענלעכע און מענטשלעכע ווירדע האָבן נאָר קאָמוניסטן. און דאָס ווערט געשריבן אין פערספּעקטיוו פון 20 יאָר צייט!

ניין, אפילו ביים שרייבן אייגענע זכרונות פון אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער קאָן אַ קאָמוניסט, באַזונדערס אַ יידישער קאָמוניסט, נישט זיין אָביעקטיוו. אָבער טראָץ אַלעמען איז כדאי וואָס אַזאַ בוך איז דערשינען.

## אויפקלערונג פון מחבר

אין שייכות מיט מיין אָפּהאַנדלונג אויף די שפּאַלטן פון ״אונזער צייט״ אין ניו יאָרק, נומער מאַי־יוני 1966 וועגן בוך ״בערעזיאַצי״, אויסגאַבע פון היסטאָרישן אינסטיטוט ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי אין פּוילן, אויך אין שייכות מיט מיין אָפּהאַנדלונג אויף די שפּאַלטן פון ״פּאָרויס״ אין מעקסיקע, יאַנואַר 1960 וועגן בוך פון קאָמוניסטישן טוער מיכאל מירסקי אין פּוילן ״ביעגעם מארש״ — האָט דער באַקאַנטער זשורנאַליסט, פּאַרמלחמהדיקער פּאָרזיצער פון יידישן שרייבער־פּאַריין אין וואַרשע, ברוך שעפנער, פּאַרעפנטלעכט אויף די שפּאַלטן פון ״פּאָרווערטס״, ניו־יאָרק, דעם 31־טן יולי, 7־טן און 14־טן אויגוסט 1966 דריי אַרטיקלען. אויף די דערמאָנטע דריי אַרטיקלען פון ברוך שעפנער האָט זיך אין יענער צייט אָפּגערופן מיכאַל מירסקי אויף די שפּאַלטן פון דער קאָמוניסטישער ״די פּאָלקסשטימע״ אין וואַרשע אין וועלכער ער פּאָלעמיזירט מיט מיר און מיט ברוך שעפנער.

אין שייכות מיט דער אויסגאַבע ״בערעזיאַצי״ האָב איך געשריבן אין יוני 1966 צו די אַרויסגעבער אין פּוילן, צוו. אנד.: ״עס שטימט נישט מיט דערווירקלעכקייט, אַז אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן האָבן געקעמפט קעגן דעם רעאַקציאָנערן און האַלב־פאַשיסטישן רעזשים בלויז און אויסשליסלעך קאָמוניסטן״. איך האָב אָנגעוויזן, אַז עס האָבן געקעמפט אויך סאָציאַ־ליסטן, עס האָט געקעמפט דער ״בונד״, וועלכער האָט פאַרנומען אַזאַ וויכטיקע פּאָזיציע ספּעציעל אין יידיש־פּאָליטישן לעבן, אויך אויפן געביט פון דער פּראָפעסיאָנעלער אַרבעטער־באַוועגונג, וווּ דער ״בונד״ האָט דאָמינירט. אין בערעזע זענען געפייניקט געוואָרן אויך בונדיסטן, אין פּוילן האָבן געקעמפט קעגן פאַרהאַסטן רעזשים די אוקראַינער און ווייס־רוסן, וועלכע די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן פאַרפאָלגט. דאָס זעלבע האָב איך געבראַכט צום אויסדרוק אין מיין אָפּהאַנדלונג וועגן בוך פון מיכאל מירסקי ״ביעגעם מאַרש״, טאַקע וועגן דעם פּוילישן קאָנצענטראַציע־לאַגער ״בערעזאַ״ ווו ער איז אויך געווען פאַרשיקט. אין זיינע דערמאָנטע אַרטיקלען אין ״די פאָלקסשטימע״ האַלט מירסקי ווייטער אָן, אז געקעמפט אין פּוילן קעגן דעם רעזשים האָבן נאָר און אויסשליסלעך די קאָמוניסטן.

אינטערעסאַנט איז דער אָפּרוף פון דעם היסטאָרישן אינסטיטוט ביי דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן. אין זייער ענטפער אויף מיין בריוו דעם 2־טן סעפּטעמבער 1966 שרייבן זיי צוו. אנד.:

״דער היסטאָרישער אינסטיטוט פון דער פּאַרטיי דיספּאָנירט נישט מיט די אַרכיוו־מאַטעריאַלן פון ״בערעזאַ קאַרטוסקאַ״, ווייל די געגנט געפינט זיך אויף דער טעריטאָריע פון סאָוויעטנאַפּאַרבאַנד...

...די מטעריאַלן פאַרן בוך קומען הויפּטזעכלעך פון די רעלאַציעס פון פאַרשיקטע אין לאַגער...

...דאָס אויסמיידן אין דער רשימה די בונדיסטן, פאַרשיקטע אין בערעזאַ איז נישט קיין רעזולטאַט פון באַוווסטזיניקן פאַרשוויגן דעם פאַקט, אַז אין ״בערעזאַ״ זענען געווען פאַרשיקט אויך בונדיסטן, נאָר אין רעזולטאַט פון מאַנגל אין ידיעות וועגן זיי...

...אין פּוילן צווישןביידע וועלט־מלחמות זענען הויפּטזעכלעך פאַר־פאָלגט געוואָרן קאָמוניסטן פאַר זייער קאָנסעקווענטן, אומקאָמפּראָמיסלעכן

און דעצידירטן קאַמף מיט די רעגירונגען פון דער סאַנאַציע...

...אייער איינשטעלונג, אַז דער היסטאָרישער אינסטיטוט האָט אויס־געמיטן אין די פאָרשונגען די ראָל פון ״בונד״, ווי איינע פון די יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין פוילן שטימט נישט. דער פאַקט פון זאַמלען דערינערונגען ביי אַ ריי בונדישע טוער, אויך אויף ספּעציעל־גערופענע פאַר דעם צוועק באַגעגענישן מיט בונדיסטן רעדט קעגן אָט דער איינ־שטעלונג...״

עס שטעלט זיך די פראַגע: ווען און ווי אַזוי האָט מען געקאָנט רופן צוזאַמענטרעפן פון בונדיסטן ווען דער ״בונד״ איז שוין דאַן געווען ליק־ווידירט אין נאָכמלחמהדיקן פוילן?

די צווייטע פראַגע: אויב עס איז ריכטיק, אַז עס זענען יאָ געזאַמלט געוואָרן דערינערונגען ביי אַ ריי בונדיסטן, איז פאַרוואָס זענען אָט די מאַטעריאַלן נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער דערמאָנטער אויסגאַבע?

גאָר אינטערעסאַנט איז דער פאַקט, און מען קאָן אין דעם גלויבן, אַז די סאָוויעטישע רעגירונג, וועלכע זאָגט זיך אָפּ צושטעלן מאַטעריאַלן וועגן הערבן, האָט אויך נישט געגעבן די מעגלעכקייט דער קאָמוניסטישער פאַרטיי אין פוילן באַקאָנען זיך מיט די אַרכיוון פון ״בערעזאַ קאַרטוסקאַ״.

# שוועדן — דאָס לאַנד פון הומאַניטעט

(זכרונות און איינדריקן)

## דאָס לאַנד, די מענטשן, מנהגים

שוועדן איז דאָס לאַנד, וואָס ווערט רעגירט דורך סאָציאַליסטן. די שוועדן, אַ פאָלק וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַזויפיל הומאַניטעט, אַזויפיל מענטשלעכקייט צו די יידן, געפלאָגטע אין די היטלער־יאָרן. דאָס אַרויס־ראַטעווען און איבערהאַלטן אין שוועדן אין די מלחמה־יאָרן די יידן פון דענעמאַרק, די א. ג. "בערנאַדאָט־אַקציע", דאָס אַרויסראַטעווען טויזנטער יידישע פרויען פון די דייטשע לאַגערן און זיי אויסהאַלטן אין שוועדן. דאָס אַריינלאָזן אין לאַנד טויזנטער יידישע עמיגראַנטן אין די יאָרן נאָך דער מלחמה.

איך מיין, אַז עס איז כדאי, עס איז נויטיק, טיילן זיך מיט די איינדרוקן פון שוועדן, פון דעם לאַנד וווּ איך האָב פאַרבראַכט אין עמיגראַציע צוויי און האַלב יאָר. אַ צווייפל דאַרף ביי יעדן, וועלכער האָט אין שוועדן פאַר־בראַכט אַפילו די קורצסטע צייט, פאַרבלייבן די וואַרעמסטע געפילן צום לאַנד און צו דער באַפעלקערונג.

שוועדן פאַרמאָגט אַ באַפעלקערונג פון קנאַפע זיבן מיליאָן מענטשן. אויף עמיגראַציע אין פאַרשידענע לענדער, געפינען זיך נאָך אַ זעקס מיליאָן שוועדן. די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע צוריק מיט יאָרן האָט געטריבן די שוועדן צו עמיגרירן. אין די לעצטע יאָרן, זינט אין לאַנד איז אַ ווווילשטאַנד, עמיגרירן שוין נישט די שוועדן, אָבער זיי האָבן ליב באַזעצן זיך צייטווייליק אין פאַרשידענע אַנדערע לענדער, מיטן צוועק באַקאַנען זיך אויפן אָרט מיט דער שפּראַך, מיט די מענטשן, מנהגים א. א. וו. יונגע אינטעליגענטע שוועדן (מענער און פרויען) נעמען גערן אָן יעטוועדע אַרבעט אין אויס־לאַנד, די פרויען — זייער אָפט הויז־אַרבעט.

אַ שוועדישער מענטש צייכנט זיך אויס מיט זיין רויקייט און געמיט־לעכקייט, דער שוועד איז אָבער נישט פלעגמאַטיש. אָט די אייגנשאַפטן האָבן זיך פאַר די לעצטע יאָרן פון ווילשטאַנד אין לאַנד, נאָך מער פאַר־שטאַרקטביים שוועד. די זיכערקייט אין מאָרגנדיקן טאָג ווירקט אין אַ גרויסער מאָס אויף דעם געמיט־צושטאַנד. שוועדן ווייסט נישט פון קיין מלחמות שוין איבער 150 יאָר. דאָס ווירקט נישט נאָר עקאָנאָמיש, נאָר אויך אויף דער רויקייט און פסיכאָלאָגישער איינשטעלונג פון שוועדישן מענטש. עס בעסערט זיך דער געזונט־צושטאַנד פון די שוועדן — אַ דאַנק דער סאָציאַלער געזעצגעבונג פון דער סאָציאַליסטישער רעגירונג. דאָס מערקט זיך אַפילו אויף דעם וווקס פון שוועד. זיי זענען הויכע, גוט־אַנטוויקלטע. די רויקייט מערקט זיך אויך שטאַרק ביי די שוועדישע פרויען. די געמיטלעכקייט פון דער מוטער טראָגט זיך איבער אויף די קינדער.

וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער נאַטור פון שוועדן־לאַנד ? — בערג, וואַסער, וואַלד. און דער שוועד ווייסט ווי אַזוי אויסצונוצן די נאַטור אין אַלע טיילן פון יאָר. דער שוועד איז אַ קנאַפּער היים־זיצער. פאַרשידנ־אַרטיקער ספּאָרט איז ביים שוועד אַ טאָג־טעגלעכע באַדערפעניש. יעדע פרייע שעה ווערט פאַרבראַכט אויפן "לאַנד".

ביי יעדער פאַמיליע איז ממש אַ פראַגע פון עקזיסטענץ שאַפן זיך אַ הויז אויפן לאַנד, אויב נישט קיין וויללע, אויב נישט קיין געוויינלעך הויז מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, איז מינדסטנס אַ קליינע הייזקע, אַ "שטוגע".

דער שוועד מיידט גערן אויס די שטאָט און ווינט אַ גאַנץ יאָר אויסער דער שטאָט. די קאָמוניקאַציע־באַדינגונגען זענען אַזוי איינגעאָרדנט, אַז עס זענען נישט פאַראַן קיין שום שוועריקייטן צו פאָרן צו דער אַרבעט און צוריק אַהיים.

דער פלאַץ אַרום דעם הויז אויפן לאַנד, אויך אין שטאָט, איז פאַר־פלאַנצט מיט בלומען. עס איז צו באַוווּנדערן די ליבשאַפט צו בלומען. יעדעס שטיקל ערד, אַפילו די בערג, די שטיינער, וועלכע זענען דאָ אַזויפיל אומעטום. דאָס הויז שטייט ביי אַ באַרג, אָדער אויף אַ באַרג. דער פלאַץ אַרום דעם הויז איז "באַוואָקסן" מיט שטיינער און אַלץ איז מיט בלומען.

נישטאָ אַזאַ פאַל, אַז אַ שוועד זאָל באַזוכן עמיצן אָן בלומען. נאָך אַ באַזוך פון קראַנקע אין אַ שפּיטאָל קאָן זיך די אַדמיניסטראַציע קיין עצה נישט געבן מיט די בלומען. עס איז נאַטירלעך ביי די שוועדן די ליבשאַפט צו וואַסער. יעדער מוז האָבן אַ שיפל, דער רייכער אַ יאַכטע, ווער אַ זעגל־שיף, אַ מאָטאָר־שיפל, אָדער פשוט אַ געוויינלעך שיפל, אָבער יעדער פאָרט אויפן ים.

די הייזער אויפן לאַנד ווערן געבויט אַזוי, אַז כאָטש איין פענצטער זאָל אַרויסקוקן צום וואַסער.

די אַרבעט שבת, ביז 12 פאַרמיטאָג, איז אַ גאַנץ יאָר אָן אָפּקומעניש פאַר דעם שוועד. אין די זומערדיקע מאָנאַטן קומען זיי נישט מאַסנווייזן שבת צו דער אַרבעט. אַלץ לויפט צו די שיפלעך, אַלץ לויפט אויפן לאַנד. אין די ווינטערדיקע מאָנאַטן — צו די נאַרטן.

געוויינטלעך לאָזט זיך אַרויס אויפן לאַנד, צום וואַסער, די גאַנצע פאַמיליע, אַפילו מיט די פּיצלעך קינדער. ווינטער אויף די נאַרטן אויך דאָס זעלבע; דער פאָטער טראָגט אַ קינד אויף די אַקסלען.

אין קיין שום לאַנד באַנוצט מען זיך נישט אַזויפיל מיט בייציקלען, פון גרויס ביז קליין. דאָס דאַרף מען זען מיט די אייגענע אויגן. עס מאַכט אַן איינדרוק, אַז דאָס שוועדישע קינד ווערט געבוירן אויף אַ בייציקל. די וועגן ווערן ממש פאַרפלייצט מיט גאַנצע משפחות אויף די בייציקלען. געוויינטלעך פירן די עלטערן אויף זייערע בייציקלען דאָס קליינוואַרג. די איבריקע פאַמיליע־מיטגלידער פאָרן מיט. אויף בייציקלען פאָרט מען אין שוועדן מאַסנווייז צו דער אַרבעט, אויף שפּאַציר, געשעפטלעך; די פרויען אין קאָנסום (קאָאָפּעראַטיוו) איינקויפן, דערביי געוויינלעך 2 קינדער מיט זיך אויפן בייציקל. אין די שעהן, ווען דער עולם פאָרט פון דער אַרבעט זעט דאָס אויס, אין שטאָקהאָלם צ.ב. ווי אַ דעמאָנסטראַציע פון טויזנטער אויף בייציקלען.

מיט בייציקלען באַנוצט מען זיך אויך אין שכנישן דענעמאַרק, מאַסנווייז. איך האָב דאָס אָבסערווירט אין דער הויפּטשטאָט קאָפּענהאַגען, אָבער דאָרט איז דאָס נישט אין אַזאַ צאָל, דערביי זענען די בייציקלען אַלטע, גענוצטע, אין שוועדן שטענדיק נייע. אויך אַ סימן פון ווילשטאַנד.

אין דער הויפּט־שטאָט פון שוועדן אין שטאָקהאָלם מיט אַ באַפעלקערונג פון 800 טויזנט נפשות טרעפט מען אין די גאַסן אין די ספּעציעלע דערצו פּונקטן שטענדיק אַרום 120 טויזנט בייציקלען אין די אַרבעטס־שעהן.

## די עקאָנאָמישע לאַגע

שוועדן איז אַ נייטראַל לאַנד און די שוועדן נעמען זיך דערמיט איבער. אין דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיך זיי דאָס ווידער איינגעגעבן, אָבער נישט צוליב זייער חכמה. פאַר היטלערן האָט אַזוי געטויגט בעסער. אוודאי האָט שוועדן פּראָספּערירט אין די מלחמה־יאָרן. אין די מלחמה און אין די נאָכמלחמה־יאָרן איז אין שוועדן געוועזן איינגעפירט אַ ראַציאָנירטע פאַרטיילונג פון פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך.

עס איז צו באַוווּנדערן וויאַזוי די באַפעלקערונג איז דיסציפּלינירט. מצד די פאַרמעגלעכע און קליינבירגערטום זענען פאַראַן אַזויפיל טענות צו דער סאָציאַליסטישער רעגירונג, אָבער אַלע האָבן די פולע זיכערקייט, אַז די רעגירונג וועט די גאַנצע באַפעלקערונג באַזאָרגן מיט אַלעם נויטיקן, און אויב עס איז אין עפּעס אַ מאַנגל, קאָן אַנדערש נישט זיין, איז דאָס אויך גלייך פאַר אַלעמען. עס איז אָבער נויטיק אונטערצושטרייכן וויאַזוי עס זעט אויס דאָס באַזאָרגן דער באַפעלקערונג מיט אַלעם נויטיקן. שוועדן איז שטענדיק אויסגעשטעלט אויף אימפּאָרט פון סאַמע נויטיקסטע אַר־טיקלען. די פראַגע פון אויסלענדישער וואַליוטע איז אַ פּראָבלעם.

אין הסכם מיט די סאָציאַליסטישע פּרינציפּן ווערט דער עקספּאָרט און אימפּאָרט רעגולירט און קאָנטראָלירט דורך דער רעגירונג. דער עקס־פּאָרט און אימפּאָרט ווערט געפירט אין די אינטערעסן פון לאַנד, נישט בלויז אין די אינטערעסן פון די סוחרים. דאָס שטערט נישט די לעצטע מאַכן גוטע געשעפטן מיט גרויסע פּראָפיטן.

מיטן אימפּאָרטירן דאָס וויכטיקסטע איז מען אויסן אין דער ערשטער ריי פאַרזאָרגן די באַפעלקערונג מיט אַלעם נויטיקן. דעריבער איז קיינמאָל נישט צו באַמערקן קיין כאַפּעניש פון פּראָדוקטן, זיך פאַרזאָרגן אויף שפּע־טער א. א. וו.

זייער שנעל איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דער קאַרטן־סיסטעם, דאָס ראַציאָ־נירן די פּראָדוקטן. ראַציאָנירט זענען נאָר די אַלקאָהאָלישע געטראַנקען, און דאָס איז נישט צוליב מאַנגל אין דעם, נאָר צוליבן קאַמף מיט אַלקאָהאָליזם. יעדער מענטש באַקומט אַ באַשטימטן קוואַנטום בראַנפן, אָדער וויין אויף אַ מאָנאַט, אויסער אויף ספּעציעלע פאַמיליע־פייערונגען. דער שוועד אין אַלגעמיין האָט ליב אַביסל משקה. עס וואָלט זייער שלעכט אויסגעזען ווען עס זאָל נישט זיין אָט די ראַציאָנירונג אויף אַלקאָהאָל.

ביי די שוועדן אין קאָווע אַ נאַציאָנאַלער געטראַנק. דער פּראָדוקט איז אויך אַ צייט געווען ראַציאָנירט. יעדער פּרווו פאַרקלענערן אָט דעם אימ־פּאָרטירטן טייערן אַרטיקל האָט שטענדיק אַרויסגערופן בייז בלוט ביי דער באַפעלקערונג.

די סאָציאַליסטישע רעגירונג האָט קיינמאָל נישט אָנגערירט אין דער מינדעסטער מאָס דעם סיסטעם פון פּריוואַט־אייגנטום. עס זענען איינ־געפירט הויכע שטייערן, די אַרבעטער צאָלן פון זייערע לוינען שטייערן פון 12—14 פּראָצענט.

שטאַרק באַלאַסטעט מיט שטייערן זענען כלערליי אונטערנעמונגען. דאָס צווינגט זיי אָרגאַניזירן זיך אין פאַרשידענע אַקציע־געזעלשאַפטן. די לעצטע קאָנען לייכטער איבערטראָגן דעם שטייערן־לאַסט. דאָס אַלץ שטערט נישט די עקזיסטענץ פון פּריוואַטע אונטערנעמונגען. די לעצטע, אויך די אַקציען־געזעלשאַפטן, פּראָספּערירן גאַנץ גוט, טראָץ די הויכע שטייערן. אין לאַנד איז אַ ווױלשטאַנד. די באַפעלקערונג ווייסט נישט פון קיין אַרבעטס־לאָזיקייט. פאַרקערט, עס פילט זיך אַ שטענדיקער מאַנגל אין אַרבעטס־הענט, דער עולם קויפט, דער פאַרברויך איז אַ גרויסער.

עס איז פעסטגעשטעלט, אַז פון יאָר צו יאָר ווערט אַלץ ווייניקער די צאָל מיליאָנערן אין שוועדן, די באַפעלקערונג גלייכט זיך שטופנווייז אויס אין איר ווױלשטאַנד.

איינע פון די וויכטיקסטע דערשיינונגען אין ווירטשאַפטלעכן לעבן פון שוועדן איז די פּרייזן־קאָנטראָל דורך דער רעגירונג. אויף אַלץ גילטן די פּרייזן, פעסטגעשטעלטע דורך די באַרופענע דערצו רעגירונגס־אָרגאַנען.

ווען אין רעזולטאַט פון די וואַלוטע־ענדערונגען אויפן וועלט־מאַרק,

איז אַראָפּגעגנידערט געוואָרן דער ווערט פון שוועדישן קראָן, צוגלייך מיטן שטערלינג־פונט, און ווען עס זענען במילא געשטיגן די פּרייזן אויף אַלע אימפּאָרטירטע סחורות, האָט זיך דאָס אין שוועדן אָפּגערופן ערשט אין אַ יאָר אַרום. דאַן, ווען צום קאָנסומענט זענען דערגאַנגען די נייע סחורות. אין דער זעלבער צייט זענען אַלע אַרטיקלען פון פריער פאַרקויפט געוואָרן צו פריערדיקע ביליקערע פּרייזן.

## קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג

שוועדן פאַרמאָגט אַ גרויסע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג. דאָס לאַנד האָט אויף דעם געביט אַ לאַנגיעריקע פּראַקטיק און רוטין. טויזנטער קאָנסום־געוועלבער אין אַלע עקן לאַנד באַזאָרגן די שוועדישע באַפעלקערונג מיט פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך. אויך מלבושים און שיך אין אַ גרויסער מאָס פון אייגענע קאָאָפּעראַטיווע פאַבריקן.

אין דער אָנפירערשאַפט פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג פאַרנעמען די סאָציאַליסטן אַן אָנגעזעענעם אָרט. די אומזאַצן פון דער קאָאָפּ־באַוועגונג זענען זייער גרויסע. די באַוועגונג פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער אַלגעמיינערווירטשאַפט פון לאַנד. זי נעמט איבער אַלע מאָל אין איר רשות פּריוואַטע אונטערנעמונגען, וועלכע געפינען זיך אין אַ שלעכטן צושטאַנד. אַלע טוער און באַשעפטיקטע אין דער באַוועגונג, סיי אויף אָנפירנדע אַמטן, סיי פאַרקויפער אין די געוועלבער זענען ספּעציעל געשולטע, אין די לערנאַנשטאַלטן פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

## בילדונג

שוין העכער 100 יאָר ווי אין שוועדן איז די פאָלקס־שול אָבליגאַטאָריש. איצט ווערט איינגעפירט אַ 9־יאָריקער אָבליגאַטאָרישער בילדונג־סיסטעם. די פאָלקסשול איז אין שוועדן אומזיסט; די קינדער באַקומען אין שול אומזיסט עסן און לערנביכער. די מיטעלע בילדונג איז טיילווייז אומזיסט.

די נויטבאַדערפטיקע סטודענטן אין די הויכשולן באַקומען נאָך פון דער רעגירונג גרויסע הלוואות, וועלכע זענען צום אָפּצאָלן ווען דער סטודענט ענדיקט זיין בילדונג און אַרדנט זיך איין זעלבשטענדיק.

אין שוועדן עקזיסטירט אַ שיינע טראַדיציע. ביים אָפּגעבן דעם לעצטן עקזאַמען אין דער מיטלשול באַקומט דער גראַדואירטער פון זיינע נאָענט־סטע אַ סטודענטן־היטל גלייך ביים אַרויסגיין פון עקזאַמיניר־צימער. דאַן ווערט ער, אָדער זי, אַרויסגעכאַפּט דורך די נאָענטסטע און חברים אויף דער גאַס, אַרויפגעזעצט אויף אַן אָפענעם אויטאָ־וואָגן געשפּאַנט אין פערד, אָדער אויף אַ קינדער־וועגעלע, אָפט אַפילו אין אַ טאַטשקע. דער גראַדואיר־טער ווערט נאַטירלעך באַוואָרפן מיט בלומען. אין באַגלייטונג פון זיינע חברים און קרובים ווערט ער געפירט איבער די גאַסן מיט געזאַנג. ביים ענדע פון שול־יאָר טרעפט איר יעדן טאָג אַזעלכע פּראָצעסיעס. זייער אָפט ווערט די גאַסן־באַוועגונג אָפּגעשטעלט צוליב אָט די פּראָצעסיעס. קיינער האָט אָבער נישט קיין טענות, אַלע זענען צופרידן.

## די קעניגלעכע משפחה

די קעניגלעכע משפחה איז נישט אַקטיוו אין פּאָליטישן לעבן פון לאַנד. דער מלוכה־בודזשעט איז אויך נישט אַזוי שטאַרק באַלאַסטעט פאַר דער קעניגלעכער משפחה. די לעצטע איז פריינטלעך צום פאָלק. דאָס אַלץ איז אַ גרויסע מעלה פאַר ביידע צדדים. אייניקע מיטגלידער פון דער קעניגלעכער משפחה זענען באַטייליקט אין פאַרשידענע אונטערנעמונגען, אין דער פילם־פּראָדוקציע און אַנדערע.

אין די מלחמה־יאָרן האָט זיך די קעניגלעכע משפחה פאַרהאַלטן אָן פאָרוואורף — האָט דעריבער די קעניגלעכע משפחה אַן אָנזען ביי אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. דאָס שוועדישע פאָלק לעבט און מאַכט־מיט אַלץ וואָס קומט פאָר אין קעניגלעכן הויף. אַ געבורט פון אַ נייעם מיטגליד אין דער משפחה רופט אַרויס אַ שמחה אין לאַנד, דער טויט פון וועמען — אַן אַלגעמיינעם טרויער. ווען עס איז נישט לאַנג געשטאָרבן דער שוועדי־שער קעניג אין עלטער פון 92 יאָר, איז דאָס באמת געווען אַ פאָלקס־טרויער.

## דאָס קולטור־לעבן

דאָס קולטור־לעבן אין שוועדן שטייט, אין אַלגעמיין, אויף אַ הויכן ניוואָ. אַ סך באַזיצן אויסלענדישע שפּראַכן. ווען דער עלטערער דור באַנוצט זיך מיט דייטש, מערקט זיך לעצטנס אַ פּאַסיווע באַציונג צו דער דאָזיקער שפּראַך. דער איצטיקער דור לערנט ענגליש. ביכער אין שוועדיש און אין אַנדערע שפּראַכן ווערן פּאַרקויפט אין גרויסע צאָלן. די טעגלעכע פּרעסע האָט אַ גרויסן טיראַזש, מען קאָן זאָגן, אַז יעדער, בוכשטעבלעך, קויפט אַלע טאָג צוויי צייטונגען, אַ מאָרגן־ און אַ נאָכמיטאָג־אויסגאַבע. אין אַמעריקע לייענט מען נישט, פּראָפּאָרציאָנעל, אַזויפיל צייטונגען.

די פאַרשפּרייטסטע ליבעראַלע צייטונגען זענען דער אָרגאַן פון דער פאָלקס־פּאַרטיי "דאַגעס ניהעטער" מיט איר נאָכמיטאָג־אויסגאַבע "עקס־פּרעס". נישט קיין קלייגעם טיראַזש האָט די טאָג־צייטונג פון די קאָנסער־וואַטיווע "סווענסקאַ דאַגעבלאַט". דעם קלענסטן טיראַזש האָט די קאָמוניס־טישע פּרעסע מיט איר צענטראַל־אָרגאַן, די טעגלעכע צייטונג "ני דאַג". דאָרט ווו עס עקזיסטירט פּרייהייט, דעמאָקראַטיע, דערצו וווילשטאַנד, האָט דער קאָמוניזם אַ קנאַפּע ווירקונג.

די פּרעסע פון דער שוועדישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, די "מאָרגן טידנינגען" און נאָכמיטאָג־אויסגאַבע "אַפטאָן טידנינגען" מאַכט אויס 15 פּראָצענט פון אַלגעמיינעם טיראַזש פון דער טעגלעכער פּרעסע.

איך האָב דערמאָנט בלויז די פּרעסע אין דער הויפּטשטאָט שטאָקהאָלם. ווען מיר וועלן נאָך צוגעבן די גרויסע צאָל וועכנטלעכע זשורנאַלן, באַקומט זיך אַ בילד פון דעם מאַסן־פאַרברויך פון צייטונגען און זשורנאַלן אין שוועדן.

## פּאָליטישע פּאַרטייען

די פּאַרטיי, וועלכע רעפּרעזענטירט דעם קאַפּיטאַליסטן־קלאַס איז די קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי, וואָס האָט בשעתו געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויפן פּאָליטישן לעבן אין לאַנד. די לעצטע יאָרן מערקט זיך אַ באַדייטנ־

דיקע פאַרקלענערונג פון איר ווירקונג. די קאָנסערוואַטיסטן פאַרלירן אויפן חשבון פון דער פאָלקס־פאַרטיי (ליבעראַלן). די פאַרטיי פון קליינבירגער און אַ טייל פון באַאַמטנטום.

די פאָלקס־פאַרטיי האָט אין די לעצטע יאָרן אויך דורכגעמאַכט פאַר־שידענע וואַקלונגען, אין פאַרלאַמענט באַשווערן זיי, צוזאַמען מיט די קאָנ־סערוואַטיסטן, די אַרבעט פון דער סאָציאַליסטישער רעגירונג. אויפן דאָרף ווירקט די פויערים־פאַרטיי.

אינערהאַלב דעם פאַרלאַמענט ווערט די סאָציאַליסטישע פאַרטיי גע־שטיצט דורך די קאָמוניסטן. היות אָבער די קאָמוניסטן פאַרלירן יעדעס מאָל מאַנדאַטן ביי די פאַרלאַמענט־וואַלן, ליידן דערפון די סאָציאַליסטן.

ביי די לעצטע וואַלן צום ריקסדאַג (פאַרלאַמענט) האָט די סאָציאַ־ליסטישע פאַרטיי באַקומען 49.5 פּראָצענט שטימען. די פאַרטיי ציילט 700 טויזנט מיטגלידער. דאָס לאַנד גרייט זיך צו די פאַרלאַמענט־וואַלן אין יאָר 1952. לעצטנס האָבן די סאָציאַליסטן אַריינגענומען אין דער רעגירונג פאָרשטייער פון דער פויערים־פאַרטיי, דאָס וועט פאַרשטאַרקן די פּאָזיציע פון דער סאָציאַליסטישער רעגירונג.

## סאָציאַליסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס

די סאָציאַליסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע ציילט העכער 100 טויזנט מיטגלידער. די יוגנט ווערט דערצויגן אין גייסט פון דעמאָקראַטישן סאָ־ציאַליזם. זיי זענען נישט קיין אויסגעשפּראָכענע מאַרקסיסטן. די אַרבעט פאַר דער יוגנט גייט אין דער ריכטונג פון צוגרייטן זיי צו פאַרנעמען אַמטן אויף אַלע געביטן פון מלוכה־לעבן, אין דער ווירטשאַפט, קאָאָפּעראַציע, קאָמונאַלע אינסטיטוציעס און פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג.

אויפן געביט פון קולטור איז ביי דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי טע־טיק דער אָ. ג. אַרבעטער־בילדונגס־פאַרבאַנד (א. ב. פ.), אַן אָרגאַניזאַציע מיט אַ גרויסער רוטין און פּראַקטיק אויף דעם געביט. רעפעראַטן, ביב־ליאָטעקן, כאָרן, מוזיק, אַלגעמיינע בילדונג, שפּראַכן־קענטעניש, דאָס איז אַ טייל פון דער טעטיקייט פון א. ב. פ.

## פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען

אין די אַ.ג. פאַך־פאַריינען זענען אָרגאַניזירט 96־97 פּראָצענט פון אַלע אַרבעטנדיקע, צוזאַמען איין מיליאָן קנאַפּע דריי הונדערט טויזנט מיט־גלידער. די גרעסטע פאַריינען זענען: די מעטאַל־אַרבעטער מיט 215 טויזנט מיטגלידער; בוי — 109 טויזנט מיטגלידער; מוניציפּאַל — 80 טויזנט מיטגלידער; טראַמוויי — 67 טויזנט מיטגלידער.

די קאָמוניסטן האָבן פאַרלוירן זייער השפּעה אין די פאַריינען. זיי האָבן אין די פאַריינען כמעט קיין השפּעה נישט.

## באַוואָפענונג

די באַוואָפענונגס־לאַגע: איך האָב שוין פריער דערמאָנט, אַז אין לאַנד איז אַ ווילשטאַנד, אָבער עס פילט זיך אַ געוויסע דעפּרעסיע. די פּרייזן־שטייגערונג אויף רוישטאָפן, אויף די וועלט־מערק, די מלחמה־שטימונג, מוז דאָך אויך שווערן פאַרגרעסערן איר בודזשעט אויף באַוואָפנונג. גאַנץ נאַטירלעך, אַז דאָס לאָזט זיך פילן אויף דעם ווירטשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד. די סאָציאַליסטישע רעגירונג ווענדעט אָן אַלע מעגלעכע מיטלען נישט צו דערלאָזן, אַז דער יקרות זאָל שטייגן.

די סוחרים און אונטערנעמער מאַכן אַלע באַמיונגען זיך צו באַפרייען אין דער ערשטער ריי פון דער פּרייז־קאָנטראָל. דערווייל האָט זיך זיי דאָס נישט איינגעגעבן. פאַרקערט, די רעגירונג מיינט מיט דער אונטער־שטיצונג פון דער פּויערים־פּאַרטיי, דורכצופירן אַ געזעץ נאָך מער צו באַשטייערן די פאַרדינסטן פון די עקספּאָרטערן פון וואַלד, האָלץ־מאַטער־יאַלן, צעלולויד א״אַנד. די הכנסות דאַרפן גיין אויף העכערן דעם לעבנס־ניוואָ פון די אַרבעטנדיקע.

## אַרבעטס־באַדינגונגען

אין אַלגעמיין איז קיין אַרבעטסלאָזיקייט אין שוועדן נישטאָ. פאַר־קערט, עס פילט זיך אַ מאַנגל אין אַרבעטס־הענט אין גאַנצן לאַנד. באַזונ־דערס אין די צפון־געביטן פון לאַנד.

אין אַלע פאַכן גילטן אָפּמאַכן פון די פאַריינען מיט דער אָנפירערשאַפט פון די אַרבעטסגעבער. אין פאַרלאַמענט איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַ ניי געזעץ, וואָס גאַראַנטירט אַ דריי־וואָכיקן באַצאָלטן אורלויב. עס איז אינ־טערעסאַנט, אַז פאַרן דאָזיקן געזעץ האָבן אויך געשטימט די קאָנסערוואַ־טיסטן. עס איז דאָך ערב וואַלן.

אין יעדער פאַבריק איז אויסגעטיילט אַ פאַריינס־פאַרשטייער, וועלכער האָט די אויפגאַבע, אַחוץ איינמאָנען דעם פאַריינס־אָפּצאָל און אַנדערע אויפגאַבן, אויך דערליידיקן אויפן אָרט די קאָנפליקטן צווישן די אַרבעטער און אַרבעטסגעבער. אַזעלכע קאָנפליקטן קומען געוויינלעך נישט אויפן באָדן פון וויכטיקע פראַגן, זיי טראָגן אַן אינדיווידועלן כאַראַקטער. ווען אַן אַרבעטער פילט זיך באַעוולט ביי דער אַרבעט מאַכט ער זייער אָפט אַ פּשוטן אויספיר. ער דערפירט נישט דעם ענין צו קיין קאָנפליקט, ער פאַר־לאָזט פּשוט די פאַבריק. מיט באַקומען אַרבעט האָט ער דאָך קיין דאַגה נישט.

אין יעדן פאַל איז געזיכערט אַ מינימאַלער לוין, וועלכער גיט די מעג־לעכקייט זיך אַדורכלעבן. אין אַלגעמיין איז איינגעפירט דער סיסטעם פון אינדיווידועלן און קאָלעקטיוון אַקאָרד. אַלס כלל איז נישטאָ קיין גרויסע "שער" אין די לוינען.

## די שטאָטראַטן

די שטאָטראַטן שפּילן אַ ראָל פון קליינע פאַרלאַמענטן, ספּעציעל אין שטאָקהאָלם. אַ גאַנצע ריי שטאָט־ראַטן האָבן אַ סאָציאַליסטישע מערהייט. די אַרבעט פון די שטאָט־פאַרוואַלטונגען איז איינגעשטעלט אויסשליסלעך פאַרן וווּל פון דער באַפעלקערונג. אָט די איינשטעלונג איז אַזוי כאַראַק־טעריסטיש פאַר אַלע אינסטיטוציעס אין שוועדן — דער באַאַמטער איז פאַר דער באַפעלקערונג, נישט פאַרקערט.

דער פאָרזיצער פון דער סאָציאַליסטישער פראַקציע אין שטאָקהאָלמער שטאָט־ראַט איז אַלמאַר מעהר, דער זון פון דער פאָרזיצערין פון דער שטאָקהאָלמער בונדישער גרופּע, שרה מעהר.

*
* *

סאָציאַלע געזעצגעבונג. די איינשטעלונג פון דעמאָקראַטישן סאָציאַ־ליזם, אַז פון אַלע מינים סאָציאַלע געזעצן געניסן אַלע גלייך, אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, קומט צום פולסטן אויסדרוק אין שוועדן.

*
* *

עלטער־פאַרזאָרגונג. אין עלטער פון 65 יאָר באַקומט יעדער איינ־וווינער אַן עלטער־פאַרזאָרגונג. די סומע גיט די מעגלעכקייט, כמעט, צו דעקן די באַדערפעניש פון אַן אַרבעטס־מענטש. די עלטער־אונטערשטיצונג שטערט נישט קיינעם צו אַרבעטן און פאַרדינען. דאָס איז אַ געוויינלעכע דערשיינונג.

קינדער־בייטראַג: דאָס איז אַ מין שטייער אין דער פאַרקערטער ריכ־טונג, פון דער מלוכה פאַר אַלע קינדער אָן אונטערשיד. יעדן קוואַרטל באַקומען די עלטערן צוגעשיקט אַ טשעק פאַר יעדן קינד, דאָס זעלבע פאַר אויסלענדער. עס איז שוין אַ טראַדיציע ביי די שוועדן, אַז פאַר די געלטער ווערן די קינדער גאַנץ פיין באַקליידט. עס איז נישט צו באַמערקן אַ שלעכט־געקליידט קינד. דאָס זעלבע באַציט זיך אויך צו אַלע דערוואַקסענע. צו דער גאַנצער באַפעלקערונג.

## שפּיטאָל־וועזן

דאָס שפּיטאָל־וועזן שטייט אויף אַ זייער הויכן ניוואָ. ביי יעדן שפּיטאָל זענען פאַראַן גרויסע אַמבולאַטאָריעס. פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל באַקומט יעדער כלערליי מעדיציניש ע הילף. פאַר מעדיצין אין די אַפּטייקן צאָלט מען באַזונדער. מיט דער קלענסטער קרענק קומט דער שוועד אין שפּיטאָל, ווו ער באַקומט די בעסטע באַהאַנדלונג. דער אָפּצאָל אין שפּיטאָל איז באמת אַ נישטיקער. די מלוכה איז שטענדיק באַזאָרגט וועגן דעם געזונט־צושטאַנד פון דער באַפעלקערונג. פון דעם שפּיטאָל־וועזן געניסט אין דער פולער מאָס די גאַנצע באַפעלקערונג, אַרבעטער און רייכע. יונג און אַלט.

די געבורטס־אַנשטאַלטן שטייען אויף אַ גאָר הויכן ניוואָ. די באַציונג צו דער מוטער און דעם ניי־געבוירענעם קינד איז די בעסטע. דער אָפּצאָל איז דאָרט אויך כמעט נאָר אַ סימבאָלישער.

אין די געבורטס־אַנשטאַלטן זענען פאַראַן ספּעציעלע אָפּטיילונגען פאַר נישט געהייראַטע פרויען, וועלכע קומען אין אַזאַ אַנשטאַלט. זיי ווערן באַהאַנדלט מיט אַ ספּעציעלער זאָרג. דאָס מיידל־מוטער ווערט נישט אַרויסגעלאָזט פון שפּיטאָל ביז עס איז פאַראַן די זיכערקייט, אַז זי האָט אַ היים און אַרבעט. דאָס זעלבע וועגן קינד. ווען זי האָט נישט די מעג־לעכקייט אַליין אויסצוהאַלטן דאָס קינד, ווערט עס באַזאָרגט דורך דער מלוכה.

מיט איין וואָרט, די באַפעלקערונג האָט נישט קיין זאָרג. אין אַ נויט־פאַל איז דאָ וווהין אָנצוקומען נאָך הילף. אונטערשטיצונג אין פאַל פון נישט־פעיקייט פון אַרבעט איז ביי די באַדינגונגען אין שוועדן אַ גאַנץ נאַטירלעכע דערשיינונג.

## זאָרג פאַר אויסלענדער

אויסלענדער. עס איז אַ וויכטיק פּראָבלעם אין שוועדן. דאָס דאָזיקע לאַנד האָט תמיד געהאַלטן אָפן די טויערן פאַר פּאָליטישע עמיגראַנטן. אין די נאָכמלחמה־יאָרן איז קיין שוועדן געגאַנגען אַ שטראָם פון טויזנטער עמיגראַנטן. עס איז באַקאַנט וויפל פאַרשטענדעניש, מענטשלעכקייט און הומאַניזם עס איז אַרויסגעוויזן געוואָרן מצד דער שוועדישער סאָציאַליס־טישער רעגירונג, באַזונדערס דאָס צוטיילן דעם אַרבעטער־קאָמיטעט הונדערטער וויזעס.

אין די נאָכמלחמה־יאָרן האָבן זיך אין שוועדן צונויפגעזאַמלט עמיג־ראַנטן פון אַלע לענדער פון הינטערן אייזערנעם פאָרהאַנג. פון אַזיל־רעכט געניסן אַלע פּאָליטישע עמיגראַנטן אָן אונטערשיד פון זייערע פּאָליטישע איבערצייגונגען, אַחוץ, נאַטירלעך, קאָמוניסטן. אַזעלכע קומען נאָר מיטן ציל צו שפּיאָנירן. די גרעסטע צאָל עמיגראַנטן זענען פון די באַלטישע לענדער, וועלכע זענען "באַפרייט" און ליקווידירט געוואָרן

דורך די סאָוויעטן. אַזעלכע זענען געווען אין שוועדן אַרום 190 טויזנט. די עמיגראַנטן לעבן זיך אויס אין זייערע אָרגאַניזאַציעס, די סאָציאַליסטישע גרופּן באַזונדער. עס האָט אויך עקזיסטירט אַ פאַרשטענדיקונג־קאָמיטעט פון די סאָציאַליסטישע גרופּן פון די לענדער הינטער דעם אייזערנעם פאָרהאַנג.

סטאַלין לייזט אָבער פאַרשידענע פּראָבלעמען זיצנדיק אין קרעמל. די מלחמה־שטימונג, דער קאַלטער קריג, די אָנגעשטרענגטע באַציונגען צווישן מזרח און מערב האָבן אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף די אויסלענדער אין שוועדן. עס איז געקומען פּשוט צו אַ מהומה. די עמיגראַנטן פון די באַל־טישע לענדער פאַרלאָזן שוועדן מאַסנווייז, אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן.

די שוועדישע רעגירונג איז גרייט זיי צו געבן בירגערשאַפט פאַרן טערמין, לויט די געזעצן, ווייל מען נייטיקט זיך אין אַרבעטס־הענט. דאָס האַלט אָבער נישט אָפּ די באַלטן צו פאָרן. ביי זיי איז פאַראַן אַ מורא, אַז אפילו אָן אַ קריג קאָנען זיי ווערן קרבנות. די מורא, אַז סטאַלין קאָן פאַר־לאַנגען פון שוועדן אַרויסצוגעבן די באַלטן ווי רוסישע בירגער. מען ווייסט שוין פון אַזעלכע פאַלן, באַזונדערס אין שכנהשן פינלאַנד. די באַלטן ווערן גערן אויפגענומען אין קאַנאַדע, אויסטראַליע און אַנדערע לענדער.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז דאָס אויפנעמען דורך דער שוועדישער רעגירונג די צום טויט־באַדראָטע יידן פון דענעמאַרק.

## דאָך... אויך אַביסל אַנטיסעמיטיזם

אַנטיסעמיטיזם. יאָ, עס פילט זיך אַזעלכעס אויך אין דעם דעמאָ־קראַטישן שוועדן. עס איז באַקאַנט, אַז דווקא אין שוועדן איז געווען דער צענטער פון וואַנען עס איז פאַרשפּרייט געוואָרן אויף דער גאַנצער וועלט אַנטיסעמיטישע ליטעראַטור. מיט דער דאָזיקער אַרבעט האָט זיך פאַר־נומען דער טרויעריק־באַרימטער שוועד אַבערג. לעצטנס הערט מען אפילו זייער ווייניק פון אים. עס איז קלאָר, אַז ער איז אין דער אַרבעט נישט אַליין. עס איז אויך נישט קיין וווּנדער וואָס עפּעס פון זיין ״אַרבעט״ אויף עקספּאָרט שטעלט זיך אויך אָפּ אין שוועדן גופא. זייער אַ סך פון די פּאָלי־

טישע עמיגראַנטן, ספּעציעל פון די באַלטישע לענדער, זענען מענטשן מיט אַ פאַרגאַנגענהייט אויפן געביט פון מיטאַרבעט מיט די היטלעריסטן. זיי זענען אויפנאַמספּעציק אויף אַזאַ מין אַרבעט פון אַבערגן. צום לויב פון די שוועדן דאַרף געזאָגט ווערן, אַז זיי זענען קנאַפּ אויפנאַמספּעציק פאַר אַנטיסעמיטיזם.

עס איז קלאָר, אַז די יידן דראָט נישט קיין שום געפאַר אויף דעם געביט. די רעגירונג האָט קיינמאָל נישט גענומען ערנסט די טעטיקייט פון דערמאָנטן אַבערג. די רעגירונג האָט געהאַט בדעה אַדורכצופירן איבער אים אַן אונטערזוכונג, צי ער איז נישט פּסיכיש קראַנק. וואַרשיינלעך האָט אַבערג איבערגעטראָגן זיין טעטיקייט ערגעץ אין אויסלאַנד.

## יידן אין שוועדן

יידן אין שוועדן, וווינען שוין איבער 180 יאָר. ביז דעם לעצטן קריג זענען געווען אין שוועדן אַלט־איינגעזעסענע 16,500 יידן; געקומענע פון דייטשלאַנד ביז דער מלחמה — 2,500. צוזאַמען ביז דער מלחמה 9.000 יידן, פון דער אַ״ג בערנאַדאָט־אַקציע — 8.000 יידן, פון דער עמיגראַציע נאָך דער מלחמה 3.000 יידן, צוזאַמען 11.000 יידן, בסך־הכל בערך 20.000 יידן.

די אַלט־איינגעזעסענע יידן שטאַמען כמעט אַלע פון רוסלאַנד. מענטשן פון פאָלק, אַ סך באַטייליקט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, אין די יאָרן פון דער ערשטער רעוואָלוציע אין יאָר 1905. אַלע יידן שטייען מאַטעריעל זייער גוט, קיין אַרבעטער זענען צווישן זיי נישטאָ. די יידן זענען אונטערנעמער, פאַבריקאַנטן, סוחרים, אָדער פּראַקטיצירן אין פרייע פּראָפעסיעס.

די דייטשע יידן זענען אין זייער ווייט־גרעסטער מערהייט האַנדלסמענטשן. זיי זענען אַנטלאָפן פון היטלער־רעזשים און דערביי אַרויסגעפירט זייערע קאַפּיטאַלן. קיין אַרבעטער צווישן זיי האָב איך אויך נישט געטראָפן.

עס מערקט זיך אַ געוויסער אַנטאַגאָניזם צווישן די אַלט־איינגעזעסענע און דייטשע יידן. אַלס כלל לעבן זיך אָט די גרופּן אויס באַזונדער.

## די בערנאַדאָט־אַקציעס

די בערנאַדאָט־אַקציעס איז אַ קאַפּיטל געשיכטע פון דער נישט ווייטער פאַרגאַנגענהייט. דער רויטער קרייץ האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט דער היטלער־רעגירונג וועגן באַפרייען געפאַנגענע פון די דייטשע לאַגערן. דער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט געווירקט אין דער ריכטונג פון אַרויס־נעמען וויפל עס וועט זיך לאָזן יידן. מיט דער אַקציע האָט אָנגעפירט דער באַקאַנטער בערנאַדאָט, אַ מיטגליד פון דער קעניגלעכער משפחה אין שוועדן. שפּעטער דערמאָרדעט אין ישראל.

בערנאַדאָט איז געווען אויף אַ באַזוך אין דער פראַגע ביי הימלערן. צוזאַמען מיט בערנאַדאָטן האָט זיך אין דעם באַזוך באַטייליקט דער שליח פון יידישן וועלט־קאָנגרעס אין שוועדן ד״ר מאַזור (וועגן דעם באַזוך, ווי בכלל וועגן דער אַקציע, האָט ד״ר מאַזור אַרויסגעגעבן אַ בוך). די שטעלונג פון בערנאַדאָטן איז געווען צו ראַטעווען נישט בלויז יידן.

עס האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצוראַטעווען פון די דייטשע לאַגערן אַרום 8 טויזנט יידישע פרויען, אויך אַרום 8 הונדערט יידישע מענער. דאָס איז געשען האַרט פאַר דעם פאַרענדיקן די מלחמה. די 8 טויזנט פרויען האָבן געשטאַמט פון אַלע אייראָפּעישע לענדער, דאָס רוב פון אונגאַרן און פוילן.

עס איז איבעריק צו זאָגן אין וואָס פאַראַ צושטאַנד אָט די קרבנות פון היטלעריזם האָבן זיך געפונען. פיל פון זיי זענען געווען שווער קראַנק. אויפן שטאָקהאָלמער בית־עולם איז אַ גאַנץ גרויסער פּלאַץ פאַרנומען מיט די קרבנות, וועלכע מען האָט שוין נישט געקאָנט אָפּראַטעווען.

צום לויב פון דער שוועדישער רעגירונג מוז געזאָגט ווערן, אַז צו די קרבנות פון פאַשיזם איז אַרויסגעוויזן געוואָרן דער מאַקסימום זאָרג און פאַראינטערעסירונג. פיל זענען אויסגעהאַלטן געוואָרן אין פאַרשידענע קראַנקנהייזער, סאַנאַטאָריעס, ספּעציעל פאַר לונגען־קראַנקע. עס איז געגעבן געוואָרן פאַרשידענע הילף אין אַנדערע פאָרמען, בכדי שטעלן אויף די פיס די אָראָפּגעבראַכטע פרויען. יעדע אַרבעטספעציקע האָט באַקו־

מען אַלע מעגלעכקייטן צו זיין באַשעפטיקט און במילא זיך אויסהאַלטן. אַ סך פרויען האָבן חתונה־געהאַט, פיל זענען אָפּגעפאָרן צוריק אין זייערע לענדער. מען גיט אָן, אַז אַרום 200 פרויען האָבן חתונה געהאַט מיט שוועדן.

אין די לעצטע 40 יאָר, ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז כמעט נישט געווען קיין פרישער צושטראָם פון יידן קיין שוועדן. אין די ערשטע פּאָר צענדליק יאָר האָט זיך נאָך געלאָזט פילן אין אַ געוויסער מאָס אַ יידיש־געזעלשאַפטלעך לעבן.

עס איז נאָך געווען אַ מין אָפּשפּיגלונג און טראַדיציע פון דער אַרבעט, געפירט אין דער אַלטער היים. אַ געוויסע אויפלעבונג האָבן אַריינגעבראַכט פון צייט צו צייט פאַרשידענע פּאָליטישע עמיגראַנטן. לויפנדיק פון רוסלאַנד אין דער ברייטער וועלט, האָבן זיך אייניקע פון זיי צייטווייליק פאַרהאַלטן אין שוועדן.

ספּעציעל האָט זיך דאָס געמערקט אין די אַרבעטער־־גרופּן. אַ לענגערע צייט האָט אָנגעהאַלטן אַ טעטיקייט די בונדישע גרופּע דאָרט. די בונדיסטן, געקומענע אין שוועדן נאָך דער מלחמה, האָבן נאָך געטראָפן אַן אָפּשטאָם פון אָט דער בונדישער גרופּע אין שטאָקהאָלם. די חברטע שרה מעהר, וועלכע האָט אַרויסגעוויזן אַזויפיל איבערגעגעבנקייט צו די בונדיסטן און בכלל צו די אַלע אַראָפּגעבראַכטע קיין שוועדן דורך דעם אַרבעטער־קאָמי־טעט. עס איז מערקווירדיק ווי ביי דער חברטע מעהר, אָט דער געוועזענער גראָדנער פּאַפּיראָסן־מאַכערין, וועלכע איז שוין אין שוועדן איבער 40 יאָר, האָט אַלע יאָרן געטליעט דאָס פייערל פון "בונד".

אין יענע יאָרן איז אין שטאָקהאָלם געגרינדעט געוואָרן אַ דראַמאַטי־שער פאַריין, וועלכער עקזיסטירט ביזן היינטיקן טאָג. אָט דער פאַריין האָט מיט זיין אַרבעט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל ביים אָנהאַלטן ביי די יידן אין שוועדן דעם אינטערעס צו יידישער קולטור, צו יידיש און צו דער יידישער שפּראַך. די "יינגסטע" היינט־צו־טאָג אין דער דראַמאַטישער גע־זעלשאַפט, זענען די 60־ער. ליידער קומט נישט דער נאָכוווקס, די יידישע יוגנט אין שוועדן געבוירענע, ציען נישט דעם גאָלדענעם פאָדעם.

מיטן אָנקומען קיין שוועדן פון דער עמיגראַציע אין די נאָכמלחמה־יאָרן, האָט מען געקאָנט קלערן, אַז דאָ וועט זיך אַריינגיסן אַ פרישער

שטראָם אין דעם שוין פאַרגליווערטן יידישן לעבן, ליידער איז עס נישט אַזוי.

צו לאַנג איז געווען דער איבעררייס. עס האָבן זיך צונויפגעשטויסן צוויי וועלטן, די אַלט־איינגעזעסענע און די לעצטנס געקומענע יידן פון די לאַגערן, אַנטלאָפענע פון נאָכמלחמהדיקן פוילן. מענטשן, וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם פּיין פון די מלחמה־יאָרן אין דעם סאָוויעטישן "גן־עדן". פאַרשידענע מענטאַליטעטן, באַגריפן, השגות. פון איין זייט מענטשן גוט־איינגעפונדעוועטע, מיט שוועדישע באַגריפן, וואָס האָבן איבערגענומען די שוועדישע רויקייט אאַז"וו. פון דער צווייטער זייט יידן פון מזרח־אייראָ־פּעישע לענדער, מערסטנס פּוילישע יידן, מיט אַלע זייערע פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע אייגנשאַפטן. אין אַזעלכע פאַלן פאָדערט זיך צייט, נאָרמאַלע באַדינגונגען.

די פּירשע עמיגראַנטן, הגם געווען אויסגעמאַטערטע פון די מלחמה־יאָרן פיזיש און גייסטיק, וואָלט מיט דער צייט אפשר געקאָנט זיין אָט דער פרישער שטראָם אינעם גייסטיקן לעבן פון די יידן אין שוועדן. מען האָט דאָך נאָך אין זיך געטראָגן די טראַדיציעס פון דעם אַזוי רייכן גייסטיקן לעבן אין פּוילן. אַלס כלל האָבן אָבער די פּריש־געקומענע נישט פאַרבונדן זייער צוקונפט מיט שוועדן. די מלחמה־יאָרן האָבן צעשטערט זייערע היימען, אומגעבראַכט זייערע נאָענטע. די מלחמה־יאָרן האָבן אויך צוגענומען ביי זיי די רו, דער אומרו טרייבט זיי ווייטער. טראָץ דעם, וואָס יעדער האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו אַרבעטן און זיך אויסהאַלטן, איז ביי דער ווייט־גרעסטער טייל געווען די אָריענטאַציע — ווייטערדיקע עמיגראַ־ציע. דאָך וואָלט זיך אַ געוויסער טייל יידישע עמיגראַנטן פאַרהאַלטן אין שוועדן, און פאַר זיך געשאַפן אַ נייע היים דאָרט, איז אָבער געקומען די נייע מלחמה־געפאַר, די נאָענטקייט פון רוסלאַנד, מיט אַלע מעגלעכע פּערספּעקטיוון צו טרעפן זיך אויפסניי מיט די קאָמוניסטן. האָבן די פּרישע עמיגראַנטן אָנגעהויבן מאַסנווייז פאַרלאָזן שוועדן.

און דאָך וועט זיך אַ טייל אָפּשטעלן אין שוועדן. עס איז אָבער אַ ספק צי זיי וועלן קאָנען זיין אָט דער אָפּפרישנדיקער שטראָם, פאַרן שוואַכן אָרגאַניזם פון די איינגעזעסענע שוועדישע יידן.

ביי דער געלעגנהייט איז כדאי צו דערמאָנען דעם טרויעריקן פֿאַקט, אַז דער אויבער־ראַבינער פֿון שוועדן מאַרקוס ערנפּרייז איז אין די ערשטע יאָרן פֿון דער מלחמה געווען קעגן אַריינלאָזן יידן קיין שוועדן.

עס איז נייטיק נאָכאַמאָל אונטערצושטרייכן דעם גרויסן אינטערעס, וואָס עס איז אַרויסגעוויזן געוואָרן צום פּראָבלעם יידישע עמיגראַציע קיין שוועדן דורך דער סאָציאַליסטישער רעגירונג.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז די עמיגראַציע קיין שוועדן נאָך דער מלחמה און די ראָל וואָס דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט געשפּילט דערביי און בכלל וועגן די באַציונגען פֿון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט מיט דער שוועדישער סאָציאַליסטישער רעגירונג. דאָס זענען אָבער פּראָבלעמען פֿאַר אַן אָפּהאַנדלונג פֿאַר באַרופֿענע דערצו.

עס איז אויך נייטיק אונטערצושטרייכן, אַז אַ גאַנץ גרויסע הילפֿס־אַרבעט פֿאַר יידישע עמיגראַנטן, ספּעציעל פֿאַר יידישע פֿרויען, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן קיין שוועדן מיט דער בערנאַדאָט־אַקציע, האָבן געפֿירט די שוועדישע יידישע קהילות (די "מאָזייסקע פֿאַרזאַמלונגען"), ספּעציעל אין שטאָקהאָלם און אין מאַלמע.

די הילף איז געקומען אין דער פֿאָרם פֿון געלט־אונטערשטיצונגען, וווינונגען, בייהילפֿיק זיין ביים אָנקומען אין פֿאַרשידענע מלוכהשע מעדי־צין־אַנשטאַלטן אד"גל. די קהילה האָט אויך געפֿירט אַ גאַנץ אָנגעזעענע אַרבעט אויפֿן קולטורעלן געביט, ספּעציעל פֿאַר די פֿריש־געקומענע יידן.

די "מאָזייסקע פֿאַרזאַמלונגען" איז די קולטוס־געמיינדע פֿון די שוועדישע יידן, מיט אַן אויבער־ראַבינער און גלאַט רבנים, און אויך אַלע איבריקע כלי־קודש. די קהילה האָט די רעכט צו באַשטייערן די יידן, זיי טוען דאָס טאַקע.

אַ גאַנץ באַדייטנדיקע טייל פֿון שוועדישע אַלט־איינגעזעסענע יידן וואָלטן זיך גערן באַפֿרייט פֿון דער קהילה, עס בינדעט זיי שוין זייער ווייניק מיטן יידנטום. אָבער לויט די שוועדישע געזעצן מוז יעדער בירגער געהערן צו וועלכער עס איז רעליגיעזער געמיינדע, האַלטן זיי זיך שוין ביי דער מאָזייסקע, און מוזן צאָלן דעם קהילה־שטייער.

יעדער וואָס האָט אַפֿילו נאָר צייטווייליק באַזוכט שוועדן און אוודאי

און אוודאי די אַלע וועלכע האָבן דאָרט דורכגעמאַכט יאָרן פון עמיגראַציע אויפֿן וועג מעבר־לים, וועלן אין האַרצן שטענדיק טראָגן די בעסטע געפילן צו דעם לאַנד און צו אירע מענטשן.

עס בלייבט צו ווונטשן, אַז דאָס לאַנד זאָל אויך אויף ווייטער האָבן אַלע מעגלעכקייטן צו אַנטוויקלען זיך אין גייסט פון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם.*

* ווי באַקאַנט, זענען קיין שוועדן לעצטנס אָנגעקומען פיל יידן פון פוילן, וואָס זענען אַנטרישטע אנטלאָפן פון פויליש קאָמוניזם. — (י.פּ.)

# אין ישראל פאַרמירט זיך אַ נייער ייד

(איינדרוקן פון צוויי באַזוכן)

איך האָב געמאַכט מיין רייזע אינדיווידועל, באַזוכט אַ ריי פלעצער אין לאַנד, איך בין נישט געווען אָפּהענגיק פון קיין שום פון פאָרויס באַשטימטן פּלאַן פאַר טוריסטן. איך האָב געהאַט די געלעגנהייט טרעפן זיך מיט צענדליקער און צענדליקער פריינד, משפחה, באַקאַנטע און חברים. געהאַט זייער אַ סך באַגעגענישן דערוואַרטעטע, און נאָך מער אומדערוואַרטעטע. צופעליקע באַגעגענישן אין גאַס, אויטאָבוסן און טאַקסיס. געטראָפן זיך מיט אַ ריי געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע טוער פון נאָכמלחמהדיקן פוילן, וועלכע פאַרנעמען פאַרשידענע אַמטן אין פּאָליטישגעזעלשאַפטלעכן לעבן אין מדינת ישראל.

איך האָב זיך באַטייליקט אין אַן אָנדענק־אָוונט נאָך די אומגעקומענע יידן פון מיין היים־שטאָט ראַוונע. צום יזכור־אָוונט זענען געקומען פון אַלע עקן לאַנד איבער זיבן הונדערט מענטשן. אַזאַ באַגעגעניש לאָזט זיך נישט פאַרגעסן.

בעת מיינע באַזוכן אין לאַנד, האָב איך געטראָפן פיל גרופן טוריסטן, הויפּטזעכלעך פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

טוריסטן באַזוכן מאַסנווייז דאָס לאַנד. צווישן באַקאַנטע אין אַמעריקע איז שוין פּשוט אַ חרפּה צו זאָגן, אַז מען האָט נאָך נישט באַזוכט ישראל. איך צווייפל אָבער צי די ווייט גרעסטע מערהייט טוריסטן האָט אַן אינטערעס, אַ ווילן, צי אפילו די מעגלעכקייט באַקענען זיך מיט וויכטיקע פּראָבלעמען פון ישראל. די גרופּע טוריסטן ווערן אַרומגעפירט איבערן לאַנד לויט אַ באַשטימטן פּלאַן. די מערהייט טוריסטן זענען שוין פון פאָרויס באַגייסטערט פאַר אַלץ און אַלעמען.

פאַר איינעם, וואָס קומט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, איז ישראל

אַ גרויסער קאָנטראַסט. דער גאַנצער אַרום, די מענטשן, אַלץ איז אַנדערש.

פריער פון אַלעמען מערקט זיך אַ דערפרייענדיקע דערשיינונג: אַ סך יידן. יידן אין קאָמפּאַקטע מאַסן. מיר זענען שוין אָפּגעוווינט פון דעם זינט מיר האָבן פאַרלאָזט פוילן. איבער אַ העלפט יידן אין ישראל קומען פון די אָריענטאַלישע לענדער. אין ישראל פאָרמירט זיך אויס אַ נייער טיפּ ייד.

די גאַסן, די האַנדלס־צענטערס, זעען אויס מער מזרחדיק ווי אייראָ־פּעאיש. אין די גאַסן טרעפט מען אַ סך בעטלער, שוין יאָרן דאָס נישט געטראָפן.

די קראָמען זענען איבערפולט מיט עסנוואַרג און כלערליי סחורות. די פרייזן זענען גענוג הויכע אין פאַרגלייך מיט די דורכשניטלעכע פאַרדינסטן פון אַן אַרבעטס־מענטש.

אין זיינער צייט, בעת דער א.ג. "צנע", האָט זיך געפילט אַ מאַנגל אין סאַמע נויטיקסטן פון טאָגטעגלעכן געברויך, היינט איז פאַראַן אַן איבערפלוס.

אין אַלע געגנטן פון לאַנד גייט אָן אַ שטאַרקע בוי־באַוועגונג. עס ווערן געבויט פאַבריקס־געביידעס, מלוכהשע און געזעלשאַפטלעכע בנינים, אפילו גאַנץ לוקסוסאַרטיקע. איך האָב פיל מאָל געהערט די איראָנישע באַמערקונגען, אַז די לוקסוס־געביידעס פון דער הסתדרות, איז ענליך צום קרעמל...

עס ווערן געבויט אַ סך וווינונגס־הייזער, אָבער מערסטנטייל דורך פּריוואַטע בוי־אונטערנעמער. וועגן דעם וועט מיר נאָך אויסקומען צו שרייבן. די הייזער זענען אויסערלעך גאַנץ מאָדערן, די אינערלעכע איינ־ריכטונגען אָבער זענען גענוג פּרימיטיוו. עס מאַכט נישט קיין סימפּאַטישן איינדרוק ווען די באַלקאָנען פון די הייזער זענען באַהאַנגען מיט וועש צום טריקענען.

די נייע געביידעס אין ירושלים צ.ב. פון אוניווערזיטעט. "הדסה"־שפּיטאָל, כנסת, "יד־ושם" און אויך אין אַנדערע שטעט, וועלכע איך האָב באַזוכט, מאַכן אַן איינדרוק.

די הלבשה זעט אויס אין מיינע אויגן זייער באַשיידן.

אויב די פרויען קליידן זיך מיט אַ פּרעטענזיע אויף בעסער, איז די הלבשה ביי די מענער זייער פּשוט און אַלטמאָדיש. דאָס כאַראַקטעריזירט דעם עקאָנאָמישן צושטאַנד אין לאַנד, לכל הפּחות דעם מאַטעריעלן צושטאַנד פון אַרבעטנדיקן מענטש.

די טראַנספּאָרטאַציע אין ישראל איז אַ גאַנץ אַקטיווע. די טראַנספּאָרט־קאָאָפּעראַטיוון זענען גרויסע אונטערנעמונגען. די אויטאָבוסן געגוג אָפּ־גענוצטע, ווייניק באַקוועמע, אַחוץ די אויטאָבוסן וואָס ווערן גענוצט פאַר די טוריסטן צום באַזוכן דאָס לאַנד. די שאָפערן זינדיקן נישט מיט איבעריי־קער העפלעכקייט, אָבער די טראַנספּאָרטאַציע פונקציאָנירט נישט שלעכט.

אַ גרויסע פאַרלייכטערונג זענען די טאַקסיס, וואָס באַדינען דעם עולם צו 7 פּערזאָן אין אַ טאַקסי, אויף די זעלבע ליניעס וואָס די אויטאָבוסן. אַ גרויסע פאַרלייכטערונג זענען אָט די טאַקסיס פון פרייטיק פאַרנאַכט, ביז שבת אָוונט, ווען די שטאָטישע אויטאָבוסן פונקציאָנירן נישט. דעם געצוווּנגענעם שבת־רו דאַרף מען פאַרדאַנקען די רעליגיעזע פּאַרטייען, וועלכע האָבן אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דעם פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ישראל.

די אייראָפּעאישע יידן און די יידן פון די אָריענטאַלישע לענדער (ספרדים און אַשכנזים), שטעלן מיט זיך פאָר צוויי וועלטן. די ספרדישע, באַזונדערס די תימנער, פילן זיך נידריקער. זיי ווערן געוויינטלעך באַשעפ־טיקט ביי נישט־קוואַליפיצירטער אַרבעט. ריכטיק איז, אַז זיי באַזיצן נישט אַלס כלל קיין גרויסע קוואַליפיקאַציעס. בכדי זיך אויסגלייכן מיט די אשכנזים — באַמיען זיי זיך אפילו צו רעדן יידיש. אייניקע שיקן געבן זייערע קינדער אין די יידישע נאָכמיטאָג־שולן ביים "בונד", אויב אַזאַ איז פאַראַן אין זייער סביבה.

די אַראַבישע באַפעלקערונג איז אַ פּראָבלעם אין ישראל. די מיליטער־רישע זאָנעס עקזיסטירן נאָך אַלץ.* דער ישראל־בירגער נעמט דאָס אָן ווי אַ נאַטירלעכע דערשיינונג, און נויטווענדיקייט. די אַראַבער זענען

* די דאָזיקע רייזע־איינדרוקן זענען געשריבן געוואָרן אין יאָר 1962, אַ צייט לאַנג פאַרן 6־טאָגיקן קריג. (י. פּ.)

באַשעפטיקט אַלס כלל ביי נישט קוואַליפיצירטע אַרבעטן. זיי באַזיצן אויך נישט קיין גרויסע קוואַליפיקאַציעס.

ביי מלוכהשע און געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן באַקומען זיי געוויינלעך די זעלבע לוינען, ביי פּריוואַטע אונטערנעמער — קלענערע לוינען, ווי די יידישע אַרבעטער. ביי אַ מאַנגל אין קוואַליפיצירטע אַרבעטס־הענט, וואָס מערקט זיך אין ישראל, הויפּטזעכלעך אין דער בוי־אינדוסטריע, ראַטעווען די לאַגע צ.ב. די אַראַבער אין חיפה. די אַראַבישע קינדער האָבן די מעגלעכקייט אָנצוקומען אין די פאָלקס־שולן.

אַ באַזונדער קאַפּיטל זענען די דרוזן, וועלכע זענען ווי באַקאַנט, פריינדלעך צו דער מדינה. אין דער אַרמיי זענען פאַראַן אפילו באַזונדערע דרוזישע איינהייטן, די הויכע אָפיצירן זענען אָבער דאָס רוב יידן.

וועגן דער יוגנט אין ישראל, וועגן די סאַברעס איז שוין אַזוי פיל געשריבן, אַז איך האָב נישט וואָס צוצוגעבן. עס איז מיר אויסגעקומען אַ סך צו שמועסן מיט די סאַברעס, דווקא אין די קרייזן פון מיין משפחה. עס איז אַ טרויערדיקער פאַקט, וואָס זיי איז פרעמד אַלץ וואָס איז יידיש. דאָס גאַנצע יידישע לעבן ביזן אַנטשטיין פון דער מדינה עקזיסטירט נישט פאַר זיי.

אינטערעסאַנט, — און אויף דעם האָט געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט מיין משפחה, די עלטערן פון די סאַברעס, — אַז די סאַברעס האָבן אַ שטאַרקע נייגונג צו מזרח־געזאַנג, צו מזרח־מוזיק, אפילו צו מאַכלים פון די אָריענטאַלישע לענדער.

## דער נגב

דער וועג פון תל־אביב קיין באר שבע האָט אויף מיר געמאַכט זייער אַ שווערן איינדרוק. מדבר, מדבר און מדבר. אויפן וועג טרעפסטו אָן אַראַבער זיך האָצקען אויף אַן אייזל, אָדער אַן אַראַבער זיך הוידן אויף אַ קעמל. דאָס האָט מיר דערמאָנט די מלחמה־יאָרן. אין מיטל־אַזיע, אין אוזבעקיסטאַן. דער זעלבער מדבר, די אייזלען, די קעמלען. די קעמלען זענען אַן אַטראַקציע פאַר די אַמעריקאַנער טוריסטן.

אין באר־שבע גייט אָן אַ בוי־באַוועגונג. מען בויט וווינונגס־הייזער,

קליינע אונטערנעמונגען. די מערהייט ניי־געקומענע אין פאַרלויף פון די לעצטע יאָרן האָבן זיך דאָרט באַזעצט על פּי מוז. מערסטנס אַזעלכע, וואָס האָבן קיין אַנדער אויסוועג נישט געהאַט. די פאַרדינסטן ביי די ווייניק־קוואַליפיצירטע בוי־אַרבעטער צ.ב., גרייכן נישט מער ווי 8 פונט אַ טאָג, אַ פאַרדינסט וואָס איז ווייניקער ווי ווייניק.

זייער אַ שווער לעבן. אין אָוונט זעט אויס דער צענטער פון באר שבע ריכטיק ווי אַן אַזיאַטישע שטאָט. די מזרחדיקע מאכלים, געבעקסן, אַלץ פאַרפּלייצט מיט כמאַרעס פליגן. ווען דו פאַרטראַכסט זיך — נעמט דיך אַרום אַ צווייפל צי איז דער נגב טאַקע אומשטאַנד אַריינצונעמען מיליאָנען יידן און צי עס איז טאַקע מעגלעך קולטיווירן דעם מדבר. בן־גוריון איז דאָך גרייט אַריינצונעמען אין נגב די מיליאָנען יידן כאָטש פון רוסלאַנד.

## אין גליל

אַ באַזוך אין גליל, ביים ים כנרת איז זייער אינטערעסאַנט. אַ בליענ־דיקע און זייער שיינע געגנט. אַ נעץ פון פאַרמעגלעכע קיבוצים מיט אַ ריי אייגענע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. דער קיבוץ אילת־השחר פאַרמאָגט אַ האָטעל פאַר טוריסטן, וועלכער שטייט נישט אָפּ פון ענלעכע האָטעלן (מאָטעל) אין אַמעריקע. 2 טעג ביים ים כנרת, אויף די וועגן, וואָס שלענגלען זיך אויף די בערג, זענען באַלערנד און וויכטיק צו באַקענען זיך מיט אַ טייל פון דער מדינה.

אויפן וועג — אַ באַזוך אין צפת. די אַלטע, אַלטע שטאָט, וועלכע די אַראַבער האָבן פאַרלאָזט בעת דער באַפרייונגס־מלחמה אין יאָר 1948. שמאָלע, געדרייטע געסלעך, אַרויף און אַראָפּ. די אָרעמקייט וואַרפט זיך אין די אויגן. צפת איז נישט צוציִענדיק פאַר נייע עמיגראַנטן. צפת, די שטאָט פון אַלטע בתי־מדרשים, אשכנזישע און ספרדישע.

אַרומגעפירט איבער די בתי מדרשים האָט אַ יונגער בחור פון אַ יאָר 13. געבוירן אין צפת. ער רעדט אַ פיינעם ענגליש. די בתי־מדרשים אָפּ־געלאָזענע, מאַכן דעם איינדרוק פון פאַרלאָזענע. די אשכנזישע שולן זעען אויס אינעווייניק, ווי אין אַ שטעטל אין פוילן פאַר דער מלחמה. ספר תורות, אפילו שטענדערס, געבראַכט פון פאַרשידענע לענדער אין מזרח־אייראָפּע

נאָכן חורבן. ספרים געבראַכט פון אייראָפּע, וואָס שטאַמען פון 15־טן, 16־טן און 17־טן יאָרהונדערט.

צפת האָט אַ באַזונדערע געגנט ווו עס אַרבעטן און שאַפן יידישע קינסטלער וועלכע האָבן דאָרט זייערע אַטעליעס. עס איז אַ פּלאַץ צום באַזוכן פאַר די טוריסטן און באַוווּנדערן די קונסטווערק. אויך פאַרשאַפן זיך אַזעלכע, אויב נישט אין אָריגינאַל, איז כאָטש אין אַלבומען.

## נצרת

אַ טיפּיש אַראַבישע שטאָט. קלויסטערס. דאָרט ווערט איצט געבויט אַ קלויסטער, וואָס וועט זיין דער גרעסטער אין גאַנצן נאָענטן מזרח. אויף מיר האָט די אַראַבישע שטאָט נצרת געמאַכט אַז איינדרוק אַלס אַזעלכע, וואָס געפינט זיך אויסער די גרענעצן פון דער יידישער מדינה.

אין נצרת שטייען ליידיקע וווינונגען און הייזער געבויט דורך דער רעגירונג. די שטאָט ווערט אָבער אויסגעמיטן דורך די נייע עולים ווי ווייט מעגלעך.

## קיבוצים

זינט עס איז אַנטשטאַנען די מדינה, האָט זיך אַ סך געענדערט אין דער קיבוצישער באַוועגונג, ריכטיקער: טאַקע דאָס אַנטשטיין פון דער מדינה האָבן די ענדערונגען געבראַכט.

אין די ערשטע פּאָר יאָר נאָכן אַנטשטיין פון מדינת ישראל, ווען עס איז אָנגעגאַנגען אַ גרעסערע עליה, האָבן די קיבוצים געהאָט צו פאַרציי־כענען אַ צוווּקס. די לעצטע צייט האָט זיך די לאַגע געענדערט. קיין נייע קיבוצים ווערן נישט געשאַפן. די לעצטע עולים, אין זייער ווייט־גרעסטער מערהייט, מיידן אויס די קיבוצים. ביי די יידן, וואָס קומען פון די קאָמוניסטישע לענדער מערקט זיך בכלל אַ נעגאַטיווע באַציונג צו די קיבוצים. דאָס דערמאָנט זיי די קאָלכאָזן.

די יידן פון אַראַביש־אַפריקאַנישע לענדער גייען נישט אין די קיבוצים.

זיי האַלטן זיך משפּחה־ווייז. די פֿאַמיליע צוגעבונדנקייט איז ביי זיי אַ טראַדיציע פֿון דורות.

אַ גרויסער טייל פֿון די קיבוצים־בויער אין יענע יאָרן זענען שוין נאַטירלעך אַלט, אַ סך זקנים.

זייער אַ קליינער טייל פֿון דער ישראַלדיקער יוגנט גייט אין קיבוץ. אויב יאָ, איז זייער אָפּט צייטווייליק, צוליב פּערזענלעכע, מאַטעריעלע, אָדער אַנדערע שוועריקייטן. אַ ריי קיבוצים זענען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין קיבוצים פֿון אַ פּאָר משפּחות.

פֿיל בויער און טוער אין דער קיבוצישער באַוועגונג זענען אַוועק אויף פֿאַרשידענע הויכע מלוכהשע אַמטן, אַפֿילו אויף אַמטן פֿון מיניסטאָרן.

די גרונט־פּרינציפּן פֿון די קיבוצים־קאָלעקטיוון — ווערן לעצטנס שטאַרק אָנגעגרירט. דער אינטערעס צו אייגנטום איז פֿיל שטאַרקער געוואָרן ביי די קיבוצניקעס. עס איז ממש אַ געיעג צו באַזיצן אַן אייגענעם פֿרידזשי־דער, עלעקטרישע מכשירים א.אַנד. שטוב־זאַכן. דערצו זענען שטאַרק בייהילפֿיק קרובים אין אַמעריקע. צו דעם אַלעמען דאַרף מען נעמען אין באַטראַכט, אַז די געקומענע אין די לעצטע יאָרן זענען נישט אָט די פֿריער־דיקע אידעאַליסטן. זיי זענען געגאַנגען אין די קיבוצים ווייל זיי האָבן קיין אַנדער אויסוועג נישט געהאַט.

די מיטגלידער פֿון די קיבוצים האָבן זייערע שילומים־געלטער פֿון דייטשלאַנד אַריינגעטראָגן אין דער אַלגעמיינער קיבוץ־קאַסע.

פֿיל עלטערן פֿאַרלאַנגען, אַז די קינדער זאָלן זיין צוזאַמען מיט זיי. די פֿירערשאַפֿט פֿון די קיבוצים גייט אויף פֿיל הנחות. עס ברעכט זיך דער פּרינציפּ פֿון קאָלעקטיוו־לעבן.

דאָס ערגסטע אָבער פֿאַר די קיבוצים איז דאָס, וואָס אייניקע פֿאַרלאָזן די קיבוצים.

נאָכן אַנטשטיין פֿון דער מדינה זענען געווען זייער שווערע צייטן פֿאַר די יידן. עס האָט זיך געפֿילט אַ מאַנגל אין אַלץ פֿון טאָג־טעגלעכן געברויך. די לאַגע האָט זיך פֿיל פֿאַרבעסערט. די שטאָט לאָקט, עס ציט אין שטאָט אַריין. אינטערעסאַנט, די איניציאַטיוו צו פֿאַרלאָזן דעם קיבוץ קומט אָפּט פֿון דער פֿרוי.

אין די קיבוצים פילט זיך אַ מאַנגל אין אַרבעטס־קראַפט, דעריבער מוזן די קיבוצים באַשעפטיקן אין זייערע אונטערנעמונגען אַרבעטער פון דרויסן.
אין פערספעקטיוו דאַרף מען פאָרויסזען אַ פאַרשיינלעכסטן דאָס צע־טיילן די קיבוצים צווישן די מיטגלידער, דאַן קאָנען זיי פאַרוואַנדלט ווערן אין נייע מושבים.

## קיבוץ "לוחמי הגיטאות"

עס איז כדאי באַזונדער זיך אָפּצושטעלן אויף דעם קיבוץ פון די געטאָ־קעמפער, וועלכער עקזיסטירט שוין 13 יאָר, און איז געגרינדעט געוואָרן דורך די באַקאַנטע אָנטיילנעמער אין די קאַמפן פון וואַרשעווער געטאָ אַנטעק צוקערמאַן און זיין פרוי צביה לובעטקין.

צום קיבוץ באַלאַנגען 150 מיטגלידער, 170 קינדער. קיין נייע מיט־גלידער קומען נישט צו. פאַרקערט, עס מערקט זיך אַ פאַרקלענערונג. דער קיבוץ איז אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער — ציטרוס, אויך איין דריטל באַוול.

דאָס וויכטיקסטע אין דעם קיבוץ איז דער באַקאַנטער דאָקומענטאַציע־צענטער א.נ. פון יצחק קאַצענעלסאָן. דער דאָקומענטאַציע־צענטער עק־זיסטירט שוין 12 יאָר. די לעצטע 2 יאָר איז אויסגעבויט געוואָרן אַ נייער בנין פאַר דעם צענטער. אין קיבוץ קומט פאַר יעדעס יאָר אַ מאַסן־פייערונג צום אָנדענק פון די קאַמפן אין וואַרשעווער געטאָ. אין אָט די פייערונגען באַטייליקן זיך פון אַלע עקן לאַנד ביז 20 טויזנט מענטשן. דער קיבוץ האָלט פריש אין זיכרון דעם חורבן.

די געלטער, פינאַנסן פאַרן דאָקומענטאַציע־צענטער קומען פון: 1) געזאַמלט דורך דער געזעלשאַפט "פריינד פון דאָקומענטאַציע צענטער"; 2) סובסידיעס פון שטאַטראַטן, קיבוצים, הסתדרות, סוכנות; 3) זאַמלונגען אין אַמעריקע.

זייער פרינציפּ איז — נישט געניסן פון די דייטשע געלטער.

דער דאָקומענטאַציע־צענטער איז אַ זאַמלונג פון מאַטעריאַלן, הויפּט־זעכלעך ווידערשטאַנד. אין נייעם בנין ווערן איצט געבערענגט אין אָרדנונג די געזאַמלטע מאַטעריאַלן און דאָקומענטן. אין די גרויסע זאַלן זענען

שוין אויסגעשטעלט פיל דאָקומענטן, וואָס שאַפן דאָס טרויערדיקע בילד פון לעצטן חורבן: בילדער, זייף פון יידיש־פעטס, פאַרשידענע שילדלעך און אויפשריפטן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ראַפּאָרטן פון די דייטשע מערדער, בריוו פון קאַצעטלער, געלט פון ליצמאַנשטאַט (לאָדזש), ברויט־קאַרטן אין די געטאָס, און אויך — דער לאַגער אין טרעבלינקע אין מיני־אַטור, געמאַכט פון יעקב ווערניק, וועלכער האָט אַליין דורכגעמאַכט דעם שוידער אין טרעבלינקע, זיך באַטייליקט אין אויפשטאַנד דאָרטן. איצט לעבט ער אין אַ קיבוץ אין ישראל.

אַביטוריענטן פון מיטל־שולן אין ישראל קומען גאַנץ אָפט צו באַקענען זיך מיט די מאַטעריאַלן אין דאָקומענטאַציע־צענטער.

באַקענט מיט די מאַטעריאַלן האָט מיך דער פאַרוואַלטער פון צענטער, פריינד שנער, מיינער אַ באַקאַנטער פון פוילן, נאָך דער מלחמה.

## קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג

ווען מיר רעדן וועגן די ענדערונגען אין דער קיבוצישער באַוועגונג, ווו עס ווערן אָנגערירט די גרונט־פּרינציפּן פון קאָאָפּעראַציע, די גרונט־פּרינציפּן פון קאָלעקטיוו, — איז כדאי צו מאַכן אַ פּאָר באַמערקונגען וועגן דעם צושטאַנד אין איינער פון די טראַנספּאָרט־אונטערנעמונגען, וואָס עקזיסטירט אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, איך מיין דאָ דעם באַקאַנטן טראַנספּאָרט־קאָאָפּעראַטיוו, וואָס איז אַ וויכטיקער טייל אין דער שטאָטי־שער און צווישנשטאָטישער קאָמוניקאַציע.

אויף דער אַלגעמיינער צאָל באַשעפטיקטע אין דעם קאָאָפּעראַטיוו 4.700 מענטשן — זענען מיטגלידער אין קאָאָפּעראַטיוו נאָר 2.600. געדונ־גענע אַרבעטער מיט פאַרשידענע קוואַליפיקאַציעס — 2,100.

ווי מען זעט, איז אויך דאָ אָנגערירט דער וויכטיקסטער פּרינציפּ פון קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. 2.100 געדונגענע אַרבעטער ווערן נישט אָנ־גענומען ווי גלייכע מיטגלידער אין קאָאָפּעראַטיוו. במילא זענען זיי ווייני־קער פּריווילעגירט.

אינטערעסאַנט נאָך אַ מאָמענט: אויף דער אַלגעמיינער צאָל באַשעפ־

טיקטע אין דערמאָנטן קאָאָפּעראַטיוו 4.700 זענען דאָ גאַנצע 1,700 באַאַמטע. די זעלבע, דערשיינונג ווי אומעטום, אין אַלע אונטערנעמונגען און אינס־טיטוציעס אין לאַנד.

רעדנדיק וועגן דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, איז כדאי צו דערמאָנען די קאָאָפּעראַטיוון געשאַפענע דורך דעם "בונד" מיט דער הילף פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט. עס עקזיסטירן פאָלגנדיקע קאָאָפּעראַטיוון: שניידער, דרוקער, טעקסטיל, ווי אויך אַ סטאָלערײַ־קאָאָפּעראַטיוו.

די קאָאָפּעראַטיוון האָבן פולשטענדיק באַרעכטיקט זייער עקזיסטענץ.

ווען עס זאָלן זיין די נייטיקע געלט־מיטלען זענען פאַראַן אַ סך מעג־לעכקייטן און פּערספּעקטיוון פאַר נייע קאָאָפּעראַטיוון און אויך צו פאַר־שטאַרקן עקזיסטירנדיקע, און במילא די מעגלעכקייט צו באַשעפטיקן אַ גרעסערע צאָל אַרבעטער.

## יידיש אין ישראל

טוריסטן, קומענדיק צוריק פון אַ באַזוך אין ישראל, וואַרפן געוויינטלעך אָפּ אַלע טענות, אַז מיט יידיש איז שלעכט אין ישראל. אַ סימן: אין גאַס רעדט מען יידיש, עס וואָלט נאָך געפּאַסט מען זאָל פאַרווערן אין גאַס רעדן יידיש. עס לאָזט זיך נישט פּאָלעמיזירן מיט דעם מין טוריסטן. זיי זענען באַגייסטערט מיט אַלץ וואָס איז אין ישראל נאָך איידער זיי באַזוכן דאָס לאַנד. געוויינלעך אינטערעסירן זיך נישט טוריסטן מיט ספּעציעלע פּראָבלעמען. אַלס כלל קומען די טוריסטן מיט אָרגאַניזירטע גרופּן. אַלץ וואָס זיי דאַרפן זען איז פון פאָרויס אויספּלאַנירט, די "גידס" (אויספלוג־פירער) שאַפן די געהעריקע שטימונג. וואָס שייך דער גאַס, הערט מען אין ישראל אין גאַס פיל אַנדערע שפּראַכן.

איך האָב אין פיל ביכער־געשעפטן אויף די הויפּט־גאַסן געזען אין די שוי־פענצטער ביכער אויף פאַרשידענע שפּראַכן, אַרייַנגערעכנט דייטש. איך האָב אָבער נישט געזען קיין איין יידיש בוך, בוכשטעבלעך קיין איין יידיש בוך נישט.

אין זיינער צייט האָט זיך געטומלט צוליב אַ ידיעה אין אַמעריקע,

אַז די ישׂראל־רעגירונג וועט דעקן 85 פּראָצענט פון די בודזשעטן פון די יידישע שולן. די ידיעה האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַלש. בסך־הכל זענען אין ישׂראל קיין יידישע שולן נישט פאַראַן, אויסער נאָכמיטאָג־שולן ביים "בונד" אין תל־אביב און באר־שבע.

געהאַנדלט האָט זיך דאָס עווענטועל וועגן שטיצן די קלויזנבורגער ישיבה. אויף דער ליניע פון נאָכגעבן אַלע פאָדערונגען פון די רעליגיעזע פּאַרטייען איז מעגלעך, אַז די דערמאָנטע ישיבה, אָדער אַנדערע, זאָלן יאָ באַקומען שטיצע פון דער רעגירונג, אָבער וואָס האָט דאָס אַלץ צו טאָן מיט שטיצן די יידישע שפּראַך, די יידישע קולטור און ליטעראַטור ? דאָס אַלץ וואָס אין ישׂראל ווערט טאָלערירט, נישט מער. די באַציונג פון דער רעגירונג האָט זיך אַבסאָלוט נישט געענדערט צום בעסערן.

יעדע פּאַרטיי גיט אַרויס געוויינטלעך אַ יידישע וואָכן־צייטונג, אָבער דאָס איז כדי נענטער צוקומען פּאַרטייאיש צום יידיש־רעדנדיקן לייענער. די פּאַרטייען גיבן אויך אַרויס וואָכנבלעטער אין פּויליש און אַנדערע שפּראַכן.

יידיש טעאַטער האָט גרויס דערפאָלג אין ישׂראל. די ניי־געקומענע ווייזן אַרויס אַ גרויסן אינטערעס. דאָס יידישע טעאַטער־וועזן געניסט נישט פון די אַלע שטייערן־הנחות און פּריווילעגיעס פון וועלכע עס געניסט דאָס העברעיִשע טעאַטער, ווי למשל "הבימה", וואָס האָט גרויסע דעפיציטן. דאָס יידישע טעאַטער ווערט דורך קיינעם נישט געשטיצט, און איז אויס־געשטעלט אויף זיך אַליין, ריכטיקער אויף דעם אינטערעס צו יידיש מצד דעם ברייטן יידיש־רעדנדיקן עולם. און ווידער דאָס זעלבע — דער ישׂראל־רעגירונג אינטערעסירט נישט איבעריק דאָס יידישע טעאַטער.

דער פּרץ־פאַרלאַג אין תל־אביב טוט אַ וויכטיקע אַרבעט אויפן געביט פון ברענגען פאַר די לייענער שאַפונגען אין יידיש. דעם פאַרלאַג האָט נישט לאַנג געפירט אין אַמעריקע אַ געלט־אַקציע צו שאַפן אַ סומע בכדי צו עפענען אַ ביכער־געשעפט אויף אַ צענטראַלער גאַס אין תל־אביב צו פאַרקויפן יידישע ביכער. דאָס זאָל זיין אַ דורכבּרוך, היות ווי אויבן דערמאָנט, איז נישט צו טרעפן אין די ביכער־געשעפטן אַ יידיש בוך אין שויפענצטער. עס עקזיסטירט אויך, זינט 4 יאָר אַ פּריוואַטער יידישער פאַרלאַג א"נ

"מנורה", וואָס פאַרקויפט זיינע ביכער בעיקר אין אויסלאַנד.

אַ פּיאָנערישע אַרבעט ממש, אויפן יידיש־פּראַנט פירט דער "בונד". די פּראַנץ־קורסקי־ביבליאָטעקן אין תל־אביב און אין באר־שבע מיט טויזנ־טער ביכער און הונדערטער לייענער, מיט לייען־שטעלעס אין פאַרשידענע פונקטן אין לאַנד, זענען וויכטיקע יידישע קולטור־אינסטיטוציעס. די פּראַנץ־קורסקי־ביבליאָטעקן ווירקן אין דער ריכטונג פון אָנהאַלטן דעם אינטערעס צו דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור.

דער "בונד" פירט אָן מיט 2 נאָכמיטאָג־שולן אין תל־אביב און אין באר־שבע. ביי די שולן זענען באַשעפטיקט 3 קוואַליפיצירטע לערערינס. די שולן ווערן באַזוכט דורך אַרום 150 קינדער, צווישן זיי אַ צאָל תימנער, וועלכע ווייזן אַרויס אַ גרויס חשק צו לערנען די יידישע שפּראַך.

אין תל־אביב, ווי אויך אין באר שבע, זענען פאַראַן פאַלן ווען די לערער פון די מלוכה־שולן מאַכן שוועריקייטן די קינדער הלמאי זיי באַזוכן די בונדישע שולן. געווען פאַלן ווען די לערער האָבן געדראָט מיט באַזייטיקן פון דער שול. די קינדער מוזן אָפט אויסבאַהאַלטן, אַז זיי באַזוכן די בונדישע נאָכמיטאָג־שולן. געווען פאַלן ווען קינדער האָבן געמוזט פאַרלאָזן די בונדישע שול.

אין סך־הכל זענען די פּערספּעקטיוון פאַר יידיש אין ישראל זייער שוואַכע. דאָס ביסל וואָס ווערט געטאָן אין דער ריכטונג פון אָנהאַלטן יידיש, איז ווי אַ טראָפּן אין אַ ים. דאָס אַלץ ווערט פון די מלוכהשע פאַק־טאָרן בלויז טאָלערירט, אַבסאָלוט נישט געשטיצט. די קינדער ווערן דער־צויגן אין העברעאיש און אין ציוניסטישן גייסט, דעצויגן אין שנאה צו אַלץ וואָס איז יידיש.

קיין איינע פון די ציוניסטישע אַרבעטער־פּאַרטייען אונטערשיידן זיך נישט אין זייער באַציונג צו דעם פּראָבלעם אַנדערש ווי די רעגירונג, לכל הפחות אין דער עפנטלעכקייט.

## אַ גאַס אויפן נאָמען פון אַרטור זיגעלבוים

וועגן דעם איז שוין פיל מאָל גערעדט און געשריבן געוואָרן. די ביז־

איצטיקע באַמיונגען, אַז אין ישראל זאָל אַ גאַס טראָגן דעם נאָמען פון אַרטור זיגעלבוים האָט קיין געוווּנטשענע רעזולטאַטן נישט געבראַכט. אייגנטלעך דאַרף מען זיך נישט וווּנדערן. עס איז גענוג טרויערדיק ווען מען דאַרף אַפּעלירן צו די פירער פון דער יידישער מדינה, אַז אַרטור זיגעלבוים איז אַ קדוש פון גאַנצן יידישן פאָלק, און עס איז אין כבוד פון יידישן פאָלק, אַז אַ גאַס זאָל טראָגן זיין נאָמען.

ערב די וואַלן צו דער לעצטער כנסת איז אין ניו־יאָרקער ״פאָרווערטס״ געווען אַ לייט־אַרטיקל, אַז אין תל־אביב טראָגט שוין אַ גאַס דעם נאָמען אַרטור זיגעלבוים, אַרויסגעוויזן אָבער האָט זיך, אַז דאָס איז נישט געשטויגן, נישט געפלויגן.

ערב די וואַלן איז געקומען צום ״בונד״ אין תל־אביב אַ האַלב־אָפיציע־לער שליח פון מפא״י מיט אַ ווענדונג, אַז דער ״בונד״ זאָל רופן זיינע מיטגלידער שטימען פאַר מפא״י, דערפאַר וועט דערליידיקט ווערן פּאָזיטיוו די פראַגע וועגן אַ גאַס א. נ. פון אַרטור זיגעלבוים. ער האָט אויך צוגעזאָגט שטיצע פאַר די בונדישע נאָכמיטאָג־שולן אין תל־אביב און באר־שבע. דער ״בונד״ האָט די פאָרשלאָגן אָפּגעוואָרפן. די בונדיסטן האָבן נישט בדעה אָפּגעבן זייערע שטימען פאַר באַלוינונג. דער ״בונד״ האַלט, אַז די יידישע נאָכמיטאָג־שולן דאַרפן אָנערקענט ווערן דורך די געהעריקע מאַכט־אָרגאַנען און במילא געשטיצט ווערן דורך דער רעגירונג.

אין זיינער צייט האָט דער ״בונד״ זיך געוואָנדן צום מאַגיסטראַט אין תל־אביב וועגן אָנרופן אַ גאַס א. נ. אַרטור זיגעלבוים. דער ענטפער איז געווען, אַז דער מאַגיסטראַט האָט די ווענדונג... דערהאַלטן.

בעת זיין לעצטן באַזוך אין ישראל האָט דער חבר נחום כאַנין באַרירט די פראַגע אין תל־אביבער מאַגיסטראַט, ער זאָל זיך האָבן פאַררופן אויף דעם דערמאָנטן אַרטיקל אין ״פאָרווערטס״. עס קומט דאָך אויס איצט די רעדאַקציע זאָל דאָס אַרטיקל אָפּרופן.

נאָך כאַנינס באַזוך האָט דער מאַגיסטראַט געשיקט אַ בריוו צום ״בונד״, אַז די פראַגע ווערט איבערגעגעבן צו דער קאָמיסיע, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט אַזעלכע ענינים. עס זענען שוין אַריבער מאָנאַטן, נישט מען הערט, נישט מען זעט די פראַגע זאָל פּאָזיטיוו דערליידיקט ווערן.

## אַנטוויקלונג פון מדינת ישראל און אַרבעטס־פּראָבלעמען

דאָס לאַנד אַנטוויקלט זיך אָן שום צווייפל. איניציאַטיוו איז דאָ. דערצו זענען נייטיק ריזיקע קאַפּיטאַלן, שלום אויף דער וועלט, שלום מיט די אַראַבישע לענדער. ווי עס וועט אויסזען מיט דער אַנטוויקלונג פון לאַנד ווען עס וועלן זיך אָפּשטעלן די דייטשע געלטער? — דאָס איז אַ פראַגע וואָס עגבערט די מוחות פון אַ סך ישראל־בירגער און די פירער.

מען קאָן נישט זאָגן, אַז אַ סך יידן אין דער וועלט אינוועסטירן זייערע קאַפּיטאַלן אין ישראל טראָץ די גרויסע פּריווילעגיעס, וואָס די ישראל־רעגירונג שאַפט פאַר דעם אויסלענדישן קאַפּיטאַל.

אַ וויכטיקע דערשיינונג אין דער אַנטוויקלונג פון לאַנד איז דער איינגעגעבענער עקספּערימענט מיט באַוול.

אַ ריזיקע אונטערנעמונג איז דער נייער פּאָרט אין אשדוד, וואָס ווערט דאָרט געבויט. דערווייל זעט מען דאָרט בערג מיט זאַמד, אָבער די אָרטיקע איינוווינער גלויבן, אַז דער פּאָרט וועט ווערן אַ ווירקלעכקייט. מיט יאָרן צוריק האָט תל־אביב אויך אַזוי אויסגעזען, זאָגן זיי. אין אַשדוד געפינט זיך די ניילאָן־פאַבריק, אויך אַ גרויסע עלעקטרישע פאַבריק. די אָרטיקע באַפעלקערונג איז מערסטנס באַשעפטיקט אין די צוויי אונטערנעמונגען.

מען קאָן נישט זאָגן, אַז די אונטערנעמער ווייזן אַרויס אַ גרויסע מאָס פּאַטריאָטיזם. אין דער ערשטער ריי קומט דער געיעג נאָך פּראָפיטן. דאָס אויפדעקן גרויסע שטייער־סקאַנדאַלן זענען נישט קיין זעלטענע דערשיינונג. די יידישע פאַבריקאַנטן שווינדלען מיט שטייערן גענוי ווי די קאַפּיטאַליסטן אומעטום. די ישראל־רעגירונג קומט דורך אין אַזעלכע פאַלן. מען קומט דורך מיטן פאַבריקאַנט און... עס הייבט זיך אָן אַ נייער קאָן.

מיט דער עליה אין די לעצטע יאָרן זענען געקומען פּראָפּאָרציאָנעל אַ גרויסע צאָל דאָקטוירים, אינזשיניערן און אויך אַנדערע אינטעליגענטע פּראָפעסיעס. זיי באַקומען באַשעפטיקונג אָן באַזונדערע שוועריקייטן. אוודאי זענען זייערע פאַרדינסטן באַגרענעצטע און נישט אין פאַרגלייך קלענער

ווי אין אַנדערע אַנטוויקלטע לענדער.

אַ דאָקטאָר אין קופּת־חולים קאָן זיך נישט פאַרנעמען מיט פּריוואַטער פּראַקטיק און איז אויסגעשטעלט אויסשליסלעך אויף דעם געהאַלט, וואָס איז נישט פיל העכער ווי דאָס געהאַלט פון אַ דורכשניטלעכן באַאַמטן. די שטרייקן פון לערער, אינזשיניערן און אנד. ענלעכע פּראָפעסיעס באַשטעטיקן דאָס.

אין אַלגעמיין איז פאַר עלטערע מענטשן שווער צו באַקומען באַשעפטיקונג. אָבער אויב עס האַנדלט זיך וועגן קוואַליפיצירטע אַרבעטער, ווערט פאַרקוקט אויפן עלטער, צ.ב. אַ בוכהאַלטער האָט נישט קיין גרויסע שוועריקייטן צו באַקומען אין זיין פאַך אַרבעט, אומאָפּהענגיק פון זיין עלטער.

אין דער צייט ווען די באַרופענע אינסטאַנצן ווייזן אַרויס אַ סך טאָלעראַנץ צו די גרויסע אונטערנעמער, שאַפן פאַר זיי אַ סך פּריווילעגיעס אין דער הינזיכט פון שטייערן, ווי די רעכט פאַרן אויסלענדישן קאַפּיטאַליסט אַרויסצופירן קיין אויסלאַנד די פּראָפיטן, און דג״ל. — פילט דער ברייטער עולם, ספּעציעל דער אַרבעטס־מענטש, די גאַנצע לאַסט פון דעם שטייערן־סיסטעם.

די שוועריקייטן, וואָס די מלוכה מאַכט דורך אין איר אויפבוי און אַנטוויקלונג לייגן זיך שווער אויף די פּלייצעס פון אַרבעטער.

דער דורכשניטלעכער פאַרדינסט פון אַ באַאַמטן און אַ ווייניק־קוואַליפיצירטן אַרבעטער איז דריי הונדערט פונט (אומגעפער אַרום 179 דאָלאַר) אַ מאָנאַט. דאָס איז מער ווי נישט גענוג פאַר אַ פאַמיליע פון 4 פּערזאָן. די פרוי מוז אַרויסהעלפן אין דער פּרנסה. די דערמאָנטע סומע איז נאַטירלעך ברוטאָ.

ווי אומעטום און אַלעמאָל — איז דער אַרבעטס־מענטש דער, וואָס צאָלט רעגולער די שטייערן, וועלכע ווערן אַראָפּגערעכנט ביי דער אַרבעט. בלויז די 5 ווייטער אויסגערעכנטע שטייערן באַטרעפן מינימום 25 פּראָ־צענט פון פאַרדינסט. דאָס זענען 1) קרן גימלאות (פּענסיע) ; 2) מס אחיד (הסתדרות, דערונטער פאַר קופּת־חולים) ; 3) ביטוח לאומי (נאַציאָנאַלע פאַרזיכערונג) ; 4) מס הכנסה (איינקונפט־שטייער) ; 5) מס־קליטה (פאַר

איינאָרדנען פריש געקומענע).

לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן וועלן בקרוב געהכערט ווערן די שטייערן. די קופת חולים און אַנדערע פאַרזיכערונגען זענען אַ גרויסע הילף פאַרן אַרבעטס־מענטש. אויף דעם געביט איז ווירקלעך אַ סך אויפגעטאָן געוואָרן אין ישראל. אָן דעם וואָלט די לאַגע געווען אומדערטרעגלעך.

פרייזן ווערן אין ישראל נישט קאָנטראָלירט. די אונטערנעמער און סוחרים זענען פריי אין דער הינזיכט. דער יקרות איז גרויס. עס עקזיסטירט אַ געזעץ וועגן יקרות־הוספות. ווען דאָס געזעץ איז איינגעפירט געוואָרן האָט דער סטאַטיסטישער אַמט געוויינלעך פעסטגעשטעלט דעם וווּקס פון די פרייזן יעדן מאָנאַט, שפּעטער יעדן קוואַרטאַל, איצט נאָכן יאָר. קומט אויס דעם אַרבעטער עווענטועל געניסן פון אַ יקרות־הוספה ערשט נאָך אַ גאַנץ יאָר. ווען אין פאַרלויף פון יאָר זענען די פרייזן געשטיגן, — זענען די פאַרדינסטן בלאָקירט. פון אַ יקרות־הוספה קאָן מען געניסן אויב דער סטאַטיסטישער אַמט שטעלט פעסט די פרייזן־שטייגערונג פון 3 פּראָצענט און העכער. געוויינטלעך אָבער קומט אַרויס די העכערונג נישט מער ווי 2.8 פּראָצענט, במילא קומט נישט קיין יקרות־הוספה.

די קליינע פאַרדינסטן פון דורכשניטלעכן אַרבעטס־מענטש און באַ־אַמטן רופן זיך אָפּ גאַנץ נאַטירלעך אויף דער גרויס פון דער פּראָדוקציע. אַן אָנגעזעענער געזעלשאַפטלעכער טוער און רעדאַקטאָר מיט וועמען איך האָב געהאַט אַ געשפּרעך, צוו. אַנד. אויך וועגן די אַרבעטס־באַדינגונגען, האָט אַזוי כאַראַקטעריזירט די לאַגע: "די אַרבעטער, די אָנגעשטעלטע, באַמיען זיך אַרבעטן ווייניק און פּראָדוצירן נישט גענוג, ווייל זיי פאַרדינען זייער ווייניק. זיי שאַנעווען זייערע כוחות, כדי האָבן אַ מעגלעכקייט צו אַרבעטן נאָך אַ פּאָר שעה אין טאָג אויף אַ צווייטן פּלאַץ. זייער אָפּט מיט אַ באַדינג מען זאָל ביי זיי נישט אַרונטערנעמען קיין שטייערן".

איינע פון די שווערסטע פּראָבלעמען פאַר דעם קליינעם באַאַמטן און אַרבעטס־מענטש איז דאָס וווינונג־פּראָבלעם. אמת, עס ווערן געבויט הייזער אין אַ מאַסן־פאַרנעם איבערן גאַנצן לאַנד, אין דער צייט אָבער ווען די מלוכהשע און געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען בויען הויפּטזעכלעך געביידעס, און וווינונגס־הייזער פאַר ניי־געקומענע אין די געביטן, וואָס

דאַרפֿן ערשט אַנטוויקלט ווערן, ווהין די נייע עולים גייען נישט מיט ירויס חשק, — בלייבט די הייזער־בוי באַוועגונג הויפּטזעכלעך אין די הענט פֿון פּריוואַטער בוי־אונטערנעמער, די וווינונגס אין אַט די הייזער זענען נישט צום פֿאַרדינגען נאָר צום קויפֿן.

די פּרייזן אויף די וווינונגען שטייגן אָן אויפֿהער. פֿון וועלכע 10־12 טויזנט פֿונט פּריער, ווערט איצט געפֿאָדערט ביז 18 טויזנט פֿונט פֿאַר אַ דריי־צימערדיקער דירה. דער אַרבעטער מוז זיך פֿאַרבאָרגן אויף יאָרן אין בענק, אין פֿאַרשידענע גמילת־חסדים־קאַסעס. זייער אָפֿט אויך אויפֿן אַרבעטס־פּלאַץ.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך אויסגעבילדעט אין ישראל אַ פּריווי־לעגירטער קלאַס פֿון מיטעלע און העכערע באַאַמטע אין די רעגירונגס־ און געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס. אין ישראל איז אַ שם־דבר די גרויסע צאָל באַאַמטע. יעדע פּאַרטיי באַמיט זיך צו באַזעצן אַלע מעגלעכע אַמטן מיט אירע פּאַרטיי־מיטגלידער. צו דעם אַלעמען קומט נאָך צו די באַקאַנטע דערשיינונג פֿון פּראָטעקציע און ביוראָקראַטיזם.

# ישראל און אירע פּראָבלעמען

(נאָטיצן פֿון מיין צווייטן באַזוך)

נאָך אַן איבעררייס פֿון אַכט יאָר האָב איך ווידער געמאַכט אַ לענגערן באַזוך אין ישראל. גערעדט דאָרט מיט אַ סך מענטשן, באַקאַנטע און אומ־באַקאַנטע, פֿון פֿאַרשידענע ריכטונגען, אויך אומפּאַרטייאישע. באַמיט זיך צו הערן וואָס מער, און אַ סך פֿאַרצייכנט. די ווייטערדיקע נאָטיצן באַרירן דריי טעמעס — אפשר די וויכטיקסטע פֿון דער פֿאַרוויקלטער ישראל־פּראָבלעמאַטיק.

## ספרדים און אַשכנזים

אין ישראל איז דאָס אַ מין ראַסן־פּראָבלעם און אַזוי ווערט דאָס דאָרט באַצייכנט. די ספרדים זענען שוין היינט אַ מערהייט פֿון דער באַ־

פעלקערונג. ווי באַקאַנט, קומען זיי מערסטנס פון די אַראַבישע לענדער. זייער קולטור־ניוואָ איז אַ נידעריקער און זיי פאַרמאָגן גרויסע משפחות — 8, 10, 12 קינדער איז נישט קיין אויסנאַם.

פאַראַן אַ פרעמדקייט צווישן די אַשכנזישע יידן און ספרדים. די ספרדים טראָגן זיך אַרום מיט געפילן פון מינדערווערטיקייט און קנאה צו די אַשכנזים. אין טאָג־טעגלעכן לעבן רופט מען זיי די "שוואַרצע". מען לאָזט נישט גערן זיך שפּילן מיט זייערע קינדער, הגם זיי פאַרמאָגן בטבע זייער חנוודיקע פּנימער, טונקעלער פאַר די אַשכנזים. מען איז נישט צופרידן ווען מען דאַרף לעבן מיט זיי אונטער איין דאַך, און די ספרדים שטרעבן זיך אויסצוגלייכן מיט די איבעריקע יידן. מיט איין וואָרט — אַ סאָציאַל פּראָבלעם; איינער פון אַ סך פּראָבלעמען, מיט וועלכע ישראל איז באַשאָנקען.

אַגב, אַ פרעמדקייט מערקט זיך אין טאָג־טעגלעכן לעבן אויך צווישן אַשכנזישע יידן גופא, למשל, צווישן די יידן פון פּוילן און די יידן פון רומעניע, אָדער אַנדערע, אָפּשטאַמיקע פון פאַרשידענע לענדער.

אין דער ישראל־פּרעסע איז לעצטנס געווען אַזאַ אָפיציעלער קאָמוני־קאַט אין שייכות מיט די פּראָבלעמען פון איינאָרדענען די יידן, וואָס זענען געקומען פון פאַרשידענע וועלט־טיילן:

"די פאַכלעכע קליטה (דאָס איינאָרדענען די יידן לויט די פאַכן), ווי אויך די מאַטעריעלע זייט, גייט מער ווייניק גלאַטיק. דער וויטיקלעכער פונקט איז די געזעלשאַפטלעכע זייט פון איינגלידערן די יידן אין לאַנד, דאָס אַריינציען זיי אין דעם אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. דאָס גייט צו זייער שווער. די ניי־געקומענע און די ותיקים, די אַלט־איינגעזעסענע — דאָס זענען צוויי וועלטן".

וואָס שייך די ספרדים, קומט פאַר שטופנווייז אַ פּראָצעס פון אויס־גלייכן זיי מיט די איבעריקע יידן. פיל העלפט דערביי די אַרמיי, אין אַ געוויסער מאָס אויך די פאָלקס־שולן. די ספרדישע קינדער זענען בכלל אָפּגעשטאַנען אין פאַרגלייך מיט די אַשכנזישע.

האָבנדיק אַ סך קינדער, זענען די ספרדים נישט אַלע מאָל אימשטאַנד צו שיקן זייערע קינדער אין די מיטלשולן, פאַר וועלכע מען דאַרף צאָלן.

דעריבער באַזוכט אויך אַ קליינע צאָל פון זייערע קינדער אין די גימנאַזיעס. אַ טייל פון די ספרדישע קינדער פאַלן אַרויס פון די גימנאַזיעס צוליב זייער אָפּגעשטאַנענקייט און נאָר איינצלנע פון זיי דערגרייכן דעם אוני־ווערזיטעט.

מען רעכנט, אַז ספרדישע קינדער אין די פאָלקס־שולן מאַכן אויס 60 פּראָצענט, אין די מיטל־שולן אין די נידעריקע קלאַסן זענען זיי 40 פּראָצענט, אין די העכערע קלאַסן פון מיטל־שולן — 25 פּראָצענט. אין די הויכשולן — 11 פּראָצענט. קיין גענויע ציפערן האָב איך נישט באַקומען.

ביי דער אַרבעט מערקט זיך אָפּט אַ סאָרט דיסקרימינאַציע לגבי די ספרדישע יידן. דאָך קומען פאָר אַ סך געמישטע חתונות צווישן ספרדים און אַשכנזים. אין ישראל גלייבט מען, אַז מיט דער צייט וועט דאָך צו־שטאַנדקומען אַ פולע אויסגלייכונג. אין אַלגעמיין איז דאָס אין ישראל אַ וויכטיק און שווער פּראָבלעם.

## די יוגנט און די תפוצות

אַלע יאָרן האָט די ישראל־יוגנט זיך באַצויגן צו די יידן אין די תפוצות פון אויבן אַראָפּ, מיט אַ גרינגשעצנוג. אַזאַ דערציונג האָט זי באַקומען אין ישראל. ענדערונגען צום בעסערן האָבן זיך אָנגעהויבן אין שייכות מיטן אייכמאַן־פּראָצעס. די יוגנט האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך איבערצוצייגן, אַז די יידן פון די מזרח־אייראָפּעישע לענדער האָבן דאָך געשטעלט אַ ווי־דערשטאַנד. די זעקס־טאָגיקע מלחמה אין יאָר 1967 האָט אין אַ גרויסער מאָס פאַרשטאַרקט די פאַרבעסערטע באַציונג צו די יידן אויף דער וועלט, אָבער נאָך אַלע פאַרבעסערונגען זענען די באַציונגען צום "גלות" פאָרט נישט קיין נאָענטע און פריינטלעכע.

אין ישראל, ספּעציעל ביי דער יוגנט, וואַקסט דער אינטערעס צו די שאַפונגען פון יידישע שרייבער אין ענגליש, אויף יידישע טעמעס און פּראָבלעמען. די דאָזיקע ליטעראַטור שפּיגלט נישט אָפּ ווי געהעריק דאָס יידישע לעבן, אָבער אָט די ליטעראַטור ווערט שטאַרק געלייענט אין אָרי־גינאַל, און ווערט אויך איבערגעזעצט אין העברעיִש.

די ישראל־יוגנט ווייזט אויך אַרויס אַ געוויסן אינטערעס צו דער יידישער קלאַסישער ליטעראַטור, אָבער אין אַ העברעישער איבערזעצונג, ווייל אין די שולן לערנט מען די יידישע קלאַסיקער אין העברעיש.

די ישראל־יוגנט האַלט, אַז די העברעישע ליטעראַטור פאַרמאָגט נישט צופיל גדולים, און מען פאַרלאַנגט פון די העברעישע שרייבער זיי זאָלן זיך לערנען פון דער יידישער ליטעראַטור.

אינטערעסאַנט איז אויך, אַז אַ צאָל ישראל־סטודענטן (סאַברעס) אינ־טערעסירן זיך מיט יידיש אין אָריגינאַל, אָבער נאָר פאַר פאָרשונגס־צוועקן.

וואָס בינדט דאָך די ישראל־יוגנט מיט די יידן אין דער ברייטער וועלט? — אין אַלגעמיין, זייער ווייניק און עס ווערט גאָרנישט געטאָן, כדי ווירקלעך צו דערנענטערן זיי צו די יידן אין די תפוצות. די ברייטע יידישע וועלט איז פאַר ישראל בלויז אַ קוואַל פון עווענטועלער ״עליה״, און דער עיקר פון מאָראַלישער און פינאַנסיעלער הילף. עס שטעלט זיך דערביי די פראַגע: וואָס קאָן בינדן, באַזונדערס די ספרדישע יוגנט אין ישראל, מיט די יידן אויף דער וועלט? — גאָרנישט.

זייער טרויעריק איז אויך דער פאַקט, וואָס די ישראל־פּרעסע שפּיגלט כמעט אינגאַנצן נישט אָפּ דאָס לעבן פון די יידן אויף דער ברייטער וועלט.

## די פאַרנומענע געביטן

וואָס טראַכט מען אין ישראל אין שייכות מיט די פאַרנומענע געביטן? די שטימונגען זענען פאַרשידנאַרטיקע און זיי ווערן נישט אָנגעהאַלטן דווקא לויט דער פּאַרטיי־ליניע, ווייל אויך אין די פּאַרטייען קומען צום אויסדרוק פאַרשידענע מיינונגען. די עקסטרעמע גרופּן, ווי בעגינס פּאַרטיי, רעדן גאַנץ אָפן, אַז עס קאָן קיין רייד נישט זיין פון אָפּגעבן אַ וועלכע עס איז טעריטאָריע. פאַרקערט, זיי ווילן, אַז ישראל זאָל זיך אויסשפּרייטן נאָך מער און אַרומנעמען אירע אַלטע היסטאָרישע גרענעצן.

די דאָזיקע שטעלונג ווערט געשטיצט פון פיל אָנהענגער און מיטגלי־דער אויך פון אַנדערע פּאַרטייען. די אַנדערע פּאַרטייען רעדן אָבער וועגן דעם מיט אַ האַלב מויל: ״מען וועט זיך זעצן צום טיש, וועט מען רעדן״.

אַלע האַלטן אָבער, אַז וועגן אָפּגעבן אַלט־ירושלים, די גולן־בערג, און אפשר נאָך ״עפּעס״ — קאָן קיין רייד נישט זיין.

משה דיין איז מיט זיין איינשטעלונג — איינגלידערן אין עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד אויך די נייע געביטן — נישט איינזאַם. די רעגירונג, אַלס כלל, האָט די זעלבע שטעלונג. עס ווערט בלויז נישט אַרויסגעבראַכט עפנטלעך. און אין דער ריכטונג פון עקאָנאָמיש איינגלידערן די נייע געביטן, ווערט פּראַקטיש פיל געטאָן — עס ווערן דאָרט געשאַפן יידישע ישובים אויף באַפרייטע אַראַבישע טעריטאָריעס. די טענדענץ איז אַ קלאָ־רע — באַהערשן עקאָנאָמיש און אַדמיניסטראַטיוו דעם מאַקסימום פון טע־ריטאָריעס מיט אַ מינימום פון אַראַבער.

די בריקן, וואָס פירן קיין ירדן זענען אָפן. דער ציל איז — נישט צו שטערן די אַראַבער, וועלכע ווילן ״פרייוויליק״ פאַרלאָזן די פאַרנומענע געביטן.

ווי באַקאַנט, ווערן אייניקע אַראַבער אַרויסגעשיקט קיין ירדן פאַר זייער קאָנטאַקט מיט די טעראָריסטן. אין געוויסע פאַלן ווערן אויך אַרויס־געשיקט די אַראַבער, וואָס באַטייליקן זיך דירעקט אין די טעראָר־אַקטן, נאָך דעם ווי זייערע הייזער ווערן אויפגעריסן. צי דאָס אַלץ ברענגט אַ פאַרקלענערונג פון טעראָר־אַקטן — איז אַ פראַגע.

אין אַ גרויסן מאַשטאַב ווערט געפירט פון פאַרנומענע געביטן אַ האַנדל מיט ירדן און דורך ירדן מיט אַנדערע אַראַבישע לענדער. עס ווערן עקספּאָרטירט די פּראָדוקטן פון די פאַרנומענע שטחים און דורך די פאַרנומענע שטחים ווערן אויך געשיקט סחורות פון ישראל גופא. די מדינה געניסט דערפון, עס קומט אַריין אַ וואַלוטע, וואָס איז נישט נידעריי־קער פונעם ישראל־פונט.

די אַראַבער, וואָס וווינען אויף די פאַרנומענע שטחים, זענען אַלס כלל פּאַסיוו און דערשלאָגן. אַ גרויסער טייל פון זיי וואָלט אפשר מיטגעאַרבעט מיט די ישראלדיקע מאַכט־אָרגאַנען און דאָס וואָלט פאַרבעסערט זייער עקאָנאָמישע לאַגע, אָבער די אַראַבישע טעראָר־אָרגאַניזאַציעס ווענדן אָן טעראָר אויך לגבי די דאָזיקע אַראַבער.

נאָך דער זעקס־טאָגיקער מלחמה איז ישראל מיט איין מאָל שטאַרק

פאַרגרעסערט געוואָרן אין שטח. שטעלט זיך די פראַגע: וואָס וועט די מדינה טאָן מיט אָט דער גרויסקייט? ווי וועט די מדינה באַהערשן אָט די שטחים? וואָס פאַראַ עצה וועט מען זיך געבן מיט דעם מיליאָן אַראַבער אויף די פאַרנומענע געביטן (אחוץ די ישראלדיקע אַראַבער)? אויף דעם ווערט געוויינלעך געגעבן דער ענטפער: "די צייט וועט ווייזן".

די יידן אין ישראל זענען גוואַלדיקע פאַטריאָטן. זיי גלייבן אין די אייגענע כוחות. זיי זענען "זיכער אינעם דערפאָלג" אין קאַמף קעגן די אַראַבער. "די יידן וועלן זיך נישט לאָזן", "יידן וועלן געווינען" — דאָס איז די הערשנדיקע איינשטעלונג. דאָס מאַכט מעגלעך אָנצוגיין מיטן טאָג־טעגלעכן לעבן, אָבער עס ברענגט מיט זיך שאָוויניזם, נציאָנאַליזם.

עס איז מיר פון קיין איין דורכשניטלעכן ישראל־בירגער נישט אויס־געקומען צו הערן, בעת מיין לענגערן באַזוך דאָרטן, קיין פאָזיטיוון ענטפער אויף דער פראַגע: צי איז נישט פאַרן פרייז פון שלום כדאַי אָפּצוגעבן די נייע טעריטאָריעס?

## ווי האַלט עס איצט מיט יידיש?

וואָס זענען די פּערספּעקטיוון פאַר יידיש אין ישראל? צווישן אַ ריי אַנדערע וויכטיקע פּראָבלעמען האָב איך זיך גאַנץ נאַטירלעך ספּעציעל אינטערעסירט מיט דעם פּראָבלעם בעת מיין פינף־וואָכיקן באַזוך אין ישראל, אויך צום צווייטן מאָל.

די העברעישע אַ״ג רעפּערטואַר־טעאַטערן ווערן סובסידירט, צאָלן כמעט נישט קיין שטייערן. דאָך איז אונטערגעגאַנגען דער לאַנגיאָריקער טעאַטער "אוהל". דער מלוכה־טעאַטער "הבימה" ראַנגלט זיך פאַר זיין עקזיסטענץ. באַקומט גרויסע מלוכה־סובסידיעס.

עס עקזיסטירן אויך פאַרשידענע אַנדערע העברעישע טעאַטערן, די אַ״ג האַנדלס־טעאַטערן ("תיאטרון מסחרי"), וואָס ווערן נישט סובסידירט דורך דער מדינה־קאַסע. דאָס זעלבע אויך יידיש טעאַטער, וואָס ווערט נישט סובסידירט. צאָלט הויכע שטייערן.

בעת מיין באַזוך האָבן גשפּילט 6 יידישע טעאַטערן. דער ניוואָ איז

ווירקלעך נישט קיין הויכער. דאָס יידיש־טעאַטער איז נישט קיין רעפּער־טואַר־טעאַטער. עס איז אַ מאַנגל אין רעפּערטואַר. דזשיגאַן מיט זיין קליינ־קונסט־טעאַטער שטייט יאָ אויף אַ געוויסן ניוואָ, האָט גרויס דערפאָלג, אָבער אויך זיין טעאַטער ווערט נישט סובסידירט.

ווידער באַזוכט קיבוץ "לוחמי הגיטאות". דאָרטן זענען אויסגע־לייגט אויף די טישן ביכער צום פאַרקויפן, אַלע אין העברעיש. קיין איין יידיש בוך וועגן חורבן האָב איך נישט געזען.

אין קיבוץ "יד מרדכי", אויפן נאָמען פון מרדכי אנילעוויטש, האָב איך אין פיינעם און מאָדערנעם מוזיי, אַלס אָנדעק פון חורבן, געטראָפן אין די שאַפעס דאָקומענטן אין יידיש, אָבער פון דער צייט פון די חורבן־יאָרן.

איך האַלט, אַז עס איז שטאַרק איבערגעטריבן ווען מען זאָגט, אַז אין די גאַסן, אומעטום אין דער עפנטלעכקייט, הערט מען די יידישע שפּראַך. עס איז צום באַדויערן נישט אַזוי. יידיש ווערט טאָלערירט דורך דער מלוכה. עס איז שוין נישט קיין געפאַר פון קאָנקורענץ מיט דער מלוכה־שפּראַך. יידיש ווערט וואָס ווייטער אַלץ ווייניקער באַנוצט אין טאָג־טעגלעכן לעבן. די יידן פון פוילן, למשל, באַנוצן זיך זייער אָפט מיט דער פּוילישער שפּראַך. אַפילו אין די עפנטלעכע אינסטיטוציעס ווו עס אַרבעטן זייער אָפט אַ גרעסערע צאָל יידן פון פוילן, באַנוצן זיי זיך, צווישן זיך, מיט דער פּוילישער שפּראַך. געננוי ווי די יידן פון רומעניע רעדן נאָך אָפט צווישן זיך רומעניש, די "יעקעס" — דייטשיש, די אונגאַרישע — אונגאַ־ריש אד"גל.

פון איינפירן יידיש אין די מלוכה־שולן קאָן גאָר קיין רייד נישט זיין. נישטאָ קיין שום פּערספּעקטיוון פאַר דעם. יעדער שטרעבט צו באַהערשן די לאַנד־שפּראַך און לייענט דאָס רוב אַ העברעישע צייטונג.

ביי די קינדער, אַפילו פון די ניי־געקומענע, איז יידיש שוין נישט די מוטער־שפּראַך. אין דער היים באַנוצט מען זיך מיט העברעיש. אויסנאַמען קאָנען נישט ענדערן די לאַגע צום בעסערן. יידיש ווערט שטופנווייז אַ מין פאָרשונגס־עלעמענט פאַר סטודענטן און געוויסע אינטעלעקטועלע.

איך האָב אויך באַזוכט דעם יידישן פּריוואַטן פאַרלאַג "מנורה". מיטן פאַרלעגער קענען מיר זיך זייער גוט פון נאָכמלחמהדיקן פוילן. אין פאַרלאַג

דערשיינען יערלעך דורכשניטלעך אַרום 30 ביכער, צווישן זיי איבערזעצונגען פון יידיש אויף העברעיש. אויסגאַבן אין יידיש פון גאָר פּאָפּולערע שרייבער, ווי, למשל, באַשעוויס, האָבן אַ טיראַזש פון צוויי טויזנט עקזעמפּליאַרן. מען דרוקט אין ישראל, ווייל עס קאָסט ביליקער. געוויינלעך איז דער טיראַזש פון אַ יידיש בוך טויזנט עקזעמפּליאַרן. "דאָקטאָר זשיוואַגאָ", איבערגעזעצט פון רוסיש, איז דערשינען אין דריי טויזנט עקזעמפּליאַרן.

איך האָב אויך באַזוכט דעם יידישן פּרץ־פאַרלאַג, געהאַט אַ לענגערן געשפּרעך מיט די פאַרוואַלטערס פון פאַרלאַג. ווי באַקאַנט, איז דער פּרץ־פאַרלאַג אַ געזעלשאַפטלעך־פּאַרטייאישער. דער פאַרלאַג עקזיסטירט פון יאָר 1956. במשך דער צייט זענען דאָרט דערשינען 300 ביכער, דערונטער אַרום 10 פּראָצענט העברעישע, אויך עטלעכע, ווו דער אינהאַלט איז צוזאַמען מיט יידיש אויך אין העברעיש.

אויך אין פּרץ־פאַרלאַג איז דער טיראַזש געוויינלעך טויזנט עקזעמפּליאַרן. ביכער פון אָנגעזעענע שרייבער ווערן אַרויסגעגעבן אין אַ גרעסערן טיראַזש. גרויס דערפאָלג האָבן געהאַט די ביכער פון איציק מאַנגער. גאַנץ אָפט גיט אַרויס דער פאַרלאַג ביכער אַ דאַנק סובסידיעס פון געזעלשאַפטלעכע, אָדער פּריוואַטע פאָנדן. דער פאַרלאַג פאַרשפּרייט זיינע אויסגאַבן זייענדיק אין קאָנטאַקט מיט ביכער־פאַרלאַגן, ביכער־געשעפטן און יחידים אין פאַרשידענע לענדער.

דער פאַרוואַלטער פון פאַרלאַג האָט מיך אינפאָרמירט, אַז עס קומען צו זיי גאַנץ אָפט ישראל־סטודענטן, וואָס אינטערעסירן זיך מיט יידישע ביכער אין אָריגינאַל און קויפן זיי צום שטודירן. דער פאַרלאַג האָט אַ ביבליאָטעק פון העכער 20 טויזנט ביכער, צווישן זיי אַ צאָל פּוילישע און העברעישע. פון צייט צו צייט אָרדענען זיי איין ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע אָוונטן.

די יוגנט ווייזט אַרויס אַן אינטערעס צו דער יידישער קלאַסישער ליטעראַטור, איבערגעזעצט אין העברעיש, ווייל אין די שולן לערנט מען די יידישע קלאַסיקער אין העברעיש.

די יידישע צייטונגען האַלטן אָן פאַרהעלטנישמעסיק זייער טיראַזש. אַ טייל לייענט די צייטונגען אויס געוווינהייט, צוזאַמען מיט העברעיש.

דער ישראל־ראַדיאָ פירט דורך וועכנטלעכע פרעסע־איבערזיכטן אויף אירע העברעישע אוידיציעס. די ענגלישע צייטונג „דזשערוזאַלעם פּאָסט" ווערט אַלעמאָל ציטירט צוגלייך מיט דער העברעישער פּרעסע. אין דער צייט פון די וואַלן צו דער כנסת זענען אויך ציטירט געוואָרן די פרעמד־שפּראַכיקע צייטונגען, ווי פּוילישע א"אַ. אויסגעמיטן ווערט נאָר אין די אוידיציעס די יידישע „לעצטע נייעס". פאַרוואָס? — ווייל די פרעמד־שפּראַכיקע צייטונגען זענען איינגעגאַנגען דרוקן יעדן טאָג זייער לייט־אַרטיקל אויך אין העברעיש, די „לעצטע נייעס" האָט זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן.

דער „בונד" און דער אַרבעטער־רינג גיט אַרויס אַ מאָנאַטלעכע צייטשריפט, די „לעבנספראַגן". דער אַרבעטער־רינג האָט ביבליאָטעקן אין תל־אביב מיט 20 טויזנט ביכער, יידישע, פּוילישע און העברעישע. עס קומען אויך פאַר יידישע אָוונטקורסן פאַר דערוואַקסענע אין תל־אביב, אַ קינדער־קאָלאָניע פאַר 80 קינדער, אַ קינדערהיים אין קאָנטאַקט מיט דער שטאָטישער סאָציאַלער הילף, פאַר 30 קידער.

דער אַרבעטער־רינג אין ישראל פירט אויך אָן מיט אַ שטענדיקן דראַמאַטישן קרייז. דער דראַמאַטישער קרייז טראָגט זיך אַרום מיט אַ פּראָיעקט צו שאַפן אַ סטאַבילן קאַמער־טעאַטער.

## עליה־אויסזיכטן

מען דאַרף נישט זיין אין ישראל, בכדי צו וויסן ווי וויכטיק עס איז דאָס פּראָבלעם פון פאַרגרעסערן די צאָל יידן אין לאַנד. פאַרשטאַרקן די עליה. די ישראל־רעגירונג האָט אַלע יאָרן אַנגעוואָנדן אויסערגעוויינ־לעכע מיטלען, בכדי צו באַווירקן יידן אין אַ ריי לענדער עמיגרירן קיין ישראל. ווי וויכטיק עס איז היינט צוטאָג ביי דער ישראל־רעגירונג די פראַגע פון עליה איז כדאַי אָנווייזן אויף דעם פאַקט, אַז אין שפּיץ פון די אינסטיטוציעס, וואָס פאַרנעמען זיך מיט עליה זענען אַוועקגעשטעלט מיליטערלייט, שליחים פון ישראל פאָרן אַרום אומעטום בכדי באַווירקן יידן זיך באַזעצן אין ישראל. לויט די אָנגעגעבענע ידיעות אין דער ישראל־

פּרעסע האָבן באַדאַרפט אַריינקומען אין יאָר 1969, 35 טויזנט נייע עולים, און אין יאָר 1970 — 40 טויזנט עולים.

צו וועלכע קאַטעגאָריעס באַלאַנגען די נייע עולים? — אייניקע טויזנט פון די פֿאַראייניקטע שטאַטן, צווישן זיי אויך מיטליעריקע עלעמענטן, פּראָפעסיאָנאַלן. אַ טייל פון זיי קומען בכדי אויסמיידן געמישטע חתונות ביי זייערע קינדער. עס קומען סטודענטן. אַ צאָל פאַרמעגלעכע יידן, וואָס קומען סתם זיך באַזעצן. אַזעלכע וואָס ברענגען אַריבער אַ טייל פון זייערע קאַפּיטאַלן, וועלכע זיי אינוועסטירן אין פאַרשידענע אונטערנעמונגען, אָפט אין אַזעלכע אונטערנעמונגען אין וועלכע די מדינה איז ספּעציעל פאַר־אינטערעסירט. אַזעלכע באַקומען געוויסע פּריווילעגיעס, ספּעציעל אין שטייערן.

עס קומען זיך באַזעצן יידן פון אַמעריקע, ריטייערטע (פּענסיאָנערן), וועלכע קאָנען זיך אין ישראל אויסלעבן פאַר די טשעקס פון "סאָשל סעקיוריטי". אָט די קאַטעגאָריע ברענגט מיט זיך פון אַמעריקע דאָס מאַק־סימום וואָס לאָזט זיך מיטנעמען, ווי טעלעוויזיעס, ראַדיאָס, פרידזשידערס אד"גל. אויך אַ פּאָר טויזנט דאָלאַר אויף קויפן פאַר זיך אַ וווינונג.

אָט די אַלע קאַטעגאָריעס פאַלן נישט צו לאַסט דער מדינה, און דאַרפן נישט אָנקומען צו דער הילף פון סוכנות.

עס קומען ווייניק עולים פון אַנדערע פרייע לענדער. עס קומען אַ טייל פון די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, פון ענגלאַנד, אויך גוט סיטו־אירטע.

עס זענען געקומען אַ צאָל יידן פון אַלזשיר און מאַראָקאָ. יידן פון פראַנקרייך, דאָס רוב עלטערע מענטשן.

עס זענען אַריינגעקומען פון דער אַ.ג. "נויט־עליה" — יידן פון פוילן, פון וואַנען די עליה ווערט אַלץ קלענער.

אָנקומענדיק פון פוילן קיין ווין ווי געוויינטלעך, פאַרהאַלט מען זיך דאָרטן זוכנדיק אַנדערע וועגן און נישט קיין ישראל. אייניקע געלונגט אַריינקומען קיין אַמעריקע.

ווי באַקאַנט, האָבן די צוויי לענדער, שוועדן און דענעמאַרק, געעפנט די טויערן פאַר יידן פון פוילן. שליחים פון ישראל האָבן שוין באַזוכט

ביידע לענד'ער, בכדי באַווירקן די פּוילישע יידן עולה זיין קיין ישראל, אָבער מיט ווייניק דערפאָלג.

לויט די ישראל־פּרעסע גיט איבער, זענען אין יאָר 1969 אַרויס פון פּוילן דריי טויזנט מיט זיבן הונדערט יידן. קיין ישראל זענען אַריינגעקומען בלויז 14 הונדערט.

עס איז אַראָפּגעקומען אַ קליינע גרופּע יידן פון רוסלאַנד, צווישן זיי קאַווקאַזער יידן, די אַ. ג. "גאָרסקיע יעווריי" (באַרג־יידן), שווער צו זאָגן ווי דאָס איז געשען*.

ווי אַזוי ווערן די ניי־געקומענע איינגעאָרדנט? — דאָס איז נישט קיין לייכט פּראָבלעם. מיט גרויסע אָנשטרענגונגען ווערט דער עולם באַזאָרגט מיט דירות, אין וועלכע עס פילט זיך אַ מאַנגל.

אינזשיניערן, דאָקטוירים, אויך די וואָס קאָנען אויסגענוצט ווערן פאַר דער קריגס־אינדוסטריע, באַקומען לייכט באַשעפטיקונג נאָכן דורכגיין דעם אולפּן, ווו זיי באַקאָנען זיך מיט דער שפּראַך.

די נייע עולים באַקומען הלוואות אויף פאַרשידענע צוועקן פאַר איינ־אָרדענען זיך, אָבער זיי מוזן דערביי צושטעלן זשיראַנטן. די הלוואות מוזן די נייע עולים אָנהויבן אויסצאָלן ווען זיי באַקומען אַרבעט, דערביי ווערן גלייך צוגערעכנט די פּראָצענטער פאַר די הלוואות, און גאַנץ הויכע פּראָצענטער. מען צאָלט דעם חוב יעדן חודש צוזאַמען מיט די פּראָצענטער. מען צאָלט פאַר דער רייזע פון ווין קיין ישראל, פאַר אַריבערפירן דעם באַגאַזש אאַ"וו.

וואָס שייך די עלטערע מענטשן, ווערט אויך פּראַקטיצירט, אַז מען באַשעפטיקט מענטשן העכער פון 60 יאָר אַ מאָנאַט אָדער צוויי, דאַן באַפרייט מען אַזעלכע פון דער אַרבעט אויף אַ וואָך אָדער צוויי, און דאַן נעמט מען זיי אויפסניי צו דער אַרבעט. די סיבה: כדי נישט געבן זיי "קבע" (סטאַבילקייט), היות לויטן געזעץ דאַרף די אונטערנעמונג זיי שפּעטער צאָלן (נאָך 6 חדשים אַרבעט אָן איבעררייס) געוויסע אַנטשעדיקונגען אין פאַל פון אָפּזאָג, אָדער רעדוקציע.

*ווי באַקאַנט איז די עליה און דער קאַמף פאַר דער עליה פון רוסישע יידן לעצטנס פאַרגרעסערט געוואָרן (י. פּ.).

זייער אָפּט זענען די ניי־געקומענע אויסגעשטעלט אויף זיך אַליין צו באַקומען אַרבעט. עס ווערן דערביי אויסגענוצט פּראָטעקציעס דורך קרו־בים און באַקאַנטע. צו דעם אַלעמען קומט צו דער שטאַרקער ביוראָקראַטיזם פון די באַאַמטע אין דער סוכנות. וועגן דעם רעדט מען, וועגן דעם שרייבט מען אין דער פּרעסע.

נאָכדעם ווי מען איז שוין באַשעפטיקט, דאַרף מען אויך צאָלן אַלע בויטיקע שטייערן, וואָס זענען גאַנץ הויכע. אין אַלגעמיין איז דאָס איינ־אָרדענען די נייע עולים קאָמפּליצירט און נאַטירלעך שווער, אָבער די פּירנדיקע אינסטאַנצן שטעלן אויס אויף דעם, אַז אויב מען איז שוין אין לאַנד וועט די מערהייט שוין דאָ פאַרבלייבן.

אין דער פּרעסע איז געווען אָנגעגעבן אַ קאָמוניקאַט פון דער סוכנות, אַז די קליטה פון פּאַכלייט, דאָס מיינט דאָס איינאָרדענען לויט פאַכן, גייט מער ווייניקער גלאַטיק.

דער ווייטיקלעכער פּונקט אָבער איז די געזעלשאַפטלעכע זייט פון איינגלידערן זיך אין לאַנד, דאָס אַריינציען די נייע עולים אין דער אַלגע־מיינער געזעלשאַפט. דאָס גייט צו זייער שווער. עס זענען צוויי וועלטן, די ניי־געקומענע און די ותיקים, די אַלט־איינגעזעסענע.

די ניי־געקומענע פון פאַרשידענע לענדער, פון פאַרשידענע וועלט־טיילן געפינען אויך נישט קיין געמיינזאַמע שפּראַך צווישן זיך. אַ גרויסע צאָל פאַרלאָזן דאָס לאַנד. דאָס גייט אָן אַלע יאָרן.

כדאי צו באַמערקן, אַז אין דער פּרעסע קומען צום אויסדרוק יעדן טאָג טענות פון די ניי־געקומענע וועגן דער שלעכטער באַציונג צו זיי מצד דער סוכנות, טענות וועגן נישט פּאַסיקע דירות, וועגן נישט איינאָרדענען אויף אַרבעט א.אַ.וו.

מיט ספּעציעלע טענות קומען אָפּט סטודענטן און דאָס צוליב דעם, וואָס אין ישראל אנערקענט מען נישט אַלעמאָל די צייט פון די שטודיעס, וואָס די סטודענטן האָבן דורכגעמאַכט, צום ביישפּיל, אין פּוילן. זיי דאַרפן פאַרלירן אָפּט אַ יאָר שטודיעס, אָדער זיי מוזן אָנהייבן אַלץ פונדאַסניי, אָדער גאָר שטודירן אויף אַנדערע געביטן.

אַ שווער פּראָבלעם, אָבער די נייע עולים אַקלימאַטיזירן זיך סוף כל סוף.

# יידיש לעבן אין מעקסיקע

(רייזע־איינדרוקן)

אין מעקסיקע האָב איך פאַרבראַכט צוויי וואָכן. איך בין נישט געפאָרן אַהין ווי אַ טוריסט, נישט געהאַט מיט זיך קיין פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט, הגם אין דזשעט האָב איך געהאַט אַ פּלאַץ אין דער טוריסטן־אָפּטיילונג.

איך האָב זיך געטראָפן מיט פאַרמלחמהדיקע פריינט און חברים בונדיסטן, געטראָפן זיך מיט דער בונדישער משפּחה אין מעקסיקע, באַזוכט אַ ריי פּלעצער אין און אויסער דער שטאָט, באַזוכט די יידישע אינסטי־טוציעס.

דער ערשטער איינדרוק איז — אַ טיפער קאָנטראַסט אין אויסערלעכן אַרום אין פאַרגלייך מיט לאָס אַנדזשעלעס. עס מערקט זיך גלייך דער גרויסער אונטערשייד פון רייך און אָרעם.

די וועגן, די מענטשן אויסער דער שטאָט, האָבן מיך דערמאָנט אין דעם פאַרמלחמהדיקן פּוילן.

אַן אָפּגעריסענער מעקסיקאַנער ביים זייט פון וועג אויף אַן אייזל, האָט מיר שטאַרק דערמאָנט די נישט־ווייטע פאַרגאַנגענהייט אין מיטל־אַזיע, אין די מלחמה־יאָרן, אין לאַנד פון "פרייהייט און סאָציאַליזם".

די שטיינערנע חורבֿע הייזקעס פון די מעקסיקאַנער, באַזונדערס אויסער דער שטאָט, מאַכן אַ שווערן איינדרוק, אָבער דאָס איז נאָך נישט די ריכטיקע אָרעמקייט.

* *
*

די פּיראַמידן, ביי אַ 50 מייל אויסער דער שטאָט מעקסיקע, געבויט מיט יאָרהונדערטער צוריק, ביי וועלכע מען האָט געבּרענגט קרבנות יונגע מיידלעך צו פאַרשידענע געטער, זענען אימפּאָזאַנט.

אין מעקסיקע גופא האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק די אוניוווערסיטעט־שטאָט, וועלכע די מעקסיקאַנער רופן מיט שטאָלץ, און אפשר מיט רעכט, די שענסטע אין דער וועלט. אַלע געביידעס מאָדערן, זענען פראַכטפול, באַפּוצט מיט מאָלערייען, אונטערשיידט זיך איין געביידע פון דער צווייטער. די געביידע פון רעקטאָראַט איז הויך, פיל־שטאָקיק און דאָמינירט איבער אַלע איבעריקע. דער שטח אַ קאָלאָסאַלער, דער ספּאָרט־סטאַדיאָן מיט 110 טויזנט פּלעצער איז ריזיק.

* * *

דער יידישער ישוב, קליין אין צאָל, איז שטאַרק אַקטיוו געזעלשאַפט־לעך אויף אַלע מעגלעכע געביטן. יידישע אינסטיטוציעס, צייטונגען, זשור־נאַלן, ביכער־אויסגאַבן און אַנד. צייטשריפטן, און דער עיקר — יידישע טאָג־שולן, אַ לערער־סעמינאַר. אינטערעסאַנט, אַז דאָס יידישע געדרוקטע וואָרט ווערט געזעצט דורך מעקסיקאַנער.

* * *

איך האָב זיך באַטייליקט אין אַ זיצונג פון דער יידישער קהילה (אשכנזישער). עס האָט מיר דערמאָנט די קהילות פון פאַרמלחמהדיקן פּוילן: פּראַגן וועגן סובווענצן, דעפיציטן און ענלעכע אַזעלכע פּראָבלעמען.

* * *

דער יידישער ספּאָרט־צענטער — אַן אינסטיטוציע פון אַ גרויסן פאַרנעם. אַ פּלאַץ פאַר צוזאַמענטרעפן פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, באַזונדערס פאַר דער יוגנט, אויך ספרדישער יוגנט. כלערליי ספּאָרט, פאַרשידענע קולטור־אַרבעט, טעאַטער, לעקציעס, אַ ביבליאָטעק מיט צען טויזנט ביכער. דער ביבליאָטעקאַר האָט מיך פאַרזיכערט, אַז די ביבליאָטעק פאַרמאָגט אַרום צען טויזנט ביכער, צוויי טויזנט יידישע, מיט צוויי הונדערט לייענער פון יידישן בוך. אין די האָלן — כמעט שטענדיק אַ קונסט־אויסשטעלונג. אין אַ זונטיקדיקן טאָג ווערט דער ספּאָרט־צענטער באַזוכט דורך 5־6 טויזנט מענטשן. איינער פון די צילן — נישט דערלאָזן געמישטע חתונות — איז כמעט דערגרייכט.

* * *

די גרויסע יידישע טאָג־שול צייל העכער 1200 שילער, כלערליי

שול־אַנשטאַלטן. איך בין געווען דער גאַסט אין דער שול אין אַ מאָנטיק־דיקן פרימאָרגן, ווען אַלע שילער מיט די לערערס לויט אַן אייגענאַרטיקער טראַדיציע, פאַרזאַמלען זיך אויפן גרויסן הויף. עס ווערט דורכגעפירט אַ צערעמאָניע פון אַרויפציען די מעקסיקאַנער פאָן, אויך די ישראל־פאָן. פאַרוואָס אין אַ שול אין מעקסיקע די ישראל־פאָן, איז מיר אַפילו נישט אינגאַנצן פאַרשטענדלעך.

עס איז אימפּאָזאַנט און מאַכט אַן איינדרוק. איך האָב געהאַט דעם כבוד אַרויפציען די מעקסיקאַנער פאָן; די ישראל־פאָן האָט אַרויפגעצויגן אַ פרוי, אַ גאַסט פון אַרגענטינע. אָבער קיין יידיש וואָרט פון די שילער צווישן זיך האָב איך נישט געהערט. יידיש ווערט באַנוצט אין קלאַס צווישן די לערער און שילער.

די צווייטע יידישע שול, די אַזוי־גערופענע בונדישע־פּרעכטיקע געבײדעס, העכער 400 שילער, כלערליי שול־אַנשטאַלטן, די בעסטע פּעדאַגאָגן, געפירט דורך דעם באַקאַנטן אין וואַרשע נאָך דער מלחמה לערער פון "צישאָ"־שולן, חבר ראָטנבערג. איך האָב באַזוכט קלאַסן בעת די לעקציעס פון די באַקאַנטע פּעדאַגאָגן באַיאָן און גאָלאָמב.

דער לערער־סעמינאַר פאַר אַלע מינים שולן איז אַ וויכטיקער לערן־אַנשטאַלט, מערסטנטייל מיידלעך, וואָס האָבן פאַרענדיקט די יידישע שולן אין מעקסיקע. דער סעמינאַר איז אַ רעזערוואַר פון לערער נישט נאָר פאַר די שולן אין מעקסיקע.

* * *

די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין מעקסיקע פירט אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט. דער מאָנאַטלעכער זשורנאַל "פאָראויס" איז גוט באַקאַנט אין אַלע יידישע ישובים. די בונדיסטן זענען אַקטיוו אין דער יידישער קהילה און אין אַנדערע יידישע אינסטיטוציעס.

די בונדיסטן אין מעקסיקע זענען באַקאַנט מיט זייערע וואַרעמע אויפנאַמען פאַר געסט, באַזונדערס בונדיסטן. איך האָב דאָס אויך געפילט בעת דער אויפנאַמע פאַר מיר און בכלל די גאַנצע צייט פון מיין באַזוך דאָרט.

אַוודאי איז אויסגעקומען געבן אַ באַריכט פון "בונד" אין לאָס אַנדזשע־

לעס, און ווי עס פירט זיך, מוז אַ גאַסט אויך קומען מיט זיינס אַ וואָרט; האָב איך דאָס אויך געטאָן.

די בונדישע אָרגאַניזאַציע שטייט אין אַ פאַרביטערטן קאַמף מיט די ציוניסטישע פירער אין דער קהילה, וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן אַראָפּברענגען קיין מעקסיקע אַלס דירעקטאָר פון לערער־סעמינאַר אַ פאָרשטייער פון ישראל.

ווי באַקאַנט, גייט אָן אַן אַקציע פון די ישראל־לערער צו פאַרשפּרייטן די העברעישע שפּראַך אין די תפוצות.

אַ באַזוך אין מעקסיקע — אַפילו אַ קורצער איז גאַנץ אינטערעסאַנט.

## די ״אויסגעשטרעקטע״ האַנט

(באמערקונג)

צו אַ געוויסער אינסטיטוציע אין ישראל איז אָנגעקומען אַ ״וואַרעמער און פריינטלעכער״ בריוו פון א. ווערגעליס, רעדאַקטאָר פון ״סאָוועטיש היימלאַנד״. דער בריוו גופא ווערט אויסבאַהאַלטן: ״בלויז צוויי דריי מענטשן זענען וועגן אים אינפאָרמירט, הגם ער איז געווענדט אויך צום כלל יידישע שרייבער אין ישראל. דעם סוד וועגן ווערגעליסעס בריוו האָט מען פאַרטרויט בלויז אַן אינסטאַנץ, וואָס איז מבטל יידיש, איגנאָרירט און באָיקאָטירט יידישע שרייבער... אַן אינסטאַנץ, וואָס אָנערקענט נישט די יידישע שרייבער אין ישראל״.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן, אַז אפשר איז אָט די געהיימע אינסטאַנץ דער העברעישער שרייבער־פאַריין. עס הייסט: א. ווערגעליס האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, ״טאָרן מיר די אויסגעשטרעקטע האַנט צו אונז... נישט לאָזן אין דער לופטן״.

עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז לעצטנס קומען פאָר ענדערונגען צום בעסערן אין רוסלאַנד, אָבער אויף דער יידישער גאַס מערקט זיך דאָס קוים, קוים. אויף די שפּאַלטן פון ״סאָוועטיש היימלאַנד״ לייענען מיר שאַפונגען פון יידישע שרייבער אויך אויף אַלגעמיינע יידישע טעמעס, אָבער וואָס די רוסישע שרייבער קאָנען זיך דערלויבן, קאָנען זיך נאָך נישט דערלויבן די

יידישע שרייבער. אין רוסלאַנד באַצייכנט מען דאָס: ״די מורא פאַר דער מורא״. די יידן זענען נאָך אין צושטאַנד, וואָס איז זייער ווייט פון באַפרייען זיך פון אָט דער מורא. אויב ענדערונגען וועלן קומען, דאַרפן זיי באַגריסט ווערן, אָבער דערווייל זעט מען נישט קיין ממשותדיקע ענדערונגען אין דער אַלגעמיינער פּאָליטיק פון קרעמל לגבי די יידן.

די לעצטע יאָרן דערשיינט ״סאָוועטיש היימלאַנד״ יעדן חודש. עס איז אַן איינגעשטעלטער סיסטעם, אַז אויף אַלע סאָוויעטישע אויסגאַבעס (דאָס זעלבע אויך צ.ב. אין פּוילן) ווערט אָנגעגעבן אין וויפל עקזעמפּליאַרן איז די אויסגאַבע געדרוקט. ווען ״סאָוועטיש היימלאַנד״ איז דער־שינען יעדן צווייטן חודש, איז געווען אָנגעגעבן דער טיראַזש — 25 טויזנט קאָפּיעס. פון דעם מאָמענט ווען דער זשורנאַל גייט אַרויס יעדן חודש, ווערט — ווי אַן אויסנאַם פאַר סאָוויעטישע אויסגאַבעס — דער טיראַזש נישט אָנגעגעבן. פאַרוואָס? אין וויפל עקזעמפּליאַרן דערשיינט איצט דער זשורנאַל? צי דערגרייכט ער צו די יידן אין רוסלאַנד?

אין יאָר 1956 האָט דער סעקרעטאַר פון פאַריין פון סאָוויעטישע שרייבער סורקאָוו פאַרזיכערט, אַז עס ווערט געגרייט אַ פּלאַן, וואָס האָט פאַר אַ ציל אויפצולעבן די יידישע קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד, צוו. אנד. שאַפן אַ יידישן פאַרלאַג, עפענען אַ יידישן טעאַטער, אַ יידישע צייטונג, רופן אַ באַראַטונג פון יידישע שרייבער און קולטור־טוער. עס זענען שוין אַוועק איבער 10 יאָר, און וואָס? דאַרפן זיי האָבן דערצו די מיטאַרבעט פון אַ ״געוויסער״ אינסטאַנץ אין ישראל?

בסך־הכל האָט דער באַרג געבוירן אַ מויז. פון די לעצטנס באַקאַנט־געוואָרענע ידיעות ווערט קלאָר, אַז אהרן ווערגעליס האָט זיך טאַקע געווענדעט צום העברעישן שרייבער־פאַריין אין ישראל (ווי מיר האָבן אויבן דעשיפרירט דעם ״סוד״), מען זאָל אים צושיקן מאַנוסקריפּטן פון העברֿעישע, יידישע און אַראַבישע שרייבער, וואָס ער וועט פאַרעפנטלעכן אין ״סאָוועטיש היימלאַנד״, מיטן באַדינג, אַז ער לאָזט זיך איבער די רעכט צו רעדאַגירן די מאַנוסקריפּטן, ווי בכלל די רעכט אויסצוקלויבן ווערק לויט זיין איינזען... און דאָס איז ווערגעליסעס — ״אויסגעשטרעקטע האנט״...

# "בונד" נאָך דער מלחמה

עס איז גוט געשען, וואָס די פירנדיקע בונדיסטן, וועלכע האָבן זיך געפונען נאָך דער מלחמה אויף דער טעריטאָריע פון באַפרייטן פוילן, האָבן באַשלאָסן אויפסניי אויפשטעלן דעם "בונד". דאָס איז פאַר זיי געווען אַ נאַטירלעכע זאַך. עס וואָלט נישט געווען קיין שום באַרעכטיקונג ווען אַזעלכעס וואָלט נישט געווען געשען. עס וואָלט געווען אַ בלויז אין דער געשיכטע פון "בונד". עס זענען געקומען צוריק צום לעבן אויך אַנדערע יידישע פּאַרטייען פון פאַרמלחמהדיקן פוילן.

די פירער פון "בונד" אין פוילן האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון וועגן דער יידישער גאַס, אויך אויף דער אַלגעמיינער פּאָליטישער גאַס, ביי וועלכע באַדינגונגען עס וועט אויסקומען צו פירן די אַרבעט.

מען האָט זיך נישט געשאַפן קיין אילוזיעס. ריכטיק איז, אַז מען האָט אַזוי ווייט נישט געקאָנט פאָרויסזען וויאַזוי עס וועלן זיך אַנטוויקלען די געשעענישן אין פוילישן לעבן. איבער אַלעמען האָט דאָמינירט דער שטאַרקער ווילן איינהאַלטן אין פוילן דעם יידישן ישוב. עס איז געווען אַ מאָמענט ווען אין פוילן זענען שוין געווען ביז 250 טויזנט יידן.

די בונדיסטן, צוריקגעקומענע פון רוסלאַנד, האָבן די עקזיסטענץ פון "בונד" אויפגענומען ווי אַ נאַטירלעכע זאַך. אין אַלע פּונקטן, ווו די טראַנספּאָרטן פון רוסלאַנד זענען געקומען מיט יידן, און צווישן זיי זענען געווען פאַרמלחמהדיקע בונדיסטן, זענען דורך זיי גלייך געשאַפן געוואָרן בונדישע אָרגאַניזאַציעס. גלייך זענען אָנגעקניפּט געוואָרן קאָנטאַקטן מיט דעם צענטראַל־קאָמיטעט.

דער צ. ק. און די שוין עקזיסטירנדיקע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס אויף די ערטער, האָבן אויפגענומען די צוריקגעקומענע בונדיסטן.

דער "בונד" האָט גלייך פאַרנומען זיין פּלאַץ אין עפנטלעכן לעבן פון

לאַנד, ספּעציעל אויף דער יידישער גאַס. דער "בונד" האָט אַלעמאָל גע־בראַכט צום אויסדרוק זיין שטעלונג צו אַלע וויכטיקע פּראָבלעמען. אין דער רעפּרעזענטאַנץ פון די יידן אין פּוילן, אין דעם יידישן צענטראַל־קאָמיטעט, האָט דער "בונד" געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָל, דאָס זעלבע אין די יידישע קאָמיטעטן אויף די ערטער. פיל אָנגעזעענע בונדיסטן פון פאַר־מלחמהדיקן פּוילן זענען געווען די פאָרשטייער פון "בונד" אין די יידישע קאָמיטעטן.

עס איז שווער צו זאָגן, אַז דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט זאָל זיך נישט געווען אָפּגעבן קיין רעכענונג פון דער לאַגע אין פּוילן נאָך דער מלחמה, אָבער דאָך איז דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט געווען פון די ערשטע יידישע אָרגאַניזאַציעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס איז געקומען מיט הילף פאַר די יידן בכלל, און פאַר די בונדיסטן און בונדישע אָרגאַניזאַציעס בפרט.

דאָס האָט געגעבן די מעגלעכקייט דעם "בונד" אויסצוברייטערן זיין טעטיקייט. די הילף פון אַרבעטער־קאָמיטעט איז אויסגענוצט געוואָרן אויף קאָנסטרוקטיווע יסודות. מיט דער הילף פון אַרבעטער־קאָמיטעט איז איינגעשטעלט געוואָרן די בונדישע דרוקעריי. דער "בונד" האָט אויפסניי אָנגעהויבן אַרויסגעבן די "פאָלקסצייטונג". דער "בונד" האָט געשאַפן אַ ריי קאָאָפּעראַטיוון אין לאַנד און אַרבעטער־קיכן. אין די קאָאָפּעראַטיוון זענען געווען באַשעפטיקט בונדיסטן שניידער, שוסטער, קאַמאַשנמאַכער א. אַנד. דער "בונד" האָט געשאַפן אייניקע שול־אַנשטאַלטן לויטן מוסטער פון די "צישאָ"־שולן.

די צווישנפּאַרטייאישע באַציונגען זענען נישט געווען קיין אידעאַלע. די פאָרשטייער פון "בונד" אין די יידישע קאָמיטעטן, ווו עס האָט זיך אָפּגע־שפּיגלט דאָס יידיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן, האָבן אַלעמאָל זיך געפונען צווישן צוויי פייערן — פון איין זייט די ציוניסטן, פון דער צווייטער, להבדיל, די יידישע קאָמוניסטן, וועלכע האָבן דאָמינירט אויף דער יידישער גאַס וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער.

דער "בונד" האָט אויף די שפּאַלטן פון דער "פאָלקסצייטונג", אין די יידישע קאָמיטעטן, און אין עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען אַלעמאָל גע־

בראַכט צום אויסדרוק די שטעלונג פון דער פּאַרטיי אין אַלע וויכטיקע פראַגן, וואָס איז זייער אָפט נישט געווען אין איינקלאַנג מיט דער שטעלונג פון די איבעריקע פּאַרטייען, הויפּטזעכלעך מיט די קאָמוניסטן.

דער פּאָגראָם אין קיעלץ האָט אויפגעטרייסלט דעם יידישן ישוב אין פּוילן. עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס מאַסנווייזע פאַרלאָזן פּוילן, דורך דעם אומלעגאַלן וועגן קיין דייטשלאַנד און די לעגאַלע עמיגראַציע מעבר־לים.

* * *

די סיטואַציע אין פּוילן האָט זיך פיל געענדערט, די קאָמוניסטן אויף דער יידישער גאַס זענען געוואָרן אַנגרייפעריש. עס איז געווען דער אָנהייב פון דער אַקציע צו דערפירן צו איין־פּאַרטיי־סיסטעם.

ווי געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן, זענען די יידישע קאָמוניסטן נאָך מער אַנגרייפעריש און אַקטיוו. עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס באַאַרבעטן איינצעלנע בונדישע טוער, דעמאָראַליזירן, "איבערצייגן" אאַז"וו. עס זענען געווען אין די רייען פון "בונד" אייניקע, סיי אין די צענטראַלע קערפּערשאַפטן, אויף די ערטער, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז דאָס איז די ווירקלעכקייט, אַז דער "בונד" דאַרף זיך מיט אָט דער ווירקלעכקייט רעכענען, אָט די ווירקלעכקייט אָנערקענען.

די ווירקלעכקייט האָט זיך שוין געלאָזט פילן ביי די צוגרייטונגען צום אַרויסגעבן דעם פּלאַנירטן יובל־אַלמאַנאַך "50 יאָר "בונד"", אין שייכות מיט די יובל־פייערונגען. אגב, זענען די פייערונגען "50 יאָר "בונד"" פאָרגעקומען אין אַלע ערטער וווּ יידן האָבן זיך באַזעצט נאָך דער מלחמה. די צענטראַלע פייערונג אין וואַרשע איז געווען גאָר אימפּאָזאַנט. אין דער אַקאַדעמיע האָבן זיך באַטייליקט פאָרשטייער פון אַלע יידישע און נישט יידישע פּאַרטייען אין פּוילן, אויך אַ ריי מלוכה־מענער. אין דעם אַלמאַנאַך האָבן זיך באַדאַרפט באַטייליקן אַ ריי פירנדיקע בונדיסטן פון פאַרמלחמהדיקן פּוילן, דאַן אין אַמעריקע.

נישט קיין "טעכנישע סיבות האָבן גורם געווען, אַז די געפּלאַנטע אויסגאַבע איז בשעתו נישט אַרויס אין דער פאָרם און פאַרנעם ווי עס

איז לכתחילה געווען פאַרויסגעזען״... ווי עס ווערט אָנגעגעבן אין דעם אַריינפיר צו דעם היסטאָרישן זאַמלבוך, וואָס איז דערשינען אין 1948 אָנשטאָט דעם אַלמאַנאַך. די סיבות זענען געווען אַנדערע. שוין דאַן האָבן אייניקע פירנדיקע בונדיסטן, אָנהענגער פון דער ״ווירקלעכקייט״ געהאַלטן, אַז עס איז נישט פּאַסיק און נישט געוווּנטשן, אַז אין דעם אַלמאַנאַך זאָלן קומען צום וואָרט געוו. פּוילישע בונדיסטן, איצט אין אַמעריקע. אָבער אפילו דער ״היסטאָרישער זאַמלבוך״, וואָס איז יאָ געווען אָפּגעדרוקט, האָט די ליכטיקע שיין נישט דערזען, אַפילו אָט די איינגעשרומפּענע אויסגאַבע האָט זיך שוין נישט אַריינגעפּאַסט אין דער ״ווירקלעכער ווירקלעכקייט״. צוזאַמען מיטן חבר מאטוויי האָבן מיר בגניבה אַרויסבאַקומען פון דער דרוקעריי אייניק עקזעמפּליאַרן פון דעם זאַמלבוך און אַרויסגעשיקט אויף דער פרייער וועלט.

אין יענער צייט איז די לאַגע געוואָרן קלאָרער, די פּערספּעקטיוון פאַרן ״בונד״ אויסזיכטלאָזע. נאָך די פייערונגען 505 יאָר ״בונד״ האָט די פּאַרטיי באַדאַרפט אַליין זיך פאַנאַנדערלאָזן מיט אַ געהעריקער דערקלערונג פאַר דער עפנטלעכקייט. מען האָט באַדאַרפט וואַגן דאָס צו טאָן. אָט די מיינונג האָב איך פיל מאָל געבראַכט צום אויסדרוק אויפן באָדן פון דער וואַרשע־ווער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, און אויך געפּרוווט באַווירקן אייניקע מיט־גלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט. עס איז דערצו נישט געקומען.

די ״ווירקלעכקייט״ האָט אָנגעהויבן וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער צו באַאיינפלוסן אייניקע פירער פון ״בונד״ אין צענטראַל קאָמיטעט און בלויז געציילטע טוער אין לאַנד, און דאָס איז וויכטיק אונטערצושטרייכן.

עס זענען געקומען די באַקאַנטע באַשלוסן פון צ. ק. אַז די בונדיסטן זאָלן נישט פאַרלאָזן פּוילן. אין די באַשלוסן האָט זיך שוין געפילט גאָר אַ שטאַרקע ווירקונג מן־הצד. אָט די באַשלוסן האָבן אויף די בונדיסטן קיין גרויסע ווירקונג נישט געהאַט. די באַשלוסן האָבן נישט אָפּגעהאַלטן די בונדיסטן פאַרלאָזן פּוילן אויף אַלע וועגן און מעגלעכקייטן. אויב בונדיסטן זענען פאַרבליבן אין פּוילן איז דאָס געשען צוליב אַנדערע סיבות, וואָס האָבן נישט קיין שייכות מיט דער טעמע.

דער סוף פון נאָכמלחמהדיקן ״בונד״ אין פּוילן איז באַקאַנט. די

קאָמוניסטישע ווירקלעכקייט האָט אָבער "איבערצייגט" בלויז געציילטע. פון זיי האָבן אייניקע גלייך פאַרלאָזט פוילן. דאָס אַלץ אָבער זאָגט נישט, אַז דער "בונד" אין פוילן נאָך דער מלחמה האָט נישט באַרעכטיקט זיין עקזיסטענץ.

## יובל-פייערונגען פון "בונד" אין פאַרשידענע לענדער

פייערונגען צום 60־יאָריקן יובל פון "בונד" זענען דורכגעפירט געוואָרן אין אַלע לענדער, ווו בונדיסטן זענען צעזייט און צעשפּרייט.

אין די פייערונגען האָבן אָנטיילגענומען טויזנטער בונדיסטן, פריינט און סימפּאַטיקער.

אין די יובל־קאָמיטעטן — צו אָרגאַניזירן די פייערונגען — האָבן זיך באַטייליקט פאָרשטייער פון אַרבעטער און פריינטלעכע יידישע אָרגאַניזאַציעס. אין אַ ריי לענדער האָבן זיך, אין די פייערונגען באַטייליקט פאָרשטייער פו די אָרטיקע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס און סאָציאַליסטישע פאַרטייען.

## קאַנאַדע

די יובל־אַקאַדעמיע איז פאָרגעקומען אין גרויסן זאַל פון דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק. הונדערטער האָבן נישט געקאָנט אריין אין זאַל. אין דער פייערונג האָבן זיך, צווישן אַנדערע, באַטייליקט די פראָמינענטסטע פאָרשטייער פון דער יידישער אינטעליגענץ און פון דער שרייבער־משפּחה. עס האָט אויך באגריסט אַ פאָרשטייער פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי. אַלס פאָרשטייער פון דעם וועלט־קאָאָרדיניר־קאָמיטעט פון "בונד" — האָט אין די פייערונגען זיך באַטייליקט דער חבר לעאָן אָלער.

## טאָראָנטאָ

דאָרט האָבן, אין שליחות פון וועלט־קאָאָרדיניר־קאָמיטעט פון "בונד", זיך באַטייליקט פאָרשטייער פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, און פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער גרופּע פ.פ.ס.; אויפן באַנקעט איז אויך אַנוועזנד געווען דער סאָציאַליסטישער מיניסטער פון דער פּראָווינץ

סאַסקאַטשעוואַן — חבר קוזיאַק.

## מעקסיקע

די פייערלעכע אַקאַדעמיע איז פֿאָרגעקומען אין גרויסן זאַל פֿון ספּאָרט־צענטער, מיט דער אַנוועזנהייט פֿון אַ גאָר גרויסן עולם. אַלס גאַסט־רעדנער איז געווען דער שליח פֿון קאָאָרדינירקאָמיטעט, חבר פּנחס שוואַרץ.

באַגריסונגען האָבן צוגעשיקט: די שפּאַנישע סאָציאַליסטישע גרופּע, אויך פֿאַרשידענע אָרטיקע יידישע אָרגאַניזאַציעס. צו די פֿייערונגען איז דערשינען אַ ספּעציעלער נומער (יובל־נומער) "פֿאָרויס".

## אויסטראַליע

אימפּאָזאַנטע יובל־פֿייערונגען זענען פֿאָרגעקומען אין סידני און אין מעלבורן, מיט דער באַטייליקונג פֿון גענעראַל־סעקרעטאַר פֿון וועלט־קאָאָרדינירקאָמיטעט פֿון "בונד" חבר עמנואל נאָוואָגרודסקי.

אין די אַקאַדעמיעס האָבן זיך באַטייליקט פֿאָרשטייער פֿון דער אויסטראַלישער לייבאָר־פּאַרטיי, די יידישע און ענגלישע פּרעסע. אויך די צייטשריפֿטן פֿון דער אויסטראַלישער לייבאָר־פּאַרטיי, האָבן פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען וועגן "בונד".

## פּאַריז

די יובל־אַקאַדעמיע האָט צוגעצויגן העכער 700 פּערזאָן. דער יובל־באַנקעט האָט איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען. עס זענען נישט געווען גענוג פּלעצער אין גרויסן זאַל פֿון האָטעל "מאָדערן".

אין די פֿייערונגען האָבן זיך באַטייליקט די פּראָמינענטסטע פֿאָרשטייער פֿון דער פֿראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. באַגריסונגען זענען אָנגעקומען פֿון צענדליקער יידישע אָרגאַניזאַציעס. אַלס שליח פֿון וועלט־קאָאָרדינירקאָמיטעט האָט זיך באַטייליקט אין די פֿייערונגען, ווי אויך אין דער זיבעטער לאַנד־קאָנפֿערענץ פֿון "בונד" אין פֿראַנקרייך — דער חבר ב. טאַבאַטשינסקי. ח׳ טאַבאַטשינסקי האָט זיך אויך באַטייליקט אין די

יובל־פייערונגען אין בעלגיע און ענגלאַנד. אין די לעצטע ביידע לענדער — זענען די פייערונגען דורכגעפירט געוואָרן מיט אַן אונדערוואַרטעטן דער־פאָלג.

## בוענאָס-איירעס, אַרגענטינע

די דאַטע 60 יאָר ״בונד״ איז דאָרט אָפּגעצייכנט געוואָרן מיט אַ ריי גרויסע פייערונגען. עס איז אויך דערשינען אַ יובל־נומער פון דער דאָרטיקער בונדישער צייטונג ״אונדזער געדאַנק״. באַגריסונגען זענען גע־קומען פון אַלע פירנדיקע יידישע אינסטיטוציעס אין אַרגענטינע.

## ישראל

די צענטראַלע יובל־פייערונג איז פאָרגעקומען אין תל־אביב. דער טעאַטער־זאַל ״אוהל״ איז געווען איבערפולט מיט איבער טויזנט מענטשן. אין נאָמען פון הסתדרות האָט באַגריסט מ. מערעמינסקי. אויף דער אַקאַ־דעמיע זענען אָנוועזנד געווען קאָרעספּאָנדענטן פון דער גאַנצער ישראל־פּרעסע. ענלעכע יובל־פייערונגען זענען דורכגעפירט געוואָרן אין חיפה, באר־שבע, נתניה, טבריה, מגדל־אשקלון, רמת־השרון, קרית־גת, לוד, רמלה, כפר־יבנה.

## קאָנפערענץ פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן

די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין ניו־יאָרק, דעם 23—25־טן נאָ־וועמבער 1962. אין דער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט דעלעגאַטן פון ניו־יאָרק, לאָס־אַנדזשעלעס, שיקאַגאָ, פילאַדעלפיע, מאָנרטעאָל און טאָ־ראָנטאָ.

די טאָג־אָרדענונג איז געווען:

1) דערעפענונג, באַגרינדונגען, וואַלן פון קאָמיסיעס, באַריכט פון צענטראַל־ביוראָ פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע און קאַנאַדע.

2) פּערספּעקטיוון פון סאָציאַליזם אין אַמעריקע.

3) אונטערהאַנדלונגען וועגן דער פאַרייניקונג פון ״בונד״ און דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

4) דער ״בונד״ אין יידישן לעבן פון אַמעריקע און קאַנאַדע.
5) יוגנט־אַרבעט.

די קאָנפערענץ האָט אַרויסגערופן אַ נאַטירלעכן אינטערעס נישט נאָר ביי בונדיסטן, נאָר אויך אין אַלע קרייזן פון א״ג אַרבעטער־סעקטאָר.

די קאָנפערענץ האָט געעפנט חבר הערשל הימעלפאַרב. מיט אויפשטיין איז באַהערט געוואָרן דער אָנדענק פון די לעצטנס פאַרשטאָרבענע בונדיסטן. די ערשטע זיצונג איז פאָרגעקומען אונטערן פאָרזיץ פון חבר ליטעווקאַ פון לאָס־אַנדזשעלעס. ביי דער דערעפענונג פון דער קאָנפערענץ אין אַטראַן־הויז איז בייגעווען אַ גרויסער עולם בונדיסטן, פריינד און סימפּאַטיקער.

אין דער קאָנפערענץ האָט זיך אויך באַטייליקט אַ דעלעגאַציע פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אין נאָמען פון וועלכער עס האָט באַגריסט נאָרמאַן טאָמאָס.

פון די באַריכטן פון צענטראַל־ביוראָ, אויך פון די באַריכטן פון די ערטער — קומט צום אויסדרוק די טעטיקייט פון ״בונד״ אויפן באַדן פון אַרבעטער־קאָמיטעט, אַרבעטער־רינג, די טעטיקייט פון די א״ג בונדישע ברענטשעס אין אַרבעטער־רינג פון ניי־געקומענע, מיט פיל הונדערטער מיטגלידער; די טעטיקייט פון די בונדיסטן אין די אַרבעטער־רינג־שולן. מאַי־אויפרופן, גאַסן־דעמאָנסטראַציעס אין ניו־יאָרק.

דאָס אָפּרופן זיך אין דער עפנטלעכקייט אויף אַלע וויכטיקע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע געשעענישן, די טעטיקייט פון דעם וואָס עקזיסטירט שוין 8 יאָר. לויט די אָפּשאַצונגען ווערט דער פּראָגראַם געהערט פון 15 ביז 20 טויזנט פערזאָן.

גאַנץ אימפּאָזאַנט איז די טעטיקייט פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין מאָנטרעאַל און טאָראָנטאָ (קאַנאַדע). די בונדיסטן זענען אויך טעטיק אין דער נייער אַרבעטער־פּאַרטיי פון קאַנאַדע.

* * *

וועגן די פּערספּעקטיוון פון סאָציאַליזם אין אַמעריקע האָט רעפערירט חבר ד״ר עמנואל שערער. דער רעפערענט האָט אַרויסגעבראַכט די פאָלגנדיי־קע מאָמענטן:

דער שלום אויף דער וועלט איז דער וויכטיקסטער מאָמענט, אויב עס האַנדלט זיך וועגן אונדזערע פּערספּעקטיוון. אין אַמעריקע איז פּאַרענדיקט די שיטה פון איזאָלאַציאָניזם. די פּערספּעקטיוון פון סאָציאַליזם אין אַמעריקע זענען אָפּהענגיק פון דעם וואָס עס וועט געשען אויסער אַמעריקע. יעדנפאַלס מער ווי אין אַמעריקע. די וועלט גייט אַוועק פון קאַפּיטאַליזם, אויף פאַרשיי־דענע וועגן, אָבער זי גייט אַוועק. מיט קאַפּיטאַליסטישע מעטאָדן קאָן מען קיין גרויסע דערגרייכונגען נישט דערוואַרטן. מען מוז קומען צו אַ פּלאַנירטער ווירטשאַפט. אַפילו אין די ניי־אַנטשטאַנענע לענדער, וועלכע ווערן אָפט געפירט אויף אַ דיקטאַטאָרישן אופן, ווערן דורכגעפירט וויכטיקע ענדערונגען נישט אין גייסט פון קאַפּיטאַליזם. מיט דער צייט קאָן דאָס אַלץ צוזאַמענגעגאָסן ווערן מיטן אַלגעמיינעם שטראָם פון סאָציאַליזם. אויב אין מערב־אייראָפּע און אין אַמעריקע זענען געקומען גרויסע דער־גרייכונגען, זענען דאָס נישט קיין קאַפּיטאַליסטישע, נאָר אין רעזולטאַט פון רעפאָרמען, פון פּלאַנירונג א״א.

דער כאַראַקטער פון קאַפּיטאַליזם אין אַמעריקע גופא האָט זיך אויך געענדערט. די אַמעריקאַנער רעגירונג דיספּאָנירט מיט ריזיקע סומען, אין ביליאַרדן דאָלאַרן. אויך אין אַמעריקע איז נייטיק אַ פּלאַנירטע ווירטשאַפט. אין אַמעריקע מוז קומען דער דריטער כוח.

אויך וועגן דער פראַגע פון פאַרייניקונג מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט חבר שערער רעפערירט.

די רעפעראַטן פון די חברים קאזשדאן און טאַבאַטשינסקי וועגן יידישע פּראָבלעמען, זענען געווען אינטערעסאַנטע און גאַנץ באַלערנדיק. אינטע־רעסאַנט איז אויך געווען דער רעפעראַט פון חבר משה קליגסבערג וועגן יוגנט־פּראָבלעמען. אַלע פראַגן פון טאָג־אָרדענונג האָבן אַרויסגערופן לעב־האַפטע דיסקוסיעס.

די לעצטע (5־טע) זיצונג איז פאָרגעקומען אין סטאַטלער־האָטעל. אויף דער זיצונג זענען אָפּגעשטימט געוואָרן די רעזאָלוציעס און דורכגעפירט די וואַלן פון צענטראַל־ביוראָ.

די פראַגע פון באַלדיקער פאַרייניקונג מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין אַמעריקע איז דעצידירט געוואָרן נישט פּאָזיטיוו צוליב אַ ריי

זייער וויכטיקע סיבות, הויפּטזעכלעך צוליב מיינונגס־פאַרשידנהייטן פון "בונד" מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין דער פראַגע פון יידישע פּראָבלעמען.

די פראַגע פאַרייניקונג וועט נאָך קומען אויפן טאָג־אָרדענונג פוןביידע פּאַרטייען. די נאָענטסטע און פריינדלעכסטע באַציונגען צווישן ביידע פּאַרטייען וועלן אויך אויף ווייטער אָנגעהאַלטן ווערן.

די קאָנפערענץ האָט זיך געשלאָסן מיט אַ באַנקעט "יובל פייערונג — 65 יאָר "בונד".

צו דעם באַנקעט אין סטאַטלער האָטעל זענען געקומען איבער טויזנט בונדיסטן, פריינד און סימפּאַטיקער.

דעם פּאָרזיץ האָט געפירט חבר שערער. באַגריסט די קאָנפערענץ האָבן: דער פּאָרזיצער פון אַרבעטער־רינג צוקערמאַן, דער וויצע־פּאָרזיצער פון פאַריין פון אַרבעטער אין דער פרויען־באַקלייד־אינדוסטריע, נעלסאָן, גלאַנץ־לעיעלעס, פּאָרזיצער פון פּען־קלוב און דעלעגאַטן צו דער קאָנ־פערענץ. אַ שריפטלעכע באַגריסונג האָט צוגעשיקט ח' נ. כאַנין.

סיי אויף דער קאָנפערענץ, ווי אויך אויף דעם באַנקעט זענען געבראַכט געוואָרן צום אויסדרוק די וואַרעמסטע געפילן פאַר דעם קראַנקן חבר עמנואל נאָוואָגרודסקי, גענעראַל־סעקרעטאַר פון צ"ק פון "בונד" אין פוילן און שפּעטער סעקרעטאַר פון קאָאָרדינירן־קאָמיטעט פון "בונד" אין ניו־יאָרק.

רעדדניק וועגן דעם אָרט, וואָס דער "בונד" האָט פאַרנומען אין פאַר־מלחמהדיקן פוילן, האָט חבר שערער דערמאָנט דעם טרויעריק־באַרימטן — אין פאַרמלחמהדיקן פוילן קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר פּאָליטישע "בערעזאַ־קאַרטוסקאַ", אין וועלכן עס זענען געווען פאַרשיקט אויך בונ־דיסטן. אויפן זאַל האָבן זיך געפונען 3 פון זיי, די חברים פּ. ל. זעלמאַנאָ־וויטש, גאָטאיינער און דער מחבר.

די קאָנפערענץ האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן איינדרוק ביי די בונ־דיסטן און אַלע פריינד פון דער יידישער אַרב.־באַוועגונג.

# ליקווידאַציע פון "בונד" אין פוילן*

דער בונד אין פוילן האָט פאַרענדיקט זיין עקזיסטענץ. ביז דער בריוו וועט אָנקומען צו אייך וועט שוין אוודאי זיין באַקאַנט דער לעצטער אַקאָרד, וועלכער וועט קומען אויף דער ליקווידאַציע־קאָנפערענץ.

נאָך די פייערונגען ביי דער "פאַראייניקונג" פוןביידער פאַרטייען קאָן שוין דער משגיח איבער די יידן אין פוילן און די יידישע ענינים — זאַכאַריאַש, אַ נעם טאָן זיך צום "בונד", ענדגילטיק אים ליקווידירן. די יידי־שע קאָמוניסטן אין פוילן האָט זיך אפשר נישט געחלומט, אַז זיי וועלן האָבן די מעגלעכקייט אָפּטאָן אַזאַ "רעוואָלוציאָנערע" שטיקל אַרבעט. זיי פאַר־כלינען זיך ממש פון דעם פאַרגעניגן. דאָ וועט זיין אַ מעגלעכקייט זיך אָפּרעכענען מיט די בונדיסטן. עס ענדיקט זיך דאָך נישט מיט דער פאַר־מעלער ליקווידאַציע פון "בונד", עס גייט אין ליקווידירן די נישט געוווּנ־טשענע בונדיסטן. די טרויערדיקע פּראַקטיק פון דער יעווסעקציע אין רוסלאַנד איז אַלעמען זייער גוט באַקאַנט. אויף דער יידישער גאַס ווערט דאָס שטענדיק געמאַכט פּרעציז...

די פאַקטישע ליקווידאַציע פון "בונד" אין פוילן, אין די איטנערעסן און לויט די אָנווייזונגען פון די יידישע קאָמוניסטן, קומט שוין פאַר אַ לענגערע צייט. די "זויבערע" אַרבעט האָבן אויף זיך גענומען די מיט־גלידער פון צ.ק. פון "בונד" אין פוילן, די א.ג. "לינקע", פישגרונד און סאַמסאָנאָוויטש און דער לעצטנס צוקאָאָפּטירטער פון נידערשלעזיע — שאַפּיר. אויף יעדער עקלהאַפּטער און געמיינער אַרבעט וועלן זיך שטענדיק געפונען צוגעפּאַסטע מענטשן.

די טעטיקייט פון צ.ק. פון "בונד" האָט שוין לעצטנס נישט געקאַנט זיין קיין זעלבשטענדיקע, אַלץ איז שוין געטאָן געוואָרן לויט די אָנווייזונגען פון די יידישע קאָמוניסטן. אַ באַזונדער קאַפּיטל איז, אַז וואָס און ווי אַזוי מען האָט געטאָן איז געווען נישט צופרידנשטעלנד פאַר די קאָמוניסטן.

* דעם דאָזיקן אַרטיקל האָט דער מחבר אַריבערגעשיקט פון פוילן צו דער צייטשריפט "פאָרויס" אויף אַן אומגלעגאַלן וועג אין יאָר 1949 אין דער פאָרם פון אַ בריוו. (י.פּ.)

סוף אָקטאָבער איז אין לאָדזש פאָרגעקומען דער פּלענום פון צ. ק. מיט פאָרשטייער פון אַלע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס אין לאַנד.

דער פּלענום האָט גענומען שטעלונג צו דער "נייער ווירקלעכקייט", צום מאַרקסיזם־לעניניזם־סטאַליניזם. עס איז אָנגענומען געוואָרן די טרויער־דיק־באַרימטע דעקלאַראַציע. סיי אין די רעפעראַטן, סיי אין דער דעקלאַ־ראַציע איז, נאַטירלעך פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז געזיגט האָט די ליניע פון לעניניזם־סטאַליניזם. "דער בונד איז אַלע יאָרן געווען מענשעוויסטיש" א. א. וו. א. א. וו., מיט איין וואָרט לויט דער ליניע. נאַטירלעך איז די דעקלאַראַציע אָנגענומען געוואָרן "איינשטימיק"...

לויט דעם נייעם שטייגער — אין רוסלאַנד שוין אַן אַלטער, — האָט מען באַדאַרפט די דעקלאַראַציע "דורכאַרבעטן" אין אַלע אָרגאַניזאַציעס אויף די ערטער.

טאַקע ביי דער געלעגנהייט האָבן זיך די פישגרונדס און סאַמסאָנאָ־וויטשעס געקאָנט "אויספיינען" און זיך באַווייזן פאַר די נייע באַלעבאַטים.

אויף די פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען אין לאַנד האָבן זיי דערוויזן, אַז דער "בונד" איז אַלע יאָרן געווען קאָנטרעוואָלוציע, דאָס האָט אַוודאי סאַמסאָ־נאָוויטש פעסטגעשטעלט בשעת דער אָקופּאַציע ווען ער האָט צוזאַמענ־געאַרבעט מיט די וו. ר. נ.־קרייזן.

נאַטירלעך, אַז אויף די פאַזאַמלונגען האָבן אַלע געמוזט נעמען שטע־לונג צו דער נייער ווירקלעכקייט, נו און ווידער גאַנץ נאַטירלעך איז די דעקלאַראַציע אומעטום אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק.

די פישגרונדס און סאַמסאָנאָוויטשעס טעראָריזירנדיק דעם צ. ק. האָבן זיך שוין באַמיט, לויט די אָנווייזונגען פון די נייע באַלעבאַטים, באַשפּייען און באַשמוצן אַלע 50 יאָר בונדישע עקזיסטענץ, באַוואַרפן מיט בלאָטע אַלץ וואָס ביי די בונדיסטן איז טייער און הייליק.

די נייע "פירער" האָבן זיך נאָך דערמיט נישט צופרידנגעשטעלט. זיי האָבן נאָך דורכגעפירט אין דער פּאַרטיי אויסשליסונגען. אַלס קרבנות זענען פון די אויסשליסונגען געפאַלן פיל לאַנגיעריקע, טרייע, איבערגעגע־בענע דער אַרבעטער־זאַך, בונדיסטן.

די נייע "פירער" האָבן זייער שטיקל אַרבעט אָפּגעטאָן, איצט גייט

מען אונטערפירן אַ סך־הכל מיט דער אָפיציעלער ליקווידאַציע. עס איז נאָך נישט באַקאַנט וויאַזוי וועט אויסזען דאָס אַריינגיסן זיך פון די בונדישע רעשטלעך אין דער פאַרייניקטער פּאַרטיי. קלאָר איז איינס: ווי אַ צד אין הסכם מיט דער קאָמוניסטישער פּראַקטיק שנעל ליקווידירט ווערן.

עס איז נישט מקנא צו זיין די בונדיסטן וועלכע וועלן שוין יאָ זוכה זיין אַריינגענומען ווערן אין דער פאַרייניקטער פּאַרטיי. זיי וועלן שטענדיק באַהאַנדלט ווערן ווי אַ פרעמדער עלעמענט, צו ווען מען וועט נישט האָבן קיין צוטרוי, צו וועמען האָבן דען די קאָמוניסטן יאָ צוטרוי? אַפילו צו אייגענע אויך נישט.

די פישגרונדס און סאַמסאַנאָוויטשעס פאַרענדיקן זייער שטיקל אַרבעט. דער קאָמוניזם האָט שוין אָבער זיין טראַדיציע און פּראַקטיק. די ערשטע קרבנות וועלן זיין דווקא די פישגרונדס און סאַמסאַנאָוויטשעס. זיי וועלן אין הסכם מיט דער קאָמוניסטישער פּראַקטיק שנעל ליקווידירט ווערן.

דער "בונד" אין פּוילן ווערט ליקווידירט. עס הערט אויף צו קלאַפּן דאָס האַרץ פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן. נישטאָ אָבער אַזאַ קראַפט, וואָס זאָל פון די הערצער פון די יידישע אַרבעטער אַרויס־רייסן זייערע געפילן צום "בונד".

מיט דער ליקווידאַציע אין פּוילן הערט דער "בונד" נישט אויף צו עקזיסטירן. אין אַלע עקן וועלט, ווו דער יידישער אַרבעטער האָט די מעגלעכקייט פריי צום אויסדרוק ברענגען זיינע געפילן — הערט זיך די שטים פון "בונד".

## 65 יאָר "בונד"

(ראַדיאָ־פּראָגראַם)

מיר איז צוגעטיילט געוואָרן דער כבוד צו דערציילן אין געציילטע מינוטן וועגן 65 יאָר "בונד". איז טאַקע שווער אין דער דאָזיקער צייט זיך אָפּצושטעלן מיט אַ גרייטן אַנאַליז, וואָרום וואָס זאָל מען פריער דערציילן? וועגן דעם ערב־בונד, די צייט פון גייסטיקער שפלות, הכנעה און צאַרישער טיראַניי, ווען עס זענען געקומען די ערשטע גרופּן פון די יידישע סאָציאַ־

ליסטן מיט דער נייער בשורה פון פרייהייט און גלייכהייט, אָדער דער־ציילן וועגן די ווונדערלעכע קאַפּיטלען פון קאַמף, פון דער אויפגעקומענער באַוועגונג — קאמף קעגן דעם צאַר און זיינע משרתים. אויך אויף דער יידישער גאַס. קאמף פאַר דער ווירדע פון יידישן אַרבעטער און פאָלקס־מענטש. דעם קאמף קעגן פּאָגראָמען — די העראָישע זעלבסטשוץ?

אפשר דערציילן וועגן דעם שווערן, מיזאַמען קאמף פאַר אויסבעסערן דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פון די יידישע דרייפאַך־פאַרשקלאַפטע ארבעטס־מענטשן; וועגן די שטרייק־קאַסעס; די בירזשעס און די סכאָדקעס, ווו מען האָט דעם פאַרקנעכטעטן יידישן אַרבעטס־מענטש געלערנט צו קעמפן פאַר א שענערן, פאַר אַ בעסערן לעבן?

צי גאָר דערציילן וועגן דער צייט פון דער פּוילישער הערשאַפט, דאָס נייע קאַפּיטל פון קאַמף קעגן אונטערדריקונג, דיסקרימינאַציע, אנטיסע־מיטיזם? די העלדישע אַרויסטריטן קעגן די כוליגאַנעס? דער היסטאָרישער שטרייק קעגן פשיטיקער פּאָגראָם?

דערציילן וועגן לעצטן קאַפּיטל אין אייראָפּע — דעם ווונדערלעכן קאמף, די העלדישע האַלטונג פון דער בונדישער מחנה, די בונדיסטן, די צוקונפטיסטן, די סקיפּיסטן קעגן דער טעראָר־הערשאַפט אונטער סטאַ־לינען און היטלערן?

אפשר גאָר זיך אָפּשטעלן אויף אונדזער ווונדערלעכער גאַלעריע פון פירער, פון פּיאָנערן, פון די גרויסע מענטשן פון גייסט און קאַמף — אַלעקסאַנדער, נח, מעדעם, מיכאַלעוויטש? אויך די העלדן און מאַרטירער לעקערט, ערליך, אַלטער, אַרטור זיגעלבוים?

אָדער אויף דער ווונדערבאַרער קולטור־רעוואָלוציע, וואָס דער "בונד" האָט דורכגעפירט — די באַנייונג פון דער נייער יידישער קולטור און ליטעראַטור; דעם אויפבוי פון די יידישע וועלטלעכע שולן?

וועגן וואָס פריער?

איך קום איצט פון אַ זיצונג פון דער בונדישער לאַנד־קאָנפערענץ. מיט 65 יאָר צוריק האָבן 13 פּיאָנערן אין ווילנע, אין געהיים געגרינדעט דעם "בונד" און אָט, פונקט צו 65 יאָר, קומט פאָר אויך אַ בונדישער צו־זאַמענפאָר — דאָ באַראַטן זיך שוין די אייניקלעך פון יענע 13.

מיר איז שוין אויסגעקומען צו זיין אויף אַ סך בונדישע צוזאַמענפאָרן. אין פוילן, ערב דעם חורבן, בין איך געווען אויף כמעט אַלע פּאַרטיי־באַראַטונגען. פרווו איך פאַרגלייכן.

פאַראַן אַזעלכע וואָס פרעגן: וואָס פאַרא שליחות האָט דער "בונד"? טייל פרעגן עס מיט איראָניע און אַנדערע מיט נאַיוויטעט און גאָר אַנדערע מיט פאַרביסענער שנאה.

וואָלטן זיי געדאַרפט קומען צום היינטיקן צוזאַמענפאָר און זיי וואָלטן זיך איבערצייגט, אַז נאָך גרויסע, אפשר גרעסערע, אויפגאַבן שטייען היינט פאַרן "בונד". עס ווייזט זיך אַרויס, אַז גראָד היינט — 65 יאָר נאָך דער גרינדונג פון "בונד", שטייען נאָך אַלץ לעבעדיק און ברענענדיק די אַלט־נייע פּראָבלעמען.

אויפן אַלגעמיינעם פּראָנט — איז נאָך אַלץ ברענענדיק די פראַגע פון פרייהייט, אָט טאַקע אין דעם לאַנד פונעם "בונדס" אויפקומען, אין געווע־זענעם צאַרישן און היינטיקן באַלשעוויסטישן רוסלאַנד איז נאָך אַלץ איינע פון די וויכטיקסטע פּאָסטולאַטן — פרייהייט! רעכט פאַר די יידישע פאָלקס־מאַסן — אויך די דאָזיקע לאָזונג איז ערשט דאָרטן פון די וויכ־טיקסטע פאָדערונגען.

מיר האָבן די גאַנצע צייט געפירט וויכוחים און אָפט גאָר שאַרף געקעמפט מיט דעם ציוניזם. אָט איז פאַרווירקלעכט געוואָרן די ציוניסטישע שטרעבונג — מיר האָבן שוין 15 יאָר אַ יידישע מדינה. נו, איז די יידן־פראַגע געלייזט געוואָרן? 85 פּראָצענט פון די יידן אין גאָר דער וועלט געפינען זיך נאָך אַלץ צווישן אַלע פעלקער.

מיינט דאָך דאָס, אַז דער בונדישער ענטפער, אַז די יידן־פראַגע קאָן געלייזט ווערן נאָר אין גאָר דער וועלט — איז געבליבן אייזנפעסט. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אַנשטאָט די מדינה זאָל העלפן די יידן, ביים לייזן די יידן־פראַגע — דאַרף גאָר דאָס יידישע פאָלק אין אַלע תפוצות העלפן דער עקזיסטענץ פון דער מדינה.

אָט טאַקע די דאָזיקע פראַגן ווערן היינט באַהאַנדלט אויף אונדזער אַמעריקאַנער בונדישער קאָנפערענץ. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז נישט גע־קוקט אויף דער ראַדיקאַל־געענדערטער לאַגע אויף דער וועלט; אויף

דער געענדערטער סטרוקטור אין דער צאָל און אין בוי פון יידישן פאָלק, איז נאָך אַלץ דער ענטפער פון „בונד" אַ ריכטיקער, איז דער איינציקער ענטפער.

זיכער קאָנען מיר היינט נישט האָבן די גרויסע מאַסן. ווי קאָנען מיר זיי האָבן, אַז היטלער האָט אויסגעשאָכטן 6 מיליאָן און סטאַלין האָט גייסטיק טויט־געמאַכט אַנדערע מיליאָנען.

אָבער אומדערשיטערט זענען געבליבן די אמתן, די אידייען, די פּאָסטולאַטן פון „בונד". אין די נייע היימען — אין אַמעריקע און קאַנאַדע, ביי די געענדערטע סיטואַציעס איז דער קאַמף פאַר די דאָזיקע אמתן אַ שווערער, אָבער ווען איז עס געווען לייכט פאַרן „בונד"?

אדרבא, וואָס שווערער די באַדינגונגען, אַלץ האַרטער, אַלץ עקשנות־דיקער איז דער קאַמף. עס איז נישט קיין קונץ צו שווימען מיטן שטראָם. דער גורל פון „בונד", איז דער גורל פון גאַנצן יידישן פאָלק; דער גורל פון אונדזער גאַנצער געשיכטע — כמעט שטענדיק צו גיין קעגן שטראָם.

נאָך קיינמאָל נישט ווי היינט, פאָדערט זיך איצט אַ סך גלויבן, אָן אַ שיעור געטריישאַפט און אָן אַ מאָס ווילן, כדי אַרויסצוברענגען אונדזערע בונדישע אמתן.

נאָך קיינמאָל ווי ביז היינט קלינגען נישט אַזוי ריכטיק די ווערטער פון אונדזער אַלט־נייער שבועה, די שבועה פון די ברידער און שוועסטער; די שבועה פון די צעזייטע און צעשפּרייטע, די שבועה פון טרייהייט אָן גרענעצן צום „בונד".

# ביבליאָגראַפיע פון דער בונדישער פּרעסע

(אַרויסגעגעבן אין פּוילן אין די יאָרן 1918—1939)

אין פאַרלאַג „יידיש־בוך", וואַרשע, איז אין יאָר 1963 דערשינען אַ ביבליאָגראַפיע פון אויסגאַבן דורך די אַרבעטער־פּאַרטייען אין פּוילן אין די יאָרן 1918־1939, דאָס מיינט אין פּעריאָד צווישןביידע וועלט־מלחמות. די אויסגאַבע איז רעדאַגירט דורך י. שיין.

די אַרבעט איז געבויט אויף די זאַמלונגען, וועלכע האָבן זיך אויפ־

געהאַלטן אין די פּוילישע מלוכה־ביבליאָטעקן און פּאַרטיי־אַרכיוון. אַן אָנזעעוודיקער טייל פון צייטונגען, פּעריאָדישע אויסגאַבן געפינט זיך אין דער ביבליאָטעק און פּרעסע־אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע.

עס איז שווער צו זאָגן אויף וויפל די אַרבעט שפּיגלט אָפּ דאָס בילד פון פאַרמלחמהדיקן פּוילן אויף דעם געביט. מיר שטעלן זיך אָפּ בלויז אויף די מאַטעריאַלן, וואָס האָבן אַ שייכות צום "בונד", "צוקונפט" און "סקיף".

דער "בונד" אין פּוילן האָט צווישןביידע וועלט־מלחמות געהאַט אַ פאַרצווייגטע פּרעסע פון כלערליי טעגלעכע, וועכנטלעכע, חודשלעכע און אַנד. אין יידיש און אין פּויליש. און נישט נאָר אין וואַרשע, נאָר אויך אין פיל שטעט פון פּוילן. די פאָלגנדיקע טאַבעלע שאַפט אַ בילד פון די בונדישע אויסגאַבן:

## בונדישע פּרעסע אין פּוילן אין די יאָרן 1918—1939

טעגלעכע: וואַרשע — 22, ווילנע 1.

וואָכנבלעטער: וואַרשע — 6, ווילנע — 3, לאָדזש — 2, מעזריטש — 2, טשענסטאָכאָוו — 1, בריסק — 1, גראָדנע — 1, קראָקע — 1, וולאָצלאַוועק — 1, לובלין — 1, קאַליש — 1.

זאַמלהעפטן און בראָשורן: וואַרשע — 69, ווילנע — 2, לאָדזש — 3.

איינמאָליקע אויסגאַבן: וואַרשע — 10, ווילנע — 4, ביאַליסטאָק — 3, לאָדזש — 4, טאָמאַשאָוו־מאַז. — 1, לאָמזשע — 1, מעזריטש — 1, טשענסטאָכאָוו — 2, פּינסק — 1, בריסק — 4, קראָקע — 1, וואָלקאָוויסק — 2, לובלין — 1, פּיעטריקאָוו — 5.

חודש־זשורנאַל: וואַרשע — 1.

צוזאַמען 18 שטעט; 23 טאָג־צייטונגען, 22 וואָכנבלעטער, 12 פּעריאָדישע אויסגאַבן זאַמלהעפטן, בראָשורן — 84, איינמאָליקע אויסגאַבן 39.

די גרויסע צאָל טעגלעכע, וועכנטלעכע און מאָנאַטלעכע אויסגאַבן, אָנגעגעבענע אין דער טאַבעלע, דאַרף פאַרשטאַנען ווערן, אַז די אויסגאַבן זענען דערשינען אין פאַרשידענע פּעריאָדן און נישט אין דער זעלבער

צייט. און דאָס אין רעזולטאַט פון פּאָליציייִשע רדיפות, אָדער מאַטער־יעלע שוועריקייטן. די אויסגאַבן זענען אָפט אָפּגעשטעלט געוואָרן, אָבער מערסטנטייל, גלייך אויפן אָרט, איז דערשינען אַ נייע אויסגאַבע אונטער אַן אַנדער קעפּל.

* * *

אין דער ביבליאָגראַפיע זענען אָנגעגעבן די מיטאַרבעטער פון דער בונדישער פּרעסע פאַר דעם זעלבן פּעריאָד. דאָס נעמט אַרום אַ רשימה פון 263 נעמען. אין דער רשימה פיגורירן גאַנץ נאַטירלעך כמעט אַלע בונדישע פירער אין פוילן און אין אויסלאַנד; די נעמען פון די אָנגעזעענע יידישע שרייבער פון אַלע וועלט־טיילן, אַרטיסטן, היסטאָריקער, פּעדאַגאָגן, באַקאַנטע געזעלשאַפטלעכע, פּאָליטישע טוער פון אַנדערע ריכטונגען. די נעמען פון די אָנגעזעענסטע פירער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. די פירער פון דער יידישער און פּוילישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין פוילן.

פון דער טאַבעלע שאַפט זיך אַ קלאָר בילד ווי שטאַרק און גרויס די בונדישע באַוועגונג איז געווען אין פוילן, אַ באַוועגונג וואָס איז אויף אַ שווידערלעכן אופן פאַרשניטן געוואָרן דורכן דייטשן נאַציזם.

אויסגאַבן פון יוגנט־בונד "צוקונפט":

וואַרשע — 51, וולאָצלאַוועק — 1, ווילנע — 1, לאָדזש — 11, קוטנע — 1. אויסגאַבן פון "סקיף" — 13.

אויסגאַבן אין דער פּוילישער שפּראַך:

וואַרשע: "בונד" — 12 צייטונגען; בראָשורן — 12.

יוגנט־בונד "צוקונפט" — 7.

## 25 יאָר "אונזער צייט"

25 יאָר איז אַ וויכטיקע דאַטע פאַר אַ סאָציאַליסטישער פּובליקאַציע בכלל, פאַר אַ יידיש־סאָציאַליסטישער אויסגאַבע בפרט, און גאָר באַזונדער פאַר אַ בונדישער אויסגאַבע.

* *
*

צוריק מיט 25 יאָר, האָט ״אונדזער צייט״ אָנגעהויבן דערשיינען ווי אַן אָרגאַן פון דער ״אַמעריקאַנער רעפּרעזענטאַנץ פון ״בונד״ אין פּוילן״, נאָכדעם אַלס דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער בונדישער באַוועגונג אין דער וועלט.

״אונזער צייט״ איז געגרינדעט געוואָרן אין פּעריאָד פון טרויערדיקסטן קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק. אין דער צייט ווען די וועלט איז דורך דעם בעסטיאַלישן נאַציזם און פאַשיזם אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין בלוטיקן וועלט־קריג. אין דער צייט ווען די יידן אין אייראָפּע, אונטער דער נאַצי־אָקופּאַציע, איזאָלירט פון דער פרייער וועלט, זענען געווען דער אָביעקט פון פאַרניכטונג מצד די דייטשע מערדער.

לאָמיר אויף אַ מינוט זיך דערמאָנען דעם צושטאַנד פון וועלט־סאָציאַליזם און דעמאָקראַטיע אויף דער וועלט אין יענעם פּעריאָד, דעם צושטאַנד פון רעזיגנאַציע און האָפנונגסלאָזיקייט.

אין יענעם שוידערלעכן פאַר דער מענטשהייט פּעריאָד איז געקומען ״אונזער צייט״ מיט אַ רוף פון האָפנונג, מיט אַ וואָרט פון דערמוטיקונג, מיט אַ וואָרט פון גלויבן, אַז דער נאַציזם וועט באַזיגט ווערן. מיט אַ וואָרט פון גלויבן, אַז דאָס יידישע פאָלק וועט נישט אונטערגיין.

״אונזער צייט״ האָט געשפּילט אַ גוואַלדיק וויכטיקע ראָל אין אָנהאַלטן דעם געדאַנק און גלויבן אין סאָציאַליזם, אין דעמאָקראַטיע, אין פרייהייט.

אין פאַרלויף פון די פאַרגאַנגענע 25 יאָר האָט זי צעמענטירט, קאָנ־טינואירט און ווייטער אַנטוויקלט דעם בונדישן געדאַנק, און דאָס אין דער צייט פון אויסערסט שווערע באַדינגונגען, אין דער ארומיקער וועלט. ביי גאָר שווערע באַדינגונגען אין יידישן לעבן, אין רעזולטאַט פון גרויסן חורבן, פון פאַרטיליקן דאָס מזרח־אייראָפּעיִשע יידנטום.

אונדזער צייט״ איז ערנסט, סאָליד, רעאַליסטיש און אויפן ניוואָ פון מאָדערנע פּאָליטישע און סאָציאָלאָגישע וויסנשאַפטן. זי הייבט אויף דעם לייענער, עפנט פאַר אים נייע וועלטן, נייע האָריזאָנטן. עס איז אַ זשורנאַל מיט גרויס אחריות פאַרן געדרוקטן וואָרט. אַפילו די קעגנער פון ״בונד״

מוזן מודה זיין, אַז "אונזער צייט" אין זיינע אָפּשאַצונגען, פּראָוויסזאָגונגען און דיאַגנאָזן וועגן פּאָליטישע פּראָבלעמען בכלל און יידישע בפרט — זענען אויסגעהאַלטן, אָביעקטיוו און אַנטשפּרעכן די ווירקלעכע לאַגע אויף דער וועלט בכלל, און די לאַגע פון די יידן בפרט.

דער "בונד", ווי אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג מיט אַזאַ רייכער טראַ־דיציע איז אידעאָלאָגיש ענג פאַרבונדן מיט דעם דעמאָקראַטישן סאָציאַ־ליזם אויף דער וועלט.

אויף די שפּאַלטן פון "אונזער צייט" שפּיגלען זיך אָפּ די טעטיקייטן פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, אויף וועמענס פאָרום אונדזערע פאָרשטייער ברענגען צום אויסדרוק די שטעלונג פון "בונד" צום וועלט־סאָציאַליזם, צו וועלט־פּראָבלעמען, צו יידישע פּראָבלעמען, און זי אינפאָרמירט כסדר וועגן דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אומעטום.

"אונזער צייט" איז אויפגעבויט געוואָרן ווי אַ צענטראַל־אָרגאַן פון "בונד", פון דער בונדישער באַוועגונג אין פיל לענדער, אָבער האָט אויף קיין איין מינוט נישט פאַרגעסן די אינטערעסן און פּראָבלעמען פון גאַנצן יידישן פאָלק, און דאָס אין הסכם מיט דער בונדישער טראַדיציע פאַר אַלע יאָרן פון זיין עקזיסטענץ.

"אונזער צייט" שטעלט זיך אַנטקעגן אַלע פּרוּוון צו פאַרלייקענען דעם א.ג. גלות, שטעלט זיך קעגן דער ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע פון גרינגשעצן און ליקווידירן די יידישע ישובים אויף דער וועלט, באַקעמפט שאַרף אַלע טענדענצן פון אַסימילאַציע און העברעאיזאַציע אויף דער יידישער גאַס און ברענגט גלויבן אין דער שעפערישקייט פון דער מאָדער־נער יידיש־וועלטלעכער קולטור, גלויבן אין דער ראָל פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור.

מיטן אַנטשטיין פון מדינת ישראל האָט זיך אַ גאַס־געטאָן אַ כוואַליע פון נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם, וואָס דער "בונד" האָט אַלע יאָרן פון זיין עקזיסטענץ אַזוי שאַרף באַקעמפט. די ציוניסטישע באַוועגונג, די ציוניסטי־שע פּרעסע האָט געגאָסן אויף "אונזער צייט" און אויפן "בונד" אַ סך שמוץ און פּאָליטישע זידלערייען. עס האָט געהייסן, אַז די בונדיסטן גראָבן

אונטער די היסטאָרישע אינטערעסן און אויסזיכטן פון יידישן פאָלק און פון דער יידישער מדינה. דאָס זענען באַוווסטזיניקע בילבולים.

די ברייטע יידישע וועלט, בתוכם די ציוניסטישע געזעלשאַפט, ווייסט וויפל בלוט ממש דער "בונד" האָט פאַרגאָסן, און וויפל קרבנות דער "בונד" האָט געגעבן אין פאַרטיידיקונג פון די אינטערעסן פון יידישן פאָלק אַלע־מאָל און אומעטום. דער צוויי אַ האַלב מיליאָניקער ישוב אין ישראל איז פאַרן "בונד" אַלס אַזעלכן און פאַר יעדן בונדיסט באַזונדער, טייער און נאָענט ווי די יידן אומעטום אויף דער וועלט מחוץ ישראל.

די לעצטע יאָרן האָבן געבראַכט אַ סך אויסניכטערונג אין די מוחות פון ציוניסטישן לאַגער און דאָס אין רעזולטאַט פון שאַרפע קאָנפליקטן אין דער מדינה צוליב די באַציונגען מיטן "גלות", צוליב די באַציונגען צווישן דער מדינה און ציוניזם, צוליב דער דערצויגענער ישראל־יוגנט און איר פרעמדקייט און שנאה צום וועלט־יידנטום.

דער ציוניזם, די מדינת ישראל האָבן דערזען די טרויעריקע רעזול־טאַטן און אויסזיכטן פון דער איינשטעלונג ליקווידירן דעם גלות, די יידישע ישובים אויף דער וועלט.

עס האָבן געדאַרפט אָפּלויפן 17 יאָר זינט דער עקזיסטענץ פון דער מדינה, בכדי קומען צו דער איבערצייגונג, ווי גערעכט עס איז די אָפּ־שאַצונג פון "בונד", וואָס קומט צום אויסדרוק אויף די שפּאַלטן פון "אונזער צייט", אַז די יידישע מדינה וועט נישט לייזן די יידן־פראַגע אויף דער וועלט.

די יידישע עפנטלעכקייט, די פרעסע, קומען שטופנווייז צו דער איבערצייגונג ווי גערעכט עס איז די שטעלונג פון "בונד", וואָס קומט צום אויסדרוק אין דער בונדישער פרעסע וועגן די פערספעקטיוון און אויסזיכטן פון ציוניזם, וועגן דער נייטווענדיקייט צו ענדערן די באַציונג צו די תפוצות מצד די פירער פון דער מדינה, און וועגן די אויפגאַבן וואָס שטייען פאַר די יידישע ישובים אויסער דער מדינה.

יעדער אויפריכטיקער מענטש מוז מודה זיין, מוז אַנערקענען, אַז "אונזער צייט" איז אַ ציכטיקער, אידעאישער זשורנאַל אויף אַ הויכן ניוואָ, נישטאָ קיין פערזענלעכע און גרופּן־אינטערעסן. אַ זשורנאַל מיט

גרויס אַחריות און פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר יעדעס וואָרט.

"אונזער צייט" איז די פאָרזעצונג פון די בעסטע בונדישע אויסגאַבעס אין אַלע צייטן.

אונטערפירנדיק אַ סך־הכל קאָנען מיר מיט אַ ריין געוויסן זאָגן, אַז מיר זענען שטאָלץ מיט די 25 יאָר עקזיסטענץ פון "אונזער צייט". מיר האָפן, אַז אויך אויף ווייטער וועט דער זשורנאַל דערפילן זיינע פליכטן און אויפגאַבן אין די בעסטע טראַדיציעס פון "בונד", אין די אינטערעסן פון סאָציאַליזם, אין די אינטערעסן פון יידישן פאָלק.

# לאַנדסמאַנשאַפטן אין פּוילן*

עס איז נאָך קיין יאָר נישט פאַרביי, ווי דער צ.ק. פון די יידן אין פוילן האָט באַשלאָסן צו שאַפן די אָפּטיילונג פאַר לאַנדסמאַנשאַפטן, אָבער מיט רעכט קאָן מען שוין אונטערפירן אַ געוויסן סך־הכל פון די ביז איצט אָפּגעטאָענע אַרבעטן.

זיבעצנדליקער יאָרן, ווי די לאַנדסמאַנשאַפטן זענען געוואָרן אַ טייל פון דער יידישער ווירקלעכקייט אין גאָר דער וועלט.

די יידישע עמיגראַנטן אין די געביטן פון געווו. צאַרישן רוסלאַנד, געפונענדיק זיך אין די לענדער מעבר־לים, האָבן צווישן אַנדערע אויך ווענדיק אָנהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט זייער אלטער היים, געשאַפן און פונאַנדערגעבויט אַ גרויסע נעץ פון לאַנדסמאַנשאַפטן. די לאַנדסמאַנשאַפטן האָבן געטראָגן הילף פאַר כאַריטאַטיווע און קולטורעלע צוועקן.

די מלחמה האָט איבערגעריסן די פאַרבינדונג מיט דער אלטער היים.

---

* דאָס אַרטיקל איז דערשינען אין יובילײ־אויסגאַבע פון "דאָס נײַ לעבן" אין פוילן בעת דער מחבר איז געווען לייטער פון דער אָפּטיילונג פאַר לאַנדסמאַנשאַפטן ביים צ. ק. פון די יידן אין פוילן.

דאָס דאָזיקע אַרטיקל שפּיגלט אָפּ אויף אַ בולטן אופן וויאַזוי די יידן אין פוילן האָבן זיך געראַנגלט מיט זייער עקאָנאָמישער לאַגע ביים קאָמוניסטישן רעזשים. (י.פּ.)

מיטן אָנקומען פון דער רעפּאַטריאַנטן־כוואַליע פון ראַטנפאַרבאַנד זענען צווישן אַנדערע ערשטראַנגיקע פּראָבלעמען אַרויסגעשטעלט געוואָרן אויפן סדר־היום אויך די פראַגע פון די לאַנדסמאַנשאַפטן.

פּאַראַלעל מיט דער אויפגאַבע פון אָרגאַניזירן און אַוועקשטעלן אַ געהעריקן אַפּאַראַט פאַר די ענינים ביי די יידישע קאָמיטעטן אין לאַנד, האָבן מיר געהאַט די וויכטיקע אויפגאַבע אויפסניי איינצושטעלן די פאַר־בינדונג מיט די לאַנדסמאַנשאַפטן אין אויסלאַנד.

אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אָפּ־טיילונגען פאַר לאַנדסמאַנשאַפטן ביי די אָריטקע יידישע קאָמיטעטן.

עס זענען אָרגאַניזירט 250 לאַנדסמאַשאַפטן אין לאַנד. אין די לאַנדס־מאַנשאַפטן זענען אָרגאַניזירט 45.000 יידן. די עווידענץ פון דער אָפּטיילונג פאַר לאַנדסמאַנשאַפטן ביים צ. ק. פון די יידן אין פּוילן באַשטייט פון 400 רשימות פון לעבנגעבליבענע יידן לויט זייער שטאָט־אָפּשטאַמונג, וועלכע נעמט אַרום 50.000 רעגיסטרירטע. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז די רשימות ווערן אומאויפהערלעך קאָנטראָלירט און דערגענצט.

אין אונדזער אַפּעל צו די לאַנדסמאַנשאַפטן אין אויסלאַנד האָבן מיר אָנגעוויזן אויף דער שוין אָפּגעטאָענער אַרבעט פון די יידישע קאָמיטעטן און אויף די ווייטערדיקע פּלענער און אויפגאַבן.

עס איז אָבער קלאָר, אַז אָן דער מיטהילף פון די יידן אין אויסלאַנד, אויך דורך די לאַנדסמאַנשאַפטן, וועלן מיר נישט זיין אומשטאַנד אין אַ שנעלן טעמפּאָ ווייטער צו אַנטוויקלען די דערגרייכונגען.

עס איז נייטיק הילף, אָבער נישט קיין בעטלער־הילף, נישט קיין אויפגעצוווּנגענע, נאָר אַ ברודערלעכע, אַ האַרציקע, ווי עס פּאַסט פאַר אַ יידישן פאָלקס־און אַרבעטס־מענטש.

אונדזער אַפּעל האָט אויף די לאַנדסמאַנשאַפטן אין אויסלאַנד געמאַכט אַ געהעריקן איינדרוק. די לאַנדסמאַנשאַפטן רופן זיך וואַרעם אָפּ, דאָס לאָזט זיך פילן אין דער ממשותדיקער הילף, וואָס קומט פון זיי.

אין אַ בריוו צו אונדז שרייבט די פעדעראַציע פון יידישע לאַנדסלייט־פאַריינען אין אַרגענטינע:

„נישט נאָר דאָס פּרעזידיום, נאָר דער גאַנצער פּלענום פון אונדזער

אָרגאַניזאַציע האָט מיט צופרידנהייט אויפגענומען און אָפּגעשאַצט די גרויסע אָפּגעטאָענע אַרבעט. פאַרשטייענדיק די גרויסע שוועריקייטן, וועלכע איר האָט געהאַט דורכצומאַכן און וועלכע איר וועט נאָך דאַרפן דורכמאַכן אויפצובויען דעם נײַעם געזונטן יידישן ישוב...״

״אונדזערע 50 אָנגעשלאָסענע לאַנדסלייט־פאַריינען האָבן זיך באַטייליקט און וועלן זיך אויך ווייטער באַטייליקן מיט אַ גרעסערן בייטראָג... ווי אַ לאַנדסמאַנשאַפט־באַוועגונג האָבן מיר אויפגענומען מיט גרויס וויכטיקייט דאָס שאַפן פון אַן אָפּטיילונג פאַר לאַנדסמאַנשאַפטן... אונדזער קאָנטאַקט מיט דער אָפּטיילונג דאַרף זיין אַ פעסטער און פערמאַנענטער״.

דער הילפס־פאַרבאַנד פון וואָלינער יידן אין בראַזיליע שרייבט:

״אַלס יונגע קערפּערשאַפט... האָבן מיר געפונען פאַר נייטיק מיט רעכט אייך אויסצושטרעקן אונזער יידיש־ברידערלעכע האַנט״.

דער וואַרשעווער לאַנדסלייט־פאַריין אין אַרגענטינע שרייבט:

״מיט דער מיטהילף פון די היגע דעמאָקראַטישע פּאָליאַקן, מיט וועמען מיר זענען אין קאָנטאַקט, האָבן מיר איצט באַקומען די מעגלעכקייט איינצושטעלן מיט אייך אַ דירעקטע פאַרבינדונג און די דערלויבעניש אַרויסצושיקן דעם טראַנספּאָרט... מיר ווינטשן אייך דערפאָלג אין אייער אַרבעט, וואָס איר טוט פאַר די אַזוי ווייניק לעבנגעבליבענע יידן...״

״מיר באַגריסן דעם פאַקט, וואָס איר האָט געגרינדעט אַ לאַנדסמאַנשאַפטן־אָפּטיילונג... מיר וועלן זיין צופרידן צו קאָאָפּערירן מיט אייער לאַנדסמאַנשאַפטן־דיוויזיע. מיר וועלן זיין גרייט צו שיקן די געלטער צו אייער קאָמיטעט אין פּוילן...״ — אַזוי שרייבט דער ראַט פאַר וואַרשעווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין ניו־יאָרק.

אַזעלכע ענלעכע בריוו זענען אויך אנגעקומען פון פאַרשידענע לאַנדסמאַנשאַפטן־אָרגאַניזאַציעס אין אויסלאַנד.

מיר האָבן באַקומען און פאַרטיילט גרעסערע טראַנספּאָרטן פון די לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע, אויך געשיקטע דורך דער פעדעראַציע פון די פּוילישע יידן פון בראַזיליע, אויך אַרגענטינע, געשיקט פון צענדליקער לאַנדסמאַנשאַפטן דורך דעם צענטראַלן הילפס־קאָמיטעט, מיר דערוואַרטן אויך אָנגעזאָגטע ווייטערדיקע טראַנספּאָרטן.

אין אונזער אַרבעט באַמיען מיר זיך ענדערן צום בעסערן די פאַר־העלטענישן אין די לאַנדסמאַנשאַפטן. עס איז אַ סך אויפגעטאָן געוואָרן, בכדי די טעטיקייט זייערע אונטערוואַרפן אַ געזעלשאַפטלעכער קאָנטראָל.

זייער אָפט באַקומט די זעלבע לאַנדסמאַנשאַפט הילף אין דער זעלבער צייט דורך אונז, ווי אויך דורך דעם ״דזשאָינט״. דאָס באַשווערט די מעג־לעכקייט צו פירן די קאָנטראָל ווי געהעריק. מען דאַרף נישט מאַכן קיין סוד, אַז פאַר געוויסע לייט, וואָס דרייען זיך אַרום אין די לאַנדסמאַנשאַפטן, איז די געזעלשאַפטלעכע קאָנטראָל נישט צום האַרצן. ווען עס האַנדלט זיך וועגן דעם אופן פון פאַרטיילן הילף זענען מיר ווייט פון דעם ״יושר״ ״אַלע גלייך״. מיר באַווירקן, אַז פון דער הילף זאָלן געניסן אין דער ערשטער ריי קראַנקע, נישט פעיקע צו אַרבעט, נויטבאַדערפטיקע־אַר־בעטנדיקע.

וואָס שייך הילף אין פאָרם פון געלט, רעאַליזירן מיר אונזער איינ־שטעלונג, אַז די הילף זאָל פאַרווענדעט ווערן לויט פאָלגנדיקער ריי: אויף קאָנסטרוקטיווע צוועקן, אויף אינדיווידועלער הילף, אויף קולטור־צוועקן — ווי מאָנאָגראַפיעס יזכור־ביכער א. דגל.

ווי עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן וועגן דער הילף פאַר די לאַנדס־מאַנשאַפטן דורכן ״דזשאָינט״, איז נייטיק אונטערצושטרייכן, אַז עד־היום האָט זיך אונדז נישט איינגעגעבן צו שאַפן די קאָאָרדינאַציע אויף דעם אָפּשניט. די אַרבעט ווערט געפירט פּאַראַלעל. מיר קאָנען זיך נישט פאַר־שטענדיקן מיט די לאַנדסמאַנשאַפטן־אָרגאַניזאַציעס אין צפון־אַמעריקע.

מיר זענען אַריין אין דער ווייטערדיקער שטופע פון אונדזער אַרבעט אויפן אָרגאַניזאַציאָנעלן געביט. מיר טרעטן צו שאַפן פאַרבאַנדן פון באַ־זונדערע לאַנדסמאַנשאַפטן. דעם 9־טן מערץ איז אין ביאַליסטאָק פאָרגע־קומען אַ צוזאַמענפאָר פון די ביאַליסטאָקער אין לאַנד. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ פאַרבאַנד פון די ביאַליסטאָקער. דאָס וועט נאָרמאַליזירן און רעגולירן די הילפס־אַרבעט פאַר די ביאַליסטאָקער וועלכע געפונען זיך אין פאַרשידענע שטעט. אין אַפּריל איז גערופן געוואָרן אַ צוזאַמענפאָר פון די לובלינער מיטן זעלבן צוועק. דעם 20־טן און 21־טן אַפּריל האָבן מיר

גערופן אַ צוזאַמענפאָר פון די וואַרשעווער *.

די יידישע קאָמיטעטן באַציען זיך ווי געהעריק און שאַצן אָפּ די ראָל פון די לאַנדסמאַנשאַפטן.

מיר ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די יידישע קאָמיטעטן און אויך פון דער יידישער געזעלשאַפט אויף דער באַדייטונג און דער אנטוויקלונג פון די לאַנדסמאַנשאַפטן און זייער אָנטייל אין ווידעראויפבוי פון יידישן לעבן אין פוילן, סיי אין מאַטעריעלער הינזיכט (באַדייטנדיקע אָנטלאַסטונג פון די יידישע קאָמיטעטן אין זייער כאַריטאַטיווער טעטיקייט), סיי אויך אין געזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער הינזיכט.

# נאַציאָנאַליסטישע היסטעריע

דער יידישער ישוב אין מעקסיקע איז לעצטנס ווידער אויפגערודערט. דער אָפּקלאַנג לאָזט זיך הערן אויף דער וועלט. אַזאַ מזל האָט שוין מעקסיקע. אין איצטיקן פאַל קומט דער גערודער אין שייכות מיט קיביא. די ציוניסטישע פעדעראַציע דאָרט וויל נישט אַנדערש נאָר אַ... חרם אויף די בונדיסטן, איזאָלירן די בונדיסטן פון דער יידישער געזעלשאַפט. אַזאַ קליינינקייט!

מיטן אַנטשטיין פון מדינת ישראל האָט זיך אַ גאַס געטאָן אויף דער יידישער גאַס אַ ים־כוואַליע פון נאַציאָנאַליסטישער היסטעריע. דער שאָ־וויניזם האָט באַדראָט צו פאַרטרינקען אַלץ וואָס הייסט דאָאיקייט. דער אַנדערש־דענקענדיקער איז פאַרשריגן געוואָרן אַמווייניקסטן ווי אַ שונא־ישראל.

דער "בונד" איז אָבער נישט פאַרכאַפּט געוואָרן פון אָט דער נאַציאָנאַ־ליסטישע היסטעריע. ווי אַלעמאָל האָט דער "בונד" אויך דאָס מאָל, געשטעלט טדעם ריכטיקן דיאַגנאָז און די ווירקלעכקייט האָט באַשטעטיקט וואָס דער "בונד" האָט פאָרויסגעזען.

---

* עס איז אויך פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר אין לאָדזש פון די לעבנגעבליבענע ווילנער יידן, און אַ צוזאַמענפאָר פון די טשענסטאָכאָווער יידן.

מיט איר אַנטשטיין האָט די ישראל־מדינה נישט געלייזט די יידן־פראַגע אויף דער וועלט, און וועט זי קיינמאָל נישט לייזן. די ווירקלעכקייט האָט באַשטעטיקט וואָס דער „בונד" האָט פאָרויסגעזאָגט וועגן פּראָבלעמען יידן־אַראָבער. עס זענען באַשטעטיקט געוואָרן די נעגאַטיווע מאָמענטן און עס זענען אויך באַשטעטיקט געוואָרן די פּאָזיטיווע מאָמענטן.

די אויפגאַבן פון „בונד", ווי אַ פּאָזיטיווער כוח אין יידישן לעבן זענען איצט ווי אַלעמאָל — אויסנוצן אַלע מעגלעכקייטן בכדי צו באַווירקן אין דער ריכטונג, אַז די יידישע געזעלשאַפט זאָל זיך אָריענטירן אין דער ערשטער ריי בנוגע די באַדערפענישן פון די יידן אויפן אָרט און קעגנשטעלן זיך דעם ווילן פון דער ישראל־רעגירונג און ציוניסטישער אַגענץ צו שטעלן דאָס יידישע לעבן אין גאָר דער וועלט צו זייער אויסשליסלעכער דיספּאָזיציע און צילן. דאָס איז נישט קיין לייכטע אויפגאַבע.

אומאָפּהענגיק פון אונדזער באַציונג צו די פּראָבלעמען אין און אַרום מדינת־ישראל, זענען מיר גאָרנישט גלייכגילטיק צו דעם יידישן ישוב אין ישראל, די עקזיסטענץ פון די יידן אין ישראל גייט אונדז זייער שטאַרק אָן, אַזוי ווי די עקזיסטענץ יידן אין אַלע אַנדערע לענדער. עס איז נאַטירלעך וואָס צוגלייך מיט אַנדערע יידישע אָרגאַניזאַציעס, קומען מיט הילף צו די יידן אין ישראל אויך דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט און דער אַרבעטער־רינג.

עס איז נישט די פראַגע פון קלאַסן־איינשטעלונג, אָבער איך מיין, אַז די דערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס זענען נישט קיין אַלגעמיין־יידישע, זיי רעפּרעזענטירן דעם יידישן אַרבעטער־סעקטאָר. אויב אַזוי — צי איז נישט כדאי ביי דער געלעגנהייט שטעלן די פראַגע: צי איז טאַקע אויסגעהאַלטן דאָס אַגאַנזשירן זיך אין די אַלגעמיינע יידיש־ציוניסטישע אַקציעס פאַר ישראל, ווי דער ישראל־באָנד־קאַמפּיין א. אַנד.? צי האָט טאַקע דער אַרבעטער־קאָמיטעט און דער אַרבעטער־רינג נחת פון דער הילף, וואָס זיי האָבן בייגעטראָגן? האָט די הילף געבראַכט טאַקע די גייטיקע רעזולטאַטן, אַרויסגייענדיק פון שטאַנדפּונקט בנוגע די אינטערעסן פון אָט די אָרגאַניזאַציעס?

מיר זענען נישט קיין אָנהענגער פון דער איינשטעלונג, אַז ווער עס

האָט די מאה דער האָט אויך די דעה. אָבער לאָמיר נעמען ווי אַ ביישפּיל דאָס לעסין־הויז אין ישראל, געבויט אויף די געלטער פון יידישן אַרבעטער־סעקטאָר אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָס הויז איז ריין פון יידיש, איז דאָס טאַקע לויט דער דעה פון יידישן אַרבעטער־סעקטאָר? צי באַווירקט טאַקע דער אַרבעטער־רינג, אַז זיין גרויסער חלק אין דעם ישראל־באָנד־קאַמפּיין זאָלן זיך ווי געהעריק לאָזן פילן "דאָרט" לויט די איינשטעלונגען פון אַרבעטער־סעקטאָר?

צי וואָלט נישט געווען גלייכער, אַז די הילף פון אַרבעטער־סעקטאָר אין אַמעריקע, זאָל קומען קיין מדינת־ישראל דירעקט צום אַרבעטער־סעקטאָר דאָרט? די הילף זאָל קומען צו די, וואָס ווילן און שטרעבן צו פאַרבונדן די אינטערעסן פון די יידן אין מדינת־ישראל מיט די יידן אין די תפוצות? אַזעלכע פראַזן זענען דאָ אַ סך.

גלויב איך, אַז וואָס שייך דער היסטעריע פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע אין מעקסיקע וועט עס "בשלום" איבערגיין, ווייל בסך־הכל איז דאָס אין אַ גרויסער מאָס אַ היסטעריע נישט פון ציוניסטיש־געשטימטן יידישן עולם.

# יידישע עמיגראַציע־פּראָבלעמען אין קאַנאַדע

דער קאַנאַדער יידישער קאָנגרעס האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן רעגולער זיין אינפאָרמאַציע־ביולעטין אין דער יידישער שפּראַך. אין נומער 5 פון ביולעטין ווערט באַרירט די פראַגע "ישראל־עמיגראַנטן אין קאַנאַדע". אין שייכות דערמיט ווערט אין ביולעטין אָנגעגעבן אַ גאַנצע ריי ציפערן און ידיעות וועגן יידישער עמיגראַציע קיין קאַנאַדע אין פעריאָד פון נאָך־מלחמה אין די יאָרן 1946־1953.

מיר ווען פרווון געבן אַ געוויסע אָפּשאַצונג וועגן יידישער איינ־וואַנדערונג קיין קאַנאַדע אין דערמאָנטן פעריאָד.

זינט אַפּריל 1946 ביז סוף 1953 זענען אַריינגעקומען קיין קאַנאַדע 38.200 יידישע עמיגראַנטן. אין משך פון דעם פעריאָד האָט זיך די יידישע

באַפעלקערונג פון קאַנאַדע פאַרגרעסערט דורך עמיגראַציע אויף 21 פּראָצ.

איבער 60 פּראָצ. געקומענע אין די נאָכמלחמה־יאָרן האָבן זיך באַזעצט אין מאָנטרעאַל. פאַרקערט, אין אַלע פריערדיקע עמיגראַציע־פּעריאָדן, איז צוליב פאַרשידענע סיבות דער שטראָם געגאַנגען אין דער ריכטונג הויפּט־זעכלעך אין טאָראָנטאָ און וויניפּעג.

ווען מען באַקענט זיך מיט דער רובריק "פון וואַספאַראַ לאַנד די עמיגראַנטן שטאַמען", אָדער ווו זייער לעצטער פּערמאַנענטער וווינאָרט איז געווען, — איז נישט קיין איבעראַשונג ווען אויפן ערשטן אָרט, לויט דער צאָל, קומען די עמיגראַנטן, וואָס גיבן אָן פּוילן אַלס זייער אָפּשטאַם־לאַנד. עס איז אָבער אַן איבעראַשונג ווען לויט דער ריי, פאַרנעמען דאָס צווייטע און דריטע אָרט יידן געקומענע פון די פאַראייניקטע שטאַטן און ענגלאַנד.

יידן, וואָס האָבן אָנגעגעבן זייער פּערמאַנענטן וווינאָרט פּוילן, זענען אָנגעקומען אין פּעריאָד 1953־1946 אין צאָל פון 11.158.

ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז צווישן די אַריינגעקומענע יידן אין זעלבן פּעריאָד פון אַנדערע לענדער, צ. ב.:

פון ישראל — 5440; דייטשלאַנד — 2137; פון עסטרייך — 44; שוועדן — 181. צוזאַמען 7802 — שטאַמען נישט ווייניקער ווי איין דריטל אויך פון פּוילן. ד. ה. קנאַפּע 3.000, איז די אַלגעמיינע צאָל, וואָס שטאַמען פון פּוילן איבער 14.000 יידן. דאָס מאַכט אויס קנאַפּע 38 פּראָצ. פון דער אַלגעמיינער צאָל אַריינגעקומענע יידן אין קאַנאַדע.

דער ביולעטין גיט אָן, אַז פון דייטשלאַנד זענען אָנגעקומען פאַר דער צייט 2137 יידן, פון דייטשלאַנד הייסט דאָס פון די דייטשישע לאַגערן וואָרום קיין דייטשישע יידן זענען אין די נאָכמלחמה־יאָרן קיין קאַנאַדע נישט אָנגעקומען, אַזוי אַרום זענען דאָס יידן וואָס שטאַמען אויך פון די מזרח־אייראָפּעישע לענדער, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט דעם פּיינפולן וועג קיין קאַנאַדע דורך די לאַגערן אין דייטשלאַנד. דאָס זעלבע האָט אויך אַ שייכות צו די 944 יידן געקומענע פון עסטרייך, ד. ה. פון די לאַגערן דאָרט.

אַ צאָל פון 5594 יידן זענען אין זעלבן פּעריאָד אַריינגעקומען פון פאָלגנדיקע לענדער:

טשעכאָסלאָוואַקיע — 1772; רומעניע — 1502; איטאַליע — 252; יוגאָסלאַוויע — 88; פּאָרטוגאַל — 67; שפּאַניע — 52; גריכנלאַנד — 30; אונגאַרן — 1831.

מען קאָן מיט פולער זיכערקייט זאָגן, אַז דער ווייט גרעסטער טייל אָנגעקומענע פון איטאַליע, פּאָרטוגאַל און שפּאַניע שטאַמען אויך פון מזרח־אייראָפּעישע לענדער. די מלחמה און נאָכמלחמה־יאָרן האָט זיי פאַרוואָרפן אין די דערמאָנטע לענדער.

פון ליטע, לאַטוויע און עסטאָניע זענען אָנגעקומען צוזאַמען 170 יידן. אוודאי זענען אין דער רובריק דייטשלאַנד און עסטרייך פאַראַן יידן, וואָס שטאַמען פון די דערמאָנטע לענדער.

פון פראַנקרייך זענען אַריינגעקומען — 1243 יידן; פון בעלגיע — 794 יידן.

צווישן די געקומענע פון פראַנקייך און בעלגיע איז אַ גענוגענדיקע צאָל, וואָס שטאַמען פון מזרח־אייראָפּעישע לענדער, הויפּטזעכלעך פון פוילן, וועלכע האָבן זיך פאַרהאַלטן אַ געוויסע צייט, דערעיקערשט אין פראַנקרייך.

אין דער צאָל גייט אָבער אויך אַריין אַן אָנגעזעענער פּראָצענט יידן, וואָס האָבן געוווינט אין די דערמאָנטע צוויי לענדער די לעצטע 30 יאָר. די מורא פאַר אַ דריטן וועלט־קריג און די פּערספּעקטיוון פון ווערן „באַפרייט" דורך די קאָמוניסטן, האָבן די אַלט־איינגעזעסענע יידן דאָרט אויך געטריבן צו עמיגראַציע.

אָנגעגעבענע אַלס אָפּשטאַמיקע, אָדער זייער לעצטער פּערמאַנענטער וווינאָרט איז געווען: יאַפּאַן — 18; כינע — 450 און רוסלאַנד — 267.

דאָס זענען יידן, אַ טייל פון פוילן, וואָס האָבן זיך פאַרהאַלטן אין יאַפּאַן און כינע אין די מלחמה־יאָרן אויף זייער וועג אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אָדער קאַנאַדע, וווהין זיי זענען געקומען אין די נאָכמלחמה־יאָרן. אויך יידן, וואָס האָבן פאַרלאָזט רוסלאַנד נאָך דער רעוואָלוציע 1917־1918, געלעבט אין מאַנדזשוריע, און נאָך דער מלחמה געלאָפן פון קאָמוניזם.

אין דער רובריק „אָפּשטאַמיקע פון רוסלאַנד" זענען אַ טייל אויך די ליובאַוויטשער חסידים, וואָס האָבן ביז זייער אָנקומען קיין קאַנאַדע זיך פאַרהאַלטן אַ געוויסע צייט אין אַנדערע לענדער, אָבער נישט אַלע האָבן

צוליב פאַרשידענע סיבות אָנגעגעבן זייער סטאַבילן וווינאָרט רוסלאַנד. אַזעלכע פיגורירן אין די רובריקן פון די לענדער ווו זיי האָבן זיך צייט־ווייליק פאַרהאַלטן.

פון האָלאַנד זענען אָנגעקומען 314 יידן, מערסטנטייל אַזעלכע וואָס האָבן די מלחמה־יאָרן דורכגעמאַכט אין די דייטשישע לאַגערן, פאַרלאָרן אַלע נאָענטע, געקומען קיין קאַנאַדע בויען אַ ניי פאַמיליען־לעבן.

פון די סקאַנדינאַווישע לענדער: שוועדן — 181 ; דענעמאַרק — 29 ; נאָרוועגיע — 21. דאָס זענען נישט קיין אַלט־איינגעזעסענע דאָרט יידן, דאָס זענען אַלץ אָפּשטאַמיקע פון מזרח־אייראָפּעישע לענדער (פּוילן און די באַלטישע לענדער), וואָס זענען געקומען אַהין אין די נאָכמלחמה־יאָרן. און ווידער דאָס זעלבע: די מורא פאַר דער מורא, טרייבט זיי ווייטער, טראָץ אַ סך מעגלעכקייטן איינצואָרדענען זיך אין די סקאַנדינאַווישע לענדער.

פון דער שווייץ זענען אַריינגעקומען 110 יידן. דאָס זענען אויך נישט קיין איינגעזעסענע שווייצאַרישע יידן, נאָר אַזעלכע וואָס די מלחמה־זאַווערוכע האָט זיי אַהין פאַרטראָגן, דאָרט האָבן זיי זייערע לעבנס געראַטעוועט.

פון ענגלאַנד זענען אַריבערגעקומען פאַר דער צייט פון די נאָכמלחמה־יאָרן 4160 יידן. דאָס מאַכט אויס דורכשניטלעך 522 יידן יערלעך.

אַוודאי זענען צווישן זיי דאָ אַלט־איינגעזעסענע, וואָס שטאַמען פון די איבריקע לענדער אין אייראָפּע. צוליב די שווערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען האָבן זיי פאַרלאָזט און זיך באַזעצט אין קאַנאַדע. אַ טייל פון זיי זענען איינגעלאַדן געוואָרן אַלס פאַכלייט אין אַ ריי פאַבריקן, אָבער אַ גרויסער פּראָצענט פון איינגעוואַנדערטע פון ענגלאַנד זענען יונגע יידישע פרויען, וואָס האָבן חתונה געהאַט מיט קאַנאַדער יידן־זעלנער בעת זייער סטאַציאָנירן אין די מלחמה־יאָרן אין ענגלאַנד.

פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן זיך באַזעצט אין קאַנדע פאַר דער זעלבער צייט, ד.ה. פאַר די לעצטע 8 יאָר — 4270 יידן.

ווען אין אַלגעמיין ווערט וואָס אַ יאָר ווייטער קלענער די צאָל איינגעוואַנדערטע יידן קיין קאַנאַדע, און וואָס שייך די פאַראייניקטע שטאַטן — ווערט דער דורכשניט פון איבער 500 יידן יעדעס יאָר אָנגעהאַלטן.

ווער זענען די יידן, וואָס פאַרלאָזן די פאַראייניקטע שטאַטן און באַזעצן זיך אין קאַנאַדע ?

אַ טייל פון זיי קומען בעיקר אַלס פאַרוואַלטערס פון פאַרשידענע האַנדלס־אונטערנעמונגען און פאַבריקן, דאָס רוב יונגע מענטשן, וואָס האָבן חתונה קיין קאַנאַדע.

ביי דער געלעגנהייט איז כדאי צו באַמערקן, אַז דאָס זעלבע קומט פאָר אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. אַזוי, אַז קאַנאַדע און די פאַראייניקטע שטאַטן טוישן זיך יעדעס יאָר, דורכשניטלעך מיט העכער 500 יידן.

פון יידן וואָס פאָרן איבער פון קאַנאַדע זיך באַזעצן אין די פאַראייני־קטע שטאַטן איז פאַראַן אַ באַדייטנדיקע צאָל עלטערע מענטשן, וואָס פאָרן זיך באַזעצן אין קאַליפאָרניע. אַמאָליקע יאָרן פלעגן יידן פאָרן קיין ארץ־ישראל שטאַרבן, די לעצטע יאָרן פאָרן יידן קיין קאַליפאָרניע לעבן. אַ טייל האָבן חתונה אין די פאַראייניקטע שטאַטן און פאָרן דאָרטן זיך באַזעצן.

פון ישראל זענען אַריינגעקומען אין קאַנאַדע אין דערמאָנטן פעריאָד ביז ענדע 1953, צוזאַמען 5440 יידן.

די אָפּטיילונג פון עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פאָרשונגען ביים יידישן קאָנגרעס אין קאַנאַדע אינפאָרמירט אין ביולעטין, אַז קיינמאָל ביזן יאָר 1948 איז די צאָל עמיגראַנטן פון ישראל נישט איבערגעשטיגן 10 אַ יאָר. פון אַלע יידישע עמיגראַנטן, און זינט דער ענדע פון וועלט־קריג, באַטרעפט די צאָל געקומענע פון ישראל 13.76 פראָצ. פון דער אַלגעמיינער צאָל יידישע עמיגראַנטן קיין קאַנאַדע.

88 געקומענע פון ישראל זענען נישט־יידן. פון די געקומענע זענען ישראל־בירגער אין יאָר 1952 — 37.5 פראָצ. אין יאָר 1953 — 68 פראָצענט.

אַוודאי האָט די עמיגראַציע פון ישראל, די "יורדים", ווי עס ווערט באַצייכנט, געשאַפן גענוג אומאָנגענעמלעכע מאָמענטן. אין פרינציפּ מאַכט נישט דער יידישער קאָנגרעס און די עמיגראַציע־אָפּטיילונג קיין שום אונ־טערשיד אין באַצוג צו יעדן, אומאָפּהענגיק פון וואָספאַראַ לאַנד יענער קומט, אין דער פראַקטיק איז אָבער פאַר די געקומענע פון ישראל זייער באַשווערט וועלכע עס איז מאַטעריעלע הילף.

ווען מען נעמט אין באַטראַכט וואָספאַראַ שוועריקייטן יעדער געקו־

מענער פון ישראל האָט דורכגעמאַכט ביז ער איז געקומען אין קאַנאַדע, איז לייכט זיך פאָרצושטעלן פאַרוואָס די געקומענע פון ישראל זענען אַזוי פאַר־ביטערט. אַ סך פון זיי זענען אַנטוישט, אַ טייל וויל זיך צוריקקערן קיין ישראל. אין די נאָענטסטע מאָנאַטן וועט טאַקע אָפּפאָרן פון מאָנטרעאַל אַ גרופּע צוריק קיין ישראל, די אויסגאַבן וועלן געדעקט ווערן פון געזעל־שאַפטלעכע פאָנדן.

אין אַלגעמיין זענען די פּערספּעקטיוון פון וויטערדיקער יידישער איינוואַנדערונג קיין קאַנאַדע זייער פּראָבלעמאַטיש. עס שעפּט זיך אויס דער קוואַל פון עמיגראַנטן פון אייראָפּע. אין שייכות מיטן נייעם עמי־גראַציע־געזעץ אין קאַנאַדע פון יולי 1953, איז געגנוג באַשווערט געוואָרן דאָס אַריינקומען קיין קאַנאַדע. לעצטנס קאָן מען אַריבערנעמען אַהער בלויז גאָר נאָענטע קרובים, אָדער ספּעציאַליסטן אויף קאָנטראַקטן.

## יידישע קאָמוניסטן שטערן עמיגראַציע פון פּוילן

ווען די יידן פון פּוילן, וואָס זענען פאַרוואָגלט געוואָרן אין רוסלאַנד, האָבן נאָך דער מלחמה באַקומען די מעגלעכקייט זיך צוריקקערן קיין פּוילן, איז ביי דער ווייט גרעסטער מערהייט פון זיי געווען די איינשטעלונג אין פּוילן זיך נישט צו פאַרהאַלטן. פּוילן האָט באַדאַרפט דינען ווי אַ טראַמ־פּאָלין, ווי אַ צייטווייליקער פּונקט אויפן וועג צו דער ברייטער וועלט.

עס האָט זיך אָנגעהייבן די וואַנדערונג אין די דייטשע לאַגערן, פון דאָרט ווייטער מעבר־לים.

דער קעלצער פּאָגראָם אין יאָר 1946 האָט פאַרשנעלערט דאָס פאַר־לאָזן פּוילן מאַסנווייז. פּאַראַלעל מיט דער אומלעגאַלער איז אָנגעגאַנגען אַ לעגאַלע עמיגראַציע. טויזנטער יידן האָבן פאַרלאָזט פּוילן אויף וויזעס, וואָס זיי האָבן באַקומען דורך זייערע קרובים. אויך אַ דאַנק די באַמיונגען פון אַ ריי יידישע אָרגאַניזאַציעס, ווי דער יידישער וועלט־קאָנגרעס, דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט א. אנד.

זייער פיל האָבן באַקומען אַפילו וויזעס איינצייטיק אין עטלעכע

לענדער. דער "דזשאַינט", דער אַרבעטער־קאָמיטעט אַ. אַנד. יידישע אָרגאַ־ניזאַציעס האָבן מיטגעהאָלפן מאַטעריעל די עמיגראַנטן.

די יידישע קאָמוניסטן אין פוילן האָבן געטאָן אַלץ אין דער ריכטונג פון אָפּשטעלן, אָדער באַשווערן דאָס אַרויספאָרן פון די יידן פון פוילן. צייטנווייז האָט זיך זיי דאָס איינגעגעבן. דאַן זענען געקומען שוועריקייטן, אָבער די עמיגראַציע איז אָנגעגאַנגען ווייטער. מיט דער צייט האָט זיך די עמיגראַציע פון פוילן אָפּגעשטעלט.

עס זענען געקומען די לעצטע ענדערונגען אין פוילן. עס האָט זיך אויפסניי געעפנט אַ טיר צו דער ברייטער וועלט פאַר די יידן דאָרט, אָבער כמעט בלויז אין איין ריכטונג, קיין מדינת־ישראל. אַלע באַרופענע דערצו יידישע אָרגאַניזאַציעס האָבן איינגעשטעלט זייער הילפס־אַרבעט פאַר די יידישע עמיגראַנטן פון פוילן בלויז קיין ישראל.

די עמיגראַציע קיין מדינת־ישראל איז אַלעמאָל געווען אַ ברירה־לאָזיקע וואָרום נישט אַלעמאָל זענען געווען אַנדערע וועגן.

עס איז נישט קיין סוד, אַז אפילו פּראָמינענטע ציוניסטישע טוער אין די אייראָפּעישע לענדער, אין זיינער צייט אויך פון די דייטשע לאַ־גערן, האָבן עמיגרירט דווקא אין די אַמעריקאַנער לענדער, אויב זיי האָבן נאָר דערצו געהאַט די געלעגנהייט.

עס איז אויך גוט באַקאַנט, אַז פיל יידן האָבן פאַרלאָזט ישראל, ווען זיי האָבן דערצו געהאַט די געלעגנהייט. דער ווילן צו פאַרלאָזן ישראל האַלט אָן, עס האַלטן אָבער אויך אָן די שוועריקייטן צו פאַרלאָזן ישראל.

די עקאָנאָמישע שוועריקייטן אין ישראל, די שווערע לאַגע פון איינ־אָרדענען זיך דאָרט, האָט אָפּגעהאַלטן טויזנטער יידן פון פאַרלאָזן פוילן. עס איז דאָך נישט שווער צו פאַרשטיין, אַז נישט יעדער פילט זיך בכוח, נאָך אַלע איבערלעבונגען וואָס מען האָט דורכגעמאַכט אין די מלחמה־ און נאָכמלחמה־יאָרן, ווערן אַ פּיאָנער אין מדינת ישראל.

עס איז קלאָר די איינשטעלונג פון דער ישראל־רעגירונג און פון דער יידישער אַגענץ: זיי זענען גרייט אויפצונעמען אַלע יידן פון דער גאַנצער וועלט, אָבער אויף וויפל דאָס איז רעאַל — איז אַ פראַגע.

די יידישע פירער, די יידישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס אויפן

אַמעריקאַנער קאָנטינענט, זענען, אין זייער גרעסטער מערהייט, איינגעשטעלט פּראָציוניסטיש, פּראָישראַלדיק. אָבער עס האַלט נישט דערביי, אַז די יידן פון אַמעריקע זאָלן מאַסנווייז עמיגרירן קיין ישראל. די פראַגע איז, פאַרוואָס זאָלן די יידן פון פּוילן זיין אויסגעשטעלט צו עמיגרירן נאָר קיין ישראל ? פאַרוואָס ווערט נישט געטאָן פּאַראַלעל אויך אין דער ריכטונג פון אויסנוצן אַלע מעגלעכקייטן פון עמיגראַציע אין אַנדערע לענדער ? מען קאָן נישט זאָגן, אַז עס זענען פאַראַן אַ סך מעגלעכקייטן, אָבער דאָך.

אַ פּאָר ווערטער וועגן אַנדערע מעגלעכקייטן.

ווען פאַר דעם לעצטן רעגירונגס־קריזיס אין פראַנקרייך, האָבן זיך אין דער רעגירונג אויך באַטייליקט סאָציאַליסטן, האָט דער "בונד" אין פּאַריז באַקומען אַ צאָל וויזעס קיין פראַנקרייך, עטלעכע גרופּעס בונדיסטן זענען אויפן סמך פון די דאָזיקע וויזעס שוין אָנגעקומען קיין פּאַריז. צוליב די ענדערונגען אין דער פראַנצויזישער רעגירונג, זענען לײדער באַשווערט געוואָרן די ווייטערדיקע באַמיונגען פון דאָרטיקן "בונד" אין דער זעלבער ריכטונג.

פאַרוואָס זאָלן די איינפלוסרייכע יידישע אָרגאַניזאַציעס נישט אָנגיין מיט באַמיונגען אַרויסצובאַקומען וויזעס קיין פראַנקרייך פאַר די פּוילישע יידן ? מוזן זיי גיין נאָר קיין ישראל ?

אין קאַנאַדע האָבן אַלעמאָל סיי דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט, סיי דער דאָרטיקער יידישער קאָנגרעס, געטאָן אַ סך אין דער ריכטונג, אַז יידן זאָלן קאָנען דאָרט איינוואַנדערן. דער קאַנאַדישער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט תמיד אַ ווירקונג אין די רעגירונגס־קרייזן, דער זעלביקער יידישער קאָנגרעס איז אָבער געבונדן מיט דער זעלבער איינשטעלונג פון דער ישראל־רעגירונג, אַז יידן מוזן גיין בלויז קיין ישראל, און אויך נישט אַרויסלאָזן פון ישראל קיין קאַנאַדע. דעריבער אַזעלכע שוועריקייטן פאַר די יעניקע, וואָס ווילן אַרויספאָרן פון ישראל קיין קאַנאַדע.

אין קאַנאַדע זענען אַלעמאָל אָפן די טירן פאַר אַן אומבאַגרענעצטער עמיגראַציע פון די אַנגלאָזאַקסישע לענדער. עס עקזיסטירט אויך אַ געזעץ, אַז קיין קאַנאַדע קאָנען אַריינקומען נאָענטע קרובים, ווי עלטערן צו קינדער ברידער צו שוועסטער אַן פאַרקערט. ווען עס האָט זיך לעצטנס געשאַפן די

מעגלעכקייט צו פאַרלאָזן דאָס קאָמוניסטיש־אַנטיסעמיטישע פוילן, זענען קיין קאַנאַדע אָנגעקומען אַלאַרמען פון קרובים אין פוילן.

מען קאָן נישט זאָגן, אַז די קאַנאַדישע רעגירונג האָט אַזאַ גרויסן חשק אַריינצולאָזן וועמען פון קאָמוניסטישן פוילן, דערצו זעט פאַר די נייע קאָנ־סערוואַטיווע רעגירונג אַ גרעסערע אַרבעטסלאָזיקייט אויף די ווינטערדיקע חדשים. אין רעזולטאַט דערפון זענען געקומען אָפּזאָגן אויף די ווענדונגען וועגן אַריבערנעמען קרובים פון פוילן.

ווי עס ווייזט אויס, האָט אָבער אין די פירנדיקע קרייזן פון קאַנאַדישן יידישן קאָנגרעס געזיגט דער ריין־יידישער און מענטשלעכער מאָמענט אויפן חשבון פון ציוניסטישן.

דער קאַנאַדישער יידישער קאָנגרעס האָט עטלעכע מאָל אינטערווע־נירט ביים עמיגראַציע־מיניסטער, און מיט דערפאָלג. די אַפּליקאַציעס פון אַריבערנעמען נאָענטע קרובים ווערן אָנגעגעבן אין דער עמיגראַציע־אָפּ־טיילונג פון יידישן קאָנגרעס און פון דאָרט — צום קאַנאַדישן עמיגראַציע־דעפּאַרטאַמענט. פיל אַזעלכע אַפּליקאַציעס זענען פּאָזיטיוו דערליידיקט געוואָרן. שטעלט זיך אַ פראַגע: צי וואָלט זיך נישט איינגעגעבן, ביי געהע־ריקע אינטערווענצן און באַמיונגען אַרויסצובאַקומען וויזעס אויך פאַר ווייטערדיקע קרובים, און אפשר סתם פאַר יידן?

עס איז דאָ אַ גרונט צו גלייבן, אַז יאָ.

די קאַנאַדישע רעגירונג ווייסט, אַז די אַריינגעקומענע יידן פאַלן נישט צו לאַסט די רעגירונגס־אַמטן. דאַרפן, הייסט עס, קומען ווייטערדיקע אינ־טערווענצן מצד די יידישע אָרגאַניזאַציעס אין קאַנאַדע.

נאָך אַ פראַגע: פאַרוואָס שטייט דער אַרבעטער־קאָמיטעט אין קאַנאַדע אין אַ זייט פון אָט די באַמיונגען, אין אַ זייט פון דער אַקציע פאַר אַריבער־נעמען יידן פון פוילן?

וועגן מעגלעכקייטן פאַר אַריינקומען אין אַנדערע לענדער: בעת דער מלחמה און אין די נאָכמלחמה־יאָרן האָט דער אַרבעטער־קאָמיטעט געפירט אַן אַרבעט, וואָס לאָזט זיך פשוט נישט אָפּשאַצן לויט איר וויכטיקייט, ביים אַרויסראַטעווען סאָציאַליסטן, בונדיסטן און סתם יידן פון פוילן און אַנדערע לענדער.

צווישן אַנדערע האָט דער אַרבעטער־קאָמיטעט באַקומען וויזעס פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער רעגירונג אין שוועדן. הונדערטער יידן, בעיקר בונדיסטן, האָבן באַקומען אַ מעגלעכקייט צו פאַרלאָזן פוילן און אַרויס אויף דער פרייער וועלט.

די באַציונג צום אַרבעטער־קאָמיטעט מצד דער שוועדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וואָס שטייט ביי דער מאַכט אין שוועדן, האָט זיך נישט געענדערט. מיט דער פולער זיכערקייט קאָן מען זאָגן, אַז איצט, פּונקט ווי אין די מלחמה־יאָרן, וועט די שוועדישע רעגירונג צושטעלן וויזעס דעם אַרבעטער־קאָמיטעט פאַר די יידן אין פוילן. פאַר זיי וואָלט דאָס ממש געווען אַ גרויס גליק. די שוועדישע רעגירונגס־אַמטן וואָלטן, ווי אַלעמאָל, אויפן בעסטן אופן אויפגענומען די יידן פון פוילן. פאַרוואָס הערט מען נישט, אַז דער אַרבעטער־קאָמיטעט זאָל עפּעס טאָן אין דער דאָזיקער ריכטונג ?

איך גלייב, אַז עס קאָנען אויך זיין וויזעס קיין נאָרוועגיע, ביי געהעריקע באַמיונגען. וואָס שייך שוועדן, דאַרפן אַפילו קיין שטאַרקע באַמיונגען נישט געמאַכט ווערן. אַ פּערזאָן, וואָס איז במשך אַלע נאָכמלחמה־יאָרן געווען ענג פאַרבונדן מיט דעם אַרבעטער־קאָמיטעט אין שוועדן, שרייבט מיר פאָלגנדיקס: „עס וווּנדערט מיך אויך, וואָס דער אַרבעטער־קאָמיטעט ווענדעט זיך נישט דירעקט צו דער רעגירונג, אַז זי זאָל אַריינגעמען אַ צאָל פּוילישע יידן קיין שוועדן... אמת, עס איז דאָ נישטאָ קיין פאַרטרעטונג פון אַרבעטער־קאָמיטעט... אָבער עס איז אינגאַנצן נישט נייטיק. שוועדן האָט דאָך דאָס יאָר אַריינגענומען בערך זיבן טויזנט אונגאַרער א״אַנד. די רעגירונג אָרדנט זיי איין מיט אַרבעט און דירות. נאָרוועגיע האָט אויך אויפגענומען אַ טייל עמיגראַנטן. איך פאַרזיכער אייך, אויב דער אַרבעטער־קאָמיטעט וואָלט געמאַכט די געהעריקע באַמיונגען ביי דער רעגירונג, וואָלט זיך איינגעגעבן אַרויסצופירן פון פוילן אַ ביסל חברים, אָדער סתם יידן״.

איך בין טאַקע זיכער אין דעם, אַז אַ ווענדונג פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק צו דער שוועדישער רעגירונג, וואָלט דער ענין דערעליידיקט געוואָרן פּאָזיטיוו. פאַרוואָס טוט דאָס נישט דער אַרבעטער־קאָמיטעט ?

# "צישאָ" און די יידישע געזעלשאַפט אין פוילן

(צו דער 10־טער יאָרצייט נאָך שלמה מענדעלסאָן)

די קרוין פון שלמה מענדעלסאָנס אינטערעסאַנט און פילפאַרביק־געזעלשאַפטלעך לעבן איז געווען די שול־באַוועגונג.

זייענדיק נאָך גאָר אַ יונגער בחור האָט ער זיך שוין פאַרבונדן מיט פעדאַגאָגישער טעטיקייט.

שלמה מענדלעסאָן איז געווען דאָס האַרץ, די נשמה פון דער צענט־ראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אין פאַרלויף פון 20 יאָר, ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָל אין לעבן פון די יידישע מאַסן אין פּוילן און אין קאַמף פאַר אַ יידיש־וועלטלעכער דערציונג.

צום 10־טן יאָרצייט פון שלמה מענדעלסאָן ווערט דאָ געבראַכט אַ קאַפּיטל, וואָס שפּיגלט אָפּ די באַציונג פון דער יידישער געזעלשאַפט אין פאַרמלחמהדיקן פוילן צו דער אַרבעט פון "צישאָ".

"צישאָ"־שול איז געווען אַן אויסדרוק פון די קעמפנדיקע יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן. זי האָט אַקומולירט סיי די סאָציאַלע שטימונגען, האָ־פענונגען און קאַמפן פאַר דער דאָזיקער מאַסע. דאָס איז געווען אַ גרויסער היסטאָרישער פאַרמעסט צו שאַפן נייע, וועלטלעכע פאָרמען פון יידישן לעבן..."

(פון שלמה מענדעלסאָנס פאָררעדע צו ש. קאַזשדאַנס בוך "געשיכטע פון יידישן שול־וועזן אין פוילן).

די צענטראַלע שול־אָרגאַניזאַציע האָט במשך אַלע יאָרן פון איר עקזיסטענץ שטאַרק געראַנגלט זיך מיט מאַטעריעלע שוועריקייטן. דורך אירע שליחים האָט די "צישאָ", פון צייט צו צייט, אַפּעלירט נאָך הילף צו אירע אָנהענגער אין אויסלאַנד. אין פוילן גופא האָט "צישאָ" שטענדיק דורכגעפירט זאַמל־אַקציעס. צו דעם צוועק האָבן באַפּולמעכטיקטע באַזוכט יעדעס יאָר פיל צענדליקער גרעסערע און קלענערע שטעט אין פוילן.

במשך פון די לעצטע יאָרן פאַר דער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1939, האָב איך געפירט די אַרבעט אין שליחות פון "ציש״אָ". די באַזוכן אין לאַנד האָבן נישט געהאַט די אויפגאַבע פון בלויז געלט־זאַמלונגען. אַ באַזוך פון אַ "ציש״אָ"־שליח איז געווען פאַרבונדן מיט פּראָפּאַגירן די אידייען פון יידיש־וועלטלעכער דערציונג, יידישע קולטור, באַקענען די יידישע מאַסן מיט דער טעטיקייט פון "ציש״אָ"; מיט די אַלע שוועריקייטן, וואָס די שול־אָרגאַניזאַציע מאַכט דורך אין איר טאָג־טעגלעכער אַרבעט.

דער באַזוך פון אַ פאָרשטייער פון "ציש״אָ" איז אָפּטמאָל געווען פאַר־בונדן מיט אַן אינטערווענץ ביי די אָרטיקע מלוכהשע שול־אָרגאַנען אין שייכות מיט די שטענדיקע רדיפות אויף אונדזערע שולן, אויך אינטערווענצן ביי דער אָרטיקער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט צוליב די שוועריקייטן, וועלכע זענען געמאַכט געוואָרן פאַר אונדזערע אָרטיקע אָפּטיילונגען.

די לעצטע יאָרן, פאַר דער מלחמה, פּאַראַלעל מיט אָט די אַלע רדיפות און פאַרשידענע שוועריקייטן, האָט "ציש״אָ" געהאַט צו פאַרצייכענען די פריידיקע דערשיינונג, וואָס אין פיל שטעט האָבן אונדזערע איבערגעגע־בענע פריינד געשאַפן אַ נעץ פון נייע פרעבל־שולן, אָוונט־שולן און אין אייניקע שטעט זענען אונטערגענומען געוואָרן שריט צו פאַרוואַנדלען די אָוונט־שולן אין טאָג־שולן.

די יידישע אַרבעטער־ און פאָלקס־מאַסן האָבן ווירדיק פאַרטיידיקט זייערע פּאָזיציעס אויפן געביט פון יידיש־וועלטלעכער דערציונג, זיי האָבן געשאַפן נייע פּאָזיציעס.

* *
*

ביי די עקזיסטירנדיקע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען אין יענעם פּעריאָד, אין רעאַקציאָנערן פּוילן, ווי אַזוי האָט די יידישע געזעל־שאַפט אין לאַנד רעאַגירט, וויאַזוי האָט זי זיך אָפּגערופן אויף דער אַרבעט פון "ציש״אָ"?

ווען מיר זאָלן די אָפיציעלע שול־מאַכט, די אַלע רעגירונגס־אָרגאַנען, וועלכע האָבן געהאַט די אויפזיכט איבער אונדזערע שולן, פאַררעכענען צו דער קאַטעגאָריע אויסערלעכע שונאים, האָט די "ציש״אָ" אויך געהאַט

אינערלעכע שונאים. אָבער עס איז איצט נישט אונדזער אויפגאַבע צו רעדן וועגן די אויסערלעכע שונאים. אויף די פאָדערשטע פּאָזיציעס אין קאַמף קעגן "ציש״אָ" איז שטענדיק געשטאַנען דער ציוניזם. געטריי זיינע טראַדיציעס, האָט דער ציוניזם געטאָן אַלץ וואָס מעגלעך, בכדי אונדז אָפּצושוואַכן. דאָס איז געווען די אָפּיציעלע שטעלונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

אָבער אויף די ערטער האָט דאָס אויסגעזען אַביסל אַנדערש. געוויסע פּראָמינענטע ציוניסטישע טוער אין לאַנד האָבן זיך גערן באַטייליקט אין די געלט־אַקציעס פאַר אונדזער שול־באַוועגונג.

זייער אָפט זענען די באַשטייערונגען פון ציוניסטישע טוער געווען גאַנץ אַנזעעוודיקע. זיי האָבן זיך באַטייליקט אין די אַקציעס פאַר "ציש״אָ" נישט דערפאַר וואָס מען דאַרף געבן אויף "יעדן יידישן צוועק", ניין, דאָס איז בדרך־כלל געקומען אַלס רעזולטאַט פון אָנערקענונג און פולן רעספּעקט פאַר דער אַרבעט און קאַמף, וואָס "ציש״אָ" האָט געפירט. דאָס איז זייער אָפט געבראַכט געוואָרן צום אויסדרוק אין די געשפּרעכן מיטן שליח פון "ציש״אָ", טראָצדעם וואָס בעת די געשפּרעכן איז דער ציוניזם גאָרנישט געשאַנעוועט געוואָרן דורך דעם שליח פון "ציש״אָ".

אויף אַ סך ציוניסטן אין דער פּראָווינץ האָט קאָנטיק נישט שטענדיק געווירקט דער סם, וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרן דורך דער ציוניסטישער אָנפירונג אין פּוילן.

מען וואָלט דאָס געקאָנט אילוסטרירן מיט זייער אינטערעסאַנטע פאַקטן וועגן די באַגעגענישן מיט פאַרשידענע ציוניסטישע טוער.

איך וועל ברענגען בלויז איינעם. איך געדענק דעם צוזאַמענטרעף מיטן פאָרזיצער פון דער יידישער קהילה אין לאָמזשע. פולע אָנערקענונג פאַר אונדזער אַרבעט און קאַמף, פאַר דעם מוט. ער באַטייליקט זיך מיט זיין באַשטייערונג, אָבער, נאָך צוליב איין מאָמענט: ער איז באַקאַנט מיט אַ לאַנגיאָריקן בונדיסט, אַ גרויסן אונטערנעמער, באַוווּנדערט דער פאָרזיצער פון דער לעמבערגער קהילה, יענעמס אַרבעט פאַרן "בונד", פאַר דער "ציש״אָ", פאַרשטאַרקט ביי אים נאָך מער די אָנערקענונג פאַר דער "ציש״אָ".

(געמיינט האָט ער דעם באַקאַנטן בונדישן טוער אין לאָמזשע, ביאַלי, אומגעבראַכט דורך די היטלעריסטן).

עס זענען געווען אָפטע פאַלן, ווען אַדאַנק דער אונטערשטיצונג פון די ציוניסטן האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצובאַקומען סובסידיעס פאַר די שולן אין אייניקע קהילות.

די יידישע קאָמוניסטן האָבן זייערע "פאַרדינסטן" אין דער הינזיכט פון באַשווערן דאָס לעבן פון אונדזערע שולן. אין די לעצטע פאַרמלחמה־יאָרן איז אויך ביי זיי געקומען אַ שטאַרקע ענדערונג אין זייער באַציונג צו דער "ציש"אָ". פון צייט צו צייט האָבן זיי אַפילו געשטיצט די אַקציעס פון "ציש"אָ", יעדנפאַלס נישט געשטערט. עס איז געווען אַ גרויסער דער־פאָלג דער פאַקט, וואָס די קאָמוניסטן האָבן מיר אין דעם זעלבן לאָמזשע געגעבן אַ מעגלעכקייט פון עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען אין זייערע פראָ־פעסיאָנעלע פאַריינען.

די יידישע אינטעליגענץ האָט זיך גאַנץ באַדייטנדיק באַטייליקט אין די געלט־אַקציעס פאַר דער "ציש"אָ". יידישע דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און אַנדערע פראָפעסיאָנאַלן האָבן אַרויסגעוויזן דעם גרעסטן אינטערעס צו אונדזער שול־באַוועגונג.

דער באַזוך פון "ציש"אָ"־שליח איז געווען פאַר זיי אַ מין אָפּפרישונג, דער באַזוך ביי זיי באַזונדער איז געוויינלעך געווען פאַרבונדן מיט אַ שמועס וועגן פאַרשידענע פּראָבלעמען, וואָס האָבן קיין דירעקטע שייכות מיט דער "ציש"אָ" נישט געהאַט.

זייער אָפט האָט דער יידישער פּראָפעסיאָנאַל געזוכט ביים שליח פון "ציש"אָ" אַן ענטפער אויף פאַרשידענע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע פּראָב־לעמען, וועלכע האָבן אים געמאַטערט שוין אין די שווערע יאָרן פאַרן וועלט־קריג.

די אויפנאַמע פון שליח איז געוויינלעך פאָרגעקומען אין קאַבינעט אויפן חשבון פון די קליענטן און פאַציענטן, וועלכע האָבן שעהן באַדאַרפט וואַרטן, וואָס האָט אָפט אַרויסגערופן אַ סך אומצופרידנקייט ביי זיי.

בעת די באַזוכן פון "ציש"אָ"־שליח האָט מען זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דער טעטיקייט פון "ציש"אָ", מיט יעדן טוער און פירער באַזונדער, אין

דער ערשטער ריי מיט מענדעלסאָנען. אָפטמאָל האָט זיך אַזאַ אַדוואָקאַט, אָדער דאָקטאָר געפילט אַנטוישט, אָדער גאָר אַפילו באַליידיקט, ווען דער שליח האָט דעם געשפּרעך געמוזט איבעררייסן, מען האָט דאָך באַדאַרפט באַזוכן פיל אַנדערע.

איך געדענק אַ באַזוך ערב דער מלחמה ביי דעם באַוווסטן אַדוואָקאַט לייב לאַנדוי אין לעמבערג. פאַר אַ צייטיקן איז געווען כמעט אוממעגלעך צו אים אָנצוקומען, פאַר דעם אַדוואָקאַטס געהילפן איז נישט געווען פאַרשטענדלעך מיט וואָס פאַרא מין "ספּראַווע" בין איך געקומען, ווען לאַנדוי האָט איבערגעלאָזט אַלע קליענטן. דער לאַנגער שמועס איז פאַר דעם גרויסן אַדוואָקאַט און שאַרפן מוח געווען אַ מין אָפּרו פון דער טאָג־טעגלעכער אַדוואָקאַטישער אַרבעט. עס איז אַוועק אַ שמועס וועגן "צישאָ", וועגן די טוער פון "צישאָ", וועגן דער שווערער פּאָליטישער סיטואַציע אויף דער וועלט. אַזעלכע אויפנאַמעס און באַגעגענישן האָט אַ שליח פון "צישאָ" געקאָנט פאַרצייכענען אַ סך.

די יידישע דיפּלאָמירטע אינטעליגענץ האָט גאַנץ אַקטיוו זיך באַטייליקט אין די אַקציעס פאַר "צישאָ". שטאַרק איז געווען דער אָנזען פון "צישאָ" צווישן דער יידישער אינטעליגענץ.

דער ערשטער און וויכטיקסטער אַדרעס צו וועמען די "צישאָ"־שליחים אין לאַנד האָבן זיך געווענדט אין אַלע אַקציעס, זענען געווען די בונדישע אָרגאַניזאַציעס. די בונדיסטן זענען עס געווען די, וואָס האָבן אויף זייערע פּלייצעס אויסגעטראָגן אַלע שוועריקייטן פון אונדזער שול־באַוועגונג.

איך גלייב קוים, צי אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן איז געווען נאָך אַוועלכע נישט איז אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך געקאָנט איבערנעמען מיט אַזאַ געטרייען און איבערגעגעבענעם אַקטיוו, ווי די "צישאָ" מיט אירע טויזנטער פריינד און סימפּאַטיקער.

עס פעלן די פּאַסיקע ווערטער צו ברענגען צום אויסדרוק די געפילן וואָס באַהערשן דיך, ווען מען דערמאָנט זיך אָט די אַלע בונדיסטן, אָט די דיפּלאָמירטע אינטעליגענץ און פיל אַנדערע מיט מסירות־נפש איבערגעגעבענע דער זאַך פון יידיש־וועלטלעכער דערציונג.

# ייִדיש־היסטאָרישער אינסטיטוט אין פּוילן און "יד ושם"

ווען דער צענטראַל־קאָמיטעט פון די ייִדן אין פּוילן, די רעפּרעזענטאַנץ פון די פּוילישע ייִדן נאָך דער מלחמה, האָט געשאַפן אַ היסטאָרישע קאָמיסיע, דערנאָך פאַרוואַנדלט די קאָמיסיע אין אַ היסטאָרישן אינסטיטוט, איז דאָס געווען אַ נויטווענדיקייט.

די היסטאָרישע קאָמיסיע, שפּעטער דער אינסטיטוט, האָט געהאַט די אויפגאַבע צו זאַמלען אַלע מעגלעכע מאַטעריאַלן וועגן דעם אומגעבראַכטן פּוילישן און מזרח־אייראָפּעישן ייִדנטום, צו פאַראייביקן די קדושה און גבורה פון די ייִדן אין די געטאָס, אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. דער אינסטיטוט איז טאַקע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זאַמלפּונקט פון די וויכטיקסטע היסטאָרישע מאַטעריאַלן.

עס דערמאָנט זיך מיר, אַז בעת זיין באַזוך אין פּוילן, גלייך נאָך דער מלחמה, האָט יעקב פּאַט, אין נאָמען פון ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט, אָסיגנירט אַ באַדייטנדיקע סומע אויף אויסצוגראָבן דעם רינגעלבלום־אַרכיוו, די פּראָטאָקאָלן און פאַרצייכענונגען, וואָס ד"ר רינגעלבלום האָט געפירט, אין אונטערערד וועגן אַלע וויכטיקע געשעענישן אין וואַרשעווער געטאָ.

איך מיין, אַז איך מאַך נישט קיין טעות, דער אָפּמאַך איז געווען, אַז פון אַלע רינגעלבלום־דאָקומענטן ווערן אַריבערגעשיקט קאָפּיעס צום אַרבעטער־קאָמיטעט. דער רינגעלבלום־אַרכיוו איז געוואָרן אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל פון היסטאָרישן אינסטיטוט. דער אינסטיטוט האָט דעם אָפּמאַך מיטן ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט נישט געהאַלטן.

איך געדענק דעם טאָג ווען מען האָט געבראַכט דעם אויסגעגראָבענעם אַרכיוו. בעת דער פּאַכמענישער פּערסאָנאַל האָט געזאָרגט פאַר אָפּהיטן און ברענגען דעם מאַטעריאַל אין אָרדענונג. נאָכן אָפּליגן יאָרן אונטער די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ, האָבן די אָנפירנדיקע ייִדישע קאָמוניסטן גלייך אָנגענומען אַלע מעגלעכע שריט, אַז די דאָקומענטן זאָלן נישט ווערן

צוטריטלעך פֿאַר יעדן איינעם. דער אינהאַלט זאָל נישט קומען אין דער עפֿנטלעכקייט, פֿריער ווי זיי וועלן דאָס נישט אַקצעפּטירן.

אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט זיך שוין דער היסטאָרישער אינסטיטוט אין וואַרשע, פּונקט ווי אַלע איבעריקע יידישע אינסטיטוציעס, געפֿונען אונטער דער פֿאַרוואַלטונג פֿון די יידישע קאָמוניסטן. דער אינסטיטוט — אונטער דער אָנפֿירערשאַפֿט פֿון באַקאַנטן קאָמוניסט בערל מאַרק. די געזאַמלטע מאַטעריאַלן זענען געוואָרן אַ ווערקצייג אין די הענט פֿון די יידישע קאָמוניסטן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פֿעלשונג פֿון דער נישט ווייטער, אַזוי טרויעריקער פֿאַרגאַנגענהייט, — וועגן יידישן חורבן.

נאָך זייענדיק אין מאָסקווע האָט בערל מאַרק געשריבן וועגן אויפֿשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. מען קאָן זיך פֿאָרשטעלן, אַז אין רוסלאַנד האָבן די פּוילישע יידן נישט געקאָנט באַזיצן גענוג פֿאַקטן וועגן דער יידישער טראַגעדיע בעת דער מלחמה. דאָך האָט מען אין די קרייזן פֿון יידישן קאָמיטעט ביי דער הויפּט־פֿאַרוואַלטונג פֿון "פֿאַריין פֿון פּוילישע פּאַטריאָטן" אין מאָסקווע (דאָן די רעפּרעזענטאַנץ פֿון פּוילישן יידנטום אין רוסלאַנד) באַזעסן אַ שפּאָר ביסל מאַטעריאַלן וועגן אויפֿשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

ווען איך האָב זיך באַקענט מיטן אינהאַלט פֿון דעם וואָס בערל מאַרק האָט געשריבן, האָב איך טאַקע אין מאָסקווע אויסגעדריקט מיין פֿאַרוווּנדערונג וועגן די פֿאַקטן וואָס ער ברענגט, באַזונדערס די פֿאַקטן, וועלכע האָבן אַ שייכות צו דער הילף פֿון פּוילישן קאָמוניסטישן אונטערגרונט. ב. מאַרק האָט מיך פֿאַרזיכערט, אַז אַזוי איז טאַקע געווען. ער האָט געגעביע באַווייזן.

בערל מאַרק האָטווירקלעך גרויסע "פֿאַרדינסטן" אין "באַאַרבעטן" די געשיכטע פֿון יידישן חורבן. אין זיינע ווייטערדיקע אַרבעטן ווערט דער חלק פֿון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אינעם אויפֿשטאַנד פֿון וואַרשעווער געטאָ אַלץ באַדייטנדיקער און גרעסער. מיט דער צייט האָט ער אויך געבראַכט "באַווייזן" וועגן דער הילף פֿון דער רויטער אַרמיי פֿאַר די אויפֿשטענדלער.

דער אופֿן פֿון פֿעלשן די געשיכטע פֿון יידישן אומקום דורך די יידישע

קאָמוניסטן איז פאַר דער פרייער וועלט שוין נישט קיין נייעס. דאָס הייסט קאָמוניזם, און דאָס אַליין פאַרענטפערט שוין אַלץ. מען קאָן דאָך נישט זוכן ביי די קאָמוניסטן קיין אָנשטענדיקייט, פאַרלאַנגען פון זיי אָפּצוהיטן די הייליקסטע פּרינציפּן פון מענטשלעכקייט, זיי זאָלן נישט פאַרשוועכן דעם אָנדענק פון אונדזערע קדושים. זיי פּאַסן־צו די געשיכטע צו זייערע קאָמוניסטישע אינטערעסן.

* * *

די געשיכטע מיטן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע קומט אויפן געדאַנק אין שייכות מיט די געשעענישן אין "יד־ושם" אין ישראל.

"יד־ושם" אין ישראל האָט געהאַט די זעלבע אויפגאַבן וואָס דער היסטאָרישער אינסטיטוט אין פּוילן — זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן די געטאָס, וועגן די יידן אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג, אויף דער אַרישער זייט, אָנהאַלטן פאַר דער צוקונפט אין זכרון פון יידישן פאָלק, און פאַר אַלע פעלקער, וועגן דעם גרעסטן יידישן חורבן.

עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ פאַרשטענדיקונג מיטן "ייוואָ" אין ניו־יאָרק וועגן בשותפותדיקער אַרבעט. די אויסגאַבן פון "יד־ושם" ווערן געדעקט פון די דייטשע אַנטשעדיקונגס־געלטער. מיט "יד־ושם" האָט אָנגע־פירט דער געוועזענער בילדונגס־מיניסטער פון ישראל — בן־ציון דינור.

מיט אַ צייט צוריק זענען צו דער עפנטלעכקייט דערגאַנגען ידיעות וועגן גאָרנישט קיין סימפּאַטישע מעשים אין "יד־ושם". דער מלוכה־קאָנט־ראָלער פון ישראל האָט באַקומען די אויפגאַבע צו קאָנטראָלירן די טעטי־קייט פון "יד־ושם". זיין באַריכט איז געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַר דער אָנפירונג. די וויכטיקסטע אויפגאַבן, וואָס זענען געשטעלט געוואָרן פאַר "יד־ושם" זענען פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן. מיטאַרבעטער מיט דערפאַרונג אויף דעם געביט זענען שלעכט באַהאַנדלט געוואָרן, אָדער גאָר באַזייטיקט געוואָרן.

דאַן איז אויך געקומען אַן עפנטלעכע דערקלערונג פון אַ ריי מיטאַר־בעטער פון "יד־ושם", אַז נאָך 5 יאָר עקזיסטענץ האָט "יד־ושם" נישט געפירט קיין סיסטעמאַטישע אַרבעט, עס איז נישט געווען קיין פּלאַן פאַר

די נאָענטסטע אויפגאַבן, אַז אין שפּיץ פון "יד־ושם" שטייען מענטשן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שום שייכות צו די אויפשטאַנדן און די געטאָס. אויך איצט האָבן זיי נישט קיין צייט און געגוג אינטערעס פאַר די דאָזיקע ענינים, אַז די מיטלען פון "יד־ושם" ווערן אויסגענוצט פאַר צוועקן, וואָס האָבן מיט די אינטערעסן פון "יד־ושם" קיין שום שייכות נישט.

די באַקאַנטע שרייבערין רחל אויערבאַך, וועלכע האָט אַליין מיטגע־מאַכט די גרוילן פון דער דייטשער אָקופּאַציע, אַ מיטאַרבעטערין פון "יד־ושם", וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער אָפּטיילונג פון גביית־עדות און אויף דעם געביט באַוויזן דורכצופירן אַ קאָלאָסאַלע אַרבעט וועגן חורבן אין 15 לענדער, האָט דערקלערט, אַז אין דעם וויכטיקסטן מאָמענט פון איר אַרבעט איז זי געווען געצוווּנגען אירע פונקציעס איבערצוגעבן אין די הענט פון אַ סטודענט פון ערשטן יאָר אין אוניווערזיטעט". די געשעענישן אין און אַרום "יד־ושם" האָבן געהאַט אַ טיפן אָפּקלאַנג אין דער יידישער געזעל־שאַפט פון גאָר דער וועלט.

שטעלט זיך די פראַגע, וויאַזוי קאָן אַזעלכעס געשען? עס קאָנען געשען פאַלן פון געלט־מיסברויכן דורך נישט־אָרנטלעכע מענטשן; עס קאָן זיין אַ פאַרנאַכלעסיקונג אין דער אַרבעט, אָבער אין פאַל "יד־ושם" איז נישט בלויז דאָס.

די גאַנצע איינשטעלונג פון דער פירערשאַפט אין "יד־ושם" איז נישט געגאַנגען אין דער ריכטונג כדי צו האַלטן "וואַך דעם זכרון פון פאָלק וועגן דעם גרויסן חורבן, כדי פון אַש אַרויסצונעמען פייער פאַר אונדזער דור און פאַר די קומענדיקע דורות".

די איינשטעלונג פון דער פירערשאַפט פון "יד־ושם" איז געווען ווייט פון די אייגנטלעכע אויפגאַבן פאַר וועלכע מען האָט געשאַפן די אינסטי־טוציע, אויף וועלכער עס זענען פאַרוועגדט געוואָרן מיליאָנען דאָלאַרן.

די פירער האָבן געוואָלט פאַרוואַנדלען "יד־ושם" אין אַ נעבעכדיקער צוטשעפּעניש צו איינער פון די אוניווערזיטעט־קאַטעדרעס, אויסנוצן די מיטלען פון "יד־ושם" פאַר צוועקן, וואָס זענען נענטער צו זייערע הערצער.

און ווידער דאָס זעלבע: וויאַזוי האָט דאָס געקאָנט געשען?

דער ענטפער קאָן זיין בלויז איינער: אַזעלכעס האָט געקאָנט געשען

נאָר אין רעזולטאַט פון דער פאַראַכטונג צו אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו די יידן אויסערהאַלב מדינת ישראל. נאַטירלעך אַחוץ די מיליאָנען דאָלאַרן, וואָס ווערן ביי זיי געזאַמלט — אָן איינשטעלונג אויסצומיידן אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיטן גלות, מיט די תפוצות.

פאַר די פירער פון דער ישראל־מדינה עקזיסטירט נישט דאָס אַלץ וואָס די יידן אין גלות האָבן געשאַפן, עס פאַרנעמט נישט קיין גרויס אָרט אין די מוחות פון די פירער אויך דער גרויסער קרבן פון יידישן פאָלק. נאָר אַזוי אַרום קאָן אויסגעטייטשט ווערן די איינשטעלונג פון "יד־ושם".

עס שטעלט זיך אויך די פראַגע: צי וועט איצט די יידישע געזעלשאַפט מאַכן דערפון די נייטיקע אויספירן? אין דער ערשטער ריי דער "ייוואָ"?

# גירוש רומעניע און די יידישע געזעלשאַפט

עס איז שוין קיין סוד נישט. די יידן פון רומעניע ווערן אַרויסגעשיקט פון לאַנד.

אויף די זיצונגען פון פרעזידענטן־קלוב פון די יידישע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך אויף די זיצונגען פון "באָאַרד אָוו דירעקטאָרס" פון דער קליימס־קאָנפערענץ איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז: "נישט מען האָט דערלויבט די יידן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, נאָר פאַקטיש ווערן זיי פון לאַנד אַרויסגעשיקט. פאַספאָרטן ווערן אַרויסגעגעבן נישט נאָר פאַר יידן וואָס ווענדן זיך וועגן דעם, נאָר פאַקטיש צו יעדן ייד. ער דאַרף גאָרנישט קומען נאָך זיי, זיי ווערן אים צוגעשיקט אַהיים. דער ישראל־קאָנסול אין רומעניע דאַרף שטעלן אַ שטעמפּל, אַז דער געגעבענער ייד וועט אַריינגע־לאָזט ווערן קיין ישראל".

די וואָס האָבן באַקומען די וויזעס, דאַרפן, צי זיי ווילן יאָ, צי זיי ווילן נישט, תיכף צושטעלן דאָקומענטן, אַז זיי האָבן געבראַכט זייער וווינונג אין אָרדענונג, אַז אַן אַנדערער זאָל זיך קאָנען דאָרט אַריינציען און זי איבערגעגעבן אין רשות פון דער געהעריקער מאַכט.

דאָס ברענגען אין אָרדענונג די וווינונג איז, פאַרשטייט זיך, פאַרבונדן מיט גאַנץ ערנסטע הוצאות, וואָס די יידן מוזן אַליין דעקן. זיי מוזן אויך

קויפן ספּעציעלע קעסטלעך צו פּאַקן זייערע זאַכן, ווייל אין אַנדערע טאָרן זיי נישט פּאַקן. פאַר יעדן קעסטל מוזן זיי באַצאָלן אַ גאַנץ היפשן פּרייז דער רומענישער רעגירונג.

מיר זענען אַלע געגוג באַקאַנט מיט דער לאַגע פון די יידן אונטער דעם אייזערנעם פאָרהאַנג. אונדז זענען נאָענט די געפילן און שטרעבונגען זייערע — זיך אַרויסצובאַקומען אויף דער פרייער וועלט. די יידישע געזעלשאַפט אין אַמעריקע דאַרף אָנווענדן אַלע מעגלעכע מיטלען, בכדי בייהילפיק זיין די יידן, וואָס ווילן פאַרלאָזן יענע לענדער.

אומאָפּהענגיק פון דעם ווער און וואָס האָט באַווירקט די רומענישע רעגירונג זאָל אַרויסלאָזן די יידן, בלייבט דער פאַקט, אַז די יידן ווערן פון דאָרט פאַרטריבן. אין נאָמען פון וואָס פאַרא פּרינציפּן ווערט אָט דער ברוטאַלער אַקט פון דער קאָמוניסטישער רעגירונג אין רומעניע פאַרשוויגן פאַר דער ברייטער עפנטלעכקייט ?

פאַרוואָס איז נישט נייטיק צו פּראָטעסטירן קעגן אַזאַ מין פאַרגוואַלדיקונג ? פאַרוואָס זאָל די ברייטע יידישע און נישט־יידישע עפנטלעכקייט נישט וויסן וועגן דעם ? פאַרוואָס ? ווייל דאָס ליגט אין די אינטערעסן פון וועלט־ציוניזם ? פון קיבוץ־גלויות ?

מיר שאַפן זיך נישט קיין אילוזיעס, אַז אונדזערע פּראָטעסטן וועלן טאַקע ווירקן אויף דער קאָמוניסטישער רעגירונג אין רומעניע, אָבער וויאַזוי קאָן מען איבערגיין צו דער טאָג־אָרדענונג איבער אַזאַ אַקט ?

פון די זעלבע קוועלן קומט אויך אָן אַ ידיעה, אַז "ווי עס זעט אויס, וועלן פון די 40 טויזנט יידן, וואָס געפינען זיך היינט אין פּוילן, צוזאַמען מיט די לעצטנס רעפּאַטריאירטע, אָנהייבנדיק פון אַפּריל־מאַי, היינטיקס יאָר — אַרום 25 טויזנט יידן דאַרפן עמיגרירן. עס זאָל דאָרט פאַרקומען עפּעס ענלעכעס, ווי אין רומעניע".

טאָ וואָס מיינען די באַרופענע, אָדער נישט־באַרופענע פּרעזידענטן פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע ? דאַרף מען טאַקע נישט פּראָטעסטירן ?

אויב די פּראָטעסטן וואָלטן נישט געבראַכט די געהעריקע רעזולטאַטן אין רומעניע, צי מיינען נישט די יידישע "פירער־פּרעזידענטן", אַז אָט די

פּראָטעסטן וואָלטן געקאָנט באַווירקן די קאָמוניסטישע רעגירונג אין פּוילן? איז דאָך באַקאַנט, אַז גאָמולקאַ פּאָלגט נישט אַלעמאָל דאָס, וואָס כרושטשאָוו באַפעלט אים, אַז אין די אינטערעסן פון דער קאָמוניסטישער רעגירונג אין פּוילן איז היינט צוטאָג — נישט אינגאַנצן איינרייסן מיט אַמעריקע צוליב אַ ריי סיבות פון עקאָנאָמישן כאַראַקטער.

צי מיינען נישט די יידישע פירער, אַז געהעריקע פּראָטעסטן קעגן דעם גירוש רומעניע קאָן לכל הפּחות אָפּשוואַכן דעם גירוש פּוילן?

ביי דעם אַלעמען שטעלט זיך אויך אַ פראַגע: צי דאַרפן מיר טאַקע זיין אַזוי צופרידן ווען עס ווערן ליקווידירט די יידישע ישובים אין מזרח־אייראָפּע, און מאַכן אויספירונגען — יידן, עס געשעט אַ נס און... דער־לאַנגט די פרישע מיליאָנען דאָלאַרן פאַר דעם צוועק, און צוליב דעם זענען זיך צוזאַמענגעפאָרן קיין אַמעריקע צענדליקער פירנדיקע פּערזענלעכקייטן פון מדינת ישראל?

און אויב די עמיגראַציע פון די לענדער פון אונטער דעם אייזערנעם פאָרהאַנג וועט אָנגיין, פאַרוואָס מוזן טאַקע די יידן גיין בלויז קיין מדינת ישראל?

דער הויפּט־דירעקטאָר פון דער יידישער אַגענטור אין ירושלים א. האַרמאַן, האָט בעת זיין באַזוך אין אַמעריקע, אויף דער פראַגע: "צי אַנדערש גיבן זיי נישט קיין וויזעס?" — געענטפערט, אַז אַזאַ תנאי שטעלט נישט די רומענישע רעגירונג. אָבער כדי צו באַקומען די אַרויספאָר־וויזע מוז מען צושטעלן אַ דאָקומענט, אַז מען האָט אַ וויזע אַריינצוקומען אין וועלכן עס איז לאַנד".

מיר גיבן זיך אָפּ אַ חשבון, אַז באַקומען וויזעס אין אַנדערע לענדער איז נישט קיין לייכטער ענין, אָבער קודם כל מוז דאָך קומען די איינשטע־לונג פון די יידישע פירער, אַז עס איז דרינגענד נייטיק צו מאַכן אַן אַליאַרם וועגן אַריינלאָזן די יידן אין אַנדערע לענדער אויך. אַזעלכעס איז דאָך געטאָן געוואָרן פאַר די אונגאַרישע יידן. אַגב, זענען זיי צום ווייניקסטן געפאָרן קיין ישראל. פאַרוואָס קאָן מען נישט שאַפן אַזאַ ענלעכע סיטואַציע אויך איצט?

וואָס פאַראַ אויפגאַבן שטעלט זיך דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט

אין אָנבליק פון דער געשאַפענער סיטואַציע ?

מיר ווייסן, אַז דער אַרבעטער־קאָמיטעט פילט אויף זיך די אַחריות און ער וועט אויף זיכער אויפנעמען די ענינים. ביי דער געלעגנהייט אָבער מוזן מיר זאָגן, אַז מען קאָן נישט זיין אַזוי צופרידן פון דער ענגער צוזאַמענאַרבעט פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט מיטן אַ״ג פּרעזידענטן־קלוב, וועמענס טעטיקייט גייט אין דער ריכטונג צו שיקן די יידן בלויז קיין ישראל.

מיר האָבן אַ גרונד צו מיינען, אַז דער אַרבעטער־קאָמיטעט קאָן אויף דעם געביט פון שאַפן אַ מעגלעכקייט אַריינצופאָרן אין אַנדערע לענדער אַ סך אויפטאָן. מיר גלייבן, אַז אייניקע רעגירונגען אין די סקאַנדינאַווישע לענדער וואָלטן אַנטקעגנגעקומען די ווענדונגען פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, וועלכער וואָלט געקאָנט באַקומען וויזעס אַהין פאַר אַ געוויסן טייל יידן, ספּעציעל פון פּוילן. עס איז נישט אינגאַנצן אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט פאַר וויזעס קיין קאַנאַדע און אויסטראַליע. אין דער דאָזיקער ריכטונג מוז קומען די געהעריקע איינשטעלונג.

# נעגער־רעוואָלט אין אַמעריקע

ביז דאָס געשריבענע וועט קומען אויף די שפּאַלטן פון דער פּרעסע וועלן אויף זיכער פאָרקומען ענדערונגען לטובת די נעגער אין אַמעריקע. אין צווישנצייט וועלן די געזעצגעבערישע פאַקטאָרן אפשר אָננעמען דאָס געזעץ וועגן אַנטידיסקרימינאַציע, וואָס דער פּרעזידענט קענעדי האָט אַריינגעטראָגן. מען קאָן זיך פאָרשטעלן, אַז דאָס געזעץ וועט אַרויס היפּש אַרומגעשניטן און פאַרקריפּלט.

די קעגנער פון גלייכבאַרעכטיקונג פאַר די נעגער זענען גרויס אין צאָל און שטאַרק אין איינפלוס אין קאָנגרעס און אין סענאַט. ענדערונגען לטובת די נעגער וועלן קומען פּאַראַלעל, אויך אין רעזולטאַט פון זייער אומאויפהערלעכן קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטיקונג אויף אַלע געביטן.

דער הויכפּונקט פונעם נעגער־רעוואָלט איז געווען דער מאַרש קיין וואַשינגטאָן, מיט העכער צוויי הונדערט טויזנט באַטייליקטע, דערונטער אַרום צוואַנציק טויזנט ווייסע.

עס איז געווען אַ געפאַר, אַז דער מאַרש זאָל באַאײַנפלוסט ווערן דורך אומפאַראַנטוואָרטלעכע עלעמענטן אין די נעגער־רייען. ערב דעם מאַרש זענען געווען אַזעלכע סימנים, ווען אין לאַנד האָט זיך געפילט, אַז אַזעלכע עלעמענטן באַהערשן אָפּט די לאַגע און שפּילן אויף די נידעריקסטע אינ־סטינקטן פון טייל נעגער, באַזונדערס צווישן דער יוגנט.

דער מאַרש אויף וואַשינגטאָן האָט באַוויזן, אַז די נעגער־באַוועגונג ווערט געפירט דורך די באַקאַנטע און אויסגעפּרוווטע נעגער־פירער, ווי למשל, לוטער קינג, ווילקינס און אַנדערע. דער מאַרש וועט אָבער וואָר־שיינלעך נישט ווירקן אויף די קאָנגרעס־לייט און סענאַטאָרן ווען עס וועט קומען צו דער אָפּשטימונג איבערן געזעץ־פּראָיעקט פון פּרעזידענט.

* * *

די געשיכטע פון רעוואָלוציעס ווייסט צו דערציילן, אַז עס קומט אַלעמאָל צו אַ הויכפּונקט, ווען די כוואַליעס, ווי פון אַ צעשטורעמטן ים צעגיסן זיך איבער די ברעגן. עס קומט דאַן דער צופלוס. עס איז אָבער אויך אַ נאַטור־געזעץ, אַז עס קומט דער אָפּפלוס, די וואַסערן קומען צוריק אין די ברעגעס.

דער מאַרש אויף וואַשינגטאָן איז געווען דער הויכפּונקט, דער צופלוס. איצט קומט דער אָפּפלוס. עס מוז קומען אַ באַרויקונג. דער ווייטערדיקער קאַמף פון די נעגער מוז און האָפנטלעך וועט ער אָננעמען מער רויקע פאָרמען.

אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן קאָן דאָס לאַנד נישט אָנגיין אין אַ צו־שטאַנד פון רעוואָלט מצד אַ באַפעלקערונג פון 20 מיליאָן. ווערן דאָך די נעגער־קינדער אויך אַרייַנגעשלעפּט אין די קאַמפן. עס קאָן קומען אַ קעגנ־רעוואָלט מצד די ווייסע. מען קאָן זאָגן מיט זיכערקייט, אַז די נעגער־פירער גיבן זיך אָפּ אַ רעכענונג פון דער פּאָקטישער לאַגע און שטימונגען אין לאַנד.

* * *

וואָס זענען די וויכטיקסטע פאָדערונגען פון די נעגער ?

1) שול־אינטעגראַציע. זייערע קינדער זאָלן קאָנען פריי און אומגע־שטערט גייניסן פון בילדונג צוגלייך מיט די ווייסע קינדער. מאַכן אַ סוף מיט באַזונדערע שולן פאַר די נעגער־קינדער.

2) די נעגער זאָלן האָבן די מעגלעכקייט פריי און אומגעשטערט צו באַזעצן זיך אין אַלע געביטן. אויס מיט די געטאָס פאַר שוואַרצע.

3) קעגן דיסקרימינאַציע אויפן אַרבעטס־פּלאַץ.

4) גלייכבאַרעכטיקונג פון באַטייליקן זיך אין די וואַלן, ספּעציעל אין די דרום־שטאַטן.

5) דעסעגרעגאַציע פון עפנטלעכע פּלעצער. דאָס מיינט, די נעגער זאָלן גייניסן צוגלייך מיט דער איבעריקער באַפעלקערונג פון רעסטאָראַנען, האָטעלן אד"גל.

* *
*

ווי זעט אויס דיווירקלעכקייט אין טאָג־טעגלעכן לעבן אין די שטאַטן, אין שייכות מיט די פאָדערונגען פון די נעגער?

שול־אינטעגראַציע. — ווי באַקאַנט, ווערט בדרך כלל אין די שטאַטן אָנגעהאַלטן פאָלגנדיקער סיסטעם: די קינדער ווערן צוגעטיילט צו אַ באַ־שטימטער שול אין דער געגנט וווּ זיי וווינען. געוויינלעך וווינען די נעגער אין קאָמפּאַקטע מאַסן, במילא זענען די נעגער־קינדער די מערהייט אין די שולן פון זייערע געגנטן.

לויטן געזעץ פון יאָר 1954 איז די שול־אינטעגראַציע איינגעפירט גע־וואָרן אין פולן פאַרנעם אין וואַשינגטאָן. אַלע פאָלקס־שולן זענען געוואָרן צוטריטלעך אויך פאַר די נעגער. וואָס פאַראַ סיטואַציע האָט זיך געשאַפן? אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט זענען 85 פּראָצענט פון אַלע שילער — נעגער־קינדער.

ווי אַזוי איז דאָס געשען? זייער פּשוט — די ווייסע קינדער זענען אַוועק, די ווייסע באַפעלקערונג האָט זיך אַריבערגעצויגן אין אַנדערע געגנטן, מערסטנטייל אין די פאָרשטעט.

דאָס איז אַ נאָרמאַלע דערשיינונג אין אַמעריקע נישט נאָר אין באַציונג צו די נעגער. עס איז אַ פאַקט. פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן וווינען אין די

געטאָס, אין אַ גרויסער מאָס זענען דאָס פרייוויליקע געטאָס. וועגן דעם וועט אויסקומען צו רעדן ווייטער.

אין ניו־יאָרק, למשל, ווו עס וווינען הונדערטער טויזנטער פּאָרטאָרי־קאַנער אין געוויסע געגנטן אין קאָמפּאַקטע מאַסן, זענען במילא די שולן מיט אַ מערהייט פון פּאָרטאָריקאַנער קינדער.

אין באָסטאָן, למשל, זענען אין אַ ריי שולן די מערהייט קינדער איטאַ־ליענער. דאָס זעלבע אירלענדישע, וואָס סיי די איטאַליענער, סיי די אירלענ־דער וווינען אין באַזונדערע געגנטן אין קאָמפּאַקטע מאַסן, אָבער אין באָס־טאָן קומען נישט די איטאַליענער און די אירלענדער מיט טענות, אַז זייערע שולן זענען סעגרעגירט.

אין די שולן פון אַ ריי שטעט אין די צפון־שטאַטן פון אַמעריקע ווערט די סעגרעגאַציע פאַר די נעגער שטאַרקער. אויך דאָ איז די סיבה אַ פּשוטע —די נעגער פאַרלאָזן מאַסנווייז זייערע היימען אין די דרום־שטאַטן און באַזעצן זיך אין די צפונדיקע שטאַטן.

די נעגער־באַפעלקערונג וואַקסט זייער שנעל, אין די פאָלגנדיקע 4 גרויסע שטעט: ניו־יאָרק, וואַשינגטאָן, שיקאַגאָ, און פילאַדעלפיע. דאָרט דערגרייכט די צאָל נעגער־קינדער אין די פאָלקס־שולן פון 40—90 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל קינדער.

די פאָדערונגען פון די נעגער־אָרגאַניזאַציעס זענען: ענדערן דעם ביזאיצטיקן סיסטעם פון דיסטריקט־שולן. די דיסטריקטן זענען זייער אָפּט, באַזונדערס אין די דרום־שטאַטן, באַוווסטזיניק צוגעשניטן צום ערגערן פאַר די נעגער.

די נעגער פאָדערן דורכצופירן אינטעגראַציע אין די שולן אויף פאָלגנדיקן אופן: פירן די נעגער־קינדער מיט שטאָטישע טראַנספּאָר־טאַציע־מיטלען פון זייערע געגנטן אין די שולן פון די ווייסע, און פאַר־קערט — פירן די ווייסע קינדער אין די שולן פון די שוואַרצע געגנט, און אַזוי אַרום שאַפן אויף אַן אמת געמישטע שולן, אָבער צי וועט דאָס אין דער פּראַקטיק זיין אויסגעהאַלטן? קאָן מען דען צווינגען די עלטערן פון די ווייסע קינדער איינגיין אויף אַזעלכעס? דאָס קאָן אויף זיכער אַרויסרופן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד מצד דער ווייסער באַפעלקערונג.

אַ גאַנץ באַזונדער קאַפּיטל איז אין די דרום־שטאַטן. דאָרטן איז די באַציִונג צו די נעגער בכלל אַ ראַסיסטישע, במילא שפּיגלט זיך דאָס אָפּ אין דער ערשטער ריי אין די שולן.

אין די 11 דרום־שטאַטן מאַכט אויס די נעגער־באַפעלקערונג 50 פּראָצ. פון אַלע נעגער אין די שטאַטן, דאָס מיינט איבער 10 מיליאָן. אין די זעלבע 11 דרום־שטאַטן לערנען 7 מיליאָן מיט 647 טויזנט ווייסע קינדער אין באַזונדערע ווייסע שולן און צוויי מיליאָן מיט 803 טויזנט נעגער קינדער אין באַזונדערע שולן פאַר נעגער. 12.217 נעגער קינדער באַזוכן שולן צוזאַמען מיט ווייסע קינדער.

אַזוי זעט דאָס אויס נאָך 8 יאָר זינט דעם באַשלוס פון העכסטן געריכט צו פאַרענדיקן מיט סעגרעגירטע שולן.

ווי זעט דאָס אויס מיט די נעגער אין די הויכע לערן־אַנשטאַלטן? — פון די איבער 4 מיליאָן סטודענטן אין די שטאַטן זענען נאָענט צו 270 טויזנט נעגער. פון אָט דער צאָל באַזוכן 65 טויזנט — הויכשולן אויסשליס־לעך פאַר נעגער, מערסטנטייל אין די דרום־שטאַטן, ווו סעגרעגאַציע ווערט אָנגעהאַלטן לעגאַל. פאָדערן די נעגער, אַז ספּעציעל אין די דרום־שטאַטן זאָל געהעכערט ווערן דער ניוואָ פון זייער שולן. עס וועט זיין נישט גענוג ווען מען זאָל זיי געבן די מעגלעכקייט צו באַזוכן געמיינזאַמע שולן. אַזאַ באַשלוס וועט קיין גרויסן עפעקט נישט ברענגען, ווייל די נעגער ווינען ווייט פון יענע שולן, קומען במילא ווייטערדיקע און גערעכטע פאָדערונגען — געבן די נעגער אַ מעגלעכקייט פריי און אומגעשטערט צו באַזעצן זיך אין אַלע געגנטן, צוזאַמען מיט דער איבריקער באַפעלקערונג.

וווינונגס־פּראָבלעמען. — ווי שוין אויבן דערמאָנט, ווינען די נעגער, אין זייער ווייט גרעסטער מערהייט, קאָנצענטרירט אין געוויסע דיסטריקטן. אָט די דערשיינונג איז כאַראַקטעריסטיש אַלס כלל פאַר אַלע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. עס קומט פאַר אַ כסדרדיקע וואַנדערונג פון די שטעט אין די ״סאָבורבס״ (פאָרשטעט), מען וואַנדערט כסדר אין שטאָט גופא, פון איין געגנט אין אַ צווייטער, בעסער איינגע־אָרדנט. די נעגער וואַנדערן אויך. זיי ציען זיך איבער אין בעסערע געגנטן. עס איז זייער לייכט צו אָבסערווירן אין די שטעט, ווי די נעגער־באַפעלקע־

רונג רוקט זיך פון איר קאָנצענטראַציע צו די שכנותדיקע גאַסן, און עס שאַפן זיך נייע קאָנצענטראַציעס פון נעגער. אַזוי כסדר.

אין דערזעלבער צייט איז אויך לייכט צו אָבסערווירן, אַז מיטן קומען פון די נעגער אין אַ נייער געגנט, גייען אַוועק די ווייסע אין זייער ווייט גרעסטער מערהייט. אַזוי קריסטן, אַזוי יידן.

אָט די וואַנדערונגען איז צו באַמערקן אומעטום, אין אַלע שטעט אין די שטאַטן. קומען די נעגער — גייען אַוועק די ווייסע. קומען יידן אין אַ נייער, בעסערער געגנט, — גייען אַוועק די ווייסע. קומען יידן און מעקסיקאַנער, — גייען אַוועק די יידן, די קריסטן. אמת, עס זענען אויך דאָ געמישטע געגנטן, סיי בעסערע, סיי אָרעמע.

דעם שרייבער פון די שורות איז אויסגעקומען צו אָבסערווירן אַזעל־כעס אויך אין קאַנאַדע. דאָרטן איז נישטאָ קיין נעגער־פּראָבלעם. מאָנטרעאַל־פּראָווינץ, קוויבעק, איז דאָס זיך־אַרט פון די פראַנצויזישע קאַנאַדער.

ווען די פראַנצויזן האָבן אָנגעהויבן זיך באַזעצן אין בעסערע געגנטן, זענען די יידן פון דאָרטן אַוועק. זענען די יידן געקומען אין אַנדערע געגנטן — זענען פון דאָרטן אַוועק די קאַנאַדער. זענען אין די נייע יידישע געגנטן געקומען ניי־איינגעוואַנדערטע נאָך דער מלחמה אוקראַאינער און פּאָליאַקן, זענען די יידן ווידער אַוועק. אַזוי גייט אָן די וואַנדערונג כסדר.

מיט דער קראַפט פון אַ געזעץ, אויב אַזאַ געזעץ זאָל קומען, קאָן מען אפשר צווינגען דעם הויז־אייגנטימער פאַרדינגען אומגעשטערט אַ ווינונג פאַר אַ נעגער־פאַמיליע, אָבער ווער קאָן צווינגען די ווייסע שכנים בלייבן אין זעלבן הויז? צום באַדויערן זעט אַזוי אויס די ווירקלעכקייט אין טאָגטעגלעכן לעבן.

אין איינעם פון די וויכטיקסטע זשורנאַלן אין אַמעריקע "יו. עס. נויס ענד וואָרלד רעפּאָרט" איז דורכגעפירט געוואָרן אַן אינטערוויו מיט ד"ר אָסקאַר האַנדלין, פּראָפעסאָר פון געשיכטע און סאָציאָלאָגיע אין האַרוואַרד אוניווערזיטעט וועגן געטאָס אין אַמעריקע.

פּראָפ. האַנדלין גיט זיין דעפיניציע וועגן געטאָס אַזוי: "אַ געטאָ איז אַ קאָמיוניטי (קהילה) אין וועלכער מענטשן פון דער זעלבער עטנישער גרופּע לעבן צוזאַמען. אַ געטאָ היינט איז נישט די צוואַנגס־געטאָ אין מיטל־

אַלטער. אין יאָר 1963 קאָן קיין רייד נישט זיין וועגן צוואַנגס־געטאָס. אין לאָנג איילאַנד (ניו־יאָרק) קאָנסטו גלייך באַמערקן, אַז דאָ איז אַן איטאַליענישע געגנט. דאָרטן ווידער אַן אירלענדישע. און ווייטער — אַ יידישע געגנט.

אין די פאָרשטעט פון באָסטאָן און שיקאַגאָ איז דאָס־זעלבע בילד. די זעלבע דערשיינונג אויך ביי די נעגער: זיי ווינען צוזאַמען, נישט נאָר ווייל זיי מוזן, נאָר אויך ווייל זיי ווילן. אויף דעם ווירקן אַ ריי סאָציאַלע מאָמענטן. די קאַטוילישע באַפעלקערונג צ״ב באַמיט זיך צו באַזעצן נאָענט צום קלויסטער. דאָס זעלבע ביי יידן נאָענט צו דער סינאַגאָגע.

אויף דער פראַגע צי דאָס מיינט זעלבסט־סעגרעגאַציע, ענטפערט דער פּראָפעסאָר: דאָס מיינט נישט אַזוי, דאָס מיינט אָבער "פרייוויליקע געטאָס".

אַוודאי איז קלאָר, אַז דאָס אויסקלויבן פאָר זיך בעסערע ווױנונגס־באַדינגונגען, אַפילו צוזאַמען מיט דער אייגענער עטנישער גרופּע, איז אַלעמאָל צוטריטלעך נאָר פאַר די בעסער־סיטואירטע. ביי די נעגער איז די סיטואַציע פיל ערגער, זיי האָבן קלענערע מעגלעכקייטן אויסקלויבן זיך בעסערע וווינונגען, סיי צוליב מאַטעריעלע סיבות, און הויפּטזעכלעך צוליב דיסקרימינאַציע־מאָטיוון, מען לאָזט זיי אין בעסערע געגנטן נישט אַריין. אָבער ווי געזאָגט אויבן, אויך די נעגער באַוועגן זיך. דער פּראָצעס גייט אָן לאַנגזאַם, אָבער ער גייט אָן.

דיסקרימינאַציעס קעגן די נעגער ביי אַרבעט. עס אונטערליגט נישט קיין ספק, אַז די נעגער ווערן נישט צוגעלאָזט צו קיין בעסער־געצאָלטע באַשעפטיקונגען, וואָס פאָדערן מער קוואַליפיקאַציעס. אין דער זעלבער צייט פאָדערן זיך וואָס ווייטער אַלץ מער קוואַליפיקאַציעס.

אין רעזולטאַט פון פיל יאָרן דיסקרימינאַציע האָבן די נעגער נישט באַקומען גענוג בילדונג, במילא זענען זיי אין זייער ווייט־גרעסטער מערהייט האַלב, אָדער אינגאַנצן, נישט קוואַליפיצירטע אַרבעטער.

טראָץ אַלע דיסקרימינאַציעס, ווערט אבער וואָס ווייטער די צאָל נעגער באַשעפטיקטע בכלל, און ביי קוואַליפיצירטע אַרבעטן בפרט אַלץ מער.

די קענדי־אַדמיניסטראַציע טוט אַ סך אין דער ריכטונג אָפּצושוואַכן דיסקרימינאַציעס. אין דער ערשטער ריי פירט דאָס די רעגירונג דורך אין די מלוכה־אַמטן. 20 פּראָצ. פון אַלע באַשעפטיקטע אויף דער פּאָסט צ״ב זע־נען נעגער. אין אַזאַ ריזיקער שטאָט, ווי לאָס אַנדזשעלעס, זענען אויף 10 טויזנט באַשעפטיקטע אויף דער פּאָסט, 50 פּראָצ. נעגער, דאָס מיינט פינף טויזנט. דער פּאָסטמייסטער איז אַ נעגער. די צאָל באַשפטיקטע נעגער בכלל וואַקסט כסדר. מיט 30 יאָר צוריק זענען 72 פּראָצ. פון די אַרבעטנדי־קע נעגער געווען באַשעפטיקט אויף די פאַרמס און ביי נישט קוואַליפיצירטע אַרבעטן, היינט צוטאָג מאַכט די זעלבע קאַטעגאָריע אויס בלויז 32 פּראָ־צענט. די נעגער ווערן באַשעפטיקט ביי מער קוואַליפיצירטע און האַלב־קוואַליפיצירטע אַרבעטן, במילא קומען העכערע פאַרדינסטן. די פאַרדינסטן פון די נעגער גייען לאַנגזאַם, אָבער דאָך העכער. אוודאי זענען זייערע דורכשניטלעכע פאַרדינסטן פיל קלענער ווי ביי די ווייסע.

די נעגער וואָס מאַכן אויס 11 פּראָצ. פון דער באַפעלקערונג, האַלטן אָן 13 פּראָצ. פון אַלע פעדעראַלע (מלוכהשע) אמטן. די רעגירונג פּרעסט און דרוקט אויף די אונטערנעמער וועלכע פירן אויס אַרבעטן פאַר דער רעגירונג, אַז זיי זאָלן באַשעפטיקן נעגער. אין דער צווייטער העלפט פון יאָר 1962 זענען אין 65 אַזעלכע אונטערנעמונגען, אויף 50 טויזנט אַרבעטער־געווען באַשעפטיקט 23 פּראָצענט נעגער.

אַ גרויסער טייל פון נעגער, וואָס רעפלעקטירן אויף אַרבעט פאַר דער פעדעראַלער, שטאַט און שטאָט־רעגירונגען, האָבן אַ סך נידריקערע קוואַלי־פיקאַציעס אין פאַרגלייך מיט די איבעריקע, וואָס רעפלעקטירן אויף די זעלבע אַמטן. דאָס קומט אין רעזולטאַט פון נישט גענוג בילדונג, ספּעציעל ווען עס האַנדלט זיך וועגן קוואַליפיצירטע אַרבעטן. די נעגער־שולן שטייען בכלל אויף אַ נידריקער ניוואָ, ווי די שולן פאַר די ווייסע. דיסקרימינאַציע און נישט גענוג קוואַליפיקאַציעס ברענגען פּראָצענטועל אַ גרעסערע אַרבעטסלאָזיקייט צווישן די נעגער.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז די צאָל אַרבעטנדיקע נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזאַ גרויסע — 71 מיליאָן. אין דעם זעלבער צייט פאַרמאָגט אַמעריקע איבער אַ מיליאָן אַרבעטסלאָזע.

אין דער צייט ווען פון אַלע אַרבעטנדיקע זענען 5.9 פּראָצ. ווייסע אַרבעטסלאָז, איז ביי די נעגער 12.7 פּראָצ. אַרבעטסלאָז. ביי די יוגנטלעכע: ווייס 13.4 פּראָצ.; נעגער — 29.8 פּראָצ.. נאַטירלעך רופט דאָס אַרויס, באַזונדער ביי דער נעגער־יוגנט, אַ שטאַרקע פאַרביטערונג און פּראָטעסט.

* * *

נאָרמאַל וואָלט די אַמעריקאַנער יוניאָן־באַוועגונג (די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען) באַדאַרפט שטיין אין די פאָדערשטע רייען אין קאַמף פון די נעגער פאַר גלייכע רעכט. דער אמת איז אָבער צום באַדויערן, אַז די יוניאָן־באַוועגונג שטייט אין אַ זייט פון דער נעגער־רעוואָלוציע. די דער־קלערונג פון דזשאָרדזש מיני, פּרעזידענט פון דער יוניאָן־באַוועגונג, אַז אויף ווייטער וועלן די יוניאָנס מיט מער ענערגיע קעמפן פאַר די רעכט פון די נעגער־אַרבעטער צו באַקומען אַרבעט, באַשטעטיקט אַז אויך די אַרבעטער־באַוועגונג האָט געזינדיקט.

ווי באַקאַנט, האָט די פירערשאַפט פון דער יוניאָן־באַוועגונג מיט אַ מערהייט שטימען, באַשלאָסן נישט באַטייליקן זיך אין מאַרש אין וואַשינג־טאָן. דאָס האָט נישט געשטערט דעם וויצע־פּאָרזיצער וואָלטער רוטער יאָ באַטייליקן זיך אין מאַרש. אויך אין דער יוניאָן־באַוועגונג מוז און וועלן קומען ענדערונגען לטובת די נעגער־אַרבעטער. אויך דאָס איז אַ פראַגע פון צייט.

דאָס געזעץ, וואָס פּרעזידענט קענעדי האָט אַריינגעטראָגן אין די געזעצגעבערישע אַנשטאַלטן וועט עווענטועל געבן די מעגלעכקייט די נעגער ווענדן זיך אין די געריכטן אויף יעדע דיסקרימינאַציע לגבי זיי, אָבער די פּראַקטיק האָט באַוויזן, באַזונדערס אין די דרום־שטאַטן, אַז עס וועט אַלעמאָל אָנגעווענדעט פאַרשידענע מיטלען אַרומצוגיין דאָס געזעץ.

די נעגער זענען געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז זיי קאָנען זיך פאַרלאָזן נישט אויף די געריכטן, נאָר אויף אייגענע כוחות. די נעגער אין די דרום־שטאַטן ווילן נישט און קאָנען נישט זיך פאַרלאָזן אויף די דעצי־זיעס פון די געריכטן אין דער פראַגע פון געבן זיי די מעגלעכקייט פריי צו רעגיסטרירן זיך בכדי זיך קאָנען באַטייליקן אין די וואַלן.

די געריכטן וועלן אויף זיכער סאַבאָטירן כלערליי געזעצן לטובת די נעגער. פאַר די ווייסע אין די דרום־שטאַטן איז דאָס פשוט אַ פראַגע פון עקזיסטענץ. ווען די נעגער באַקומען די מעגלעכקייט פריי זיך באַטייליקן אין די וואַלן איז דאָ אַ געפאַר, אַז די נעגער זאָלן באַזעצן אַ סך וויכטיקע אַמטן אין דער אַדמיניסטראַציע פון די שטאַטן.

טראָץ אַלעמען ווערט אבער וואָס ווייטער אַלץ גרעסער די צאָל נעגער וועלכע באַקומען די מעגלעכקייטן צו באַטייליקן זיך אין די וואַלן. מען דאַרף נעמען אין באַטראַכט, אַז לויט דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע האָבן די שטאַטן דאָס רעכט אַרויסצוגעבן אייגענע געזעצן, און די פעדעראַלע רעגירונג קאָן נישט אַלעמאָל אינגירירן, קומען פלענער צו באַשטראָפן אַזעלכע שטאַטן מיט אָפּשטעלן פאַר זיי די אַלגעמיין מלוכהשע פינאַנציעלע הילף.

* * *

דער קאַמף פאַר גלייכע רעכט אין עפנטלעכע פלעצער איז אייגנטלעך געווען דער אָנהויב פון דעם קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטיקונג. די נעגער קומען מיט גערעכטע פאָדערונגען צו געניסן צוגלייך מיט אַלעמען פון האָטעלן, רעסטאָראַנען און אַנדערע עפנטלעכע פלעצער.

אויף דעם געביט איז שוין זייער אַ סך אויפגעטאָן און דערגרייכט געוואָרן, הויפּטזעכלעך אין רעזולטאַט פון פאַרשטענדיקונג פון ביידע צדדים, און נאָר אויף דעם וועג קאָן קומען צו פּאָזיטיווע רעזולטאַטן.

מען דאַרף נעמען אין באַטראַכט פאָלגנדעס: ווען אַ "ווייסער" רעס־טאָראַן, אָדער האָטעל־אייגנטימער, וויל פאַרענדיקן מיט דער דיסקרימי־נאַציע לגבי נעגער, איז ער אין אַ געפאַר, באַזונדערס אין די דרום־שטאַטן, באָיקאָטירט צו ווערן דורך זיינע ווייסע קליענטן. אַזעלכער געפינט זיך צווישן צוויי פייערן. עס איז נישט קיין סוד, אַז יידן אין אַמעריקע ווערן אויך גאַנץ אָפט אין דער הינזיכט דיסקרימינירט.

די נעגער אין די פאַראייניקטע שטאַטן ווילן אויף ווייטער נישט שלום מאַכן מיט דער לאַגע פון צווייט־אָדער דריטראַנגיקע בירגער. זיי ווילן זיין פשוט מענטשן, אַזוי ווי אַלע אַרומיקע. און דאָס איז שוין נישט קיין פראָב־

לעם. דאָס איז שוין אַ רעוואָלוציע. דער אַמעריקאַנער מענטש אַלס כלל, איז גאַנץ סימפּאַטיש געשטימט צו די נעגער־פאָדערונגען פאַר גלייכבאַ־רעכטיקונג. פאַר דעם אַמעריקאַנער זענען אָבער פרעמד די מיטלען מיט וועלכע די נעגער באַנוצן זיך אין זייער קאַמף. די גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, וועלכע ווערן אָפּט פאַרענדיקט, באַזונדערס אין די דרום־שטאַטן, מיט בלוטיקע גאַסן־קאַמפן. די אַנדערע מיטלען וואָס שטערן דאָס נאָרמאַלע לעבן, זענען פרעמד און דערווידער דעם אַמעריקאַנער בירגער.

דער אַמעריקאַנער דערלאָזט נישט אַפילו דעם געדאַנק פון וועלכער עס איז רעוואָלוציע, פון וועלכע עס איז וויכטיקע ענדערונגען אין מלוכה־לעבן.

די אַמעריקאַנער באַפעלקערונג, אין איר ווייט גרעסטער מערהייט, לעבט אין באַדינגונגען, וועלכע גיבן נישט קיין גרונט פאַר ראַדיקאַלע ענדערונגען. דער דורכשניטלעכער אַמעריקאַנער וואָלט זיך ווונטשן, אַז נעגער זאָלן האָבן געדולד, און אויפן וועג פון שטופנווייזן פּראָגרעס, וואָס וועט זיך ציען יאָרן, דערגרייכן די פולע רעכט. די לאַגע איז שוין אָבער אַזאַ, אַז ענדרונגען לטובת די נעגער מוזן קומען שוין, באַלד, און דערביי וויכטיקע ענדערונגען צו פאַרבעסערן זייערע לעבנסבאַדינ־גונגען.

וויכטיקע דערגרייכונגען זענען שוין צו פאַרצייכענען. די ווייטערדיקע וועלן קומען, אָבער בלויז אין רעזולטאַט פון שטופנווייזע פאַרשטענדי־קונגען. די פולע גלייכבאַרעכטיקונג פאַר די נעגער, ווי פאַר אַלע איבריקע נאַציאָנאַליטעטן, וועלן נישט קומען פון היינט אויף מאָרגן. דאָס איז אַ פראַגע פון יאָרן און יאָרן. עס מוז קומען אַן ענדערונג אין דער פסיכאָלאָגיע פון אַמעריקאַנער מענטש.

# אויפגאַבן פון אַרבעטער־רינג

אין הסכם מיט דער באַמערקונג פון פר׳ י. מלאָטעק אין זיין אַריינפיר צו דער דיסקוסיע וועגן דער נשמה פון אַרבעטער־רינג, אַז ״חוץ איינגע־לאַדענע פערזענלעכקייטן קאָן אויך דאָס פאָלק זיך באַטייליקן״, וויל איך

ברענגען צום אויסדרוק מיינע פערזענלכע באַמערקונגען וועגן די ווייטערדיקע אויפגאַבן פון אַרבעטער־רינג.

דאָס יידיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן אין אַמעריקע קאָן זיך נישט איבערנעמען מיט קיין דעמאָקראַטיע. מיט די יידישע אָרגאַניזאַציעס פירן אָן פּרעזידענטן און סאָשל־וואָרקערס. דער ברייטער עולם מיטגלידער האָט קנאַפּ וואָס צו זאָגן. די זעלבע דערשיינונג מערקט זיך אויך גאַנץ שטאַרק אין אַרבעטער־רינג. עס פאָדערט זיך קאַטעגאָריש אַ דעמאָקראַטיזאַציע. די עקזיסטירנדיקע בענעפיטן האָבן קיין ווערט נישט. די צוגעבונדנקייט פון די מיטגלידער קומט פון באַלאַנגען צום אַרבעטער־רינג אין משך פון צענדליקער יאָרן.

דורכשניטלעך קומען פאָר פאַרזאַמלונגען איין מאָל אַ חודש. דאָס רוב זענען פאַר די עלטערע מיטגלידער קנאַפּ אינטערעסאַנט. עס דאַרף געפירט ווערן אַ ספּעציעלע קולטור־אַרבעט לויט דער עלטער פון די מיטגלידער. די פירערס פון די ברענטשעס דאַרפן אַלע מאָל געדענקען ווער עס זענען די אָפּנעמערס, ווער עס איז די אוידיטאָריע. צום באַדויערן ווערט בכלל געפירט ווייניק קולטור־אַרבעט אין די ברענטשעס, און די אַרבעט וואָס ווערט יאָ געפירט איז אויף אַ נידריקן ניוואָ, אחוץ אויסנאַמען.

מען פאַרגעסט, אַז אָט דער עלטערער עולם איז דורכגעגאַנגען אַן אַרבעטער־רינג־שול אויף דעם פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן געביט, אויפן קולטור־געביט און איז נאָך אַלץ אימשטאַנד אויפצונעמען אַזעלכעס, וואָס איז אויף אַ געהעריקן ניוואָ. ווערט דערפאַר פאַרלוירן דער חשק צו באַזוכן די פאַרזאַמלונגען. איז נישט קיין וווּנדער, וואָס צו אַ ברענטש וועלכער ציילט 400 מיטגלידער קומען בלויז 30.

נאָך ערגער איז, וואָס כמעט יעדע דירעקטע פאַרזאַמלונג איז פאַרבונדן מיט אַ זאַמל־אַקציע, וואָס האָט נישט קיין דירעקטע שייכות צום אַרבעטער־רינג. אויב נישט קיין זאַמלונג פאַרן וועלפעיר־פאָנד, איז פאַר ישראל־באָנדס, אָדער פאַר דער הסתדרות און אַנדערע. אַזעלכע פאַרזאַמלונגען האָבן אַ קנאַפּן אינטערעס.

כדי צו מאַכן אינטערעסאַנט די מיטינגען פון די ברענטשעס פאַר די עלטערע מענטשן, פאָדערט זיך אַ ספּעציעלער קאָאָרדינירטער פּלאַן

פון אַרבעט. אַ פּלאַן פאַר באַזונדערע ברענטשעס און אַ פּלאַן פאַר אָפּטע אַלגעמיינע קולטור־אונטערנעמונגען, וועלכע קענען אויך צוציען אַ זייטיקן עולם. אַ פּאַסיקער קולטור־פּראָגראַם דאַרף האָבן פּאַסיקע רעדנערס, צו וועלכע באַזונדערע ברענטשעס קענען נישט צוקומען.

וועגן דעם ווערט גערעדט ביי יעדער יערלעכער קאָנפערענץ, אָבער עס בלייבט, מיט זעלטענע אויסנאַמען, ביים אַלטן. איך מיין נישט אַזעלכע אונטערנעמונגען, ווי אַ חנוכה־פייערונג, אַ שבועות־יום־טוב, אָדער אַ פּורים־פייערונג. דער אַלגעמיינער קולטור־קאָמיטעט דאַרף באַזאָרגן אויך די ענגליש־רעדנדיקע ברענטשעס און דאַרף צוציען אויך אַ זייטיקן ענגליש־רעדנדיקן עולם. זיי זענען די פּראָספּעקטיווע מיטגלידער.

די געמיינזאַמע 1־טע מאַי־פייערונג, מיטן "בונד", סאָצפאַרבאַנד, די געטאָ־פייערונג פון "בונד", סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד און אַרבעטער־קאָמיטעט קאָנען נישט פאַררעכנט ווערן צו דער קאַטעגאָריע קולטור־אַרבעט. אָט די אונטערנעמונגען טראָגן אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער. אַגב, ווערן זיי באַזוכט פון זייער ווייניק ענגליש־רעדנדיקע ברענטשעס.

דער אַרבעטער־רינג איז אַ פּראָטערנאַלע אָרגאַניזאַציע, אָבער מיט אַ סאָציאַליסטישן אינהאַלט און סאָציאַליסטישע טראַדיציעס. דאָס פאַר־פליכטעט צו עפּעס אויך אין פּאָליטישער הינזיכט.

אָנהאַלטנדיק די שטעלונג, אַז דער אַרבעטער־רינג דאַרף שטיצן די יידן אין ישראל, דאַרף צולייגן אַ האַנט צום אויפבוי פון דער מדינה — קאָן איך זיך אָבער נישט באַפרייען פון דעם געפיל, אַז דער אַרבעטער־רינג, זינט דער אַנטשטייונג פון דער מדינה, האָט זיך איינגעשטעלט פּראָ־ציוניסטיש. אייניקע ברענטשעס זעען אויס ווי עקספּאָזיטורן פון דער ציו־ניסטישער באַוועגונג. זיי פאַרנעמען זיך כמעט נישט מיט קיין אַנדער אַר־בעט אַחוץ זאַמלען פאַר ישראל און הסתדרות. דעריבער איז נישט קיין וואונדער, וואָס איינער אַזאַ ברענטש האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט באַ־גריסן דעם "בונד" צום 70־סטן יובל, וואָס האָט באַוויגן די בונדיסטן צו פאַרלאָזן דעם ברענטש.

ווען איך דערמאָן וועגן דער פּראָ־ציוניסטישער שטעלונג פון אַרבעט־טער־רינג, מיין איך נישט דעם אָנטייל פון גאַנצן אַרבעטער־רינג בנוגע דער

הילף פאַר ישראל אין שייכות מיט דער ישראל־אַראַבישער מלחמה אין יוני לעצטן יאָר. דאָס באַטייליקן זיך פון די אַרבעטער־רינג־מיטגלידער אין דעם "עמוירדזשענסי קאַמפּיין" איז געווען אַ נאַטירלעכער אָפּרוף צוזאַמען מיט אַלע יידן אין לאַנד.

אין די לעצטע יאָרן מערקט זיך אַזאַ דערשיינונג: יעדעס יאָר פאַר־גרעסערן זיך די סומען געזאַמלטע געלטער פאַר ישראל און עס פאַרקלענערן זיך די סומען געזאַמלטע געלטער פאַרן אַרבעטער־קאָמיטעט. איך מיין, אַז דער אַרבעטער־רינג איבערן לאַנד דאַרף אויך געדענקען וועגן דער עקזיסטענץ, טאַקע אין ישראל, פון די אַרבעטער־רינג־אינסטיטוציעס, פון די יידישע שולן, פון קינדער־קעמפּ און אַנדערע.

ווי שווער איז מיר אָנגעקומען און וויפל צייט האָט דאָס גענומען ביז איך האָב געפּועלט, אַז דער היגער אַרבעטער־רינג זאָל דורכפירן אַ זאַמלונג פאַר די אַרבעטער־רינג־שולן אין ישראל, און שאַפן קוים 600 דאָלאַר. די אַקציע איז לסוף דורכגעפירט געוואָרן אַ דאַנק דעם סעקרעטאַר פּר׳ ד. גאָלדמאַן.

דער רעזולטאַט פון אַזאַ אַרבעט איז, אַז דער אַרבעטער־רינג וואַרפט אָפּ פון זיך אַלץ מער און מער זיינע סאָציאַליסטישע אידייען, האָט אַ קלענערן אינטערעס אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע און אויף דער וועלט. אויך דער "בונד" האָט נישט קיין גרינג לעבן אין אַרבעטער־רינג.

דער וויכטיקסטער פּראָבלעם פאַרן אַרבעטער־רינג איז "וואָס ווייטער?" דער עלטערער דור גייט אַוועק. עס ווערט אַ סך גערעדט און געשריבן וועגן צוציען נייע עלעמענטן, ספּעציעל אין די בראַנטשעס פון די ענגליש־רעדנדיקע, אָבער ביז איצט קענען נישט פאַרצייכנט ווערן קיין פּאָזיטיווע רעזולטאַטן. פאַרוואָס?

אין דער יידישער ענגליש־רעדנדיקער געזעלשאַפט, צווישן דער אינ־טעליגענץ, אינטעלעקטואַלן, פילט זיך לעצטנס אַ שטאַרקער אינטערעס צו יידישע פּראָבלעמען. די לעצטע פאַר יאָר דערשיינט אַ ליטעראַטור אין ענגליש אויף יידישע טעמעס. זייער אָפט אין אַ פאַלשער אָפּשפּיגלונג.

צום ביישפּיל: וועגן די ערשטע יאָרן פון דער יידישער עמיגראַציע אין

אַמעריקע, וועגן חורבן. אָט די דערמאָנטע ענגליש־רעדנדיקע עלעמענטן, וועלכע האָבן קיין יידישע דערציונג נישט באַקומען, ווילן אַז זייערע קינדער זאָלן אַזאַ דערציונג יאָ באַקומען. פאַר זיי איז אָן אונטערשייד אַן אַרבעטער־רינג־שול, אַ תלמוד־תורה אָדער אַ ישיבה. זיי טראָגן זיך ארום מיט ליבעראַלע, אָפּט אַפילו סאָציאַליסטישע געדאַנקען, און ווערן נישט זעלטן פאַרפירט אויף פאַלשע וועגן. זיי זענען נישט געשטימט ציוניסטיש, זיי זענען נישט קעגן מדינת־ישראל, זיי זענען אָבער נישט פאַרכאַפּט מיט די אינטערעסן בלויז פון דער מדינה. זיי זענען שטאַרק פאַרבונדן מיט דער "דאָאיקייט". אין זיי דאַרף מען אויפוועקן, שטאַרקן די אינטערעסן צו יידישע פּראָבלעמען. זיי דאַרפן געפינען אַן אָרט אין די ענגליש־רעדנדיקע ברענטשעס פונעם אַרבעטער־רינג. אָבער די ברענטשעס טוען זייער ווייניק זיי צו געווינען, און זענען נישט קיין צוציונגס־קראַפט צוליב דער פּראָ־ציוניטישער איינשטעלונג. אויב ווער פון זיי האָט יאָ אַ פּראָ־ציוניסטישע איינשטעלונג, קאָן ער דאָך גיין צום נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד. אָבער זיי גייען אַהין אויך נישט צוליב די זעלבע סיבות. איז עס די אויפגאַבע פונעם אַרבעטער־רינג איבערן לאַנד פאַר־מעסטן זיך צו געווינען דעם עלעמענט דורך ליבעראַלע, פּראָ־ציוניסטישע אידייען.

איך וויל דערביי צוגעבן, אַז די ענגליש־רעדנדיקע ברענטשעס מאַכן אַ גרויסן פעלער דערמיט, וואָס זיי איגנאָרירן אַזוי שטאַרק יידיש. איך זע נישט קיין דיסציפּלין־ברוך ווען זיי זאָלן אַ מאָל איינלאַדן אַ יידיש־רעדנער. עס איז איבערגעטריבן, אַז דער עולם פאַרשטייט נישט קיין יידיש. פאַרקערט, ער האָט אַן אינטערעס פאַר דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור.

# אַרום דער עמיגראַציע פון סאָוויעטישע יידן

## וועלכע יידן ווערן אַרויסגעלאָזט און פאַרוואָס?

די דערפאַרונגען במשך אַלע יאָרן פון דער סאָוויעטישער מאַכט גיבן אַ גרונט צו זאָגן, אַז קיין שום אַנדער פּראָבלעם איז נישט אַזוי שווער צו

באַנעמען, מאַכן אויספירונגען און פאָרויסזאָגן, ווי די קאָמוניסטישע פּאָ־ליטיק. ווען דער מאָסקווער קרעמל האַנדלט אין אַ געוויסן ענין היינט אַזוי, איז נישט פאַראַן די זיכערקייט, אַז מאָרגן וועט ער ווידער האַנדלען אַזוי.

די קאָמוניסטישע הערשער רעכענען זיך נישט קיינמאָל מיט דער עפנטלעכער מיינונג אויף דער וועלט, דעריבער איז שווער מסכים זיין, אַז דאָס אַרויסלאָזן סאָוויעטישע יידן קיין ישראל קומט אין רעזולטאַט פון די יידישע פּראָטעסטן אין אַנדערע לענדער. ווירקן דען אויף די הערשער פון קרעמל די פּראָטעסטן פון וויסנשאַפטסלייט אויף דער וועלט, הלמאי זיי האַלטן אין משוגעים־הייזער אָפּאָזיציאָנעלע אינטעלעקטואַלן? קאָן מען, למשל, פאַרשטיין פאַרוואָס מען לאָזט אַרויס אַ יידישע פרוי מיט די קינדער, און מען פאַרהאַלט איר מאַן? אָדער פאַרקערט.

לאָמיר זען וועלכע קאַטעגאָריעס יידן זיי לאָזן היינט יאָ אַרויס, און פאַרוואָס דווקא אָט די קאַטעגאָריעס?

אַלס כלל ווערן אַרויסגעלאָזט איינצלנע יידן פון פאַרשידענע שטעט אין רוסלאַנד, אָבער אין גרעסערע צאָלן ווערן אַרויסגעלאָזט נאָר פון געוויסע געגנטן. אַ באַזונדער קאַפּיטל זענען די יידישע געלערנטע, אינ־טעלעקטואַלן. מען לאָזט אַרויס יידן, וואָס מאַכן שטאַרקע באַמיונגען, אַפילו פּראָטעסטן און הונגערשטרייקן. פון וואַנען און פון וועלכע קאַטע־גאָריעס יידן קומען אָט די פּראָטעסטן? 1) פון די גרוזינער יידן, 2) פון די יידן אין די באַלטישע לענדער, 3) פון דער יונגער און מיטליאָריקער יידישער אינטעליגענץ.

פאַרוואָס די גרוזינער יידן?

לאָמיר ברענגען אַלס ביישפּיל אַנדערע צוויי גרופּן, וואָס זענען ענלעך צו די גרוזינער יידן, די א.ג. "בערג־יידן" (גאָרסקיע יעוורעי). זיי לעבן אין דעם זעלבן קאַווקאַז, בשכנות מיט די גרוזינער, אין איינער פון די קאַווקאַזער רעפּובליקן, אין דאַגעסטאַן, אין די צוויי שטעט מאַכאַטש־קאַלאַ און דערבענט. זייער צאָל דערגרייכט נישט מער ווי צוואַנציק טויזנט. זיי זענען מזרח־יידן, האָבן זייערע אייגענע בתי־מדרשים און אייגענע בית־עולמס.

בעת דער רעוואָלוציע האָבן זיי געקעמפט מיט געווער אין די הענט

קעגן די ווייסע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן פאַר איינהאַלטן די מאַכט פון די סאָוויעטן. ווען בעת דעם בירגער־קריג האָבן דאָרט די ווייסע אויף אַ צייט געזיגט, זענען די ״בערג־יידן״, וואָס זענען געבליבן לעבן נאָך די מאַסן־שחיטות, פאַרטריבן געוואָרן פון די אַאולן (דערפער). אין די שטעט האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן מיט שטאַרקע אַנטיסעמיטישע שטימונגען. צוריק ביי דער קאָמוניסטישער מאַכט, האָבן זיי געקעמפט וועגן צוריקשטעלן זיי אין זייערע רעכט.

בעת דער קאָלעקטיוויזאַציע זענען זיי אַריינגעצויגן געוואָרן מער־סטנטייל אין די קאָלכאָזן פון וויין אַרום דער שטאָט, אָבער ווינען זענען זיי געבליבן אין שטאָט. די מענער אַרבעטן געוויינטלעך אין די סאָוויעטישע האַנדלס־אינסטיטוציעס.

די ״בערג־יידן״ האָבן געקעמפט פאַר זייערע רעכט, פאַר זייער עקזיס־טענץ, זיי האָבן זיך איינגעגלידערט אין אַלגעמיינעם סאָוויעטישן לעבן. מצד זיי קומען נישט קיין ווענדונגען וועגן פאַרלאָזן רוסלאַנד צו באַזעצן זיך אין ישראל.

אַ צווייטע קאַטעגאָריע יידן זענען די בוכאַרער. אַחוץ אין בוכאַרע גופא זענען זיי צעשפרייט איבער מילט־אַזיע, באַזונדערס אין אוזבעקיס־טאַן. אויך זיי האָבן זייערע בתי־מדרשים און אייגענע בית־עולמס. אויך זיי האָבן זיך אַריינגעפּאַסט אין סאָוויעטישן לעבן. אויך זיי זענען בשעפּ־טיקט אין סאָוויעטישע האַנדלס־אינסטיטוציעס. מען טרעפט כמעט נישט צווישן זיי קיין אַרבעטער. אויך די בוכאַרער יידן באַמיען זיך נישט וועגן פאַרלאָזן דאָס לאַנד מאַסנווייז.

לויט דער סאָוויעטישער קאָנסטיטוציע קאָן יעדע רעפּובליק אַרויס פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד און אָנהאַלטן אַ זעלבשטענדיקע עקזיסטענץ. אין רוסלאַנד זאָגט מען: ״אַנוקאַ פּאָפּראָבוי״ (פּרוּוו נאָר). גרוזיע האָט גע־פּרוווט אַזוי טון און באַצאָלט אַ טייערן פּרייז. אָבער דאָס גרוזינישע פאָלק האָט קיינמאָל נישט שלום געמאַכט מיט דעם. זיי זענען, ווי אַלע איבעריקע פעלקער אויף קאַווקאַז, שונאים פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד. זיי האָבן זיך נישט אַריינגעפּאַסט אין סאָוויעטישן לעבן. מאָסקווע טאָלערירט זיי.

אַנדערע דריי רעפּובליקן אויף קאַווקאַז האָבן בעת די מלחמה־יאָרן

באַצאָלט אַ טייערן פּרייז פאַר זייער עקשנות, פאַר זייערע פּאַרטיזאַנישע טעטיקייטן אין די בערג אַלע יאָרן ביז דער מלחמה. זיי זענען אַרויסגע־שיקט געוואָרן קיין מיטל־אַזיע, הגם עס איז נישט געווען קיין גרונט צו באַשולדיקן זיי אין מיטאַרבעטן מיט די דייטשן. די דייטשן האָבן אַהין נישט דערגרייכט. די מערהייט פון זיי, איבערגעלאָזט אויף הפקר זענען אויסגעשטאָרבן.

וואָס שייך די פעלקער אויף קאַווקאַז, פירט מאָסקווע די זעלבע פּאָליטיק, ווי די רוסישע צאַרן. זיי נוצן אויס די שנאה, וואָס האַלט אָן הונדערטער יאָרן צווישן אָט די פעלקער. די פּאָליטיק פון "טייל און הערש".

די גרוזינער יידן האָבן זיך אויך נישט אַריינגעפּאַסט אין דער סאָוויעט־טישער ווירקלעכקייט. זיי האַלטן אָן, לויט די אַלטע טראַדיציעס פון יידן אין די מזרח־לענדער, זייער משפחהדיקייט, די גאַנצע משפחה צוזאַמען. זיי גייען נישט אין די קאָאָפּעראַטיוון, ווו עס זענען באַשעפטיקט שניידער, שוסטער און אַנדערע אַרבעטער. די גרוזינער יידן — שוסטער און שניידער — אַרבעטן פאַר זיך.

די גרוזינער יידן פאַרנעמען זיך אויך מיט פאַרשידענע שניצערייען פון האָלץ, אויך אויסאַרבעטונגען און יובעלירײַ פון גאָלד, אָדער ענלעכע אַרבעטן.

אָט ביי די יידן איז עס אַנטשטאַנען דער געדאַנק און ווילן צו פאַרלאָזן גרוזיע און זיך באַזעצן אין ישראל. עס איז אויך נישט קיין וואונדער, וואָס זיי פאַרלאַנגען מען זאָל זיי דערלויבן מיטנעמען מיט זיך רעשטלעך פון זייערע פאַרשטאָרבענע משפחה־מיטגלידער. עס איז אויך נישט קיין וואונדער, וואָס זיי פאַרלאַנגען, אַז מען זאָל אין ישראל גופא באַזעצן אַלע צוזאַמען. זיי פאָדערן באַזונדערע בתי־מדרשים, לויט זייערע טראַדיציעס.

אָט די גרוזינער יידן לאָזט רוסלאַנד אַרויס. מאָסקווע וויל זיך באַפרייען פון אָט דער קאַטעגאָריע יידן. עס וועט לייכטער זיין אָנגיין מיט דער רוסיפיקאַציע אין גרוזיע.

די צווייטע קאַטעגאָריע זענען די יידן פון די באַלטישע לענדער. נאָך 30 יאָר אָקופּאַציע זעט דאָרטן אויס נאָך אַלץ בעסער, ווי אין די איבריקע

סאָוויעטישע רעפּובליקן. אויף די באַלטישע לענדער ליגט נאָך אַלץ דער סטעמפּל פון אַן אייראָפּעיִשן לעבנס־שטייגער, ביי וועלכן די באַפעלקערונג פון יענע לענדער האָט זיך געהאַלטן אין פעריאָד צווישן ביידע וועלט־מלחמות. די אָרטיקע באַפעלקערונג קאָן זיך נאָך אַלץ נישט אַריינפּאַסן אין דער סאָוויעטישערווירקלעכקייט.

גלייך ווי די באַלטישע לענדער זענען אָקופּירט געוואָרן, זענען מאַסן מענטשן פון דאָרטן פאַרשיקט געוואָרן אין די ווייטסטע געגנטן פון סאָוו־יעט־רוסלאַנד. אויך די יידן האָבן דורכגעמאַכט דאָס זעלבע. די אָרטיקע יידן קאָנען זיך נישט אַריינפּאַסן אין דער סאָוויעטישער ווירקלעכקייט. איז נישט קיין וווּנדער, וואָס ביי די יידן אין די באַלטישע לענדער איז געקומען דער ווילן אַרויסצורייסן זיך פון דאָרטן און גיין קיין ישראל. די קרעמל־הערשער לאָזן זיי אַרויס, אויך פון זיי ווילן זיי זיך גערן באַפרייען. זינט דער אָקופּאַציע פירט רוסלאַנד אין די באַלטישע לענדער אַ רוסיפיקאַציע אין אַ גרויסן פאַרנעם. די טענדענץ איז ווי ווייט מעגלעך פאַרקלענערן די צאָל פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג און פאַרגרעסערן די צאָל פון רוסן.

מאָסקווע שיקט פיל סאָוויעטישע מענטשן, ספּעציאַליסטן אויף פאַר־שידענע געביטן, אַלס דירעקטאָרן און אָנפירער פון אָרטיקע פאַבריקן און אונטערנעמונגען. די קאָמוניסטישע פאַרטיי־אינסטאַנצן אין די באַלטישע לענדער זענען באַזעצט מיט רוסישע מענטשן.

די דריטע קאַטעגאָריע יידן, וואָס ווערן אַרויסגעלאָזט, זענען יינגערע און מיטליאָריקע פּראָפעסיאָנאַלן, געלערנטע, אינטעלעקטואַלן. אַ ריי וויכטיקע סיבות ווירקן אויף אָט דעם עלעמענט צו פאַרלאָזן סאָוויעט־רוסלאַנד, און אַז סאָוויעט־רוסלאַנד זאָל זיי יאָ אַרויסלאָזן.

דער חורבן בימי היטלער, דאָס אַנטשטיין פון מדינת־ישראל, דער אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד, די שוועריקייטן אָנצוקומען אין די הויכשולן, צו וועלכע מען שטרעבט, און שפּעטער די שוועריקייטן ביים באַקומען די פּאַסיקע באַשעפטיקונג — דאָס אַלץ צוזאַמען האָט ביי אָט דעם עלעמענט יידישע אינטעלעקטואַלן אויפגעוועקט נאַציאָנאַלע געפילן און אַ ווילן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. און ווייל קיין אַנדערע מעגלעכקייטן וווהין צו גיין איז נישטאָ, קומט במילא דער ווילן צו פאָרן קיין ישראל.

זייער אַגרעסיווע איינשטעלונג אין שייכות דערמיט איז אויך אַ רעזולטאַט פון אַלגעמיינעם געראַנגל פון דער סאָוויעטישער אינטעליגענץ בכלל אין קאַמף קעגן דעם הערשנדיקן רעזשים.

עס איז כדאַי צו געדענקען, אַז איצט פירן אָט דעם קאַמף נאָר טיילן פון דער אינטעליגענץ, נישט די אַרבעטער, נישט די פויערים. פון דער צווייטער זייט, ווילן די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען אויף ווי ווייט מעגלעך זיך באַפרייען פון דער אומצופרידענער יידישער אינטעליגענץ. זיי דאַרפן האָבן די וויכטיקע פּאָזיציעס פאַר זייער אייגענער רוסישער אינטעליגענץ.

לאָמיר זיך דערמאָנען אייניקע פאַקטן פון דער נישט־ווייטער פאַר־גאַנגענהייט, ווען כרושטשעוו האָט געבאַלעבאַטעוועט. די היינטיקע פירער ברעזשניעוו און קאָסיגין זענען קנאַפּע רעדנער, אָבער כרושטשאָוו האָט גערעדט שוין אַפילו צופיל.

ווי באַקאַנט, און ווי איך האָב שוין דערמאָנט, און עס איז כדאַי ווידער דערמאָנען, האָט כרושטשאָוו בעת זיין באַזוך אין פוילן באַמערקט: "ביי אייך זענען דאָ צופיל אַבראַמאָוויטשעס". ווען כרושטשאָוו האָט אויפ־גענומען אַ דעלעגאַציע פון דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, האָט ער אויף דער פראַגע וועגן אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד געענטפערט זייער קלאָר: אין די די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָלוציע האָבן מיר נישט געהאַט קיין אייגענע רוסישע אינטעליגענץ, במילא האָט די יידישע אינ־טעליגענץ פאַרנומען אַזויפיל וויכטיקע פּאָזיציעס אויף אַלע געביטן פון סאָוויעטישן לעבן. היינט נייטיקן מיר זיך שוין נישט אין די יידן, מיר פאַרמאָגן שוין אַן אייגענע רוסישע אינטעליגענץ.

ביי אַ צווייטער געלעגנהייט, ווען ער האָט אויפגענומען אַ דעלעגאַציע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין קאַנאַדע, האָט ער דאָס זעלבע איבער־געחזרט. אין דער דעלעגאַציע האָט זיך באַטייליקט אַ מיטגליד פון צענט־ראַל־קאָמיטעט פון דער קאַנאַדער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, דער ייד זאַלצ־בערג. אויף אים האָט כרושטשאָווס דערקלערונג געמאַכט אַ זייער שווערן איינדרוק. מיט אַ שווער געמיט האָט ער זיך אומגעקערט קיין קאַנאַדע. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער אַליין באַזוכט כרושטשאָוון. ער האָט ווידער באַקומען דעם זעלבן ענטפער. ער האָט דעמאָלט פאַרלאָזט די

קאָמוניסטישע פּאַרטיי. ווי אָפט אין אַזעלכע פאַלן, איז ער געוואָרן אַנטוישט אין קאָמוניזם און איז געקומען צו אַ צווייטן עקסטרעם. ער איז אַוועק צום ציוניזם. אין טאָראָנטאָ איז ער אַקטיוו פאַר דער הסתדרות.

אויפן סמך פון לאַנגיאָריקע אָבסערוואַציעס פון דער טרויעריקער סאָוויעטישערווירקלעכקייט, אויך פון דער נאָענט אין די מלחמה־יאָרן; אויפן סמך פון דעם, וואָס ווערט געבראַכט אין די סאָוויעטישע ליטעראַרישע אויסגאַבן, בין איך געקומען צום אויספיר, אַז עס איז נישטאָ די זיכערקייט צי די סאָוויעטישע מאַכט וועט ווייטער אַנגיין מיטן אַרויסלאָזן יידן, און אויב אַפילו יאָ, איז די צאָל יידן, וואָס שטרעבט צו פאַרלאָזן רוסלאַנד, אַ מינדערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין סאָוועט־רוסלאַנד.

# פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע שטימונגען אויף דער יידישער גאַס

דאָס יידישע בירגערטום איז בדרך כלל אַלעמאָל און אומעטום געשטימט ציוניסטיש. דאָס פאַרמלחמהדיקע פוילן איז געווען דער בעסטער ביישפּיל. ציוניסטישע פּאַרטייען פון אַלע ריכטונגען האָבן געפירט אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט. דער אידעאַל — אַן אייגענע מלוכה אין פּאַלעסטינע. דאָס מיינט נישט, אַז אַלע אָן אויסנאַם שיכטן פון יידישן בירגערטום זענען געווען אַקטיוו טעטיק פאַר דעם ציוניסטישן אידעאַל.

ציוניזם איז נישט געווען די זאַך פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, פון די אַרבעטער, וועלכע זענען אין זייער מערהייט געווען איינגעשטעלט אויף דער אַזוי גוט־באַקאַנטער בונדישער דאָקטרין פון ״דאָיקייט״: דאָ לעבן מיר, דאָ קעמפן מיר פאַר אונדזער עקזיסטענץ, אויף דער דאָיקייט בויען מיר אונדזער צוקונפט.

אַגיטירנדיק פאַר זייער אידעאַל, פאַר אַ מדינה אין ארץ־ישראל, האָבן אויך די ציוניסטן אַנגעהאַלטן די ״דאָיקייט״, דערוויל געבויט דערציונגס־אַנשטאַלטן און אַנדערע אינסטיטוציעס. די עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינע האָט פּאַקטיש פאַרכאַפּט קליינע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, אַפילו ציוניסטיש־געשטימטע. מערסטנטייל איז דאָס געווען די יוגנט פון

מיטעלן און פון העכערן מיטלקלאַס, צווישן וועלכע עס זענען געווען פיל אידעאַליסטן.

אַוודאי איז די עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינע געווען באַגרענעצט צוליב דער פּאָליטיק פון דער ענגלישער מאַנדאַטאָרן־מאַכט. יידן האָבן אויך עמיגרירט אין פאַרשידענע לענדער. אָבער דער גרעסטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן האָט זיין צוקונפט פאַרבונדן מיט "דאָי־קייט". דער אומווילן צו פאַרלאָזן פּוילן, טראָץ די שווערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, וואָס די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון די פּוילישע רעגירונ־גען האָט געשאַפן פאַר די יידן, איז געקומען זייער אָפט אַפילו נישט פילנדיק, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון פון דעם אינערלעכן געפיל, אַז דאָ ווירקט די "דאָיקייט", וואָס מיינט טויזנט יאָר יידיש לעבן אין פּוילן.

אָבער יידן האָבן עמיגרירט. עס איז זינלאָז די טענה, אַז דער "בונד" האָט גערופן די יידן נישט צו פאַרלאָזן פּוילן (ווען אויף אַ פאַרלעזונג, ענטפערנדיק אויף פראַגן האָב איך צוו. אַנד. אינפאָרמירט, אַז דער "בונד" אין פּוילן האָט געהאַט אַן עמיגראַציע־ביוראָ, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט דערליידיקן די נייטיקע פאָרמאַליטעטן פאַר די וואָס עמיגרירן, — האָט מען דאָס אויפגענומען מיט איבעראַשונג).

דער היטלעריזם האָט חרוב געמאַכט דאָס יידישע לעבן אין אייראָפּע. עס זענען אומגעבראַכט געוואָרן זעקס מיליאָן יידן. דאָס אַנטשטיין פון דער מדינה אין יאָר 1948 איז נישט געקומען ווי אַ באַשטעטיקונג, אַז אַ מדינה איז די איינציקע לייזונג פאַר די יידן אויף דער וועלט. די מדינה איז אַנטשטאַנען נישט ווי אַ באַשטעטיקונג אַז די איינשטעלונג פון "דאָיקייט" איז אַ פאַלשע. די מדינה איז אַנטשטאַנען אין רעזולטאַט פון גרויסן חורבן. די אָנערקענונג פון דער מדינה דורך די פאַראייניקטע נאַציעס, איז געקו־מען אין אַ גרויסער מאָס אַלס רעזולטאַט פון מיטגעפיל פאַר דעם שווער־געליטענעם יידנטום. די נישט־יידישע וועלט האָט זיך געפילט שולדיק פאַר נישט טאָן אין דער ריכטונג פון ראַטעווען די יידן בימי היטלער.

דאָס אַנטשטיין פון דער מדינה האָט נישט אָפּגעלייקנט די בונדישע איינשטעלונג, אַז אַ יידישע מדינה וועט נישט לייזן די יידן־פראַגע. די עקזיסטענץ פון דער מדינה האָט דאָס באַשטעטיקט. עס איז אויך ווייטער

ריכטיק די בונדישע איינשטעלונג פון דאָיקייט. די יידן פאַרבינדן זייער צוקונפט מיט די לענדער, מיט די אַרומיקע פעלקער, מיט וועלכע זיי לעבן צוזאַמען. עס איז אויך פאַלש און עס שטימט נישט מיט דערווירקלעכקייט די טענה פון די ציוניסטן און פון סתם יידן, אַז דער "בונד" איז קעגן דער מדינה.

* * *

אין שייכות דערמיט ווילן מיר דאָ ברענגען אַן אָפּשפּיגלונג פון די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע שטימונגען אויף דער יידישער גאַס און שילדערן די באַציונג צו מדינת ישראל, ווי אויך די רעזולטאַטן און די אויסווירקונג אויף דער המשכדיקייט פון ווייטערדיקן יידישן לעבן אין די תפוצות — אין אַ שטאַט מיט דעם צווייט־גרעסטן יידישן ישוב אין אַמעריקע.

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן שפּיגלט זיך נישט אָפּ, אָדער קומט נישט צום אויסדרוק אין באַשטימטע פּאַרטייען. די עקזיסטירנדיקע יידישע אָרגאַניזאַציעס זענען געוויינלעך בלויז אַפּאַראַטן, מיט קיין סך דעמאָקראַטיע זינדיקן זיי נישט. דאָס זעלבע איז איבערן גאַנצן לאַנד. דאָס רעדל פירן די פּרעזידענטן, די גוט־באַצאָלטע דירעקטאָרן, סעקרעטאַרן און באַאַמטע — און דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם אַ"ג יידישן אַרבעטער־סעקטאָר. דער ברייטער עולם האָט בדרך כלל קנאַפּ וואָס צו זאָגן. דער יידישער ישוב אין אַמעריקע קאָן זיך נישט באַרימען מיט קיין לעגאַלער רעפּרעזענטאַנץ, וואָס זאָל זיין באַרופן צו רעדן אין נאָמען פון די אַמעריקאַנער יידן.

די יידן לעבן זיך אויס קולטורעל־געזעלשאַפטלעך אין פאַרשידענע פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס, בעיקר אין פאַרשידענע קולטור־קלובן, לייען־קרייזן. אַזעלכע קרייזן עקזיסטירן אין די צענדליקער. ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש איז דער פאַקט, אַז צו די דערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס געהערן בדרך כלל די עלטערע יידישע מענטשן. ביז איצט האָט זיך נאָך קיינעם נישט איינגעגעבן צוצוציען דעם יינגן דור אַמעריקאַנער יידן, און דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן גאַנצן לאַנד.

דאָס אַנטשטיין פון דער יידישער מדינה, שפּעטער די מלחמה אין יאָר

1967, האָט צווישן ברייטן יידישן עולם אַרויסגערופן אַ כוואַליע פון נאַציאָ־נאַליזם און שאָוויניזם, וואָס ווערט געפּלעגט און באַווירקט דורך דער מדינה, דורך אירע אַפּאַראַטן, דורך כלערליי ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס.

עס איז איבעריק צו באַווייזן, ווי שעדלעך עס זענען פאַר דער געזעל־שאַפט שאָוויניסטיש־נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען. קיין וואָרט פון קריטיק וועגן ציוניזם און מדינת ישראל ווערט נישט פאַרטראָגן אין קיין שום קרייז, אין דער יידישער געזעלשאַפט. אַלץ איז גוט, אַלץ איז פיין, אַפילו די ישראל־פּרעסע, וועלכע שפּיגלט געוויינלעך אָפּ סיי די פּאָזיטיווע און סיי די נעגאַטיווע דערשיינונגען אין דער מדינה, ווערט נישט גענומען אין באַטראַכט. ווער עס וואַגט צו קומען מיט אַ וואָרט קריטיק, ווערט פאַרשריגן ווי אַ שונא ישראל.

די יידישע געזעלשאַפט, באַווירקט דורכן ציוניסטישן אַפּאַראַט, איז אַריינגעצויגן אין אַקטיוויטעטן אויסשליסלעך פאַר מדינת ישראל. במילא גייט דאָס אויפן חשבון פון די אָרטיקע יידישע אינטערעסן. עס איז אַ שטעקן מיט צוויי עקן: דער צווייטער עק שלאָגט צוריק. אַזאַ אָרגאַניזאַציע ווי דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד זעט אויך אויס גאַנץ נעבעכדיק. זיינע נאָכמיטאָג־שולן אויך דאָס זעלבע. ניי־אַנגאַזשירטע דירעקטאָרן באַ־ווייזן אויך נישט צוצוציען דעם יונגערן יידישן, ענגליש־רעדנדיקן עלע־מענט.

די זעלבע לאַגע איז אין אַרבעטער־רינג, וואָס מיט יעדן יאָר ווערן די געלט־זאַמלונגען פאַר פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, ווי דער יידישער אַר־בעטער־קאָמיטעט, "אָרט", "ייווא" אַלץ קלענער. פאַרן יידישן קולטור־קאָנגרעס ווערן שוין בכלל קיין אַקציעס נישט געפירט, און דאָס קומט אין רעזולטאַט פון אויסשליסלעכן אַנגאַזשירן זיך פאַר מדינת ישראל, אויפן חשבון פון אָרטיקע נויטן.

אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט איז פאַראַן אַ גרויסע יידישע אינטעליגענץ — אינטעלעקטועלע מיט ליבעראַלע און אַפילו סאָציאַליס־טישע אָנשויונגען. לעצטנס זענען דאָ אַ סך סימנים פון גרויסן אינטערעס, וואָס אָט דער עלעמענט ווייזט אַרויס פאַר יידישע פּראָבלעמען, אויך פאַר דער יידישער שפּראַך.

דאָס זעלבע אויך די סטודענטן. זיי זענען נישט קעגן דער מדינה, אָבער זיי זענען נישט פֿאַרכאַפּט מיט ציוניסטישע פּראָבלעמען, זיי זענען פֿאַראינטערעסירט אין דאָיקייט.

ביי די עקזיסטירנדיקע באַדינגונגען איז נישט דער נאַציאָנאַלער אַר־בעטער־פֿאַרבאַנד, נישט דער אַרבעטער־רינג קיין צוציונגס־קראַפֿט פֿאַר אַט די קרייזן. און ווידער דאָס זעלבע: פֿאַר די מענטשן מיט ליבעראַלע און אַפּילו סאָציאַליסטישע טענדענצן וואָלט דאָך דער אַרבעטער־רינג געקאָנט זיין דער פּאַסיקער פּלאַץ זיך אויסצולעבן געזעלשאַפֿטלעך. זיי וואָלטן דאָך געקאָנט זיין די קאָנטינואַטאָרן פֿון דער רומרייכער טעטיקייט פֿון אַרבעטער־רינג — ווען מען זאָל זיך נישט אַזוי שטאַרק אַנגאַזשירן אין ציוניסטישע אַקציעס.

די יידישע קאָמיוניטי־צענטערס (כמו קהילות) פֿון וועלכע אייניקע פירן אַ פֿאַרצווייגטע אַרבעט, הויפּטזעכלעך פֿאַר עלטערע מענטשן (סיניאָר סיטיזענס), אַן אַרבעט, וועלכע ווערט אין לאַנד גאַנץ שטאַרק געשטיצט דורך די רעגירונגס־קרייזן, ווי גימנאַסטיק, שווימען, כאָרן, אָרקעסטערס, פֿאַרשידענע קונסט־אַרבעט, וואָס מען לערנט דעם עלטערן עולם, לעקציעס אד״גל — איז אַ גאַנץ וויכטיקע אַרבעט צו פֿאַרטרייבן די פרייע צייט פֿון די עלטערע, נישט אַרבעטנדיקע מענטשן. אָבער, ווי געוויינלעך, ווערט אַלץ געפֿירט אין ענגליש און אין גייסט פֿון די אינטערעסן פֿון מדינת ישראל.

דאָס אָוועקגעבן די גאַנצע געזעלשאַפֿטלעכע ענערגיע אויסשליסלעך פֿאַר מדינת ישראל שלאָגט זיך זייער טרויעריק אָפּ אויף די אינטערעסן פֿון קאָנטינואירן דאָס יידישע לעבן דאָ אויפֿן אָרט. עס איז נישט שווער צו באַגרייפֿן פֿאַר די פֿירער פֿון דער מדינה, אַז דאָס שלאָגט זיך שוין איצט אָפּ אויף ישראל. אָבער די איינשטעלונג בלייבט די זעלבע — די תפוצות עקזיסטירן בלויז פֿאַר דער מדינה, ווי אַ קוואַל פֿון געלט און עליה.

אַזוי זעט אויס די ווירקלעכקייט אויף דער יידישער גאַס. זענען אַט די פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכע שטימונגען כאַראַקטעריסטיש בלויז פֿאַר איין שטאָט? ניין, דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אַנדערע שטעט אין די פֿאַר־אייניקטע שטאַטן, און אויך פֿאַר קאַנאַדע און פֿאַר די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער.

כמעט אַלע יידישע קרייזן, אויך דעם אַ״ג יידישן אַרבעטער־סעקטאָר, האָבן זיך געשטעלט אין דינסט פון ציוניזם אויפן חשבון פון אָרטיקן לעבן. עס ווערן געריסן שטיקער פון יידישן לעבן אין די תפוצות. דאָס באַשווערט דאָס אָנהאַלטן דעם המשך פון יידישן לעבן דאָ, דאָס יידישע לעבן, וואָס שטייט פאַר שווערע פּראָבלעמען פון פולשטענדיקער אַסימילאַציע.

כאַראַקטעריסטיש איז, אַז אויף די שפּאַלטן פון דער ישראל־פּרעסע הערסטו פון צייט צו צייט אַלאַרמירנדיקע שטימען קעגן אַזאַ פּאָליטיק. קורצזיכטיק איז די פּאָליטיק פון די ציוניסטישע טוער, פון די ישראל־פירער, פון אירע שליחים, וועלכע באַווירקן אָט די שטימונגען.

# ישראל און די אַמעריקאַנער פּרעזידענטן־וואַלן

שוין גאַנץ לאַנג ווי עס לאָזט זיך פילן אַן אומצופרידנהייט אין די היגע פירנדיקע יידישע קרייזן צוליב דעם, וואָס מדינת ישראל מישט זיך שוין צופיל אַריין אין די פּראָבלעמען פון אינערלעכן יידישן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

אויף דעם לעצטנס־אָפּגעהאַלטענעם צוזאַמענפאָר פון ״אַמעריקאַנער יידישן קאָמיטעט״, איינע פון די פירנדיקע יידישע אָרגאַניזאַציעס, האָט דער עקזעקוטיוו־וויצע־פּרעזידענט אָנגעוויזן, אַז ״עס אַנטוויקלען זיך אומצופרידנקייטן צווישן יידן אין אַמעריקע אין שייכות מיט דער שטעלונג פון מדינת ישראל צו די יידן אויף דער וועלט״.

די פירער פון ״אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע״ זענען אומצופרידן מיט דעם, וואָס די איינשטעלונג פון דער מדינה איז ״צו מאַכן יידן אין אַמעריקע פילן, אַז דאָס וואָס ישראל וויל, דאַרף אויך וועלן דאָס אַמעריקאַנער יידנטום״. דער צוזאַמענפאָר האָט אַוועקגעשטעלט דאָס פּראָבלעם אַזוי: ״צי דאַרף דאָס אַמעריקאַנער יידנטום אָננעמען געהאָרכזאַם פאַר גוט אַלץ וואָס ישראל טוט?״

שרייבט דער ״יידישער קעמפער״ (די אויסגאַבע פון די פּועלי־ציון אין אַמעריקע) דעם 16־טן יוני ה. י. אונטערן קעפּל: ״פּרעזידענט ניקסאָן

און זיין באַציונג צו ישראל״ וועגן דער הילף אויף פאַרשידענע געביטן, וואָס ישראל האָט באַקומען פון אַמעריקע, ספּעציעל געווער, פאַר דער צייט זינט ניקסאָן איז פּרעזידענט.

אין אַרטיקל ווערט אויך אָנגעוויזן, אַז דער ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן, יצחק ראַבין, שטרייכט אונטער, אַז קיין שום פּרעזידענט ביז ניקסאָנען האָט נישט אַרויסגעוויזן, און איז נישט געקומען מיט אַזוי־פיל הילף פאַר ישראל, ווי ער.

עס ווערט אָנגעוויזן, אַז ניקסאָן איז גוואַלטיק פּאָפּולער אין ישראל, העכער 70 פּראָצענט פון די אויסגעפרעגטע יידן דאָרטן ווילן אים פאַר דעם אַמעריקאַנער פּרעזידענט, אַז די יידן אין אַמעריקע דאַרפן שטימען פאַר ניקסאָנען. דאָס האָט אַרויסגערופן מיינונגס־פאַרשידנהייטן אין דער ישראלדיקער עפנטלעכקייט. עס ווערט אַלץ קלאָרער, אַז ראַבין אין וואַשינגטאָן לאַנסירט דעם באַדן, אַז די היגע יידן זאָלן שטיצן די קאַנדידאַטור פון רעפּובליקאַנער קאַנדידאַט ניקסאָן.

דאָס אַלץ רופט נאַטירלעך אַרויס דיסקוסיעס אין דער אַמעריקאַנער יידישער געזעלשאַפט. געוויסע יידישע קרייזן אָרגאַניזירן שוין קאַמפּיינס פאַר ניקסאָנען. דאָס דערמאָנטע אַרטיקל אין ״יידישן קעמפער״ פאַרענדיקט זיך אַזוי: ״צי מעג אָבער ישראל, אַפילו אומאָפיציעל, בעטן אַמעריקאַנישע יידן, אַז זיי זאָלן אָוועקלייגן אַלע אַנדערע חילוקי־דעות אין אַ זייט און קעמפן פאַר דער ווידער־אויסוויילונג פון פּרעזידענט ניקסאָן, אין זכות פון זיין באַציונג צו ישראל ?״

שרייבט דער ״פאָרווערטס״־קאָרעספּאָנדענט אין וואַשינגטאָן, משה פרענק, דעם 15־טן יולי: ״דער ״וואַשינגטאָן פּאָסט״ (אַ ליבעראַלע צייטונג — ש.ש.) איז אַרויס מיט אַ שאַרפן לייט־אַרטיקל, אין וועלכן זי האָט באַצייכנט ראַבינען אַלס ״ישראלס נישט־דיפּלאָמאַטישער דיפּלאָמאַט״. אין די קרייזן פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי איז מען שטאַרק אומצופרידן מיט דער שטעלונג פון ישראל־אַמבאַסאַדאָר, אין די יידישע קרייזן פילט מען זיך אין אַ פאַרלעגנהייט״.

דער באַקאַנטער טעלעוויזיע־קאָמענטאַטאָר ק. סמיט האָט דעם 25־טן יולי אונטערגעשטראָכן צוו. אנד., אַז ״ניקסאָנס באַזוך אין מאָסקווע און

כינע, סאַדאַטס רעזיגנאַציע פון וויכטיקער הילף פון רוסלאַנד, די פּאָליטיק פון ישראל פאַר ניקסאָנען — דאָס אַלץ שפּילט־צו ניקסאָנען״.

דער טעלעפאָן־געשפּרעך צווישן גאָלדע מאיר און פּרעזידענט ניקסאָן, וואָס איז טראַנסמיטירט געוואָרן אין דער טעלעוויזיע דעם 26־טן יולי, שאַפט אויך דעם איינדרוק ווי אַ פּראָ־ניקסאָן־קאַמפּיין, טראָץ דער פריער־דיקער דערקלערונג פון גאָלדע מאיר, אַז ישראל מישט זיך נישט אין די אינערלעכע ענינים פון אַמעריקע.

אין אַ ווייטערדיקן אַרטיקל פון 23־טן יוני ה. י. שרייבט ״דער יידישער קעמפּער״ צוו. אַנד., אַז ״ישראל־יידן קוקן קרום אויף יענע יידן אין אַמעריקע, וועלכע זענען טעטיק אין אַנטי־מלחמה־באַוועגונג אין וויעטנאַם (דאָס מיינט קעגן ניקסאָנען — (ש. ש.). שטעלט זיך די פראַגע: וויבאַלד אַזוי, מיינט דאָס, אַז זיי זינדיקן דערמיט קעגן די לעבנסוויכטיקע אינטערעסן פון ישראל?״ עס ווערט דערביי ציטירט אַן אַרטיקל פון אַ געוועזענעם ישראל־מיניסטער און אלוף, משה כרמל, וועלכער שרייבט אויף די שפּאַלטן פון ״ידיעות אחרונות״ וועגן דאָס גוטע, וואָס ניקסאָן האָט געטאָן פאַר ישראל.

אַוודאי האָט ניקסאָן אַלץ געטאָן, ווייל עס איז אין הסכם מיט די אַמעריקאַנער אינטערעסן, בפרט נאָך ווען די הילף פאַר ישראל פאָדערט נישט פון אים צו שיקן אפילו קיין איין אַמעריקאַנער זעלנער. צי מיינט דאָס אָבער, פרעגט דער גענעראַל, ״אַז יידישע בירגער פון די פאַראייניקטע שטאַטן, אַז זייער שטעלונג צו די פּראָבלעמען פון זייער לאַנד זאָל בלויז באַשטימט ווערן אין הסכם מיט ישראלס אינטערעסן, אַפילו ווען דאָס איז קעגן זייערע באַדערפענישן ווי אַמעריקאַנער בירגער?״

און ווייטער: ״צי קאָן עמעצער אין ישראל שטרעבן דערצו, אַז ביי מיליאָנען יידן אין אַמעריקע זאָל צוגענומען ווערן דאָס רעכט צו האָבן אַ שטעלונג צו די האַרבע פּראָבלעמען פון זייער לאַנד? די יידן אין דער וועלט קומען נאָך די בקשות פון ישראל מיט אַ סך טריישאַפט, אָבער אויך צו דעם איז פאַראַן אַ גרענעץ״.

צו דעם לאָמיר נאָך צוגעבן אַ ידיעה פון ירושלים, אָנגעגעבן אין ״די שטימע״ פון מעקסיקע, דעם 7־טן יוני ה. י.: ״קרייזן אין ישראלדיקן אויסערן־מיניסטעריום האָבן שאַרף קריטיקירט דעם אַמבאַסאַדאָר יצחק

ראַבין צוליב זיינעם אַן אינטערוויו, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין "הארץ". זיי באַטראַכטן דעם אינטערוויו אַלס באַליידיקונג פאַר די פאַריקע ישראל־אַמבאַסאַדאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. זיי טענהן, אַז אין זיין אינטערוויו האָט ראַבין איראָניזירט פון די "פראָפעסיאָנעלע דיפלאָמאַטן" אין ירושלים, "וועלכע באַשעפטיקן זיך מיטן דיפלאָמאַטישן פראָטאָקאָל".

אין אינטערוויו ווערט געזאָגט, אַז ביז ראַבינס אָנקומען קיין וואַשינגטאָן איז "די ישראל־אַמבאַסאַדע געווען אַזוי ווי אַן אָפטיילונג פון דער יידישער אַגענץ. ווען מען האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַן ערנסטן פראָבלעם, פלעגט מען מאָביליזירן חשובע יידן, זיי זאָלן אינטערווענירן אין ווייסן הויז לטובת ישראל. ראַבין האָט אָט דעם דאָזיקן מנהג אָפגעשאַפט. ראַבין ווערט אויך קריטיקירט צוליב זיינע אָנדייטונגען, אַז ער שטיצט די רעפובליקאַנער בשייכות מיט די פרעזידענט־וואַלן".

ווי באַקאַנט, עקזיסטירט דאָ נישט קיין יידישער "וואָוט" (יידן זאָלן שטימען בלויז פאַר יידן). יידן שטימען פריער פאַר אַלעמען פאַר דעם פאַסיקן קאַנדידאַט, אַפילו אָפט פאַר אַ נישט־ייד קעגן אַ קאַנדידאַט אַ ייד. אָבער עס איז גוט באַקאַנט, אַז יידן אין זייער מערהייט שטימען אַלעמאָל דעמאָקראַטיש. עס איז נישט שווער פאַרויסצוזען, אַז אין די דעמאָקראַטישע און ליבעראַלע קרייזן דאָ אין לאַנד וועט די איינשטעלונג פון אַמבאַסאַדאָר ראַבין, פון ישראל־שליחים און פון היגע ציוניסטישע קרייזן אַרויסרופן אַ פאַרביטערונג צו די היגע יידן.

איז די אַלטע יידישע פראַגע: איז דאָס גוט פאַר יידן?

לאָמיר נאָך צו דעם צוגעבן ווייטערדיקס: צוויי פאַרשטייער פון דעם דעמאָקראַטישן פרעזידענט־קאַנדידאַט מעקגאַווערן, — סענאַטאָר פרענק טשוירטש און מאיר פעלדמאַן, געוועזענער ספעציעלער געהילף פון פרעזידענט קענעדי — זענען ספעציעל געפלויגן קיין ישראל ווו זיי האָבן געגעבן אַ פערזענלעכע פאַרזיכערונג דער ישראל־רעגירונג, אַז דער דעמאָקראַטישער קאַנדידאַט איז אַ פעסטער שטיצער פון ישראל...

## פראָבלעמען פון יידישער דערציונג

די עלטערן און זיידע־באָבעס פון די געבוירענע יידן אין אַמעריקע,

אָנקומענדיק מיטן שטראָם פון עמיגראַציע אין יענע יאָרן, האָבן נישט געהאַט קיין סך מעגלעכקייטן אָפּגעבן זיך מיט דער דערציונג פון זייערע קינדער. די נייע לעבנס־באַדינגונגען זענען געווען הימל־ווייט פון די באַדינגונגען אין דער אַלטער היים. זיי האָבן דורכגעמאַכט שווערע יאָרן אין די שוויץ־שעפּער. די קינדער זענען באַווירקט געוואָרן פון דער גאַס, פון דער אַרומיקער סביבה.

דער עצם פאַקט, וואָס די מעגלעכקייטן פאַר די יידישע קינדער אין דער נייער היים זענען די זעלבע ווי פאַר קינדער פון אַנדערע פעלקער, האָט פאַרכאַפּט און צוגעצויגן די קינדער און האָט אימפּאָנירט אויך די עלטערן. אין דער אַלטער היים איז דאָך דאָס אָנקומען אין אַ מלוכה־שול געווען אַ פּריווילעגיע, מערסטנס פאַר קינדער פון פאַרמעגלעכע עלטערן. אַזוי אַרום איז דער יונגער יידישער דור געבליבן אויפן אַמעריקאַנער באָדן כמעט אָן אַ וועלכער עס איז יידישער דערציונג. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז געקומען אַן ענדערונג אין דער פראַגע פון יידישער דערציונג פאַר די נייע דורות.

אין די רייען פון אַזאַ וועלטלעכער אָרגאַניזאַציע, ווי דער אַרבעטער־רינג אין אַמעריקע איז יאָרן־לאַנג אָנגעגאַנגען אַ דיסקוסיע וועגן שאַפן יידישע שולן. די איינשטעלונג ביי אַ טייל פירנדיקע יידישע אַרבעטער־טוער איז געווען, אַז דאָס שאַפן באַזונדערע יידישע שולן וועט זיין אַ מין קאָנקורענץ פאַר מלוכהשע פאָלקס־שולן און דאָס איז שוין נישט גוט פאַר יידן.

אָט די איינשטעלונג עקזיסטירט ביז היינט צוטאָג, און אויב עס מערקט זיך לעצטנס אַ טענדענץ ביי געוויסע עלטערן שאַפן אַרבעטער־רינג־טאָג־שולן, איז דאָס לויט דער איינשטעלונג פון די צענטראַלע קערפּערשאַפטן פון אַרבעטער־רינג, בלויז אַן ענין פאַר די דירעקט פאַר־אינטערעסירטע. די שטיצע קאָן זיין מצד די פירנדיקע אינסטאַנצן בלויז אַ מאָראַלישע.

ערשט אין יאָר 1916 האָט דער אַרבעטער־רינג באַשלאָסן שאַפן נאָכ־מיטאָג־שולן, אַזעלכע האָט מען אָנגעהויבן גרינדן אין יאָר 1918. אַ נעץ פון אַזעלכע שולן עקזיסטירן ביז היינט צוטאָג אין אַמעריקע און אין

קאַנאַדע. אָט די נאָכמיטאָק־שולן פון אַרבעטער־רינג, און אויך פון ציוניס־טישן אַרבעטער־פאַרבאַנד האָבן נישט פאַרכאַפּט קיין גרויסן טייל פון דער מיטגלידערשאַפט פון אָט די ביידע אָרגאַניזאַציעס. צום באַדויערן ווייזן זיי נישט אַרויס קיין טענדענץ פון וווקס און אַנטוויקלונג.

אַלס כלל איז דער ערשטער דור קינדער פון די געקומענע מעבר לים געבליבן אָן וועלכער עס איז יידישער דערציונג. די לעצטע יאָרן מערקט זיך אַ טענדענץ ביי דאָ געבוירענע עלטערן, וועלכע האָבן אַליין קיין יידישע דערציונג נישט באַקומען, יאָ געבן אַזאַ דערציונג זייערע קינדער.

אָט דער דראַנג איז אָן שום צווייפל אַ רעזולטאַט פון פאַרשטאַרקטע נאַציאָנאַלע געפילן, אַ פּראָצעס, וואָס גייט אָן שוין גאַנץ לאַנג. די לעצטע יאָרן איז דער פּראָצעס פאַרשטאַרקט געוואָרן. צום וואַגיקסטן האָבן דאָ געווירקט צוויי וויכטיקע מאָמענטן — דער יידישער חורבן און דאָס אנטשטיין פון מדינת־ישראל.

אָפּגעזען, וואָס דער חורבן לאָזט זיך דאָ אין די רייען פון די דאָ־געבוירענע שנעל פאַרגעסן, און וואָס די דאָ־געבוירענע דורות זענען קנאַפּ וואָס פאַרכאַפּט מיט ציוניזם, איז אָבער דער ווילן צו געבן זייערע קינדער אַ יידישע דערציונג יאָ פאַראַן. דער דראַנג צו געבן די קינדער אַ יידישע דערציונג נישט באַזיצנדיק אליין אַזאַ, פירט אָבער אין דער דערפאַרונג דערצו, אַז די עלטערן גיבן זיך נישט אָפּ, אין זייער ווייט גרעסטער מערהייט קיין חשבון, וואָספאַראַ דערציונג מען דאַרף געבן דעם קינד. די פאַרהעל־טענישן אין דער משפחה, ווען דער מאַן איז געוויינטלעך פאַרנומען מיט זיין באַשעפטיקונג, דעצידירט די מוטער. דער אויסוואַל איז געוויינטלעך נישט קיין פּרינציפּיעלער, נאָר צוליב באַקוועמלעכקייטן, ווייל די שול איז נאָענט, אָדער ווייל אין יענער שול גייען די קינדער פון אירע פריינט.

מיט קליינע אויסנאַמען איז שווער צו זאָגן מיט דער פולער זיכערקייט צי די עלטערן אַלס כלל אינטערעסירן זיך טאַקע מיטן פּראָבלעם אין וואָס באַשטייט די דערציונג, וואָס זייערע קינדער באַקומען אין דער יידישער שול.

עס וועט נישט זיין איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז מיטן בלויזן פאַקט, וואָס זיי שיקן זייערע קינדער אין אַ יידישער שול האָבן זיי שוין זייערע פליכטן

דערפילט, דער ווייטערדיקער פּראָצעס וועגדעט זיך שוין אין די לערער און אין דער אידעאָלאָגישער פּירערשאַפט פון דער באַטרעפנדיקער שול. דערביי איז וויכטיק צו געדענקען, אַז די שטוב, די אַרומיקע סביבה איז די טאָגטעגלעכע שפּראַך ענגליש. ביי אַזאַ אַטמאָספער, נאָך אַ טאָג אין דער מלוכהשער שול, האָבן די קינדער אַ קנאַפּן חשק גיין אויף די פּאָר שעה אין דער נאָכמיטאָק־שול. עס איז אַ נאַטירלעכער דראַנג צו זיין אויף דער גאַס, זיך טרעפן מיט חברים, פאַרנעמען זיך מיט ספּאָרט א.א.וו.

וועגן דער עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג פון די נאָכמיטאָק־שולן קאָנען זיין פאַרשידענע מיינונגען, אָבער ווען די לאָגע איז אַזאַ ווי זי איז — מוז מען לאָגישער אנערקענען, אַז בעסער זאָלן די יידישע קינדער באַקומען אַ קנאַפּערע יידישע דערציונג, איידער קיין שום דערציונג נישט אין יידיש.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן עקזיסטירט אַ קליינע נעץ פון יידישע טאָג־שולן, ווו עס ווערט דורכגעמאַכט דער פּראָגראַם פון מלוכה־שולן, און אַ געוויסע צאָל שעהן פאַר יידישע לימודים, די טאָג־שולן ווי די נאָכמיטאָק־שולן זענען אַלס כלל אונטער אַ געוויסער פּאָליטישער ווירקונג.

פּאָזיטיווע רעזולטאַטן קאָנען פאַרצייכענען די רעליגיעזע גרופּירונגען, אין זייערע ישיבות, ווו די אויסטייטשונגען פון תלמוד ווערט געפירט אין יידיש אַזוי ווי אין דער אַלטער היים אין יענע יאָרן אין די "חדרים". דעם שרייבער פון די שורות איז אויסגעקומען צו אָבסערווירן אין מאָנטרעאָל צ.ב., אַז נישט נאָר די אויסטייטשונגען, נאָר די תלמידים באַנוצן זיך בכלל מיט דער יידישער שפּראַך אין שול, אויפן הויף בעתן איבעררייס, און ווייל ווי געוויינטלעך האַלטן זיך די רעליגיעזע קרייזן צוזאַמען אין איין געגנט, הערט מען יידיש אין גאַס אויך אין הויז, אָבער די לעצטע יאָרן מערקט זיך אויך אַן ענדערונג אין די רעליגיעזע אָרטאָדאָקסישע שולן. וואָס ווייטער באַנוצט מען זיך מער מיט דער ענגלישער שפּראַך.

אַ געוויסן דערפאָלג אין שאַפן טאָג־שולן קאָנען פאַרצייכענען די איבריקע רעליגיעזע קרייזן, די רעפאָרמיסטן און ספּעציעל די קאָנסער־וואַטיווע. די שולן ביי די רעליגיעזע קרייזן עקזיסטירן געוויינטלעך ביי זייערע סינאַגאָגן, אַחוץ די אָרטאָדאָקסישע וועלכע האַלטן אָן די ישיבות,

ווייל די יונגע עלעמענטן ווינען געוויינטלעך אַרום די שטעט, ווערן דאָרטן געבויט יידישע צענטערס מיט סינאַגאָגן. די יידישע דערציונג ביי די רעפאָר־מיסטן און קאָנסערוואַטיווע ווערט אָבער אַלס כלל געפירט אין די זונטיק־דיקע טעג, די א.ג. "סאַנדיי סקולס" און אויפן שפּיץ מעסער. קוים וואָס מען האַלט די קינדער ביז דער בר־מצווה ביי יינגלעך. נישט בעסער איז מיט די מיידלעך. מיט דעם ווערט די יידישע דערציונג פאַרענדיקט.

מיטן אַנטשטיין פון מדינת־ישראל האָבן פאַראַנטוואָרטלעכע יידישע קרייזן געהאָפט, אַז עס וועלן זיך שאַפן באַדינגונגען פון ענגער צוזאַמענ־אַרבעט צווישן דער מדינה און די תפוצות; אַז עס וועלן איינגעשטעלט ווערן נאָענטע באַציונגען אויפן געביט פון פאַרשטאַרקן די יידישע דער־ציונג, די ווירקלעכקייט האָט צום באַדויערן געבראַכט דאָס פאַרקערטע. עס קומט נישט קיין שום הילף אויף דעם געביט. די מדינה האָט איבער־געטראָגן איר נעגאַטיווע באַציונג צו יידיש, וואָס ווערט אנגעהאַלטן אין לאַנד אויך אין די תפוצות. מדינת ישראל פירט אַן אקטיוון קאַמף צו באַזייטיקן יידיש און איינפירן העברעיש. אַלע מיטלען דערצו זענען כשר. מיט דער הילף פון שליחים און אָרטיקע ציוניסטישע פירער, מיט צושטעלן לערער פון ישראל ווערט באַזייטיקט יידיש פון די שולן און עס ווערט איינגעפירט העברעיש. אַלץ ווערט צוגעשפּיצט צו העברעיש. די רעזולטאַטן זענען אבער פאַטאַלע. יידיש ווערט טאַקע פאַרטריבן, אָבער העברעיש קלעפּט זיך נישט צו. אַזוי אַרום ווערט צוגעלייגט אַ האַנט נאָך מער צו פאַרשטאַרקן די אַסימילאַציע.

אָט די באַציונג צו יידיש רופט זיך אָפּ נישט נאָר פאַטאַל אין די תפוצות. עס וועט זיך אויך פאַטאַל אויסווירקן אויף דער מדינה. מיטן באַזייטיקן יידישע דערציונג ווערט די יונגט אין די תפוצות דערווייטערט נישט נאָר פון זייערע היימען, זיי ווערן אויך דערווייטערט פון די אינטער־רעסן צו מדינת־ישראל. אין אַזאַ שטאַט ווי לאָס אַנזשעלעס, דער צווייט־גרעסטער יידישער ישוב אין די פאַראייניקטע שטאַטן, — לויט די סטאַטיס־טישע ידיעות פון ביוראָ פאַר יידישער דערציונג, — ווערט די צאָל קינדער וואָס באַזוכן יידישע שולן וואָס ווייטער אַלץ קלענער. די זעלבע דער־שיינונג אין די אַרומיקע יידישע ישובים, ווי קאַנאַדע און מעקסיקע. עס

לערנען זיך איצט מיט הונדערט טויזנט קינדער ווינציקער אין אַלע יידישע שולן ווי מיט פינף יאָר צוריק.

די אַסימילאַציע פרעסט דעם יידישן קערפּער. געמישטע חתונות איז אַ מאַסן־דערשיינונג און לעצטנס אויך שמד.

די יידישע אָרגאַניזאַציעס אין די פּאַראייניקטע שטאַטן האָבן לעצטנס אויפגעהויבן אַן אַלאַרם. דער אַמעריקאַנער יידישער קאָמיטעט האָט לעצטנס באַשלאָסן דורכצופירן אַ ריי אָריגינעלע פּראָיעקטן פון געבן יידישע דער־ציונג צו די עלטערן וועלכע זענען ווייט פון יידישן וויסן.

אינטערעסאַנט איז דער פאָלגנדיקער פאַקט: אויף דעם יערלעכן צו־זאַמענפאָר פון "דזשאָינט" האָט דער גאַסט־רעדנער, דער וועלט־באַרימטער אַמעריקאַנער יידישער פידל־קינסטלער איזאַק שטערן, אין זיין מוסטער־האַפטער רעדע דערקלערט צוו.אַנד: "איך באַשולדיק נישט די יידישע עלטערן, וועלכע פאַרמאָגן נישט קיין גענוג גייסטיקן אינהאַלט צו באַ־איינפלוסן זייערע קינדער. די עלטערן זענען פרעמד פון יידישן וויסן און פון יידישע ווערטן..."

צי וועט זיך עפּעס ענדערן אין דער פראַגע פון יידיש־יידישער דער־ציונג. ווער ווייסט — הלוואי!

# פון ווילנער פאַרגאַנגענהייט

איך זע פאַר מיינע אויגן ווילנע, באַזונדערס אין פעריאָד צווישן ביידע וועלט־מלחמות, מיט אירע שטעט און שטעטלעך, ווו די מערהייט פון דער באַפעלקערונג איז געווען אַ יידישע. די רייכע, איינגעוואָרצלטע יידישע ווילנע, איר פעטער באָדן מיט אירע מילן, טאַרטאַקן און וואַלד־אונטער־נעמונגען, ציגל־פאַבריקן, בירפּראָדוקציע, באַקליידונגס־אונטערנעמונגען, אינדוסטריע, גרויסע האַנדלס־אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן באַשעפ־טיקט יידן און זיי מפרנס געווען. ווילנע מיט איר יידיש־וועלטלעכער קולטור, אַ נעץ פון יידישע פאָלקס־שולן, קינדער־היימען, ביבליאָטעקן, דערציונגס־אַנשטאַלטן פון ציש"א, "תרבות", "אָרט" א.א. און הילפס־אַנשטאַלטן, ווי בתי־יתומים און סאָציאַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. ווילנע, וואָס האָט געגעבן אַזאַ באַדייטנדיקן צושטייער צו דער יידישער קולטור־שאַפונג, דאָס יידיש געזעלשאַפטלעך לעבן אין ווילנע.

אַ גאַנצע פּלעיאַדע יידישע שרייבער, שול־ און קולטור־טוער איז געווען טעטיק אין ווילנע ווי אויך אויסער ווילנע. אַ קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, קאָאָפּעראַטיווע פאָלקס־בענק, וועלכע האָבן געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָל אין יידישן עקאָנאָמישן לעבן אויף ווילנע און אין דעם אַלגעמיינעם ווירטשאַפטלעכן לעבן אין לאַנד. די בעלי־מלאכהס, געשעפטס־אַנגעשטעל־טע א.א. די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, דער "בונד", פּועלי־ציון, שטאַרקע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען מיט טויזנטער מיטגלידער פון אַלע פאַכן.

דאָס יידיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט געשפּרודלט אויף אַלע געביטן. די אַרבעטער, האַנטווערקער און די האַרעפּאַשנע מאַסן האָבן געפירט אַ שווערן קאַמף פאַר זייער עקזיסטענץ און טעטיקייט.

אין פעריאָד צווישן ביידע וועלט־מלחמות איז נאָר אין געוויסע מאָ־מענטן געווען מעגלעך פירן די אַרבעט נאָרמאַל און אומגעשטערט. אַלע

יאָרן זענען די יידן געווען אַן אָביעקט פון אָנגריף און קאַמף מצד פאַר־שידענע רעאַקציאָנערע כוחות אין פוילן.

די יידן איז אויסגעקומען שטענדיק צו פירן אַ האַרטנעקיקן קאַמף פאַר זייער עקזיסטענץ. שווערע יאָרן, אָבער יאָרן אויך פון קענטיקע רעזולטאַטן אויף אַ סך געביטן. נאַטירלעך איז דאָס פילפאַרביקע יידיש־געזעלשאַפטלעך לעבן אויף וואָלין נישט געווען קיין אינדזל, נאָר אַ טייל פון דעם אַלגעמיינעם יידישן לעבן פון דעם דריי און האַלב־מיליאָניקן יידישן ישוב אין פוילן.

דאָס אַלץ איז דורך דער היטלעריסטישער בעסטיע פולשטענדיק פאַרניכטעט געוואָרן, מיטן וואָרצל אַרויסגעריסן. אַ גרויסן חלק אין דעם האָט די אוקראַאינישע באַפעלקערונג, די שכנים, מיט וועלכע יידן אויף וואָלין האָבן מיטגעלעבט יאָר־הונדערטער, צוזאַמען געאַרבעט, געהאַנדלט, געוואַנדלט. זיי האָבן מיטגעהאָלפן די דייטשן.

עס איז נאָך עד היום נישט פאַראייביקט אין אַ פולער מאָס דער אָנדענק פון די וואָלינער יידן־קדושים. עס זענען כמעט נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן די מאַטעריאַלן און פאַקטן וועגן דעם העלדישן ווידערשטאַנד פון די וואָלינער יידן. די דערשינענע יזכור־ביכער וועגן פאַרטיליקטע וואָלינער ישובים זענען ערשט אַ טייל פון דעם, וואָס דאַרף נאָך געשריבן ווערן. נישט אומעטום אויף וואָלין זענען יידן געגאַנגען פרייוויליק צום אומקום. די פאַרטיזאַנער־באַוועגונג האָט אין אירע רייען געהאַט אַ סך וואָלינער. די אויסברוכן פון ווידערשטאַנד פון די יידן אויף וואָלין, וועמענס בלוט עס האָט איינגעזאַפּט די פעטע וואָלינער ערד, וועלן אַריין אין דער געשיכטע ווי גרויסע העלדנטאַטן.

די לעבן־געבליבענע פוילישע יידן האָבן נאָך דער מלחמה, אומאָפּהענגיק פון זייערע נייע וווין־ערטער, געהאַט די מעגלעכקייטן באַזוכן זייערע פאַר־מלחמהדיקע שטעט און שטעטלעך. אָבער די וואָלינער יידן זענען אויך אין דער הינזיכט געשטראָפט געוואָרן. וואָלין איז פאַרבליבן ביי רוסלאַנד, און די וואָלינער יידן האָבן נישט די מעגלעכקייט אָפּצוגעבן דעם לעצטן כבוד זייערע נאָענטסטע, אַזוי טראַגיש אומגעקומענע.

די וואָלינער זענען צעשפּרייט איבער אַלע וועלט־טיילן. זיי זענען

אַ טייל פון די יידישע ישובים. פיל פון די לעבנגעבליבענע, צוזאַמען מיט די אַלט־איינגעזעסענע ווילנער, באַטייליקן זיך אין די טעטיקייטן פון די ווילנער לאַנדסמאַנשאַפטן.

דאָס שאַפן אַ וועלט־פאַרבאַנד פון ווילנער אין ישראל, דאָס אָרגאַני־זירן די ווילנער איבער דער וועלט, איז אַ גוטער געדאַנק. עס איז צו האָפן, אַז די פּלענער פון פאַרבאַנד וועלן פאַרווירקלעכט ווערן. דאָס וויכטיקסטע דאַרף זיין — פאַראייביקן טויזנט יאָר יידיש לעבן אין ווילין.

# צום 8־טן יאָרטאָג פון די אומגעבראַכטע יידן אין ראָווגע*

צום אָנדענק פון מיין מוטער און 3 שוועסטער אומגעבראַכט אין ראָווגע.

הגם איך בין שוין פאַר דער מלחמה, 1939, געווען אַ שטענדיקער איינוווינער פון וואַרשע, האָב איך זיך דאָך אויך ווייטער געפילט, ווי אַ ווילנער.

דאָס אריבערטראָגן זיך קיין וואַרשע איז אויך נישט געקומען פריי־וויליק, נאָר אין רעזולטאַט פון אַ פאַראָרדנונג פון די מאַכט־אָרגאַנען פאַר פאַרשידענע פּאָליטישע חטאים. ראָווגע מיין היימשטאָט, ווי בכלל ווילין, האָט נישט אויפגעהערט צו זיין מיר נאָענט.

איך זע פאַר מיינע אויגן ווילין, באַזונדערס אין דעם פעריאָד צווישן ביידע וועלט־מלחמות. די רייכע, יידישע ווילין. מיט אירע האַנדלס־שטעט, מיט אירע מילן, טאַרטאַקן און וואַלד־אונטערנעמונגען, די ביר־ברויערייען און צעגעלניעס, די גרויסע און רייכע האַנדלס־אונטערנעמונגען.

איך געדענק די צענדליקער און צענדליקער פאַרשידענע געזעלשאַפט־לעכע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס, די געזעלשאַפט "אָרט" מיט אירע שולן און וואַרשטאַטן אין ראָווגע, קאָוועל, סאַרנע א.א. שטעט. די געזעל־שאַפט פאַר יתומים־פאַרזאָרגונג מיט אירע אַנשטאַלטן פאַר קינדער, די

* אין די טעג פון 5־6 נאָוועמבער 1941 זענען אונטער דער שטאָט, אין די א.ג. "סאָסענקעס" אויסגעמאָרדעט, לעבעדיקערהייט באַגראָבן געוואָרן 17 טויזנט יידן פון ראָווגע.

יידישע קאָאָפּעראַטיווע בענק, וועלכע האָבן געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָל אין יידיש־ווירטשאַפטלעכן לעבן אויף וואָלין און אין דעם אַלגעמיין־ווירטשאַפטלעכן לעבן אין לאַנד. די האַנטווערקער־פאַריינען מיט זייערע טויזנטער מיטגלידער פון אַלע יידישע פאַכן.

די אַרבעטער־באַוועגונג פון אַלע שאַטירונגען, וועלכע ציט איר טראַדיציע פון 1905, דער "בונד", די "פאַרייניקטע" און שפּעטער די קאָמוניסטן.

די שטאַרקע און צעוואַקסענע פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־באַוועגונג, די צענדליקער פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון שניידער, לערער, בוי־אַרבעטער, די שטאַרקע פּראָפעסיאָנלע פאַריינען פון די האַנדלס־און ביורא אָנגעשטעלטע א. אנד.

דאָס יידישע געזעלשאַפטלעך לעבן האָט געשפּרודלט אויף אַלע געביטן אין וואָלין. עס איז אָבער נישט געווען קיין לייכט לעבן. די אַרבעטער, די האַנטווערקער און די האַרעפּאַשנע מאַסן האָבן געפירט אַ שווערן קאַמף פאַר זייער עקזיסטענץ.

אין דעם פּעריאָד צווישןביידע וועלט־מלחמות איז נאָר אין קורצע מאָמענטן געווען די מעגלעכקייטן פירן די אַרבעט נאָרמאַל און אומגעשטערט. אַלע יאָרן זענען די יידן געווען אַן אָביעקט פון אָנגריף און קאַמף מצד די פאַרשידענע רעאַקציאָנערע כוחות אין פּוילן. עס איז געפירט געוואָרן די ספּעציעלע קרעסן־פּאָליטיק.

די יידישע אַרבעטער, די יידישע האַרעפּאַשניקעס איז אויסגעקומען שטענדיק צו פירן אַ האַרטנעקיגן קאַמף פאַר זייער עקזיסטענץ. שווערע יאָרן, אָבער יאָרן פון דערפאָלגרייכע רעזולטאַטן אויף אַלע געביטן.

דער ערשטער אָנגריף פון די דייטשן נאָך דעם אַנפאַל אויפן סאָוויעטן־פאַרבאַנד אין יאָר 1941 איז געמאַכט געוואָרן אויף וואָלין, די יידן אין לודמיר (וולאַדימיר־וואָלינסק) און לוצק זענען געווען די ערשטע קרבנות.

די דייטשע מערדער האָבן מיט דער הילף פון די אוקראַינער אומגעבראַכט די יידן אויף וואָלין.

די שחיטה דעם 5־6־טן נאָוועמבער 1941 אין ראָוונע איז געווען די שוידערלעכסטע. עס איז נאָך עד־היום נישט פאַראייביקט געוואָרן דער אָנדענק פון די הונדערטער טויזנטער יידן־קדושים אויף וואָלין. אויף דעם

געביט איז כמעט גאָרנישט אויפגעטאָן געוואָרן. עס זענען נאָך אַפּילו כמעט נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן די מאַטעריאַלן און פאַקטן וועגן דעם העלדישן ווידערשטאַנד פון די וואָלינער יידן. אַ טייל איז יאָ פאַרעפנטלעכט אין ישראל דורך אַלע געז. טוער פון וואָלין.

עס איז באַקאַנט, וויאַזוי עס האָבן רעאַגירט די יידן אין שטעטל טושין ווען די דייטשן זענען צוגעטראָטן ליקווידירן דאָרט די געטאָ. די יידן האָבן די הייזער אונטערגעצינדן, מיט העק אַרויס קעגן די דייטשן. דייטשן זענען געפאַלן. אין דער בהלה זענען די יידן אין די וועלדער אַוועק. דאָס זעלבע אין מיזאָטש און אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך.

די פאַרטיזאַנער־באַוועגונג האָט אין אירע רייען געהאַט אַ סך וואָלינער העלדן. אַ הערא־יש קאַפּיטל איז די פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג פון דעם וואָלינער פאַרטיזאַן, אינזשיניער גאָלדינגער — דיאַדיאַ מישאַ, — וועלכער האָט זיך קונה שם געווען אַלס באַזונדערס דערפאָלגרייכער קעמפער.

פון די וואָלינער יידן זענען געבליבן לעבן די וועלכע האָבן אַדורכגע־מאַכט די מלחמה־יאָרן אין ראַטנפאַרבאַנד. אַזעלכע זענען אָבער צום באַ־דויערן זייער ווייניק. איינצלנע האָבן זיך געראַטעוועט פון די היטלער־מערדער און זייערע צוהעלפער די אוקראַאינישע פאַשיסטן. עס מעג דערביי דערמאָנט ווערן, אַז אַ סך מענטשלעכקייט ביים ראַטעווען יידן אויף וואָלין האָבן אַרויסגעוויזן די טשעכן, וועלכע האָבן אין צענדליקער טויזנטער געוווינט אויף וואָלין.

נאָך דער מלחמה, צוזאַמען מיט די יידן, מיטן שטראָם רעפּאַטריאַציע פון רוסלאַנד זענען געקומען אויך קיין פּוילן די רעשטלעך פון די וואָלינער יידן.

די ערשטע צייט אין נאָכמלחמהדיקן פּוילן באַטייליקן זיך וואָלינער אויס טראַדיציע, אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, אין אַ גאַנצער ריי אינסטי־טוציעס, קאָאָפּעראַטיוון א. אנד.

די פּוילישע ערד ברענט אָבער אונטער די פיס. דער גרעסטער טייל וואָלינער, פּונקט אַזוי ווי אַלע יידן אין פּוילן, מיטן געדאַנק צו לויפן אין דער וועלט אַריין, פאַרלאָזן פּוילן אויף פאַרשידענע וועגן.

די וואָלינער ספּעציעל פילן זיך, ווי אָפּגעריסענע פון שורש. דאָס רעשטל

לעבנגעבליבענע וואַלינער ווערט צעזייט איבער דער גאָרער וועלט. אַלע וואַלינער יידישע טראַדיציעס זענען איבערגעריסן, נישט אין ראַטנפאַרבאַנד קאָנען זיי ווייטער אָנגעהאַלטן ווערן. געוועזן און נישטאָ מער.

עס בלייבט אָבער דאָס איינציקע — אַפּעלירן צו די לעבן־געבליבענע געוועזענע געזעלשאַפטלעכע טוער אויף דער וועלט צו פאַראייביקן דאָס פאַרמלחמהדיקע יידישע וואָלין, דאָס קאָן געטאָן ווערן מיט אַרויסגעבן אַ מאָנאָגראַפיע פון וואָלין אין וועלכער עס זאָלן זיך באַטייליקן וואָס מער וואָלינער שרייבער, קולטור־טוער, אַרבעטער־טוער א. אנד.

# די יידן אין ראָוונער שטאָטראַט

(דערינערונגען וועגן יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ראָוונע)

די באמת דעמאָקראַטישע וואַלן צו די שטאָטראַטן אין פוילן זענען פאָרגעקומען אין די יאָרן 1927—1928. די שטעט און שטעטלעך אויף וואָלין האָבן אַלס כלל געהאַט אַ יידישע מערהייט. לויט די אָפיציעלע סטאַטיסטישע ידיעות פון יענע יאָרן, האָט די באַפעלקערונג אין ראָוונע געציילט איבער זעכציק טויזנט נפשות. אין ראָוונער מאַגיסטראַט איז געוועזן אָנגענומען, אַז יידן באַטרעפן אַרום 75 פּראָצ. פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, דאָס האָט געמיינט, אַז די צאָל יידן אין ראָוונע האָט באַטראָפן אַרום 45 טויזנט.

ראָוונע האָט געשמט מיט איר רייכן, פילזייטיקן, יידישן, פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. אַלע פּאַרטייען אויף דער יידישער גאַס אין פוילן זענען געוועזן טעטיק אין ראָוונע. צו די שטאָטראַט־וואַלן אין דערמאָנטן פעריאָד האָבן זיך געשטעלט אַלע עקזיסטירנדיקע פּאַרטייען. עס איז געפירט געוואָרן אַ העפטיקער צווישנפּאַרטייאישער קאַמף. עס זענען געשאַפן געוואָרן וואַלבלאָקן, עס זענען געווען אויך א. ג. "ווילדע ליסטעס" פון איינצעלנע פּערזאָנען.

אַ קאַמף איז אויך פאָרגעקומען אין די רייען פון דער ראָוונער אַרבעטער־באַוועגונג. באַזונדער האָבן אַרויסגעשטעלט אַ ליסטע די קאָמוניסטן, א. נ. "די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען", אייגנטלעך האָט דאָס געמיינט די יידישע קאָמוניסטן, הגם אויף זייער ליסטע האָט אויפן ערשטן אָרט

פיגורירט אַ פּאָליאַק, אַ צווייטע ליסטע: „בונד און די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען״.

אין די וואַלן האָבן זיך באַטייליקט די פּאָליאַקן, רוסן און אוקראַינער. עס איז כדאי דערמאָנען, אַז פּאָליאַקן אויף וואַלין האָבן געציילט נישט מער ווי 7 פּראָצ. פון דער גאַנצער באַפעלקערונג.

אויף דער יידישער גאַס האָט אַ גרעסערע צאָל ראַטמענער דורכגעפירט דער „ציוניסטישער בלאָק״ מיט אַ צאָל פּראָמינענטע געזעלשאַפטלעכע טוער. ראַטמענער האָבן דורכגעפירט די קליינהענדלער, אויך די האַנט־ווערקער, וועלכע זענען געגאַנגען באַזונדער צו די וואַלן. די ליסטעס פון די קאָמוניסטן און „בונד״ האָבן דורכגעפירט צו צוויי, צוזאַמען פיר ראַט־מענער.

גאַנץ נאַטירלעך, אַז אין שטאָט־ראט האָבן יידן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מערהייט, און עס וואָלט געווען גאַנץ נאַטירלעך און נאָרמאַל, אַז אַ ייד זאָל אויך אויסגעוויילט ווערן אַלס דער שטאָט־פּרעזידענט. דאָס וואָלט אָבער נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם אַנטיסעמיטיזם ביי די אַרומיקע נישט־יידן, און די העכערע מאַכט־אָרגאַנען וואָלטן שוין געפונען מיטלען וויאַזוי פּסלען די וואַלן.

אַזאַ לאַגע אין געווען אין פיל אַנדערע שטעט אין פּוילן. ווי אומעטום, האָבן די יידן אין ראָוונע, נישט פּרעטענדירט אויף דעם אַמט פון שטאָט־פּרעזידענט, און געשטיצט די קאַנדידאַטור פון פּאָליאַק. אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג אָבער, עס הייסט אין מאַגיסטראַט, איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס וויצע־שטאָט־פּרעזידענט דער ייד, אינזשיניער אברהם קאַנעוויטש.

אַ דאַנק די כוחות־פאַרהעלטעניש אין צוזאַמענשטעל פון שטאָט ראַט־האָט זיך געשאַפן אויך אַ מעגלעכקייט פון אויסוויילן אַ ייד אַלס לאַווניק (מיטגליד אין מאַגיסטראַט). עס איז געשאַפן געוואָרן אַ בלאָק פון ביידע אַרבעטער־ליסטעס. צו דעם בלאָק איז צוגעשטאַנען דער ראַט־מאַן פון דער ליסטע פון „לאָקאַטאָרן (שכנים) פאַריין״ — שמחה פּלאַט, דער דירעקטאָר פון דער יידישער פאָלקס־באַנק, וועלכער לעבט לעצטנס אין באָסטאָן. מיט דער שטיצע פון די האַנטווערקער און קליינהענדלער, וואַרשיינלעך אויך, מיט עטליכע שטימען פון ציוניסטישן בלאָק, איז אַלס

לאָווניק אויסגעוויילט געוואָרן דער בונדיסט זלמן גארין. מיט דעם האָט זיך במילא פארגרעסערט מיט איין ראַטמאַן די אַרבעטער־פראַקציע, וועמענס ערשטער קאַנדידאַט איז געווען מרדכי נעכעס פון ״בונד״.

גאַנץ נאַטירלעך, אַז אויפן באָדן פון ראָוונער שטאָטראַט, ביים באַהאַנדלען ריין־שטאָטישע פּראָבלעמען, זענען אָפט געקומען צום אויסדרוק, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען אין לאַנד, די באַציונג צו די יידן א. דגל.

מען דאַרף פעסטשטעלן, אַז די האַנדלונגען פון די יידן, פאָרשטייער פון אַלע ריכטונגען סיי אין שטאָטראַט, אויך אין מאַגיסטראַט, זענען אַלעמאָל געווען אויף אַ ניוואָ אין פאַרטיידיקן די יידישע אינטערעסן, דעם יידישן כבוד. די טאָג־טעגלעכע אינטערווענצן פון די יידישע ראַטמענער אין ענינים פון איינצעלנע יידישע בירגער האָט אַ סך פאַרלייכטערט די שטייערן און אַנדערע פּראָבלעמען פון פיל יחידים. צווישן די ראַטמענער האָבן זיך מיט דער צייט אויסגעטיילט זאַכקענער אויף פאַרשידענע געביטן פון שטאָטווירטשאַפט.

עס איז ראוי ביי דער געלעגנהייט אויסצוטיילן נעמען פון אייניקע כאַראַקטעריסטישע טוער פון ראָוונער שטאָטראַט, אָבער די לעצטע פּאָר יאָר ערב דער מלחמה, ווען איך בין צוליב פּאָליטישע זינד אַרויסגעשיקט געוואָרן פון ראָוונע, די איבערלעבונגען אין די מלחמה און נאָכמלחמה יאָרן, האָבן אויסגעשלאָסן פון זכרון אַ סך נעמען.

איך וועל דאָך דערמאָנען נאָר אייניקע: אייזיק בריק, אַ פּראָמינענטער ציוניסטישער טוער. צוויי אייגנאַרטיקע טוער, וואָלקע זיבעס, אַריין אין שטאָט ראָט אויף אַ ליסטע פון דער וואָליאַנער לינת־הצדק, איינער פון די לעצטע פון דער ראָוונער אַריסטאָקראַטיע — זוסיע בראַקער, אויך מרדכי נעכעס, דער זאַכקענער פון שטאָטישן בודזשעט.

די ראָוונער פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען האָבן אויסגעטיילט צוויי טוער בכדי מיטאַרבעטן מיט דער אַרבעטער־פראַקציע אין שטאָטראַט. דאָס זענען געווען דער אָרגאַניזאַטאָר און אָנפירער פון די יידישע קאָמוניסטן — ברוך גאַלפּערין, און דער שרייבער פון די שורות. ברוך גאַלפּערין איז שפּעטער פאַרמשפּט געוואָרן אויף 8 יאָר טורמע. געניסנדיק פון דער אַמנעסטיע, איז

ער אָפּגעזעסן נאָך 6 יאָר. אין די מלחמה־יאָרן געשטאָרבן פון הונגער אין אַ קאָלכאָז אין רוסלאַנד. איינער פון די קאָמוניסטישע ראַטמענער מרדכי (מיטיע) שניידער, איז אויך אָפּגעזעסן אַן אורטייל פון 4 יאָר, ארויסגעשיקט געוואָרן פון ראָוונע, געלעבט אין לוצק פאַר דער מלחמה און דאָרט געשטאָרבן.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, פון דער א.ג. סאַנאַציע־הערשאַפט אין פוילן, זענען די דעמאָקראַטישע געזעצן פאַר די שטאָטראַטן געוואָרן שטאַרק איינגעשרומפּן, דאָס האָט זיך אויך במילא אָפּגערופן אויף דער יידישער רעפּרעזענטאַנץ.

# געשיכטע פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין ראָוונע

1. ראָוונע אין דער ווירטשאַפט פון לאַנד.

אין ווירטשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד — פריער רוסלאַנד און אין צווי־שנפּעריאָד פון ביידע וועלט־מלחמות — פּוילן, האָט די שטאָט ראָוונע פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט אין דער קליין־אינדוסטריע און באַזונדערס אין דער אַנטוויקלונג פון האַנדל. ראָוונע איז תמיד באַטראַכט געוואָרן אַלס א. ג. פאַרמיטלערין צווישן די געביטן פון רוסלאַנד און פּוילן, וואָס זענען אַמאָל געווען אונטער דער הערשאַפט פון צאַר. אָבער אין פּוילן גופא האָט ראָוונע זיך באַמיט אָנצוהאַלטן איר זעלבסט־אויסקום, הגם זי האָט אויך געקויפט פאַרשידענע אינדוסטריע־אַרטיקלען אין גאַנצן לאַנד.

די שטאָט איז געבענטשט געוואָרן מיט אַ גרויסער דאָרפישער סביבה, ווו די מערהייט איינוווינער אירע זענען געווען אוקראַינער, דייטשן און טשעכן. אַזוי אַרום האָט זי במילא געדינט אַלס צענטער פון דער פאַרשידענער לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע. וואַסער־און דאַמף־מילן, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער שטאָט און אויסער איר. האָבן איבערפּראָדוצירט ריזיקע קוואַנטומס תבואה אין וועלכער די אַרטיקע, ווי אויך די באַפעל־קערונג פון דער סביבה, האָט זיך גענייטיקט. אייניקע אַרטיקלען, ווי מעל און קלייען זענען אַפילו געגאַנגען פאַרן עקספּאָרט.

אין ראָוונע זענען אויך געווען עטלעכע צעגעלניעס, פאַבריקן פון ביר־ברויער, וויין און אַלקאָהאָל, ווי אויך אַ ריי גרעסערע און קלענערע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען. אַ ספּעציעלע פּאָזיציע האָט די שטאָט ראָוונע פאַרנומען אין דער האָלץ־פאַבריקאַציע, מיט אירע טאַרטאַקן. איבערהויפּט אָבער האָט זי זיך אויסגעצייכנט אַלס האַנדלס־צענטער מיט אַ ברייטער נעץ פון פאַרשידענע האַנדלס־אונטערנעמונגען. אייניקע אָנגעזעענע פיר־

מע אין לאַנד האָבן געשיקט אין ראָוונע זייערע סטאַבילע פאַרטרעטער און אויך דאָ געעפנט זייערע פיליעס.

עס וועט נישט זיין איבערגעטריבן אונטערצושטרייכן, אַז בראש פון האַנדל איז געשטאַנען די טעקסטיל־בראַנזשע. עס איז גענוג צו זאָגן, אַז בלויז דורך איין עקספּעדיציע־ביוראָ („טשערקעס"), זענען געבראַכט געוואָרן קיין ראָוונע אַרום 5—6 וואַגאָנען מיט מאַנופאַקטור, יעדע וואָך. און דאָס איז נישט געווען די איינציקע עקספּעדיציע־ביוראָ אין שטאָט.

ראָוונע איז געווען איבעראַל באַוווּסט מיט איר באַקליידונגס־פּראָ־דוקציע. „טאַנדעט"־קליידער זענען פּראָדוצירט געוואָרן אין גרויסע קוואַנ־טומס סיי פאַרן אָרטיקן געברויך און סיי פאַר דער סביבה. איז קלאָר, אַז די פיל אונטערנעמונגען האָבן באַשעפטיקט הונדערטער אַרבעטער און באַאַמטע פון פאַרשידענע פאַכן.

2. פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט בעת דער ערשטער רעוואָלוציע אין יאָר 1905

דער אויסברוך פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד קומט אויך צום אויסדרוק אין ראָוונע און פאַרצייכנט אין יענע טעג אַ באַזונדער קאַפּיטל אין דער יידישער, ווי אויך אַלגעמיינער אַרבע־טער־באַוועגונג. די באַרימטע צוזאַמענטרעפן („סכאָדקי") און די בירזשעס (בירזשי), האָבן געהאַט זייער אויסווירקונג אין דער שטאָט און דערמיט האָט זיך אויך אָנגעהויבן די אָרגאַניזאַציע פון די יידישע אַרבעטער. דאָ זענען אויך רעגולירט געוואָרן פאַרשידענע אַרבעטס־סיכסוכים צווישן די אַרבעטער און די אַרבעטסגעבער. די „סכאָדקע" איז געווען דאָס אָרט, וווּ עס האָבן געזוכט הילף און פאַרשטענדיקונג סיי די אַרבעטער און סיי סתם מאַסן־מענטשן.

3. לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען.

אַ לעגאַלער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין איז אין ראָוונע געגרינדעט געוואָרן ערשט אין יאָר 1912. דאָס איז געווען די א.ג. „אָבשטשעסטוואָ פּריקאַזשטשיקאָוו" (פאַריין פון אנגעשטעלטע), וואָס האָט לויטן אַלגע־מיינעם סטאַטוט נישט געטראָגן קיין שום כאַראַקטער פון אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. (פאַר דער צאַרישער צייט איז עס בכלל נישט געווען דערלויבט),

נאָר געטראָגן אַ כאַראַקטער פון בלויז פילאַנטראָפּישער אַרבעט. און הגם דאָס איז נישט געווען קיין אָפיציעלער פאַריין איז די דאָזיקע אָרגאַני־זאַציע דאָך געשטאַנען אין די אויגן פון די אַרבעטסגעבער, ווי אַ סטראַ־שידלאָ. אויף אַ לעגאַלן אופן האָט די אָרגאַניזאַציע נישט געקאָנט פירן קיין שום אַרבעט צו פאַרבעסערן דעם עקאָנאָמישן מצב פון אירע מיט־גלידער. אָבער פּאַראַלעל מיט דער אָפיציעלער פאַרוואַלטונג איז געווען טעטיק אַן אומלעגאַלע קאָמיסיע, וועלכע איז באַשטאַנען פון עטלעכע פאַראַנטוואָרטלעכע עסקנים, און אָט די דאָזיקע קאָמיסיע האָט רעגולירט די סיכסוכים צווישן די אַרבעטער און די אַרבעטסגעבער.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די לעבנס־באַדינגונגען פון צאַרישן רוסלאַנד, אַז דער פאָרזיצער פון דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז אַגב באַשטאַנען בלויז פון יידן, האָט געדאַרפט זיין אַ קריסט.

די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע זענען געקומען פון די קרייזן פון די געהילפן אין די האַנדלס־אונטערנעמונגען, ווי אויך פון באַאַמטע, און דער „אומלעגאַלער" פאָרזיצער, שטערנבערג, איז געווען פון זייערע מענטשן — אַ בוכהאַלטער אין דער „ליי־און שפּאָר־קאַסע" אין ראָוונע. אַ געוויסע צייט האָט דעם דאָזיקן אַמט פאַרנומען שמחה פּלאַט, — אַ באַקאַנטער עסקן און שפּעטערדיקער דירעקטאָר פון פאָלקס־באַנק אין דער שטאָט. (איצט אין באָסטאָן, אַמעריקע). אויסער זיי, זענען געווען טעטיק די עסקנים: טאַבאַצקי (פון באַנק גאַלפּערסאָן), אהרון פּאָלישוק, רפאל שוואַרצמאַן, אברהם דון (פון לוריע־באַנק) און פיל־פיל אַנדערע וועמענס נעמען איך האָב שוין פאַרגעסן.

4. די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג אין צווישנפּעריאָד פון ביידע וועלט־מלחמות.

די מאַסן־באַוועגונג פון די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער אין ראָוונע איז אַנטשטאַנען ערשט נאָך דער רעוואָלוציע אין יאָר 1917, און איר איז עס באַשטימט געווען אַן אָנגעזעענע אויפגאַבע אין פּאָליטיש־געזעלשאַפט־לעכן לעבן פון דער שטאָט און סביבה, באַזונדערס אין די יאָרן ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ווי געזאָגט, האָבן די לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס רעגולירט פיל סיכסוכים צווישן די אַרבעטער און באַאַמטע מיט זייערע אַרבעטסגעבער. און ווירקלעך, כמעט אויף אַלע אַרבעטס־געביטן אויף דער יידישער גאַס זענען געהעכערט געוואָרן די לוינען, דער אַרבעטס־טאָג איז פאַרקלענערט געוואָרן און די באַדינגונגען זענען פאַרבעסערט געוואָרן.

מען דאַרף נעמען אין באַטראַכט די ספּעציפישע באַדינגונגען אין ווירטשאַפטלעכן לעבן פון די יידן. טראָץ דעם איז די באַוועגונג אונטער דער פּוילישער מאַכט זינט יאָר 1920 פאַרשטאַרקט געוואָרן. די צאָל פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען איז געשטיגן און דערגרייכט — צו אַ צאָל פון 14 פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, אָנגעשלאָסן אין צענטראַלע קערפּערשאַפטן. דערצו זענען די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין ראָוונע געווען פאַרייניקט אין ראַט, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען "ראַדאַ זוויאָנזקוו זאַוואָדאָוויך". און הגם צווישן די מיטגלידער זענען אויך געווען אוקראַינער, רוסן און פּאָליאַקן — זענען זיי אָבער בעיקר געווען יידישע פאַריינען, בראש פון וועלכע — ווי בראש פון דער "ראַדע" בכלל — זענען געשטאַנען יידישע טוער פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. צוליב דעם וואָרשיינלעך האָבן געלויערט אויף דער באַוועגונג כלערליי סכנות און רדיפות, און אירע אַקטיוויסטן האָבן אויף שריט און טריט זיך אָנגעשטויסן אויף שוועריקייטן און שטרויכלונגען.

בעיקר האָבן זיך פאַרשטאַרקט די רדיפות בעת דער רעאַקציאָנערער הערשאַפט פון די פּאָליאַקן. ווי אַ דאָרן האָט אויסגעזען אין זייערע אויגן די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־באַוועגונג. די מאַכט־אָרגאַנען האָבן שפּיאָנירט די פאַריינען און זייערע אַקטיוויסטן. איבערהויפּט האָט זי עס געטאָן אין ראָוונער קרייז, וואָס איז נאָנט געווען צו דער רוסישער גרענעץ. דאָ האָבן געהערשט געזעצן, וואָס האָבן דערמעגלעכט די מאַכט־אָרגאַנען צו פאַרביטערן דאָס לעבן פון די פאַריין־מיטגלידער און זייערע פירער, בפרט ווען דאָס רוב רעגירונגס־באַאַמטע זענען געווען אויסגעשפּראָכענע אַנטיסעמיטן. מיט די רדיפות און נגישות קעגן די פאַריינען און זייערע פירער, איז די פּוילישע רעגירונג אויסן געווען בוכשטעבלעך צו ליקווידירן די גאַנצע באַוועגונג. די לעצטע יאָרן, פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז

געווען די טענדענץ צו צעשפּאַלטן די באַוועגונג און אויף איר אָרט שאַפן "געלע" פאַריינען אין גייסט פון דער "סאַנאַציע".

דער עיקר האָבן די טוער פון דער יידישער באַוועגונג דערוועקט דעם כעס פון דער פּאָליטישער פּאָליציי צוליב דעם הלמאי אונטער די פליגל פון דער באַוועגונג זענען אויך אַרונטערגענומען געוואָרן קריסטן, אָבער דאָך האָט דער פּאָליציי זיך נישט איינגעגעבן אַריינפירן אַ קריגעריי און שפּאַלטונג אינערהאַלב דער באַוועגונג.

אַזוי איז געווען די לאַגע ביז די גרויסע אַרעסטן אין יאָר 1937, ווען מאַסנווייז זענען די פירער פון דער באַוועגונג אַריינגעזעצט געוואָרן אין די תפיסות. די דאָזיקע אַרעסטן האָבן דערוועקט ריזיקע אָפּקלאַנגען אין דער גאַנצער מדינה. דאַן זענען די קריסטן גלייך באַפרייט געוואָרן אָן אונטערשייד נאָר זיי זענען געוואָרנט געוואָרן נישט חברן זיך מיט די יידן, די מאַכט וועט שוין זאָרגן פאַר זיי. וואָס שייך די יידן, זענען אייניקע באַפרייט געוואָרן בתנאי, אַז זיי וועלן זיך מער נישט באַטייליקן אַקטיוו אין די פאַריינען, אָבער אַ גרעסערע צאָל הויפּט־פירער זענען איינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה. לגבי צוויי פון די לעצטע (דענענבערג און שיכאַטאָוו) זענען אָנגענומען געוואָרן ספּעציעלע מיטלען: זיי זענען פאַרשיקט געוואָרן אין טרויעריק־באַרימטן לאַגער קאַרטוז־בערעזע (דענענבערג איז נאָך דער באַפרייונג געשטאָרבן אין רעזולטאַט פון דער "באַהאַנדלונג", וואָס ער האָט דאָרט באַקומען, און וואָס האָט רואינירט זיין געזונט).

טראָץ אַלע רדיפות און אַרעסטן איז דאָך נישט איינגעבראָכן געוואָרן דער גייסט פון די פירער פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און די טעטיקייט איז פאָרגעזעצט געוואָרן. די באַוועגונג האָט ווידער באַהערשט דעם אַרבעטס־מאַרק, רעגולירט כלערליי סיכסוכים צווישן די אַרבעטער און זייערע אַרבעטסגעבער, סיי אויף אַן אינדיווידועלן אופן און סיי אויף אַ קאָלעקטיוון אופן. זי האָט אויך אָרגאַניזירט מאַסן־אַקציעס, און שטרייקן. צווישן אַנדערן האָט די באַוועגונג אַרויסגעוויזן איר גרויסע טעטיקייט בעת די מוניציפּאַליטעטן־וואַלן און איר שטים איז גוט געהערט געוואָרן אויך נאָכדעם אין שטאָטראָט. די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון די יידן זענען אויך טעטיק געווען בעת די וואַלן צו די יידישע קהילות מיט פּאָזיטיווע

רעזולטאַטן און איר אָנטייל צו די סיים־וואַלן צווישן דער אַלגעמיינער באַ־פעלקערונג איז שטאַרק מערקבאַר געווען.

אַזוי איז געוואָרן אַ טראַדיציע צו שטרייקן אין דעם טאָג פון 1־טן מאַי. די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען האָבן אין די 1־טע־מאַי־דעמאָנסטראַציעס געזען אַ פראַגע פון עקזיסטענץ און זייער אינטענץ איז געווען צו גיין בראש פון אָט די מאַרשן לכבוד דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטס־יום־טוב. גלייכצייטיק זענען דורך זיי אין יענעם טאָג אָרגאַניזירט געוואָרן פייער־לעכע אימפּרעזעס אין געשלאָסענע לאָקאַלן — נישט געקוקט אויף די רדיפות פון דער פּאָליציי. דער 1־טער מאַי האָט כמעט תמיד גורם געווען צו אַ בלוט־פאַרגיסונג אין די רייען פון די אַקטיוויסטן און אנטיילנעמער. עס האָט פּאַסירט, אַז אין ראָוונע האָבן אין 1־טן מאַי מאַרשירט נישט ווייניקער ווי 3.000 אַרבעטער און באַאַמטע — נישט טראַכטנדיק וועגן די רעזולטאַטן און שטערונגען.

אין יאָר 1925 איז אין ראָוונע געגרינדעט געוואָרן די קראַנקן־קאַסע. מחמת דער ספּעציפישער פּאָליטיק, וואָס איז געפירט געוואָרן אין די דאָזיקע גרענעץ־געביטן זענען די קראַנקן־קאַסעס געגרינדעט געוואָרן מיט אַ פאַר־שפּעטיקנג פון פיר יאָר. וואַלן צו די קראַנקן־קאַסעס אין די דאָזיקע געביטן זענען בכלל נישט געקומען אין באַטראַכט. די איינציקע שטרע־בונג פון דער באַוועגונג איז געווען — אַז די קראַנקן־קאַסע זאָל באַשעפּ־טיקן אַ באַאַמטן רעקאָמענדירט דורך די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. אַז דער דאָזיקער באַאַמטער זאָל למעשה דינען אַלס דער אומלעגאַלער פאָר־שטייער פון ראָוונער אַרבעטער און באַאַמטע און — אַז ער זאָל פאַרשטייט זיך זיין אַ ייד.

דאָ איז געווען גילטיק דער פּרינציפּ פון "אַרבעטס־רעכט". און ווירק־לעך, נאָך אַ לאַנגן משא־ומתן און פארהאַנדלונגען, איז דער ענין דערליי־דיקט געוואָרן. עס איז נאָמינירט געוואָרן אַ באַאַמטער לויט די רעקאָמענ־דאַציעס פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, אָט דער באַאַמטער — איז טאַקע געווען דער שרייבער פון די שורות. און אין משך פון דער צייט זענען אין דער קראַנקן־קאַסע באַשעפטיקט געוואָרן נאָך זיבן יידישע באַאַמטע. אין די באַדינגונגען פון יענע טעג איז עס געווען אַ ריזיקע דערגרייכונג. אין

דער הינזיכט איז ראַוונע געווען אַן אויסנאַם כמעט אין גאַנץ פּוילן.

די טאָג־טעגלעכע זאָרג פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג איז געווען געווידמעט אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, געהעריקע סאַניטאַרע באַדינגונגען און דגל. די באַוועגונג האָט אויך אַנטוויקלט אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט אויפן געביט פון קולטור, סיי מיט די אייגענע כוחות, ווי אויך מיט דער הילף פון די צענטראַלע אינסטאַנצן אין וואַרשע.

רעפּעראַטן און אַנדערע קלטור־אימפּרעזעס מיט דער באַטייליקונג פון באַוווסטע עסקנים אין דער פּאָליטיש־קולטור־באַוועגונג אין לאַנד, זענען געווען אַ געוויינלעכע דערשיינונג. די דאָזיקע אימפּרעזעס האָבן תמיד דער־וועקט אַ פּאָזיטיוון אָפּקלאַנג צווישן דער אָרטיקער באַפעלקערונג. איז געווען נאַטירלעך, וואָס אַלע פּאָליטישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זענען געווען טעטיק אויף דער יידישער גאַס האָבן זיך באַמיט צו באַווירקן די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין שטאָט. אויף דעם געביט האָט דער ״בונד״, די קאָמוניסטן, ״פּועלי־ציון״, ווי אויך אַנדערע פּאַרטייען און באַוועגונגען, אַנטוויקלט אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט.

### 5. די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און זייערע עסקנים.

דער הויפּט פון דער באַוועגונג איז געווען דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון די באַאַמטע. ביי די שווערסטע באַדינגונגען איז געלונגען דעם פאַריין צו אָרגאַניזירן די גרעסטע טייל פון אירע חברים אין ראַוונע. דאָס איז געווען אַ פאַריין, וואָס האָט געציילט אין אירע רייען העכער 700 מיט־גלידער. דער פאַריין האָט געדינט אַלס צענטער נישט נאָר פאַר באַאַמטע, נאָר אויך פאַר חברים פון אַנדערע פאַריינען.

איך וועל דאָ דערמאָנען בלויז אייניקע פון די אַקטיוויסטן פון דעם באַאַמטן־פאַריין:

אברהם דענענבערג, פּאָרזיצער פון פאַריין אין משך פון פיל יאָרן, מיטגליד פון שטאָטראַט, אַן אַלטער סאָציאַליסט, פאַרפּייניקט געוואָרן אין קאַרטוז־בערעזע. די טעטיקייטן אין פאַריין זענען געווען דער גאַנצער אינהאַלט פון זיין לעבן.

מרדכי שניידער (מיטיאַ), לאַנגיאָריקער סעקרעטאַר פון פאַריין, פאַר־

שטייער פון די פאַריינען אין שטאָטראַט. געשטאָרבן פאַר דער מלחמה.
קראַנק געוואָרן אין דער תפיסה, ווו ער איז אָפּגעקומען אַ שטראָף פון
פיר יאָר פאַר זיין טעטיקייט אויפן פּאָליטיש־פּראָפעסיאָנעלן געביט.

אַלטער ביק, אַ בוכהאַלטער, איינער פון די עקספּעדיציע־אַרבעטער
"טשערקעס", אייניקל פון ראָוונער באַוווּסטן עסקן לייבוש ביק, אַ וועטעראַן
און לאַנגיאָריקער מיטגליד פון קאָמיטעט פון פאַריין.

אברהם באָקסער, בוכהאַלטער. אַלע יאָרן מיטגליד פון קאָמיטעט פון
פאַריין, איינער פון די אומפּאַרטייאישע פאָרשטייער.

דוד יאַנקאָוויאַק, בוכהאַלטער, באַאַמטער אין קראַנקן־קאַסע, מיטגליד
פון קאָמיטעט פון פאַריין.

ברוך האַלפּערין, מיטגליד פון קאָמיטעט פון פאַריין, איינער פון די
גרינדער און פירער פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין ראָוונע. איז
אָפּגעקומען פאַר זיין פּאָליטישער טעטיקייט אַ שטראָף פון זעקס יאָר
תפיסה. געשטאָרבן אין רוסלאַנד פון הונגער אין דער צייט פון קריג.

דוניא בראַמניק, בוכהאַלטער, לאַנגיאָריקער מיטגליד פון קאָמיטעט
פון פאַריין. עסקן פון "פּועלי־ציון", אַקטיוו אין דער פּראָפעסיאָנעלער
באַוועגונג.

יודל סוויטשאַר, מיטאַרבעטער אין שטאָטראַט, לאַנגיאָריקער מיטגליד
פון קאָמיטעט.

מאיר בעלפער, באַאַמטער אין פּראָדוקטן־צווייג, אַקטיוו אין דער באַ־
וועגונג.

אברהם גלוזבאַנד, עסקן און מיטגליד פון קאָמיטעט.

אהרקע מאַרגוליס, בוכהאַלטער, לאַנגיאָריקער מיטגליד פון קאָמיטעט.

זלמן גאָרין, פאַרוואַלטער פון אַ רעסאָרט אין שטאָטראַט, פאָרשטייער
פון "בונד" און פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג.

מאַטיס שליף, פאַרוואַלטער פון יתומים־הויז אין ראָוונע, אַ בונדיסט
און לאַנגיאָריקער מיטגליד פון פאַריין־קאָמיטעט.

מרדכי נעכעס, באַאַמטער אין צענטער פאַר אויפזיכט איבער די יתו־
מים אין וואָלין, פאָרשטייער פון "בונד" און די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען
אין שטאָטראַט.

האָכלערנער, באַאַמטער אין זעלבן אויפזיכטס־צענטער און לאַנגיאָרי־קער מיטגליד פון פאַריין־קאָמיטעט.

משה פרישבערג, הויפט־בוכהאַלטער אין וווגמייסטער־באַנק אין ראָוו־נע, אַקטיוו אין דער סעקציע פון די באַנק־באַאַמטע, אומגעקומען אין ראַטנפאַרבאַנד נאָכן באַפרייען זיך פון די פאַרשיקונגס־לאַגערן.

לעמלעך, מיטגליד פון פאַריין־קאָמיטעט.

פון די אַרבעטער אין נאָדל־צעך, מיט אַ לאַנגיאָריקער טראַדיציע פאַר קאַמף פאַר בעסערע לעבנס־באַדינגונגען און געהעריקער אַרבעט, באַשיי־דענע אַרבעטס־מענטשן, טריי ארבעטער־טראַדיציעס, וויל איך דערמאָנען:

פייבוש בילענקי, בוזיע פורמאַן, פנחס ראַבקין — לאַנגיאָריקע מיט־גלידער פון פאַריין־קאָמיטעט.

פאַריין פון בוי־אַרבעטער (געמישט יידן און קריסטן מיט אַ יידישער מערהייט): בויערס, סטאָליאַרעס, קאַלכער און אַנד. דער פאַריין האָט אַלע יאָרן אַנטוויקלט אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט און אָנגעהאַלטן ענגע באַציונגען צווישן פאַרשידענע פעלקער. דער דאָזיקער פאַריין האָט פאַרנומען אַ בכבודיקן אָרט אין דער ראָוונער אַרבעטער־משפחה.

אַרבעטער פון אַפראָוויזאַציע־פאַריין מיט אַ גאַנצער ריי פראָפעסיאָ־נעלע אָפּצווייגונגען, ווי בעקערס, קצבים, צוקערקעס־פּראָדוצענטן און דגל. — סעקרעטאַר פון פאַריין סיאָמע דוואָרעץ. איז אומגעקומען אין רוסלאַנד אין דער צייט פון קריג. דער בעקערס־צעך האָט אַרומגענומען אַלע אַרבעטער, סיי יידן סיי קריסטן, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין די בעקערייען. דער פאַריין האָט דאָ געהאַט די פולע הערשאַפט. דאָס באַשעפטיקן אַרבעטער פון די בעקערייען אויסער דעם צעך — איז אומ־מעגלעך געווען.

פון די פלייש־אַרבעטער, וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם אַממערסט־אָרגאַניזירטן טייל אין דעם אַפּראָוויזאַציע־פאַריין, פשוטע פאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן גענומען אויף זיך די פאָליטישע לערע אין פאַריין און "בונד", צו וועלכן זיי האָבן געהערט און אין יעדער אַקציע אַרויסגעוויזן זייער טרייהייט אָן שרעק: פייוול בידערמאַן — פאָרזיצער פון דער סעקציע.

דער דרוקער־פאַריין, קלענסטער אין צאָל, האָט אַרומגענומען די אַלע, וואָס זענען באַשעפטיקט געווען אין דאָזיקן צווייג. פאַר זיין טעטי־קייט איז דער פאַריין נישט ווייניק פאַרפאָלגט געוואָרן דורך די פוילישע מאַכט־אָרגאַנען. האַרבע שטראָפן און קנס, ארעסט — איז געווען אַ געוויינ־לעכע דערשיינונג צווישן די מיטגלידער פון דעמדאָזיקן פאַריין.

פאַריין פון דער לעדער־בראַנזשע, וואָס האָט אַרומגענומען שוסטערס, און אַנדערע ענלעכע פאַכן, איז זייער טעטיק געווען אין דער אַרבעטס־משפחה און אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. כמעט תמיד איז דער דאָזיקער פאַריין געווען אונטער דער השפעה פון די קאָמוניסטן.

דער קליינער פאַריין פון די פריזירערס האָט אויך אַרומגענומען אַלע אַרבעטער פון דעם דאָזיקן פאַך אין שטאָט, און זיינע אַקטיוויסטן האָבן זיך באַטייליקט אין אַלע געביטן פון דער באַוועגונג. דער פּאָרזיצער איז געווען פורשפּאַן.

דער פאַריין פון די טראַנספּאָרט־אַרבעטער האָט אַרומגענומען דער עיקרשט די טרעגער. דאָס איז געווען די אַמביציע פון ראָוונער ארבעטס־מענטש אַרויסצוציען די טרעגערס פון דער שעדלעכער ווירקונג פון דער אונטערוועלט. אין אַ גרויסער מאָס איז עס טאַקע געלונגען און דער פאַריין האָט זיך געפונען כמעט שטענדיק אונטער דער אויפזיכט פון דער ״ראַדאַ״ — צענטער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין ראָוונע.

די מלחמה אין יאָר 1939 האָט געמאַכט אַ סוף צו דער דאָזיקער גאַנצער טעטיקייט, האָט זי פולשטענדיק רואינירט אין פאַרניכטעט. בלויז יחידים זענען געבליבן לעבן נאָך דעם בלוטיקן שטורם, און זענען צעשפּרייט אין דער גאַנצער וועלט.

## ״דיאַדיאַ מישאַ״

(וועגן זיין בוך ״חורבן קאָרעץ״ ארויסגעגעבן אין פּאַריז)

וועגן אינזשיניער גילדענמאַן, דער לעגענדאַרער פּאַרטיזאַן ״דיאַדיאַ מישאַ״ איז אַ סך געשריבן געוואָרן. איך מיין אָבער, אַז עס איז וויכטיק נאָך אַמאָל דערמאָנען דעם נאָמען מ. גילדענמאַן, נאָכדעם ווי זיין בוך

„חורבן קאָרעץ״ איז צופעליק אַריינגעפאַלן צו מיר אין די הענט.

איך פיל מיין פליכט קומען מיט אָפּהאַנדלונגען וועגן דערשינענע יזכור־ביכער פון די אומגעבראַכטע יידישע קהילות אויף וואָלין. עס זענען דערביי ביי מיר אַרויסגעשווומען פיל, פיל דערינערונגען. ערשטנס, מיינע צוזאַמענטרעפן מיט משה גילדענמאַן נאָך דער מלחמה אין וואַרשע, אין צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידן אין פוילן. די דערינערונגען זענען געגאַנגען ווייטער צו די פאַרגאַנגענע יאָרן פון מיין יוגנט. מיין פאָטער קאָפּל האָט געשטאַמט פון קאָרעץ, מיינע זיידע־באָבע האָבן געלעבט אין קאָרעץ. נאָך מיין פאָטערס טויט אין זיין יונגן עלטער, פלעג איך יעדן זומער, בעת די שול־וואַקאַציעס, פאָרן קיין קאָרעץ צו דעם זיידן און באָבען.

עס דערמאָנען זיך אָט די רייזעס פון ראָוונע קיין קאָרעץ מיטן דיליזשאַנס, די רייזע פון 60 וויאָרסט האָט גענומען אַ גאַנצע נאַכט, מיט טוישן די פערד אין אנטאָפּאָל און אין האָשטש.

קאָרעץ, אַ לעבעדיק יידיש שטעטל. די יידן האָבן געצויגן זייער חיונה פון די אַרומיקע פויערים, די גרויסע צוקער־פאַבריק ווו עס זענען געווען באַשעפטיקט אַ גרעסערע צאָל אַרבעטער, האָט אויך בייגעטראָגן צום עקאָנאָמישן לעבן אין שטעטל.

רבנים, דיינים, אויף וויפיל איך געדענק, איז מיין זיידע געווען אַ מין אָנגעשטעלטער ביים בית־דין. ער פלעגט זאַמלען געלט ביי יידן פאַר שטאָטישע צוועקן. ערב פסח איז ער געווען דער משגיח ווען מען האָט געכשרט די צוקער־פאַבריק צום פּראָדוצירן פסחדיקן צוקער.

איך געדענק די תלמוד־תורה, און די ביבליאָטעק, ווו איך פלעג נעמען ביכער צום לייענען, און ווען אַ רוסיש בוך איז געווען אָנגעלייגט אויף אַ ספר, האָב איך פון זיידן אריינגעכאַפּט אַ פּסק.

איך געדענק דעם גרויסן מאָנאַסטיר מיט די אַרומיקע לאַנדווירטשאַפטן. עס זענען אַמאָל געווען יונגע יאָרן.

* * *

אינזשיניער גילדענמאַן הייבט אָן זיינע דערינערונגען מיט דער בענקשאַפט נאָך זיין שטעטל קאָרעץ בעת זיינע וואָגלענישן מיט די

פּאַרטיזאַנער. ער האָט געטראַכט וועגן דער גליקלעכער שעה ווען זיינע פּיס וועלן ווידער אַמאָל באַטרעטן די ערד פון שטעטל. ער האָט דאָס שטעטל נישט דערקאָנט. ווי אַ ווילדער שטורם איז אַדורכגעגאַנגען און האָט אַלץ פאַרניכטעט. פון די פינף טויזנט יידישע נפשות איז כמעט קיינער נישט געבליבן. ער באַגעגנט בלויז צופרידענע פּנימער פון די אוקראַיִנישע רוצחים, וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן די דייטשן. זיי וויגן אין די יידישע הייזער, געניסן פון יידישן גוטס.

זעקס הונדערט יאָר האָט קאָרעץ געלעבט מיט אַ זאַפטיק יידיש לעבן. יידן האָבן איבערגעלעבט אַלע גזירות אין יענע יאָרן און דאָך אָנגעהאַלטן די צוגעבונדנקייט צו דער אמונה, צו די יידישע טראַדיציעס. וויפל גרויסע פערזענלעכקייטן האָט דאָס קליינע שטעטעלע געגעבן — דער צדיק ר׳ פינחסל קאָרעצער, דער וועלט־באַרימטער אָפּערן־זינגער סיביריאַקאָוו, אַ זון פון אַן אָרעמען קאָרעצער חזן, דעם טאַלאַנטירטן שריפטשטעלער יעקב סיגאַל, דעם קאַזיאָנעם ראַבינער נחמיה הערשענהאָרן און פיל פיל אַנדערע. ער דערמאָנט דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

״דיאַדיאַ מישאַ״ וואַנדערט איבער די חורבות פון זיין שטעטל קאָרעץ, די גרויסע שול האָבן די דייטשע מערדער אויפגעריסן אויף דעם צווייטן טאָג, ווען קאָרעץ איז פאַרנומען געוואָרן. מיט פייער זענען אַוועק אַנדערע בתי־מדרשים. דאָס זעלבע די תלמוד־תורה. ערב שבועות 1942 איז פאַר־געקומען די ערשטע אַקציע בעת וועלכער פיל יידן זענען אומגעבראַכט געוואָרן. דער בית־עולם רואינירט, די געמויערטע וואַנט צענומען און מיט די שטיינער האָבן די אוקראַיִנער די גאַסן געפלאַסטערט.

״נישטאָ מער קיין יידן אין קאָרעץ און דערפאַר איז שוין נישט נייטיק דאָס בריקל, וואָס האָט געפירט בלויז צום בית־עולם. דער לעצטער דור קאָרעצער יידן האָט דורך אַנדערע וועגן און אַנדערע בריקן זיין לעצטן וועג דורכגעמאַכט״. ״דער בית עולם — איין פעלד פון צעבראָכענע, אויס־געדרייטע פאַראומרייניקטע מצבות. אייניקע וואַלגערן זיך אויף דעם באַרג און אייניקע זענען אַראָפּגעקייקלט ביז דעם טייך. וויפיל ווילדע אַכזריות און אומבאַגרענעצטע שינאה האָט מען באַדאַרפט האָבן אויף דורכצופירן

די דאָזיקע בעסטיאַלישע אַרבעט״?

אין ווייטערדיקן טייל גיט איבער אינזש. גילדענמאַן די באַדינגונגען אין וועלכע די קאָרעצער יידן האָבן געלעבט ביי די דייטשן ביזן אומברענגען. די פייניקונגען, דאָס באַראַבעווען די יידן, די באַליידיקונגען א.א.וו.

אינזשעניער גילדענמאַן האָט אַגיטירט די יידן פאַרלאָזן די געטאָ און גיין אין די וועלדער צו די פאַרטיזאַנער. אין סעפּטעמבער 1942 האָט ער מיט אַ גרופּע פאַרלאָזט קאָרעץ. זיי האָבן זיך פאַרשאַפט געווער. זיין באַטייליקונג אין די פאַרטיזאַנער־קאַמפן ברענגט צום אויסדרוק ״דיאַדיאַ מישאַ״ אין אַנדערע זיינע אויסגאַבן, וועלכע זענען געוואָרן פאַרעפנטלעכט. ער איז אריין אין דער געשיכטע פון קעמפער קעגן די דייטשע מערדער.

״חורבן קאָרעץ״ פאַרענדיקט אינזשעניער גילדענמאַן מיט פאָלגנדיקע ווערטער: ״עס איז מיט די וואָרצלען אַרויסגעריסן געוואָרן דער עלטסטער יידישער ישוב אויף וואָלין — דאָס שטעטל קאָרעץ, וואָס האָט 600 יאָר געלעבט מיט די געזונטע טראַדיציעס פון ערלעכע וואָלינער יידן...

אין די הערצער פון די איבערגעבליבענע וועט בלייבן אויף אייביק די ליכטיקע געשטאַלט פון דעם לעצטן דור קאָרעצער יידן..״

אינזשעניער גילדענמאַן איז געשטאָרבן אין ישראל.

## ספר לוצק

(ארויסגעגעבן אין ישראל אין יאָר 1961, אין יידיש־העברעיש)

״ספר לוצק״ איז דאָס קאָלעקטיווע ווערק פון קרוב הונדערט באַטייליקטע פון ישראל, פאַראייניקטע שטאַטן, בראַזיל, פּוילן, פראַנקרייך, קאַנאַדע און מעקסיקע.

דער ספר לוצק צייכנט זיך אויס מיט אַ סך מאַטעריאַלן און בילדער, וואָס שפּיגלען אָפּ דאָס פילפאַרביקע לעבן פון די יידן אין דער שטאָט.

מיט דער אַרבעט פון צוגרייטן דעם ״ספר לוצק״ צום דרוק האָבן אָנגעפירט לאַנד־קאָמיטעטן און אָרטיקע קאָמיטעטן. די פּראַקטישע אַרבעט פון רעדאַקטירן און ברענגען דעם מאַטעריאַל צום דרוק איז דורכגעפירט

געוואָרן דורכן לוצקער קאָמיטעט אין ישראל. דער ״ספר לוצק״ איז אַ מצבה אויפן בית־הקברות פון העכער 600 יאָר יידיש לעבן אין לוצק.

לוצק איז איינע פון די עלטסטע סלאַווישע שטעט אויף וואָלין, די שטאָט האָט זיך אין פאַרלויף פון יאָרן, אין פאַרשידענע פעריאָדן, געפונען אונטער דער הערשאַפט פון די רוסן, פּאָליאַקן, ווידער רוסן, און ווידער אין פוילן. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, אונטער דער הערשאַפט פון קאָמוניסטישן רוסלאַנד.

אין יאָר 1931 האָט די שטאָט געציילט 20.000 איינוווינער.

די שטאָט לוצק איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1000. יידן האָבן זיך באַזעצט אין שטאָט אין פערצנטן יאָרהונדערט.

״די לוצקער יידן דערפילן שוין אין יענע יאָרן נוצלעכע אויפגאַבן אין ווירטשאַפטלעכן לעבן און ווייזן אַרויס אויסערגעוויינלעכע געשיקטקייט און איניציאַטיוו צו ברענגען סחורות פון די מזרח־לענדער״.

מיטן וווקס פון יידישן ישוב אין לוצק האָט זיך אויך פאַרגרעסערט די צאָל יידישע בעלי־מלאכות, בפרט שניידערס, קירזשנער, בעקערס, קצבים.

אין אָנהייב פון זיבעצנטן יאָרהונדערט גרינדן די יידישע בעלי־מלאכות זייער אייגענעם פאַריין אין לוצק. לוצק איז געווען די ערשטע שטאָט אויף וואָלין, וואָס האָט געשאַפן אַ יידישע קהילה. אָנהייב אַכצנטן יאָרהונדערט איז די לוצקער קהילה געווען שוין אַ פאַרפעסטיקטע, מיט צדקה־אינסטיטוציס, אַ בית־מדרש און אַ גרויסע ישיבה. אינטערעסאַנטע אָפּהאַנדלונגען אין ספר לוצק זענען געווידמעט די שולן און בתי־מדרשים.

די יידישע ליידן שפּיגלען זיך אָפּ אין די באַשרייבונגען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען יידן זענען געווען דער ״שעיר לעזאזל״ פאַר די דורכפאַלן אויף די פראָנטן פון די רוסישע אַרמייען. די שטאָט לוצק איז אין יענע יאָרן איבערגעגאַנגען פיל מאָל פון די צאַרישע אַרמייען אין די הענט פון די עסטרייכער, און צוריק צו די רוסן. די מלחמה־געשעענישן האָבן זיך פאַטאַל אָפּגערופן אויף די יידן אין שטאָט.

די רעוואָלוציע אין יאָר 1917 האָט אַריינגעבראַכט צווישן די יידן פיל האָפענונגען, וועלכע זענען צום באַדויערן נישט דערפילט געוואָרן. אין יאָר 1918 האָבן די דייטשן אָקופּירט די שטאָט. פון יאָר 1919 געהערט לוצק צו

דער אויפסניי געשאַפענער פוילישער מלוכה. נאָך אין יאָר 1918, בימי אוקראַינע, איז אין שטאָט אויסגעוויילט געוואָרן אַ יידישע קהילה. בימי פוילן זענען פאָרגעקומען אין יאָר 1928 דעמאָקראַטישע וואַלן צו דער יידישער קהילה.

די ערשטע צייט האָט די יידישע באַפעלקערונג געליטן פון עקסצעסן פון דער פוילישער אַרמיי. אין אַ געוויסן טאָג האָט די פוילישע מאַכט אַרעסטירט 5 יידן, צווישן זיי אַ פאָטער מיט אַ זון, באַשולדיקט זיי אין שפּיאָנאַזש, און זיי זענען דערשאָסן געוואָרן, הגם זייער שולד איז נישט באַוויזן געוואָרן.

בימי פוילן האָט די יידישע באַפעלקערונג אין לוצק שווער געראַנגלט זיך פאַר איר עקאָנאָמישער עקזיסטענץ, געקעמפט קעגן דיסקרימינאַציע. די פוילישע מאַכט האָט צוריקגעקערט דער שטאָט לוצק די ראָל פון דער הויפטשטאָט אויף וואָלין. במשך פון פעריאָד פון דער פוילישער מאַכט איז די צאָל יידן פאַרקלענערט געוואָרן צוליב דער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק קעגן די יידן, ספּעציעל אויפן עקאָנאָמישן געביט.

באַזונדערס אין פעריאָד צווישןביידע וועלט־מלחמות, טראָץ דער פויליש־אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק לגבי די יידן, האָט דאָס יידישע לעבן אין שטאָט געשפּרודלט אויף אַלע געביטן.

פּאָליטישע פּאַרטייען פון אַלע ציוניסטישע ריכטונגען, פון עקסטרעם־רעכטע ביז לינקע, אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, "בונד", פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, ווי דער דערנערונגס־פאַריין, דער בוי־פאַריין. צו די דערמאָנטע צוויי פאַראיינען האָבן געהערט יידן, פּאָליאַקן, אוקראַינער און רוסן. דער שניידער־אַרבעטער־פאַריין, דער האַנדלס־אָנגעשטעלטע־פאַריין, האַנט־ווערקער־אָרגאַניזאַציעס, תרבות־שולן, ציש"אָ־שול, אַ יידישע גימנאַזיע, ביבליאָטעקן, די יידישע קהילה, וועלכע האָט אויסגעאיבט אַ שטאַרקע ווירקונג אויפן יידישן לעבן אין שטאָט; די געזעלשאַפטן "אָרט" און "טאָז", ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס, יידישע פּרעסע, יידישע קאָאָפּעראַטיווע בענק, וואָס האָבן געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָל ביים אויפהאַלטן דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. אַ יידיש שפּיטאָל, אַ יתומים־הויז. די באַטייליקונג פון די יידן אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג

דורך זייערע אויסגעוויילטע פאָרשטייער.

אַ באַזונדערס וויכטיקער מאָמענט אין יידישן לעבן איז געווען די פאַרצווייגטע יוגנטבאַוועגונג פון אַלע שאַטירונגען. אין שפּיץ פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן זענען געשטאַנען אַ ריי פּערזענלעכקייטן, געזעל־שאַפטלעכע טוער, רבנים, אַרבעטער־טוער, רעפּרעזענטאַנטן פון דער יידי־שער געזעלשאַפט און אַנדערע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס.

סעפּטעמבער 1939. לוצק ווערט באָמבאַרדירט דורך די דייטשן. דעם זעלבן חודש באַזעצט די רויטע אַרמיי וואָלין אין הסכם מיטן סטאַלין־היט־לער־פּאַקט. דאָס נאַציאָנאַליזירן פּריוואַטע אונטערנעמונגען טרעפט אָמ־מיינסטן די יידישע באַפעלקערונג. עס ווערן ליקווידירט אַלע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. הונדערטער יידישע משפּחות אין שטאָט מוזן פאַרלאָזן זייערע היימען, מוזן פאַרלאָזן די שטאָט, אין הסכם מיט דעם סאָוויעטישן פּאַספּאָרטיזאַציע־געזעץ. עס ווערן אַרויסגעפירט קיין סיביר פיל יידישע משפּחות, געוועזענע גבירים. די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען פירן דורך פיל אַרעסטן צווישן דער יוגנט.

אין יאָר 1941 ווערט לוצק פאַרנומען דורך דער היטלער־אַרמיי. יידן דאַרפן טראָגן געלע לאַטעס. דער היטלעריסטישער מבול האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט אויף די יידן אין לוצק. טויזנטער יידן זענען אומגעבראַכט געוואָרן.

אין דעצעמבער 1941 ווערן די לוצקער יידן פאַרשפּאַרט אין געטאָ. די דייטשן לייגן אַרויף אויף די יידן שווערע קאָנטריבוציעס, יידן מוזן אָוועק־געבן אַלע זייערע ווערטפולע זאַכן.

יולי־אויגוסט 1942. די דייטשע מערדער ליקווידירן די לוצקער געטאָ. במשך פון צוויי טעג ווערן אין פּאָלאָנקאַ־גורקי אויסגעמאָרדעט 17 טויזנט יידן.

ביים אומברענגען די לוצקער יידן האָט זיך באַטייליקט די אָרטיקע אוקראַינישע באַפעלקערונג, פּונקט ווי אין אַלע אַנדערע געביטן אויף וואָלין.

פּונקט ווי אַ סך יידן פון אַנדערע וואָלינער שטעט און שטעטלעך, האָבן אויך די לוצקער יידן געקעמפט קעגן דער נאַצי־אַרמיי אין די רייען פון דער פּוילישער אַרמיי, אין דער רויטער אַרמיי. אין די פּוילישע אַרמייען, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אויף דער טעריטאָריע פון רוסלאַנד.

לוצקער יידן האָבן זיך באַטייליקט אין קאַמף קעגן די נאַציס אויך אין פאַרשידענע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען.

* *
*

די געציילטע לעבנגעבליבענע לוצקער יידן זענען צעשפּרייט אין פאַרשידענע לענדער אויף דער גאָרער וועלט. אומעטום, ווו זיי האָבן אויפגעבויט זייערע נייע היימען, באַטייליקן זיי זיך אין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. זיי זענען אָרגאַניזירט אין פאַרשידענע לוצקער קערפּערשאַפטן, פלעגן דעם אָנדענק פון זייער פאַרשניטענער קהילה, פון זייערע משפחות.

די לעצטע ידיעה פון ישראל גיט איבער, אַז לוצקער עסקנים אין תל־אביב, האָבן אָנגעהויבן אַ קאַמפּיין צווישן זייערע חברים וועגן צושטיין פון "עולי לוצק בישראל" צום וואָלינער וועלט־פאַרבאַנד; אָנטיילנעמען אין בויען דעם היכל וואָלין און אין אַרויסגעבן דעם "ילקוט־וואָלין" — אין וועלכן וואָלינער, אומעטום, זעען אַ שיינעם המשך צו אַלע יזכור־ספרים פון זייערע קהילות.

# פּנקס קאָוועל

דער פּנקס קאָוועל, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן לאַנדסלייט־פאַריין פון קאָוועל און אומגעגנט אין בוענאָס־איירעס, יאָר 1951, הייבט זיך אָן מיט אַ מצבת־זכרון: "די אַרויסגעבער צאָלן דערמיט אַ הייליקן חוב דער על קידוש־השם־אומגעקומענער, און אויף אַן אַכזריותדיקן אופן פאַרשניטענער עדה יידן, צווישן וועלכע עס זענען געווען אונדזערע טאַטעס, מאַמעס, שוועסטער, ברידער, קרובים און באַקאַנטע, עליהם השלום".

אינעם פאָרוואָרט ווערט צווישן אַנדערן אָנגעגעבן, אַז מיט געמישטע געפילן פון ווייטיק, צער און אַחריות טרעט מען צו צו דער הייליקער אַרבעט פון פאַראייביקן די יידישע היימשטאָט קאָוועל.

צוליב מאַנגל פון היסטאָרישע דאָקומענטן וועגן דער גרינדונג פון קאָוועל און אַ ריי וויכטיקע מאָמענטן פון דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט, איז נישט אויסצומיידן געוויסע אומפּינקטלעכקייטן, דאָך

האָבן די אַרויסגעבער זיך באַמיט, ווי ווייט מעגלעך געבן אַ געטריי בילד פון דער שטאָט אויפן סמך פון מאַטעריאַלן, בילדער, זכרונות און גביית־עדות.

אַחוץ אַ קורצן איבערבליק איבער דער אַנטשטייונג און גרינדונג פון דער שטאָט קאָוולע, האָבן זיך די אַרויסגעבער דער עיקר פאַרנומען מיט באַשרייבן דאָס יידישע לעבן אין קאָוולע פאַר דער צייט בערך מיט 70־80 יאָר פאַר און בעתן חורבן.

לויט אַ לעגענדע, איז דער נאָמען פון דער שטאָט געקומען צוליב אַ צופאַל, ווען אַ פּריצהטע איז דורכגעפאָרן יענע געגנט, און אַן אַקס האָט זיך צעבראָכן פון איר קאַרעטע, האָט אַ פויער פון דער אַרומיקער געגנט, אַ קאָוואַל, פאַריכט די אַקס. דער קאָוואַל האָט זיך אָפּגעזאָגט פון באַלוינונג, אויסדריקנדיק זיין בקשה, אַז די פּריצהטע זאָל שאַפן אַ ישוב אין דער דאָזיקער געגנט. אַזוי איז געשען. דעם ישוב האָט מען אַ נאָמען געגעבן קאָוואַל, שפּעטער קאָוועל, אָדער ווי די יידן האָבן גערופן די שטאָט־קאָוולע.

* * *

די שטאָט קאָוועל האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אין די צייטן ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן בויען אַ ריי באַן־ליניעס אין דער געגנט, אין די ריכטונגען פון קיעוו דורך קאָוועל קיין וואַרשע, און קאָוועל — ברעסט־ליטאָווסק — וואַרשע.

מיט דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט, מיטן פאַרגרעסערן זיך פון דער יידישער באַפעלקערונג, האָט זיך געשאַפן אַ נעץ פון פאַרשידענע יידישע דערציונגס־אַנשטאַלטן, ווי תלמוד־תורהס, ישיבות און וועלטלעכע שולן.

גאַנץ אַנזעעוודיק איז געווען אין שטאָט דער רעוואָלוציאָנערער אויפ־ברויז און דער אָנטייל פון די אַרבעטנדיקע מאַסן אין יאָר 1905.

פונקט ווי אין אַלע אַנדערע שטעט אויף וואָלין, האָבן אויך אין קאָוועל עקזיסטירט פיל יידישע אינסטיטוציעס, אַנשטאַלטן און פאַריינען. צווישן זיי, אַ יידיש שפּיטאָל, מושב זקנים, בית יתומים, לינת הצדק, "אָרט", "אָזע", אַ פאָלקס־באַנק, האַנטווערקער־פאַריין, סוחרים־פאַריין, לאָקאַטאָרן־פאַריין א. אנד.

די ציוניסטישע באַוועגונג איז געווען אָרגאַניזירט אין אַלע אירע גרו־פּירונגען. ספּאָרט־פֿאַריינען. דער "בונד" איז געווען פֿון די ערשטע פּאָלי־טישע פּאַרטייען אין שטאָט.

אין קאָוועל האָט זיך די יידישע אינטעליגענץ אויסגעטיילט איף די געביטן פֿון דערציונג, מעדיצין אד"גל.

די שטאָט קאָוועל האָט אַרויסגעגעבן אַ ריי זשורנאַליסטן, דיכטער, ווי קלמן ליס, יונה ראָזענפעלד, זישע וויינפּער און אַנדערע.

היות קאָוועל איז געווען אַ צעטיילונגס־פּונקט פֿון באַן־ליניעס אין פֿאַרשידענע ריכטונגען, איז די שטאָט געוואָרן מיט דער צייט אַ מין האַנדלס־צענטער. דאָס האָט זיך פּאָזיטיוו אָפּגערופֿן אויף דער יידישער באַפעלקע־רונג אין שטאָט. די שפע איז געווען גרויס. יידן האָבן געהאַט פּרנסה, עס איז אָנגעגאַנגען און עס האָט פּולסירט אַ פּולבלוטיק יידיש לעבן אויף אַלע געביטן אין פּוילן זין פֿון וואָרט.

* * *

אין די יאָרן פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה 1914־1918, האָט זיך די לאַגע אין שטאָט פֿאַרערגערט. דער פֿראָנט האָט זיך דערנענטערט צו דער שטאָט. אַ גרויסער טייל פֿון דער יידישער פֿאַרמעגלעכער באַפעלקערונג האָט פֿאַרלאָזט די שטאָט. קאָוועל איז אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן. אין שטאָט האָבן זיך דאַן באַזעצט פיל יידן פֿון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך.

באַך די דייטשן זענען געקומען די אוקראַינער. דאָס האָט זיך זייער שלעכט אָפּגערופֿן אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט. קאָוועל איז אַריבער צו פּוילן. אונטער דער פּוילישער הערשאַפֿט זענען שוין נישט געווען די פֿריערדיקע באַציונגען מיט דעם גרויסן רוסלאַנד. די שטאָט האָט אויסגעזען ווי אַ יורד.

אין ווייטערדיקן גאַנג פֿון דער געשיכטע, איז די שטאָט קאָוועל איבערגעגאַנגען פֿון האַנט צו האַנט, צו די אוקראַינער, צו דער רויטער אַרמיי, ווידער צו פּוילן און אַזוי כסדר.

דאָס אַלץ האָט צעשטערט דאָסווירטשאַפֿטלעכע לעבן פֿון דער שטאָט.

צום סוף האָט זיך סטאַביליזירט די פּוילישע מאַכט. מיט דער צייט האָט זיך אויך סטאַביליזירט דאָס יידישע עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע לעבן.

אין איר דראַנג צו פאַרפּוילישן די געגנט, די אַזוי־גערופענע ״קרעסן״ (די פּוילישע באַפעלקערונג האָט אויף וואָלין אויסגעמאַכט 70 פּראָצענט), האָט די פּוילישע רעגירונג אָנגעהויבן באַזעצן אויף די קאָוולער געגנט מיט נייע פּוילישע משפחות, וואָס זענען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון די צענטראַלע פּוילישע געביטן, די אַ״ג ״אָסאַדניקעס״.

עס זענען געקומען די גוט־באַקאַנטע אַנטיסעמיטישע גזעצן, ספּעציעל אויפן עקאָנאָמישן געביט. די יידן זענען געוואָרן אַלץ מער פאַראָרעמט. אין יענער צייט האָט די יידישע באַפעלקערונג אין קאָוועל געציילט קרוב דרייסיק טויזנט נפשות. די שטייערן־לאַסט האָט שטאַרק באַשווערט די אַזוי אויך שווערע עקאָנאָמישע לאַגע פון די קאָוולער יידן. אין יענע יאָרן האָט זיך פאַרשטאַרקט די יידישע עמיגראַציע אין פאַרשידענע לענדער.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה איז לויטן באַקאַנטן סטאַלין־היטלער־אָפּמאַך, די שטאָט קאָוועל באַזעצט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי. באַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַנגל פון שפּייז. די געשעפטן זענען דורך דער מאַכט געשלאָסן געוואָרן. ״נישט־געוווּנטשענע״ יידישע עלעמענטן זענען פאַרשיקט געוואָרן אין צפונדיקן טייל פון רוסלאַנד. די יידישע לערן־אַנ־שטאַלטן זענען געשלאָסן געוואָרן, דאָס יידיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן איז אָפּגעשטעלט געוואָרן.

אין יאָר 1941, נאָכן אויסברוך פון דער דייטשיש־סאָוויעטישער מלחמה, איז דער דייטשישער לופט־פלאָט אָנגעפאַלן אויף קאָוועל. די דייטשן האָבן באַזעצט די שטאָט. די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך געפונען אין אַ פאַרצווייפלטער לאַגע. אויפן באַפעל פון די דייטשן איז געשאַפן געוואָרן אַ יודענראַט, יידישע פּאָליציי. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די פיזישע פאַרפאָלגונגען פון די קאָוולער יידן.

דעם 31־סטן מאַי 1942 איז געשאַפן געוואָרן אַ געטאָ פאַר די קאָוולער יידן, ריכטיקער, צוויי געטאָס, אין פאַרשידענע טיילן פון דער שטאָט. דערביי זענען פאַמיליעס צעשיידט געוואָרן, אַ טייל אין איין געטאָ, און אַ

טייל אין דער צווייטער געטאָ. אויף אַריבערציען זיך אין די געטאָס איז געגעבן געוואָרן אַ טערמין פון זעקס שעה צייט. צו די 24 שעה אין די געטאָס איז געגעבן געוואָרן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן דאַרפן זיך גרייטן אַרויסצופאָרן "אויף אַרבעט".

אַרום ניין טויזנט יידן זענען דעם 2־טן יוני 1942 אַוועקגעפירט געוואָרן הינטער דער שטאָט, נעבן דאָרף באכאווא. דאָרט זענען שוין געווען גרייט גריבער, ווו זיי זענען דערמאָרדעט געוואָרן.

דעם 19־טן אויגוסט 1942, האָט מען אויפן זעלבן פּלאַץ אומגעבראַכט די איבעריקע קאָוולער יידן.

אין פאַרלויף פון די מלחמה־יאָרן איז די שטאָט פולשטענדיק פאַר־ברענט געוואָרן. אין דער גרויסער שול האָבן די קאָוולער יידן איבערגע־לאָזט אויפשריפטן אויף די ווענט: "יידן, נעמט נקמה פאַר אונדזער אומ־שולדיק פאַרגאָסן בלוט!". "יידן, פאַרגעסט נישט אין דעם, וואָס די דייטשן האָבן מיט אונדז געטאָן!".

* * *

דער פנקס קאָוועל איז באַגלייט מיט פיל דערינערונגען; עס ווערן געבראַכט פיל בילדער, וואָס שפּיגלען אָפּ דאָס פילפאַרביקע יידישע לעבן אין שטאָט.

אַזי האָט אין משך פון דורות עקזיסטירט אַ גייסטרייך יידיש־נאַציאָנאַל לעבן אין קאָוועל, אומגעבראַכט דורך די דייטשע רוצחים און זייערע געהילפן.

דער פנקס איז אַ ווירדיקע מצבה צום אָנדענק פון די אומגעבראַכטע יידן אין קאָוועל.

## יזכור־בוך ראַטנע

(אַרויסגעגעבן דורך די ראַטנער לאַנדסלייט אין צפון־אמעריקע און ארגענטינע אין יאָר 1954)

אינעם פאָרוואָרט פון די רעדאַקטאָרן יעקב באָטאָשאַנסקי און יצחק

יאַנאָסאָוויטש צום יזכור־בוך ראַטנע, ווערט געזאָגט: ״וועלטן גאַנצע גייען אויף פון דער נישט גרויסער וואָלינער שטאָט און די אַרומיקע שטעטלעך... וועלטן, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן. עס זענען פאַר אונדז אויפגע־גאַנגען וועלטן רעאַלע און וועלטן חלומות, און מיר האָבן דערזען אַ מיניאַ־טור פון דעם גאַנצן יידישן לעבן, און דאָס דאָזיקע האָט אונדז איבערצייגט, אַז דער ציל, וואָס דאָס יזכור־בוך פון ראַטנע און אומגעגנט האָט זיך גע־שטעלט, איז דערגרייכט געוואָרן״.

פון דעם ווייטערדיקן פאָרוואָרט פון די אַרויסגעבער: ״די שארית הפליטה פון דער חרוב־געוואָרענער שטאָט ראַטנע באַטראַכט דאָס דאָזיקע יזכור־בוך קודם כל ווי אַ מצבה אויפן קבר פון זייער אומגעקומענעם שטעטל. צוויי געפילן האָבן באַגלייט אונדזער הייליקע אַרבעט: א) דער דראַנג צו דערציילן דער וועלט וועגן דעם אַמאָליקן יידישן לעבן אין ראַטנע, 2) די נויטווענדיקייט אַרויסצושרייען פון זיך דעם ווייטיק און מאָלן פאַר דער וועלט דעם טויט און אומקום פון אונדזער שטעטל״.

דאָס אויבנגעזאָגטע דורך די רעדאַקטאָרן און אַרויסגעבער שאַפט גלייך די געהעריקע שטימונג און באַציונג צו אָט דער וויכטיקער אַרבעט פון אַרויסגעבן דאָס יזכור־בוך.

לויט ידיעות, האָבן אין ראַטנע, אין יאָר 1565, געלעבט 12 יידישע באַלעבאַטים.

לויטן צענזוס פון יאָר 1756, האָבן אין ראַטנע געלעבט 210 יידן. אין יאָר 1847 האָט די יידישע קהילה אין ראַטנע שוין געציילט 1.065 נפשות. לויט דער פאָלקסציילונג אין יאָר 1897 — אַרום 3.089 איינוווינער, דערונ־טער 2.219 יידן.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דאָס שטעטל כמעט אינגאַנצן אָפּגעברענט געוואָרן. די יידן אין ראַטנע האָבן געוויינלעך געלעבט פון קליינהאַנדל מיט די אַרומיקע פּויערים. עס זענען געווען קליינע אונטער־נעמונגען, בעלי־מלאכות, שניידערס, שוסטער, און ווי אומעטום — כלי־קודש, שולן, בתי־מדרשים און חדרים.

די נאָענטסטע באַן־סטאַציע זאַבלאָטיע האָט זיך געפונען 25 קילאָמע־טער פונעם שטעטל.

פון צייט צו צייט האָבן סאָציאַליסטישע און בונדישע גרופּן געמאַכט פאַרזאַמלונגען אין די אַרומיקע וועלדער. עס האָט זיך דאָ געפּילט דער אָפּקלאַנג פון דער אַרומיקער גרעסערער שטאָט בריסק, דער אָפּקלאַנג פון דער ערשטער רעוואָלוציע אין צאַרישן רוסלאַנד, אין יאָר 1905.

אין שטעטל האָט עקזיסטירט אַ גוט איינגעאָרדנטע ביבליאָטעק. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט מיט זיך געבראַכט עקאָנאָמישע דעפּרעסיע און עמיגראַציע, דייטשע אָקופּאַציע.

פון יאָר 1920 האָט דאָס שטעטל געהערט צו פּוילן. עס איז געקומען דער בירגער־קריג, די מאַכט האָט זיך גאַנץ אָפט געטוישט. באָלשעוויקעס, און צוריק די פּאָליאַקן. די פּוילישע רעגירונג און דער בלוטיקער אַנטיסע־מיטיזם, דאָס שווערע עקאָנאָמישע לעבן פון די יידן בימי פּוילן.

נאָך פון יאָר 1912 האָט אין שטעטל עקזיסטירט אַ יידישע באַנק. אונ־טער דער הערשאַפט פון די פּאָליאַקן איז די צעשטערטע באַנק אויפסניי אויפגעשטעלט געוואָרן. אין מאַגיסטראַט (שטאָט־פאַרוואַלטונג), זענען די יידן אַלס אַ מערהייט אין שטעטל, ווי געהעריק רעפּרעזענטירט.

דאָס יידישע לעבן אין ראַטנע האָט זיך מיט דער צייט אַנטוויקלט און פאַנאַנדערגעוואַקסן און אין יאָר 1929 איז געשאַפן געוואָרן די יידישע קהילה.

טראָץ דער שווערער לאַגע פון די יידן צוליבן אַנטיסעמיטיזם, איז דאָך דער קולטורעלער ניוואָ און גייסטיקער מצב ביי די יידן געשטיגן, וואָס איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש אין יידישן לעבן אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן אין אַלע שטעט און שטעטלעך. עס איז געעפנט געוואָרן אַ תרבות־שול מיט 200 קינדער.

מיט דער צייט זענען אויך געשאַפן געוואָרן יוגנט־קלובן. פון די גרע־סערע שטעט האָט מען אַראָפּגעבראַכט רעדנער, עס איז געשאַפן געוואָרן אַ דראַמאַטישער קרייז, פאַרשידענע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. עס זענען נאַטירלעך געקומען צום אויסדרוק פאַרשידענע חלוקי־דעות צווישן עולם אויפן פּאָליטישן באָדן.

ערב חורבן. שוין אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן האָבן זיך באַוויזן סימנים פון דעם אָנקומענדיקן גרויסן פאַרניכטונגס־שטורעם וואָס לאָזט

זיך אַראָפּ אויף דער וועלט. די גרויסע געפאַר פאַר יידן, שווערע וואָלקנס אויף די הימלען.

אין יזכור־בוך ווערט געבראַכט אַ סעריע בריוו פון ראַטנער יידן צו זייערע קרובים און פריינט אויף דער ברייטער וועלט. אין די בריוו קומען צום אויסדרוק די טיפע אידעישע ראַנגלענישן, וואָס קומען פאַר אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין דער צייט ווען יידן זענען אויסגעשטעלט אויף רדיפות מצד די פוילישע מאַכט־אָרגאַנען. פון די בריוו אָטעמט אויך אַרויס די יידישע עקשנות, דער טיפער גלויבן און בטחון.

* *
*

דעם 23־טן יוני 1941, איז ראַטנע אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן. פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך ווו די דייטשע מערדער באַלעבאַטע־ווען, דערגייען שרעקלעכע גרוסן. די אוקראַינישע אונטערוועלט, די פּריצי־שע און גלחישע זינדלעך זענען אַריין אין שטאָט. זיי האָבן דורכגעפירט אַ פּאָגראָם. דאָס איז געווען זונטיק, דעם 6־טן יולי 1941.

צוזאַמען האָבן די אוקראַינישע גזלנים באַנייט זייערע ווילדע מעשים נאָך אין אַ גרעסערן פאַרנעם. די אָנקומענדיקע דייטשן האָבן פאַר־געזעצט די ווילדקייטן פון די אוקראַינער. זיי האָבן גלייך אומגעבראַכט 28 יידן.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן גזירות אויף די יידן. עס זענען איינגע־פירט געוואָרן געטאָס, עס האָבן זיך אָנגעהויבן גרויסע אויסראָטונגס־אַקציעס. די שכנים פון דורות, די אוקראַינער, העלפן אַרויס די דייטשן ביים פאַרניכטן די יידן.

עס ווערט געשאַפן אַ יודענראַט. צוליב אַ געוויסער פּראָוואָקאַציע האָבן די דייטשן געפאָדערט אַרויסצוגעבן 8 יידישע קרבנות. דער רב אהרן שאַ־פּירא, דער פאָרזיצער פון יודענראַט האָט זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן די קרבנות. ער האָט געזאָגט: ״מיך קאָנט איר נעמען...״ די דייטשן האָבן דעם רב און זיין פאַרטרעטער אידל גראַבאָוו אומגעבראַכט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די טאָטאַלע פאַרניכטונג פון די יידן אין ראַטנע און אין די אַרומיקע שטעטלעך. צום שטאָלץ פון די ראַטנער יידן

מוז געזאָגט ווערן, אַז סיי דער יודענראַט, און סיי די יידן אין ראַטנע האָבן בעתן גרויסן חורבן פאַרהאַלטן זיך פריינטלעך און אַרויסגעוויזן איבערגע־געבנקייט איינער צום צווייטן.

מיטוואָך, דעם 25־סטן אויגוסט 1942, האָט מען אַלע יידן אַרויסגע־פירט פון שטאָט צום פראָכאָדער באַרג און דאָרט זיי דערשאָסן. אַ טייל יידן האָבן זיך געראַטעוועט און פאַרבונדן זיך מיט דער פאַרטיזאַנער באַוועגונג.

דער גרויסער חורבן האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט, פאַראייניקט אין איין טויטן־מאַרש. רעליגיעזע און פרייע, בונדיסטן און ציוניסטן. אַלע האָבן אויסגעהויכט זייער לעצטן אָטעם אויף די זאַמדיקע בערג פון "פּראָכאָד" און "ריץ סאפאנטשיק".

* * *

אין ווייטערדיקן טייל פון יזכור־בוך ווערט געבראַכט אַ רשימה פון ראַטנער יידן ערב דעם חורבן.

אין פאָרם פון פּאָעמעס און דערציילונגען דערמאָנען און באַוויינען זייער אומגעבראַכטע היים די לעבנגעבליבענע ראַטנער יידן אין פאַרשיי־דענע לענדער.

אין אַ ווייטערדיקער אָפּטיילונג "ראַטנער אין דער וועלט", קומען אָפּהאַנדלונגען און זכרונות פון ראַטנער יידן.

241 בילדער פון פּערזאָנען און גרופּן, וואָס ווערט געבראַכט אין יזכור־בוך, שפּיגלען אָפּ דאָס יידישע לעבן אין שטעטל אויף פאַרשידענע געביטן ביזן חורבן. אַ באַזונדערע אָפּטיילונג ברענגט צום אויסדרוק דעם קאַמף פון די ראַטנער יידן פאַר מדינת ישראל.

אַ באַזונדער קאַפּיטל "טיפּן און געשטאַלטן" שטעלן מיט זיך פאָר זכרונות פון אַ ריי ראַטנער יידן אין פאַרשידענע לענדער, וואָס שפּיגלט אָפּ דאָס פילפאַרביקע לעבן אין דעם קליינעם שטעטל.

די יזכור־אָפּטיילונג ווערט באַצייכנט, ווי אַן אייביקער מאָנומענט פאַר דעם ראַטנער אומבאַקאַנטן קדוש, "גייסטיקע מצבות פאַר אונדזערע טייערע ראַטנער קדושים, וועלכע האָבן נישט צווישן דער לעבנגעבליבענער שארית־הפליטה קיין קרובים, וואָס זאָלן זייערע נעמען פאַראייביקן".

בסך־הכל — אַ ווירדיקער מאָנומענט פאַר די אומגעבראַכטע יידן־קדושים אין דעם קליינעם שטעטל ראַטנע אויף וואָלין, אַ קליינער ישוב, אָבער גרויס אין מעשים.

# זוויהיל

(אַרויסגעגעבן דורך דעם זוויהילער פאַרבאַנד אין ישראל
אין יאָר 1957 אין העברעיש־יידיש)

זוויהיל איז אין די יאָרן נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע (1916—1919) רואינירט געוואָרן פון פאָגראָמען און טיפוס־עפּידעמיע. די יידישע באַפעלקרונג איז פולשטענדיק אומגעבראַכט געוואָרן בעת דעם היטלער־חורבן אין די יאָרן 1941־42.

די שוועריקייטן ביים צונויפשטעלן דעם יזכור־בוך פון זוויהיל זענען געקומען הויפּטזעכלעך צוליב דעם, וואָס די זוויהילער לאַנדסלייט זענען פון דער שטאָט אָפּגעריסן אין פאַרלויף פון 36 יאָר, באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. מיט גרויס אָנשטרענגונג האָט זיך דעריבער איינגעגעבן צו זאַמלען די נייטיקע מאַטעריאַלן. אַן אוצר פון מאַטעריאַלן.

לויט דער רוסישער ענציקלאָפּעדיע ווערט די שטאָט זוויהיל צום ערשטן מאָל דערמאָנט אין יאָר 1257. די שטאָט האָט יאָרן־לאַנג געהערט צום לוצקער פּאָוויאַט. אין יאָר 1796 איז די שטאָט געווען אַ ראַיאָן־צענטער (אויעזד) און דער נאָמען איז פאַרענדערט געוואָרן אויף נאָוואָגראַד־וואָלינסק.

אין יאָר 1860 ווערט פאַרצייכנט די דאָמינירנדיקע ראָל, וואָס די יידן האָבן געשפּילט דעמאָלט אין שטאָט איןווירטשאַפטלעכן לעבן.

אין דער פאָלקסציילונג פון יאָר 1897 זענען שוין געווען אין שטאָט 9378 יידן, און 7536 נישט־יידן.

די גרויסע שול, געבויט אין די יאָרן 1680־1700, איז געווען פון די עלטסטע און שענסטע געביידעס אין שטאָט.

די יידישע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג אין שטאָט האָט זיך געשטאַרקט אין דעם פעריאָד פון דער מלחמה מיט יאַפּאַן אין יאָר 1904 און אין

דעם פעריאָד פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אין יאָר 1905. יידישע אַרבעטער האָבן זיך דעמאָלט קאָנצענטרירט אַרום דעם "בונד" אונטער דער אָנפירונג פון ד"ר טאַרגאָוועץ און מ. אָלגין. אין יענעם פעריאָד האָבן אָנגעהויבן פונקציאָנירן די גוט־באַקאַנטע "פּאָליטישע בירזשעס". עס האָבן עקזיסטירט אין שטאָט קרייזלעך פון די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן.

נאָך דער רעוואָלוציע זענען געקומען כוואַליעס פון קאָנטער־רעוואָלוציע. אין אַפּריל 1905 איז אין נאָענטן זשיטאָמיר פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם. די פּאָגראָם־כוואַליע האָט זיך פאַרשפּרייט איבער הונדערטער שטעט און שטעטלעך.

אין זעלבן פעריאָד איז קיין זוויהיל אַריבער די ישיבה "אור תורה", מיט דער צייט איז די ישיבה געוואָרן אַ צענטראַלע פאַר גאַנץ וואָלין. פון דער ישיבה זענען אַרויס תלמידי־חכמים, ליטעראַטן און כלל־טוער, אייניקע אַפילו צענטראַלע ציוניסטישע און רעוואָלוציאָנערע טוער. אָנגעפירט מיט דער ישיבה האָט דער באַוווסטער זוויהילער עילוי, ר' יואל שאַרין.

די יידן זענען געווען די הויפּט־בויער פון דער שטאָט און מיט זייער ענערגיע און איניציאַטיוו האָבן זיי אַנטוויקלט איר האַנדל און קליינאינדוסטריע. די געאָגראַפישע לאַגע פון דער שטאָט, וועלכע איז געווען אַ וועג קיין בריסק און פון דער צווייטער זייט — קיין בערדיטשעוו־קיעוו, האָט באַווירקט צו איר אַנטוויקלונג.

אין פעריאָד פון יאָר 1912 ווערט פאַרצייכנט דאָס אַנטשטיין פון די ציוניסטישע יוגנט־קרייזלעך.

מיטן אויפברויז פון דער רעוואָלוציע אין פרילינג, יאָר 1917, האָט זיך אָנגעהויבן פילן אין שטאָט גאָר אַ נייער גייסט. אַ גרופּע ציוניסטישע טוער האָבן געשאַפן אַ געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג. עס האָבן זיך אויסגעיי אָרגאַניזירט יונגע קרייזן פון צעירי־ציון, אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער און יוגנט. עס איז געפירט געוואָרן אַ קאַמף פאַר העברעיש אין די שולן. עס האָט זיך געפירט אַ קאַמף בעת די וואַלן פאַר אַ דעמאָקראַטישער יידישער קהילה. אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער יידישער יוגנט איז געווען אַקטיוו אין פאַרשידענע צווייגן פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי פּועלי ציון, צעירי ציון און אַלגעמיינע ציוניסטישע קרייזן.

זוואהיל איז די געבוירנשטאָט פון גרויסן העברעישן דערציילער מרדכי־זאב פייערבערג; פון באַוווּסטן שריפטשטעלער און קריטיקער ש. צ. זעצער; פון פייגעם העברעישן דיכטער יחיאל רבּרבּי — פאַרשיקט דורך די סאָוויעטן און אומגעקומען אין סיביר — אַ חבר פון זלמן שזר, פּרעזידענט פון מדינת ישראל; דער יידישער שריפטשטעלער שמואל מילער און אַנדערע. אויך יצחק למדן האָט געלעבט אַ צייט אין זוואהיל. וועגן פייערבערגן ווערט פאַרעפנטלעכט אַ בילד, זכרונות און מאַטעריאַלן, וואָס זענען נאָך אין ערגעץ נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

זוואהיל האָט אויך אַרויסגעגעבן באַוווּסטע רבנים און לומדים, ווי דער שוין דערמאָנטער עילוי, דער באַוווּסטער רב און דיין, אב־בית־דין הרב משה־שמואל שדה־לבן, ר׳ מרדכילע, ר׳ שלמהלע, די דיינים ר׳ אלתר און ר׳ ישעיה־פּישל א. אַנד., וואָס זענען געווען מפורסם צווישן רבנים און לומדים.

אין ווייטערדיקן פּעריאָד, אין קאַמף פאַר מאַכט אויף אוקראַינע איז זוואהיל פאַרנומען געוואָרן דורך די דייטשן, וועלכע האָבן איינגעשטעלט דעם רעזשים פון סקאָראָפּאַדסקי. אין משך פון אַלע יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע פון יאָר 1917, טראָץ די אָפטע טוישונגען פון די מאַכט־אָרגאַנען, האָט אין אוקראַינע זיך אַנטוויקלט אַ פאַרצווייגטע יידיש־געזעלשאַפטלעכע אַרבעט מיט אַ מיניסטעריום פאַר יידישע ענינים. עס זענען געגרינדעט געוואָרן פיל עקאָנאָמישע און קאָאָפּעראַטיווע אַנשטאַלטן, עס איז געשאַפן געוואָרן די תרבות־באַוועגונג. ווייטער איז געקומען אַ פרישע כוואַליע פון פּאָגראָמען אויף יידן אין אוקראַינע.

מיטן באַפעסטיקן זיך פון דער פּוילישער מאַכט האָבן די יידן אין זוואהיל געגאָסן פון דער הילף פון וואַרשעווער הילפס־קאָמיטעט. שפּעטער איז געקומען די הילף פון דזשאָינט, עס זענען געגרינדעט געוואָרן געזעלשאַפטלעכע קיכן, יתומים־הייזער, אַ שפּיטאָל און אַנדערע אַנשטאַלטן.

אין ווייטערדיקע פּאָליטישע אַנטוויקלונגען איז די שטאָט איבערגעגעבן געוואָרן דער סאָוויעטנמאַכט. אַ גרויסער טייל יידן איז אַוועק קיין ראָוונע און ווייטער, אין דער ברייטער וועלט. אַ טייל — קיין ארץ־ישראל. מיט די פאַרבליבענע יידן אין זוואהיל איז איבערגעריסן דער קאָנטאַקט.

אין יזכור־בוך זענען רעפּרעזענטירט אויך אַ ריי שטעטלעך אַרום זוויהל.

אָפּהאַנדלונגען פון אַ ריי יידן אין זוויהל און אומגעגנט, אויך אַזעלכע, וואָס זענען אויף פאַרשידענע אופנים געווען פאַרבונדן מיט דער שטאָט; יידן וואָס זענען געפאַלן אין באַפרייונגס־קריג פאַר מדינת ישראל אין יאָר תש״ח.

אין בוך זענען פאַראַן צוויי נאָטיצן פון משה גינדעלמאַן, דער באַקאַנ־טער פּאַרטיזאַנער בימי היטלער, אונטערן פּסעוודאָנים ״דיאַדיאַ מישאַ״, וועגן די פּאַרטיזאַנער־גרופּן פון ״דיאַדיאַ מישאַ״ שרייבט אויך מ. כהנוביץ.

אין יזכור בוך געפינט זיך אַ גרעסערע צאָל בילדער, וואָס שפּיגלען אָפּ דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן אין זוויהל און אומגעגנט.

# ספר האָשט

(אַרויסגעגעבן דורך דער האָשטער סאָסייטי אין ניו־יאָרק אין יאָר 1957)

דער ספר־האָשט, רעדאַגירט פון ראובן פינק און אברהם ירון הייבט זיך אָן מיט אַ פאָרוואָרט פון ראובן פינק, און מיט אַ ״פאָר ווערטער״ פון מ. אָשעראָוויטש, דעם באַקאַנטן יידיש־אוקראַיִנישן שרייבער, מחבר פון ״שטעט און שטעטלעך אין אוקראַינע״. מ. אָשעראָוויטש שטרייכט אונטער, אַז האָשטער יזכור־בוך וועט אויף זיכער פאַרנעמען אַ גאָר אָנגעזעענעם פּלאַץ צווישן די בעסטע יזכור־ביכער.

מיט ״עטלעכע שורות״ אין יזכור־בוך קומט דער באַקאַנטער שרייבער חיים ליבערמאַן, אגב אליין אַ וואָלינער: ״דאָס בוך איז אויפגעשטעלט און אויסגעשטאַט געוואָרן אין אַ פאָרם, וואָס איז זעלטן צו געפינען צווישן די ספרים פון דעם מין״.

מיט באַמערקונגען וועגן ספר האָשט קומט דער מיטרעדאַקטאָר אברהם ירון, ער שרייבט: ״די בלעטער פונם יזכור־בוך זענען אַ טרויערדיקער צוזאַמענוווקס פון בלעטלעך און צווייגלעך, און אַלץ צוזאמען — אַ בוים אויפן ברודער־קבר״.

דער מחבר פון חלק ראשון איז פּרץ גאָלדשטיין. ער האָט זיך אויס־באַהאַלטן בעת דעם חורבן ביי אַ פּוילישער משפּחה אין אַ דאָרף נישט ווייט פון האָשט. דאָרטן האָט ער אָנגעשריבן, אויף שול־העפטן דעם גרעסטן טייל פון זיינע זכרונות ״זאָל אַ וועלט וויסן״. אָט די זכרונות וועגן אומקום פון די יידן אין האָשט אין אייניקע אַנדערע שטעטלעך אין יענער געגנט שטעלן מיט זיך פאָר דעם וויכטיקסטן טייל פון ״ספר האָשט״.

אין זיין צוואה האָט דער אומגעקומענער פּרץ אָנגעזאָגט, אַז פונעם געלט וואָס דאָס בוך וועט אריינברענגען ״זאָל מען אויפשטעלן אַ מצבה פאר די האָשטער הרוגים, וואָס געפונען זיך אין ברודער־קבר פינף קילאָ־מעטער פון שטעטל״.

די דערינערונגען הויבן זיך אָן פון דעם חורבן אין שטעטל, וואָס די אנגרייפנדיקע דייטשן האָבן געבראַכט, פאַרברענט הייזער, אַ שטיקענ־דיקער רויך פון פאַרברענטע קערפּערס, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן.

ווי אומעטום האָבן די דייטשן אויך אין האָשט באַשטימט אַ קהילה־פאַרוואַלטונג, דעם א. ג. יודענראַט. די רעדאַקציע פון יזכור־בוך באַמערקט דערביי, אַז דער צוגאַנג פון פּרץ גאָלדשטיין צו דער דורך די דייטשן באַשטימטער קהילה איז בשום אופן נישט באַרעכטיקט. דאָ קומען צום אויסדרוק די פאַרשידענע מיינונגען און באַציונג צום פּראָבלעם קאָלאַ־באָראַציע ביי יידן בימי היטלער. דאָס מיינט די יידן, וואָס האָבן מיט־געאַרבעט מיט די דייטשן. סוף כל סוף זענען אויך די מיטגלידער פון יודענראַט אין האָשט אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן.

ווי אומעטום, האָט מען אויך אין האָשט גענומען די יידן צו פאַרשידענע שווערע אַרבעטן, דערביי זיי שרעקלעך געפייניקט.

צו די האָשטער יידן איז דערגאַנגען די ידיעה וועגן דער שרעקלעכער שחיטה אויף די יידן אין שכנותדיקער ראָוונע. די אומרויקייט ביי די האָש־טער יידן איז געוואַקסן. אין אַ געוויסן טאָג איז דערגאַנגען די ידיעה, אַז מען גראָבט גריבער אין דעם וועלדל, וואָס ליגט אַרום פינף קילאָמעטער פון האָשט. די מוראַדיקע שחיטה אויף די האָשטער יידן איז אויסגעפאַלן דעם 20־טן מאַי 1942. דער שרייבער פון די נאָטיצן פּרץ גאָלדשטיין איז

אַנטלאָפֿן. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ גרוב. אין זיינע ווייטערדיקע פֿאַרהעלטעניש נאָטירט ער זיין ווייגעשריי צו דער וועלט "שוין צייט, אַז די וועלט זאָל אַראָפּוואַרפֿן דעם שלייער פֿון פֿאַלשקייט און זיך אָנקליידן אין אַ ביסל אמת, אַ ביסל יושר... אַנדערש זאָל זי אינגאַנצן אונטערגיין, מיט אַלעמען, מיט אַלעמען... ווו זענט איר אַלע ארנטלעכע מענטשן אויף דער וועלט אָדער אפשר זענט איר אינגאַנצן נישטאָ? וואָס שווייגט איר? ווי איז דאָס מעגלעך איר זאָלט מסכים זיין און דערלאָזן דערצו, נעמען אומבאַשיצטע, אומשעדלעכע מענטשן, קליינע קינדער, וואָס האָבן נישט געזינדיקט, קליינע מלאָכימלעך אויף אונדזער וועלט, און זיי אַלע וואַרפֿן אומברחמונותדיק, לעבדיקערהייט אין גרוב אַריין? פֿאַרוואָס, פֿרעג איך, קומט דאָס זיי? מיט וואָס האָבן זיי, מיט וואָס האָבן מיר זיך פֿאַרזינדיקט?"

פּרץ קומט צוריק קיין האָשט, טרעפֿט דעם מוראָדיקן חורבן. די צופֿעליק געבליבענע יידן ווערן ווידער גענומען צו פֿאַרשידענע אַרבעטן. פּרץ באַשליסט אויסבאַהאַלטן זיך. ער פֿאַרשטענדיקט זיך מיט אַ באַקאַנטן פּויער, די פּוילישע משפּחה באַהאַנדלט אים גאַנץ מענטשלעך.

צו פּרצן דערגייט די ידיעה, אַז נאָך דער ערשטער שחיטה אין ראָוונע, וואָס איז פֿאָרגעקומען דעם 7־טן נאָוועמבער 1941 איז פֿאָרגעקומען די צווייטע שחיטה דעם 13־טן יולי 1942.

אין ווייטערדיקן טייל "אחרי מות פּרץ" קומט באַתי ווייסמאַן, איינע פֿון דער גרופּע וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי די פּויערים קאַפּאַר, צוזאַמען מיט פּרץ גאָלדשטיין, די איינציקע לעבנגעבליבענע, מיט פּרטים פֿון זיינע איבערלעבונגען.

פֿרוי ווייסמאַן ברענגט גוט־באַקאַנטע פֿאַקטן וועגן דעם, ווי מאַסן מענטשן וועלכע האָבן זיך געוואָלט אַריבערכאַפּן קיין ראַטנפֿאַרבאַנד, נאָך די רוסישע מאַכט האָט די פּליטים נישט אַריינגעלאָזט, ווי אויך וועגן די רדיפֿות אויף יידן בעת די געגנט איז פֿאַרנומען געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי א. א.

אין צווייטן טייל פֿון יזכור־בוך "א לעבן איז אונטערגעגאַנגען", רעדאַגירט פֿון אברהם ירון (קריטשמאַר), ווערט געגעבן אַן אָפּהאַנדלונג וועגן האָשטער לעבן און פּרנסות, וועגן די איבערלעבענישן פֿון די האָשטער

יידן בעת מלחמות און גזירות, וועגן די יידישע אָרגאַניזאַציעס אין האָשט, וועגן די דערציונגס־אַנשטאַלטן א. אנד.

ערב דער וועלט־מלחמה אין יאָר 1939, האָט די יידישע באַפעלקערונג אין האָשט געציילט אַרום טויזנט נפשות.

פון וואָס האָבן האָשטער יידן געשלעפט פּרנסה? אזוי ווי אין אַלע אנדערע יידישע שטעטלעך, "איינער פון אַנדערן, און אַלע צוזאַמען פון די פּויערים".

ווי פיל טויזנטער שטעט און שטעטלעך אויף אוקראַינע, האָט אויך האָשט דורכגעמאַכט שווערע צייטן. בעת מלחמות און רעוואָלוציעס, פּאָגראָמען און גזירות האָבן זיך אויסגעגאָסן אויף די קעפּ פון די האָשטער יידן פאַרשידענע צרות.

ווי אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך אין געוו. צאַרישן רוסלאַנד, האָבן זיך אויך אין האָשט געשאַפן פאַרשידענע פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. אין יאָר 1910 איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע אָרגאַניזאַציע אין האָשט, דער "בונד". עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אַרבעטער־ביבליאָטעק. בעת דער רעוואָלוציע 1917, איז געשאַפן געוואָרן אַ גרופּע "פּועלי ציון", אויך די פּאַרטיי "צעירי ציון", דער "החלוץ", שפּעטער אויך דער "השומר־הצעיר", די "גורדוניה". אין האָשט זענען געפירט געוואָרן ליטעראַטור און קולטור־אָוונטן. אין האָשט האָט אויך עקזיסטירט אַ יידישער ספּאָרט־קלוב "חשמונאי" אין האָשט האָבן עקזיסטירט פאַרשידענע הילפס־קאָמיטעטן, ווי אַ גמילות־חסדים־קאַסע, אַ יתומים־קאָמיטעט.

אין יאָר 1928 האָט זיך אין האָשט געעפנט אַ באַנק, די א. ג. "בעלי מלאכהס־באַנק". עס האָבן עקזיסטירט "חדרים". אין יאָר 1918 האָט מען אין האָשט געעפנט די ערשטע העברעיִשע "בית הספר"־שול, שפּעטער אַ העברעיִשע שול "תרבות". עס זענען אויך געווען דריי בתי־תפילות.

דער דריטער טייל פון יזכור־בוך איז געווידמעט האָשטער משפחות.

דער צווייטער און דריטער טיילן זענען באַגלייט מיט אַ ריי פאָטאָ־אויפנאַמעס, וואָס שפּיגלען אָפּ דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין האָשט ביזן חורבן.

צום סוף פון יזכור־בוך ווערט אָנגעגעבן אַ ביאָגראַפיע פון פּרץ גאָלד־שטיין. דער באַשרייבער פון חורבן האָשט.

פּרץ האָט זיך שוין נישט געפילט זיכער ביי די פּויערים ווו ער האָט זיך צוריקגעקערט קיין האָשט. ער האָט זיך דאַן אָנגעמאָלדן צו די דייטשן און געבעטן, אַז זיי זאָלן אים דערשיסן. די דייטשן האָבן אים געענטפערט, אַז עס איז דאָ אַ באַפעל נישט צו דערשיסן מער קיין יידן. פּרץ האָט געהאַט אַ גרונד נישט צו גלויבן די דייטשן. ער האָט נישט געהאַט ווו זיך אויסבאַהאַלטן. ער האָט זיך געבעטן ביי אַ באַקאַנטן פּויער. יענער איז מסכים געווען, אבער דעם פּויערס פרוי האָט נישט געוואָלט אויס־באַהאַלטן אַ ייד.

פּרץ איז געווען געצוווּנגען גיין אין לאַגער, וואָס די דייטשן האָבן געשאַפן פאַר די צופעליק־געבליבענע יידן פון האָשט און אַרומיקע שטעט־לעך. די יידן האָבן אויסגעפירט פאַרשידענע אַרבעטן פאַר די דייטשן. עסן פלעגן די יידן באַקומען ביי די פּויערים. אין אַ געוויסן פרימאָרגן האָבן די דייטשן דערשאָסן אַלע יידן און אין איין ברודער־קבר פאַרשאָטן. געשען איז דאָס דעם 17־טן יולי 1943.

אין ספר־האָשט איז אָנגעגעבן אַ רשימה פון האָשטער קדושים, אַ גרעסרע צאָל מענטשן האָט פאַרשריבן דער דערמאָנטער פּרץ גאָלדשטיין.

"ספר־האָשט" איז אַ ווירדיקע מצבה לזכר פון די אומגעבראַכטע יידן־קדושים. נאָך אַ ציגל צום גרויסן מאָנומענט, וואָס דאַרף פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די אומגעבראַכטע יידישע קהילות אויף אונדזער וואָלין. נישט פאַרגעבן און נישט פאַרגעסן!

סוף

# אינהאַלט

## בימי חורבן



## אין לאַנד פון קאָמוניזם

## דערינערונגען און איינדרוקן



## „בונד" און יידישע פּראָבלעמען



## לזכר די יידישע קהילות אויף וואָלין